

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Pinkes Novi-Dvor / [redaktsye, Aryeh Shamri, Dov Berish First]. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Irgun yotsʻe Novi-Devor be-Yiśraʻel ve-irgune yotsʻe Novi-Devor be-Artsot ha-Berit, Kanadah, Argentina, Urugvai ve-Tsorfat, 725 [1965] |
| DESCRIPT | 556, 19 p. : ill. ; 28 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Nowy Dwór Mazowiecki.<br>Nowy Dwór Mazowiecki (Poland) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Nowy Dwór Mazowiecki. |
| ADD'L NAME | Shamri, Arie.<br>First, Dov Berish. |
| ADD'L TITLE | Pinkas Novy-Dvor |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# פנקס
# נובי־דבור

בהוצאת „ארגון יוצאי נובי־דבור" בישראל
וארגוני יוצאי נובי־דבור
בארצות הברית, קנדה, ארגנטינה,
אורוגוי וצרפת

תל־אביב, תשכ"ה — 1965

# פּנקס נאָווי־דוואָר

רעדאַקציע:

אריה שמרי, דב בעריש פירסט

אַרויסגעגעבן דורך:

„ארגון יוצאי נובי־דבור" בישראל

און די נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפטן

אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, אַרגענטינע,

אורוגוויי און פראַנקרייך

תל־אביב, תשכ"ה — 1965

## פנקס־קאָמיטעט און פנקס־טוער

(לויטן א״ב)

ישראל:

**פנקס־קאָמיטעט**

**חיים באָביץ, יצחק גרינער ז״ל, נתן זילבערמאַן, חיים כהן**
**אהרן פינקער, שלום קאַרצאָוויטש, יוסף שימקאָוויטש**

אַמעריקע:

**סעם באָרנשטיין, קלאַראַ באָרנשטיין, אייב גאָלדבערג, דזשאָ גערטנער,**
**חיים זאַלצמאַן, אבא זיידנבערג, רחל קליינבאָרד־מאַראָקאָ**

קאַנאַדע:

**חיים בערגער**

אַרגענטינע:

**פריידע ברענמאַן — נאָוואָדוואָרסקי**

אורוגוויי:

**ישראל גאָלדשטיין**

פראַנקרייך:

**מאַקס האָלצמאַן, ל. מילעכאָוויטש**

# אינהאלט


מבוא 9

פאָרוואָרט 11


## קאַפּיטלען צו דער געשיכטע פון נאָווי־דוואָר


דב בעריש פירסט / נאָווי־דוואָר און איר יידישער יישוב 19

דר. עמנואל רינגעלבלום / יאָהאַן אַנטאָן קריעגער, דער נייהאָפער דרוקער פון העברעישע ספרים 45

חיים דב פרידברג / מדפיסים וספרים בבית הדפוס בנובי־דבור 57


## ביים אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט


סעם באָרנשטיין / אַזוי געדענק איך מיין שטעטל 63

אברהם גאָלדבערג / פון בית המדרש צו דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג 70

שמחה וואַגאַ / אין 1905 79

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק) / מיין פאָטערס וואַרשטאַט 83

אכתר מלכה קנאַסטער / מיר, די העפטשערקעס 85

הערשל הימלפאַרב / די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן אין נאָווי־דוואָר 90

עטאַ פינקער־שימאַנאָוויטש / זינגען שניידער 98


## צווישן צוויי וועלט־מלחמות


יצחק גרינבוים / נובי־דבור — מהעיירות החביבות 101

שמואל קאָכאַלסקי / יידישע פּרנסות 103

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק) / די אַנטיסעמיטישע „פאַלאַנגאַ" 107

דוד טאָפּ / גבורה אויפן נאָווי־דוואָרער מאַרק 108

פייוויש קראָנענבערג / צווישןביידע וועלט־מלחמות 109

אהרן פינקער / ביז 1939 117

דב בעריש פירסט / הרב ראובן יהודה נויפעלד 119

מנשה אונגער / דער נאָווי־דוואָרער רב 130

דב פ. / אַרום דער נאָווי־דוואָרער קהילה 133

יוסף ליכטנשטיין / נאָווי־דוואָרער חדרים 137

ד. בן־שרה / פון „חדר מתוקן" ביז מאָדערנע שולן 142

צבי פלסר / בית הספר „תרבות" 146

שלמה וואָרנסקי / די יידיש־וועלטלעכע שול ציש"אָ 154


## פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס


חיים באַביץ / די בונדישע באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר 159

משה באַביץ / אַרום די וואַלן צו דער קהילה 172

ב. חיים / די בונדישע פּראַקציע אין שטאָטראַט 174

חיים רודאַווסקי / דער קאַמף אין שטאָטראַט 179

שרה ראָזענמאַן־טרעגער / פאַראיין פון העפטערינס 182

בן־אברהם / די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע 185

לייזער קירשטיין / אַ בלוטיקער ערשטער מיי 187

שלום קאַרצאָוויטש / די רעכטע פּועלי־ציון 189

שמואל קאָכאַלסקי / אונדזער פּאַרטיי און „פרייהייט" 195

יצחק גרינער / אונדזער ציוניסטישע טעטיקייט 199

יוסף שימקאָוויטש / די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג 201

דב פירסט / וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט 209

א. קלאַרמאַן / דער באַזוך פון דעפּוטאַט גרינבוים 211

יהודה פרלמוטער / הקיבוץ של „תורה ועבודה" 212

דב בעריש פירסט / ערשטע נאָווי־דוואָרער עולים 215

י. פינקל / די „פועלי אגודת ישראל" 217

מלכה טאָפּ־קאַרצאָוויטש / דראַמאַטישע קרייזן 220

פ. דב / די באַזוכן פון שרייבער און רעדנער 226

קלמן פּיכולסקי / יידישע ספּאָרטלער און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס 229


## אַ שטעטל צווישן טייכן


דב בעריש פירסט / דאָרט אויפן שאָסיי 237

שמואל טאָפּ / שטערן אויף אַש 244

שמחה פינקער / אויפן נאַרעוו 247

יעקב וואָרנסקי / אַרום מאַרק 248

יוסף טאָפּ / מיין שטאָט, מיינע געסלעך 251

אַנשל פריד / דער באַלקאָן אויפן „פּיאַסעק" 253

בועז יאָנג־יונגוויץ / מיין שטעטל נאָווי־דוואָר 255

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק) / אין די צאַרישע צייטן 265

ח. שאָשקעס / אַרום נאָווי־געאָרגיעווסקער פעסטונג 272

העלען יעראָזאָלימסקאַ־שאַפיר / דאָרט ווו איך בין געבליבן טריי 281

דוד סעגאַל / געשטאַלטן פון געווער שטיבל 283

שלום קאַרצאָוויטש / הענעכס ניגון 287

ל. לעווקאָוויטש / די מומע חנה 288

ד. בן־שרה / דאָקטוירים, פעלדשערס און רופאים 289

יעקב ליטמאַן / ביי מיין זיידן אין נאָווי־דוואָר 294

דב בן־חיים / דער ניגון פון אַ יידישער משפחה 300

ד. בן־ישראל / דריי דורות פון דער משפחה יורעס 305

שמואל קאָכאַלסקי / דאָס הויז ביים נאַרעוו 307

נח פרילוצקי / „אַריסטאָקראַטישע" ייחוס־נעמען 310

דוד טאָפּ / מיין פאָטערס גלייכווערטלעך

א. בח / די „צונעמען" ביי אונדז אין שטעטל 311

שלמה וואָרנסקי / דער מאַמעס טרער 312


## אומקום און ווידערשטאַנד


יצחק קאַצענעלסאָן * 315

* * * די ערשטע עדות (פון רינגעלבלום־אַרכיוו) 316

א. גאָלדבראָך און וו. שליאַמאָוויטש / פּיין און אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג 320

סענדער בלאַנק / די נאָווי־דוואָרער יידן אונטער
דער נאַצישער הערשאַפט . . . . . 326
לייבל קאַכאַלסקי / די יודענראַטלער און די יידישע
פּאָליציי . . . . . . . . 337
מרדכי לנדסמן / יהודי נובי־דבור בשואה . . 340
רינגעלבלום־אַרכיוו, מרים ארפה, צבי ארפה / במחנה
פומיחובה . . . . . . . 343
יעקב גלאַטשטיין / און דו, יינגעלע . . . . 345
יהודית פּשעניצאַ / אַ קינד אויף די וועגן . . 346
זיזה ליטמאַן־פּערלאָוויטש / וואַנדערונג און לאַגערן . 349
הוה שקלאַנקאַ־וואָלאַנסקאַ / אין וואַרשעווער געטאָ
און אין לאַגערן . . . . . . . 352
גליקע שייבאַום / פון וואַרשעווער געטאָ דורך
מיידאַנעק און אוישוויץ . . . . . 358
פנינה פּאַפּיער / אין וואַרשעווער געטאָ און אין
ווישקאָווער וועלדער . . . . . . 367
מלך ניישטאַט / נאָווי־דוואָרער אין קאַמף פון וואַר־
שעווער געטאָ . . . . . . . 381
ל. פיינגולד / הרב מנובי־דבור בגטו ורשה . . 383
יעקב דאַמב / פון נאָווי־דוואָר ביז צום אויפשטאַנד
אין טרעבלינקע . . . . . . . 385
* * * נאָווי־דוואָרער אין טרעבלינקער אויפשטאַנד . 389
איטשע טאַפּ / צוריק פון די טויטן־גריבער . . 390
לייבל קאַכאַלסקי / אַ באַגעגעניש אין לאַגער „בונאַ" 391
ל. מיילעכאָוויטש / פון דראַנסי קיין אוישוויץ . . 394
פייוול קאַרצאָוויטש / אין קאַמף ביי נאָווי־דוואָר . 398
משה שולמאַן / צווישן פּאַרטיזאַנער . . . . 401
* * * נאָווי־דוואָרער אין רוסישער און פּוילישער
אַרמיי אין קאַמף קעגן די נאַציס . . . 403
במשפט אייכמאַן
חיים באַביץ / מיין אַרעסט אין באַראַנאָווקע . . 404
הערשל ווייס / ביים אָנהייב און סוף . . . 408
יעקב עווענסאָן / מיין באַגעגעניש מיט נאָווי־דוואָר
נאָך דער מלחמה . . . . . . . 411
אַנשל פריד / מיין טאַטנס טרערן . . . . 415
א. קיווייקאָ / ביים דענקמאָל לכבוד די פּאַרטיי־
דיקער פון מאָדלין . . . . . . 416
דב בעריש פּ. / חסידי אומות העולם . . . . 417
אהרן פינקער / אַן אזכרה אין וואַלדשטאַט . . . 420
רשימות קדושי נובי־דבור . . . . . . 424

## ל ז כ ר ו ן

דב בעריש פירסט / יידן פון אַמאָליקן נאָווי־דוואָר: . 437
ר' מאיר ליכטנשטיין, ר' משה נאָוואָדוואָרסקי,
ר' הערשל יעראָזאָלימסקי, ר' איטשע מאיר
מונדלאַק, ר' בנימין פינקער, ר' אברהמלע קאַ־
כאַלסקי, ר' זכריה קאַרצאָוויטש, יעקב היל־
דענבראַנד, מרדכי ראָזנשטיין, הרב אלימלך
נויפעלד, ר' בעריש זילבערמאַן
יצחק גרינער / ר' שמשון נטע סרעברניק . . . 447
שלום קאַרצאָוויטש / שמואל גראַבמאַן . . . 448
י. ירוחמזאָן / ר' יעקב מאיר סאַלאָמאָן און
זיינע קינדער . . . . . . . 449
אַנשל פריד / ר' טוביה פריד . . . . . 451
אברהם קאַופמאַן / ר' נטע נתן קאַופמאַן . . . 452
עליזה אָזרוב־ווענגאָזש / ר' בערעלע וועגנאָזש . 453
שרה ראָזענמאַן־טרעגער / דער געלער אייזיק און
די חברה „זאַפּאַסנע"
מ. א. ברייַנהנדלר, משה שרת / ליפּא מונדלאַק . 454
שמואל קאַכאַלסקי / נחום נויפעלד . . . . 456
קלמן פּיטולסקי, חיה ליטמאַן / מנשה קאַכאַלסקי . 457
שמחה פינקער / הערש בער פינקער . . . . 459
חיים באַביץ / געשטאַלטן פון נאָווי־דוואָרער „בונד": 460
לעאָן גראַבמאַן, חיים יצחק רודאָווסקי, מענדל
ראָזנפעלד־„טראָצקי", הערצל דובניקאָוו, די־
דעק זילבערטאַל, ניסן און לאה שטיינבערג,
תנחום קראָנענבערג, מאָטיס פּאַפּיער, ברוך
קעלערוויס, שמאי קאַליקשטיין.
עמנואל נאָוואָגרודסקי / חיים רודאָווסקי . . . 465
י. ש. הערץ / הערשל הימלפאַרב . . . . 467
ר. קלעפּפיש, דב פירסט / געניע פּערטשיקאָוו־
דובניקאָוו . . . . . . . . 470
אברהם קאַופמאַן / דוד (דאַדעק) קאַופמאַן . . 472
דב פירסט / אברהמלע גוטערמאַן . . . . 473
יוסף סאַנדעל / דער קינסטלער אברהם גוטערמאַן . 474
עטא שימאַנאָוויטש־פינקער / געוועזן אַ שטעטל . 477

## נאָווי־דוואָרער אין ישראל און אין אַנדערע לענדער

פינקס־קאַמיסיע / די צוגרייטונגס־אַרבעט פאַרן
פּינקס . . . . . . . . 481
חיים כהן / דער אָנהייב פון „ארגון יוצאי
נובי־דבור" . . . . . . . . 484
אליעזר ליכטנשטיין / אונדזער אַרבעט אין ישראל . 485
שלום קאַרצאָוויטש / אונדזער שיכון אין חולון . 489
* * * דער יום־טוב פון שיכון נובי־דבור . . . 491
פּ. דב / העלען גרינבלאַט (חייקע גערשט) . . . 494
ב. ראַפּאָפּאָרט / דער נאָווי־דוואָרער פאַראיין אין
שיקאַגע . . . . . . . . . 497
אברהם גאָלדבערג / די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט
אין אַמעריקע . . . . . . . . 503
רחל קליינבאַרד־מאַראַקאַ / דער נאָווי־דוואָרער
קאָמיטעט אין לאָס־אַנדזשעלעס . . . . 509
כעם באַרנשטיין / צווישן נאָווי־דוואָרער אין
אַמעריקע . . . . . . . . . 511
* * * נאָווי־דוואָרער אין קאַנאַדע . . . . 515
נחמן נאָוואָדוואָרסקי / נאָווי־דוואָרער אין אַרגענטינע. 516
ל. מיילעכאָוויטש / „פריינד פון נאָווי־דוואָר"
אין פּאַריז . . . . . . . . 519
נעקראָלאָגן . . . . . . . . 523—556
תמצית פון „פנקס נובי־דבור" אין ענגליש XIX—I

# מ ב ו א

ברגשי יתמות, שכה מעט נותרנו, ובנקיפות מצפון, שעוד רבות לעשות למען הנציח את זכר עירנו, אלפי קדושי קהילת נובי־דבור — אנו מביאים את פנקס נובי־דבור לדפוס.

ספטמבר, 1964. 25 שנים חלפו מאז, ימי סיוט וגורל־אימים, עת נראו הטייסים הנאציים לראשונה מעל פני שמי עירנו, בין המצודות והגשרים של הווייסל והנאֶרב. אז טרם ידענו שעם תכניות המלחמה והנצחון הם נושאים אתם גם את גזר הדין על עמנו. מיד צעדו הקלגסים הנאציים בעיר ורמסו רחובותיה וסמטותיה, וראינום פנים אל פנים — לכל אחד פני קין ואתו ארבע מיתות לאלפי היהודים של עירנו ולכל המיליונים של עמנו.

לא בפעם הראשונה עמדו היהודים בנובי־דבור לפני פורעניות ונגישות, רעב וגירושים. כעיר ליד מצודות, נהרות וגשרים, מצאו בה תמיד השלטונות למיניהם אמתלא לגזירות, בשם טקטיקה צבאית ותכניות אסטרטגיות, ובכל מצב של מתיחות מלחמתית ציוונו לעזוב את בתינו ולנוע־ולנוד, מופקרים לחוסר־בית ולרעב. אבל תמיד היה בנו מקשי־עורף ומבטחון יהודי: עד יעבור זעם, ועם הסבל נתחשלה התקוה לימים שיבואו.

לא כן בממשל ההיטלריסטי. מלאכת ההשמדה הקדחתנית של מכונת השטן הנאצית לא נתנה שהות לשום אשליה על שינוי והטבה. הלכו ורבו עבדיה, משרתי מלאך־המוות — הפולקסדויטשים והפולנים, שכנינו מדורות — יחדיו הריצו את מכונת השטן של הרוצחים, עד שברעב והרג הביאו את יהודי נובי־דבור לדרכם האחרונה, לקרונות המוות לאושוויץ.

והנה כה מעט נותרנו. והיום, עשרים וחמש שנים, מאז הימים הנוראים שאימתם עוד בנפשנו — אנו מביאים בהרגשת נכאים של הנני העני את דפי הדמע של זה הפנקס ואנו מייסרים את עצמנו: הזאת השארית של כל ספר החיים — חיי היהודים בנובי־דבור?

והיא איננה עוד — העדה היהודית בנובי־דבור. עלי נהרות ווייסל ונאֶרב לא יישמע עוד ניגון של תפילה ותורה; גם לא ההימנונים וה„שבועה" של הדור הצעיר המורד. כאילו לא חיו כאן יהודים מעולם, חיו כאן ויצרו. אף בית־הקברות נהרס, ואין זכר לכל העדה שבמשך דורות רקמה כאן חייה וגידלה דורות בתקוה ש„דור לדור יביע אומר" וכי „נצח ישראל לא ישקר".

על נהרות, — שם, עלי נהרות ווייסל ונאֶרב, ביצרו אבותנו את יהדותם בניגון של תורה שעוד סער ותסס עד הצעיר שבדורות; הדור החדש ספג לתוכו את הניגון בנאמנות, אחריות ודאגה ליחיד ועדה, לפרט ולציבור. ניגון זה נתאלם רק אז כשנשבר הכינור ונעקרו מן השורש, עד תום, האחרונים של זה השבט הפלאי והמוזר שהגיע פעם בדרך נדודיו עד חופי ווייסל ונאֶרב.

שם, עלי נהרות, בין הגשרים, אל מול המצודות, איפה הכל נשם באווירת אלימות של אנשי חיל — הקימו יהודים, בני עם הספר, מרכז לספר.

מכאן, מבית הדפוס של נובי־דבור, הופצו ספרים, דברי תורה לכל יישוב בפולין, ליטא ורוסיא... דוקא מכאן, כי „לא בחיל, ולא בכוח כי אם ברוח"...

ועם שינוי העתים — „צפרים חדשות, שירים חדשים" — באו הספריות וחוגי תרבות ואמנות להשלים את החלל הריק שנוצר בעקבות הזמן, שאגדת עם־הספר תהיה לממש. ושוב עמד הספר בתווך והקרין על חיי יהודי־כל־ימות־השנה, שתוך מאבק יום־יומי על לחמם, זכרו כי „לא על הלחם לבדו יחיה האדם", והמשיכו לטוות את ניגון הדורות.

וציבור יהודי נשם נשימה מלאה יחדיו, לכל גוניו: יהודים מתמול־שלשום בדמותם, בהליכות חייהם; ויהודים בנוסח הדור, עם בעיותיו התוססות והשקפותיו החדשות. וכולם למיניהם נאבקו במסירות למען הערכים והתכנים היונקים מנבכי היהדות, אותם הוריש דור לדור.

עד — והם כולם, אנשי העדה, יצאו לדרכם האחרונה. לאיש מהם לא עמדה הזכות של אמונתו או השקפותיו. מודלין ופומיחובה דיברו רק בלשון אחת — חיל וכוח... השפלה גסה, חילול אדם, סבל והשמדה. עד שהדרך הוליכה לאושוויץ, לתא הגזים ולשריפה.

רק בודדים זכו גם בכל פרשת הסיוט להוסיף תרומתם לפרק הפאר של גבורה, כפי שזכו הלוחמים של אנשי נובי־דבור בגיטו ווארשה, במרד שבטרבלינקה ובחבורות הלוחמים הפארטיזניים ביערות. לגביהם לא חל חשבון הכמות. האיכות שבמעשיהם היא הנוחם, עת נבוא לסכם את חשבון כולנו, המעטים, אלה שנותרו על פי נס בחיים.

למען לא לשכוח את מעשי הפאר הללו בנתיב היסורים של האלפים; למען לא לשכוח את מותם של המיליונים ולא לכפר על עוון עם־אשמדאי — הגרמנים הנאציים על כל עוזריהם — בני־בליעל, ובעיקר, לא לתת שיימחה זכרה של נובי־דבור, אחת הקהילות והיישובים של יהודי פולין — באים הדפים האלה, ספוגי הדמע, דברי־הזכרון והזעקות של פנקס נובי־דבור.

*

במשך שנים רבות אספנו דמעותינו למען זה הספר.

מיד לאחר השואה התמסרו כל אנשי נובי־דבור למיצוות פיקוח־נפש; לסייע לשרידי הניצולים למצוא מחסה לראשם, וכל אנשי נובי־דבור בתפוצות נתנו ידם בדאגה ובאהבה להקמת שיכון נובי־דבור בחולון, שהמעונים מהשארית לפליטה יוכלו כאן להמשיך בזעיר אנפין את חיי הקהילה היהודית של נובי־דבור לאחר שנכחדה עד תום.

ובאה העת לספר הזכרון, לפנקס־נובי־דבור. כל אנשי עירנו באשר הם עשו הכל כדי שדמעתם ואהבתם לעדה שנכרתה ימצאו את ביטוים המלא. לא תמיד יכולנו כשאיפתנו; לא כל חלקי הציבור שבעירנו הותירו לנו נציגיהם הנאמנים שידעו לשמור זכרון ולמסור את המיוחד למעשים ולחיים של חוגי־המוצא שלהם. הרי גם בזה משמש ספר הזכרון כהוכחה מה נאבד לנו עם השואה בחיים היהודיים.

בהרגשת חובה, כי אנו נתבעים להמשיך ולא להרפות במאמצינו להנציח את הדווי והשגב של תמולנו, שדורות המחר יסיקו ממנו לקח למען עתידם — אנו מביאים פנקס נובי־דבור לדפוס. ובזה אנו מעלים נר תמיד לנובי־דבור, כי יזהר שמה לדורות.

מערכת הפנקס

ספטמבר, 1964

# פאָרוואָרט

מיט אַ יתומדיק געפיל, אַז אַזוי ווייניק זענען מיר פאַרבליבן, און מיט אַ חוב אויפן געוויסן, אַז אַזוי פיל דאַרפן מיר נאָך טאָן, כדי צו פאַראייביקן דעם זכר פון אונדזער שטאָט, די טויזנטער קדושים פון דער קהילה נאָווי־דוואָר — ברענגען מיר דעם פּנקס נובי־דבור צום דרוק.

סעפּטעמבער, 1964. 25 יאָר זענען פאַרביי פון יענע גורלדיקע גרויל־טעג, ווען די ערשטע נאַצישע פליער האָבן זיך באַוויזן איבער אונדזער שטאָט, צווישן די פעסטונגען און בריקן פון ווייסל און נאַרעוו. מיר האָבן דעמאָלט נישט געוווסט, אַז זיי טראָגן מיט זיך נישט נאָר פלענער פון קריג און זיג, נאָר אויך דעם גזר־דין אויף אונדזער פאָלק. באַלד האָבן נאַצישע חיילות באַטראָטן און צעטראָטן די גאַסן און געסלעך פון אונדזער שטאָט, און מיר האָבן זיי שוין געזען פנים אל פנים — יעדער איינער קין האָט פאַר אונדז געטראָגן ארבע מיתות; פאַר דער עדה טויזנטער יידן פון אונדזער שטאָט, ווי פאַר אַלע מיליאָנען פון אונדזער פאָלק.

נישט דאָס ערשטע מאָל האָט דער יידישער ציבור אין נאָווי־דוואָר דורכגעמאַכט פורעניות און נגישות, הונגער און גירושים. ווי אַ שטאָט ביי פעסטונגען, טייכן און בריקן האָבן אונדז תמיד די פאַרשידענע רעזשימען, מיט אויסריידן פון מיליטערישער טאַקטיק און סטראַטעגישע פלענער, אין יעדער קריטישער מלחמה־סיטואַציע, באַפוילן צו פאַרלאָזן אונדזערע היימען, אויסוואַנדערן אויף באַראַט פון הפקר, היימלאָזיקייט און הונגער. אָבער תמיד האָט דער יידישער אויסדויער און בטחון אונדז אונטערגעזאָגט: עד יעבור זעם, און צוזאַמען מיט דעם פיין האָט זיך געשטאַרקט די האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

נישט אַזוי אונטערן היטלעריסטישן רעזשים. די שנעלע טויט־אַרבעט פון דער נאַצישער טייוול־מאַשין האָט ביי קיינעם נישט דערמעגלעכט צו שאַפן זיך וועלכע עס איז אילוזיע אויף ענדערונג און בעסערונג. זי האָט אַלץ פאַרגרעסערט אירע צאָל באַדינער, משרתים פון מלאך־המות — די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן און פאָלאַקן — אונדזערע דורותדיקע שכנים. צוזאַמען האָבן זיי געלענקט די רוצחישע טייוול־מאַשין, ביז זיי האָבן נישט דורך הונגער און רציחות דערפירט די נאָווי־דוואָרער יידן צום לעצטן וועג, צו די טויט־וואַגאָנען קיין אוישוויץ.

אַזוי ווייניק זענען מיר געבליבן. און היינט, פינף און צוואַנציק יאָר נאָך יענע אימהדיקע טעג — די ימים נוראים, וואָס דויערן ביז היינט אין יעדן איינעמס געמיט — ברענגען מיר מיט אַ געפיל פון הנני העני די פאַרטרערטע בלעטער פון דאָזיקן פּנקס, און בדחילו ורחימו פרעגן מיר ביי זיך אַליין: זאָל דאָס זיין דער גאַנצער איבערבלייב פון דעם גרויסן ספר החיים — יידיש לעבן אין נאָווי־דוואָר?

נישטאָ שוין די יידישע עדה אין נאָווי־דוואָר. ביי די טייכן ווייסל

און נאַרעווו הערט מען נישט מער דעם ניגון פון תפילה און תורה; אויך נישט די באַגייסטערטע שבועות און געזאַנגען פון יונגן ווידערשפעניקן דור. ווי יידן וואָלטן דאָרט קיין מאָל נישט געלעבט, געלעבט און געשאַפן. אַפילו דער בית־הקברות איז צעשטערט, און מער קיין זכר נישטאָ פון דער גאַנצער עדה, וואָס האָט במשך דורות געלעבט און געבוירן און געהאָפט, אַז „דור לדור יביע אומר", און אַז „נצח ישראל לא ישקר".

ע ל נ ה ר ו ת, דאָרט, ביי די טייכן פון ווייסל און נאַרעוו, האָבן אונדזערע אָבות מיט זייער ניגון התורה געקרעפטיקט אַ יידישקייט, וואָס האָט געברויזט און געיוירט ביז אין דעם יינגסטן פון די נייע דורות; די נייע דורות האָבן איבערגענומען דעם ניגון, מיט טרייהייט, אחריות און זאָרג פאַר יחיד און כלל, פאַר ייד און יידן. דאָס איז אַ ניגון, וואָס איז נאָר פאַרשטומט געוואָרן, ווען מען האָט די פידלען צעבראָכן און עוקר מן השורש געווען דעם לעצטן שפּור פון יענעם ווונדערלעכן שטאַם, וואָס האָט דערוואַנדערט אין זיינע גלותן צו די ברעגן פון ווייסל און נאַרעוו.

דאָרט ביי די טייכן, צווישן די בריקן, אַקעגן די פעסטונגען, ווו אַלץ האָט געאָטעמט מיט סאָלדאַטסקן כוח און ברוטאַליטעט, האָט אַן עדה יידן, זין פון עם הספר, אַנטוויקלט אַ צענטער פון יידישע ספרים. פון דאַנען, פון דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי זענען זיך צעגאַנגען יידישע ספרים, דברי תורה, איבער גאַנץ פוילן, ליטע און רוסלאַנד. דווקא פון דאָרט, ווייל „לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוח"...

און ווען עס זענען געקומען נייע צייטן „נייע פייגל, נייע לידער", זענען יידישע ביבליאָטעקן, קולטור און קונסט־קרייזן געקומען אויספילן די בלויזן, וואָס די צייט האָט גורם געווען; אַז די לעגענדע פון עם הספר זאָל ווידער זיין ווירקלעכקייט, און דאָס יידישע בוך איז געשטאַנען אין צענטער און באַשיינט דאָס לעבן פון די יידן פון אַ גאַנץ יאָר, וועלכע האָבן אין טאָג־טעגלעכן געראַנגל פאַר ברויט, תמיד געדענקט, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" און ווייטער געשפונען דעם ניגון פון דורות.

און אַ יידישער ציבור האָט געאָטעמט פיל און פול־אָטעמדיק, מיט זיינע אַלע טיילן: יידן אַמאָליקע, מיט זייער געשטאַלטיקייט, נוסח און מידות; און יידן ניי־צייטיקע, מיט מאָדערנעם אומרו און נייע באַנעמונגען. און אַלע צדדים זענען געווען טריי, קעמפעריש פאַר די פאָרמען און אינ־האַלטן פון דער תוכיקער יידישקייט, וואָס מען האָט איבערגענומען פון דור צו דור.

ביז — אַלע זענען אַוועק אויף זייער לעצטן וועג. ס'איז קיינעם נישט בייגעשטאַנען זיין גלויבן אָדער אידעע. מאָדלין און פּאָמיעכאָווע האָבן נאָר גערעדט מיט איין לשון פון חיל און כוח... ברוטאַלע גוואַלד, מענטשנ־לעסטערונג, יסורים און פאַרניכטונג. ביז דער וועג האָט געפירט צו אוישוויץ, צום גאַזקאַמער און פאַרברענונג.

נאָר איינציקע איז באַשערט געווען אין דער גאַנצער פרשה פון גרוילן אויך צו געבן אַ צושטייער צום הערלעכן קאַפּיטל פון גבורה, ווי עס האָבן זוכה געווען די נאָווי־דוואָרער קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ, אין אויפ־שטאַנד פון טרעבלינקע און אין די וואַלדיקע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. לגבי זיי איז נישט גילטיק דער חשבון פון צאָל. די איכות פון זייערע מעשים בלייבט

די איינציקע טרייסט, ווען מען מאַכט דעם ביטערן חשבון פון אונדז אַלע, די ווייניקע, על־פּי־נס לעבנגעבליבענע.

נישט צו פאַרגעסן די רומפולע מעשים פון די איינציקע און דעם גהינומדיקן יסורים וועג פון די טויזנטער; נישט צו פאַרגעסן דעם טויט פון מיליאָנען און נישט צו פאַרגעבן דעם פאָלק פון אשמדאי — די נאַציסטישע דייטשן מיט אַלע זייערע מיטהעלפער און בני־בליעל; און דער עיקר, נישט צו לאָזן, אַז עס זאָל אָפּגעמעקט ווערן די געדעכעניש פון נאָווי־דוואָר, איינע פון די קהילות און יישובים פון יידן אין פוילן — קומען די בלעטער, אָט די פאַרטרערטע בלעטער, די קינות, דערמאָנונגען און געשרייען פון פנקס נובי־דבור.

*

לאַנגע יאָרן האָט געדויערט, ביז מיר האָבן צונויפגעבראַכט אונדזערע טרערן פאַרן דאָזיקן ספר.

די ערשטע צייט נאָך דער שואה האָבן אַלע נאָווי־דוואָרער זיך גע־ווידמעט דער מיצווה פון פיקוח נפש; העלפן אונדזערע שרידים נאָכן חורבן, אַז זיי זאָלן געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ, און אַלע נאָווי־דוואָרער אין דער גאָרער וועלט האָבן מיט זאָרג און ליבשאַפט צוגעלייגט אַ האַנט אויפצו־שטעלן דעם שיכון נאָווי־דוואָר אין חולון, אַז די אויסגעפּייניקטע, על־פּי־נס לעבנגעבליבענע, זאָלן דאָ ווידער בזעיר אנפין שמידן דעם המשך פון דער אומגעקומענער נאָווי־דוואָרער יידישער קהילה.

דערנאָך איז געקומען די צייט פאַרן ספר הזכרון, דעם „פנקס נובי־דבור". אַלע נאָווי־דוואָרער, ווו זיי זענען, האָבן זיך באַמיט אַלץ צו טאָן, אַז זייער טרויער און ליבשאַפט צו אונדזער פאַרטיליקטער עדה זאָל געפינען זיין פולן אויסדרוק. נישט תמיד האָבן אונדזערע כוחות דערצו געסטייעט. נישט יעדער קרייז אין יידישן לעבן פון אונדזער שטאָט האָט איבערגעלאָזט יורשים, וואָס זאָלן קענען געדענקען און דערציילן דעם עיקר און דאָס וויכטיקסטע פון זיין מהות און אויפטו. אויך אין דעם פאַל איז דאָס טרויער־ספר אַן אויסדרוק און באַווייז פון חורבן און אבדות אין יידישן לעבן.

מיטן געפיל פון חוב, ווייטער פאַרצוזעצן און נישט מיד ווערן אין די אָנשטרענגונגען צו פאַראייביקן דאָס רומפולע און טראַגישע פון אונדזער נעכטן; אַז די איפּוואַקסנדיקע דורות זאָלן דערפון לערנען פאַר דער צוקונפט — ברענגען מיר דעם „פנקס נובי־דבור" צום דרוק. אַ נר תמיד צינדן מיר אָן פאַר נ אָ ו ו י ־ ד ו ו אָ ר, אַז איר נאָמען זאָל שיינען לדורות.

ר ע ד אַ ק צ י ע  פ ו ן  פ נ ק ס

סעפּטעמבער, 1964.



Mława
Przasnysz
Ostrołęka
Żuromin
Wkra
Zambrów
Maków Maz.
Sierpc
Raciąż
Ciechanów
Andrzejewo
Ostrów Maz.
Narew
Pułtusk
Wyszków
Płońsk
Nasielsk
Płock
Bug
Liwiec
Modlin
Zakroczym
NW. DWor Maz.
Tłuszcz
Wisła
Gąbin
Wyszogród
WARSZAWA
Wołomin
Węgrów
Chodaków
Kałuszyn
Pruszkow
Żychlin
Kutno
Błonie
Grodzisk Maz.
Mińsk Maz.
Siedlce
Jaktorów
Otwock
Łowicz
Żyrardów
Piaseczno
Rawka
Świder
Góra Kalwaria
Mszczonów
Stoczek Łuk.
Skierniewice
Stryków
Garwolin
Brzeziny
Grójec
Żelechów
Biała Rawska
Koluszki
Rawa Maz.
Warka
Maciejowice
ŁÓDŹ
Nw. Miasto n. Pil.
Pilica
Ryki
Dęblin
Wieprz
Tuszyn
Spała
Białobrzegi
Kozienice
Radomka
Pionki
Gołąb
Radom
Puławy
Przysucha
Zwoleń
Kazimierz Dln.
Sulejów
Opoczno
Wierzbica
Szydłowiec
Bełżyce
Iłża
Lipsko
Końskie
Skarżysko-Kamienna
Opole Lub.
Wąchock
Przedbórz
Czarna
Starachowice
Kamienna
Suchedniów
Ostrowiec Świętokrzyski
KIELCE



די גרויסע נאָווי־דוואָרער שול,
פאַרענדיקט איר אויפבוי פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, דערנאָך צעשטערט געוואָרן דורך די נאַציס




נאָווי־דוואָרער מאַגיסטראַט אויף דער וואַרשעווער גאַס, אין צענטער פון יידישן האַנדל




סוף פון זאַקראָטשינער גאַס, ביים אָנהייב פון מאָדלינער שאָסיי

דב בעריש פירסט / תל־אביב

# נאווי־דוואר און איר יידישער יישוב

### די שטאָט און איר אומגעגנט

נאָווי־דוואָר האָט פון תמיד געהערט צום וואַרשעווער קרייז. פון דער הויפּטשטאָט וואַרשע האָט זי אָפּגעטיילט 31 קילאָמעטער.

אויפן לינקן ברעג פון נאַרעוו, אויף דעם מאָגערן באָדן פון די מאַזאָוויער זאַמדן, איז אַ מאָל, אין די אַלטע צייטן, אַנטשטאַנען אַ נײַ פּריציש הייפל, און פון דעם נעמט זיך דער נאָמען נ אָ וו י ־ ד וו אָ ר. אַרום דעם הויף איז מיט דער צייט געוואָרן אַ דאָרף, און פון דאָרף איז אין משך פון דורות אויסגעוואַקסן נאָווי־דוואָר, ווי מיר האָבן זי געקענט ביז 1939.

ביים שטעטל, אונטער דער „מאָדלינער בריק״, האָט דער שטיל־פליסנ־דיקער טייך נאַרעוו זיך באַהאָפטן מיט די רחבותדיקע וואַסערן פון דער ווײַסל. דאָרט, ביי די זאַמדיקע ברעגן, וואָס אויף יענער זייט בריק, ווו די ווייסל האָט אין איר אימפּעטיקן לויף צום באַלטישן ים באַרירט די נאָווי־דוואָרער ערד — האָבן זיך אַרויסגעהויבן אויף לאַנגע שטרעקעס די רויט־ציגלדיקע, מאַסיווע פאָרטיפיקאַציעס פון דער באַרימטער מאָדלינער פעסטונג, וואָס איז אַ מאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן, כדי צו באַשיצן די נאָענטע הויפּטשטאָט וואַרשע.

אַ דאָקומענט, נאָך פון יאָר 1355, דערציילט וועגן נאָווי־דוואָר אַלס איינעם פון די באַפעסטיקטע שלעסער אין מאַזאָוויע. ווייזט אויס, אַז נאָווי־דוואָר איז שוין צו יענער צייט געווען אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּונקט ביי די וואַסער־וועגן פון ווייסל, בוג און נאַרעוו.

מיט דער ברייטער וועלט איז נאָווי־דוואָר געווען פאַרבונדן דורך צוויי וועגן: איינער — אויפן וואַסערוועג פון דער ווייסל, ווו מען האָט געפירט אַלע סאָרטן סחורות ביז צום וויטן דאַנציק; דער צווייטער וועג — די צו יענער צייט אַזוי גערופענע „נאַדווישליאַנער״ באַן־ליניע, וואָס האָט זיך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, געצויגן אויף דער שטרעקע צווישן וואַרשע און מלאַווע ביז צו דער פּרייסישער גרענעץ. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט, איז די באַן־שטרעקע פאַרלענגערט געוואָרן ביז דאַנציק. פון נאָווי־דוואָר אָן האָט די באַן דורכגעמאַכט איר וועג צווישן יידישע יישובים, שטעט און שטעטלעך.

אַרום נאָווי־דוואָר, ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, האָבן זיך געצויגן די שיטער־באַוואַקסענע פליינען פון די מאָגערע מאַזאָוויער ערד־פלאַכן, פון וועלכע דער איינגעזעסענער פּויער האָט נאָך שווערער האַרעוואַניע קוים אַרויסבאַקומען זיין קאַרגע חיונה. אַ פּאָר אויסגעטראָטענע שטעגלעך; אַ בלאָ־טיקער זייטוועג, וואָס האָט געפירט צו די נאָענטע דערפער; דאָ און דאָרט — אַ משופּעדיק בערגל, און אויפן וויטן האָריזאָנט עטלעכע שיטערע סאָסנע־ביימלעך — דאָס איז געווען די פּראָזאַישע לאַנדשאַפט אַרום נאָווי־דוואָר.

### די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון נאָווי־דוואָר

ווען און דורך וועמען איז אַנטשטאַנען נאָווי־דוואָר, די שטאָט בכלל און בפרט איר יידישער יישוב? און וואָס פאַר אַ געשיכטלעכן אַנטוויקלונגס־

וועג איז נאָווי־דוואָר דורכגעגאַנגען ביז צו דער צייט פון 1939, ווען זי האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, אַלס דאָס יידישע נאָווי־דוואָר?

לויט די היסטאָרישע מקורות, וואָס איך גיב אָן אין דער ביבליאָגראַ־פישער רשימה ביים סוף פון דער אַרבעט, האָט נאָווי־דוואָר אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע גילגולים.

לויט פּראָפעסאָר סטאַניסלאַוו פּאַזירא, אין זיין היסטאָריש ווערק „Studia z dziejów miast na Mazowszu od XII do XX wieku" וואָס פאַררופט זיך אויף די פאַרצייכענונגען אין „Matricularium Regni Poloniae Sumaria VI—3 Sup. 358, 372" איז נאָווי־דוואָר דעם 29.6.1374 דערקלערט געוואָרן אַלס שטאָט לויטן דייטשן רעכט. ד"ה, אַז דער דעמאָלט עקזיסטירנדיקער קליינער יישוב („אָסאַדאַ") איז אַרויסגענומען געוואָרן פון אונטער דער מאַכט און יורידיקציע פון די קעניגלעכע אָנגעשטעלטע און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אומאָפּהענ־גיקער געריכטלעכער קרייז אין אַדמיניסטראַטיווע קערפּערשאַפט.

פּראָפּ. פּאַזירא פאַררופט זיך אין זיין ווערק אויף פאַרשידענע אָפיציעלע דאָקומענטן פון די יאָרן 1545 און 1690, וווּ נאָווי־דוואָר ווערט דערמאָנט אַלס אַ שטאָט. אין יאָר 1690 האָט נאָווי־דוואָר באַקומען די אָפיציעלע באַשטעטיקונג ווי אַ שטאָט.

זעט אויס, אַז צו יענער צייט זענען די הויפּט־הכנסות פון דער שטאָט געקומען פונעם אַפּצאָל פאַר אַדורכלאָזן טראַנספּאָרטן סחורות דורך די טייכן נאַרעוו און ווייסל.

סעבאַסטיאַן פאַביאַן קלאָנאָוויטש שרייבט אין „פליס":

„אָט זעסטו נאָווי־דוואָר אויפן זאַמד,<br>
דאָ, צום ברעג גענען דיין שפּאַן.<br>
און דאָ דיין אָפּצאָל פאַרן וואַסער<br>
וועסטו געבן, יונגערמאַן".

אַזוי האָט דער קלאַנג פון די וואַסער־אָפּצאָל־מטבעות זיך געלאָזט הערן אַפילו אין לידער.

וויפל איינוווינער נאָווי־דוואָר האָט געציילט צו יענער צייט, און וויפל יידן צווישן זיי, זענען קיין קלאָרע באַווייזן נישט פאַראַן. ס'איז אָבער דאָ אַ יסוד צו טראַכטן, אַז היות ווי צו יענער צייט זענען די פאַרבייפליסנדיקע טייכן געווען דער וויכטיקסטער מיטל פאַר האַנדל און מסחר, האָט עס אויך געברענגט צו אַ געדיכטער באַזעצונג פון שטעטל, און אַוודאי האָבן זיך אויך דאָרט געפונען אַ געוויסע צאָל יידישע משפּחות.

לויט ט. לאַנדבערגער, וועלכער פאַררופט זיך אויף פאַרשידענע היס־טאָרישע פאַרצייכענונגען, איז מאַזאָוויע, צו וועלכע אויך נאָווי־דוואָר געהערט, געווען דער געדיכטסטער באַוווינטער טייל פון פּוילן. אין 14טן יאָרהונדערט, פאַר דער צייט פון קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, ווען גאַנץ פּוילן האָט גע־האַט אַ באַפעלקערונג פון 930,000 האָט מאַזאָוויע געהאַט 134,000 איינוווינער.

ביים ראַנד פון 16טן יאָרהונדערט ווערט נאָווי־דוואָר ווידער דערמאָנט אַלס אַ קליינער יישוב („אָסאַדאַ"). די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען צו דער פאַרניכטונג פון דער שטאָט, זענען אונדז נישט באַקאַנט. וואַרשיינלעך איז

עס געווען אַ רעזולטאַט פון די שטענדיקע מלחמות, איבערפאַלן און פּלינדע־רייען, אויף וועלכע דער טייל פון פּוילן איז געווען אויסגעשטעלט.

מיר ווייסן פון דער געשיכטע וועגן די גרויסע שוועדישע קאַמפן אין מאַזאָוויע אין די יאָרן 1656—1657; וועגן די קאַמפן מיט די קרייצטרעגער; וועגן דער גרויסער מגיפה אין יאָר 1662, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע געגנט און אויסגעראָטן די איינוווינער פון גאַנצע שטעט. זיכער איז אויך, אַז דאָס שטעטל נאָווי־דוואָר איז געפאַלן אַ קרבן פון די אַלע פאַרוויסטונגען און ווידער געבליבן אַ קליינער, פאַרלאָזטער יישוב.

מיר באַגעגענען זיך ווידער מיטן נאָמען פון קליינעם יישוב, וועלכער איז אַדורכגעגאַנגען פאַרשידענע אויפטרייסלונגען, ביים ראַנד פון 17טן יאָר־הונדערט, און אָנהייבנדיק פון דער צייט, האָבן מיר שוין ברייטערע ידיעות וועגן דעם, ווי נאָווי־דוואָר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט, אין יאָר 1782, אַ דאַנק דער השתדלות פון פירשט סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, אַ גע־נעראַל און שעף פון אַ גוואַרדיע־רעגימענט. ער, דער גענעראַל פּאָניאַטאָווסקי, האָט אַלס יורש און רעכט־באַזיצער אויף די נחלות פון נאָווי־דוואָר, באַקומען פאַר דעם דאָרף די פּריווילעגיע פון אַ שטאָט.

מיטן ציל צו הייבן דעם ווירטשאַפטלעכן ניוואָ אין דער נייער שטאָט, האָט פּאָניאַטאָווסקי דאָרט אויפגעשטעלט אַ טוך־פאַבריק. אָט די פאַבריק ווערט אויך דערמאָנט אין גרויסן ווערק פון ד״ר יצחק שיפּער „געשיכטע פון יידישן האַנדל אין פּוילן". לויט ד״ר שיפּער איז די פאַבריק געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1780, און כאָטש זי האָט נישט געהערט צו יידן, איז זי געווען אָפּהענ־גיק פון די יידישע צושטעלער פון רוי־מאַטעריאַלן און פון זייערע קרעדיטן. איינער פון די צושטעלער פון די רוי־מאַטעריאַלן פאַר דער פאַבריק איז געווען אַ געוויסער יוסף יעקב פון דערבייאיקן זאַקראָטשין.

אויף ווי ווייט די פאַבריק איז געווען אָפּהענגיק פון דעם דערמאָנטן קרעדיטאָר, איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז ווען ער, יוסף יעקב, האָט באַנקראָטירט, האָט זיך די פאַבריק געמוזט ליקווידירן.

לויטן זעלבן מקור, האָבן אין דער פאַבריק געאַרבעט 21 וועבער, און 10 פון זיי האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך פאַר די יידישע אָפּנעמער.

מיר, דער לעצטער דור יידן פון נאָווי־דוואָר, ווייסן שוין גאָרנישט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ פאַבריק, קיין שום שפּורן פון איר זענען אין שטעטל נישט פאַרבליבן. דאָך איז באַקאַנט, אַז זי האָט עקזיסטירט ביז יאָר 1820 און, אַז דער שפּעטערדיקער יורש פון נאָווי־דוואָר — נאָך פּאָניאַטאָווסקין — דער סענאַטאָר לודוויק גוטאַקאָווסקי, וועלכער האָט אויסער דעם באַזיץ פון נאָווי־דוואָר אויך געהאַט הייזער אין דער גזשיבאָווער געגנט אין וואַרשע, האָט זיך באַמיט אויסצוברייטערן די טעטיקייט פון דער פאַבריק, אָבער אָן דערפאָלג.

צוזאַמען מיט דער אַנטשטייונג פון דער פאַבריק זענען אויך אויפגע־שטעלט געוואָרן וואַרשטאַטן פאַר שיפבוי. פון אָט די וואַרשטאַטן האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די שוין אין אונדזערע צייטן באַקאַנטע וואַסער־בוי־אונ־טערנעמונגען אין מאָדלינער פאָרט.

צו יענער צייט געהערט אויך דאָס אַנטשטיין פון דער באַקאַנטער יידישער דרוקעריי אין נאָווי־דוואָר, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז צום יאָר

1813. וועגן איר וועלן מיר נאָך ברייטער אינפאָרמירן, רעדנדיק וועגן יידישן יישוב אין נאָווי-דוואָר.

קיין גאַנץ קלאָרע באַווייזן וועגן דער צאָל יידישע תושבים אין נאָווי-דוואָר, אין אָנהייב פון 18טן יאָרהונדערט, האָבן מיר נישט. מיר ווייסן אָבער, לויט פאַרשידענע היסטאָרישע פאַרצייכענונגען, אַז אַ געוויסע צאָל יידישע משפּחות האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען אין שטאָט און זיך פאַרנומען מיטן האַלצהאַנדל, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי די דאָרטיקע טייכן — נאַרעוו און ווייסל. ס'איז אָננעמבאַר, אַז אין דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט זענען די יידן שוין אַן אָרגאַניזירטע קליינע קהילה, מיט אַלע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, ווי אין יענער צייט — ביי יעדן יידישן יישוב.

ד"ר יעקב שאַצקי, אין דער „געשיכטע פון די יידן אין וואַרשע" דערציילט, אַז אין יאָר 1780 האָט פּראַגע — די פאָרשטאָט פון וואַרשע, וואָס איז צו יענער צייט געווען יורידיש אַ באַזונדערע שטאָט — באַקומען דאָס רעכט אויף אַן אייגענעם בית-עולם אין דערבייִיקן דאָרף טאַרגוועק, און זי האָט שוין נישט געדאַרפט פירן אירע מתים קיין נאָווי-דוואָר.

לויט די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן האָבן זיך דעמאָלט אין פּראַגע געפונען ביי הונדערט יידישע נפשות. אויך וואַרשע, וואָס האָט אין דער זעלבער צייט געהאַט דריי טויזנט יידישע איינוווינער, האָט נישט געהאַט קיין אייגענעם בית-עולם און יידישע מתים האָט מען מקבר געווען אין גראָדזיסק — ביי אַ 30 פּוילישע וויאָרסט פון וואַרשע, און נאָך ווייטער — אין סאָכאַטשעוו. די יידן אין וואַרשע האָבן דעמאָלט, צוליב שיקאַנעס פון דער מאַכט, נישט באַקומען קיין דערלויבעניש אויף אַן אייגענעם בית-עולם.

וואָס מען קען נאָר פעסטשטעלן פון דעם אַלעם, אַז די קליינע קהילה אין נאָווי-דוואָר האָט אין יענע יאָרן געהאַט אַן אייגענעם בית-עולם, און אויך אין דעם פּרט געשטאַנען אין באַציִונגען מיט אַנדערע יידישע קהילות.

מיר ווייסן אויך פון פאַרשידענע קוועלן (ד"ר שאַצקי, מ. ג. גשורי) וועגן איינעם פון די ערשטע רבנים אין נאָווי-דוואָר (בערך אין די יאָרן 1765 — 1770) ר' אוריאל, ער איז פריער געווען דער רב פון ריטשעוואָל און געווען פאַררעכנט צווישן די ערשטע חסידים פון יענער צייט, ווען דאָס חסידות האָט אָנגעהויבן מיט שטילע און דרייסטע טריט אַריינצודרינגען קיין וואַרשע און איר אומגעגנט, צוזאַמען מיט די מאַסן יידן פון פּאָדאָליע און אוקראַיִנע, וועלכע זענען דעמאָלט, אין יאָר 1768, אַנטלאָפן פון די היידאַמאַקישע רוצחים.

דער צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג אין נאָווי-דוואָר, לויט די אויבן-דערמאָנטע און אַנדערע מקורות, וועלכע איך וועל ווייטער אָנגעבן, איז פאָלגנדיקער:

לויט דער טאַבעלע נומ' 13, זייט 301 פון ט. לאַנדבערגער, וועלכע איז באַזירט אויף די רויך-און-קוימען-שטייערן, האָט נאָווי-דוואָר אין יאָר 1797 געהאַט 81 הייזער מיט אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 578 איינוווינער. די צאָל יידן ווערט נישט דערמאָנט.

בעת דער ערשטער גרעסערער פאָלקסציילונג אין יאָר 1808, האָט נאָווי-דוואָר געציילט 745 איינוווינער, דערונטער 183 יידן.

אין יאָר 1827 האָט די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער דערגרייכט צו 1234, דערונטער 334 יידן.

די צאָל יידן האַלט אין איין שטייגן. לויט פּראָפ. באָגדאַן וואַשיוטינסקי, אין זיין סטאַטיסטישן שטודיום „די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן אין 19טן און אין 20סטן יאָרהונדערט" (אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין יאָר 1930) איז די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער פון נאָווי-דוואָר אין יאָר 1857 געווען 2766, דערונטער 1305 יידן. אין יאָר 1872 — די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער 4405, דערונטער 2773 יידן.

לויט דער רוסיש-יידישער ענציקלאָפּעדיע האָבן זיך אין יאָר 1856 געפונען 2806 איינוווינער און בתוכם אַ העלפט יידן. מיט 40 יאָר שפּעטער, ד"ה, אין יאָר 1897, איז שוין די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג — 7302, אין דעם — 4737 יידן, וואָס בילדן 65 פּר' פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

ווי בראָניסלאַוו כלעבאָווסקי גיט אָן אין זיין געאָגראַפישן ווערטער-בוך, האָט נאָווי-דוואָר אין יאָר 1881 געהאַט 336 הייזער, 5 פאַבריקן מיט אַ פּראָדוקציע אין דער ווערט פון 92.650 רוסישע רובל. די איינקונפטן פון דער שטאָט האָבן דערגרייכט צו 2833 רוסישע רובל. די אַלגעמיינע צאָל פון דער באַפעלקערונג אין יאָר 1881 — 5268. די צאָל יידישע איינוווינער אין דעם יאָר ווערט ביי כלעבאָווסקין נישט דערמאָנט. וועגן יאָר 1806 ווערן ביים זעלבן מחבר אָנגעגעבן 600 איינוווינער, צווישן זיי — 150 יידן.

די קאַמפן אַרום מאָדלין און די פאַרפלייצונג פון יאָר 1813 האָבן נאָווי-דוואָר שטאַרק רויִנירט. אין יאָר 1830 האָט דער ביז איצטיקער באַזיצער לוד-וויק גוטאַקאָווסקי אויסגעטוישט נאָווי-דוואָר אויף אַנדערע מלוכהשע גיטער, און ערשט דעמאָלט, האָט די קעניגלעכע רעגירונג פון קרוין-פּוילן באַשטעטיקט די אַ מאָל אַרויסגעגעבענע פּריווילעגיע און דעם יישוב נאָווי-דוואָר רעכטלעך אָנערקענט אַלס שטאָט.

דער פונאַנדערבוי און אַנטוויקלונג פון דער שכנותדיקער פעסטונג מאָד-לין, האָט שטאַרק מיטגעווירקט צו דער אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג פון נאָווי-דוואָר.

לויט דעם זעלבן מקור, האָט נאָווי-דוואָר אין יאָר 1860 געציילט 3149 איינוווינער, צווישן זיי — 2197 יידן. די צאָל הייזער 164 הילצערנע און 36 געמויערטע. דער קאַטוילישער קאָשטשאָל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1792 דורך דעם פירשט סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי. די קאַטוילישע פּאַראַפיע איז זינט דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען פון דעם נאָענטן דאָרף אָקונין קיין נאָווי-דוואָר.

זיין אויבן-דערמאָנטע כראָניק וועגן נאָווי-דוואָר אין געאָגראַפישן ווער-טער-בוך, פאַרענדיקט בראָניסלאַוו כלעבאָווסקי:

„איצט איז דאָס אַ רירעוודיק, אָבער שמוציק און בלאָטיק שטעטל, וואָס איז אָממערסטן באַוווינט פון יידן. די באַפעלקערונג האַלט זיך אין דער גרעס-טער מערהייט אויס פון די צושטעלונגען און אויסאַרבעטונגען פאַר דער נאָ-ענטער מיליטערישער פעסטונג אין מאָדלין, און דאָס איז אויך די סיבה, פאַר וואָס אין שטעטל זענען פאַראַן אַזוי פיל קליינע געוועלבלעך און שענקען".

לויט דער באַרימטער דייטשער ענציקלאָפּעדיע „דער גראָסע בראָקהאַוז"

פֿון יאָר 1932, איז די אַלגעמיינע צאָל איינוווינער אין נאָווי-דוואָר אין יאָר 1921 געווען 7800, פֿון דעם — אַ העלפֿט יידן. די צאָל, ווייזט אויס, איז אַ ריכטיקע, ווייל אויך אין פֿאַרשלאַג, וואָס דער סיים-דעפּוטאַט יצחק גרינבוים און זיינע קאָלעגן פֿון יידישן סיים-קלוב האָבן אַריינגעטראָגן, צו ענדערן דעם צוזאַמענ-שטעל פֿון די צאָל מיטגלידער און פֿאַרטרעטער אין די ראַטן און פֿאַרוואַל-טונגען פֿון די יידישע קהילות אין פּוילן, ווערט די צאָל יידן אין נאָווי-דוואָר פֿאַרן יאָר 1931 אָנגעגעבן — 3916.

צו די אויבן-דערמאָנטע ציפֿערן איז כדאי צוצוגעבן סטאַטיסטישע פּרטים פֿון די לעצטע יאָרן פֿאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה.

פֿון „ווירטשאַפֿטלעך פּאָליטישן יאָרבוך", וואָס איז דערשינען אין פּוילן, ווי אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע — דערוויסן מיר זיך, אַז אין יאָר 1934 האָט נאָווי-דוואָר געציילט 9397 איינוווינער. דער שטאָטישער בודזשעט פֿאַר דעם יאָר — 241.489 זלאָטעס. אין זעלבן יאָרבוך פֿאַר 1937 ווערט דערציילט וועגן אַ ברייט פֿאַרצווייגטער אויטאָבוסן-פֿאַרבינדונג צווישן וואַרשע, נאָווי-דוואָר, יאַבלאָננע, זאַקראָטשין און פּלאָנסק, און אַז דער וווּקס פֿון דער אַלגע-מיינער באַפֿעלקערונג איז דערגאַנגען ביז 10,150. בירגערמייסטער איז אין דעם יאָר געווען ראַמואַלד טשעסלאַוו פּשעדוויעצקי, און זיין פֿאַרטרעטער — ד"ר אַלעקסאַנדער טשעכאַנאָווסקי. ביידע, ווי מיר ווייסן, זענען געבליבן ביי זייערע אַמטן ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט-מלחמה אין 1939.

צום בילד פֿון אַלגעמיינעם צוזאַמענשטעל פֿון דער נאָווי-דוואָרער באַ-פֿעלקערונג דאַרף מען אויך צוגעבן אַ גרעסערע צאָל פֿון דייטשע קאָלאָניסטן, לרוב — פּראָטעסטאַנטן, וועלכע האָבן געוווינט אין און אַרום דעם שטעטל, דער עיקר אין דערבייִיקן וויזענדאָרף. זיי האָבן געהאַט אין נאָווי-דוואָר אַן אייגענע קאָנסיסטאָריע, און אַ געמויערטע קירכע מיט אַ שיין געפֿלעגטן גאָרטן. וויפֿל זייער צאָל איז געווען, איז שווער צו זאָגן, אָבער אין אַ זונטיק, בעת זייער קומען אין דער קירכע אַריין, האָט מען זיי געזען אין די הונדערטער. זיי זענען דאָס געווען די אַזוי באַקאַנטע „פֿאָלקס-דויטשן", וועלכע האָבן זיך אַזוי שרעק-לעך איזדעקעוועט איבער די נאָווי-דוואָרער יידן, ווען די היטלעריסטישע חילות האָבן אין 1939 באַזעצט נאָווי-דוואָר.

מיר ווילן נאָך אַ ביסל ווייטער צוקומען צו דעם יידישן נאָווי-דוואָר, אָבער, מיר דאַרפֿן שוין דאָ באַמערקן, אַז דער אויבן-דערמאָנטער כראָניקער בראָניסלאַוו כלעבאָווסקי, אין זיין געאָגראַפֿישן ווערטערבוך, דערמאָנט אויך וועגן דער עקזיסטענץ פֿון אַ יידישער סינאַגאָגע און אַ יידישער דרוקעריי, וועלכע האָט זיך גוט אַנטוויקלט און עקזיסטירט ביז דעם יאָר 1813.

לויט די זעלבע מקורות איז כדאי צו פֿאַרצייכענען, אַז די פּוילישע באַנק פֿון דעם וואַרשעווער פֿירשטנטום, האָט בכדי צו אונטערשטיצן די אַנט-וויקלונג פֿון תבואה-האַנדל אין דער גאַנצער געגנט, אויסגעבויט אין 18טן יאָרהונדערט, האַרט ביי דער ווייסל, נעבן אויסגוס פֿון נאַרעוו, קאָלאָסאַלע מאַגאַזינען, וועלכע האָבן צו יענער צייט אָפּגעקאָסט אַ סומע פֿון קרוב אַכט הונדערט טויזנט רוסישע רובל.

דאָס זענען געווען די הויכע רויט-ציגלדיקע בנינים, וועלכע האָבן זייער אָנזעעוודיק זיך אַרויסגעהויבן ביים אַריבערגאַנג איבער דער בריק, וואָס האָט

געפירט פון נאָווי-דוואָר קיין מאָדלין, און האָבן ביי די נאָווי-דוואָרער יידן באַקומען דעם נאָמען: „די באַנקאָווע שפּייכלערס".

ביים פאַרענדיקן דעם טייל פון אונדזערע היסטאָרישע פאַרצייכענונגען, ברענגען מיר די ווייטערדיקע סטאַטיסטישע טאַבעלע וועגן וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָווי-דוואָר, אין פּראָפּאָרץ צו דער צאָל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

| יאָר | אַלגעמיינע צאָל איינוווינער | די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג | פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג | די אַלגעמיינע צאָל הייזער |
|---|---|---|---|---|
| 1797 | 578 | — | — | 81 |
| 1806 | 600 | 150 | 25. | — |
| 1808 | 745 | 183 | 24. | — |
| 1827 | 1234 | 334 | 27.5 | 104 |
| 1856 | 2806 | 1403 | 50. | — |
| 1857 | 2766 | 1305 | 48.6 | — |
| 1860 | 3149 | 2197 | 69.7 | 164 הילצערנע<br>36 געמויערטע |
| 1872 | 4405 | 2773 | 63. | — |
| 1881 | 5268 | — | — | 336 |
| 1897 | 7302 | 4737 | 65. | — |
| 1921 | 7800 | 3900 | 50. | — |
| 1931 | 9386 | 3961 | 42. | — |
| 1934 | 9397 | — | — | — |
| 1937 | 10,150 | — | — | — |
| 1956 | 7600 | 1 | — | — |

לאָמיר פּרוּוון צו מאַכן וועלכע עס איז אויספירן פון די קאַרגע ציפערן אין דער טאַבעלע, און קודם כל וועגן דער צאָל הייזער.

ביים ראַנד פון 18טן יאָרהונדערט געפינען זיך 81 הייזער אויף 578 איינוווינער — צו 7 מענטשן אויף אַ הייזקע. מיט 30 יאָר שפּעטער, אין 1827, זענען שוין פאַראַן 104 הייזער אויף 1234 איינוווינער — 12 מענטשן אויף אַ הויז. פון דעם איז צו דרינגען, אַז פון קליינע צעוואָרפענע משפחהדיקע הייזקעס, איז מען בהדרגה איבערגעגאַנגען צו גרעסערע און באַקוועמערע הייזער, ווייל אַנדערש וואָלט מיט דער צאָל איינוווינער זיך אויך פאַרמערט די צאָל הייזער.

מיט 30 יאָר שפּעטער, אַרום 1860, זענען שוין פאַראַן 20 הייזער, דערונטער 36 געמויערטע, ביי אַ באַפעלקערונג פון 3149, און ס'פאַלט שוין אויס צו 16 מענטשן אויף אַ הויז. איז דערפון צו לערנען, אַז מען האָט שוין געבויט הייזער מיט געשעפטלעכע צילן — אַריינצונעמען לאָקאַטאָרן פאַר דירה-געלט.

אין יאָר 1881 איז שוין נאָווי־דוואָר געווען אַ גרעסער געשעפט־שטעטל מיט עטלעכע פאַבריקן, ס'איז אָנגעגאַנגען דער בוי פון דער פעסטונג, און כאָטש די באַפעלקערונג האָט שוין געציילט די צאָל פון 5268, איז די צאָל הייזער נישט געוואַקסן. אויך דעמאָלט קומט אויס אויף יעדן הויז 16 מענטשן. ד"ה אַז דירה־געלט איז שוין געווען אַ גוטער איינקונפט, און מען האָט געבויט גרע־סערע און באַקוועמערע הייזער, וועלכע האָבן געדעקט דעם געברויך פון דער כסדר וואַקסנדיקער באַפעלקערונג.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער מאָמענט, וואָס איז ווערט זיך אויף אים אָפּצושטעלן, וואָס אין 1860 זענען שוין אין נאָווי־דוואָר געווען 36 געמויערטע הייזער, וואָס זענען אַוודאי פאַרברענט געוואָרן אין די עטלעכע גרויסע שריפות, ווייל ווי מיר געדענקען נאָווי־דוואָר ביז 1914, זענען כמעט נישט געווען קיין געמויערטע הייזער. די צאַרישע סטראַטעגיקער האָבן נישט דערלויבט אין נאָווי־דוואָר און אין די שטעטלעך אַרום דער מאָדלינער פעסטונג, אויפצושטעלן געמויערטע הייזער, זעענדיק אין דעם אַ שטערונג צו זייערע סטראַטעגישע פּלענער.

לאָמיר ווייטער אַנאַליזירן דעם וווּקס פון דער באַפעלקערונג, לויט די געבראַכטע ציפערן. זיי ברענגען אַרויס פאַר אונדז אינטערעסאַנטע דעמאָגראַ־פישע אויספירונגען.

אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, אָנהייבנדיק פון 1806 ביז 1856, באַמערקן מיר אַ כסדרדיקן וווּקס, הן פון דער אַלגעמיינער און הן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע גיט אין 1856 אַ שטאַרקן שפּרונג פון עטלעכע און צוואַנציק פּראָצענט צו גאַנצע פופציק. דאָס האָט זיכער צו טאָן מיט דער צייט, ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די באַרימטע מאָדלינער פעסטונג און קיין נאָווי־דוואָר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די אַלע אונטערנעמער און צושטע־לער מיט זייערע פאַמיליעס, אַלס „שרייבערס", אויפזעער אאַז"וו.

מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1857, גיט זיך די צאָל איינוווינער אַ קליינעם וואַקל אויף צוריק, אַזוי ביי דער אַלגעמיינער ווי ביי דער יידישער באַפעל־קערונג. אָבער, דאָס איז נאָר אַן איבערגייענדיקע פאַזע, צום ווייטערדיקן אומ־אויפהערלעכן וווּקס. אָנהייבנדיק פון 1860 ביז 1897 זעען מיר שוין ווידער אַ כסדרדיקע פאַרגרעסערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע דערגייט כמעט ביז 70 פּראָצענט (שפּעטער — נאָר 65 פּר') און ווערט אַזוי אַרום די מערהייט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג.

די סיבות פון אָט דעם כסדרדיקן וווּקס לאָזן זיך לייכט דערקלערן; ס'האָט אַ שייכות מיט די אַלגעמיינע געשעענישן אין יענער צייט: די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד; דער גירוש מאָסקווע; דער אָנהייב פון אינדוסטריאַליזאַציע אין פּוילן; די ברייט פאַרצווייגטע בוי־אַרבעטן ביי דער מאָדלינער פעסטונג, מיט אירע אַרומיקע פאָרטיפיקאַציעס. נישט קיין קליינער גורם דערצו איז אויך געווען די אַנטשטייונג און ראַשע אַנטוויקלונג פון דער נאָווי־דוואָרער דרוי־קעריי, וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן אַ סך דרוקערס, זעצערס און סוחרים, פון וועלכע אַ גרויסער טייל איז שוין פאַרבליבן אין נאָווי־דוואָר אַלס תושבים.

אָנהייבנדיק פון 20סטן יאָרהונדערט לאָזט זיך קאָנסטאַטירן אַ כסדר־דיקע פאַרקלענערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָווי־דוואָר. אויך אין דעם פאַל זענען די סיבות גוט באַקאַנט:

די נאָענטע הויפּטשטאָט וואַרשע האָט אַלץ מער געלאָקט און צוגע־צויגן די אויפגעקומענע גבירים, פאַר וועמען ס׳איז שוין צו ענג געווען אין די ראַמען פון קליינעם שטעטל. אַזוי זענען אויך די גרויסע אַרבעטס-וואַרשטאַטן און אינדוסטריע-פונקטן, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין וואַרשע, באַדינענדיק דעם גרויסן רוסישן מאַרק, נאָכן מבטל מאַכן די צאָל-גרענעצן צווישן רוסלאַנד און פּוילן, געוואָרן אַן אויפנאַם-צענטער פאַר די ניי-אויפגעקומענע פּראָלעטאַ־רישע שיכטן פון נאָווי-דוואָר, די וועלכע האָבן געזוכט אַרבעט און האָבן עס גע־פונען אין דעם גרויסן וואַרשע, און אַ סך פון זיי זענען דאָרט פאַרבליבן אַלס תושבים.

דער רוסיש-יאַפּאַנישער קריג; די אַדורכגעפאַלענע רעוואָלוציע פון 1905; די גרויסע שריפה אין יאָר 1907 (וואָס האָט פאַרברענט כמעט דריי פערטל פון דער שטאָט און זיבן טויזנט איינוווינער געלאָזט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ); די שרעק צו גיין „פּאַניע דינען״ אין די מרחקים פון סיבירער טייגעס — האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער פאַרמינערונג פון דער נאָווי-דוואָ־רער יידישער באַפעלקערונג. אַ סך האָבן שוין אויך געזוכט אַן אַנדערן אויס־וועג; זיך געלאָזט מיט דעם וואַנדערשטראָם, ווי פילע פון פּוילישן יידנטום אין יענער צייט — אויפן וועג צום „גאָלדענעם לאַנד״ אַמעריקע. אָבער טראָץ דעם אַלעם, איז דאָך דער יידישער באַפעלקערונג געלונגען איינצוהאַלטן אירע פּופּציק פּראָצענט, אין באַצוג צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ווי מיר זעען דאָס פון דער געבראַכטער טאַבעלע ביז די יאָרן 1921—1925.

אין די שפּעטערע יאָרן האַלט די צאָל יידן, אין פאַרהעלטעניש צו דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער, אין איין פאַלן. אין יאָר 1931 שרומפּט זיך איין די צאָל יידישע בירגער ביז 42 פּר׳ און נאָך דעם — נאָך ווייניקער. די פאַר־קלענערונג איז שוין אָבער אַ רעזולטאַט פון דער אַנטיסעמיטישער ריכטונג אין דער מוניציפּאַליטעט-פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין ווידער-אויפגעשטאַ־נענעם פּוילן.

מיט אַלע כשרע און נישט כשרע מיטלען האָט די פּוילישע מאַכט אויף אַ קינסטלעכן אופן געוואָלט מאַיאָריזירן די יידישע איינוווינער פון די שטעט און שטעטלעך, אַנשליסנדיק אין די שטעטלעך גאַנצע פאָרשטעט און אַפילו קלענערע דערפלעך, וואָס זענען געווען באַפעלקערט פון לויטער קריסטן, כדי אַזוי אַרום צו שאַפן אַ קריסטלעכע מערהייט אין די שטעט און שטעטלעך, וועלכע וואָלטן פאַקטיש, ביי אַן ערלעכער און נאָרמאַלער אַנטוויקלונג, געבליבן מיט אַ יידישער מערהייט. אַזאַ אַנטוויקלונג וואָלט אַוודאי אויך דורכגעמאַכט נאָווי-דוואָר.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה אין 1939 ציילט נאָווי־דוואָר אַריבער צען טויזנט איינוווינער, פון דעם — ביי פיר טויזנט יידן, וועלכע בילדן נאָך אַלץ 40 פּר׳.

נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה, נאָך דעם אומקום, איז נאָווי-דוואָר ווי אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, געוואָרן „יידן-ריין״. היינט צו טאָג ציילט נאָווי-דוואָר 7600 איינוווינער, און צווישן זיי — אַן איינציק געבליבענער ייד, אַ לעצטער פון דער קהילה קדושה נאָווי-דוואָר.

מיר ברענגען אין דעם בוך אַ סעפּאַראַטן אָפּדרוק פון ד״ר עמנואל רינגעלבלומס אויסשעפּלעכער אַרבעט וועגן דער יידישער דרוקעריי אין נאָווי־דוואָר, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט נאָך אין יאָר 1935, אונטערן נאָמען: „יאָהאַן אַנטאָן קריעגער, דער נייהאָפער דרוקער פון העברעיִשע ספרים". מיר דרוקן איבער די דאָזיקע חשובע אַרבעט פון עמנואל רינגעלבלומס בוך „קאַפּיטלען געשיכטע פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּוילן" (אַרויסגעגעבן אין 1953 דורכן פאַרלאַג ביים פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע). רינגעלבלומס פאָרשערישע אַרבעט האָט אַ סך צו זאָגן וועגן דער היסטאָריע פון יידישן דרוקוועזן אין פּוילן און די פאַרשידענע אינטריגעס און מאַכינאַציעס אַרום דעם, הן פון די קריסטלעכע קאָנצעסיאָנערן און הן פון די יידישע סוחרים און פאַרמיטלער. פאַר אונדז, אין די ראַמען פון אַ היסטאָרישן איבערזיכט איבער נאָווי־דוואָר, איז וויכטיק אַרויסצוברענגען די ווירקונג פון דער דרוקעריי אויף דער שטאָט נאָווי־דוואָר, איר איינפלוס אויפן לעבן פון די אָרטיקע יידישע תושבים, און די אויסווירקונג פון דעם — אויף וויפל נאָווי־דוואָר איז באַקאַנט געוואָרן, אַ דאַנק איר דרוקעריי, צווישן די יידן פון פּוילן, רייסן, ליטע און אַנדערע לענדער.

כדי דאָס אַרויסצוברענגען, איז אויך וויכטיק צו קענען־לערנען די מאַטעריאַלן, וועגן דער פּרשה נאָווי־דוואָרער דרוקעריי, ביי חיים דב פרידבערג, מנשה אונגער, ישעיהו פרישמאַן, ד״ר הערמאַן פראַנק און דעם ישראל־דיקן אַברהם יערי. רינגעלבלום רעדט נאָר וועגן ה ע ב ר ע יִ ש ע ס פ ר י ם, אָבער מיר האָבן אויך פאַר אונדז אַ ריי פון ספרים און מעשה־ביכלעך, אַרויסגעגעבן אין יידיש. רינגעלבלום פאַרענדיקט זיין שטודיע מיטן יאָר 1795 (ביז צו דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן), אָבער אַ דאַנק די אַנדערע מאַטעריאַלן דערגייען מיר ביז צום יאָר 1818 — ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון דער יידישער דרוקעריי אין נאָווי־דוואָר.

דער האַנדל מיט ספרים פאַר יענער צייט איז געווען גאָר אַנטוויקלט. דער „עם הספר" האָט געזאָרגט, אַז אין שטוב זאָל זיך געפינען אַ יידיש ספר. ביי די אָרעמע איז דער ספרים־אוצר באַשטאַנען פון אַ סידור, אַ מחזור, אַ חומשל און אַ „צאינה־וראינה" פאַרן ווייב, און אַ ייד אַ גביר האָט זיך שוין אויך דערלויבט איינצוהאַנדלען אַ ש״ס מיט מפרשים.

קיין סך דרוקערייען זענען נאָך צו יענער צייט אין פּוילן נישט געווען, און דער האַנדל מיט ספרים, וואָס זענען אין גרעסטן טייל געברענגט געוואָרן פון האָלאַנד און איטאַליע, איז געלעגן נישט דווקא אין יידישע הענט, ווייל אויך קריסטן האָבן אין דעם דערזען אַ גוט געשעפט און זיך מיט דעם פאַרנומען.

די בקשה פון קראָטאָשינער ייד, לייזער בן יצחק, אין יאָר 1776, אַז מען זאָל אים דערלויבן צו עפענען אַ יידישע דרוקעריי אין גאָלענדזינאָוו, הינטער וואַרשע, איז דער עיקר מאָטיווירט דערמיט, וואָס דאָס וועט פאַרשפּאָרן צו אימפּאָרטירן ספרים פון אַנדערע לענדער. די דערלויבעניש האָט לייזער בן יצחק באַקומען, אָבער צוליב געלטמאַנגל האָט ער די דרוקעריי נישט געעפנט. מיט יאָרן שפּעטער האָט אַזאַ דרוקעריי געגרינדעט דער פראַנצויז פּעטער די־פור, וועלכער האָט געהאַט אַ ביכער־פאַרלאַג אין וואַרשע אויף אַלטשטאָט

58. נאָך אין 1780 האָט ער באַקומען די דערלויבעניש צו עפענען אַ יידישע דרוקעריי, אָבער צוליב די אַנטיסעמיטישע שטאָט-רעגירער, האָט ער נישט געקענט טראַכטן וועגן יידישע זעצער און יידישע סוחרים אין יענער געגנט. די פריווילעגיע פון פראַנצויז דיי-פור האָט איבערגענומען דער דייטש יאָהאַן אַנטאָן קריעגער, אין זעלבן יאָר — 1780, און ער האָט געעפנט די דרוקעריי אין נאָווי-דוואָר, וועלכע האָט עקזיסטירט מיט פאַרשידענע איבעררייסן, ביז 1818, אין משך פון די ערשטע 17 יאָר ד"ה ביזן יאָר 1797 האָט די דרוקעריי אַרויסגעגעבן 120 פאַרשידענע ספרים.

איר עיקרדיקע אַנטוויקלונג האָט די דרוקעריי דורכגעמאַכט צווישן 1780 און 1794, ד"ה, פאַר דער צייט פון פוילנס זעלבשטענדיקייט, אונטער דער הערשאַפט פון לעצטן פוילישן קעניג סטאַניסלאַוו אוגוסט פּאָניאַטאָווסקי. אין יאָר 1812, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעהויבן זיין מאַרש אויף רוסלאַנד, אַריינגעדרונגען קיין פוילן און אַריינגעבראַכט אַ צערודערונג אין ווירטשאַפט-לעכן לעבן, האָט די נאָווי-דוואָרער דרוקעריי אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט אויף צוויי יאָר. נאָך דעם קריטישן פעריאָד האָט זי זיך ווידער באַנייט און, ווי שוין דערמאָנט, פאַרגעזעצט איר עקזיסטענץ ביז צו איר ענדגילטיקער ליקווידאַציע, אין יאָר 1818.

ס'איז כדאי זיך אָפּצושטעלן וועגן דעם אויסערלעכן אויסזען פון די ספרים, וואָס זענען דערשינען אין נאָווי-דוואָרער דרוקעריי. אויף אַלע שער-בלעטער האָט זיך געפונען פאָלגנדיקער צושריפט:

„בנאָווידוואָהר תחת ממשלת הדוכס האדיר סטאַניסלוב פּאָניטאָווסקי יר"ה. גידרוקט אין דער פראַוויליגירטי דרוקעריי פון הערן יאָהאַן אַנטאָן קריגר".

דער דערמאָנטער „הדוכס האדיר" סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, איז צו יענער צייט געווען דער רעכטלעכער באַזיצער פון נאָווי-דוואָר.

מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן וועגן ספר „גבורות ה'" פון מהר"ל מפּראָג, וואָס געפינט זיך אין אונדזער רשות. די נאָווי-דוואָרער דרוקעריי האָט דאָס ספר איבערגעדרוקט פון אַ פריערדיקער אויסגאַבע. צום ערשטן מאָל איז דאָס ספר אַרויס אין קראָקע, נאָך ביים לעבן פון מחבר, דער מהר"ל (1520—1609), דער לעגענדאַרער באַשאַפער פון גולם. ס'איז נישט צו פאַרשטיין, פאַר וואָס די שפּעטערדיקע אַרויסגעבער פון דעם איבערגעדרוקטן ספר „גבורות ה'" האָבן נישט מוסיף געווען צו זיין לאַנגן נאָמען — הרב רבי יהודה ליוואי בר רבי בצלאל אב"ד ור"מ דק"ק פּראָג — אויך דעם אַזוי פּאָפּולערן, פאַרקירצטן מהר"ל מפּראָג.

די נאָווי-דוואָרער דרוקעריי האָט דאָס ספר פון מהר"ל אַרויסגעגעבן מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער, זינט ס'האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין דרוק. די נאָווי-דוואָרער אויסגאַבע איז באַצייכנט מיטן יאָר תקנ"ו (1796), ד"ה, אין ערשטן יאָר נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן, ווען נאָווי-דוואָר האָט שוין געהערט צו די פּרייסן, וועלכע האָבן דעם דורותדיקן נאָמען פון דער שטאָט — נאָווי-דוואָר פאַרביטן אויף נייהאָף. דאָס ספר איז גע-דרוקט מיט דעם צו יענער צייט אָנגענומענעם דראַבנעם רשי-כתב, מיט אַ הקדמה פון מחבר אויף זיבן דאָפּלט-זייטן און מיט 72 פרקים, וואָס פאַרנעמען 102 דאָפּלט-זייטן.

דער אינהאַלט איז אַ שטרענג לומדישער, וואָס פאַרנעמט זיך בעיקר מיט די נסים ונפלאות פון יציאת מצרים, מיט די אַלע אגדות און מדרשים אַרום ענין פון יציאת מצרים. אין אַ סך פרקים קומען צום אויסדרוק אויך די ברייטע וועלטלעכע קענטענישן פון מהר"ל אין חכמת הטבע און ביאָלאָגישע וויסנשאַפט. די נאָווי-דוואָרער אויסגאַבע איז אויך פאַרזען מיט צוויי קורצע הסכמות פון די מנהיגי הדור פאַר יענער צייט — ר' לוי יצחק מבאַרדיטשעוו און דעם קאָזשעניצער מגיד, ר' ישראל. די הסכמות זענען בעיקר אַ לויבגעזאַנג פאַר דעם דעמאָלטיקן אַרויסגעבער פון דער נאָווי-דוואָרער אויסגאַבע, ר' יעקב משה בהרבני הנגיד המפורסם מו' שלמה זלמן נ"י מיערוסלב, וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע.

ווי מיר זעען דאָס אויפן שער-בלאַט, נייטיקט זיך נישט דער מחבר פון ספר אין קיין הסכמות; און דורך די אָפּגעדרוקטע הסכמות ווערט מער באַ-פרידיקט די געשעפטלעכע כוונה פון אַרויסגעבער, ווייל ביידע בעלי-הסכמה גיבן אַרויס אַ שטרענגן איסור, אַז קיינער טאָר נישט איבערדרוקן דאָס ספר אין משך פון זיבן יאָר נאָך זיין דערשיינען. די איבערשריפט איבער די הסכמות איז טאַקע: „הסכמות וחרמות".

און נאָך איז בולט, ווי חשוב ס'איז געווען די אַרבעט פון זעצער און דרוקער, — גלייך אויף דעם שער-בלעטל ווערט אויך אָנגעגעבן דער נאָמען פון דרוקער מיטן גאַנצן ייחוס: „יעקב בהרבני המופלג מו' נפתלי צבי הירש ז"ל מבית יאָלים מק"ק רייוויץ ולע"ע עוסק בעבודת הקודש בדפוס נאָווי-דוואָהר".

דרוקערס, זעצערס, אַפילו פּרעסנציִערס און בכלל אַלע וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער מלאכה פון אַרויסגעבן ספרים, זענען געווען פאַררעכנט ביי יידן, און נישט נאָר ביי יידן, פאַר די וואָס טוען אַ הייליקע אַרבעט — מלאכת הקודש; די אַלע האָבן געמוזט קענען די „קליינע אותיותלעך" און ממילא געשמט אַלס תלמידי חכמים.

דאָס דערמאָנטע ספר גיט אָן צום סוף די נעמען פון די דריי זעצערס און צוויי דרוקערס: הזעצרס העוסקים במלאכת הקודש באמונה — אשר אריה במהור"ר מנחם מאנים זצ"ל מק"ק זאלקוויא, משה במהור"ר אליעזר ליזר כ"ץ רפאָפּאָרט מק"ק קראָטאָשין, בנימין בהר"ר צבי הירש זצ"ל בנאָווי-דוואָהר. הדרוקרס העוסקים במלאכת הקודש באמונה — אברהם יצחק בהר"ר אהרן זליג זצ"ל מק"ק אסטראוו, יודא בהר"ר חיים צ"ו בנאָווי-דוואָהר. זעען מיר צווישן די אויסגערעכנטע פינף נעמען, מחוץ די צוויי נאָווי-דוואָרער, איינעם פון אָסטראָוו, איינעם פון ווייטן גאַליציישן שטעטל זשולקעוו און אויך איינעם פון דער צו יענער צייט ידישער שטאָט אין פויזנער געגנט — קראָטאָשין.

זשולקעוו איז געווען אַ שטאָט פון עטלעכע יידישע דרוקערייען מיט צענדליקער גוט-קוואַליפיצירטע יידישע דרוק-אַרבעטער. לויט ח. ד. פרידבערג איז די ערשטע יידישע דרוקעריי אין זשולקעוו געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1691, מיט קנאַפּע הונדערט יאָר פאַר דער נאָווי-דוואָרער דרוקעריי. דעם זשולקעווער זעצער אשר אריה האָט מען, זעט אויס, אַראָפּגעבראַכט קיין נאָווי-דוואָר, סיי אַלס אַרבעטער און סיי אַלס מדריך — צוצולערנען די ווייניק קוואַליפיצירטע אַרבעטער פון דער נאָווי-דוואָרער דרוקעריי.

אַזוי האָט אויך געטאָן די דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם" אין

# ספר

## גרת המליצה ומשפט לשה״ק

הוא חבור מועיל תועלת גדולה וכוללת לבאים להתחכם
חכמת המליצה ׃ וגם לדרשני׳ שיהי׳ רגיל על לשונ׳
חלופות הענינים והמתכות וההיפוכות והאותיות הנמצא
ספרי הנביאים ׃ לתעזור בהם ולהביא ראי׳ מהם בעת
הזמן לצורך פרושים ודרושים ׃ וגם לאותן אשר מלפנים
גם יועיל חבור זה למען יתחברו הענינ׳ המפוזרי׳ בלבות׳
אדור ככון לחבר לתלא מבוקשם להקים להם בנין העיון
פורח להוציא פרי תבוא׳ וע״י קלת הענינ׳ בגדרם אשר
ובאו בחבו׳ זה ׃ החכם עיניו בראשו ומאזני שכל בידו
לשפוט על יתר הפרטים להוליד כדמותם ולהפרות הדברים
גם תאוד׳ לרלף מהם שכיות החמדה ׃ לתורה ולתעודה ׃
הוא כולל קצור ס׳ הנכבד לשון למודי׳ מהחכם הלוצאטי ׃
ס׳ תשבי ׃ ושמות מורדכי׳ ׃ ושרשים מסתעפים בעניני
ורתם ׃ חברו הרב הגאון החכם השלם מוהרי״ל
ורגליו אב״ד דק״ק שעברשין בעה״מ ספר קרבן
אשית וס׳ בית מדות וס׳ אור עולם וס׳ שאלות
ותשובות פרי תבואה ׃

נדפס פה עיר נאוי דוואהר

תחת ממשלת הדוכס האדיר סטאניסלוב
פאניאטאווסקי יר״ה ׃

דרוקט אין דער פרוויליגירטי דרוקעריי פון הערן
יאהן אנטאן קריגר ׃

שנת כל הרגיל לקרות בחבור זה הוא זוכה
בו לדברים הרבה לפ״ק

ווילנע. ראָמס דרוקעריי, און אויך אַנדערע דרוקערייען אין פּוילן און אין ליטע, האָבן צו זיך אַראָפּגענומען די גוט־קוואַליפיצירטע דרוק־אַרבעטער פון נאָווי־דוואָר. צווישן די דרוקער (פון ראָמס דרוקעריי) געפינען מיר דעם נאָמען פון ר׳ שמעון בר יהודה מנאָווי־דוואָר. די דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם״ האָט אויך נאָכן ליקווידירן פון דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי אָפּגעקויפט פון קריעגערן די שריפט און די פּרעסן. אין יאָר 1812 עפנט אַ געוויסער צבי הירש בן נתן אַ דרוקעריי אין וואַרשע און ברענגט זעצערס פון נאָווי־דוואָר, צווישן זיי — איינער מיטן נאָמען חיים משה בר אברהם. דער געוועזענער בעל־מגיה פון קריעגערס דרוקעריי אין נאָווי־דוואָר, ר׳ יונתן בר״מ יעקב, האָט אין יאָר 1794 געעפנט אַ דרוקעריי אין דובנאָ און מיט זיך מיטגעברענגט זיין ברודער, נתן פייטל, איינער פון די בעסטע זעצערס אין דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי. ווען אַנטאָן קריעגער, דער באַזיצער פון דער נאָווי־דוואָרער און אויך קאָרעצער דרוקעריי, עפנט אין יאָר 1794 אַ נייע דרוקעריי אין ווענגראָוו — ברענגט ער אויך אַהין אַ געוועזענעם זעצער פון דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי ברוך בן צבי הערשקאָוויטש, וועלכער ווערט דער אויפזעער פון דער ווענגראָווער דרוקעריי.

פרידבערג דערמאָנט עטלעכע נאָווי־דוואָרער תושבים, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אַלס קוואַליפיצירטע פאַכמענער אין דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי: המסדר ה״ר שמואל ב״ר יצחק מנאָווי־דוואָהר, הפּרעסנציהר ה״ר יעקב יוקל ב״ר אברהם מנאָווי־דוואָהר, הזעצער חיים אַבראַמאָוויטש, הדרוקער אבא חיימאָוויטש, הזעצער בנימין הירשאָוויטש.

די נאָווי־דוואָרער דרוקעריי, וואָס האָט געאַרבעט מיט פיר דרוק־פּרעסן, האָט לויט רינגעלבלומס פאַרצייכענונגען באַשעפטיקט אַרום 40 אַרבעטער. פאַר יענע צייטן איז עס אַ גרויסער אַרבעטס־וואַרשטאַט, און מיר קענען אָט דעם אַרבעטס־צענטער זיכער באַטראַכטן אַלס דעם ערשטן שפּראָץ פון אַ יידישער אַרבעטערשאַפט, ווי מיר האָבן זי געקענט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון נאָווי־דוואָר צווישן די ביידע וועלט־מלחמות.

ס׳איז אויך כדאי זיך אָפּצושטעלן און אָנגעבן די סיבות, פאַר וואָס האָט דער פּיפּיקער קריעגער, דער געוועזענער וואַרשעווער געוואַנט־סוחר, דווקא אויסגעקליבן נאָווי־דוואָר אַלס אָרט פאַר זיין דרוקעריי. דעמאָלט האָט די רעכטלאָזיקייט פון די יידן אין וואַרשע און די שטאַרקע אַנטיסעמיטישע איינשטעלונג פון די וואַרשעווער שטאָטישע פאַרזאָרגער נישט געגעבן די גינסטיקע באַדינגונגען צו עפענען אַ דרוקעריי, — האָט קריעגער אויסגעקליבן נאָווי־דוואָר, די נאָענטע פון וואַרשע, וואָס איז אויך דעמאָלט געווען אין סטאַדיום פון גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דעמאָלטיקן באַזיצער פון נאָווי־דוואָר, דער פירשט סט. פּאָניאַטאָווסקי, ווי מיר האָבן דאָס אָנגעגעבן אין פריערדיקן קאַפּיטל. אויך איז נאָווי־דוואָר צו יענער צייט געווען אַ געדיכט באַזעצט יידיש שטעטל, וווּ מען האָט געקאָנט אויסגעפינען און אויסשולן יידישע דרוקערס און זעצערס פאַר דער דרוקעריי.

די יידישע דרוקעריי, וואָס איז געעפנט געוואָרן אין נאָווי־דוואָר, האָט געהויבן דעם נאָמען פון דער ביז איצט ווייניק באַקאַנטער יידישער קהילה. נאָווי־דוואָר איז אין דער יידישער וועלט פון פּוילן, ליטע און רייסן געוואָרן

א שם־דבר. די דרוקעריי האָט אַרום זיך געשאַפן אַ ברייטע פּעריפעריע — רבנים — מחברים, מוכרי־ספרים, פּאַפּיר־הענדלער, איינבינדער, אד"גל.

אויף ווי ווייט עס האָט זיך אויסגעברייטערט די ספרים־פּראָדוקציע פון דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי, איז צו זען דערפון, וואָס די מלוכהשע פינאַנץ־קאָמיסיע האָט געפונען פאַר נייטיק, צו עפענען אין נאָווי־דוואָר אַ פּונקט, ווו מען זאָל קאָנען גלייך אויפן אָרט אָפּשטעמפּלען די ספרים און איינקאַסירן דעם הויכן אָפּצאָל. בכלל האָט די רעגירונג אין דרוקן יידישע ספרים, געזען אַ גרויסן מקור פון הכנסות און אַ קעגנווירקונג דעם ספרים־אימפּאָרט פון אויסלאַנד.

ווען די נאָווי־דוואָרער דרוקעריי איז אין יאָר 1784 צוגעטראָטן צו דער גראַנדיעזער אונטערנעמונג, אַרויסצוגעבן דעם תלמוד, האָט די מלוכהשע פינאַנץ־קאָמיסיע געפונען פאַר נייטיק אַרויסצושיקן אַ ספּעציעלן בריוו, אַז די קהילות זאָלן זיך מתחייב זיין און חתמנען ווי פּרענומעראַנטן פאַר דער תלמוד־אויסגאַבע.

אויך פאַר די אָרטיקע יידישע איינוווינער איז די דרוקעריי, מיט דעם ספרים־האַנדל אַרום איר, געוואָרן אַ מקור פון פּרנסה. דאָ זענען אָנגעפאָרן סוחרים און פאַרמיטלער פון גאַנץ פּוילן — די אַלע וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן קריעגערס דרוק־אויסגאַבן אין אַלע יידישע יישובים.

וועגן כסדרדיקן באַריר פון יישוב נאָווי־דוואָר מיט אַנדערע יידישע יישובים, אין שייכות מיט דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי, קען מען אויך לערנען פון פאַרשידענע עפּיזאָדן, וואָס זענען פאַרצייכנט אין די מאַטעריאַלן, וועלכע דער מחבר האָט געזאַמלט פאַר זיין אַרבעט.

ווען ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט איז אויסגעבראָכן אַ מגיפה אין קראָקע, האָט דער דאָרטיקער באַרימטער דרוקעריי־אייגנטימער ר' יצחק בה"ר אַהרן מפּרוסטיץ, באַקאַנט אונטערן נאָמען: יצחק דרוקער, זיך אַריבערגע־טראָגן מיט זיין משפחה קיין נאָווי־דוואָר, מיטגעברענגט מיט זיך אַ טייל פון זיין דרוקעריי, און דאָ פאַרענדיקט דרוקן דאָס ספר „פּרדס רימונים" פון צפתער מקובל ר' משה קורדובירו (רמ"ק). ערשט נאָך דעם ווי די מגיפה האָט זיך איינגעשטילט, האָט יצחק דרוקער פאַרלאָזט נאָווי־דוואָר און ווידער פאָרגע־זעצט אין קראָקע זיין אַרבעט ביים דרוקן און אַרויסגעבן יידישע ספרים.

מיר האָבן שוין אין אָנהייב פון אונדזער אַרבעט דערמאָנט דעם ייד לייזער יצחק פון קראָטאָשין, וועלכער איז געווען אַ קרוב למלכות, זיך געדרייט אין די גרויסע פּריצישע הייף, געווען אַ געוויסע צייט קעניגלעכער מינץ־ליוועראַנט און שפּעטער — אויך ליוויטשער סענדיק. ער, צוזאַמען מיט זיין זון יהונתן (יונה בן יעקב) זענען דאָס געווען די פאַרמיטלער צווישן די־פּור און קריעגער, ביים איבערגעבן די־פורס קאָנצעסיעס צו קריעגערן. פון פאַר־שידענע קוועלן ווייסן מיר אויך, אַז אָט דער לייזער האָט פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דרוקעריים עקזיסטענץ געמאַכט געשעפטן ביים פאַרקויפן און פאַר־שפּרייטן ספרים, און אין די שטעמפּל־פּונקטן — ביים אָפּשטעמפּלען די ספרים. ער איז וואָרשיינלעך אויך געווען אַ געוויסע צייט אַ שטילער שותף צו דער נאָווי־דוואָרער דרוקעריי.

לויט ח. ד. פרידבערג האָבן זיך 17 אָרטיקע ספרים־הענדלער, נאָווי־דוואָרער תושבים, פאַרנומען מיט איינקויפן, שטעמפּלען און פונאַנדערשיקן די ספרים צו די יידישע ספרים־הענדלער אויף דער גאָרער וועלט. מחוץ דעם זענען

געקומען סוחרים פון אַנדערע שטעט איינצוהאַנדלען ספרים. צווישן די שטעט דערמאָנט פרידבערג: זשולקעוו, לאַנאָוויעץ, ליסע, בילגאָריי, שידלאָוועץ, וועגראָוו, גאָמבין, בלענדעוו, פּינטשעוו, בויבערניק א״אַ.

זיין דרוקערײַ האָט קריגער געפירט, צוזאַמען מיט זיינע יידישע מיטהעלפער, גאָר אַלטמאָדיש און זייער פּאַרשידנאַרטיק; אָנהייבנדיק פון שווערע תלמודישע פּלפּול-ווערק, באַשטימט פאַר יידן — לומדים, ביז צו פּאָפּולערע חסידישע מעשה-ביכלעך אין יידיש, תחינות פאַר ווייבער — די אַזוי שטאַרק באַליבטע פון אונדזערע באָבעס און מאַמעס „צאינה-וראינה״, דעם פּאָפּולערן „קב הישר״, הגדה של פּסח, קינות, סליחות, „בענטשערלעך״, מחזורים, סידורים. זייער באַקאַנט איז געווען דער לוח, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן — אַ מורה-דרך אויף אַ גאַנץ יאָר, אי פאַרן פּשוטן יידן, אי פאַרן תלמיד-חכם, צו וויסן דעם סדר פון די ימים-טובים, ראש-חודש-טעג, און תעניתים. אין דעם לוח זענען אויך אָנגעגעבן געוואָרן די אַלע ספרים, וואָס זענען שוין דערשינען און וואָס ער האָט בדעה אַרויסצוגעבן — אַזאַ מין קאַטאַלאָג פאַר זיינע אַלע אויסגאַבן.

ס׳איז אויך אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז אין יאָר 1784 — איינס פון די פּרוכבאַרסטע יאָרן אין דער אַנטוויקלונג פון דער דרוקערײַ — האָט קריגער אַרויסגעגעבן אַ מאַפּע פון ארץ-ישראל. אין יאָר 1816 האָט ער אָפּגעדרוקט דאָס שטאַרק געלייענטע חסידישע מעשה-בוך „שבחי הבעש״ט״. קריגער האָט געוווּסט און געפילט, וואָס דער עולם דאַרף און וויל. די „שבחי הבְעש״ט״ זענען צום ערשט דערשינען אין לשון קודש און אין יידיש אין דער קאָפּוסטער דרוקערײַ און שטאַרק אויסגענומען ביי די המונים לייענער. דער ענערגישער קריגער האָט מסתמא באַלד דערשמעקט די מעגלעכקייט פון גוטע רווחים, וואָס מען קאָן האָבן פון אַזאַ אויסגאַבע. מיט אַ יאָר שפּעטער זענען אין זיינע דרוקערייען, אין נאָווי-דוואָר און אין קאָרעץ, דערשינען צוויי נייע אויסגאַבעס פון „שבחי הבעש״ט״ אין יידיש. זיי זענען נישט סתם אַ טרוקענע איבערזעצונג פון העברעיִש, נאָר פאָלקסטימלעכע איבערדערציילונגען.

יאָהאַן קריגער איז געווען פון די ערשטע אַרויסגעבער פון ספרים אויף זיין אייגענעם חשבון, און צוליב דעם האָבן זיך צו אים געצויגן אַלע רבנים — מחברים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע מזומנים אַרויסצוגעבן זייערע ספרים. זיינע ספרים האָבן אים אויך געגעבן אַ פינאַנציעלע מעגלעכקייט צו פירן אַ ספרים- אויסטויש מיט אַנדערע אַרויסגעבער אין לאַנד און אין אויסלאַנד. זיינע ספרים-אויסגאַבעס האָט קריגער באַצירט מיט אַ מאָנאָגראַם, וואָס האָט אַנטהאַלטן די איניציאַלן פון זיין נאָמען. די גרייס פון מאָנאָגראַם איז געווען צוגעפּאַסט צו דער גרייס פון ספר. ס׳זענען אויך געווען פאַלן, ווען געוויסע דרוקערייען, כדי צוצוגעבן חשיבות זייערע ספרים, האָבן אויך אָפּגעדרוקט אויף זיי קריגערס מאָנאָגראַם. אַזאַ פאַל איז געווען מיט דער דרוקערײַ אין אָסטראָג, וואָס האָט געהערט צו ר׳ אַהרן בר׳ יונה.

**רביים און רבנים אין נאָווידוואָר**

אין די יידישע טראַדיציאָנעלע קרייזן אין פּוילן האָט נאָווי-דוואָר געשמט אַלס חסידישע שטאָט, מיט אירע רביים, רבנים און לומדים.

ווען דאָס חסידות האָט אַריינגעדרונגען קיין פּוילן, און דער עיקר —

אין דער געגנט פון מאַזאָוויע, דורך די אוקראַיִנער יידן, בעת זייער אַנטרינען פון די הײדאַמאַקישע רוצחים אין יאָר 1768 — האָבן דעמאָלט די וואַרשעווער יידן נישט שטאַרק אָנגענומען דאָס חסידות. זיי זענען נאָך געשטאַנען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון די מתנגדים, מיט דעם באַרימטן בריסקער רב ר׳ אברהם קאַצענעלנבאָגן בראש. דאַקעגן, אין פּראַגע — די פאָרשטאָט ביי וואַרשע, וואָס איז נאָך צו יענער צייט געווען אַ שטאָט פאַר זיך — האָט די חסידישע באַוועגונג געשלאָגן טיפע וואָרצלען, און אין די שטעטלעך אַרום וואַרשע, ווי גראָדזיסק, סטריקעוו און נאָווי-דוואָר, זענען שוין געווען שטאַרקע צענטערס פון חסידות.

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, איז צו יענער צייט, אין די יאָרן 1775—1785 געזעסן אויף דעם כסא-הרבנות פון נאָווי-דוואָר דער פלאַמיקער חסידישער רב ר׳ אוריאל, וואָס איז פריער געווען דער רב פון שטעטעלע ריטשעוואָל.

אַ סך פון די חסידישע רבנים, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן באַקאַנטע רביים און פאַרלייגט אייגענע רבישע דינאַסטיעס, זענען געזעסן אויפן אָרעמען כסא-הרבנות פון אָט דעם שטעטעלע ריטשעוואָל. גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון ר׳ שמעלקע מניקלשבורג און ר׳ לוי יצחק מבאַרדיטשעוו. פון ריטשעוואָלער כסא-הרבנות איז געגנומען געוואָרן ר׳ שמעלקע צו ווערן רב אין דער באַרימטער מעהרישער שטאָט ניקעלשבורג. ר׳ לוי יצחק מבאַרדיטשעוו איז אויך אַ געוויסע צייט געווען ריטשעוואָלער רב און פון דאָרט, צוליב רדיפות פון מתנגדים, געמוזט אַנטלויפן אין הושענה-רבה, מיטן אתרוג און לולב אויף די הענט, צום מגיד קיין קאָזשעניץ. אויך דער גרויסער בעל-מופת און ערשטער ראַדזימינער רבי, ר׳ יעקב אריה גוטערמאַן, איז פאַר זיין קומען קיין ראַדזימין געווען דער רב פון ריטשעוואָל, פון דאָרט איז אויך געקומען קיין נאָווי-דוואָר דער רב ר׳ אוריאל.

זיין, ר׳ אוריאלס, נאָווי-דוואָרער רבנות, פאַלט אויס אין איין צייט מיט דער אַנטשטייונג און עקזיסטענץ פון דער נאָווי-דוואָרער יידישער דרוקעריי. זעט אויס, אַז ס׳איז געווען די פּעולה און השפּעה פון ר׳ אוריאל, אַז די דרוקעריי זאָל אַרויסגעבן חסידישע ספרים און מעשה-ביכלעך, ווי אויך דאָס שטאַרק פאַרשפּרייטע חסידות-ספר „שבחי הבעש״ט״.

לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף נאָך אַ גרויסער חסידישער פּערזענלעכקייט, דעם אדמו״ר ר׳ הענעך מאַלעקסאַנדער, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען רב אין אַלעקסאַנדער און שפּעטער געוואָרן נאָווי-דוואָרער רב.

אויף דעם כסא-הרבנות אין נאָווי-דוואָר איז ר׳ הענעך געזעסן ביז דעם יאָר 1859. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה ביים פאַרשפּרייטן חסידות אין נאָווי-דוואָר און אין איר אומגעגנט. דאָס האָט געבראַכט צו זיין גרויסער מח-לוקת מיט די מתנגדים, צוליב וואָס ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט.

אין נאָווי-דוואָר האָבן פאַר ר׳ הענעכס צייטן זיך באַזעצט אַ סך ליטווישע יידן, „פּאָדריאַטשיקעס״, וועלכע האָבן געפירט גרויסע עסקים, ביים בויען און פונאַנדערבויען פון דער מאָדלינער פעסטונג, ווי מען האָט זי דעמאָלט גערופן: „נאָוואָ-געאָרגיעווסקי קרעפּאָסט״. איינער פון די נאָווי-דוואָרער ראשי הקהל איז צו יענער צייט געווען דער גרויסער גביר און תקיף אַברהם פייגין. צווישן אים און דעם רב ר׳ הענעך איז דעמאָלט אין אַ פאַר-פּסח אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת אַרום כשרן אַן אויוון צו מצה-באַקן. דער תקיף פייגין האָט גענומען

אויף אייגענער אחריות אַ הכשר ביי אַ דיין. ר׳ הענעך האָט די מצות געאַסרט, די מחלוקת האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל, חסידים האָבן פאַרלאַנגט פון רב צו לייגן דעם גביר פייגין אין חרם אַריין, דערצו איז עס נישט דערגאַנגען, אָבער דער סוף איז געווען, אַז ר׳ הענעך מאַלעקסאַנדער — דער תּלמיד פון רבי ר׳ בינם מפשיסכע, נאָך דעם — פון קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע און פון ערשטן גערער רבי דעם „חידושי הרי״מ״ — האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס נאָווי-דוואָרער רבנות, צוליב אַ ייד אַ תּקיף, און איז געוואָרן רב אין נאָענטן שטעטל פּראַשניץ. אין יאָר 1865 האָט אויך ר׳ הענעך געמוזט עוקר זיין פון פּראַשניץ, ווידער צוליב אַ מחלוקת מיט די אָרטיקע בעלי-בתּים, ביז ער האָט זיך אומגעקערט קיין אַלעקסאַנדער, שוין נישט אַלס רב, נאָר ווי איינער פון אַלע, און אים האָט אויסגעהאַלטן אויף זיינע עלטערע יאָרן זיין זון, דער גרויסער גביר ר׳ יחיאל אפרים פישל פון מעלניץ.

ווען ר׳ הענעך האָט פאַרלאָזט נאָווי-דוואָרער רבנות אין יאָר 1859, האָט נאָווי-דוואָר פאַר אַ קורצער צייט געהאַט אַ מתנגדישן רב, וועלכער איז וואַרשיינלעך געזעסן אויפן כסא-הרבנות מיטן כוח פון דעם דערמאָנטן גבירישן תּקיף אברהם פייגין. אַט דער גביר איז אויף דער עלטער אַראָפּ פון זיינע נכסים, געהאַט אַ „מיאוסן טויט״, און חסידים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שטראָף פאַר ר׳ הענעך מאַלעקסאַנדער. וואַרשיינלעך, אַז אין פאַרבינדונג מיט דעם, מיט אַברהם פייגינס סוף, האָט אויך דער מתנגדישער רב פאַרלאָזט נאָווי-דוואָר.

דער באַקאַנטער רבנישער פאָרשער הרב יוסף לעווינשטיין, דער לאַנג-יאָריקער סעראָצקער רב, גיט אָן אין זיין ספר „דור ודור ודורשיו״, וואָס פאַר-נעמט זיך מיט אויסרעכענען די גדולי הדור ביי יידן זינט אָדם הראשון, אַ קאַרגע שורה: „הרה״ג ר׳ שמשון אבד״ק נאָווי-דוואָר״, און דאָס יאָר פון זיין פּטירה — תּקצ״ח (1838). זעט אויס, אַז דאָס איז געווען איינער פון די רבנים אין נאָווי-דוואָר נאָך ר׳ אוריאל און פאַר ר׳ הענעך. ביים וועלן זיך אַרויסהעלפן מיט מער פּרטים — ווער איז דאָס געווען דער ר׳ שמשון — האָט אונדז שטאַרק אַרויס-געהאָלפן דער מחבר פון ספר „אהלי שם״, ר׳ שמואל נח גאָטליב פון פּינסק. אין דעם ספר, אויף זייט 136, געפינען מיר די פאָלגנדיקע נאָטיץ, וועלכע איך ברענג דאָ אין פולן טעקסט:

„הרב ר׳ יצחק איטשע במהור״ר אביגדור סרברניק, רב בסטשעגאָווע (פּלך פּלאָצק) נולד תרל״ט (1879) והוא נכד הגאון ר׳ שמשון זצ״ל האבד״ק נאָווידוואָרער ונכד הגאון ר׳ שמעלקע זצ״ל מזעלעכוב בן הגאון ר׳ אברהם זצ״ל

[illegible]

אַ שיר פון ר׳ הענעך מאַלעקסאַנדער, מיט די ראשי תּיבות פון זיין נאָמען, איבערגעשריבן אין די כתבים פון ר׳ הערש מענדל ליכטנשטיין

האבד״ק פאַרצעווא (מגזע בעל הלבושים זצל, ולפי המסורה אשר ביד המשפחה הנ״ל, היה הגאון הנ״ל זצ״ל דור הארבעים של רבנים), וחתן הרב הגאון ר׳ אביגדור זצ״ל האבד״ק זעלעכוב״.

ווי מיר ווייסן, איז דער דערמאָנטער סטשעגאָווער רב ר׳ יצחק סרעברניק געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה זאַקראָטשינער רב און געזעסן אויף דעם כסא-רבנות, ביז ער איז צוזאַמען מיט זיין קהילה אויסגעראָטן געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער. דער זאַקראָטשינער רב ר׳ יצחק סרעברניק איז געווען אַ קוזין פון אונדזער גוט-באַקאַנטן נאָווי-דוואָרער ציוניסטישן עסקן ר׳ שמשון נטע סרעברניק ז״ל, און דער זיידע פון זיי ביידן ר׳ שמשון איז עס געווען דער אומבאַקאַנטער נאָווי-דוואָרער רב, וואָס איז געזעסן אויף דעם כסא-הרבנות מיט קנאַפּע הונדערט פופציק יאָר צוריק.

אין דעם אויבן-דערמאָנטן ספר „דור ודור ודורשיו״ דערמאָנט הרב יוסף לעווינשטיין: „הגאון ר׳ אברהם צבי מנאָווידוואָר, בעל ספר „דברי הברית״, ניפטר בשנת תפ״ט (1729). פון די קאַרגע שורות איז שווער צו וויסן, צי איז דער גאון ר׳ אברהם צבי געווען אַ רב אין נאָווי-דוואָר, אָדער האָט נאָר אָפּגע-שטאַמט פון נאָווי-דוואָר. ווי עס איז אַרויסצודרינגען פונעם יאָר פון זיין פּטירה, האָט ער געלעבט אין דער צווייטער העלפט פון 17טן יאָרהונדערט ביז עטלעכע צענדליק יאָר פון 18טן יאָרהונדערט, ד״ה, נאָך פאַר דער רבנישער תקופה פון דערמאָנטן ר׳ אוריאל. אָבער, ווי געזאָגט, זענען נישטאָ קיין באַווייזן וועגן דער רבנות פון ר׳ אברהם צבי אין נאָווי-דוואָר גופא, און זיין נאָמען גיט נאָר צו און באַפעסטיקט די השערה, אַז שוין מיט קנאַפּע דריי הונדערט יאָר צוריק איז נאָווי-דוואָר געווען אַ יידישער יישוב מיט גאונים און מחברים.

אַ סך פון די נאָווי-דוואָרער תושבים געדענקען אַוודאי דעם אהל פון אַ „גוטן ייד״ אויפן אָרטיקן בית-עולם. פרומע יידן פלעגן דאָרט אַריינוואַרפן „קוויטלעך״, אָנצינדן ליכט און אין אַן עת-צרה אויסגיסן זייער שווער געמיט אויפן קבר פון צדיק; ווייבער, וואָס פלעגן לויפן „רייסן קברים״ און בעטן אַ רפואה שלמה פאַר אַ חולה מסוכן — זענען ראשית כל אַוועק צום קבר פון הייליקן צדיק, צו פאַרגיסן טרערן, אויסקרעכצן צרות און בעטן, ער זאָל זיך מיען פאַר זייערטוועגן אין די עולמות העליונים. אָט אונטער דעם האַלב איינ-געפאַלענעם אהל האָט זיך געפונען דאָס געביין פון אַן אַמאָליקן נאָווי-דוואָרער רב פון גרויסן ייחוסדיקן אָפּשטאַם. געהייסן האָט ער — ר׳ יעקב משה תאומים, אַן אייניקל פון בעל „חדושי הרי״מ״, דעם גרינדער פון דער גערער רבישער דינאַסטיע. די צייט ווען ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס נאָווי-דוואָרער רב, איז שווער פעסטצושטעלן, אָבער ווען מען נעמט אין אַכט די יאָרן, ווען אַנדערע האָבן געפירט דאָס נאָווי-דוואָרער רבנות — קומט אויס, אַז ר׳ יעקב משה איז געווען רב אין נאָווי-דוואָר צווישן די יאָרן 1863 און 1898.

ר׳ יעקב משה תאומים, וועלכער איז געווען מער רבי ווי רב האָט צוריק-געקערט די עטרה לישנה; ממשיך געווען און פאַרפעסטיקט דאָס חסידות לויטן דרך פון קאָצק און גער, ווי עס האָט דאָס מיט יאָרן צוריק געטאָן זיין פאַר-גייער העניך מאַלעקסאַנדער. ווי פאַרהייליקט ר׳ יעקב משה איז געווען ביי די נאָווי-דוואָרער יידן — איז צו זען פון דעם, וואָס אין טאָג פון זיין פּטירה — ל״ג בעומר, האָט מען אויף זיין קבר אויפגעשטעלט אַן אהל, און לאַנגע יאָרן

נאָך זיין פּטירה האָבן געדער חסידים אין יעדן ל״ג בעומר געפּראַוועט זיין יאָרצייט.

אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט נאָווי-דוואָר געהאַט אַן אייגענעם רבי, דעם „זוואָלינער רבי" ר׳ משה אהרן. נאָך דעם ווי זוואָלין איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט זיך ר׳ משה אהרן אַריבערגעטראָגן מיט זיין גאַנצער משפּחה קיין נאָווי-דוואָר. דער רבי ר׳ משה אהרן טאַוב, דער זון פון ר׳ שמואל אליהו פון זוואָלין, איז געווען אַן אייניקל פון ר׳ יחזקאל קוזמירער און אַ ברודער פון אַלטן מאָדזשיצער רבי ר׳ ישראל ז״ל, דער גרויסער חסידי-שער בעל-מנגן. דעם נוסח פון מאָדזשיצער נגינה האָבן פאַרגעזעצט די צוויי זין פון ר׳ משה אהרן. איינער פון זיי, דער באַוווּסטער בעל-מנגן ר׳ חיים ירחמיאל איז אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט ממשיך געווען אַלס „זוואָלינער רבי". דער צווייטער זון, ר׳ יענקעלע, האָט מיט אַ קאָרג ביסל חסידים געפירט טיש אין נאָווי-דוואָר. ער איז געווען אַ וווּנדערבאַרער בעל-תפילה און בעל-מנגן לויט נוסח מאָדזשיץ. אין יאָר 1920 איז ר׳ יענקעלע מיט זיין איידעלע „פּעסעלע די רביצין", די טאָכטער פון אַמאָליקן נאָווי-דוואָרער רב ר׳ יעקב משה תאומים, אַוועק קיין וואַרשע און ער איז דאָרט באַקאַנט געוואָרן אַלס „נאָווי-דוואָרער רבי". ער און זיין גאַנצע משפּחה זענען אומגעקומען דורך די היטלער-באַנדעס צוזאַמען מיט אַלע וואַרשעווער יידן.

איינער פון די חשובע רבנים אין נאָווי-דוואָר און פון די באַרימטסטע רבנים אין פּוילן, איז געווען הרב ר׳ מנחם מענדל חיים לאַנדוי — אַ גרויסער גאון מיט אַ גרויסן ייחוס, אַ זון פון נאַשעלסקער רב ר׳ יענקעלע און אַן איי-ניקל פון דעם באַרימטן גאון, דעם טשעכאַנאָווער רב און רבי ר׳ אברהמלע לאַנדוי. אויף נאָווי-דוואָרער כיסא-הרבנות איז ר׳ מנחם מענדל חיים לאַנדוי געזעסן נאָר 6 יאָר, פון 1898 ביז 1904. פון נאָווי-דוואָר איז ער אַוועק און אויפ-גענומען געוואָרן אַלס רב אין זאַווירטשע.

די זעקס יאָר פון הרב לאַנדויס רבנות זענען געווען פרוכטבאַרע יאָרן פאַרן יידישן ציבור, ווייל זיין רבנות איז געווען צונויפגעבונדן מיט דאגות און טאַט פאַר דער יידישער געזעלשאַפט; הרב לאַנדוי איז געווען אַן איש ציבור אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין פּוילן.

אין יאָר 1903 איז ער געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון אַ גרויסן רבנים-צוזאַמענפאָר. דאָרט איז ער אַרויסגעטרעטן מיט אַ ברייטן פּלאַן וועגן דער אָרגאַניזירונג פון רעליגיעזן יידנטום אין פּוילן. דער עיקר האָט ער זיך אָפּגע-שטעלט וועגן די פּראָבלעמען פון רעליגיעזן דערציונגס-וועזן פאַר דער אונטער-וואַקסנדיקער יוגנט. זיין אידעישע פּלאַטפאָרם איז שפּעטער דערשינען אין בוך-פאָרם, אונטערן נאָמען „מקיץ נרדמים".

הרב לאַנדוי איז אויך געווען אַ מחבר פון אַ סך לומדישע ספרים. ער איז אויך באַקאַנט געווען מיט זיין געוואַלדיקער ליבע צו ארץ-ישראל.

נאָך ר׳ מענדעלע לאַנדוי האָט דאָס נאָווי-דוואָרער כסא-הרבנות איבער-גענומען הרב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד, דער לעצטער נאָווי-דוואָרער רב, וועמען מיר ווידמען אַ באַזונדערע אַרבעט אין דעם בוך.

ביים פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל וועגן נאָווי-דוואָרער רביים און רבנים, וויל איך דערמאָנען אַ געשעעניש, וואָס האָט צו טאָן מיט ר׳ יצחק מאיר אַלטער

ז״ל, דעם בעל „חידושי הרי״מ״, גרינדער פון דער גערער רבישער דינאַסטיע, און זיין אויסבאַהאַלטן זיך אין נאָווי־דוואָר.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די גזרות און געהיימע אינסטרוקציעס פון דער צאַרישער מאַכט אין 1845, אַז די יידן מוזן ענדערן זייער טראַדיציאָנעלע קליי־דונג און זיך אָנהייבן קליידן „דייטשיש״, און מיטן ווידערשטאַנד פון די וואַר־שעווער פרומע יידן קעגן דער גזרה — פון וועלכע ס׳זענען געשטאַנען בראש דער רב הכולל פון וואַרשע ר׳ יעקב געזונדהייט, ר׳ יצחקל וואָרקער און דער „חדושי הרי״מ״ — האָט דער צאַרישער פלאַץ־האַלטער אין וואַרשע איוואַן פעדעראָוויטש פּאַסקעוויטש אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן דעם בעל „חידושי הרי״מ״, ר׳ יצחק מאיר אַלטער, וועלכער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען גערער רבי און געווען אַ מיטגליד פון וואַרשעווער ראַבינאַט. ר׳ יצחק מאיר איז נאָר געווען אין אַרעסט איין טאָג, גלייך צומאָרגנס איז ער באַפרייט געוואָרן דורך דעם זעלבן פּאַסקעוויטש, ווייל דער רעש אַרום זיין אַרעסט האָט דערגרייכט אַזש ביז צום פירשט קאָנסטאַנטין, דער ברודער פון צאַר און דע־מאָלטיקער הערשער פון פוילן.

ר׳ יצחק מאיר האָט אויך נאָך דער באַפרייונג זיך נישט געפילט אין גאַנצן זיכער אין וואַרשע. די צאַרישע מאַכטהאָבער האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אויף אים אַ שלעכט אויג, צוליב זיינע און מענדעלע קאָצקערס סימפּאַטיעס צום פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1837 און זייער דערנענטערונג צום פוילישן גענעראַל דעם באַקאַנטן אוהב־ישראל אָסטראָווסקי. (פון יענער צייט דאַטירט זיך אויך דער אויסבייט פון ר׳ יצחק מאירס ייחוסדיקן נאָמען ר אָ ט ע נ ב ע ר ג — נאָך דעם באַרימטן צדיק און קדוש מהר״ם מראָטענבערג — אויף אַ ל ט ע ר). דער פּחד פאַר נגישות און אויך די שטאַרקע מחלוקתן צווישן חסידים און מתנגדים אין וואַרשע, אין שייכות מיט זיין אַרעסט — האָבן אים באַוויזן אויף אַ געוויסער צייט עוקר צו זיין פון וואַרשע און אַריבערגיין קיין נאָווי־דוואָר.

נישט סתם, אָן אַ סיבה, האָט ר׳ יצחק מאיר אַלטער אויסגעקליבן נאָווי־דוואָר אַלס עיר־מיקלט. קודם כל דערפאַר, ווייל ער האָט אין דעם שטעטל געהאַט אַ סך חסידים, און זיי האָבן אים אויפגענומען בכבוד גדול. דער מחבר פון „מאיר עיני הגולה״ דערמאָנט עטלעכע מאָל אין זיין ספר דעם נאָמען פון הר׳ דוד שלמה מנאָווי־דוואָר, וואָס האָט „איינגעלייגט וועלטן״, כדי איינצו־אָרדענען דעם רבין אין נאָווי־דוואָר ווי אַמבעסטן, און אים פאַרשאַפט אַ בהרחבהדיקע דירה, ווו אויפצונעמען זיינע חסידים.

דער רבי ר׳ יצחק מאיר אַלטער איז געקומען קיין נאָווי־דוואָר אין חודש אדר תרי״א (1851), גוט האָט זיך דער רבי געפילט צווישן די נאָווי־דוואָרער יידן, ס׳איז באַקאַנט זיין ווערטל: „נאָווי־דוואָר מיינט (אויף פויליש) אַ נייער הויף — ווערט דאָ גוט זיין מחדש צו זיין דברי תורה״, זיינע וואַרשעווער חסידים האָבן דווקא געוואָלט, ער זאָל אויף פסח צוריקקומען קיין וואַרשע, ער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט, ביז די גזרה וועגן דער הלבשה וועט נישט בטל ווערן. פינף טעג פאַר פסח האָט דער רבי געשריבן צו זיינע צוויי חסידים, ידידים ר׳ אלעזר (דערנאָך — פולטוסקער רב) און צו ר׳ יוסף קרעל, וועמען ער בעט, אַז מען זאָל אָפּשטעלן די קריגערייען צווישן די וואַרשעווער יידן וועגן אים, און ער ווינטשט זיי אַ פריילעכן יום־טוב. צוליב דער היסטאָ־

רישער חשיבות פון דעם פאַל, ברענג איך דעם גאַנצן טעקסט פון בריוו, לויטן ספר „מאיר עיני הגולה״:

„ב״ה אור ליום ו׳ עש״ק ט׳ ניסן תורה לפ״ק (תרי״א — 1851) חיים וברכה ושלום וכ״ט לידידי הרבני מ׳ יוסל וטוב והשלום לידיד נפשי הרב מו״ה אלעזר נ״י ולכל הידידים שליט״א.

הנני להודיעכם משלומי ב״ה ואבקש מכם, הגם כי גולה ומטולטל אנכי ע״י רגשת דברי שקר משנאת חינם על לא חמס בכפי. נא מאד שלא לצאת לריב עם שום אדם עבורי או לדבר קשות, רק למשוך בדברי שלום ואמת ואהבה כי כולנו בני אברהם ויצחק ויעקב, ולא הוצרכה התורה להזהיר ואהבת לרעך, לא תשנא וכו׳ על אנשים אחים ורעים, בפרט בחג הקדוש הבע״ל אשר הוא ראשית היות עם ה׳, ומתעורר זכירת חסד נעורים אהבת כלילותינו. יתן ה׳ שיתעורר גם בלבנו התחלה זו להיות שפת אמת תכון לעד אשר הוא זמן פדות נפשנו, ושלא להעביר בהבל וריק ח״ו בימי חגנו, ועכ״פ להכניס במעמקי לבנו ידיעה זו ברורה, עיקר בריאותנו לעשות רצון יוצרנו ולעבוד בכל לב ונפש ולהשגיח היטב על כל הלאוין והעשין העוברים בכל יום על האדם בכל העסקים ביושר כראוי, תקבלו חג הקדוש הבע״ל בשמחה וכ״ט כחפץ.

**ידידכם דור״ש הקטן יצחק מאיר**

דער „חדושי הרי״מ״ איז אָבער דאָך נישט געבליבן פּסח אין נאָווי-דוואָר. אַ טאָג פאַר ערב פּסח איז געקומען אַן עקסטרע דעלעגאַציע פון וואַרשע און אים איבערגעגעבן, אַז די גזרה וועט זיכער בטל ווערן, אַז דער פּלאַץ-האַלטער פּאַסקעוויטש מיט זיינע יועצים גרייטן שוין צו אַ נייע פאַראָרדענונג, און דער רבי איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע, וווּ טויזנטער פון זיינע חסידים האָבן אים אָפּגעוואַרט און אויפגענומען מיט דער גרעסטער שמחה.

די גזרה איז טאַקע בטל געוואָרן, נאָר מיט צוויי יאָר שפּעטער. און 1853 איז דערשינען די נייע פאַראָרדענונג, אַז די יידן קאָנען זיך קליידן, אָדער „דייטשיש״, ד״ה אייראָפּעיִש, מיט קירצן באָרד און פּיאות, אָדער אַזוי ווי די רוסישע „קופּצעס״ — היטלען מיט דאַשקעס, די הויזן אַריינגעלאָזט אין די שטיוול, און מען מעג אויך איבערלאָזן די בערד.

דער נאָמען פון ר׳ יצחק מאיר אַלטער, דער „חדושי הרי״מ״, איז גע-בליבן צונויפגעקניפּט מיט דער שלשלת היוחסין פון אַלע נאָווי-דוואָרער יידן, אויף לאַנגע יאָרן, נאָך זיין קורצער גאַסטונג, ווי אַן אויסבאַהאַלטענער פאַר די נגישות פון מלכות און אַנטרונענער פון די פאַרשידענע מחלוקתן צווישן יידן.

*

איך האָב אין מיין אַרבעט באַטאָנט, אַז נאָווי-דוואָר האָט געשמט אַלס חסידישע שטאָט. דאָס איז זיכער פולער אמת וועגן יענע אַמאָליקע צייטן וועגן וועלכער איך שרייב, אָדער בעסער געזאָגט — א מ ת, לויט די היסטאָרישע פאַרצייכענונגען פון יענער צייט, ווי איך האָב זיי אויסגעפונען מיט מיינע באַשיידענע מיטלען. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז דער צושטאַנד איז געווען פּ ו ל ה מ ק ש ה, ווי פון איין גוס. זיכער זענען אויך צו יענער צייט געווען ביי אונדז

אין שטעטל אַ ביסל אַפּיקורסים, משׂכּילים און רעוואָלטירנדיקע יחידים, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט אַרויסרייסן פון די פאַרגליווערטע נוסחאות און איינגע־שטעלטע מינהגים. געוויס האָט די בערלינער „השׂכּלה" מיט לאַנגזאַמע טריט אויך דערגרייכט צו יחידים אין שטעטל.

מיר געדענקען דעם משׂכּיל און „אַפּיקורס" ר' הערשל יעראָזאַלימסקי, דעם משכיל און ציון־וועטעראַן שמשון נטע סרעברניק, דעם דורכאויסיקן בונטאַר און ליטעראַטור־מענטש שמואל גראַבמאַן. פון די דאָ אין פּינקס פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון שמחה וואַגאַ, אברהם גאָלדבערג, סעם באָרנשטיין, הערשל הימלפאַרב און אַנדערע, ווייסן מיר אויך וועגן דעם אָנטייל פון אַ סך נאָווי־דוואָרער אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך אין דעם ברויזנדיקן יאָר 1905. מיר געדענקען די גוט אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין נאָווי־דוואָר; די פּראָלעטאַ־רישע פּאַרטייען פון „בונד" און „פּועלי־ציון" מיט זייער גרויסער מיטגלידער־שאַפט, ווי אויך די אַקטיוויטעט פון אַנדערע ראַדיקאַלע פּאָליטישע גרופּן, וואָס זענען אַלע איינאַנדער געווען אַזוי בולט, ווי אַ מאַסנהאַפטע פּאָליטישע דער־שיינונג אין אַזאַ קליינעם שטעטל. אָט דאָס אַלץ איז נישט געווען קיין צופאַל און זיכער געהאַט וואָרצלען אין יענע יחידים אָדער קליינע גרופּקעלעך פון משׂכּילים און אויפגעקלערטע אַ מאָל, פון איבער אַ יאָרהונדערט צוריק.

אָט דערמאָנט ד"ר יעקב שאַצקי אין זיין „געשיכטע פון יידן אין וואַר־שע". באַנד 1, אַ נאָווי־דוואָרער מחבר מיטן נאָמען חיים בן אברהם פּערלמוטער, וועלכער האָט אין יאָר 1814 פאַרעפנטלעכט זיין „שירה לחיים" מיט אַ ווידמונג לכבוד דעם נייעם הערשער פון פּוילן נאָך דער מפּלה פון נאַפּאָלעאָן, דעם רוסישן צאַר און קעניג פון פּוילן אַלעקסאַנדער דעם ערשטן. אַ העברעישער משורר מיט 150 יאָר צוריק אין אַזאַ קליינעם שטעטעלע איז נישט סתם קיין „ווילד געוויקס", נאָר ס'האָט אַוודאי צו טאָן מיט פאָרשריטלעכע יוירונגען און ברויזונגען פון אונטער דעם קאָנסערוואַטיוון שטח, און זעט אויס, אַז דאָרט זענען אויך געפאַלן די קערנער פאַר דער שפּעטערדיקער ניי־צייטיקער און ברויזנדיקער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין נאָווי־דוואָר פון אונדזערע צייטן.

און צום סוף — אַ יישר כוח פאַר די אַלע, וואָס האָבן מיר מיטגעהאָלפן ביים אויסגעפינען די נייטיקע מאַטעריאַלן און צושטייער געגעבן מיט ליבשאַפט זייערע פאַכמענישע אָנווייזונגען: הרב אבידע ז"ל (י. ל. זלאָטניק) פון ירושלים; הרב מרגלית פון דער „ספריה תורנית" אין תל־אביב, מיין ברודער הרב אברהם שמחה פירסט ז"ל; דער אומבאַקאַנטער פריינד י. דאַווידאָוויטש פון וראָצלאַוו, וועלכער האָט זיך אָפּגערופן אויף מיין ווענדונג אין דער יידישער פּרעסע און מיר צוגעשיקט די געבעטענע מאַטעריאַלן פון פּוילן; מיין תל־אביבער פריינד משה מאָרגנשטערן, פאַרן צוטריט צו זיין רייכער ביב־ליאָטעק; דעם פריינד א. קאַליש פון „יד־ושם" אין ירושלים, פאַר זיינע עצות ביים פעסטשטעלן די צאָל יידישע תושבים פון אַמאָליקן נאָווי־דוואָר, און די אַלע מחברים אין דער ווייטערדיקער ביבליאָגראַפישער רשימה.

# ביבליאָגראַפיע


Prof. Stanisław Pazira, „Studia z dziejów miast na Mazowszu od XIII do XX wiecku".

Sebastian Fabian Klonowicz, „Flis", 1895.

Dr. Ignacy Schiper, „Dzieje Handlu Żydowskiego na Ziemiach Polskich, 1937, nakładem Centrali Związku Kupców w Warszawie.

Bronisław Chlebowski, „Słownik Geograficzny Królewstwa Polskiego i innych Krajó Słowianskich, 1886, Wydawnictwo Gebethner i Wolff.

Mała Encyklopedia Powszechna, 1959, Warszawa.

Der Grose Brockhaus, 1932.

Dr. Józef Dawidsohn, „Gminy Żydowskie" Warszawa 1931, Klubu Posłów Sejmowych, Żydowskiej Rady Narodowej.

יעווריסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ, באַנד 11 זייט 769.

ד״ר יעקב שאַצקי, „געשיכטע פון יידן אין וואַרשע", באַנד I, II, און III, „ייוו״אָ״־אויסגאַבע 1947, 1948, 1953.

עמנואל רינגעלבלום, „קאַפּיטלען געשיכטע פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פוילן", אויסגאַבע פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע, 1953.

„גבורות ה׳" — הרב רבי יהודה ליוואי, נאָווי־דוואָהר, שנת תקנ״ו לפ״ק.

ד״ר הערמאַן פראַנק, „יידישע טיפּאָגראַפיע און בוך־אויס־אַרבעטונגס־קונסט", ניו־יאָרק, 1938.

חיים דב פרידברג, „תולדות הדפוס העברי בפולניה", תל־אביב, תש״י.

מנשה אונגער, „די מעשיות וועגן בעש״ט".

הרב דוד הלחמי, „חכמי ישראל", תל־אביב, תשי״ח.

הרב א. י. ברומברג, האדמו״ר ר׳ הניך מאלכסנדר, ירושלים, תשי״ח.

ד״ר א. ש. הורודצקי, „החסידות והחסידים", הוצ׳ „דביר", תל־אביב, תשי״א.

רפאל מאַהלר, „החסידות וההשכלה", ספרית פועלים, 1961.

שמעון דובנוב, „תולדות החסידות", הוצאת „דביר", ת״א.

יצחק אלפסי, „גור", הוצאת „סיני", תל־אביב, תשי״ד.

אברהם ישכר אלתר, „מאיר עיני הגולה", הוצאת אלתר ברגמן, תל־אביב, תשי״ד.

מ. ג. גשורי, „החסידות וניגוניה", אנצקילופדיה של גלויות, כרך ראשון, ירושלים—תל־אביב.

ד״ר רפאל מאַהלר, „דברי ימי ישראל, דורות אחרונים", כרך ראשון (ספר ב׳), הוצאת „ספרית פועלים".

הרב יוסף לעווינשטיין, „דור ודור ודורשיו", הוצאת „נצח", תל־אביב, תש״ט.

שמואל נח גוטליב, „אהלי שם", הוצאת גלובערמאַן, פּינסק, תרמ״ב.

אהרן בן ישעיה נתן וואלדן, „שם הגדולים החדש", וואַרשה 1864.

יצחק וורפל, „ספר החסידות", הוצאת צ. ליינמן, תל־אביב, תש״ז.

אברהם לווינסון, תולדות יהודי ווארשה", הוצאת „עם עובד", תל־אביב, תשי״ג.

רחל אוירבך, „בחוצות וואַרשה", הוצאת „עם עובד", תל־אביב, תשי״ד.

נ. שמן, „דאָס געזאַנג פון חסידות", בוענוס־איירעס, 1959.

הרב אברהם יצחק ברומברג, „אדמו״רי אלכסנדר", ירושלים, תשי״ב.

ספר יזכור לקהילת צ׳חנוב, תל־אביב, 1962.

בית ישראל בפולין, כרך ב׳, ירושלים, תשי״ד.

אנציקלופדיה של גלויות, וואַרשה חלק ב׳, ירושלים—תל־אביב.

ד״ר יהודה ראָזנטאַל, „רבנים אין מלאַווע", פּינקס מלאַווע, ניו־יאָרק 1950.

אליעזר תבון, „הספר, העתון והדפוס", ספרית פועלים, 1960.

„די יידן אין פוילן", ערשטער באַנד, ניו־יאָרק, 1946.

נחום ניר רפאַלקס, „פרקי חיים", הוצאת הקיבוץ המאוחד, תשי״ח.

ניר, „דער אָנהייב אין פוילן", יידישער אַרבעטער פּינקס, ערשטער באַנד, פאַרלאַג „נייע קולטור", וואַרשע, 1927.

אפרים קופּפער, „בער מייזעלס", יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן, וואַרשע 1952.

חלק ראשון מספר

# קב הישר

הוא ספר נחמד לתועלת הנפש הגוף ונשמה : וכל ההוגה בו ימים ימימה : לעבודת בורא לבו יהיה כרה
כמהו : ובו ק"ב פרקים : ותכות הספר : תמצא בהקדמת הספר : אמרי שפר : הן כמשלים טובים
במשלים הרוגה : כל הרואה אותו ישמח בשמחה וגילה : חברו חד דמן חברייא : ה"ה הגאון
המופלג הרבני מוהר"ר ( צבי הירש ) בן הרב הגאון המפורסם בע"מ ספר ברכת הזבח : וספר ברכות
שמואל וספר תפארת שמואל : וכבוד
הרב המנוח מוהר"ר אהרן שמואל
קאידענובר ז"ל אבד"ק
תורה היתה זורחת
בק"ק
פרנקפורט דמיין וכ"ק קראקא יע"א

ולרוב תועלת הספר נדפס עתה עם כמה מעלות נוספת בהפסוקים

תחת ממשלת החכם האדיר והחסיד סטאניסלוב פאניאטאווסקי שאך מיינשטר פון
ליטווא אונד שעף פון· דער קרוין גארדע

נדפס

# בנאווי דוואהר

אין דער פריוויליגירטי דרוקריי פון יאהן אנטאן קריגר

Gedruckt in Neuhof bey Warſchau, in der Kœniglichen
und der Republique privilegirten Druckerey
Jüdiſcher Bücher
von
JOHANN ANTHON KRÜGER.




ג

בשנת תקמ"ח לפ"ק

דר. עמנואל רינגעלבלום

# יאהאַן אנטאַן קריעגער

## דער נייהאָפער דרוקער פון העברעישע ספרים*



דר. עמנואל רינגעלבלום ז״ל

איינעם פון די אָנגעזעענסטע ערטער אין דער געשיכטע פון ייִדישן ספר אין פּוילן, אין 18טן יאָר־הונדערט, פאַרנעמט בלי שום ספק דער מערקווערדי־קער, רירעוודיקער און אונטערנעמערישער אייגנטימער פון דער נייהאָפער (נאָווי־דוואָרער) דרוקעריי, יאָהאַן אַנטאָן קריעגער.

זיין פאַרדינסט באַשטייט נישט נאָר אין דעם, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט די ערשטע דרוקעריי אין שכנות פון וואַרשע; וואָס ער האָט אַנטוויקלט אַ רייכע טעטיקייט אַלס אַרויסגעבער; נאָר אויך אין דעם, וואָס ער האָט משפּיע געווען אויף דער פּאָליטיק פון די פּוילישע פינאַנץ־ספערן און געצווּונגען זיי צו רעכענען זיך מיט די נויטן און באַדערפענישן פון ייִדישן דרוק־וועזן אין פּוילן און שיצן די נאָך שוואַכע לאַנד־פּראָדוקציע, פאַר דער קאָנקורענץ פון די אויסלענדישע דרוקערייען.

די נייהאָפער דרוקעריי איז אייגנטלעך אַ וואַר־שעווער, ווייל די פּריווילעגיע, וואָס אויפן סמך פון איר האָט די דרוקעריי עקזיסטירט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע. איבעריקנס איז נייהאָף געלעגן אין דער נאָענטער שכנות פון וואַרשע.

די דאָזיקע דרוקעריי האָט איר אינטערעסאַנטע פאָרגעשיכטע, וועלכע איז ענג פאַרבונדן מיט דער אינטערעסאַנטער, אונטערנעמערישער פּערזאָן פון לייזער יצחק פון קראָטאָשין.

וועגן לייזער יצחקס פאַרגאַנגענהייט זענען אונדז באַקאַנט אייניקע פּרטים: קודם־כל איז אונדז באַ־וווּסט, אַז לייזער יצחק האָט געהאַט אַ הויז אין קראָטאָשין, וואָס האָט אָפּגעברענט פאַרן יאָר 1775. דאָס הויז האָט ער צוריק אויפגעבויט און אין יאָר 1785 איז ער געווען אויף דעם שולדיק 3,592 גילדן דעם אייגנטימער פון קראָטאָשין, פּאָטאָצקי.

לייזער איז געווען אַ קרוב למלכות. אין אַ מעמאָ־ראַנדום פון יאָר 1775 שרייבט ער: „מיך האָבן אונ־טערגעהאַלטן די דעקלאַראַציעס פון די מיניסטאָרן און אַפילו דער קיניג גופא“. אויף אַן אַנדער אָרט שרייבט ער, אַז ער איז אין משך פון אַ יאָרצענדליק געווען קיניגלעכער מינץ־ליוועראַנט פון גרויס־פּוילן. אין דער צייט פון דעם דעלעגאַציע־סיים, ד״ה, אין די יאָרן 1773—1775, האָט ער באַשאָטן דעם סיים מיט פאַרשידענע פּראָיעקטן וועגן פּאַפּיר־שטעמפּל, וועגן שטעמפּל פון קאַלענדאַרן און לוחות, פון ייִדישע ספרים וכדומה.

אין די 90קער יאָרן קומט לייזערן צו אַ נייער כיבוד: ער ווערט לוויטשער סענדיק. ער וווינט אָבער, גלייכצייטיק, אין נייהאָף, און ער קומט פון צייט צו צייט אַראָפּ קיין וואַרשע, אייגנטלעך — קיין פּראַגע.

לייזער, וואָס שרייבט זיך צו דעם פאַרדינסט פון

* פון בוך „קאַפּיטלען געשיכטע פון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּוילן“, פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום“, בוענוס־איירעס.

אויסטראַכטן דעם פּראָיעקט פון פּאַפּיר־שטעמפּל, פון ספרים און קאָרטן־שטעמפּל, האָט גערעכנט, אַז ער וועט באַקומען פאַר זיינע אויפטוען די אַרענדע פון ספרים־שטעמפּל. דער געלט־שותף, לייבקע פון דובנע, האָט זיך אָבער מיישב געווען און אַליין אָן לייזערן, אָנגעהויבן זיך משתדל זיין וועגן דער דאָזיקער אַרענדע. דערזעענדיק, אַז ער איז דורכגעפאַלן מיט זיין שותף, וואָס האָט זיין גוטן געדאַנק אויסגענוצט פאַר זיך, — ווענדט זיך לייזער צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע מיט איינעם פון זיינע לאַנגע מעמאָראַנדומס. „ער קרעכצט, בעטלט און יאָמערט", אַז די קאָמיסיע זאָל אים נישט דערווייטערן פון דער אַרענדע, און ער זאָגט צו, אַז „זייענדיק אונטערשטיצט דורך די דעקלאַראַציעס פון די מיניסטאָרן און אַפילו פון דעם ליכטיקן האַר (קיניג), האָט ער שוין באַקומען אַ רע־זאָלוציע, אַז אין גיכן וועט ער קריגן אַ פּריווילעגיע אויף אַ דרוקעריי".

פון דעם אַ ביסל נישט קלאָרן מעמאָראַנדום זעען מיר, אַז לייזער האָט נאָך אין יאָר 1775 געמאַכט ערנסטע באַמיונגען אַרויסצובאַקומען אַ פּריווילעגיע אויף אַ יידישער דרוקעריי אין וואַרשע. נישט פאַר־שטענדלעך איז דער פּאַסוס וועגן די דעקלאַראַציעס פון די מיניסטאָרן, צי אַמבאַסאַדאָרן פון אויסלענ־דישע מלוכות.

פון דעם פּראָיעקט איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, ווייל לייזער האָט נישט באַקומען די אַרענדע פון ספרים־שטעמפּל.

אין יאָר 1776 האָט לייזער, צוזאַמען מיט זיין איידעם יונה בן יעקב, באַקומען פונעם קיניג אַ פּרי־ווילעגיע אויף אויסצובויען אַ דרוקעריי פון יידישע ספרים אין גאַלענדזינאָוו (אַ טייל פון פּראַגע). פאַר וואָס די פּריווילעגיע איז חל אויף גאַלענדזינאָוו, איז נישט שווער זיך משער צו זיין. אין וואַרשע האָבן דעמאָלט יידן נישט געטאָרט וווינען און ממילא האָבן זיי נישט געטאָרט באַזיצן קיין פּלעצער און הייזער; צווייטנס איז גאַלענדזינאָוו געווען אַ פּריוואַט־גוט פון קיניג.

לייזער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלע מודעה און זי פונאַנדערגעטיילט איבער אַלע ירידים, אַז ער זוכט שותפים, אָבער אָן דערפאָלג. די סיבה איז נישט געווען געלטמאַנגל, נאָר עפּעס אַנדערש. די יידישע מאַסע איז געווען אויפגעבראַכט אויף לייזערן צוליב צוויי זאַכן: ראשית צוליב דעם, וואָס ער האָט אויס־געטראַכט די נייע גזרה פון ספרים־שטייער, און שנית, וואָס ער האָט געוואָלט איבערנעמען דעם ספרים־שטעמפּל אין אַרענדע, כדי צו קאָנען שינדן די הויט פון דער יידישער מאַסע. לייזער איז זיך אַליין אין דעריין מודה. אין דעם שוין ציטירטן מעמאָראַנדום, אָן אַ דאַטע, שרייבט ער: „די יידן אין אַלגעמיין בונטעווען קעגן דאָזיקן פּראָיעקט". נישט קיין חידוש, וואָס לייזערס קול־קוראס זענען געבליבן אַ קול־קורא במדבר!

בעת מיר רעדן וועגן דער פאַרגעשיכטע פון דער וואַרשעווער דרוקעריי פון יידישע ספרים, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַ געוויסער Detoux מסתמא איינער פון די פיל אויסלענדער, וואָס האָבן געזוכט גליקן אין פּוילן, האָט זיך אין יענער צייט געווענדט צום קיניג וועגן דערלויבן אים צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי, מסתמא — אין וואַרשע. צו דעם מעמאָ־ראַנדום האָט דער געוועזענער שול־האַר, מאַשינסקי, צוגעגעבן אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „Detoux זוכט מער פאַר אַלץ אַ מיטל צו פאַרבעסערן זיין מצב".

ביז איצט האָבן מיר אַלץ געשריבן וועגן דער פאַרגעשיכטע פון דער יידישער דרוקעריי אין נייהאָף (נאָווי־דוואָר), איצט גייען מיר איבער צו דער אַנטשטייונג פון דער דאָזיקער דרוקעריי גופא. געווען איז דאָס אין יאָר 1780, אויפן סמך פון דער פּריווי־לעגיע, וואָס דער „איידעלער" וואַרשעווער דרוקער די־פור (Du Four) האָט באַקומען פון קיניג.

די פּריווילעגיע פון יאָר 1780 איז אַ דערגאַנצונג צו די־פורס פּריווילעגיע פון יאָר 1775. דער קיניג דערלויבט אים צו דרוקן, נישט בלויז ביכער אין מיזרח־שפּראַכן, נאָר אויך אין „העברעיִשער שריפט" און דערנאָך — אָפּן צו פאַרקויפן אין משך פון די נאָענטסטע 30 יאָר. דאָס דרוקן העברעיִשע ספרים — זאָגט דער קיניג אין דער פּריווילעגיע — וועט ברענ־גען דעם נוצן, אַז ס'וועט נישט אַרויסגעפירט ווערן אין אויסלאַנד קיין געלט פאַר די ספרים.

גלייכצייטיק ווערט די אַנדערע דרוקערייען פאַר־ווערט צו דרוקן העברעיִשע ספרים. אין דער פּריווי־לעגיע ווערט אויך אָנגעזאָגט, אַז ווי נאָר די־פורס דרוקעריי וועט אָפּדרוקן אַ גענוגנדיקן סכום ספרים, וועט פאַרווערט זיין אַריינצוברענגען פון אויסלאַנד ספרים און זיי פאַרקויפן. די וואָס וועלן אויף דערויף

עובר זיין, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט קאָנפיסקאַציעס און אַ קנס פון 2,000 דוקאַטן.

דאָס וואָס אַ קריסט האָט זיך גענומען אַרויסגעבן יידישע ספרים, האָט אַרויסגערופֿן דער צאָרן פון די כּלים די אַנטיסעמיטישע „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ". מיט 3 יאָר שפּעטער האָט זי געפונען פאַר נייטיק אויפצו־וואַרפן דאָס די־פּורן. באַקעמפנדיק דעם פּראָיעקט פון דעם „היסטאָריש־פּאָליטישן זכרונות־בלאַט", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען ביי די־פּורן, ווענן צווינגען יידן צום מיליטער־דינסט, שרייבט זי: „דער דאָזיקער פאַריזער־וואַרשעווער גענעראַליסימוס (ד"ה די־פּור) קען זיך גוט אויף דער יידישער „רייטאָריע", ווייל ער האָט זי אַ געוויסע צייט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע, באַקומענ־דיק מיט עטלעכע יאָר צוריק אַ פּריווילעגיע אויף דעם אויסשליסלעכן רעכט צו דרוקן יידישע ספרים — ווי דאָס איז אַלעמען באַוווּסט און ווי מיר האָבן בשעתו געמאָלדן אין דער פּרעסע".

אין פיר חדשים אַרום האָט די־פּור, נישט האָבנ־דיק די מעגלעכקייט אַריינצולייגן געלט אין דער דרו־קעריי, אָפּגעטרעטן זיין רעכט קריעגערן. יענער ווידער האָט אויפגעשטעלט די דרוקעריי און באַזאָרגט זי מיט אַלעם נייטיקן, אַז זי איז אימשטאַנד געווען צו באַ־פרידיקן די באַדערפעניש פון אַלע פּוילישע יידן.

ס'איז קלאָר, אַז די־פּור, דער הויף־קאָנסיליאַריום פון פּוילישן קיניג, דער דירעקטאָר פון דער דרוקעריי ביי דער קאַדעטן־שולע און דער אייגנטימער פון אַ באַקאַנטער דרוקעריי אין וואַרשע, אויף אַלט־שטאָט נומ' 58, איז דאָ געווען נישט מער ווי אַ פירמע. ס'איז לייכטער געווען אַרויסצובאַקומען אַ פּריווילע־גיע אויף אַ דרוקעריי דעם באַקאַנטן דרוקער, איידער דעם וואַרשעווער געוואַנט־סוחר קריעגער. וואָרעם האָט דען די־פּור, ביים אָנגעבן אַ בקשה אויף אַ יידישער דרוקעריי, נישט געוווּסט, אַז ער האָט נישט קיין קאַפּיטאַלן אויף אַזאַ אונטערנעמונג?

ס'קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז ווידער אַ מאָל האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט לייזער דעם קראָטאָשי־נערס אַ שטיקל אַרבעט; ס'איז זייער מעגלעך, אַז דער אייביקער פּראָיעקטן־שאַפער, לייזער, האָט אויך אויסגעטראַכט דעם דאָזיקן הינטערוועג.

אַזאַ חשד דערוועקט אין מיר אַ שטעלע אין לייזערס מעמאָראַנדום פון יאָר 1972, וווּ ער שרייבט בפירוש: „איך האָב אויפגעשטעלט די דרוקעריי אין נייהאָף". אַזוי ווי לייזער האָט קיין געלט נישט געהאַט, דאַרף מען די ווערטער פאַרשטיין אין דעם זין, אַז דעם פּראָיעקט צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי אין וואַרשע, וואָס דערצו האָט ער ביי יידן קיין מזל נישט געהאַט, האָט ער מיט קריעגערס מאַטעריעלער הילף פאַרווירקלעכט לעבן וואַרשע — אין נייהאָף (נאָווי־דוואָר).

לייזער האָט אויך נאָכן גרינדן די דרוקעריי, אין משך פון גאַנצע 11 יאָר, געהאַט צו איר עפּעס אַ שייכות, צי אַלס פאַרוואַלטער, צי אַלס שותף. דאָס דרינגט אַרויס פון זיינע ווערטער אינעם דערמאָנטן מעמאָראַנדום: „אין משך פון עטלעכע יאָר האָב איך זיך צוגעקוקט, אַז מיין איינפאַל (אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ע. ר.) און מיין אַרבעט פאַר דער רעפּובליק, אונטערגענומען ביי דער נייהאָפער דרוקעריי, האָט געבראַכט נוצן דעם האַר קריעגער, ווייל יענער, האָלטנ־דיק די דרוקעריי אין משך פון עטלעכע יאָרצענדליק (אַ טעות, — די דרוקעריי אין נייהאָף האָט עקזיסטירט ערשט פון יאָר 1780. אַלזאָ, נישט עטלעכע צענדליק יאָר, ווי עס שרייבט לייזער), נאַרט אין גאַנצן אָפּ די שאַצקאַמער און באַוואָלט זי אויף עטלעכע צענדליק טויזנט גילדן אַ יאָר...". זיין מעמאָראַנדום ענדיקט דער תמיד דורך די שותפים אָפּגענאַרטער לייזער, מיט דער בקשה, די קאָמיסיע זאָל אים געבן אַ קאָנצעסיע אויף אויפשטעלן אַ נייע דרוקעריי, וואָס ער האָט שוין פאַר איר גרייט מייסטערס — די זין זיינע.

אויף לייזערס מעמאָראַנדום האָט די קאָמיסיע געענטפערט מיט אַן אָפּזאָג.

סיי די געבראַכטע שטעלעס אין לייזערס מעמאָ־ראַנדום, סיי זיין אונטערשריפט: „לייזער יצחק דער לויוויטשער סענדיק פון נייהאָף", באַווייזן, אַז דער גאַנצער פּלאַן פון דער דרוקעריי אין נייהאָף, מיט אויסנוצן די־פּורס נאָמען אַאז"וו, איז געווען אַן אויפטו פון דעם אייביקן פּראָיעקטן־שאַפער לייזער פון קראָטאָשין. ווער ווייסט טאַקע, צי מיט קריעגערס זייער טעטיקער אַרבעט האָט שפּעטער נישט אָנגעפירט דער ענערגישער לייזער? ווער ווייסט, צי דער געדאַנק פון אָפּקויפן די קאָרעצער דרוקעריי, פון אַרויסגעבן דעם תלמוד און נאָך און נאָך, איז נישט אויפגעקומען אין לייזערס רייכער פאַנטאַזיע?*

---

* מיט דעם ענדיקט זיך נאָך נישט לייזערס רירעוודיקייט. אין יאָר 1793 איז ער זיך פון דאָס ניי משתדל וועגן אַ פּריווי־לעגיע אויף אַ יידישער דרוקעריי. אַזוי ווי קריעגער האָט אָבער געהאַט באַוואָרענישן מכוח דעם ענין, האָט די מאַרשאַ

דער אומדערמידלעכער לייזער יצחק האָט אויך אין די שפּעטערע צייטן געקערט וועלטן און זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער, איינער פאַנטאַסטישער פון צווייטן. אייניקע דאָקומענטן פון די צייטן פון קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד באַווייזן, אַז לייזער יצחק האָט געהאַט אַ פלינק קעפּל, ער האָט גלייך אויפגעכאַפּט די גוטע מינוט און אויסגענוצט זי פאַר זיינע געשעפטן.

דעם 17טן יוני 1794 האָט לייזער יצחק באַקומען פון דער העכסטער רעוואָלוציאָנערער מאַכט אין פון דעם נאַציאָנאַלן הויפּטראַט Najwyższa Rada Narodowa אַ פּאַטענט אויף דרוקן העברעישע לוחות און צייטונגען. האָט ער שוין געהאַט אַ פּאַטענט, האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן די נייע — אָדער בעסער געזאָגט — די אַלטע צרה, דער געלטמאַנגל. בעט ער דעריבער דעם שטאָט־פּרעזידענט זאַקרזשעווסקי, ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן כּתב צו די באַזונדערע שטאָט־צירקלען, וועגן העלפן אים איינמאָנען די חובות (מחמת אין די צייטן פון אויפשטאַנד האָט געהערשט אַ מאָראַטאָריום אויף חובות). ס'איז נישט באַוווסט, צי לייזער האָט באַקומען אַזאַ מין דערלויבעניש פון דעם פּרעזידענט, אַ פאַקט איז אָבער, אַז לייזער האָט זיך נאָך אַ מאָל געווענדט צום פּרעזידענט.

אין דער צווייטער בקשה צום שטאָט־פּרעזידענט בעט ער אַ קאָנסענס אויף פּאַכטן דעם בית־עולם אין פּראַגע, וואָס פריער האָט אים געהאַלטן אין פּאַכט דער באַקאַנטער שמואל זביטקעווער. ביי דער געלעגנהייט דערוויסן מיר זיך וועגן אַן אינטערעסאַנטן פּרט, אַז דער פּראָיעקט וועגן אַ יידישן בית־עולם האָט גאָר געשטאַמט פון לייזערן, מער נישט — שמואל זביטקעווער האָט אים דעם פּראָיעקט אַרויסגעכאַפּט.

אַז מען רעדט שוין וועגן דעם אַלטן מסור לייזער, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז לייזער האָט זיך משתדל געווען ביי דעם שטאָט־פּרעזידענט וועגן באַפרייען דעם מלמד פון זיינע קינדער פון מיליטער־דינסט אין בערעקס פּאָלק. זאַקרזשעווסקי האָט דערויף געענטפערט זייער וויציק, אָבער נעגאַטיוו: „ביי די יידישע נביאים שטייט געשריבן, אַז דער דאָזיקער גרויסער מלמד דאַרף דערהרגענען דעם שונאס פירער. זאָל ער דעריבער גיין צום מיליטער”.

לייזער, וועלכער האָט געהערט צו דעם טיפּ מוסרים, קרובי־למלכות און ענלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך ביי יעדער מלוכה־אָרדענונג און אין יעדן לאַנד געפונען, — איז גרייט געווען פאַר אַ טאָפּ לינדזן צו פאַרקויפן דעם גאַנצן יידישן כּלל. הן אין דער ערשטער בקשה, הן אין דער צווייטער, גיט ער אָנצוהערן, אַז ער האָט עפּעס אַ געהיימען ענין צום שטאָט־פּרעזידענט. אין דער צווייטער בקשה שרייבט ער אָפן, אַז די מלוכה קאָן דערפון האָבן טויזנטער גילדן הכנסה. מסתמא איז דאָס געווען איינער פון די שטייער־פּראָיעקטן, וואָס אין דעם איז אַזוי רייך געווען דער אומדערמידלעכער פּראָיעקטן־מאַכער און, ווייזט אויס, פּראָפעסיאָנעלער מסור לייזער.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך באַקענט מיט לייזערס הינטערקוליסן־ראָל, גייען מיר איבער צו קריגערן. קודם־כּל דאַרף מען זיך פאַרטראַכטן, פאַר וואָס ער

לעק־יוריסדיקציע באַפוילן גענוי אַדורכצושטודירן די פּריווילעגיע אויף אַ יידישער דרוקעריי, וואָס די־פור האָט געהאַט באַקומען און שפּעטער געהאַט אָפּגעטרעטן קריגערן.

דער אומדערמידלעכער לייזער האָט זיך אָבער, אויך נאָך דעם דורכפאַל אין יאָר 1793, נישט אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק צו גרינדן אַ יידישע דרוקעריי. בעת עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון קאָשציושקאָ, שווימט לייזער ווידער אַרויף. ער טרעט אייניקע מאָל אַרויס אַלס שתדלן פון דער יידישער באַפעלקערונג, טיילמאָל אפילו מיט מאָדנע, גאָר קאָמישע תביעות. אַזוי, למשל, ווענדט ער זיך צו דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, מען זאָל באַווייבטע יידן נישט נעמען צום מיליטער, ווייל „ווען זיי וואָלטן געפאַלן אין דער מלחמה, וואָלטן זייערע פרויען נישט געקאָנט חתונה האָבן...”. זייער וויציק האָט דערויף געענטפערט דער וואַרשעווער פּרעזידענט זאַקרזשעווסקי: „זיי קאָנען זיך גטן, איבעריקנס מוזן זיי נישט פאַלן !...”

אָט יענע ברויזנדיקע צייט פון אויפשטאַנד האָט לייזער אויסגענוצט פאַר באַנייען זיינע אַלט־נייע פּראָיעקטן וועגן דער יידישער דרוקעריי. נאָך מער, לייזער חלומט אויך וועגן אַ יידישער צייטונג. (דאָס איז אַלזאָ דער ערשטער פּראָיעקט פון אַ יידישער צייטונג !). די מאַכט איז דעם ווונטש זיינעם אַנטקעגנגעקומען און אין 2 חדשים אַרום נאָכן אויסברוך פון דעם אויפשטאַנד אַרויסגעגעבן אַזאַ מין דערלויבעניש צו דרוקן יידישע לוחות און צייטונגען.

איך רעכן, אַז די לייכטקייט מיט וועלכער קריגער האָט באַקומען די דערלויבעניש, דערקלערט זיך אפשר דערמיט, וואָס לייזער האָט אין זיין פּראָיעקטירטער צייטונג געוואָלט ווירקן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, זי זאָל זיך אַקטיוו באַטייליקן אין אויפשטאַנד. אַזאַ מין השערה איז קרוב לאמת, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גאַנצער איינשטעלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט, צו געווינען די פאַרשידענע פעלקער, בתוכם — די יידן, פאַר דער רעוואָלוציע, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס עס זענען דעמאָלט אַרויס אויפרופן פון דער מאַכט אין רוסיש, דייטש א״אַ.

אַז דער פאַקט, וואָס לייזער האָט באַקומען אַ פּאַטענט אויף אַרויסצוגעבן צייטונגען, שטייט אפשר אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס אין די צייטן פון קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד האָט מען זיך געפלייסט צו געווינען די יידישע באַפעלקערונג פאַרן אויפשטאַנד, — ווייזט אויך די אָפּגעדרוקטע רעדע פון דעם ווילנער ד״ר פּאָלאָנוס. (זע פּ. קאָן — „אַ יידישע שטים צום אויפשטאַנד 1794 אין ווילנע”, ווילנע 1933, באַזונדערער אָפּדרוק פון ייוואָ־בלעטער 1932־1933).

האָט די דאָזיקע דרוקעריי געעפנט דווקא אין נייהאָף און נישט אין וואַרשע גופא. די סיבה איז זיך נישט שווער משער צו זיין: ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, האָבן יידן זיך נישט געטאָרט באַזעצן אין וואַרשע, זיי האָבן דאָרט נישט געטאָרט האָבן קיין הייזער וכדומה, און קריעגער האָט דאָך געמוזט אָנקומען צו יידישע קאָרעקטאָרן, זעצערס אאז״וו, וועלכע וואָלטן אָנגעטראָפן אויף וווינונגס־שוועריקייטן אין וואַרשע.

נישט קיין קליינע באַדייטונג האָט אויך געהאַט דאָס, וואָס נייהאָף האָט זיך גראַד דעמאָלט געפונען אין דער סטאַדיע פון כסדרדיקער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. דער אייגנטימער פון נייהאָף, פירשט סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, האָט זיך מיט אַלע כוחות געפליסט צו אַנטוויקלען זיין יישוב. ער האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ געוואַנט־פאַבריק, אַן אַנשטאַלט צו בויען וואַסער־שיפלעך, און צום סוף, אין יאָר 1782, אַרויסבאַקומען אַ פּריווילעגיע, וועלכע פאַרוואַנדלט דעם דאָרף אין אַ שטאָט. נישט קיין חידוש דעריבער, וואָס קריעגער האָט אויסגעקליבן נייהאָף פאַר זיין נייער דרוקעריי.

אַכט חדשים נאָכן באַקומען פון די־פּורן די פּריווילעגיע, ווענדט זיך קריעגער מיט אַ מעמאָראַנדום צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע (פינאַנץ־מיניסטעריום) און דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון זיין דרוקעריי. דאָרט גיט ער אויך איבער, וואָס מיר האָבן שוין געלייענט אין דער פּוילישער „וואַרשעווער צייטונג״, אַז זיין דרוקעריי האָט דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו דרוקן יידישע ספרים און אַז „ווי נאָר זיין דרוקעריי וועט זיין ביכולת צו באַפרידיקן די ספרים־הצטרכותן פון די יידן, וואָס וווינען אין לאַנד, זאָל קיינער זיך נישט דערוועגן צו ברענגען ספרים פון אויסלאַנד, אונטער דער שטראָף פון קאָנפיסקאַציע און פון 2,000 רויטע גילדן״.

ס׳איז נישט שווער זיך אָנצושטויסן, פאַר וואָס קריעגער האָט געוואָלט אַריינגעמען אין זיינע הענט די אַרענדע פון ספרים־שטעמפּל. קריעגער האָט געהאַט צַרום זיך אַ גאַנצע גרופּע מיטהעלפער, און ער האָט גוט געוווּסט אַלע גענג און געגנלעך, ווי אַזוי אָפּצונאַרן די קאָמיסיע און נישט שטעמפּלען ספרים. דעריבער איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט קאָנען מערער האָבן דערפון, איידער אין דעם לעצטן יאָר.

פון דער צווייטער זייט, האָט די אַרענדע פון יידישן ספרים־שטעמפּל געגעבן אים די פולע השגחה און ממשלה איבערן יידישן ספרים־מאַרק, און צו דעם טאַקע האָט קריעגער געשטרעבט, און אפשר אויך — דער הינטער אים באַהאַלטענער לייזער פון קראָטאָשין, ביי וועמען דער געדאַנק פון אַרענדע איז געבוירן געוואָרן נאָך אין יאָר 1775.

די קאָמיסיע האָט קריעגערן, אויף זיין מעמאָראַנדום, געענטפערט מיט אַן אָפּזאָג. פונקט ווי פריער, האָט זי אויך ווייטער אַליין געשאַפט איבערן ספרים־שטעמפּל.

קריעגער, ווי אַן אונטערנעמער מיט אַ ברייטן שוווּנג, האָט דורך דער אַרענדע פון ספרים־שטעמפּל געוואָלט אַריינעמען אין זיינע הענט די גאַנצע ספרים־פּראָדוקציע אין לאַנד. האָט זיך עס אים נישט איינגעגעבן אויף דעם וועג, זוכט ער אַנדערע דרכים. ער קויפט אָפּ די קאָרעצער דרוקעריי אין וואָלין, פון די שותפים ר׳ צבי הירש ב״ר אריה לייב און זיין איידעם שמואל ב״ר ישכר בער סג״ל, וועלכע האָט עקזיסטירט פון יאָר 1776.

די צייט, ווען די קאָרעצער דרוקעריי, וואָס האָט באַשעפטיקט זיבן אַרבעטער, אין יאָר 1786, האָט זיך געפונען אין קריעגערס באַזיץ (1781—1787), פאַררעכנט א. טויבער, דער מחבר פון אַן אויספירלעכער אָפּהאַנדלונג וועגן דער קאָרעצער דרוקעריי, פאַר דעם גלאַנץ־פעריאָד פון קאָרעץ. „דאָס רוב ספרים פון דער קאָרעצער דרוקעריי (בס״ה 20) איז געדרוקט געוואָרן אין דער דאָזיקער תקופה, ווייל דער האַר קריעגער האָט זיך דאָ, ווי אין נייהאָף, געפירט מיט אַ ברייטער האַנט״.

די גרויסע אונטערנעמערישקייט קריעגערס איז קענטיק פון אַן אַנדערן גראַנדיעזן פּראָיעקט, מיט וועלכן ער ווענדט זיך צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע אין יאָר 1782. קריעגער טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק אַרויסצוגעבן דעם תלמוד. כדי אויסצופירן אַזאַ גרויסע זאַך, איז נייטיק „די הסכמה פון די עלטסטע און ערשטע רבנים אין לאַנד״. ער בעט דעריבער די פינאַנץ־קאָמיסיע, זי זאָל אַרויסגעבן צו אַלע רבנים און אלופים אַ פאַראָרדענונג (אַן אוניווערסאַל), וואָס לייגט אויף זיי אַרויף דעם צוואַנג צו קויפן דעם תלמוד ביי אים, און אַז קיין איינער פון זיי זאָל אים נישט שטערן אין זיין אַרבעט, נאָר פאַרקערט, זיי זאָלן אים העלפן אין דער גרויסער אונטערנעמונג, וואָס דאַרף אים קאָסטן פון צען ביז צוואַנציק טויזנט רויטע גילדן.

וועט די קאָמיסיע אַנטקעגנקומען זיין בקשה, וועלן די דאָזיקע געלטער פאַרבלייבן און נישט אַרויסגיין קיין אויסלאַנד.

דאָס אַרויסגעבן דעם תלמוד איז תמיד געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, און האָט תמיד, בפרט אין פוילן, געפּאַדערט אַ גרויסע אָנשטרענגונג. בסך־הכל האָט מען ביזן 19טן י״ה אין פוילן פיר מאָל אַרויסגעגעבן דעם תלמוד. צום ערשטן מאָל אין לובלין, אין 1559, דאָס צווייטע מאָל אין קראָקע, אין יאָר 1602, דאָס דריטע מאָל אויך אין קראָקע, אין די יאָרן 1612—1620, און דאָס פערטע מאָל אין לובלין, אין די יאָרן 1617—1628. יעדעס מאָל פלעגן די גדולי־הדור אַרויסגעבן הסכמות און באַשיצן דעם דרוקער פאַר דער אויסלענדישער קאָנקורענץ. אין דער הסכמה צו דער לובלינער אויסגאַבע פון יאָר 1559 ווערט בפירוש געזאָגט: „ותקנו תקנה חזקה בחתימת ידיהם שילמדו בכל ישיבה בשלש מדינות הנ״ל מס׳ אחר מס׳...״ דאָס מיינט, אַז מען האָט זיך נישט געטאָרט באַנוצן מיט קיין אַנדערער אויסגאַבע ווי נאָר מיט דער לובלינער. אין די ישיבות האָט מען געמוזט לערנען די מסכתות און דעם סדר ווי זיי זענען געדרוקט געוואָרן אין לובלין. דער אַרויסגעבער, האָבנדיק די זיכערקייט, אַז נאָר זיינע מסכתות וועט מען באַנוצן אין די ישיבות פון פוילן, האָט שוין נישט מורא געהאַט פאַר דער אויסלענדישער קאָנקורענץ.

אין 18טן י״ה געפינט זיך דאָס יידישע דרוקוועזן אין פוילן אין אַזאַ טרויעריקן מצב, אַז קיין איינער פון די אַרויסגעבער חלומט נישט וועגן אַזאַ גראַנדיעזער אונטערנעמונג ווי אַרויסגעבן דעם תלמוד. אָקעגן־זשע טרעפן מיר די אונטערשריפטן פון די באַרימטע פוילישע רבנים און פון די מנהיגים פון וועד אויף אויסלענדישע אויסגאַבעס פון תלמוד.

די אויסלענדישע דרוקערייען יאָגן זיך נאָך הסכמות פון פוילישע רבנים, ווייל דאָס פאַרזיכערט זיי דעם מאָנאָפּאָל אויפן פאַרקויף אין דער פוילישער מדינה אויף אַ משך צייט וואָס איז אָנגעוויזן אין דער הסכמה.

ווי ווייט די אויסלענדישע דרוקערייען האָבן פאַרנומען דעם פוילישן ספרים־מאַרק, קאָן מען זען פון דעם אין 18טן י״ה באַרימטן סיכסוך צווישן די **דרוקערייען פון זולצבאַך און אַמסטערדאַם**, וועגן דעם, צי האָט זולצבאַך געהאַט רעכט אַרויסצוגעבן דעם תלמוד דעמאָלט, ווען אַמסטערדאַם האָט שוין געהאַלטן אין מיטן דרוקן און האָט שוין פון פריער באַקומען פון פוילישן וועד אַ הסכמה און דעם מאָנאָפּאָל אויפן פוילישן מאַרק. דאָס וואָס ביידע צדדים, דער אַמסטערדאַמער דרוקער פּראָפּס און דער זולצבאַכער זלמן פרענקעל, ווענדן זיך צום פוילישן וועד, ער זאָל אַרויסטראָגן זיין פסק־דין אין דעם סיכסוך, ווייזט באַשיידלעך אויף דער באַדייטונג פון דעם פוילישן ספרים־מאַרק (בפרט בנוגע דעם תלמוד) פאַר די אויסלענדישע דרוקערייען.

קריעגערס פּראָיעקט אַרויסצוגעבן דעם תלמוד נאָך אַ 150 יאָריקער הפסקה, האָט געזאָלט פוילן אומאָפּהענגיק מאַכן פון די אויסלענדישע דרוקערייען. וואָסער הילף קריעגער האָט פאַרלאַנגט פון דער קאָמיסיע, איז פון דעם מעמאָראַנדום שווער צו וויסן, ווייל וואָס הייסט „די קאָמיסיע זאָל אַרויסגעבן אַן אוניווערסאַל, אַז די רבנים און אלופים זענען געצוווּנגען צו קויפן זיין תלמוד״?

מען דאַרף זיך משער זיין, אַז געמיינט האָט ער די פּאַרפרענומעראַטור פון תלמוד. יעדנפאַלס, אַזוי זאָגט דער ענטפער פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע אויפן מעמאָראַנדום. אין דעם אוניווערסאַל צו די סופּערינטענדענטן ווייזט אָן די קאָמיסיע אויף קריעגערס פאַרדינסטן פאַר דער לאַנד־פּראָדוקציע, אַז צוליב אים בלייבט דאָס געלט פאַר ספרים אין לאַנד. די קאָמיסיע בעט אירע באַאַמטע, זיי זאָלן „דורך איידלסטע מיטלען משפּיע זיין אויף די קהילות, אַז זיי זאָלן פאַרויספרענומערירן דעם תלמוד, וואָס אָן אים קען קיין שום יידישע משפּחה זיך נישט באַגיין״, וואָרעם אַזאַ טייערע אויסגאַבע איז אוממעגלעך אַדורכצופירן אָן אַ פּרענומעראַטור.

קריעגער, פון זיין זייט, איז אַלעמען מבטיח, אַז דער פּרייז וועט נישט זיין קיין העכערער ווי אין אויסלאַנד און אפשר אַ נידעריקערער. די קאָמיסיע בעט נאָך אַ מאָל אירע באַאַמטע אונטערצושטיצן קריעגערס פּראָיעקט „און אָנוואָרעמען און אַריינגעבן חשק די קהילות״ צו דער פּרענומעראַטור, בפרט נאָך, אַז קריעגער זאָגט צו, צו זיין גוט און פרום און באַנוצן זיך מיט לויטער געשטעמפּלטע ספרים.

דער פּלאַן אַרויסצוגעבן דעם תלמוד האָט זיך נישט איינגעגעבן. פאַר וואָס — איז שווער צו דערגיין. קען זיין, אַז אויסלענדישע דרוקן האָבן צוליב זייער לאַנגער טראַדיציע, בקיאות און מאַסן־פּראָדוקציע

דאָך געקאָנט ליווערן דעם תלמוד אויף בעסערע באַדינגונגען איידער קריעגער.

ס׳קען אויך געמאָלט זיין, אַז די ייִדן האָבן נאָך נישט געהאַט דעם געהעריקן צוטרוי צו דעם פרישן פאַרלעגער און נישט געוואָלט סובסקריבירן דעם תלמוד. אפשר האָט קריעגער געהאַט צו ווייניק געלט אויף אַרויסצוגעבן דעם תלמוד און צו גרויסע האָפענונגען פאַרבונדן מיט דער סובסקריפּציע. נאָך דעם אָבער ווי די סובסקריפּציע האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָט ער צוליב מאַנגל אין געלט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיין אינטערעסאַנטן פּראָיעקט.

אַזוי, צי אַזוי — דעם תלמוד האָט קריעגער דעמאָלט בלויז טיילווייז אַרויסגעגעבן.

דער אייביק־אומרויִקער קריעגער האָט אָבער אויך נישט גערוט אין דער צייט צווישן אָנגעבן דעם מעמאָראַנדום וועגן תלמוד און צווישן דער תשובה, ד״ה פון 18טן סעפּטעמבער ביזן 31סטן יולי. אין אַ נייעם מעמאָראַנדום, דאַטירט דעם 28סטן אָקטאָבער 1782, האָט ער נייע פּראָיעקטן מיט נייע בקשות.

ער קלאָגט זיך, אַז ער לייזט צו ווייניק פאַר זיינע ספרים, און כדי מערער צו לייזן, בעט ער די קאָמיסיע אַוועקצושטעלן אים אין בעסערע באַדינגונגען איידער די אויסלענדער. ד״ה, באַפרייען אים פון ספרים־שטעמפּל; אַ דאַנק דעם וועט ער דורך זיינע מאַגאַזינען ביי די גרענעצן, נישט בלויז פאַרקויפן אַ סך ספרים אין לאַנד, נאָר אין אויסלאַנד אויך.

קריעגער ווייסט גוט פונעם פּרינציפּ, אַז מען טאָר נישט פאָרלייגן אָפּצושאַפן אַ שטייער, כּל־זמן מען האָט נישט אויסגעפונען אַ נייע הכנסה במקום יענעם שטייער. דעריבער לייגט ער פאָר דער קאָמיסיע איינצופירן אַ קאַלענדאַר־צוואַנג פאַר חתונה־געהאַטע ייִדן, און ער איז מבטיח די קאָמיסיע, אַז דאָס וועט צען מאָל אַזוי פיל אַריינברענגען איידער דער ספרים־שטעמפּל, וואָס ביי אים באַגייען די ייִדן ריזיקע מיסברויכן. דערויף האָט יאָהאַן אַנטאָן קריעגער, פאַרשטייט זיך, ווידער אַן עצה: אַז דער ספרים־פאַרקויף זאָל ווערן מאָנאָפּאָליזירט און קאָנצעסיאָנירט. דעם מאָנאָפּאָל זאָל באַקומען — פאַרשטייט זיך — דער בעל־דבר אַליין, קריעגער. ער זאָל האָבן דעם הויפּט־פאַרקויף, ביי אים זאָלן זיך קאָנצענטרירן אַלע ספרים. ערשט ביי אים זאָלן ייִדן — דעטאַליסטן קויפן די ספרים, אָבער נישט אַלע פון זיי זאָלן האָבן דאָס רעכט צו האַנדלען מיט ספרים. יעדער מוכר־ספרימניק זאָל אַרויסבאַקומען פון דער מלוכה אַ קאָנצעסיע און געבן אַ געהעריקע גאַראַנטיע. די דאָזיקע מוכר־ספרימניקעס זאָלן נאָך דערצו מחויב זיין צו קויפן ביי אים, דעם מאָנאָפּאָליסט, אַ באַשטימטן סכום ספרים.

אין קריעגערס עגאָצענטרישע פּראָיעקטן שטעקט געוויס אַ געזונט קערנדל. דער ספרים־האַנדל האָט זיך באמת גענייטיקט אין אַ שטיקל רעגולירונג, אָבער נישט אין אַזאַ ביוראָקראַטישער, ווי קריעגער לייגט דאָס פאָר. קריעגערס רעאַליזירטע פּראָיעקטן וואָלטן דעם ספרים־האַנדל שטאַרק טאָמאַזירט און אפשר אפילו אָפּגעשטעלט. אַ תוהו־ובוהו וואָלטן די דאָזיקע פּראָיעקטן זיכער אַרויסגערופן.

הגם די מאַכט האָט קריעגערס פּראָיעקטן נישט אַקצעפּטירט, ווערט ער אָבער נישט מיד פון ווענדן זיך מיט נייע. אין 1788 שיקט ער ווידער אַריין אַ גלות־לאַנגן מעמאָראַנדום. ער קלאָגט זיך, אַז די באַאַמטע היטן נישט אָפּ די פאַראָרדענונג פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע און לאָזן אַדורך נישט געשטעמפּלטע ספרים. „ווי קאָן איך — שרייבט ער — ביי אַזאַ מצב האָבן אַן אָפּזאַץ אויף מיינע ספרים?״

אַזוי ווי סיי ער, סיי די קאָמיסיע זענען פאַראינטערעסירט אין אָפּהיטן די געזעצן, לייגט ער פאָר, די קאָמיסיע זאָל אים איבערגעבן די השגחה איבערן ספרים־שטעמפּל, ער זאָל אויף יעדן שריט־און־טריט האָבן רעכט אַדורכצופירן רעוויזיעס און זוכן נישט־געשטעמפּלטע ספרים. מיט איין וואָרט — צו דערשטיקן זיינע קאָנקורענטן. קריעגער חזרט דאָ איבער דעם אייגענעם פּראָיעקט, וואָס אין אָנהייב פון זיין פאַרלעגערישער קאַריערע, מיט דעם חילוק, וואָס דעמאָלט האָט עס געהייסן: אַרענדע פון ספרים־שטעמפּל, איצט האָט עס געקריגן דעם נאָמען: השגחה איבערן שטעמפּל.

פאַר זיין טירחה ביי די רעוויזיעס וויל ער נישט קיין אַנטשעדיקונג, מער נישט, — די קאָמיסיע זאָל זיינע קליינע ספרימלעך באַפרייען פון שטעמפּל־אָפּצאָל, בפרט, אַז דער אָפּצאָל איז נישט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם פּרייז.

אין דעם ווייטערדיקן טייל אַנטוויקלט קריעגער אַ ריכטיקן געדאַנק, אַז די מלוכה זאָל העכערן דעם פּרייז פון שטעמפּל־אָפּצאָל פאַר אויסלענדישע ספרים אויף אַ האַלבן גילדן אָדער אַ גילדן, אָפּהענגיק פון דער גרייס. בכלל ווייזט ער ריכטיק אָן, אַז די פּוילישע

ספרים האָבן אַן אָפּזאַץ־געביט נאָר אין ליטע; פּרייסן און עסטרייך זענען פאַר די פּוילישע מוכר־ספרימ־ניקעס אין גאַנצן פאַרמאַכט. די אויסלענדישע בוכ־הענדלער, ווידער, האָבן אַ ברייטן אָפּזאַץ־מאַרק אין אויסלאַנד און דערצו זענען זיי בנוגע אָפּצאָלן גלייך מיט די אינלענדישע.

דעם לעצטן פּראָיעקט וואָלט אפשר געווען אָנצונעמען, איז ער אָבער ווידער עגאָצענטריש. פאַר וואָס זאָל דאָס זעלבע נישט חל זיין אויף די איבעריקע יידישע דרוקערייען אין פּוילן? פאַר וואָס זאָל בלויז קריגער געניסן פון דער הנחה אויף אינלענדישע ספרים?

אויף דעם באַריכותדיקן מעמאָראַנדום האָט די קאָמיסיע געענטפערט פּרטימדיק: וואָס שייך די פאַקטן פון פאַרקויפן נישט געשטעמפּלטע ספרים, וועט די קאָמיסיע די אַלע געבראַכטע פאַקטן אויס־פאָרשן און די שולדיקע באַשטראָפן. די קאָמיסיע איז נישט מסכים אויף זיין השגחה איבער דעם שטעמפּל, מחמת די באַאַמטע זענען געשווירענע און ס'בלייבט דעריבער זייער השגחה. וואָס שייך אָפּשאַפן דעם שטעמפּל פון ספרימלעך, קאָן זי עס אַליין, אָן דעם סיים, נישט דורכפירן, מחמת אָנגענומען דאָס געזעץ וועגן ספרים־שטעמפּל האָט דער סיים. זי קאָן אויך נישט העכערן דעם אָפּצאָל פאַר אויסלענדישע ספרים. פאַר קריגערן האָט די קאָמיסיע איין ריכ־טיקע עצה: זאָל ער פאַרקויפן ביליקער פאַר די אויסלענדישע סוחרים, אָדער פאַר דעם זעלבן פּרייז, וואָס זיי, און דער אָפּזאַץ פון ספרים וועט זיך פאַר־גרעסערן. מיט איין וואָרט, נישט ביוראָקראַטישע מיטלען, וואָס קומען פון דרויסן, נאָר דער געזונטער סוחרישער פּרינציפּ פון ביליקער מאַכן די סחורה דאַרף זיין דער לייט־פאַדעם פון קריגערס סוחרישער טעטיקייט.

קריגער ווערט אָבער ווייטער נישט מיד צו פאַרשיטן די קאָמיסיע מיט מעמאָראַנדומס. אין יאָר 1792 בעט ער נאָך אַ מאָל צו באַפרייען זיינע קליינע ספרימלעך פון שטעמפּל־אָפּצאָל און ווידער באַקומט ער אַ נעגאַטיווע תשובה.

אין יאָר 1791 קומט פאָר אַן ענדערונג אין קריגערס מצב. ער, ווּאָס פלעגט פריער — ווי מיר האָבן דאָס געזען ארומגערעדט אויף אַן אַנדער אָרט — זיין דער צדיק און כאילו אָפּט אַרויסטרעטן אַלס אָנקלאָגער קעגן אַנדערע מוכר־ספרימניקעס, וואָס


ספר
שבילי אמונה
תחת
אין דער פּריווילעגירטע דרוקערי פון יאהן אנטאן קריגר
נדפס פה עיר נאווי דוואהר
Gedruckt in Neuhof bey Warfchau, in der Königlichen und der Republique privilegir-ten Druckerey Jüdifcher Bücher von Johann Anthon Krüger.

זענען עובר דעם געזעץ, ווערט אָבער אין יאָר 1791 אָנגעקלאָגט דורך פאַרשידענע מענטשן אין אַזעלכע עבירות, ווי פאַרקויפן אין די טויזנטער נישט־געשטעמפּלטע ספרים און צונויפקלעפּן עטלעכע ספרים אין איינעם און אַרויפלייגן זיין שטעמפּל, וכדומה.

די דאָזיקע ענדערונגען אין קריגערס האַנדלונג קען מען אפשר דערקלערן דערמיט, וואָס זעענדיק, אַז אַלע זיינע מעמאָראַנדומס האָבן נישט קיין פּעולה, האָט ער אָנגעהויבן, גלייך ווי אַנדערע, גיין אויף קרומע וועגן. און אפשר איז לייזער פון קראָטאָשין געווען, אַז קריגער האָט תמיד אָפּגענאַרט די שאַצקאַמער, נאָר אין די לעצטע יאָרן האָט מען פון אַלע זייטן געוואוסט אים מסרן און דעמאָלט זענען אויפגעדעקט געוואָרן זיינע שווינדלערייען, וואָס גייען אויף טויזנטער ספרים.

לאָמיר אָבער איבערגיין פון דער ספערע פון מעמאָראַנדום צו דער ווירקלעכקייט. און דאָ וועלן מיר נאָך מער נשתומם, ווי ביים לייענען קריגערס דרייסטע, ווייטגייענדיקע פּראָיעקטן, וואָס זענען אַן

אויסדרוק פון קריעגערס לעבנס־חלום: באַהערשן דעם יידישן ספרים־מאַרק אין פוילן. אונדזער באַוווּנדערונג פאַר קריעגערן, דעם וואַרשעווער גוואַנט־סוחר, ווערט נאָך גרעסער, ווען מיר גייען צו צו **דער וועלט פון ציפערן**. שוין פון אויבנאויף קען דרייסט געזאָגט ווערן, אַז קריעגער איז באמת נישט ווייט געווען פון זיין לעבנס־אידעאַל. די ספרים־פּראָדוקציע אין פוילן האָט זיך באמת אין אַ גרויסער מאָס קאָנצענטרירט אין זיינע הענט. קריעגער איז געווען דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער פּראָדוקציע פון יידישע ספרים אין פוילן.

**די נייהאָפער (נאָווי־דוואָרער) ספרים־פּראָדוקציע צאַל געשטעמפּלטע ספרים**

| יאָר | אין דער נייהאָפער צאַל־קאַמער | אין דער וואַרשעווער יבשה־קאַמער דורך קריעגער | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| 1781 | — | 781 | 781 |
| 1782 | — | 1.729 | 1.729 |
| 1783 | 423 | 1.557 | 1.980 |
| 1784 | — | 1.892 | 1.892 |
| 1785 | 505 | 3.821 | 4.326 |
| 1786 | 866 | 2.743 | 3.609 |
| 1787 | 2.126 | 2.619 | 4.745 |
| 1788 | 4.754 | 626 | 5.380 |
| 1789 | 5.247 | 3.076 | 8.323 |
| 1790 | 4.699 | 241 | 4.940 |
| 1791 | 3.444 | 175 | 3.619 |
| 1792 | 9.693 | — | 9.693 |
| 1793 | 4.788 | — | 4.788 |
| 1794 | 759 | — | 759 |
| 1795 | 785 | — | 785 |
| צוזאַמען | 38.089 | 19.260 | 57.369 |

פון דער טאַבעלע זעען מיר, אַז די נייהאָפער דרוקעריי האָט צווישן 1783—1795 אָפּגעשטעמפּלט 38.089 ספרים אין דער נייהאָפער צאַלקאַמער. פאַרן יאָר 1783 איז אין נייהאָף זיכער נישט געווען קיין קאַמער, ווייל ערשט אין יאָר 1782 האָט נייהאָף באַקומען די גרינדונגס־פּריווילעגיע פון אַ שטאָט. פונעם ערשטן טאָג, זינט די דרוקעריי איז אויפגעשטעלט געוואָרן, האָט קריעגער גלייכצייטיק געשטעמפּלט זיינע ספרים אין דער וואַרשעווער יבשה־קאַמער. פאַר וואָס ער האָט אַ טייל ספרים געשטעמפּלט אין נייהאָף און אַ טייל אין וואַרשע, ווייס איך נישט. מסתמא מוז דאָס שטיין אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ריכטונג, אין וועלכער עס זענען געגאַנגען די ספרים. יעדנפאַלס האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז דאָס זענען נישט די זעלבע ספרים.

דער סך־הכל פון קריעגערס דרוקערישער טעטיקייט איז אַן אימפּאַזאַנטער: קנאַפּע 58.000 ספרים זענען אין משך פון 15 יאָר אָפּגעדרוקט געוואָרן אין זיינע פרעסן. אויב מיר ווילן נאָך צורעכענען די 4.341 ספרים און לוחות, וואָס ער האָט נישט געשטעמפּלט; פאַר וועלכע ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט אַריין, אַן ערך 1.000 ספרים, וואָס מען האָט געפונען נישט־געשטעמפּלטע אין יאָר 1792, — האָבן מיר 62.690 ספרים.

לייזער פון קראָטאָשין, וועלכער איז נאָענט געווען צו דער אַרבעט, שאַצט אָפּ קריעגערס שווינדלען אויף עטלעכע צענדליק טויזנט גילדן. אויב מיר ווילן אָננעמען, אַז לכל הפחות אַ דריטל ספרים האָט זיך קריעגערן, צו וועמען מען האָט זיך דאָך באַצויגן מיט אַ גרעסערן צוטרוי און אַכטונג ווי צו יידישע מוכר־ספרימניקעס, איינגעגעבן צו פאַרקויפן נישט געשטעמפּלטערהייט, וועט בס"ה זיך אַרויסווייזן, אַז קריעגערס ספרים־פּראָדוקציע האָט לכל הפחות אָנגעטראָפן אַ 100.000 ספרים. ד"ה, אַז דורכשניטלעך האָט ער געדרוקט 6.600 ספרים אַ יאָר.

פון דער טאַבעלע 1 זעען מיר, אַז דער וווּקס פון דער ספרים־פּראָדוקציע איז לכתחילה אַ פּאַמעלעכער. אין דעם ערשטן יאָר, דעם גרינדונגס־יאָר, באַטרעפט די פּראָדוקציע 781 ספרים. אין די יאָרן 1782, 1783 און 1784 פאַרדאָפּלט זיך די פּראָדוקציע. אין יאָר 1785 קומט פאַר אַ פּלוצעמדיקער וווּקס אויף מער ווי 100 פּראָצענט. די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוטע: דער אוניווערסאַל פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע פון יאָר 1785 האָט פאַרשמעלערט די אימפּאָרט־מעגלעכקייטן פון אויסלענדישע ספרים, ממילא האָט געקענט פאַרקרמען אַ וווּקס פון דער אָרטיקער פּראָדוקציע. אָנגעהויבן פון יאָר 1787 וואַקסט ווידער די ספרים־פּראָדוקציע און דערגרייכט איר העכסטן אַנטוויקלונגס־פּונקט אין יאָר 1792 מיט קנאַפּע 10.000 ספרים. דער דאָזיקער כסדרדיקער וווּקס, פון יאָר 1787 אָן, איז ווידער אַ פּועל־יוצא פון דער נייער פאַראָרדענונג פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע, וועלכע האָט נאָך מער פאַרשמעלערט

דעם אויסלענדישן אימפּאָרט און ממילא גורם געווען דעם וווּקס פון דער אייגענער פּראָדוקציע.

די ירידה אין די יאָרן 1794—1795 איז אַ רעזולטאַט פון דעם אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון טאַדעאוש קאָשציושקאָ, וואָס בשעת דעם איז דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן אָפּגעשטעלט געוואָרן, בפרט אין דער אומגעגנט פון וואַרשע, ווו עס זענען פאָרגעקומען די גרעסטע שלאַכטן. די דריטע צעטיילונג פון פּוילן און דאָס אַריבערגיין פון אַ גרויסן טייל פון דער פּראָווינץ מאַזאָוויע (מיט נייהאָף) אין די פּרייסישע הענט, האָבן אַרויסגערופן אַ ווייטערדיקע צערודערונג אין עקאָנאָמישן לעבן.

ווייזט אויס, אַז די עיקר אַרבעט פלעגט אָפּגעטאָן ווערן אין פּראַגע, לעבן וואַרשע. אָנגעהויבן פון יאָר 1784 ביז 1793 טרעפן מיר אין פּראַגע כסדר גרופּעס יידן פון נייהאָף (נאָווי־דוואָר). פאַר אַ סיבה פון זייער אָנקום קיין פּראַגע גיבן זיי אָן אין דער מאַרשאַלעק־יוריסדיקציע, ווו זיי באַקומען אַרויס אויפהאַלט־בילעטן, די פאַרשידענע עסקים מיט קריעגערן. אַנדערע ווידער קומען קיין פּראַגע מיט נייהאָפער ספרים צום פאַרקויפן.

ס׳איז נישט שווער צו פאַרשטיין, פאַר וואָס די נייהאָפער יידישע מוכר־ספרימניקעס שטעלן זיך אָפּ אין פּראַגע און נישט אין וואַרשע. פּראַגע האָט זיך שטענדיק מילדער באַצויגן צו יידן ווי וואַרשע. אין פּראַגע האָבן געהאַט די הויפּט־דעה די פּריצים, די אייגנטימער פון הויפן, ווו יידן האָבן געוווינט און אַריינגעטראָגן זיי שיינע הכנסות פאַר דירה־געלט. פּראַגע איז תמיד געווען אַ מקום־מקלט פאַר די וואַרשעווער יידן. פּראַגע פלעגט זיך טיילמאָל גאַנץ אָפּן אָקעגנשטעלן די פאַראָרדענונגען פון דער מאַכט צו פאַרטרייבן פון דאָרט די יידן.

די ספרים פון דער נייהאָפער דרוקעריי האָבן געהאַט אַן אָפּזאַץ טיילווייז אין די קרוינלענדער און טיילווייז אין ליטע. ווייזט אויס, אַז אין נייהאָף גופא האָבן אַ סך יידן דערפון געהאַט פּרנסה. אין די שטעמפּל־רשימות פיגורירן צענדליקער יידן, וואָס שטעמפּלען אָפּ צענדליקער, אַ מאָל הונדערטער און טיילמאָל אַפילו טויזנטער ספרים מיט אַ מאָל.

קריעגער, וואָס האָט געאַרבעט מיט פיר דרוקפּרעסן, האָט אַרום זיך געהאַט אַ גאַנצן שטאַב, דאָס רוב יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי אים ווי זעצערס, דרוקערס און דער עיקר ווי פאַרשפּרייטערס פון זיינע ספרים אין די קרוינלענדער און אין ליטע. בערעק הערשקאָוויטש גיט אָן אין זיין מעמאָראַנדום צו דער פינאַנץ־קאָמיסיע, אַז איבער 100 פּערזאָן אַרבעטן ביים פאַרשפּרייטן קריעגערס ספרים אין ליטע. די דאָזיקע ציפער ווייזט אויס צו זיין נישט קיין גוזמא. אין די שטעמפּל־רשימות באַגעגענען מיר אַחוץ דעם זייער אַ סך יידן פון די קרוינלענדער, וואָס שטעמפּלען אין דער נייהאָפער קאַמער די אָקאָרשט געקויפטע ספרים. די איבערוועגנדיקע מערהייט בילדן אָבער די נייהאָפער יידן מיטן גרעסטן מוכר־ספרימניק ברוך (בערעק) הערשקאָוויטש בראש.

בכלל איז נייהאָף ביז צום יאָר 1782 אַ דאָרף, ווו ס׳האָבן זיך העכסטנס געפונען אַ פּאָר אַרענדאַרן — אַ דאַנק דער דרוקעריי געוואָרן אַ יידישער יישוב. קודם־כל האָבן דאָרט געפונען פּרנסה זעצערס, דרוקערס און מוכר־ספרימניקעס. אין די שטעמפּל־רשימות האָב איך אָפּגעשאַצט 17 יידישע מוכר־ספרימניקעס אין נייהאָף. אַחוץ דעם זענען נאָך אין די רשימות פון דער נייהאָפער צאָלקאַמער אויסגערעכנט 24 יידן, וואָס ביי זיי איז נישט אָנגעגעבן זייער אָפּשטאַם־אָרט. דער שרייבער האָט מסתמא געהאַלטן, אַז ביי די נייהאָפער יידן דאַרף מען נישט אָנגעבן זייערע אָפּשטאַם־ערטער. צוזאַמען אַלזאָ זענען אַחוץ 3 זעצערס און 2 דרוקער געווען באַשעפטיקט צייטווייליק אָדער שטענדיק אַן 41 פּערזאָן.

אַחוץ יידן האָט קריעגער אין זיין דרוקעריי באַשעפטיקט אויך עטלעכע קריסטן. דער הער לאַרענס אין נייהאָף האָט אין פאַרשידענע חדשים פון יאָר 1786 אָפּגעשטעמפּלט 373 ספרים. דער הער וואַשעציוק, „דער מעקלער פון דער נייהאָפער דרוקעריי", האָט אין די יאָרן 1791—1793 אָפּגעשטעמפּלט אין פאַרשידענע חדשים בסך־הכל 675 ספרים.

דער גרעסטער פאַרשפּרייטער פון קריעגערס ספרים, דער דערמאָנטער נייהאָפער ייד ברוך (בערעק) הערשקאָוויטש, האָט אין משך פון 5 יאָר 1790—1794, אָפּגעשטעמפּלט 7.766 ספרים פון דער נייהאָפער דרוקעריי, היינו:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין יאָר | 1790 | — | 481 | ספרים |
| „ | 1792 | — | 5.522 | „ |
| „ | 1793 | — | 1.434 | „ |
| „ | 1794 | — | 329 | „ |
| צוזאַמען | | | 7.766 | ספרים |

דעם צווייטן אָרט פאַרנעמט דער בעל־מגיה, יונה בן יצחק, וועלכער האָט אין משך פון 2 יאָר אָפּגע־שטעמפּלט 1.508 ספרים. צי האָט ער מיט זיי געפירט אַ מסחר, צי זיי געשטעמפּלט פאַר דער דרוקעריי, איז נישט באַוווּסט.

דער דריטער פאַרשפּרייטער איז געווען ברוך בן יצחק איטשקאָוויטש, אויך פון נייהאָף. בלויז אין איין יאָר, 1788, האָט ער מיט אַ מאָל אָפּגעשטעמפּלט 1.491 ספרים.

קלענערע מוכר־ספרימניקעס זענען געווען: גרשון בן חיים מיט 1.186 ספרים, לעווקא בן משה מיט 705 ספרים, יענקל בן הערש מיט 229 ספרים און אַ גאַנצע ריי אַנדערע, וועלכע שטעמפּלען אָפּ אַ מאָל עטלעכע צענדליק ספרים און אַפילו עטלעכע הונדערט מיט אַ מאָל. צווישן זיי דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן דער איינבינדער דוד, וועלכער האָט בס״ה אָפּגע־שטעמפּלט אַ 175 ספרים.

הגם קריעגער האָט אַליין פאַרקויפט ספרים אויף די ירידים, — ווי, למשל, אויפן יריד אין לענטשנע, ווו מען האָט ביי אים געפונען איבער 3.000 ספרים און לוחות נישט געשטעמפּלטע; אין לובלין, ווו ער שטעמפּלט אָפּ 109 ספרים אין יאָר 1790, — קומען אָבער קיין נייהאָף צענדליקער סוחרים פון פאַרשידענע קאַנטן פון פוילן, צום מערסטן פון מאַזאָוויע, כדי אויפן אָרט צו קויפן ספרים ביי קריעגערן. דאָס זענען יידן פון גאָמבין, ניישטאָט, ווענגראָוו, וואָידיסלאָוו א״א.

גרעסערע טראַנספּאָרטן, איבער 100 ספרים פירן אַרויס פון נייהאָף: איסר בן הערש פון לאַנאַוויעץ — 431 ספרים, לייב בן יצחק פון קאַלקי — 300 ספרים, לעוועק בן יעקב פון ליסע — 200 ספרים, אברהם בן וואָלף פון בילגאָריי — 232 ספרים, יונה זעלקאָוויטש פון שידלאָוו — 228 ספרים, לעוועק בן משה פון ווענגראָוו — 221 ספרים, הערשקע ראַבינאָוויטש פון זשוקאָוו — 159 ספרים, וואָלף פון גאָמבין — 142 ספרים, פּסח פון בלענדעוו — 143 ספרים, משה בער־קאָוויטש פון פינטשעוו — 124 ספרים, הערשקע בן אברהם פון בויבעריק — 104 ספרים, א״א.

ס'ווייזט אָבער אויס, אַז דער וויכטיקסטער אָפּזאַץ־געביט פאַר אים איז געווען ליטע, ווו, אַחוץ דער שקלאָווער, האָט קיין שום דרוקעריי נישט עק־זיסטירט. אַרום דעם דאָזיקן אָפּזאַץ־געביט האָט ער געמוזט פירן אַ שווערן קאַמף מיט דער באַרימטער גאַליצישער דרוקעריי אין זשולקעוו, וועלכע ציט איר טראַדיציע פון 17טן יאָרהונדערט.

דער שוין ציטירטער מעמאָראַנדום פון יאָר 1788 הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„הגם די קאָמיסיע האָט אַרויסגעגעבן אַן אוניווערסאַל (געמיינט איז דאָ דער אוניווערסאַל פון יאָר 1787), אַז די יידן, וואָס קומען פון גאַליציע, זאָלן נישט פירן קיין נישט געשטעמפּלטע ספרים קיין ליטע, דאָך האָט דער קראַסנאָסטאַווער שרייבער אַדורכגעלאָזט 30 וועגענער ספרים אָן שטעמפּל״.

וואָס פאַר אַן אָרט ליטע האָט פאַרנומען אין קריעגערס פּראָדוקציע, קאָן מען זען פון די צוויי פאַקטן: אין יאָר 1785 האָט קריעגער מיטגעשיקט אויף אַ וואָגן 2408 ספרים מיטן זשולקעווער סוחר לעוועק בן ישראל, וואָס ער איז מסתמא מיט אים געשטאַנען אין געשעפטלעכע באַציונגען. אין זעלבן יאָר האָט קריעגער אין דער וואַרשעווער יבשה־קאַמער אָפּגע־שטעמפּלט 4.326 ספרים. די פריערדיקע 2.408 ספרים זענען נישט געגאַנגען צום שטעמפּל, מחמת אויף ליטע איז נישט חל געווען דאָס געזעץ וועגן ספרים־שטעמפּל.

פאַרגלייכנדיק די ביידע ציפערן, זעען מיר, אַז אַ גרויסער טייל פון קריעגערס פּראָדוקציע איז געווען באַשטימט פאַר ליטע.

נאָך בולטער וועט אונדז אילוסטרירן די באַדייטונג פון עקספּאָרט קיין ליטע פאַר נייהאָף דער ווייטער־דיקער פאַל: אין יאָר 1792 האָט דער גרעסטער אַגענט פון די נייהאָפער ספרים, ברוך הערשקאָוויטש, אָפּגע־שטעמפּלט 4.649 ספרים, וועלכע ער האָט געפירט קיין ווילנע. די נסיעה איז געווען זייער אַ שווערע, מחמת דעמאָלט האָט אין לאַנד געבאַלעבאַטעוועט די אַזוי גערופענע „טאַרגאָוויצער קאָנפעדעראַציע״ און עס זענען פאָרגעקומען כסדרדיקע מהומות און קאַמפן. אין ווילנע האָט מען אָבער נישט געוואָלט אָנערקענען די שטעמפּלען פון דער קרוין אויף יידישע ספרים, „ווייל פון אויסלאַנד (משמעות פון זשולקעוו) זענען שוין צוגעפירט געוואָרן אַ סך ספרים״. ברוך בעט די קאָמיסיע, זי זאָל אים אומקערן דעם היזק, וואָס ליטע האָט נישט אָנערקענט די שטעמפּלען און ער זאָגט צו, אַז די 100 פּערזאָן וועלכע לעבן פונעם ספרים־מסחר מיט ליטע, „וועלן אין גאַנצן לאַנד לויבן דאָס רחמנות און מילדהאַרציקייט פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע פאַרן פאָלק... און וועלן ביז סוף וועלט מתפּלל זיין צו גאָט פאַר דעם מוטער־פאָטערלאַנד״.

ביי דעם געבראַכטן פאַקט איז נישט בלויז אינטע־רעסאַנט דער גורל פון די יידישע מוכר־ספרימניקעס, זייערע שווערע לעבנס־באַדינגונגען, סכנות וכדומה, נייערט די ציפערן אויך. אין יאָר 1792 האָט מען אין דער נייהאָפער קאָמער אָפּגעשטעמפּלט 9.693 ספרים, דערפון זענען 4.649 ספרים געגאַנגען קיין ליטע, ד״ה אַן ערך אַ העלפט.

זאָל נאָך דערמאָנט ווערן, אַז אין יאָר 1792 האָט אַ גראָדנער סוחר מיטן נאָמען נאָטקע בן נחום אָפּגע־שטעמפּלט אין נייהאָף 707 ספרים.

דער וויטערדיקער גורל פון קריעגערס דרוקעריי, נאָכן אונטערגאַנג פון פוילן ביז צו דער ליקווידאַציע פון דער דרוקעריי אין יאָר 1918, פאָדערט אַ באַזונדערן שטודיום.

אין די אַזוי גערופענע פּרייסישע צייטן, ווען נייהאָף האָט זיך געפונען אין די הענט פון די פּרייסן, איז די דרוקעריי, נאָך אַן איבעררייס פון צוויי יאָר פון דעם קאָשציושקאָ־אויפשטאַנד און דעם אַלגעמיינעם חורבן פון לאַנד, ווידער באַנייט געוואָרן.

די פּראָדוקציע האָט זיך אין יענע יאָרן פאַר־קלענערט. פון די אַמאָליקע 4 פּרעסן זענען איצט געווען טעטיק בלויז 2. דער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען דעמאָלט פון 8 זעצערס, 4 דרוקערס, 3 איינבינדערס, 2 קאָרעק־טאָרס, 1 שריפטגיסער און עטלעכע אַרבעטער.

פון דעם באַריכט דערוויסן מיר זיך, אַז די ספרים־פּראָדוקציע פון נייהאָפער (נאָווי־דוואָרער) דרוקעריי האָט פון דעם גרינדונגס־יאָר 1780 ביז צום יאָר 1797 באַטראָפן 120 ווערק.

# הסכמת וחרמות

**הסכמת הרב המאור הגאון הגדול והחסיד המפורסם המקובל איש אלקי נ״י ע״ה פ״ה מאור הגולה אב״ד ור״ם דק״ק בארדיטשוב ודק״ק זעלחוב ודק״ק ריטשוואל :**

**הה** הרבני המופלג מו׳ **יעקב משה** בהרבני הנגיד המפורסם מו׳ **שלמה זלמן** נ״י כבר הוציא מכח אל הפועל פועלא טבא אשר הדפים ספר נצח ישראל מהגאון מהר״ל זלה״ה מפראג · ועתה לא פסיק טעמי׳ אשר בהסכמה עלה להדפים גם ספר גבורות ה׳ מהגאון הנ״ל · אך כי יראה משה מגישת אל עבודת הקודש שלא יוגרום לו היזק שידפס איזה מדפים גם זה הספר לזאת ידי תיכון וזרועי תאמץ לה״ה מו׳ משה הנ״ל שחלילה חולין בגזרת נח״ש לשום אדם להדפים זה הספר במשך שבעה שנים מיום כלות גמר הדפסת זה הספר · והשומע תבוא עליו ברכת טוב · היו״ם ד״ב אדר ראשון דהי״א שתא ובאו מלכים **ושרים** יושבים על כסא דוד :

**הק׳ לוי יצחק בהגאון מהר״ם ז״ל :**

**הסכמת הרב המאור הגדול גאון תפארת ישראל החסיד המפורסם המקובל איש אלקי מגיד משרים דק״ק קאזניץ :**

**שמחתי** כמוצא שלל רב · בשמעי מפי תלמידי הרבני המופלג מו׳ **יעקב משה** בהרבני הנגיד המפורסם מו׳ **שלמה זלמן** נ״י שהסכימה דעתו לדעת המקום להדפים מחדש הספר גבורות ה׳ מה״ה הנשר הגדול הגאון מוהר״ל מפראג זלה״ה · וכבר משה זכה וזיכה את הרבים בהדפסת ספר נצח ישראל מהגאון הנ״ל · לזאת ימתן משה במתנת חלקו אמרה נפשו בשאלתו ושאלת חכם לב יקח מצות · המתחיל במצוה אומרים גמור · אם אמרתי לספר תהלות הספר ירעש גבורותיו מי יתבונן עתה שלא יהי׳ שלוחי מצוה נזוקין · חלילה וחלילה לשום אדם להדפים זה הספר הן ע״י כחו וכח כחו במשך שבעה שנים אחרי כלות גמר הדפסת זה הספר · דלא לעבור על השגת גבול וליקי ח״ו בארור · והשומע ישכון בטח ושאנן עד ביאת ינון · כ״ד המשתוקק ומתאוה לשלות וגדולת ישראל בבנין אריאל א״ך אדר ראשון דהי״א שתא · **אשרי אדם** עוז לו בך :

**נאום ישראל בהמנוח הר״ר שבתי ז״ל :**

דף ח׳ ע״א בסוף שורה י״ב שקודם להשמי׳ לו נפל טעות בדפוס וצ״ל שקודם להסיב לו :



הסכמות פון באַרדיטשעווער רבי און קאָזשעניצער מגיד צום ספר פון מהר״ל, וואָס איז דערשינען אין נאָווי־דוואָרער דרוקעריי

חיים דב פרידברג

# מדפיסים וספרים בבית הדפוס בנובי־דבור

בשנת תקמ״א כבר היו עומדות הכן בבית הדפוס החדש ארבע מכונות גדולות מכבשי הדפוס (פרעססען) להיות עתידות להדפיס הספרים באופן היותר טוב ונעלה, אחרי כן נגשו לצקת האותיות, ולתכליתן אספו, ה׳ קריגר ומתי סודו, למוסד את האמנים ה״ר מנשה ב״ר דב בער מדובנא (עד תק״ן) וה״ר ישראל ב״ר יהודה ליב משווערזענץ (עד תק״ע). הם חקקו אותיות מרובעות, רש״י ויהודיות אשכנזיות בשמנה מינים ויצקו אותן.

כתום ההכנות בתיקון הכלים והחומר הטיפוגרפי כפי מצב המלאכה בימים ההם, שכרו פועלים שערכום לשרת המכונות ואחרים לכרוך הספרים. המסדרים המומחים ה״ר צבי הירש ב״ר שמעון כ״ץ מפרנקפורט דאודרה וגיסו ה״ר יהודה ליב ב״ר שמואל מזאלקווא החלו בסדור הספרים לדפוס, תחת השגחת המפקח והמנצח על עושי המלאכה ה״ר יהונתן, אשר המדפיס פקדו להיות גם מגיה הספרים שבדפוסו, בעינו הבוחנת לזקקם ולנקותם מן חרולי הטעויות.

לפי הנראה היתה שבתו של הר׳ יהונתן בנובי־דבור בתחילה רק ארעית, כי ביום ג׳ ט״ו סיון תקמ״ב אנו מוצאים אותו חתום בין אלופי העדה בדובנא, אולם מזמן הזה ולעתיד נטע אהלו בנובי־דבור בתמידות.

בסוף ספר „מצמיח ישועה״ נדפס: „הני תרי המסדרים, אותיות הקדש מחברים, זה אל זה יחדיו יודבקו, במכבש הדפוס יחוקקו, עוסקים במלאכתם באמונה, לסדר האותיות בציור ובתמונה, ולכן נאה תהלה, בתפלה תחינה, לאל דר מעונה, שסיימנו הספר בדיצה, בזכות זה ישמרנו האל מכל פרצה, כ״ד הירש בהמנוח מ׳ שמעון כ״ץ זצ״ל וגיסו יהודה ליב ב״מ שמואל יצ״ו מק״ק זאלקווא״.

בשנה ראשונה לפתיחת בית הדפוס, תקמ״א נשלם ויצא חדושי הלכות מהרש״א על ש״ס, וזולתו הוחלה גם הדפסת ספרים שנגמרו בדפוס בשנה האחרת, אחרי שנוספו אל המסדרים גם הפועלים: ה״ר ברוך ב״ר צבי הירש (תקמ״ג—תקמ״ו) מק״ק אלעסניץ. דבריו בסוף ספר המנהגים: „ברוך אל עליון אשר אמץ מחי וידי, ברך מלאכתי וכל מעבדי, זרוע ידי תאמצני, ומעשי ידי יכוננו, לגמור הספר מנהגים בכל פאר והדור, אותיותיו לסדר בסידור, ידי לבדי עשו זאת, לחבר מליץ אות באות, זה שמי וזכרי לעד אל תשכחי״. ה״ר אשר אריה ב״ר מנחם מאניס מזאלקווא כתב בספר הנזכר: „אתה צוית פקודיך לשמור מאד, שמרה נפשי עדותיך ואוהבם מאד, ראיתי ויגעתי לעשות במלאכת הקדש באמונה הזהרתי מאד. כ״ד אני המסדר, לכבוד קונו מדבר ומתהדר, הזעציר הבחור״. ה״ר משה ב״ר אליעזר לייזר כ״ץ רפאפורט (תקמ״ה—תקס״ח) בסוף ספר שבילי אמונה חרז: „ע״י המסדר לכבוד צורו מתגבר, להיות חובר חבר, האותיות בצלמם ובתמונתם, את זה מול זה לעומתם״. ה״ גרשון ב״ר שמואל מווישיגראד וה״ר נתן פייטל ב״ר יעקב מוויעלאוויעש, אחיו של המגיה ה״ר יהונתן הנ״ל, גם הוא חתם הספר הנזכר בדברים האלה: „ע״י המסדר ומחבר, אותיות קדש במחברת, ע״כ שמי יודע למזכרת, ולאבותי יהי


קינות

לתפארת. הק׳ פייטל בן מהור״ר יעקב זצ״ל מק״ק וויעלאוויעש״. הוא נשאר על כנו זה עד תקנ״ד, ומאז והלאה עבד בדפוס אחיו בדובנא.

האנשים האלה עבדו כלם בלי הרף, ויופיעו אז: א״ב דבן סירא, יסוד ושרש העבודה, ישועות יעקב, מסורות חדשות, מצמיח ישועה, מקור השפה, סליחות מנהג ליטא, פתח השער (תקמ״ב), כן יצר מאז והלאה מדי שנה בשנה, בעריכת ה״ר יהונתן, לוח שימושי קטן לצורך היומי ולהשתמש בו בבית הכנסת.

הדפסת התלמוד, החומשים והמחזורים הוחלה בדפוס ובינתיים נגמרו הספרים: אור עולם, הגדה של פסח, כלילת יופי, מחזורים בארבע מהדורות: א) בגודל פוליו עם פירוש. ב) בתבנית פוליו עתי״א. ג) בגודל קווארטו עם פירוש. ד) בתבנית קווארטו עתי״א. סליחות מנהג פולניה בגודל קווארטו, הוצאה שניה בתבנית אוקטב ושלישית עתי״א, וגם חמשה חומשי תורה (תקמ״ג) ועל השערים נדפס באותיות ושפת אשכנזית: „געדרוקט אין נייהאף ביי ווארשויא, אין דער קאניגלעכן אונד (פאן) דער רעפובליק פריפי־לעגירטן דרוקעריא יידישער ביכער...״

השנה תקמ״ד היתה שנה מבורכת ופוריה, ובין הספרים השונים שנגמרו אנו מוצאים גם אלה: הוי שודד, הנהגת אדם, זבח שמואל, יורה חטאים, מנהגים, מפת ארץ ישראל מה״ר יהונתן ברמ״י, שבילי אמונה, חמישה חומשי תורה בשתי מהדורות שונות, וזולתם שני כרכים מן הוצאת התלמוד מסכת ברכות, עם

ספר

מאמר האחדות

בשרשי האמונה להחכם החסיד מוהר״ר

יוסף יעבץ זצ״ל

תחת ממשלת האדון הרוכם האדיר והחסיד סטאניסלאב פאניטאווסקי ג״י
מייסטער פון ליטויא. אונד שטך פון דער קרון גארדע

בנאווי דוואהר

אין דער פראווילעגירטי דרוקריי פון יאהאן אנטאן קריגר

סוד

[illegible] מוכר״ר ב״ין למהור״ר צבי הירש ז״ל:
בשנת התקנ״ד לפ״ק

המשנה סדר זרעים, וכרך שני המכיל מסכת שבת ועירובין.

אחרי כן הופיעו פה בדפוס: הגדה של פסח, פני אריה (תקמ"ז) קב הישר עתי"א, שומרים לבקר, שמן רוקח, שערי ציון (תקמ"ח) כ"כ: אדני פז, לקוטי שושנים, מחזור מכל השנה (תקמ"ט) הגדה של פסח, מענה לשון, נקודות הכסף (תק"ן).

יצאו גם: זבח שמואל, הגדה של פסח, הנהגת אדם, יורה חטאים, עיטור סופרים, שבילי אמונה (תקנ"א), הגדה של פסח, מנחת אהרון (נגמר בי"א מנחם), מסכת קידושין (תקנ"ב), דרישת הזאב, מאירת עינים, מענה לשון, מקור השפה (בספר זה נדפס הלכות גידול בנים בשפה עברית וגם בשפת יהודית אשכנזית, שנעלם מן הר"ש אסף בספרו „מקורות לתולדות החינוך בישראל"), נצח ישראל, מסכת ראש השנה (תקנ"ג), אבקת רוכל, אור החיים, (ע"י ה"ר ברוך ב"ר צבי הירש), האמונה והבטחון, מאמר האחדות, מבחר הפנינים, סוד ה' (תקנ"ד).

מן הספרים שנדפסו לאחד מרידת הפולנים תחת הנהלת שר צבאם קאשציושקא נודעים: גבורות ה' (נשלם ה' י"ג ניסן), פרי תבואה (תקנ"ו), אגרת המליצה, הגדה של פסח, עץ החיים, קינות (תקנ"ז), זבח שמואל (תקנ"ח) אותיות מחכימות, הגדה של פסח (תקנ"ט), אורחות חיים, זרע יעקב, על קהלת, (תק"ס), זכירה, זרע יעקב על שיר השירים, שפה ברורה, תחנה קול בכיות (תקס"א), הגדה של פסח, זרע יעקב על רות (תקס"ב), נר תמיד (תקס"ג), אור חדש, באר הגולה, גדולי צבי רבא, זרע יעקב על משלי, סליחות, קינות עתי"א (תקס"ד), אדרת אליהו, זבח שמואל, לקוטי שושנים, לקיטת יצחק, חדושי הרשב"א על ב"ק, ח"ב, קב הישר עתי"א (תקס"ה), אמרי בינה, בית שמואל אחרון, תלמיד צחקן מוסרי, מסכת ראש השנה (תקס"ו), שפה ברורה (תקס"ז), אוצר הכבוד, חוסן ישועות, פלפולא חריפתא, שר האלף (תקס"ח), נתיבות עולם (תקס"ט), ע"י ה"ר משה יעקב ב"ר שלמה זלמן מיערוסלב, דרך טובים (תק"ע), פלפולא חריפתא, קב הישר עתי"א, ר"ח בענשין תחינה (תקע"א), מצה אהרון (תקע"ב), ר"ח בענשין, תחינה, קול בכיות (תקע"ג), ויחל משה (תקע"ד), הגדה של פסח, ספורי בעל שם טוב (תקע"ו).

בתקופה האחרונה עשו פה הפועלים האלה את מלאכתם בדפוס: המסדרים — ה"ר שמואל ב"ר יצחק מנובי־דבור, ה"ר אהרון זעליג ב"ר אברהם יצחק הנ"ל וה"ר מאיר ב"ר יעקב מקראָטאָשין. הפרסנציהר — ה"ר שמואל ב"ר אברהם חזן הנ"ל מזאַלקווא וה"ר יעקב יוקל ב"ר אברהם מנובי־דבור.

# הסכמת

## הרב המופליג החריף השנון מוהר"ר יונה כהנא ראפפורט מ"ץ וב"מ ס"ק בעיר נאווי דוואהר:

הן היום כל יקר ראתה עיני חיבורי טהרה של הרב הגאון החכם החסיד מוהר"ר יוסף יעבץ והוא חיבור נאה משלשה כאחד טובים המפורסמים אינם צריכים ראי' לגודל מעלתם שהודיע בהם דעת הראשונים וגלה בהם מצפונים החכמי הקדמונים הפלוספים האלקי' וקראו לחיבור הראשון שאין לפניו ראשית מאמר האחדות ולשני קראו לו יסוד האמונה ולשלישי קראו לו אור החיים ועליהם נאמר החוט המשולש לא במהרה ינתק מלאתי' מה מלאתי' ראתי' ביד איש אחד מיוחד שבעירנו מיודעי ומכירי יהי מכירי ברוך' ברוך טעמו ונימוקו עמו שנדבה רוחו הטהור להדפיסו פעם שנית **ה"ה הרא"ש הקצין הנגיד מוהר"ר ברוך במ"ו צבי זצ"ל ה"ה מעירנו וגם לע"ע הוא מ"ס קודש בק"ק וו לנא הבירה**: שזה כבר הש' עולה על מזבח הדפוס בפעם הראשון ע"י הרב ר' יצחק אלחכי' בק"ק לובלין שנת שכ"ז לפ"ק אך ברבות הימים שכן וגם תמו זעיר שם כמעט אחת במדינה ואמרת כל מן דין יצא שתוכו לבא ויישר כחו וחילו לאורייתא ויהי שכרו בזה ובבא אך למען שלא ישיגו גבולו שהוא באחרור במקום ברוך גזירתי על כל איש מישראל לבל ידפיסו הספרים הנ"ל זולת רשיון מהתרוני מוהר"ר ברוך הנ"ל משך עשרה שנים מיום דלמטה והשומעים יונעם ותבא עליהם ברכת טוב הכ"ד המדבר לכבוד התורה יום ג' א"ך טבת תקנ"ד לפ"ק פה עיר נאווי דוואהר

**הק' יונה בהרבני מ"ו יצחק ז"ל כהנה ראפפורט מ"ץ וב"מ ס"ק**

שני מגיהים היו: ה״ר יעקב יאליס הנזכר, איש מלומד ותורני שעבד לפנים אצל המדפיס בתור מסדר, וכאשר עזב ה״ר יהונתן הנזכר את משרתו זאת בבית הדפוס, לקחהו המדפיס להיות ממלא מקומו. ולימינו עמד גם ה״ר יעקב שמעיה הלוי מפוזנא, ואחרי כן עבד פה על כנו בתור מגיה ה״ר בנימין פרענקעל מעיר לובראניץ, שנדפס ממנו שיר בקצה הספר חידושי הרשב״א שיצא בימים הם.

בבית הדפוס הזה הופיעו בכלל מותר מן מאה ספרים.

מן הספר: „תולדות הדפוס העברי בפולניה״

# הקדמת הרב ר יצחק אלחכים המדפיס הראשון ז״ל

שלמה הע״ה בספר משלי המשיל התורה לעץ כמה שאמר עץ חיים היא למחזיקים בה ורז״ל כתבו טעם במסכת תעניות למה נמשלה התורה לעץ · ולע״ד יש דמיון בענין כי כאשר יש באילן בדים וענפים ועלין וכולם לצורך הוצאת וקיום הפרי כך יש מצות קלות וחמורות והם סבה וקיום חיי הגוף והנפש בע״ה זולת השארות הנצחי בעולם הרוחני גם לדמיון כי כמו שקיום כל מה שבאילן תלוי בשני חלקים והם הגזע אשר השמש מכה עליו כי הוא נגלה והשרש הטמון ומכוסה בארץ בלתי נראה לעין כך יש שני ענינים כתובים בתורה אשר טעמם נגלה לאדם כמו גוף האילן עוד יש הכורת ענף או בד או עלה אחד מהאילן בעבור זה לא יפסד גוף האילן או הפרי אמנם כך העובר על אחת ממצות התורה עשה או לא תעשה לא נאמר עליו שבטל והרס כל התורה כולה המיוחד לדבר אחד אינו מיוחד לכל התורה כולה מה שאין כן הפוגם בפרי ובמחשבה באחד משרשי ועיקרי האמונה שדומין לשרשי האילן שאם יכרת או ירקב מלמטה נפסד כל האילן וא״כ עיקר השכל לדעת על מה אדני התורה הוטבעו ועמודיה ושרשיה ולזה טרחו הראשונים יכפול ה׳ שכרם להסיר מסוה העורון מעל פנינו להאיר עיני השכלה לבאים אחריהם להדריכנו בדרך ישרה למען לא נגע לריק · הראשון אשר ראינו שלל במים אדירים והעלה אבן ספיר בידו הוא הרב הרמב״ם אשר דלה דלה לנו מים חיים להדבקות עמו בחירו וביאר הענין בפרק חלק הכלל שרשי התורה ועיקריה בשלש עשרה שרשים ובבקשת יגדל אלהים חי הס׳ רשומים ומפורסמים ואחריו בא הרב ר׳ חסדאי וכללם בשבעה · והרב בעל העיקרים כללם בג׳ · ובדורנו זה יתום שנתמעטו הדורות נתמעטו הלבבות האיר ה׳ עיני השכלה לחכם לב נאה דורש ונאה מקיים החסיד ר׳ יוסף יעבץ ז״ל והודיע דעת הראשונים וגלה מצפונים וחבר חבור נאה בענין זה קראו מאמר האחדות וגם שני לו קראו יסוד האמונה ודרש גם על השלישי קראו אור החיים וכולם דרך אחד ועליהם נאמר והחוט המשולש לא במהרה ינתק · ואתנה לבני עם עזר הכהן עוז ותעצומות לעמו להדפיסם · ואתחיל בהדפסת הראשון והעוד ואוזר ישראל בגבורה יוציא כוונתי לאורה ולהדפיס גם פי׳ מסכת אבות אשר לו ומתחנן אני ליוצרי וקוני יהיה מגן בעדי ויגמו׳ בעדי כמאמר המשורר ה׳ יגמור בעדי :

**סעם באַרנשטיין** / לאָס־אַנדזשעלעס

# אזוי געדענק איך מיין שטעטל

### די ערשטע ציוניסטישע אסיפות

ווען איך שרייב די זכרונות, פייערט די יידישע וועלט דעם יום־טוב פון צען יאָר מדינת־ישראל, און לכבוד אָט דער גרויסער געשעעניש וויל איך דערמאָנען די ערשטע ציוניסטישע אסיפות אין נאָווי־דוואָר מיט פופציק יאָר צוריק.

מיין פאָטער, דער הייסער ציוניסט און שטענדיקער בעל־תפילה אין ציוניסטישן מנין (וואָס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין עקיבא באַקמאַנס הויז), האָט מיך מיטגענומען צו דער ערשטער אסיפה, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער „סאַליע" ביי אהרן ראַבינאָוויטש. ס'איז געווען אין די טעג פון חנוכה, אַ גרויסער עולם יום־טובדיק געשטימטע יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער „סאַליע", אַלע בליצלאָמפּן זענען געווען אָנגעצונדן, אין אַ ווינקל פון זאַל, ביים בופעט, האָבן אַ גרופּע פרויען שמחהדיק און העפלעך באַדינט דעם עולם מיט געטראַנקען און צובייסן, און גלייך נאָך דעם ווי דער עולם האָט מקיים געווען מיצוות אכילה ושתיה — האָט מען זיך אויסגעזעצט בנעימות און ס'איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דער רעדנער — אַ פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער צענטראַלע, הער שאפּרעל.

אָנגעהויבן רעדן האָט ער מיט אַ זייער שטילן טאָן, מעניני דיומא, וועגן דעם מצב פון יידן אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד. דערנאָך האָט ער זיך צעוואַרעמט און מיט אַ סך קלאָרקייט און פייערלעכקייט באַוויזן, אַז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג פאַר יידן, ווי נאָר דאָס אומקערן זיך אין לאַנד פון אונדזערע אבות, ארץ־ישראל. דער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט געשפּאַנטקייט. און נאָך איצט — בשעת איך שרייב אָט די שורות — קלינגען אין מיינע אויערן די הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן נאָך דער רעדע, וואָס דער רעדנער האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער פון נביא: „ואמר לך בדמיך חיי... בדמיך חיי..."

דער רושם פון יענער פאַרזאַמלונג איז געווען זייער גרויס און מען האָט וועגן איר גערעדט אין גאַנצן שטעטל. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט צוליב דעם איינגעאָרדנט נאָך אַן אסיפה אין בית־המדרש, אַז אַ גרעסערער עולם זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו הערן דעם אינטערעסאַנטן רעדנער. ווען איך בין געקומען יענעם אָוונט אין בית־המדרש אַריין איז שוין דאָרט געווען פול געפּאַקט מיט אַ נייגעריקן עולם צוהערער, וואָס איז מאָמענטאַל שטיל געוואָרן מיטן ערשטן וואָרט פון רעדנער. דאָס איז געווען אַן עולם אַ הונגעריקער נאָך אַ וואָרט פון טרייסט און דערמוטיקונג; ס'איז געווען אין דער ביטערער צייט פון צאַר ניקאָליי, ווען פּאָגראָמען און רדיפות האָבן געבושעוועט אויף יידן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון רוסלאַנד.

די מאַסן יידן האָבן דעמאָלט אויפגענומען דעם רעדנער, ווי איינעם פון די נביאים, וואָס קומט אין אַן עת־צרה צו זיין פאָלק. דער עולם איז געזעסן ווי פאַרכישופט, מיט אָפענע מיילער און מיט טרערן אויף די פּנימער.

נאָר איינער אין דעם עולם האָט דעמאָלט אומרויק אַרומגעשפּרייזט אין בית־המדרש און געשטערט די פייערלעכקייט און מוסטערהאַפטער שטילקייט, דאָס איז געווען דער אַלטער ר' שמעון „אָקס". אַ הויכער, דאַרער ייד איז ער געווען, מיט אַן אַסקעטיש פּנים און איינגעפאַלענע באַקן, איבער וועלכע ס'האָבן זיך געקרייזלט בינטלעך לאַנגע פּאות, און זיינע טיף־גרויע אויגן האָבן עדות געזאָגט אויף אַזאַ, וואָס שווימט אין מרחקים, אין אַ נישט־דאָיקער וועלט... דער אַלטער ר' שמעון האָט מיט נערוועזע טריט געשפּרייזט איבערן בית־המדרש און געוואָרנט, מען זאָל זיך נישט צוהערן צו די טריף־פּסול־ווערטער פון רעדנער. אָבער דער עולם האָט מיט באַגייסטערונג און געשפּאַנטקייט געשלונגען יעדעס וואָרט, און ווידער האָבן זיך געהערט די מונטערנדיקע ווערטער פון נביא: „בדמיך חיי... בדמיך חיי..."

### פון תורה צו עבודה

איך געדענק, ווי מיין מאַמע ע"ה האָט מיך געפירט דאָס ערשטע מאָל אין חדר פון ר' זלמן מאָהי־לעווער ע"ה (דער זיידע פון יאַקוב עווענסאָן). רב זלמן איז געווען אַ ייד, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף זיינע תלמידים, נאָר איך האָב אים באַלד ליב באַקומען. איך האָב געגלייבט דעם רבין, ווען ער האָט מיטן טייטל געוויזן אַן אלף, און דערביי אַראָפּגעוואָרפן אַ קאָפּיקע, זאָגנדיק, אַז דאָס האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ מלאך

פון הימל, כדי איך זאָל זיין אַ גוט ייִנגעלע און באַגערן צו לערנען.

איך האָב זיך באַמיט צו טאָן ווי דער מלאך האָט געהייסן און באַלד דעמאָלט האָב איך ליב געקראָגן די פיר־קאַנטיקע יידישע אותיות פון אונדזער מאַמע־לשון. דאָרט, אין דעם חדר פון ר׳ זלמן מאָהילעווער, האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען דעם טייטש־חומש פשוט און האַרציק, אַנדערש ווי די ווייבער פלעגן אים לייענען — מיט זייער קלאָגעדיקן ניגון.

טאַקע פון דאָרט, פון יענעם חדר און פון יענע טייטש־חומש־לייענעכצן, האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט אַ חשק צו לייענען. ווען איך בין נאָך געווען גאָר יונג איז אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט אַ ביכל „דער טריפהניאַק". איך האָב עס געלייענט ביי אונדז אין שטוב פאַר מיין מאַמען און זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיין געראָטן פאַרלייענען. איך געדענק נאָך איר פרייד און איר לויב: „אָן אַן עין־הרע, די ווערטער גייען דאָך ביי אים ווי אַ מיזמור".

די נייעס וועגן מיין שיין פאַרלייענען האָט מיין מאַמע דעמאָלט אויסדערציילט פאַר דער גאַנצער משפחה, און איינמאָל אין אָוונט, ווען איך האָב זיך שוין געקליבן גיין שלאָפן, איז געקומען צו לויפן מיין פעטער משה יאַרושאַמבעק און מיר אָנגעבאָטן „האַ־נאַראַר" פינף קאָפּיקעס, בתנאי, אַז איך זאָל שוין נעמען דאָס ביכל און גיין צו אים אַהיים, פאַרלייענען פאַר דער משפחה די מעשה מיט דעם „טריפהניאַק". ווי נאָר איך האָב דערהערט וועגן אַזאַ מטבע, האָב איך געכאַפּט דאָס ביכל און מיטגעגאַנגען. דאָרט, ביים פעטער משה אין דער היים, זענען אויסער דער מומע ביילע מיט אירע קינדער שוין אויך געווען פאַרזאַמלט געסט פון דער משפחה, און איך האָב אָנגע־הויבן פאַר זיי אַלעמען צו לייענען די מעשה מיטן „טריפהניאַק".

ווען איך האָב אויפגעהויבן די אויגן פון ביכל, האָב איך דערזען פאַר זיך מיינע צוהערער, פריידיקע פּנימער פול מיט התפעלות, אפשר אַ דאַנק דעם רבונו של עולם, וואָס האָט אַזוי האַרב באַשטראָפט דעם טריפהניאַק פאַר אַריינברענגען חטאים אין שטאָט אַריין, צי גאָר אַ דאַנק דעם אַכט־יאָריקן בחורל, דעם פאַר־לייענער, וואָס האָט אויך הנאה געהאַט פון בעל־עבירה־ניקס פאַרדינטן פסק... יעדנפאַלס, דאָס איז געווען אין מיין פריער יוגנט דער ערשטער אויפטריט פאַר אַן עולם.

נאָך מיין „עלעמענטאַר־שול" אין ר׳ זלמן מאָהילע־ווערס חדר, בין איך אָנגעקומען אין דער „הויך־שול" ביי אהרן מלמד (דער זיידע פון משה יאַנקעלעוויטש). דער מורה־דרך איז שוין געווען אַ ייד — אַן אכזר, ער פלעגט שלאָגן די תלמידים מכות־רצח און דערביי מכבד זיין מיט אַזעלכע עפּיטעטן, ווי: „ממזר בן הנידה!" איך געדענק נאָך, ווי ער פלעגט אויפהייבן פאַר די אויערן דאָס דאַרע, אויסגעצערטע ייִנגל איטשע זעליק לויבגאָט, און אים קאַטעווען פאַר נישט געדענקען דעם טייטש פון „המניח את הכד ברשות הרבים". אַ שרעקלעכן האָס צו זיך האָט אהרן מלמד אַרויסגערופן ביי זיינע תלמידים און נקמה־געפילן. איינמאָל ווען ער האָט שטאַרק געשלאָגן אַ תלמיד, האָט עס מיך אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרצן, אַז איך האָב זיך געווונטשן, צו זען בקרוב דעם רבינס לוויה...

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב שוין עוסק געווען אין מלאכה, האָב איך דורכן פענצטער פון פיניע שימאַנאָוויטש דערזען ווי מען טראָגט די מיטה מיטן טויטן גוף פון ר׳ אהרן מלמד... נאָר אין יענעם מאָמענט האָב איך שוין מער נישט געהאַט דאָס נקמה־געפיל קעגן מיין אַמאָליקן רבי. פון נסיון אין לעבן און פון די אַלע ביכער, וואָס איך האָב געהאַט דורכגעלייענט, האָב איך זיך שוין אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז ר׳ אהרנס דרך מיט די תלמידים איז געווען נישט נאָר צוליב זיין רישעות, נאָר ווייל ער איז געווען אַ מענטש פון אַ דור, וואָס האָט געוואָלט „אַריינקלאַפּן" די תורה אין קאָפּ אַריין... און ס׳איז פשוט אַ נס, וואָס דער גרעסטער טייל פון אונדז זענען בשלום אַריבערגעקומען די תורה־אַריינקלאַפּענישן און נישט געבליבן גייסטיק און פיזיש פאַרקריפּלט.

צו עלף יאָר האָב איך פאַרענדיקט די „הויך־שול" ביי אהרן מלמד. דאָרט האָב איך קוים באַקומען אויפן שפּיץ מעסער אַ ביסל חומש, פון תנ״ך — בלויז שמואל א און שמואל ב, און פון דער גמרא — בלויז בבא קמא און בבא מציעא. שרייבן — האָב איך אפילו „אַ צלם פאַר אַן אַלף" נישט געוווּסט צו מאַכן. פון דער „הויך־שול" בין איך אַרויס אַ דאַר, אויסגע־צערט ייִנגל, און איך האָב נישט געוווּסט, וואָס מען טוט ווייטער.

מיין מאַמע ע״ה האָט דווקא געוואָלט, אַז איך זאָל גיין לערנען אין בית־המדרש, אָבער די אָרעמקייט אין אונדזער שטוב, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט דערזען, האָט פאַרלאַנגט נאָך אַן אַרויסהעלפער צו דער קאַרגער

פרנסה, און קעגן מיין מוטערס ווילן ביך איך אַוועק זיך לערנען שניידעריי, ביי עקיבא באַקמאַן, ווו אויך מיין פאָטער האָט געאַרבעט.

בערך אין יענער צייט האָט מיין יוגנט־חבר משה שייקע מיך באַקענט מיט די ערשטע פאַרשטייער פון דער נאָר־וואָס אַנטשטאַנענער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר: יצחק מלאך (בראַנדשאַפּט), חוה און שמחה וואַגאַ, שלמה לויבגאָט, ברכה מונדלאַק, חנהלע ליפשטיין, מענדל ליפּסקי א״אַ.

אָט צו די אַלע אויבן־דערמאָנטע, זענען מיר, די קינדער פון דער נאָווי־דוואָרער אָרעמקייט, שולדיק אַ גרויסן דאַנק. אָרעם און שפל איז דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן אין שטעטל געווען אין יענע יאָרן. אויסער די אַלע חברות: הכנסת אורחים, חברה קדישא, חברה בחורים, חברה תהילים, און גאָר אַ קליינע גרופּע ציוניסטן, — איז נישט געווען ווער עס זאָל טראַכטן און זאָרגן וועגן דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן מצב פון דער יוגנט אין שטעטל, וואָס האָט געחלומט און געבלאָנדזשעט, געזונגען ראָמאַנטישע לידער און געזוכט אַ וועג אין לעבן.

ווי האָט דעמאָלט געלעבט די יוגנט? שבת, נאָכן טשאָלנט, פלעגט די יונגוואַרג גיין טאַנצן אויף דער לאַנקע הינטער דער שטאָט און זיך לאָזן ווילגיין מיט די „ליבעס־לידער", ווי:

„מאַמע, מאַך מיך חתונה,
זאָל שוין זיין מיט אַ וועבער,
דער חתן וועט קומען צו דער חופּה
אין אַ קאָטש מיט גומענע רעדער"...

דאָס שטעטל האָט אין יענע יאָרן אפילו נישט פאַרמאָגט קיין איין ביבליאָטעק, ווו אַ יוגנטלעכער זאָל נעמען אַ ביכל צום לייענען. מיט איין וואָרט, די יוגנט איז געוואַקסן ווי קראָפּיווע אויף אַ פאַרוואָרלאָזט פעלד. און טאַקע נאָר, אַ דאַנק די אויבנדערמאָנטע אינטעלי־גענטע, באַלעבאַטישע זין און טעכטער, וועלכע האָבן זיך געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט צווישן דער יוגנט אין שטעטל און געוואָרן אונדזערע וועגוויי־זער און לערער אין לעבן, — האָבן מיר, די קינדער פון דער נאָווי־דוואָרער אָרעמקייט, זיך אויסגעלערנט שרייבן, לייענען און זענען אויסגעוואָקסן צו באַוווסט־זיניקע מענטשן.

דער גרעסטער טייל פון די אויבן־דערמאָנטע זענען שוין אויפן עולם האמת, אַ טייל — מיט אַ נאַטיר־לעכן טויט און אַ טייל אומגעקומען דורך די נאַצישע הענקערס. מיר זענען מחויב זיי צו דערמאָנען. אַ סך זענען מיר שולדיק זייערע ליכטיקע נשמות.

זיי האָבן אונדז אַרויסגעפירט אויף די ברייטע שליאַכן פון דענקען און וויסן. צוביסלעך איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן דער ענין פון קלאַסנקאַמף און ווידער־שטאַנד קעגן אַלע אומגערעכטיקייטן, און וואָס איז דער וועג צו מאַכן פולקאָמער און שענער דעם מענטש און די וועלט.

עס ווערט גוט אויף דער נשמה ביים דערמאָנען יענע יאָרן, יענע הערלעכע זומער־פאַרנאַכטן, ווען דער עולם יונגוואַרג שפּאַצירט אויפן וואַרשעווער שאָסיי, יעדער פירער — מיט זיין גרופּע יוגנטלעכע, און מען רעדט און מען שמועסט מעניני דיומא, מען שטעלט פראַגן און מען ענטפערט, עס ווערט ליכטיקער און קלאָרער פאַר די פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרחלומטע און די האָפענונג וואַקסט...

יענע אויפקלערונגס־אַרבעט האָט געפירט צו מעשים און געבערענגט רעזולטאַטן. זי האָט געבערענגט צו פאַרשטאַרקונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר, יוגנטלעכע, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן און אין אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט. דער אידעאַל איז דעמאָלט געווען אַן אַרבעטס־טאָג פון צוועלף שעה... און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן און שטרייקן.

## נאָך 1905

די קאָנסטיטוציע, מיט וועלכע די רוסישע פעל־קער זענען „באַגליקט" געוואָרן אין יאָר 1905, האָט זיך אויך אין נאָווי־דוואָר געלאָזט פילן. איך געדענק נאָך, ווי דער עולם אַרבעטער האָט זיך פאַרזאַמלט אויף די גאַסן און מיט פרייד אין די אויגן דיסקוטירט וועגן דער גרויסער געשעעניש. אַלע זענען געווען באַגייסטערט און יום־טובדיק און מען האָט זיך געפרייט מיט די חברים, וועלכע זענען נאָר־וואָס באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות. מען האָט געמיינט, אַז מיט דער קאָנסטיטוציע וועט פאַרווירקלעכט דער לאַנג־יאָריקער חלום פון אַלע פעלקער אין גרויסן רוסלאַנד. אָבער די פרייד האָט נישט לאַנג געדויערט, אין משך פון געציילטע טעג האָט זיך אַלץ פאַרענדערט, בלוט האָט זיך געגאָסן אויף די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס אין די שטעט און שטעטלעך פון דער צוואָרפענער

רוסישער אימפּעריע. די צאַרישע רעאַקציע מיט איר טרויעריק־באַרימטע „שוואַרצע מאה" האָבן דערטרונקען אין בלוט דאָס ביסל דעראָבערטע פרייהייט און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער זענען ווידער פאַרשפּאַרט געוואָרן אין די תפיסות. אַ ביטערער ייאוש האָט אַרומגענומען די האָרעפּאַשנע מאַסן און נאָך דעם האָט די אַרבעטער־באַוועגונג פאַרזונקען אין אַ שטילקייט — אַ שטילקייט פאַר שטורעם...

אויך אין נאָווי־דוואָר האָבן די געשעענישן געהאַט זייער ווירקונג און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך אָנגעזעצן דער ייאוש. עטלעכע פון די אָרטיקע אַרבעטער־טוער זענען ווידער פאַרשיקט געוואָרן אין טורמע און אַנדערע זענען אַוועק קיין אויסלאַנד.

די נאָווי־דוואָרער יוגנט איז ווידער געבליבן פאַראיינזאַמט, אָן אַ באַוועגונג און אָן פירנדיקע חברים. אומעטום און ביי יעדן האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס טוט מען ווייטער? זיך אומקערן צום אַלטן לעבנסשטייגער, אָדער גאָר זיך באַגנוגענען מיט די שבתדיקע שפּאַצירן און פאַרברענגעכצן אויף דער הינטערשטאָטישער לאָנקע — נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין דערקענט דעם נוסח פון אַ נייעם לעבן, אין סביבהס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און אין לייענקרייזן פון יידישער ליטעראַטור? — ניין, דאָס איז געווען אוממעגלעך!

מען האָט אָנגעהויבן זוכן אַ וועג, ווי זיך אויסצולעבן, נאָך די פּאָליטישע אַנטוישונגען און רעזיגנאַציעס, אויף נייע שטחים.

## מען שפּילט טעאַטער

צו יענער צייט האָט זיך מיט אונדז נענטער באַפריינדעט שאול מאָגעלניצקי, דער זון פון נייעם נאָווי־דוואָרער איינוווינער, דער ליטוואַק ר' ישראל מלמד. אַן אינטעליגענטער בחור איז ער געווען מיט אַ פיינעם חוש פאַר טעאַטער און ער האָט אונדז געברענגט צו שפּילן טעאַטער. אונטער זיין רעזשי האָבן מיר אָנגעהויבן רעפּעטירן די פּיעסע „דער ווילדער מענטש" פון יעקב גאָרדין. פון די באַטייליקטע געדענק איך: שאול מאָגעלניצקי, זיין שוועסטער באַשקע, יעקב ראָזנשטיין, יענקל שפּילבערג („וואַסקע"), גאַפּענקאָ (נישט קיין נאָווי־דוואָרער) א"אַ. צווישן די אַלע שפּילער בין איך געווען דער סופליאָר.

אין יענער צייט זענען אין נאָווי־דוואָר אויך אויפגעפירט געוואָרן אַנדערע פּיעסן ווי „די ברידער לוריע". אַלע פאָרשטעלונגען זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך די אָרטיקע אַמאַטאָרן־גרופּן. לויט אַ געדרוקטער פּראָגראַמקע, וואָס האָט זיך אָפּגעהיטן, איז „די ברידער לוריע" געשפּילט געוואָרן דעם 6טן אַפּריל 1908, מיט דער באַטייליקונג פון די ביידע שוועסטער יעראָזאַלימסקי, נחמן און קריינע קיסין, שאול מאָגעלניצקי, פייוול אייזנבערג, שמואל סטאַניסלאַווסקי, שטיין, סעמיאָנטעק, גאַפּענקאָ און מ. אָפּענהיים — דער רעזשיסער.

ס'זענען אויך געשפּילט געוואָרן „גאָט, מענטש און טייוול" פון יעקב גאָרדין און „חינקע פּינקע" פון אברהם שמר, רעזשיסירט דורך חיים קאָנאַסטער, מיט דעם אָנטייל פון חיים קאָנאַסטער, פייגע רויזע סטאַשעוויטש (איצט די פרוי פון חיים זאַלצמאַן), שפּילבערג, טשיזשע פינקלשטיין און הערמאַן ראַדזינער. דוד משהלע שעפּסלס האָט אין דער מוזיקאַ־

Театръ Еврейско-нѣмецкій

*въ городѣ Новомъ-Дворѣ.*



*Труппа любителей подъ управлен. Н. КИСИНОМЪ*

*Главный Режиссеръ М. ОФНАЕМЪ*

**въ Воскресенье, 6-го Апрѣля с. г.**

# „БРАТЬЯ ЛУРЬЕ"

Пьеса съ пѣніемъ въ 4-хъ дѣйствіяхъ, Я. ГОРДИНА.

| | |
|---|---|
| Гедалья Лурье | г. Н. Кисинъ |
| Фруме Нте | m-lle Б. Ерусалимская |
| Ривкеле, ихъ дочь | „ А. Ерусалимская |
| Товія Лурье | г. Могильницкій |
| Янкеле, его сынъ | г. Г. Гопенко |
| Раввинъ | г. М. Офнаемъ |
| Сара Двойра, его жена | m-lle К. Кисинъ |
| Альтеръ Ципесъ | г. Ф. Айзенбергъ |
| Рахміелъ, его сынъ | г. Ш. Станиславскій |
| Служанка | m-lle Д. Сементокъ |
| Докторъ | г. Ф. Штейнъ |

Канторъ, хоръ рабочіе и гости.

**Начало въ 8½ часовъ вечера**



Печ. разр. г. Новый-Дворъ 28 Марта 1908 г.
Начальникъ Земской Стражи Капитанъ Максимовъ.
Тип. Якова Кельтера, Варшава, Рымарская 8.

אַ פּראָגראַמקע פון דער פאָרשטעלונג „די ברידער לוריע"

לישער קאָמעדיע „חינקע פינקע" געשפּילט דעם קעניג, און סעם באָרנשטיין, איך בכבודי ובעצמי, בין געווען זיין אַדיוטאַנט.

עס קרעקט מיך נאָך איצט אין האַלדז די קליאַ־טשעדיקע פּראָזע פון אברהם שמר, די אַנטיסעמיטישע „ישה", וועלכע איך האָב געדאַרפט האַלטן פאַר דעם קעניג קעגן דעם צאַרטן יידישן דאָקטער אַבראַם. איך דערמאָן זיך מיט אַ שמייכל, ווען מען האָט דעמאָלט איבערגעגעבן די ראָלע צו שפּילן אַן אַנטיסעמיט... איך האָב דעמאָלט געדאַרפט דערקלערן פאַרן קעניג, אַז זיין לייבדאָקטער אַבראַם „איז דאָך ניכט נאָר זיין ערצט, דער נעמט זיך אויך דאַס רעכט זיין לערער צו זיין, זאָלכע פרעכהייט פון איינער יודען"...

עס איז אויך אין יענער צייט געשפּילט געוואָרן „חאַסיע די יתומה" פון יעקב גאָרדין, אונטער דער רעזשי פון דעם גרויסן ליבהאָבער פון יידישער ליטע־ראַטור און טעאַטער, דער באַקאַנטער צאָן־דאָקטער שמואל גראַבמאַן, מיט דער באַטייליקונג פון העלאַ יעראָזאַלימסקי, אין דער הויפּט־ראָל, נחמן און קריינע קיסין, שאול מאָגעלניצקי א"אַ. עס איז אויך געשפּילט געוואָרן די פּיעסע „אחשורוש". פון די אָנטיילנעמער געדענק איך בלויז דעם נאָמען איטשע באָרנשטיין.

כמעט אַלע פאָרשטעלונגען זענען אויפגעפירט געוואָרן אין דער געביידע פון די פייערלעשער — „די שאָפּע". פון אַלע טעאַטער־אויפפירונגען האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון יעקב גאָרדינס „חאַסיע די יתומה". סיי די רעזשי און סיי דער אינהאַלט האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק, און ספּעציעל דער אופן שפּילן פון די צוויי טראַגישע פיגורן; העלאַ יעראָזאַלימסקי אַלס יתומה און שאול מאָגעל־ניצקי אַלס איר פאָטער.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך געזען די זעלבע פּיעסע אין ניו־יאָרק, אויסגעפירט דורך פּראָפעסיאָ־נעלע אַקטיאָרן, מיט דער דעמאָלט באַרימטער שוי־שפּילערין מאַדאַם קעני ליפּצין אַלס חאַסיע, נאָר די ניו־יאָרקער פּראָפעסיאָנאַלן האָבן נישט אַזוי פילבאַר



די פאָרשטעלונג „חינקע־פינקע", נאָווי־דוואָרער אַמאַטאָרן־טרופּע, רעזשי — חיים קנאַסטער, אויפגעפירט אין דער שאָפּע פון די פייערלעשער, 1908

פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: הערמאַן ראַדזינער

צווייטע ריי: סעם באָרנשטיין, דוד גאַלאַוויצקי, שמואל יונה בוכנער, טשיזשע פינקלשטיין—יאַרזשאָמבעק

דריטע ריי: אברהם באָרנשטיין, יהודית סעמיאַטיצקי־ליבערמאַן, חיים קנאַסטער, פייגע רויזע סטאַשעוויטש־זאַלצמאַן, יענקל שפּילבערג

אַרויסגעבראַכט דעם אונטערשיד צווישן אָרעמע־לייט און גבירים, ווי עס האָבן דאָס באַוויזן אונדזערע אַמאַטאָרן, אַ מאָל אין נאָווי־דוואָר.

די פאָרשטעלונגען אין יענע יאָרן האָבן אַריינגעבראַכט יום־טוב אין וואָכעדיקן לעבן. דריי חדשים פלעגן דויערן די פאָרבערייטונגען, מען פלעגט רעפּעטירן יעדן שבת נאָכן טשאָלנט אין וואַלד, אויפן „דריטן וויאָרסט" און שבת צו־נאַכטס ביי דער משפּחה מאָגעלניצקי אין דער היים. אַרום די טעאַטער־אויפפירונגען האָבן זיך גרופּירט אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געבענקט נאָך אַ קולטורעלער סביבה. און כאָטש נישט אַלע אויבן־אויסגערעכנטע פּיעסן זענען געשטאַנען אויף דער זעלבער קולטורעלער הייך, האָבן זיי יעדנפאַלס פאַרשטאַרקט דעם אינטערעס צו אונדזער מאַמע־לשון און דערמוטיקט שעפערישע כוחות פאַר ווייטערדיקער קולטור־אַרבעט אין שטעטל.

את חטאי אני מזכיר היום... אַז פון יענער צייט אָן האָט זיך ביי מיר אַנטוויקלט די שטאַרקע נייגונג צום יידישן טעאַטער־וועזן, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָב איך דאָ, אין אַמעריקע, זיך אָנגעשלאָסן אין „קונסט־רינג", אַ דראַמאַטישע שולע ביי דעם יידישן קונסט־טעאַטער אין ניו־יאָרק, ווו איך האָב מיטגעשפּילט אין די מאַסן־סצענעס פון „דיבוק" און אויך אין איינע פון די קליינע און וויכטיקע ראָלן אין לייוויקס „שמאַטעס". גאָר אָנגענעמע זכרונות זענען מיר געבליבן פון אָט דעם טעאַטער־פּעריאָד אין מיין אַמעריקאַנער לעבן.

## אין נאָווי־דוואָר — 1911

נאָך צוויי יאָר לעבן אין אַמעריקע בין איך געקומען אויף אַ באַזוך קיין נאָווי־דוואָר, ס׳איז געווען אַ טאָג פאַר תשעה־באב אין 1911.

צוליב אַ קלייניקייט, וואָס איך האָב נישט געהאַט צו באַצאָלן דריי רובל קאָפּ־שטייער, האָט מען מיך פאַרהאַלטן אַ וואָך צייט אין דער טורמע פון אַלעקסאַנדראָווסק, וואָס איז דעמאָלט געווען דער גרענעץ־פּונקט צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד, ביז מען האָט מיך אָפּגעשיקט מיט אַן „עטאַפּ" קיין פּראַגע אין דער „פּערעסילנער" טורמע, און פון דאָרט, אין עטלעכע טעג אַרום, קיין מאָדלין.

אַן אויסגעמאַטערטער בין איך אָנגעקומען פון די אַלע טורמעס, און אַ מאָדנע געפיל האָט מיך באַהערשט, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים נאָווי־דוואָרער וואָקזאַל און איך האָב בגנבה געכאַפּט אַ בליק פון דעם אַרעסטאַנטן־וואַגאָן. אין דעם מאָמענט האָט מיך באַמערקט אַ נאָווי־דוואָרער ייד, יוסף וואַלענקאָווסקי, וואָס איז געשטאַנען אויפן פּעראָן, פאַרן וואָקזאַל. „דאָס ביסטו, שמואל באָרנשטיין, שמחהס זון" — האָט ער פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן, און ער איז אַוועק מיט אַ געשריי: „איך גיי שוין רופן דיין טאַטן!"

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים מאָדלינער וואָקזאַל, דאָרט האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ מיליטערישע וואַך. מען האָט אַלע פון „עטאַפּ" געשלאָסן אין קייטן און אָפּגעפירט אין שטעטל אַריין. מיט מיר זענען געווען נאָך דריי אַרעסטאַנטן, עזריאל קאָרנשטיין, פּייוול יואל זעלנערס און איינע אַ פרוי פון די „פריילעכע הייזלעך".

אויפן וועג פון מאָדלין קיין נאָווי־דוואָר האָט אונדז דערזען אַ יונגערמאַן פון דער משפּחה זיידנבערג, וועלכער איז געפאָרן אויף זיין וואָגן פון דער פעסטונג. ווען ער האָט דערזען ווען די סאָלדאַטן פירן, האָט ער אָפּגעשטעלט פערד און וואָגן, און געבעטן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונדז פאָרן אויף זיין וואָגן ביז צום מאַגיסטראַט אין נאָווי־דוואָר. אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער באַקומען אַ קלאַפּ פון אַ ביקס אויף דער פּלייצע.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צופוס מיטן „מיליטערישן פּאַראַד" אין שטאָט אַריין. דאָרט האָט שוין געוואַרט מיין פאָטער מיט עליע מאיר גראַבמאַן, דער פריזירער, וועלכער האָט ערוב געווען פאַר מיר און געחתמעט, אַז איך בין אַן אָרטיק־געבוירענער. מען האָט מיך סוף־סוף באַפרייט, און אין באַגלייטונג פון מיין פאָטער בין איך אַריין צו מיין מאַמען אין שטוב, אַ מידער און אויסגעמאַטערטער פון דער אַזוי גערופענער „לוסט־רייזע".

ס׳איז שווער צו שילדערן די באַגעגעניש מיט מיינע עלטערן. אין שטוב האָט שוין אַרומגעשוועבט די „איכה"־שטימונג פון תשעה־באב, און דאָך האָט מען געקענט פילן דעם פריידיקן ציטער פון יעדן איינעם אין דער משפּחה, בעת מען האָט זיך צעקושט מיט דעם גאַסט פון אַמעריקע.

חברים זענען געקומען אָפּגעבן שלום און אַ שמועס האָט זיך פאַרצויגן העט, ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. נאָך עטלעכע שעה שלאָף בין איך אויפגעשטאַנען, פול מיט מידקייט נאָך מיין אַרעסטאַנטסקער רייזע. און ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען מיין מאַמע האָט

אין יענעם תשעה־באב־פרימאָרגן מיך מכבד געווען מיט אַ פרישטיק און דערביי געזאָגט: „דער וואָס לעבט אייביק וועט אונדז מוחל זיין. מיין קינד, דו ביסט היינט צו שוואַך צו קאָנען פאַסטן“...

בערך פיר חדשים בין איך פאַרבליבן אין נאָווי־דוואָר, און נאָך דעם ווי איך בין צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק האָט זיך מיר אין משך פון אַ גאַנץ יאָר געחלומט יעדע נאַכט מיין שטעטעלע, מיט אַלע מיינע נאָענטע און אייגענע. און נאָך איידער איך האָב זיך איינגעפונדעוועט אין ניו־יאָרק, האָב איך שוין ווידער געטראַכט וועגן אַ באַזוך אין נאָווי־דוואָר. און מיט אַ תנאי צו זיך אַליין, אַז דאָס מאָל זאָל איך נישט דורכ־מאַכן די אַלע אַרעסטאַנטסקע פּאַסירונגען און מיין רייזע זאָל זיין מער הצלחהדיק...

ערשט מיט איין און צוואַנציק יאָר שפּעטער האָב איך געקענט באַשיידן מיינע אַלע שטעטל־חלומות און ווידער קומען קיין נאָווי־דוואָר.

## אין נאָווי־דוואָר — 1932

ס'איז געווען אין 16טן יולי, אַ פרייטיק פאַר נאַכט, איך בין געפאָרן פון ווארשע קיין נאָווי־דוואָר, צוזאַמען מיט מיין פלימעניצע מאַשעלע פּאַפּיער און מיין ברודער פייוול. גיך האָט אונדז דער אויטאָ גע־ברענגט קיין נאָווי־דוואָר, אין משך פון פערציק מינוט. נישט ווי אַ מאָל, ווען מען פלעגט זיך שלעפּן מיט דעם אָמניבוס אַ גאַנצע נאַכט, אָדער אַנדערהאַלבן שעה מיט דער באַן. מיין ברודער האָט אַ פרעג געטאָן: „שמואל, דו דערקענסט דעם שלאַבאַן?“ און שוין האָב איך ווידער געהאַט פאַר זיך מיין שטעטעלע.

דאָס מאָל האָב איך אין נאָווי־דוואָר געפונען גאָר אַן אַנדערן ציבור, מיט יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, פיינע ביבליאָטעקן און מאָדערנע יידישע שולן. אַ מחיהדיקן יידיש האָב איך דאָרט געהערט און איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זען די אַנטוויקלונג פון דער יוגנט, אין פאַרגלייך מיט דער צייט פון יאָר 1905.

איינס האָט זיך נאָך נישט געענדערט — די ליב־שאַפט... די איבערגעגעבנקייט פון איינעם צום אַנדערן. איך האָב ווידער געזען מיין שטעטל נאָך צוויי צענדליק יאָר און זיך איבערצייגט, אַז ליבשאַפט און איבערגע־געבנקייט האָבן די יאָרן מיט גאָרנישט געמינערט.

## אַ בליק אויף צוריק

עס איז בכלל אַ וווּנדערלעך געפיל, ווען מען קערט זיך אום, נאָך לאַנגע יאָרן, צו יענעם אָרט, ווו מען האָט צום ערשטן מאָל דערקענט די אותיות פון אונדזער אלף־בית, מיט וועלכע איך שרייב איצט אָט די אומעטיקע, פאַרבענקטע שורות...

ווו איז איצט די שטוב, פון וואַנען איך בין אין סעפּטעמבער 1909 אַוועק אין דער גרויסער וועלט אַריין צו מאַכן פאַר זיך אַ וועג אין לעבן?

נישטאָ, פאַרברענט. בלויז ברידער־קברים זענען דאָרט פאַרבליבן. אַלץ, וואָס איז דיר אַזוי ליב און טייער, איינגעבאַקן אין האַרצן, איז אַזוי שווידערלעך אומגעקומען. בלויז קליינע רעשטלעך פון די ליבע און נאָענטע זענען דורך אַ נס געראַטעוועט געוואָרן, נאָר שרידים זענען פאַרבליבן.

איך זע תמיד פאַר זיך דאָס שטעטעלע, איך זע עס אויף דער וואָר און איך חלום דערמיט.



אסתר רבקה, די מוטער פון סעם באַרנשטיין, מיט אירע אייניקלעך נאָכן ליכט־בענטשן

איך זע פאַר זיך דאָס שטיבעלע, ווו איך האָב אין חדר געלערנט און ווו ר׳ זלמן מאָהילעווער האָט מיר צום ערשטן מאָל אַן אַלף געוויזן; איך זע פאַר זיך די געשטאַלטן פון דעם האָפּערדיקן עולם אויף דער אַר־בעטער־בירזשע; איך זע פאַר זיך די אַלע שיינענדיקע פּנימער פון דער קולטור־דורשטיקער יוגנט; און די טעאַטער־ליבהאָבער און טעאַטער־שפּילער מיט דער פייערלעכקייט בעת די הכנות און מיט דער באַגייס־טערונג בעת די פאָרשטעלונגען, און נאָך און נאָך אַזעלכע טייערע און אָנגעווייטיקטע דערמאָנונגען פון געזעלשאַפטלעכן און פּערזענלעכן לעבן... ווי אין אַ מיראַזש זע איך דאָס אַלץ, און איך טראַכט: וואָס איז פון דעם געוואָרן?

יעדער פון אונדז היט אין האַרצן די גאָלדענע פעדעם, וואָס בינדן אונדז צו אונדזער אַלטער היים. דאָס איז אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דעם היימישן שטעטל. מיר בענקען נאָך די „פּיאַסקעס״, צום מאַרק, צום שטאָט־גאָרטן, צו די הערלעכע צוויי טייכן נאַרעוו און ווייסל, צו די אַלע פעלדער און גערטנער ביים שטעטל, און אָפט מאָל אויך צו דעם בית־המדרש און צו דער שול...

דאָס איז אַ בענקשאַפט צו אַ יוגנט, וואָס איז פאַר־גאַנגען, צו אַ ליכט, וואָס איז פאַרשוווּנדן צווישן די שאָטנס פון אונדזער גרויליקער צייט. אַ חיה־רעה איז געקומען אין יאָר 1939 און האָט אַלץ פאַרצוקט.



סעם באָרנשטיינס טרעפונג מיט מענדל ליפּסקי (דער „לאָמער מענדל״), איינער פון די וועטעראַנען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר

אברהם גאָלדבערג / ניו־יאָרק

# פון בית המדרש צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג

אין מיין זכרון זע איך נאָווי־דוואָר ביים אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט: אין סאַמע מיטן פון שטעטל — דער מאַרק; אַ גרויסער לערער פּלאַץ און אַ פּלומפּ. נישט ווייט פון פּלומפּ — די „סטראַגאַנעס״, פון ביידע זייטן — געוועלבער, אָבער צווישן זיי, אויפן גרויסן פּלאַץ — איז אַ גאַנצע וואָך ליידיק, מען זעט נאָר די וואַסערטרעגער, וואָס פּלומפּן וואַסער און צע־טראָגן די עמערס פאַר די שטיבער פון די רייכע. נאָר מיטוואָך און פרייטיק, אין די מאַרק־טעג, רודערט זיך אויפן מאַרק; פּויערים פאָרן אָן פון די אַרומיקע דערפער, זייערע וועגענער — באַלאָדן מיט פאַרשידענע תבואות, קאַרטאָפל, עופות, אייער, פּרוכטן; מען קויפט און מען פאַרקויפט — אַ גילדן אַרויף, אַ גילדן אַראָפּ, ווער עס פאַרדינט און ווער עס פאַרלירט.

נישט ווייט פון מאַרק — אַ בלאָטיק געסל. דאָרט איז געשטאַנען דאָס בית המדרש, אַקעגן די בלאָטיקע קאַלוזשעס. דאָרט האָב איך אויך געפילט פרייד, ווען עס פלעגן אָנקומען די פראָסטיקע ווינטערטעג און מיר, בחורים און מיידלעך, פלעגן זיך גליטשן אויף די פאַרפרוירענע בלאָטעס. דאָרט, פון בית המדרש, האָט זיך אָנגעהויבן דער וועג פון מיין לעבן.

*

געבוירן געוואָרן בין איך אין נאָווי־דוואָר ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט. מיין מאַמען האָט מען

גערופן סימע איטע די „זאָגערין״, ווייל אין שבתים און אין ימים־טובים פלעגט זי זיצן אין דער ווייבער־שול ביי אַ גרויסן שטענדער, אַרומגערינגלט מיט ווייבער, און פאַר זיי „פאַרזאָגן״ די תפילה, וואָס דער בעל־תפילה לאָזט הערן אין בית המדרש פאַר די מענער. מען האָט איר אויך גערופן סימע די „רביצין״, ווייל זי האָט געלערנט מיט מיידלעך דאַוונען, און זיי מדריך געווען אין אַלע דינים און מינהגים, ווי צו זיין אַ פרומע יידישע טאָכטער.

אַז עמעצער איז חס־ושלום קראַנק געוואָרן און די דאָקטוירים האָבן נישט געקאָנט העלפן, איז מען געקומען צו דער מאַמען, זי זאָל לויפן „איינרייסן״ אויפן בית־עולם, — פלעגט זי טאַקע, אָן שהיות, אַוועק אויפן בית־עולם צו אַ צדיקס „אהל״, אויסבעטן אַ ישועה פאַר דעם קראַנקן.

גאָר פרום איז מיין מאַמע געווען און זי האָט גאָטס נאָמען נישט אַראָפּגעלאָזט פון אירע ליפּן. זי איז תמיד געווען פאַרטאָן אין תפילות און געהאַט האָט זי אַ שם מיט איר ערלעכקייט. זי האָט אונדז אַלע, אירע קינדער, געהאָדעוועט אין גרויס אָרעמקייט. מיר האָבן קוים געהאַט מיט וואָס דעם טאָג איבערצוקומען, פון דעסטוועגן האָט זי פון אירע אָרעמע גראָשנס אויך געטיילט צדקה.

פרייטיק פאַר נאַכט האָט זי ביי די רייכע פון שטעטל צוזאַמענגענומען עסנוואַרג פאַר די אָרעמע־לייט און דערנאָך עס פונאַנדערגעטיילט, וועמען — מער און וועמען — ווייניקער, לויט איר איינזען. זי איז געווען גליקלעך ווען דאָס קוישעלע איז געווען פול און ס׳איז געווען וואָס צו צעטיילן.

*

אַז איך בין אַלט געוואָרן אַכט יאָר, האָט די מאַמע באַשלאָסן מיך אָנצודינגען אין חדר פון אהרן מלמד, וועלכער האָט געשמט פאַר איינעם פון די בעסטע מלמדים אין נאָווי־דוואָר; אַז פון זיין חדר קומען אַרויס גרויסע לומדים.

דאָס חדר פון אהרן מלמד איז געווען ביי יאַנקעלעקן אין הויז און באַשטאַנען פון צוויי צימערן, אַ שלאָף־צימער און דאָס חדר, וווּ עס זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן און אַרום די טישן — לאַנגע בענק, וווּ מיר זענען געזעסן ביים לערנען. אַחוץ דעם זענען אין חדר געווען אויסגעשטעלט אַלטע שטולן און אַלטע זייגערס, ווייל אהרן האָט געהאַט אַ סך פּרנסות און אַחוץ לערנען האָט ער זיך אויך מתעסק געווען מיט פאַרריכטן אַלטוואַרג.

אהרן מלמד האָט ראשית כל געפאָדערט פון זיינע תלמידים דרך־ארץ און געהאָרכזאַמקייט. אַ שטרענגער מענטש איז ער געווען מיט אַ פאַרזויערט פּנים און קליינע, טיפע, בייזע אויגן. דער קאַנטשיק, וואָס ער האָט אַליין אויסגעפלאָכטן, איז תמיד געווען אין זיין האַנט, פאַר יעדער קלייניקייט האָט ער געשלאָגן אָן רחמנות; פאַר אַ שטיף טאָן, פאַר כאַפּן בגנבה אַ שמועס, און אפילו נאָר פאַר אַ ווינק טאָן, — גלייך איז געווען גרייט דער קאַנטשיק. און ווייל ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט, ווער איז דער שולדיקער — צוליב זיין אַריינגעטועקייט אין דער אַרבעט — האָט ער געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, און האָט ער ווען יאָ געפונען דעם שולדיקן, איז שוין יענעם נישט געווען וואָס מקנא צו זיין, ער האָט אים אויפגע־הויבן ביי די אויערן, אַז דאָס ייִנגל איז אַזש בלוי געוואָרן, און ס׳איז געווען אַ ווונדער, וואָס די אויערן זענען נישט פאַרבליבן אין זיינע הענט.

בלויז אין שבת איז אים נישט געווען צו דערקענען, ווען ער איז געקומען „פאַרהערן״, און טאַטע־מאַמע זענען דערביי געזעסן, איז ער געווען אַזוי צוגעלאָזט



דער פּלומפּ

און צאַרט — די גוטסקייט אַליין. אָבער, דאָס ייִנגל האָט גוט געדענקט, אַז ער דאַרף זיך האַלטן ביים פאַרהערן, ווי דער רבי האָט אָנגעזאָגט, און זאָגן דעם פסוק אַזוי, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן אָנקוועלן הערנדיק, ווייל אויב נישט — וועט דער רבי אים נעמען צומאָרגנס אין חדר אויפן צימבל...

נישט אַלעמען האָט דער רבי געשלאָגן. געווען אויך אַזעלכע אויף וועמען דער רבי האָט נישט געטאָרט אַרויפלייגן אַ האַנט, צוליב דעם פאַרבאָט פון די עלטערן, ווייל זייערע קינדער זענען געווען שוואַכע, אָדער, ווייל זיי האָבן נישט געהאַלטן פון דעם רבינס שלאָג־מעטאָדן.

איינער פון די פּריוויִלעגירטע איז געווען דער „טויבער נח". זיינע עלטערן, די שניט־סוחרים, האָבן דעם רבין אָנגעזאָגט, נישט צו לייגן אַ האַנט אויף אים. נח איז געווען אַ קליין און מאָגער אויסגעציטערט ייִנגל, וואָס פאַר אים האָט מען געצאָלט אַ גרעסערן שכר־לימוד, און אַזאַ תלמיד האָט דער רבי זיכער נישט געוואָלט פאַרלירן. אָבער, די פאַרציע קלעפּ, וואָס האָט געהערט נחן, ווען ער האָט זיך פאַרזינדיקט, איז פאַרטיילט געוואָרן אַן אַנדערן. דער „קרבן" איז תמיד געווען חיים משה היטלמאַכערס. להיפוך צום שוואַכן נח איז ער געווען גאָר הויך געוואַקסן, גוט־מוטיק, שטיפעריש און תמיד האָט ער פאַרטיידיקט די שוואַכערע, אָבער דווקא דערפאַר איז ער תמיד געווען אין אַ „ויתרוצצו" מיטן רבין. איינע פון חיים משהס שפּיצלעך איז געווען, דאָס באַהאַלטן אָדער גאָר צערייסן דעם רבינס נייע קאַנטשיקעס, וואָס דער רבי פלעגט אויספלעכטן מיט אַזאַ קונציקייט פון אַ ספּעציאַליסט, אַז זיי זאָלן לאָזן בלויע צייכנס אויפן לייב.

איינער פון די חדר־ייִנגלעך, חיים, דעם רבינס אַ קרוב, האָט זוכה געווען צו אַ סך קלעפּ, ווייל דער רבי האָט אים געוואָלט „מאַכן פאַר אַ לייט". ער האָט אים געשלאָגן אַזוי, ווי ער וואָלט אויסגעפילט אַ הייליקע מיסיע און דערביי פלעגט ער צו אים שרייען: „ממזר, איך וועל פון דיר אַרויסטרייבן אַלדאָס בייז". אָבער, ס'האָט קיין סך נישט געהאָלפן, חיים איז געבליבן דער זעלבער שטיפער.

פון רבינס קלעפּ איז נח געווען געשיצט, לויטן רצון פון זיין טאַטע־מאַמע, אָבער מיר, ייִנגלעך, האָבן זיך דווקא געטשעפּעט, ווי דער שטייגער איז, צו אים — דעם שוואַכן, און אויך צוליב קינאה. נחס עלטערן, די פאַרמעגלעכע, האָבן יעדן טאָג געבראַכט אין חדר אריין פאַר זייער זונדל אַ זעמל באַשמירט מיט גענדזנשמאַלץ. ביי די אַנדערע ייִנגלעך, די קינדער פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן קוים געהאַט ברויט צו דער זעט, איז די סלינע גערינען פון די מיילער... האָבן מיר אים טאַקע פיינט געהאַט, און ווי נאָר ער איז אַרויס פון חדר, האָבן מיר זיך געטשעפּעט צו אים און פאַרפירט מיט אים געשלעגן. שוץ האָט ער אין אַזאַ פאַל געפונען ביים קרעפטיקן חיים משה היטלמאַכערס, וואָס האָט דערפאַר באַקומען זיין לוין — אַ זעמל מיט שמאַלץ.

פריילעך, לאַכנדיק און שטיפנדיק זענען מיר געוואָרן ביים פאַרלאָזן דאָס חדר, ווען ס'איז געקומען די שעה צו גיין אַהיים. באַזונדערס אין די ווינטער־נעכט, ווען מיר פלעגן אַהיימגיין מיט די פּאַפּירענע לאַמטערלעך אין די הענט, וואָס מען האָט אַליין צונויפ־געקלעפּט. מיר, חדר־ייִנגלעך, — איבער די גאַסן פון נאָווי־דוואָר זענען מיר געגאַנגען נאָך די לימודים ביים רבין, ווי מיר וואָלטן אַרויס פון אַ תפיסה — באַפרייט, אויסגעגלייכטע און פריילעכע, און געזונגען לידער. איין ליד אַזאַ איז פאַרבליבן אין מיין זכרון:

„אין נאָווי־דוואָר איז דאָ אַ שמש,
איז ער שוואַרץ ווי אַ בער.
איז ער געגאַנגען אויף אַ חתונה
און צעבראָכן די לאָמטער".

מען האָט אויך געזונגען סתם, אַ ניגון אָן ווערטער. עס רעדט זיך אַזוי — געזונגען, מען האָט געשריען און איבערגעשריען איינער דעם אַנדערן, מען האָט אַזוי אַרום אויסגעלאָדן די כוחות, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין אונדזערע יונגע קערפּערס במשך די לאַנגע חדר־טעג.

מען האָט אויך אָפּגעאָטעמט פרייער, ווען דער רבי איז ערגעץ אַוועק אָננעמען אַ באַשטעלונג, אָן אַלטוואַרג צו פאַרריכטן, און ער האָט זיך פאַרזאַמט. דעמאָלט איז דאָס גאַנצע חדר געגאַנגען „כאַדאַראַם", יעדער איינער האָט געטאָן וואָס ער וויל. אַ ייִנגל איז אַוועק־געשטעלט געוואָרן ביי דער טיר אַלס וועכטער, אָנצו־זאָגן, אַז דער רבי גייט, און ווי נאָר מען האָט דערהערט אַ שאָרך — האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט אויף די בענק, אויפגעמישט אין דער גמרא דעם ריכטיקן דף, און שאַ־שטיל, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

איין מאָל האָט אָבער פּאַסירט, דאָס מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַן אַוואַנטורע מיט אונדזער שטיפער חיים משה היטלמאַכערס בראש און דערפאַר

טייער באַצאָלט, נאָר מער פון אַלעמען, האָט עס געקאָסט חיים משהן אַליין. דער רבי איז דעמאָלט געגאַנגען אָננעמען אַ פּאָר שטולן צו פאַרריכטן, ס'איז געווען אַ ווייטער מהלך — אַזש ביזן פוילישן מאַרק, און חיים משה האָט אויסגערעכנט, אַז דער גאַנג וועט פאַרנע־מען ביים רבין צום ווינציקסטן — אַ שעה. דערווייל האָט ער אַלע, אונטער זיין קאָמאַנדע, אַרויסגעפירט פון חדר צום גרויסן פּלאַץ פאַר דער פאַרברענטער שול. ס'איז געווען אין מיטן העלן טאָג, מיר זענען אַרויס פראַנק און פריי, געלאָפן און געשפּרונגען ווי יונגע ציגן, מיט אַ געפיל, אַז מיר האָבן פאַרכאַפּט די וועלט...

אָבער משה חיימס אויסרעכענונג האָט נישט אויפ־געהאַלטן דעם רבין אַהיימצוקומען פריער, צוליב עפּעס אַ סיבה, און ווען ער האָט אונדז נישט געפונען אין חדר, איז ער אַוועק צו דער אָפּגעברענטער שול, און מיר, צעטומלטע, דערשראָקענע: „אוי, דער רבי! דער רבי!" זענען שנעל צוריק אַוועק אין חדר, זיך אויסגעזעצט אויף די בענק, אויפגעמישט די גמראס און מיט שרעק געוואַרט אויפן ביטערן פּסק.

אַז דער רבי איז נאָך אונדז אַנגעקומען אין חדר אַריין, האָט ער אויסגעזען שטאַרק פאַרמאַטערט, ער האָט געסאָפּעט און קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם, אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון נעמען זיך באַלד צו דער אַרבעט — טיילן קלעפּ אָן אַ שיער. נאָר דאָס, וואָס חיים משה אַליין האָט באַקומען — וואָלט גענוג געווען, אַז ער און מיר אַלע זאָלן דאָס שוין געדענקען אַ גאַנץ לעבן.

✶

צו דרייצן יאָר, נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן בר־מיצווה, האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין בית־המדרש. אין דער פרי און פאַר נאַכט האָט מען דאָרט געדאַוונט און ביי טאָג איז דאָרט געווען אַ ישיבה.

אַרום דעם בית המדרש איז געווען אַ גרויסע בלאָטע, און כדי צוצוקומען צום בית־המדרש, האָט מען אַפילו זומער געמוזט באַנוצן קאַלאָשן. פון דער צווייטער זייט, ביים איינגאַנג צו דער „עזרת נשים", איז געווען אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ מיט אַ סך אָנגעוואָרפענע שטיינער, אַן איבערבלייבעכץ פון אַ בנין. אויף דעם פּלאַץ איז אַ מאָל געשטאַנען די נאָווי־דוואָרער שול, וועלכע איז מיט אַ סך יאָרן צוריק אָפּגע־ברענט געוואָרן. נאָך יינגלוויז האָט איך געהערט רעדן, אַז קהל פּלאַנירט ווידער אויפצובויען די שול, אָבער מען האָט זי נישט אויפגעבויט. נישט ווייט פון בית־המדרש איז געשטאַנען די מיקווה, אַ חורבה, שטיקער זענען געפאַלן פון איר, אָבער קהל האָט נישט פאַרריכט, צי צוליבן פעלן פון מזומן, אָדער גאָר צוליב דער „לאָז מיך געמאַך"־פּאָליטיק פון די קליין־שטעטלשע פּרנסים. ביי נאַכט איז דאָרט געווען אַזאַ וויסטקייט ווי הינטער די הרי חושך; מען האָט דערציילט, אַז שדים און גלגולים אַרבעטן דאָרט מעשים, און ס'איז געווען אַ פּחד אַדורכצוגיין.

דאָרט, אין דער וויסטעניש, איז אויך געווען אַ מקום פאַר איינעם פון די צוויי משוגענע שמואלס. אָט דער שמיל „קאָלבאַס" אָדער „טרייפענער ביין" — ווי די יינגלעך פלעגן אים רופן און באַקומען דערפאַר אָנגעבראָכן די ביינער — פלעגט ביי נאַכט אַרומלויפן אַרום דער אָפּגעברענטער שול און שרייען: „אמן! יהי שמיה רבה! יהי שמיה רבה!". זיינע געשרייען האָבן נאָך פאַרגרעסערט דעם פּחד. האָט מען, כדי דאָרט דורכצוגיין, בעסער גענומען דעם לענגערן וועג, דעם וועג דורך די גרויסע בלאָטעס, ווו ס'האָבן געלויכטן די לאָמפּן פון בית־המדרש.

אויך ביים אַריינגאַנג אין בית־המדרש האָבן נישט געפעלט קיין שאָטנס. אין דעם לאַנגן פאָדערהויז, פאַר דער טיר, איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַסטן מיט שמות און אויף די שמות — דאָס טהרה־ברעט, וואָס אויף דעם האָט מען מטהר געווען די מתים פון שטעטל. אונדז,



סימע איטע „די זאָגערין", די מוטער פון אייב גאָלדבערג

ייִנגלעך מיט די צעשפּילטע פֿאַנטאַזיעס, האָט זיך אַלע מאָל געדאַכט, ווען מיר זענען דאָרט פֿאַרבייגעגאַנגען, אַז מיר זעען די מתים, ווי זיי שטייען אויף פֿון טהרה־ברעט...

אינעווייניק, אין בית־המדרש, זענען געשטאַנען לאַנגע טישן מיט בענק פֿאַר מתפּללים און לערנערס, און שטענדערס פֿאַר די מער פּאַרטיפּטע, וואָס האָבן געלערנט ביחידות. אויף דער מיזרח־וואַנט איז געהאַנגען דער לאַנגער, אַלטמאָדישער זייגער מיט די צוויי שווערע געוויכטן, וואָס גדליה לייזער דער שמש האָט אַלע טאָג אָנגעצויגן. לעבן דעם זייגער איז געהאָנגען דער מעשענער חנוכּה־לאָמפּ, וואָס האָט געוואַרט אַ גאַנץ יאָר, אַז גדליה לייזער זאָל שוין אַריינשטעלן די ליכטלעך און מאַכן די ברכה אויף נר של חנוכּה. ווי נאָר מען האָט אָנגעצונדן דעם חנוכּה־לאָמפּ און גדליה לייזער האָט געמאַכט די הויכע ברכה, האָבן שוין חברה קונדסים געהאַט וואָס צו טאָן. אָנשטאָט צו ענטפֿערן מיט אַ הויכן „אָמן“ — זענען זיי אַרויס מיט פֿאַרשידענע ברומערייען און געשרייען, ווי „בורקע באָרשט“ (ווייל ברוך האָט געהאַט אַ נאָז ווי רויטער בוראַק) אָדער „בילקע פּרעסער“. גדליה לייזער דער שמש פֿלעגט דעמאָלט לאָזן שטיין די חנוכּה־ליכט, אַראָפּכאַפּן דעם גאַרטל און יאָגן זיך נאָך די קונדסים.

אויף דער אַנדערער זייט אין בית־המדרש איז געשטאַנען אַ גרויסע שראַנק מיט אַלטע, צעריסענע און פֿאַרגעלטע ספֿרים. אַ נײַ ספֿר האָט זיך צווישן זיי אָנגעזען ווי אַ זעלטענהייט. דערנעבן איז אויך געשטאַנען דער גרויסער קאַכלענער אויוון, וואָס איז אויך אין די קאַלטע ווינטערטעג נישט געוואָרן באַהייצט, ווייל ס'איז נישט געווען אויף קויפֿן קוילן, סיידן, אַז דער שטאָט־דאָזאָר ר' בנימין יונגוויץ, אָדער יוסף שמאַטשאַש פֿלעגן זיך מרחם זיין אויף די לערנער און האָבן מנדב געווען אויף קוילן נאָך דעם ווי מען האָט זיי מכבד געווען מיט אַ „פּעטע“ עליה.

אַז דער קאַכלאויוון האָט געברענט, איז געוואָרן לעבעדיק אין בית־המדרש און ייִדן מכּל המינים זענען געקומען זיך אָנוואַרעמען, דער עיקר — די דראָשקאַזשעס, וואָס האָבן גאַנצע טעג געפֿירט אין דרויסן. יעדער האָט געשטופּט זיין פּלייצע צום קאַלטן אויוון, און אַז ס'איז געקומען די שעה פֿון מנחה־מעריב, האָט נישט אויסגעפֿעלט צו אַ מנין...

לערנער, אָדער „באַנק־קוועטשער“ — ווי מען האָט גערופֿן די וואָס האָבן תּמיד געלערנט אין בית־המדרש — זענען דעמאָלט געווען ווייניק און פֿון טאָג צו טאָג אַלץ געוואָרן ווייניקער. די צייט איז געווען אַ שטורמישע, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט פֿאַרכאַפּט כּמעט די גאַנצע יוגנט פֿון שטעטל, און ס'האָט זיך אָנגעזען אויף די ליידיקע בענק פֿון בית־המדרש. די פּוסטקייט האָט גערעדט... אָט אויף דער ליידיקער באַנק איז אַ מאָל געזעסן און געלערנט שמואל, ברוך שניידערס זון — דער שפּעטער באַקאַנט געוואָרענער בונדישער טוער הערשל הימלפֿאַרב; אויף יענער באַנק איז געזעסן יצחק מלאך, שפּעטער — אַן אָנגעזעענער פֿירער ביי די ציוניסטן־סאָציאַליסטן — „ס.ס.“ יעדע באַנק האָט געהאַט איר געשיכטע, אַן אַמאָליקן לערנער, וואָס איז אַרויס פֿון בית־המדרש און אַריין אין איינע פֿון די פּאַרטייען.

צווישן די פֿאַרבליבענע לערנער איז איינער פֿון די חשובֿסטע געווען אברהם, מענדל אָקסנטרייבערס זון, און מיט אים אין איינעם האָב איך געלערנט. נאָך איינער איז אָפֿט געזעסן אין בית־המדרש און צומאָל אויך אַריינגעקוקט אין אַ ספֿר, דאָס איז געווען דער משוגענער שמואל, אָדער, ווי מען האָט אים גערופֿן: שמואל פּאַפּיראָסניק, ווייל ער פֿלעגט צוזאַמענקלייבן די ליידיקע שאַכטלעך פֿון פּאַפּיראָסן, און אויף די אַראָפּגעריסענע מאַרקעס און בילדלעך, אָנווייזן, אַז דאָס זענען זיי — די וועקסלען, וואָס ער באַקומט פֿון מלכות ענגלאַנד. לויט זיין חשבון איז אויסגעקומען, אַז די ענגלישע מלוכה איז אים שולדיק מיליאָנען פֿונטן, אָבער אַזעלכע ריזן־חשבונות האָט ער נאָר געמאַכט, ווען דאָס משוגעת האָט אים אָנגעכאַפּט. אין די נאָרמאַלע שעהן איז ער געזעסן און געלערנט, און ער איז געווען געשאַצט פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע לערנער.

צוויי שכנים אונדזערע האָבן זיך דעמאָלט „גענומען צו מיר, מיך אַראָפּצופֿירן פֿון דרך הישר“ — ווי מיין מאַמע פֿלעגט זאָגן. דאָס זענען געווען פֿייגע מאיר נאַרס און מענדל ליפּסקי, אָדער מענדל „קולאַס“. אַזוי האָט מען אים גערופֿן, ווייל ער האָט געהינקען אויף אַ פֿוס.

ביי פֿייגען אין שטוב זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן בונדישע „קרוזשאָקן“ און ביי מענדלען — ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע. צום „בונד“ האָבן געהערט די פּראָלעטאַריער און האָרעפּאַשנע, און צו די ציוניסטן־סאָציאַליסטן „ס. ס.“ — אויך אַ טייל פֿון דער שטעטלדיקער אינטעליגענץ. די צוזאַמענקומען פֿון אַלע פּאַר־

טייען זענען געווען אומלעגאַלע, און חברים האָבן תמיד געוואַכט און געהיטן, אַז מען זאָל נישט אַריינפּאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, ספּעציעל האָט מען זיך געהיטן פאַר דעם שוואַרצן זשאַנדאַרם „פּיאַלעק". ער איז תמיד אויסגעוואַקסן אומגעריכט און אומבאַ־מערקט, און אַ סך פאַרזאַמלונגען און די „קרוזשאָקן" זענען בטל געוואָרן צוליב אים.

פייגע און מענדל האָבן אין מיר אַ סך אַריינגע־טענהט וועגן דער נישט־יושרדיקער וועלט און וועגן יושר און גערעכטיקייט, וואָס דער סאָציאַליזם וועט מיט זיך ברענגען. זייערע רייד האָבן שטאַרק אויף מיר געווירקט און גערעדט צו מיין געוויסן, ביז איך האָב סוף־כל־סוף איינגעשטימט צו באַזוכן אַ „קרוזשאָק" ביי מענדל ליפּסקי אין שטוב, און דער נסיון איז גאָר־נישט אַדורך אַזוי פריילעך.

מענדל ליפּסקי האָט געוווינט אויף אַ בוידעמשטוב, ווו דער אַרויפגאַנג איז געווען אויף קרומע טרעפּ, און ווי קליין־געוואַקסן מען איז געווען — האָט מען זיך אויך געמוזט איינבייגן, כדי נישט צו צעקלאַפּן דעם קאָפּ. גרינגער וואָלט געווען אַרויפצוגיין אויף אַ לייטער, וואָס איז דאָרט תמיד געשטאַנען ביים פענצ־טער, האָט מען אָבער מורא געהאַט, אַז אַ בייז אויג זאָל דאָס נישט זען, איז מען בעסער שוין געגאַנגען אויף די קרום געדרייטע טרעפּ, איינציקווייז און פאַר־זיכטיק צו דער געהיימער אסיפה. אין בוידעמשטיבל, ביים שוסטערוואַרשטאַט און די עטלעכע אַלטע מעבל, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ צוואַנציק מענטשן אין אַן ענגשאַפט — דערשטיקט צו ווערן, און דערצו האָט מען זיך געמוזט האַלטן זייער שטיל, ווייל די פּאָליציי און ספּעציעל דער „שוואַרצער זשאַנדאַר" האָבן נאָכגע־פּאָלגט אונדזערע טריט.

ווי נאָר מענדל האָט דערעפנט די פאַרזאַמלונג און אָנגעהויבן זיין רעפעראַט וועגן די „ס. ס." און דער „בונד" — האָט איינער, אַ יונגער קונדס, אונדז אָפּגע־טאָן אַ שפּיצל, ער איז אַרויף אויפן לייטער ביים פענצטער און אַ געשריי געטאָן: „די פּאָליציי! די פּאָליציי גייט!". אין ענגן צימער איז געוואָרן אַ בהלה, מיר זענען געלאָפן צוזאַמענגעקנוילט איינער מיטן אַנדערן, ביז מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס, און ערשט דאָרט דערזען, אַז דער גאַנצער ענין איז געווען נישט מער ווי אַ בייזער שפּאַס. דער קונדס האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן, אין מורא פאַר אַ פּסק, און ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ לענגערע צייט.

דאָס איז געווען מיין ערשטער נסיון, אָבער די צווייטע געהיימע פאַרזאַמלונג איז שוין גאָר געווען אַן אַנדערע. זי איז איינגעאָרדנט געוואָרן קונציק אונטער די אויגן פון דער פּאָליציי. ס'איז געווען אין טאָג פון תשעה באב, אין אַ וועלדל הינטער דער שטאָט. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט ווו די פאַר־זאַמלונג קומט פאָר. חברים זענען צעשטעלט געווען אויפן וועג פון דעם קאָשטשאָל ביז אין וועלדל און געוויזן דעם וועג. דורך פאַרשידענע אומוועגן איז מען בשלום אָנגעקומען צום באַשטימטן אָרט.

יענע פאַרזאַמלונג איז געווען איינע פון די איינגע־געבנסטע, ווו איך האָב אָנטייל גענומען. זי האָט מיך אַזוי באַגייסטערט, אַז אַ קורצע צייט נאָך דעם האָב איך פאַרלאָזט דאָס בית המדרש, אָנגעהויבן לערנען אַ מלאכה און זיך אָנגעשלאָסן אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויף יענער אסיפה האָבן די חברים אויך געמאַכט אַ סעודה מיט ברויט, ווורשט און ביר, און ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב געגעסן אין אַ טאָג פון תענית, אין תשעה באב. מען האָט געפּראַוועט די סעודה מיט שׂמחה און זייער חבריש, אַ סך יוגנטלעכע זענען דאָרט געווען, בחורים און מיידלעך, און איך, דער פופצן־יאָריקער, צווישן זיי. ווען די סעודה האָט זיך פאַרענדיקט און ווי נאָר דער פאָרזיצער האָט פאָרגעשטעלט דעם ערשטן רעדנער, זענען גלייך אַלע געוואָרן ערנסט, מען האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן, נישט, חלילה, צו פאַרפעלן קיין איין וואָרט, קיין איין זילב פון רעדנערס ווערטער.

דער ערשטער רעדנער איז געווען שׂמחה וואַגאַ (ישעיה ירמיהוס), אַ מענטש מיט אַ סך וויסן און אפשר דער אינטעליגענטסטער פון דער גאַנצער גרופּע, אָבער גאָר אַ שוואַכער רעדנער. זיין רעדע איז געווען אַ טעאָרעטישע, אַ טרוקענע און נישט צוגעפּאַסט פאַר אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג. פון דעסטוועגן איז ער אויס־געהערט געוואָרן מיט אַ סך אויפמערקזאַמקייט.

דער צווייטער רעדנער, יצחק מלאך, האָט געהאַלטן אַ פלאַם־פייערדיקע רעדע, ווי אַ יונגער רעוואָלוציאָנער און טאַלאַנטפולער רעדנער. ער האָט אַלעמען באַגייס־טערט, אַז מיר אַלע זענען גרייט געווען צו גיין מיט העכסטער התלהבות צום קאַמף אויף באַריקאַדן קעגן דער צאַרישער מאַכט; יאָ, מיר זענען גרייט געווען צו טאָן אַלץ, וואָס דער רעדנער וועט באַפעלן. ביי יענער פאַרזאַמלונג האָבן זיך אַלע אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיי

„ס. ס.“ די פאַרזאַמלונג איז געשלאָסן געוואָרן מיט רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין וואַלד, ביז מיר האָבן זיך אומגעקערט מיט פאַרשידענע וועגן אין שטעטל אַריין.

עד היום, אַז איך טראַכט וועגן דעם, וואָס האָט מיך, דעם שטאַרק רעליגיעזן קלויזניק, פאַר וועמען די עלטערן האָבן געהאַט אָנגעצייכנט אַ גאַנץ אַנדערן וועג אין לעבן — גאָר געברענגט און געמאַכט אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון נאָווי־דוואָר, וואַרשע און שפּעטער אויך אין ניו־יאָרק, — פירט דאָס מיך אַלע מאָל צוריק צו יענער באַגייסטערטער פאַרזאַמלונג פון תשעה באב אין וואַלד און צו יענער רעדע, וואָס יצחק מלאך האָט געהאַלטן אין יענעם יאָר — 1906.

דעמאָלט בין איך אין גאַנצן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, כ׳בין אַוועק פון בית־המדרש, אויסגעטאָן די לאַנגע קאַפּאָטע, געגאַנגען מיט חברים און חברטעס אויף מייוווקעס הינטער דער שטאָט — אויפן „דריטן ווערסט“, פּאַסמאַקעוועט זיך מיט שוואַרץ ברויט און פריש געמאָלקענע מילך, וואָס מיר האָבן געגעסן און געטרונקען ביי די דייטשע קאָלאָניסטן, און אויך באַזוכט די אַרבעטער־בירזשע איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין וואָך. יוסף לייב, גרשון הענטשקעמאַכערס אייניקל, איז דעמאָלט געווען דער אַגיטאַטאָר פון אונדזער קרייז, ער האָט געהאַט אויף אונדז אַ השפּעה, און שטאַרק מקנא געווען האָב איך יענקלען (סלאָדקע לימאָנאַדעס זון) און חיים פּסח גאָדלס, ווייל זיי האָבן געטראָגן רויטע רובאַשקעס מיט טראָלדן, וואָס האָט זיי צוגעגעבן רעוואָלוציאָנערע חשיבות.

אויך צו מיר האָט מען דעמאָלט אָנגעהויבן האָבן צוטרוי, מען האָט מיך שוין אָנערקענט אַלס איינעם פון דער גרופּע, מען האָט מיך שוין גערופן צו די געהיימסטע „קרוזשאָקן“, אַפילו צו יענע ווו ס׳האָט אָנטייל גענומען אַ מיטגליד פון צענטראַל קאָמיטעט אין וואַרשע. צו אַזעלכע טרעפונגען האָט מען נאָך גערופן עלטערע, אויסגעפּרוווטע חברים, וואָס האָבן שוין געקענט די תורה פון קאָנספּיראַציע. איך האָב די תורה שנעל אויסגעלערנט, ווען איך בין געזעסן אין די וואַרשעווער טורמעס און די געהיים־פּאָליציי האָט מיך גענומען אויף אַ פאַרהער, האָב איך גוט געדענקט אין דער דאָזיקער תורה און זי איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען.

✶

די נאָווי־דוואָרער יוגנט אין יענער צייט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע, קעמפערישע מיט וואָרט און טאַט. זייער טעטיקייט האָט זיך נישט נאָר באַגרענעצט אויף נאָווי־דוואָר, נאָר אויך אויף די אַרומיקע שטעטלעך, ווי זאַקראָטשין, נאַשעלסק, פּלאָנסק א״אַ. די נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציעס פון די צוויי פּאַרטייען, „בונד“ און „ס. ס.“ זענען געווען צענטער־אָרגאַניזאַציעס פאַר דער סביבה אַרום נאָווי־דוואָר און זיי באַזאָרגט מיט רעדנערס און אָרגאַניזאַטאָרן, ווי אויך מיט באַוואָפנטע כוחות, אויב מען האָט זיך אין דעם גענייטיקט.

אַז די נאַשעלסקער אַרבעטער האָבן געפירט אַ שטרייק, און דער שטרייק איז געוואָרן אַזוי פאַרשאַרפט, אַז די דאָרטיקע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַליין נישט געקאָנט קיין עצה געבן, — האָבן די נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציעס אַהין געשיקט זייער גאַנצן קאַמפּס־אַפּאַראַט צו העלפן די שטרייקער. דער נאָווי־דוואָרער „בונד“ האָט דעמאָלט געפונען אַן אַנדער מיטל, ווי אַזוי ווייך צו מאַכן און נאָכגעביקער די איינגעשפּאַרטע און פאַרביסענע נאַשעלסקער באַלעבאַטים. די נאַשעלסקער פורן, וואָס זענען דורכגעפאָרן נאָווי־דוואָר, זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַרבעטער־וואַכן אויפן נאָווי־דוואָרער שאָסיי, אויסגעדרייט געוואָרן אויף צוריק, און די באַלעגאָלעס, וואָס האָבן זיך געעקשנט — האָט מען זייערע וועגענער איבערגעקערט מיט די רעדער אַרויף. אַזוי האָבן נאָווי־דוואָרער אַרבעטער־וואַכן זיך געפירט מיט די נאַשעלסקער, ביז זיי האָבן נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער.

אויך אין נאָווי־דוואָר גופא זענען פאָרגעקומען אַ סך שטרייקן. וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט אַ זיג פאַר די אַרבעטער. עס האָבן געשטרייקט די שניידער, די שוסטערס און די העפטשערקעס. די באַלעבאַטים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז די מלחמה איז פאַרשפּילט, און אַז ס׳איז בעסער פאַר זיי צו ענדיקן די סיכסוכים אויף אַ פרידלעכן אופן, איידער צו פאַרמעסטן זיך מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

טראָץ דעם, וואָס זינט דעמאָלט איז שוין אַוועק כמעט אַ האַלבער יאָרהונדערט, געדענק איך צוויי שטרייקן וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט מיט זייער שאַרפקייט און פאַרביסנקייט אין דער געשיכטע פון די נאָווי־דוואָרער אַרבעטער־קאַמפּן אין יענער צייט, און האָבן שיער נישט געקאָסט אַ סך לעבנס. אָט די שטרייקן זענען געווען „האַרטע ניס“ אפילו פאַר אַזאַ פעיקער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ווי די

נאָווי־דוואָרער. דער „בונד“ צוזאַמען מיט די „ס. ס.“ האָבן זיך אַליין נישט געקאָנט „ספּראַווען“ מיט די באַלעבאַטים און געמוזט אָנקומען נאָך הילף צו די וואַרשעווער „קיילער־יונגען“.

איין שטרייק איז געווען ביי ישראל גאַרע דעם קצב. אַזוי שנעל ווי מען האָט ביי אים אָנגעהויבן דעם שטרייק, האָבן די שטרייקער, אָדער די פאַרשטייער פון די שטרייקער זיך נישט געקאָנט באַווייזן אין יאַטקע־געסל, גאַרע מיט זיינע בנים זענען געשטאַנען גרייט מיט אַלע קצבישע געצייגן, און ווייל דאָס יאַטקע־געסל איז אויך געווען נאָענט צום מאַגיסטראַט און צו דער פּאָליציי, זענען זיי ממילא געווען געשיצט און שווער געווען צוצוקומען צו זיי. נאָר איינער פון די חברים, יחיאל קראָנענבערג, אַ מוטיקער בחור, איז געשיקט געוואָרן מיט עטלעכע אַרבעטער, צו זען וואָס עס לאָזט זיך טאָן אין יאַטקע־געסל, און עס איז נישט אַזוי געגאַנגען אין דערגרייכן אַ נצחון ביי די גאַרעס, ווי אין אָפּהיטן דעם פּרעסטיזש פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט, וואָס האָבן נאָך ביז דעמאָלט קיין שטרייק נישט פאַרלוירן.

די אַנדערע באַלעבאַטים, וועלכע זענען געשטאַנען אין סיכסוכים מיט אַרבעטער, האָבן תמיד פאָרגעוואָרפן: „ביי אונדז זענט איר גאַנצע קנאַקערס, פאַר וואָס גייט איר נישט צו ישראל גאַרען?“ יחיאל קראָנענבערג האָט דערפאַר טאַקע אויף זיך גענומען די שליחות. ער האָט די אַנדערע חברים געהייסן וואַרטן אין אַ דערבייאיקן געסל און ער אַליין איז אַריין אין יאַטקע־געסל. ווי נאָר די גאַרעס האָבן אים דערזען, זענען זיי אַרויס פון דער יאַטקע און אים שוידערלעך צעשלאָגן. די אַנדערע חברים זענען געווען צו ווייט און נישט געקאָנט קומען צו הילף. דערווייל איז געוואָרן אַ טומל, עס איז אָנגעקומען פּאָליציי און קראָנענבערגן אַרעסטירט.

מיט אַזאַ דורכפאַל האָבן די נאָווי־דוואָרער רעוואָלוציאָנערן נישט געוואָלט שלום מאַכן און זיך געריסן צו נקמה: „מען טאָר די גאַרעס נישט שוויגן!“ מען האָט צוגעגרייט אַ באָמבע אין וואַרשע אונטערצולייגן אונטער ישראל גאַרעס הויז, און מען האָט דערווייל די באָמבע באַהאַלטן ביים נאַרעוו, אויסצופירן דעם נקמה־פּלאַן אין אַ מער גינסטיקער צייט.

דורך דער צייט האָט דער וואַרשעווער קאָמיטעט געשיקט פאַרשידענע שליחים מיט וואָרענונגען צו די גאַרעס און דער אויספיר־קאָמיטעט האָט געזוכט וועגן, ווי צוצוקומען צו גאַרעס הויז מיט דער באָמבע. מען האָט אָנגעהויבן גראָבן אַ טונעל צו גאַרעס הויז, אָבער די באָמבע האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן און האָט דערווייל אויפגעריסן (צופעליק אָן שאָדן). די גאַרעס האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז די באָמבע איז געווען גרייט פאַר זיי און זיי האָבן זיך דערשראָקן. אַזוי, אַז דער שטרייק ביי די גאַרעס האָט סוף כל סוף געברענגט אַ נצחון פאַר די אַרבעטער.

דער צווייטער פאַרביסענער שטרייק איז געווען ביי די גורעצקיס, אַ טאַטע מיט בנים, וואָס אַלע האָבן מורא געהאַט פאַר זיי. זיי זענען געווען האָפערדיק ביי זיך, אַז „ביי זיי וועט מען נישט שטרייקן“, און אַז מען האָט יאָ אַרויסגערופן אַ שטרייק, — האָבן זיי טעראָריזירט יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דעם. זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס, אָפּגעוואַרט די פירער פון שטרייק און זיי צעשלאָגן. נאַטירלעך, איז מען זיי קיין בעל־חוב נישט געבליבן און דעם שטרייק האָט מען פאַרגעזעצט, אָבער זיי האָבן באַשעפטיקט עטלעכע שטרייקברעכער און זענען אַרומגעגאַנגען ווי זיגער אין שטעטל.



שלמה לויבגאָט,
איינער פון די פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג
אין נאָווי־דוואָר, אין די יאָרן 1905—1909

זייער נצחון האָט נישט געקאָנט פאַרשוויגן ווערן. „שטרייקברעכער אין נאָווי־דוואָר — דאָס נישט!“ האָט מען אָפּגעוואַרט איינעם אַ שטרייקברעכער, שבת, ביים אַרויסגיין פון דאַווענען, און מען האָט אים געגעבן דעם ריכטיקן פּסק... וואָס אַ שטרייקברעכער פאַרדינט. האָבן די גורעצקיס פאַרמסרט די גאַנצע פירערשאַפט פון נאָווי־דוואָרער "בונד“, און דרייצן חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער „קאָזע“.

צווישן די דרייצן איז אויך געווען דער פּוילישער אַרבעטער זענעק, אַ מיטגליד פון דער „פּ. פּ. ס.", וועמען מען האָט אויך שטענדיק געזען אין די קרייזן פון יידישע אַרבעטער. ווו ער האָט זיך אויך אויסגע־לערנט יידיש און צוגעלייגט אַ האַנט, ווען מען האָט באַדאַרפט.

דרייצן מענטשן זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן הינטער דיקע גראַטעס אין אַ צימער גרויס ווי אַ גענעץ. דאָך זענען זיי נישט געפאַלן ביי זיך, נאָר פול מיט גלויבן און מוט האָבן זיך געלאָזט הערן זייערע לידער. די רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן אָפּגעהילכט אין שטעטל און דורכן טורמע־פענצטער אויך דערגרייכט צו דעם יאַטקע־געסל אָקעגן.

די רעגירער פון שטאָט וואָלטן זיכער אַריבערגע־פירט די אַרעסטאַנטן אין די וואַרשעווער טורמעס, און דאָרט וואָלט זיי, אַלס שטרייק־פירער, געדראָט מיט יאָרן אַרעסט, נאָר דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" האָט זיך בייצייטנס אַריינגעמישט אין דעם ענין, און די גורעצקיס האָבן אונטערן דרוק פון „בונד" אונטערגעקויפט דעם אָרטיקן בירגערמייסטער. אַזוי, אַז די אָנקלאַגע איז רעדוצירט געוואָרן, ווי ס'וואָלט נאָר געווען אַן איינפאַכער געשלעג צווישן די צדדים. זענען אַלע באַפרייט געוואָרן, אַחוץ דער פּוילישער אַרבעטער זענעק, וואָס איז נאָך פאַר דעם אָפּגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע.

אַזוי איז מען געגאַנגען פון איין קאַמף צום צווייטן; כסדרדיקע שטרייקן אין נאָווי־דוואָר און אין די אַרומיקע שטעטלעך; קאַמפן מיט דער צאַרישער רעגירונג; רייבונגען מיט די רעליגיעז־פאַנאַטישע עלטערן און מיט די אַלע כלי־קודש און קלעריקאַלן, וואָס זענען אַלע מאָל דערגאַנגען די יאָרן, אויב מען האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן זייער פירערשאַפט. אַן אידעאַליסטישע יוגנט איז עס געווען, תמיד גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר די אידעאַלן פון מאַרקסיזם און סאָציאַליזם, וואָס דאַרפן ברענגען אַ שענערע און גערעכטערע וועלט.

מיט ענדע פון 1906 און אָנהייב 1907 האָט די קאָנטער־רעוואָלוציע אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל. די רעאַקציע האָט באַקומען די איבערהאַנט, די פּאָליציי־פאַרפאָלגונגען זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער, אַ סך חברים זענען געוואָרן פאַרשפּאַרט אין די טורמעס און אַנדערע האָבן עמיגרירט קיין ענגלאַנד אָדער אַמעריקע. די באַוועגונג איז אָפּגע־שוואַכט געוואָרן און האָט כמעט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. נישט געווען מער די „אַרבעטער־בירזשע" און זעלטענער זענען געוואָרן די געהיימע „קרוזשאָקן". די באַלעבאַטים און די רעאַקציאָנערע פאַנאַטיקער האָבן באַלד דערפילט ווו דער ווינט בלאָזט און איצט האָבן זיי געהאַט אַ געלעגנהייט צו נעמען נקמה. די פאַרבליבענע חברים אין שטאָט זענען פאַרפאָלגט געוואָרן אויף טריט און שריט און נישט געווען ווער ס'זאָל זיך אָננעמען פאַר זייערע קריוודעס. אומעטיק און פּוסט איז געוואָרן אין שטעטל און שווער צו אָטעמען. יעדן אונדזעריקן האָט מען אין גאַס נאָכגע־שריגן מיט זידלערייען: „ציצעליסט", „פּושע ישראל", „שוין אַרונטערגעוואָרפן ניקאָלייען? זעטס נאָר, ווער עס וויל אַרונטערזעצן ניקאָלייען", — ווי זיי וואָלטן מ'שטיינס געזאָגט געווען גליקלעך, וואָס די יוגנט, וועלכע האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן אין קאַמף קעגן די צאַרישע פּאָגראָמען, איז פאַרשפּאַרט אין די טורמעס און ניקאָליי איז נאָך אַלץ קיסר...

אויך איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן, אַנטלויפן פון מיין ליב שטעטל. איך בין אַוועק קיין וואַרשע צו מיין חבר שמואל, שמחה שניידערס (איצט — סעם באַרנשטיין), וואָס האָט שוין פון אַ צייט פריער געאַרבעט אין וואַרשע. קיין גראָשן אויף הוצאות איז נישט געווען, בין איך געפאָרן אויף דער באַן אונטער דער באַנק און אַזוי זיך דערשלעפּט קיין וואַרשע. צוזאַמען — איז אונדז געוואָרן פריילעכער, מיר האָבן דעמאָלט געשלאָסן אַ חברשאַפט, וואָס האַלט אָן עד היום.

אין אָנהייב פון 1909 האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן קומען צו זיך, נאָך די שווערע קלעפּ, וואָס זי האָט באַקומען פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע. דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פאַר־שידענע פאַכן. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין שניידער־פאַראיין, מען האָט מיך אויסגעוויילט אין אויספיר־קאָמיטעט און איך האָב געהאָלפן אָנפירן מיט אַ סך שטרייק־אַקציעס.

קיין נאָווי־דוואָר האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט נאָר אַ מאָל אויף אַ יום־טוב. די עלטערן האָבן פון מיר קיין גרויס נחת נישט געהאַט, ווייל דורך דער צייט פון מיין זיין אין וואַרשע בין איך שוין געווען אַרעס־טירט דריי מאָל און געזעסן אין דער מאָקאָטאָווער טורמע.

אין 1912, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער פּריזיוו און דער שאָטן פון דער אָכראַנע (געהיים־

פאָליציי) איז מיר כסדר נאָכגעגאַנגען, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

✶

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען נאָווי־דוואָר, אַלס גאַסט פון אַמעריקע, אין יאָר 1931. דער רעזשים פון די פוילישע פאַנעס איז דעמאָלט נישט געווען בעסער פון אַלטן צאַרישן רעזשים. מען האָט דאָס באַלד געפילט, ווי נאָר מען האָט באַטראָטן די פוילישע ערד.

פון די אַלטע חברים האָב איך זעלטן וועמען געטראָפן. אויב יאָ — איז ער שוין געווען אַ „השיבנו נאַזאַטניק” — אַ בעל־תשובה. ווען איך, אברהם סימע איטעס, האָב געפרעגט ביי איינעם מיינס אַן אַמאָליקן חבר, ווי ער קען דערקלערן זיין גאַנצן איצטיקן הילוך מיט דער לאַנגער באָרד און מיטן צוריקגאַנג צום אַלטן, און „דווקא דו, וואָס אויף דיר האָבן דאָך אַלע געלייגט גרויסע האָפענונגען, אַז דו וועסט זיין דער גרויסער אַרבעטער פירער”, — האָט ער מיר געענטפערט: „אברהם, דאָס שטעטל, די אַלע אַרום, יענע צייט — ס׳איז נישט געווען קיין כוח צו קעמפן קעגן אַלע און אַלץ”... יאָ, איך האָב פאַרשטאַנען, צוריקגיין צום אַלטן איז אַ סך גרינגער.

איך האָב זייער שטאַרק זיך געוואָלט באַקענען און צונויפטרעפן מיט דער נייער נאָווי־דוואָרער יוגנט, וועגן וועלכער איך האָב אַ סך געהערט אין אַמעריקע, — בין איך אַוועק אויף אַ שפאַציר אין גאָרטן אויפן „פוילישן מאַרק”. עס איז געווען אַ זומער פאַר נאַכט, און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט ווי אַ גרופע בחורים און מיידלעך האָבן מיך אַרומגערינגלט, פול מיט נייגעריקייט מיך אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן אַמעריקע און ספּעציעל וועגן דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי האָבן געהערט — זאָגן זיי — אַז איך בין געווען אַקטיוו אין „קלאוק מאַכער יוניאָן” אין ניו־יאָרק. זיי פרעגן און איך ענטפער, עס אַנטוויקלט זיך אַ חבריש אינטערעסאַנטער שמועס, אָבער עס דויערט נישט לאַנג און איך זע ווי אַלע רוקן זיך אָפּ פון מיר און אַנטלויפן. אין ערשטן מאָמענט האָב איך נישט באַנומען, וואָס דאָ קומט פאָר. זיי זענען אַלע אַנטלאָפן פאַר דער פאָליציי, וועלכע האָט זיך דערנענטערט פון דער ווייטנס. דאָס האָט מיך צוריקגעפירט אין מיין זכרון צו יענע טעג פון צאַרסקען רעזשים אין די שטורמישע רעוואָלוציאָנערע יאָרן.

✶

דאָס נאָווי־דוואָר, וואָס מיר האָבן געקענט און ליב געהאַט, אויך מיט אַלע אירע פעלערן, איז אַוועק אין פייער מיט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע.

דאָרט האָבן מיר געוועבט אונדזערע יוגנט־חלומות, דאָרט איז געווען די היים פון אַלע אונדזערע אידעאַלן, און אַלץ איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל דורך די נאַצישע באַרבאַרן.

שמחה וואַגאַ

# אין 1905

געווען איז דאָס אין יאָר 1905, אין אַ שווערן ווינטערטאָג, איך און מיין שוואָגער יצחק מלאך האָבן זיך געגרייט אויפצונעמען אַ רעדנער „פון וואַרשע”, אַן אָרגאַניזאַטאָר, זיין נאָמען איז דאַכט זיך געווען: אברהמל. אָנגעטאָן אין לאַנגע, וואַרעמע פאַלטנס און אין שטיוול מיט גלאַנציקע קאַלאָשן, זענען מיר אַוועק יענעם פרימאָרגן צום „לאָמען מענדל”, אַז ער זאָל צונויפרופן די פאַרזאַמלונג, ווייל ער האָט געהאַט די פאַרבינדונגען מיט די נאָווי־דוואָרער אַרבעטער.

מענדל האָט דעמאָלט געוווינט, אָדער בעסער געזאָגט: געוווינט, אין אַ בוידעמשטיבל ביי גרשון העמטש־קע־מאַכער. די טרעפ צום שטיבל זענען געווען צעבראָכענע און דער דאַך אַ לעכערדיקער. דער שניי, וואָס איז כסדר געפאַלן דורכן לעכערדיקן דאַך האָט אין גאַנצן צוגעדעקט די טרעפ, אַזוי, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט קיין זיכערן טראָט שטעלן, ש׳איז נישט האַלדז און נאַקן געבראָכן, און קוים לעבעדיקע זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די צעבראָכענע, פאַרשנייטע טרעפ אין מענדלס „פאַלאַץ” אַריין.

דער „לאָמער מענדל” איז נאָך געלעגן אויף דער שלאָף־באַנק, אויף אַ צעריסענעם שטרוי־שעניק, צוגעדעקט מיט אַלטע פאַלטנס. אין שטוב איז געווען ביטער קאַלט, דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען ווייסע



שמחה וואַגאַ ז״ל

פּאַסן פון אַנגעפּאַלענעם שניי און זון־שטראַלן האָבן זיך אַריינגעשפּאַרט דורכן לעכערדיקן דאַך. מענדלס קראַנקער פוס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט פון אונטער אַלע צודעקן אויף דער שלאָף־באַנק, אַזוי האָט ער אין די זון־שטראַלן געוואַרעמט זיין קרום־ביינערדיקן פוס און געפּרוּווט האָבן פאַרגעניגן...

איבערראַשט פון אונדזער באַזוך, האָט זיך מענדל דערפילט אין אַ פאַרלעגנהייט און ער האָט אונדז אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ מיט זיין שאַרפן בליק, אַ קוק געטאָן אויף אונדזערע שטיוול און קאַלאָשן, און אפשר אויך אויף אונדזערע געזונטע פיס...

מיר האָבן אים דערקלערט דעם צוועק פון אונדזער וויזיט און אים איבערגעגעבן דורכצופירן די פאַרזאַמלונג, און טאַקע אין זעלבן אָוונט איז די פאַרזאַמלונג פאַרגעקומען.

✶

אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַן אַרבעטער־באַוועגונג ביי אונדז אין שטעטל. אַ שטורמישע צייט איז דאָס געווען און מיר זענען פול געווען מיט אָפּפערוויליקייט צום קאַמף; יעדע שעה און מינוט זענען מיר געשטאַנען פּנים אל פּנים מיטן טויט; סכאָדקעס, מיטינגען, שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס; אויף פעלדער, אין וועלדער, און פול מיט מוט זענען מיר געווען, — דאָס האָט געגעבן רעזולטאַטן אויף לאַנגע יאָרן און אַרויפגעלייגט אַ חותם אויפן גאַנצן לעבן.

אויף איינער אַזאַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד, זענען מיר פּלוצעם אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן מיט אַ קאַפּיטאַן בראש און אַלע — מיט אויסגעשטרעקטע באַגנעטן. אויך דעמאָלט האָבן מיר זיך נישט פאַרלוירן, און איך האָב אין זיך געפונען מוט צוצוגיין צום קאַפּיטאַן און אָנהייבן מיט אים אַ משא־ומתן. ס׳איז מיר געלונגען אים אויפצוקלערן, אַז דאָס איז נאָר אַזאַ ל״ג־בעומר־צונויפקום, וואָס האָט אַ רעליגיעזן און נישט קיין פּאָליטישן כאַראַקטער, דערביי האָב איך אים אויפגעקלערט די חשיבות און מיין פון ל״ג בעומר... אַ גוטן איינדרוק האָט עס אויף אים געמאַכט, ער האָט אַלע מיינע טענות אָנגענומען און אַפילו זיך אויך אַנטשולדיקט, פאַר וואָס די סאָלדאַטן האָבן צוגענומען פאַרשידענע חפצים ביי די פאַרזאַמלטע. ער האָט אויסגעשטעלט די סאָלדאַטן אין אַ ריי און שטרענג באַפוילן אַלץ אָפּצוגעבן.

איך געדענק מיינע „פאַרברענגעכצן״ אין וואַרשעווער „פּאַוויאַק״. חדשים בין איך דאָרט געזעסן און מיט מיינע שכנים פון יענער זייט וואַנט זיך פאַרשטענדיקט אויף דער „פינגער־שפּראַך״. איינער פון מיינע וואַנט־שכנים, איז געווען אַ באַוווּסטער רעוואָלוציאָנערער טוער פון דער „פּ. פּ. ס.״, קאַספּזשאַק. פאַרמשפּט צו תליה איז ער געוואָרן, און דאַך, ווי פריילעך און מונטער איז ער געווען.

די גרעסטע צאָל אַרעסטאַנטן אין „פּאַוויאַק״ זענען געווען פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערן, און די אַטמאָספער איז דאָרט געווען אַזאַ היימלעכע, מען האָט תמיד געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער אויף פאַרשידענע שפּראַכן, פול מיט קאָמפּסלוסט, און די באַציִונגען זענען געווען אַזוי חבריש, יעדער איינער איז געווען גרייט צו אָפּפערן דאָס לעבן פאַרן צווייטן. ווען ס׳האָט זיך ווער פון אונדז פאַרזינדיקט און געשטאַנען פאַר באַשטראָפונג מיט קאַרצער, האָבן דאַן אַלע דערקלערט אַ הונגער־שטרייק. אויף אַלע שטאָקן, אין אַלע קאַמערן האָט מען דאַן געקאָנט הערן אַ קלאַפּן, אַ שרייען און ליאַרעמען, די אַרעסטאַנטן האָבן געקלאַפּט אין די טירן

און די יללה האָט פאַרטויבט די אויערן. די זשאַנדאַרמען און נאַטשאַלסטווע האָבן אומזיסט געסטראַשעט און געפּרוווט באַרויִקן, באַרויִקט האָט מען זיך נאָר דעמאָלט, ווען מען האָט דעם פאַראורטיילטן צוריקגעבראַכט אין זיין קאַמער, און ער האָט גייענדיק אויסגערופן: „חברים, איך בין צוריק מיט אייך!״...

אַ סך געשעענישן האָבן מיר דורכגעמאַכט אין יענער צייט, למשל — דער גענעראַל־שטרייק, אין וועלכן מיר, נאָווי־דוואָרער, האָבן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל, מיט שאַפן פינאַנציעלע מיטלען צוהילף די וואַרשעווער שטרייקער. צו דעם צוועק האָבן מיר בכוח גענומען געלט ביי די נאָווי־דוואָרער באַלעבאַטים, און גאַנץ שפּאַרע סומעס, 10ער, 20קער און אויך 100טער רובלדיקע. מיר האָבן אויך אַפילו אַרויסבאַקומען געלט ביי די פאַרהאַרטעוועטע גבירישע קמצנים, וועלכע האָבן קיין מאָל אַ גראָשן צדקה נישט געגעבן. דאָס זענען געווען רעוואָלוציאָנערע צייטן, און די גבירים האָבן, נישט ווילנדיק, געמוזט אָנערקענען דעם כוח פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיר, נאָווי־דוואָרער, האָבן אויך אַ סך געווירקט ביים אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די מיליטערישע גאַרניזאָנען אין די קאַזאַרמעס פון נאָווי־דוואָר און אַרום דער שטאָט, בעיקר אין דער מאָדלינער פעסטונג. מיר האָבן צוגעשטעלט ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס פאַר די זעלנער און אָפיצירן. אַ „דענשטשיק״, אַ באַדינער פון אַ סאָפּיאָרן־קאַפּיטאַן, איז געוואָרן אונדזער פאַרמיטלער, ער פלעגט יעדן טאָג קומען איינקויפן שפּייז פאַר זיין באַלעבאָס און מיר פלעגן אָנפילן דאָס קוישל מיט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, ספּעציעל געדרוקט פאַר דער אַרמיי.

די פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי האָט געגעבן רעזולטאַטן, אין פיל גאַרניזאָנען זענען געשאַפן געוואָרן קעמערלעך, צו דינסט דער רוסישער רעוואָלוציע.

דאָס איז געווען אַ תקופה פון קאַמף, מען האָט געלעבט נישט נאָר פאַר זיך אַליין; מען איז געוואַקסן מיט אַ באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט באַהערשן די וועלט, און איבערגעלאָזט אירע שפּורן אויף דורות.

✶

כ׳בין געשטאַנען אין רשות פון דער באַוועגונג און אויסגעפירט די שליחותן פון צענטראַל־קאָמיטעט, אָרגאַניזירט אָוונטן, טרעפונגען און פאַרזאַמלונגען פון פאַרשידענע באַלמעלאָכעס — שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, שלאָסער, און אויך פון מיידלעך — אַרבעטאָרינס, מייסטנס — נייטאָרינס, און אַפילו אויך פון אַזעלכע, וועלכע מען האָט גערופן „לומפּן־פּראָלעטאַריער״ און האָבן קיין שום באַשעפטיקונג נישט געהאַט.

אַלע פלעגן זיך גערן צוהערן, ווען איך פלעג זיי אויסטייטשן און נעמען ווי אַ משל — אַ פּסוק פון חומש: „אַל תחסום שור בראשו״ — האָב איך דערקלערט, אַז אויך די בהמה האָט אַ זכות אויף עסן... אָדער „ואם יאמר העבד, אהבתי את אדוני״ — ווען איינער וויל זיך נישט פון שקלאַפעריי באַפרייען — דאַרף מען אים זיין אויער מיט אַן אָל בויערן... און דאָס האָט טאַקע אויסגענומען.

אַזוי, און מיט אַזעלכע הסברות, פלעג איך זיך שלעפּן פון שטעטל צו שטעטל, און דאָרט איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען נאָך שווערע אַרבעטסטעג, וואָס האָבן זיך אַ סך מאָל פאַרצויגן ביז 10 ביי נאַכט און אַ סך מאָל אויך ביז האַלבער נאַכט, ווען מען האָט זיך געדאַרפט צואיילן מיט אויפנייען חתונה־קליידער פאַר אַ נגידס כלה־מיידל...

פאַרזאַמלט האָט מען זיך אין אַ ליידיקער דירה, וואָס איז געשטאַנען צום פאַרדינגען, אין בית־המדרש, אין זומערצייט — אויך אין וואַלד. און אַזוי בין איך געגאַנגען פון שטעטל צו שטעטל, פון אסיפה צו אסיפה, ווי איינער אַ בעל־דרשן מיט קאַרל מאַרקס תורה...

איינמאָל, אין אַ קאַלטער, ווינטעריקער און פינצטערער אלול־נאַכט, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון מיינע וואַגלענישן אין די שכנותדיקע שטעט, נאַשעלסק, מלאַווע, פּלאָנסק, זאַקראָטשין א״אַ. האָב איך געפונען נאָווי־דוואָר אין דער לאַגע פון קריגס־צושטאַנד. אַ גאַנצן טאָג האָבן די פּאָליציי, זשאַנדאַרמען און קאָזאַקן אויף די פערד אַרומגעהוליעט מיט נאַגייקעס אין די הענט, רוצחיש און בלוטדורשטיק. זיי האָבן דורכגעפירט רעוויזיעס אין יעדן הויז, אַרעסטירט, געשלאָגן און די גוואַלדן זענען געווען אָין לשער. דער עיקר האָבן זיי געזוכט, לויט אַ רשימה, די רעוואָלוציאָנערע אָנפירער. די רשימה האָבן זיי באַקומען פון מוסרים, די אַלע טונקעלע פאַרשוינען און כלומרשט אָנשטענדיקע באַלעבאַטים, וואָס האָבן אונדז נישט זייער ליב געהאַט.

איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ חבר אין אַ שטאַל, דאָרט בין איך געלעגן אין שרעק און געהערט

דאָס טראַמפּלען פון די קאָזאַצקע פערד אויף די ברוקירטע שטיינער, און ווי זיי שלעפּן אַרויס מענטשן פון די הייזער. אַט־אַט און זיי דערנענטערן זיך צו מיר... שנעל בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש, דורך פּלויטן בין איך געשפּרונגען, ביז איך בין אַריין דורך ראובן ליכטציערס הויף צו אונדז אין הויף.

מיין אַלטער טאַטע ישעיה ירמיהו איז איבערראַשט געוואָרן, ווען ער האָט מיך דערזען, ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט און אויף זיין פּנים מיט דער ווייסער באָרד האָט מען געזען פרייד געמישט מיט צער און שרעק. ער האָט קודם געגעבן עפּעס עסן און גלייך אָנגעהויבן זוכן אַ פּאַסיק אָרט, כדי מיך צו באַהאַלטן.

ס'איז געווען שבת־צו־נאַכטס, ביי חצות, ווען מען גייט צו ערשטע סליחות. ביי אונדז אין הויף, אין אַ ליידיק שטיבל, וואָס מיין טאַטע האָט אָפּגעגעבן צו דעם צוועק, האָבן שוין וואָרקער חסידים געאיילט צום סליחות־זאָגן, און מיין טאַטע, וויסנדיק גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ חסיד און סליחות־זאָגער איך בין... האָט אָבער דווקא איצט געפונען אַ שעת הכושר: „שמחהלע — האָט ער גיך געזאָגט — טו זיך איבער אין דיין שבתדיק בגד און קום מיט מיר אין שטיבל, נישטאָ נאָך אַזאַ זיכערער פּלאַץ ווי אין שטיבל, קיין חשד וועט נישט פאַלן און פאַראייניוועגס וועסטו אויף מיטזאָגן סליחות, און אין דעם זכות טאַקע, וועט גאָט דיך אויסהיטן און ס'וועט קיין שלעכטס נישט געשען"...

מיט רחמנות אויף מיין אַלטן טאַטן, האָב איך געטאָן זיין רצון, איך האָב זיך איבערגעטאָן, ער האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און מיר זענען אַרויס אין דרויסן. ס'איז געווען „וימש חושך", שטאָק־פינצטער, מען זעט נישט ווו אַ פוס צו שטעלן, מיין טאַטע גייט דער ערשטער און איך נאָך אים, און פּלוצעם — ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן — מחבלים, זשאַנדאַרמען; אַ שלעפּ מיך ביים קאָלנער מיט רציחה און אַ געשריי: „פּיימאַל פטאַשקאַ!" — געכאַפּט דעם פויגל...

מיין טאַטע האָט זיך געגעבן אַ שטופּ אַריין צווישן מיר און דעם זשאַנדאַרם, און אָנגעהויבן שטופּן „פּאַפּירלעך" אין זיינע הענט אַריין, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן, באַלד זענען אָנגעלאָפן פּאָליציי־לייט פון אַלע זייטן מיט רעוואָלווערן אין די הענט.

מיט אַ „פּאַראַדנעם מאַרש", צוויי זשאַנדאַרמען פאַר מיר, צוויי נעבן מיר, און דערצו נאָך באַגלייט מיט קאָזאַקן־רייטערס נאָך מיר, האָט מען מיך געפירט, און מיינע וועכטער האָבן דערביי שטרענג געקוקט אין אַלע זייטן, מען זאָל, חלילה, אויף זיי נישט וואַרפן אַ באָמבע...

טראָץ די אַלע באַוואַכענישן, האָב איך אין וועג באַוויזן אַוועקצוּוואַרפן מיין „כלי־זין", די אַלע פלוגבלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס, מיט וועלכע איך פלעג זיך שטענדיק אַרומטראָגן. די „חכמים" — מיינע באַגלייטער — האָבן די גאַנצע צייט געקוקט פאַרדעכטיק אויף דער זייט, און איך בין דערוויל פּטור געוואָרן פון דער „סחורה". הינטער מיר האָבן די שטיקלעך פּאַפּיר באַדעקט די גאַס ווי מיט שניי (אַזוי האָט מען מיר שפּעטער דערציילט) און מיט „גרויס כבוד" האָט מען מיך געבראַכט אין דער קאַנצעלאַריע אַריין.

דער נאַטשאַלניק האָט זיך אַוועקגעזעצט מאַכן אַ „פּראָטאָקאָל". מיט זידלערייען און קללות האָט ער אויסגערעכנט מיין צעטל חטאים, און מיט וואָרענונגען, אַז מער וועל איך שוין די ליכטיקע וועלט נישט זען, און דערצו וועט מען מיך נאָך הענגען אויך...

איך, ווי אַ שעפּעלע אַרומגערינגלט פון אַ כאַפּטע וועלף, האָב געלאָזן געענטפערט: „גאָספּאָדין נאַטשאַלניק, עס וועלן אייך נישט סטייען קיין ביימער, אונדז אַלעמען אויפצוהענגען"...

מען האָט מיך אָפּגעשיקט אין דער נאָווי־דוואָרער פינצטערער תפיסה. דאָרט האָב איך שוין געפונען אייניקע פון מיינע חברים, וואָס האָבן זיך געוואָרפן ווי שאַטנס אויף די האַרטע נאַרעס. נאָר לויט די שטימען האָב איך זיי דערקענט.

דאָרט האָב איך די נאַכט פאַרבראַכט „בשלום" און בציבור פאַרענדיקט מיינע ערשטע „סליחות"...

מיט עטלעכע גאַסן ווייטער, אין שטיבל צווישן די וואָרקער חסידים, האָט מיין אַלטער טאַטע, אַ דערשראָקענער, איינגעוויקלט אין טלית, מיט דער זילבערנער עטרה אויפן קאָפּ, ביטער געוויינט און אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַרן אַלמעכטיקן גאָט:

רבונו של עולם! הנשמה לך והגוף פעלך, חסה על עמלך!...

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק)

# מיין פאטערס ווארשטאט

מיין פאָטער ר׳ לייזער איז געווען אַ שניידער פון דאַמען־קליידער, און זיין וואַרשטאַט האָט ער געפירט מיט אַ גרויסן פאַרנעם. די צאָל געזעלן („יונגען און מיידן״ — ווי מען פלעגט זיי דעמאָלט רופן), וועלכע האָבן געאַרבעט ביי מיין פאָטער, איז דערגאַנגען ביז



מאיר בלייק (בלאַכאַרעק) ז״ל

פינף און צוואַנציק. צווישן זיי זענען געווען נישט נאָר נאָווי־דוואָרער, נאָר אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך און אפילו פון ליטע און טיף רוסלאַנד.

אין יענע צייטן, סוף 19טן יאָרהונדערט, האָבן זיך אַרבעטער פאַרדונגען צו די באַלעבאַטים אויף אַ „זמן״. דאָס האָט געמיינט אויף דער צייט פון פסח ביז סוכות, אָדער פון סוכות ביז פסח. די שכירות האָט מען באַצאָלט פאַרן גאַנצן זמן, בערך פאַר אַ האַלב יאָר. דער פרייז פאַר אַ זמן אַרבעט איז געווען פון פינף ביז פופציק רובל, לויט דער פאַך־קענטעניש.

די, וועלכע פלעגן קומען פון די ווייטערדיקע געגנטן, האָבן זיך פאַרדונגען פאַר עסן און שלאָפןביים באַלעבאָס מיט אַ צוגאָב פון עטלעכע רובל געהאַלט. די פון נאָווי־דוואָר גופא פלעגן בלייבן וווינען ביי זייערע אָרעמע עלטערן און נאָר באַקומען דעם קאַרגן לוין. באַצאָלן פלעגט מען נישט פאַר יעדער וואָך אַרבעט, נאָר געבן סתם אַזוי אַ פּאָר רובל פון צייט צו צייט און זיך ערשט באַרעכענען ביים סוף פון „זמן״.

די אַרבעטסוואָך האָט זיך אָנגעהויבן שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה און זיך פאַרצויגן ביז פרייטיק פאַר ליכט־צינדן. וועגן שעהן אַרבעט אין טאָג — האָט מען דעמאָלט נישט גערעכנט.

טראָץ דעם, וואָס מיין פאָטער דער באַלעבאָס איז געווען באַשעפטיקט מיט אָננעמען אַרבעט, קויפן סחורה, אָנמעסטן מלבושים און איינמאָנען חובות, — דאָך האָט ער אויך גענומען שער און נאָדל און צוגע־לייגט זיין האַנט צו דער אַרבעט.

שפעט ביי נאַכט, צו חצות שוין, נאָך אַ וויעטשערע און אַ קליינער מנוחה — פלעגט מיין פאָטער אַריין אין וואַרשטאַט אַ מונטערער: „נו, איצט וועט מען זיך נעמען צו דער אַרבעט!״...

די אויגן ביי די בלאַסע און אויסגעהונגערטע נייטאָרינס האָבן זיך שוין געקלעפּט, זייערע כוחות זענען שוין געווען אויסגעשעפּט, די נאָדל איז ממש געפאַלן פון דער האַנט, — דאָך פלעגט ער אַ זאָג טאָן מיט שפאָס צו איינע פון די נייטאָרינס: „אַז דו וועסט חתונה האָבן, וועסטו דעמאָלט האָבן צייט צו שלאָפן״. מיט די לעצטע אָטעמס האָט מען פאַרגעזעצט די אַר־בעט, צוליב מורא פאַרן באַלעבאָס.

דאָס מיינט נישט, אַז מיין פאָטער איז געווען פון די ערגסטע אַרבעטסגעבער. פאַרקערט, אין שטאָט איז ער געווען אָנגענומען אַלס שיינער באַלעבאָס, געווען אַ גבאי אין דער חברה „עין יעקב״ און אויך זיך מת־עסק געווען מיט אַנדערע חברות. אין דער באַהאַנד־לונג פון זיינע אַרבעטער איז מיין פאָטער נישט געווען אַ יוצא מן הכלל, אַזוי איז געווען דער דעמאָלטיקער שטייגער.

מיין פאָטער איז תמיד געווען פאַריאָגט ביים וואַרשטאַט. די יינגלעך זענען געגאַנגען אין חדר אַריין. די מאַמע מיט די שוועסטערן זענען געווען פאַרנומען מיט דער שווערער באַלעבאַטישקייט אין קיך. מען האָט יעדן טאָג געמוזט גרייטן עסן פאַר די געזעלן, וואָס האָבן אויך געגעסן און געשלאָפן ביי אונדז. גרייטן עסן פאַר דער פאַמיליע און פאַר די געזעלן, ביי יענע באַדינגונגען, ווען מען האָט געהייצט מיט האָלץ און קוילן און קאַנען וואַסער האָט מען געשלעפּט פון ברונעם, — איז געווען אַ שווערע לאַסט.

אונדזער גאַנצע שטוב־ווירטשאַפט איז געווען פאַר־בונדן מיטן וואַרשטאַט. אין גרויסן צימער, ווו ס׳איז

געווען דער וואַרשטאַט, איז אויך געווען דאָס שלאָף־צימער און עסצימער פאַר די נייטאָרינס. אין צווייטן גרויסן צימער האָבן געוווינט די יינגלעך־געזעלן. דאָרט פלעגן זיי שלאָפן אויף שטרוי־שעניקעס, צוגעדעקט מיט די פּאַלטנס, און ס'האָט אויסגעזען זעלנעריש, ווי אין אַ קאַזאַרמע. אויך מיר, די קינדער פון באַלעבאָס, זענען געשלאָפן צוזאַמען מיט די אַרבעטער.

אַזוי איז געגאַנגען דער גראָער סדר פון אַרבעט דורך לאַנגע וואָכנטעג. נאָר אין די שבתים פלעגט מען צודעקן די מאַשינען, פאַרשפּרייטן דעם גרויסן טיש און באַלייכטן די שטוב מיט בליצלאָמפּן און מיט ליכט. די איינציקע פאַרוויילונגען און פאַרגעניגנס זענען געווען אַ חתונה אין שטעטל, אַ שפּאַציר היג־טער דער שטאָט, בעת טאַטעס דאַווענען און מאַמעס לייענען די „צאינה־וראינה". אויך בריתן און בר־מצווהס האָבן געגעבן געלעגנהייטן פאַר פרייד, און אַפילו לוויות פלעגן אויך ענדערן דעם געוויינטלעכן גראָען סדר.



אַ גרופּע פאַרגעשריטענע מיידלעך פאַרן ערשטן וועלטקריג פון לינקס: ניכע (די יונג־פאַרשטאָרבענע טאָכטער פון ר' שמשון נטע סרעברניק), מאַניאַ און אסתר קיסין (אויסגעוואַנדערטע קיין רוסלאַנד אין 1914) און אַנדזשאַ הירשביין (אַמעריקע)

נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין נאָווי־דוואָר אין 1898, ווען איך בין שוין געווען אַ בחורל פון קנאַפּע אַכט יאָר. צו אונדז אין שטעטל איז דער־גאַנגען די בשורה וועגן ערשטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין ווילנע אַז די דערשלאָגענע יידישע אַר־בעטער פרוּוון אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון דער צאַרי־שער אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג פון די באַ־לעבאָטים.

אויך ביי אונדז אין נאָווי־דוואָר האָט אָנגעהויבן רירן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אויף אַ זייער פּרימיטיוון אופן. איין מאָל אין אַ ווינטערנאַכט פון 1900, בעת אין אונדזער שטוב זענען די „יונגען און מיידן" גע־זעסן געבויגן ביים וואַרשטאַט — האָבן פּלוצעם אָנ־געהויבן פליען שטיינער אויף די שויבן, און די טאָכ־טער פון אַ זשאַנדאַרם, וואָס האָט צופעליק געאַרבעט ביי אונדז, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן. די פּאָליציי האָט גלייך אַרעסטירט עטלעכע אומשולדיקע יידן. (ווער ס'איז געווען דער „אמתער בונטאָווטשיק" — האָב איך זיך ערשט דערוווּסט אין אַמעריקע. דאָס איז געווען מאָטיע דער זון פון רחל יונה גדליהס. ביז היינט אַ חבר אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג).

אָט דער שטיין, דער ערשטער פּרימיטיווער בונט, האָט אויך געבראַכט רעזולטאַטן. אַלץ מוטיקער האָבן זיך אָנגעהויבן הערן די רעוואָלוציאָנערע טענער און אַלץ דרייסטער האָבן די אַרבעטער געשטעלט זייערע פאָדערונגען: ס'זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די זמן־אַרבעט, מען זאָל איינפירן וואָך־אַרבעט, און אַז אַן אַרבעטס־טאָג זאָל זיך ציען נישט מער פון אַכט פרי ביז אַכט ביי נאַכט. מען האָט אויך פאַרלאַנגט העכערע לוינען.

אין יענער צייט האָט אויך אָנגעהויבן שפּראָצן די ציוניסטישע באַוועגונג. איך געדענק ווי די צוויי יונגעלייט שמשון נטע סרעברניק און שמואל גראַבמאַן זענען געקומען צו מיין פאָטער פאַרקויפן אַ שקל. דערביי האָבן זיי פאַר אים פאַרגעשטעלט אַ בילד פון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אַרומגע־נומען מיטן פּסוק „אם אין אני לי מי לי".

מיין פאָטער האָט זיך צעשריגן מיט כעס: „פּושעי ישראל! איר גלייבט שוין נישט אין גאָט?! איר, גע־גאָלטע מאָרדעס, איר ווילט ברענגען משיחן?!" קיין שקל האָט מיין פאָטער נישט געקויפט און די צוויי יונגעלייט זענען קוים אַנטלאָפן מיט גאַנצעביינער.

עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דער בלוטיקער כוואַליע פּאָגראָמען, וואָס זענען אינספּירירט געוואָרן

פון דער צאַרישער אָכראַנקע, איז אָנגעקומען פון ירו־שלים קיין נאָווי־דוואָר ר׳ יצחק בן אייזיק טובים. נאָכן אויסהערן זיינע דרשות אין בית המדרש, זענען אַ סך, און מיין פאָטער בתוכם, צוגעשטאַנען צו דער נייער ציוניסטיש רעליגיעזער פאַרטיי „מזרחי״.

מיין פאָטער האָט ווייטער פאַרגעזעצט זיין אַרבעט, געפירט אַ גרויסן וואַרשטאַט, וואָס האָט געהאַט אַ שם מיט זיין פיינער אַרבעט. זיינע קליענטן זענען געווען פרויען, טעכטער און שנורן פון רייכע, באַלעבאַטישע שטיבער אין נאָווי־דוואָר און אומגעגנט. מיין פאָטער פלעגט אויך שיקן געזעלן און מאַשינען, אויסצופירן אַרבעטן ביי די באַשטעלערס אין דער היים, אין מערסטע פאַלן — אויספּערטיקן „וויפּראַוועס״ פאַר אַ כלה צו דער חתונה. אַלע געזעלן פלעגן ליב האָבן אַזאַ אַרבעט, צוליב די גוטע און באַקוועמע באַדינגונגען.

אויך פריצטעס פלעגן לאָזן נייען זייערע מלבושים ביי מיין פאָטער. די גרעסטע צאָל קליענטן זענען געווען די אָפיצירישע פרויען פון גאַרניזאָן אין דער מאָדלינער פעסטונג. און געשמט האָט מיין פאָטערס אַרבעט, אַז זי איז פאַר דעם „בעסטן קלאַס מענטשן״.

מיטן אויסברוך פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, ווען דאָס גאַנצע מיליטער פון דער מאָדלינער פעסטונג איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן קריגספעלד, זענען אויך נעלם געוואָרן די אָפיצירישע פרויען און געלאָזט נישט באַצאָלט אַ סך חובות. די מלחמה האָט אָפּגעשטעלט די גאַנצע אַרבעט. אַ סך באַלמעלאָכעס זענען אויך מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי און אַנדערע האָבן זיך אַרומגעדרייט פוסט־און־פּאַס.

אויך מיין פאָטער איז געבליבן אָן פרנסה, און דער איינציקער אויסוועג צו פאַרדינען אויף חיונה פאַר דער משפחה, איז געווען — פאָרן קיין אַמעריקע.

דער עלטסטער זון בין איך דעמאָלט געווען — צוועלף און אַ האַלב יאָר. כ׳האָב שוין געקאָנט שניידעריי, און מיין פאָטערס חשבון איז געווען, אַז מיר ביידע צוזאַמען וועלן קאָנען מאַכן „עטלעכע טאָלער״ אין אַמעריקע. מיין פאָטער האָט גענומען עטלעכע זאַכן פאַר אונדז ביידע, איינגעפּאַקט טלית און תפילין. די מאַמע, די צוויי שוועסטער און דער יינגערער ברודער האָבן אונדז באַוויינט, און אַזוי האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט מעבר לים, אין דער ווייטער וועלט אַריין.

אסתר מלכה קנאַסטער / לאָס־אַנדזשעלעס

# מיר, די העפטשערקעס

די נאָווי־דוואָרער אין מיין עלטער, געדענקען נאָך אַוודאי מיין מוטער בלימע די לערערין און מיין פאָטער, דעם קהל־עסקן.

מיין פאָטער, וואָס האָט תמיד געאַרבעט פאַר עולם־הבא, פלעגט זאָגן: „די וועלט איז אַ פאָדערהויז, דורכצולויפן דאָס ביסל יאָרן״... זיין גאַנצע צייט האָט ער אַוועקגעגעבן צו העלפן אָרעמע און קראַנקע. ער האָט זיי געגעבן „קוויטלעך״ צום דאָקטער און אַפּטייקער. די אָרעמע פלעגט ער באַזאָרגן מיט ברויט ביי לייזער פאַפיער דעם בעקער. די עלנטע קינדער פלעגט ער באַקליידן און זען, אַז די תלמוד־תורה זאָל זיי האַלטן אויף קהלס רעכענונג. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט זאָרג פאַר די אָרעמע מיידלעך, מיט דער מיצווה פון הכנסת־כלה.

צוליב דער מיצווה פון הכנסת־כלה זענען אַ מאָל נעלם געוואָרן מיין מוטערס אויערינגלעך. ס׳איז געווען אַ שבת אין דער פרי, פאַרן גיין אין שול אַריין, מיין מאַמע האָט זיך געוואָלט אויסצירן לכבוד שבת און די אויערינגלעך נישט געפונען. מיר, קינדערלעך, האָבן אַפילו געקראָגן געשלאָגן דערפאַר, ווייל די מוטער האָט אונדז באַשולדיקט, אַז די אויערינגלעך האָבן מיר אַרויסגעוואָרפן.

די אויערינגלעך האָט מען געזוכט עטלעכע יאָר, ביז אין אַ שבת אין דער פרי, האָט מיין מוטער, זיצנדיק אין שול, דערזען אירע אויערינגלעך ביי רבקהלע הערשל האָדעסעס (גאָדלפעניג). ווען מיין מוטער האָט וועגן דעם גערעדט מיט מיין פאָטער, האָט ער זיך מודה געווען, אַז דאָס איז ער געווען דער „מנדב״ פון די אויערינגלעך, צוליב... הכנסת־כלה.

און די מעשה איז אַזוי געשען: ווען די אָרעמע כלה איז שוין געשטאַנען אונטער דער חופה מיט איר באַשערטן און מען האָט שוין די כלה געפירט אַרום

חתן, ווי דער שטייגער איז, — האָבן די ברידער פון חתן אים אַוועקגענומען פון אונטער דער חופּה, באשר עס האָט צוגעפּעלט צו דעם נדן. די כלה איז שטיין געבליבן אַ פאַרשעמטע און געשווירן, אַז זי וועט זיך „אָפּרעכענען" מיטן חתן... דעמאָלט איז מיין פאָטער, שטאַרק איבערגענומען מיטן צער פון דער כלה, אַהיים געלאָפן, גענומען די מאַמעס אוירינגלעך צו פאַר־זעצן ביי הערשל האָדעסעס, און געברענגט דאָס געלט, וואָס האָט געפעלט צום נדן. די חתונה איז טאַקע דורכ־געפירט געוואָרן כדת וכדין, אַ בית־דין האָט נאָך גע־מוזט זיך צונויפקומען, כדי מבטל צו זיין דער כלהס נקמה־שבועה, און... ווו די אוירינגלעך — איז געבליבן אַ סוד, ביז יענעם שבת אין דער פרי, ווען מיין מאַמע האָט זיי דערזען.

מען האָט מיין פאָטער אויך געהאַלטן פאַר אַ קע־נער אין די פאַרשידענע קרענק. ווען די כאָלערע האָט אויסגעבראָכן אין נאַווי־דוואָר, האָט מיין פאָטער איבער־געלאָזט דאָס גאַנצע הויזגעזינד מיט די קליינע קינדער און איז אַוועק אויף עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל אַריין אויף דעם „פּיאַסעק". מיין פאָטער האָט זיך מטפּל געווען מיט די אַלע קראַנקע, כאָטש די געפאַר פון אָנשטעקונג איז געווען זייער גרויס.

איך געדענק איין מאָל אין אַ שבת ביי טאָג, עטלעכע יידן זענען געקומען צו מיין פאָטער וועגן אַ געפערלעך קראַנקן, וועמען מען מוז תיכף מאַכן אַ הייסע וואַנע. מיין פאָטער איז גלייך מיט זיי אַוועק אין מיקווה אַריין, און ס'איז געווען משונהדיק צו זען, ווי עטלעכע פרומע יידן, מיט שבתדיקע קאַפּאָטעס, שלעפּן אַ וואַנע צום קראַנקן אין הויז, און טראָגן נאָך עמערס הייסע וואַסער פון דער „טשיינע".

מיין פאָטער האָט געהאַט אַ גוטע שותּפטע צו זיינע מעשים טובים — שמעון ניסנס ווייב. ביי איר אין שטוב האָט מיין פאָטער מיט זיינע מיטהעלפער געזאַמלט די אַלע נדבות און מזונות, וואָס זיי האָבן צונויפגענומען פאַר די אָרעמע־לייט.

אין די אַלע קהלישע עסקים האָט זיך מיין מאַמע נישט געמישט. זי איז געווען אַ לערערין און געזאָרגט וועגן פּרנסה פאַר דער משפּחה, פון צייט צו צייט האָט זי פאַרגעוואָרפן דעם טאַטן, פאַר וואָס ער איז נאָר פאַרנומען מיט מיצוות פאַר אַנדערע... ער האָט אויף דעם נישט גערן געענטפערט.

ווען מיר, קינדער, זענען עלטער געוואָרן, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די מוטער האָט געפאָדערט ביים פאָטער אַ גט, אויב ער וועט נישט אויפגעבן די קהלישע געשעפטן. אָבער, דער רב האָט זי אויסגעמוסרט, אַז אַזאַ פרומען מאַן דאַרף מען נישט גטן, און ער האָט אָבער דערפאַר צוגעפּסקנט, אַז צו דעם שכר פון מיין פאָטערס מיצוות, וואָס ער וועט באַקומען אויף יענער וועלט, זאָל אויך מיין מוטער זיין אַ שותּפטע...

אַ זייער כשר הויז האָט מיין מוטער געפירט און פרומע ווייבער פלעגן זיך ביי אונדז צונויפקומען. אין תשעה־באב האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אויף דער פּאָד־לאָגע, זיך אונטערגעשפּרייט ווייכע קישנס און געזאָגט קינות. מיר, קינדערלעך, האָבן מיטגעוויינט אויף דעם גרויסן חורבן. אין ערב יום־כיפור פאַר כפּרות־שלאָגן פלעגן זיי קומען פון מאַרק מיט הינער און בעטן אַז בלימטשע זאָל מיטשיקן אירס אַ טאָכטער צו העלפן זאָגן ברכות ביים כפּרה־שלאָגן...

אין ראש השנה פלעגט אונדזער פאָטער בלאָזן שופר אין דער היים, כדי, אַז מיר, זיינע טעכטער, זאָלן נישט דאַרפן שטיין פאַר דער שול צום שופר־בלאָזן.

אין פּורים פלעגט מיין פאָטער אַהיימברענגען די מגילה, און ווייבער זענען זיך צונויפגעקומען הערן דאָס מגילה־לייענען ביי אונדז אין שטוב. דערביי האָט מען זיך גוט אָפּגערעכנט מיט המנען...

אַזוי איז געווען דער שטייגער פון אונדזער שטוב — פרום, און אַלץ — לויט דער דעה פון די עלטערן. צו מיין ברודערס דרייצן יאָר האָבן זיי שוין געזאָרגט וועגן אַ שידוך פאַר אים, לויט זייער איינזען: די כלה דאַרף זיין שיין, פרום, קלוג, האָבן אַ גוטן נדן, און דער עיקר — ווילגעפעלן די שוויגער... אַזוי האָט מען אָנגעהויבן פּלאַנעווען וועגן זיין שידוך צו דרייצן, אָבער חתונה געהאַט האָט ער ערשט צו ניינצן.

מיין עלטסטע שוועסטער איז געווען אַ שניידערין, זי האָט געאַרבעט ביים „האַלבן שניידער". דעמאָלט האָבן די נייטאָרינס פאַרצויגן זייערע אַרבעטסטעג ביז שפּעט אין די נעכט. צווישן פּורים און פּסח, ווען מען האָט זיך באַקליידט לכבוד יום־טוב און ס'איז געווען אַ סך אַרבעט — פלעגן די נייטאָרינס אַרויס פון שטוב צו דער אַרבעט שבת־צו־נאַכטס, און ערשט פרייטיק פאַר נאַכט אַהיים קומען אויף שבת. אַ גאַנצע וואָך איז מען געזעסן צוגעשמידט צו די בענקלעך, פאַרדרעמלט פון מידקייט. נאָך פּסח האָט זיך אָנגעהויבן דער „זמן" ביז סוכות, פלעגט מען זיך פאַרדינגען צו דער אַרבעט אויפן גאַנצן „זמן" ווי שקלאָפן.

מיין מוטער האָט נישט געוואָלט, אַז איר טאָכטער זאָל אַרבעטן אויך גאַנצע נעכט, האָט זי דערפאַר איר אָנגעדונגען צו פרימעט די קלעזמערקע (באָרנשטיין) און געווען צופרידן, וואָס איר טאָכטער וועט נאָר אַר־בעטן ביז צוועלף ביי נאַכט...

ביים אַהיימגיין צוועלף ביי נאַכט פון דער אַרבעט, אין דער פינצטערניש פון שטעטל, האָט מען זיך גע־שראָקן פאַר יעדן שאָטן. מען האָט נאָך דעמאָלט גע־גלייבט, אַז די טויטע גייען אין דער שעה אַרויס פון די קברים, און נישט איין מאָל האָט מען זיך צעשריגן פאַר שרעק.

אַזוי האָט מען אויך מורא געהאַט פאַר אַ משומד, ווען ער האָט „געפּגרט"... יעדער האָט געהאַט צו דערציילן, אַז דאָ איז ער געגאַנגען און דאָרט איז ער געלאָפן...

כדי גובר צו זיין אַלע פּחדים האָט מען באַנוצט פאַרשידענע סגולות. טראָגן פאַרטעכער און זאָקן־בענדלעך — איז געווען איינע פון די סגולות.

אָבער, נישט נאָר שאָטנס... אויך סאָלדאַטן פלעגן באַפאַלן אין די נעכט, ביים אַהיימגיין פון דער אַרבעט, — האָבן די עלטערן פון די אַרבעטאָרינס צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז יעדע נאַכט זאָל אַן אַנדערער אַהיימ־פירן די טעכטער. מיין פאָטער פלעגט אויך גיין איין מאָל אין דער וואָך, מיט אַ לאַמטערנדל אין דער האַנט, אָפּוואַרטן די מיידלעך און זיי אַהיימפירן. אַזוי האָט ער געטאָן זיין פליכט, ביז מיין שוועסטער איז אַוועק פון איר אַרבעט „ביי יענעם" און אַליין געוואָרן אַ „מייסטעראָווע".

מיין צווייטע שוועסטער, חיה בינה, איז געווען זייער אַ שיינע און קלוגע, און גוט און פרום, אַז אַלע ווייבער האָבן זיך געווונטשן צו האָבן אַזאַ גע־ראָטענע. מיינע עלטערן האָבן זיך געגרייסט מיט איר שיינקייט און פרומקייט, „ביז עס איז נישט געקומען אַ שטן און זי אַראָפּגעפירט פון פרומען וועג" — ווי מיין מוטער האָט געזאָגט, וויינענדיק מיט ביטערע טרערן אויף איר אומגליק.

אָט דער „שטן" איז געווען ראַכע וויעלקאַנאָץ, די טאָכטער פון מאיר „נאַר". (ראַכעס פאָטער, מאיר, האָט מען געגעבן דעם צונאָמען „נאַר", ווייל אין דער בהלה פון אַ שריפה האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט אין שטוב פאַרן פייער און נאָר אָפּגעראַטעוועט אַ קיישל מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ). ראַכע איז געווען זייער אַ גוטע און פריינדלעכע צו אַלעמען, אין נאָווי־דוואָר איז זי געווען באַקאַנט אַלס „ציצעליסטקע" און אַז יונגען מיט מיידן קומען זיך צוזאַמען ביי איר אין שטוב.

מיין שוועסטער חיה בינה האָט געאַרבעט צו־זאַמען מיט ראַכען ביי חנה לאה באַקמאַן, משה שטייפס ווייב, אַלס העפטשערקעס. פון ראַכען האָט חיה בינה געבראַנגט ביכלעך צום לעזן. מיין פאָטער האָט די ביכער געוואָרפן אין פייער אַריין, — איז געוואָרן „לעבעדיק און לוסטיק" ביי אונדז אין שטוב. ס'האָט נישט געהאָלפן מיין מוטערס געבעט און גע־וויין, אַז חיה בינה זאָל נישט גיין שפּאַצירן מיט ראַכען. אויך דעם טאַטנס קלעפּ האָבן נישט געהאָלפן. מיין מוטער האָט מיך געשיקט צו שפּיאָנירן חנה בינהן, ווו זי גייט, מיט וועמען זי טרעפט זיך און צי זי לייענט נאָך די מעשה־ביכלעך. אַ גוטע, פרומע טאָכטער בין איך דעמאָלט געווען. כ'האָב נישט געוואָלט מיין מוטער אָפּנאַרן און אַלץ דערציילט.

ביי ראַכען אין שטוב האָב איך צווישן אַנדערע געזען מענדל „קולאַס", ער האָט זיך אומגעקערט פון וואַרשעווער „פּאַוויאַק", ווו ער איז געווען אַרעסטירט פאַר צעטיילן פּראָקלאַמאַציעס. איך האָב נישט לאַנג געקלערט און בין אַוועק אַהיים, דערציילן מיין מוטער, אַז חיה בינה איז ביי ראַכען מיט עטלעכע יונגען, און קיין צרות האָבן שוין חיה בינהן נישט געפעלט.

חיה בינה איז מיר אויך נישט שולדיק געבליבן. כ'האָב באַקומען פון איר קלעפּ. היינט פאַרשטיי איך, אַז איך האָב זיי כשר פאַרדינט.

ווען חיה בינה האָט דערציילט ראַכען, וועגן די צרות פון מיר, האָט ראַכע מיך געוואָלט דערנענטערן און מיך איינגעלאַדן צו שפּאַצירן מיט איר. אויף דעם שפּאַציר האָט מיר ראַכע אויפגעקלערט, אַז איך דאַרף די עלטערן גאָרנישט דערציילן, אַז מען דאַרף זיין „קאָנספּיראַטיוו". פון דעמאָלט אָן בין איך געוואָרן גוט צו חיה בינהן און מיין מוטער האָט זיך מער נישט פאַרלאָזט אויף מיר. זי האָט געזאָגט, אַז איך בין נאָך ערגער פון חיה בינהן און איך גיי אויף אירע וועגן. זינט דעמאָלט האָבן די עלטערן אַליין נאָכגעשפּיאָ־נירט חיה בינהן, ווי נאָר זי איז אַרויס פון שטוב, איז מען איר גלייך נאָכגעגאַנגען מיט אַ לאַמטערנדל אין דער האַנט.

חיה בינה האָט פיל געליטן, קיין ביכל — נישט געטאָרט לייענען, פון שטוב — נישט געקאָנט פריי אַרויסגיין, זי איז אָבער געווען גענוג שטאַרק, כדי צו גיין איר וועג. אין איינעם אַ טאָג איז זי אַוועק קיין

לאָנדאָן, אָן וויסן פון דער משפּחה, נאָר איך אַליין האָב געוווּסט וועגן דעם. מיינע עלטערן האָבן עס זייער שווער איבערגעלעבט, זיי האָבן מיך באַשולדיקט, פאַר וואָס איך האָב זיי נישט צוּוויסן געטאָן וועגן דיה בינהס נסיעה. מיינע עלטערן האָבן אויך אָנגעהויבן מער אַכט לייגן אויף מיר, איך זאָל נישט גיין אויף חיה בינהס וועגן, און חלילה, איך זאָל נישט קומען צו ראַכען. אָבער מיינע עלטערנס פאַרלאַנגען האָב איך מער נישט געקענט נאָכגעבן.

ס'איז געווען אין די שטורמישע טעג פון אָן אַ שיִער שטרייקן אין וואַרשע. אויך נאָווי־דוואָר האָט דערוואַכט... כ'וועל דערמאָנען צו זייער רום די ערשטע: מענדל קולאַס, אַביגדור דעם טעפּערס, משה און חיים קאָהן (פּסח גאָדלס), מענדל פייגנבוים (משה פּוקעלס) שמואל, און שלמה מאָטל (ברוך שניידערס זון) הימלפאַרב. מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען עט־לעכע מאָל דורך דער וואָך, ביי יענקל בלעכער, מאיר נאַרס זון.

איך געדענק די ערשטע פאַרזאַמלונג ביי יוקלען אין אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס. משה קאָהן האָט געבראַכט אַ רעדנער פון וואַרשע צו אָט דער געהיימער פאַר־זאַמלונג. אַ צווייטע פאַרזאַמלונג געדענק איך ביי ברכה גאָלדשטיין די העפּטשערקע. דאָרט זענען געקומען יצחק מלאך (בראַנדשאַפּט) שמחה וואַגאַ (וואַגנער) זיין שוועסטער חוה און חנה ליפּשטיין (די פּישעלי־אָוועס טאָכטער). חנה און חוה זענען געווען אונדזערע טור־ערינס, זיי האָבן אַגיטירט די מיידלעך, אונדז גע־געבן ביכער צום לייענען און גענומען אויף שפּאַצירן דורכצורעדן זיך מיט אונדז וועגן די נייסטע פּאַ־סירונגען.

ס'איז דאָן געווען 1904. איך האָב געאַרבעט ביי סימע די נייטאָרין, יצחק מלאך האָט געשיקט נאָך מיר, איך זאָל קומען צו ברכהן אין שטוב. און דאָרט, אין יענעם אָוונט, האָבן מיר באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן דעם ערשטן שטרייק פון די נאָווי־דוואָרער נייטאָ־רינס און פאָדערן אַן אַרבעטסטאָג פון צוועלף שעה, פון זיבן פרי ביז זיבן אָוונט; אַרבעטן אויף דער וואָך און נישט אויפן „זמן"; אָפּצאָל פאַר דער אַרבעט — יעדע צוויי וואָכן.

אַזוי זענען מיר אַרויס צום שטרייק, מיט אַזעל־כע פאָדערונגען, אַלס נייטאָרינס אין עלטער פון אַכט ביז פערצן יאָר, און מיר זענען געגאַנגען פון איין וואַרשטאַט צום צווייטן, אַרויסרופן די מיידלעך צום שטרייק.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן, ווי מען האָט דאָס אויפגענומען אין שטעטל; וואָס פאַר אַ „סצענע" די מאַרק־יידענעס האָבן אונדז אָפּגעשפּילט, ווען מיר, די שטרייקערינס, זענען דורכגעגאַנגען דעם מאַרק. מיט קאַנען מילך, מיט קיישלעך עפּל און מיט אור־גערקעס איז מען אונדז נאָכגעלאָפן, געזידלט און געשאָלטן מיט די ערגסטע קללות.

מיר זענען אַדורך דורכן מאַרק צו משה הערש שוחטס הויז, צום וואַרשטאַט פון זיין טאָכטער די נייטאָרין. די עטלעכע מיידלעך, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט, האָבן נישט געוואָלט אַרויס צום שטרייק, און ווען איך און חנהלע זענען אַריין צו זיי, האָבן די אַלע נייטאָרינס זיך באַהאַלטן אונטער די בעטן און ס'האָט נישט געהאָלפן אונדזער אויפקלערן. דער שוחט האָט אונדז פאַרשלאָסן אין הויז און געלאָפן רופן פּאָ־ליציי. מיר האָבן אָבער געהאַט גוטע אַרויסהעלפער, דריי גוט באַקאַנטע שלאָסער־יונגען, מלך קנאָסטער, הערש חיים פישער און מאָטל הימלפאַרב. זיי האָבן די טיר אַ שאָקל געגעבן, אַז דאָס גאַנצע הייזל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און מיר זענען אַרויס פון דאָרט מיט זידלערייען פון שוחט.

ספּעציעל האָט אים פאַרדראָסן אויף מיר, ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועמענס טאָכטער איך בין, ער האָט געשטוינט, אַז מיין פאָטער זאָל האָבן אַ טאָכטער אַ שטרייקערין, און ער האָט אַפילו געדראָט, זיך „אָפּצורעכענען" מיט מיין פאָטער, ווייל ס'איז זיין שולד.

אָבער אויך מיר האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו נעמען נקמה, און אויב נישט ביים שוחט משה הערש — איז ביי אַן אַנדערן שוחט, וועמענס זון איז געכאַפּט געוואָרן „אויף דער הייסער מינוט" ביי העלענען אין פרייליכן „הייזל". דער שוחט, דער פאָטער פון גע־כאַפּטן ביים חטא, האָט געוואָלט, אַז דער ענין זאָל נישט דערגיין צום רב, און אַקעגנגעטראָגן משה שטייפן אַ גאָלדענעם זייגער, אַבי ער זאָל נישט דער־ציילן, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן און דער שוחט איז, צוליב דער גרוי־סער חרפּה, אַוועק מיט זיין גאַנצער משפּחה קיין אַמעריקע.

דאָך האָט משה הערש נישט גערוט, ביז ער האָט נישט געפונען אַ געלעגנהייט צו נקמה־נעמען אין מיין פאָטער. ווען אונדזערס אַ שכן האָט געמאַכט אַ ברית

און מיין פאָטער איז פאַרבעטן געוואָרן צו זיין דער סנדק — האָט משה הערש שוחט, וועלכער איז אויך געווען אַ מוהל, נישט געוואָלט מל זיין דאָס קינד, אויב מיין פאָטער וועט זיין סנדק. מיין פאָטער האָט אַ פאַרשעמטער געמוזט מוותר זיין אויף דער מיצווה, זיך אומקערן אַ דערשלאָגענער פון דער שמחה און אָפּקומען די שטראָף פאַר זיין טאָכטער די שטרייקערין.

אונדזער שטרייק איז דאָך געלונגען, אַלע אונדזערע פאָדערונגען האָט מען נאָכגעגעבן. באַלד האָבן אויך פאַרשטרייקט די שניידערס און אויסגעפירט זייערס. נאָך דעם האָבן פאַרשטרייקט די אַרבעטער פון דער גילזן־פאַבריק און פון דער קנעפּלעך־פאַבריק, און אַלע שטרייקן האָבן מיט זיך געברענגט אַ וויכטיקן רעזולטאַט: די קירצונג פון אַרבעטסטאָג.

ווען ס׳האָבן אויך פאַרשטרייקט די נייטאָרינס ביי פרימעטלען, הלל קלעזמערס ווייב, האָט עס מיט זיך געברענגט דעם אַרעסט פון מאָטל הימלפאַרב. איך האָב עס געזען אויף דער גאַס פאַרן מאַגיסטראַט, ווי צוויי פאָליציאַנטן פירן מאָטל הימלפאַרב אין קייטן. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט טיפן צער איז אונדז אויסגעקומען הערן, ווי די ווייבער שרייען: „גוט אַזוי, אַלע ציצעליסטן דאַרף מען אַרויספירן פון נאָווי־דוואָר. אויך די מיידן דאַרף מען אַרויספירן אין קייטן". דערביי האָבן זיי אָנגעוויזן אויף אונדז. די פירערין פון די ווייבער איז געווען חנה די פעלדשערקע.

אויך צווישן די מענער האָט זיך גערודערט קעגן אונדז, די שטרייקערס. פאַרן בית המדרש, צווישן אַ רעדל יידן, האָט הלל קלעזמער זיך באַרימט, אַז דאָס האָט ער אַרויסגעגעבן דעם בונטאָווטשיק מאָטל הימלפאַרב, — „קיין סיביר זאָלן זיי אים פירן, אָדער הענגען זאָלן זיי אים"...

מיר האָבן וועגן דעם אַלעם דורכגערעדט מיט אונדזער פאָרשטייערקע חוה און באַשלאָסן צו העלפן אונדזערע חברים באַפרייען מאָטלען, ווען מען וועט אים פירן מיט דער באַן קיין וואַרשע אין „פּאַוויאַק" אַריין. דאָס איינציקע געווער, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געהאַט — האָרנאָדלען און שפּילקעס... און מיר האָבן זיך געגרייט באַפרייען מאָטלען. נאָר פּלוצלינג האָב איך מאָטלען דערזען אין גאַס שוין אַ פרייען, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

ביי מענדל קולאָס בין איך געוויער געוואָרן, אַז מיט אַ נאָכט פריער איז מען אַוועק צו הלל קלעזמער און אים ערוב געמאַכט פאַרן לעבן פון מאָטל הימלפאַרב. אַזוי, אַז הלל קלעזמער איז גיך אַוועק „אונטערשמירן" די פאָליציי, און זיי האָבן גלייך מאָטלען באַפרייט.

די אַלע שטרייקן און פאַסירונגען האָבן געברענגט צו אייניקייט און אָרגאַניזירונג, און די אַרבעטער אין נאָווי־דוואָר האָבן זיך געגרייט צו פייערן דעם ערשטן מײַ.

ס׳איז געווען אַן ערשטע מײַ־פייערונג אין וואַלד, אין די טעג פון פּסח. איך בין אַרויס פון שטוב, אַז מיינע עלטערן זאָלן נישט זען און בין אַוועק אין וואַלד. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך צונויפגעטראָפן אין נאָווי־דוואָר מיט אַזאַ שיינער יוגנט. זיי אַלע האָבן מיט מוט באַשלאָסן נישט צו אַרבעטן אין ערשטן מײַ און געקומען אין וואַלד צו דער פייערונג.

איך האָב געמיינט, אַז מיין אָנטייל אין מײַ־יום־טוב, דאָרט אין וואַלד, וועט בלייבן בסוד, אָבער, באַלד האָט דער רב געלאָזט רופן מיין פאָטער, אים אַלץ צוּוויסן געטאָן, אַז איך בין געווען מיט דער חברה אין וואַלד און אַפילו דאָרט געגעסן ברויט אין פּסח. מיין פאָטער האָט שטאַרק דערפון געליטן.

אויך וועגן אַנדערע חטאים מיינע האָט מען דערציילט מיין פאָטער. איינער אַ חסיד האָט אים אויסגעמוסרט אין שול ביים לערנען: „דו זיצסט דאָ ביי דער גמרא און דיין טאָכטער מיט די צעפּ האָט גאָר געגעבן אַ יונג די האַנט..." דאָס האָט ער געמיינט מיינס אַ וואַרשעווער קוזין, אַ פּאַצעט מיט אַ קאַפּעלוש, וועלכער איז געקומען צו אונדז צו גאַסט אין די טעג פון פּסח, און וועמען איך האָב געזעגנט מיט אַ האַנטדרוק פאַר אונדזער הויז. אַזוי פיל חטאים מיינע האָט שוין מיין פאָטער נישט געקאָנט דולדן, ביז ער האָט אין גרויס אויפרעגונג צעבראָכן דעם טשאָלנט־טאָפּ און מיך גוט צעשלאָגן.

ס׳איז מיר געוואָרן ענג אין שטוב, און אויך אין גאַס האָבן ווייבער אויף מיר אָנגעוויזן: „אָט גייט זי דאָרט", און מוטערס האָבן זייערע קינדער געשלאָגן מיט מיין נאָמען: „אַן אסתר מלכה וועסטו ביי מיר אויסוואַקסן — אַ יונג וועסטו געבן די האַנט? אין דר׳ערד וועסטו ביי מיר ליגן!"...

מיין פאָטער האָט זיך פאַרקלאָגט פאַרן ראַדזימינער רבי, אַז פון זיינע טעכטער האָט ער קיין נחת נישט. דעם רבינס עצות האָבן נישט געהאָלפן, ביז... איין מאָל אין אַ שבת, נאָכן אָפּעסן דעם קוגל, האָב

איך איבערגעלאָזט אַלץ און אַלעמען און איך בין אַוועק קיין לאָנדאָן.

די בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון מיין שוועסטער מרים, האָבן מיר פאַרשאַפט פיל פאַרגע־ניגן. אַ דאַנק אירע שוועסטערן האָט זי זיך שוין גע־פילט פרייער אין שטוב; איר האָבן שוין טאַטע־מאַמע נישט געשטערט צו לייענען אַ ביכל און מען האָט שוין נישט אַזוי אַכטונג געגעבן אויף דער טרעפונג מיט אַ בחור. אויך מיינע פריינדינס האָבן מיר גע־שריבן וועגן דעם, אַז די פאַנאַטישע עלטערן איז באַ־פאַלן אַ פחד, די טעכטער זאָלן נישט אַנטלויפן פון זיי און אַז מען איז מער פרייער צו ווילן און פאַר־ברענגען...

איך בין געווען צופרידן צו הערן, אַז די יוגנט האָט געזיגט און אַז אונדזערע נעמען ווערן דערמאָנט אויף די פאַרזאַמלונגען, אַלס די יעניקע, וואָס זענען געווען די ערשטע צו ברעכן די קייטן פון פאַנאַטיזם און אָפּרוימען די שטיינער פון וועג, אַז דער נייער דור זאָל גיין פאָרויס צו אַ בעסערער און שענערער וועלט.

**הערשל הימלפאַרב**

# די ערשטע יידישע סאציאליסטן אין נאווי־דוואר

## דער אָנהייב

מיט זעכציק יאָר צוריק, אין 1899, איז מיין עלטסטער ברודער, פייוול, אַ שניידער־אַרבעטער, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אומלעגאַלער סאָציאַ־ליסטישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין וואַרשע. ער



הערשל הימלפאַרב, בעת זיינס אַ רעדע

איז געווען דער ערשטער יידישער סאָציאַליסט אין אונדזער שטעטל נאָווי־דוואָר. אַ ביסל שפּעטער זע־נען נאָך עטלעכע אַרבעטער אין שטעטל געוואָרן סאָ־ציאַליסטן, פון זיי געדענק איך: יודל מאַקאָווסקי (חנה חיה) און יעקב אריה (גרשון הענטשקעמאַכערס זון): זיי האָבן געאַרבעט אין וואַרשע, און ווען זיי פלעגן אַהיימקומען צו טאַטע־מאַמע אויף די שבתים און ימים־טובים, האָבן זיי זיך געהיט, אַז מען זאָל אין שטעטל זיך נישט דערוויסן פון זייער אָנגעהעריקייט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך אין זייער מגע־ומשא מיט די אַרבעטער אין שטעטל האָבן זיי נישט געגעבן קיין אָנצוהערעניש וועגן זייער שייכות צו קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט.

ביים סוף פון 1900, אָדער ביים אָנהייב 1901, איז מיין ברודער אַרעסטירט געוואָרן. ער איז אָפּגעזעסן צען חדשים אין תפיסות און דערנאָך אָפּגעשיקט גע־וואָרן מיטן עטאַפּ אַהיים, ווו ער איז געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליציייִשער אויפזיכט.

די לעגענדעס אַרום זיין אַרעסט און באַפרייונג האָבן אַריינגעטראָגן אַ צערודערונג אינעם שטילן, שטעטלדיקן לעבן. פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגע־הויבן הערן אַזעלכע משונהדיקע ווערטער, ווי: סאָ־ציאַליזם, רעוואָלוציע, זעלבסטהערשונג, „בונד", שטרייק אד"גל. אַזוי איז די דאָזיקע פּאַסירונג, אומ־דירעקט, געוואָרן דער ערשטער אָנרעג צו דער אַנט־שטייונג פון אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר.

## די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע

אין אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונדערט, איז נאָך נאָווי־דוואָר, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פּוילן, געווען געזעלשאַפטלעך אָפּגעשטאַנען. אַ קליינע צאָל אָנגעזעענע באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרנומען מיט קהלישע ענינים, אַ טייל האָט זיך אויסגעלעבט צווישן די מנינים און חברות, אין בית־המדרש, אָבער די

מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, די בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, אַרבעטער און סתם אָרעמע־לייט, זענען געווען פאַרגרעבט און צו יענער צייט — נישט אַרויסגעוויזן קיין באַדערפעניש צו אַ וועלכער עס איז גייסטיקער באַפרידיקונג. די אַרבעטער־יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צום לעבן, האָט איר תיקון געפונען אין פאַרברענגען די פרייע צייט מיט קאָרטנשפיל און פאַצעטעווען. די וואָס האָבן שוין געקענט לייענען יידיש, אָדער עברי־טייטש, האָבן זיך געקוויקט מיט שונד־ראָמאַנען, און כאָטש וואַרשע איז געווען אַזוי נאָענט, האָט מען גאָרנישט געוווסט פונעם ברויזנדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין דער הויפטשטאָט און אין גאַנץ רוסלאַנד.

אין יענער צייט האָט זיך אין שטעטל געגרינדעט אַ ציוניסטישע חברה, ווי אַ מנין צום דאַוונען. צו דער חברה האָבן געהערט אַ גרעסערע צאָל בכבודיקע, כמו־אַריסטאָקראַטישע באַלעבאַטים. זיי האָבן געהאַט אַ נייגונג צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, סיי צוליב זייער ליבשאַפט צו ארץ־ישראל און סיי צוליב זייער שאַרפער קעגנערשאַפט צו דער אָרטאָדאָקסיע, וועלכע האָט געטראָגן די שולד פאַר דער אָפגעשטאַנענקייט און שיפלות פון די יידישע פאָלקסמאַסן. אין דער חברה האָט מען שוין, אַחוץ דאַוונען בציבור, זיך אויך פאַרנומען מיט וועלטלעכע ענינים: ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, נאַציאָנאַל־פאָנד, העברעיִזם אד״גל. אין דער חברה זענען אויך געקומען מער אינטעליגענטערע, באַלעבאַטישע קינדער און אויך אַרבעטער — נישט נאָר לשם דאַוונען, נאָר דער עיקר צו שמועסן און דיסקוטירן וועגן די נייע פראָבלעמען. פון זיי געדענק איך: יענקל קנאַסטער, יצחק שטשיגעלסקי, יעקב יורעס (יענקל שפערלינג), מענדל ליפסקי א״אַ. אַ טייל פון די דערמאָנטע זענען שפעטער געוואָרן אַקטיוו אין די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

גלייכצייטיק האָט אַ טייל פון דער נאָווי־דוואָרער יוגנט — דער עיקר קינדער פון מער אויפגעקלערטע, באַלעבאַטישע היימען, וואָס „זענען אַראָפ פון דרך־הישר“, און מיטן פאַרלאָזן די בית־המדרש־באַנק עוסק געווען אין רוסישער גראַמאַטיק, — זיך אָנגעהויבן גרופירן אין פריוואַטע דירות, זיך לערנען צוזאַמען, דיסקוטירן און פאַרברענגען. אַזעלכע צונויפקום־פונקטן זענען געווען ביי הערשל יעראָזאַלימסקי (אויך זיינע צוויי טעכטער האָבן געהערט צו דעם קרייז), ברכה זאָמער, שמשון נטע סרעברניק א״אַ.

פון די דאָזיקע קרייזן געדענק איך: שמחה וואַגאַ און זיין שוועסטער חוה (די קינדער פון ישעיהו ירמיהו), די צוויי ברידער אלתר און יצחק מלאך, חנהלע ליפשיץ און די צוויי שוועסטער ברכה און רבקה מונדלאַק. דער גרעסטער טייל פון די דאָזיקע קרייזן איז שפעטער געוואָרן אַקטיוו אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און אַ טייל פון זיי זענען נאָך ביז היינט, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די יאָרן 1901—1903 האָבן זיך אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, אַחוץ די מגידים און ישיבה־משולחים, אויך באַוויזן רעדנער (מטיפים). איינער פון זיי, קאַראָטקין, האָט אין ווינטער פון 1902—1903 באַזוכט נאָווי־דוואָר. אין אַ פול־געפאַקטן בית־המדרש האָט ער גערעדט און געשטורעמט קעגן די אָרטאָדאָקסישע קהילה־פירער, וואָס האַלטן זיך ביי די פאַרגליווערטע מינהגים. ער האָט שטאַרק אויסגענומען און ער איז דערנאָך אויך אַרויסגעטרעטן אין דער „סאַליע“ פון אַהרן ראַבינאָוויטש. דאָרט האָט ער גערעדט ווי אַ טעריטאָריאַליסט און מיט אים האָבן דיסקוטירט דער פעלדשער שמואל גראַבמאַן, ווי אַ ציוני־ציון, און אַ יונגערמאַן שלמקע זוסמאַן, אַ ציוניסט־טעריטאָריאַליסט, וועמען דער „לאָמער מענדל“ האָט אַראָפגעברענגט פון וואַרשע. (דער שלמה זוסמאַן איז געווען איינער פון די פירער פון די „ס. ס.“. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געוואָרן אַ בונדיסט און שפעטער געווען דער סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע) נאָך דער דיסקוסיע איז נאָך זוסמאַן פאַרבליבן אין שטעטל עטלעכע טעג, און ביים „לאָמען מענדל“ אין שטוב, ערגעץ ביים נאַרעוו, האָט מען ווייטער גערעדט און דיסקוטירט, ביז מען האָט געשאַפן דאָס ערשטע קעמערל פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ביים אָנהייב האָבן זיך אַלע גרופירט אַרום דאָזיקן קעמערל, אָבער מיט אַ פאָר חדשים שפעטער, האָט מיין ברודער פייוול, ווען ער איז אַהיימגעקומען אויף שבת, פאַר מיר אַוועקגעשטעלט די פראַגע, פאַר וואָס מיר גרינדן נישט קיין בונדישע אָרגאַניזאַציע. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז מיר האָבן נישט קיין בונדיש געשטימטע אינטעליגענץ און אַז אונדזער טעטיקייט איז נאָר לשם קולטור־געזעלשאַפטלעכער צו־

נויפלעבונג, — האָט ער דאַן צו מיר געזאָגט: „דער ענין אינטעליגענץ איז צום דיסקוטירן, נאָר איצט איז די צייט פאַר מעשים״... איך האָב דאַן צוזאַמענגערופן אַ גרופּע אַרבעטער, מיין ברודער האָט זיך מיט זיי צונויפגערעדט און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אומלעגאַלע בונדישע אָרגאַניזאַציע. בראש פון איר זענען געשטאַנען מיין צווייייטער ברודער, מאָטל, — אַ שלאָסער־אַרבעטער, דודל פאַריזער — אַ שניידער־אַרבעטער (געהאַט אַ צונאָמען: „דודל שווינדלער״, דערנאָך אַ לאַנגע צייט געווען אַקטיוו אין די רייען פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין אַמעריקע).

אַזוי אַרום האָבן שוין אין 1903 עקזיסטירט אין נאָווי־דוואָר צוויי יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס: דער „בונד״ און די „ס. ס.״, וועלכע האָבן זיך — ווי ס'וועט זיך וייטער אַרויסווייזן — אידעאָלאָגיש באַקעמפט, אָבער פּראַקטיש, אין פיל פאַלן, צוזאַמענגעאַרבעט.

אַז דער באָדן איז שוין רייף געווען פאַר דער גרינדונג פון אַ בונדישער אָרגאַניזאַציע, האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן אין דעם, מיט וואָס פאַראַ שנעלקייט די אַרבעטער פון שטעטל האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד״. נאָך אַ קורצער צייט איז דער „בונד״ אויסגעוואַקסן און האָט פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין שטעטלשן לעבן. אַ טייל פון די באַלעבאַטים — מייסטערס (וואָס האָבן באַשעפטיקט צו עטלעכע אַרבעטער) און אַ טייל קהל־פירער האָבן אַרויסגעוויזן זייער קעגנערשאַפט און באַקעמפט דעם „בונד״, אָבער די אַרבעטנדיקע און סתם אָרעמע פון שטעטל, האָבן זיך אידענטיפיצירט מיטן „בונד״, אין אים געזען אַ כוח זיך צו פאַרטיידיקן קעגן אומרעכט, און אַרום אים זיך גרופּירט.

אין פּסח־צייט פון 1903, ווען עס זענען צו אונדז דערגאַנגען די ידיעות פון קישינעווער פּאָגראָם און וועגן די ערשטע פּרוון פון אַ זעלבשוץ — איז דער דראַנג אויסצובילדן אַן אָרגאַניזירטן כוח געוואָרן נאָך שטאַרקער. במשך אַ קורצער צייט האָט די גאַנצע אַרבעטנדיקע יוגנט פון שטעטל זיך אָנגעשלאָסן אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג.

אין אָנהייב איז די טעטיקייט בעיקר געווען אַן אויפקלערערישע. מען פלעגט זיך טרעפן גרופּנווייז אויף די שפּאַציר־וועגן פון ביידע זייטן שטעטל, וואַרשעווער און זאַקראָטשינער, אויפן פּוילישן מאַרק, און אין די זומער־חדשים — אויך אויף די פעלדער הינטערן שטעטל, ביי די פּרוכט־גערטנער. די אויפקלערונגס־אַרבעט האָט זיך געפירט אַרום די געלייענטע יידישע ביכלעך, וועלכע מען פלעגט אויסבאָרגן אין די ביכער־געוועלבלעך פון שמשון נטע סרעברניק און ברוך איינבינדער. נאָכן לייענען פלעגט מען שמועסן, דיסקוטירן און אַרויסציען אַ מוסר־השכל...

דעם גרעסטן אינטערעס האָבן אַרויסגערופן די ביכלעך און בראָשורעס וועגן עלעמענטאַרער נאַטורוויסנשאַפט (וואָס איז אַזוינס רעגן, דונער און בליץ?) און אויך די ביכער וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער צוזאַמענשטויס צווישן רייך און אָרעם, שטאַרקע און שוואַכע. פון דער יידישער ליטעראַטור האָט מען אָנגעהויבן מיט יעקב דינעזאָן און באַלד איז מען אַריבער צו מענדעלע מו״ס, י. ל. פּרץ, אַבֿרהם רייזען, נאָמבערג און אַש. אָט די ביכער, צוזאַמען מיט די אומלעגאַלע פּראָפּאַגאַנדע־ביכלעך, זשורנאַלן און בראָשורן — זענען געווען דער קוואַל פון וועלכן מען האָט געשעפּט באַוווסטזיין, זיך געלערנט פאַרשטיין די אייגענע לאַגע און דאָס אַרומיקע לעבן, כדי צו קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

אַז די דאָזיקע מי איז ניט געווען קיין אומזיסטע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אין ערב־פּסח פון יאָר 1904, ווען עס איז פאָרגעקומען דער ערשטער שטרייק אין נאָווי־דוואָר. געשטרייקט האָבן עטלעכע הונדערט אַרבעטערינס, וועש־העפטערינס און פּעקלערינס, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר וועש־סוחרים און פאַבריקאַנטן אין וואַרשע. דער שטרייק האָט געדויערט בערך צען טעג. די פאָדערונג אויף אַ קליינער לוין־העכערונג איז געוווּנען געוואָרן, און דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דאָזיקן שטרייק איז געווען, אַז פון די באַטייליקטע, איז אַ גרויסע צאָל געווען יונגע מיידלעך, 14—15 יאָריקע, און דווקא זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע סאָלידאַריטעט און גרויסן מוט.

## וווּקס און אָנזען

אינעם ווייטערדיקן פּעריאָד האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן אין אַ ריי פאַכן און וואַרשטאַטן, און קודם־כל אין די שניידער־פאַכן, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. די שטרייקן זענען געווען פאַר העכערע לוינען, אַכט שעהדיקן אַרבעטסטאָג און מענטשלעכער באַהאַנדלונג.

די לעצטע פאָדערונג איז ספּעציעל נוגע געווען די

יוגנטלעכע, האַלב־באַלמלאָכעס און לערנייִנגלעך. מיטן אויסנאַם פֿון געוויסע פֿאַלן, ביי וועלכע איינצל־נע באַלעבאַטים האָבן געשטעלט אַ פֿאַרעקשנטן ווידער־שטאַנד, און דער קאַמף ביי זיי האָט זיך דעריבער לענגער פֿאַרצויגן, — איז די ערשטע שטרייק־כוואַליע אַדורך מיט נצחונות. די אַרבעטער האָבן דערוואָרבן בעסערע פֿאַרדינסטן און אויך אַ קורצן אַרבעטסטאָג, וואָס האָט דערמעגלעכט זיך מער אָפּצוגעבן מיט אָר־גאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט.

אין דעם יאָר פֿון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, 1904, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ שענדלעכע מפּלה פֿאַרן צאַריזם, האָט אויך דער צאַרישער רעזשים גע־פּרוּווט באַרויִקן די אומצופֿרידענע פֿאָלקסמאַסן מיט דעם באַקאַנטן ערשטן דומע־פּראָיעקט, „בוליגינס דומע־פּראָיעקט". די באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד האָט זיך נישט געלאָזט נאַרן, די מתּנה נישט אָנגענומען, און די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן דעמאָלט גע־פֿירט אַ גרויסע אויפֿקלערונגס־טעטיקייט קעגן דעם דאָזיקן צאַרישן שווינדל. אויך מיר האָבן די אַרבעט געטאָן אין נאָווי־דוואָר און אין די אַרומיקע שטעטלעך.

דודל פֿאַריזער און איך האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דער דאָזיקער אויפֿקלערונגס־אַרבעט. מיר זענען אַרויס־געטרעטן אויף גרויסע פֿאַרזאַמלונגען אין די בתּי־מדרשים. מיר האָבן דאַן אויך געגרינדעט בונדישע גרופּן אין זאַקראָטשין און אין פּלאָנסק. אין פּלאָנסק האָב איך דעמאָלט באַקענט אַ פּאָר אינטערעסאַנטע, שפּעטער באַרימט געוואָרענע פּערזענלעכקייטן, ווי דער פּלאָנסקער רב מיכלזאָן, דוד בן־גוריון (דאַן דוד גרין), דוד בודקע — דער מאָלער און י. סיגאַל, דער רע־דאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס", וועלכער איז טאַקע דאַן געוואָרן אַ בונדיסט.

בעת אונדזער באַזוך אין פּלאָנסק, האָבן אונדז עטלעכע יונגעלייט פֿון דראָבנין, אַ קליין שטעטעלע אין פּלאָצקער גובערניע, פֿאַרבעטן אויף אַ מיטינג. און דאָרט, אין דראָבנין, זענען מיר טאַקע ביידע אַרעס־טירט געוואָרן, אָפּגעזעסן צוויי פֿולע חדשים אין דער פּלאָצקער „נייער טורמע". נאָך דעם זענען מיר מיטן עטאַפּ צוריקגעשיקט געוואָרן אַהיים, קיין נאָווי־דוואָר, און דאָרט געשטעלט געוואָרן אונטער פּאָליציייִשער אויפֿזיכט.

איך בין געווען פֿריידיק איבעראַשט, ווען איך בין אַהיימגעקומען פֿאַר ניי־יאָר און האָב געפֿונען אַן אויפֿגעוואַקסענע אָרגאַניזאַציע, וואָס פֿירט אַן אינטענ־סיווע טעטיקייט אויף פֿאַרשידענע געביטן.

## פֿילזײַטיקע אַקטיוויטעט

אין פּראָצעס פֿון אַנטוויקלונג און פֿונאַנדערוווּקס פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר זיך אויך פֿאַרנומען אויסצובריייטערן אונדזער טעטיקייט אַריבער די ענגע גרענעצן פֿון יידישן נאָווי־דוואָר.

אין שטעטל זענען דאַן געווען עטלעכע גרעסערע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, פֿאַבריקן פֿון פֿאַרצעליי־אויסאַרבעטונגען, אַ קראָכמאַל־פּראָדוקציע־פֿאַבריק, אַ מיליטעריש־מעכאַנישער וואַרשטאַט פֿאַר בריק־טיילן, שיפֿלעך און אַנדערע וואַסער־מכשירים, אַ זעג־מיל (טאַרטאַק), אַ שפּייז־סקלאַד אויף דער ווייסל א״אַ. די אַלע אונטערנעמונגען (מיטן אויסנאַם פֿון שפּייז־סקלאַד — „באַנקאָווי שפּייכלער", וווּ עס האָבן געאַרבעט ביי אַ 40 יידישע טרעגער־אַרבעטער) זענען געווען באַ־זעצט מיט הונדערטער פּוילישע אַרבעטער, און אונדזער באַמיִונג זיי אַריינצוציִען אין דער באַוועגונג האָט נישט געהאַט קיין דערפֿאָלג. דער עלעמענט איז געווען אַן אָפּגעשטאַנענער און קיין פּויליש־רעדנדיקע אינטעלי־גענץ האָבן מיר נישט געהאַט. די איינציקע גימנאַזיסטן און סטודענטן פֿון שטעטל, וועלכע האָבן זיך גע־לערנט אין די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן פֿון פּלאָצק און וואַרשע, זענען אידעיִש זייער ווייט געווען און געווען פֿאַרנומען בלויז מיט זייערע אייגענע אינ־טערעסן. עס איז אונדז קוים געלונגען צו שאַפֿן אַ קליינע גרופּע פּאָלאַקן, וועלכע האָבן זיך באַטראַכט פֿאַר אָנגעהעריקע צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „פּ. פּ. ס.". זיי זענען מיט אונדז מיטגעגאַנגען, אָבער קיין השפּעה אויף די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן האָבן זיי נישט געהאַט.

מער הצלחה האָבן מיר געהאַט אויף אַן אַנדער געביט. אונדז איז געלונגען אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן און אָפֿיצירן, וואָס האָבן גע־פֿירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אינעם גאַרניזאָן פֿון דער מאָדלינער (נאָוואָ־געאָרגיעווסקער) פֿעסטונג. מיר האָבן אָנגעקניפּט מיט זיי אַ קאָנטאַקט אַ דאַנק אַ יידישן סטודענט, אַן „ס. ס."־אָוויעץ, וועלכער האָט אין פֿאַר־בינדונג מיט אַ צווישן־פּאַרטייִשן קאָמיטעט פֿון וואַר־שעווער ראַיאָן געפֿירט אַ טעטיקייט אין מיליטער. ער פֿלעגט פֿון צייט צו צייט אַראָפּקומען אין שטעטל, מיטברענגען „ליטעראַטור" און אויך טייל מאָל אַליין

זיין דער צושטעלער. אין די מערסטע פאַלן זענען מיר געווען די צושטעלער און פאַרמיטלער, מיר פלעגן דאָס טאָן בעת באַגעגענישן אויף קאָנספּיראַטיווע דירות, אָדער דורך אָפּטראָגן עס ווי „פּאַסילקעס" דירעקט צו די מיליטערישע פּונקטן.

נאַטירלעך איז עס געווען פאַרבונדן מיט אַ ריזיקע און געפאַר, אָבער עס האָבן זיך שטענדיק געפונען די אַנטשפּרעכנדיקע מענטשן, וועלכע האָבן די ריזיקע אויף זיך גענומען און די אַרבעט דורכגעפירט בשלימות. די אַרבעט אין מיליטער איז געווען איינע פון די געביטן אויף וועלכע מיר, פון פאַרשידענע ריכטונגען, האָבן צוזאַמענגעאַרבעט.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך פאַרצייכענען עטלעכע נעמען פון די וועלכע האָבן אין דעם פּרט זיך אויסגעצייכנט: חוה וואַגאַ, חנהלע ליפּשיץ, אליהו (דודל פאַריזערס ברודער), שמחה וואַגאַ און די ביידע ברידער מלאך. די בעסטע קאָנספּירירטע דירה, וווּ מיר פלעגן זיך טרעפן מיט די שליחים פון מיליטער, איז געווען ביי די גאָטלויבס (דוד מאַלאַזש).

דער רעזולטאַט פון אונדזער אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, בעת עס איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס אין דער פעסטונג, אין אַ דירה פון אַ פאָלקאָווניק. די דאָזיקע געשעעניש האָט זיך טראַגיש געענדיקט מיט דעם אַרעסט פון עטלעכע אָפיצירן און סאָלדאַטן אין מאָדלינער גאַרניזאָן, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרזשנער אַרבעט אין סיביר.

ביים סוף פון 1904 און אָנהייב 1905, האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון נאָווי־דוואָר. די אַמאָליקע „ווילדע יונגען", וועלכע האָבן פריער, צוזאַמען מיט די פאַרריסענע באַלעבאַטים און פאָליציי, געפּרוּווט טעראָריזירן די יונגע באַוועגונג, זענען צו יענער צייט שוין געווען באַזייטיקט פון וועלכער עס איז השפּעה. זיי זענען געווען צופרידן, אַז מען האָט זיי נישט געטשעפּעט. פאַרקערט! — אין פאַלן פון עוולות מצד די לאָבוזעס קעגן רויִקע מענטשן, אָדער נאָך גנבות און אָנפאַלן, פלעגט מען זיך ווענדן נאָך הילף צו אונדז, און עס איז גענוג געווען בלויז אַ ווונק פון דער אָרגאַניזאַציע, און די זאַך איז פאַרריכט געוואָרן לטובת די געליטענע.

אויך אין אַלע אַנדערע קהלישע ענינים האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט דאָס אַנטשיידנדיקע וואָרט. אונדזער פּאָזיציע איז נאָך שטאַרקער געוואָרן נאָכן ניינטן יאַנואַר פון פינפטן יאָר, ווען אין רעזולטאַט פון דער צאַרישער פּראָוואָקאַציע ביים פּעטערבורגער ווינטער־פּאַלאַץ, האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס צעגאָסן, ווי לאַווע, איבער אַלע ווינקעלעך פון גרויסן לאַנד.

אין דעם ערשטן מײַ פון 1905 האָט נאָווי־דוואָר דאָס ערשטע מאָל דערזען אויף איר גאַס אַ רויטע פאָן. אין דעם טאָג האָבן די אַרבעטער פון שטעטל געוואָרפן די אַרבעט, שפּאַצירט אין יום־טובדיקע קליידער, אין די פאַרמיטאָג־שעהן אַוועק אין די הינטערשטעטישע וועלדלעך, דאָרט אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען, און אין די מיטאָג־שעהן זיך גרופּירט אויף דער הויפּט־גאַס, נישט ווייט פון מאַגיסטראַט. אין געציילטע מינוטן איז אַרויסגעהויבן געוואָרן אַ פאָן, עס זענען אויסגערופן געוואָרן עטלעכע לאָזונגען, און נאָך איידער פאָליציי און מיליטער האָבן זיך באַוויזן צו אָריענטירן, וואָס דאָ קומט פאָר, איז דער עולם זיך פונאַנדערגעגאַנגען. שפּעטער, ביי נאַכט, האָט פאָליציי אַרומגענישטערט, געזוכט אויך אין די שטיבער, אָבער קיינעם נישט אַרעסטירט.

די דאָזיקע קורצווייליקע מאַניפעסטאַציע, האָט נאָך מער געהויבן דעם אָנזען און אויטאָריטעט פון דער באַוועגונג.

### די פּראָוואָקאַציע

אין מיטן זומער פון 1905 איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וועלכע האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל. אין מיטן נאַכט איז די פאָליציי, מיט אַ ליסטע נעמען, געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אַרעסטירט 13 חברים. צווישן זיי געדענק איך: מיין ברודער מאָטל, משה באַקמאַן — אַ מיליטערישער שניידער, יענקל אָלשענקאָ, זענעק — אַ פּוילישער אַרבעטער, ישראלקע — אַ פלייש־אַרבעטער. די ליסטע זאָל די פאָליציי האָבן באַקומען פון אַ גרופּע באַלעבאַטים — קצבים, קעגן וועלכע עס האָט זיך געפירט אַ פאַרעקשנטער שטרייק.

אונדזערע באַלעבאַטישע קעגנער האָבן געמיינט, אַז מיטן דאָזיקן אַרעסט האָבן זיי ליקווידירט אונדזער אָרגאַניזאַציע, אָבער זייער טעות האָבן זיי גלייך דערזען, ווען שוין צומאָרגנס נאָכן אַרעסט, זענען די אַרבעטער פון שטעטל געקומען גרופּנווייז צום פענצטער פון אַרעסטהויז, פון וואַנען די אָפּגעשלאָגענע אַרעסטאַנטן האָבן אַרויסגעזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. די פאָליציי האָט זיך דאַן צוגעאײַלט און אונטער אַ

שטאַרקער וואָך אָפּגעשיקט די אַרעסטירטע קיין מאָדלין. פון דאָרט האָט מען זיי אַריבערגעפירט קיין וואַרשע אין דער מאָקאָטאָווער תּפיסה, וווּ מען האָט זיי געהאַלטן דריי חדשים. זיי זענען ערשט באַפרייט געוואָרן אין האַרבסט, נאָכן 17טן אָקטאָבער.

אויך דער דאָזיקער שווערער קלאַפּ האָט — ווי געזאָגט — שוין נישט געקאָנט אָפּשוואַכן אונדזער טעטיקייט. פאַרקערט! די קאַמפן זענען געוואָרן פאַרביסענער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקציע, צו צווינגען די באַלעבאַטים־קצבים און די קהל־פירער, אַז זיי זאָלן זיך באַמיען צו באַפרייען די אַרעסטירטע. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן מיר אויך באַקומען הילף פון וואַרשעווער און פּראַגער חברים פון וועמען די קצבים־באַלעבאַטים האָבן באַקומען דראָונגען און אויך קלעפּ. אַ קרבן פון דער דאָזיקער אַקציע איז אויך געווען דער אָנגעזעענער שטאָט־באַלעבאָס, בנימין יונגוויץ, ער האָט באַקומען מיט שטעקנס איבערן קאָפּ.

אַזעלכע אַקציעס האָבן מיר אין דער זעלבער צייט געפירט קעגן פאַרביסענע באַלעבאַטים אין די שכנותדיקע שטעטלעך, פלאָנסק, נאַשעלסק א״אַ. אַזאַ אימפּעטיקע אַרבעט האָבן מיר פאָרגעזעצט אין פאַרלויף פון זומער און האַרבסט אין 1905.

דעם מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער 1905, האָבן מיר אויסגענוצט מיט אַ ריי אונטערנעמונגען. אויך אין שטעטל גופא האָבן מיר דורכגעפירט עטלעכע פאַרזאַמלונגען. איין גרויסע פאַרזאַמלונג, מיטן אָנטייל פון 500 פּערזאָן, וואָס איז פאָרגעקומען הינטערן שטעטל, אויפן „דריטן וויאָרסט״, איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרויסער צאָל באַוואָפנטע סאָלדאַטן און מיר האָבן נישט באַוויזן די פאַרזאַמלונג צו פאַרענדיקן. זיי האָבן נישט דערלויבט, אַז ציווילע זאָלן זיך גרופּירן אַרום אַ מיליטערישן פּונקט; אַזאַ סיבה האָבן זיי אָנגעגעבן, און די אָפיצירן האָבן אונדז באַגלייט ביז אין שטעטל אַריין. דאָס האָט דעמאָלט נאָך מער געהויבן אונדזער פּרעסטיזש אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג און אויך ביי די מאַכט־אָרגאַנען.

אין יענער צייט האָבן מיר אויך דורכגעפירט אַ גרויסע זאַמל־אַקציע פון געלט און שפּייז פאַר די שטרייקנדיקע אַרבעטער אין וואַרשע. אין דער זאַמל־אַקציע איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן צוזאַמען מיט שמחה וואַגאַ. מיר האָבן דעמאָלט געבראַנגט קיין וואַרשע הילף פאַר די שטרייקער, איבער צוויי טויזנט רובל און דריי גרויסע לאַסטוועגענער שפּייז.

די פרייד פון נצחון אין יענע אָקטאָבער־טעג, האָט, ליידער, נישט לאַנג געדויערט, די צאַרישע רעאַקציע איז שנעל געקומען צו זיך, און מיט דער הילף פון אַ ריי שוואַרץ־מאהדיקע באַנדעס אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף דער יידישער באַפעלקערונג. אין איבער 120 שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב, ווי אויך אין וואַרשע און אין דער סביבה, האָט מען זיך געריכט אויף פּאָגראָמען. מיר זענען דאַן ווידער געקומען צו די שטעטלשע באַלעבאַטים, ביי זיי געמאָנט געלט צו אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ.

אַ טייל פון די באַלעבאַטישע אָנפירער האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט אונדזערע פאָדערונגען, מיט דער טענה, אַז מיר זענען נאָענט צו דער מאָדלינער פעסטונג און אַז בשעת סכנה, וועט אונדז דער אָרטיקער גאַרניזאָן באַשיצן. אַ זעלבשוץ דאַקעגן — האָבן זיי געטענהט — וועט נאָך אַרויסרופן דעם צאָרן פון דער מיליטער־מאַכט און וועט ברענגען שאָדן.

אין דעם סיכסוך מיט די באַלעבאַטים איז אונדז צו הילף געקומען דער נאָווי־דוואָרער רב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד. איך געדענק אַ קליינעם צוזאַמענטרעף, דעמאָלט, ביים רב אין שטוב, מיט בנימין יונגוויץ, יענקל פיינשטיין, איטשע מאיר מונדלאַק א״אַ. דער רב האָט דעמאָלט אויפגעקלערט, אַז מען קאָן פון דער פעסטונג קיין הילף נישט דערוואַרטן; אַז העכסטנס, קאָן דער אָדער יענער אָנגעזעענער יחיד, וועלכער האָט אַ קאָנטאַקט מיט אָפיצירן, באַקומען הילף און שמירה, בלויז פאַר זיך אַליין. און דעריבער דאַרף מען דאַנקבאַר זיין דער יוגנט, וועלכע איז גרייט דאָס לעבן מפקיר צו זיין, און באַשיצן ק ה ל מיט לייב און לעבן.

דער רב, מיט זיין מוט, איז געגאַנגען נאָך ווייטער, ווען ער האָט אין בית־המדרש, אין אַ דרשה וועגן דער סדרה וישלח, פאַרגליכן אונדזער לאַגע, מיט דער לאַגע פון יעקב אבינו, בעת ער האָט זיך געגרייט מיט מתנות, געבעט און מלחמה, ווען ער האָט זיך געדאַרפט באַגעגענען מיט זיין ברודער עשיו... דער רב האָט פאַרענדיקט מיט התלהבות, אַז מיר האָבן שוין גענוג געגעבן מתנות, גענוג געבעטן ביי די שונאים, און איצט דאַרף מען בענטשן די הענט פון די, וואָס טראָגן דאָס געווער...

מיר האָבן דעמאָלט ווידער געזאַמלט עטלעכע טויזנט רובל און איינגעקויפט געווער אין פּלאָצק. מיט דער הילף פון שמוגלערס האָבן מיר דאָס געווער

דערפירט מיט דער ווייסל ביז די ברעגן פון שטעטל, נאָר האַרט ביים ברעג איז דער גאַנצער טראַנספּאָרט געכאַפּט געוואָרן דורך די זשאַנדאַרמען און געהיים־פּאָליציי. צי דאָס איז געשען דורך אַ פּראָוואָקאַציע, צי דורך דער אומגעלומפּערטקייט פון די שמוגלערס — איז קיין מאָל נישט אַנטדעקט געוואָרן.

## נאָך די אַנטוישונגען

די שווערע קלעפּ, וואָס די רעוואָלוציע האָט באַקומען נאָכן דערקלערטן קריגס־צושטאַנד, נאָך די פּעלדגעריכטן און שטראָף־עקספּעדיציעס, האָבן זיך געלאָזט וויטיקדיק פילן אין דער באַוועגונג. אַ טייל האָט זיך אַריבערגעטראָגן צו לעגאַלער טעטיקייט, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָדער ביי קולטור־אַרבעט, אָבער די ברייטע פאָלקסמאַסן פון רוסלאַנד זענען געוואָרן מיד און אַנטוישט. דאָס באַאיקאָטירן די ערשטע דומע, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ שווערער פעלער, און האָט נאָך מער דערוווייטערט די מאַסן פון דער רעוואָלוציאָנערער אָנפירונג.

ביי אונדז האָט זיך דער צוריקגאַנג אויסגעדרוקט דער עיקר, אינעם מאַסנווייזן אַנטלויפן פון שטעטל. די וואָס האָבן נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט, זענען גלייך אָפּגעפאָרן נאָך מערב־אייראָפּע, אָדער אַמעריקע. די וואָס האָבן אַזאַ מעגלעכקייט נישט געהאַט, האָבן זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, אָדער אין אַנדערע שטעט.

צווישן די וואָס זענען אַוועק קיין אויסלאַנד אין דעם יאָר 1906, איז די גרעסטע צאָל געווען פון די אָנפירנדיקע פּערזאָנען פון ביידע אָרגאַניזאַציעס, „בונד" און „ס. ס.": די ווּאַגאַס, די אינראַטס, די ברידער מלאך, ליפשיץ, שטשיגעלסקי און יענקל עטרה־מאַכערס טעכטער. נאָך פאַר דעם זענען אַוועקגעפאָרן: יוסף קירשטיין, אַביגדור טעפער, יעקב אריה א"אַ. ביז זומער פון 1906 איז שוין די גרעסטע העלפט פון דער נאָווי־דוואָרער יוגנט געווען אין אויסלאַנד און די אַנדערע העלפט האָט וועגן דעם געטראַכט.

דאָך איז די אַרבעט נאָך אָנגעגאַנגען, עס פלעגן נאָך פאָרקומען זיצונגען און פאַרזאַמלונגען און מיר האָבן נאָך אָנגעהאַלטן קאָנטאַקטן, כאָטש מיר זענען כסדר פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער פּאָליציי, און מיר האָבן זיך געמוזט לאָזן נע־ונד אין די אַרומיקע שטעטלעך און קיין וואַרשע, כדי זיך דאָרט אויסצובאַהאַלטן. אויך אין די באַדינגונגען האָבן מיר אונדזער אַרבעט נישט אויפגעגעבן.

די אָפּפאָרנדיקע חברים פלעגן מיר נאָך אַלץ באַגלייטן מיט רעדעס און געזאַנג, אויף בונדישע „ליאַמעס", און פון צייט צו צייט פלעגט מען נאָך אַדורכפירן שטרייק־אַקציעס. דערווייל זענען אויך אונטערגעוואַקסן אַ ביסל יונגוואַרג, פאַר וועלכע די באַוועגונג האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ צוציונגס־קראַפט, און אַזוי איז עס געגאַנגען ביז האַרבסט 1906.

אין האַרבסט פון יענעם יאָר האָט דודל פאַריזער געשאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל, אונטער דער פאָן פון דער אַסימילאַטאָרישער און באַלשעוויסטישער „ס. ד. ק. פּ. ל." (סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע). זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן מיט אַ טעראָר־אַקט. זיי האָבן געפּרווּוט מיט דער הילף פון אַן אומבאַוווּסטזיניקן פּוילישן אַרבעטער מאַכן אַן „עקספּראָפּריאַציע" ביי דעם פאַרמעגלעכן קצב ישראל לערעך (ישראל גאַרעס, וועלכער איז, אַגב אויך געווען דער איניציאַטאָר ביים אַרעסט פון די 13). דער סוף איז געווען אַ פיאַסקאָ, דודל פאַריזער איז אַנטלאָפן, אָבער דער פּוילישער אַרבעטער איז שרעקלעך צעשלאָגן געוואָרן פון די קצבים און אַרעסטירט געוואָרן.

די קצבים, כאָטש זיי האָבן מיך פּערזענלעך אין דעם נישט באַשולדיקט, האָבן דאָך מיך פאַרמסרט פאַר דער פּאָליציי, צוליב מיין ראָלע אין דער באַוועגונג. צופעליק בין איך יענע נאַכט נישט געשלאָפן אין דער היים, און דאָך האָט מען מיך געפונען. צוויי אַ זייגער ביי נאַכט האָבן פּאָליציי און מיליטער מיך אַרעסטירט.

דאָס איז געווען סוף אָקטאָבער, אָדער אָנהייב נאָוועמבער, פון 1906, איך בין דעמאָלט „געזעסן" אין מאָדלין, דערנאָך אין דער וואַרשעווער „פּערעסילנער" טורמע, אין ציטאַדעל, אין „פּאַוויאַק" — אַריבער פינף חדשים. די קצבים־באַלעבאַטים האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן אָנשטענדיקייט, די אָנקלאַגע קעגן מיר צוריקגעצויגן, און אין מערץ 1907 בין איך באַפרייט געוואָרן.

אַהיימקומענדיק, האָב איך געטראָפן דאָס שטעטל כמעט אָפּגעליידיקט. נאָר עטלעכע יונגע, צוגעקומענע חברים האָב איך געפונען: לעאָן ראָזנשטיין — אַ סטודענט, יוסף לייב פּערלמוטער, אברהמל גאָלדבערג (סימע איטעס) א"אַ.

איך האָב געפּרוווט אויפשטעלן פון דאָס ניי אַן אָר־גאַניזאַציע, נאָר דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, פשוט דערפאַר, ווייל אויך די פאַרבליבענע זענען שוין געווען האַלב אויפן וועג נאָך אויסלאַנד. מיינע צוויי עלטערע ברידער, פייוול און מאָטל, זענען גערופן געוואָרן צו מיליטער־דינסט, און ווען זיי זענען אַוועק דינען, בין איך געבליבן כמעט איינער אַליין.

איך האָב זיך דאַן מער צוגעהערט צו דער בקשה פון מיינע עלטערן, מיינע דריי שוועסטער און ברודער שלמה אין ענגלאַנד, — אין מײַ 1907 בין איך אַוועק קיין לאָנדאָן.

שוין זייער קליין איז געווען דער קרייז פון באַ־גלייטער, בעת מיין אָפּפאָר, אָבער אויך די ווייניקע זענען געווען טריי און איבערגעגעבן דער אידעע, וועל־כע האָט אונדז אַלעמען אַזוי באַלעבט און דערהויבן.

*

איך בין געווען איבער עלף יאָר אין אויסלאַנד, אין ענגלאַנד, רוסלאַנד און אַנדערע לענדער. קיין פּוילן בין איך צוריקגעקומען סוף 1918, האַרט ביי דער ענדע פון ערשטן וועלטקריג. איך האָב דעמאָלט אין נאָווי־דוואָר געפונען אַ שיינע ביבליאָטעק מיט אַ סך ביכער, אַ גרויסע קולטור־אינסטיטוציע „בילדונגס־פאַראיין״ און אַן אַקטיווע פּריש־אויפגעוואַקסענע יוגנט.

וואָס עס האָט פּאַסירט אין פאַרלויף פון דער צייט, צווישן 1907 און 1918 — דאַרפן דערציילן מער באַרופענע. איך וויל מיין קאַפּיטל זכרונות פאַרענדיקן מיט די ווערטער:

די יאָרן, וועגן וועלכע איך האָב דאָ געשריבן, זענען געווען וואָגיק און דעצידירנדיק אינעם לעבן פון דער אַרבעטנדיקער און אינטעליגענטער יוגנט ביי אונדז אין שטעטל.

מיר האָבן געבענקט און געהאָפט, געאַרבעט און געקעמפט; מיט אונדזער באַגרענעצט וויסן און ווייניק בילדונג, האָבן מיר זיך אַליין און אויך אַנדערע גע־לערנט, און מיט אַלע פיבערן פון ריינע, יונגע נפשות, האָבן מיר באַגערט צו שאַפן עפּעס גרויסעס און דערהויבנס.

אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, 1919 — 1939, בין איך געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס אונדזערע יוגנט־באַמיונגען זענען נישט געגאַנגען לאיבוד; אַז נאָך אונדז זענען געקומען אַנדערע, פאַרגעזעצט און ווייטער געשפּונען...

איצט איז אַלץ רוצחיש פאַרניכטעט און שפּורלאָז אָפּגעווישט.

New York October 11-58

אַ בריוו פון הערשל הימלפאַרב צו די נאָוו. אין ישראל

# זינגען שניידער

א

ניין, נישט שטענדיק איז דאָ קומער,
אָט שײַנט אויף דער ליבער זומער,
שפּאַצירן פּאָרלעך און זיי בלאָנקען
אין פאַרנאַכט אויף קעללערס לאַנקע.

אַ לבנה, שטילערהייט,
גייט מיט זיי דאַן און באַגלייט
ביז צום זילבער־בלויען נאַרעוו,
וועלכער מורמלט תּפילת מעריב,
ווו גראָזן וואַרטן צאַרט און ווייך
און שטערן ווינקען אין דער הייך.

ב

זינגען שנײַדער אין וואַרשטאַטן
דאָס ליד פון שנײַדער — רויטער מאַן,
וועגן צאַרסקע קאַזעמאַטן
און וועגן פרײַהייט, וואָס קומט אָן.

קומען וועט דער פרילינג זיסער,
און ס׳ווערט די גאַנצע שטאָט פאַרשווענקט.
ס׳פלייצט דער נאַרעוו פון די ברעגן
און הער, ווי כוואַליעס רוישן שטאַרק.
שוין פאַרגאָסן אַלע וועגן
און אָט דערגרייכן זיי דעם מאַרק.

יצחק גרינבוים

# נובי־דבור - מהעיירות החביבות

נובי־דבור — עיירה ליד מצודת מודלין, שנקראה בימי רוסיה הצארית: נובו־גאורגיבסק.

שכנות זו של המצודה הראשית בפולין הקונגרס־אית, ביחוד לאחר ביטולה של מצודת וואַרשה, גרמה תמיד פורעניות ליהודי נובי־דבור בימי מלחמה; לגירושין של האוכלוסיה היהודית, לבז רכושם בידי התושבים הפולנים ולחורבן החלק היהודי של העיירה.

כך היה בימי מלחמת העולם הראשונה, ובימי פלישת צבא הבולשביקים, בימי הקרבות על ווארשה בשנת 1920.

בימי פלישת קלגסי היטלר לפולין, לא גורשו היהודים ע״י השלטונות. הם עצמם ברחו מפני המפלצת, ואלה שנשארו, גורלם היה כגורל יהודי פולין כולם.

בנאומי ב„סיים" הפולני, ב־14 באוקטובר 1920, שהיה מוקדש כולו לסבלם של יהודי פולין בזמן התקדמותם ונסיגתם של צבאות רוסיה המועצתית, הקדשתי קטע לנובי־דבור, בו תארתי את סבלותם של יהודי העיירה. ואלה הם דברי.

„לאחר מבצע יבלוננה או בשעת המבצע, התרחשו מעשים שהזכירו לנו את תעלולי הרוסים בשנת 1914. (קול קריאת ביניים: זה מענין).

מאותם מקומות בסביבת מצודת מודלין, התחילו מגרשים את היהודים בלבד. כל היהודים בלי יוצא מן הכלל. גם את הרבנים, וגם את החרדים, שכעבור זמן נתנו להם תעודות לויאליות ופטריוטיות. הם גורשו על גשותיהם וטפם. (קול: עם השום ועם הבצל).

...והסיבה כפי שנאמר לנו ממקור רשמי: „הגנרלים שלנו אינם יכולים לנצח אם היהודים ישארו בנובי־דבור, בוואוער או בפאלניצה" (רעש).

איך הבינו את הגירוש פשוטי העם?

המעשה הוכח כמו הכרוזים שזיהו את היהודים עם הבול־שביקים, כתעמולה אנטישמית, כהזמנה לשוד.

נובי־דבור נשדדה לאחר שיצאו ממנה היהודים. נערך שוד בכל החנויות והדירות של היהודים. בזקרוצ׳ין אותו הדבר. הדירות של היהודים ובתי הכנסת של זקרוצ׳ין חוללו כמו בנובי־דבור. לאחד מבתי הכנסת הוכנסו סוסים וסודרה בו אורווה. (קול: מי? ! ודאי טרוצקי מטעמי חסכון הכניס אליה חיל רוכבים).

אחר כך נפתחה עלינו ההתקפה הנמרצת והתחלנו לקבל ידיעות רשמיות על הבגידה היהודית.

מביאליסטוק הודיעו בדבר היהודים המזוינים שהצטרפו



יצחק גרינבוים

לצבא הבולשביקים הנסוג, ובשדליץ ספרו אותו הדבר על ביאליסטוק.

המטה הראשי פרסם את ההודעות האלה, שהוכחשו ע״י הועדים הפולניים מאותם הערים והעיירות. הגנראלים הפולנים נרצחו דווקא באותם המקומות שמהם גורשו היהודים על משפחותיהם, כדי שלא יוכלו לבגוד, ובגידתם לא תוכל להזיק, על כל פנים, הפסידו, או שבאותו מקום לא אירע דבר. אולם ליצירות בגידה אין כל הגיון".

כשתיארתי בנאומי את עלילות הבגידה שהעלילו על היהודים ללא כל יסוד, קרא אחד המאזינים לנואם:

„אבל היה זה נשק טוב, שהרי נצחנו".

„מכאן יוצא שדמם וסבלם של היהודים נשפך איפוא בעקבות מעשים מכוונים ושימוש בעלילות אנטישמיות שסיבתם ברורה: הגנראלים שלא יכלו לנצח, מצאו דרך אחרת לנצחון..."

✶

לפני כתבה על ביקורי בנובי־דבור. מי שיקרא עכשיו את תיאור ביקורי בנובי־דבור ודאי יתפלא לאותו החופש שניתן ליהודי נובי־דבור והסביבה לערוך לי קבלת פנים נהדרת ולבבית. ונובי־דבור לא יצאה

מן הכלל בין עיירות פולין ועריה שבקרתי בהם בימי שירותי בסיים ובתנועה הציונית.

יחס סביל של השלטונות אל ביקורי נמשך רק זמן מסוים בלבד. הוא השתנה עם הקמת גוש המיעו־טים השני. בתקופת ראשית הסיים המכונן והסיים הרגיל לא פגעו באותם החגים הלאומיים שהיו מסדרי הבקורים שלי עורכים. לא פגעו בי ואף לא בנאומי אע״פ שהיו מלאי בקורת על כל המדיניות הממשלתית. נראה הדבר שחששו שמא יהיה בחוץ־לארץ הד שלילי ולא יהיה כדאי לגרום לכך. המצב השתנה עם המהפכה של פילסודסקי, ועלית גל האנטישמיות בגרמניה ובאירופה כולה. דמובסקי פירסם באותה שעה בעתונות של הלאומנים הדמוקרטים שאין כבר פחד שהדמוקרטיות המערביות תגיבנה על הגברת מדיניות אנטישמית בביקורת זעם רצינית ותדרושנה ריסון פעולה אנטישמית והתקפות על יהודים.

נצחון פילסודסקי וסיעתו חייב את הלאומנים הדמוקרטים לפתוח במאבק במפלגה, לא רק בסיים, אלא גם בחזית המדינית והציבורית. מנסיונם ידעו המנהיגים של הדמוקרטים הלאומנים שאין נשק יעיל יותר מן האנטישמיות ועלילות אנטישמיות.

סיעתו של פילסודסקי, אפילו בירח הדבש של שלטונה, רצתה להוכיח שאין היא זקוקה לחוזה התפש־רות עם היהודים, והיא מוכנה למלא את דרישותיהם הצודקות, ביחוד בתחום השוויון האזרחי; חששו, שמא יראו המוני העם בהם כמגיני היהודים.

יריביה, הלאומנים הדמוקרטים, ידעו מקום תורפה זה ופתחו בביקורת מחריפה והולכת ובהפגנות נגד היהודים, ולאט־לאט היה הנוער, ביחוד הסטודנטים, עוברים להתנגשות. היא התגרתה בסיעה השולטת כאילו היתה אומרת לה: נראה אם תרהיבו עוז להגן על היהודים התומכים בכם.

השלטונות השתמטו מלהגיב. דחו דרישותיהם של היהודים, ועל פי רוב לא הגיבו על מעשי ההתגרות נגד היהודים ברחובות וואַרשה, ווילנא ולבוב.

הממשלה ענתה בטרור נגד הסוחרים הזעירים והטילה עליהם עמדה של כפיה שלא יבחרו בגוש. את רשימות הגוש היו פוסלים, ונוקטים כל מיני תחבולות שלא יבחרו מועמדים מהרשימות המשותפות, בה בשעה שלא החריפו נגד הרשימות הלאומיות שהיו מצורפות לגושי המיעוטים.

מאז זה הגיע לידי התערבות באסיפותינו ולידי סגירתן. מאז פסקו בעיירות החביבות אותן קבלות פנים נלהבות והפגנות הערצה שזכיתי בהם בתקופה הראשונה. תבניות האנטישמיות חדרו לסיעת „הסנאַ־ציה" חדור והעמק.

מ. גרינבוים

אַ פאַרצייכענונג פון יצחק גרינבוים און זיין פרוי בעת זייער באַזוך אין נאָווידוואָר

שמואל קאַכאַלסקי / תל־אביב

# יידישע פרנסות

## די קליינהענדלער

פון וואָס האָבן יידן געלעבט ביי אונדז אין שטאָט? ווי אין אַנדערע שטעטלעך פון פוילן — דער עיקר פון קליינהאַנדל. אַ גרויסע צאָל געוועלבלעך — איינס ביים צווייטן, און אַלע קליינהענדלער האָבן זיך געמאַטערט פאַר דער בידנער פרנסה, פאַר אַ טאָג עקזיסטענץ.

אַממערסטן זענען דאָס געווען שפּייז־געוועלבלעך. די פּראָדוקטן פאַר זיי פלעגן ברענגען פון וואַרשע אַ 3—4 נאַווי־דוואַרער הורטאָווניקעס. ערגער איז געווען מיט די מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע־געוועלבער, זיי האָבן קיין הורטאָוונע צושטעלער נישט געהאַט און יעדעס סוחרל באַזונדער האָט געמוזט אַליין פאָרן קיין וואַרשע איינקויפן דאָס ביסל סחורה. דאָס האָט גורם געווען אַ סך טירחה און פינאַנציעלע דאגות. פאַר אַזאַ נסיעה קיין וואַרשע פלעגט יעדעס סוחרל אַרומלויפן זוכן אַ הלוואה אויף אַ פאָר הונדערט זלאָטעס, און אַזוי ווי קיין סך גבירים און טובה־טוערס זענען נישט געווען, האָבן נישט געפעלט קיין דאגות און צרות.

צוויי פון אונדזערע נאַווי־דוואַרער יידן געדענק איך, וועלכע פלעגן אַרויסהעלפן אַ יידן בשעת הדחק מיט אַ גמילת־חסד: דער בעקער זכריה קאַרצאַוויטש, וואָס האָט מיט זיין באַשיידנקייט אַלץ געטאָן שטיל און האַרציק, און דער באַקאַנטער סוחר בערל ציגאַמאָן, אַרום וועמען עס האָבן זיך „געוואַרעמט" אַ צוויי צענדליק פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין זיין הילף.

די זעקס טעג פון דער וואָך זענען פאַר די אַלע קליינהענדלער געווען טעג פון זאָרג און מאַטערניש. יעדער איינער פון זיי האָט — ווי ביי פּרץ אין „די גאָלדענע קייט" — געוואָלט מאַריך זיין דעם זאָרגלאָזן שבתדיקן טאָג, אָבער באַלד מיטן „גוטוואָך" האָבן זיך אומגעקערט די דאגות...

## בעלי־מלאכות

די עיקר־מלאכה אין שטאָט איז געווען שניידעריי. אַ טייל האָבן געאַרבעט ביי זיך, אָנגענומען באַשטעלונגען. אָבער די גרעסטע צאָל שניידער פלעגן אויספירן די באַשטעלונגען פון וואַרשע פאַר די באַוווסטע פירמעס צעלמיקסטער און שניאַדאָוויטש. די שניידער האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט און באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער, אָבער קיין גרויסע גליקן האָט מען דערביי נישט געמאַכט, און געווען צייטן, ווען ס'זענען קיין באַשטעלונגען נישט געווען און סיי די מייסטערס און סיי די אַרבעטער האָבן געזוכט אַ ביסן ברויט.

צווישן די אַנדערע מלאכות האָט פאַרנומען אַן אָרט שוסטעריי. אַ צוויי צענדליק שוסטער זענען געווען אין שטאָט, וועלכע פלעגן בדוחק אַרויסשלעפּן חיונה פאַר זייערע פאַמיליעס. אַ טייל פון זיי פלעגן אַרבעטן אין מאָדלינער פעסטונג פאַר דעם מיליטער. דאָרט האָבן דער עיקר געאַרבעט קריסטלעכע שוסטערס, אָבער אַז ס'איז געווען אַ סך אַרבעט האָט מען אויך גערופן די יידן. די יידישע שוסטערס זענען דער עיקר געווען „טאַנדייטערס". זיי האָבן נישט געאַרבעט אויף דירעקטער באַשטעלונג, נאָר צוגעגרייט שיך און שטיוול פאַר די מערק און יאַרידן.

אויף די מערק, וואָס פלעגן זיך שטעלן צוויי מאָל אין וואָך און אויף די יאַרידן — יעדן מאָנאַט — האָבן די אַלע מיני בעלי־מלאכות, שוסטערס און שניידערס, היטלמאַכערס און סטאָליאַרעס, פאַרקויפט זייערע אויס־אַרבעטונגען ביי די אַנגעפאָרענע פּויערים פון דער געגנט. דער עיקר פלעגן די פּויערים קויפן נאָכן שניט אויף די פעלדער, ווען זיי האָבן פאַרקויפט זייערע תבואות און פּראָדוקטן אין שטאָט. נאָך די „גאָלדענע" זומער־חדשים פלעגן זיי זיך גרייטן צום ווינטער, איינ־קויפן אַ פאָר שטיוול, אַ וואַרעם פעלצל, און אַלץ ביי די יידישע טאַנדייטערס.

נאָך די רעגנס און אין די ווינטער־חדשים, אַז ס'האָט זיך אויסגעלאָזט ביי די פּויערים די „אוצרות" נאָכן שניט, האָבן זיי אויך ווייניקער געקויפט, און די יידישע בעל־מלאכות האָבן אין משך פון פינף חדשים געמוזט וואַרטן אויף אַ בעסערער צייט און אויף אַ גרעסערן פדיון...

## דראָשקאַזשעס און פורמאַנעס

די דראָשקאַזשעס האָבן געאַרבעט אין שטאָט ביים פירן פּאַסאַזשירן הין־און־צוריק פון דער באַן. פון פינף פאַר טאָג ביז איינס ביי נאַכט האָבן זיי שווער געהאָ־רעוועט אויף זייער חיונה. אַ צענדליק פאַמיליעס זענען

זיי געווען — די דראַשקאַזשעס, וואָס האָבן עוסק געווען אין דעם אין פאַרלויף פון דרייסיק יאָר — ווי איך געדענק זיי — ביז מיין פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר. פאַרשידנ־אַרטיקע טיפּן זענען געווען צווישן זיי: אַזאַ שטילער ייד ווי משה הענעך, וואָס מען האָט אים קוים געזען און געהערט. מיט אים זענען גערן געפאָרן די אַלע סוחרים און באַלעבאַטישע יידן פון שטאָט. ער פלעגט פון קלייט צו קלייט און פון שטוב צו שטוב צונויפנעמען זיינע פּאַסאַזשירן און זיי פירן צום צוג און צוריק. דאַקעגן איז חייקל דראַשקאַזש געווען אַ שרייער. פון דער ווייט פלעגט מען שוין הערן דעם אָנקום פון זיין דראַזשקע, אַזוי שטאַרק פלעגט ער קלאַפּן מיט דער בייטש. די לעצטע רגע פלעגט ער כאַפּן די אָנלויפנדיקע יידן און מיט אַ געאייל נאָך באַוויזן צו ברענגען זיי צום צוג. מיר, יינגוואַרג, פלעגן בכלל ליב האָבן צו גיין צופוס, אָבער, אַז מען האָט געהאַלטן ביים פאַרשפּעטיקן איז מען אַרויף אויף זיין דראָזשקע און מען האָט געהאַט בטחון, אַז מיט חייקלען וועט מען שוין דערפאָרן.

צווישן די אַלע דראַשקאַזשעס איז אויך געווען איינער, וואָס האָט זיצנדיק אויף זיין „אויבנאָן" צווישן פערד און פּאַסאַזשירן, שוין גאָר געשמועסט פון פּאָליטיק, וועגן אָרעם און רייך, קלאַסנקאַמף און יושר. ער איז שפּעטער געווען אַ פאַרשטייער פון „בונד" אין דער יידישער קהילה אין משך פון לאַנגע יאָרן.

די אַרבעט פון די דראַשקאַזשעס איז דער עיקר געווען — ווי געזאָגט — אין שטאָט, אָבער גאָר אַנדערש איז געווען מיט די פורמאַנעס, וועלכע האָבן געפירט סחורות פון און קיין וואַרשע. **די נסיעות** האָט מען דורכגעמאַכט מיט שרעק און ריזיקע. אויף די דרייסיק קילאָמעטער צווישן נאָווי־דוואָר און וואַרשע האָט מען געמוזט אַדורכפאָרן צווישן געדיכטע וועלדער, און נישט איין מאָל איז מען באַפאַלן געוואָרן פון באַנדיטן, וועלכע האָבן צוגערויבט אַלע סחורות. און ס'איז אויך געשען, אַז יידישע פורמאַנעס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. די יידישע פורמאַנעס פלעגן דעריבער זיך צונויפקומען און זיך לאָזן אין וועג אַריין צוזאַמען.

אָבער נישט תמיד איז מען אַזוי געווען צוזאַמען און מען פלעגט אויך צוזען און בייזיין ביי שווערע קריגערייען און געשלעגן צווישן די פורמאַנעס אין שטאָט, בעתן וואַרטן אין מאַרק אויף אַ „יאַזדע" — צו אָפּפירן פון דער באַן האָלץ און קוילן צו די סקלאַדעס פון לייב גאָלדפעניג. ביים רייסן זיך אויף אַ „יאַזדע" האָט זיך בלוט נישט איין מאָל געגאָסן ווי וואַסער. די געוואַלדן פלעגן דערגיין ביז אַהיים צו ווייב און קינדער. די געזינדלעך און משפּחה־לייט זענען דאַן געקומען אַרויסהעלפן, אָנטייל נעמען אין געשלעג. ס'איז געווען „לעבעדיק" אויפן מאַרק און די אַלע מן הצד האָבן זיך נישט געטאָרט אַריינמישן. מען האָט אויך מורא געהאַט צו דערנענטערן זיך צו די פורמאַנעס — די שטאַרקע יונגען, יעדער איינער האָט זיך אויסגעהיטן נישט צו כאַפּן בשעת מעשה אַ קלאַפּ פון אַזאַ פּאָר ידיים...

דאָס אַלץ איז געשען, ווייל יעדער האָט געוואָלט כאַפּן די אַרבעט, וואָס איז געווען אַזוי ווייניק. מער אַרבעט פלעגט זיך מאַכן פאַר פּסח, ווען דאָס אייז אויפן טייך פלעגט רירן, דאַן פלעגן קריסטן אויסהאַקן גרויסע שטיקער אייז און יידישע וועגענער האָבן דאָס געדאַרפט לאָדענען און פירן אין די פאַבריקן פון סאָדע־וואַסער — צו ברוך טיק, יחיאל מענדל ראָזנבוים און אין די ביר־סקלאַדעס פון משה בערמאַן. דאָרט האָט מען אָנגעגרייט אייז אין די קעלערס, ס'זאָל סטייען אויף אַ גאַנצן זומער. דאָרט האָבן אַרבעטער אין גומענע שטיוול זיך געפּאָרעט מיט די גרויסע שטיקער אייז, צעהאַקט אויף שטיקער און באַזאַלצן דאָס אייז ווי אַ מיטל, אַז עס זאָל נישט צעגיין אין די וואַרעמע טעג. אַ דאַנק דעם אייז איז אַ ביסל וואַרעמער געוואָרן אויף דער נשמה ביי די פורמאַנעס, ווייל ס'איז געווען וואָס צו פירן, און — ווייניקער געשלעגן און מער שלום...

## די טרעגער

זייער אַרבעטספּלאַץ איז געווען ביי שיע בוימס מויער. אויף דער מויער פלעגט מען זאָגן, אַז זי וועט קיין מאָל נישט איינפאַלן, ווייל טאָג און נאַכט פלעגן דאָרט שטייען די טרעגערס און זי אונטערשפּאַרן מיט זייערע פעסטע פּלייצעס. דאָרט האָבן זיי געוואַרט עס זאָל ווער קומען און פאַרלייגן עפּעס איבערצוטראָגן — אַ זעקל מעל, אַ זאַק צוקער און אַנדערע משאס. דער עיקר אַרבעט איז געווען, ווען די וועגענער פלעגן צוריקקומען פון וואַרשע מיט לאַדונג.

די קליינע סוחרימלעך, וואָס פלעגן איינשפּאָרן יעדע זלאָטע, האָבן זיך געפּרוּווט באַגיין אָן די טרעגערס און אַליין אַראָפּנעמען די סחורות, אָבער די טרעגערס האָבן זיך אָרגאַניזירט, זיך אָנגעשלאָסן אין

טראַנספּאָרט־פאַראיין און פון דעמאָלט אָן האָבן זיי נישט דערלאָזט, אַז ס'זאָל ווער אַנדערש אַראָפּנעמען די לאָדונג פון די וועגענער. דאָס געהערט נאָר צו זיי!

די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. פון די מילן פון נחום נויפעלד און נחמן קנאַסטער פלעגן זיי דאַרפן איבערטראָגן אַ זאַק אויף די פּלייצעס ביז דער צווייטער זייט שטאָט. מיט קרעכצן פלעגן זיי פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם שווערן זאַק. אַ גרויסער בריה ביים טראָגן משׂאס איז געווען הערשל מאָרדע. מיט די הענט אין די קעשענעס פלעגט ער טראָגן אויף זיך די שווערע זעק און אַלע אין גאַס פלעגן צוקוקן און באַוווּנדערן זיין גבורה. אַזעלכע גיבורים אין זייער אַרבעט זענען אויך געווען חיים יאַצעק און לייבטשעק. אַנדערע טרעגערס, מער שוואַכערע, האָבן קיין גבורות נישט אַרויסגעוויזן, אָבער געטאָן זייער שווערע אַרבעט, שלום־מאַכנדיק מיטן גורל, וואָס האָט זיי באַשערט אַזאַ פּרנסה...

שפּעטער האָבן די טרעגערס שוין געקויפט פערד און וועגענער און אַ ביסל פאַרלייכטערט זייער אַרבעט.

דאָס וואַרטן ביי נאַכט אויף די וועגענער, וואָס דאַרפן זיך אומקערן פון וואַרשע, איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. מען האָט לאַנג געוואַרט, ביז מען האָט זיך סוף־סוף דערוואַרט. און ספּעציעל האָבן די טרעגערס געליטן אין די נעכט ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן רעגנס און ווינטן און דערנאָך אויך די שנייען און פרעסט. נישט געווען ווו אויסצוואַרעמען די פּלייצעס, — האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט אויף גיך אין דער בעקעריי ביי ראַצע די בעקערין, און אײדער וואָס־ווען, איידער די וועגענער קומען אָן האָט מען זיך אַ ביסל דערוואַרעמט.

די אַלע טרעגערס האָבן זייער שטאַרקייט און ברייהשקייט אַרויסגעוויזן נישט נאָר ביי דער אַרבעט, נאָר אויך אין קריטישע שעהן פאַרן יידישן כלל, ווען ס'האָט זיך געפאָדערט כוח און גבורה קעגן די איבערפאַלער. די אַלע כוליגאַנעס אין שטאָט האָבן פאַר זיי מורא געהאַט. אַז זיי זענען אַריינגעפאַלן צו די טרעגערס אין די הענט זענען זיי שוין נישט אַרויס מיט קיין גאַנצע ביינער.

אין 1936, אין דער צייט פון די אומרועז אין ארץ־



אַ טייל פון וואַרשעווער שאָסיי ביים מאַרק, דאָס אָרט פון די טרעגערס און באַלעגאָלעס

ישראל, האָבן די טרעגערס זיך שטאַרק פּאַראינטערעסירט, ווי עס האַלט מיט די יידן אין ארץ־ישראל, צי איז טאַקע יידיש בלוט הפקר, אָדער יידן ווייזן אַרויס כּוח און שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

ווען מען האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, אַז די פּאַרטן אין ארץ־ישראל נייטיקן זיך אין טרעגער־אַרבעטער, האָט זיך עס אויך אָפּגערופן צווישן די נאָווי־דוואָרער טרעגער, צוויי פון זיי, די ברידער אשר און יענקל זואַנט האָבן געהאַלטן ביים אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז צום סוף נישט צושטאַנד געקומען. אָבער דער אינטערעס פאַר ארץ־ישראל האָט אָנגעהאַלטן און יעדן עולה האָבן זיי באַגלייט מיט אינטערעס און מיט ברכות.

## פאַבריקן אין שטאָט

צוויי פאַבריקן זענען געווען אין שטאָט, וווּ יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט — די פּאַיאַנס־פאַבריק און די דיקטן־פאַבריק.

די פּאַיאַנס־פאַבריק האָט געהערט צו האַלב־אַסימילירטע יידן, וועלכע זענען נישט געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין שטאָט. צענדליקער אַרבעטער האָבן דאָרט געאַרבעט, אָבער צווישן זיי נאָר איין יידיש מיידל. אויך די ביוראָ האָט דאָרט באַשעפטיקט איין יידישע באַאַמטע: האַלינקאַ מונדלאַק, און דערנאָך אויך חנה צייטאַג. זעט אויס, אַז די באַלעבאַטים איז וויניק אָנגעגאַנגען דער סאָציאַלער מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג.

מער מזל האָבן די יידישע אַרבעטער אין שטאָט געהאַט צו דער דיקטן־פאַבריק. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט קליינמאַן, אַ חסידישער ייד פון וואַרשע, געבויט די פאַבריק אויף די „פּאָלקעס" הינטער דער שטאָט, אויף אַ פּאַסיקן פּלאַץ צווישן נאַרעוו און דער באַן־סטאַציע. אַזוי, אַז דאָס האָלץ האָט מען געברענגט מיטן וואַסער און די פּאַרטיקע דיקטן האָט מען אָפּגעשיקט מיט דער באַן. די דירעקציע אין דער פאַבריק איז געווען אַ יידישלעך־ליבעראַלע. דעם רבס זון, נחום נויפעלד, דער געזעלשאַפטלעכער עסקן, איז געווען זייער בעסטער ידיד, און אַהין איז געווען אַ צוטריט.

ווי נאָר די ערשטע טעלעכע יינגלעך האָבן זיך אַהין אַריינבאַקומען צו אַרבעט — איז אויסגעטראָטן געוואָרן דער וועג פאַר נאָך. דאָרט האָט מען געאַרבעט אַ גאַנצן מעת־לעת אין דריי שיכטן, און די צאָל יידישע אַרבעטער איז געווען באַדייטנדיק, פון 20 ביז זעכציק פּראָצענט. דאָרט האָבן די יידישע אַרבעטער געמוזט זיך אַ סך אָנשטרענגען, כדי נישט אָפּצושטיין פון די קריסטלעכע אַרבעטער ביים שלעפּן די קלעצער פון די וואַסער־גריבער און זיי שפּעטער צעזעגן און איינאָרדענען.

די אַרבעט אין דער דיקטן־פאַבריק איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר אַ סך משפחות, און די צאָל יידישע אַרבעטער אין דער פאַבריק איז כסדר פאַרגרעסערט געוואָרן.

צו דער אַרבעט אין דער דיקטן־פאַבריק זענען אויך געקומען הכשרה־גרופּעס פון „השומר הצעיר" און „מזרחי". די הכשרהניקעס זענען שטאַרק באַקעמפט געוואָרן פון „בונד" און קאָמוניסטן. זיי האָבן אין זייער אַרבעט געזען אַ סתירה צו די אינטערעסן פון די אָרטיקע אַרבעטער. אויך צו די פּוילישע אַרבעטער זענען די שעדלעכע אויפקלערונגען דערגאַנגען, און ס'איז געווען אַ געפאַר, אַז אויך זיי זאָלן זיך אַריינמישן אין דעם קאַמף צווישן יידן... מיר אין פאַבריק האָבן געהאַט אַ שווערע אויפגאַבע, ווי צו דערקלערן די פּוילישע אַרבעטער, וואָס עס מיינט הכשרה, אַז די אַרבעט פון די חלוצים איז נאָר אַ צייטווייליקע, און אַז באַלד וועלן זיי אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל.

מיטן אויסברוך פון צווייטן וועלטקריג איז אַלץ פאַרשוווּנדן, די פאַבריקן, די וואַרשטאַטן, די געוועלבלעך און דער מאַרק, ווי עס וואָלט קיין מאָל נישט געווען אַן עדה יידן, וואָס האָט זיך געראַנגלט פאַר איר קיום טאָג־איין, טאָג־אויס, מיט אַ האָפענונג צו דערלעבן בעסערע צייטן.

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק)

# די אנטיסעמיטישע „פאלאנגא"

ביי אונדז אין נאָווי־דוואָר איז געווען טעטיק די עקסטרעם אַנטיסעמיטישע „פאַלאַנגאַ". זייער ציל איז געווען, פאַרביטערן דאָס לעבן און געמיט פון דעם יידישן קליינהענדלער. די פאַלאַנגיסטישע כוליגאַנעס פלעגן שטיין פאַר די יידישע געוועלבער און באַגיסן מיט נאַפט די פראָדוקטן און סחורות, וואָס די פויערים האָבן געקויפט ביי יידן. אַזוי פלעגן זיי אויך שטערן די פויערים צו ברענגען זייערע פראָדוקטן צו יידן.

זיי פלעגן באַפאַלן, טעראָריזירן און צעוואַרפן די סחורות, טראָץ דעם, וואָס די יידישע הענדלער האָבן געצאָלט זייער הויכע שטייערן פאַרן שטיקל פלאַץ אויפן מאַרק. אויך די פויערים וועלכע האָבן געוואָלט מער האַנדלען מיט יידן ווי מיט די פוילישע קרעמער, זענען נישט דערלאָזט געוואָרן צו האָבן אַ מגע־ומשא מיט יידן, אַזוי אַז דאָס האָט רוינירט דעם יידישן האַנדל און דאָס יידישע לעבן אין שטעטל.

נישט ווייט פון נאָווי־דוואָר, אין פאָמיעכאָווע, האָט געוווינט דער אינערן־מיניסטער סקלאַדקאָווסקי. ער האָט געהאַט אַ פראַנצויזישע פרוי, וואָס פלעגט יעדן טאָג איינקויפן אין נאָווי־דוואָר שפייז־פראָדוקטן, און דווקא ביי יידן, אָבער איר מאַן, דער מיניסטער אַליין, איז שוין גאָר ווייט געווען פון פריינדשאַפט צו יידן.

דער מיניסטער סקלאַדקאָווסקי פלעגט האָבן די געלעגנהייט יעדן טאָג, ביים אַריבערפאָרן אויף דער בריק איבער דער ווייסל, צו זען דעם מיסחר צווישן פויערים און יידן, וואָס גייט אָן ביי דער בריק, מחוץ דער שטאָט, ווייל די פאַלאַנגיסטן שטערן די פויערים צו פירן דעם מיסחר אין שטאָט. דער מיניסטער האָט עס געזען, אָבער נישט דער גורל פון יידן איז געווען זיין זאָרג.

אין זומער פון 1938, אַ יאָר פאַר דעם נאַצישן אַריינמאַרש קיין פוילן, האָט סקלאַדקאָווסקי געהאַלטן זיין באַרימטע אַנטיסעמיטישע רעדע אין סיים. אַלס מוסטער פאַר זיינע אויספירן, האָט ער גענומען זיין געגנט, וווּ יידן פירן דעם האַנדל מיט די פויערים ביי דער בריק אויף דער ווייסל, און ער האָט פאָרגע־לייגט נישט צו דערמעגלעכן דעם דאָזיקן האַנדל.

די דאָזיקע רעדע האָט צוגעגעבן מוט די פאַלאַנ־גיסטן. גלייך צומאָרגנס, נאָך סקלאַדקאָווסקיס רעדע, האָבן זיי באַוואַכט די גאַנצע געגנט, אַז קיין ייד זאָל נישט קאָנען קויפן ביי די פויערים.

אַלע וועגן זענען געווען פאַרשטעלט. עס האָט געשמעקט מיט פאָגראָם און יידן האָבן זיך געהיטן פאַר אַ פראָוואָקאַציאָנדיקער סיבה צו אַן איבערפאַל.

מיין קליין זונדעלע יענקעלע האָט דעמאָלט שיער נישט גורם געווען צו אַ פאַלאַנגיסטישן איבערפאַל. צופעליק האָט אים אַ שייגעצל באַליידיקט, צו אים געשריען: „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני" און דערפאַר באַקומען פון מיין זונדעלע אַ שטיין אין קאָפּ. באַלד האָבן די פאַלאַנגיסטן זיך געזאַמלט אַרום מיין הויז און געפּרוווט אויפברעכן די טירן, נאָר די פּאָליציי האָט זיי אין דעם געשטערט. מיר איז אויך געלונגען בייצייטנס אַוועקצושיקן מיין זונדעלע צו זיין זיידן אין דאָרף, און זיין אָפּוועזנהייט האָט מיר דערמעגלעכט אויפצוקלערן, אַז להד"ם, אַז נישט ער און נישט קיינער, און אַז די גאַנצע מעשה מיט מיין קינד איז נאָר אַ בילבול...

אַזוי איז דעמאָלט אויסגעמיטן געוואָרן אַן אײ־בערפאַל אויף דער אומבאַוואָפנטער יידישער באַפעל־קערונג. די פאַלאַנגיסטן האָבן אָבער ווייטער פאָרגע־זעצט זייער אַנטיסעמיטישע טעטיקייט.

דוד טאָפּ

# גבורה אויפן נאווי־דווארער מארק

אַרום מאַרק — רייכע געשעפטן, אָנגעשטאָפּטע מיט סחורה. נאָר אויפן מאַרק גופא — דאָרט האַנדלט די אָרעמקייט. טישלעך מיט שניט־סחורה, מיט גלאָז־וואַרג, צעלניק, ברויט, אָדער אַלטוואַרג. אַ סך שפּרייטן אויס זייער סחורה אויף דער הוילער ערד, אין פאַרעם פון אַ ריי, צי גאָר פון אַ דלת. הינטער די אַלע טישלעך און אויסגעשפּרייטע סחורות זיצן די אויבסט־הענד־לערקעס, ווער מיט עטלעכע קוישעלעך פאַרשידענע פּרוכטן, און ווער נאָר מיט איינצלנע קוישן איינגע־שרומפּענע עפּל. די עפּל זענען איינגעשרומפּן ווי די פּנימער פון די הענדלערקעס אין זייער טרויעריקער אָרעמקייט.

ווינטערצייט, ווען עס שטאַרקן זיך די פרעסט, באַקומען די פּנימער פון די פאַרקויפערינס אַן אויסזען ווי פון רויטע בוראַקעס. די אויגן און די נעזער טריפן פון קעלט, און יעדע באַזונדער זיצט אויף איר פייערטאָפּ אומבאַוועגלעך, ווי פאַרגליווערט פון אייביק אָן...

אָבער די מיליטער־לייט פון דער פעסטונג, — זיי זאָרגן שוין, ס׳זאָל קיין רו נישט זיין...

זיי פלעגן זיך צונויפקומען אויפן מאַרק — זעלנער שיכורים, און פּראָוואָצירן סקאַנדאַלן. דווקא קעגן אָט די פאַרפרוירענע יידענעס זענען זיי געווען גאַנצע העלדן. קוישלעך פלעגן פליען און די עפּל האָבן זיך צעשיט. אַזוי האָבן זיי צעוואָרפן דאָס ביסל נעבעכדיקע אָרעמקייט אויף הפקר. קיין פּאָליציי האָט מען אין אַזאַ פאַל נישט געזען...

נישט געווען, ווער ס׳זאָל די אָרעמע באַשיצן. נאָר זיי אַליין, די פּשוטע יידן, האָבן אַרויסגעוויזן גבורה און איינגעשטעלט זייער לעבן, ביים פאַרטיידיקן די אומבאַהאָלפענע הענדלערקעס.

נישט איין מאָל האָבן די ברידער יוסף און שלמה לובעלסקי, די „מזיקים" — ווי מען פלעגט זיי רופן — זיך מוסר נפש געווען צו באַשיצן די הילפלאָזע יידענעס אויפן מאַרק. אַזוי אויך — מלך שווייצער, הירשל קישקע און אַנדערע. קצבים און טרעגער זענען זיי געווען, אמתע פאַלקסמענטשן מיט אידעלע נשמות. זיי פלעגן זיך שטעלן אין קאַמף קעגן כוליגאַנעס, שיכו־רים — צעיושעטע באַנדעס, ריזיקירנדיק מיטן אייגן לעבן, ווי נאָר מען האָט באַעוולט אַ ייד, אָדער אַ יידישע פרוי. דאָס יידישע געפיל האָט זיי קיין רו נישט געגעבן, זיי האָבן פאַרטיידיקט ווי העלדן, ביז זיי פלעגן פאַרטרייבן די שלעגער פון מאַרק־פּלאַץ. און שטענדיק זענען זיי געווען די זיגער אין דעם נישט גלייכן קאַמף.



דער מאַרק מיט אַ טייל פון דער זאַקראָטשינער גאַס

פייוויש קראַנענבערג / ליגניץ, פוילן

# צווישן ביידע וועלט־מלחמות

### בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע

אין מיין משפּחה, ביי מיינע עלטערן אַנשל און פייגע רבקה, וועלכע האָט געציילט זעקס זין און דריי טעכטער, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען, ווי מען ציט חיונה פון האַנדל מיט דער פעסטונג און מיט די מיליטער־לייט — איינע פון די הויפּט־פּרנסות אין נאָווי־דוואָר.

מיין פאָטער האָט געהאַט עטלעכע פּאָר פערד און געהאַלטן פורמאַנעס, וועלכע האָבן געפירט פאַרשידענע בוי־מאַטעריאַלן פאַר דער מאָדלינער פעסטונג, לויט די אָנווייזונגען פון די יידישע אונטערנעמער (פּאַדריאַטשיקעס) — ראָזנשטיין, יונגוויץ, קנאַסטער, מונדלאַק א״א.

זומערצייט, ווען אויף די טייכן ווייסל און נאַרעוו פלעגן דורכשווימען טראַטוועס מיט געהילץ, זענען די „פליסאַקעס״ אַלע מאָל געקומען אין שטעטל אַריין איינקויפן פאַרשידענע זאַכן אין וועג אַריין, און אויך דאָס איז געווען אַ וויכטיקער ביישטייער צו די פּרנסות אין שטעטל. אָבער די אַלע פּרנסות האָבן נישט מיט קיין סך פאַרגרינגערט די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען פון יענער צייט, וועלכע האָבן געשטויסן צו עמיגראַציע.

דער רעזולטאַט פון די באַדינגונגען האָט זיך אויך אָנגעזען אין לעבן פון מיין משפּחה. מיין עלטסטער ברודער, חיים, האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע, נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן; מיין צווייטער ברודער, יחיאל, וואָס האָט געאַרבעט שניידעריי ביים מייסטער גאָטהעלף (זיין צונאָמען „ברכי נפשי״), האָט נאָך אַ פאַרפלאָנטערניש אין אַ שטרייק פון די שניידער־אַרבעטער, וואָס ער האָט אָנגעפירט, אויך פאַרלאָזט נאָווי־דוואָר און אַוועק קיין אַמעריקע; דער דריטער ברודער, הערשל, וועלכער איז דערנאָך געווען אַ שלאָסער־מייסטער אין וואַרשע, איז אין 1914 מאָביליזירט געוואָרן און אומגעקומען אַלס זעלנער אויפן פראָנט. און אַזוי האָט די פאַרצווייגטע משפּחה געליטן און זיך צעשפּרייט איבער ימים.

דאָס שטעטל האָט דעמאָלט געציילט טויזנטער יידישע איינוווינער און האָט געהאַט אויף זיך אַ שטאַרקן יידישן חותם, אָבער מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן גזרות און נגישות מצד דער צאַרישער מאַכט; אַז אַלע יידן פון שטאָט מוזן פאַרלאָזן זייערע וווינערטער, צוליב דער נאָענטקייט צו דער מאָדלינער פעסטונג. מען האָט אויסגעטראַכט פאַרשידענע בילבולים אויף יידן, אַז זיי זענען שפּיאָנען און גיבן איבער דעם שונא אַלע סודות פון דער פעסטונג.

אויך די אַנטיסעמיטישע העצע האָט גלייך גורם געווען צו צרות אין מיין משפּחה. ווען מיין קוזין באַלאַבאַן פון פּאָמיעכאָווע איז דורכגעפאָרן מיט אַ וועגעלע קאַרטאָפל איבער דער מאָדלינער בריק און אויפגעהויבן די בייטש, כדי אונטערצוטרייבן די פערד, האָט אים גלייך די מיליטער־וואַך פאַרהאַלטן, באשר ער זאָל האָבן מיט דער בייטש געגעבן סימנים צו אַ דייטשן עראָפּלאַן, ווי אַזוי צו באָמבאַרדירן די בריק... מען האָט מיין קוזין פאַרשיקט קיין סיביר, און מיין משפּחה האָט אַפילו נישט געוווּסט, וווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען.

צו יענער צייט האָט אונדזער רב, נויפעלד, אויסגעפּועלט ביים קאָמענדאַנט פון דער מאָדלינער פעסטונג, צו פאַרלענגערן דעם טערמין פון דער עוואַקואַציע, און דערווייל זענען די יידן צוביסלעך אַנטלאָפן קיין יאַבלאָנגע און פון דאָרט ווייטער אַריבערגעוואַנדערט קיין וואַרשע, פון וואַנען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט קיין נאָווי־דוואָר ערשט נאָך דעם ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע.

שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז לויט די מיליטערישע פּלענער פון דער צאַרישער מאַכט, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געזאָלט אויפגעריסן ווערן, און דאָס איז נישט צושטאַנד געקומען, ווייל די דייטשן האָבן בליץ־שנעל פאַרנומען דאָס שטעטל צוזאַמען מיט דער מאָדלינער פעסטונג.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אין נאָווי־דוואָר געהערשט אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. אַלע יידישע בעלי־מלאכות האָבן פאַרלוירן זייער חיונה און געמוזט גיין אַרבעטן פאַר דער דייטשער אַרמיי, ביי פאַרשידענע עפנטלעכע אַרבעטן אין דער פעסטונג, און דער עיקר ביי שוואַרצע אַרבעטן. אַזוי איז מיין ברודער בנימין, אַ גוט־

קוואַליפיצירטער שניידער, געווען געצוווּנגען צו גיין אַרבעטן אין אַ טאַרטאַק און דאָרט אָנפירן מיט דער אַרבעט ביי אַ קרייץ־זעג. אַנדערע יידן האָבן געאַרבעט ביים ווידעראויפבוי פון די צוויי אויפגעריסענע בריקן, איינע אויף דער וויסל און די צווייטע אויפן נאַרעוו. אָבער ס׳האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ נייע פרנסה — שמוגלען פראָדוקטן פון איין שטאָט אין דער צווייטער. צווישן די שמוגלער, וועלכע האָבן געשלעפּט אויף זיך צו דרייסיק־פערציק קילאָ, זענען אויך געיוען אַ גרויסע צאָל פרויען. זיי האָבן ספּעציעל זיך באַשעפטיקט מיט דער נייער פרנסה, ווייל זיי זענען וויניקער קאָנטראָ־ליִרט געוואָרן פון דער דייטשער וואַך.

אין יאָר 1916, ווען דאָס עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך אַ ביסל סטאַביליזירט, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו זען סימנים פון דערוואַכונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין נאָווי־דוואָר איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אַ העברעיִשע שולע אין הויז פון דענטיסט שמואל גראַבמאַן. אין דער שולע האָבן געלערנט אַ גרויסע צאָל שילער. אויך איך האָב געלערנט אין דער דאָזיקער שולע, און פון די אַנדערע תלמידים געדענק איך: הערשל אַקסאַמיט פון „פּיאַסעק" און דאָלעק טורקעל־טאַוב, אַ זייער גוטער תלמיד. דאָלעקס מוטער, וועלכע האָט זייער גוט געקענט העברעיִש, האָט אויך מיטגע־אַרבעט ביי דער שולע און געווען אַן ערן־מיטגליד אין דער עקזאַמינער־קאָמיסיע. אין דער שולע האָט מען אַחוץ העברעיִש און פּויליש אויך געמוזט לערנען דייטש. דער לערער פון דייטש איז געווען אַ ייד, בראַנד, אַ דייטשער אונטעראָפיציר און דערצו אַ פּאַטריאָט פון דייטשלאַנד. זיינע לעקציעס האָבן זיך שטענדיק אָנגעהויבן מיט דעם שאָוויניסטישן ליד „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס" און נאָך אַזעלכע ענלעכע דייטשע נאַציאָנאַלע לידער...

צוליב דער מאַטעריעלער לאַגע פון די עלטערן האָבן אַ סך קינדער געמוזט פאַרלאָזן די שולע און העלפן מפרנס זיין די משפחות. אויך איך האָב צו פערצן יאָר געמוזט אָנהייבן זאָרגן וועגן תכלית און פאַרדינען. אָבער באַלד האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן, מען האָט מיך נישט געוואָלט צונעמען צו קיין שום אַרבעט צוליב מיין יונגקייט.

גרויסע צרות האָט די אָרעמע באַפעלקערונג דעמאָלט געליטן פון די אַזוי גערופענע „פּאַראָוושטשי־קעס". אין שטאָט האָט דעמאָלט געהערשט אַ שטאַרקע טיפוס־עפּידעמיע און כמעט אין יעדן הויז זענען געווען עטלעכע טיפוס־קראַנקע, — האָבן די דייטשן געשיקט אַ גרויסע פּאַרע־מאַשין אויסצופּאַרעווען אַלע שטוב־זאַכן און קליידער. מען האָט געצוווּנגען צו גיין אין באָד אַריין, און דאָרט האָט מען אויך אָפּגעגאָלט די האָר. מיין מוטער האָט דעמאָלט, כדי אָפּצוראַטעווען די האָר אויף די קעפּ פון איִרע טעכטער, זיך אַלע מאָל לעגיטימירט מיט זייערע נעמען — פּראַדל, גרונע און יאָספּע, און אַזוי אַרום אָפּגענאַרט די דייטשע קאָנטראָלערן.

סוף־סוף האָב איך באַקומען אַרבעט, צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, אַ דאַנק מיין ברודער תנחום, וועלכער האָט פאַר מיר אָפּגעטרעטן זיין אַרבעטס־פּלאַץ און פאַר זיך אויסגעזוכט אַ צווייטן. די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער בריגאַדע, פלעגן מיך פאַרשטעלן, אַז די אויפזעער זאָלן מיך נישט זען און אַזוי אַרום, האָב איך, אַ קליין ייִנגל, אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף מיין ברודערס אָרט, און ווען מען האָט אויסגערופן זיין נאָמען, האָב איך געענטפערט: „יאַוואָהל!"...

געאַרבעט האָב איך אין דער פעסטונג, ביי דער גאַרניזאָן־אָנפירונג. צוזאַמען מיט מיר האָבן געאַרבעט שימאַנאָוויטש מיט זיינע זין, מרדכי, משה יענקל, מענדל און אהרן. צווישן די שניידער־אַרבעטער האָט אויך געאַרבעט דער אַלטער מיכאַל, וועלכער האָט געוווינט אין עק שטאָט אין אַ הילצערן הייזל. זיין גאַנצע אַרבעט איז באַשטאַנען פון מעלדן זיך אין דער פרי ביים קומען און פאַר נאַכט ביים אַהיימגיין. אויך פאַרן שבתדיקן טאָג, ווען ער איז בכלל נישט געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער באַקומען באַצאָלט, ווייל טאָמאַס, דער דייטשער אויפזעער איבער די שניידער, האָט אַרויסגעוויזן לגבי דעם זקן גרויס רעספּעקט. דעם אויפזעער טאָמאַס האָט געהאָלפן פירן זיין באַלע־באַטישקייט אַ ייד, שלמהלע, וועלכן מיר האָבן גערופן: „שלמהלע יאַוואָהל", ווייל אויף יעדער ווענדונג פון דייטש האָט ער קודם־כל צוגעלייגט צוויי פינגער צום דאַשעק פון היטל און מעשה סאָלדאַט געלאָזט הערן זיין „יאַוואָהל", אויסצונעמען ביים אויפזעער...

אונדז האָט מען געשיקט צו פאַרשידענע אַרבעטן אין פעסטונג, ווי איבערבויען פערדשטאַלן, באַראַקן און אַרומצוימען מיט דראָט־פאַרצוימונגען. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט דעם תכלית פון די בנינים

און פאַרצוימונגען, נאָר אין אַ צייט אַרום האָבן מיר דאָרט געזען פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, וועלכע מען האָט אַריבערגעפירט פון דער מאַדלינער פעסטונג.

איינמאָל, ווען מיר זענען געווען באַשעפטיקט אויף דער מאַדלינער באַן־סטאַציע ביים אויסלאָדענען וואַגאָנען מיט קוילן, זענען דאָרט אויך געווען באַ־שעפטיקט די פּאָליטישע אַרעסטירטע, און זיי האָט מען סעפּאַרירט פון אונדז, דאָך איז אונדז געלונגען צו קומען מיט זיי אין קאָנטאַקט און זיך דערוויסן, אַז צווישן זיי זענען פאַראַן מיטגלידער פון „בונד" און „פּ.פּ.ס.".

אין מאַדלינער פעסטונג זענען צו יענער צייט אויך געווען אינטערנירט די פּוילישע לעגיאָניסטן, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל אָפיצירן.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען מיר זענען געקומען אין פעסטונג צו דער אַרבעט, האָבן די פּאָליטישע אַרעסטירטע פריי מאַרשירט אין דער פעסטונג און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. דאָס איז געווען מיטן אָנקומען פון דער ידיעה, אַז אין דייטשלאַנד איז אויס־געבראָכן אַ רעוואָלוציע. מיר זענען שוין צו דער אַרבעט דעמאָלט נישט געגאַנגען, נאָר מיטגעגאַנגען מיט די באַפרייטע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן נעבן טאַרטאַק ביים נאַרעוו געהאַלטן רעוואָלוציאָנערע רע־דעס פאַר די פאַרזאַמלטע אַרבעטער.

די פּוילישע לעגיאָנערן האָבן באַלד איבערגענומען די מאַכט, און מיר, יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים דייטש, האָבן נאָך געהאַט די מעגלעכ־קייט צו אַרבעטן בלויז צוויי טעג אין דער פעסטונג, דערנאָך האָט מען אונדז מער נישט אַריינגעלאָזט, ווייל מיר זענען יידן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט באַלד מיט דער באַפרייונג פון פּוילן, אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן זיין פּרצוף.

### מיט פּוילנס באַפרייונג

דאָס יידישע קולטור־לעבן אין נאָווי־דוואָר האָט זיך קאָנצענטרירט אין „בילדונגס־פאַראיין" (אין הויז פון ליפּשטיין), וועלכער האָט נאָך אָנגעהויבן זיין טע־טיקייט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. פון אָנהייב האָט זיך דער פאַראיין געפונען אונטער דער השפעה פון די „ס.ס.־פאַראייניקטע", וועמענס פירער עס זענען ביי אונדז געווען: מענדל ליפּסקי, יאָסל קאָרן, ניסן שטיינבערג, ישראל לעווינשטיין. שפּעטער האָט אין פאַראיין זיך פאַרשטאַרקט די השפעה פון „בונד" און זיינע אָנפירערס: לעאָן גראַבמאַן, רודאַווסקי, חיים ראָזנשטיין, שמאי קאַליכשטיין, חיים פינקלשטיין א"א. ביים „בונד" זענען אויך טעטיק געווען: הערצל דוביניקאָוו, גאַרצאָוויטש און דידעק זילבערטאַל.

זייער בולט האָט זיך אויסגעטיילט אין זיין אַקטי־וויטעט דער אויבן־דערמאָנטער לעאָן גראַבמאַן, אַ סטודענט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ער איז געווען זייער טעטיק ביים שאַפן די ערשטע אַרבעטער־ראַטן. אָן אַפּרו איז ער אַרומגעפאָרן פון שטעטל צו שטעטל און אַרויסגעטרעטן אויף גרויסע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען. שפּעטער איז ער פאַרשיקט געוואָרן אַלס פּאָליטישער אַרעסטירטער אין אַ טורמע ביי קראָקע, ווו ער איז שווער קראַנק געוואָרן אויף שווינד־זוכט. ער איז געשטאָרבן פון זיין קרענק אין יאָר 1922 און כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג האָט אָנטייל גענומען אין זיין לוויה. די קהילה האָט אָפּגעגעבן אַן אָרט פאַר זיין קבר נעבן דעם אהל פון אַ צדיק, אָבער אין די חסידישע קרייזן האָט מען דערצו נישט מסכים געווען און ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז זיי האָבן בדעה אים אויסצוגראָבן און אַריבערפירן אויף אַן אַנדער אָרט. דער „בונד" האָט דאַן אוועקגעשטעלט דיזשור־וואַכן אויפן בית־עולם, כדי נישט דערלאָזן צו דעם. אויך איך האָב דעמאָלט אָנטייל גענומען אין איינעם פון די דיזשור־וואַכן.

דער פאָטער פונעם פאַרשטאָרבענעם לעאָן, דער דענטיסט שמואל גראַבמאַן, איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין ליבשאַפט און קענטשאַפט אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, און דערצו איז ער געווען אַ ביז גאָר פעיקער רעציטאַטאָר. יעדן פרייטיק־צו נאַכטס פלעגט ער רעציטירן אין בונדישן לאָקאַל די ווערק פון די יידישע קלאַסיקער. צו זיינע פאָרלעזונגען און רעציטאַציעס איז תמיד געקומען אַ גרויסער עולם.

צו יענער צייט איז דער פּאָליטישער קאַמף צווישן „בונד" און די „פאַראייניקטע" געווען זייער פאַר־שאַרפט, יעדער פון זיי האָט געפרווט אויסברייטערן זיין השפעה אויף די נאָווי־דוואָרער אַרבעטער.

ס'האָט אויך עקזיסטירט אין נאָווי־דוואָר אַ שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון שמשון נטע סרעבערניק. צווישן די טוער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען אויך געווען: די מונדלאַקס, די משפחה טורקעלטאַוב, יוסף באַראַנעק א"א.

פאַר יענער צייט האָבן אויך געווירקט צוויי ציוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטייען, די „לינקע פועלי־ציון" און „רעכטע פועלי־ציון". ביי די לינקע „פועלי־ציון" איז געווען זייער טעטיק יאָסל וואָראַנסקי, און ביי די רעכטע פועלי־ציון — הענעך טיק און שלום קאַרצאָוויטש.

אַ גרויסע טעטיקייט האָט דעמאָלט אַנטוויקלט די „שלום־עליכם־ביבליאָטעק", וואָס איז אין יענער צייט געווען אונטער דער אפּוטרופּסות פון די ציוניסטישע קרייזן. לאַנגע יאָר זענען דאָרט געווען טעטיק אַלס ביבליאָטעקאַרן — ריווטשע יעראָזאַלימסקי (די טאָכטער פון הערשל) און עלקע פּינטשעווסקי־מעלמאַן. ביי דער ביבליאָטעק האָבן עקזיסטירט לייענקרייזן, ציוניסטישע און אויך בונדיסטישע. מיט די בונדישע לייענקרייזן האָבן אָנגעפירט מאָטל ראָזנשטיין און אלחנן ראָזנטאַל, מיט די ציוניסטישע — יאָסל שימקאָוויטש און יאַנקעלע גראַבמאַן.ביידע לייענקרייזן האָבן געווירקט ביי דער ביבליאָטעק מיט דעם וויסן און הסכמה פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג, אָבער די צוויי לייענקרייזן האָבן נישט צווישן זיך געלעבט בשלום, און צוליב די פאַרשאַרפטע סיכסוכים האָט די פאַרוואַלטונג מער נישט דערלויבט די טרעפונגען פון די לייענקרייזן אין דער ביבליאָטעק.

אָט די גאַנצע פּרשה פון געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג, מיט אַלע אירע שאָטן־זייטן — די פּאַרטייִשע רייסערייען, האָט מיט אַ מאָל אויפגעהערט, ווען פּוילן איז אַריין אין קריג מיטן ראַטן־פאַרבאַנד און האָט מאָביליזירט כמעט די גאַנצע יוגנט פון נאָווי־דוואָר.

לויט מיין עלטער בין איך נאָך נישט געווען מיליטער־פליכטיק, און דאָך האָב איך געמוזט גיין אין מיליטער, איך האָב זיך געמוזט צושטעלן קיין פּולטוסק, אין 13טן פּיעכאָטע־פּאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען אַלס „משה רבינוס פּאָלק" צוליב זיין גרויסער צאָל יידן.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין נאַשעלסק, האָט מיך מיינס אַ פעטער געוואָרנט, אַז איך זאָל ווייטער נישט פאָרן, ווייל פּולטוסק איז שוין פאַרנומען פון די באָלשעוויקעס. איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין נאָווי־דוואָר, צוזאַמען מיט מיין שוועסטער, וועלכע האָט מיך באַגלייט און דאָרט האָב איך געפונען דאָס הויז פון מיינע עלטערן פאַרמאַכט, מיט צוגעהאַקטע לאָדנס. די האַלערטשיקעס האָבן געווילדעוועט און פאַגראָמירט, געראַבעוועט און געשניטן בערד מיט שטיקער פלייש. נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון הרב נויפעלד און מאיר ראָזנטאַל (דעם געלן מענדלס זון) ביים קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג, איז דער פאָגראָם אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די האַלערטשיקעס איז מער נישט דערלויבט געוואָרן צד קומען אין שטאָט אַריין.

באַלד איז אַרויס אַ באַפעל, מיט אַ דראָונג פון טויט־שטראָף, זיך צוצושטעלן אין די מיליטערישע פאַרמאַציעס, און די גאַנצע יוגנט פון שטעטל, אָנהייבנדיק פון די 17־יאָריקע, — צווישן זיי אויך איך און מיין ברודער — זענען מאָביליזירט געוואָרן. אין שטעטל זענען פאַרבליבן בלויז אַלטע לייט, פרויען און קינדער.

כדי אויסצוגעפינען די אַלע אויסבאַהאַלטענע, וועלכע האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צום מיליטער־דינסט, — האָט די מיליטערישע קאָמאַנדע אָפּגעטאָן אַ כיטרע שפּיצל: אין אַ זונטיק פרי האָט מען אַלאַרמירט די שטאָט מיט די פייערלעשער־גלאָקן, און ווען אַלע זענען אַרויס פון די שטיבער, אין שרעק פאַר אַ שריפה, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף פּאָליציי און מיליטער, וועלכע האָבן פאַרהאַלטן אַלע מענער און זיי אָפּגעפירט אין די נאָווי־דוואָרער קאַזאַרמעס. דאָרט האָבן די אַנטיסעמיטישע זעלנער זיך געלאָזט ווילגיין איבער די יידן, אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול און שיך און צוגענומען אַלץ, וואָס קאָן נאָר ברענגען נוצן. די עלטערע מענער האָט מען פאַרנומען צו פאַרשידענע שוואַרצע אַרבעטן ביי דער ווייסל, ביים שלעפּן שטעכיקע דראָטן אין וואַסער. אונדז, די מיליטער־פליכטיקע, האָט מען אָפּגעפירט אין דער פּאָליציי, ווו מיר האָבן באַלד ביים אַריינגאַנג באַקומען קלעפּ פון פּאָזנאַנטשיקעס.

איך בין ווידער אָפּגעשיקט געוואָרן אין 13טן פּאָלק קיין פּולטוסק, צוזאַמען מיט פעפערבערג, ישראל באָרנשטיין א"א. פון פּולטוסק האָט מען אונדז צוריק אָפּטראַנספּאָרטירט אין דער מאָדלינער פעסטונג. די פּוילישע רעקרוטן האָט מען אַרויפגעזעצט אויף וועגענער, דאַקעגן האָבן מיר, יידן, געמוזט גיין דעם גאַנצן וועג צופוס, געטריבן פון די פּוילישע אָפיצירן, וועלכע זענען געריטן הינטער אונדז.

נישט ווייט פון דער מאָדלינער בריק האָט מיך מיין מאַמע אָפּגעוואַרט מיט אַ פּעקל עסן. דערזעענדיק מיך, האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט. זי

האָט געהאַט וואָס צו וויינען אויף דעם גורל פון אירע קינדער. צוויי פון אירע זין זענען שוין צו יענער צייט געווען אין אַמעריקע, איינער איז אומ־געקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און איצט זענען מיר, אירע דריי זין און אויך אירע צוויי איידעמס, געווען מאָביליזירט אין מיליטער, אויפן קריגספעלד פון דער פויליש־רוסישער מלחמה. ביי אונדז אין דער היים זענען בלויז פאַרבליבן טאַטע־מאַמע, דריי טעכטער און דריי יתומים נאָך דעם געפאַלענעם ברודער.

אויף די, וואָס זענען פאַרבליבן אין נאָווי־דוואָר, זענען כסדר געשטאַנען פאַר נייע צרות. נאָך די פאָגראָמען פון די האַלערטשיקעס האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענין מיט אַ גירוש־גזרה. ס׳איז אַרויס אַ פאַראָר־דענונג פון קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג, אַז אַלע יידן זאָלן פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר. צוליב די גרויסע מפלות פון פוילישן מיליטער אויף אַלע פראָנטן, האָט מען אויסגעטראַכט פאַרשידענע שולד־בילבולים אויף יידן, אַז יידן פאַרראַטן, און לויט דער פאַראָרדענונג פון גענעראַל סאָסנקאָווסקי איז געשאַפן געוואָרן אַן אינטערנירונגס־לאַגער פאַר יידישע מיליטער־לייט אין יאַבלאָננע, נעבן וואַרשע, אין באַדינגונגען פון הונגער און פיין.

ערשט נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה צווישן פוילן און ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן די נאָווי־דוואָרער יידן זיך צוריק אומגעקערט אין שטאָט. דאָס איז געווען פאַר די ימים־נוראים, אין בית־המדרש זענען נאָך געשטאַ־נען די מיליטערישע פערד. ערשט נאָך אַן אינטער־ווענץ פון הרב נויפעלד האָט מען אַרויסגענומען די פערד פון בית־המדרש, און מען האָט דאָרט ווידער געקאָנט דאַוונען בציבור.

## נאָך דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה

מיט דער צייט האָט זיך ווידער סטאַביליזירט דאָס לעבן אויף דער יידישער גאַס און אַלע פאַרטייען און קולטור־אינסטיטוציעס האָבן ווידער אָנגעהויבן זייער טעטיקייט. אַ שטאַרקע השפעה אין שטעטל האָט דעמאָלט געהאַט דער „בונד״, און עס איז אַנט־שטאַנען אַ גרויסע פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, מיט דעם נאָדל־פאַראיין בראש.

מיט דער הילף פון מיין ברודער תנחום, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון געפאַנגענשאַפט, בין איך אָנגענומען געוואָרן צו לערנען אַ פאַך ביים שניידער־מייסטער יצחק ראַדזינער. 18 יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען און מיט מיר צוזאַמען האָבן דאָרט געאַרבעט אַ סך אַנדערע לערניינגלעך און געזעלן. באַלד בין איך אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פראָפע־סיאָנעלער באַוועגונג, איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער יוגנט־סעקציע ביים נאָדל־פאַראיין, און שפּע־טער אויך אַ מיטגליד פון צענטראַל־ראָט. נאָר גאָר גיך האָט זיך פאַרענדיקט מיין שניידערישע קאַריערע, ווען מיין מייסטער האָט זיך אַרומגעזען, אַז איך בין מיט די שטרייקער, און ער האָט מיך מער נישט געוואָלט לערנען דאָס פאַך. איך האָב געמוזט פאַרלאָזן די אַרבעט און דערנאָך האָב איך געאַרבעט אַלס שוואַרצער אַרבעטער אין טאַרטאַק ביי זילבערטאַל.

אַ שטאַרק פאַרשפּרייט פאַך אין אונדזער שטעטל איז דעמאָלט געווען העפּטעריי. פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אַרבעט פאַרנומען אַליין אַ גרעסער אָרט צווישן די פּרנסות פון שטעטל. אַן ערך 300 פרויען און מיידלעך האָבן געאַרבעט ביי דעם פאַך און געווען מיטגלידער אין פאַראיין פון די נאָדל־אַרבעטער. מיר, די בונדישע אַקטיוויסטן פון נאָדל־פאַראיין, האָבן זיך באַמיט צו הייבן דעם קולטור־ניוואָ פון די אַרבעטערינס, זיי זאָלן לייענען די „פאָלקס־צייטונג״ און ווערן לייענער און מיטגלידער פון דער „שלום־עליכם־ביבליאָטעק״. אגב: דער קאַמף וועגן השפעה אויף דער „שלום־עליכם־ביבליאָטעק״ איז געווען אַ געניג שווערער, צו די וואַלן פון דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג האָבן דער „בונד״ און די יידישע קאָמוניסטן אַרויסגעשטעלט אַן איינהייטלעכע קאַנדידאַטן־ליסטע. אויף די ציוניסטן האָבן זיך פאַר־בונדן מיט אַנדערע גרופּירונגען, כדי די ביבליאָטעק זאָל בלייבן אין זייערע הענט.

אין יענער צייט איז אויך פאָרגעקומען אַ גרויסער שטרייק פון די העפּטערינס, וואָס האָט גורם געווען צו אַ סך פּאָליטישע אַרעסטן. דער גאַנצער בונדישער קאָמיטעט איז אַרעסטירט געוואָרן. צווישן די אַרעס־טירטע זענען געווען: רודאַווסקי, הערצל דובניקאָוו, יעקב זאַמיאַטין, מאָטל ראָזנשטיין, דידעק זילבערטאַל, מענדל ראָזנפעלד — „טראָצקי״, א״א. חיים טישלער, איינעם פון די טעטיקסטע קאָמוניסטן ביי אונדז אין שטעטל, איז דעמאָלט געלונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. די אַרעסטן האָבן אַרויסגערופן אַ געדריקטע שטימונג אין שטעטל, זיי האָבן אויך געשטערט פאַר־צוזעצן דעם שטרייק פון די העפּטערינס. פון דעסטוועגן

האָבן מיר ווייטער פאָרגעזעצט דעם שטרייק, אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער צוזאַמענאַרבעט פון נאָדל־פאַראיין־סעקרעטאַר שמשון נאָמבערג, חנא ראָזנטאַל, דער שרייבער פון די שורות און די מיט־גלידערינס פון שטרייק־קאָמיטעט: די חברטעס רויזע גאָטהעלף, אסתר לאָקעטש, די שוועסטערין טור־קעלטאַוב, פינקעלשטיין און הערשפאַנג. ס׳האָבן אונדז אין דעם געהאָלפן די חברים פון יוגנט־אַקטיוו: רחל מאַראָקאָ, פריווע, רויטמאַן, וויעלקאַנאָץ, ווראָנסקי א״א. די באַדינגונגען פאַר פאָרזעצן דעם שטרייק זענען דעמאָלט, נאָך די אַרעסטן, געווען זייער שווערע, די מיטגלידער פון פאַראיין האָבן מורא געהאַט צו באַזוכן די פאַרזאַמלונגען, נאָר אַ דאַנק דער השפעה פון די אַלע אויבן־דערמאָנטע ח״ח, האָבן מיר באַוויזן ווידער צו קאָנסאָלידירן די העפטערינס. אַ סך האָט דערצו מיטגעווירקט די ח׳ אסתר לאָקעטש, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די העפטערינס. דער שטרייק האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ נצחון.

די העפטערינס האָבן דעמאָלט געוואָרפן אַ חשד, אַז די אַלע אַרעסטן זענען פאָרגעקומען צוליב די מסירות פון די מייסטערס, און אונדזערס אַ חברטע, יהודית מענדלסאָן, האָט אַפילו פאַרפאַסט וועגן דעם אַ ליד קעגן די מייסטערס, וואָס אַלע העפטערינס האָבן געזונגען, אָבער ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען די אַלע אַרעסטן פאָרגעקומען דורך אַ צופאַל; בעת אַ רעוויזיע ביי אַ קאָמוניסטישן אַרבעטער, האָט מען געפונען אַ רשימה פון די קאַנדידאַטן צו דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק, און לויט דער רשימה האָט די פּאָליציי דורכגעפירט די אַרעסטן. נאָך עטלעכע חדשים אַרעסט אין דער וואַרשעווער „מאָקאָ־טאָווער תפיסה" האָט מען אַלע באַפרייט און די נאָווי־דוואָרער אַרבעטער האָבן אויפגענומען די באַפרייטע מיט שמחה און התלהבות. פון דער באַן־סטאַציע זענען די נעכטיקע אַרעסטאַנטן אַוועק אויף אַ זיצונג פון בונדישן קאָמיטעט און גלייך איבערגענומען זייערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס.

אַ פאַראייניקטער אַרבעטער־פראָנט איז צושטאַנד געקומען אין נאָווי־דוואָר פאַר די שטאָטראַט־וואַלן אין יאָר 1927. אַ דאַנק דער איינהייטלעכער אַרבעט פון „בונד", „פּ.פּ.ס." און קאָמוניסטן, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ סאָציאַליסטישע מערהייט. די ראַטמענער פון „בונד" זענען דאַן געווען: חיים רודאַווסקי, סינעק הירשביין, דידעק זילבערטאַל, מיין ברודער תנחום קראָנענבערג און ניסן שטיינבערג מיט זיין פרוי. פון די האַנטווערקער זענען אויסגעוויילט געוואָרן: בנימין קראָנענבערג און אהרן שולבאַנק. פון די קאָמוניסטן — פישל בראָצקי און איינער אַ פּוילישער חבר. בירגער־מייסטער פון שטאָט איז געווען דער פּ.פּ.ס.ישער טוער טורעק און וויצע־בירגערמייסטער — אונדזער חבר חיים רודאַווסקי. מיט אים האָבן די יידישע אַרבעטער און פאָלקסמענטשן זיך געקענט דורכשמועסן אין מאַגיסטראַט אויף פשוט מאַמע־לשון.

די ערשטע זיצונג פון ניי־געוויילטן שטאָטראַט איז פאָרגעקומען אין זאַל ביי יחיאל ראָזנבוים. דעם פאָרזיץ האָט געפירט דער שטאָטישער פעלדשער זשוראַווסקי. ווען סינעק הירשביין האָט אָנגעהויבן זיין רעדע אויף פּויליש און איז נאָך דעם איבערגעגאַנגען אויף יידיש, האָבן די פּוילישע בירגערלעכע ראַטמענער אויפגעהויבן אַ טומל. בכלל איז דער סאָציאַליסטישער שטאָטראַט געווען ווי אַ דאָרן אין אויג פון דער פּוילישער רעאַקציע, און זיי האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געהעצט קעגן אים. אַזאַ גוטע געלעגנהייט האָבן זיי געהאַט, בעת עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס אַראָפּצונעמען דעם צלם פון סעקרעטאַריאַט־צימער און אים אויפהענגען אין קאָרידאָר. די פּוילישע רעאַקציאָנערע קרייזן, מיטן גלח בראש, האָבן אונטערגענומען אַזאַ ווילדע העץ־קאַמפּאַניע, וואָס האָט דערפירט צום פונאַנדערלאָזן פון שטאָטראַט און צו דער באַשטימונג פון אַ רעגירונגס־קאָמיסאַר.

צו נאָך אַ גרויסער איינהייטלעכער פּאָליטישער אַקציע פון „בונד", פּ.פּ.ס. און קאָמוניסטן איז געקומען בעת דער ערשטער מיי־דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1926, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג מיטן נאָמען „דער בלוטיקער ערשטער מיי אין נאָווי־דוואָר".

געשען איז עס אַזוי: די בונדישע דעמאָנסטראַציע איז אָנגעקומען פון הינטער דער שטאָט מיט דעם ח׳ יחיאל אַלמאַן בראש. די קאָמוניסטן האָבן אַרויס־מאַרשירט פון זייער פאַראיין, אויף דער וואַרשעווער גאַס, און פאַר זייער צוג האָט אַ חברטע געטראָגן אַ טראַנספּאַראַנט, וועלכן די פּאָליציי האָט געוואָלט קאָנפיסקירן. די טראַנספּאַראַנט־טרעגערין האָט זיך געאַמפּערט און געענטפערט דעם פּאָליציאַנט מיט אַ פּאַטש, פאַר וועלכן זי איז באַלד אַרעסטירט געוואָרן, אָבער די דעמאָנסטראַציע האָט זיך נישט אויפגעלייזט

און אין מאַרק איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער טראַדי־ציאָנעלער ערשטער מיי־מיטינג. נאָך דעם האָבן מיר ווייטער מאַרשירט פון דער זאַקראָטשינער צו דער וואַרשעווער גאַס, און פאַרויס — דער פאָנען־טרעגער לאַפּוך, אַ פּוילישער אַרבעטער. נאָך אים זענען געגאַנגען די דעלעגאַציעס פון אַלע פּאַרטייען, מיטן ציל פאַרבייצומאַרשירן דעם מאַגיסטראַט. נעבן הילדענבראַנדס אַפּטייק־סקלאַד (אין הויז פון יהושע בוים) האָט די פּאָליציי אונדז פאַרהאַלטן און נישט געלאָזן ווייטער גיין מיט דער וואַרשעווער גאַס. די פּוילישע חברים לוקאַשעוויסקי און גוסטאַוו, וועלכע זענען געגאַנגען אין די ערשטע רייען, האָבן זיך געפּרוּווט אַקעגנשטעלן דער פּאָליציי, און אין דעם מאָמענט האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן שיסן. דער פאָנען־טרעגער ח' לאַפּוך איז גלייך געפאַלן אַ טויטער, און זיין בלוט האָט פאַרשפּריצט די העמדער ביי מיר און ביי מיין ברודער תנחום. די פּאָליציי האָט ווייטער געשאָסן און עס זענען געפאַלן עטלעכע פאַרוווּנדעטע. דער חבר רודאַווסקי און אַנדערע חברים האָבן באַשלאָסן ווייטער צו פירן די דעמאָנסטראַציע, נאָר דער מאַגיסטראַט איז שטאַרק באַוואַכט געווען פון מיליטער און זשאַנדאַרמעריע, און די דעמאָנסטראַציע איז צום סוף פונאַנדערגעטריבן געוואָרן.

ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, האָט די פּאָליציי זיך געפּרוּווט רייננוואַשן, און זי האָט באַשולדיקט דעם שניידער־מייסטער, דעם געלן חיים, אַז דאָס זאָל ער האָבן געשאָסן פון זיין באַלקאָן אויף דער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, מען האָט אים אויך עטלעכע מאָל געשלעפּט צו אויספאַרשונגען, אָבער די שולד פון דער פּאָליציי איז געווען בולט. די לוויה פון ח' לאַפּוך האָט געבראַכט צום אויסדרוק דעם צאָרן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. אין דער לוויה האָט אָנטייל גענומען דער קאָמוניסטישער סיים־דעפּוטאַט סאָכאַצקי. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען באַוואַכט פון גרויסע אָפּטיילונגען מיליטער און פּאָליציי, אויפן צמענטאַזש האָט דער סיים־דעפּוטאַט מספּיד געווען דעם ח' לאַפּוך און מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך די לוויה פאַרענדיקט, ביי דער אומרויִקער אָבסערוואַציע פון די פּאָליציי־לייט.

טראָץ דעם, וואָס איך האָב שוין צו יענער צייט געאַרבעט בערך צוויי יאָר אין וואַרשע, בין איך כסדר געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט מיינע עלטערן, פריינד און חברים; עס האָט מיך תמיד געצויגן צו מיין ליב און טייער שטעטל. אונדזער נאָווי־דוואָר האָט געהאַט אין אַלע געזעלשאַפטלעכע קרייזן אַ גוטע באַוווסטזיניקע און אַקטיווע יוגנט.

די נאָווי־דוואָרער אַרבעטערשאַפט האָט נישט געהאַלטן פון פאַרברענגעכצן און פאַרגעניגנס סתם. עס איז געווען אַ טאַנץ־זאַל, אָנגעפירט דורכן פּאָפּולערן טאַנץ־מייסטער חיים יצחק „דער בלינדער", אָבער די אַרבעטערשאַפט האָט געהאַלטן דאָס טאַנצן אַלס „בורזשואַזער מאַנעוור", כדי אָפּצוציען דעם אַרבעטער פון קלאַסנקאַמף... אמת, אַז די אַגיטאַציע קעגן גיין אין טאַנץ־זאַל, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך חנא ראָזנטאַל, מאָטל ראָזנשטיין און אויך דורך מיר, האָט קיין גרויסן דערפאָלג נישט געהאַט, און די יוגנט איז געלאָפן, בגנבה און דערנאָך בפרהסיה, צו די לעקציעס פון טאַנץ־מייסטער און זיינע העלפערינס, די „פּאַטענטירטע" צוויי טענצערינס: צירל קלאַפּס די שניידערין און דעם שינדלבאַשלעגערס טאָכטער. און דאָך, נישט דאָרט איז געווען דער טעם און עיקר פון יוגנטלעכן לעבן.

אויסער דער העברעיִשער „תרבות"־שולע און אַלע רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן, האָבן מיר אויך געהאַט אַ שיינע יידישע „ציש"א"־שולע, ביי יונקערן אין הויז. צוויי לערערינס, שוועסטערן, פון קאָברין, האָבן דאָרט געאַרבעט מיט גרויסער איבערגעגעבנקייט און פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט שיינע אימפּרעזעס. איך פלעג קומען אויף די דאָזיקע קינדער־אימפּרעזעס ספּעציעל פון וואַרשע, ווו איך האָב געאַרבעט.

אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אין יידישן לעבן, נישט נאָר ביי אונדז אין שטאָט, איז געווען דער נאָווי־דוואָרער רב נויפעלד. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו איז אויסגעבויט געוואָרן אין נאָווי־דוואָר די שיינע געמויערטע שול.

אַ תלמוד־תורה האָבן מיר געהאַט און פאַרשידענע חברות. איינע פון זיי, די חברה „הכנסת כלה" איז באַרימט געווען מיט אירע פריילעכע סעודות אין שמחת־תורה. די חברה־לייט פלעגן דעמאָלט הוליען אַ גאַנצע נאַכט ביים גבאי, קאָלאָניאַל־סוחר יחזקאל ישעיה סעגאַלאָוויטש.

צווישן דער יוגנט אין שטעטל, האָט זיך אין די יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג אויך אַנטוויקלט אַ ספּאָרט־באַוועגונג: „מאָרגנשטערן", „קראַפט", „אוניאָן" און „מכבי". די אַלע ספּאָרט־קלובן האָבן

אַרויסגעוויזן אַן ענערגישע טעטיקייט ביים דערציען דעם יונגן דור. אַ דאַנק דער יידישער פאָרשטייערשאַפט זענען די אַלע אינסטיטוציעס סובסידירט געוואָרן פון מאַגיסטראַט.

✶

איך וועל פרווון אויסרעכענען אַ טייל פון די אַקטיווע טוער, וואָס זענען געווען באַקאַנט אין שטאָט:

אַקטיוויסטן פון בונד: חיים רודאַווסקי, אים איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון די נאַציס און קומען קיין אַמעריקע, דאָרט איז ער געשטאָרבן פון אַ ראַק. יעקב זאַמיאַטין, וועלכער איז שפּעטער אַריבער צו די קאָמוניסטן, געזעסן אין קאַרטוז־בערעזע און וואַרשיינלעך אומגעקומען אין פּאַריז. חיים באַביץ, וווינט אין ישראל. זיין ברודער משה באַביץ, אין מאָנטעווידעאָ. שרה רויזמאַן, מרדכי קאָראַלטשיק, הערשל ראַדזינער, רוחטשע מאַראָקאָ און איר שוועסטער — וועלכע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע. שלמה וורא̇נסקי, אין ישראל. משה און לייבל לאָקעטש, אין אַמעריקע. רויזע גאָטהעלף און איר ברודער ישראל, חיים פינקלשטיין און זיין פרוי רחל ראַדזינער. מאָטל ראָזנשטיין, וואָס האָט שפּעטער געאַרבעט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. לייזער קירשטיין. שיינדל מאַראָקאָ און איר מאַן יענקל. פּערל מאַראָקאָ, די פרוי פון מיין קוזין חיים קראָנענבערג, זיי געפינען זיך אין אַמעריקע.

פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע: שמשון נטע סרעברניק, די טורקעלטאַובס, יצחק גרינער און יוסף באַראַנעק.

פון פּועלי־ציון: הענעך טיק, מנשה קאָכאַלסקי, שלום קאַרצאָוויטש, און חיים יואל קאָהן, וועלכער איז פאַר דער מלחמה אַוועק קיין ישראל.

פון די לינקע (קאָמוניסטן): חיים טישלער, שלמה קאַרצאָוויטש, ישעיה און מאָטל גוטמאַן, ישעיה זאַמיאַטין, חנה לובעלסקאַ, דבורה טישלער מיט איר מאַן סראָליק (אומגעקומען אין ראַטן־פאַרבאַנד) אפרים שאַפּראַנקער, אברהם מאַקאָווסקי, אהרן בלאַנק, יחיאל אַלמאַן, לאה פּאַפּיער, די ברידער סקולסקי, פישל בראָצקי, יאָסל פינקער.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן צוויי פוילישע חברים, וועלכע האָבן געהאַט יידישע פרויען: באַלעק און וואַצעק קאָוואַלסקי. וואַצעק מיט זיין פרוי סימאַ זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן. באַלעק קאָוואַלסקי לעבט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער אין וואַרשע. ער איז יאָרן אָפּגעזעסן אין תפיסה פאַר זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט. ער איז אויך אַרויסגעטרעטן קעגן די אַנטיסעמיטישע פיקעטן־אַקציעס אין נאָווי־דוואָר. אין דעם לעצטן וועלטקריג האָט ער אָנטייל גענומען אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן. זיין יידישע פרוי האָט ער אַרויסגענומען פון וואַרשעווער געטאָ און זי אויסבאַהאַלטן. נאָך דער באַפרייונג פון נאָווי־דוואָר איז ער אַ געוויסע צייט געווען דער קאָמענדאַנט פון דער אָרטיקער מיליץ.

פון די יידישע ראַטמענער פון די בירגערלעכע פּאַרטייען, וויל איך נאָך צוגעבן די נעמען פון: יעקב יורעס, יאַקוב הילדענבראַנד, אהרן וואָלאַנאָוו, בערל ווענגראָוו און לאה סעגאַל.. פון „בונד" — הערשל קירשטיין.

עס דאַרפן בלייבן אין זכרון די אַלע, וועלכע זענען געשטאַנען אין געזעלשאַפטלעכן דינסט און אַזוי טריי געדינט די אינטערעסן פון יידישן נאָווי־דוואָר. עס דאַרפן אויך נישט פאַרגעסן ווערן די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געווירקט פאַרן פאַרשריט פון יידישן לעבן.

✶

אַזוי האָט זיך דאָס יידישע לעבן געפירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939. און כאָטש איך בין די לעצטע יאָרן געווען אין וואַרשע, האָב איך נאָך אַלץ געלעבט מיט די זאַפטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין נאָווי־דוואָר.

ווען איך בין נאָך דער לעצטער מלחמה צוריקגעקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד קיין נאָווי־דוואָר, האָב איך שוין קיין צייכן פון יידן און יידיש לעבן נישט געפונען. אפילו פון בית־הקברות איז מער קיין שטיין נישט געבליבן. אַלץ איז פאַרניכטעט און אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן און מיט אַ קללה אויף די ליפּן האָב איך פאַרלאָזט די שטאָט פון מיין געבוירן.

איך בין פאַרבליבן אין פּוילן, אין דער שטאָט ליגניץ אין נידער־שלעזיע. מיט מיר געפינט זיך דאָ נאָך אַ נאָווי־דוואָרער ייד, לייזער באָטווינקע, אַ געוועזענער טרעגער. ווי איך ווייס, געפינען זיך נאָך אין פּוילן אַ צוואַנציק נפשות, וועלכע שטאַמען פון נאָווי־דוואָר.

דאָס איז דער סך־הכל פון אונדזער שטאָט.

**אהרן פינקער** / רמת חיל

# ביז 1939

אין משך פון יאָרן, ביז די גרויליקע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די טויזנטער ייִדישע איינוווינער פון נאָווי־דוואָר געפירט זייער נאָרמאַל לעבן. דער גרעסטער טייל פון דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג האָט זיך מפרנס געווען פון אַרבעט און פאַרשידענע מלאכות. אַ געוויסער טייל האָט זיך אויך פאַרנומען מיט קליין־האַנדל.

אין בוי און אַנטוויקלונג פון דער שטאָט האָבן ייִדן פאַרנומען די חשובסטע פּאָזיציע, און די באַציִונגען פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו דער ייִדישער זענען געווען מעסיקע. נאָך די פאַרשאַרפטע באַציִונגען און אַנטי־ייִדישע עקסצעסן אין די צוואַנציקער יאָרן, זענען מער קיין אַנטי־ייִדישע אַרויסטרעטונגען אין ברייטן מאַסשטאַב נישט פאָרגעקומען.

טראָץ אַלע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע שיקאַנעס און דער סאָציאַלער פאַראָרעמונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן זיך כסדר אַנטוויקלט און עס האָבן זיך פאַרמערט און פאַרגרעסערט די פאַרשידענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און קולטור־אינסטיטוציעס.

3 ביבליאָטעקן („שלום־עליכם ביבליאָטעק" — 10 טויזנט ביכער, לעאָן גראַבמאַן ביבליאָטעק" — 3000 ביכער, „ליפּא מונדלאַק ביבליאָטעק" — 3000 ביכער) האָבן באַדינט אַ סך ענטוזיאַסטישע לייענער און זענען געווען דער צענטער פאַר אַנטוויקלונג און זעלבסט־בילדונג.

אויך דאָס רעליגיעזע ייִדנטום האָט געהאַט גרויסע ספרים־זאַמלונגען. דריי טויזנט ספרים און ספרי־קודש זענען אָפּגעהיטן געוואָרן אין בית המדרש און אין די חסידישע שטיבלעך.

אַ גרויס פאַרצווייגטע טעטיקייט האָבן געפירט די פאַרשידענע אינסטיטוציעס, די דראַמאַטישע קרייזן און כאָרן, דער מוזיק־פאַראיין „הזמיר" און די ספּאָרט־קלובן „מאָרגנשטערן", „הפּועל", „שטורעם" און אַנדערע.

אַ גרויס־פאַרצווייגטע טעטיקייט האָבן געפירט די־געהאַט שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס, פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע, און זי האָט פיל באַווירקט דאָס אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע לעבן. אויך די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אויסגעברייטערט איר טעטיקייט אַרום די נאַציאָנאַלע פאָנדן און אויפן געביט פון העברעישער דערציִונג — אין דער „תרבות"־שולע.

אַ שטאַרק אינטענסיווע אַרבעט האָט אויך געפירט דאָס רעליגיעזע ייִדנטום, וואָס האָט ביסלעכווייז געמאַכט אַ שריט פאָרויס און אין אירע רעליגיעזע שולן אויך אַריינגעפירט וועלטלעכע לימודים.

אויף דעם באָדן פון אַן אַקטיוון ייִדישן ציבור, אין זיינע אַלע שאַטירונגען, זענען אויסגעוואַקסן ווירדיקע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשמט אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט, ווי הרב ר' ראובן יהודה נויפעלד, דער סעקרעטאַר און מנהיג פון אגודת הרבנים אין פוילן; דר. גאָלדשטיין (אַ זון פון קלמן קאָפּל גאָלדשטיין) דער באַרימטער כירורג פון וואַרשע; דר. ב. ראָזנשטיין, דער דירעקטאָר פון דער ערשטער גימנאַזיע „הרצליה" אין תל־אביב; הערשל הימלפאַרב, דער באַליבטער בונדישער טוער און פירנדיקע פערזענלעכקייט פון די וואַרשעווער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען; הרב אלימלך נויפעלד, איינער פון די הויפּט־עסקנים פון „הפּועל המזרחי"; בועז יאָנג, — דער באַרימטער אַקטיאָר, (אַ זון פון אברהם יונגוויץ און דער מאַן פון דער באַרימטער שוישפּילערין קלאַראַ יאָנג) א"אַ. יעדער איינער פון זיי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געוויסן אָפּצווייג אין ברייטן געזעלשאַפטלעכן אויפבלי פון אונדזער שטאָט.

מיטן וווּקס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און מיט דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן לעבן אין זיינע אַלע פאָרמען, האָט זיך אויך געקענט דאַכטן, אַז היינט ווי נעכטן און מאָרגן ווי היינט, — אַז דאָס ייִדישע לעבן וועט אָנגיין ווייטער און דורות וועלן דאָ פאָרזעצן זייער קיום.

אויך נאָך די פּאָליטישע ענדערונגען אין אייראָפּע, אין די יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געזען, אָדער נישט געוואָלט זען די וואָלקנס פון געפאַר, וואָס האָבן זיך אַלץ טונקעלער געמערט. אויך ווען די נאַצישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אירע חיהשע אייגנשאַפטן, האָבן אַלע געגלייבט, אַז נאָך דעם ווי דער וואָלף וועט זיך אָנעסן מיט זיין רויב, וועט ער זיך באַרויקן און מען וועט ווייטער קאָנען לעבן...

דער ערשטער סעפּטעמבער 1939 האָט אָבער געוויזן גאָר אַנדערש.

אומגעריכט איז געקומען די מלחמה, פינף פּאַר טאָג זענען געפאַלן די ערשטע באָמבעס, באַלד איז אַוועק די שלווה און — לך לך... ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די בהלה פון וואַנדערן. און דאָס געיעג נאָך אַ שטיקל ברויט; אַ סך זענען אומגעקומען אין די רייען, וואַרטנדיק אויף ברויט. מען איז געלאָפן קיין וואַרשע און אַז מען האָט זיך געפּרוווט אומקערן — האָט מען שוין נישט געפונען דאָס זעלבע נאָווי־דוואָר; פאַרברענטע קוואַרטאַלן; מוראדיקע ענגשאַפט אין יידישע שטיבער; יידישע געשעפטן — אויסגערויבט און באַזעצט פון פאָלקס־דייטשן און פּאָלאַקן און איבער אַלעם — טעראָר און רציחה.

נאָר לעצטע רעשטלעך פון דער יידישער אָרעמקייט און פון הילפלאָזע זקנים, פרויען און קינדער — דאָס איז געבליבן דער סך־הכל פון יידישן נאָווי־דוואָר. די מער פאַרמעגלעכע זענען אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט דורכגעמאַכט זייער פּיינוועג. פון די מער־רירעווידיקע — די יוגנטלעכע, האָט אַ טייל באַוויזן צו אַנטלויפן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד און דערמיט געראַטעוועט געוואָרן. אָבער נאָווי־דוואָר, ווי אַ יידישע שטאָט מיט אַ פולסירנדיק לעבן — איז נאָך דעם אויף אייביק פאַרשוווּנדן.

אומזיסט האָבן מיר געגלייבט, אַז דער וואָלף וועט זיך באַרויקן...



גראַבמאַנס הויז

דב בעריש פירסט / תל־אביב

# הרב ראובן יהודה נויפעלד
## דער לעצטער נאווי־דווארער רב

לזכר מיין פאָטער ישראל חיים פירסט,
דעם ידיד נפש פון הרב נויפעלד.

אַ קראַנקן, אַ צעבראָכענעם האָט מען אים אויף אַ ריקשע געפירט צו דער עקידה, צום וואַרשעווער אומשלאַג־פּלאַץ, — אים, דעם לעצטן נאָווי־דוואָרער רב, דעם קדוש בן הקדוש, הרב ר ראובן יהודה ב״ר אברהם נויפעלד. 35 יאָר איז ער געזעסן אויף דעם כסא־הרבנות אין דער ק״ק נאָווי־דוואָר, ביז דעם טאָג פון דין, ווען ער איז צוזאַמען מיט זיין עדה יידן אַוועק פון נאָווי־דוואָר אין וואַרשעווער געטאָ.

די צאָל נאָווי־דוואָרער יידן אין וואַרשעווער געטאָ איז וואָס אַ מאָל קלענער געוואָרן. דער הונגער און טיפוס האָבן זייערס געטאָן, און די דייטשע סאַטראַפּן האָבן שוין „גוט געזאָרגט״, אַז פון דער גרויסער עדה זאָל בלייבן בלויז אַ קליין הייפעלע אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגערטע. זיי, די ווייניקע און אויסגעפּייניקטע, האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ביי זייער מרא דאתרא פון נאָווי־דוואָר, און ווען זיי זענען געטריבן געוואָרן אויף דעם בלוטיקן וועג צום אומשלאַג־פּלאַץ, איז זייער פאַסטעך שוין נישט געווען ביכולת צו גיין, אָבער ווייל די צאָל האָט געמוזט שטימען, לויט דער גענויער דייטשער פּינקטלעכקייט, האָבן זיי אויף אים נישט מוותר געווען און אים אַריינגעפּאַקט אין אַ „ריקשע״. און אַזאַ איז געווען דער לעצטער וועג פון דעם גרויסן רב אינעם קליינעם שטעטעלע.


הרב ראובן יהודה נויפעלד זצ״ל

### דער וועג צום כסא־הרבנות אין נאָווי־דוואָר

דאָס יאָר — 1904. רוסלאַנד, דער „גרויסער ריז אויף די ליימענע פיס״ האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער ריזיקאַלער מלחמה מיט יאַפּאַן; אויף פּוילן, ווערט, דורך אירע רוסישע הערשער, טיילווייז אַריינגעצויגן אין דער מלחמה און אירע זין ווערן געשלעפּט צו די טויזנטער מיילן ווייטע שלאַכט־פעלדער. אין אונטערגרונט האָט שוין געקאָכט און געזידט מיט די רעוואָלוציאָנערע צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד פון 1905. אין דער זעלבער צייט האָט די קליינע קהילה קדושה פון יידישן נאָווי־דוואָר דורכגעמאַכט אירע אייגנאַרטיקע אינערלעכע מלחמות... און דאָס שטעטל איז געבליבן אָן אַ רב.

דער ביז איצטיקער רב ר׳ מענדעלע לאַנדוי איז אַוועק פּירן רבנות אין זאַוויערטשע, און נאָווי־דוואָר איז געשטאַנען פאַר אויפנעמען אַ נייעם רב. אויף דעם כסא־הרבנות זענען געווען אַ סך קאַנדידאַטן, ווייל כאָטש נאָווי־דוואָר האָט נישט געהערט צו די גרעסערע שטעט, איז זי אָבער געווען פאַררעכנט ווי איינע פון די יוסט־איינגעפונדעוועטע שטעטלעך אין פּוילן, מיט איינגעזעסענע, רייכע בעלי־בתים, און מיט אויסזיכטן אויף אַ בכבודיקער און פּינקטלעכער שכירות

פאַרן רב, — זענען טאַקע דעריבער געווען אַ סך בעלנים אויף דעם כסא־הרבנות, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער „אויפמאַרש" פון די אַלע קאַנדידאַטן.

דאָס שטעטל איז דעמאָלט געגאַנגען אויף „רעדלעך". יעדע פאָר טעג האָט זיך באַוויזן אַ נייער „הדרת־פּנים" און געלאָזט הערן אַ דרשה פאַרן עולם אין דער שול. יעדער פון די קאַנדידאַטן האָט זיך געפּלייסט אויסצונעמען ביים עולם, אַרויסווייזן זיינע קענטעניש, הן אין תורה און הן אין „פּאָליטיק". נאָך יעדער פון די דרשות האָבן זיך געשאַפן צדדים, אָנהענגער און קעגנער פון קאַנדידאַט, ביז נאָך לאַנגע וויכוחים און מחלוקתן האָבן זיך אַרויסגערוקט אויבנאָן די צוויי גאָר חשובע קאַנדידאַטן: הרב ר׳ יונה זלאָטניק פון שכנותדיקן שטעטל זאַקראָטשין און הרב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ רב אינעם קליינעם פאַרוואָרפענעם שטעטעלע ראַציאָנזש.

ר׳ יונה זלאָטניק איז געווען אַ זייער באַשיידענער מענטש און גרויסער תלמיד־חכם, און שוין צו יענער צייט — איינער פון די באַקאַנטע פירער פון דער רעליגיעזער ציוניסטישער באַוועגונג, צוזאַמען מיט הרב ריינעס און הרב מאָהילעווער — די פאָרגייער פון „מזרחי". הרב זלאָטניק האָט געהאַט זיינע אָנהענגער צווישן דעם ביסל משכילים — „ליטוואַקעס" און די גרופּעס פרומע בעלי־בתים.

ר׳ ראובן יהודה נויפעלד איז מיט גאָרנישט אָפּגעשטאַנען אין תורה וחכמה פון זיין יריב, נאָר אויך דערצו אַ מער אימפּולסיווער, אַ קעמפערישע נאַטור, אויסגעבונדן אין די געזעלשאַפטלעכע ענינים פון יענער צייט; אַ זייער איינפלוסרייכער רעדנער, וועלכער האָט געקענט האַלטן אַן עולם שעהן לאַנג מיט זיינער אַ דרשה, וואָס איז געווען אַ געמיש פון תורה, פּילפּול און וועלטלעכע פּראָבלעמען. פאַר די חסידישע קרייזן אין שטעטל, וואָס זענען צו יענער צייט נאָך אַלץ געווען דער רוב פון שטאָט, האָט ער אויך געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס ער איז געווען אַ שאַרפער חסיד, „מותיקי חסידי אלכסנדר", ווי עס האָט אים באַצייכנט דער פאָרשער פון חסידיזם אין פוילן — הרב אברהם יצחק בראָמבערג. צו זיינע זכותים אין קאַמף פאַרן נאָווי־דוואָרער כסא־הרבנות, דאַרף מען אויך צורעכענען זיין מעמד אַלס נאָווי־דוואָרער איידעם. זיין פרוי, די קינפטיקע רביצין, איז געווען אַ טאָכטער פון נאָווי־דוואָרער גרויסן גביר און „פּאַדריאַטשיק" משה יענקל בלאַט, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער ראַדזימינער חסיד — און די ראַדזימינער



הרב ר׳ מענדל לאַנדוי אויף אַ „מזרחי" צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, סעפּטעמבער 1919
פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: ר׳ מענדל לאַנדוי (זאַחיערטשע), ר׳ משה אביגדור עמיאל (גראַיעווע)
צווייטע ריי: ר׳ יצחק יהודה טרונק (קוטנע), ר׳ יקותיאל זלמן גראַובאַרד (בענדין), ר׳ שמואל בראָד (ליפּנע), ר׳ יהודה לייב זלאָטניק (גאָמבין)

חסידים האָבן דעמאָלט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף די פרומע קרייזן אין שטאָט, ווייל אין דער שפּיץ פון די ראַדזימינער זענען דעמאָלט געשטאַנען עטלעכע שאַרפע תלמידי־חכמים, ווי דער דיין ר׳ שלמה פרידמאַן (ר׳ שלמה לייזערס — אויפן שווערס נאָמען), ר׳ פּינטשע גוטערמאַן (אַ קרוב און הויף־מענטש פון דעם ראַדזימינער רבין ר׳ שלמה גוטערמאַן און אויך אַ שוואָגער פון הרב נויפעלד), ר׳ מנשה וורואַנסקי (אַ גרויסער פלייש־ליווערשאַנט פאַרן מאָדלינער גאַרניזאָן) א״אַ.

די גערער חסידים, וועלכע האָבן זיך פון שטענדיק אָן נישט שטאַרק פאַרטראָגן מיט די אַלעקסאַנדער, האָבן אַפילו פון אָנהייב זיך געקווענקלט, צי טאַקע אויסקלייבן פאַר זייער שטאָט אַ רב — אַן אַלעקסאַנדער חסיד, אָבער לויט אַ „באַפעל״ פון גער האָבן זיי מסכים געווען צו דער קאַנדידאַטור פון הרב נויפעלד. גער איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז נאָווי־דוואָר זאָל אויפנעמען הרב נויפעלד, ווייל אויף זיין אָרט, אויף דעם כסא־הרבנות פון ראַציאָנזש, האָט געדאַרפט קומען דער ברודער פון הרב נויפעלד — ר׳ בעריש, וועלכער איז דווקא געווען אַ גערער חסיד און ווי אַ ירא־שמים און איש תם־וישר אויך געווען פון די שטענדיקע טישזיצער אין גערער הויף.

די אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה זענען צו יענער צייט געווען ר׳ פּיישע פרענקל — אַ גרויסער וויין־סוחר און אַן אייגנטימער פון אַ דעליקאַטעסן־געשעפט אין זיין אייגן הויז, וואָס האָט זיך מיט דער גאַנצער רחבותדיקייט צעשפּרייט אויף דעם עק זאַקראָטשינער גאַס אַנטקעגן איבער דעם מאַרק, און ר׳ בנימין יונגוויץ (דער ברודער פון באַרימטן אַרטיסט בועז יונגוויץ), אַ גרויסער מיליטער־ליווערשאַנט, דערנאָך — אַ באַקאַנטער וואַרשעווער גביר און לאַנגיאָריקער גבאי פון דער וואַרשעווער נאָזשיק־שול. ביידע האָבן זיי געהאַט די שווערע מאה און אויך די גרויסע דעה. ביידע — האַרטע, איינגעעקשנטע, וואָס יעדעס וואָרט זייערס איז געווען אַ חוק ולא יעבור. זיי האָבן מיט זייער גאַנצער אויטאָריטעט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון הרב נויפעלד.

און זאָל אויך דערמאָנט ווערן די „גראָע עמינענץ״ אין דער דאָזיקער פרשה, פון די קהלישע אינטריגעס אין שטעטל. דאָס בין איך אויסן ר׳ יחזקאל סעגאַלאָוויטש, המכונה: „חצקעלע שמש״ — אַן איבערגעטריבן כיטרע יידעלע, אַ קליינס און פּיפּיקס מיט קליינע, שפּיציקע אייגעלעך און אַ לאַקריץ־זיס שמייכעלע אויפן דראָבנעם פּנימל. ביי אים האָט מען קיין מאָל נישט געקענט וויסן, וואָס דאָס שמייכעלע מיינט. ער איז אויך געווען איינער פון די מיטהעלפערס ביים קלייבן הרב נויפעלד אַלס נאָווי־דוואָרער רב. ער איז עס געווען דער, וועלכער האָט שפּעטער, ווען הרב נויפעלד איז שוין געווען מרא דאתרא, גיך אים געהאָלפן זיך אָריענטירן אין אַלע מחלוקתלעך און אינטריגעלעך אין שטעטל. ער איז דערנאָך לאַנגע יאָרן געווען אַ יוצא־ונכנס אין דעם בית־דין־שטיבל פון רב.

אָט די אַלע בני־עיר האָבן אויסגעפלאַסטערט דעם גלאַטן וועג, אויף וועלכן ר׳ ראובן יהודה נויפעלד איז דערגאַנגען צום כסא־הרבנות פון נאָווי־דוואָר. און אַלץ האָט געהאַט זיין מזל און ברכה: דער ברודער פון הרב נויפעלד — ר׳ בעריש, איז געוואָרן רב אין ראַציאָנזש, און דער דורכגעפאַלענער זאַקראָטשינער רב, ר׳ יונה זלאָטניק, האָט שפּעטער באַקומען זיין סאַטיספאַקציע, ווען ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס רב אין דער גובערניאַלער שטאָט פּלאָצק.

אויף דער „סאַטיספאַקציע״ האָט הרב זלאָטניק געמוזט וואַרטן עטלעכע יאָר. אָבער באַלד נאָך די — לויט זיין מיינונג נישט ערלעך אַדורכגעפירטע — וואַלן, האָט ער אין דער צו יענער צייט פּאָפּולערער העברעישער טאָג־צייטונג „הצפירה״ פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן מאמר אונטערן קעפּל „הרבנות הנמכרת״, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע רבנישע וועלט. דער ניי־געוויילטער נאָווי־דוואָרער רב האָט זיך דערפאַר „נוקם״ געווען אין זאַקראָטשינער רב, ער האָט ביי אים צוגענומען די „מאָדלינער שחיטה״. ביז דעמאָלט האָט דער זאַקראָטשינער רב, ר׳ יונה זלאָטניק, אָט די חזקה און די דעה אויף די שוחטים, וואָס האָבן געשאָכטן פאַרן מאָדלינער גאַרניזאָן און, פאַרשטייט זיך, פון דעם געהאַט אַ „שטיקל״ פּרנסה. די שוחטים זענען געווען נאָווי־דוואָרער און אויך די טיילן כשר פלייש פון דער שחיטה זענען פאַרקויפט געוואָרן דורך די נאָווי־דוואָרער קצבים. האָט הרב נויפעלד מיט זיין כוח אַלס מרא דאתרא געאַסרט די שוחטים צו פאָרן „ווייזן דעם חלף״ צום זאַקראָטשינער און דאָס אַריבערגעפירט צו זיך.

לאַנגע יאָרן האָבן זיך אַרום דעם ענין געפירט שטרייטן און דין־תורהס, כמעט האַרט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זעט אויס, אַז ביידע

תלמידי־חכמים האָבן זיך געדעכנט מיטן מאמר פון תלמוד: „כל תלמיד־חכם שאינו נוקם־ונוטר כנחש, אינו תלמיד־חכם" (יומא כ"ג)...

### ייחוס אבות און ייחוס עצמו

ר' ראובן יהודה נויפעלד, שטאַמט פון וועגג־ראָוו — סטאָק. געבוירן — אין יאָר תרכ"ט (1869). זיין פאָטער, ר' אברהם, איז געווען אַ פאַרמעגלעכער שיך־סוחר, וועלכער איז אומגעקומען ווי אַ קדוש ביים ביאַליסטאָקער פאָגראָם, ווען ער איז אַהין געפאָרן אין ענינים פון מסחר. זיינע זין האָט ער געגעבן אַ שטרענגע תלמודישע דערציונג און זיך באַמיט זיי זאָלן ווערן תלמידי־חכמים און רבנים. דאָס איז געווען דאָס גרעסטע, צו וועלכן ס'האָט געקענט שטרעבן אַ פאַרמעגלעכער ייד מיט 100 יאָר צוריק. פון פאָטערס צד שטאַמט ר' ראובן יהודה פון דער מיוחסדיקער משפחה נויפעלד פון קראָקע. פון דער מאַמעס צד איז ער אַן אָפּצווייג פון דעם באַרימטן גאון ר' יום־טוב ליפּמאַן סג"ל העליר — דער „בעל תוספות יום־טוב".

אַלס בחור האָט ער געלערנט ביי די באַרימטסטע רבנים צו יענער צייט, ווי ביים וועגגראָווער רב ר' יחזקאל, ביי דעם באַרימטן וואַרשעווער מורה־הוראה ר' פּתחיה. שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער ישיבה אין פּאָוואָנזעק (ביי וואַרשע), ביי דעם דאָרטיקן רב, דער גאון ר' ישראל יצחק, וועלכער איז געווען אַ תלמיד־מובהק פון דעם ערשטן גערער רבין, דער בעל „חידושי הרי"מ". היתר־הוראה און סמיכות אויף רבנות האָט ער באַקומען פון די באַרימטע רבנים און גאונים אין פּוילן, פון ר' מאיר יחיאל הלוי, דער אָסטראָווצער רב און רבי, פון לאָדזשער רב ר' אלי' חיים, פון לוקאָווער רב ר' ירחמיאל, פון באַקאַנטן וואַרשעווער רב הגאון ר' זיינוועלע קלעפּפיש, און ביים סעראָצקער רב, דער מחבר פון ספר „דור ודור ודורשיו" ר' יוסף לעווינשטיין.

אין עלטער פון 25 יאָר איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין ראַציאָנזש, ביי פּלאָצק. דאָס איז געווען אין יאָר תרנ"ד (1894). אויף דעם כסא־הרבנות איז ער געזעסן 10 יאָר, ביז 1904, ווען ער איז אַריבער קיין נאָווי־דוואָר.

הרב נויפעלד איז געווען אַ גרויסער קענער און בקי אין תלמוד און אין דער תלמודישער ליטעראַטור. ער איז אויך אַליין געווען אַ מחבר פון עטלעכע ספרים, וועלכע זענען ביי אים פאַרבליבן אין כתב־יד, ווי „שדה יהודה", „שאלות ותשובות", „פרדס האגדה" און „כרם יהודה". אַלע יאָרן האָט ער זיך אַרומגע־טראָגן מיט דער האָפענונג צו זען זיינע חיבורים אין דרוק, אָבער טראָץ זיין גאַנצער גדלות האָט ער דערצו נישט זוכה געווען.

ער איז אויך געווען פון די ווייניקע רבנים פאַר יענע צייטן, וואָס האָבן באַלייגט אַן עקזאַמען פון קענטעניש אין דער רוסישער און פּוילישער שפּראַך, און אַזוי אַרום געהערט צו די רבנים מיט אַ צענזור־ראַלער פּולמאַכט.

אַכט קינדער האָט ער געהאַט, 3 טעכטער — מילקע, רחלע, שרהלע, און 5 זין — נחום, שמואל עליע, אלימלך, שלמהלע און ירמיהו. 6 פון הרב נויפעלדס קינדער זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע הענקערס אין פּוילן. איין זון — הרב אלימלך נויפעלד, אַ באַרימטער פירער פון „הפּועל המזרחי" און חבר פון דער יידישער אַגענץ, איז ניפטר געוואָרן אין ישראל, אין 1956. דער יינגסטער זון, ירמיהו, וואָס האָט נאָך באַוויזן אין דער לעצטער מינוט, ווען די דייטשן זענען שוין געווען אין וואַרשע, זיך אַרויסצוקריגן פון דאָרט קיין ישראל, איז היינט אַ הויכער מלוכהשער באַאַמטער, און זיין איינציקער זון טראָגט דעם נאָמען — לזכר דעם נאָווי־דוואָרער רב — ראובן יהודה.

### 45 יאָר רבנות און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

45 יאָר האָט הרב נויפעלד געטראָגן דעם כתר־הרבנות. אין די 10 יאָר, וואָס ער איז געזעסן אינעם קליינעם, פאַרוואָרפענעם שטעטעלע ראַציאָנזש, (וואָס האָט זיך געפונען אין פלאַצקער ראַיאָן, ווייט פון אַ באַן־ליניע און אָפּגעריסן פון דער גרויסער וועלט) האָט ער פאַרטיפט זיינע תלמודישע קענטענישן און געשאַרפט זיין מוח, כדי אין פּאַסיקן מאָמענט אויסצו־נוצן זיין בקיאות און שאַרפזין פאַר די ברייטע רעלי־גיעזע ספערן פון פּוילישן יידנטום. דער מאָמענט איז געקומען מיט זיין אָפּשייד פון ראַציאָנזש און דאָס איבערנעמען דעם כתר־הרבנות פון נאָווי־דוואָר.

ווען הרב נויפעלד איז געקומען קיין נאָווי־דוואָר, איז דאָס שטעטל שוין געווען איינע פון די פאַרגע־שריטענע שטעטלעך. די נאָענטקייט צו וואַרשע און דער אָנשטראָם מ׳מרחקים פון סוחרים, מיליטער־ליווע־ראַנטן און כל מיני „ליטוואַקעס" אַרום דער מאָדלינער

פעסטונג — האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערן קאָלאָריט דעם שטעטל און געלייגט זיין חותם אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג, אפילו אויך אויף די רעליגיעזע יידן. הרב נויפעלד האָט דאָ געפונען דאָס פאַסיקע אָרט פאַר זיין אָנגעזאַמלטער ענערגיע. פון דאַנען האָט זיך זיין אַקטיוויטעט אויסגעשפרייט ווייט איבער די גרענעצן פון דער אָרטיקער קהילה, ביז ער איז געוואָרן אַ וואָרטזאָגער אין רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע פראַגן אויך צווישן די גדולי־התורה פון דער נאָענטער רעזידענץ־שטאָט, וואַרשע, און אין אַנדערע גרעסערע שטעט אין פוילן.

הרב נויפעלד איז טראָץ זיין חיבת־ציון, זיין מיט לייב־און־לעבן איבערגעגעבנקייט צו ארץ־ישראל, דאָך געבליבן אַן אָנהענגער פון „אגודת ישראל" און געווען טעטיק אין אירע קרייזן זינט איר גרינדונג.

אין יאָר 1913, איז אין קליינעם יאַבלאָננע, וואָס ליגט אויפן וועג צווישן נאָווי־דוואָר און וואַרשע, פאָרגעקומען איינע פון די ערשטע צוזאַמענפאָרן פון די רבנישע אגודה־טוער. אין דעם צוזאַמענפאָר האָט זיך אויך באַטייליקט הרב נויפעלד, צוזאַמען מיטן קוטנער רב ר' יצחק יהודה טרונק און דער גאָמבינער רב הרב ר" יהודה לייב זלאָטניק. די לעצטע צוויי רבנים זענען שפּעטער געוואָרן באַרימטע פירער פון „מזרחי". הרב נויפעלד איז געבליבן אין דער „אגודה" און אַ געוויסע צייט איז ער געווען איר קעמפערישער וואָרטזאָגער, בעיקר אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — 1915־1917.

ווען אין דעצעמבער 1917 איז לויט דער איניציאַטיוו און מיט דער באַטייליקונג פון די דייטשע „אגודה"־פירער, די ראַבינערס קאַרלעבאַך און קאָהן, פאָרגעקומען דער רבנים־צוזאַמענפאָר פון גאַנץ פוילן — איז הרב נויפעלד געווען איינער פון די ענערגישע אָנטיילנעמער, און אין זיין רעדע וועגן „שאלת החינוך" — האָט ער געפאָדערט, אַז די מלוכה זאָל אויסהאַלטן ישיבות, אַז די רבנים זאָלן האָבן די השגחה איבער אַלע דערציונגס־אַנשטאַלטן, אַז די פריי־געזאָנענע לערערס — „אָט די באַצילן, וואָס פאַרדאַרבן אונדזערע קינדער" (לויט די דערשינענע באַריכטן אין „היינט" און אין „מאָמענט") זאָלן באַזייטיקט ווערן.

אויף דער זיצונג פון „רבנים־קאָמיטעט" אין וואַרשע, אין יאָר 1916, האָט הרב נויפעלד אפילו געהאַט דעם מוט צו פאָדערן, אַז אין יידישן לעבן זאָל דער פסק־דין פון אַ רב האָבן אַ יורידישע צוואַנגס־קראַפט, פונקט ווי אַן אורטייל פון יעדער געריכטס־אינסטאַנץ.

צו יענער צייט פון זיין אַגרעסיווער פאָליטיש־רעליגיעזער טעטיקייט געהער אויך דאָס שאַפן פון דער „אגודת־ישראל" אין נאָווי־דוואָר. מיט דער מיטהילף פון זיין ביז גאָר פעיקן זון, דעם שפּעטערדיקן „הפועל־המזרחי"־פירער הרב אלימלך נויפעלד, אַנטשטייט אויך דעמאָלט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „התבונה" אין נאָווי־דוואָר.

אין יענער צייט, מיטן אויסברייטערן זיין טעטיקייט פאַרן רעליגיעזן יידנטום אין פוילן, טראָגט זיך הרב נויפעלד אַריבער קיין וואַרשע (אין אַ דירה אויף מאַריאַנסקאַ), און קיין נאָווי־דוואָר פלעגט ער זיך אַראָפּכאַפּן פון צייט צו צייט, כד צו דערליידיקן די לויפנדיקע פראַגן פון זיין קהילה. די שטאָטישע בעלי־בתים האָבן דערפאַר אָנגעהויבן מורמלען: היתכן? — אַ שטאָט אָן אַ רב, נישטאָ ביי וועמען צו פרעגן אַ שאלה און מען קען נאָך ניכשל ווערן אין הלכות כשרות... כדי איינצושטילן דעם עולם — האָט דעמאָלט הרב נויפעלד אַראָפּגעבראַכט זיינס אַ שוואָגער, אַ גערער חסיד, אים אָנגעטאָן די איצטלא דרבנן און אים געמאַכט פאַר דיין, ער זאָל פסקנען שאלות...

אין דער צייט פון זיין וווינען אין וואַרשע, איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון דער „אגודת הרבנים" אין פוילן, און פאַר אַלע יאָרן, שוין ביז זיין לעצטן טאָג, געווען איינער פון אירע וואָרטזאָגער און אַ מיטגליד אין הויפּט־קאָמיטעט. ער האָט אָנטייל גענומען אין אַלע דעלעגאַציעס צו די קאַטוילישע קאַרדינאַלן און מלוכהשע מאַכטהאָבער — ווען יידן זענען געווען אין אַן עת־צרה.

## דער רב אין שטוב, אין גאַס און אין דער קהילה

דער וואָס שרייבט די מאָנאָגראַפיע וועגן לעצטן נאָווי־דוואָרער רב, איז אין די יאָרן 1917—1919, ביזן פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר, געווען דער סעקרעטאַר פון דער אָרטיקער יידישער קהילה און ממילא געווען אַ יוצא־ונכנס ביים רב אין שטוב, און דאָס, וואָס איך פאַרצייכן דאָ צום שלוס פון דער מאָנאָגראַפיע — איז על־פי רוב באַזירט אויף פערזענלעכע זכרונות; איך שרייב די ווערטער בדחילו ורחימו, ווי אַ תלמיד וועגן זיין רבין, ווייל דורך דער צייט, וואָס איך האָב פאַרקערט אין

זיין שטוב, האָב איך אַ סך פון אים געלערנט, און בעיקר אין חכמת־ישראל.

נאָך לאַנגע יאָרן, ווען איך בין געדאַנקלעך העט ווייט אַוועק פון זיינע דרכים, האָט ער ביי יעדער טרעפונג מיט מיר, אין וואַרשע אָדער אין נאָווי־דוואָר, מיך אויפגענומען מיט אַזאַ פרייד און ליבשאַפט, ווי דאָס לאָזט זיך נאָר מערקן צווישן רבי און תלמיד. ער פלעגט מיך האַלטן שעהן לאַנג, תמיד זיך אויס־געפרעגט וועגן אַלע פרטים פון מיין לעבן, און אין זיין גרויס איידלקייט האָט ער אויסגעמיטן פראַגן, וואָס וואָלטן מיך געקענט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייל ער האָט שוין גאַנץ גוט געוווסט, ווי ווייט איך בין אַוועק פון אים אויף פרעמדע און שלעכטע דרכים... ביים געזעגענען פלעגט ער לאַנג דריקן מיין האַנט און זיינע בלאָע אויגן האָבן מיך אַרומגענומען מיט אַזאַ גרענעצלאָזער ליבשאַפט, וואָס טרעפט זעלטן צווישן מענטשן מיט אַזאַ עלטער־דיפערענץ און קעגנ־זעצלעכע אָנשויונגען. אַזאַ איז ער געווען — מורי ורבי הרב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד.

זיינע אויפפירונגען אין טאָג־טעגלעכן לעבן זענען געווען זייער אייגנאַרטיקע: טאָג און נאַכט האָבן זיך ביי אים אויסגעמישט אָן אַ סדר, כאילו ווי ביי באָהעמע־מענטשן, ער איז געגאַנגען שפעט שלאָפן און אויפגעשטאַנען מיטן שפּראָץ פון טאָג. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער טיי־טרינקער, און נאָך מער — אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער. שטאָטישע לצים פלעגן זאָגן: „אונדזער רבי נוצט נישט קיין שוועבעלעך, ער פאַררייכערט איין ציגאַרעטל אין צווייטן"... אַ צוגעלאָזענער מענטש איז ער געווען, נאָר מיט מידה — פראָפּאָרץ און דיסטאַנץ. ער האָט שטאַרק מקפיד געווען אויף דעם כבוד פון זיין איצטלא דרבנן. נישט קיין בעל־גאווה איז ער געווען, נאָר געהיטן דעם געבאָט פון חז״ל: „תלמיד־חכם צריך שיהא בו אחד משמינית שבשמינית של גאוה"... אַ ציכטיקער איז ער געווען, אַלץ אויף אים האָט געבלאַנקט; ער האָט שטאַרק מקפיד געווען נישט עובר צו זיין חלילה אויף דעם מאמר התלמוד: „תלמיד חכם שנמצא רבב על בגדו חייב מיתה". און פיינט געהאַט האָט ער די פאַרשייטע בעלי־בתים, וואָס די געלט־חוצפה האָט פון זיי אַרויסגערעדט. דערפאַר האָט ער שטאַרק מכבד געווען אַ בן־תורה, מיט וועלכן ער האָט זיך געקענט אַריינלאָזן אין אַ טיפן שמועס.

כאָטש ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד, האָט ער געהאַט אין זיך אַ מין קאָצקער התנהגות; ער האָט תמיד געהאַלטן מער פון לערנען ווי פון דאַווענען; נישט געהאַלטן פון תפילה בזמנו, מער אַכט געלייגט אויף מאמר חז״ל: „אל תעש תפלתך קבע". נישט איין מאָל פלעגט טרעפן, אַז אין אַ שפעט־ווינטערדיקן נאָכמיטאָג האָט זיין געטרייע טאָכטער רחלע צום וויפלטן מאָל געמוזט קומען אים דערמאָנען, אַז זיין מיטאָג־עסן ווערט קאַלט, און ערשט דעמאָלט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז צייט צו דאַוונען. דעמאָלט פלעגט ער אַ כאַפּ טאָן טלית און תפילין און צו צום פענצטער אַקעגן די שוין בלאַסע שטראַלן פון טאָג, כדי צו קענען יוצא זיין מיט אַ ברכה פון להבחין בין יום ולילה...

די רעליגיעזע ענינים פון שטאָט האָט ער געפירט בחוזק יד, כאָטש ער איז בדרך כלל געווען אַ גרויסער מקיל. אָבער, אַז עד האָט טריף געמאַכט אַ בהמה נאָך דער שחיטה, האָט ער נישט געציטערט — ווי אַנדערע רבנים אין די קליינע שטעטלעך — פאַר די ווויליונ־גערישקייט פון קצב. ווײ און ווינד איז געווען צו אַזאַ איינעם, ווען ער האָט אפילו מיט אַ האַלב וואָרט באַליידיקט דעם רב. דעמאָלט האָט דער באַליידיקער, דער גס, געמוזט קומען מיט די בלויזע זאָקן אויף די פיס און מפייס זיין.

אַז קהל האָט עטלעכע יאָר נאָכן רבס אָנקומען קיין נאָווי־דוואָר אויסגעבויט אַ נייע מיקווה, און דער רב האָט געפסקנט, אַז כשר וישר, אַז זי איז געבויט כדין — האָט נישט געהאָלפן, וואָס די לומדים פון גערער שטיבל, מיט דעם רייכן בעל־נדבן ר׳ משה פרידמאַן בראש, ווילן זי פסלען. דער רב איז נישט אָפּגעטרעטן פון זיין פסק; אַז דער מרא דאתרא זאָגט: כשר — איז זי כשר... און מי יודע צו וואָס פאַר אַ פייער די מחלוקתן וואָלטן דעמאָלט דערפירט, ווען נישט די גרויסע שריפה פון 1910, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ האַלב שטעטל אויך אָפּגערוימט די מיקווה.

נאָווי־דוואָר איז נאָך די אַלע גרויסע שריפות געבליבן אָן אַ שול. נאָך דער שריפה פון 1910 איז דער איינציקער רעפּרעזענטאַטיווער רעליגיעזער בנין געווען דאָס ניי־אויסגעבויטע, האַלב־שטאָקיקע בית־המדרש. אַ לאַנגע הילצערנע כאַלופּע איז דאָס געווען, וואָס האָט אפשר געסטייעט פאַר דעם באַשיידענעם, אָרעמען יידישן גאָט, — רחמנא לבא בעי... אָבער ווי זעט עס אויס פאַר די גויים? אַז עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ „גאַלוווקע" און נאַטשאַלסטווע האָט

געדאַרפֿן קומען אין בית־המדרש אַריין אויסצוהערן דעם „הנותן תשועה" און די פּלאַמיקע דרשה אויף רוסיש פון אונדזער רב, — האָט זיך קהל ממש באַגראָבן פאַר חרפה. איטשע שוויצער האָט טאַקע אַלץ געטאָן צו ענדערן די מראה, אויפגעהאָנגען ביים כיור אַ ריין האַנטעך, אויסגעשפּרייט דאָס שיינע באָרדאָ פּרוכתל, אויך דאָס גאָלדיקע זאַמד פון די „פּיאַסקעס" — אַ גאַנץ וועגעלע — אויסגעשיט און פאַרשפּרייט אין און אַרום בית־המדרש, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט צוגעגעבן קיין הדרת־פּנים דעם אָפּגעדראַפּעטן בית־המדרש.

ביז — הרב נויפעלד האָט זיך אַ נעם געטאָן מיטן גאַנצן אימפּעט אויפצושטעלן אַ געמויערטע שול, וואָס זאָל מיט איר אויסזען זיך נישט פאַרשעמען לגבי די צוויי טורעמדיקע געביידעס — דעם קאַטוילישן קאָשטשאָל און די פּראָטעסטאַנטישע קירכע. דער פאַרנעם איז געווען גאָר אַ געוואַגטער, ווייל אויסבויען אַזאַ שול — ווי הרב נויפעלד האָט זיך פאַרגענומען — האָט פאַרלאַנגט אַ סך צענדליקער טויזנט רובל. הרב נויפעלד האָט צו דעם מאָביליזירט אַלע גבירים אין שטעטל, בעיקר די פאַבריקאַטשיקעס, וואָס האָבן געמאַכט גאָר גוטע געשעפטן אין דער נאָווע־געאָרגיעווסקער פעסטונג. ער האָט זיך אויך געוואָנדן צו די אַמאָליקע נאָווי־דוואָרער אין וואַרשע, פון וועלכע אַ טייל זענען געווען גרויסע עשירים. „נישטאָ קיין אָרעם קהל" — זאָגט מען ביי יידן, און געלט איז געוואָרן. מען האָט אָנגעהויבן צו בויען אַ שול פון אַ גאָר גרויסן פאַרנעם, לויט די מאָדערנסטע — פאַר יענער צייט — בוי־טעכניק, מען האָט דעם בנין דערפירט ביז דעקן דעם דאַך, נאָר דאַן איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די שול איז ערשט געוואָרן פאַרענדיקט פאַר דער צייט פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט, נאָר לאַנג האָבן זיך די נאָווי־דוואָרער יידן מיט זייער שול נישט געפרייט. די נאַציישע באַרבאַרן האָבן זי קודם־כל פאַרשוועכט, פאַרוואַנדלענדיק דעם מקום־קדוש אין אַ פערד־שטאַל, און צום סוף זי פאַרברענט.

הרב נויפעלד איז געווען אַ באַקאַנטער שתדלן לטובת די פוילישע יידן, ביי אַלע רעזשימען וועלכע האָבן רעגירט אין פוילן — צי דאָס זענען געווען די רוסן, דייטשן, אָדער דאָס זעלבשטענדיקע פוילן. קיינער פון זיי האָט נישט געזשאַלעוועט קיין גזרות אויף יידן, און שטענדיק איז הרב נויפעלד געווען איינער פון די „אָפּשרייערס" פון די גזרות.

אין דער צייט פון ערשטן וועלטקריג, ווען די צאַרישן אַרמייען האָט אָנגעהויבן צו גיין „מיט דער פוטער אַראָפּ", און מען האָט קודם־כל געזוכט די שולד אין די יידן — האָט דער טיראַנישער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער צאַרישער אַרמיי, דעם צאַרס פעטער, דער גרויספירשט ניקאָליי ניקאָלייעוויטש, אַרויסגעגעבן (אין דעצעמבער 1914), אַ צירקולאַר וועגן „פאַרראַט פון די יידן", אַז אַלע יידן דאַרפן באַזייטיקט ווערן פון די פראָנט־ראַיאָנען. ווי אַ המשך צו דעם צירקו־לאַר האָט דער קאָמאַנדיר פון דער נאָווע־געאָרגיעווו־סקער פעסטונג, גענעראַל באָבער, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די יידן פון פעסטונגס־ראַיאָן — פון נאָווי־דוואָר, זאַקראָטשין, פּאָמיעכאָווע א"אַ שטעטלעך. הרב נויפעלד האָט דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ דעלעגאַציע פון די ווירכטיקסטע בעלי־בתים און




דאָס נאָווי־דוואָרער בית־המדרש

פּאַדריאַטשיקעס, און ער איז מיט זיי אַוועק צו דעם סאַטראַפּ „אָפּשרייען" די גזרה. דאָס מאָל האָט ער נישט געפּועלט און די נאָווי־דוואָרער יידן האָבן געמוזט אַוועק פון נאָווי־דוואָר קיין וואַרשע, ווי די אַלע „הימלאָזע", וואָס האָבן זיך געשלעפּט אויף די וואַנדער־וועגן, אַרויסגעטריבענע פון זייערע שטעטלעך.

יאָרן לאַנג האָט מען נאָך שפּעטער דערציילט, מיט וואָס פאַראַ כעס און רוגזה דער גענעראַל האָט זיך צעשריגן, ווי אַזוי די „דייטשע שפּיאָנען" — דאָס האָט ער געמיינט די יידן — וואַגן נאָך צו קומען צו אים מיט בקשות און אינטערווענצן.

דער מיצווה פון „פּדיון שבויים" — איינע פון די גרעסטע מיצוות ביי יידן, וואָס איז אויסן אונטערצו־האַלטן דעם מוט ביי די יידישע אַרעסטאַנטן אָדער זעלנער — האָט זיך הרב נויפעלד איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן און אויך מיט מסירת־נפש ממש. אויף דעם געביט פון דער מאָדלינער פעסטונג האָט ער געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר דער דאָזיקער מיצווה. די קאַזעמאַטן פון דער פעסטונג זענען תמיד פול געווען מיט יידישע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אָדער קרימינעלע פאַרברעכער און אויך סתם אומשולדיקע, וועלכע מען האָט פאַרפּלאָנטערט אין פאַרשידענע בילבולים. אויב דער נאָווי־דוואָרער רב האָט זיי נישט געקאָנט אַרויס־נעמען פון געפענגעניש, האָט ער זיך באַמיט זיי צו פאַרלייכטערן, ביים אָפּקומען די אורטיילן, דורך אָנקניפּן באַציונגען, העלפן מיט צושטעלן עסנוואַרג אאז"וו.

אין דער מיצווה צו באַזאָרגן יידישע אַרעסטאַנטן און יידישע זעלנער אין דער מאָדלינער פעסטונג, מיט כשר עסן פאַר די ימים־טובים,, און דער עיקר אויף פסח — האָט ער אַריינגעלייגט זייער פיל מי און זאָרג.

אַ סך פון אונדז געדענקען נאָך זיכער די אויסגע־דאַרטע קליאַטשע מיט דעם לאַנגן דראַנגאַווע וועגעלע, וואָס האָט איבערגעריסן די יום־טובדיקע מנוחה פון שטעטל, זיך הוידנדיק ביים פירן עסן פאַר די סאָלדאַטן אין פעסטונג. דער הויכער, דאַרער און שטילער יחזקאל ראָזעטעס (דער פאָטער פון אין שטאָט באַקאַנטן ציוני־ניסטישן עסקן פישל פרידמאַן), מיטן שיטערן גראָלעכן בערדל, לאַנגער שבתדיקער קאַפּאָטע און „יידישן היטעלע" אויפן קאָפּ, האָט געפירט דאָס פערדל פאַרן ציימל, און אַזוי ווי פאַרן טאָר מען דאָך נישט, און אַ בייטש האַלטן לכבוד יום־טוב האָט ער דאָך אויך נישט געקאָנט — איז דאָס פערדל געפאָרן אַליין און דאָס וועגעלע מיט די שווערע קעסלען האָט זיך געוואַקלט אויף די שפּיציקע ברוק־שטיינער פון שטעטלס גאַסן אין דער ריכטונג צום ברייטן מאָדלינער שאָסיי... נישט איין יידישע מאַמע האָט דעמאָלט, כאַפּנדיק אַ בליק דורכן



דער נאָווי־דוואָרער רב, נאָכן דאַווענען אין יום־טוב סוכות, פירט מיט זיך אַהיים אַן אורח — אַ יידישן זעלנער

פענצטער זיך באַגאָסן מיט טרערן, דערמאָנענדיק זיך אין אירס אַ זון, וואָס איז איצט, אין יום־טוב, ערגעץ אין דער פרעמד, אין גוישע הענט.

אַז עס האָט זיך אָנגערוקט דער שיינער יום־טוב פסח, וואָס קומט צוזאַמען מיטן וואַרעמען, זוניקן פרי־לינג, האָט הרב נויפעלד געהאַט אַרבעט — ווי מען זאָגט עס — איבערן קאָפּ, — אַ קלייניקייט צו זאָרגן וועגן כשרות פאַר אַ גאַנצער שטאָט!... קודם־כל האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש און אַ קאָכעניש מיט די בעקער, ווער עס זאָל באַקן מצות און ווער — ברויט, און וועגן פאַרטיילן די רווחים. דער רב האָט געדריקט אויף די בעקערס, זיי זאָלן נישט „רייסן קיין פּאַסן" פאַר די מצות, און די פרייזן האָט ער באַשטימט. נאָך דעם האָט דער רב זיך געשטעלט צום שוץ פון די אַלע „סעזאָן־פּראָלעטאַריער", ווי שיבערס, רעדלערס, וועל־גערקעס, משגיחים א״אַ, אַז די בעלי־בתים זאָלן זיי נישט באַוואולהן, ווייל פאַר אַ סך פון זיי איז עס געווען אַ סעזאָן־אַרבעט נאָך אַ ווינטערדיקער אַרבעטסלאָזיקייט, און אָן דער אַרבעט וואָלטן זיי נישט געקאָנט ברענגען דעם יום־טוב פסח אין שטוב אַריין...

היינט דאָס כשרן אַליין, — די אַלע בעקערייען, מילן און אַנדערע קלענערע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט עקסטרער פּראָדוקציע לכבוד פסח. און ווו איז קמחא דפסחא (מעות חיטין) פאַר די נויטבאַ־דערפטיקע? פאַר דעם אַלץ האָט דער רב געזאָרגט. ער האָט אויסגעקליבן עטלעכע פון די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל, יעדן אָוונט נאָך מנחה־מעריב זיך מיט זיי אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט, אָנגעקלאַפּט אין די טירן, בעיקר פון די רייכע און „האַרטע" יידן, וואָס האָבן זיך געדונגען און געזשאַלעוועט. עס האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן, דער רב האָט באַשטימט לויט זיין איינזען, און האָט זיך אַזאַ ייד פאַרעקשנט און נישט געוואָלט געבן, ווי מען האָט באַשטימט, — האָט דער רב זיך אויפגעהויבן און אַ באַליידיקטער אַוועק. שפעטער האָט זיך לרוב דער ייד „איבערגעלייגט", געזען, אַז עס לוינט זיך נישט איינצורייסן מיטן מרא דאתרא און געברענגט די פאַרלאַנגטע סומע — ווי מען זאָגט דאָס: „אין די ציין". ס'האָט אויך נישט איין מאָל געטראָפן, אַז דער רבי האָט שוין, אַלס עונש, פאַרלאַנגט מער: „היינט קאָסט עס טייערער"... ווייל נעכטן האָסטו פוגע בכבוד געווען אין רב פון דיין שטאָט, און חוץ דעם זענען איבער נאַכט נאָך צוגעקומען אין שטאָט עטלעכע „אָפּגעקומענע" יידן...

דער פינאַל פון דער פסח־אַקציע איז געווען די גרויסע „שבת־הגדול"־דרשה פון רב אין דער שול. נישט נאָר אַ דרשה איז דאָס געווען, נאָר אַ מין רעגי־רונגס־עקספּאָזע במשך אַ קנאַפּע 3 שעה. אויף זיין שיינעם, חנעוודיקן יידיש, האָט ער פאַר אַ פול געפּאַק־טער שול „אַוועקגעלייגט" אַ פּרעכטיק, פילפּאַרביק געוועב... וואָס איז דאָרט נישט געווען און וואָס איז דאָרט נישט געזאָגט געוואָרן? אָנגעהויבן — מיט אַ שווערן תוספות, דורכגעפלאָכטן מיט אַ פאַרפלאָנטערטן „חושן־משפט", אַ האַרבן רמב״ם, פאַרבראָקט מיט אַ ביסל למדנישע חריפות, הן פון די ראשונים און הן פון די אחרונים. דאָס אַלץ איז געווען דער „גאָב" פאַר דעם ביסל לומדים, וואָס האָבן אויפגעשפּיצט די אויערן און מיט פאַרמאַכטע אויגן נאָכגעגאַנגען די „פּיס־טריט" פון זייער רבינס יעדן וואָרט. געמיינט האָט מען, אַז אָט־אָט ווערט ער ניכשל, און ער וועט נישט אַרויס פון דעם פאַרקנוילטן פּלאָנטער, אָבער ביים סוף האָט זיך אַ ברייטער, התפּעלותדיקער שמייכל אויסגע־שפּרייט איבער די אַסקעטיש־פאַרצויגענע פּנימער, אויף דער ווויל־געלערנטקייט און למדנות פון דעם דרשן — זייער רב.

פאַר דעם ביסל משכילים, די „אָנגעזענגטע" יונגע־לייטלעך, פאַר דעם טייל העררער — ציוניסטן סתם און „געכאַפּטע אין דער מעשה" האָט ער אָנגעגורט זיינע לענדן און זיך באַמיט צו רעדן וועלטלעך. פון דעם עמוד ביים ארון־קודש, ווו ער איז געשטאַנען איינ־געהילט אין טלית, זענען געפאַלן אַזעלכע ווערטער, וואָס מען הערט זיי זעלטן אין אַ מקום־קדוש פון מויל פון אַ רב: חכמי־יוון — אַריסטאָטעלעס; ביסמאַרק און נאַפּאָלעאָן; משה דער „דעסער" מענדעלסאָן, און נחום סאָקאָלאָוו; מדינות און מלכים; דער אונטערגאַנג פון „טיטאַניק" און דער אויפשטאַנד פון די „יונג־טערקן"; די הויכע וועלט־פּאָליטיק און די היימיש־יידישע פּאָליטיק — דאָס איז געווען דער עסענץ פון דער דרשה, אָנציענדיק און פאַרכאַפּנדיק. טיילמאָל פלעגט ער דרך־אגב זיך אָפּרעכענען בלשון סגי־נהור מיט אַ פּאָר ווידערשפּעניקע בעלי־בתים. פאַרענדיקן פלעגט ער מיט עטלעכע דינים מעניני דיומא, ווינטשן דעם עולם אַ פריילעכן, און דער עיקר — אַ כשרן פסח; און נאָך דעם ווי ער האָט אַוועקגעלייגט דעם נישט צונויפגעלייגטן טלית, איז ער מיט שנעלע טריט אַראָפּ פון באַלעמער, אין דער באַגלייטונג פון זיין שמש איטשע שוויצער, ביז ער האָט זיך אַרויסגעקראָגן פון די

שמאָלע, ענגע געסלעך אַרום דער שול, ריכטנדיק זיינע טריט צו דעם „פּוילישן מאַרק“, ווו ער האָט תמיד געוווינט.

דער אָפיציעלער טיטל פונעם נאָווי־דוואָרער רב איז געווען: „הרב דק״ק נאָווי־דוואָר והגליל“. פאַר דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, זענען אַלע אָפיציעלע ווענדונגען צום רב געווען: צום קרייז־ראַבינער, ווייל צו דער נאָווי־דוואָרער קהילה האָבן אויך באַלאַנגט דאָס נאָענטע שטעטעלע יאַבלאָננע, דאָס ווייטערע פאַבריקס־שטעטל העגריקאָוו (מיט איר גרויסער הייזון־פאַבריק, וואָס האָט געהערט צו דעם פּיעטריקאָווער שפּילפאָגל), און אויך די גרעסערע דערפער, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען צו עטלעכע צענדליק יידישע משפּחות — ניעפּאָרענט, וויעלישאָוו, זעגזשע א״אַ. די יידישע קהילה אין נאָווי־דוואָר האָט געשלעפּט פון די יידן אין די אויבן־דערמאָנטע יישובים גאַנץ היפּשע שטייערן, נישט געבנדיק זיי פאַר דעם גאָרנישט, אויסער דעם נאָווי־דוואָרער בית־עלמין, ווו זיי האָבן געמעגט מקבר זיין זייערע מתים. און אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מקבל זיין אַ פאַרמעגלעכן — האָט שוין די חברא־קדישא גוט געשונדן די הויט פון דעם ניפטרס משפּחה.

יאבלאָננע, וועלכע האָט שפּעטער צוגעגעבן אַ זייער טרויעריק קאַפּיטל צו דער געשיכטע פון פּוילישן יידנטום; דאָרט, ווו דער טרויעריק־באַרימטער פּוילישער גענעראַל שיקאָרסקי האָט פאַרלייגט — נאָך פאַר היטלערן, אין 1920 — דעם ערשטן קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר יידישע מיליטער־לייט, — אָט די יאַבלאָננע, מיט איר קליינער יידישער עדה האָט אַלע יאָרן מיט פאַרשידענע תחבולות זיך געפּרוווט אָפּרייסן פון אירע נאָווי־דוואָרער אַפּטרופּסים. יאַבלאָננע האָט געהאַט עטלעכע אַמביציעזע בעלי־בתים, ווי יהודה עפּשטיין, די ברייט־פאַרצווייגטע קצבים־משפּחה מילער און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן אַליין געוואָלט פאַרזוכן דעם טעם פון „זעלבשטענדיקייט“ — זיין פּרנסים — דאָזאָרעס פון אַן אייגענער קהילה. דאָס איז זיי אָבער קיין מאָל נישט געלונגען.

אין דער צייט פון ערשטן וועלטקריג האָט יאַבלאָננע געמאַכט דעם ערשטן פּרווו צו קהלישער זעלבשטענדיקייט מיטן אויפנעמען אַן אייגענעם רב. אַרום דעם האָט זיך געפירט אַ פאַרביטערטער קאַמף צווישן נאָווי־דוואָרער רב און איינעם פון די אויפגעקומענע גבירים, אברהם ראָזנבוים, אָבער דאָס מאָל איז הרב נויפעלד אַרויס אַ „פאַרשפּילטער“. דאָס גרויסע ווי אַ גענעץ שטעטעלע יאַבלאָננע האָט געקרויגט אַן אייגענעם רב, כאָטש אָפיציעל האָט דאָס געהייסן, אַז „ער איז געוואָרן פאָד־ראַבין מיט דער הסכמה פונעם קרייז־ראַבינער נויפעלד“.

הרב נויפעלד האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ גרויסע תלמודישע ביבליאָטעק מיט אַ סך אַלטע אוניקאַטן, וואָס ער האָט זיך איינגעקויפט פאַר שווערע געלטער. ער האָט אַליין אַ סך געלערנט און אויף וויפל די צייט האָט דערלויבט — אויך געגעבן אַ שיעור פאַר אַ גרופּע „שאַרפע“ יונגעלייט אין בית־המדרש.

ער האָט אויך ליב געהאַט אַ סך צו לייענען אין דברי־חול. ער איז געווען אַ סטאַבילער אַבאָנענט פון עטלעכע טעגלעכע צייטונגען, ווי „היינט“, „מאָמענט“, „הצפירה“ (ווי לאַנג זי איז דערשינען), אויך פון פּוילישע צייטונגען און אפילו פון דער בונדישער „פאָלקס־צייטונג“, כדי צו וויסן... ודע מה שתשוב לאפיקורס. ווי אַזוי ער האָט דאָס אַלץ באַוויזן — איז דער סוד פון זיין שאַרפן קאָפּ און שנעלער אָריענטאַציע.

צו אַלע אָפיציעלע אַמטן, איז הרב נויפעלד אויך געווען דער מיליטערישער רב פאַר נאָווי־דוואָר און בעיקר פאַר דער מאָדלינער פעסטונג. אין אַלע רעליגיעזע פראַגן בנוגע די יידישע זעלנער, וואָס האָבן געדינט אין די גאַרניזאָנען — האָט ער געהאַט דאָס דעצידירנדיקע וואָרט. איבערהויפּט האָט זיך עס אָנגעזען, ווען מען האָט געדאַרפט אָפּנעמען די שבועה פון די יידישע זעלנער, אַז זיי וועלן טריי דינען זייער פאָטערלאַנד. ביי איינער אַזאַ שבועה־צערעמאָניע אין דער מאָדלינער פעסטונג, פאַר דער צייט פון פּוילישער זעלבשטענדיקייט, בין איך בייגעווען און איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען אים אין זיין גאַנצער פּראַכט, ווי ער רופט אַרויס כבוד ביי די רעגירער פון דער צערעמאָניע, די העכערע פּוילישע אָפיצירן. קודם־כל זיין אַרויספאָר פון שטאָט אויף דער אָפענער מיליטערישער קאָטש, געפירט דורך אַ מיליטערישן אָנטרייבער. דער רב איז דאָרט בכבוד געזעסן מיט דעם קליינעם ספר־תורהלע אויף די הענט, און אַזוי איז ער דורכגעפאָרן אַלע מיליטערישע פּאָסטנס. ביים אַריינקום אין דער פעסטונג איז ער דורכגעגאַנגען די

אַלע סאַלוטירנדיקע און ביים אָנקומען אויפן מושטיר־פּלאַץ איז ער באַגריסט געוואָרן דורך די אָפיצירן, וועלכע האָבן אים באַגלייט צום אָרט, וווּ עס זענען שוין אין אַ שטרענג־מיליטערישן סדר געשטאַנען די רייען יידישע זעלנער, ביי וועלכע ער האָט געדאַרפט אָפּנעמען די שבועה. ער האָט זיך מיט דער ספר־תורה אין האַנט אַוועקגעשטעלט נעבן צוגעגרייטן מאַשין־געווער, געהאַלטן אַ קורצע רעדע אויף העברעיש, פּויליש און יידיש, פאַרגעלעזן דעם העברעישן טעקסט פון דער שבועה, און נאָך דעם האָט יעדער זעלנער אַ קוש געטאָן די תורה, אַרויפלייגנדיק די רעכטע האַנט אויפן מאַשין־געווער. ביים סוף פון פּאַראַד האָבן אַלע לויט אַ באַפעל אויסגעשריען: „זאָל לעבן דער רב!" און דער רב, אָפּזאָגנדיק מיט דער גאַנצער העפלעכקייט די איינלאַדונג צו „אַ גלעזל וויין" אין אָפיצירן־קלוב, האָט זיך געזעגנט און צוריקגעפאָרן אין זיין נאָווי־דוואָרער רעזידענץ.

אַזוי האָט ער תמיד ביים דערשיינען פאַר די „גויים" ביז גאָר אָפּגעהיטן זיין אייגענעם כבוד און דעם כבוד־התורה.

### דאָס בית־דין־שטיבל

דאָס אָרט פאַר זיין גייסטיקער התבודדות איז אין זיין גרויסער וווינונג געווען דאָס בית־דין־שטיבל. דאָרט האָט ער געלערנט „פאַר זיך", דאָרט האָט ער געשריבן זיינע תלמודישע כתבים און דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשלאָסן פאַרן אַרויסגעבן זיין פּסק־דין אין אַ שווערער פאַרוויקלטער דין־תורה.

חוץ די קליינע, טאָג־טעגלעכע דין־תורהס, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום מקח־וממכר, האָט דער נאָווי־דוואָרער רב פון צייט צו צייט געהאַט דין־תורהס פון גאָר גרויסער געשעפטלעכער באַדייטונג, וווּ עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן גרויסע סכומים, וועגן פאַרכאַפּן אַ „פּאַדריאַד", אויף וועלכן יעדער צד האָט געטענהט וועגן זיין „חזקה" און וועגן צווייטן צדס אונטערקויפן „נאַטשאַלסטווע", „אַריינשלאָגן" אין פּריז און נאָך, און נאָך. אפילו אַ היינט־צייטיקער ריכטער וואָלט זיך געמוזט גוט ברעכן דעם קאָפּ, כדי דורכצושפּאַרן דעם האַרבן לאַבירינט פון די אַלע טענות ומענות. וואָר שמועסט נאָך, אַז די צדדים האָבן פאַרלאַנגט אַ „ריינע דין־תורה", ד. ה. לויט חוקי תורת משה מסיני, שטרענג און אָן שום פשרות, — האָט זיך אַזאַ דין־תורה פאַרצויגן וואָכן לאַנג און דאָס אַרויסגעבן דעם פּסק־דין האָט ווידער גענומען עטלעכע וואָכן.

איך געדענק פון מיין פריסטער יוגנט אַזאַ דין־תורה צווישן דעם באַקאַנטן גביר און פּאַדריאַטשיק יענקל פיינשטיין מיט דעם אַלטן גאָלדפּעניג. מצד דעם ערשטן איז אַלס בורר אַרויסגעטרעטן מיין טאַטע ר' ישראל חיים ז"ל און פון צווייטן צד — אַן אויפגייענדיקער שטערן צווישן די בוררים אין שטאָט, נאָך כמעט אַ יונגערמאַן, ר' בנימין פינקער.ביידע בוררים האָבן געפייערט מיט „שווערער אַרטילעריע". האָט ר' ישראל חיים אַריינגעטייטשט לטובת זיין צד אַ באַווייז פון „יורה דעה", האָט ר' בנימין מיט דער גאַנצער טראַציקייט אים אַדורכגעפייערט מיט אַ ראיה פון רמב"ם. עס איז אָנגעגאַנגען אַ שווערער געפעכט פון תורה און חכמה מיט „אַריינזאָגעכצן" און מיט העלפּערס און אונטערהאַלטערס. דער רב איז געזעסן אין ברייטן פאָטעל, אין רויטלעך פלושענעם שלאַפראָק, געצופּט דאָס בערדל און מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אויסגעהערט די צדדים. און איז אים געפעלן עפּעס אַ טיפער געדאַנק פון אַ צד, האָט זיך אַ שמייכעלע צעשפּרייט אויף זיין פאַרמעט־געל פּנים, דערביי האָט ער טיפער אַריינגעצויגן דעם רויך פון אַ ציגאַרעטל, וואָס ער האָט תמיד געהאַלטן אין מויל, מיט אַ קליינער הפסקה געכאַפּט אַ שלוק טיי און זיך ווייטער קאָנצענטרירט אין די האַרבע סוגיות פון די בעלי־הדין.

ביידע בוררים זענען געפאָרן צו אין רבין, ביידע האָבן געדאַוונט אין גערער שטיבל, עוסק געווען אין זעלבן תבואה־מסחר און טראָץ זייער עלטער־דיפערענץ געלעבט אין שטאַרקער גוטפריינדשאַפט, נאָר דאָס אַלץ האָט גאָרנישט משפיע געווען, אַז נאָך אַזאַ דין־תורה זאָל מען נישט ווערן צווישן זיך צעקריגט אויף אַ לענגערער צייט, ביז... ביז דער רב האָט זיך „אַריינגעלייגט" און געמאַכט שלום. ווייל באַלד האָט זיך ווידער אונטערגערוקט אַ שווערע דין־תורה און דער רב האָט געוואָלט, אַז אָט די צוויי „הויף־יידן" זאָלן ווידער זיין בוררים, איידער זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל צעקריגן...

איך דערמאָן זיך אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, ווען איך האָב נאָך אַלס יינגל געדאַוונט מיט מיין טאַטן ע"ה אין גערער שטיבל. דאָס איז געווען אין ראש השנה, ווען ר' בנימין דער בעל־שחרית האָט אָנגעהויבן צו ציקלען דעם „המלך", האָט מיין טאַטע אויסגעטאָן דעם טלית, אַוועק אין בית־המדרש דאַוונען און ערשט צוריקגעקומען צום מוסף. אָבער אין יום־כיפור איז שוין

מיין טאַטע יאָ געבליבן ביי ר׳ בנימינס שחרית, ווייל אין די עשרת ימי תשובה, האָט זיך דער גוטער און איידעלער גבאי פון דעם גערער שטיבל, ר׳ קסיל (יקותיאל) טאַשימאָוויטש, „געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט" צו מאַכן שלום צווישן די צוויי „יידישע גזלנים".

*

מיט דער מאָנאָגראַפיע האָב איך פאַר אַלעם גע־וואָלט — מיט מיינע באַשיידענע מיטלען — אויפשטעלן אַ מצבה פאַר אונדזער גרויסן רב, וואָס לא ידע איש את קבורתו...

די השפעה פון די רבנים אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, בעת דעם באַגין פון דאָזיקן יאָרהונדערט ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (דער עיקר פון מיין אַרבעט באַזירט זיך אויף די יאָרן) איז געווען ביז גאָר אַ שטאַרקע. דער רב אין שטאָט איז געווען דער וואָרט־זאָגער אין אַלע יידישע ענינים. דאָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעריסן אַ שאַרפער משכיל אָדער אַ ווידערשפעניקער אַפּיקורס, וואָס האָט געפּראָוווט אַרונטערוואַרפן פון זיך דעם שווערן רעליגיעזן יאָך, אָבער על פי רוב זענען דאָס געווען „אַליין־גייער", אָדער קליינע גרופּקעלעך. וועלכע האָבן אויך בשעת כלערליי פאַמיליאַרע געשעענישן זיך געמוזט ווענדן צום רב; צי דאָס איז געווען אַ חופּה־וקידושין, אַ גט אָדער חליצה, צי לשם אַ קוויטל אין מאַגיסטראַט אָדער וועגן שטיצע פון די קהלישע הילפס־אינסטיטוציעס — אָן דעם רב איז עס נישט געגאַנגען.

אין די שפּעטערע יאָרן, בעת דער געזעלשאַפטלעכער אויפלעבונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אונדזער נאָווי־דוואָר איז שוין געווען פון די אַוואַנגאַרד־שטעטלעך, מיט איר קלאַסן־דיפערענציאַציע און פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע באַוועגונגען, — ווען אין שטאָט איז שוין געווען אַ שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַלע שאַטירונגען, ווען דער „בונד" און די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס האָבן שוין געהאַט אונטער זייער השפעה גאָר גרויסע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט — אויך דעמאָלט האָט דער נאָווי־דוואָרער רב, מיט זיין טאַקט און צניעותדיקער האַלטונג, געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף די ווידערשפעניקע שיכטן, דאָס צו וואָס אַ סך פון אונדזערע רבנים אין די קליינע שטעטלעך האָבן נישט געקענט דערגרייכן.

**מנשה אונגער** / ניו־יאָרק

# דער נאָווי־דוואָרער רב אין די צאַרישע צייטן

רבנים און רביים האָבן זיך נישט איין מאָל מוסר נפש געווען פאַר אַ יידן, כדי צו ראַטעווען פון טויט. אַזאַ מסירת־נפש האָט באַוויזן דער באַוווסטער נאָווי־דוואָרער רב, הרב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר פון דער אגודת הרבנים אין פוילן, אין דער צייט, ווען דער גאון הרב ר׳ מענדעלע פּאַביאַניצער איז געווען דער יושב ראש.

הרב נויפעלד האָט איינגעשטעלט זיין לעבן, צו ראַטעווען ערב יום־כיפור צוויי יידן פון דער תליה, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אַ דאַנק אים זענען די צוויי יידן באַפרייט געוואָרן. גאַנץ פוילן האָט דעמאָלט געשמט מיט דער מסירת־נפשדיקער טאַט פון הרב נויפעלד, דעם נאָווידוואָרער רב.

געבוירן געוואָרן איז הרב ראובן יהודה נויפעלד אין ווענגראָוו. שוין אַלס יינגל האָט ער געשמט פאַר אַן עילוי. ער האָט חתונה געהאַט אין נאָווי־דוואָר און דאָרט אויפגענומען געוואָרן אַלס רב.

הרב נויפעלד פלעגט שרייבן אַ סך אַרטיקלען איבער יידישע פּראָבלעמען אין דער צייטונג „מאָמענט", און ער איז געווען באַוווסט אין דער רבנישער וועלט אַלס אויטאָריטעט אין הלכה ענינים.

די מעשה מיט זיין מסירת־נפש פאַר צוויי יידן האָט צו טאָן מיט אַן ערב יום־כיפור אין יאָר 1914. ערב יום־כיפור אין דער פרי, איז אָנגעקומען אַ שליח צום רב און דערציילט, אַז צוויי יידן האָבן פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג צו דער פעסטונג מאָדלין און פאַרהאַלטן געוואָרן פון דער רוסישער וואַך. און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געהאַט קיין דערלויבעניש צו גיין אין דער פעסטונג, זענען זיי אַרעסטירט געוואָרן אַלס עסט־רייכישע אָדער דייטשע שפּיאָנען, און עס דראָט זיי טויט־שטראָף.

הרב נויפעלד איז גלייך אַוועק אין דער פעסטונג מאַדלין און דער קאָמענדאַנט האָט אים גלייך אויפגענומען. אָבער ווען ער האָט געהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער געזאָגט: „איך באַדויער זייער, וואָס איך קאָן אייך גאָרנישט העלפן. איך ווייס, אַז מאָרגן איז ביי אייך דער הייליקסטער טאָג און איר ווילט זיכער, אַז די צוויי יידן זאָלן זיין אויף דער פריי, אָבער דער ענין געהערט צום פעלדמאַרשאַל, ווייל איצט איז קריגס-צושטאַנד".

הרב נויפעלד האָט אָבער געפועלט ביים גענעראַל באַבער, אַז ער זאָל טעלעפאָנירן צום גענעראַל-שטאַב, מען זאָל די צוויי יידן נישט גלייך הענגען. אויך דאָס האָט דער גענעראַל אין אָנהייב נישט געוואָלט, אָבער, ווען דער רב האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד, אַז דאָס לעבן פון צוויי מענטשן שטייט אין אַ סכנה, האָט דער גענעראַל צוליב געטאָן און טעלעפאָנירט אין גענעראַל-שטאַב, אַז מען זאָל די צוויי יידן נישט הענגען, ביז עס וועט נישט פריער געמאַכט ווערן אַ גענויע אויספאָרשונג.

דער רב האָט באַקומען אַ דערלויבעניש צו גיין אין שטאַב, וואָס איז געווען עטלעכע קילאָמעטער פון דער פעסטונג. דעם גאַנצן וועג איז דער רב געגאַנגען צופוס דורך די אַלע פאָרטיפיקאַציעס און מיליטערישע וואַכן, און יעדע פאָר מינוט האָבן די מיליטערישע וואַכן געפרעגט אויף פּאַפּירן... די רוסישע סאָלדאַטן האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס אַ רב מיט אַ קאַפּאָטע, באָרד און פאות דרייט זיך דאָ אַרום. דאָך איז ער דערגאַנגען צום פעלדמאַרשאַל, זיך פאַר אים פאַר־געשטעלט און ביי אים געבעטן, ער זאָל באַפרייען די צוויי יידן.

דער קאָמאַנדיר פון גענעראַל-שטאַב, אַ רוסישער גענעראַל, אַ גרויסער שונא-ישראל, האָט זיך שטאַרק געכעסט אויפן רב. ער האָט געזאָגט, אַז אפילו מיט אַ דערלויבעניש-שיין האָט ער נישט געהאַט קיין רעכט צו קומען דאָ אַהער, אַז ער קאָן אים גלייך אַרעסטירן און אויך אים קומט פאַר אַזאַ פאַרברעכן טויט-שטראָף...

הרב נויפעלד איז געבליבן שטיין אַ בלייכער, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט אים געזאָגט, אַז היינט איז ערב יום-כיפור און מאָרגן וועט זיין דער טאָג, ווען אַלע יידן טוען תשובה און זענען מתפלל פאַר זיך, פאַר אַלע יידן און פאַר דער גאַנצער וועלט... אַז עס זאָל זיין שלום. ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וואָלט אין אַזאַ טאָג ווי ערב יום-כיפור נישט געקומען צו אים, ווען ער זאָל נישט וויסן, אַז די צוויי יידן זענען אומשולדיק, אַז זיי האָבן זיכער פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג...

דאָס הדרת-פּנים פון הרב נויפעלד און זיין אופן רעדן — איידל און פול מיט צער, האָט ווייך געמאַכט דאָס האַרץ פון גענעראַל, און נאָך אַ צוויי-שעהדיקן וויכוח, האָט דער פעלדמאַרשאַל טעלעפאָנירט צו זיין פאַרטרעטער, אַז מען זאָל די צוויי יידן נישט אויפהענגען.

הרב נויפעלד האָט געדאַנקט דעם פעלדמאַרשאַל און צוריקגעגאַנגען צום גענעראַל באַבער. דאָס מאָל שוין באַגלייט פון אַ מיליטערישער וואַך.

אין דער פעסטונג האָט דער רב געחתמעט, אַז ער נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די צוויי יידן, און דער קאָמענדאַנט האָט דערנאָך געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל די צוויי יידן באַפרייען.

דער רב נויפעלד האָט מיט זיך געבראַכט די צוויי יידן קיין נאָווי-דוואָר. דאָס איז שוין געווען שפּעט פאַר נאַכט, ווען דער עולם האָט זיך שוין געהאַט פאַרזאַמלט אין שול צו כל-נדרי. מען האָט געוואַרט אויפן רב, ער זאָל קומען זאָגן כל-נדרי און דער רב איז נאָך נישט געווען...

שטערן זענען שוין פאַראַן אויפן הימל, און דער עולם וואַרט און וואַרט. דאָס געוויין פון רבס משפחה און פון אַלע יידן איז געווען אין לשער. אָבער פּלוצעם איז דער רב אָנגעקומען מיט די צוויי פרעמדע יידן אין שול אַריין. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צום עמוד און אָנגעהויבן צו זאָגן כל נדרי...

דער נאָווי-דוואָרער רב האָט דעמאָלט געפאַסט צוויי טעג רצופים, ערב יום-כיפור און יום-כיפור. ער האָט בלויז געטרונקען אין ערב יום-כיפור וואַסער אין דער פעסטונג, כדי ער זאָל נישט האָבן אָפּגעריכט קיין תענית אין ערב יום-כיפור...

און נאָך יום-כיפור האָט די גאַנצע שטאָט געקלונ־גען מיט דער מסירת-נפשדיקער טאָט פון הרב נויפעלד.

*

דאָס האָט מיר איבערגעגעבן דער חזן און שו"ב ר' דוד בעריש בערנהאָלץ פון פּיטספילד, וועלכער איז געווען פריער שו"ב אין אָסטראָווע ביים הרב הגאון ר' מאיר דוד פלאָצקי און נאָך דער פּטירה פון הרב מאיר דן איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס שו"ב אין נאָווי-דוואָר. ווי ער שרייבט, האָט דער הרב נויפעלד געזאָגט אין זיין הספד, ווען די רביצין איז ניפטר

געוואָרן, אַז דאָס וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין יענעם ערב יום־כיפור און דעם גרויסן צער וואָס זי האָט געהאַט, גיט ער איר מיט אויף יענער וועלט און דאָס וועט זי זיכער מציל זיין פון אַלעם און זי גלייך אַריינפירן אין גן־עדן אַריין...

ווען דער לובלינער רב הרב הגאון מאיר שאַפּירא, האָט געמאַכט דעם חנוכת הבית פון דער „ישיבת חכמי לובלין", איז אויך געקומען קיין לובלין הרב נויפעלד. „און ווען מיר זענען אויפן צווייטן טאָג — שרייבט דער שו"ב בערנהאָלץ — געווען אויפן לובלינער אַלטן בית־הקברות, האָבן מיר, צוריקגייענדיק, באַגעגנט אַ יידן פון שעדלעץ, ער האָט דערקענט הרב נויפעלדן, וואָס האָט אים מציל געווען ערב יום־כיפור פון דער תליה, און ער האָט דאָס דערציילט פאַרן גרויסן עולם, וואָס איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען".

*

הרב נויפעלד איז בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין וואַרשעווער געטאָ. „איך האָב אים דאָרט באַגעגנט, — שרייבט דער שו"ב בערנהאָלץ — זיך מיט אים געזעגנט מיט פרשת ויצא, ת"ש. ער האָט דעמאָלט צו מיר געזאָגט בזה הלשון: „עס שטייט, והנה מלאכי ד' עולים ויורדים בו. יעדער מלך האָט אַ שר אין הימל. יעקב אבינו האָט געזען, ווי מלוכות גייען אויף און מלוכות גייען אונטער, און יעקב זיצט נאָך אַלץ אונטער דעם לייטער און קוקט זיך צו, ווי מלכות רוסלאַנד איז אונטערגעגאַנגען, ווי מלכות פוילן האָט געשריען „פון איין עק ים ביז צום צווייטן וועט געהערן צו פוילן", און איז איצט אונטערגעגאַנגען. און אויך היטלער וועט זיין עולים ויורדים בו — ער וועט אונטערגיין. האָב איך אים געפרעגט: רבי, וואָס וועט זיין מיט יעקבן? ווי לאַנג נאָך וועט ער זיצן אונטער דעם לייטער? האָט הרב הגאון ר' ראובן יהודה נויפעלד זצ"ל מיר געענטפערט: „יעקב וועט אַפּערגיין פון אונטער דעם לייטער, און מיר וועלן האָבן ארץ־ישראל".

„און מער האָב איך אים נישט געזען... און ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוווּסט, איז דער נאָווי־דוואָרער רב ניפטר געוואָרן אין געטאָ אין וואַרשע".



ר' דוד בעריש בערנהאָלץ, דער לעצטער נאָוו. חזן,
ניפטר געוואָרן אין אַמעריקע

**דב פ.** / תל־אביב

# ארום דער נאווי-דווארער קהילה

נאָך דעם ווי איך האָב געשריבן וועגן די רבנים אין נאָווי־דוואָר ביז אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט (אין מיין היסטאָרישן איבערזיכט ביים אָנהייב פון דעם ספר הזכרון) און וועגן לעצטן נאָווי־דוואָרער רב הרב ראובן יהודה נויפעלד — וויל איך אויך דערמאָנען די אַלע חזנים און שמשים, תהילים־ווענקערס און שוחטים — אָט די גאַנצע פּמליא, וואָס האָט עוסק געווען בקודש, דינענדיק בנאמנות דער נאָווי־דוואָרער עדה, מיט אָקעגנקומען אַלע פרומע יידן און אויספירן זייערע רעליגיעזע הצטרכותן.

געווען אַ ראשי־תבותדיק וואָרט ביי יידן: „רח״ש״, וואָס האָט געמיינט: רב, חזן, שמש. דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט מינהגים אויף אַ חתונה. אַז אַ רב האָט מסדר געווען קידושין, האָט ער דערפאַר קיין שום לוין נישט באַקומען, ווייל די עבודה איז געווען זיין פליכט. דערפאַר איז אָבער געווען אַ מינהג מקדמת־דנא, אַז פון דער געלט־מתנה, וואָס דער רב פלעגט באַקומען נאָך דער חופה, לויט דעם מאַטעריעלן מעמד פון די מחותנים, האָט דער רב פון דעם אָפּגעגעבן אַ טייל פאַר די צוויי אַנדערע שותפים פון „רח״ש״ — דעם חזן און שמש, וועלכע האָבן געווינלעך זייערס בייגעטראָגן אויף די חתונה־שמחהס. אַזוי אַרום איז דער מינהג פון „רח״ש״ געווען דער אויסדרוק פון אַ געוויסער דעמאָקראַטישער גלייכהייט אין דער פּמליא פון כלי־קודש, — קומט זשע זיי אַלעמען צו דערמאָנען דאָ; נאָך די רבנים — זיי, די חזנים, שמשים, תהילים־ווענקערס און שוחטים.

## חזנים

ר׳ לייזער באָרוכאָוויטש. פאַר יענע צייטן, ווען איך בין נאָך געווען אין נאָווי־דוואָר, געדענק איך אים, ווי אַ חזן און שוחט אין נאָווי־דוואָר. אַ ייד — אַ הדרת־פּנים, מיט אַ וווּנדערבאַרער לירישער שטימע. ער האָט זיך אויסגעקענט אויף נאָטן, אויך אַליין פאַר־פאַסט האַרצרייסנדיקע קאָמפּאָזיציעס צו די ימים־נוראימדיקע תפילות. מבינים אויף נגינה האָבן ממש „געלעקט די פינגער״ און דער עיקר האָט ער שטאַרק אויסגענומען ביי די ווייבער פון עזרת־נשים, וועלכע האָבן זיך געשמאַק אויסגעוויינט און זיך באַגאָסן מיט הייסע טרערן, ביים דערהערן זיין פּיאַניסימאָ, זיין שטילן, צער־פולן „מי יחיה ומי ימות״. דאָס „ווייבער־פאָלק״ פלעגט ממש צעגיין פון מתיקות, רעדנדיק פון ר׳ לייזערס אַ דאַווענען. יום־כיפור נאָך נעילה, ווען די אויסגעהונגערטע מענער האָבן כסדר געוואָרפן בליקן צום הימל, צי עס באַווייזן זיך שוין עטלעכע שטערן, כדי מען זאָל קאָנען „אָפּטראַסקען״ דעם וואָכעדיקן מעריב. און היידאַ צו דער אכילה — זענען די פאַר־שמאַכטע ווייבער גרייט געווען אָפּצוזיצן נאָך אַ פּאָר שעה, אַבי צו הערן, ווי ר׳ לייזער דאַווענט „וואָרעם, אַז ר׳ לייזער דאַווענט — פאַרגעסט מען אין הונגער״...

ר׳ לייזער איז געזעסן אין נאָווי־דוואָר לאַנגע יאָרן, געבוירן און דערצויגן זיינע קינדער אין נאָווי־דוואָר, וווהין ער אַליין איז נאָך אָנגעקומען אַלס יונ־גערמאַנטשיק מיט אַ שיינער בלאָנדער באָרד. ער וואָלט שוין זיכער פאַרבליבן אַ נאָווי־דוואָרער כל־ימיו, ווען נישט די „גרויסע אויגן״ פון דער גרעסערער טשעכאַ־נאָווער קהילה, וועלכע האָט אים אויסקאָנקורירט פאַר זיך. מיט אַ צעבראָכן געמיט האָט דער שוין עלטערער ר׳ לייזער, אַן איינגעבויגענער, שוין אַ שפּאָרלעך באַזילבערטער, פאַרלאָזט מיט התנצלות זיינע נאָווי־דוואָרער בעלי־בתים: „וואָס טוט מען נישט פאַר פּרנסה?״... נישט אַזוי שנעל האָט נאָווי־דוואָר זיך געקענט צוקלייבן אַ נייעם חזן נאָך ר׳ לייזערן. און אין נאָווי־דוואָר האָט מען נאָך געגלייבט, אַז ר׳ לייזער וועט זיך נישט קענען איינלעבן מיט די „האַרטע״ בעלי־בתים פון טשעכאַנאָוו און וועט מאַכן „השיבנו נאַזאַד״... אָבער, אַז דאָס איז נישט געשען, און די ימים־נוראים רוקן זיך אָן און מען דאַרף שוין באַלד אָנהייבן צו פאַרקויפן די „שטעט״ אין שול, און בכלל קאָן שטאָט נישט בלייבן אָן אַ חזן — האָט מען בדלית ברירה, אויפגענומען אַ נייעם חזן.

ר׳ דוד בעריש בערנהאָלץ. אים האָב איך שוין נישט געקענט, איך בין שוין דעמאָלט אין נאָווי־דוואָר נישט געווען. אָבער ווי מען האָט מיר דערציילט, איז די שטאָט געווען צופרידן פון אים... אָבער צו ר׳ לייזערן האָט מען אים נישט געקענט גלייכן. ער איז געווען דער לעצטער נאָווי־דוואָרער חזן. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך אָפּגעראַטעוועט אין

ראַטן־פֿאַרבאַנד און נאָך דער באַפֿרייונג האָט ער אויס־געוואַנדערט קיין אַמעריקע. דאָרט איז ער געווען אַ חזן אין אַ קליינער קהילה און אין יאָר 1963 איז ער דאָרט ניפטר געוואָרן.

## שמשים

ר׳ הערש וואָלף מיגדאַל. פֿון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך אים אַ הויכן, קרעפּטיקן, מיט אַ גראָער באָרד און אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט. איך זע אים נאָך איצט פֿאַר מיינע אויגן, ווי אין יענער פּראָסטיק־שניייִקער נאַכט, מיט אַ לאַמטער אין דער האַנט ביי אונדז אין שטוב, ווי ער רופֿט אויס מיט אַ טיפֿן טעמבער־קול: „אַ גוטן אָוונט אייך, ר׳ ישראל חיים, דער נאָווי־דוואָרער רב לאָזט אייך רופֿן צו דער דין־תורה פֿון הערשל גאָלדפֿעניג״... און אַז מיין מאַמע האָט אים פֿאַרגעלייגט אַ הייס גלעזל טיי, ער זאָל זיך אַ ביסל דערוואַרעמען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט: „נישטאָ קיין צייט, ס׳בית־דין וואַרט דאָרט אויף מיר״.

ר׳ חצקעלע סעגאַלאָוויטש. ר׳ חצקעלע שמש איז שוין פֿאַר מיינע צייטן געווען אַ בכבודיקער ייִד מיט אַן אייגן הויז און אַ גבאי פֿון דער חברא־קדישא איז ער געווען, ביי וועלכער ער האָט געפֿירט דעם פּינקס און דעם רעגיסטער פֿון די געבוירענע און געשטאָר־בענע; אַ גאַנצער כל־ולך אין אַלע קהלישע ענינים און אַ שטוב־מענטש ביים רב אין בית־דין־שטיבל. צי דערפֿאַר האָט מען אים צוגעלייגט דעם נאָמען שמש, אָדער אפֿשר איז ער טאַקע אַלס יונגערמאַן געווען אַ שמש — אַלנפֿאַלס, די גאַנצע שטאָט האָט אים געקענט אַלס חצקעלע שמש, און ביי דעם נאָמען איז ער געבליבן.

איטשע שווייצער. אים געדענק איך אַלס אַ געזונטן, קרעפּטיקן ייִדל מיט אַ פֿעדער־שוואַרצער באָרד. ער איז געווען דער הויפּט־שמש אין בית־המדרש. פֿון וואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען דער צונאָמען „שווייצער״ — קען מען זיך משער זיין, אַז צוליב דעם, וואָס ער איז געווען זייער אַ רירעוודיקער און פֿלינקער, — האָבן ווייסע חברהניקעס דערפֿאַר אים צוגעטשעפּעט דעם נאָמען.

אייזיק שמש. אייזיק איז אייגנטלעך געווען אַ שוסטער ערגעץ אויפֿן „פּיאַסעק״. קיין גרויסע פּרנסה האָט ער, קענטיק, פֿון זיין שוסטעריי נישט געהאַט, — האָט ער זיך דערפֿאַר „אַריינגעדרייט״ אַלס שליח אין דער חברה „לינת הצדק״, בעת ר׳ מאיר ליכטנשטיין האָט זי געגרינדעט. אייזיק האָט דאָרט אָנגעהויבן מיט אויס־קערן דעם בית־המדרש, געכאַפּט אַ „גאַנג״ ביים רב און זיך דערדינט צו דער ראַנגע פֿון „פּאָד־שמש״, אונטער דער שטרענגער האַנט פֿון שמשדיקן אויטאָרי־טעט איטשע שווייצער. צי ער איז אין זיין ווייטערדיקער „קאַריערע״ דערגאַנגען צו דער פֿולער ראַנגע פֿון אַ זעלבשטענדיקן שמש — איז מיר נישט באַקאַנט.

מענכעסמאַל. געווען מיט אַזאַ נאָמען אַ שניידער — אַ טאַנדייטניק אויף די „פּיאַסקעס״. וועגן אים איז אַרומגעגאַנגען אַ געגראַמט לידל:

„מענכעסמאַל מאַכט אַ קלייד
אונטן שמאָל
און אויבן ברייט״.

וואָלט ער געלעבט אין אונדזערע צייטן — וואָלט ער אפֿשר גאָר געווען אַ מאָדערנער שניידער. דעמאָלט איז זיין עבודה אין קהל געווען דאָס וועקן אין די ווינטערדיקע פֿאַרטאָגן: „ייִדן, שטייט אויף לעבודת הבורא!״, אָדער אין די סליחות־טעג: „ייִדן, שטייטס אויף צו סליחות!״. אין די פּאָר ווערטער, וועלכע ער האָט אויף זיין שטייגער אויסגעזונגען מיט אַ לאַנג־צעצויגענער אינטאָנאַציע, האָט זיך געפֿילט דער גאַנצער טרויער פֿון נויט, הונגער און מענטשלעכע



דער איינבינדער אַלמאַן פֿירט אַהיים פֿון בית־המדרש דעם בלינד געוואָרענעם זקן חצקלע שמש

דערשלאָגנקייט. צי האָט קהל אים עפּעס געצאָלט פאַר דעם, אָדער ער האָט עס נאָר געטאָן לשם מיצווה — איז שווער צו וויסן. געווען איז ער אַ שטילער, נעבעכ־דיקער ייד, אַ מין פאַרהוילענער ל״ו־ניק. ער האָט זיכער אָנגעהערט צו דעם מעמד פון שמשים.

### שוחטים

ר׳ לייזער באָרוכאָוויטש, און ר׳ דוד בעריש בערנהאָלץ — דיביידע חזנים פון שטאָט, זענען אויך ביידע געווען שוחטים. אין אַ קליין שטעטל איז שווער געווען בלויז זיך מפרנס זיין פון חזנות, האָבן חזנים ממילא געהאַט דאָפּלטע אַמטן און אויך עוסק געווען אין שחיטה.

ר׳ אברהם יצחק טכורזש. איינער פון די ערשטע שוחטים איז געווען ר׳ אברהם. אַ געבוירענער אין נאָווי־דוואָר, האָט ער דאָרט אַ קורצע צייט עוסק געווען אין שחיטה און שפּעטער איז ער אַוועק קיין וולאָצלאַוועק. ער איז געווען אַ נצר פון דער פאַר־צווייגטער רבנישער משפחה טכורזש אין פּוילן און אין ישראל.

ר׳ מאַטעס שוחט. ר׳ מתתיהו איז געווען שוחט אין מאָדלין, ווו די גאַנצע שחיטה איז געגאַנגען אויף כשר. געווען איז ער אַ ייד אַ צדיק און זייער אַן אָפּגע־היטענער. אויף דער עלטער האָט ער איבערגעגעבן דאָס שחיטות צו זיין איידעם דוד.

ר׳ דוד שוחט. ער איז געווען אַ שאַרפער גערער חסיד, דער זון פון אביגדור מלמד. אַ שטיקל בעל־תפילה אין גערער שטיבל, געווען „אויסגעקאָכט" אין חסידות, געפאָרן קיין גער. שפּעטער איז ער ניכשל געוואָרן אין אַ חטא, וואָס ווערט דערציילט אין אַן אַנדער אָרט אין פּינקס, ער איז דערפאַר אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין מעמד אַלס שוחט, ביז ער האָט עוקר געווען קיין אַמעריקע, ווו ער האָט ווייטער געפירט אַ שטרענג פרום לעבן.

אייזיק הערש. ווען קהל האָט אַראָפּגעזעצט ר׳ דוד שוחט, איז אויף זיין אָרט געוואָרן שוחט ר׳ אייזיק הערש, אַ קאָצקער שאַרפער חסיד, אַ גוטער בעל־תפילה און גרויסער בעל־מנגן.

ר׳ הערש שוחט. אים האָט מען נאָך אין מיינע קינדעריאָרן גערופן „דער אַלטער שוחט". ער איז געווען דער שטענדיקער בעל־תוקע אין בית־המדרש, ביז טיפן עלטער נישט אַרויסגעלאָזט דעם שופר פון



די קבורה פון אַ מת־מיצווה — אַ יידישער זעלנער אין דער צאַרישער אַרמיי, אויפן נאָוו. בית־הקברות.
דער צווייטער פון לינקס — דער שמש איטשע „שוויצער"

האַנט און תמיד מצליח געווען גובר צו זיין דעם שטן און אַרויסברענגען די תקיעות ריין, לויט אַלע דינים.

ר׳ אברהם שוחט, דער זון פון ר׳ הערש, האָט איבערגענומען די שחיטה בירושה פון זיין טאַטן.

ר׳ שמואל זיינוול פינקער. ער איז געווען לאַנגע יאָרן דער שוחט אין שטאָטישן שעכטהויז. אויף דער עלטער, ווען זיינע הענט האָבן שוין אַ ביסל געציטערט, האָט ער זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון שחיטות, כדי נישט ניכשל צו ווערן אין כשרות. ער איז געווען זייער פרום און פון די „שיינע יידן" אין גערער שטיבל, וווּ ער האָט געהאַט די שטענדיקע חזקה אויפצורופן צו די הקפות אין שמחת־תורה. ער איז געווען דער פאָטער פון עטלעכע זין, וואָס דער גראָטנסטער צווישן זיי איז געווען ר׳ בנימין פינקער.

אברהם לאָזער פינקלשטיין, דער זון פון מענדל פייגע לאָזערס, אַ מעל־קרעמער פון דער זאַקראָטשינער גאַס, אַ דורותדיקער נאָווי־דוואָרער און אויך אַ נאָווי־דוואָרער איידעם — פון באַקאַנטן בעל־הבית און עסקן ר׳ מענדל ראָזענטאַל (דער געלער מענדל). יאָרן לאַנג איז ער געווען אַ קעסטקינד ביים רייכן שווער. און אַז „מען האָט זיך נישט געהאַט צו וואָס צו נעמען", און אַזוי ווי אַ בן־תורה איז ער געווען — האָט ער זיך אויסגעלערנט הלכות שחיטה און געוואָרן נאָווי־דוואָרער שוחט.

אברהמטשע ווילדנבערג. ער איז געקומען קיין נאָווי־דוואָר פון וואַרשע, ווי ראַצע די בעקערינס איידעם. דערנאָך געווען דער סעקרעטאַר פון דער נאָווי־דוואָרער „אגודת ישראל". אַ שטילער באַשיי־דענער יונגערמאַן איז ער געווען, זייער אַ פרומער און אַ שטאַרקער בן־תורה. ער, אברהמטשע ווילדנ־בערג, און אויך אברהם לאָזער פינקלשטיין זענען געוואָרן שוחטים אין נאָווי־דוואָר אין די יאָרן, ווען איך בין שוין אין נאָווי־דוואָר נישט געווען.

די אַלע זענען געווען טאָג־טעגלעכע באַדינער פון דער יידישער קהילה אין נאָווי־דוואָר. יעדער איינער פון זיי איז מיט זיין תפילה ורינה, אָדער גאָר מיט די חומרות פון אסור ומותר — געווען אַ ציגל אין דער מויער פון דער אַלט־דורותדיקער יידישקייט, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן מיט אַ מאָל.

# חדרים און שולן אין נאָווי־דוואָר

יוסף ליכטנשטיין

# נאָווי־דוואָרער חדרים

געפירט האָט זיך אין נאָווי־דוואָר, אַז ביים אָנהייבן גיין אין חדר, האָט דער פאָטער מיט שמחה איינגעהילט זיין זונדל אין אַ טלית און אים אַוועקגעפירט צו ירוחמקע דעם דרדקי־מלמד. נאָר נישט אַזוי האָט מיט מיר געטאָן מיין טאַטע. אפשר, צוליב דעם מרחק פון אונדזער שטוב אויף זאַקראָטשינער גאַס, ביז ירוחמקעס חדר, וואָס האָט זיך געפונען אַזש ביי די פּיאַסקעס, נאָכן בית המדרש. דווקא, מיין טאַטע, דער גערער חסיד, איז נישט געווען אַ בעלן צו פירן אַ יינגעלע אין אַ טלית אַזאַ מהלך וועג.

מיט אַ טלית, אָדער אָן אַ טלית — נאָר דאָס געדענק איך, אַז אין אַ געוויסן זומערדיקן פרימאָרגן בין איך מיט מזל אַריין אין ירוחמקעס חדר. אין דער חברותא פון נאָך צענדליקער יינגלעך, אין צייגענע כאַלאַטלעך, מיט פאַרראָצטע נעזלעך, און ביי אייניקע — אויך פאַרכעוואַטע קעפּלעך.

צום חדר איז מען צוגעקומען דורך אַ גרויסן יידישן הויף, וואָס האָט געהאַט אַלע גוטע זאַכן, צו דערפרייען דאָס האַרץ פון אַ יינגעלע — אַ צעבראָכענעם פּלומפּ, אַ מיסטקאַסטן, וווּ עס האָבן געראַיעט חזירים, און אַ מיל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ דראָנג מיט אַ בלינד פערד. אָט די „מיל" האָט זיך געדרייט אַ גאַנצן טאָג און ביי איר האָט זיך געפּאָרעט הערשל דער קאַשע־מאַכער. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געמאָלן פאַרשידענע קאַשעס.

נישט ווייט פון הויף האָבן געוווינט עטלעכע העפּטשערקעס, וואָס האָבן געהאַפּטן און געהאַפּטן אָן אַ סוף, און געחלומט פון באַפרייונג... דאָרט האָט געהאַט איר „מייסטערקיי" נעבעך די נייטאָרין. איר שטוב איז געווען פאַרפלייצט מיט שטיקער לייוונטן, צום אויסשטייער פאַר יידישע טעכטער. ביי נעכטן האָט מען געאַרבעט טאָג און נאַכט.

דאָרט אין הויף האָבן אויך געוווינט עטלעכע באַלעמעלאָכעס, אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ סטאָליער. האָבן יינגלעך געהאַט וווּ צו פאַרטשעפּען אַן אויג מיט נייגער און פאַרגעניגן.

נעבן חדר, אויפן זעלבן שטאָק, איז געווען אַ פינצטערער בוידעם, פול מיט סוד און שרעק. וועגן דעם בוידעם, האָבן מיר, יינגלעך, תמיד געדמיונט און דערציילט פאַרשידענע מעשה־נוראָס.

גלייך, ביים אַריינגאַנג אין חדר, האָט תמיד גע־בולבעט די קיך מיט אַ הייסער גריץ, און ביי אַ לאַנגער באַנק, מיט אַ פּאַמעשאַף, אַ קיבל וואַסער און אַ קופּערנע שעפּ מיט צוויי אויערן, האָט זיך געפּאָרעט די רביצין שיינע שרה — אַ הויכע יידענע, אין אַ שייטל, און אַ ברייטע ספּודניצע מיט אָן אַ שיער פאַלדן און קעשענעס. זי איז געווען אַ גבאיטע אין דער חברא־קדישא און האָט דערפאַר תמיד אויסגעזען פאַר־דעכטיקט. פון אירע קעשענעס האָט מען תמיד אַרויסגע־זען שוואַרצע און ווייסע שטיקלעך לייוונט, וואָס האָבן דערמאָנט אין לוויות, תכריכים און קריעות, פאַר וועלכע קינדער האָבן זייער מורא...

אין גרויסן צימער זענען געשטאַנען צוויי בעטן אין דער לענג פון איין זייט, און אויף דער לענג פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען אַ לאַנגע, נידעריקע באַנק, וווּ מיר, עטלעכע צענדליק יינגלעך, האָבן געלעבט אונדזער שיינע קינדער־וועלט מיט מעשיות פון רוחות, פּיפּערנאָטערס און שדים, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר ציגן און קעלבלעך, און בלעקן אַרויס אַ צונג פון אָן אַרשין די לענג, בעת דער באַלעגאָלע וויל זיי אַרויפנעמען אויפן וואָגן...

כאָטש מיר האָבן נאָר געקענט די טייכן ווייסל און נאַרעוו, דאָך האָבן מיר געוווּסט צו שילדערן גענוי, ווי עס שטורעמט דער ים, ווי ער הייבט אויף זיינע פּאַלעס, אַזוי הויך ווי... חיים שעדלעצערס קאַמעניצע, און ווי אַזוי די „תיפלה" זינקט דערביי איין, אַז מען זעט קוים אַרויס אַ פּיצל פון דער ערד...

מיר האָבן זיך אויך דערציילט מעשיות פון גזלנים אין וואַלד און חיות רעות אין די וויסטעניש, אַז האָר און נעגל האָבן זיך געשטעלט קאַפּויער. יעדער איינער פון די דערציילער פלעגט צושווערן, אַז די מעשה איז אמת; אַז אויב נישט — זאָל זיין

טאַטע שטאַרבן, ער האָט אַליין געזען אַ וויזלטיר, ווען ער איז געפאָרן מיטן טאַטן קיין פּאַמיעכאָווע. אַ צווייטער האָט זיך געשווירן, אַז ער זאָל נישט דערלעבן אַראָפּצושלינגען דאָס גלעכל, וואָס ער האַלט אין דער האַנט, אויב ס׳איז נישט אמת, אַז זיין טאַטע האָט אַליין געהערט, ווי מען רופט אויף האַלבע נאַכט אין בית המדרש צו דער תורה: „יעמוד פּלוני בן פּלוני", און זיין טאַטע האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען שדים... אַ דריטער שווערט זיך ביי זיינע ציצית, ווי זיין מאַמע האָט אַ מאָל געזען אַ סטאַדע ציגן, וואָס זענען געגאַנגען פון מצבה־קריצער גלייך אין מיקווה אַריין, און מען האָט זי קוים אָפּגעמינטערט פון חלשות... דאָס אַלץ האָט מען דערציילט אויף דער לאַנגער באַנק, הערנדיק דעם געבולבל פון טאָפּ גריץ און פילנדיק די ריחות פון פּאַמעשעאַף.

חוץ מעשיות איז אָנגעגאַנגען אַן עסק מיט שפּיל־צייג. ביים „וואַיסקאָווען שניידער" אויפן הויף זענען געווען געצוג פעדעם און סאָלדאַטסקע קנעפּ, זיך צו שפּילן און פאַרטרייבן די צייט. ווען ירוחמקע, אונדזער רבי, האָט זיך מתעסק געווען מיט איינצלנע קינדער „שווערע קעפּ", האָבן מיר דערווייל געהאַט צייט זיך צו שפּילן אין אַלערליי שפּילערייען.

אין גרויסן צימער, ביים פענצטער, איז געזעסן ביים טישל ירוחמקע. דער לאַנגער, גרינער, אָפּגע־נוצטער כאַלאַט האָט אים געגעבן נאָך אַ לענגערן אויסזען. זיין פּנים איז געווען אַליוו און זיין באָרד האָט געהאַט אַ געמיש פון אַלערליי קאָלירן. אויף זיין טישל האָט ער תמיד געהאַט פאַר זיך אַ טייטל און אַ גרויסן בלאַט מיט אַ געדרוקטן אלף־בית אין פאַרשי־דענע גרייסן אותיות. ער האָט געהאַט זיין שיטה ווי צו לערנען. די אותיות פלעגט ער דערקלערן מיט בילדער: גימל — אַ שטיוועלע, זין — אַ קרום קעפּעלע, לאַנגע פיי — אַ לאָמטערנע, שלאָס־מעם — אַ פאַרמאַכט שטיבעלע... כאַטש נעם און גיי אין דעם אַריין...

קיין שלעגער איז אונדזער רבי נישט געווען, און דאָך האָבן די קינדערלעך פאַרגאָסן אַ סך טרערן ביים לערנען. ווי נאָר מיר האָבן געהאַט אַ רגע פריי פון קוקן אין גרויסן טאַוול אַריין און לערנען די אותיות, פלעגט מען כאַפּן אַ קוק איבערן אויוון צום גרויסן בילד, צום גוי מיטן בלאָנדן בערדל, שליפעס און מעדאַלן. דאָס איז געווען דער קיסר. נעבן קיסרס בילד איז געהאַנגען דאָס בילד פון אַ גויע — די קייסערינע. מיר האָבן געוווּסט אויף זיכער אַלע פּירעכצן פון קייסערישן הויף; דאָרט עסט מען גאָלדענע קליסקעלעך אויף גאָלדענע טעלער, געקאָכט ווערן די מאכלים אין זילבערנע טעפּ, וואַשן — וואַשט מען זיך אין פאַרפומען און די פולקאָווניקעס סאַלוטירן דערביי...

ביים רעדן וועגן קיסרס מאכלים און וועגן די זילבערנע טעפּ, האָט מען דערווייל געכאַפּט אַ קוק אויפן טאָפּ ביי דער רביצין און אויף דער רביצין אַליין, צו פאַרגלייכן טאָפּ מיט טאָפּ און רביצין מיט קייסערינע...

לויטן באַפעל פון קיסר האָט אונדז ירוחמקע געדאַרפן פריי לאָזן אין די טעג, ווען מען פייערט דעם קיסרס געבוירנטאָג, אַז מיר זאָלן מיטהאַלטן אַלע צערעמאָניעס. אָבער דער קיסר האָט עס ביי ירוחמקען נישט געפועלט, ירוחמקע האָט דעם קיסר נישט נאָכגעגעבן... און נאָר אַרום צוועלף אַ זייגער, ווען דער נאַטשאַלניק מיט די סטראַזשניקעס פלעגן קומען אין בית המדרש אַריין הערן ווי דער חזן זינגט אויף אַ ירום הודו לכבוד דעם קיסר, — האָט אונדז אין דער שעה ירוחמקע געלאָזן גיין אין הויף זיך שפּילן מיט דער שטאַנג, וווּ דאָס בלינדע פערד דרייט און מאָלט די קאַשעס.

✶

נאָך ירוחמקען איז מיין רבי געווען דער „טראַף־מלמד" ברוך פיראַטשן. זיין חדר איז שוין געווען מער אין שטאָט אַריין. דער הויף ביים חדר און די דירה זענען געווען ענלעך ווי ביי ירוחמקען.

אַ נידעריקער איז ער געווען און אַ דיקלעכער, נאָר נישט, חלילה, פון צו פיל עסן. אַ ברייטע, ווייסע באָרד האָט אים געגעבן הדרת־פּנים. זיין עיקר לערנען איז געווען, אָנווייזן אויף אַן אות מיט אַ נקודה. מיר האָבן דערביי געדאַרפט באַשיידן: קמץ אַלף אָ, אָדער פתח אלף אַ. ביי אים איז מען שוין געזעסן ביי אַ טיש און ער האָט געלערנט גאַנצע ווערטער. אַז מען איז אָפּגעווען אַ זמן, און מען האָט שוין געדאַרפט לערנען דאַווענען, — איז געקומען די צייט אַריבערצוגיין צום „דייטשן מלמד" בערל מילכיקער.

בערל מילכיקער האָט געוווינט אויף אַ געסל, וואָס פירט צום נאַרעוו, אין זעלבן הויז וווּ ס׳האָט געהאַט זיין בעקעריי דער הויכער יאָסל, מיט זיינע מטעמים, פלעצלעך און בייגל, וואָס האָבן אונדז שטאַרק הנאה געטאָן. אין ערשטן צימער פון חדר, דאָס מיינט, אין קיך, האָבן מיר געלערנט דאַווענען. פון

פענצטער האָט זיך געזען דער נאַרעוו, וואָס זיין יענע זייט איז פאַר אונדז געווען אַמעריקע, ווו באַנען גייען אויף דעכער. אונדזער דמיונען וועגן אַמעריקע האָט אַוודאי געהאָט צו טאָן מיט די פאָטאָגראַפיעס פון ברוך מילכיקערס זין און טעכטער, די אַמעריקאַנער. זיי זענען געווען צעהאַנגען אויף די ווענט, — די זין אין צילינדערס און די טעכטער אין ברייטע קליידער און הויכע פריזורן. ס'האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט אונדזער רבי בערלס טאָכטער רויזע, די רויזע, וואָס פלעגט אַלע מאָל כאַפּן אַן אַנדער ייִנגעלע און אים אויסקושן. רויזע האָט זיך געגרייט צום פאָרן קיין אַמעריקע און דאָס האָט נאָך מער געוועגט די פאַנטאַזיע וועגן באַנען אויף דעכער און שיפן מיט קאַפּיטאַנען — ריזן.

האָט מען זיך פאַרדינט אַ שטראָף — איז עס געווען לויטן נוסח פון בערל מילכיקער, נישט שלאָגן, נאָר אַריינוואַרפן אין קעמערל אַריין, און דאָרט איז מען נישט איין מאָל אַרייגעפאַלן אין די ליבע הענט פון רויזע. נישט ווילנדיק האָט מען געמוזט טאָן איר רצון און פאַרנעמען אירע צערטלעכקייטן...

אַז מען איז דערגאַנגען אין בערל מילכיקערס חדר צו קענען עברי און דאַווענען, האָט שוין דער וועג געפירט ווייטער — צום לערנען חומש.

✶

אין חול המועד סוכות האָב איך געזען, ווי ר' מאיר יחיאל זיצט מיטן טאַטן אין סוכה און טרינקט בנעימות טיי. כ'האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מיר, אַז ס'איז דער „זמן" אַנצודינגען אין חדר.

ר' מאיר יחיאלס חדר איז געווען אַנדערש פון אַלע אויבן־באַשריבענע חדרים. קודם כל, איז ער אַליין געווען אַ קליין זויבער יידעלע מיט אַ ווייס בערדעלע. זיין דירה אויף דער וואַרשעווער גאַס איז געווען זייער אַ שיינע, מיט אַלע פענצטער און באַלקאַנען צום פראָנט פון דער גאַס. ווען אויף דער גאַס פלעגט דורכגיין אַן אָרקעסטער פון מיליטער אָדער פייערלע־שער, האָט ער אונז געגעבן רשות, צו זיין אויפן באַלקאָן און זיך דערמיט דערקוויקן. זיין שיינע דירה האָט ביי אונדז אַרויסגערופן אַ סך התפעלות. דער איינציקער פעלער איז נאָר געווען, וואָס פאַר דעם הויז איז תמיד געלעגן אַ גרויסער בולדאָג־הונט, גראָב ווי זיין באַלעבאָס. פאַר דעם הונט האָט מען זיך געשראָקן.

אַז מען איז איבערגעקומען בשלום דעם הונט, האָט מען ווידער געהאַט אַ פאַרגיטיקונג ביים זייגער־מאַכער, וואָס האָט דאָרט געוווינט. ביי אים האָט מען שטענדיק געפונען שרייפלעך און רעדלעך מיט וואָס צו שפּילן.

ביים איינגאַנג אין דעם שיינעם חדר האָט מען אויפגעהאַנגען די פּאַלטנדלעך לייטיש, און נאָכן דורכ־גיין דעם „פשעדפּאָקאָי", ווו מען האָט אויך ווינטער־צייט אַוועקגעשטעלט די לאַמטערנדלעך, איז מען אַריינגעקומען אין דער גרויסער פיר־קאַנטיקער קיך, ווו ס'איז געווען דאָס חדר. אין דעם צימער דערנעבן, ווו ס'זענען געשטאַנען די בעטן און דער טיש, האָבן אונדז שטאַרק פאַראינטערעסירט די פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט מיט רוסישע סאָלדאַטן און מיט אַמעריקאַנער אין צילינדערס.

דער רבי מאיר יחיאל איז געזעסן אויבנאָן ביים לאַנגן טיש, אַן איידעלער און שטילער, נאָר זיין קאַנטשיק, אַ געל שטעקעלע מיט צווייַ לאַנגע, שוואַרצע לאַקשן, האָט דערגרייכט פון איין עק טיש ביזן צווייטן.

ביי מאיר יחיאלן האָט מען אָנגעהויבן פון בראשית, ווו אַלץ פאַרט זיך און ווידמעט זיך צום באַשאַפן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די פרשת נח מיט דער תיבה. דער רבי האָט ליב געהאַט אַלץ צו ווייזן ממשותדיק, מען זאָל עס זען אויפן טיש. אַזוי ווי ער האָט געריוכערט אַ פּיפּקעלע, האָט ער דאָס טאַבאַק־קעסטעלע אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, עס אויסגעשמירט, ענלעך ווי אַ תיבה מיט פּעך, און געוויזן מיט אַ פינגער, ווי די טויב איז אַרויס און זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ בלאַט אין מויל...

דאָס קעסטעלע האָט אויך געדינט פאַר אַ מישכן, ווען מען איז צוגעקומען צו דער פרשה פון מישכן. ער האָט עס צוגעדעקט מיט אַ רויטער פאַטשיילע, און מיר האָבן דאָרט געזען אַ מישכן, מיט העקעלעך און קנעפּעלעך און שטריקעלעך. ווען ס'איז געקומען די פרשה פון תצווה, האָט דער רבי אויסגעאַרבעט פון פאַפּיר אַ חושן־ואפד מיט אַן אורים־ותומים, אַז אהרן הכהן אַליין וואָלט זיך מיט זיי נישט פאַרשעמט.

אַז מאיר יחיאל האָט אויסגעטייטשט „ויתרוצצו הבנים", האָבן מיר מיט אונדזערע אויגן געזען, ווי די מוטער רבקה גייט פאַרביי דעם בית המדרש, און ווי יעקב אבינו וויל אַרויס צום דאַווענען, ווייל... איטשע שוויצער קלאַפּט מיט דער פּושקע נאָך קדושה... און

עשו וויל אַרויס, ווייל ביי דער תיפלה שטייט אָלעק און דער לאָמער שמיד מיט די קוליעס...

ווען מיר האָבן מיטן רבי זיך צעזונגען טרויעריק: „ואני בבואי מפדן ארם“, אַז יעקב אבינון איז געשטאָרבן די מוטער רחל, — האָט די רביצין אין קיך גוט אויס־געשנייצט איר נאָז און געלאָזט אַ טרער אויפן טויט פון מאַמע רחל. די רביצין האָט געקענט גאַנץ חומש פון אויסנווייניק און זי פלעגט אונדז נישט איין מאָל צוהעלפן, אונטערזאָגן אַ פסוק, ווען מיר זענען געווען אין אַ סכנה, אַריינצוכאַפּן פון רבין אַ שמיץ מיט די שוואַרצע לאָקשן.

מיט דער פרשה לך לך, האָט מען אָנגעהויבן לערנען אין חדר ביז אַכט ביי נאַכט. דער רבי האָט מיט אונדז אָנגעהויבן לערנען „סוואַרבע“. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט, מיט מעשיות פון מלכים און מלחמות, פלשתים און שמשון הגיבור. די אַלע מעשיות און דאָס לערנען ביי נאַכט האָבן נאָך מער צעשפּילט די פאַנטאַזיע, און אַ סך מאָל, ביים אַהיימגיין פון דעם חדר, האָט מען זיך אָנגעהויבן שלאָגן ווי די פלשתים. אין פסוק האָבן שטענדיק געוווּנען די יידן, נאָר אין אונדזער מלחמה — די פלשתים. זיי זענען געווען מער דערוואַקסענע תלמידים, וואָס האָבן געלערנט ביי ר׳ שמואל אויפן „פּיאַסעק“.

ביים אַהיימגיין האָט דער רבי יעדן תלמיד פאַרריכט זיין לאַמטערל. געוויינלעך איז עס געווען אַ לאַמטערל מיט אַ ליכט, נאָר די רייכערע האָבן אויך געהאַט מיט נאַפט און אַ קנייטל. יעדן איינעם האָט דער רבי אָנגעצונדן זיין לאַמטערל, אונדז אַלע אַרויס־געפירט אין גאַס אַריין, און מיר זענען אַוועק אַהיים מיט געזאַנג.

די בעסערע ייִנגלעך האָט דער רבי צוגעטיילט דעם כבוד צו ברענגען פון אברהם זאַלצמאַן דאָס פּעקעלע טאַבאַק פאַר אַ קופּערנעם זעקסער. די רביצין גיטל פלעגט אויך אַרויסווייזן איר ליבשאַפט צו די קינדער און אָפּהיטן די טעפּלעך עסן, וואָס מען האָט געברענגט פאַר די קינדער אין חדר אַריין. זי האָט זיי צוגעוואַרעמט אויף דער קיך, אַז די קינדערלעך זאָלן עסן מיט אַפּעטיט.

ווען די פייערלעשער האָבן זומערצייט מאַרשירט מיט מוזיק צו זייערע בעלער און פאַרוויילונגען, זענען מיר גלייך אַרויס אויפן באַלקאָן, מיט מאיר יחיאלס הסכמה. אַזוי אויך, ווען עס פלעגט פאַרבייפליען אַן עראָפּלאַן. פון מאיר יחיאלן האָבן מיר אַ מאָל געהערט אַז די פלי־מאַשינען וועלן נאָך וואַרפן באָמבעס. פון וואַנען ער האָט דאָס גענומען, האָבן מיר נישט געוווּסט און אויך נישט פאַרשטאַנען.

אין שבת, ווען מען פלעגט קומען לערנען פרק, איז דער רבי נאָך געשלאָפן. האָט די רביצין אונדז געוויזן די שיינע פאָטאָגראַפיעס, אירע קינדער די סאָלדאַטן און אויך די פון אַמעריקע מיט די צילינ־דערס. זי האָט דערציילט וועגן אַלע, ווי זיי הייסן און וואָס זיי טוען. דערביי האָט זי פאַרגאָסן אַ טרער. ס׳איז מיר געווען אַ חידוש, פאַר וואָס אָט די אַלע אין צילינ־דערס זענען דווקא שניידערס... און כ׳האָב נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן די קשיא.

אויפן הויף ביי מאיר יחיאלן האָבן מיר קיין גרויסן נחת־רוח און פאַרברענגען נישט געהאַט צוליב דעם גראָבן בולדאָג פון גראָבן פאַקראַנט. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן דאָרט געהאַט — אַ שטאַל ביי מאָטל שאַפּערס שענק, ווו מען האָט געצאַפּט ביר פון פעסלעך אין פלעשער אַריין. איז טאַקע געווען, וואָס צו זען, אָבער, גראָד ווען ס׳איז געווען אַ „גאַלוווקע“, און מען האָט געצויגן ביר פון די פעסלעך, האָט מען אונדז פאַרשיקט אין בית המדרש אַריין, זינגען „הנותן תשועה“ און זען ווי דער נאַטשאַלניק שטייט „טשעסט“...

מאיר יחיאלס חדר איז געווען אַ מוסטער־חדר אין יענער צייט. מען האָט געלערנט און מער נישט דערציילט קיין פוסטע מעשיות. מיר זענען געווען פאַרנומען מיט די מעשיות און מיט די העלדן פון חומש.

ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פרשה פון „וישב“ ביז „ויגש“, ווי די ברידער האָבן פאַרקויפט יוספן, און די גאַנצע מעשה מיט יעקבן און די בנים, — האָבן מיר זיך אויסגעמאָלן דעם רבין אַלס יעקב אבינו, אָט ווי ער איז, מיטן ווייסן בערדל און גראָען כאַלאַטל. און ווער זאָל עס זיין יעקבס זון, וואָס טראָגט צו יעקבן דאָס פאַרבלוטיקטע העמדל פון יוספן, אויב נישט פישל פאַרך דער נאָווי־דוואָרער? נאָר איין געשטאַלט האָבן מיר נישט געפונען צווישן די נאָווי־דוואָרער, פּוטיפרעס ווייב, די וואָס וואָס האָט יוספן געשלעפּט פאַר די קליידער צו אַ זינד... כאָטש אַלץ איז ביי אונדז אַזוי נאָענט געווען צו מצרים... דער נאַרעוו איז דאָך פאַר אונדז געווען, סיי דער נילוס און סיי דער ים־סוף.

טאַקע ביי דעם נאַרעוו האָבן מיר געדמיונט וועגן יציאת מצרים, אַז דאָ ליגן זיי, די טויטע מצרים, און מיר נעמען זאַקרויב, זייער גאָלד און צירונג;

מיר קלאַפּן אויס אויף פּויקן דעם נצחון און זינגען: „אַז ישיר משה״... און דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער זמן און מען האָט געדאַרפט אָנהייבן לערנען גמרא ביי לייזער מילץ.

*

ביי לייזערן אין חדר איז די גאַנצע אַטראַקציע געווען די רביצין און דאָס הינדל, וואָס האָט זיך אַרומ־געדרייט אין שטוב. חוץ מלמדות האָט לייזער מילץ אויך געהאַט אַ מלאכה, ער האָט פאַרריכט געפלאָכטענע שטולן. אַט די אַרבעט האָט ער געטאָן גאָר פרי, נאָך איידער די חברה ייִנגלעך קומען זיך צונויף. אַ לײדנ־שאַפטלעכער רויכערער איז לייזער געווען, ביים רויכערן האָט ער געבלאָזן מיט די נאָזלעכער ווי פון אַ בלאָזאַק. דערביי האָט ער, אַלס מפונק אויף ריחות, געשריגן: פע, פע, און אַלע מאָל געוואָרפן אַ בליק אויף אַן אַנדער ייִנגל...

געלערנט האָט מען ביי אים חומש און גמרא. זיין נוסח לערנען איז געווען ווי ביי ר׳ מאיר יחיאל, נאָר מיט איין אונטערשיד: מאיר יחיאל האָט פאַר־טייטשט דאָס וואָרט אַשר — וואָס, און לייזער מילץ האָט געטייטשט: אשר — דאָס. „דאָס״ איז געוואָרן אַ זילדוואָרט, מיט וועלכעס אַנדערע חדר־ייִנגלעך פלעגן אונדז מכבד זיין. מאיר יחיאלס אַ תלמידל האָט מיך אַ מאָל אָנגעכאַפּט און אַ זאָג אַריין געטאָן „אשר, דאָסעלע, ווילסט אַ מילצעלע, אָנגעפילט, צי נישט אָנגעפילט?״... אַזוי האָט ער מיט איין שלונג אָפּגע־לאַכט פון לייזערס אשר — דאָס און פון זיין צונאָמען מילץ.

לייזערס פלונית, די רביצין, איז געווען אַ נידע־ריק ווייבעלע מיט רויטע פאַרשוואָלענע אויגן. זי האָט תמיד אויסגעקוקט אַ ייִד, וואָס זאָל איר ברענגען אַ גרוס פון זאַקראָטשין. יעדן טאָג פלעגט זי נעמען דאָס הינדל און מיט פאַרמרוזשעטע אויגן עס בלאָזן און אַרומטאַפּן. דערנאָך פלעגט דאָס הינדל אַריין הינ־טערן קוימען און פון דאָרט אויסקוואַקען אַ בשורה: איך האָב דערפילט מיין הינערשן חוב... די רביצין האָט געווישט אירע קראַנקע אויגן מיטן פריש געלייגטן איי און ווידער געוואַרט אויף אַ מזל ברכה מאָרגן.

געלערנט האָט מען שנים אוחזין בטלית; וועגן אַלע מציאות, וואָס מען געפינט און מען דאַרף יאָ אָוועקגעבן, צי נישט אָוועקגעבן. קיין ספּעציעלן רייץ האָט לייזער מילצס חדר נישט געהאַט. מיר זענען שוין געווען ערנסטע תלמידים, גמרא־ייִנגלעך. די פאַנטאַ־זיעס האָבן זיך אָנגעהויבן לעשן און מיר האָבן אָנגע־הויבן שווימען אין ים התלמוד.



אַ גרופּע תלמידים ביי דער נאָווי־דוואָרער תלמוד־תורה

ד. בן־שרה / תל־אביב

# פון „חדר מתוקן" ביז מאָדערנע שולן

לזכרון מיין בעסטן יוגנט־פריינד נפתלי הערצל דובניקאָוו, זיין פרוי געניע און זייער זונדעלע מאָיוס — אומגעקומענע דורך די נאַצישע הענקערס.

ביז די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — ווען איך בין נאָך געווען אַ נאַווי־דוואָרער — זענען ביי אונדז, יידן אין שטאָט, קיין שולן נישט געווען, נישט קיין „תרבות"־שולן און אויך נישט קיין „ציש"אָ"־שולן. די גאַנצע פּעדאַגאָגישע דערציִונג איז געווען אין די הענט, אָדער בעסער געזאָגט — אין דעם „קאַנטשיק" פונעם ביסל מלמדים, וואָס האָבן רעגירט אין זייערע פּריוואַטע חדרים און אין דער תלמוד־תורה אין פּאָליש פון בית־המדרש, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט דער האַרציקער נדיבות פון

„די אַלטע בעלי־בתים,<br>מיט מעשענע ברילן<br>און זילבערנע בתים"...

אָט וועגן די חדרים געפינען מיר דאָ, אין פּינקס, אַ ביז גאָר אַרומנעמענדיקע באַשרייבונג פון דעם פּרייצייטיק אין אורוגוויי פאַרשטאָרבענעם נאַווי־דוואָרער לאַנדסמאַן יוסף ליכטנשטיין, דער זון פון דעם באַקאַנטן נאַווי־דוואָרער חסידישן „עסקן בצרכי ציבור באמונה" ר' מאיר ליכטנשטיין. איך וויל זיך אָפּשטעלן אויף די ערשטע שפּראָצן פון אַ מאָדערנער פּעדאַגאָגיק אין נאַווי־דוואָר, אין די יאָרן נאָענט צו דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַלס איינער פון די פּיאָנערן אויף דעם געביט, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן ר' ישראל מאָגעלניצקי, אָדער ווי מען האָט אים פּשוט גערופן: „ר' סרולקע מלמד". ר' סרולקע, אַ צוגעוואַנדערטער פון רוסלאַנד אָדער ליטע, האָט אין זיין חדר, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון דער „יידישער" זאַקראָטשינער גאַס, אין הויז איבער חנה די הייבאַמס ראַזורע, דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפירט לימודים פון העברעיש און תנ"ך מיט אַ ריינעם ליטווישן אַקצענט, אַז יעדעס וואָרט האָט געמוזט אַרויסגעזאָגט ווערן קלאָר, וואָרט נאָך וואָרט, און די תלמידים האָבן נישט געטאָרט אַראָפּשלינגען האַלבע ווערטער, ווי עס האָט זיך געפירט ביי די היימישע מלמדים, ביי וועלכע דער עיקר איז געווען דער „געדאַנק", דער מיין פון געזאָגטן, און נישט די חיצוניות — ווי עס ווערט אַרויסגעזאָגט. דאָס אַליין, אָט די נאָוואַטאָרישע פּרוּוון, איז שוין ביי די חסידישע יידן אין שטעטל געווען פאַררעכנט פאַר אַ שטיק אפּיקורסות, און ר' ישראלקע, וואָס איז אין דער אמתן געווען אַ שומר מיצוות און אַ „פרומער ליטוואַק" האָט געהאַט פון זיי אויסצושטיין צרות צרורות.

אַ שפּרונג אויף דעם געביט איז געווען דאָס אַנטשטיין פון דעם „חדר מתוקן", אָדער ווי די חסידים האָבן דאָס גערופן „חדר מסוכן" — אַ געפערלעכער חדר. צום אַנטשטיין פון דעם פּראָגרעסיוון חדר האָבן צוגעהאָלפן דאָס ביסל „ליטוואַקעס", די אַזוי גערופענע „פּאָדריאַטשיקעס", וואָס האָבן זיך באַזעצט אין נאַווי־דוואָר, כדי צו פירן זייערע געשעפטן אין דער דערבייזיקער נאָוואָ־געאָרגיעווסקער (מאָדלינער) פעסטונג. זיי, צוזאַמען מיטן ביסל שטאָטישע משכילים, זענען עס געווען די איניציאַטאָרן פון אַ מער פּראָגרעסיווער דערציִונג, אין גייסט פון חיבת־ציון, און דער אונטעררריכט — אין דער „שפה חיה", דאָס מיינט: אין העברעיש. שוין גאָר נישט קיין חדר איז דאָס געווען, נאָר ממש אַ שולע. אַוועק דער קאַנטשיק, דער בייזער און שטענדיק פאַרביטערטער מלמד מיט זיין צוהעלפער — דעם סאַדיסטישן „באַהעלפער", וואָס האָט אויסגעקניפּט שטיקער פלייש ביי די יונגע תלמידים; אויך מער נישט די דומפּיקע צימערן פון אַלטן חדר. דער „חדר מתוקן" האָט זיך באַזעצט אין אַן אייגענע דירה פון עטלעכע לופטיקע צימערן אין דער אָפּיציִנע פון דעם גרויסן קאַסטן־הויז פון עקיבא באַקמאַן. דאָרט האָט מען שוין אויסמעבלירט שטענדערס מיט בענק, פאַר די תלמידימס באַקוועמלעכקייט, און פויזעס האָט מען געמאַכט ביים לערנען, נישט ווי אַ מאָל, ווען מען האָט געלערנט פון דער פרי ביז די שפּעטע אָוונט־שעהן, זיך באַגנוגנט נאָר מיט אַ הפסקה צו מיטאָג און נאָך געמוזט ממשיך זיין די לימודים אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אין דער

היים. מיט איין וואָרט — דאָ איז שוין געווען ווי אַ „שקאָלע", מיט לייטן גלייך.

כאָטש איך האָב אין דעם „חדר מתוקן" נישט געלערנט, איז פאַרבליבן אין מיין זכרון איינער פון די ערשטע לערערס, דער לערער שטיין, אַ שטיק באַהעמע־מענטש, אַ גוטער העברעער, ער פלעגט פון צייט צו צייט זיך דרוקן אין דער „הצפירה". ביז היינט געדענק איך נאָך זיינס אַ קליין מאָגער העפטעלע פון אַ 10—12 זייטן „הטובע" (דער טרענ־קענדיקער), באַצייכנט מיטן נאָמען פון מחבר א. י. שטיין. די קינדער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם העפטל, גרייסנדיק זיך מיט דעם, וואָס זייער „מורה" איז אויך אַ גרויסער שרייבער. דער לערער שטיין איז נאָר אַ קורצע צייט געווען אין נאָווי־דוואָר.

ווער עס האָט דעם „חדר מתוקן" אַוועקגעשטעלט אויף פעסטע פעדאַגאָגישע יסודות און אַריינגעלייגט אַ סך מי און ענערגיע פאַר דער דערציונג — איז געווען דער לערער ראובן מילנער, וועלכער איז מיט אייניקע יאָר צוריק ניפטר געוואָרן אין ישראל. לאַנגע יאָרן איז ער געווען לערער און אַ געוויסע צייט אויך מנהל פון דער גימנאַזיע אין פתח־תקוה. ער איז בשעתו געווען אין נאָווי־דוואָר דער לערער פון העברעיש און תנ"ך. געלערנט „עברית בעברית". זיין פרוי איז געווען די לערערין פון רוסיש און מאַטעמאַטיק. געווען נאָך איינער אַ לערער — אַן „אייביקער סטודענט", וואָס האָט געלערנט אַנדערע קענטשטאַנדן, זיין נאָמען געדענק איך נישט. ראובן מילנער האָט געלעבט אין נאָווי־דוואָר ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און נישט בלויז ווי אַ לערער האָט ער געווירקט אין נאָווי־דוואָר, נאָר אויך זיך שטאַרק באַטייליקט אין אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די שולע איז דעמאָלט געוואָרן אַ באַזע פאַר דער געהיימער — צו יענער צייט — ציוניסטישער טעטי־קייט. דאָרט זענען אויך פאַרגעקומען חנוכה־אָוונטן, פורים־פאַרשטעלונגען און סתם עלטערן־פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן שטילן אָפּזינגען פון „התקוה".

אינעם לאָקאַל פון דער שולע איז יאָרן לאַנג געווען דער „ציוניסטישער מנין" מיט דעם גבאי ראשון — דער ציוניסטישער וועטעראַן ר' שמשון נטע סרעברניק. ביים אויפרופן צו דער תורה איז דער „בעבור שנדר" געגאַנגען פאַרן קרן קיימת. דער „חדר מתוקן" האָט עקזיסטירט ביז צום אויסברוך פון דער



ראובן מילנער ז"ל און זיין פרוי, ביידע לערערס פון „חדר מתוקן"

ערשטער וועלט־מלחמה. ווען די נאָווי־דוואָרער יידן זענען ביים אויסברוך פון דער מלחמה פאַרטריבן געוואָרן פון זייער שטאָט האָט דער „חדר־מתוקן" זיך ממילא ליקווידירט.

ווען די דייטשן האָבן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָקופּירט פּוילן און די נאָווי־דוואָרער יידן האָבן זיך אומגעקערט אין זייער שטעטל און דאָס לעבן האָט זיך אַ ביסל נאָרמאַליזירט, האָט זיך אויך באַנייט די טעטיקייט אויפן געביט פון שול־וועזן. צו יענער צייט איז קיין נאָווי־דוואָר אַראָפּגע־קומען דער לערער ראָזנבאַום, אַ לערער פון די יידישע גמינע־שולן אין וואַרשע, און געגרינדעט אַ שולע פאַר יידישע יינגלעך און מיידלעך, ווו מען האָט געלערנט העברעיש און דעם רוסיש אויסגעטוישט אויף פּויליש און דייטש. די שולע האָט זיך געפונען אין הויז פון ראָזענפעלדן (דאָס אַמאָליקע הויז פון מאָטעלע פּרץ), וואָס אויפן „פּוילישן מאַרק" אַנטקעגן דעם שטאָט־גאָרטן. ראָזענבאַום אַליין איז געווען דער לערער פון העברעיש, אַ לערער פון דייטש איז געווען אַ געוויסער בראַנד, אַ יידישער סאָלדאַט אין קליינעם דייטשן גאַרניזאָן, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין שטעטל. אָט דער דייטשער ייד בראַנד האָט זיך געפּלייסט אַריינ־צוברענגען אין די מוחלעך פון זיינע יונגע שילער די דייטשע שפּראַך און דער עיקר האָט ער מיט זיי פעסט איינשטודירט דעם דייטשן שאָוויניסטישן הימען: „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס"...

ראָזענבאַום האָט אַראָפּגעבראַכט עטלעכע אויסגעהונגערטע סטודענטן פון וואַרשע, וועלכע ער האָט באַשעפטיקט אַלס לערער אין זיין שולע און אַ טייל פון זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. איינער פון די ערשטע צווישן זיי איז געווען יונה שפּער, אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער מענטש, אַ שטילער תלמיד־חכם און גרויסער בקי אין חכמת ישראל, ער האָט נישט לאַנג געגעסטיקט אין נאָווי־דוואָר און איז אַוועק צוריק אין דער גרויסער שטאָט פאַרענדיקן זיין שטודיום. ער איז שפּעטער לאַנגע יאָרן געווען דער לייטער פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער לובלינער וואָיעוואָדסטווע. דער צווייטער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פּריוואַט־לעקציעס, איז געווען דוד זשאַרנאָווער, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ דורותדיקער וואַרשעווער משפחה און אַ זייער אינטעליגענטע היים. ער האָט געלעבט אין נאָווי־דוואָר עטלעכע יאָר און זיך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן נישט באַטייליקט, ווייל ער איז בטבע געווען אַן „אַליינגייער". אידעאָלאָגיש האָט ער אָנגעהערט צו דעם מין „סאַלאָן־קאָמוניסטן", געווען אַ שרעקלעכער ציוניסטן־פרעסער און אַן אַסימילירטער ייד, וואָס האָט קיין יידיש וואָרט נישט געקענט און גערעדט נאָר פּויליש. איך דערמאָן זיך, ווי אויף אַ גרויסער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג ביי ראַבינאָוויטשן אין זאַל האָט ער באַקומען אַ וואָרט צו אַ דיסקוסיע. אין זיין פּליסיקן און חנעוודיקן פּויליש האָט ער געוואָלט באַווייזן, אַז וויצמאַן איז אייגנטלעך אַ פאַרשטייער פונעם ענגלישן אימפּעריאַלים אאַז"וו. אָבער דאָ האָט געפּלאַצט דאָס געדולד און איך און מיין חבר ליפּא מונדלאַק ז"ל האָבן אים מער נישט געלאָזט רעדן און דער היציקער בערעלע ווענגאָזש איז געלאָפן צו דער טריבונע מיט געביילטע פויסטן, שרייענדיק: „משומד אַראָפּ!". ער איז געבליבן שטיין אויף דער טריבונע אַ געל־בלאַסער, מיט דעם שטענדיקן ציניש שמייכעלע אויף די ליפּן, אָבער דעת הקהל האָט געזיגט און ער האָט געמוזט איבעררייסן. ווי ס'איז צו מיר דערגאַנגען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער זיך געראַטעוועט און ער געפינט זיך אין ענגלאַנד.

נאָך אַ העברעישער לערער דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, דאָס איז דער לערער וואָלאָוויטש, וועלכן ראָזנבאַום האָט אַראָפּגעבראַכט אַלס איינעם פון די פּעדאַגאָגן פאַר זיין שולע. וואָלאָוויטש האָט מיט זיין אימפּולסיוון און שטראָפּעדישן טעמפּעראַמענט נישט געקאָנט לאַנג הויזן מיט דעם „דיקטאַטאָרישן" ראָזנבאַום. אין נאָווי־דוואָר איז ער אָבער פאַרבליבן שיינע עטלעכע יאָר און אויסגעהאַלטן זיך פון פּריוואַטע העברעישע לעקציעס און פון לערנען די בעל־הבתישע זינדלעך בוכהאַלטעריע. אַ שטרענגער איז ער געווען, אַ פאַרברענטער ציוניסט און אַ קעמפערישער העברעיסט. ער האָט זיך באַטייליקט אין ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, געווען אַן אָפּטער איינגייער אין דער „שלום עליכם־ביבליאָטעק" און דאָרט געהאַט שטענדיק טענות, פאַר וואָס אַזוי ווייניק העברעישע ביכער. אַז ס'איז געקומען צו העברעיש האָט ער געצאָרנט און געדונערט, זיך אַזש פאַרכליניעט פון כעס און אָנגעהויבן צו רעדן אויף זיין טיף „ראָסייער" יידיש, וואָס גאָר ווייניקע האָבן קוים געקענט פאַרשטיין. דער בייזער ריטער פון העברעיש אין אונזדער שטעטל איז ער געווען, אָבער לא הקפּדן מלמד... און קיין גרויסע קאַדרען פון העברעיש־קענער האָט ער נישט נאָך זיך געלאָזט.

ואחרון אחרון חביב, דאָס מיין איך דעם לערער יוסף ראָזנזאַפט, וואָס אויך אים האָט דער הונגער פאַרוואָרפן אין אונדזער שטעטל, ווו ער איז פאַרבליבן אַ סך יאָרן, און מיר אַלע געדענקען אים פון זיין אַלזייטיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — ספּאָרט, טעאַטער און דער עיקר — זיין בלב ונפש איבערגעגעבענע ציוניסטישע טעטיקייט צווישן דער נאָווי־דוואָרער יוגנט. די שפּורן פון זיין ציוניסטישער אַרבעט האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויף לאַנגע יאָרן. ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיין פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר אַ גרויסן ציוניסטישן נאָכוווקס. ער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק ניפטר געוואָרן אין ישראל.

כדאי אויך צו דערמאָנען די אַלגעמיינע פאָלקס־שולע, וואָס האָט זיך געפונען, פאַר דער באַגין־צייט פון דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט, ביים שאָסיי אויפן וועג צו דער באַן. די גרעסטע צאָל שילער זענען דאָרט געווען יידישע, און — ווי איך געדענק — זענען דאָרט געווען 3 יידישע לערערקעס, די פרוי בערמאַן (פרוי פון נאָווי־דוואָרער קהילה־פּרעזעס ר' יחזקאל בערמאַן) מיט איר טאָכטער און די סימפּאַטישע לערערין ראַבינאָוויטש, די פרוי פון דעם בונדישן טוער ישראל ראַבינאָוויטש, וועלכער איז מיט אַ יאָר צוריק געשטאָרבן אין מעלבורן, ווּהין ער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַצישע לאַפּעס.

די אַלע פּרטים וועגן שולוועזן און לערערס זענען

דאָ פֿאַרצייכנט אויפֿן סמך פֿון מיין זכרון, וואָס איך געדענק פֿון מיינע יוגנט־יאָרן. איך וויל פֿאַרענדיקן מיט אַ פּאָר נאָטיצן וועגן די לערער פֿון די „ציש״אָ״־שולן אין נאָווי־דוואָר, וואָס האָט שוין צו טאָן מיט די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין נישט געווען אין נאָווי־דוואָר. וועגן די „תרבות״־שולן שרייבט דאָ דער לערער פֿון די שולן פּלעסער, און אַ שיין בלעטל גיבן צו די קינדער פֿון די „תרבות״־שולן מיט זייערע בריוו. כדי צו דערמאָנען די אַלע לערער פֿון די נאָווי־דוואָרער „ציש״אָ״־שולן באַנוץ איך זיך מיט די מקורות פֿונעם „לערער־יזכור־בוך פֿון די אומגעקומענע לערער פֿון ציש״א־שולן אין פּוילן״, וואָס איז דערשינען אין 1954, אונטער דער רעדאַקציע פֿונעם וועטעראַן פֿון יידישן שולוועזן אין פּוילן — ח. ש. קאַזשדאַן. לאָמיר זייערע אַלע נעמען דערמאָנען כראָנאָלאָגיש, ווי זיי דערשיינען אין דעם לערער־יזכור־בוך:

מענדל בראַנדעס, געענדיקט דעם וואַרשעווער לערער־סעמינאַר פֿון „ציש״אָ״. ער האָט געשטאַמט פֿון סטאַניסלאַוואָוו אין גאַליציע. געווען לערער אין זשעטל, נאָווי־דוואָר, פּינסק.

פֿעשקע גאָלדמאַן, געבוירין אין קאָברין אין 1908. אין אַ בריוו פֿון נאָוועמבער 1938 שרייבט זי: „דאָ אין שול אַרבעטן די לערערינס ביטנער, זאַק און באַציאַן. די ערשטע צוויי זענען געוועזענע סעמינאַריסטינס. די שול שטייט דאָ גאַנץ שוואַך. די מאַטעריעלע לאַגע איז זייער אַ שווערע און דאָס איז במילא אויך משפּיע אויפֿן אויסזען און אינהאַלט פֿון שול־לעבן. אין 6 אָפּטיילונגען אַרבעטן בסך הכל 3 לערערינס. פֿאַראַיאָרן האָט דאָ געאַרבעט חוה סעגאַל, איז זי הייַיאָר אַוועק״.

פֿייגל גאָלדמאַן, אַן עלטערע שוועסטער פֿון דער לערערין פֿעשקע גאָלדמאַן, געענדיקט דעם ווילנער לערער־סעמינאַר. געווען לערערין אין קאָברין, נאָווי־דוואָר א״א.

באַציאַן (באַטשיאַן), לאַנגיאָריקער לערער, געאַרבעט אין 1938־39 אין נאָווי־דוואָר, פֿריער — אין פּרוזשאַני.

אָט די אַלע לערער און לערערינס, זענען געווען פּיאָנערן פֿון יידישן שולוועזן אין נאָווי־דוואָר, אין אַלע זיינע שאַטירונגען. צו אַ וועלט פֿון וויסן און איידלקייט האָבן זיי דערצויגן אין אַ דור פֿון באַרבאַרן. זיי, צוזאַמען מיט זייערע שילער, האָבן דערנאָך געזען דאָס פּנים פֿון דער „איידעלער״ וועלט.

**צבי פלסר** / תל־אביב

# בית הספר „תרבות"

השנים 1932—1933 היו שנות פריחה לתחיה הלאומית העברית בפולין בכלל ולתנועת „תרבות" בפולין בפרט.

יהדות־פולין, שהצטיינה במסירותה לתנועה הציו־נית, הבינה שתנועה לאומית מלאה ושלמה תתכן רק על רקע של חינוך עברי. בכל עיר ועיירה הוקם בית־ספר עברי „תרבות" שהקרין מסביבו אהבה לציון, לעברית ולתחיה הלאומית. מורים ומורות צעירים שהתחנכו בסמינרים למורים של „תרבות" בגרודנה ובוילנא, התפזרו בערים ובעיירות של פולין וחינכו את הדור הצעיר תוך מסירות ואהבה לעברית. השפה העברית, בהברה הספרדית המקובלת בארץ ישראל, צלצלה ברחובות של כל עיר ועיירה ברחבי פולין. הדור הצעיר התחנך לאהבת הארץ, לחלוציות ול„הסתד־רות" ולכל הערכים שנתקדשו ונתעלו בארץ ישראל של הימים ההם.

סיימתי את הסמינר למורים בוילנא בשנת 1932 ומיד נשלחתי ע"י מרכז „תרבות" לנהל בית־ספר „תרבות" בנובי־דבור. זוכר אני היטב יום בואי לנובי־דבור, באתי לשם בסוף הקיץ 1932, לפני חג הסוכות, לפתיחת בית־הספר. הגעתי בלבוש קיץ קל, חולצה לבנה עם צוארון פתוח, וגלוי ראש. בין חברי הועד של בית־הספר שקבלו אותי ע"י התחנה היו גם אנשים דתיים שלא ראו בעין טובה את „הלבוש הזה". הם חשבו לראות מנהל ביה"ס בחליפה נאה עם עניבה, מגבעת על ראשו... הצעירים שביניהם, שסמכו על מרכז „תרבות", קבלו עליהם להכין אותי לקראת הופעתי בישיבת הועד באותו ערב. אחד מהם, יצחק גרינר שמו, חבש לשם כך לראשי את מגבעתו עד שאקנה מגבעת המתאימה למנהל של בית־הספר. התחילו גם להכין ל„מציאות" בנובי־דבור: בועד ביה"ס נמצאים גם אנשים דתיים בהכרה ואין לזלזל בהם. יש בביה"ס ללמוד את התנ"ך חבושי־כובע ולהזהר מ„אפיקורסות בפרהסיה" שעלולה להזיק למוסד.

באותו יום כונס הועד של ביה"ס ועלי היה להופיע לפניו ולהרצות את תכנית הלימודים ועל המטרות החינו־כיות. שמעתי מפיהם על בנין ביה"ס, הנמצא בבית שכור, על המצב הכספי של ביה"ס, על מספר הילדים וכו', — דברים שהכניסוני למציאות בעיירה טיפוסית שבפולין המרכזית בימים ההם. למחרת באו יתר המורים להשלמת הסגל, מורה לכתה א', מורה לשפה הפולנית, וכן מורים אחרים. ובערב כונסו ההורים שרשמו את ילדיהם לביה"ס. הגיע גם המפקח על בתי הספר בימים הם י. איינשטיין ז"ל. נפתחה האסיפה ושוב הוטל עלי להופיע לפני ההורים, למסור על תכנית הלימודים ועל מטרות ביה"ס „תרבות" בכלל. הצגתי את המורים ונתתי למפקח את רשות הדיבור. למפקח היה חוש עממי ודבריו שהיו מתובלים דברי בדיחה עממיים, היו מכוונים בעיקר להורים. הוא דיבר על ערך ביה"ס העברי בעיירה כמרכז תרבותי לכל העברים בעיירה, על המורים — כמומחים להוראה ממדרגה ראשונה, בקיאים בכל מכמני הפדגוגיה החדישה ויודעים להתאים את עצמם לכל אחד מהתלמידים, גם לקשים ביותר שביניהם. דבריו שמצאו מאד חן בעיני ההורים, הוציאו מלבותיהם כל מיני ספקות וחששות, כולם בטוחים היו בהצלחת המפעל ובהצלחתם של המורים, ובית הספר „תרבות" בנובי־דבור הוקם.

למחרת האסיפה הגיע תורם של התלמידים לפתיחת הלימודים של שנת תרצ"ג. בפגישה הראשונה עם הילדים היה נעים וטוב גם למורים וגם לילדים. דברנו עם הילדים על ספרי הלימוד ועל שנת הלימודים שמתחילה, על תכנית העבודה, חלוקת השעות וכו' וכו'. הילדים היו מאושרים שזכו לבקר בביה"ס העברי „תרבות" ולמרות הקשיים השונים, כגון קשיי הדיור, חוסר ספרי לימוד מתאימים ועוד, היתה השמחה שרויה במעוננו הדל. מסביב לבית־הספר התכנסו מיד בני־העיר, אנשים ותיקים ואנשי מעשה, העושים בכל פעולה ציונית בעיר ומחוצה לה. בראש ביה"ס עמד ועד פעיל שנקרא גם ועד הורים, וכמעט לכל אחד מהם היה ילד בביה"ס. הועד היה מתכנס בכל שבוע, עיקר הדיונים היו מסביב לתקציב ביה"ס, שלא היה לגמרי מאוזן. הבסיס של התקציב היה שכר הלימוד המודרג של הורי התלמידים בתוספת כל מיני פעולות־עזרה בעיר ובמוסדות „תרבות" המרכזיים. יש לציין אנשים אחדים שהיו מסורים ביותר לביה"ס וראו בו מפעל מרכזי חשוב בעיר נובי־דבור, ביניהם הח' יצחק גרינר, הרוח החיה בכל פעולה וג. קרצוביץ'. הנני שמח לציין ששניהם הצליחו להגיע ארצה לאחר השואה.

בית הספר „תרבות" ריכז מסביבו את זקני העיר, אשר לבם היה פתוח לכל מפעל ציוני, הם ראו בבית־הספר מפעל לאומי, מרכזי, ואין לתאר את שמחתם ואושרם. מצד שני נמצאה בנובי־דבור שכבה של מתבוללים, שעמדו מרחוק ולא התערבו בכל עניני בית־הספר. שכבה זו שחונכה על ברכי השפה והספרות הפולנית, לא היה להם כל מגע וקשר לציונות ולעברית ותרבותה. גם בני הנוער שחונכו בבתי־ספר פולניים, דברו ביניהם פולנית בביתם וכן גם בחברה, וכמעט שלא היה להם כל ענין בעברית בבית־הספר „תרבות".

לאט לאט הוקם על ידינו מרכז תרבותי בביה"ס, בו קיימנו הרצאות ספרותיות שונות וויכוחים על ספרים עבריים ולא עבריים, סקירות מהעתונות היהודית ובעיקר מסביב לנעשה בארץ ישראל. כן קשרנו קשרים עם הארגונים והמוסדות הפועלים למען ארץ ישראל כגון: הקהק"ל, קפא"י (קרן פועלי ארץ־ישראל, שהוקמה בארץ ישראל לאחר המאורעות ב־1929) ובית־הספר נהפך למרכז פעיל למען ארץ ישראל ומפעליה שהדיהם הגיעו אלינו. הסבנו את תשומת־לב הציבור לכל מאורע ולכל פעולה.

כדי לאפשר לילדים לחיות ב„משהו" את חיי ארץ־ישראל קיימנו בבית־הספר פעולות שונות מחוץ ללימודים, כגון „מסיבות שבת" ו„מסיבות חג" שבמרכזן הועמדו מאורעות השבוע בארץ־ישראל לפי מה שהתפרסם בעתונות הארצי־ישראלית שהגיעה אלינו.

פעם — פעמיים בשנה ערכנו נשפי ילדים, אשר הכנסתם היה קודש לכיסוי התקציב של בית־הספר. על פי רוב היה זה בחג חנוכה, פורים או בגמר שנת הלימודים. בסוף השנה הראשונה החלטנו במועצה הפדגוגית לסדר תערוכת עבודות שנעשו על ידי הילדים בשעורים למלאכה

תנאי הדיור של בית־הספר „תרבות" היו גרועים מאד. בית־הספר נמצא בבית שכור של שני חדרים, בקומה השניה, ועוד שני חדרים קטנים בחצר. חדר־מורים לא היה לנו בכלל, ישיבותנו התקיימו בחדר של הספריה העירונית הציבורית ע"ש שלום עליכם, בין אצטבאות הספרים, שם גם קבלתי את ההורים לשיחות, כמנהל בית־הספר.

בתנאי הדיור הגרועים הללו החלטנו לקיים את התערוכה. המוצרים שהובאו מבתי הילדים היו רבים, מגוונים ויפים מאד. כאן המקום להזכיר את מסירותם של המורים לעבודה במוסד, נוסף על עבודת ההוראה הם נתנו יד לכל מפעל ולכל פעולה לטובת בית־הספר.

בעיקר יש לציין את מסירותה של הח' יהודית קרצוביץ, המורה למלאכת־יד, שעשתה שעות רבות בביה"ס עם הילדים לשם שכלול העבודות והכנתם לתערוכה. אספנו עבודות די יפות וסדרנו אותן בשני חדרי הלימוד. הרושם של תערוכה זו היה ניכר בעיר כולה. הורי הילדים באו לחזות בעבודות בניהם, באו גם הורים שלא היו להם כלל ילדים בבית־הספר. התערוכה מילאה שליחות טובה. עצם הענין, תערוכת עבודת־ילדים, היה דבר חדש שעניין אפילו את המורים של בתי־הספר הפולניים בעיר. למרות שנאתם למוסדות היהודיים באו אל התערוכה. אנחנו הסברנו להם את המוצגים והם שיבחו את מאמצינו ואת מאמצי הילדים.

לקראת חופש הקיץ העלינו רעיון לצאת עם הילדים של הכיתה הגבוהה, כיתה ג', לאחר הכפרים הסמוכים שע"י הנהר ויסלה. קבלתי עלי לצאת עם אחד מאהודי הרעיון לחפש בית מתאים באחד הכפרים בסביבה, קרוב לעיר, כדי שהורי הילדים יוכלו לבקר את ילדיהם בכפר.

מצאנו בית כזה אצל ראש הכפר מתאים למבוקשנו, בסביבת יער ארנים ע"י הנהר. ראש הכפר הבטיח לנו את חסותו, כיון שהרוחות בסביבות ווארשה היו די מתוחים בזמן ההוא, ימי עליתו של היטלר בגרמניה, והשפעתם הורגשה לרעה גם בפולין ובעיקר בכפרים, מקום שם היו ה„לאומנים" מביטים בעין רעה על מפעלי היהודים.

השמחה לבשורת הקיטנה היתה גדולה, התכוננו יפה למאורע זה. מצאנו בעיר אשה שהסכימה לקבל עליה את הטיפול במשך הקיטנה בבישול ובהכנת מזון. כסף לקיטנה חסך כל ילד בקופה מיוחדת במשך כל השנה. ובחודש יולי 1933 יצאתי עם קבוצת הילדים לכפר. הילדים שמחו מאד, אך לבי אני היה מלא חששות: מי יודע כיצד יתיחסו אלינו צעירי הכפר? האם לא יפילו פחד על הילדים? והיה לי על מה לבסס את חששותי — מכיון שראש הכפר ביקשני להודיע למשטרה על הקיטנה ולבקש את עזרתה.

ובאמת, באחד הערבים הראשונים, שכנעדרתי מהכפר (יצאתי לעיר לישיבה) מצאו להם בני הכפר הזדמנות להתנפל על הילדים ששיחקו בגן מסביב לביתנו, רגמו אותם באבנים וגרמו במעשיהם הפרועים לבהלה גדולה. למחרת בבוקר, כשחזרתי לכפר, עלה לי בקושי להרגיע את הילדים ולהחזירם למסלול החיים הרגילים בקיטנה.

ראש הכפר סיפר לי: כשנודע לו דבר ההתנפלות,

הופיע מיד וגירש את המתנפלים והזהירם כי יש נשק בידי מנהל הקיטנה. זה הרתיע אותם ולא העיזו להתקרב לבית עד סיום הקיטנה. המאורעות מסביב, הידיעות בעתונים על התנפלויות שונות על יהודים „בימי שוק" השפיעו לרעה גם עלינו, אך בכל זאת החזקנו מעמד עד הסוף, ושמחתי בהצלחתנו להחזיר את הילדים בשלום לבתיהם.

אין כל ספק שהחיים בצותא במשך חודש ימים עשתה הרבה להתפתחותם הכללית של הילדים ופיתוח הלשון העברית, כאשר ניתנה להם האפשרות לחיות בה חיים מלאים.

זוכר אני עד היום את החוויה שהיתה לי בשעת האזכרה שערכנו לאחר מותו של חיים נחמן ביאליק ז"ל. אזכרה זו השרתה אוירת אבל מיוחדת. הילדים לא יכלו להרגע מההרגשה המרה, שהנה נלקח מאתנו המשורר הגדול, איש המופת, אשר התהלך בינינו והורה לנו דרך.

בשובי מהקיטנה התחלתי לטפל בעליתי ארצה. היתה לי תחושה שאסור לי להמשיך לשבת בגולה. ידעתי שאני עושה עבודה חשובה בגולה, אך לא היה שקט בנפשי ולבי אמר לי, כי עלי לעלות בלי דיחוי. כיון שקשה היה בימים ההם להשיג רשיון לעליה כחלוץ, פניתי לאוניברסיטה העברית בירושלים ובקשתי להתקבל כתלמיד מן המנין, ואמנם נתקבלתי לפקולטה למדעי היהדות והיה עלי להחיש את עליתי כדי להגיע להתחלת שנת הלימודים הקרובה.

עבדתי כל אותה השנה בהרגשה שלקראת שנת הלימודים החדשה באוניברסיטה אעלה ארצה ושזוהי השנה האחרונה לשהותי בגולה.

בגמר שנת הלימודים תרצ"ד בליתי את חופש הקיץ בחוג משפחתי. לא ידעתי שזהו הקיץ האחרון שזכיתי לבלות עם אמי הורתי ועם אחי ואחיותי ז"ל, שניספו בשואה הגדולה שירדה על עמנו.

בשנת 1933 רבו גילויי השנאה ליהודים בפולין. האויר כולו היה רווי רעל של משטמה עזה. קשה היה לא לראות את הצעדים הראשונים של מלחמת העולם השניה. העתונים היו מלאים הודעות על פרעות ביהודים, פה ושם, בעיירות שונות, רבו ההתנפלויות על היהודים בימי השוק. לא רחוק מנובי־דבור הקימה הממשלה הפולנית מחנה־נוער פולני על מנת להעסיק אותם בעבודות פיתוח שונות. במחנה זה התנהלה הסתה נגד היהודים. כל ערב כשהנערים הללו היו מופיעים בעיר, היו מחפשים אחרי היהודים ומכים אותם מכות נמרצות. כן היו מנפצים את השמשות בחנויות היהודים. הפחד בעיר היה גדול ובכל בוקר היו הילדים מביאים ספורים על תעלוליהם של בני מחנה הנוער. בארגוני הנוער היהודי בעיר התחילו לשוחח על הצורך להתארגן לשם התגוננות בפני הנוער הזה לקראת הבאות. השפעתו של



היטלר ימ״ש ברחבי פולין היתה מורגשת מיום ליום יותר, וכל זה חיזק בי את רצוני למהר ולעלות ארצה.

בתחילת נובמבר 1934 קבלתי הודעה מהמשרד הארצישראלי, שבסוף נובמבר עלי להיות מוכן לעליה. לפני יציאתי ברכבת המובילה את העולים מווארשה לקונסטנצה סודרה ע״י ועד ההורים מסיבת פרידה מפוארת, בה השתתפו כל הורי התלמידים, בלינו עד שעה מאוחרת. בשעות היום נפרדתי מהתלמידים, רבים מהם בכו והגישו לי מתנות שונות. היפה והנעימה שבכולן — מחברת, שבה כתב כל אחד מהם דברי פרידה. מחברת זו יקרה לי מאד ושמורה אתי עד היום.

לאחר המסיבה, בשעה 12 בלילה, ליוו אותי לתחנת הרכבת של העיר, ורבים מהמלוים ליווני גם לווארשה עד הרכבת הבינלאומית המובילה את הנוסעים לקונסטנצה, וכך נפרדתי מפולין.

קשה לי לסיים את זכרונותי אלה מבלי להזכיר אחדים מהילדים השמורים עד היום בזכרוני: ישראל שטולצמן, אסתר צוקרמן, יוסף שלנג, צ׳חנובסקי, ארליך, בנדר, ועוד רבים אחרים. נשמות טהורות בני ישראל קדושים, אשר התכוננו בכל נפשם לפעול ולעשות למען עמם וארצם.

אין לי ספק שלולא קם עלינו הצורר האיום ימ״ש וזכרו היו כל אלה עתה כאן בארץ. יהא זכרם ברוך ונשמותיהם צרורות בצרור החיים יחד עם נשמותיהם של כל שאר טהורי וקדושי עמנו, אשר ניספו בשואה האיומה שבאה עלינו.

בריוו פון אַ תלמיד פון דער „תרבות״ שולע אין נאָוו.
צום לערער צבי פּלעסער, נאָך זיין עליה קיין ארץ־ישראל

# ארץ־ישראל אין לעבן פון די „תרבות"־שילער

די העברעיִשע דערציונג אין דער „תרבות"־שולע האָט אויך געגעבן אירע רעזולטאַטן אין דער באַציונג פון די שילער צו ארץ־ישראל. ס'האָט זיך אָנגעזען אין זייער איבערגעגעבענער אַרבעט פאַרן קרן־קיימת, ווי אויך אין דער טיפער בענקשאַפט עולה צו זיין — ווען די יאָרן וועלן עס דערמעגלעכן — קיין ארץ־ישראל.

די וואַרעמע בריוו צום לערער פלעסער, נאָך זיין עליה קיין ארץ־ישראל; די ברייוולעכע באַציונגען מיט קינדער פון ישראלדיקע דערציונגס־אַנשטאַלטן — זאָגן עדות, ווי טיף די העברעיִשע דערציונג האָט אַריינגעפלאַנצט אין די קינדער אַ ליבשאַפט צום יידישן לאַנד.

גאָר בולט אַנטפּלעקט זיך עס אין גערלאַנגל פון שילער דב סאָשינסקי, פאַר זיין רעכט צו עליה. זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט הענריעטאַ סאָלד, איז געווען אַ פּאַר־צווייפלטע באַמיִונג צו פאַרווירקלעכן דעם חלום פון עליה און שיבת־ציון, פון איינעם פון אַ סך יידישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן דערצו נישט זוכה געווען, און פריצייטיק פאַרשניטן געוואָרן.

אַ בריוו פון די תלמידים פון דער „תרבות" שולע אין נאָווי־דוואָר צו די קינדער פון קיבוץ „משמר העמק" אין ארץ־ישראל



# קרן קימת לישראל
הלשכה המרכזית בפולניה
**KEREN KAJEMET LEISRAEL**
(przy Org. Sjonistycznej)





Warszawa, Plac-Grzybowski 7 ורשה, מגרש-גזיבוב
Telefon № 219-18 תיליפון
Konto czekowe P.K.O. № 2401 חשבון טשיקאי של הפוסטה
Adr. telegr: KAJEMET WARSZAWA :כתבת טלגרפית


Warszawa, dn. 28.2.37 ורשה, יום י"ז אדר תרצ"ז

יק/פג — בתשובה נא להזכיר Nr. 7319

מחלקת-בתי-הספר והנוער

חובת הבול של הקרן הקימת לישראל מוטלת על כל מכתב, חשבון ותעודה של יחיד ומוסד הרוצה בגאולת-הארץ.

אל
ועדת-התלמידים לעניני הקרן-הקימת-לישראל
בבית-הספר „תרבות"
בנובי-דבור-דוורשה

חברים צעירים ויקרים,

בעיון רב קראנו את הארטיכל ששלחתם לנו, שמתוכו אנו נוכחנו לדעת, כי אתם משתדלים למלא באמונה ובמסירות את תפקידיכם של מנהלי העבודה למען קרן הגאולה. החגיגות, האקדמות והמפעלים שהנכם מסדרים מוצאים חן בעינינו והרינו מאחלים לכם, שתצליחו להצעיד קדימה עוד יותר ויותר את עבודת הגאולה.

מר בוקסר שבקר את מוסדכם מסר לנו על עבודתכם המסורה והנאמנה למען הקרן-הקימת-לישראל. מתוך מכתבו עמדנו על הצטיינותו המיוחדת של יושב-ראש הועדה תלמיד הכתה השביעית דב סושינסקי בפעולתו הערה והרינו רושמים לפנינו את הדבר מתוך קורת רוח ושביעת רצון מיוחדת. תקותנו אתנו, שכל תלמידי בית-הספר ילכו בעקבותיו ויעמדו על משמר עבודת הגאולה.

כתבו לנו, ילדים יקרים, לעתים תכופות, כתבו על מהלך החגיגות ביום חל-חי ופורים, כתבו הרבה הרבה.

בברכת חברים נאמנה
מחלקת בתי הספר והנוער
ע"י הלשכה הארצית
של הקרן הקימת לישראל
בפולניה

---

באַשטעטיקונגען וועגן דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון דב סאָשינסקי פאַרן קרן־קיימת און זיין רעכט אויף הילף צו עליה

---

**PRYWATNA**
**7-10 KL. SZKOŁA POWSZ.**
**z hebrajskim jęz. nauczania**
**stow. „TARBUT"**
w Nowym-Dworze k/M.

dnia 12.IV.37
L. dz. ..................

בי"ס כללי עברי פרטי
בן 7 מחלקות
של
הסתדרות „תרבות"
בנובי-דבור, דמודלין.

יום א' אייר צ"ז
מס. ..................

אישור.

בזה מאשר אני, שהתלמיד סושינסקי דב מצטיין בלמודיו ובהתנהגותו, עובד באמונה בזה, בתור יו"ר ועדת התלמידים למען הקרן קימת לישראל, ובאו ועבדה אצל [illegible] וכו׳.

מנהל ביה"ס: א. [illegible]



נובי-דבור סיון תרצ"ז

אל

פקידת הקרן

הנריטה סולד

ירושלים

שלום וברכה!

L. Soszynski
Nowy-Dwór-Mazowiecki
ul. Warszawska 37.
(Dla Dowa)

ווענדונג פון דב סאָשינסקי, אַ תלמיד פון דער „תרבות"־שולע אין נאָװ. צו הענריעטע סאָלד, װעגן דערמעגלעכן זײַן עליה קיין ארץ־ישראל

הועד הלאומי לכנסת ישראל בארץ־ישראל
GENERAL COUNCIL (VAAD LEUMI) OF THE JEWISH COMMUNITY OF PALESTINE

טלפון TEL. 1780
ת.ד. P. O. B. 471

ירושלים JERUSALEM

יס' בניסן תרצ"ז
31 במרס 1937

Ref. No. מספר 2420/שעב

המחלקה
לעבודה סוציאלית

לכבוד
[redacted] דב סושינסקי,
נובי דבור,
פולין.

[redacted] סושינסקי הנכבד,

קראתי את דבריך הלבביים שהבעת במכתבך מיום ג' בניסן ש"ז. אני מבינה יפה לגעגועיך העזים לארץ-ישראל, אולם עלי להסביר לך, כי לצערי אין כל תקוה, שאוכל לעזור לך לעליתך ארצה. טעות היא לחשוב, שיש לי איזו השפעה שהיא על עניני עליה. פעולותי בקשר עם עלית הנוער מצומצמות בהכרח בעבור הנוער מגרמניה בלבד, ואין לי כל סמכות איזו שהיא לחרוג מן הגדר הזה.

צר לי שאין בידי אלא תשובה שלילית זו, אולם מוטב להביע את הדברים כפי שהם ולא להשלותך בתקוות, שבמצבנו הנוכחי הן תקוות שוא.

בברכת ציון וכל כבוד

הנריעטה סולד

הנריסה סאלד
מנהלת המחלקה



20.000—2.37

ענטפער פון הענריעטאַ סאָלד, װעגן דער בקשה פון דב סאָשינסקי





די „פּאָווישעכנע“ שולע מיט די לערערס ראָזנזאַפּט, ראַבינאָוויטש און בערמאַן

שלמה וואָראָנסקי / תל־אביב

# די יידיש-וועלטלעכע שולע ציש״א

קינדער קומען בלומען רייסן
אין אַ זומערטאָג אַ הייסן.

אַזוי האָבן געזונגען די משהלעך, רבקהלעך, אסתרקעס און חיימס, שפּאַנענדיק פון זייערע נויט־היימען, די ד׳ על ד׳ שטיבער, צו זייער נייער היים — די יידיש־וועלטלעכע שולע. אָט די אַלע קינדערלעך האָבן אין זיך געטראָגן דעם צער פון זייער גורל, פון דער יידישער אָרעמקייט, און אינעם קינדער־קאָלעקטיוו פון דער יידישער שולע, אויף די שול־בענק ביי די אָפענע העפטן, און שטייענדיק אין גלייכע רייען אַקסל ביי אַקסל — האָבן זיי דערפילט דעם טעם פון פרייהייט און זייערע הערצער האָבן געזונגען. דאָרט זענען זיי דערצויגן געוואָרן צו זיין באַוווסט־זיניקע מענטשן און שטאָלצע יידן.

נישט לייכט איז אָנגעקומען דאָס שאַפן פון אַ יידישער שולע ביי אונדז אין שטעטל. אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט זאָרג פאַרן קיום — דאגת הפרנסה, און אויספירן אַזאַ קאָלאָסאַלע אויפגאַבע, האָט אויסגעזען ווי אַ חלום. אָבער די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט אין נאָווי־דוואָר האָט אויף זיך דעם עול גענומען. די איניציאַטיוו איז געקומען פון „בונד“ און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון „בונד“, רעכטע פועלי־ציון און האַנטווערקער. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה מיט זיצונגען, שוועריקייטן און שטערונגען, אָבער דער עקשנותדיקער ווילן האָט גובר געווען. ס׳איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז מיר טאָרן נישט אונדזערע ליבע קינדערלעך איבער־לאָזן אויף הפקר, צו השפעה פון דער גאַס. די הויפּטזאָרג איז געווען: וווּ געפינט מען אַ פּאַסיקן לאָקאַל און ווו נעמט מען צו באַצאָלן פאַרן ערשטן יאָר?

ס׳איז געווען אין די ערשטע מאָנאַטן פון יאָר 1928, ווען דאָס שאַפן אַ יידישע שולע איז אַוועקגע־שטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין נאָווי־דוואָר, ס׳איז נאָר געווען אַ ווילן, אַ חלום און אָן אַ שיער שוועריקייטן. אָבער באַלד האָבן זיך אָפּגעפונען די באַגייסטערטע יחידים, וועלכע האָבן זיך איינגעשפּאַנט צו דער עבודה מיט גלויבן און מיט ממשותדיקער הילף. קודם־כל דער באַליבטער שמואל גראַבמאַן. ער, דער גרויסער ליבהאָבער פון יידישער קולטור און ליטעראַטור, איז אַקעגנגעקומען מיט באַדייטנדיקער הילף און מיטגע־האָלפן דאָס שאַפן פון אַ יידישער שולע. מיט דעם האָט ער אויך געוואָלט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זיין פריצייטיק פאַרשטאָרבענעם זון, דעם יונגן אַקטיוון בונדיסט לעאָן גראַבמאַן, וועלכער איז געווען דאָס צירונג פון דער משפחה גראַבמאַן. און וואָס האָט געקאָנט זיין בכבודיקער פאַר דער אידעאַליסטישער נשמה פון פאַרשטאָרבענעם לעאָן, ווי אַ יידישע שולע — אַ היים פאַר יידישע קינדער? אָט די פינאַנציעלע הילף פון שמואל גראַבמאַן האָט דערמעגלעכט דעם שנעלן אויפקום און אַנטשטיין פון דער יידישער שולע.

צווישן די פריינד וועלכע זענען אונדז אַקעגנגע־קומען ביי דער גרינדונג פון דער שולע, דאַרף מען אויך דערמאָנען: מענדל מיילעכאָוויטש, הענעך טיק, שיע מאַגיד, ניסן שטיינבערג א״א. פון די רעכטע פועלי ציון האָבן דעמאָלט מיטגעווירקט אין דער פאַרוואַלטונג שלום קאַרצאָוויטש און מנשה קאָכאַלסקי.

אויך אַ סך געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, פאָרשטעלונגען און פאַרשידענע אימפּרעזעס זענען געווען פאַרבונדן מיטן אַנטשטיין פון דער שולע — זיי האָבן געדאַרפט מיטהעלפן פינאַנציעל צו איר גרינדונג און אויסהאַלטונג.

מיר האָבן אָנגעהויבן דאָס ערשטע שול־יאָר מיט ענערגיע און התלהבות. איך זע נאָך איצט פאַר זיך די קינדערלעך טאַנצנדיק און זינגענדיק, און צווישן זיי, ווי אַ גרויס קינד, די שוואַרץ־חנעוודיקע לערערין פייגעלע גאָלדמאַן. דאָס געזאַנג צעגייט זיך און דרינגט אַריין אין אַלע האָרעפּאַשנע שטיבער, און עס וואַקסט אויס אַ פּעריפעריע ליבהאָבער אַרום דער שולע.

דער ערשטער יאָרגאַנג ווערט פאַרענדיקט מיט אַ גוט צוגעגרייטע קינדער־פאָרשטעלונג. צום דערפאָלג העלפט אַ סך מיט די איבערגעגעבנקייט פון דער שול־פאַרוואַלטונג און אַלע שול־טוער. ס׳איז געווען אַ מאָנטאַזש „באַלמעלאָכעס“. די קינדער האָבן געזונגען:

שימעלע קוימענקערער דאָס בין איך.
זעט נאָר, זעט נאָר ווי הויך איך קריך
אויפן בוידעם, אויפן דאַך,
ס'איז ביי מיר אַ קליינע זאַך.

אונדזערע קינדערלעך זענען אַרויס אויף פּעריעז און זייער אויסזען און מוט איז געווען די בעסטע באַשטעטיקונג פֿאַר אונדזער שולע. זייער מוט האָט אונדז באַוויזן צו ווייטערדיקער אַרבעט.. מיר טרעטן צו צו עפּענען אַ צווייטן קלאַס. עס קומט צו נאָך אַ לערערין, פּלאַם — אַן אַפּשטאַמיקע פֿון שעדלעץ. אונדזער לערערין פּייגעלע איז שוין מער נישט פֿאַר־איינזאַמט, נאָך אַ טרייע חברטע צו איר שווערער אַרבעט. מען טראַכט שוין וועגן עפענען ווייטערדיקע קלאַסן, אָבער דאָס פּראָבלעם וועגן געלט־מיטלען ווערט אַלץ שווערער. פֿון דער שול־צענטראַלע איז נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן. אויך פֿון אָרטיקן מאַגיס־טראַט זענען נישטאָ קיין שאַנסן. אונדזער לאַווניק ח' רודאַווסקי מאַכט אַלע באַמיונגען צו באַקומען אַ שטענדיקע שטיצע. אָבער דער דעמאָלטיקער רעאַק־ציאָנערער און אַנטיסעמיטישער שטאַטראַט וויל פֿון דעם נישט הערן. זיי זענען אין דער שולע אַ צענטער פֿון די יידיש־פּראָלעטאַרישע כוחות אין שטאָט און זיי טענהן כלומרשט, אַז זיי האָבן נישט פֿאַר דעם קיין פֿאָנדן. אַלזאָ, די לאַסט פֿאַלט אויף אונדז אַליין, אויף דער אָרגאַניזירטער יידישער מאַסע, אויף די ליבהאָבער פֿון יידיש. מיט דער הילף פֿון די פֿאַר־שטייער פֿון די פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראייניגן ווערט אַרויפ־געלייגט אַ שטענדיקער שטייער אויף די מיטגלידער און דער דראַמאַטישער קרייז און פֿאַרשידענע קולטור־אימפּרעזעס גיבן צושטייער פֿון זייערע הכנסות. מען פֿאַרט אויף אַרויס אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווו קיין יידישע שולן זענען נישט פֿאַראַן, צו זאַמלען געלט, און אַזוי ווערט אויסגעהאַלטן די שולע.

די יאָרן לויפֿן, עס קומען צו נייע קלאַסן און נייע זאָרגן. לערער פֿאַרלאָזן און עס קומען אַנדערע. די שולע וואַקסט אין כמות און אין איכות. איר אָנזען וועקט אויך כבוד ביי דעם עלטערן דור, וועלכער האָט אַליין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט דורכצומאַכן שול־בילדונג. עס ווערן אויך געעפֿנט ביי דער שולע קורסן פֿאַר דער־וואַקסענע. אין 1937 ווערט אויך ביי דער שולע געעפֿנט אַ קינדערהיים.

מיר האָבן נאָך אַלע שוועריקייטן אויך דערלעבט דעם גליקלעכן טאָג צו זען דעם ערשטן אַרויסלאָז — די קינדער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די יידישע שולע. אַ געוואַלדיקן רושם האָט געמאַכט דער ערשטער סיום. נישט געווען קיין אָרט פֿאַר דעם גרויסן עולם אין זאַל און מען האָט געמוזט די פֿאַרשטעלונג איבערחזרן. די זיבן־קלאַסיקע יידישע שולע ווערט אַ שם־דבר מיט איר ניווא, מיט איר דערציונג און מיט אירע לימודים. אויך די לערער פֿון די יידישע „פֿאָווזשעכנע" שולן ווייזן אַרויס זייער אינטערעס פֿאַר די דערגרייכונגען פֿון דער יידישער שולע. דער ביז איצטיקער שול־לאָקאַל איז צו ענג און ס ווערט אַקטועל די פֿראַגע פֿון בויען אַן אייגן הויז. ס'זענען דאָ אויסזיכטן אויף אַ פּלאַץ, די פֿראַגע איז נאָר וועגן געלט פֿאַר אַ בנין, אַלע גלייבן, אַז אויך דאָס יועט נישט זיין קיין שטערונג און מיר וועלן עס דערגרייכן. אָבער... פּלוצלינג האָט זיך אָנגע־הויבן די היטלער־מלחמה און אונדזערע אַלע חלומות זענען געוואָרן צו נישט.

מיט יראת־הכבוד וויל איך דערמאָנען אונדזערע לערער, וואָס האָבן אָפֿט מאָל נישט דערגעסן און מיט אַזוי פיל מסירת־נפש געווידמעט זייערע וואָכן און יאָרן פֿאַר די יידישע קינדער און פֿאַרן איינפֿלאַנצן דאָס וואָרט פֿון יידישער שפּראַך און קולטור. איך זע נאָך איצטער פֿאַר זיך, ווי ביים שול־טיש, דאָס תמיד שמייכלענדיקע פּנים פֿון אונדזער לערערין פּייגעלע גאָלדמאַן; די באַשיידענע לערערין פּלאַם; די געניטע פּעדאַגאָגין האָלצמאַן, דעם שטרענגן און האַרציקן גרינבוים, דאָס מיפּולע פֿאַרפֿאַלק בראַנדעס, די לערערין זאַק (וואָס האָט זיך געפּרייט צו ווערן אַ בת עירנו מיט אונדזער אָרטיקן רעזשיסאָר און ליטעראַטור־קענער שיע מאַגיד), די לערערין חיהטשע ביטנער (פֿון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק) מיט איר פֿעסטן כאַראַקטער, קלאָרן שכל און האַרציקער וואַרעמקייט. זי איז אַריינגע־וואַקסן אין אונדזער שולע און אויך אין דער נאָווי־דוואָרער סביבה. זי האָט חתונה געהאַט מיט איינעם פֿון דער שול־פֿאַרוואַלטונג, אהרן מיילעכאָוויטש, געבויט זייער באַשיידן לעבן, אין דער צייט פֿון דער מלחמה זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד און דאָרט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די דייטשע מערדער.

פֿון אַלע לערער און לערערינס איז נאָר פֿאַרבלי־בן חאַשקע זאַקהיים. זי — אַ נאָווי־דוואָרערין — איז צו אונדז געקומען גלייך פֿון לערער־סעמינאַר פֿון ווילנע, געלערנט ביי אונדז אַ פּאָר יאָר אין דער יידישער שולע און שפּעטער אַוועק קיין אַרגענטינע, ווו זי איז

צוזאַמען מיט איר מאַן, אונדזער בן־עיר נחמן נאָוואָדוואָרסקי.

זאָלן דערמאָנט ווערן מיט צער און כבוד די אַלע אומגעקומענע לערער און לערערינס און די אַלע פריצייטיק פאַרשניטענע לעבנס פון זייערע תלמידים — אונדזערע טייערע יידישע קינדער.


יידישע שילער, אין צענטער די לערערין פרוי שינדלער־בערמאַן


די „בית־יעקב״־שולע, אין צענטער בערנהאָלץ, די פרוי פון לעצטן נאָווי־דוואָרער חזן

**חיים באַביץ** / תל־אביב

# די בונדישע באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות

מיט יראת־הכבוד און מיט אַ טיפן אומרויִקן ציטער, ווי איך וואָלט באַרירט אַ הייליקייט, קער איך זיך אום צום עבר פון דער בונדישער באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר.

שרייבן וועגן „בונד" אין נאָווי־דוואָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות — מיינט: דערמאָנען אַ דור אין זיין בליענדיקסטן געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג; זען זיינע קאַמפן און דערגרייכונגען אין די ראַמען פון יענעם רעזשים; אָפּשאַצן אַ קורצע, אָבער עפּאָכע־מאַכנדיקע צייט, וואָס איז געווען דער פינאַל פון עט־לעכע הונדערט יאָר יידיש לעבן אין נאָווי־דוואָר.

נעמענדיק אויף זיך דעם דאָזיקן עול, צו שרייבן און דערמאָנען, האָב איך געזען די שוועריקייטן — דעם מאַנגל פון מאַטעריאַלן, און איך האָב געפרעגט ביי זיך אַליין: איך, וואָס בין 17 יאָר געווען פאַר־מאַכט אין טורמעס און אין לאַגערן, אָפּגעריסן פון יעדן קאָנטאַקט מיטן ציבור און מיט חברים פון אונ־דזער אַמאָל, — איך זאָל אויף זיך נעמען אַזאַ אחריות־דיקע אויפגאַבע?

און דאָך — טראָץ אַלע שוועריקייטן און צווייפ־לען — האָב איך געפילט דעם חוב; אַ חוב, וואָס איך בין שולדיק, ווייל איך בין על־פּי צופאַל געבליבן צווישן די לעבעדיקע; אַ חוב צו פאַראייביקן דעם אָנ־דענק פון אַלע מיינע עלטערע און יינגערע חברים און פריינד, מיט וועלכע איך בין איבער אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר געווען געבונדן מיט לייב און לעבן; די אַלע, וואָס האָבן מיך געפירט, און די אַלע, וואָס איך האָב געפירט; נישט צו פאַרגעסן די אַלע — צווישן די געבויגענע ווענט, איבער די פאַרדרייטע טרעפּ פון באַקמאַנס הויז אויף מיצקעוויטשאַ 4 — וועלכע האָבן אין אָרעמקייט געפּאָרעמט זייער חלום און גע־וואָלט זען אַ וועלט אַ גערעכטע, פאַר אַלע מענטשן און פעלקער, און אַוודאי אויך פאַר אונדז, די סאָציאַל און נאַציאָנאַל באַעוולטע יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן.

צו אייך, הייליק אומגעקומענע בונדיסטן, מיט אייער טיפן גלויבן אין גערעכטן קאַמף; צו אייך, פאַר־שניטענע, ברויזנדיקע צוקונפטיסטן, ביישפּיל־געבער פון אַ נייעם סאָציאַליסטישן דור ביי יידן; אייך, אומ־געבראַכטע סקיפּיסטן, שילער פון יידיש־וועלטלעכע שולן, קינדיש־תמימותדיקע אין אומזין פון אייער טראַגישן אומקום; צו אייך אַלעמען, אַלט און יונג, אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן — פיל איך אַ חוב. און כדי אייך צו דערמאָנען, שרייב איך מיט ווייטיק די דאָזיקע שורות...

*

דער באַגינען פון אַן אָרגאַניזירטער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר הייבט זיך אָן ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט, ווען דעמאָלט האָבן יידי־שע אַרבעטער זיך אָנגעהויבן זאַמלען אַרום באַשטימ־טע געזעלשאַפטלעכע צילן און אידעאַלן, און דערמיט געלייגט אַ יסוד פאַר דער רומרייכער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר.

די חברים שמחה וואַגאַ, הערשל הימלפאַרב און צו לאַנגע יאָר — אברהם גאָלדבערג און סעם בראָנ־שטיין דערציילן אין זייערע זכרונות וועגן יענער תקופה און די ערשטע שריט פון אַן אָרגאַניזירטער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס זענען פאַרבונדן מיט זייע־רע נעמען. אָבער נאָך פאַר זיי, זענען שוין צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָווי־דוואָר געווען ברוי־זונגען פון פּראָטעסט קעגן סאָציאַלער אונטערדרי־קונג און נאַציאָנאַלע רדיפות.

אַזוי, למשל, דערציילט אונדזער חשובער, פאַר־שטאָרבענער בן־עיר בועז יונגוויץ אין זיין בוך „מיין לעבן אין טעאַטער", אַז נאָך אין סוף פון די זיבעציקער יאָרן, און באַזונדערס אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, זענען שוין געווען אָנטפּלעקונגען פון זעלבשוץ. ווי בועז יונגוויץ דערציילט, וועגן די יאָרן נאָכן גרויסן פּאָגראָם אין וואַרשע (1884), ווען די באַלעגאָלעס פון נאָווי־דוואָר און אומגעגנט זענען כסדר באַפאַלן געוואָרן אויף די וועגן פון פאַרשידענע אַנטי־סעמיטישע און רויבערישע באַנדעס — האָבן דעמאָלט די נאָווי־דוואָרער באַלעגאָלעס געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד די אַלע איבערפאַלער און אויך גענומען אונטער זייער שוץ די באַלעגאָלעס פון די אַנדערע שטעטלעך. אויך בעת די איבערפאַלן אין וואַרשע האָבן

די נאָווי־דוואָרער באַלעגאַלעס אַרויסגעוויזן אַ סך העל־דישקייט אין זייער זאַיאַזד־צענטער, אויפן הויף פון באָניפראַטן 17.

די דאָזיקע פּרטים, זענען אויך ערשטע סימנים פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן פּאַרויסגאַנג און אָרגאַני־זאַציאָנעלער אַנטוויקלונג, וואָס נאָווי־דוואָר האָט דורכ־געמאַכט אין אונדזער צייט — דעמאָלט ווען מיר האָבן געלעבט און געווירקט — אין פאַרגלייך מיט די אַנ־דערע שטעט און שטעטלעך אין דער סביבה, וועלכע זענען אין כמות געווען גרעסער פון נאָווי־דוואָר, און דאָך נישט מיטגעמאַכט מיט אַזאַ טעמפּאָ דעם גאַנג פון דער צייט.

און אפשר אַ דאַנק דער דאָזיקער דינאַמישער גע־זעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון נאָווי־דוואָר, קען מען דערקלערן דעם אַזוי איינגעבוירענעם צובונד און לאָ־קאַל־פּאַטריאָטיזם פון אונדזערע לאַנדסלייט, ביזן חור־בן און נאָך מער נאָך אים. דאָס האָט נישט נאָר צו טאָן מיט סענטימענטן פאַרן געבורטסאָרט און מיט ראָמאַנטישער באַציִונג צו דעם שטעטל פון אַמאָל, נאָר בעיקר איז עס אַ רעזולטאַט פון דער התלהבות־דיקער שייכות צווישן יחיד און כלל. יעדער איינער פון אונדז, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַזוי אָדער אַנ־דערש די בונדישע באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר, אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר ביזן חורבן, איז באַהערשט פון אַזאַ אייגנאַרטיקן פּאַטריאָטיזם, וואָס בינדט אים צו צו נאָווי־דוואָר מיט דעם בעסטן און הייליקסטן פון זיין לעבן.

די אַנטוויקלונג פון נאָווי־דוואָר האָט אויך אירע סיבות אין דער נאָענטקייט פון נאָווי־דוואָר צו דער רעזידענץ־שטאָט פון פּוילן, בלויז אַ דרייסיק קילאָ־מעטער האָבן אָפּגעטיילט אונדזער שטעטל פון וואַר־שע, דעם ברויזנדיקן צענטער פון יידישן לעבן.

אויך די געאָגראַפישע באַדינגונגען פון נאָווי־דוואָר גופא, ווי אַ שטאָט ביי די צוויי טייכן ווייסל און נאַרעוו, מיט זייערע סטראַטעגישע פּונקטן — די צוויי בריקן און די פאָרטן פון דער מאָדלינער פעסטונג, עטלעכע קילאָמעטער פון נאָווי־דוואָר, — האָבן באַ־שטימט דעם גורל און די אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה בלייבט נאָווי־דוואָר אַ שטאָט פון חורבות. אין די יאָרן 1916—1917 הייבן זיך אָן די עפנטלעכע אַרבעטן אין שטאָט און אַרום איר, ווו עס ווערן באַשעפטיקט פיל אַרבעטער. אויף די עפנטלעכע אַרבעטן ביי דער בריק געפינען מיר אויך דעמאָלט דעם שפּעטער באַקאַנט געוואָרענעם בונדישן טוער, ח׳ רודאַווסקי. צו יענער צייט געהערט אויך דער באַנייטער אָנהייב, אָדער די צווייטע פאַזע, אין דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער בונדישער באַ־וועגונג אין נאָווי־דוואָר.

די מער אַנטוויקלטע פון דער שטעטלדיקער יוגנט גרופּירן זיך דעמאָלט אַרום דעם אומפּאַרטייִשן אָדער, בעסער געזאָגט, אַל־פּאַרטייִשן זעלבסטבילדונג־פאַר־איין (ביי ליפשטיינען אויף דער וואַרשעווער גאַס), ווו עס האָבן בעיקר געווירקט דער „בונד" און די „פאַראייניקטע". צווישן די אַקטיווע אָנטיילנעמער זע־נען דאָרט געווען ניסן שטיינבערג, מענדל מיילעכאָוויטש און אויך מענדל ליפּסקי, וועלכער איז ביז צום סוף פון זיין לעבן געווען טעטיק אין וואַרשע ביי דער פּאַרטיי פון די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, וואָס איז דע־מאָלט אָנגעפירט געוואָרן דורך די חברים ד״ר קרוק און דראַבנער.

פונעם זעלבסטבילדונגס־פאַראיין זענען געקומען די ערשטע חברים און טוער פאַרן „בונד", וואָס האָט זיך דאַן פאַרמירט אין אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון דער בונדישער באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

*

כדי אָפּצושאַצן די אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר פאַר יענע יאָרן, איז נייטיק צו דערמאָנען, ווי ס׳האָט אויסגעזען ביי די פּוילישע אַרבעטער.

אין קעגנזאַץ צו דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט, מיט איר דינאַמישער פּאָליטישער און פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט, זענען די פּוילישע אַרבעטער כמעט נישט געווען אָרגאַניזירט. אַ סך פּרוּוון זענען געמאַכט געוואָרן במשך צוויי צענדליק יאָר צו גרינדן פּ. פּ. ס.־ישע און קאָמוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס, אָבער קיין אריכת־ימים האָבן זיי נישט געהאַט, און ס׳איז זיי נישט געלונגען צו מאָביליזירן פון זייער פּעריפעריע אַ פעסטע מיטגלידערשאַפט. אויף וויפל עס זענען געווען געמיינזאַמע אַרויסטרע־טונגען און אַקציעס פון פּוילישע און יידישע אַר־בעטער, זענען זיי פאַרגעקומען לויט דער איניציאַטיוו און מיטווירקונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, און באַזונדערס פון ח׳ רודאַווסקי, וועלכער איז גע־שטאַנען אין אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די קליינע

אָרגאַניזירטע גרופּעס פון די פּוילישע אַרבעטער און מיט זייערע טוער.

כדאי צו דערמאָנען אייניקע פון די פּוילישע אַר־בעטער־טוער, וועלכע זענען געשטאַנען אין באַרירונג מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: דער פּ. פּ. ס.־אָוויעץ פשיבישעווסקי, אַ פּשוטער אַרבעטער איז ער געווען מיט אַ גאַנץ באַגרענעצטן וויסן, אָבער, ווי מען זאָגט, מיט אַ „געשליפן צינגל״, און באַזונדערס אין אַ געהויבענעם געמיט־צושטאַנד נאָך אַ גלעזל י״ש; דער פּ. פּ. ס.־לאַווניק דאָמאַנסקי, וואָס איז פּאָ־פּולער געוואָרן אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן און ביז דעמאָלט געאַרבעט אַלס אַפּטייקער אין דער אָר־טיקער קראַנקן־קאַסע.

פון די פּוילישע קאָמוניסטן וויל איך דערמאָנען דעם שוסטער־אַרבעטער לוקאַשעווסקי, אַ סימפּאַטי־שער פּוילישער אַרבעטער מיט אַן אידעיִשער באַזע. ער איז געווען איינער פון די אויסגעוויילטע ראַטמע־נער דורכן סאָציאַליסטישן בלאָק פון יידישע און פּוי־לישע אַרבעטער ביי די צוגאָב־וואַלן צום שטאָטראַט אין 1923; בודזינסקי, אַן עלטערער פּוילישער מעטאַל־אַרבעטער, וואָס האָט גלייך מיט זיין אויסזען געוועקט צו זיך רעספּעקט. אַ דאַנק די באַציונגען מיט אים איז צושטאַנד געקומען די געמיינזאַמע 1טע מײַ־דעמאָנס־טראַציע אין יאָר 1926, (וועגן איר טראַגישן פאַרלויף וועלן מיר נאָך דערציילן שפּעטער). די נאָווי־דוואָרער, וואָס האָבן זיך געטראָפן מיט בודזינסקין בעת דעה היטלעריסטישער אָקופּאַציע און אויך נאָך איר, האָבן וועגן אים צו דערציילן, אַז ער האָט זיי נישט אַנ־טוישט. דאָס זעלבע דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן בעלעק קאָוואַלסקי, וואָס איז אַלס יוגנטלעכער קאָ־מוניסט געווען טעטיק אין די דרייסיקער יאָרן.

די אַלע אויבן־דערמאָנטע זענען געווען דער אַק־טיוו פון די פּוילישע אַרבעטער, אין משך פון צוויי צענדליק יאָר, מיט וועלכע מיר האָבן געהאַט אַ מגע־ומשא אין אונדזער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.



דער אַקטיוו פון נאָווי־דוואָרער „בונד“

פון רעכטס צו לינקס: הערשל קירשטיין, חיים באַביץ, אהרן מיילעכאָוויטש, שלמה וואָראַנסקי, הערצל דובניקאָוו, אהרן גאַר־צאָוויטש, שרה ראָזענמאַן, תנחום קראָנענבערג, אַן אומבאַקאַנטער, פסח הערשפּאַנג, משה רודאַווסקי, בנימין מאָסאַק

נאָך דעם ווי דער „בונד“ האָט באַפעסטיקט זיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, האָט ער אויסגעברייטערט זיין טעטיקייט אויך אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, פאַר פאַרבעסערן די לאַגע פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג.

וואָס מיינט דאָס פאַר יענער צייט ? ביי וואָס זענען געווען באַשעפטיקט די אַלע, וואָס האָבן געלעבט פון אַרבעט ? וואָס זענען בכלל געווען די באַזעס פון פרנסה פאַר די נאָווי־דוואָרער יידן, אין יענער צייט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ?

נאָר אַ קליינע צאָל פאַמיליעס זענען געווען פאַרמעגלעכע, געווען פאַרנומען מיט האַנדל, באַזיצט הייזער און געשעפטן, און אויך געהאַט, ווי אונטערנעמער, אַ צוטריט צו דער מאָדלינער פעסטונג. הונדערטער יידישע משפחות האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל אויף די וועגן פון זאַקראָטשין און פאָמיעכאָווע, מיטן איינקויפן אַ האַלבן פוד מעל אָדער פענטשאַק, כדי צו פאַרקויפן און אָפשיקן קיין וואַרשע. באָרוועס האָבן די דאָזיקע איינקויפער און פאַרקויפער זיך געשלעפט אויף די וועגן. אַנדערע ווידער, האָבן אין די נעכט באַלאַגערט די בעקערייען, גענומען גלייך פון די אויוונס די הייסע פיר־פונטיקע ברויטן, צו צוועלף אין אַ רוקזאַק, און מיט דעם זיך געלאָזן אויף סכנהדיקע וועגן, אין פראָסט און אין שניי, כדי עס צו דערברענגען מיט דער חשכות פון פאַר טאָג קיין וואַרשע, זוו מען האָט באַזונדערס גערן געהאַט „זכריהס ברויט“, דאָס ברויט פון קאַרצאָוויטשעס בעקעריי, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין וואַרשע.

דאָס זענען געווען די פרנסות פון עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס אין אונדזער שטאָט, בעת יענע טרויעריקע יאָרן, ביים סוף פון און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער ביסלעכוויז האָט זיך דאָס עקאָנאָמישע לעבן אָנגעהויבן צו סטאַביליזירן די אַלע זוועגן־גייער האָבן פאַרלאָזט זייערע פרנסות און יעדער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פאַך און באַרוף.

אונדזער שטעטל האָט געהאַט אַ גענוג גרויסע קוואַליפיצירטע יידישע אַרבעטערשאַפט, אין פאַרשיידענע פאַכן, וואָס האָט אויך געאַרבעט פאַרן געברויך פון די גרויסע שטעט. די אָפנעמער פון אונדזער שניידעריי־אַרבעט זענען געווען די באַקאַנטע וואַרשעווער פירמעס צעלמייסטער און שניאַדאָוויטש, זיי האָבן זיך מערסטנס באַזירט אויף אונדזער פּראָדוקציע. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אין אונדזער שטאָט, איז געווען דער באַקלייד־פאַראיין, און אויך דער אָרגאַניזירטסטער און גרעסטער לויט דער צאָל מיטגלידער.

צו דעם באַקלייד־פאַראיין האָבן, אויסער שניידערס און שניידערינס, אויך געהערט די העפטערינס, דאָס פאַך, וואָס האָט אין די צוואַנציקער יאָרן באַשעפטיקט אַ סך נאָווי־דוואָרער פרויען, און ווידער — נישט נאָר פאַרן געברויך פון נאָווי־דוואָר גופא. די אַרבעט האָבן אויך געטאָן צען און צוועלף־יאָריקע קינדער, זיי האָבן צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע גענייט און געהאָפטן מוסטערן אויף די פאַרשידענע וועש־אויסאַרבעטונגען. אַ געוויסע צייט איז די צאָל באַשעפטיקטע ביי דער העפטעריי־אַרבעט דערגאַנגען ביז זיבן הונדערט. אַ סך האָבן זיך אויך באַשעפטיקט מיט אָננעמען די אַרבעט אין וואַרשע און „אַרויסגעבן אַהיים“, אָדער מיט אָנפירן די ווערקשטאַטן ביי זיך אין שטוב.

דער באַקלייד־פאַראיין האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט באַלד נאָך דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה. דער קאַמף פאַר פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען און פאַר אָנערקענונג פון פאַראיין אַלס באַרעכטיקטער פאָרשטייער פון אַרבעטער־צד, איז געווען אַ שווערער און לאַנג־דויערנדיקער. די מייסטערלעך האָבן אין יענער צייט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון אַ פאַראיין: „וואָס עפּעס אַ פאַראיין ? רודאַווסקי וועט מיר אַ דעה זאָגן, ווער עס זאָל ביי מיר אַרבעטן ? וויפל שעהן און וויפל געלט איך זאָל צאָלן ?“... זענען טאַקע אַדורך יאָרן מיט שווערע קאַמפן, מיט אַקציעס און שטרייקן, ביז דער באַקלייד־פאַראיין האָט אין קאַמף, אַחוץ די אינדיווידועלע לוין־דערגרייכונגען, אויך דערוואָרבן זיין רעכט, אַלס פוסק אין די אַרבעטס־באַציִונגען פון דעם פאַך.

דער טראַנספּאָרט־פאַראיין איז געווען דער צווייטער לויט זיין גרייס און פאַרנעם, זיין טעטיקייט איז אָבער געווען פיל שווערער און קאָמפּליצירטער, באַלד ביי זיין אַנטשטיין און אויך נאָך די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ.

אַ סך יידן אין אונדזער שטאָט האָבן נישט געהאַט קיין אויסדויער און מעגלעכקייטן, כדי צו דערווערבן אַ פאַך, און זיי האָבן געמוזט אָנקומען צו יעדער געלעגנהייטלעכער אַרבעט אויף צו פאַרדינען אַ טאָג לעבן. בעלנים אויף אַזעלכע אַרבעטן זענען תמיד געווען מער ווי אַרבעט, און דאָס האָט גורם געווען



אַן 1טע מײַ־פײַערונג אויפן נאָוו. מאַרק. עס רעדט דער פירער פון נאָוו. „בונד״ חיים רודאַווסקי

צו קאָנקורענץ און צו סכסוכים מיט די מער פעיקע און מיט די וואָס האָבן געהאַלטן און געהיט „חזקה". נישט איין מאָל זענען אויסגעבראָכן בלוטיקע געשלעגן ביים אַראָפּנעמען אַ זעקל מעל פון וואָגן, אָדער ביים אויסלאָדענען אַ וואַגאָן קוילן אויף דער באַן־ראַמפּע, ביז עס איז געקומען דער אָרגאַניזירטער כוח פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, צוזאַמען מיט די נאָענטע פּאָליטישע און קולטור־דערציערישע אָרגאַניזאַציעס, — נישט נאָר לשם דעם קאַמף פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, נאָר אויך כדי צו הייבן זייער באַוווסטזיין מיט מענטשלעכע ווערטן און געזעלשאַפטלעכע אי־דעאַלן.

איך וואָלט געקענט אָנרופן פאַרשידענע נעמען פון מוסטערהאַפטע טיפּן, וואָס זענען דערצויגן גע־וואָרן צו וויסן און קולטור, צווישן אונדזערע טראַנס־פּאָרט־אַרבעטער. איך פיל, אַז איך וועל באַגיין אַן עוולה לגבי זיי, אויב איך וועל נישט דערמאָנען כאָטש איינצלנע פון זיי, — דער פּשוטער און גוטמוטיקער ישראל באָרנשטיין; דער זייער דערשלאָגענער און אויפ־געהויבענער דוד מאָסאַק; דער ביים ראַנד פון אָפּ־גרונט געראַטעוועטער אַריה טוכבאַנד; און זייער לאַנגיאָ־ריקער סעקרעטאַר און קאַסיר הערשל קירשטיין, — די אַלע וואָס האָבן זיך געצויגן ממעמקים צו דער בשורה פון ליכט.

אין די וויטערדיקע יאָרן פון זיין טעטיקייט, איז דער טראַנספּאָרט־פאַראיין געווען אַ מוסטער פון קאָ־לעקטיווער אַרבעט און קעגנזייטיקער חברישקייט. די גרעסטע סעקציע אין טראַנספּאָרט־פאַראיין זענען געווען די טרעגער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דער גאַס און באַדינט די געוועלבער ביים אויפלאָדענען און אָפּלאָ־דענען די סחורות פון די וועגענער. לויט די סדרים פון פאַראיין האָבן זיי נישט געטאָרט נעמען דעם לוין פאַר דער אַרבעט אויפן אָרט. אַלע פאַרדינסטן פון אַ גאַנצער וואָך האָבן די סוחרים אויסגעצאָלט דעם קאַסיר פון דער טרעגער־סעקציע און שבת אין דער פרי איז, לויט דעם געמאַכטן חשבון, פאַרטיילט געוואָרן יעדן טרעגער זיין וועכנטלעכע פאַרדינסט.

די צווייטע סעקציע אין טראַנספּאָרט־פאַראיין איז



אין צענטער פון ערשטער ריי — דער בונדישער פירער עמנואל נאָוואָגרודסקי

באַשטאַנען פון די, וועלכע האָבן געאַרבעט אויסער דער שטאָט, און בעיקר ביי די באַן־ראַמפּעס, ביים אויסלאָדן וואַגאָנען. אויך די גרופּע האָט געאַרבעט קאָ־לעקטיוו, לויט די סדרים פון פאַראיין, און איינגעטיילט צווישן זיך די פאַרדינסטן.

עס זענען אויך געווען טראַנספּאָרט־אַרבעטער, וועל־כע האָבן געאַרבעט אין באַשטימטע אַרבעטס־פּלעצער, אין טאַרטאַקן, מילן אאַז״וו.

ביי פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע אַקציעס האָט זיך דער טראַנספּאָרט־פאַראיין באַזונדערס אויסגעצייכנט, אַחוץ זיינע סאָלידאַרע האַנדלונגען, אויך מיט זיינע אויסערלעכע דערשיינונגען: צו אים האָבן אָנגעהערט עלטערע, באַיאָרטע אַרבעטער, וואָס האָבן צוגעגעבן מיט זייער אויסזען אַ באַזונדערע חשיבות.

אין נאָווי־דוואָר זענען אויך געווען קלענערע פאַר־איינען פון האָלץ־אַרבעטער, לעדער־אַרבעטער און בע־קער. צו די לעדער און בעקער־פאַראיינען האָבן אויך געהערט פּוילישע אַרבעטער. און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן שלמה צוקער, אַ רעכטער פּועלי־ציוניסט, וועל־כער איז לאַנגע יאָרן געווען אַקטיוו אין בעקער־פאַראיין.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער קאַמף צו פאַר־בעסערן די באַדינגונגען פון די אַרבעטער אין די קלע־נערע פאַכן, איז געווען פיל שווערער, אָבער מיט דער הילף פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, האָבן אויך די קלענערע פאַראיינען דורכגעפירט מיט הצלחה זייערע קאַמפן און דערגרייכט צו בעסערע באַ־דינגונגען פאַר די אַרבעטער אין זייערע פאַכן.

אַלע מייסטערס און מייסטערלעך אין שטאָט האָבן ביסלעכוויז דערפילט אונדזער כוח, דעם כוח פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אַרבעטער־אינטערעסן. גענוג צו דער־מאָנען אין עפּיזאָד פונעם קאַמף פאַר אַן 8 שעהדיקן אַרבעטסטאָג, ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן: דער מייסטער יצחק האָפּקאָוש, וועלכער האָט געהאַט זיין נעבעכדיק וואַרשטאַטל ביי מיילעכאָוויטשן אין הויף, האָט דעמאָלט געדראָט די חברים פון פאַראיין, וואָס זענען געקומען בעת אַ קאָנטראָל וועגן די אַרבעטס־שעהן באַזוכן זיין וואַרשטאַט, אַז ער וועט זיי אויפנעמען מיט אַ האַק. מיר האָבן אים אָבער געפונען מיט אַ גאַליק שמייכעלע פון אַ מאַכטלאָזן... אַזוי האָבן אַלע נאָווי־דוואָרער דעמאָלט געפילט און רעספּעקטירט דעם כוח

פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, מיט וועמענס צענ־טראַל־ראַט עס האָט אָנגעפירט דער חבר רודאַווסקי.

*

פיר צענדליק יאָר זענען שוין אַריבער פון יענעם טאָג, ווען איך, אַ פופצן־יאָריק יינגל, האָב אָנטייל גע־נומען, צום ערשטן מאָל, אין אַ פאַרזאַמלונג פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״ אין נאָווי־דוואָר. און וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן מיר און מיין



באַקמאַנס הויז, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער בונדישער קלוב

וועג אין דער באַוועגונג, וואָלט איך געזאָגט, אַז דער דאָזיקער טאָג האָט באַשטימט מיין וועלט־אָנשויונג און מיין גאַנג אין לעבן.

די „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט נאָך די גרויסע סאָציאַלע אויפ־טרייסלונגען (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָק־טאָבער־רעוואָלוציע און פּויליש־באָלשעוויסטישע מל־חמה), וועלכע האָבן צעשטערט די מעגלעכקייטן פאַר נאָרמאַלער דערציונג און עלעמענטאַרער בילדונג. כמעט די גאַנצע שטעטלדיקע יוגנט האָט זיך געהאָדעוועט אויף דער גאַס. דער בילדונגס־טרעגער איז געווען דאָס „קליינע לערערל״, וואָס איז אַרומגעגאַנגען געבן „אוראָקן״, — לעקציעס פון לייענען און שרייבן. אָבער, נישט אַלע שטיבער האָבן געהאַט צו באַצאָלן פאַר די „אוראָקן״, און דער אַנאַלפאַבעטיזם ביי דער אַרבע־טער און פאָלקס־יוגנט, איז געוואַקסן. דעם עול האָט אויף זיך גענומען די „צוקונפט״, באַלד ביי איר אַנט־שטייונג, אין יאָר 1919. זי האָט אויף זיך גענומען די זאָרג פאַר דעם, וואָס עס דאַרפן טאָן, אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, די עלטערן פאַר זייערע קינדער און די מלוכה — פאַר אירע צוקונפטיקע בירגער.

דאָס איז געווען אַ פאַרוואַרלאָזטע יוגנט, וואָס האָט געהונגערט אין דער היים, און זיך אַרומגעוואַל־






פרעסע־קאָמיסיע פון „יוגנט־וועקער“ ביים „צוקונפט“־קאָמיטעט

גערט, אַן אַ ציל, אויף די גאַסן. אַ טייל פון זיי האָבן געזוכט אַרבעט און קוים זוכה געווען צו פֿאַרדינען אַ פּאָר גראָשן, ביים פּירן זעקלעך זאַמד פון „פּיאַסעק״ פֿאַר די באַלעבאָסטעס, צו באַשיטן די פּאָדלאָגעס ערב שבת.

ווען מען האָט פֿאַר די דאָזיקע יוגנטלעכע אויפֿגעקלערט די צילן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט מען זיי אויך געזאָגט, אַז כדי צו קענען לעבן, מוז מען זיך לערנען, ווי אַזוי צו לעבן, און קודם־כל מוז מען קענען אלף־בית. און דערפֿון האָבן מיר טאַקע אָנגעהויבן: עס זענען געשאַפֿן געוואָרן אָוונט־קורסן, ווו מען האָט געלערנט לייענען און שרייבן. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן איינפֿלאַנצן אין זיי די עלעמענטאַרע באַגריפֿן פון מענטשלעכער דערציונג און קולטור, און מען האָט יעדן אינספּירירט צו לערנען אַ פֿאַך, כדי צו ווערן שעפֿעריש און פּראָדוקטיוו.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ פּלאַנמעסיקע קולטור־דערציערישע אויפֿקלערונגס־אַרבעט פון איין זייט, און אַ זאָרגפֿעליקע באַשיצונג פון זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן — פון דער צווייטער זייט. אַזוי זענען אַנטשטאַנען די יוגנט־סעקציעס ביי אונדזערע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, צו וועלכע עס האָבן געהערט יוגנטלעכע אַרבעטער, לערניינגלעך און לערנמיידלעך. די „צוקונפֿט״־אָרגאַניזאַציע איז פֿאַר זיי געוואָרן די צווייטע היים, און פֿאַר אַ סך עלנטע און פֿאַרוואָרלאָזטע — ממש די איינציקע היים. דער לאָקאַל איז תמיד געווען איבערגעפֿולט. מען איז געקומען אויף לעקציעס, אויף קרייזן פון זעלבסט־בילדונג, אויף פֿאַרלעזונגען, אויף קרייזן פֿאַר געזאַנג און רעציטאַציעס, און אין דער ביבליאָטעק (זי האָט שפּעטער געטראָגן דעם נאָמען פון לעאָן גראַבמאַן), וואָס איז געוואָרן דער קוואַל פון וויסן פֿאַר די יוגנטלעכע אַרבעטער.

היינט זענען פּשוט אומגלייבלעך אַזעלכע באַדינגונגען, ביי וועלכע די לעאָן גראַבמאַן־ביבליאָטעק האָט דאַן געאַרבעט און זיך אַנטוויקלט: אַ פֿינצטער קעמערל, אָן ליכט, אָן לופֿט, און אויף די ווייניקע ביכער־פּאָליצעס — עטלעכע טויזנט ביכער. אין דער דומפּיקייט פון דער זומער־היץ, אָדער אין דער פֿייכטקייט און קעלט אין ווינטערצייט — זענען דאָרט געזעסן די ביבליאָטעקאַרן אין אָוונט, נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, און אין משך פון יאָרן אַזוי באַדינט די דורשטיקע לייענער.



שרה קאַטאָוויטש־וואָראַנסקי
לאַנגיאָריקע ביבליאָטעקאַרין פון דער ביבליאָטעק א. נ. פון ל. גראַבמאַן. מיטגליד אין קאָמיטעט פון „בונד״ און „צוקונפֿט״

לאָמיר דאָ דערמאָנען די דאָזיקע ביבליאָטעקאַרן, כאָטש נישט לויט דעם צייט־סדר פון זייער טעטיקייט: שרה קאַטאָוויטש (שפּעטער — די פֿרוי פון שלמה וואָראַנסקי), במשך אַ סך יאָרן האָט זי פֿאַרנומען דעם ביבליאָטעקאַר־אַמט און איר אַרבעט געטאָן באַשיידן און גוטמוטיק. גאָר יונג איז זי אַריינגעטרעטן אין דער „צוקונפֿט״־אָרגאַניזאַציע, ווו זי האָט זיך געלערנט און אַנטוויקלט. אַ געוויסע צייט איז זי געווען די סעקרעטאַרין פון דער „צוקונפֿט״ און שפּעטער אויך די סעקרעטאַרין פון בונדישן קאָמיטעט. ווען די דייטשע באָמבעס זענען געפֿאַלן אויף נאָווי־דוואָר, איז שרה קאַטאָוויטש־וואָראַנסקי געלעגן אין שפּיטאָל, ווו זי האָט געבוירן אַ קינד. זי האָט געמוזט פֿאַרלאָזן דעם שפּיטאָל מיטן קינד אויף דער האַנט און זיך לאָזן אין וואַנדערוועג. אַ געוויסע צייט האָט שרה זיך אויסבאַהאַלטן ביי קרובים אין דעמבלין און שפּעטער איז זי דאָרט אומגעקומען מיט איר פֿאָטער און קינד.

זי, די ביבליאָטעקאַרין חנה־זאַקהיים־גאַרצאַוויטש,

איז געוואָרן אַקטיוו אין דער באַוועגונג, אונטער דער ווירקונג פון איר פעטער הערצל דובניקאָוו. זי איז געווען די שוועסטער פון חאַשקע נאָוואָדוואָרסקאַ (איצט אין אַרגענטינע). איר ברודער שולעק איז אַ געוויסע צייט געווען מיטגליד אין קאָמיטעט פון „צוקונפט“ און „מאָרגנשטערן“. חנה זאַקהיים איז געקומען צו אונדז פון אַ קולטורעלער סביבה און זי האָט זיך גוט איינגעלעבט מיט דער חברישער גרופע, וועלכע האָט באַדינט די לייענער פון דער ביבליאָטעק. חנה גאַרצאָוויטש מיט אירע צוויי קינדער זענען אומגעקומען אין געטאָ.

אין דער ביבליאָטעק זענען אויך טעטיק געווען: יצחק אַלמאַן (היינט אין פּאַריז), ישראל רויטמאַן (היינט אין ניו־יאָרק), מיין ברודער משה באַביץ (היינט אין מאָנטעווידעאָ), רוחטשע מאַראָקאָ־קליינבאַרד (היינט אין לאָס־אַנדזשעלעס). דער גייסטיקער אויפזעער איבער דער ביבליאָטעק איז געווען הערצל דובניקאָוו.

פיל הונדערטער יוגנטלעכע זענען, במשך צוויי צענדליק יאָר, געווען פאַרבונדן מיט אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, און עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די בעסטע פון דער שטעטלדיקער אַרבעטער־יוגנט זענען דערצויגן געוואָרן אין אונדזערע רייען. ווער עס האָט געזען און געקענט די „צוקונפט“־אָרגאַניזאַציע, אין די לעצטע יאָרן, דער האָט באַוווּנדערט איר דורכגעטראַכטן אַנטוויקלונגס־וועג, איר אויפשוווּנג און פאַרנעם.

מען קען נישט רעדן וועגן יענער תקופה, וועגן דער געשיכטע פון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר, און נישט דערמאָנען דערביי די משפחה מאַראָקאָ, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן: „די מאַראָקעס“. זיבן זענען זיי געווען: שיינדל, רוחטשע, פערל, עטע, משה, בתיה און „די בובעשי“. מען האָט זיי אויך גערופן „די יתומים“. ווען זיי זענען געבליבן קיילעכיקע יתומים, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די עלטסטע, שיינדל (שפּעטער די פרוי פון יענקל ראָזנבלום, אומגעקומען אין פּאַריז), אַלט געווען קוים 15 יאָר. זיי זענען דאַן געקומען פון פּעלצעוויזנע (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע) צו זייערע קרובים, די משפחה פון מאיר מאַגיד (מאירל סענדערס) אין נאָווי־דוואָר, און זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן אַ שווער לעבן, אַרבעטן 8—10 שעה אַ טאָג ביי העפטעריי און אַנדערע אַרבעטן. די עלטערע, אַליין אומדערפאַרענע קינדער, זענען געוואָרן די באַשפּיי־זערינס פון די יינגערע. דערנאָך זענען די דאָזיקע „פּראָלעטאַריערינס“ געוואָרן מיטגלידער אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און אויך אין דער „צוקונפט“, ווו רוחטשע איז באַזונדערס אַקטיוו געוואָרן. זי איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון באַקלייד־פאַראיין, סעקרעטאַרין פון דער „צוקונפט“ און ביבליאָטעקאַרין. און נאָך איר האָבן נאָכגעפאָלגט די גאַנצע משפחה מאַראָקאָ פון גרויס ביז קליין. אין זייער שטוב פלעגן אַ סך פון אונדז פאַרברענגען זייערע פרייע מינוטן, לייענען צוזאַמען צייטונגען און ביכער, לערנען נייע לידער, פירן דיסקוסיעס, צוגרייטן אַ רעפעראַט. און עס איז געווען אונדזער אַלעמענס פרייד און נחת, ווען בתיהלע איז עטוואָס אונטערגעוואַקסן, און אויפגעהויבן אויף די הענט פון חברים אין פאַראיינס־לאָקאַל, האָט זי רעציטירט אויף אַן אָוונט י. ל. פּרצס: „די וועלט איז אַ ים, מיר זענען פיש“...

נישט איין מאָל האָב איך געטראַכט וועגן די מאַראָקאָס: ווי אַזוי וואָלט זיך געשטאַלטיקט זייער לעבן אָן דער „צוקונפט“־אָרגאַניזאַציע? זיי, די יתומים, האָבן אין דער „צוקונפט“ געפונען די ליבשאַפט, צערטלעכקייט און זאָרגעוודיקייט פון אַ גוטער משפחה...

שפּעטער האָבן מיר אָנגעהויבן, יעדע פּאָר יאָר, באַגלייטן עמעצן פון די מאַראָקאָס, געזעגענען פאַרן אָפּפאָר קיין אויסלאַנד. עס איז געוואָרן אומעטיקער און מיר האָבן געבענקט, ווי עס בענקען לייבלעכע ברידער און שוועסטער. באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון רוחטשעס אָפּפאָר קיין אַמעריקע, אין יאָר 1925. דער וואָקזאַל איז פול געווען מיט באַגלייטער, און ווער עס האָט געקאָנט, האָט זי מיטבאַגלייט ביזן ווינער וואָקזאַל אין וואַרשע.

35 יאָר זענען אַריבער פון יענער געזעגענונג. בריוו און געסט פון אַמעריקע ברענגען גרוסן פון רוחטשען, וועלכע הייסט היינט קליינבאַרד, און אַלע רעדן מיט ליבשאַפט און אָנערקענונג וועגן איר און איר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. פון יענער צייט איז געבליבן דאָס בילד, וואָס האָט זיך צופעליק אָפּגעהיטן, פון קאָמיטעט פון „יוגנט־בונד „צוקונפט“ אין נאָווי־דוואָר. על־פי נס זענען די אַלע געראַטעוועט געוואָרן און זיך צעוואָרפן איבער ימען און לענדער: רוחטשע — אין לאָס־אַנדזשעלעס, רויטמאַן — אין ניו־יאָרק, משה באַביץ — אין מאָנטעווידעאָ, יצחק אַלמאַן — אין פּאַריז און דער שרייבער פון די זכרונות — אין תל־אביב. דאָס בילד דערציילט, נישט נאָר וועגן דער גרופע, וואָס

איז דאָן געווען דער אַקטיוו פון דער „צוקונפט", נאָר אויך וועגן אַ צייט, ווען עס האָט זיך צעוואַקסן אונדזער יוגנט־באַוועגונג און דערפילט אירע אייגענע כוחות. מען האָט זיך שוין דאַן נישט באַגנוגנט מיט דער אַפּו־טרופּסות פון די עלטערע חברים און געשאַפן אַ בילדונגס־קרייז פאַר רעפערענטן און טוער פון דער יוגנט גופא, אַנגעפירט דורך הערצל דוביניקאָוו.

די נאָענטקייט פון נאָווי־דוואָר צו דער הויפּט־שטאָט האָט אַרויסגעלייגט איר חותם אויף דער נאָווי־דוואָרער יוגנט, מיר האָבן געלעבט מיטן וואַרשעווער ריטעם, מיטן גרויס־שטאָטישן טעמפּאָ, און מיטגע־מאַכט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער מעטראָ־פּאָליע, מיט אַלע מעלות און חסרונות.

✶

כמעט אין איין און אין דער זעלבער צייט, זענען אין נאָווי־דוואָר געשאַפן געוואָרן צוויי צו דער „צו־קונפט" נאָענטע אָרגאַניזאַציעס: „מאָרגנשטערן" און „סקיף".

„מאָרגנשטערן" איז געווען די ערשטע אַרבעטער־ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע פון אונדזער שטעטל און אין איר פוטבאָל־מאַנשאַפט האָבן זיך אויסגעצייכנט די צוויי לייבקעס: לייבקע לובעלסקי, וועלכן מען פלעגט רופן: „לייבקע מזיק" (אומגעקומען) און לייבקע לאַ־קעטש (היינט אין ניו־יאָרק). די געטרייע און איבער־געגעבענע אינסטרוקטאָרן זענען געווען: מאָטל ראָזנ־שטיין (לעצטנס געשטאָרבן אין אויסטראַליע) און דוד פּאַפּיער (אומגעקומען אין געטאָ).

די סאָציאַליסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף" איז געשאַפן געוואָרן פאַר קינדער אונטער 15 יאָר, וועלכע זענען שוין געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן אין וואַרשטאַטן און זענען דעריבער, אומדירעקט, אַריינ־געצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג; און פאַר די אַר־בעטער־קינדער פון דער „פּאַווּשעכנע"־שול. מיט דער לייטונג און דערציערישער אַרבעט אין „סקיף" האָבן אָנגעפירט די, וועלכע האָבן אַליין ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, אָנגעהויבן שטעלן זייערע ערשטע טריט אין אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. קודם־כל דאַרף דאָ דער־מאָנט ווערן אונדזער גאָר יונג־פאַרשטאָרבענע חברטע אסתר סטאַווסקי. שפּעטער איז ביי דער אַרבעט גע־שטאַנען אַ גאַנצע אָנפירונג: עטע מאַראַקאָ, שלמה וואָראָנסקי, יאַכעט אַלטשטיין און אייניקע לערער פון דער יידיש־וועלטלעכער שולע.

די „צוקונפט" האָט אָנגעפירט מיט די צוויי יינגע־רע אָרגאַניזאַציעס „מאָרגנשטערן" און „סקיף", און זי איז געוואָרן די באַוועגונג פון דעם אונטערוואַק־סנדיקן דור — דער רעזערוואָר פאַרן „בונד" און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין שטאָט.

אונדזער יוגנט־באַוועגונג איז אויך פּאָפּולער גע־וואָרן אויסער די גרענעצן פון דער שטאָט און דער צענטער אין וואַרשע האָט צו אונדז אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס און סימפּאַטיע, ווייל מיר האָבן



קאָמיטעט פון „צוקונפט"־מיט רוחטשע מאַראַקאָ, פאַר איר אָפּפאָר

זיך נישט נאָר באַגרענעצט מיט לאָקאַלער אַרבעט, נאָר אויך זיך באַטייליקט אין די פאַרשידענע פאַרטייִשע און יוגנטלעכע אונטערנעמונגען אין וואַרשע: אין דעמאָנסטראַציעס, אימפּרעזעס, וואַל־קאַמפּאַניעס, ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, יוגנט־צוזאַמענפליען, אין אַ טורן־פעסט פון וואַרשעווער „מאָרגנשטערן" און אין אַן אויספלוג אין מלאָדזשינער וואַלד. שוין אָפּגערעדט פון די פאַרשידענע לאַנד־צוזאַמענקונפטן, אין וועלכע מיר זענען תמיד ווי געהעריק פאַרטראָטן געווען.

אונדזער קאָנטאַקט איז געווען נישט נאָר מיט וואַרשע, נאָר מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס לענגאויס דער ווייסל, ביז װלאָצלאַװעק און מיטן באַן־וועג ביז מלאַווע. מיר האָבן איינגעאָרדנט קעגנזייטיקע באַזוכן. אין נאָווי־דוואָר זענען מיר געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־יוגנט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אויספלוגן און אַרויסגעפירט די יוגנטלעכע פון שטעטל צו זען אַנדערע פּייזאַזשן, יישובים און מענטשן. מיר פלעגן אין אַ שבת פאַרלאָזן אונדזערע היימען און זיך אַרויסלאָזן פון שטעטל מיט דער באַן, צו־פוס און אויף ראָווערן, מיט געזאַנג:

„סיי אין שטורעם, סיי אין רעגן,
גייען מיר אויף נייע וועגן"...

אַזוי האָבן מיר באַזוכט פּלאָצק, ווישעגראָד, װלאָצלאַװעק, נאַשעלסק, טשעכאַנאָוו, מלאַווע, לאָמיאַנעק, מלאָטשין, קוזמיר; וועלדער, פעלדער, בערג און טייכן. באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון די רעגנדיקע נאַכט, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט פון אַ שפּאַציר אין נאַשעלסק.

אין יאָר 1932 זענען מיר איינגעלאַדן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין ראַיאָן־צוזאַמענפאָר פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין טשעכאַנאָוו, וווּ עס איז געווען אַ נעסט פון קאָמוניסטן. דאָס איז געווען אין אַ צייט פון שווערע, צווישנפּאַרטייִשע קאַמפן. אין פּראָגראַם פון צוזאַמענפלי איז געווען אַן אויפמאַרש איבער די גאַסן פון שטאָט, און מיר האָבן זיך געדאַרפט פאַרזיכערן קעגן אַ קאָמוניסטישן איבערפאַל. צוליב דעם האָט אונדז באַגלייט אונדזער גוט־אָרגאַניזירטע און דערפאַרענע יוגנט־מיליץ, וועלכע האָט אָפּגעהיטן דעם צוג מיט דער הילף פון די אָרטיקע חברים. אין אַ געוויסן מאָמענט זענען מיר דאָך באַפאַלן געוואָרן און עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. מיר האָבן אָבער גיך באַהערשט די לאַגע און ווייטער פאָרגעזעצט אונדזער מאַרש. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, וואָס דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם איבערפאַל, איז געווען אַ קאָמוניסטישער פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַרויסגעטרעטן אַלס עדות פון דער פּאָליציי אויף אַ פּראָצעס קעגן זיינע קאָמוניסטישע חברים.

די פיינלעכע געשעעניש אין טשעכאַנאָוו, האָט דערוועקט אין אונדז אַ באַגער, זיך צו רעוואַנשירן און דערמיט אויך רעהאַביליטירן דעם גוטן נאָמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָבן מיר פאַרווירקלעכט אין יאָר 1933, ערב שבועות. די גאַסן פון שטעטל זענען פול געווען מיט פריידיק־שפּאַצירנדיקע יוגנטלעכע אין בלויע בלוזעס מיט רויטע האַלדזבענדער. דאָס זענען געווען אונדזערע געסט פון אַ צוויי צענדליק שטעטלעך פון וואַרשעווער ראַיאָן. אין צוזאַמענפלי האָבן אָנטייל גענומען ביי אַ טויזנט יוגנטלעכע. די דערעפענונג איז פאָרגעקומען אין די פרימאָרגנשעהן, אויפן פרייען פעלד פון ספּאָרט־פּלאַץ. מיט געזאַנג, שפּילערייען און ספּאָרט־פאַרמעסטונגען זענען אויפגעטראָטן די אָנטיילנעמער פון צוזאַמענפלי. אין קינאָ־זאַל פון יונקערן איז שפּעטער פאָרגעקומען אַ פייערלעכע אַקאַדעמיע, בעת וועלכער די גאַסט־געבער האָבן אויפגעפירט גאָר אַ געלונגענעם פּראָגראַם. אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט געמאַכט דער פאַקלצוג איבער די גאַסן פון נאָווי־דוואָר. די פאַקלען האָבן באַלויכטן דעם וואַלד פון פענער, און די מאַרשירנדיקע יוגנט האָט געזונגען, פול מיט גלויבן: „מיר זענען יונג, די וועלט איז אָפן!".

און אויב די וועלט איז דאַן נישט געווען אַזוי אָפן, האָט דאָס געזאַנג פון יונגן, מוטיקן דור געקאָנט עפענען די וועלט, דורכברעכן גרענעצן, טויערן און שלעסער...

משה באַביץ / מאָנטעווידעאָ

# ארום די וואלן צו דער קהילה

ס'איז געווען אין יאָר 1927, ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, האָט אויך דער „בונד" אין נאָווי־דוואָר דאָס ערשטע מאָל אָנטייל גענומען אין די וואַלן צו דער קהילה. די בונדישע קאַנדידאַטן צו דער קהילה זענען געווען: רודאַווסקי, פּאַפּיער און איינער אַ קאַמאַשן־שטעפּער ברוך קעלערוויס.

די באַלעבאַטישע און פרומע יידן אין שטאָט האָבן „געקאָכט": ווי קומט עפּעס „בונד" צו דער קהילה? וואָס האָבן די אפּיקורסים דאָרט צו טאָן? מער פון אַלע האָט זיך געקאָכט דער גלעזער מענדל (ראָזנטאַל), פאַר זיין טיר אויף דער וואַרשעווער גאַס נעבן מאַרק. דאָרט זענען שטענדיק געשטאַנען די טרעגער און די באַלעגאָלעס, און דער גלעזער מענדל האָט געהאַלטן אין איין טענהן מיט זיי: „וואָס, מאַטעס פּרעסער, מאַטעס קאָלבאַס וועט זיין אַ דאָזאָר? אַז נישט דערלעבן זאָל ער!" אויף דעם האָט געענטפערט מענדל „טראָצקי": „סטענקען וועט איר און זען, אַז מאַטעס וועט טאַקע ווערן אַ דאָזאָר". נאָך אַזאַ געזאָג פון מענדל טראָצקי איז דער גלעזער מענדל אַזש רויט געוואָרן און געטאָן ווי זיין ווייב און טאָכטער האָבן געבעטן, — אויס מיט די קריגערייען און אַריין אין געוועלב אַריין.

דער „בונד" האָט דעמאָלט אַדורכגעפירט די גרעסטע מיטינגען אין שטאָט מיטן אָנטייל פון וויכטיקע רעדנער, ווי אַרטור זיגעלבוים, בערל אַמבאַראַס, ש. גילינסקי און הערשל הימלפאַרב. אַמבאַראַס האָט שטאַרק אויסגענומען מיט זיין וויציקן טאָן און הערשל הימלפאַרב איז דאָ — כאָטש ער איז געקומען אַלס רעדנער פון וואַרשע — געווען ווי אַן אייגענער, אונדזערס אַ נאָווי־דוואָרער...

אין דער קאָכעניש אַרום די וואַלן האָט זיך אויך אַריינגעמישט הרב נויפעלד, דער רב פון נאָווי־דוואָר, כאָטש ער האָט געהאַט צוגעזאָגט דעם „בונד", אַז ער וועט זיך אין די וואַלן נישט מישן און זאָלן די נאָווי־דוואָרער יידן אויסוויילן אַזעלכע דאָזאָרעס ווי זיי ווילן. הרב נויפעלד האָט געלאָזט וויסן וועגן אַן אסיפה אין בית־המדרש, אַז אַלע חסידישע יידן פון די שטיבלעך זאָלן קומען אין בית־המדרש אַריין. אויף די מתפללים פון בית־המדרש אַליין האָט זיך הרב נויפעלד נישט געקענט פאַרלאָזן, זיי זענען געווען מער גענייגט צום „בונד" און מיט זיי אַליין איז די אסיפה נישט געווען פאַרזיכערט.

וואָס זשע טוט מען, אַז דער רב מישט זיך יאָ אַריין אין די וואַלן? אַ פייף פון אַ יוגנטלעכן אין פענצטער האָט מיך אויפגעוועקט שבת אין דער פרי צו אַ באַראַטונג, שנעל בין איך אַהין אַוועק מיט מיין ברודער חיים, און אויף דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויך אונדזערע חברים זאָלן קומען צו דער אסיפה אין בית־המדרש. מיר האָבן באַלד צעשיקט אַ סך יוגנטלעכע שליחים צו מודיע זיין וועגן דעם אונדזערע חברים.

דאָס בית־המדרש איז געוואָרן פול געפּאַקט, דער רב האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש און אָנגעהויבן זיין רעדע: „נאָווי־דוואָרער יידן! דער „בונד" רופט אייך, אַז איר זאָלט שטימען פאַר אים, — פרעג איך אייך, וואָס האָט דער „בונד" צו טאָן מיט דער קהילה? אויב איר דאַרפט האָבן אַ קהילה און אַ רב אין שטאָט — זאָג איך אייך, אַז איר מעגט שטימען פאַר וועמען איר ווילט, נאָר נישט פאַרן „בונד".

דערנאָך איז דער רב אַריבערגעגאַנגען צו עניני דיומא — היינט...: „היינט ברענגט דער „בונד" אַראָפּ אַהער אַ צווייי און פערציקער האַרמאַט — הערשל הימלפאַרב, — איז רוף איך אייך, אַז קיינער פון אייך זאָל נישט גיין אים הערן. זאָל ער רעדן בלויז פאַר זיינע חברים!"

הערצל דובניקאָוו, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיר, האָט שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אַ געשריי געטאָן: „איך בעט אַ וואָרט פאַרן „בונד". אַ צווייטער האָט אָנגעהויבן פאָרוואַרפן דעם רב, פאַר וואָס ער האָט נישט מקיים געווען זיין צוזאָג דעם „בונד", זיך נישט צו מישן אין די וואַלן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל און געשלעג, דער רב איז געוואָרן בלאַס, און אַרום האָט מען געשריגן: „נאָווי־דוואָרער רב, איר זענט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס דאָ קומט פאָר!" באַלד איז אָנגעקומען פּאָליציי און מען האָט עטלעכע פערזאָן אַרעסטירט.

אין דעם זעלבן טאָג איז פאָרגעקומען אַ מיטינג מיט הערשל הימלפאַרב. אַזוי פיל מענטשן זענען אים

געקומען הערן, אַז מען האָט דעם מיטינג געמוזט אַריבערטראָגן פון יונקערס זאַל אויפן הויף. אַלע האָבן זיך דעמאָלט געוויצלט, אַז דאָס איז געווען די פעולה פון רב...

ביי די וואַלן האָט דער „בונד" אַדורכגעפירט 3 ראַטמענער, אויף דעם האָט זיך קיינער נישט געריכט. דער רב איז שפּעטער עטלעכע וואָכן געווען באַליידיקט און נישט געקומען אין בית־המדרש אַריין דאַוונען. ער האָט געזאָגט: „צו וועמען זאָל איך גיין, צו די בונ־דיסטן? זאָלן זיי גיין צו רודאַווסקין און מיט אים דאַוונען". ער איז אויסן געווען די מתפללים פון בית־המדרש, וואָס האָבן געשטימט פאַרן „בונד". פאַרשטייט זיך, אַז דער ברוגז מיטן בית־המדרש האָט נישט לאַנג געדויערט און דער רב האָט זיך איבערגעבעטן.

אויך נאָך די וואַלן האָבן די רעדלפירער פון דער קהילה נישט משלים געווען מיטן נצחון פון „בונד" און נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער „בונד" זאָל האָבן אַ פאָרשטייער אין פּרעזידיום. צוליב דעם האָט דער רב, וואָס איז אויך געווען פאַרזיצער פון דער קהילה, נישט גערופן די קאָנסטיטוירנדיקע זיצונג, און דאָס האָט ווייטער גורם געווען צו סכסוכים.

איינמאָל, אין אַ זונטיק, איז הענדום־פּענדום צונויפגערופן געוואָרן די כסדר אָפּגעלייגטע זיצונג, און די מערהייט האָט געפּרוווט אויסנוצן די אָפּוועזנ־הייט פון בונדישן ראַטמאַן ברוך קאַמאַשן־שטעפּער און דורכפירן די אָפּשטימונג אָן אים. זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט רודאַווסקיס בקשה, צוצוואַרטן ביז פאַר נאַכט, ווען ברוך קעלערוויס וועט צוריקקומען פון וואַרשע, ווו ער האָט דעמאָלט געאַרבעט. די פּאָליטיקאַנער פון דער מערהייט זענען אויסן געווען אַריינצוכאַפּן אָן אָפּשטימונג און דורך דעם נישט דערלאָזן, אַז דער „בונד" זאָל באַקומען אַן אָרט אין פּרעזידיום. רודאַווסקי האָט דעמאָלט די שטים־צעטלעך צעריסן, און ער איז צוליב דעם אַריינגעזעצט געוואָרן אין וואַרשעווער „פּאַוויאַק".

רודאַווסקין האָט דעמאָלט געדראָט פינף יאָר טורמע, נאָר אַ דאַנק די באַמיונגען פון די צענטראַלע אינסטאַנצן פון „בונד" און די אַדוואָקאַטן איווינסקאַ און האָניגוויל, איז ער באַפרייט געוואָרן נאָכן אָפּזיצן עטלעכע וואָכן.

רודאַווסקיס אַרעסט איז געווען דער פינאַל פון די וואַלן צו דער נאָווי־דוואָרער קהילה. רודאַווסקי האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעשראָקן, ווען ער האָט געדאַרפט פאַרטיידיקן די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין נאָווי־דוואָר.



ב. חיים / תל־אביב

# די בונדישע פראקציע אין נאווי-דווארער שטאטראט

אין דער געשיכטע פון נאַציאָנאַלן קאַמף אין די פוילישע מוניציפּאַליטעטן פאַר גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן פון אַלע בירגער, קען אָן שום ספק דינען ווי אַ ביישפּיל די אַרבעט און קאַמפּס־טעטיקייט פון דער בונדישער פראַקציע אין נאַווי־דוואָרער שטאָטראַט אין משך פון אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר.

די אומדערמידלעכע אַרבעט האָט געגעבן אירע רעזולטאַטן. זי האָט באַפרייט די יידישע פאָלקסמענטשן פון מיסטעריעזן פחד, ווען זיי האָבן זיך געניייטיקט אין הילף פון דער שטאָטישער אינסטיטוציע און גע־דאַרפט איבערטרעטן די שוועל פון מאַגיסטראַט.

פון מיינע יוגנט־יאָרן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַזאַ געשפּענסט פון צוויי שטאָטישע באַלע־באַטים: דער אַפּטייקער קאַנאַרסקי, אַן אויסגעשפּראָ־כענער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט פון דער ענדע־קישער פּאַרטיי און דר. דאַניעל.

אויף דער יידישער גאַס זענען געווען אַזעלכע פּאַרמיטלער, וועלכע האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז די אָנ־געוואָרפענע פּאָליטיק פון די אויבן־דערמאָנטע צוויי זאָל אויסגעפירט ווערן. איינער פון זיי איז געווען דער „געלער מענדל", ביי וועמענס געוועלב דער דר. דאַ־ניעל פלעגט פאַרהאַלטן זיין „וואַלאַנט" אָדער דראָזשקע. דער „געלער מענדל" האָט דעמאָלט מיט הכנעה זיך געבייגט, דערביי מכבד געווען דעם דאָקטער מיט אַ פּעקל ציגאַרן און בינו־לבינו זיך צונויפגערעדט וועגן די שטאָטישע ענינים...

דאָס ערשטע מאָל האָט נאַווי־דוואָר געוויילט אַ שטאָטראַט אין 1919 אָדער 1920. ער האָט אָבער נישט אַרויסגעוויזן קיין לעבנס־פעיִקייט און זיין טעטיקייט איז איבערגעריסן געוואָרן מיט דער פּויליש־באָלשע־וויסטישער מלחמה. מיר האָבן, ליידער, נישט קיין מאַטעריאַלן וועגן דער שטימען־פאַרטיילונג אין יע־נער צייט און מיר געדענקען נאָר צווישן די ערשטע ראַטמענער: אונדזער חשובן בן־עיר, דער צאָן־דאָקטער שמואל גראַבמאַן, וועלכער איז דעמאָלט אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער ליסטע פון די פּאָלקיסטן, און האָט דערנאָך אין אַלע פראַגן מיטגעשטימט מיט די אַר־בעטער־פאַרשטייער.

די צאָל יידישע ראַטמענער אין שטאָטראַט איז דעמאָלט געווען אַ גאַר קליינע. די יידישע באַפעלקע־רונג האָט דעמאָלט נאָך געקוקט אויפן מאַגיסטראַט פרעמד, אַז דאָרט איז נאָר פאַר די גויים און נישט פאַר אונדז... אַן ענדערונג איז ערשט געקומען אין יאָר 1923, ווען דער פּלענום פון שטאָטראַט איז געוואָרן דעקאָמפּלעטירט און דער סטאַראָסטע האָט פאַראָרדנט צוגאָב־וואַלן. דאָס ערשטע מאָל האָט די שטאָטישע באַ־פעלקערונג מיטגעמאַכט דעם גרויסן געפעכט פון פּאָליטישן קאַמף פאַר אַ גערעכטער מוניציפּאַלער פּאָ־ליטיק.

און לאָמיר דאָ באַצייכענען, אַז ביי דער געלעגנהייט זענען די יידישע און פוילישע אַרבעטער געגאַנגען צוזאַמען אין איין סאָלידאַרן פראָנט פון „סאָציאַליסטישן בלאָק", ווו עס זענען געווען פאַרטרעטן: „פּ. פּ. ס." „בונד" און קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן זענען דעמאָלט געגאַנגען אונטערן נאָמען פון „לינקע פּ. פּ. ס." די ביידע פאַרטייען האָבן נאָך דעמאָלט אין נאַווי־דוואָר נישט געהאַט קיין סטאַבילע אָרגאַניזאַציעס. פאַר יע־נער צייט האָבן די קריסטלעכע דעמאָקראַטן („כאַדע־קעס") נאָך געהאַט שטאַרקע איינפלוסן אין דער „סטאַטשניאַ מאָדלינסקאַ", ווו עס האָבן געאַרבעט די ווייט גרעסטע צאָל פון די פוילישע אַרבעטער אין שטאָט. אַזוי, אַז דער סאָציאַליסטישער בלאָק האָט צוליב דער שוואַכקייט פון די פוילישע פאַרטייען, זיך ממילא באַזירט אויף דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען דער כוח און האָט געגעבן דעם טאָן אין דער אַרבעט פון סאָציאַליסטישן בלאָק.

דער זיג איז דעמאָלט געווען איבעררעשנדיק. דער סאַצ. בלאָק האָט באַקומען דריי מאַנדאַטן: פון „בונד" — ח' רודאַווסקי, פון „פּ. פּ. ס." — פּשיבי־שעווסקי, און פון די קאָמוניסטן — לוקאַשעווסקי, אַ פוילישער שוסטער־אַרבעטער. פון דאַן אָן האָט דער נאַווי־דוואָרער שטאָטראַט באַקומען דעם ווערט פון אַ מוניציפּאַלער אַרענע, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָלי־טישער שטרייט צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען, ביז צו די לעצטע טעג פאַר דער נאַצישער מלחמה.

כדאי צוצוגעבן, אַז די ראַטמענער פון סאָציאַ־ליסטישן בלאָק זענען במשך פיר יאָר פון דער קאַ־דענץ פון שטאָטראַט דערשינען אויפן פּלענום איינ־

הייטלעך, געשטימט צוזאַמען און צווישן זיך געשטאַנען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט, ווי אַן אָנפירנדיקע קערפּערשאַפט.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן פילן, אַז די שטאָטישע באַלעבאַטישקייט איז נישט נאָר אַן ענין פון „זיי", נאָר אַז יעדער איינער פון אונדז האָט זיינע רעכטן און פליכטן, און אַז ער דאַרף מאָנען און פאָדערן. בראש פון דעם קאַמף האָט זיך אַרויסגערוקט די בונדישע אָרגאַניזאַציע מיט איר דעמאָלטיקן איינציקן ראַטמאַן רודאַווסקי. דער קאַמף איז דעמאָלט געווען אַ דאָפּלטער: אַ פּרינציפּיעל־פּאָליטישער — פאַר דערגרייכן אַ סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָטראַט און אין מאַגיסטראַט, און אַ טאָג־טעגלעך פּראַקטישער — העלפן ווי ווייט מעגלעך דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג מיט אינטערווענצן אין פאַרשידענע שטאָטישע אַנשטאַלטן. „אינטערווענץ" האָט דעמאָלט געמיינט: זיך אָננעמען פאַר אַ קראַנקן, ווען אין שטוב איז קיין גראָשן נישטאָ, און ח' רודאַווסקי לויפט זיך באַמיען, צו שיקן אַ שטאָטישן דאָקטער אומזיסט, אָדער זען, אַז מען זאָל אויפנעמען אַזאַ אומפאַרמעגלעכן אין שפּיטאָל. אַזוי האָט מען אויך געמוזט אינטערווענירן פאַר אַ לאָקאַטאָר, וועלכן מען וואַרפט אַרויס פון זיין דירה, אָדער פאַר איינעם, ביי וועמען דער שטייער־עקזעקוטאָר וויל צונעמען די לעצטע בעבעכעס. אַזעלכע פּאַסירונגען געדענקען מיר גוט — דאָרט, אין די „פּאַלאַצן" אויפן „פּיאַסעק". פאַר די איינוווינער פון דאָרט האָט מען געמוזט כסדר „אָפּשרייען" גזרות, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי ממש געבליבן אויף דער גאַס.

די אַלע קליינע צרות און געשעענישן זענען געווען די בעסטע אָפּשפּיגלונג פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן מצב ביים גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יענער צייט. ס איז דעריבער פאַרשטענדליך, אַז די טעטיקייט לטובת זיי האָט געגעבן רעזולטאַטן, און ווען די קאַדענץ פון שטאָטראַט האָט זיך פאַרענדיקט, און ס'זענען פאַרגעקומען נייע וואַלן צום שטאָטראַט אין 1927 — איז דער זיג פון „בונד" געווען אַ גרויסער. צוזאַמען מיט „פּ. פּ. ס." און קאָמוניסטן איז דעמאָלט דערגרייכט געוואָרן אַ סאָציאַליסטישע מערהייט.

און פון די 24 ראַטמענער, וואָס זענען דאַן געווילט געוואָרן, זענען 13 געווען פון סאָציאַליסטישן בלאָק: 6 פון „פּ. פּ. ס.", 5 — „בונד" און 2 פון די קאָמוניסטן. יידישע ראַטמענער זענען דאַן געווען 10: פון „בונד" 5, האַנטווערקער — 2, קאָמוניסטן — 1, און 2 פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן בלאָק, וועלכער האָט אַרומגענומען אַלע יידישע בירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס. אויף וויפל איך געדענק זענען דאַן פון „בונד" אויסגעוויילט געוואָרן חיים יצחק רודאַווסקי, דידעק זילבערטאַל, אַהרן גאַרצאַוויטש, ניסן שטיינבערג און סינעק הירשביין. ביי די וואַלן צום מאַגיסטראַט איז רודאַווסקי אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע־בירגערמייסטער און זילבערטאַל אַלס לאַווניק פון דער פינאַנץ־אָפּטיילונג. אויף זייער אָרט זענען דאַן אַריין אין שטאָטראַט ישראל ראַבינאָוויטש (לעצטנס געשטאָרבן אין אויסטראַליע) און פּנחס קראַנענבערג. פון די האַנטווערקער זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַהרן שולבאַנק און בנימין קראַנענבערג. פישל בראַצקי איז געווען איינער פון די צווי לינקע פאַרשטייער.

די וואַל־קאַמפּאַניע איז פאַר יענער צייט געווען איינע פון די גרעסטע פּאָליטישע אַקציעס, וואָס נאָווי־דוואָר האָט געזען. דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט אַ ברייטע הויז־אַגיטאַציע און גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, אַזוי, אַז יונקערס זאַל איז געווען צו קליין, — איז מען ערשט אַריבער אין הויף און דערנאָך אויפן מאַרק. אין פיל פאַלן זענען אויך דורכגעפירט געוואָרן פּאַראַלעלע מיטינגען, און נאָווי־דוואָר האָט געהאַט דעם כבוד צו הערן די אָנערקענטסטע און בעסטע רעדנער און טוער פון „בונד". דעם לעצטן שבת פאַר די וואַלן האָט דער גרויסער פאָלקס־טריבון ח' בייניש מיכאַלעוויטש געשלאָסן די וואַל־קאַמפּאַניע, אויף אַ מיטינג ביי יונקערן אין הויף, מיט די ווערטער: „אַרום אייער נאָווי־דוואָר געפינט זיך די באַקאַנטע מיליטערישע פעסטונג מאָדלין. אָבער נאָווי־דוואָר גופא איז אַ בונדישע פעסטונג"...

דער וואַל־זיג האָט אָבער אויך אַוועקגעשטעלט דעם „בונד" אין נאָווי־דוואָר פאַר גאַנץ ערנסטע פּראָבלעמען. די „פּ. פּ. ס."־ישע פראַקציע האָט נישט געהאַט די פאַסיקע מענטשן צו שטעלן זיי בראש פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט. ווידער — די ראַטמענער פון די רעכטע גרופּירונגען, פּוילישע ווי יידישע, זענען געווען אַזוי פאַרביטערט נאָך זייער דורכפאַל ביי די וואַלן, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט מיטאַרבעטן מיט דער סאָציאַליסטישער מערהייט אין מאַגיסטראַט. זיי האָבן אויך געהאַט די אונטערשטיצונג פון די העכערע מאַכט־אָרגאַנען אין וואַרשע, וועלכע האָבן נאָך די וואַלן געזוכט וועגן, ווי אַזוי צו ברעכן די סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָטראַט און אין מאַגיסטראַט.

דער מאַגיסטראַט איז באַשטאַנען פון 5 מיטגלידער: דער בירגערמייסטער, זיין פאַרטרעטער און 3 לאַווניקעס. דער בירגערמייסטער האָט געדאַרפט זיין פון די „פּ. פּ. ס.״ זיין פאַרטרעטער — פון „בונד״. אָבער די „פּ. פּ. ס.״ האָבן נישט געהאַט קיין פּאַסיקן קאַנדידאַט. דער „בונד״ האָט דאַן פאָרגעלייגט זיין קאַנדידאַט אויף בירגערמייסטער — דעם ח׳ רודאַווסקי, און דאָס האָט געשטעלט די „פּ. פּ. ס.״ אין אַ שווערער לאַגע, ווייל די פּוילישע רעאַקציע האָט דאַן געפירט אַ מוראדיקע קאָמפּאַניע, אַז „פּ. פּ. ס.״ האָט זיך פאַרקויפט צום „בונד״. אַרום די ענינים זענען אויך דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סך פאַרהאַנדלונגען צווישן די צענטראַלע אינסטאַנצן פון „בונד״ און „פּ. פּ. ס.״ אין וואַרשע. אין אַ געוויסן מאָמענט איז אויך באַטראַכט געוואָרן דער געדאַנק, פאָרצולייגן אַלס בירגערמייסטער איינעם פון די צענטראַלע טוער אין „בונד״, וועלכער האָט זיך אין יענע יאָרן פאַרנומען מיט דער מוניציפּאַלער טעטיקייט פון „בונד״ — דער אומגעקומענער ח׳ וויקטאָר אַלטער. נאָר סוף־סוף האָט די „פּ. פּ. ס.״ דעלעגירט זייערס אַ קאַנדידאַט — טורעק, וועלכער איז צו אונדז געקומען פון אַ שטעטל נעבן לאָדזש (אַ שטעטל טורעק), ווו ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּאַרטייִישן אַמט.

דער פינאַל פון דער גרויסער פּאָליטישער געשעעניש האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער ערשטער זיצונג פון ניי־געוויילטן שטאָטראַט. צו דער זיצונג האָבן זיך געגרייט נישט נאָר די ראַטמענער פון די פאַרשידענע פראַקציעס, נאָר אויך גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג און דער עיקר פון דער יידישער. די שטאָט האָט נאָך געלעבט מיטן רושם פון אָפּגעהאַלטענעם פאָלקס־ניצחון. די זיצונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ גרעסערן זאַל, אין ראָזנבוימס „סאַליע״, און זי איז דורך שטורמיש און דראַמאַטיש.

צוויי וויכטיקע פּונקטן זענען געווען אויפן טאָגאָרדענונג: 1. וואַלן צום מאַגיסטראַט; 2. דעקלאַראַציעס פון די פראַקציעס. וואָס שייך וואַלן — איז אַלץ געווען פאָרויסגעזען: די מערהייט איז געווען אַ באַשטימטע און גוט צוגעגרייט דורכצופירן אירע קאַנדידאַטן. דאַקעגן די פראַגע וועגן לייענען איניקע שטעלן אויף יידיש אין דער דעקלאַראַציע פון דער בונדישער פראַקציע — האָט געפאָדערט די צושטימונג פון דער „פּ. פּ. ס.״ און פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם ענין. דאָס לייענען דעקלאַראַציעס אין יידיש איז נישט געווען קיין אָרטיקע דערפינדונג. אַזוי האָבן זיך געפירט די בונדישע ראַטמענער אין אַלע שטאָטראַטן, באַזונדערס דאָרט, ווו עס איז געווען אַ סאָציאַליסטישע מערהייט. דערמיט איז מען אויסן געווען צו אַקצענטירן די רעכט פון יידישע שולן, שפּראַך און קולטור. ווען ס׳איז געקומען צום לייענען די דעקלאַראַציע האָט זיך געפילט אין זאַל דער אָנקומענדיקער שטורעם. די דעקלאַראַציע אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע האָט אָנגעהויבן לייענען סינעק הירשביין, און ווען ער איז אַריבערגעגאַנגען צו יידיש און די נישט־יידישע ראַטמענער האָבן דערהערט פאַרחידושט די עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע זאַצן, האָט דער פאָרזיצער אין אָנהייב געפּרוּווט עס דורכלאָזן און נישט רעאַגירט. אָבער באַלד האָט דאָס גלעקל אָנגעהויבן קלינגען, רופן דעם רעדנער צו אָרדענונג, באַשר דאָס איז קעגן געזעץ. דער רעדנער האָט אָבער, טראָץ דעם שטורעם מצד די פּוילישע רעאַקציאָנערע ראַטמענער, באַוויזן פאָרצוזעצן און פאַרענדיקן, ביי הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פון דעם גרויסן פּובליקום אויף דער גאַלעריע, וועלכער האָט זיך באַצייטנס דאָרט צונויפגעקליבן. די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט האָט ממש געיובלט און מיטגעלעבט מיט דעם קאַמף.

די רעכטע ראַטמענער האָבן אויף יענער זיצונג דערקלערט, אַז זיי וועלן נישט אָנטייל נעמען אין די וואַלן צום מאַגיסטראַט. דער מאַגיסטראַט איז אויסגעוויילט געוואָרן אין באַשטאַנד פון 3 „פּ. פּ. ס.״־אָווצעס (בירגערמייסטער טורעק און 2 לאַווניקעס) און 2 בונדיסטן (וויצע־בירגערמייסטער רודאַווסקי און לאַווניק דידעק זילבערטאַל).

די אַרבעט פון סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט איז נישט געווען קיין לייכטע, און דאָך, אַ דאַנק די כסדרדיקע אָנשטרענגונגען, איז געלונגען צו פאַרטרייבן פון דאָרט די שאָטנס פון רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם — די השפּעות פון די נכבדים, דעם דאָקטער און דעם אַפּטייקער, און אויסבילדן די שטאָטישע מאַכט אַלס קאָמונאַלע אינסטאַנץ, וואָס איז אויסגעוויילט פונעם פאָלק פאַרן פאָלק, און אָן אויסנאַם — אויך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

די רעכטע, בירגערלעכע ראַטמענער האָבן איינגעלייגט וועלטן און נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז דער סאָציאַליסטישער שטאָטראַט און מאַגיסטראַט זאָלן פירן זייער נאָרמאַלע פּאָזיטיווע אַרבעט. אויף זייער זייט זענען געשטאַנען דער סטאַראָסטע, דער וואָיעוואָדע און די

גאַנצע העכערע מאַכט. צו ערשט האָבן זיי זיך באַמיט, אַז די וואַלן זאָלן געפּסלט ווערן, און ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין גרונט דערצו, האָבן זיי פּשוט אין משך פון לאַנגע חדשים סאַבאָטירט און נישט דערלאָזט צו באַשטעטיקן דעם שטאָטישן בודזשעט. אויך די העכערע מאַכט האָט נישט געוואָלט באַשטעטיקן דעם בודזשעט. און אַז דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, האָבן אַלע רעכטע ראַטמענער, פּוילישע און יידישע, זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע מאַנדאַטן, בכדי צו דעקאָמפּלעטירן דעם שטאָטראַט און די מאַכט זאָל אים פונאַנדערלאָזן. אָבער די סאָציאַליסטישע מערהייט האָט זיך קעגנגעשטעלט דאָס פונאַנדערלאָזן דעם שטאָטראַט, ביז ס׳איז פאַראָרדנט געוואָרן דורכצופירן צוגאָב־וואַלן צום שטאָטראַט, כדי אויסצוווילן אַנדערע אויפן אָרט פון די דעמיסיאָנירטע רעכטע ראַטמענער.

די רעכטע האָבן זייער קאַמף ווייטער פאָרגעזעצט און באָיקאָטירט די צוגאָב־וואַלן. אָבער די וואַלן זענען פאָרגעקומען. די „פּ. פּ. ס.״ האָט באַקומען אויף דער פוילישער גאַס נאָך 6 מאַנדאַטן און דער „בונד״ — ביי יידן — נאָך 5. צווישן די געווייילטע ביי די צוגאָב־וואַלן זענען געווען: לאה שטיינבערג, הערשל קירשטיין און חנה קופּערשטיין. פון די 24 ראַטמענער זענען דעמאָלט געווען 10 בונדיסטן.

דער גרעסטער טייל פון די אַלע אויסגעווייילטע זענען אין אַלע שפּעטערדיקע קאַדענצן פון שטאָטראַט פון דאָס ניי געווייילט געוואָרן און געווען ראַטמענער ביז דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַוודאי האָט די מאַכט פון סאָציאַליסטישן שטאָטראַט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. לויטן באַפעל פון די רעגירונגס־אַמטן איז ער פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן יאָרן פון פאַרשטאַרקטער פּאָליטישער רעאַקציע — דער קאַמף פון דער סאַנאַציע קעגן דער סאָציאַליסטישער און דעמאָקראַטישער באַוועגונג, קעגן אַזוי גערופענעם „צענטראָ־לעוו״. די „פּ. פּ. ס.״ישע אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר איז כמעט ווי צעפאַלן געוואָרן און דערמיט איז אויך צעבראָכן געוואָרן די סאָציאַליסטישע מערהייט. אָבער אויף דער יידישער גאַס האָבן זיך די איינפלוסן פון „בונד״ נאָך מער פאַרשטאַרקט און די צאָל שטימען איז געוואַקסן. ביז צום סוף, ביז 1939, האָט דער „בונד״ געהאַט 5 ראַטמענער אין שטאָטראַט, הגם ס האָט זיך שפּעטער געפאָדערט אַ גרעסערע צאָל שטימען אויף דורכצופירן אַ ראַטמאַן, צוליב דער צוקאָאָפּטירונג פון רייך־פוילישע ראַיאָנען מחוץ דער שטאָט, ווי ס׳האָבן עס געטאָן די סאַנאַציע־רעגירער, מיטן ציל צו פאַרקריסטלעכן דאָס יידישע נאָווי־דוואָר.

די פאַרשטאַרקטע אַנטיסעמיטישע רעאַקציע אין די 30ער יאָרן האָט אַוועקגעשטעלט די בונדישע ראַטמענער פאַר אַ שווערן קאַמף לטובת די רעכט פון די אַרבעטנדיקע און יידישער באַפעלקערונג, פאַר שווערע צוזאַמענשטויסן מיט דער רעכטער מערהייט לטובת אַ גערעכטער פאַרטיילונג פון שטאָטישן בודזשעט, פאַר העלפן די יידישע אינסטיטוציעס און פאַר אָנערקענען די רעכט פון יידישע אַרבעטער און אַרבעטסלאָזע צו געניסן פון די שטאָטישע עפנטלעכע אַרבעטן.

שוין לאַנג האָט זיך די פוילישע מערהייט פאַרמאָסטן אויף צונעמען די פּרנסה ביי עטלעכע צענדליק יידישע דראָשקאַזשעס און פורמאַנעס, מיטן וועלן איינשטעלן אַן אויטאָבוס־פאַרקער אין שטאָט און צווישן וואַרשע און נאָווי־דוואָר. וויסנדיק, אַז דאָס מיינט אויסשטעלן אויף הונגער צענדליקער יידישע משפחות, האָבן די בונדיסטן אין שטאָטראַט לאַנגע יאָרן געקעמפט קעגן דעם, אין געוויסע פאַלן זיך באַנוצט מיט שטערן די זיצונגען דורך פאַרלאַמענטאַרישע אָבסטרוקציעס, כדי די פאָרשלאַגן זאָלן נישט דערגיין צו אַן אָפּשטימונג. פאַר אַזאַ טאַקטיק אויף איינע פו! די זיצונגען זענען אַלע 5 בונדישע ראַטמענער באַשטראָפט געוואָרן, יעדער איינער מיט 14 טעג אַרעסט. די ראַטמענער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרבייטן דעם אַרעסט אויף דער פאָרגעלייגטער געלט־שטראָף. פאַר דעם שטאָטישן אַרעסט־הויז, ווו זיי זענען אָפּגעזעסן זייער שטראָף, זענען דעמאָלט פאָרגעקומען פלוגדעמאָנסטראַציעס, מיט פּראָטעסט־אויסרופן קעגן די מאַכטהאָבער און מונטערונגס־אויסרופן פאַר די שטאָלצע ראַטמענער. די גאַנצע שטאָט איז דעמאָלט געווען אונטערן איינדרוק פון דער געשעעניש. אויך פּאָליטישע קעגנער האָבן עס געוווּסט אָפּצושאַצן און די אָנערקענונג פאַר די בונדישע ראַטמענער איז געוואַקסן.

היינט, ווען מיר שרייבן די שורות נאָך אַ דיסטאַנץ פון איבער 30 יאָר, קען יעדער איינער פון אונדז זיך פול מיט שטאָלץ אויף די קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר פון אונדזער קאָמונאַל־טעטיקייט ביי אונדז אין קליינעם שטעטעלע, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט אַזוי פיל רעוואָלוציאָנערן גייסט, פּאָליטישן פאַרנעם און נאַציאָנאַלן שטאָלץ.


פרעזידיום צוזאמענפלי קאמיט.
אין נאווידוואר 1933


אויספלוג פון נאשעלסקער „צוקונפט" אין נאווידוואר 17.V. 1930

חיים רודאַווסקי

# דער קאַמף אין שטאָט-ראַט*



חיים רודאַווסקי

אַזאַ שטורמישע שטאָטראַט־זיצונג, ווי ס׳איז פאָרגעקומען דאָס מאָל, איז שוין לאַנג, לאַנג נישט געווען. ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן דער בודזשעט אויף דעם יאָר 1939—40, און נאָך איידער די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז געקומען אַ גאָר גרויסער פוילישער אַרבעטער־עולם, צוהערן זיך, ווי אַזוי אונדזערע „שטאָט־טאַטעס" באַלעבאַטעווען מיט דער שטאָט.

פאַרן צוטרעטן צום בודזשעט, זענען באַטראַכט געוואָרן צוויי וויכטיקע פראַגן.

שוין יאָרן ווי אונדזערע חברים פירן אַ קאַמף אין שטאָטראַט, אַז די גאַס פשעסקאָק ווו עס וווינט די אמתע אָרעמקייט, זאָל שוין אַ מאָל אויסברוקירט ווערן; יאָר־יערלעך גיט דער מאַגיסטראַט אויס שווערע צענדליקער טויזנטער זלאָטעס אויף ברוקירונגען, און ווען עס קומט צום פשעסקאָק, איז קיין געלט נישטאָ. ענדלעך האָט דער מאַגיסטראַט איינשטימיק באַשלאָסן, צווישן אַנדערע גאַסן — אויך פשעסקאָק־גאַס אויסברוקירן. אָבער, אויף דער זיצונג פון שטאָט־ראַט טרעטן די פוילישע ראַטמענער אַרויס קעגן ברוקירן די פשעסקאָק־גאַס און שלאָגן פאָר צו ברוקירן בלויז דעם פוילישן טייל. און אַפילו דער בורמיסטזש, וועלכער איז מחויב צו פאַרטיידיקן די פאָרשלאַגן פון מאַגיסטראַט, טרעט אויך אַרויס קעגן פראָיעקט פון מאַגיסטראַט.

אויף דער פראַגע פון לאַווניק ח׳ רודאַווסקי, פאַר וואָס דער בורמיסטזש האָט אין מאַגיסטראַט גאָרנישט געזאָגט קעגן ברוקירן די פשעסקאָק־גאַס, ענטפערט דער בורמיסטזש, אַז „ער האָט איצט זיך איבערצייגט אַנדערש"... זענען טאַקע די ח״ח תנחום קראָנענבערג און ניסן שטיינבערג מיט שאַרפע ווערטער אַרויסגעטרעטן קעגן די אַנטיסעמיטישע פאָרשלאַגן און געשטעמפּלט די האַנדלונג פון שטאָטראַט און בורמיסטזש.

אַ צווייטע פראַגע איז געווען וועגן שטייערן, וואָס עס דאַרפן צאָלן די ווירטסלייט.

אויף אַ שטאָטראַט־זיצונג פריער, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ווירטסלייט דאַרפן צאָלן 50 פּראָצענט פאַר דעם מאַגיסטראַט פון דריטן צושלאָג צום מלוכה־שטייער פון הייזער. זענען די ווירטסלייט געקומען מיט אַ געוואַלד, האָט זיך דער שטאָטראַט נישט געלאָזט לאַנג בעטן און געענדערט זיין באַשלוס, אַז די ווירטסלייט וועלן נאָך צאָלן 37 פּראָצענט צוגאָב־שטייער.

ביים באַטראַכטן דעם בילדונגס־בודזשעט טראָגט ח׳ קראָנענבערג אַריין אַ פאָרשלאַג, אַריינצושטעלן אין בודזשעט אַ פּאָזיציע פון 300 זל. אויף אומזיסטע ביכער פאַר די אָרעמע שול־קינדער, 600 זל. אויף אויספלוגן פאַר די אָרעמע שול־קינדער און 300 זל. פאַר דער ביבליאָטעק פון אונדזער שטאָט.

ח׳ שטיינבערג שלאָגט פאָר, אַריינצושטעלן אַ סובסידיע פאַר אונדזער שול — 500 זל. מיט דער דאָזיקער סובסידיע פאַרטיקט זיך די אַנטיסעמיטישע מערהייט שנעל אָפּ, אָבער מיט די אַנדערע פאָרשלאַגן קאָנען זיי זיך נישט קיין עצה געבן, ס׳איז דאָ אַ צו־גרויסע גאַלעריע מיט פוילישע אַרבעטער, שטיקט מען זיך און מען ווערגט זיך, ביז די פאָרשלאַגן ווערן אָפּגעוואָרפן...

ביים באַטראַכטן דעם געזונטהייט־בודזשעט, שלאָגט ח׳ רודאַווסקי פאָר, אַריינצושטעלן אין בודזשעט 1000 זל. פאַר שווינדזוכטיקע קינדער — אַ סובסידיע פאַרן שפּיטאָל, די 4500 אויף מעדיצין פאַר אָרעמע — העכערן מיט 1800 זל., בויען אַ פּאָנד פאַר די ספּאָרט אָרג. — 300 זלאָטעס.

דער בורמיסטזש זאָגט זיך אָפּ צו שטימען פאַר די פאָרשלאַגן, מיט דעם מאָטיוו, אַז מיר זאָלן אָנגעבן די דעקונג אויף די אויסגאַבן. דער „בונד" — זאָגט דער בורמיסטזש — מאַכט בלויז דעמאָנסטראַציעס פאַר דער גאַלעריע.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער בורמיסטזש וויל נישט אָפּשטימען די פאָרשלאַגן, טראָגט ח׳ רודאַווסקי אַריין נייע פאָרשלאָגן:

צו דער אָפּטיילונג „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ" פאַר יתומים — 600 זלאָטעס, קינדער־באַשפּייזונג — 2000 זל. האַלב־קאָלאָניעס — 600, קוילן פאַר אָרעמע — 1500, און שטיצע פאַר אַלטע לייט — 6000 זלאָטעס.

דער בורמיסטזש ווערט דאַן אויסער זיך פון כעס און וויל די פאָרשלאַגן נישט שטימען.

ח׳ רודאַווסקי דערקלערט דאַן, אַז נאָך מיט 11 יאָר צוריק, ווען עס איז געווען אַ סאָציאַליסטישער שטאָטראַט, און די באַפעלקערונג איז געווען אַ קלענערע, האָט דער שטאָטראַט אויסגעגעבן אויף בילדונג מיט 8000 זלאָטעס מער ווי היינט, און אויף סאָציאַלער שוץ — מיט 64 טויזנט מער ווי היינט. דער מאָטיוו, אַז עס איז נישטאָ קיין געלט, האַלט נישט אויס קיין קריטיק, — פאַר וואָס האָט מען די ווירטסלייט געשאָנקען, טאַקע אויף דער

* פון אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „פאָלקס־צייטונג", אין 1938, געחתמעט פון ירוחם — פּסעוודאָנים פון חיים רודאַווסקי.

הײנטיקער זיצונג, די שטײערן? דער גאַנצער בודזשעט איז אַ רעאַקציאָנערער, אַ פאָלקס־פײנטלעכער. מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טאָן און אַלס פּראָטעסט פאַרלאָזן מיר די זיצונג.

גלײך נאָך אונדזערע חברים גײען אויך מיט אַלע פּוילישע אַרבעטער, די גאַלעריע בלײבט אין גאַנצן לײדיק, ס׳דויערט אַ היפּשע װײלע, ביז דער בורמיסטזש קאָן װײטער פירן די זיצונג. אַ טײל פּױלישע ראַטמענער דריקן די הענט פון די צװײ איבער־געבליבענע יידישע בירגערלעכע ראַטמענער; יענע דערקלערן, אַז זײ מאַכן נישט מיט דאָס, װאָס די בונדיסטן טוען. ס׳דויערט נישט לאַנג, און די יידישע בירגערלעכע ראַטמענער טראָגן אַרײַן אַ פאָרשלאַג, צו סובסידירן די גמילות־חסד־קאַסע מיט 200 זל. דער פאָרשלאַג װערט אויך אָפּגעװאָרפן. פאַר דער פּוילישער הילפס־קאַסע װערט יאָ באַשטימט 300 זל... בלית־ברירה פאַרלאָזן שוין אויך די 2 ראַטמענער די זיצונג...

ס׳האָט נאָך דעם געדויערט בלויז אַ האַלבע שעה און מען װערט פאַרטיק מיטן גאַנצן בודזשעט.




פאַרן בנין פון מאַגיסטראַט אין טאָג פון נאַרעװס פאַרפלײצונג



אַ טייל פון אַ בונדישער דעמאָנסטראַציע, אין צענטער — רודאַווסקי און באַביץ



בונדיסטן ביים קבר פון ח׳ דוד מאָסאַק

שרה ראָזענמאַן-טרעגער / תל-אביב

# דער פאַראיין פון די העפּטערינס

נאָך מיט יאָרן צוריק, אין מײַן קינדהייט, האָב איך געקענט אַ סך העפּטערינס, וואָס האָבן געאַרבעט אין שטוב בײַ זיך אין דער שפּעטער נאַכט אַרײַן. איך געדענק פון יענער צײַט צוויי מייסטערס אין דעם פאַך — חיים שפּאָרע און שרה נייטאָרין, ווי אויך די אַרבעטערינס אסתר לאָקעטש, רויזע גאָטהעלף און דאָבע נאָמבערג. אויך איך האָב געלערנט דאָס פאַך און בין געוואָרן אַ העפּטערין.

נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, מיט דער באַפרייונג פון פּוילן, האָט זיך דאָס העפּטערײַ-פאַך זייער פאַרשפּרייט אין אונדזער שטעטל, די אַרבעט איז געגאַנגען לויט די כסדרדיקע באַשטעלונגען פון וואַרשע און אַ סך האָבן געלערנט דאָס פאַך, די צאָל העפּטערינס האָט זיך פאַרגרעסערט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די סכסוכים און קאַמפן מיט די מייסטערס, קעגן אויסנוצונג און קליינע לוינען.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ פאַראיין פון די העפּטערינס, אונדזער טרעף-אָרט איז געווען דער בילדונגס-פאַראיין אין מרדכי פּישעלעס (ליפּשטיין) הויז, מיר האָבן אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט אין וועלכן עס זענען אַרײַן: אסתר לאָקעטש, שרה ראָזענמאַן, רויזע גאָטהעלף, דאָבע נאָמבערג און מיטגעהאָלפן אין אונדזער אָרגאַניזיר-אַרבעט האָבן די חברים רודאַווסקי, יוסף ראָזנטאַל, און מאָטל ראָזנשטיין. דאָס אָרגאַניזירן די העפּטערינס איז אָנגעקומען זייער שווער, מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַן אָפּגעשטאַנענעם עלעמענט, וואָס האָט געאַרבעט בײַ זיך אין דער היים און נישט געהאַט די קאַמפס-גרייטקייט פון די אַרבעטערינס אין וואַרשטאַטן בײַ די מייסטערס, דאָך האָבן מיר זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שוועריקייטן און אַלע מאָל פאַרטיידיקט די פאַך-אינטערעסן פון די העפּטערינס.

אין יאָר 1922 האָבן מיר אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטרייק, צו וועלכן ס'זענען צוגעשטאַנען כמעט אַלע העפּטערינס, בערך פיר הונדערט. מיטן שטרייק האָבן אָנגעפירט די חברים רודאַווסקי, ראָזנטאַל און זאַמיאַטין. אין שטרייק-קאָמיטעט זענען געווען אסתר לאָקעטש, שרה טישלער, שרה טאָפּ, רבקה קירשטיין, חיה יודעס מענדלסאָן, רבקה מאָסאָק, הענע טאָפּ און איך. דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן פינף וואָכן און זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן נצחון.

דער צווייטער שטרייק איז אויסגעבראָכן כמעט מיט אַ יאָר שפּעטער — אין 1923, אויך דעם שטרייק האָבן מיר נאָך 3 וואָכן געוווּנען, אַ דאַנק דער געלונגענער אָנפירונג פון שטרייק-קאָמיטעט מיטן חבר רודאַווסקי בראָש.

די אַלע קאַמפן און נצחונות האָבן געפונען פאַרשטענדניש און פאַרגרעסערט די סימפּאַטיע-געפילן צו אונדז פון דער גאַנצער נאָווי-דוואָרער באַפעלקערונג; דער אָנזען פון די העפּטערינס אַלס אָרגאַניזירטער כוח איז כסדר געוואַקסן; די העפּטערינס זענען געוואָרן די וואָרט-זאָגערינס פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע אַקציעס בײַ אונדז אין שטאָט; צו יעדן רוף זענען מיר געווען גרייט מיט מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף. בײַ וואַלן צום שטאָטראַט און דער קהילה, אָדער בײַם פינאַנסירן און אויסהאַלטן די זיבן קלאַסן פון דער יידישער שול און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַקציעס האָבן די העפּטערינס תמיד אַרויסגעוויזן אָפּפערווילִיקייט, אַוועקגעגעבן אַ סך צײַט און געגעבן צושטייער פון זייערע אָרעמע, אויסגעהאָרעוועטע גראָשנס.

אין איינעם אַ פאַר-פּסח האָבן פאַרשטרייקט די מצה-אַרבעטער און דער פאַראיין פון די העפּטערינס איז צוגעשטאַנען מיט אַ סאָלידאַר-שטרייק, אַלע העפּטערינס האָבן זיך געזאַמלט אַרום די בעקערייען אויף דער וואַרשעווער און זאַקראָטשינער גאַס; דערמיט געוויזן, וואָס עס מיינט אַרבעטער-סאָלידאַריטעט און געהויבן דעם מוט בײַ די שטרייקנדיקע.

דאָס זענען נאָר אייניקע פּרטים פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און קאַמף פון די העפּטערינס אין נאָווי-דוואָר אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די יידישע אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך זעלבסטווירדע און קאַמפס-גרייטקייט. אויך די נאָווי-דוואָרער העפּטערינס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס גלײַכבאַרעכטיקטע שותּפים מיט זייער אָרגאַניזירטקייט און מיט זייער קאַמף.

פון די טוערינס פון די העפּטערינס, די פאַרוואַלטונגס-מיטגלידער, איז נאָר איינע, הענע טאָפּ, מיט

אונדז פאַרבליבן, די איבעריקע: אסתר לאַקעטש, רבקה קירשטיין, רבקה מאַסאַק, חיה יודעס מענדלסאָן, שרה טישלער, רויזע גאָטהעלף, רחל הערשפּאַנג, שרה טאַפּ — זענען אַלע אומגעקומען דורך נאַצישע מערדער. פאַרבלייבן וועלן זיי אַלע אין אונדזער זכרון אויף אייביק.

Związek Zaw. Robot. Przem. Odzieżowego w Polsce
Oddz. Nowy-Dwór

W Poniedziałek dnia 21.I.24 r. przystąpiliśmy do pertraktacji ze Związkiem rzemieślników, i wykazało się że majstrowie chcą zwlekać strejk i wygłodzić robotnic, stawialiśmy im wniosek żeby punkt sporny o wydanie roboty nie członkiń Związku, przesłać do centralnych ciał. związku Zaw. i Związ. rzemieślników. Po dłuższej naradę majstrowie odrzucili naszego wniosku, i chcą w taki sposób powiększać eksplatacji i rwać z cen.

Komitet Strejkowy

פּראָפ. פאַראיין פון באַקליידונגס אַרב. אָפּט. נאָווי דוואָר

מאָנטיק דעם 21-טן I. 24 י. זענען מיר צו דעם געקומען צו אינטערהאַנד-לונגען מיטן האַנטווערקער פאַראיין, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די מייסטער ווילן מיט אָפּציִען פאַרשלעפּן דעם שטרייק און אַזוי אַרום אויסהונגערן די העפטערקעס.

מיר האָבן געמאַכט די גרעסטע הנחה ווייל מיר האָבן געפאָדערט צו איבערגעבן די פראַגע, וועגן אַרויסגעבן אַרבעט נישט מיטגלידער, צו לאָזן באַשליסן די צענטראַלע פון ביידע פאַראיינען. און דאָס האָבן די מייסטער נישט וועלן אָנערקענען קיין אַרבעט די נישט מיטגלידער.

דער האַנטווערקער פאַראיין האָט נאָך 1/2 טאָג געהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אינערע פאַרזאַמלונג. מיר ווייסן שוין פון לאַנג אַז דער פראָפ. פאַראיין שטייט ביי זיי ווי אַ דאָרן אין האַלדז, און שטערט זיי דאָס אויסנוצן מערער קאָנקורענץ.

זיי ווילן אַזוי אַרום אוממעגלעך מאַכן, אַז די העפטערקעס זאָלן אויף ווייטער נישט קענען זיך אויסרעדן די לאַגע. און אַזוי וועלן זיי נישט אָפּשאַפן דעם עקספּלואַטאַציע אויף 1 מינוט. זיי וועלן געבן אַרבעט ספּעציעל נישט מיטגלידער. און די מיטגלידער זאָלן הונגערן, כדי אַזוי אַרום צו צווינגען די אַרבעטערינס אַז זיי זאָלן אַרויספאַלן פון די פאַראיין. די אַרבעטערינס דאַרפן באַטראַכטן צו

צו שטרייקן ביז אַ נצחון

דעריבער וואָרענען מיר ווייטער. קיינער זאָל נישט נעמען אַרבעט פון די פאַרשטרייקטע וואַרשטאַטן נישט געמאַכטע ווערן. די וואָס וועלן יאָ אַרבעטן וועלן געשטראָפט ווערן אַלס פאַררעטער פון די אַרבעטער.

דער שטרייק-קאָמיטעט

נאָווי-דוואָר 24 I 1924

אַ שטרייק-אויפרוף פון די העפטערינס

# Robotnicy i chłopi Nowego-Dworu i okolic!

Bojkot antyżydowski ostrzem swym zwraca się przeciwko 600 rodzinom chrześcijańskim zatrudnionych w N-Dworze u Żydów (dykta, fajansówka, browar, tartak, szewcy i inni) 600 rodzin grozi bezrebocie. Około 2500 osób zostanie wyrzuconych z normalnego życia, co wpłynie na zmniejszenie zapotrzebowania produktów rolnych, a więc obniża ceny masła, sera, jaj, żyta, ziemniaków i t. d.

Straci więc na tym chłop, To trzeba w pierwszym rzędzie zrozumieć! Na czele durnych obałamuconych pikieciarzy stoją ludzie którzy wszystko kupują u żydów na godzinę przed bojkotem, a później krzyczą nie kupuj u żyda zato im bowiem płacą.

**Robotn. i chłopie!** Tobie nie wolno kupić u Żyda tego, co robotnik polski, swymi rękami wytworzy. Ty musisz przepłacać by Cię nie stać było na „luksus" kupienia bułki dla dzieci, bo wiedz Robotn. i Chłopie, że kapitał jest międzynarodowy, że Francuz, Niemiec, Żyd i Polak jeśli mają portfele dobrze wypchane to zgodnia z sobą żyją w Monte Carlo, na Riwierze i Sopotach.

Ty Robotn. i chłopie masz się między sobą gryźć i zabijać, bo im więcej jesteś skłócony i rozbity tym łatwiej z Ciebie skórę drzeć tym łatwiej pogrzebać sprawę robotn. chłopskiej.

**Robotnnicy i chłopi!** Masy pracujące miast i wsi gnębione długoletnim kryzysem bezrobociem, budzą się do nowego życia. Po całym kraju wzmaga się wołanie o pracę i chleb, o wolność i sprawiedliwość społeczną.

Ale **zbiry endeckie** na wzór carskiej czarnej sotni chcą tę żywą falę ruchu mas pracujących utopić w odmętach chuligańskich żydożerczych wyczynów. Onerowcy, endecy i zednciali sanatorzy podnieśli ostatw w kraju niecną akcję antysemicką.

Przy pomocy ekscesów antyżydowskich chcą oni oszukać masy ludowe i odwlec ich uwagę od właściwych celów. **Chłopie i Robotniku** i młodzież pracująca! wspomnij że Miłuj bliźniego jak siebie samego jest najszczytniejszym hasłem ludzkości. Nie rzeź i pożoga, nie rozbijanie straganów i pikietowanie sklepików żyd. wzniesie Polskę wzwyż, nie walki bratobójcze wzmocnią obronność kraju, a tylko zgodna i solidarna praca Robotn. Chłopa i wszystkich uciskanych bez względu na wyznanie i rasy wywiedzie Ojczyznę naszą z anarchji na tory świetlanej przyszłości.

**Kłamią bezczelnie endecy i onerowcy** że walczą tylko z żydami, przecież z ich łona z obozu endeków wyszedł morderca Pierwszego Prezydenta Rzeczypospolitej Gabriela Narutowicza. Przecież oni to obrzucali kamieniami 1-szo Majowy pochód w 37 roku w N-Dworze.

**Robotniku i Chłopie** dla dobra własnego, dla dobra Polski i dobra przyszłych pokoleń **przeciwstawiaj** się ślepej demagogicznej i sprzedajnej akcji zbirów faszystowskich, Pamiętaj że ciekawym i charakterystycznym jest fakt zorg. hec antyżydowskich, wtedy kiedy robot. i Chłopi głośno upominają swe prawa do życia i występują przeciwko krzywdzącemu ich porządkowi kapitalistycznemu.

**Chłopie i Robotniku!**

Musimy przeciwstawić się hecy antysemickie Razem z robotnikami żydowskimi zorganizowanymi w „Bundzie" staną robotnicy polscy zorganizowani w Klasowych Związkach zawodowych do czujnej i wytężonej walki przeciw faszystowskim i chuligańskim wybrykom, które hańbią Polskę.

Chłopi i klasa robotnicza pozostaną wierni wielkim ideałom wolności, równości i braterstwa wszystkich ludzi pracy bez różnicy narodowości i wyznania.

Ręka w rękę z robotnikami żydowskimi, niemieckimi ukraińskimi walczymy w całym kraju o **gruntowną przebudowę społeczną** o rząd robotników i chłopów, o demokrację i o socjalizm.

**Chłopie i Robotn.** ludzką egzystencję, prawo obywatelskie, pokój światowy, oświatę, pracę i chleb zapewnić Tobie może TYLKO Rząd Robot.-Chłopsk, który od wpływów i władzy w kraju usunie burżuazję wszystkich narodowości — razem z Burżuazją żydowską.

**Precz z nacjonalizmem, szowinizmem i antysemityzmem.**

**Niech żyje solidarność robotnicza!**

**Niech żyją klasowe związki zawodwe.**

**Niech żyje Rząd Robot.-Chłopski.**

**NIECH ŻYJE SOCJALIZM!**

**Komitet „Bundu" w Nowym Dworze**
**Miejscowa Rada Klasowych Zw. Zawodowych**
**Związek Robot Przem. Skórzanego w Nowym Dworze, Sekcja Szewców**
**Robotnicy Fabryk Dykt i Fajansów w Nowym Dworze**

wyd. Brodowski B. Nowy-Dwór ul. Legionów 4

Druk. „MONOGRAFIA", tel. 654-76.

אַן אויפרוף פון „בונד" און די פראַפ. פאַראײנען קעגן באָיקאָט אויף יידן

בן־אברהם / תל־אביב

# די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע

די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר איז אָממערסטן באַשטאַנען פון יידישע יוגנטלעכע, און צווישן זיי בלויז געציילטע נישט־יידן.

ווי אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע איז קיין מאָל נישט באַקאַנט געווען אין שטאָט איר צאָל מיטגלידער, אָבער זי האָט זיך אָנגעזען מיט דער שטאַרקער אידעישער איבערגעגעבנקייט, דעם אויפריכטיקן גלויבן און די אומבאַגרענעצטע גרייטקייט צו אָפּפערווויליקייט ביי יעדן פון אירע חברים.

פון די ערשטע באַקאַנטע קאָמוניסטן אין שטאָט דאַרפן דערמאָנט ווערן חיים טישלער און עזריאל אַלמאַן. זייער דערשיינען ווי קאָמוניסטישע טוער האָט צו טאָן מיט דעם אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן. חיים טישלער האָט צו יענער צייט געדינט אין ים־פלאָט פון דער פוילישער אַרמיי און שוין געווען באַקאַנט אין נאָווי־דוואָר. עזריאל אַלמאַן איז נאָך אין זיינע פריסטע יאָרן אַוועק פון נאָווי־דוואָר און געווען טעטיק אויף פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין דער פ. ק. פּ. שפּעטער איז ער אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פויליש־רוסישער גרענעץ, ווי אַ פאַרבינדלער צווישן דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אירע פאַרשטייער אין סאָוויעט־רוסלאַנד. ער איז אָפּגעזעסן 12 יאָר אין פאַרשידענע טורמעס, באַפרייט געוואָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און שפּעטער אומגעקומען.

אין די ראַמען פון באַקלייד־פאַראיין, וואָס זיין מיטגלידערשאַפט איז געווען אַ בונדישע, האָט זיך אַרויסגערוקט דער נאָמען פון אפרים שאַפּראַנקער. ער, אַ שניידער און מיטגליד פון פאַראיין, האָט אָנגעהויבן אַרויסטרעטן אין נאָמען פון דער „רויטער פראַקציע", וועלכע האָט אייגנטלעך נאָך נישט עקזיסטירט. ער, זיין פריינד ש. ג., זיין ברודער מאָטל, און די אויבן־דערמאָנטע זענען געווען דער ערשטער קערן פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אַרום זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט די געקומענע און אַרויסגענומענע פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס אָרט, ווו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געפירט איר אַרבעט, איז געווען אין לאָקאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דאָרט ווו עס האָבן אויך געפירט זייער אַרבעט דער „בונד" און די „צוקונפט"; דאָרט איז אַנטשטאַנען די „אָפּאָזיציע" — די „רויטע פראַקציע". די אַגיטאַטאָרישע אַרבעט איז אויך אָנגעגאַנגען מחוץ דעם לאָקאַל, אויף דער „צווייטער פראָנט־ליניע" — אויפן „דעפּטאַק". דאָרט האָט מען „באַאַרבעט" די סימפּאַטיקער, די פּאָטענציעלע קאַנדידאַטן פאַר דער קאָמ. אָרגאַניזאַציע.

די אַרבעט און „באַאַרבעטונג" אויפן „דעפּטאַק" איז געפירט געוואָרן אָן איבעררייס, זומער און ווינטער, אין גאָס־רעגנס און אין פּראָסטיקע טעג. דאָרט האָט מען כסדר אויפגעקלערט די אָפּגעשטאַנענע דעם נייעם וועג. דערביי האָט מען נישט געפילט די בלאָטע און דעם שניי אין די צעריסענע שיך...

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָט די קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַרגרעסערט אירע איינפלוסן. אירע אַקטיוויסטן זענען געווען אַריבערגעגאַנגענע פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ דויערנדיקן צווישן־פּאַרטייִשן קאַמף אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט אויך גורם געווען צו פּיין און פאַרביטערונג אין די פּערזענלעכע באַציִונגען.

די סיבות צו אָט די פאַרשאַרפטע באַציִונגען זענען געקומען פון צענטער. נאָך אין 1929 האָט אַ קאָנפערענץ פון פּראָפאַינטערן אין בערלין פּראָקלאַמירט צו שאַפן באַזונדערע רעוואָלוציאָנערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די רעזולטאַטן פון דעם באַשלוס האָבן זיך אויך אָנגעזען אין נאָווי־דוואָר... מען האָט זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט אָפּאָזיציע.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָט די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע געהאַט אירס אַ שטיבל אין דער בעקעריי פון הויכן יאָסל, דאָס איז געווען אַ האַלב־לעגאַלער קלוב, אַרום וועלכן זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט. דאָרט האָבן די שניידער, וואָס האָבן פריער געבילדעט די אָפּאָזיציע אין באַקלייד־פאַראיין, געשאַפן אַן אייגענעם פאַראיין, און דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד געפירט צו אַ קאַמף פאַר איינפלוסן און באַהערשונג אין די פאַרשידענע פאַבריקן



עזריאל אַלמאַן

און אַרבעטס-פּלעצער. דאָס האָט אויך געברענגט צו בלוטיקע געשלעגן, אין דעם האָבן זיך אויך אַריינגעמישט נישט-בכבודיקע עלעמענטן, וואָס זענען אין זייער תוך געווען בכלל פרעמד צו דער אַרבעטער-באַוועגונג. דער פינאַל פון דעם קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי דעם שניידער-וואַרשטאַט פון יידל זיידנבערג.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אין משך פון דער צייט אויסגעברייטערט אירע השפּעות; עס איז זיי געלונגען צוציִען יוגנטלעכע פון „צוקונפט", „פריי-הייט" א"אַ אָרגאַניזאַציעס. די פּאַרטיי-קאַמפּן האָבן זיך איינגעשטילט און אין די יאָרן 1935 — 36 האָבן זיך איינגעשטעלט מער אָנשטענדיקע באַציִונגען. די קאָמ. אָרג. האָט זיך אויך באַטייליקט אין פאַרשידענע געמיינזאַמע אַקציעס און אַרויסטרעטונגען, בעיקר מיטן „בונד" און טיילמאָל מיט „פּ. פּ. ס."

פון די בשותפותדיקע טעטיקייטן דאַרף מען דערמאָנען: די צוגאַב-וואַלן צום שטאָטראַט אין 1923, ווען פון סאָציאַליסטישן בלאָק איז אויסגעוויילט געוואָרן דער קאָמוניסט לוקאַשעווסקי; די געמיינזאַמע ערשטע מײַ-דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1926, מיט איר בלוטיקן פינאַל; די וואַלן צום שטאָט-ראַט אין 1927, ווען די „לינקע" האָבן באַקומען צוויי מאַנדאַטן און צוזאַמען מיט די אַנדערע אַרבעטער-פּאַרטייען געבילדעט אַ סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָטראַט און אין מאַגיסטראַט. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי דערשינען אויף געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען.

די קאָמוניסטישע אָרג. האָט אַ סך געליטן פון איר אומלעגאַליטעט, מיט יאָרן תּפיסה פון אירע אַקטיווע טוער. זאָלן דערמאָנט ווערן די אומגעקומענע יחיאל אַלמאַן, לאה פּאַפּיער און סימע זאַמיאַטין, וואָס האָט אויסגעהויכט איר נשמה אויף אַ תּליה אין נאָווי-דוואָרער געטאָ.



אַ גרופּע יידישע „פּיאָנערן" מיטן פּוילישן קאָמוניסטישן טוער גוסטאַוו (אין צענטער פון ערשטער ריי)

לייזער קירשטיין / ניו־יאָרק

# א בלוטיקער ערשטער מיי

אין יאָר 1926 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין נאָווי־דוואָר די ערשטע מיי־דעמאָנסטראַציע צוזאַמען מיט די פוילישע אַרבעטער. די פּאָליטישע לאַגע אין וואַרשעווער קרייז איז דעמאָלט, צוליב די אָפטע שטרייקן, געווען זייער אַן אָנגעצויגענע, און מען האָט דעריבער פּאַרבאָטן די דעמאָנסטראַנטן דורכצו־מאַרשירן אויף דער וואַרשעווער גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער בנין פון מאַגיסטראַט.

די דעמאָנסטראַנטן, וועלכע זענען געווען פּאַרבי־טערט און אויפגעבראַכט אויף דעם ווילקירלעכן פּאַרבאָט, האָבן זיך מיט אים נישט גערעכנט, און בשעת די דעמאָנסטראַציע האָט זיך דערנענטערט צו דער וואַרשעווער גאַס, האָבן די פאָדערשטע רייען אָנגעהויבן צו דעמאָנסטרירן אין דער ריכטונג צום מאַגיסטראַט. די פּאָליציי, וועלכע איז געווען אָנט־שלאָסן אָפּצוהיטן דעם פּאַרבאָט, האָט געשאָסן אין די רייען פון די דעמאָנסטרירנדיקע, און איין פּוילישער אַרבעטער, לאַפּוך, איז געפאַלן אויפן אָרט אַ טויטער און עטלעכע פון די דעמאָנסטראַנטן זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

די פּאָליציי האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט די שיסערייען און זיך געוואָרפן אויף די דעמאָנסטראַנטן מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט. דער עיקר זענען זיי אָנגעפאַלן אויף די פאָנען־טרעגער. ביי מיר האָבן זיי די פאָן אַרויסגעריסן נאָך אַ ביטערן קאַמף, און מיר איז געלונגען אין דעם טומל זיך צו באַפרייען פון זייערע הענט. אין שטאָט האָט זיך גלייך פאַר־שפּרייט אַ קלאַנג, אַ נישט ריכטיקער, אַז די פּאָליציי האָט ביי לייזער קירשטיין אָפּגעהאַקט אַ האַנט. דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט זייער אָנפאַל אויף מיר.

נאָך די געשעענישן איז באַלד דערקלערט געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד און דער אָרטיקער מיליטערישער גאַרניזאָן האָט איבערגענומען די מאַכט איבער דער שטאָט.

דער טראַגישער סוף פון דער דעמאָנסטראַציע האָט אויך מיט זיך געבראַכט ווייטערדיקע רעזולטאַטן. נאָך דעם בלוטיקן ערשטן מיי האָט די דאָרטיקע רעאַקציע אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דער אַנטיסעמי־טיזם האָט זיך באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט. אַ סך פון די וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער דעמאָנ־סטראַציע האָבן זיך געמוזט אָפּטראָגן פון שטעטל, און זיך געלאָזט אויף די ווייטע וואַנדער־וועגן, איבער גרענעצן און ימען.

די אַלע אַנטרונענע האָבן אָבער קיין מאָל נישט איבערגעריסן דעם קאָנטאַקט מיטן שטעטל און מיט זייערע חברים, און תמיד געשיקט מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף, כדי פאַרצוזעצן דעם קאַמף.

זאָל אויך, אין צוזאַמענהאַנג מיטן יענעם טראַגישן טאָג, פאַרצייכנט ווערן די זעלטענע איידעלע אויפפי־רונג פון ליובאַ טורקעלטאַוב, וועלכע האָט, נישט רעכענענדיק זיך מיטן קיין שום געפאַר, באַדינט מיט ערשטע הילף די פאַרוווּנדעטע דעמאָנסטראַנטן.



אַרבעטערינס אין דער דיקטן־פֿאַבריק



שלמה צוקער, פֿאָרשטייער פֿון „פּועלי־ציון" אין דער פֿאַרוואַל־
טונג פֿון בעקער־פֿאַראיין מיט זיין פֿרוי און קינדער

# די רעכטע פועלי־ציון אין נאווי־דוואר

אין 1925 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון „צ. ס." מיט די „רעכטע פועלי־ציון". דער דאָזיקער פאַראייניקונגס־אַקט האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די אַלע שיכטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן, וועלכע האָבן פאַר זיך געשטעלט אַ דאָפּלטע אויפגאַבע: די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע עמאַנציפּאַציע פון די יידישע מאַסן.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן איז אין יענער צייט געווען זייער אַ שווערע, די יידן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די שוואַכסטע און אומזיכערסטע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, אין קליין־האַנדל, אין פאַר־מיטלעריי, און נאָר טיילוויז אין מלאכה; ביסלעכוויז זענען די יידישע מאַסן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון די לעצטע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס, און עס איז אַלץ שאַרפער געוואָרן די נויטווענדיקייט צו זוכן נייע פרנסה־קוואַלן דורך אויסוואַנדערונג אין אַנדערע לענדער. אַלע בליקן ווענדן זיך צום יידישן פּיאָנערן־לאַנד, ווו ס'ווערט געלייגט אַ געזונטער יסוד פאַרן אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַל־יידישער אַרבעטס־געזעלשאַפט; ס'וואַקסט דער אינטערעס צו ארץ־ישראל.

אויך אין נאָווי־דוואָר האָט זיך געלאָזט פילן דער עקאָנאָמישער דרוק און די פאַראַרעמונג, ווי אַ רעזולטאַט פון די כסדרדיקע אַרויסשטויסונגען פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און עס דערוואַכט אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס ציט אין זיך אַריין פיל יוגנטלעכע און עלטערע אַרבעטער פון אונדזער שטאָט.

נישט לייכט איז געווען דער אָנהייב. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין לאָקאַל, אַן אָרט פאַר אונדזערע טרעפונגען, — האָבן מיר די ערשטע צייט געפירט אונדזער אַרבעט אויף דער גאַס, אין וואַלד, אויפן פעלד. דאָרט פלעגן מיר צונויפזאַמלען יוגנטלעכע און עלטערע און מיט זיי קנעלן דעם אַלף־בית פון פועלי־ציוניזם; אויפקלערן וועגן דער לאַגע פון די יידן אין גאַר דער וועלט און ספּעציעל אין פוילן, און אַוועקשטעלן ווי אַ מוסטער פון אַ נייעם גאַנג אין יידישן לעבן די מסירת־נפשדיקע מעשים פון דער אַרבעטער־שאַפט אין ישראל און אירע פאַרבונדעטע — די חלוצישע באַוועגונג ביי יידן אין די גלות־לענדער.

אונדזער ערשטער לאָקאַל איז געווען יאָסל בייגל־



אַ גרופּע חברים פון „פועלי־ציון"
פון רעכטס: לייבל פינקער, שלמה צוקער, מנשה קאַכאַלסקי, זלמן שמוקלער, חיים טיק, יעקב פינקער
אין פאָדערגרונט: שמעון ליטמאַן

בעקערס בעקעריי. דאָס איז געווען אַן אָפּגעלאָזטע שטוב, אַן אַ דיל און אַן אַ גאַנץ פענצטער. אָבער מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט האָבן אונדזערע חברים זיך גענומען צו דער רעמאָנטירונג און אויספוצונג פון אונדזער קלוב! אונדזערע סטאָליאַרעס האָבן פאַרריכט די פענצטער און טירן, די גלעזערס האָבן אַריינגעשטעלט שויבן, און אונדזערע חברטעס האָבן מיט געפלאָכטענע פאַרביקע פּאַפּיר־קייטלונגען און מיט קאַרבירטע פּאַפּיר־פאַרהאַנגלעך באַצירט די סטעליע, ווענט און פענצטער, און בילדער האָט מען אויפגעהאָנגען — אַז יום־טוב איז געוואָרן אין דער נעכטיקער בעקעריי און די שטוב האָט זיך אַליין נישט דערקענט. אויך אַ ליד איז דעמאָלט פאַרפאַסט געוואָרן לכבוד דעם „פּאַלאַץ פון יאָסל בעקער"...

שווערע און שיינע טעג זענען דאָס געווען, פול מיט האָפענונג אויף אַ נייער צייט און פול מיט מוט אויף אַ נייעם וועג. דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע לעבן איז אין אונדזער באַניטן לאָקאַל געוואָרן וואָס שטאַרקער, עס זענען אַנטשטאַנען קרייזן פאַר זעלבסטבילדונג — „ברענער", „באָראָכאָוו", „מאַרקס", מיט דער דערציערישער אָנפירונג פון די חברים שלום קאַרצאַוויטש, מנשה קאָכאַלסקי, הערשל מאַגיד, הענעך טיק א"אַ. פון בוך צו בוך האָבן מיר געשאַפן אַ ביבליאָטעק און אונדזער אויפקלערונגס־אַרבעט האָט אַריינגעדרונגען אין ברייטע שיכטן פון אונדזער שטאָט. מיר האָבן ביסלעכווייז אויסגעברייטערט אונדזער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, אונדזערע חברים האָבן אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אַלגעמיינע אינסטיטוציעס, אין דער „שלום־עליכם־ביבליאָטעק", אין דער „יידישער שול־אָרגאַניזאַציע" און אין ציוניסטישע אַנשטאַלטן; אין דער אַרבעט פאַר „קרן־קיימת", „קרן היסוד" און אין דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל". די „פועלי־ציון" אין שטאָט האָט אויך געהאַט אַ שם מיט די ליטעראַרישע אָוונטן, וועלכע מיר פלעגן איינאָרדענען אין פאָרעם פון לעבעדיקע צייטונגען, מיט דער באַטייליקונג פון אָרטיקע כוחות. די ליטעראַרישע אָוונטן האָבן צוגעצויגן אַ סך צוהערער.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אונדזער ערשטע דעמאָנסטראַציע אין 1טן מײַ פון 1928. דער „בונד", וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ כוח אין שטאָט, האָט מיט זיין אַנטי־ציוניסטישער איינשטעלונג זיך באַצויגן מיט ביטול צו דער קליינער גרופּע פון די רעכטע פועלי־ציון. אָבער מיט שטאָלץ האָבן מיר מאַרשירט איבער די גאַסן פון שטאָט און געלאָזט הערן אונדזערע לאָזונגען. אונדזערע ווענדונגען אין די שפּעטערדיקע יאָרן צו בשותפותדיקע מײַ־דעמאָנסטראַציעס האָבן תמיד אָנגעטראָפן אויף אַן אָפּזאָג מצד דעם „בונד", — האָבן מיר אונדזערס געטאָן אַליין, ביז מיר האָבן אַ דאַנק אונדזער עקשנות און באַוויסטזיין דערפירט „פועלי־ציון" צו פיל וויכטיקע דערגרייכונגען.

אין 1929, נאָך די אומרוען אין ארץ־ישראל, ווען ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די צוקונפט פון יידישן יישוב אין ארץ־ישראל איז באַדראָט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ העצע פון אַלע ארץ־ישראל־קעגנער קעגן אונדז — האָבן מיר פאַרשטאַרקט אונדזער אויפקלערונגס־אַרבעט, אָרגאַניזירט פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס פון די קעגנער און געוועקט דעם מוט פון אונדזערע חברים. אומדערמידלעכע איבערגעגעבנקייט האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן די אָנפירנדיקע חברים, כדי איינצוהאַלטן די גאַנצקייט און פאַרטיפן די אידעישע טרייקייט פון אונדזער פּאַרטיי.

אין יענע שווערע און אחריות־פולע טעג איז צו אונדז געקומען דער ח' ליפּא מונדלאַק פון ארץ־ישראל. פון אים האָבן מיר געהערט, ווי אַזוי די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער און חלוצים האָבן מיט זייער ווירדיקער זעלבסטשוץ אָפּגעשלאָגן די אַראַבישע איבערפאַלער. דאָס האָט אונדז אַלעמען געמונטערט צו ווייטערדיקער אַרבעט פאַר אונדזער געדאַנק און אַזוי האָבן מיר ווייטער אויסגעברייטערט אונדזער טעטיקייט אין שטאָט.

אין חודש יולי 1930 האָט אונדז געטראָפן אַ שווערע ידיעה, אַז אונדזער טייערער ח' ליפּא מונדלאַק, דער טעמפּעראַמענטפולער אַרבעטער־טוער אין ארץ־ישראל, איז פלוצעם, אין זיין אָנגעשטרענגטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. מיט ווייטיק האָבן מיר אויפגענומען די ידיעה, מיט טיפן טרויער און מיט גרויסן כבוד צו דעם, וועלכער האָט אונדז אַזוי פיל געהאָלפן און געמונטערט אין די שווערע טעג פאַר אונדזער באַוועגונג.

אין די יאָרן 1930 — 1934, מיט דער אויסברייטערונג און אויפשוווּנג פון אונדזער אַרבעט און מיטן כסדרדיקן וווּקס פון אונדזער פּאַרטיי — האָבן מיר זיך שוין געניטיקט אין אַ גרעסערן לאָקאַל און מיר האָבן באַקומען אַ גרויסע דירה ביי יצחק מאיר מונדלאַק, דער פאָטער פון פאַרשטאָרבענעם ליפּא, — 3 צימערן מיט אַלע איינריכטונגען. דאָרט איז פאַראייביקט געוואָרן

דער נאָמען פון אונדזער טייערן חבר ליפּא מונדלאַק מיט שאַפן אַ גרויסע ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג: די רעכטע פּועלי־ציון־פּאַרטיי, די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״, דער „החלוץ״, דער „ה־עובד״ און דער ספּאָרט־קלוב „הפועל״.

די אַרבעט איז געוואָרן פאַרצווייגטער און טיפער אויף אַלע געביטן. פון אַ קליינער גרופּע איז די פּאַרטיי אויסגעוואַקסן ביז איבער צוויי הונדערט אָרגאַניזירטע חברים. און באַזונדערס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל חברים פון „החלוץ״, „העובד״ און אַנדערע קערפּער־שאַפטן.

אין יענע יאָרן האָבן מיר אויך אָנטייל גענומען אין די וואַלן צום שטאָטראַט און אויך צו דער יידישער קהילה, ווו די ח״ח שלום קאַרצאָוויטש און חיים כהן זענען געווען אונדזערע פאָרשטייער.

אונדזערע באַציונגען מיט דער פּוילישער פּאַרטיי „פּ. פּ. ס.״ און איר יוגנט זענען געווען פריינדלעכע. מיר האָבן דעמאָלט צוזאַמען מיט זיי אָנטייל גענומען אין דעם יוגנט־צוזאַמענפלי לכבוד דעם דעמאָלטיקן רויטן ווין.

אין 1934, ווען ס׳איז אונטערדריקט געוואָרן דער ווינער אויפשטאַנד, האָבן מיר איינגעאָרדנט פּראָ־טעסט־מיטינגען אין פאַרשידענע טיילן פון דער שטאָט און אַ סך חברים פון אונדז זענען דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן.

אין די יאָרן 1933 — 1934 האָבן מיר געהאַט פיל אויסצושטיין אין קאַמף מיט דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. ס׳איז געווען אין דער אָנגעשטרענגטער לאַגע נאָכן אַרלאָזאָראָוו־מאָרד און בעת די צוגרייטונגען צום 18טן ציוניסטישן קאָנגרעס. נישט איין מאָל פלעגט דערגיין צו געשלעגן. דעמאָלט האָבן מיר פאַרקויפט 1200 שקלים און ביי די וואַלן צום קאָנגרעס האָבן מיר באַקומען צוויי דריטל פון אַלע שטימען. אונדזער פּאַרטיי איז דעמאָלט געווען דער איינציקער כוח אין דער ריכטונג פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס האָט געזיגט ביי די וואַלן.

די עליה קיין ארץ־ישראל אין 1933 האָט מיט זיך געבראַכט דאָס אַנטשטיין פון קיבוצי הכשרה. און צוליב דעם האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין אַ זייער שווערן קאַמף מיטן „בונד״, וועלכער איז געווען איינער פון די




פון רעכטס: ערשטע ריי: סאָשינסקי, בענדער, פּינטשע קאַ־צאָוויטש, חיה מירל ליטמאַן, אריה ריבאַ
צווייטע ריי: לייבל סקשידלאָ, הענדל מאַלאַרסקי, שרה זילבערשטיין, לאָקעטש, ברכה עווענסאָן, אסתר זילבערשטיין, הענע בלומענטאַל, טאָבע גוטמאַן, לאה קופּערשטיין, לאָקעטש
דריטע ריי: חיים כהן, מנשה קאָכאַלסקי, דוד שמוקלער, שלום קאַרצאָוויטש, הערשל מאַגיד, ישראל גוזשיק, חוה גוטמאַן, ישראל לאָקעטש
פערטע ריי: חיים צירקעלעוויטש, שלמה קאַרצאָוויטש, יענקל וואַנסקי, ישראל גאָלדשטיין, אהרן יחיאל מענדלסאָן, מענדל סקשידלאָ, יצחק ריבאַ, ברוין, ישראל קאָכאַלסקי, טאָבע בענדער, מלכה ליכטנשטיין, יהושע בלומענטאַל

שטאַרקסטע אַרבעטער־פּאַרטייען. דער „בונד" האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פּאַראַליזירן די הכשרהניקעס פון אונדזער שטאָט. עס האָט דערפירט צו געשלעגן און אַרעסטן. ס'איז געווען אַ סכנה, אַז אויך די פּוילישע באַפעלקערונג זאָל זיך אַריינמישן אין דעם קאַמף — און דאָס וואָלט דערפירט צו שווערע רעזולטאַטן. דאָס איז געווען אַ פיינלעך קאַפּיטל אין קאַמף צווישן אַר־בעטער־פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס. אַן אָפּ־קלאַנג פון יענע פאַרשאַרפטע באַציונגען קאָן מען גע־פינען אין אַ נאָטיץ אין דער „באַפרייונג־אַרבעטער־שטימע" פון 9טן יוני 1933.

דאָרט, אין דער קאָרעספּאָנדענץ־נאָטיץ ווערן באַ־לויכטן די קעמפערישע מעשים פון „בונד" און זיינע נישט־אמתע אויפקלערונגען, „אַז די הכשרהניקעס רייסן אַרויס דעם ביסן פון מויל ביי אונדזערע שטאָ־טישע אַרבעטער, אַז זיי זענען שטרייק־ברעכער און דער עיקר, אַז פּועלי־ציון העלפן זיי און פּאַרטיידיקן זיי". אין דער נאָטיץ ווערט פעסטגעשטעלט, אַז: אין מזרחיסטישן קיבוץ געפינען זיך אין גאַנצן 8 מענטשן, 4 פון זיי זענען ביים קומען אַרבעטן אין דער דיקטן־פאַבריק אויפגעקלערט געוואָרן פון אונדזערע חברים־אַרבעטער אין דער דאָזיקער פאַבריק, אַז אין פאַל ווען זיי וועלן אַרבעטן פאַר אַ ביליקן לוין — וועלן זיי אַנטרעפן אויפן גרעסטן ווידערשטאַנד. די מזרחיס־טישע הכשרהניקעס האָבן מסכים געווען מיט אונ־דזער פאָדערונג און דער לוין פאַר זיי איז געווען דער זעלבער ווי פאַר אַלע אַרבעטער. נאָר זיי האָבן געמוזט אויפהערן אַרבעטן צוליב דעם, וואָס זיי ווילן נישט אַרבעטן אין שבת". די נאָטיץ אין יענעם נומער פון „באַפרייונג אַרבעטער־שטימע" גיט אויך איבער וועגן דעם דראַנג צו הכשרה און די פאַרשטאַרקונג פון דער חלוצישער השפּעה: „אָט קומען לעצטנס פיל טראַנס־פּאָרט־אַרבעטער, מען זאָל זיי אָוועקשיקן אויף הכשרה, כדי זיך צוגרייטן צו ארץ־ישראל. און וויפל בונדישע און קאָמוניסטישע אַרבעטער זענען איצט געוואָרן חברים פון אָרטיקן „החלוץ" !"

אין דער נאָטיץ ווערט אויך אָנגעגעבן אַלס סיבה פון פאַרשטאַרקטן בונדישן קאַמף — די כסדר־שטיי־גנדיקע ארץ־ישראלדיק־חלוצישע השפּעה. און ס'איז ווערט צו באַצייכענען, אַז אַ סך פון יענע בונדיסטישע קעמפער, וואָס פון זיי האָבן פּועלי־ציון און חלוצים גע־האַט אויסצושטיין, געפינען זיך היינט אין ישראל.

די פּועלי־ציון אין נאָווי־דוואָר האָבן אין יענער צייט געפירט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אַ סך געווירקט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, איבערהויפּט אין בעקער־פאַראיין, ווו מיר האָבן גע־האַט פיל חברים און ווו ס'איז געווען טעטיק אונדזער חבר שלמה צוקער. אין באַקלייד־פאַראיין זענען געווען טעטיק אונדזערע חברים סענדער בלאַנק און ישראל גאָלדשטיין.

אויף די ליטעראַרישע פאַרלעזונגען, וואָס מיר פלעגן איינאָרדענען, האָט תמיד זייער אויסגענומען דער ח' דב בער מאַלקין, וועלכער איז כמעט געווען אַ בן־בית ביי אונדז אין שטאָט. אויף אונדזערע פאַרלעזונגען וועגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען זענען תמיד אויפגעטראָטן די אָנגעזעענע טוער פון אונדזער באַ־וועגונג: אַנשל רייס, אלימלך ניישטאָט, אַברהם ביאַ־לאָפּאָלסקי, טיגער, מאָרגנשטערן, בערדיטשעווסקי, ראָ־מאַנאָווסקי, ריטאָוו, לייבל שפּיזמאַן א"אַ.

מיר האָבן תמיד געזאָרגט פאַר אויסשולונג פון אונ־דזערע אַקטיוויסטן אין די פּאַרטיי־סעמינאַרן. און אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ דור פון איבערגעגעבענע פירער, שטאָלצע קעמפער און חלוצישע פאַרווירקלעכער.

ס'איז אויך געפלעגט געוואָרן דער חברישער גייסט און די קעגנזייטיקע אַחריות פון חבר צו חבר. אונ־דזערע שוואַכע חברים פלעגן מיר אַרויסשיקן אויף אָפּרו און אַזוי האָבן מיר אין אונדזערע רייען מקיים געווען דאָס געבאָט: „ואהבת לרעך כמוך".

ווען ח' שלום קאַרצאָוויטש איז אין 1934 אָפּגע־פאָרן קיין ארץ־ישראל האָבן אים פיל חברים באַגלייט און מען האָט געקענט פילן אין דעם אָפּשייד סיי די באַ־גייסטערונג פאַר עליה און סיי די חברישע צוגעבונ־דנקייט פון די חברים צו די פירערס פון זייער פּאַרטיי. צו יענער צייט האָבן אויך עולה געווען די חברים אברהם שמוקלער, חיים כהן, סאַלי זילבערשטיין, ווי אויך דבורה און אסתר זילבערשטיין, ישראל גושיק, נתן זילבערמאַן און ביילע רחל, מאָטל ליפּאָוויטש, שמואל קאַכאַלסקי און צפורה, און אַברהם זילבערשטיין.

זאָל דאָ אויך באַצייכנט ווערן, אַז איינער פון די ערשטע עולים פון אונדזער שטאָט איז געווען אַביגדור קאָרן, וועלכער איז געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1925.

ווען איך בין געקומען פון ארץ־ישראל אויף אַ פאַמיליע־באַזוך אין 1936, האָב איך אָנגעטראָפן אַ שטאַרק־אויסגעוואַקסענע פּאַרטיי, מיט פיל אינסטי־טוציעס, אַ גרויסע יוגנט־אָרגאַניזאַציע און אַן אַקטיוון

„החלוץ“. אַ נייעס איז פאַר מיר געווען דער „העובד“ וואָס האָט אַרום זיך גרופירט באַיאָרטע יידן — בעלי־מלאכות, האָרעפּאַשניקעס, מיט גרויסע פאַרצווייגטע געזינדלעך, וועלכע האָבן זיך געגרייט קיין ארץ־ישראל, מיטן ציל זיך אַריבערצוטראָגן אַהין מיט די וואַרשטאַטן און מיטן גאַנצן הויז־געזינד.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען מיין שטאָט נאָווי־דוואָר, ווען איך האָב זיך געזעגנט אויף אַ פאַרזאַמלונג אין יונקער־זאַל און גערעדט וועגן די שווערע אומרוען אין ארץ־ישראל און וועגן אונדזער העראָישער פאַרטיידיקונג. דעמאָלט איז צו מיר צוגעקומען דער פּשוטער טראַנספּאָרט־אַרבעטער חיל מיט זיינע צוויי אויסגעשטרעקטע ידיים: „נו, טאָ ווי אַזוי קומט מען אַהין?“. די לאַגע איז דעמאָלט געווען זייער אַ געדריקטע. אַ גאַנץ שטעטל, מינסק־מאַזאָוויעצק, איז דעמאָלט אין אַ פרייטיק אַנטלאָפן קיין וואַרשע, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר, אויס מורא פאַר אַ פּאָגראָם. אין יונקער־זאַל האָבן זיך דעמאָלט, אויף מיין געזעגענונג, געהערט באַגייסטערטע אויסרופן: „מיר ווילן נישט ווי מינסק־מאַזאָוויעצק! מיר ווילן קעמפן פאַר אונדזער קיום!“ די אויסרופן, וועלכע האָבן עדות געזאָגט אויף פאַרצווייפלונג און קאַמפס־גרייטקייט, קלינגען נאָך אין מיינע אויערן ביז איצט.

מיט דריי יאָר שפּעטער איז שוין נישט געבליבן קיין זכר פון ברויזנדיקן יידישן לעבן אין שטעטל נאָווי־דוואָר. מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום זענען אומגעקומען אונדזערע טרוימער און קעמפער, די טייערע חלוצים, די איבערגעגעבענע פּאַרטיי־טוער, די מונטערע „פריי־הייט“־יוגנט, די שטאָלצע ספּאָרטלער פון „הפּועל“ און די באַשיידענע האָרעפּאַשנע בעלי־מלאכות פון „העובד“. זיי זענען געפאַלן אין די געטאָ־אויפשטאַנדן, אין די טויט־לאַגערן און אויף די טייגעס פון וויטן סיביר.

זאָל לייכטן זייער אָנדענק און זאָלן געהייליקט



**געזעגענונג פאַר דער עליה פון ח׳ חיים כהן**

פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: **שמואל שימקאָוויטש, שמעון מאָסטאָוויטש**

צווייטע ריי: **חיים טיק, שמחה פינקער, שלום קאַרצאָוויטש, אברהם שמוקלער, חיים כהן, שלמה לאָקעטש, רבקה סאָשינסקי, אברהם ראָזנבערג, יואל כהן, יוסף פינקער, נחום נויפעלד, זישע טורקעלטאָוב, יעקב זיידנבערג**

דריטע ריי: **אברהם ליטמאַן, הערשל וויינשטאָק, יעקב פינקער, שלמה קאַרצאָוויטש, כהן, פישל לעווינשטיין, דוד שמוקלער, יחזקאל באָרוכאָוויטש, העניך טיק, חיים צוקער**

פערטע ריי: **ראובן בלומשטיין, יענטע זאַלצמאַן, שמעון ליטמאַן, ישראל גראָסמאַן, נח שמוקלער, זלמן שמוקלער, בעריש שרוט, אברהם גאָלדבראָך, משה קאַרצאָוויטש, אלי גורעצקי, יענקל פריימאַן, משה גלעזער**

ווערן די נעמען פון די שטאָלצע קעמפער פאַר אַ ווירדיק און באַנייט יידיש לעבן, וועלכע האָבן ביז די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן נישט פאַרגעסן אין דער שבועה פון פּועלי־ציון; זיי, די טייערע חברים: מנשה קאָכאַלסקי — דער מידער בעקער־אַרבעטער און שטענדיק טעמפעראַמענטפולער פּאַרטיי־פאַרזיצער, וואָס איז געפאַלן אין וואַרשעווער געטאָ; יעקב פינקער — דער שטילער מענטש און אונדזער לעצטער סעקרעטאַר; שלמה קאַרצאָוויטש — אַ בעקער, איינער פון די עלטסטע פּאַרטיי־חברים, שטענדיקער קאָמיטעט־מיטגליד, וואָס איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער משפחה; מענדל סקשידלאָ — דער זאָרגפולער איבערגעגעבענער פּאַרטיי קאַסירער; שלמה גאָטליב — דער שטענדיקער פאַרבינדער מיט די פּאַרטיי־אינסטאַנצן; שלמה צוקער — דער מיטגליד פון בעקער־קאָמיטעט; די חברים חיים צוקער און אברהם ראָזנבערג; הערשל מאַגיד — דער בלאָסער און שמייכלענדיקער, וואָס איז גרייט געווען יעדן צו העלפן אין זיין נויט און געווען אַקטיוו אַלס פאַרזיצער פון „החלוץ"; שלום און הענעך פּיטולסקי — פון די אַקטיווסטע טוער פון „פרייהייט" און ספּאָרט־קלוב „הפועל" — תמיד גרייטע צו הילף — אומגעקומען אין רוסלאַנד; דער טייערער יהושעלע ריבאַ — דער שעמעוודיקער נחבא אל הכלים, וואָס האָט שטיל אויסגעפירט אַלע שליחותן פון דער פּאַרטיי; אסתר קאָכאַלסקי — די ערנסטע סעקרעטאַרין פון דער „פרייהייט"; ישראל לאָקעטש — דער קאָמיטעט־מיטגליד פון „פרייהייט"; די שטענדיק חברישע און פריילעכע גיטל בענדער, לאה קופערשטיין און מלכה ליכטנשטיין; און דער קרעפּטיקער לייבל ווערמוס — איינער פון די בעסטע ספּאָרטלער אין „הפועל", וועלכער איז שטענדיק גרייט געווען צו שטעלן זיך קעגן די איבערפאַלער מיט זיין פעסטן אַטלעטישן גוף — ער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער אין רוסלאַנד.

פון דער טיפעניש פון פאָלק זענען זיי אַלע געקומען, געליטן זיינע ליידן און געחלומט זיין חלום. אַדורכגענומען מיט די אידעען פון „פּועלי־ציון" און פון דער חלוצישער באַוועגונג האָבן זיי אַרויסגעוויזן מסירת־נפש אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָר זיי אַלע, די מוסטערהאַפטע חברים, האָבן נישט זוכה געווען צו דעם, וואָס זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן געשטרעבט, צו זען זייער טרוים פאַרווירקלעכט אין מדינת ישראל. לאָמיר זיי אייביק געדענקען, דאָ, אין לאַנד פון זייער טרוים און האָפענונג.



ברענער קרייז ביי דער „פרייהייט", אין צענטער ח' שלום קאַרצאָוויטש

שמואל קאָכאַלסקי / תל־אביב

# אונדזער פארטיי און די „פרייהייט"

## מיי־דעמאָנסטראַציעס

ס'איז נאָך געווען ביי די ערשטע טריט פון אונדזער באַוועגונג — אין יאָר 1929. פאַרן 1טן מיי פון יענעם יאָר האָבן מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע און פאַרטיי־חברים, דיסקוטירט צווישן זיך, צי דאַרפן מיר — ווי אַ קליינע גרופּע — דעמאָנסטרירן אין 1טן מיי. און באַשלאָסן איז געוואָרן, נישט צו רעכענען זיך מיט דער צאָל, נאָר דעמאָנסטרירן ווי אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען.

די קורצע צייט ביז דעם טאָג פון 1טן מיי האָבן מיר אויסגענוצט, צו ווערבירן וואָס מער יוגנטלעכע און עלטערע אונטער די פענער פון „פּועלי־ציון" און „פרייהייט", כדי צו פאַרזיכערן אַן אימפּאָזאַנטע דע־מאָנסטראַציע, און אונדזער אַרבעט איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג, מער ווי מיר האָבן דערוואַרט.

צו אונדזער איבעראַשונג, האָבן באַלד פון דער פרי, אין 1טן מיי, זיך געזאַמלט צענדליקער יוגנטלעכע און עלטערע אונטער די פענער פון „פּועלי־ציון" און „פרייהייט". ווען דער צוג האָט גענומען רירן, זענען שוין געווען אין די רייען איבער הונדערט און פופציק חברים. אָנגעטאָן אין בלויע בלוזעס האָבן זיי מאַרשירט אונטער די רויטע פענער און אָנפירונג פון מנשה קאָכאַלסקי.

פון פּאַרטיי־לאָקאַל, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען ביי יאָסל בעקער, איז די דעמאָנסטראַציע אַוועק אין דער ריכטונג צום מאַרק, וווּ הונדערטער מענטשן האָבן שוין געוואַרט און זיך צוגעקוקט מיט נייגער צו אונדזער צוג. דער מיי־מיטינג איז דערעפנט געוואָרן דורך דעם ח' מנשה קאָכאַלסקי. דער ה' שלום קאַרצאָוויטש האָט גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון 1טן מיי פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר די יידישע אַרבעטער. נאָך דעם האָט דער עולם אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָ־דיסמענטן דעם גאַסט פון ארץ־ישראל, ח' יעקב קאַרן, וועלכער האָט איבערגעגעבן אַ גרוס פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט. דער מיטינג האָט זיך געשלאָסן מיט איבערשיקן אַ וואַרעמען גרוס צו די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, און מיט געזאַנג האָט זיך דער צוג אומגעקערט אין פּאַרטיי־לאָקאַל.

פון דעמאָלט אָן, פון 1929 ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939, האָבן מיר, די פּאַרטיי־חברים און יוגנט פון רעכטע „פּועלי־ציון", געפייערט דעם 1טן מיי און דעמאָנסטרירט ווי אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען אין נאָווי־דוואָר.

## איניציאַטיוו צום אָרגאַניזירן פון אַ יידישער זעלבשוץ

אין די יאָרן 1936—1937 איז איבער גאַנץ פּוילן דורכגעגאַנגען אַ כוואַליע פון העצערייען און פּאָג־ראָמען. טאָג־טעגלעך האָט די פּרעסע געבראַכט נייע ידיעות וועגן איבערפאַלן פון די ענדעקישע כוליגאַ־נעס, און אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָט מען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ יידישע זעלבשוץ. אויך ביי אונדז, אין נאָווי־דוואָר, האָבן זיך אָנגעהויבן די ענדע־קישע העצערייען, און געדונגענע, פינצטערע עלעמענטן פלעגן אַרויסרופן געשלעגן, בעיקר אין די מאַרקטעג. געווען אַ געפאַר אַדורכצוגיין דעם שטאָט־גאָרטן, און ספּעציעל האָבן געליטן די וועלכע האָבן געוווינט מחוץ דער שטאָט. כמעט יעדע נאַכט האָבן די יונאַקעס באַוואָרפן מיט שטיינער די שטיבער פון פינקער און קופּערשמיד. ביי די יידישע פּאַרטייען אין נאָווי־דוואָר האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ.

אויף אַ זיצונג פון „פּועלי־ציון", „פרייהייט" און „הפּועל" איז באַשלאָסן געוואָרן, זיך ווענדן צו אַלע פּאַרטייען אין שטאָט וועגן שאַפן אַ געמיינזאַמע זעלבשוץ. צום גרויסן באַדויערן האָבן מיר, צוליב זייערע פּאַר־טיישע חשבונות, פון זיי קיין פּאָזיטיווע ענטפערס נישט באַקומען. דער „בונד" האָט געהאַלטן, אַז ער קאָן מאַכן „שבת פאַר זיך" די קאָמוניסטן האָבן געענטפערט, אַז אָן די פּוילישע פּאַרטייען גייען זיי נישט; די בירגערלעכע פּאַרטייען האָבן בכלל נישט אַרויס־געוויזן קיין אינטערעס. אַזוי, אַז אויך מיר האָבן געמוזט מאַכן שבת פאַר זיך און מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ מיליץ פון איבער פופציק חברים, איינגעטיילט אין צען גרופּן.

בראש פון די אַלע גרופּן זענען געשטאַנען די ח' קאַרצאָוויטש, ברידער ווערמוס, ברידער ריבאַ, מנשה קאָכאַלסקי, הערשל מאַגיד און שלום פּיטולסקי. די

לעצטע 3 חברים זענען געווען די אויפזעער איבער די וואָכן אויף די באַשטימטע פּלעצער. אָפּגערעדט איז געווען, אַז ווי נאָר די אַנטיסעמיטישע באַנדעס וועלן מאַכן אַ גערודער אין מאַרק, זאָל מען גלייך אַלאַרמירן די שטאָט מיט קלינגען אויף די גלעקער, ווי בעת אַ שריפה.

אין יענער צייט האָט זיך געפונען ביים ווייסל אַ לאַגער פון הימלאָזע קריסטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע פלעגן יעדעס מאָל קומען פאַרברענגען אין שטאָט זיך לאָזן ווילגיין איבער די יידישע איינוווינער און אַרויסרופן פּאַניק. אין אַ געוויסן אָוונט האָבן זיי אָנגעהויבן צו ווילדעווען ביים עק שטאָט, נעבן איטשע מאיר מונדלאַקס הויז, וווּ עס האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון די רעכטע „פּועלי־ציון". אָבער דאָרט האָבן זיך די יוגנטלעכע כוליגאַנעס אָנגעטראָפן אויף אַ וואַד־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון לייבל ווערמוס און מאָטל קאַרצאָוויטש, און זיי האָבן דעמאָלט באַקומען אַזעלכע קלעפּ, אַז זיי פלעגן שוין אויסמיידן דאָס אָרט, ביים אומקערן זיך פון שטאָט אין יוגנט־לאַגער.

נאָך דעם איז אין שטאָט אַ ביסל שטילער געוואָרן, דאָך האָבן די יידן געלעבט אין שרעק, אַז יעדע געשעעניש אין לאַנד קאָן זיך אויך אָפּרופן ביי אונדז אין שטאָט, און יידן האָבן זיך געגרייט.

אַ געוויסער כאַראַקטעריסטישער פאַל פון יענע טעג איז מיר פאַרבליבן אין זכרון: ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין אַ געוויסן אָוונט וועט אין שטאָט זיין „פריילעך". מיר האָבן באַלד גערופן אונדזערע גרופּן זיי זאָלן זיין אויף די באַשטימטע פּלעצער. און מיר, אַ גרופּע חברים, וועלכע האָבן געוואַכט ביים גלאָק פון חיים שעדלעצער, גרייט זיך אַקעגנצושטעלן די איבערפאַלער — האָבן פּלוצלינג דערזען צווישן אונדז איינעם אַ ייד מיט אַ האַק אונטערן בגד... דאָס איז געווען אליהו יצחק פּיטולסקי, דער פאָטער פון די פּיטולסקיס, וועלכער איז גלייך געקומען פון דער אַרבעט אין שטאַל, מיט די שטיוול, און אַזוי, מיט דער האַק, זיך געשטעלט צוזאַמען מיט זיינע 3 זין פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד.

## די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט"

אין יאָר 1926, ווען די צ. ס.־באַוועגונג אין פּוילן האָט געגרינדעט די „פרייהייט", איז אויך ביי אונדז, אין נאָווי־דוואָר, אַנטשטאַנען אַזאַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון די חברים שלום קאַרצאָוויטש און מנשה קאָכאַלסקי. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק מיטן אָנטייל פון אַ 40 יוגנטלעכע. דאָרט איז אויך ווייטער געווען אונדזער טרעפפּונקט.

אייניקע חדשים נאָך אונדזער אַנטשטיין האָבן מיר באַלד דורכגעמאַכט אַ קריזיס. 20 יוגנטלעכע, לינקגעשטימטע, האָבן צוליב אידעיִשע טעמים פאַרלאָזט די „פרייהייט" און זייער פירער איז באַלד געוואָרן טעטיק ביי די יידישע קאָמוניסטן אין שטאָט. (היינט געפינט ער זיך אין ישראל...) אָבער די חברים קאַרצאָוויטש און מנשה קאָכאַלסקי (וועלכער איז דעמאָלט צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, וווּ ער האָט זיך נישט געקאָנט איינאָרדענען און דאָך געבליבן טריי די ארץ־ישראלדיקע אידעאַלן) האָבן מיט זייער איבערגעגעבענער אַרבעט ווידער אויפגעבויט די „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע און צוגעצויגן נייע חברים.

אַ גרויסע פאַרזאַמלונג איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין יונקער־זאָל מיט דער באַטייליקונג פון עלטערע און יוגנטלעכע אַרבעטער, וווּ ח' אַנשל רייס האָט גערעדט וועגן דעם וועג פון דער יידישער יוגנט. אַ סך יוגנטלעכע זענען נאָך דעם צוגעשטאַנען צו דער „פרייהייט" די צאָל יוגנטלעכע האָט זיך שטאַרק אָנגעזען אויף דעם 1טן מײַ־צוג פון דער פּאַרטיי. מען האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין אַ קלוב, און דעמאָלט איז געדונגען געוואָרן דער לאָקאַל ביי יאָסל בעקער.

דעמאָלט רוקט זיך אַרויס אויבנאָן פון אונדזער אַרבעט אַ סטאָליער־אַרבעטער, דער שוואַכער און אויסגעצערטער הערשל מאַגיד. אַרום אים קאָנצענטרירן זיך די אַקטיווע יוגנט־חברים סענדער בלאַנק, חיה ליטמאַן (היינט — פּערלאָוויטש, אין קיבוץ „אופק"), אסתר קאָכאַלסקי (סעקרעטאַרין פון דער „פרייהייט" ביז צום אָפּפאָר אין קיבוץ — 1933), יענקעלע קאָסאָווער, מלכה ליכטנשטיין, זעליג הערשפאַנג, גיטל בענדער, מינדל בראַזיליאַ, לייבעלע סקשידלאָ, סרולעק גאָלדשטיין( איינער פון די אָנגעזעענע מפא"י חברים אין אורוגוויי), חוה און טובה גוטמאַן, דבורה און לאהטשע קופּערשטיין, אַברהם, אסתר און שרה זילבערשטיין (ספּעציעל שרה, וואָס האָט אַזוי פיל געטאָן פאַר דער „פרייהייט"), ישראל לאָקעטש, שיעלע ריבאַ און נאָך אַ סך אַנדערע. עס ווערן געשאַפן 4 קרייזן: באָראָכאָוו־קרייז געפירט פון חבר שלום קאַרצאָוויטש, מונדלאַק־קרייז — ח' מאַגיד, ברענער־קרייז — ח' מנשה קאָכאַלסקי און אַ

קרייז פאַר פּאָליטישער עקאָנאָמיע — ח׳ קלמן פּיטולסקי.

אין 1934 ווערט געשאַפן ביי דער „פרייהייט״ דער „רויטער סקויט״, וואָס האָט אָרגאַניזירט די יונגע שילער אין עלטער פון 11 ביז 14 יאָר. אַ סך פון די שילער האָבן פרי אויפגעהערט זייערע לימודים, כדי צו ווערן פּרנסה־געבערס אין די אָרעמע היימען, ווי אַברהם פינקלשטיין, די ברידער צודיקער, שמעון און משה פּלאָטשינסקי, לייבל קאָכאַלסקי, יעקב עווענסאָן, שלמה קאָרן און משה הערשפּאַנג. מיט אַזאַ גרופּע פון איבער פערציק יאַטלעך האָט געזונגען לידער איטשע ריבאַ, אַברהמטשע ראָזנבערג פלעגט פאַר זיי לייענען מעשהלעך פון די יידישע שרייבער און שרה זילבער־שטיין פלעגט זיי פירן שפּאַצירן און פאַרברענגען. די אַלע יאַטלעך זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן אַקטיווע פריי־הייט־טוער און געוואָרן חברים פון דער חלוצישער באַ־וועגונג, ביז זיי זענען דערנאָך, אין 1934, אַוועק אויף הכשרה און זיך געגרייט קיין ארץ־ישראל .

מיט דעם אַריבערגאַנג אין דער פּאַרטיי פון די חברים הענעך און שלום פּיטולסקי, סענדער בלאַנק, אסתר קאָכאַלסקי, שיעלע ריבאַ, צודיקער, אַברהם קוויאַט א״אַ., ווערן די חברים פון „רויטן סקויט״ די אַקטיווע טוער פון דער „פרייהייט״. צווישן זיי — שלמה קאָרן, שמעון פּלאָטשינסקי, לייבל קאָכאַלסקי, יעקב עווענסאָן, זעליק גוטמאַן, יאָסעלע ריבאַ, שפּע־טער — די ברידער קאַרצאָוויטש, און די אַרבעט גייט אָן ווייטער, אַזוי, אַז אונדזער „פרייהייט״־אָרגאַני־זאַציע האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט און געהאַט אַ שם ביי די אָנפירנדיקע חברים אין וואַרשע.

אויך אונדזער ברודער־אָרגאַניזאַציע, דער „הפּו־על״, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט אַ גרופּע חברים פון אַן אַנדערן ספּאָרט־קלוב. אין דער גרופּע זענען געווען די חברים לייבעלע ווערמוס, יחזקאל ראָ־זנבערג א״אַ. דאָס זענען נישט נאָר געווען קיין ספּאָרט־לער־פוטבאָליסטן נאָר אויך גוטע און איבערגעגע־בענע פּאַרטיי־חברים, וועלכע האָבן אָפּגעהיטן אונ־דזערע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, ווען די קעגנער האָבן געשטערט און געפּרווט אויפרייסן. די אַלע ספּאָרט־לער אונדזערע האָבן דעמאָלט מיט טאַקט און כוח באַוויזן זייער טרייהייט.

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט דער אַרויסטריט פון אונדזער באַוועגונג לטובת דעם עסטרייכישן שוץ־בונד. די פּאָליציי איז געווען איבערראַשט פון אונ־דזער דעמאָנסטראַציע אין סתם אַ טאָג פון אַ גאַנץ יאָר (צו דעמאָנסטראַציעס אין ערשטן מײַ זענען זיי שוין געווינט געווען). דער ח׳ פּיטולסקי איז דעמאָלט



אַרעסטירט געוואָרן פאַר אָרגאַניזירן די אומלעגאַלע דעמאָנסטראַציע, און נאָר אַ דאַנק די באַמיונגען פון נחום נויפעלד איז ער באַפרייט געוואָרן.

אַזוי איז די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט" תמיד געווען אויפן ערשטן אָרט אין דער פאַרטיי־אַרבעט און אין אַלע עפנטלעכע אַרויסטריטן. אין 1938 האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פועלי־ציון־פאַרטיי (רעכטע) 25 פרייהייטאָווצעס. די יונגע חברים פיטולסקי, חיה מירל, זימפל גאָלדשטיין, לאהטשע קופערשמיד, לייבל קאַ־כאַלסקי, מינדל בראַזיליאַ, גיטל בענדער, שטעלן זיך בראש פון דער פאַרטיי־אַרבעט. דאָס זענען געווען אויס־געשולטע חברים אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזן. אַנדערע פון „רויטן סקויט" קומען אויף זייער אָרט אין „פרייהייט". אָבער אין דער לופט פילט זיך שוין דער אָנקומענדיקער שטורעם, און די אַרבעט גייט שוין נישט אין זעלבן טעמפּאָ, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

אַ טייל חברים פאָרן אָפּ קיין ישראל מיט דער אומלעגאַלער עליה. **דער ערשטער** — דער שרייבער פון די שורות און זיין פרוי, נאָך דעם פאָרט אָפּ אַברהם זילבערשטיין. אויך לייבעלע ווערמוס גרייט זיך צום פאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר ער באַווייזט שוין נישט. עס ברעכט אויס דער צווייטער וועלט־קריג און אַלע חברים פון אונדזער באַוועגונג, וועלכע האָבן נישט בייצייטנס געפונען דעם וועג צו רעאַליזירן זייערע טרוימען, בלייבן שוין דאָרט אין די נעגל פון טויט אונטערן נאַצישן רעזשים.



אַ גרופּע פון דער „פרייהייט"

יצחק גרינער

# אונדזער ציוניסטישע טעטיקייט



יצחק גרינער ז״ל

מיט דער בשורה פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט זיך אויך אין נאָווי־דוואָר פאַרשטאַרקט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. די פאַרוואַלטונג איז דעמאָלט באַשטאַנען פון: ר׳ שמעון נטע סרעברניק — יושב ראש, בנימין פרידמאַן — סעקרעטאַר, פ. פרידמאַן, נתן זאַלצמאַן, יצחק גרינער, לאה סעגאַל, רוחטשע יעראָזאָלימסקי, גיטל פּטאַשעק און יוסף באַראַנעק.

די פאַרוואַלטונג האָט געפירט אַן אַקטיווע אַרבעט, און קודם־כל, צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון קרן־קיימת, איינצובירעגערן אַ קרן־קיימת־פּושקע אין יעדן יידישן הויז.

דאָס איז אין יענער צייט נישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף דער קעגנער־שאַפט פון „בונד״, וועלכער האָט באַקעמפט דעם ציוניזם, אַלס אוטאָפּיע, וואָס רייסט אָפּ די מאַסן פון קאַמף אויפן אָרט; און פון דער אַנדערער זייט האָבן אונדז באַקעמפט די פרומע און פאַנאַטישע, וועלכע האָבן געטענהט, אַז מיר, ציוניסטן, זענען דוחק דעם קץ... אַזוי, אַז אַריינשטעלן אַ פּושקע אין נאָך אַ יידיש הויז — איז ממש געווען אַ נצחון.

אויך ביים פאַרשפּרייטן שקלים האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף דער זעלבער שוועריקייט, אָבער אונדזערע עסקנים האָבן מיט באַגייסטערונג און מסירת־נפש דורכגעבראָכן אַלע ווענט און באַזייטיקט אַלע מניעות, ביז עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז נאָווי־דוואָר האָט זיך גערעכנט, צווישן די יידישע שטעטלעך אין פּוילן, אַלס איינע פון די אַקטיווסטע אויפן ציוניסטישן געביט.

ס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ציוניסטישער פרויען פאַראיין „בנות ציון״, וועלכער האָט אַראָפּגעבראַכט דעם פּעדאַגאָג יוסף ראָזנזאַפט און געשאַפן קורסן פאַר עברית, תנ״ך און יידישע געשיכטע, אין לאָקאַל ביי קיבלערן אין הויז.

עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „פּרחי־ציון״ און „השומר־הלאומי״, וועלכע האָבן געפירט אַ דערציערישע אַרבעט צווישן דער יוגנט, און אויך אַ האַנטווערקער־גרופּע, אונטער דער לייטונג פון די חברים אברהם סעגאַל און משה בלאַכאַרעק.

ביי דער „שלום עליכם־ביבליאָטעק״ אין יונקערס הויז האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָרגאַניזירט אירס אַ זעלבסט־בילדונגס־קרייז, וואָס האָט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען און קעסטל־אָוונטן, צו וועלכע עס פלעגן קומען מאַסן דורשטיקע צוהערער, און די זאַלן זענען תמיד געווען איבערגעפּולט.

בעת די וואַלן צום שטאָטראַט איז אַ דאַנק דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געשאַפן געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער בלאָק, און אַלס ראַטמענער זענען דעמאָלט דערוויילט געוואָרן: משה בערמאַן, יחזקאל בערמאַן, יעקב הילדענבראַנד, לאה סעגאַל, דב וועגנאָזש, י. מ. מונדלאַק, ג. קנאַסטער און ש. י. שיקאָרא.

מיר האָבן (נאָך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה) אַראָפּגעבראַכט העברעישע לערער, גוטע פּעדאַגאָגן (ווי ראָזענבאום, היינע

א״אַ.), ביי וועלכע אַ סך יידישע קינדער האָבן געלערנט העברעישע, יידישע און אַלגעמיינע לימודים.

נאָכן לעמבערגער פּאָגראָם האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ טרויער און פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. אַלע געוועל־בער זענען געשלאָסן געוואָרן און די גאַנצע שטאָט האָט אָנטייל גענומען אין דעם פּראָטעסט־מיטינג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דער שטאָט־שול. עס איז אויך באַלד געשאַפֿן געוואָרן אַ הילפֿס־פֿאָנד פֿאַר די פּאָגראָם־געליטענע.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט כסדר פֿאַר־גרעסערט איר השפּעה און אויסגעברייטערט איר טע־טיקייט. מיר האָבן געפֿייערט אַלע נאַציאָנאַלע שמחות און נצחונות, ווי אויך איינגעאָרדנט טרויער־אָוונטן נאָך ציוניסטישע פֿירער און באַקאַנטע פּערזענלעכ־קייטן, ווי די יאָרצייטן נאָך הערצל און ביאַליק. די כ׳ תמוז־אזכרות זענען פֿאָרגעקומען אין בית־המדרש מיטן אָנטייל פֿון הרב נויפֿעלד און אַראָפּגעבראַכטע ציוניסטישע פֿירערס, ווי ד״ר י. גאָטליב און הרב זלאָטניק.

די קרוין פֿון אונדזער ציוניסטישער אַרבעט, איז געווען די „תרבות״־שולע, דאָרט האָבן זיך געלערנט איבער הונדערט און פֿופֿציק תלמידים, ביי גוטע לערער פֿון די „תרבות״־סעמינאַרן, ווי קאַגאַן, דינה גרונדוואַג, קאַרצאָוויטש, פֿלעסער און מאַרקמאַן. עס איז ממש געווען אַ נחת, אַריינצוקומען אין דער שולע און זיך צוהערן צו די לעקציעס, צום לעבעדיקן עברית אין די קינדערישע מיילער און צו זייער בקיאות אין תנ״ך און אין אַלגעמיינע לימודים. אַזוי פֿייערלעך האָבן אויסגעזען אונדזערע עלטערן־קאָנפֿערענצן, מיט דער באַטייליקונג פֿון מפקח איינשטיין, וועלכער האָט משפּיע געווען אויף יעדן איינציקן מיט זיין שמחה און נחת פֿון אונדזער שולע.

די לייטונג פֿון דער „תרבות־שולע איז באַשטאַנען פֿון נ. קויפֿמאַן, י. איזראַעלעוויטש, מ. בענדער, ט. פֿריד, מ. קאַרצאָוויטש און סעקרעטאַר — יצחק גרינער.

אין נאָווי־דוואָר זענען אויך פּאָפּולער געווען די פּרעכטיקע באַזאַרן פֿון קרן־קיימת, וועלכע פֿלעגן דויערן אַכט טעג, במשך דער גאַנצער חנוכה־וואָך. אין די פֿייערלעכע דערעפֿענונגען פֿון די באַזאַרן פֿלעגן תמיד אָנטייל נעמען פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן, ווי ביאַלאָפּאָלסקי, ד״ר קליינבוים, דער דירעקטאָר פֿון




די חברה בחורים „אגודת ישורון״
פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט זייער ארץ־ישראלדיקן מדריך ר׳ יצחק אייזיק בן־טובים פֿון ירושלים

קק״ל בלאָך און אויך דער בירגערמייסטער פון נאָווי־דוואָר פשעדוויעצקי.

אויך די קרן־היסוד־אַרבעט איז געשטאַנען אויף אַ געהעריקער הייך און אַ סך יידן פלעגן יערלעך שפענדן באַדייטנדיקע סומעס. יעדעס יאָר פלעגט די קרן־היסוד־צענטראַלע אַראָפּשיקן אַ געניטן און ווירדיקן מענטש, אָנצופירן מיט דער אַקציע, וועלכע פלעגט זיך ציען אַ וואָך צייט, מיט דער מיטהילף פון הרב נויפעלד, ר׳ שמעון נטע סרעברניק, י. מ. מונדלאַק, מ. בענדער, יצחק גרינער, ז. טורקעלטאַוב און י. איזראַעלעוויטש.

אַ גראַנדיעזע פייערלעכקייט איז פאָרגעקומען אין יאָר 1930, ווען מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט דעם פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, יצחק גרינבוים. די התלהבות אויף דער יידישער גאַס איז דעמאָלט געווען אַזוי גרויס, אַז די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געגאַפט און געשטוינט, פרעגנדיק: „איז דאָס דער יידישער קעניג אַראָפּגעקומען צו זיין פאָלק אין נאָווי־דוואָר ?...״

עס מוז געזאָגט ווערן, אַז אונדזער גאַנץ ציוניסטיש לעבן, איז געווען באַווירקט פון אונדזער טייערן און ליבן ר׳ שמעון נטע סרעברניק ז״ל, וועמנס 70־יאָריקן יובילעאום מיר האָבן נאָך זוכה געווען צו פייערן מיט גרויס פראַכט און כבוד, מיט שיינע מתנות און מיט פלאַנצן ביימער לכבוד דעם בעל היובל אין יער הרצל.

אַלע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן, אַלע אַקציעס, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט, האָבן געהאַט צו טאָן מיט די באַשלוסן און פּלענער אין שטוב ביי ר׳ שמשון נטע סרעברניק. אויף אַלץ איז געלעגן זיין חותם.

**יוסף שימקאָוויטש** / תל־אביב

# די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג

צווישן די צוויי טייכן נאַרעוו און ווייסל איז אויך געפלאָסן דאָס לעבן פון שטעטל נאָווי־דוואָר און איר יידישער באַפעלקערונג. טיפיש ענלעך צום אויסזען פון אַלע פוילישע שטעטלעך, זענען געווען די צוויי הויפּט־גאַסן פון נאָווי־דוואָר — די וואַרשעווער און די זאַקראָטשינער, און די צענדליקער קליינע, שמאָלע געסלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פון זיי צו און אַרום דעם גרויסן מאַרק־פּלאַץ.

אַרום און אין דעם אַלעמען האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס יידישע לעבן. דאָ האָט מען געהאַנדלט און געאַרבעט, דאָ האָט מען געשעפּט פרנסה פון מסחר און מלאכה. דער עיקר האָט אויפגעלעבט דאָס שטעטל אין די מאַרקטעג און נאָך מער אין די טעג פון יאַרידן; די אַלע גאַסן און געסלעך מיטן מאַרקפּלאַץ זענען געוואָרן אָנגעשטאָפּט מיט פויערישע וועגענער, באַלאָדענע מיט תבואות און פּרוכטן, און אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין איין גרויסן, שרייעוודיקן טומל, ביים קויפן און פאַרקויפן, צוזאַמען מיטן געקריי פון די הענער, מעקען פון די בהמות און הירזשעריי פון די פערד.

דאָ האָבן זיך מענטשן געעלטערט, נייע דורות זענען געוואַקסן מיט נייע שטרעבונגען און האָפענונגען, און די צוויי שטילע טייכן זענען געפלאָסן און צוגעגעבן דעם שטעטל נאָווי־דוואָר אַזוי פיל ראָמאַנטישקייט און שיינקייט.

*

די שטילע טייכן האָבן נישט איין מאָל זיך אויך צעבונטעוועט, אַרויס פון די ברעגן צאָרנדיק און געבראַכט שאָדן און פאַרניכטונג... און אַזוי אויך דער לעבנס־סדר פון שטעטל איז נישט תמיד געפלאָסן אין שלווה.

אין 1914 איז אַלץ אַרויס פון די ברעגן; מלוכה מיט מלוכה, מענטש מיט מענטש האָבן זיך פאַרמאָסטן אין פאַרניכטונג. אויך אונדזער, קליין, איינגעפונדעוועטע יידיש שטעטל, מיט אירע שיין־בכבודיקע און האָרע־פאַשנע יידן, האָט זיך גלייך געפונען אין וועלט־פלאָנטער, צוליב די מיליטערישע באַזעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער געגנט פון נאָווי־דוואָר.

די נאָווי־דוואָרער יידן האָבן געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט און זוכן אַן אָרט אין וואַרשע און אין אומגעגנט, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן און ווו די משפחות מפרנס צו זיין.

ערשט אין 1915, ווען די דייטשן אָקופּירן נאָווי־דוואָר, קערט זיך ווידער אום דער שטראָם אַרויס־וואַנדערער קיין נאָווי־דוואָר, צוריק צום אייגענעם געסל און היימישע שטיבער. אויך דאָס יידישע געזעל־שאַפטלעכע לעבן הייבט אָן צו ווייזן סימנים פון אויפלעבונג: אידעען, נייע שטרעמונגען, ווי גרינע גראָז־שפּראָצונגען, און עס אַנטשטייען ווידער געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

קודם־כל ווערט געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פון שטאָטישע עסקנים, מיטן הרב נויפעלד בראש. מיט דער גרויסער מיטהילף פון אַמעריקאַנער דזשאָינט ווערט געשאַפן אַ קיך פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין שטעטל, אונטער דער לייטונג פון גיטל פּטאַשעק.

אָבער, נישט בלויז „על לחם לבדו יחיה האדם"... עס הייבט אויך אָן צו שפּראָצן אַ באַוועגונג, אונטער דער אָנפירונג פון חובבי־ציון עסקנים און עסקניות, מיטן וועטעראַן ש. נ. סרעברניק בראש, וואָס דינט די נאַציאָנאַל־יידישע אידעאַלן.

ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך, אין יענער צייט, הייבן זיך אויך אָן אין נאָווי־דוואָר צו גרופּירן פאַרשידענע פּאָליטישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. עס וועקט זיך אויך אַן אינטערעס פאַר ספּאָרט — „אַ געזונטער גוף — אַ געזונטע נשמה"... נישט צופעליק איז אויפגעקומען די ספּאָרט־באַוועגונג, זי איז אויפגעקומען, כדי זיך צו קאָנען ווערן, אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט. און ווען איז ביי יידן נישט געווען אַזאַ נויטווענדיקייט?... אונטער דער אָנפירונג פון בנימין פרידמאַן, בעריש מונדלאַק, מ. קנאַסטער, א. ראַזנשטיין א"א ווערט דעמאָלט געשאַפן דער ספּאָרט־קלוב פון „מכבי".

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די דעמאָלטיקע דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך גאַנץ ליבעראַל



**אַ פאָרשטעלונג פון די „פרחי ציון" אין 1918**

די אָנטיילנעמער פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: **רחלע שיקאָראַ, מ. יוספזון**

צווייטע ריי: **יוסף שימקאָוויטש, בראָניאַ ראַזנשטיין, פּטאַשעק, באַלטשע יוספזון, אסתר גראָסמאַן, לייבל סעגאַל, נעכע גרשון, צירל הירשביין**

די אָרגאַניזאַטאָרן פון רעכטס צו לינקס:

אין הינטערגרונט: **סאָניע זילבערטאַל, איר מאַן דוד לערנער, רבקה יעראָזאַלימסקאַ, רחלע נויפעלד, הערמאַן אַבראַמאָוויטש**

באַצויגן צו אַלע יידישע אינסטיטוציעס און דער עיקר צו די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס. איינער פון די דייטשע זעלנער, אַ ייד מיטן נאָמען בראַנד, האָט אַקטיוו מיטגע־האָלפן דער יידישער ספּאָרט־באַוועגונג און אַלס ספּאָרט־אינסטרוקטאָר זיך אויך באַנוצט מיט דער העברעישער שפּראַך. ער האָט אויך צוגעגרייט די יוגנט־ספּאָרטלער צו אַ טורן־פעסט, וואָס איז פאָרגע־קומען אין 1916, מיט גרויס דערפאָלג.

דער אויפשוווּנג פון דער נאַציאָנאַל־פּאָרגעשרי־טענער באַוועגונג, האָט די יידישע יוגנט אָוועקגענומען פון דער אַלט־פרענקישער חדר־באַנק, צו זוכן לערע און וויסן אין די מער מאָדערנע לער־אַנשטאַלטן פון חדר־מתוקן. און אַ דאַנק דעם דאָזיקן דראַנג האָט אָנגעהויבן אויפשטיין אַ ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונג. מיט דער איניציאַטיוו פון ש. קאַרצאָוויטש, י. מאַגיד, מ. ראָזנשטיין און א. סרעברניק אָרגאַניזירט זיך די ערשטע יוגנט־גרופּע אין ביאַלאָקאַמיענס הויז, וווּ עס קומען פאָר פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס און חברים־שמועסן; מען באַהאַנדלט נייע פּראָבלעמען און מען זוכט נייע וועגן.

מיט די ידיעות וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע און וועגן דעם פאַלן פון צאַרישן רעזשים, וועקן זיך אויך נייע האָפענונגען אויף דער יידישער גאַס, און דעמאָלט שאַפט זיך אין נאָווי־דוואָר די יוגנט־באַוועגונג „פּרחי־ציון“.

די ערשטע אַרבעט, צו וועלכער ס׳האָט זיך געוויד־מעט די „פּרחי־ציון“, איז געווען די הילפסאַרבעט. די מלחמה־יאָרן האָבן נישט געשוינט די נאָווי־דוואָרער יידן, זיי האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט אַלמנות און יתומים, די נויט איז געווען אַ גרויסע און הילף איז געווען דרינגענדיק. די „פּרחי־ציון“־ יוגנט האָט זיך אויסגעצייכנט אויף דעם געביט. מיט דער איניציאַטיוו פון דוד לערנער, רחל נויפעלד, ר. יעראָזאָלימסקאַ, ח. ראָזנשטיין האָט די יוגנט דורכגעפירט זאַמל־אַקציעס צו שטיצן די נויטבאַדערפטיקע.

די מיטגלידער פון „פּרחי־ציון“: נ. גרשון, ב. ראָזנשטיין, י. שיקאָראַ, צ. הירשביין, ב. יוספזון, מ. יוספזון, לייבל סעגאַל, ב. פּטאַשעק און דער שרייבער פון די שורות, האָבן געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז וועלכער האָט אויפגעפירט פאַרשידענע פאָרשטעלונגען מיט געזאַנג און טענץ. די פאָרשטעלונג האָבן מיט זיך געבערענגט גייסטיקן געניס און אויך אַ מאַטעריעלן ביישטייער פאַר די צוועקן פון הילפסקאָמיטעט.

אַ דאַנק דער מיפּולער אַרבעט פון די חברות פון „בנות־ציון“: די פרוי טורקעלטאַוב, מינדל קנאַסטער, פרוי קשעטשאַנאָווסקאַ, ש. לעוויט, קופּיעץ, רחל׳ע נויפעלד, ר. יעראָזאָלימסקאַ, די שוועסטער סאָשינסקי און דער לערער יוסף ראָזנזאַפט (שפּעטער — דער מחנך פון דער באַוועגונג), ווערט אַדורכגעפירט אַ ברייטע אַקציע צו שאַפן אַן אייגענעם לאָקאַל, אויף וועלכער די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן. דער לאָקאַל פון ראָזנבוים ווערט איבער־געגעבן אין די הענט פון דער הנהגה: חיים ווערמוס, א. גאַרבער, לייבל סעגאַל, מענדל סרעברניק, לאַנדוי, גורעצקי און י. שימקאָוויטש. ערשט מיטן באַקומען אַן אייגענעם לאָקאַל, הייבט זיך אָן אַ טעטיקייט מיטן גאַנצן ברען.

דער הויכפּונקט אין דער אַרבעט פון דער באַוועגונג, איז געקומען צוזאַמען מיטן אָנזאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די שטאָט האָט געיובלט, דער ענטוזיאַזם האָט אַרויסגעפירט די יידישע מאַסן אין גאַס אַריין, יום־טובדיק געקליידעט און מיט געפילן, אַז אָט־אָט קומט די גאולה. אין דער גרויסער שול האָבן זיך פאַרזאַמלט המונים מענטשן, פול מיט פרייד, מיט געזאַנג פון נאַציאָנאַלע לידער, און דער הרב נויפעלד האָט גערעדט מעניני דיומא.

אויך אין זאַל פון ראָזנבוים איז פאָרגעקומען אַן אַקאַדעמיע, וווּ עס זענען אַרויסגעטרעטן ר׳ שמשון נטע סרעברניק און יוסף ראָזנזאַפט.

נאָך דורות פּיין און ליידן, קרבנות אויפן מזבח פון פרעמדע און בענקשאַפט צו אייגנס, האָט די יידישע גאַס דערוואַכט און די באַוועגונג האָט באַקומען שווונג און פליגל. מיט התלהבות האָבן פרויען און מענער דעמאָלט געבערענגט זייערע שפּענדונגען — זייגערס, גאָלדענע רינגען און אוירינגלעך, און ביי יעדן איינעם האָט זיך געפילט אַ גרייטקייט צו מעשים.

די „פּרחי־ציון“ פירט אַ פאַרצווייגטע אַרבעט, זי דרינגט אַריין אומעטום און פּאָפּולאַריזירט די אידעע פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג צווישן דער שול־יוגנט און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן. אַ דאַנק דער אַרבעט פון די „פּרחי־ציון“ הייבט מען אָן צו הערן העברעישע לידער ביי דער יוגנט אין די שטעטלשע געסלעך.

אין דער זעלבער צייט פאַרשטאַרקט זיך אויך די אַרבעט אַרום די נאַציאָנאַלע פאָנדן, צווישן די יוגנט־





קבוצות פון „השומר הצעיר" מיט זייער מדריך, דער לערער יוסף ראָזנזאַפט

לעכע גייען אָן פאַרמעסטן ביי די זאַמלונגען פאַרן קרן־קיימת.

עס דערמאָנען זיך אַ סך געשעענישן און נעמען פון טיכטיקע עסקנים: גאָטליב, באַראַנעק, שיקאָראַ, יחיאל האָלצמאַן, סעגאַלאָוויטש און די ברידער זאַלצ־מאַן — אַמאָליקע מיטגלידער פון דער רעליגיעזער יוגנט־אָרג. „התבונה", וועלכע עס האָט געגרינדעט אלימלך נויפעלד אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע; אַ טייל פון זיי האָבן אויך אָנגעהערט צו דער אַמאָליקער „אגודת־ישורון", אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער ארץ־ישראלדיקער עסקן בן־טובים, און וועלכע האָט פאַרענדערט איר נאָמען נאָך דער מלחמה אויף „תפארת־בחורים". זיי אַלע זענען געווען די פּיאָנערן פון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער באַוועגונג, אונטער דער אָנפירונג פון הרב אלימלך נויפעלד.

אַ באַזונדער אָרט אין דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט פאַרנומען די געשאַפענע סקויטן־אָרגאַניזאַציע „השומר־הצעיר", אין די יאָרן 1919—1925. למעשה איז זי געווען דער המשך פון די „פּרחי־ציון". אונטער דער לייטונג פון מחנך יוסף ראָזנזאַפט (געשטאָרבן אין תל־אביב), זענען יינגלעך און מיידלעך, אין עלטער פון אַכט יאָר און ווייטער, איינגעטיילט געוואָרן אין קבוצות און גדודים, און געבילדעט דעם קן „השומר־הצעיר" אין שטעטל.

די אַרבעט פון שומרישן „קן" איז געווען געבויט אויף אַ שטאַרקער דיסציפּלין און שטרענגע מינהגים; עס איז געווען פאַרבאָטן צו רויכערן, צו שפּאַצירן נאָך 9 אָוונט אויף די גאַסן פון שטאָט אאַז״וו. אין די דערציִערישע שמועסן פון די קבוצות אין קן האָט מען אויך אַ סך מאָל משתּף געווען די עלטערן און דער איינפלוס פון „השומר־הצעיר" אויף דער נאָווי־דוואָרער יידישער באַפעלקערונג איז געווען גרויס.

די שומרישע יוגנט האָט אָפט געמאַכט אויספלוגן אין די אַרומיקע שטעטלעך. פּאָמיעכאָווע, זאַקראָטשין, יאַבלאָננע א״אַ. דער דראַמאַטישער קרייז פון „השומר־הצעיר" האָט אויסגעפירט פאָרשטעלונגען אין יונקערס זאַל, ווי „מכירת יוסף", „השומר" (אַ שילדערונג פון לעבן אין ארץ־ישראל), און אויך פאַרשידענע ספּאָרט־אויפטריטן, אויסגעפירט דורך די עלטערע קבוצות צופים. אַז דו האָסט אין יענער צייט געהערט קלאַנגען פון געזאַנג אין טאַקט מיט טאַנץ, — האָט עס געמיינט, אַז דו ביסט נאָענט ביים זאַל פון „השומר־הצעיר", ווו



נאָוו. „השומר הצעיר" אויף אַן אויספלוג אין זאַקראָטשין

עס ווערט געשמידט אַ נייע נשמה אין דער יידישער יוגנט.

און פון טעאָריע — צו טאַט. עס הייבט זיך אָן אין נאָווי־דוואָר די תקופה פון עליה קיין ארץ־ישראל. עס זענען עולה: ליפּא מונדלאק (1922), אביגדור קאָרן (1924), מענדל סרעבריניק, יוסף שימקאָוויטש (1925), יצחק גרינער, חיים כהן, מ. קאָכאַלסקי (1926). אַ שטויס צו דער ווייטערדיקער עליה גיט אויך די פּאַרערגערונג אין דער לאַגע פון פּוילישן יידנטום; דער אַנטיסעמי־טיזם וואַקסט און שטאַרקט זיך; די שטייערן פּאָליטיק פון אַזוי גערופענעם „גראַבסקי־סיסטעם", איז אויס־שליסלעך געצילט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, כדי זי ווירטשאַפטלעך צו צעברעכן. — דאָס אַלץ איז גורם צום אָפּפאַר פון די אַקטיווסטע יוגנט־עלעמענטן קיין ארץ־ישראל, אָבער דאָס ברענגט אויך צו אַן אָפּשוואַכונג אין דער אָרטיקער ציוניסטישער טעטיקייט. אַזאַ העמונג האָט זיך געלאָזט פילן צווישן די יאָרן 1926—1929.

דאָך אַנטשטייט אַ נייע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הרצליה". די איניציאַטאָרן: ב. צ. שימאַנאָווסקי, אַדעלאַ פּאַפּיער, די שוועסטערן צייטאַג, שרה סאָשינסקי, הינדע טאָקאָלסקאָ א"אַ. אויסער ריין־ציוניסטישע טעטיקייט, ווי די זאַמלונגען פאַר קרנות, שקל־פאַרשפּרייטונג אאַז"וו. נעמען זיי אויך אַנטייל אין אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, זיי זענען אַקטיוו ביי די וואַלן צום שטאָט־ראַט און קהילה און אויך ביי דער אויפקלערונגס־אַרבעט צו די ציוניסטישע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן.

עס אַנטשטייען אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, מיט פאַרשידענע יידישע אויפפאַסונגען, ווי: „ביתר", „פּועלי־ציון", „מזרחי" און „אגודת־ישראל".

צווישן די יאָרן 1929—1933, ווען עס זענען דערגאַנגען די ידיעות וועגן די געשעענישן אין ארץ־ישראל, איז איבערגעריסן געוואָרן דער אַפּאַטישער צושטאַנד אין דער באַוועגונג; די סאָלידאַריטעט מיטן ארץ־ישראלדיקן יישוב האָט ווידער אויפגעמונטערט דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און צוגעגעבן נייע כוחות דער אָפּגעשוואַכטער באַוועגונג.

אין דער צייט ווערט געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע פון „השומר־הלאומי", וועלכע פירט אַ פאַרצווייגטע,



„השומר הלאומי" מיט דעם פּאַטראָנאַט פון דער אָרגאַניזאַציע:
פון רעכטס: שבתי שטאָלצמאַן, פישל פרידמאַן, שמשון נטע סרעבריניק, יוסף שימקאָוויטש (ראש הקן), טוביה פריד, יצחק גרינער, נטע קאַופמאַן, גרשון קאַרצאָוויטש, בן־ציון שימאַנאָווסקי

טעמפּעראַמענטפולע אַרבעט אויף יעדן געביט. אַלע אַקטיווע עלעמענטן פון דער נאַציאָנאַלער יידישער יוגנט שליסן זיך אָן אין „השומר הלאומי". דאָרט לערנט מען עברית, תנ"ך, יידישע געשיכטע, און עס ווערט באַפעסטיקט דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין.

אַ דאַנק דער באַגייסטערטער טעטיקייט פון די חברים פון „השומר־הלאומי" און דער הילף פון די ציוניסטישע עסקנים: ש. נ. סרעברניק, קויפמאַן, פרידמאַן, י. גרינער, ג. קאַרצאָוויטש, רחל נויפעלד א"אַ ווערט געשאַפן אַ פאָנד פאַר דער אָרגאַניזירונג פון אַ „תרבות"־שולע, און אין ל"ג בעומר 1930 ווערט די „תרבות"־שולע דערעפנט, אין יונקערס הויז.

אַ גרויסע געשעעניש אין נאָווי־דוואָר, איז געווען דער באַזוך פון סיים־דעפוטאַט און ציוניסטישן פירער יצחק גרינבוים. דער גאַנצער יידישער ציבור האָט דעמאָלט אויפגענומען דעם שטאָלצן קעמפער פאַר די יידישע אינטערעסן מיט כבוד און באַגייסטערונג. מאַסן יידן האָבן זיך געשפּאַרט צו זען און באַגריסן דעם גאַסט, די יוגנט האָט דעפילירט און די קבלת־פּנים־אַקאַדעמיע איז געווען פול געפּאַקט. אויף די פייערלעכע אויפנאַמעס האָבן געלאָזט הערן זייערע ברכות די אַנגעזעענסטע יידישע עסקנים און פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען און אינסטיטוציעס. אויך דער פּוילישער בירגערמייסטער פון שטאָט האָט געבערענגט זיין באַגריסונג. און די קעגנערישע פּאָליטישע גרופּירונגען ווי „בונד" און „אגודה" האָבן זיך אויך געפילט ווי שותפים אין גרויסן פאָלקס־יום־טוב לכבוד יצחק גרינבוים, דעם מוטיקן פאַרטיידיקער פון די יידישע אינטערעסן.

*

1933—1963. דרייסיק יאָר טיילן אונדז אָפּ פון יענער צייט. ביז 1939 האָבן נאָך אונדזערע ברידער און שוועסטער, חברים און פריינד, די אַלע נאָווי־דוואָרער יידן, געהאָפּט און געבענקט, געלעבט און געחלומט נעבן די צוויי שטילע טייכן ווייסל און נאַרעוו.

די טייכן זענען ווייטער געפלאָסן, אַ מאָל שטיל, אַ מאָל שטורמיש, אָבער פון 1939 — שוין אָן די נאָווי־דוואָרער יידן...



דער לערער יוסף ראַזנזאַפט ביים פאָרלייענען אַ פּיעסע פאַר דער דראַמאַטישער סעקציע פון דער ציונ. אָרגאַניזאַציע
פון רעכטס צו לינקס: שרה אַלטשטיין, האַלצמאַן, זעלדע מונדלאַק, שרהטשע סרעבערניק, יענטל מונדלאַק, חנה צייטאַג, שרה קנאַסטער, ביילע סעמיאַטיצקי — פינקלשטיין

## הסתדרות „השומר-הלאומי" בנובי-דבור

# אויפרוף

## צום נאציאנאלן יודענטום אין נאווי-דוואר

שוין צוויי יאר צייט ווי ס"איז געגרינדעט געווארן ביי אינז אין שטאט די נאציא- נאלע יוגנט ארג. „השומר הלאומי" וועלכע האט פאר זיך גענומען וויכטיקע און זער פעראנטווארטליכע אויפגאבן. אין יעצטיגן מאמענט, ביים עקאנאמישן קריזיס וועלכע הערשט אויף דער יוד. גאס זענען מיר געקימען מיט די אויפגאבע צו ערציען דיסצופליניערטע געזונטע מענשן אין יודן, און שאפן פאר אירע מיטגלידער א נאציאנאלע יודישע סביבה.

חברים פריינד אין טאטעס! אין משך פון איר 2 יעריקע עקזיסטענץ האט איר זיך וואס ווינציג פעראינטערסירט, וועגן איר ארבייט, און אירע אויפגאבן, איר אט געשיקט איירע קינדער זיך צו ענטוויקלען שאפן פון זיי א שטאלצן יוד, איר אט געזן ווי ס'שאפט זיך א טייל יוגנט וועלכע נעמט א אקטיוון אנטייל אין די יוד. רענעסאנס באוועגונג, זי ערפילט איר חוב לגבי אירע ברודער אין שוועסטער חלוצים שומרים אין ארץ ישראל, וועלכע שאפן פאר אינז יודן א נייעם מארגן, דאס שענסטע ווערק פון דער צייט זי גיט האפענונג אין מוט, א מארגן פון פרייהייט מיט אלע פעלקער גלייך, צו זאמען מיט זיי שטייען מיר אויף דער וואך ביי יעדן רוף, לטובת דעם אויפלעבן פון יוד פאלק, לאנד און שפראך, אפט מאל טרעפן מי'ר און שטערונגן אין אינזער אנטוויקלונגן, פין עקס לינקס ביז עקס רעכטס, פערגינט מען נישט אינזערע עקזיסטענץ, ווייל מיר שאפן בויען ערציען, נישט מיט קיין פאפירענע ציזוגן, אבער אלע שטערונגן ווערן בעזייטיגט אין ס"בלייט די הויפט שטערונג. דער מאנגל אין מאטעריעלע מיטלען, צעהנדליקע יוגענטליכע ווילן אריין טרעטן, אין מיר קענען זיי נישט אריין נעמען, ווייל מיר האבן נישט די מיטלען אויפצו- האלטן די ארגאניזאציע.

איצט צים 2 יעריקן יובילעאוים פון דער ארג. קימען מיר מיט א רוף צו דער נאצינאלע טייל פון די יוד. בעפעלקערונג פאר וועלכע ס"איז טייער די אויפוואכונג פין יודישן פאלק, צו א אייגן לאנד אין שפראך. **שטיצט דעם „השומר-הלאומי** מיטן אינ- טערשטיצן זי הייסט מיטהעלפן שאפן א טייל יוד. יוגנט וועלכע ווילן זיך ענטוויקלען-בילדן אלס שטאלצע מענשן מיט א העלן און מונטערן קיק אויף דער צוקונפט אין דער יוד. גאס

אמת דאס יודענטום אין פוילן בכלל און אין נאווי-דוואר בפרט געפינט זיך איצט אין זייער א קריטישע לאגע, און א מארגן אין און א האפענונג אויף דער צוקונפט, אבער דער שווערער קריזיס טאר נישט בארויבן פין אחריות געפיל פאר דער ערציאונג פון אינזער יונגן דור, ערפילט אייער חוב לגבי דער יוגנט וועלכע דארף דערצויגן ווערן אין אזא גייסט זי זאל פערדינען דעם נאמען צוקומפט פין יוד. פאלק. שטיצט זיי מיט וואס איר זייט בכ'ח. גיט דער נויטיקער ארגאניזאציע עקזיסטענץ אין ענטוויקלונג.

### הנהגה המקומית

1) י. שימקאוויטש. 2) ב. צ. שימאנאווסקי. 3) ג. קארצאוויטש.

# באקאנטמאכונג

אין צוזאמענהאנג מיטן **2** יעריקן עקזיסטענץ פין שומרים קן אין נאווי-דוואר וועט דינסטיג דעם 5-V. ל"ג בעומר 8-30 אוונט פארקומען אין גרויסן זאל פין ה' יונקער

א גראנדיעזע **שומרים אקאדעמיע** אינטער דער לייטונג פין ח' י. שימקאוויטש, דעקאראציע פין מ. ערפשטיין אין פראגראם רעפעראטן, מוזיק, דעקלאמאציעס, געזאנג' ריטמישע טענץ, לעבעדיגע בילדער, מאסן סצענעס א. ד. גל.

**בעמ.** צוליב דעם אינהאלטס רייכן פראגראם. ווערט געבעטן צו קומען פינקטליך.

druk. M. Gutsztadt Nowy-Dwór, Legjonów 9.

# א פאר פארצייכענונגען וועגן דער ציוניסטישער טעטיקייט

אויף דער פערטער ציוניסטישער לאַנד־קאָנפע־רענץ אין פוילן, וועלכע איז פאָרגעקומען פון 18טן ביזן 21סטן אויגוסט 1919, האָבן אָנטייל גענומען צוויי נאָווי־דוואָרער דעלעגאַטן: ר׳ שמשון נטע סרעברניק (אין דער דעלעגאַטן רשימה — נומער 170) און ליפא מונדלאק (נומער 150). ליפא מונדלאַק האָט אויף דער קאָנפערענץ זיך אָנגעשלאָסן אין דער „צעירי־ציון״־פראַקציע פון ישראל מערעמינסקי. צווישן די צוגע־שיקטע באַגריסונגען געפינען מיר אויך אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג אין נאָווי־דוואָר, ווי אויך פון דער יידישער פראַקציע אין נאָווי־דוואָרער שטאָטראַט און פון אַנדערע ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס אין נאָווי־דוואָר.

אין דעם באַריכט צו דער 5טער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן (לאָדזש, פון 21סטן יולי ביזן 5טן אויגוסט 1921) ווערט אָנגע־געבן, אַז אין נאָווי־דוואָר זענען אין יאָר תרפ״א פאַרקויפט געוואָרן ביז צו דער קאָנפערענץ, 575 שקלים. דער איינציקער נאָווי־דוואָרער דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ איז געווען ליפא מונדלאַק.

אויפן 6סטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע (צווישן 17טן און 20סטן אַפּריל 1923) איז דער דעלעגאַט פון נאָווי־דוואָר געווען ר׳ שמשון נטע סרעבּרניק.

לויט דעם באַריכט פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן פאַר דעם צייט־אָפּשניט צווישן 13טן יאַנואַר 1930 און 31סטן יאַנואַר 1932, אין דער פאַרגלייכונגס־טאַבעלע פון די שטעט און די צאָל פון זייערע מיטגלידער צום 9טן און 10טן לאַנד־צוזאַמענ־פאָר, ווערט נאָווי־דוואָר דערמאָנט, אַז צום 9טן צוזאַ־מענפאָר (צווישן 5טן און 6סטן יאַנואַר 1930) האָט די אָרטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געהאַט 106 פאַררעגיסטרירטע מיטגלידער און צום 10טן צוזאַ־מענפאָר נאָר 50 רעגיסטרירטע מיטגלידער.

פאַר דער באַריכט־צייט האָבן נאָווי־דוואָר באַ־זוכט די פּרעלעגענטן: יצחק גרינבוים, לוי גוטגעלד, דר. שטרויבוים, פנחס פאָגעלמאַן, משה קליינבוים און א. קלאַרמאַן.

אין דעם זעלבן ביולעטין געפינען מיר אין איבערזיכט וועגן קרן היסוד, אַז פאַר דער צייט פון 15טן אָקטאָבער 1929 ביזן 30סטן סעפּטעמבער 1931 איז אין נאָווי־דוואָר דעקלאַרירט געוואָרן פאַר די אַקציעס פון קרן־היסוד אַ סומע פון 1781 זלאָטעס און במזומן זענען איינגעצאָלט געוואָרן 924 זל.

לויט דעם באַריכט פון דער ציוניסטישער צענ־טראַלע צום 11טן לאַנד־צוזאַמענפאָר, וואָס נעמט אַרום די צייט פון 4טן פעברואר 1932 ביזן 26סטן אויגוסט 1934, איז די צאָל נאָווי־דוואָרער חברים צום 10טן צוזאַמענפאָר געווען 50, און צום 11טן — 91.

(פאַרצייכנט לויט די ציוניסטישע אַרכיוון דורך דב פירסט)


סניף החלוץ בנובידבור ובהנריקוב. 14-IV-33.


סניף החלוץ בנובי-דבור. 1/IV 1934
Foto-Borys.

א. קלאַרמאַן

# דער באַזוך פון דעפּוטאַט יצחק גרינבוים*

אויף דער איינלאַדונג פון דער אַרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט דער דעפּ. יצחק גרינבוים, אין באַגלייטונג פון זיין פרוי און ה׳ א. קלאַרמאַן באַזוכט נאָווי־דוואָר.

ווי נאָר די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין נאָווי־דוואָר, האָט דער אָרקעסטער געשפּילט די „התקוה" און אויך דעם פּוילישן הימען. די וויס־בלויע פאָן פון „השומר־הלאומי" האָט געפּלאַטערט מיט שטאָלץ און כבוד און דער פאָרזיצער פון קבלת־פּנים־קאָמיטעט ה׳ קאָן האָט באַגריסט דעם גאַסט אין נאָמען פון אַלע יידן אין נאָווי־דוואָר.

מיט הילכיקע אויסרופן לכבוד דעם גאַסט רירט דער פייערלעכער צוג. צענדליקער דראָזשקעס מיט די פּני פון שטאָט, אַ גרויסע צאָל דעקאָרירטע ראָווערן מיט יוגנטלעכע, און הונדערטער יידן, צווישן זיי אויך חסידישע, שטופּן זיך צו דער דראָזשקע, ווו עס זיצט דעפּ. גרינבוים, צו נעמען „שלום"...

אין שטאָט איז יום־טוב. דאָס הויז, אין וועלכן עס געפינט זיך דער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז דעקאָרירט מיט פענער און בילדער. פאַר דעם לאָקאַל קומט פאָר לכבוד דעם גאַסט אַ דעפילאַדע פון „השומר־הלאומי". דער דעפּ. גרינבוים איז טיף גערירט און דאַנקט אַלעמען האַרציק.

דאַן ווערט ער פאַרבעטן צום וועטעראַן פון דער אַרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דעם באַקאַנטן עסקן שמשון נטע סרעברניק, ווו עס ווערט איינגעאָרדנט אַ שיינע אויפנאַמע פאַרן גאַסט און אַ פייערלעכע זיצונג פון ציוניסטישן קאָמיטעט מיט פאָרשטייער פון די שכנותדיקע שטעטלעך: זאַקראָטשין, העננריקאָוו, פּאָמיעכאָווע.

ביים איינגאַנג פון קינאָ־זאַל, ווו עס קומט פאָר דער רעפעראַט פון דעפּ גרינבוים, זעט מען הונדערטער מענטשן, וועלכע בלייבן אין דרויסן, ווייל דער זאַל איז איבערפולט.

דער פאָרזיצער קאַופמאַן עפנט די אַקאַדעמיע. דער אַרטיקער בירגערמייסטער (אַ קריסט), באַגריסט האַרציק דעם חשובן גאַסט. דאָס ערשטע וואָרט באַקומט דער עלטסטער ציוניסטישער עסקן אין שטאָט, ה׳ סרעברניק, וועלכער איז גערירט פון דער זכיה צו באַגריסן דעם גאַסט אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאַן באַגריסן אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין זאַקראָטשין — ה. גאָש, העננריקאָוו — לאַדאָווסקי, יידישע קהילה — לעווינשטיין, יידישע פראַקציע אין שטאָט־ראַט — יורעס, יידישע באַנק — ראַטענבערג, מזרחי— שיקאָראַ, לערערס — קלעמענטאָנאָווסקי, הזמיר — הילדענבראַנד, רעוויזיאָניסטן — קאַלוואַריסקי, השומר־הלאומי — שימאַנאָווסקי, קרן־קימת — קאָרצאָוויטש, תרבות — פרידמאַן, האַנטווערקער — פייגנבוים, סוחרים פאַראיין — פינקלשטיין, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּאָמיעכאָווע — בוימאָוויטש. דער לעצטער באַגריסט אין נאָמען פון דער „שלום עליכם־ביבליאָטעק" ה׳ יצחק גרינער, וועלכער מעלדעט, אַז די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו רופן דעם גרויסן זאַל פון דער ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון יצחק גרינבוים.

פונעם נאָווי־דוואָרער רב הרב נויפעלד איז דערהאַלטן געוואָרן אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: „איך באַגריס הערצלעך דעם חשובן גאַסט, זאָל ער מצליח זיין אין דער אַרבעט לטובת די יידן אין פּוילן און אין ארץ־ישראל".

דעפּ גרינבוים דאַנקט פאַר די האַרציקע באַגריסונגען און אין זיין רעפעראַט, במשך צוויי און אַ האַלבע שעה, אַנאַליזירט ער די לאַגע פון די יידן אין ארץ־ישראל און אין גלות, און ער פאַרגלייכט די באַדינגונגען און רעזולטאַטן פון דעם קאַמף, וואָס מיר פירן אין ארץ־ישראל און אין גלות. דער אינהאַלטסרייכער רעפעראַט, איז אויסגעהערט געוואָרן מיט שפּאַנונג דורך די איבער 500 פאַרזאַמלטע, וועלכע האָבן דעם רעדנער באַדאַנקט מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאַדיסמענטן.

דער פאָרזיצער מעלדעט, אַז די פאַרזאַמלטע פלאַנצן 10 ביימער אויפן נאָמען פון דעפּוטאַט גרינבוים און זיין פרוי. דער פאָרזיצער פון „הזמיר" גיט איבער דעם גאַסט אַ מוזיקאַלישע שאַפונג, נאָטן פון אַ מאַרש לכבוד אים.

נאָך דעם טרעטן אויף די חברים פון „השומר־

---

* פון אַ באַריכטס־קאָרעספּאָנדענץ.

הלאומי", אונטער דער לייטונג פון יוסף שימקאָוויטש מיט דראַמאַטישע פראַגמענטן, דעקלאַמאַציעס און געזאַנג.

דעפּ. גרינבוים באַטייליקט זיך נאָך אין באַנקעט, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד אים. דאָרט שטעלט ער זיך לענגער אָפּ וועגן די אויפגאַבן פונעם קרן־קימת אין איצטיקן מאָמענט און ער פאָדערט אויף די פאַרזאַמלטע צו פאַרשטאַרקטער אַרבעט פאַרן קרן־קיימת. די מסיבה פאַרציט זיך ביז שפּעט ביי נאַכט מיט געזאַנג און מיט טענץ. נאָך דעם, ווי די חברים טאַנצן אַ „הארא" מיטן חשובן גאַסט, קומט די שעה פון אָפּשייד.

דער יום־טובדיקער טאָג מיטן דעפּ. גרינבוים האָט געוויזן, ווי וויכטיק, וואָס אונדזערע פירערס באַזוכן די קליינע שטעטלעך; זיי ברענגען דאָרט אַריין דאָס געפיל פון שבת־שבתון. יידן פאַרגעסן דעמאָלט אין זייערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן און פאַרביטערונגען, און עס ווערן פאַרווישט די גרענעצן פון ציוניסט ביז נישט ציוניסט. אויך די אגודה־פירער איילן ברענגען זייער באַגריסונג, אויב נישט דירעקט אין נאָמען פון דער „אגודה", איז אַלס פאַרשטייער פון אַ באַנק אָדער פון אַן אַנדערער אינסטיטוציע. אַזוי אויך מעלדן זיך חברים פון „בונד", ווייל דאָס פאָלק וויל זען זיין פירער און ווייסט אויך ווער זיין פירער איז... מען האָט עס געקאָנט הערן פון יידן נאָך גרינבוימס רעפעראַט, אַז זיין רעדע האָבן זיי געהערט מיט נייגער און כבוד, ווייל יצחק גרינבוים איז פאַר זיי דער פאַרטיידיקער פון די יידישע אינטערעסן.

יהודה פרלמוטר / תל־אביב

# הקיבוץ של תנועת „תורה ועבודה"

בשנת 1932—33 הייתי בנובי־דבור בקיבוץ ההכשרה של תנועת „תורה ועבודה". היינו כ־20 חברים וחברות ועבדנו בעבודות שונות שנזדמנו יום־יום.

נקודת ההכשרה הזאת היתה קיימת משנת 1931, והבעיות שהעסיקו כל הזמן את האחראים — תעסוקה ופרנסת החברים.

בהתחלת שנת 1933 התחילו קבוצות מאורגנות מחוגי ה„בונד" והקומוניסטים להתנקש בחברינו וכמו"כ קבלנו אזהרות והתראות בצירוף איומים.

חברי ה„מזרחי" בנובי־דבור, שאליהם פנינו בבקשת עזרה היו אין־אונים, והמרכז של תנועת „תורה ועבודה" ודאי לא היה בכוחו לעזור לנו. באסיפת חברי ההכשרה התלבטנו אם לעזוב את המקום, ואחרי וכוח החלטנו לא לעזוב את נקודת ההכשרה. ראינו בהשארותנו במקום כאילו מאבק על כיבוש עבודה, אבל בינתיים ההתנפלויות היו יותר תדירות, התנפלו על הבית שבו גרנו, התנפלו על חברים וחברות בעבודתם, ואף על פי שלא רצינו להעזר במשטרה הפולנית, הם הגיעו בזמן ההתקהלויות וההתנגשויות ואז נאסרו כמה מהמתנפלים לשעתיים או ליום שלם, אבל גם אחרי זה ההתנפלויות לא נפסקו.

אחרי ההתנפלות על הח' שמואל צוקרפיין, שעבד בנקוי מרתף עד שאיבד את ההכרה ונלקח לבית החולים, הגישה המשטרה תלונה לבית־המשפט, ולמרות שה„בונד" שלח ממנהיגיו להיות סניגור על המתנפלים בימי המשפט, הוצא פס"ד מרשיע נגד 3 מהמתנפלים שקבלו 6 חדשים מאסר על תנאי. גם אחרי זה לא נפסקו ההתנפלויות על חברים בודדים.

אני, בתור מזכיר הקיבוץ, החלטתי אז לפנות לחבר מנשה קוחלסקי, מי שהיה מנהיג של מפלגת „פועלי ציון" ויותר קרוב לחוגי ה„בונד" בעירו. הוא שהיה גם איש התנועה החלוצית גילה הבנה כלפינו ובפגישה שניה — לאחר המגע עם החוגים המתאימים — הרגיע אותי, הוא סיפר לי על הקשיים בסידור העניין ואמר שאנו יכולים להשאר במקום. מאותו יום והלאה הופסקו ההתנפלויות על החברים שלנו.

במגע עם מנשה קוחלסקי יכולנו לראות בו, הבן לאחד המכובדים שבחסידי גור, את התלהבותו לרעיון הלאומי והסוציאלי של האומה. הוא היה תמיד נכון להגיש את עזרתו לתנועות החלוציות מכל הזרמים.

הוא, שעלה ארצה בשנת 1925, בתקופת המשבר הכלכלי, ונאלץ להענות להפצרות המרובות של אמו, שנתאלמנה ונשארה עם 5 ילדים, לחזור לפולין, הוא קיווה יום־יום לחזור ולעלות ארצה יחד עם אשתו עדינת הנפש שיינדל...

עד שפרצה מלחמת העולם השניה, הוא עבר אז לווארשה והיה פעיל במחתרת עד שכרע ונפל. הי"ד.






די הכשרה פון „החלוץ המזרחי"



**דער „הזמיר" ביי אַ פייערונג צו דער עפענונג פון דער**
**העברעישער אוניווערסיטעט**



**בית״ר אין נאָווי־דוואָר**

פון רעכטס צו לינקס : ערשטע ר׳ : **ניסן טיק, משה קאַלוואַריסקי, אַ מפקד פון וואַרשע**

צווייטע ריי : **זעליג קעניגסבערג, קאָסאָווער, יהושע גרינער**

דב בעריש פירסט / תל־אביב

# ערשטע נאווי־דוואָרער עולים

## ר׳ אשר זעליג בלום

אין באַנד א׳ פון דער „אנציקלופדיה לחלוצי הישוב ובוניו" (ענציקלאָפּעדיע וועגן די ערשטע בויער פון ישראל) פון דוד תדהר, תל־אביב 1947, געפינט זיך אַ גרעסערע נאָטיץ וועגן אַ נאָווי־דוואָרער ייד, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל אין יאָר 1878. איך ברענג דאָ, מיט קליינע פאַרקירצונגען, די דאָזיקע נאָטיץ אין יידישער איבערזעצונג:

„אשר זעליג בלום איז געבוירן געוואָרן אין נאָווי־דוואָר, ביי וואַרשע, אין יאָר 1848, ביי זיין פאָטער דעם חסיד ר׳ זאב וואָלף. ער האָט באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציונג. און נאָך אַלס קינד, עטלעכע מאָל געפאָרן מיט זיין פאָטער צום רבין. צו 15 יאָר האָט אים זיין פאָטער חתונה געמאַכט מיט אַ חסידישער גבירישער טאָכטער. אַלט זייענדיק 17 יאָר האָט ער צוזאַמען מיט זיין פרוי אויסגעוואַנדערט קיין ענגלאַנד, כדי זיין איבערגעבליבענער ברודער זאָל קענען אַנגיין אַלס בן־יחיד און נישט מוזן גיין אין מיליטער. אָפּזייענדיק אין ענגלאַנד אַ יאָר, איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי און מיט דעם איינציקן זון, וועלכן זיי האָבן דאָרט געבוירן, אַוועק קיין אַמעריקע, זיך באַזעצט אין שיקאַגע און נאָך צוויי יאָר איז ער אַוועק קיין סינסינעטי. דאָרט האָט ער צוזאַמען מיט אַ שותף געעפנט אַ גרויס קליידער־געשעפט און שטאַרק מצליח געווען. דערוויסנדיק זיך אָבער, אַז זיין שותף האַנדלט אויך אונטער אין שבת, איז ער זיך מיטן שותף פונאַנדערגעגאַנגען און אַוועק אַרבעטן אין אַ שאָפּ ביי אַ פּריוואַטן אונטערנעמער. שפּעטער ווידער געעפנט אַ קליידער־געשעפט, אָבער שוין אָן שותפים. דערווייל האָט זיך די משפחה פאַרגרעסערט, שוין געווען פינף קינדער, און זאָרגנדיק וועגן זייער דערציונג, האָט ער אין יאָר 1878 פאַרקויפט זיין געשעפט און אַוועק מיט דער גאַנצער משפחה קיין ארץ־ישראל. אָנגעקומען קיין ירושלים. זיך צונויפגעטראָפן מיט די ערשטע גרינדער פון פתח־תקוה, זיך באַזעצט אין פתח־תקוה און דאָרט אויסגעבויט אַ הויז, וואָס איז באַלד נאָך די ערשטע רעגנס איינגעפאַלן (אַ שווינדלערישער קבלן האָט עס פאַר אים אויסגעבויט). ער האָט אויפגעשטעלט אַ צריף און דווקא געוואָלט דאָרט פאַרבלייבן, אָבער צוליב די קינדער, וועלכע זענען קראַנק געוואָרן אויף קדחת, איז ער צוריק אַוועק קיין ירושלים און זיך באַזעצט אין מאה־שערים".

די נאָטיץ וועגן נאָווי־דוואָרער גיט נאָך צו וועגן זיינע שפּעטערדיקע שריט:

„שפּעטער געפאָרן מיט נאָך איינעם פון די גרינדער פון פתח־תקוה קיין חוץ־לארץ צו וועקן די רייכע יידן, און בעיקר דעם באַראָן בנימין ראָטשילד, זיי זאָלן מיטהעלפן דעם ווייטערדיקן בוי פון פתח־תקוה. די שליחות איז נישט געלונגען און ער איז ווידער אַוועק קיין אַמעריקע „מאַכן געלט". נאָך צוויי יאָר האָט ער געוואָלט, אַז די פרוי און קינדער זאָלן קומען צו אים קיין אַמעריקע. די פרוי האָט דערווייל דאָ חתונה געמאַכט די עלטסטע טאָכטער חיה שרה, וואָס איז אין גאַנצן אַלט געווען 14 יאָר, מיט אהרן לייב מכנס און זיי אָפּגעגעבן אַ טייל פון זייער נחלה אין פתח־תקוה. זי האָט איבערגעלאָזט ביי דער טאָכטער צוויי יינגלעך און מיט אירע צוויי מיידלעך אַוועק צו איר מאַן אין אַמעריקע. נאָכן זיין זיבן יאָר אין אַמעריקע, זענען זיי ווידער צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל און געהאַט בדעה צו באַזעצן זיך אין פתח־תקוה און דאָרט באַאַרבעטן די איבערגעלאָזטע נחלה, אָבער צוליב דער קראַנקייט פון זיין פרוי האָט ער זיך באַזעצט אין ירושלים. אין ירושלים האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין מסחר מיט הייזער. ביי דעם מסחר פאַרלוירן זיין געלט. דערווייל איז אויך זיין פרוי געשטאָרבן. ער האָט דאָס צווייטע מאָל חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון משה צבי לעווינזאָן, אויך איינער פון די פתח־תקוה־גרינדער, און ווידער געהאַט בדעה זיך אומצוקערן קיין פתח־תקוה. דאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער אַ שווינדלער, וואָס מען האָט נישט געקענט דערגיין זיין נאָמען — האָט פאַרקויפט אשר זעליגס ערד. איז ער ווידער אַוועק מאַכן געלט קיין אַמעריקע, אָבער דאָס מאָל איז ער שוין מער נישט צוריקגעקומען. אין ט׳ ניסן יאָר 1925 איז ער ניפטר געוואָרן אין שיקאַגע. די עלטסטע טאָכטער, וועלכע מיר דערמאָנען דאָ, איז דאָס גאַנצע לעבן פאַרבליבן אין פתח־תקוה, געבוירן 7 זין און 4 טעכטער, זיי אַלע דערצויגן מיט ליבע און צוגעבונדנקייט צום

לאַנד. זי איז ניפטר געוואָרן כ׳ אדר 1918 אין פרי־צייטיקן עלטער פון 50 יאָר״.

עד כאן —די פרטים פון דער חומשדיקער מעשה, פון ויצא און וישב, וועגן איינעם פון די נאָווי־דוואָרער ראשונים, פון די ערשטע חסידישע עולים — אשר זעליג בלום.

## אברהם ברוך ראָזנשטיין

וועגן נאָך איינעם פון די נאָווי־דוואָרער ראשונים אין ארץ־ישראל, פון גאָר אַן אַנדער קוואַליטעט, פון וועגן וועמען אַ סך פון דעם עלטערן נאָווי־דוואָרער דור פלעגן דערציילן, ווי וועגן אַ הייסן איבערגעגעבענעם ציוני, האָב איך געפונען אַ קליינע נאָטיץ אין „ספר האישים״, לקסיקון ארצישראלי, הוצאת „מסדה״, תל־אביב, תרצ״ז. די גאָר קליינע נאָטיץ דערציילט:

„ברוך אברהם (רוזנשטין אברהם ברוך) דר. פילאָ־סאָפיע, געבוירן כ״ז טבת תרמ״ב (1882) אין נאָווי־דוואָר, וואַרשעווער קרייז. דער זון פון אליעזר יצחק, אַ האָלץ־סוחר. פון 1910 אין א״י. לערער פון מאַטעמאַ־טיק אין הערצל־גימנאַזיע. דעלעגאַט צום 8טן ציוניס־טישן קאָנגרעס. געווען לאַנגע יאָרן פאָרזיצער פון דער הסתדרות המורים און במשך פיל יאָרן חבר אין מועצת עירית תל־אביב. פאַרעפנטלעכט עטלעכע וויסנ־שאַפטלעכע ווערק איבער פיזיק און מאַטעמאַטיק״.

אָט אונטער דער קליינער לאַקאָנישער נאָטיץ דעקט זיך די גרויסע פערזענלעכקייט פון אונדזערס אַ דורותדיקן נאָווי־דוואָרער דר. בוציע ראָזנשטיין, וועגן וועלכן עס האָט מיר אין מיין פריסטער יוגנט דער־ציילט מורי ורבי דער ציוניסט ר׳ שמשון נטע סרעבר־ניק. ער האָט גערעדט וועגן אים מיט פיל התפעלות; וועגן זיין צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישראל און ווי וועגן איינעם פון די הייסטע ציוניסטן, ווען דער ציוניזם איז נאָך געווען אין די וויקעלעך.

דר. ראָזנשטיין געהערט שוין היינט צו די שוכני־עפר. נאָר ווי דער וואָס פאָרשט שטעג־און־וועג פון מיין שטעטל נעכטן, וויל איך צוגעבן עטלעכע פרטים וועגן די ראָזנשטיינס.

די ראָזנשטיינס האָט קיין נאָווי־דוואָר אַראָפּגע־בראַכט דער גרויסער גביר און פעסטונג־פּאַדריאַטשיק אברהם פייגין און זיי געמאַכט פאַר די בעלי־בתים איבער זיינע פילע געשעפטן, וואָס ער האָט געפירט אין דער נאָווא־געאָרגיעווסקער (מאָדלינער) פעסטונג. דעם טייל פון די ראָזנשטיינס האָט מען גערופן די „חאָזייעס״ (אויף רוסיש — בעלי־בתים). דער נאָמען איז זיי פאַרבליבן און ער איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. אליעזר יצחק, דער פאָטער פון דר. ראָזנשטיין, איז שפּעטער זייער רייך געוואָרן און ער האָט געגעבן זיינע קינדער העכערע מאָדערנע בילדונג אין דער נאָענטער הויפּטשטאָט וואַרשע. דר. ראָזנשטיין האָט זיין ערשטן נאָמען ברוך פאַרוואַנדלט אין ישראל אַלס זיין פאַמיליע־נאָמען, און דער יישוב האָט אים געקענט אַלס דר. ברוך. אין ישראל לעבט אויך זיין שוועסטער מאַדאַם ביעזשונסקי, אַ געוועזענע לערערין פון פראַנצויזיש אין הערצל־גימנאַזיע, זי האָט זיינער צייט באַקומען אַ הויכע אויסצייכענונג פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אַלס איינע פון די לערער־פּיאָנערן פון דער פראַנ־צויזישער שפּראַך אין א״י.

י. פינקל / תל־אביב

# די „פּועלי אגודת ישראל"

מיין ערשטער טראָט צו „פּועלי אגודת ישראל" אין נאָווי־דוואָר איז געווען אין יאָר 1928, ווען איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו מיינע מחותנים אין נאָווי־דוואָר אויף אַ שבת.

אין אַ פרייטיק — אַ מאַרקטאָג בין איך געקומען קיין נאָווי־דוואָר. דער שטאָטישער מאַרקפּלאַץ איז געווען פול מיט פויערישע פורן. די פאַרשמייעטע יידן האָבן זיך געפּאַרעט ביים האַנדל־וואַנדל צווישן די וועגענער. און אין אָט דעם געטומל בין איך אָנגעקומען מיט יהושע דראָשקאַזש. יידן זענען גלייך אַרויס מיט נייגער פון די געוועלבער אָנקוקן דעם גאַסט, — עפּעס אַ קליינינקייט? אַ חתן איז געקומען אין שטעטל אַריין.

ס'איז אַוועק אַ שבת ביים דאַווענען אין ראַדזימינער שטיבל. איך האָב באַקומען מפטיר, און יעדער האָט מיך טשיקאַווע באַשווינט. דערנאָך איז געווען אַ גרויסער קידוש ביי די מחותנים, געסט האָבן געשטראָמט מיט פלעשער וויין און מיט קוגלען, איינער גרעסער פון צווייטן, און נאָך דעם, אַז כ'האָב טועם געווען פון אַלע משקות און קוגלען, און די שמחה האָט אַריינגעצויגן ביז צו שלוש־סעודות — בין איך ערשט אַוועק אַ פאַרבעטענער צו די „פּועלי אגודת ישראל" אויף אַ גרויסער חברישער שמחה. זייער פיינע און טייערע יונגעלייט האָב איך דאָרטן געפונען, וואָס מיט זיי בין איך שוין געווען פאַרבונדן חבריש און אָרגאַניזאַציאָנעל אין משך פון די גאַנצע פאָר יאָר, וואָס איך בין געווען אין נאָווי־דוואָר.

דאָס איז געווען אַ באַוועגונג, וואָס האָט נישט געציילט קיין סך מיטגלידער, אָבער אויך אין אָט דער קליינער גרופּע האָט זיך געפילט אַ גרויסער כוח, פול מיט ענערגיע און שעפערישקייט. צו דערמאָנען אייניקע פון זיי — אברהם ווילדנבערג, נחמן סקולסקי, הערש דוד רויזקעס, אברהם טורקעלטאַוב ישראל ראָטענבערג און אַנדערע — אַלע זענען זיי געווען פלייסיקע און איבערגעגעבענע, וואָס האָבן אַ סך צייט געווידמעט לטובת זייער באַוועגונג.

אַ גמילת־חסד־קאַסע האָבן זיי אויפגעשטעלט, וועלכע האָט אַרויסגעהאָלפן די נויט־באַדערפטיקע חברים מיט הלוואות פון 100 זלאָטעס, אויסצוצאָלן אויף קליינע ראַטעס. אויך אַ שיינע ביבליאָטעק האָבן זיי אויפגעשטעלט. און פאַרשטענדלעך — אויך אַן אייגענעם מנין צום דאַוונען. אַפילו אַן אייגענעם אָרקעסטער האָבן זיי געשאַפן, וואָס האָט געציילט 15 חברים, מיט דער אָנפירערשאַפט פון באַקאַנטן נאָווי־דוואָרער מוזיקער שפּילפּידל.

אַ סך פון אונדז האָבן זיך אויך געגרייט צו עליה קיין ארץ־ישראל און געשאַפן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן הכשרה־פונקט אויפן „דריטן וויאָרסט" ביי נאָווי־דוואָר.

אָט די אַלע טייערע, איבערגעגעבענע חברים פון „פּועלי אגודת ישראל" אין נאָווי־דוואָר האָבן געלעבט און געווען דורכגענומען מיט די נצחדיקע אידעאַלן פון רעליגיעזן יידנטום; טאָג־איין, טאָג־אויס געפירט זייער לעבן אין יידישן גייסט, אין דרך התורה.



ר' יצחק מאיר ראָטענבערג, דער מזכיר פון „אגודת ישראל" מיט זיין משפחה



„פועלי אגודת ישראל“ אויף אַ געזעגענונג צום אָפּפאָר פון מאָטל ליפּאָוויטש און יחזקאל פינקל קיין ארץ־ישראל
פון רעכטס צו לינקס : ערשטע ריי : פּיניע גוזשיק, ישראל ראָט, מאָטל ליפּאָוויטש, יחזקאל פינקל, אברהמטשעווילדנבערג
צווייטע ריי : מיכאל רייכמאַן, נחמן סקולסקי, אברהם טורקעלטאַוב, אברהם ישראל רויזקעס, יענקל דוד גרינשטיין



די הכשרה פון „פּועלי אגודת ישראל“



אָרקעסטער פון „פועלי אגודת ישראל״ אונטער דער לייטונג פון נאָוו. מוזיק־לערער שפילפידל (אין צענטער)



הכשרה־אַרבעט פון „פועלי אגודת ישראל״

מלכּה טאָפּ־קאַרצאָוויטש / חולון

# דראַמאַטישע קרייזן

אונדזער שטעטל נאָווי־דוואָר האָט ליב געהאַט ייִדיש טעאַטער און דאָס לעבעדיקע ייִדישע וואָרט. ייִדישע קינסטלער האָבן גערן באַזוכט אונדזער שטעטל, און דער קאָנטאַקט צווישן זיי און דעם פּובליקום איז געווען אַ קעגנזייטיק־אינטימער.

טראָץ דעם, וואָס נאָווי־דוואָר איז געווען זייער נאָענט צו וואַרשע און מיר פלעגן געניסן אין דער גרויסער שטאָט פון טעאַטער, קאָנצערטן און אָפּערע, דאָך האָבן זיך געשאַפן אָרטיקע אַמאַטאָרן־טרופּעס. מען האָט אויפגעפירט ייִדישע פּיעסן מיט אייגענע כוחות, און די פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּעס, וואָס האָבן באַזוכט נאָווי־דוואָר, פלעגן אויפטרעטן, אין דער צייט פאַרן ערשטן וועלטקריג, אין דער שאָפּע פון די פייערלעשער, אָדער אין חתונה־זאַל פון אהרן ראַבינאָוויטש. אין שפּעטערע צייטן — אין זאַל פון גרויסן געמויערטן הויז ביים פּוילישן מאַרק, וואָס האָט געהערט צו דער קריסטלעכער פּרוי זדאַנאָוויטש, צומאָל אויך אין זאַל פון סאָדע־וואַסער־פאַבריקאַנט פון לייבל יונקער אויף דער זאַקראָטשינער גאַס.

די טעאַטער־טרופּעס, וואָס פלעגן אונדז באַזוכן, זענען נישט תמיד געשטאַנען אויפן געהעריקן ניוואָ, דאָך האָט יעדער באַזוך מיט זיך געבראַכט אַ מאַטעריעלן דערפאָלג.

די מיטגלידער פון די אָרטיקע דראַמאַטישע קרייזן האָבן זיך רעקרוטירט פון טעאַטער־ליבהאָבער און אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ נייגונג און טאַלאַנט צו דער בינע. מיט יוגנטלעכער ענערגיע און מיט ליבשאַפט האָט מען אויף זיך גענומען די עבודה, אויפצופירן פּיעסן פון ייִדישן לעבן, פון די באַליבטע מחברים: פּרץ, שלום עליכם, נאָמבערג, הירשביין, קאָברין א״אַ. לרוב זענען די אַמאַטאָרן־שפּילער געקומען פון דער אַרבעטער־סביבה, געווען באַווירקט פון סאָציאַליסטישע אידעאַלן, און אויך אין דער דראַמאַטישער אַרבעט געזען אַ מיטל צו וועקן דעם באַוווסטזיין און הייבן דעם ניוואָ פון ייִדישן אַרבעטער־ציבור.

פון די ערשטע פאָרשטעלונגען, וואָס איך געדענק, אין נאָווי־דוואָר — די פּיעסע „געבראָכענע הערצער" פון ז. ליבין. נאָך אַלס קליין קינד האָט מיין טאַטע מיך מיטגענומען אויף דער פאָרשטעלונג. ווי מיר איז באַוווסט, האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאָרשטעלונג: העלאַ און בלומע יעראָזאָלימסקי (דעם „טויטן הערשלס" טעכטער), אסתר מונדלאַק, הערמאַן ראַדזינער, יענקל „וואַסקע", יחיאל האָלצמאַן, אברהם שולבאַנק, א״אַ.

פון יענער צייט געדענק איך נאָך אַ פּיעסע, געשפּילט פון אָרטיקע אַמאַטאָרן, אַ פּורים־פאָרשטעלונג „אחשורוש", מיטן אָנטייל פון חיים און רבקה שקלאַנקע, רחל גאָלדבערג (פּעשקעס), איטשע באַרנשטיין (בראַטיעס), אברהם שולבאַנק, יחיאל האָלצמאַן (משה מעכלס) א״אַ. פון אַנדערע פאָרשטעלונגען אין יענער צייט, געדענק איך אַלס שפּילער: די שוועסטערן פינקלשטיין (פּייפּערס) ראָזאַ זאַלצמאַן, פּאַגעל און מאַגעלניצקי.

אין 1915 איז אויפגעפירט געוואָרן „די ייִדישע נשמה" אין דער שאָפּע פון די פייערלעשער, מיטן אָנטייל פון חיים טישלער, אברהם גאָטהעלף (דער פריזירער), עלקע טאָפּ — קאָזאַק, רבקה לאַנדסמאַן, חוה ניעוויאַדאָמסקי (דזשיק), דוד טאָפּ, משה שלאָדאָוויטש, וועלוול פעפערבערג, פּעלטע מנוחהס און אברהם מנוחהס (די זין פון מאיר יחיאל) און סרולקע זיידנבערג. דער רעזשיסער פון דער פאָרשטעלונג — אַן אַרטיסט זשוקאָוואַרסקי, וועלכער איז דעמאָלט, בשעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע, פאַרוואָגלט געוואָרן קיין נאָווי־דוואָר און דאָרט געאַרבעט ביים בויען די בריק אויף דער ווייסל.

אין יענעם יאָר (1915) איז ביי אונדז אַנטשטאַנען דער בילדונגס־פאַראיין, אין הויז פון מרדכי ליפּשטיין אויף דער וואַרשעווער גאַס. ביי דעם בילדונגס־פאַראיין האָט זיך אָרגאַניזירט אַ כאָר אונטער דער אָנפירונג פון יצחק שטשיגעלסקי (דער זון פון באַקאַנטן בעל־אכסניא לייזער שטשיגעלסקי). ער איז געווען אַ באַגאַבטער פידלער און האָט געלערנט אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום. דער כאָר פלעגט יעדן שבת

אויפטרעטן אין פאַראיין און שטאַרק אויסנעמען ביים עולם מיט פאַרשידענע אַרבעטער־לידער.

ביים פאַראיין איז אויך געווען אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער האָט אין זיין אַנטוויקלונג געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם באַקאַנטן נאָווי־דוואָרער צאָן־דאָקטער און גרויסער ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור שמואל גראַבמאַן. ער, שמואל גראַבמאַן, איז געווען אַ פּרעכטיקער רעציטאַטאָר. זייער געלונגען פלעגט ער פאָרלייענען פון שלום עליכם און דער עולם איז אַוועק אַ באַגייסטערטער.

אין יאָר 1916 האָט דער דראַמאַטישער קרייז אויסגעפירט „צעזייט און צעשפּרייט" פון שלום עליכם, אונטער דער רעזשי פון שמואל גראַבמאַן מיט דער מיטהילף פון בערל בורשטיין און מיטן אָנטייל פון בערל בורשטיין, עלקע טאָפּ — קאָזאַק, מלכה טאָפּ — קאַרצאָוויטש, רבקה לאַנדסמאַן, חנה לאַנדוי (קופּעקס טאָכטער), באַלטשע קריסטנפריינד, חיה קריגער, דוד און שמואל טאָפּ, בן־ציון לאַנדסמאַן, עליע און חיים פינקלשטיין, ישראל לייב לעווינשטיין און ניסן שטיינבערג.

אין 1917 האָט דער דראַמאַטישער קרייז אויפ־געפירט די באַקאַנטע פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאַ" פון קאַרל גוצקאָוו. דער רעזשיסער — אַ צוגעוואַנדערטער קיין נאָווי־דוואָר אַרטיסט איצקאָוויטש. די אָנטייל־נעמער: באַלטשע קריסטנפריינד, חיה קריגער, דוד, עלקע און מלכה טאָפּ, חיים טישלער, חיים פינקלשטיין, עליע פינקלשטיין און ניסן שטיינבערג.

נאָך יעדער פאָרשטעלונג האָט מען באַקומען נייעם מוט. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן פילן אין די „אַרטיסטישע פעדערן" און אַלץ אָפטער געגעבן פאָר־שטעלונגען, וואָס זענען געוואָרן אַ יום־טוב פאַר די טעאַטער־ליבהאָבער אין שטעטל. די אַמאַטאָרן פון אונדזער קרייז האָבן אַריינגעלייגט אַ סך ענערגיע, געשליפן יעדעס וואָרט, געמאָסטן יעדן קער און ווענד אויף דער בינע, ביז די פאָרשטעלונג איז אַרויס־געקומען ריין און פאָלירט, ווי עס האָט געוואָלט און פאַרלאַנגט אונדזער רעזשיסער און לערער שמואל גראַבמאַן.

אין יאָר 1917 האָבן מיר אויפגעפירט „דער ישיבה־בחור פון זאַלאַטאַרעווסקי, מיטן אָנטייל פון דוד און מלכה טאָפּ, באַלטשע קריסטנפריינד, יוסף שקלאַנקאַ, יעקב ראַטשטיין און ישראל לייב לעווינשטיין.



דראַמאַטישע סעקציע ביים „בילדונגס־פאַראיין" מיי 1917

פון רעכטס צו לינקס: לאַנדמאַן, ל. לעווינשטיין, חיים טישלער, בן־ציון לאַנדסמאַן, עליע פינקלשטיין, מלכה טאָפּ, שמואל טאָפּ, חיים פינקלשטיין, עלקע טאָפּ, חיהלע קריגער, דוד טאָפּ

אין פאָדערגרונט: **ניסן שטיינבערג** אין הינטערגרונט: **בעלאַ** קריסטנפריינד, בורשטיין

ס'איז געבליבן אין זכרון די אינסצעניזאַציע פון אליקום צונזערס ליד „די סאָכע" מיט יוסף באַראַנעק אַלס ארץ־ישראלדיקער פּויער, און אברהם רייזענס ליד „מאַי קא משמע לן" מיט ליפּא מונדלאַק און דב בעריש פירסט אַלס ישיבה־בחורים.

ווען מען האָט נאָך נישט ריזיקירט מיטן אויפפירן אַ גאַנצע פּיעסע, פלעגט מען על פי רוב שפּילן איינ־אַקטערס. אַן איינאַקטער „איר שוועסטער" האָבן גע־שפּילט אין יאָר 1918 — דוד טאַפּ, חיה קריגער און מלכה טאַפּ.

אין דעם יאָר איז אויפגעפירט געוואָרן „דאָס אייביקע ליד" פון מאַרק אַרנשטיין דורך דוד טאַפּ, רבקה לאַנדסמאַן, חיים טישלער און עלקע טאַפּ.

אין יענער צייט האָט דער פּאָפּולערער אַרטיסט זשאַק לעווי ביי אונדז רעזשיסירט אַן איינאַקטער „פּעטראַ קאַרוזאָ דער אָפּערן־זינגער" פון ראָבערטאָ בראַגאַ. צוזאַמען מיט זשאַק לעווי האָבן אָנטייל גענומען דוד און מלכה טאַפּ, ווי אויך הערמאַן אַבראַמאָוויטש. מיר האָבן דעם איינאַקטער אויך אויפגעפירט אין נאָענטן שטעטל יאַבלאָננע.

אונטער דער רעזשי פון יידל ראָזנשטיין איז אויפגעפירט געוואָרן „מיטן שטראָם" פון שלום אַש, מיט דער ראָלן־פאַרטיילונג: דוד — יידל ראָזנ־שטיין, הינדל — שרה קאַרצאָוויטש, ר' זרח — אביגדור גאַרבער, רחלע — מלכה טאַפּ, חדר־יינגל — לאָזער טאַפּ. די פּיעסע איז אויך אויפגעפירט געוואָרן אין נאַשעלסק מיט דער איניציאַטיוו פון דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

דער דראַמאַטישער קרייז ביים „בונד" האָט אויפ־געפירט דעם באַקאַנטן איינאַקטער פון שלום עליכם „נאָר אַ דאָקטער" מיט עליע פינקלשטיין, באַלטשע קריסטנפריינד, ישראל לייב לעווינשטיין, עלקע טאַפּ און ניסן שטיינבערג.

דער זעלבער קרייז האָט אויך אויפגעפירט אייניקע פראַגמענטן פון פישל בימקאָס „גנבים", מיט דער באַטייליקונג פון די ברידער מאָטל און יוסף ראָזנ־שטיין, משה יענקל נעלקין א"אַ.

דער אַלגעמיינער אומפּאַרטייישער קרייז האָט אויפגעפירט אַן איינאַקטער „דילעטאַנטן" פון אָזשעש־קאָוואַ, מיט דער באַטייליקונג פון מלכה און הענע טאַפּ, מאָטל ראָזנשטיין און שלום קאַרצאָוויטש. ווי אויך די „אַגענטן" פון שלום עליכם.



דראַמאַטישע סעקציע ביים „בילדונגס־פאַראיין פאַר יידישע אַרבעטער" אין 28סטן יוני 1917

פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: עלקע טאַפּ, חיים טישלער, עליע פינקלשטיין, בערל בורשטיין, בן־ציון לאַנדסמאַן, חיים פינקלשטיין, בעלאַ קריסטנפריינד

צווייטע ריי: דוד טאַפּ, חיהלע קריגער, רבקה לאַנדסמאַן, שמואל טאַפּ, ניסן שטיינבערג, מלכה טאַפּ, ישראל לייב לעווינשטיין

אין יאָר 1925 איז אונטער דער רעזשי פון שמואל גראַבמאַן אויפגעפירט געוואָרן „די משפחה" פון נאָמבערג, מיטן אָנטייל פון אַנדזשאַ גראַבמאַן — גאָלדפאַרב, איר מאַן בענעק גאָלדפאַרב, הענע טאַפּ, נעכע גרשון, מאָטל ראָזנשטיין, שלום קאַרצאָוויטש א"אַ.

אין יאָר 1930 האָט אַ דראַמאַטישער קרייז, צונויפגעשטעלט פון די אַמאַטאָרן פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, אויפגעפירט עטלעכע פּיעסן, צווישן זיי — שלום אשס „גאָט פון נקמה", רעזשיסירט פון יידל ראָזנשטיין, ביי דער באַטייליקונג פון יידל ראָזנשטיין, מלכה און חנה טאַפּ, שרה קאַרצאָוויטש, קיילע אַלשינקאָ, אביגדור גאַרבער א"אַ.

פאַר דעם, האָט דער זעלבער צווישן־אָרגאַניזאַציאָנעלער דראַמאַטישער קרייז אויפגעפירט „די נבלה" פון פרץ הירשביין, מיט די ראָלן: די נבלה — יידל ראָזנשטיין, אברוש — נחמן נאָוואָדוואָרסקי, רייזל — מלכה טאַפּ, די מוטער — הענע טאַפּ.

אין 1931 האָט דער „אומפּאַרטייִשער דראַמאַטישער אַמאַטאָרן קרייז" אין נאָווי־דוואָר געשטעלט די פּיעסע „דער דאָרפס־יונג" פון לעאָן קאָברין, מיט דער רעזשי פון יידל ראָזנשטיין. ביי מיר האָט זיך אָפּגעהיטן אַ געדרוקטער פּראָגראַם־פּלאַן פון דער פאָרשטעלונג, וואָס פאַרצייכנט פּינקטלעך די אָנטייל־נעמער: ישעיהו, אַ קרעטשמער — יעקב פּינקער, פרומע זיין פרוי — חנה טאַפּ, יענקל בוילע, זייער בן־יחיד — יידל ראָזנשטיין, נחום נאָוואָסעלסקי, אַ קרעטשמער — איטשע ריבאַ, חייקע, זיין טאָכטער — שרה קאַרצאָוויטש, הירש בער, אַ פישער — יאַקוב ראָטשטיין, חאַצע טריינעס, אַ פישער — שמואל קאָכאַלסקי, זלמן צירלס, אַ פישער — שמואל טאַפּ, פראָקאָפּ, אַ פישער — יעקב פּינקער, נאַטאַשאַ, זיין אייניקל — מלכה קאַרצאָוויטש, איטשע פּאַסטערנאַק — באַלעבאָס — פּייוול טאַפּ.

די לידער צו דער פאָרשטעלונג האָט מיט אונדז איינגעזונגען הענעך טיק. אונדזער שטענדיקער סופליאָר איז געווען דער שטילער און באַשיידענער ש״ע מאַגיד צווישן די הינטער־קוליסן־העלפער איז אויך געווען חיים יואל כהן.

כ'וויל נאָך צוגעבן עטלעכע פאָרשטעלונגען. וועגן „מכירת יוסף" און „בר־כוכבא" האָט מיר דערציילט מיין פאָטער הערשל טאַפּ. אויך ער איז אַ מאָל געווען אין אַ קרייז פון טעאַטער־ליבהאָבער... ווי מיין פאָטער



דער פאָטאָגראַפיסט יידל ראָזנשטיין,
אַרטיסט און רעזשיסער אין די אָרטיקע דראַמאַטישע קרייזן

האָט דערציילט, זענען דעמאָלט צווישן די שפּילער געווען: דער בלינדער יהודה סטאַווסקי, דער געלער אייזיק ראָזנפעלד און משה סעמיאַטיצקי.

דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט אין יאָר 1925 אויפגעפירט די פּיעסע פון שלום אש „אונדזער גלויבן" אונטער דער רעזשי פון אַ סאָכאַטשעווער יונגערמאַן גרונדוואַרג. פון די אַנדערע אָנטיילנעמער געדענק איך: פרוי טורקעלטאַוב, לאה סעגאַל, יוסף באַראַנעק, אביגדור גאַרבער, טוביה פריד, שמואל קאָכאַלסקי. דער זעלבער קרייז האָט אויך אויפגעפירט „די ירושה" פון נאָמבערג, מיטן אָנטייל פון די צוויי שוועסטער סאָניאַ און טאָבקע זילבערטאַל, גוטשע ראָזנשטיין, דוד לערנער, יוסף באַראַנעק און אביגדור גאַרבער.

אויך דער דראַמאַטישער קרייז ביים „בונד" האָט אויפגעפירט די אויבן־דערמאָנטע פּיעסע פון נאָמבערג. רעזשיסירט און מיטגעשפּילט האָט יידל ראָזנשטיין, און אָנטייל גענומען — די דריי שוועסטער הענע, חנה און מלכה טאַפּ, יוסף ראָזנשטיין א"אַ.

די טעג ווען אונדזער קרייז האָט געגעבן פאָרשטע־לונגען, זענען געווען טעג פון יום־טוב. פול מיט באַגייסטערונג האָט יעדער צוגעטראָגן זיין הילף.

אַ פּיעסע פלעגן מיר רעפּעטירן כמעט צוויי מאָנאַטן. דורך דער גאַנצער צייט געלעבט אין שפּאַנונג און אין כסדרדיקער עקזאַלטאַציע. פאַר דער אויפפירונג האָבן מיר תמיד געוואַרט אויפן אורטייל פון מבין שמואל גראַבמאַן. עס פלעגט אויך טרעפן, אַז ביים סאַמע פינאַל האָט שמואל גראַבמאַן מיט אונדז אָנגע־הויבן פון אָנהייב, ווידער לאַנגע וואָכן מיט אונדז געקנעלט אַלע ראָלן לויט זיין צוגאַנג און באַנעם. און נישט ער און נישט מיר האָבן געקאַרגט צייט און מי, אַבי די פאַרשטעלונג זאָל אַרויסקומען וואָס בעסער. אונדזער לערער גראַבמאַן האָט מיטגעאַרבעט מיטן דראַמאַטישן קרייז, פריער, ווען ער איז געווען אין די ראַמען פון בילדונגס־פאַראיין און שפּעטער — אין די ראַמען פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

דער דראַמאַטישער קרייז האָט אויך אָנטייל גענו־מען מיט אויפטריטן אין פאַרשידענע טרויער־אַקאַ־דעמיעס נאָך פאַרשטאָרבענע שרייבער און סאָציאַליס־טישע פירער, וואָס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן דורכן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין.

ס'איז אויך כדאי צו פאַרצייכענען די אויפטריטן און פאַרשטעלונגען פון אונדזערע קינדערלעך, פון די יידישע פאָלקסשולן און פון די תרבות־שולן. איך פלעג זיי תמיד צוהעלפן ביים גרימירן. ס'איז געווען אַ נחת צו זען דעם פול־געפּאַקטן זאַל פון לייבל יונקער. טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער — אַלע זענען געקומען זען די „קליינע אַרטיסטן" אויף דער סצענע. אין דער ערשטער ריי האָט מען שטענדיק געזען שמואל גראַבמאַן. מיט צעשטראַלטע אויגן פלעגט ער נאָכפאָלגן די שפּיל און הנאה האָבן פונעם זיסן געזאַנג פון די טייערע קינדער.

און אוודאי דאַרפן דערמאָנט ווערן די אַלע חשובע אַרטיסטן, רעציטאַטאָרן און זינגער, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט באַזוכן נאָווי־דוואָר: הערץ גראָסבאַרד, יאָנאַס טורקאָוו מיט זיין פרוי דיאַנאַ בלומענפעלד, לאָלא פאָלמאַן, לאָלאַ לילית, יאָסעלע קאָלאָדני, גאָדיק, זיגמונט טורקאָוו און אַרטיסטן פון דער אַמאָליקער ווילנער טרופּע קאַדיש, קאַמין, ווייסליץ, מרים אָרלעסקאַ, מאַנסדאָרף, הירשפעלד, דוד הערמאַן, רחל האָלצער א"אַ.

✶

מיט דעם האָב איך אייגנטלעך פאַרענדיקט מיינע זכרונות וועגן יידישן טעאַטער און דראַמאַטישע קרייזן

יידישער דראמאטישער אמאטארן קרייז
אין נאווי־דוואר

# פראגראם

פון דער
פרעמיערע פארשטעלונג

## דער דארפס־יונג (יענקל בוילע)

א דראמע פון יידישן פישער לעבן
אין 4. אקטן ■ פון לעאן קאברין.

רעזשי: יידל ראזענשטיין.

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| ישעיהו — א קרעטשמער | יעקב פינקער |
| פרומע — זיין פרוי | חנה טאפ |
| יענקל בוילע — זייער בן יחיד | יידל ראזענשטיין |
| נחום נאוואסעלסקער — אקרעטש־מער ישעיהוס ברודער | איטשע ריבא |
| חייקע — זיין טאכטער | שרה קארצאוויטש |
| הירש בער — א פישער | יאקוב ראטשטיין |
| חאצע טריינעס — א פישער | שמואל קאכאלסקי |
| זלמן צירלס — א פישער | שמואל טאפ |
| פראקאפ — א פישער | יעקב פינקער |
| נאטאשא — זיין אייניקל | מלכה קארצאוויטש |
| איטשע פאסטערנאק — באלעבאס | פייוול טאפ |

עס האנדלט זיך אין א דארף נעבן א גרויסער אזערע אין מאהילעווער גובערניע ביים דניעפער



אויסגעפירט שבת דעם 28 פעברואר 1931

druk. M. Gutsztatd Nowy-Dwór

אין נאָווי־דוואָר, אָבער איך וויל נאָך צוגעבן עטלעכע באַמערקונגען, וואָס האָבן אויך צו טאָן מיט יידיש טעאַטער, אָנהייבנדיק פון מיינע יוגנט־יאָרן, ביז דער צייט פון מיינע וואַנדערונגען, נאָכן גרויסן חורבן, ווען פון דעם יידישן נאָווי־דוואָר איז שוין נישט געבליבן קיין זכר.

אַזוי איז שוין געווען מיין גורל פון מיין פריסטער יוגנט — לעבן מיט יידיש טעאַטער. חוץ מיין אָנטייל אין דער טעטיקייט פון די נאָווי־דוואָרער דראַמאַטישע קרייזן, בין איך אויך אין 1924 אָנגענומען געוואָרן אין דער דוד הערמאַן־סטודיע, ווו מען האָט געלייגט האָפענונגען אויף מיין בינע־טאַלאַנט. דאָרט האָב איך אָנגעהויבן לערנען צוזאַמען מיט די שפּעטער באַקאַנטע אַרטיסטן מאַנסדאָרף און הירשפעלד.

סצעניש באַגאַבט איז געווען מיין משפּחה, מיט מיין טאַטן הערשל טאָפּ בראש. פון זיי האָב איך געירשנט די ליבע צו דער סצענע (מיין ייִנגערער ברודער אינאַ טאָפּ איז אויך באַרימט געוואָרן מיט זיינע געזאַנג־קאָנצערטן אין רוסלאַנד, פּוילן. איצט — אין דער ישראלדיקער אָפּערע) — איז מיר אויסגעקומען אפילו אויף מיינע וואַנדערוועגן, נאָכן גרויסן חורבן, ווידער טעטיק זיין אויפן געביט פון יידישן טעאַטער.

אין יאָר 1947 בין איך מיט מיין משפּחה געווען אין דייטשלאַנד, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, אין ד. פּ. לאַגער אין שלופּפינג. די שארית הפליטה, אַן אויסגעהונגערטע נאָך אַ יידיש וואָרט, האָט געפּרוווט אָרגאַניזירן אַ יידישע בינע. ביכער און פּיעסן זענען נישט געווען, האָט מען אַליין געשריבן, אינסצעני־זירט, און יעדע פאָרשטעלונג איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַגייסטערונג.

איך האָב אָנטייל גענומען אין די אַלע פאָרשטעל־לונגען פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס דער לאַגער האָט עקזיסטירט, ביז ער איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין באַקאַנאַנג, לעבן שטוטגאַרט. דאָרט האָבן זיך די בינע־ליבהאָבער אָרגאַניזירט אין אַ דראַמאַטישן קרייז, מיר האָבן געשפּילט טעאַטער פאַר די ד. פּ. לאַגערן אין דייטשלאַנד.

*

כדאי אויך צו דערמאַנען דעם קרייז פאַר יידישער ליטעראַטור.

ס'איז געווען באַלד נאָך פּוילנס באַפרייונג, אין די צוואַנציקער יאָרן, — אַ גרופּע ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן אָרגאַניזירט אין נאָווי־דוואָר אַן אומפּאַרטייִשן קרייז, מיטן ציל צו לייענען און לערנען די ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער. צום קרייז האָבן געהערט: הערצל דובניקאָוו (געוועזענער סעק־רעטאַר פון דער יידישער קהילה אין נאָווי־דוואָר), דידעק זילבערטאַל, עליע סרעברניק, לייזער קאָרנשטיין, פּייוול קאַרצאָוויטש, מאָטל ראָזנשטיין, משה יענקל נעלקין, שלום קאַרצאָוויטש, אהרן קאַרצאָוויטש, שיע מאַגיד און די חברטעס עוואַ ראָזנשטיין, הענע טאָפּ, מלכה טאָפּ־קאַרצאָוויטש.

מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פאַרשידענע ערטער, אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק א. נ. פון שלום עליכם, ביי באַקמאַן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, 3 מאָל אין דער וואָך פלעגן מיר זיך צונויפקומען. אונדזערע טרעפונגען האָבן געדויערט ביי 2—3 שעה, און די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט התלהבות און פלייס.

אָנגעהויבן האָבן מיר מיט שלום עליכם, מיט „אָרעמע און פריילעכע“, „בלאָנדזשענדיקע שטערן“, „דער מבול“. מיר האָבן געלייענט מיט טרערן. 3 מאָל אַ וואָך האָט מען געלייענט און אין שבת האָט יעדער געלאָזט הערן זיין אָפּשאַצונג וועגן געלייענטן. אַזוי האָבן מיר פאָרגעזעצט דעם סדר פון אונדזער אַרבעט.

אונדזער קרייז האָט אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם זשורנאַל מיט אַ הומאָריסטישן טייל. לכבוד דעם דער־שיינען פון זשורנאַל האָבן מיר איינגעאָרדנט אין איינעם פון די שבתים אַ צונויפקום אין גרויסן זאַל פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק. יעדער פון די אָנטיילנעמער אין זשורנאַל האָט פאָרגעלייענט פון זיינע שאַפונגען, און שיע מאַגיד, אונדזער יונגער דיכטער, האָט געלייענט זיינס אַ ליד.

דער קרייז האָט אויך צוגעגרייט אַ פּורים־אָוונט לכבוד זיין טעטיקייט, ביי שמשון נטע סרעברניק אין הויז. ס'איז געווען אַן אָוונט ביי געדעקטע טישן, מיט באַגריסונגען און מיט אַ קינסטלעריש פּראָגראַם, ווו יעדער האָט געדאָרפן ווייזן זיין קענטשאַפט. איך האָב געלייענט „דאָס טעפּל“ פון שלום עליכם. דער אָוונט איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג און ער האָט אָנגערעגט צו ווייטערדיקער אַרבעט אין קרייז פאַר יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אַלץ מער דער־וואָרבן סימפּאַטיע און אָנערקענונג ביי דער נאָווי־דוואָרער יוגנט.

פ. דב / תל־אביב

# די באַזוכן פון שרייבער און רעדנער

די נאָענטקייט פון אונדזער שטעטל צו וואַרשע, האָט אויך געבריענגט מיט זיך נאָך אַ מעלה, וואָס אַלע „גוטע רעדנער" פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן אויף אַ שבת און יום־טוב און זיך „לאָזן הערן" ביי אונדז אין שטעטל. פאַר מיינע צייטן איז עס געווען די „שלום עליכם־ביבליאָטעק", וואָס פלעגט אַנגאַזשירן די אַלע רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס. און ווער האָט זיך נישט „אַראָפּגעכאַפּט" צו אונדז אין שטעטל ? האָט דב בער מאַלקין זיך אַרויסגעלאָזט „אויף דער ליבער פּראָווינץ" מיט אַ טעמע וועגן שלום אַשס מאָטקע גנב — איז דער ערשטער אַרויספאָר געווען נאָווי־דוואָר ; האָט דער שטילער לירישער ב. קאַרלינוס צוגעגרייט אַ גוטן רעפעראַט וועגן יידישן פאָלקסליד — אַריין קיין נאָווי־דוואָר. ס'זענען געווען ביי אונדז העפטמאַן, סעגאַלאָוויטש, נחמן מייזיל, ב. כילינאָוויטש א"א. שפּעטער, מיט דער לעגאַליזירונג פונעם פּאָליטישן לעבן, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנקורענץ צווישן די פּאַרטייען, האָט יעדע פון זיי געהאַט די אַמביציע צו שלאָגן דעם קעגנער מיט איר „פּרימאַדאָנע". אַז די ציונים האָבן אַראָפּגעבראַכט דעם „סטודענט" פּראָוואַלסקי, האָט גלייך דער „בונד" אַראָפּגעבראַכט דעם „אייביקן סטודענט", דעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם בונדישן פירער שלמה מענדלסאָן. האָבן די ציונים אַראָפּגעבראַכט דעם דעמאָלט שטאַרק פּאָפּולערן משה קליינבוים (היינט — משה סנה), זענען די בונדיסטן גלייך נאָכגעפאָרן מיט דעם נישט־ווייניקער פּאָפּולערן מאַסן־רעדנער, אונדזער היימישער בן־עיר הערשל הימלפאַרב. און האָט דער „בונד" אַראָפּגעבראַכט דעם מנהיג וויקטאָר אַלטער, האָבן עס די ציונים אַזוי לאַנג נישט געקאָנט „פאַרדייען", ביז זיי האָבן מיט דער „גרעסטער פּאָמפּע" אַריינגעפירט אין שטאָט דעם ארי' שבחבורה יצחק גרינבוים.

די נאָווי־דוואָרער יידן זענען געווען גוטע צוהערער. קיין „פּוסטע זאַלן" זענען אין נאָווי־דוואָר נישט געווען. מיט התלהבות פלעגט דאָס שטעטל אויפנעמען די אַלע מאָדערנע משולחים פון יידישער ליטעראַטור, קולטור און די פּאַרטיי־פירער. ס'האָט זיך נישט פאַרענדיקט בלויז מיטן אויסהערן אַ רעדע, וואָכן־לאַנג האָט מען דיסקוטירט און איבערגעשמועסט. דער „ריב שפתים" איז אָנגעגאַנגען מיט דעם גאַנצן ברען. אַזוי וועגן ליטעראַטור און קונסט, און נאָך מער וועגן פּאַרטייאיש פּאָליטישע פראַגן. מען האָט געשאַרפט די מוחות און די צינגלעך. פון יעדער גרופּע האָבן זיך אויסגעטיילט אייגענע וואָרטזאָגער און „היימישע רעדנער". די דיסקוסיעס האָבן פאַרשטאַרקט דעם קולטור־אינטערעס, און נאָך מער די פּאָליטישע וואַכזאַמקייט. נאָך אַזעלכע דיסקוסיעס און „פאַרהערעכצן" האָט מען מער געלייענט און געקויפט יידישע צייטונגען און דווקא פון אַנדערנס צד... בונדיסטן האָבן „שטודירט" דעם „היינט", די ציוניסטן האָבן געקנעלט די „פאָלקס־צייטונג". מען האָט אויסגעטייטשט דעם מיין פון די שורות און צווישן די שורות. מען האָט געמוזט זיין „שלאָג־פערטיק"...

מיר האָבן דערפאַר, פאַר די אַלע גוטע מידות, ווי אַ קולטור־דורשטיק שטעטל און ווי אַ וואַכע פאַראינטערעסירטע פעריפעריע, זוכה געווען צו וואַרעמע אָפּרופן מצד די שרייבער־רעפערענטן, וועלכע האָבן באַזוכט אונדזער שטעטל.

נחמן מייזיל, אין זיין ביז גאָר אינטערעסאַנטן בוך „געווען אַ מאָל אַ לעבן" (אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס 1951), ווו ער באַשרייבט דאָס יידישע קולטור־לעבן אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, און פאַרשידענע איבערלעבונגען און קוריאָזן בעת זיינע באַזוכן אין דער „ליבער פּראָווינץ" — דערציילט וועגן נאָווי־דוואָר :

„...אַן אַנדערש מאָל קום איך קיין נאָווי־דוואָר צו רעדן אין דער אָרטיקער ביבליאָטעק, — באַגעגנט מען מיך ביי דער באַן, לאָזן מיר זיך צופוס אין שטעטל ; וויל איך גערן אַריין אין אַ רעסטאָראַנדל, כאַפּן אַ גלעזל טיי און פאַרבייסן. אָבער די יונגעלייט פון דער ביבליאָטעק פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל מיט זיי דורכגיין אַ פּאָר מאָל איבער די הויפּט־גאַסן, כדי מען זאָל זען, אַז דער רעפערענט איז טאַקע דאָ, אַז ער איז געקומען צו פאָרן, ווייל מען האָט שוין לעצטנס זיי אָפּגענאַרט, נישט געקומען, האָט מען פאַרלוירן דעם צוטרוי... האָב איך געמוזט גיין איבער די גאַסן, אָבער אָן אַ פּויק, ווי אַ צירק האָט זיך אַ מאָל נוהג געווען צו מודיע זיין דעם עולם וועגן זיין קומען..."

נחמן מייזילס שילדערונג האָט צו טאָן מיט דער קולטור־ באַוועגונג אין שטעטל, מיט די אונטערנעמונגען און ליטעראַרישע אימפּרעזעס פון דער שלום עליכם ביבליאָטעק און מיט יענער געשפּאַנטקייט פון יידישן עולם צו הערן אַ וואָרט וועגן ענינים העומדים ברומו של עולם, ווייל „לא על הלחם לבדו יחיה האדם"...

✶

אָבער אויך געווען אַ באַריר פון יידישע שרייבער מיט נאָווי־דוואָר, און טאַקע וועגן לחם לבדו...

אין זיין בוך: „מיין טאַטנס בית־דין שטוב" שרייבט יצחק באַשעוויס:

„מיין ברודער ישראל יהושע (דער באַרימטער שרייבער י. י. זינגער) האָט אַ שטיקל צייט געאַרבעט ביי די דייטשן (בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה) ביים פּאַרריכטן אַ בריק. ער האָט געשילדערט יענע איבער־לעבונגען אין זיין ראָמאַן „שטאָל און אייזן". איך גע־דענק, אַז ער איז צוריקגעקומען פון יענער שטאָט (נאָווי־דוואָר) מיט אַ גרויס ברויט — אַזאַ ריזיקן לאַבן, ווי איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען, נישט פריער און נישט שפּעטער. ס'איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ ראָד און שיער נישט אַזוי פלאַך ווי אַ ראָד. קיין גרע־סערע מתנה האָט ער אונדז נישט געקאָנט ברענגען. מיר האָבן געשניטן פּענעצן וואָכן לאַנג. די אַרבעט איז געווען פאַר מיין ברודער צו שווער און צו געפערלעך".

דאָס האָט צו טאָן מיט די יאָרן 1917—1918. אויך מיין טייערער חבר ליפּא מונדלאַק איז דעמאָלט ביי די אַרבעטן געווען אַ שטיקל אויפזעער. מען האָט דעמאָלט צוריק אויפגעבויט די בריק איבער דער ווייסל, וועלכע די רוסן האָבן אויפגעריסן ביים פאַרלאָזן פּוילן. פון ליפּא מונדלאַק האָב איך אַ סך געהערט וועגן איינעם אַ בחור פון וואַרשע, זינגער, אַ זון פון לאַנטשינער רב, וואָס אַרבעט ביי דער בריק און איז שוין אַ „שטיקל שרייבער"...

דאָס איז געווען י. י. זינגער, וועלכער האָט שפּע־טער געבערענגט דער יידישער ליטעראַטור אַנדערע מתנות — דאָס „גרויסע ברויט" פון זיינע וואָגיקע ווערק.

✶

נאָווי־דוואָר האָט אויך „זוכה געווען" צו אַנדערע מיני טרעפענישן מיט יידישע פערזענלעכקייטן, וועמען די צאַרישע סאַטראַפּן האָבן פאַרשלעפּט אין די פייכטע קאַזעמאַטן פון דער מאָדלינער פעסטונג און זענען דאָרט אָפּגעזעסן אין „חד־גדיא" קירצערע, אָדער לענ־געגע טערמינען.

איינער פון די מאָדלינער אַרעסטאַנטן, דער וועטע־ראַן פון „פּועלי־ציון", דער איצטיקער סגן יושב־ראש פון דער „כנסת" אין ישראל נחום ניר, דערציילט אין זיינע זכרונות „פּרקי חיים", וואָס נעמען אַרום די יאָרן 1884—1918:

„עס איז געקומען דער חג הפּסח. די נאָווי־דוואָרער יידן מיטן רב בראש האָבן פאַר אונדז אַריינגעשיקט מצות און קאַרטאָפל".

דאָס האָט צו טאָן מיט דער מסירת־נפשדיקער זאָרג פון נאָווי־דוואָרער רב, ר' ראובן יהודה נויפעלד, פאַר די אַרעסטאַנטן אין דער מאָדלינער פעסטונג. וועגן דער זאָרג און מי פון נאָווי־דוואָרער רב און זיינע מיט־מענטשן, די אַרטיקע, צו אים מקורבדיקע בעלי־בתים, שטעלט איך זיך אָפּ ברייטער אין מיין מאָנאָגראַפיע וועגן נאָווי־דוואָרער רב אויף די זייטן פון „פּינקס נאָווי־דוואָר". איינער פון די געהאָלפענע אין אַזאַ פאַר־טרויערטן יום־טוב פּסח, וואָס האָט באַקומען „מעות חיטין" צווישן די ווענט פון דער מאָדלינער תפיסה — איז געווען דער באַרימטער עסקן פון „פּועלי־ציון" נחום ניר.

צוזאַמען מיט נחום ניר איז אויך דעמאָלט געווען פאַרשפּאַרט אין מאָדלינער פעסטונג דער באַקאַנטער אין ישראל „כסית"־באַהעמע־מענטש „חנא" מאַדזשי־ביצקי. דאָ נישט לאַנג, אויף דער פייערונג צו די אַכציק יאָר פון נחום ניר, איז דער „חנא" אַרויסגעפּאַלן קושנדיק און האַלדזנדיק אויף נירן מיט אַ געשריי: „טייערע חברים, מיט קנאַפּע 60 יאָר צוריק בין איך דאָך געזעסן צוזאַמען מיט נחום ניר אין דער מאָדלינער פעסטונג"...

אַוודאי געדענקען זיי נאָךביידע יענעם פּסח, ווען זיי האָבן געחלומט אַרויסצוגיין מעבדות לחרות...

✶

צווישן די אַלע איז אויך אַראָפּגעקומען קיין נאָווי־דוואָר ה. ד. נאָמבערג. ער, דער שטילער און קלוגער סקעפּטיקער, איז קיין פאַרטיי־פירער נישט געווען און אויך נישט פון דעם מין „ליטעראַטור־וואַיאַזשאָרן", וועלכע האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פּוילישע שטעט און שטעטלעך מיט ליטעראַרישע טעמעס. — איז ווי זשע איז ער אַראָפּגעקומען קיין נאָווי־דוואָר? אים האָט אַראָפּגעבערענגט אַ קליינע גרופּע „פּאַלקיסטן",

צווישן זיי: נחום נויפעלד, דוד לערנער, בן־ציון לאַנדס־מאַן, הערשל האָלצמאַן, בנימילע זייגערמאַכער (וויינ־שטיין), אהרן שולבאַנק און דער שרייבער פון די שורות. אַלע אונדזערע באַמיונגען אין יענער צייט, צו ווערן כאָטש אַ קליין פּאַרטייעלע, זענען אונדז נישט געלונגען. ציוניסטן זענען אונדז דערגאַנגען די יאָרן, די בונדיסטן האָבן אויף אונדז געקוקט מיט ביטול, ווי די „אמתע" סאָציאַליסטן אויף די „אָפּגעשטאַנענע" קליינבירגער. האָבן מיר געמוזט אויסקלייבן אַ שמאָל סטעזשקעלע פון קולטור־טעטיקייט, אויפן געביט פון יידיש און יידישע ליטעראַטור. און אָנגעהויבן האָט זיך עס, פאַרשטייט זיך, מיטן אַראָפּברענגען רעדנער און אַנשי־־שם. נאָך דעם ווי מיר האָבן אַראָפּגעברענגט דעם באַקאַנטן פובליציסט ש. י. סטופּניצקי, דעם גלענצנדיקן רעד־נער שלמה מענדלסאָן (דעמאָלט האָט ער נאָך געהערט צו דער „פאָלקס־פּאַרטיי"), דעם דר. גאָלדענבערג (דעמאָלט — אַ וועטערינאַר־דאָקטער, אָבער דאָך אַ דאָקטער...) — און אַלץ ביי פולע זאַלן, נאָך וועלכע מיר זענען דאָך ווידער פאַרבליבן אַ קליינע פאָלקיס־טישע גרופּע — האָבן מיר זיך פאַרנומען אויף גאָר גרויס, איינצואָרדענען אַ פּרץ־אַקאַדעמיע צו דער צווייטער יאָרצייט פון י. ל. פּרץ (אין דער פאַר־פּסח־צייט 1917) און אַראָפּברענגען אַ גרויסן „קאַנאָן", טאַקע ה. ד. נאָמבערגן, וואָס איז צו יענער צייט געווען פון די באַליבטסטע פובליציסטן פון „מאָ־מענט". זיינע גלענצנדיקע אַרטיקלען האָט דעמאָלט דער בעסערער לייענער ממש געשלונגען. און מיר האָבן געהאָפט, אַז פּרצעס יאָרצייט, פאַרבונדן מיט דעם נאָמען פון נאָמבערג, וועט זיין פאַר אונדז, די קליינע פאָלקיסטישע גרופּע אין נאָווי־דוואָר, אַ גאָר גרויסע אַטראַקציע.

מיר איז דאָס איבערגעגעבן געוואָרן דורכצופירן. איך בין אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט אויסגעפונען אין „מאָמענט" נאָמבערגס פּריוואַט־אַדרעס. ער האָט דעמאָלט געוווינט אַלס סובלאָקאַטאָר ביי דער מוטער פון שלמה מענדלסאָן אויף גזשיבאָווסקאַ, נישט ווייט פון דער יידישער גמינע. איך בין אַריין מיט אומרו צו נאָמבערגן אין זיין צימער, עפּעס האָט ער מיך יאָ דער־קענט און נישט דערקענט פון די טרעפונגען אויף פאָלקיסטישע צוזאַמענפאָרן אין וואַרשע, און איך בין גלייך אָן אַ „פּאַרדאָן" צוגעטרעטן צום ענין, וועגן אונדזער באַשלוס איינצואָרדענען אַ פּרץ־אַקאַדעמיע מיט זיין אָנטייל אַלס פּרעלעגענט. גלייך האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויף מיר מיט זיינע גרויסע בלויע אויגן און אַ זאָג געטאָן אין זיין ברייט־צעצויגענעם וואַרשעווער יידיש:

„ס'טאַ־אַ־טש, אי־ער האָט באַשלאָסן, און וואָס דווקא מי־עך?"

אַלזאָ, ער פאָרט נישט, ער קען נישט צוזאָגן, ער האָט נישט קיין צייט, ער פאַרגעסט, און נאָך און נאָך אַזעלכע אַרגומענטן. רעד אַהין, רעד אַהער, עס גייט נישט, ער פאָרט נישט... אַרויסגעהאָלפן האָט מיר די איידעלע פרוי מענדלסאָן, וועלכע האָט זיך אַריינגעמישט אין אונדזער געשפּרעך און געקוקט אויף מיר מיט רחמנותדיקע אויגן, מיט וואָס פאַר אַן עקשנות איך קעמף און בעט, און ער — ניין און ניין.

נאָמבערג האָט שטאַרק דרך־ארץ געהאַט פאַר דער קלוגער פרוי מענדלסאָן, — אַ קליינקייט: ר' אביגדור לעווענטאַל, דעם קוילער רבס טאָכטער און פון איר מאַנס צד דעם חמדת־שלמהס אַן אייניקל. און זי האָט טאַקע געפּועלט און ער האָט צוגעזאָגט צו קומען. פאַר דעם געזעגענען האָט נאָמבערג נאָך צוגעגעבן, אַז ער האָט ליב צו פאַרגעסן: „נאָר שיקט מיין באַלעבאָסטע אַ פּעטן אינדיק אויף פּסח, וועט זי מיך שוין צוהיטן, אַז איך זאָל נישט פאַרגעסן". דאָס איז געווען אין די שווערע הונגער־יאָרן בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע, אַן אינדיק אויף פּסח איז טאַקע צונוץ געקומען, און איך האָב מיין צוזאָג נישט פאַרגעסן. עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט משה שמואל (קשאָנשקאַ) דער שפּיליטער, אויסגעפירט די שליחות, אַריבערגעשמוגלט אַ פּעטן אינדיק קיין וואַרשע פאַר נאָמבערגס באַלעבאָסטע, פרוי מענדלסאָן. און נאָמבערג איז טאַקע געקומען צו אונדז חול־המועד פּסח און גערעדט קנאַפּע צוויי שעה אויף דער פּרץ־אַקאַדעמיע. אַ וווּנדערבאַרע אָפּהאַנדלונג איז עס געווען וועגן פּרצן, אַדורכגעוועבט מיט פּערזענ־לעכע זכרונות און מיט אַ טיפן אַנאַליז וועגן פּרצעס ווערק. אָט דער רעפעראַט איז געווען דער יסוד פאַר אַ שפּעטער פאַרעפנטלעכער בראָשור פון ה. ד. נאָמבערג וועגן י. ל. פּרץ.

קלמן פיטולסקי / חיפה

# יידישע ספּאָרטלער און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס

דער אָנהייב פון אַ יידישער ספּאָרט־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר, האָט צו טאָן מיט אַ טאָג פון 1919. מיר, שילער פון דער פּאָלקסשולע (נעבן קאָנאַרסקין) האָבן דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער לעבן געזען אין יענעם מיי־טאָג אַ באָל־שפּיל פון פראַנצויזישע זעלנער, אויפן פלאַץ פאַר דער שאָפע פון די פייערלעשער. טיף באַאיינדרוקט פון דעם יום־טובדיקן ספּאָרט־טאָג, האָבן מיר מיט אייפער זיך געווידמעט דעם ספּאָרט, און באַזונדערס — פוטבאָל.

אַ גורם דערצו איז אויך געווען די אַלגעמיינע סאָציאַלע און קולטורעלע אויפלעבונג אין אונדזער שטעטל. מיר האָבן נישט געוואָלט אָפּשטיין פון די גויים. סקויטישע גרופּן פון דער יידישער יוגנט האָבן אָנגעהויבן מיט אויספלוגן, גימנאַסטיק, און שפּעטער אויך אויסגעברייטערט און פאַרטיפט די אַרבעט.

מיט דעם אָנקום פון לערער יוסף ראָזנזאַפט ז״ל, האָט די ספּאָרט־באַוועגונג זיך אָנגעהויבן שטעלן נייע אויפגאַבן: זאַמלען אַרום זיך די יוגנט, מיט פיזישע און גייסטיקע דערציונג אויסגלייכן דעם רוקן און אויפוועקן מענטשלעכן שטאָלץ און יידישן גייסט.

מיט יוגנטלעכער קנאות האָבן זיך די סקויטן און ספּאָרטלער געזאַמלט אויפן הויף פון דער יידישער שולע (אויפן שאָסיי קעגנאיבער דער פּאָסט) און מיט קלאַנגען פון דער העברעישער שפּראַך און מיט העברעישע לידער געמושטירט זייערע רייען.

אַ גרויסן אויפשוווּנג האָט די באַוועגונג באַקומען מיט דעם אַנטשטיין פון „השומר הצעיר״, וועלכער האָט אויך געזאָרגט פאַר פיזישער דערציונג. לויט די טראַדיציעס פון „מכבי״. אַ דאַנק דעם זענען צוגעשטאַנען צו דער ספּאָרט־באַוועגונג די מער עלטערע, ווי: בנימין פרידמאַן, יידל און הערש ראָזנשטיין, מענדל קנאָסטער, בעריש מונדלאַק א״א. פון די נאָווי־דוואָרער,



**אַ פייערונג פון טורן און ספּאָרט־פאַראיין „מכבי״ אין 1916**

אין דער רעכטער גרופּע: **ערשטער פון רעכטס — בנימין פרידמאַן, גרינדער פון „מכבי״. פינפטער פון רעכטס — ראובן מילנער, לערער פון „חדר־מתוקן״**

אין ערשטער ריי פון די ספּאָרטלער:

פון רעכטס — **חיים מונדלאַק, חיים ראָזנשטיין, משה ראַדזינער ז״ל, הערשעק ראָזנשטיין ז״ל, קאָניאַנסקי ז״ל**

אין צווייטער ריי פון די ספּאָרטלער: **עליע פינקלשטיין, חיים סרעברניק און ליפּא מונדלאַק**

וועלכע האָבן שוין אין 1915—16 געשאַפן די ערשטע „מכבי"־קערנדלעך ביי אונדז אין נאָווי־דוואָר.

אַ סך פון אונדז געדענקען נאָך אַוודאי מיט וואָס פאַראַ התלהבות האָבן קינדער נאָכגעפאָלגט די אַרבעט פון די ספּאָרטלער; ווי זיי פלעגן מיט גלאַנציקע אויגעלעך אַריינקוקן דורך די פענצטער אין זאַל ביי ראָזנבוים, ווו יוגנטלעכע און עלטערע האָבן געמאַכט גימנאַסטיק לויט העברעישע אינסטרוקציעס. די עלטערן, וועלכע האָבן דאָס צוגעזען, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַציען מיט אָנערקענונג צו דער יוגנט.

דער קלוב איז שטענדיק פול געווען מיט מיט־גלידער און סימפּאַטיקער, וואָס האָבן דאָרט געפונען אַ נייעם אופן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז אָנגע־גאַנגען אַ זייער אינטענסיווע אַרבעט. געווען אַ לייען־זאַל, פיר העברעיש־לערנענדיקע גרופּן, אַ טעאַטער־קרייז און אַ גרופּע ספּאָרטלער, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר גימנאַסטישע אויפטריטן. צווישן זיי — משה שול־מאַן (קאַנאַדע), יאָסל קאַרצאָוויטש (ישראל) און איך.

צוליב דעם אָפּפאָר פון קנאַסטער (קיין אַמעריקע) און ראָזנזאַפט (קיין ישראל) און אויך צוליב די פינאַנ־ציעלע שוועריקייטן און פּאַרטיי־רייבונגען, איז די פּרוכטבאַרע אַרבעט פון יאָרן, טיילווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אָבער דאָך נישט אין גאַנצן אויפגעגעבן געוואָרן.

די אויסגעברייטערטע אַרבעט פון „השומר הצעיר" צווישן די „כפירים" — גאָר יוגנטלעכע, אין עלטער פון צען ביז צוועלף יאָר, האָט געגעבן אַ נייע ריכטונג דער ספּאָרט־אַרבעט. איך האָב אויף זיך גענומען דעם דאָזיקן עול, צו אַרבעטן מיט די יוגנטלעכע שיכטן — די „כפירים". אַ סך געדענקען נאָך זיכער די יוגנט־שפּאַצירן און מאַרשן איבערן גרויסן הויף פון בלאַט און נאָך דעם — אויפן גרויסן פּלאַץ (ווו איך האָב געוווינט) קעגנאיבער דעם הויכן יאָסל.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָט די ספּאָרט־באַוועגונג ווידער אויפגעבליט. דער פאָטאָגראַפיסט יידל ראָזנ־שטיין צוזאַמען מיט די באַקאַנטע ספּאָרטלער: חיים ווערמוס, אביגדור גאַרבער, ברידער ראָזנשטיין — האָבן געשאַפן טורן־גרופּן. זיי האָבן אַריינגעפירט איבונ־גען מיט מאָדערנע איינריכטונגען, שטאַנגען, רינגען אד"גל. זיי האָבן אויך דורכגעפירט אַ לייכט־אַטלעטיק־פאָרשטעלונג, וואָס האָט באַוויזן די דערוואָרבענע קענ־טענישן אויף דעם געביט.



אַ גרופּע פוטבאָליסטן

פון רעכטס צו לינקס: שטייענדיק שמואל שימקאָוויטש, דוד פּאַפּיער, מנשה קאָכאַלסקי, מענדל פּאַפּיער, אברהם ראָזנבערג, י. קאַרצאָוויטש, יוסף ראָזנשטיין

זיצנדיק: שלמה קאַרצאָוויטש, אַן אומבאַקאַנטער, אביגדור גאַרבער, שאול זאַקהיים, שמואל קאָכאַלסקי

אויך דער אויפבלי האָט נישט לאַנג געדויערט. געלט־שוועריקייטן, פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע סכסוכים האָבן פּאַראַליזירט די אַרבעט, ביז זי איז אין גאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די אַלע אייזערנע ספּאָרט־מכשירים האָבן געראָסטעט אין דער קאַמער...

דער ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן" האָט געמאַכט פיל באַמיונגען צו אויפשטעלן טורן־גרופּן. נאָר אין די יאָר 1938—39 איז דאָס געלונגען. אויפן ספּאָרט־פּלאַץ אין הירשביינס הויף האָבן פיל יוגנטלעכע מיט־געמאַכט לייכט־אַטלעטישע איבונגען. אונטער דער ליטונג פון וואַרשעווער ספּאָרט־אינסטרוקטאָרן דורכ־געפירט מיט דערפאָלג שיינע פאַרמעסטונגען און לייכט־אַטלעטישע אויפטריטן.

דער לייכט־אַטלעטישער ספּאָרט, האָט אָבער, טראָץ אַלע באַמיונגען, דאָך נישט אַזוי צוגעצויגן ווי דער פוטבאָל, וואָס האָט שוין געהאַט ביי אונדז אין שטעטל אַ טראַדיציע פון די צוואַנציקער יאָרן. דעמאָלט האָט זיך עס אָנגעהויבן פּרימיטיוו און קאָמיש. דער באָל איז געווען געמאַכט פון שמאַטעס, דעם טויער האָט מען באַצייכנט מיט צוויי שטיינער, אָדער צווי היטלען, און די הייך פון טויער האָט מען אויסגעמאָסטן לויט דעם טויערמאַן. ערשט שפּעטער האָט מען זיך פאַרשאַפט אַ לעדערנעם באָל, און מען האָט אָנגעהויבן ווערן לייטישע שפּילער.

ס'איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין לעבן פון דער נאָווי־דוואָרער יידישער יוגנט, ווען די „יהודה"־שפּילער האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן מיט די בלוי־ווייסע העמדלעך, און געוויזן, אַז יידן זענען נישט נאָר אַ עם ספר... טרענירט האָט מען אויף דער „פרייער לאַנקע" (נאָכן קופּערשמיד, ביים מאָדלינער שאָסיי) און שפּעטער — אויפן פרייען פעלד ביים וועג צו דער



ספּאָרט־אָרג. „מאָרגנשטערן" — מיידל־גרופּע מיט דעם אינסטרוקטאָר דוד פּאַפּיער

„סטאָטשניאַ“. דאָרט זענען פֿאָרגעקומען פוטבאָל־פֿאַר־מעסטן מיט נייע גרופּן, יידישע און פּוילישע.

די ערשטע גרינדער פון „יהודה“ זענען געווען: משה שולמאַן (קאַנאַדע), מאָטל קופּערשטיין (אַרגענטינע), קלמן פּיטולסקי, נתן זילבערמאַן, יצחק ריבאַ, אהרן בלאַנק, שמואל קאָכאַלסקי, און די — זכרונם לברכה: חיים שיינבוים, חנן קנאַסטער, אברהם ראָזנבערג, לייבל ווערמוס.

די „יהודה“ שפּילער זענען שפּעטער געוואָרן דער קערן פון ספּאָרט־קלוב „קראַפט“ („שילאַ“), וואָס האָט זיך געשאַפן ביי דער אָרגאַניזאַציע פּועלי ציון—צ. ס. דער קלוב האָט געהאַט אַ גוטן לאָקאַל און אַ רעזערוואַר פון פרישע כוחות אין דער „פרייהייט“ באַוועגונג. צוזאַמען מיט די אומפּאַרטיייִשע האָבן זיי געשאַפן אַ גוטע באַזע פאַר ספּאָרט־אַרבעט.

גרויסע פיזישע און טעכנישע שוועריקייטן האָבן געשטערט די טעטיקייט פון אַלע פינף ספּאָרט־קלובן, אין משך פון די עלף יאָר ספּאָרט־טעטיקייט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. קודם זענען די אַלע יוגנטלעכע ספּאָרטלער געווען אַרבעטער, וואָס האָבן זייערע איבונ־גען דורכגעמאַכט נאָך מידע אַרבעטסטעג. די ספּאָרט־פלעצער זענען אויך אַלע מאָל איבערגערוקט געוואָרן ווייטער און ווייטער, פריער — אויפן בהמה־מאַרק, נאָך דעם איבער דער באַן־ליניע, ביז צום טאַרטאַק אויפן וועג קיין אָקאָנין. זענען די פּראָלעטאַרישע שפּילער געקומען מידע און אויסגעשעפּטע צו זייערע שפּילן.

דאָך האָבן די יידישע יוגנטלעכע, אַ דאַנק זייער אַמביציע און איבערגעגעבנקייט, אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון ספּאָרט. „קראַפט“ האָט געפירט אַן אינטענ־סיווע אַרבעט, און כמעט יעדן שבת דורכגעפירט מעטשן מיט די יידישע און פּוילישע קלובן פון נאָווי־דוואָר און איר אומגעגנט. אַממייסטן האָבן געהויבן דעם פּרעסטיזש פון יידישן ספּאָרטלער, די פאַרמעסטונגען מיט דעם מיליטערישן קלוב פון באַאָן. מאַסן יידן האָבן דאַן געשטראָמט צום שיינעם פּלאַץ אין באַאָן, און שטאָלץ געווען צו זען, ווי יידישע בחורים קעמפן פאַר זייער נצחון. אַזוי איז אויך געווען מיט די פאַרמעסט־שפּילן אין דער פעסטונג.

אַ גרויסן אויפשוווּנג האָט באַקומען דער פוטבאָל־ספּאָרט מיטן אַנטשטיין פון אויטאָנאָמישן אַרבעטער פוטבאָל־פאַרבאַנד ביים אַלגעמיינעם פאַרבאַנד אין פּוילן. „קראַפט“ און „מאָרגנשטערן“ האָבן זיך דאָרט אַנגעשלאָסן, און דאָס האָט דערמעגלעכט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַלע ספּאָרט־קלובן פון וואַרשעווער ראַיאָן.

דער אימפּאָזאַנטער באַזוך פון דער ארץ־ישראל־דיקער „הפועל“ פוטבאָל־מאַנשאַפט אין יאָר 1931 האָט אַ גרויסן שטויס געגעבן פאָרויס דעם ספּאָרט אויף דער יידישער גאַס. „קראַפט“ מיט אַלע שפּילער, אונטער דער לייטונג פון קלמן פּיטולסקי (פּאָרזיצער) און קאָ־כאַלסקי, האָט אָנגענומען דעם נאָמען „הפועל“, אַרי־בערגעגאַנגען אין לאָקאַל פון פּועלי ציון—צ. ס. (אין הויז פון מונדלאַק) זיך איבערגרופּירט און צוגעצויגן נייע כוחות.

די אַרבעט האָט געברענגט נייע דערפאָלגן און דער־גרייכונגען. דאָס האָט זייער געהויבן דעם פּרעסטיזש פון „הפועל“, און מען האָט אַלץ מער באַקומען אָנזען אין דער סביבה, ווי נאַשעלסק, פּלאָצק א״א שטעט. ביז ס איז נישט געשען דער טרויעריקער פאַל אויפן וועג פון מאָדלינער שאָסיי צו דער בריק, בעת אייניקע שפּילער זענען לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן, און איינער פון זיי, יאָסל ריבאַ, איז קוים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן (אַ דאַנק דער שנעלער הילף פון דר. סאָלאָווייטשיק). דער פאַל האָט זיך אָפּגערופן אויף דער אַרבעט פון „הפועל“.

אין די לעצטע צען יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען די פוטבאָל־קלובן געווען אַ טייל פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די מעטשן זענען גע־וואָרן אַ געלעגנהייט פאַר אונטערהאַלטונג און אויך דיסקוסיעס. באַזונדערס איז דאָס שטעטל „געגאַנגען אויף רעדער“ נאָך אַ מעטש צווישן „הפועל“ און „מאָרגנשטערן“ פון „בונד“. טראָץ די צעהיצטע גע־מיטער איז קיין מאָל נישט געקומען צו ערנסטע אינצידענטן. די שפּילער פוןביידע קלובן האָבן אונטערגעהאַלטן גוטע באַציונגען און פיל מאָל אויך אויפגעשטעלט בשותפותדיקע אַנסאַמבלען צו פאַר־מעסטן קעגן די פּוילישע מאַנשאַפטן.

שפּעטער איז אויך אַנטשטאַנען אַ נייער קלוב „פּראָגרעס“, וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין „אוניאָן“. דאָרט האָבן זיך גרופּירט די עקסטרעם לינקע יוגנט. עס האָבן דאָרט געשפּילט די פּוילישע ברידער קאָוואַלסקי, קאַלינאָווסקי, ווי אויך דראָהאָ־טשינער, יורעק, משה ראַוויצקי, הערש דוד קנעכט א״א. זיי האָבן אויסער פוטבאָל אויך געהאַט גרופּן

פאַר לייכט־אַטלעטיק און נעץ־באַל. פישל בראָצקי האָט פיל ענערגיע אַריינגעלייגט אין דער אָרגאַני־זאַציע, אָבער אין די דרייסיקער יאָרן זענען די מיטגלידער פון דעם עקסטרעם לינקן ספּאָרט־קלוב אַריבער אין „הפּועל" אָדער „מאָרגנשטערן".

אין יאָר 1938 האָט זיך געשאַפן נאָך אַ ספּאָרט־קלוב „מכּבי", פאַר וועלכן אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט געווידמעט אַ סך ענערגיע. אָבער די מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו זייערע באַמיונגען.

✶

ביים דערמאָנען די אַלע וויכטיקע עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פון אַ יידישער ספּאָרט־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר, זאָל דערמאָנט ווערן מיט כּבוד דער נאָווי־דוואָרער רב הרב נויפעלד, וועלכער האָט פאַר־שטאַנען דעם גייסט פון דער צייט און זיך קעגנגע־שטעלט די פאַנאַטישע כּוחות, ווען זיי האָבן געוואָלט שטערן אונדזער ספּאָרט־אַרבעט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין די שכונותדיקע שטעטלעך. דעם רבס האַלטונג האָט אונדז צוגעגעבן אַ סך מוט און גלויבן אין אונדזער טעטיקייט.

כּבוד די אַלע ספּאָרטלער, וועלכע זענען אומגע־בראַכט געוואָרן אין זייערע ערנסטע יאָרן מיט זייערע גאַנצע משפּחות און מיליאָנען יידן. זאָל אונדזער יוגנט, אין איר שטרעבונג צו גייסטיקער און פיזישער דערהייבונג, זיי אַלע געדענקען, און דערגרייכן אַזוי, אַז קיינער זאָל מער נישט וואַגן צו צעשטערן אונדזער לעבן און טרעטן ברוטאַל אונדזער מענטשלעכן און יידישן כּבוד.

**דב בעריש פירסט** / תל־אביב

# דאָרט אויפן שאָסיי

אַז אַ צופעליקער גאַסט, אָדער אַ גרויס־שטאָטישער וואַיאַזשאָר, פלעגט אַריינפאַלן צו אונדז אין שטעטל, האָט ער מער נישט געזען ווי די צוויי שטעטלדיקע הויפּט־גאַסן מיט אַ מאַרק אין מיטן. אַ גאַסט מיט אַ מער באַאָבאַכטעריש אויג, האָט אויך אפשר באַמערקט דאָס ביסל מיליטערישע בנינים, די סימעטריש־אויסגעשטעלטע קאַזאַרמעס, און אויך דעם טייך, וואָס האָט אַרומגעצוימט דאָס גאַנצע שטעטל פון דער רעכטער זייט; מער האָט ער נישט געזען...

אָבער מיר, שטעטלדיקע, וואָס האָבן דאָרט איבערגעלאָזט אונדזערע בעסטע יוגנט־יאָרן, — מיר האָבן דאָס שטעטל געזען גאָר אַנדערש — איז קומט, טייערע פריינד, קומט איר אַלע, ווינציק געבליבענע, אויף אייערע וואַנדער־וועגן און אין אייערע נייע היימען; קומט מיט דער טיפער ליבע און מיט דער גרויסער בענקשאַפט, וואָס איר האָט מיטגענומען, און לאָמיר אויפפרישן אין אונדזער זכרון דאָס אַלטע, גראָע שטעטעלע, וואָס איז פאַר אונדז, יידן, אויף אייביק פאַרשוונדן; לאָמיר, בדמיון, מאַכן אַ שפּאַציר אין און אַרום אונדזער שטעטל.

✶

אַ מאָל, אַ מאָל, — נאָך איידער עס איז אויפגעקומען די „נאַדווישלאַנער" באַן, וואָס פלעגט אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, אַ צענדליק מאָל זיך אָפּשטעלן, אין איר פאַרביילויף, ביי אונדזער קליין שטעטעלע — פלעגט דער שליאַך, וואָס האָט אונדז פאַרבונדן מיט דער ווייטער, גרויסער וועלט, און דער עיקר מיט דער נאָענטער הויפּט־שטאָט וואַרשע, זיך ציען מיט גאַנץ אַנדערע וועגן.

מיטן אַרויסבאַקומען זיך פון די זאַמדיקע געסלעך אין שטעטל צום ברייטן „וואַרשעווער שאָסיי", וואָס איז פון ביידע זייטן געווען באַשאָטנט מיט ברייט־פונאַנדערגעוואָקסענע קאַשטאַן־ביימער, האָט איר גלייך צוזאַמען מיט די פריש־לופטיקע ריחות, אויך דערשפּירט עפּעס אַן אַנדערשדיקייט אינעם געבוי פון דעם טייל שטאָט, וואָס איז אייגנטלעך געווען דער טויער צו דער נאָענטער רעזידענץ־שטאָט.

גלייך אויף רעכטס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער, הויכער פּלויט אַרום דעם שיינעם, שמעקנדיקן גאָרטן, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער פּאַראַפיע פון שטאָטישן קאַטוילישן גלח. קעגנאיבער זענען געשטאַנען די צוויי הייזער פון דעם האַלב־פּאָלאָניזירטן דייטש, דער קאָלאָניסט לענץ. אין איינעם פון זיי, אין סאַמע עק, האָט דער אַלטער אַבראַמאָוויטש, אַן אַמאָליקער אַרבעטער אין ווינאָגראַדאָווס פּאַיאַנס־פאַבריק, געהאַט אַ שענק, וווּ יידישע יונגעלייט, וואָס זענען אַוועק לתרבות רעה, פלעגן זיך אַריינכאַפּן אויף אַ פּאַרטיע ביליאַרד און אין איינוועגס אויך טועם זיין אַ שטיקל „בשר־קוויטש", זען צי עס בלייבט גלייך שטעקן אין האַלדז, אָדער איז עס נאָר אַן עבירה ווי אַלע עבירות, פאַר וועלכער מען וועט ערשט אָפּקומען אַחרי מאה ועשרים שנה... אין צווייטן הויז — אַ שיין, איינשטאָקיק הויז, וואָס איז געוואָרן אויסגעפּאַרטיקט פאַר דעם ערשטן וועלטקריג און אין צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע — האָט זיך געפונען דאָס שטאָטישע קראַנקן־הויז.

✶

ווען מיר דערציילן דאָ וועגן די אַמאָליקע צייטן פאַרן ערשטן וועלטקריג, ווען „ניקאָלייקע" איז נאָך געווען דער בעל־הבית איבער גאַנץ קרוין־פּוילן, דאַרף מען אויך נישט פאַרגעסן דאָס וועגעלע מיטן „קאַליקע", וואָס איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון „וואַרשעווער שאָסיי" אין שטעטל.

ביים סאַמע עק פון שאָסיי, לעבן אַבראַמאָוויטשעס שענק, אין שאָטן פון אַ הויך פונאַנדערגעוואָקסענעם קאַשטאַן־בוים, איז סיי זומער, סיי ווינטער, פון אין דער פרי ביז שפּעט אָוונט, געשטאַנען אַ פיר־קאַנטיק הילצערן וועגעלע, אָנגעלייגט מיט פאַרשידענע שמאַטעס, און אין סאַמע מיט איז געזעסן אַ געליימטער, אַ קאַליקע, מיט אַ האַלב פאַרקרימט פנים און אויסגעדרייטע פינגער, וואָס האָט געבעטלט ביי די דורכגייער אויף אַ שטיקל ברויט. ווער ער איז געווען, פון וואַנען, ער האָט זיך גענומען און וואָס איז געווען די סיבה פון זיין קראַנקייט — האָט קיינער נישט געוווּסט. יעדן פאַרנאַכט האָט מען נאָר געקענט באַמערקן, ווי איינע אַן אָרעמע יידענע שטופּט דאָס וועגעלע אין דער ריכטונג פון די אָרעמע „פּיאַסקעס".

אָט דער קריפּל איז פאַרבונדן מיט אַ מעשה

שהיה — אַ געשעעניש, וואָס איז כדאי אויפצופרישן אין זכרון; ער האָט מיט זיין עדות־זאָגן צוגעחתמעט דעם גורל פון דוד שוחט.

דוד שוחט איז געווען אַ געזונטער, קרעפטיקער ייד, אַ זון פונעם באַקאַנטן אביגדור מלמד, אַ שאַרפער גערער חסיד און אַ כהן דערצו. ער האָט געהאַט אַ ווייב, געווען אַ מטופל מיט קינדער און אויך געווען דער שוחט ראשון פון דער ק״ק נאָווי־דוואָר. פּלוצעם האָט מען אין שטאָט אָנגעהויבן מורמלען וועגן עפּעס גאָר נישט קיין שיינע מעשים, וואָס פּאַסן זיך נישט, נישט נאָר פאַר אַ שוחט אין שטאָט, נאָר פאַר עפּעס אַ טרעגער־יונג אויך נישט. געזאָגט האָט מען, אַז אָט דער הייס־בלוטיקער ווערט ניכשל מיט אַ שיקסע, און דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאַדאָראָם: ס'טייטש! אַזאַ שיינער ייד, אַ שוחט, אַ כהן, און — מעשה זנות... עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָכעניש אויף טיש און אויף בענק. און דער וויכטיקסטער עדות, וואָס האָט אַליין געזען און אַליין געהערט, איז טאַקע געווען אָט די קאַליקע. קהל האָט דעם שוחט ראשון אַראָפּגעזעצט פון זיין פּרנסה, און דער סוף איז געווען, אַז דער שוחט האָט, פאַר גרויס חרפּה, מיט דעם גאַנצן הויז־געזינד אויסגעוואַנדערט מעבר לים.

*

און איצט, נאָך דער מעשה שהיה, לאָמיר ווייטער פאָרזעצן אונדזער שפּאַציר לענגאויס דעם שאָסיי.

נאָך אָט די צוויי הייזער פון לענצן האָט זיך געצויגן אַ שטיק ליידיקער, טאָליקער פּלאַץ, וואָס האָט באַלאַנגט צום ברעטער־סקלאַד פון איטשע מאיר הירש־ביין. דער פּלאַץ פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ נישט־קשהדיקער אָזערע, ווען דער נאַרעוו האָט מיטן אָנקום פון פרילינג זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער די ברעגן. ווייטער, אַ ביסל מער אַרויפצו אויף דער זעלבער זייט, איז געשטאַנען אַ האַלב־שטאָקיקע היל־צערנע געביידע, ווו עס האָט זיך געפונען די פּאָסט. יידישע מאַמעס פלעגן דאָרט אין דער פרי אָפּוואַרטן דעם אַלטן פּאָסט־טרעגער פּיאָטרקאָווסקי און מיט האַרצקלאַפּעניש נאָכפרעגן אויף אַ בריוו מעבר לים פון זייערע אויסגעוואַנדערטע קינדער. די יידישע בחו־רים פלעגן אַהער קומען קאָמפּאַניע־ווייז, אָפּצונעמען די „הצפירה“, אָדער גאָר דעם „פריינד“ פון ווייטן פּעטערבורג, און אויף צוריקוועגס, ביזן שטעטל, צע־שמועסן זיך וועגן די לעצטע פּאָליטישע נייעסן, פירן וויכוחים און אַריינטייטשן אַ נייעם פשט אין נחום סאָקאָלאָווס אַ מאמר.

קעגנאיבער, אויף דער רעכטער זייט פון שאָסיי, איז געשטאַנען זייטיק און אַליין, אַרומגערינגלט פון שמעקעדיקע אַקאַציע־ביימער, אַ געמויערט הייזל, וואָס האָט מיט די צוגעמויערטע קיילעכדיקע זיילן שטאַרק דערמאָנט אין אַ פריציש פאַרוואָרלאָזט פּאַלאַצל. אָט אין דעם פריצישן הייזל, אין אַ געגנט ווייט פון די שטעטלדיקע יידן, האָט צו יענער צייט געוווינט און רעזידירט אונדזער נאָווי־דוואָרער רב ר' ראובן יהודה נויפעלד ז"ל. פאַר וואָס האָט אונדזער רב זיך נישט באַזעצט אין די געדיכטע יידישע געסלעך פון שטעטל, נאָענט צום בית־המדרש און צו דער מיקווה, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ קליין־שטעטלדיקן רב און ווי עס האָט זיך געפירט אין אַלע יידישע שטעטלעך פון דער פּוילישער פּראָווינץ? — האָבן טאַקע די נאָווי־דוואָרער יידן נישט געקענט משיג זיין, און נישט איין מאָל פלעגן זיי אונטערמורמלען, און בעיקר, ווען עס פלעגט זיי אויסקומען אין אַ שפּעטער ווינטערנאַכט, נאָך אַ לאַנג־פאַרשלעפּטער דין־תורה, זיך אומקערן אין שטאָט אַריין, און זיין אויסגעשטעלט זיך צו טרעפן אויף דעם טויט־שטילן שאָסיי מיט אַ שיכורן רוסישן סאָלדאַט, אָדער בלויז הערן דאָס בילן פון אַ בייזן הונט פון די דערבייִיקע גוייִשע הייזלעך.

היינט, אין פּערספּעקטיוו פון דער פאַרלאָפענער צייט, אַריינטראַכטנדיק זיך אין דער פּערזענלעכקייט פון נאָווי־דוואָרער רב, וועלכער איז אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די בולטסטע געשטאַלטן פון רעליגיעזן יידנטום אין פּוילן, — היינט לייגט זיך אויפן שכל, אַז אונדזער רב מיט זיין אַריסטאָקראַטישער האַלטונג, האָט געזאָרגט וועגן דעם, אַז אויך נאָכן אָנגעמען דעם כסא־הרבנות פון נאָווי־דוואָר, זאָל ער ווייטער קאָנען פאָרזעצן בשלווה די לימודי־התורה, און צוליב דעם האָט ער געזוכט די שטילקייט, דאָ, אין דעם זייטיקן הויז אויפן שאָסיי.

זיכער האָט אין דעם אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָלע די נאָווי־דוואָרער רביצין ז"ל, וואָס האָט ווייטער געוואָלט איינהאַלטן און פירן דעם „שטאָט“, ווי זי איז געוווינט געווען אין איר רייכן טאַטנס הויז, ביי דעם גרויסן נאָווי־דוואָרער גביר, דער פּאַדריאַטשיק ר' משה יעקל בלאַט ז"ל.

*

אָט דאָ, מיט דעם רבנישן הויז, האָט זיך אייגנט־לעך, פון דער זייט שטאָט, פאַרענדיקט דאָס יידישע נאָווי־דוואָר; ווייטער האָבן שוין יידן נישט געוווינט. מיר ווילן אָבער זען אונדזער שטעטל אַרום און אַרום, — ווען מיר ממשיך זיין אונדזער שפּאַציר לענגאויס פון שאָסיי ביז צו די ווייטסטע פעריפעריעס.

באַלד נאָך דעם רבינס הויז, אויף דער זעלבער זייט, איז אַ ביסל טיפער, אין אַ שיינעם בלומען־גאָרטן, געשטאַנען אַן איין־שטאָקיק הויז מיט אַרויס־גערוקטע, באַגלאָזטע און פאַרשידן־קאָלירקע זווראַנ־דעס. דאָס הויז האָט אויסגעזען ווי אַ מין זומער־רעזידענץ, אויסגעבויט פאַר אַן אָפּגעקומענעם גרויס־שטאָטישן פּריץ, כדי דאָרט, אין שאָטן פון הויכע ביימער און אין גערוך פון בלומען, אויסצושפּילן די לעצטע אַקאָרדן פון זיין הולטייסקע לעבן. אין דעם הויז האָט אַ געוויסע צייט נאָכן ערשטן וועלטקריג געוווינט דער בכור פון אונדזער רב, דער שפּעטער אַזוי באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער, נחום נויפעלד ז״ל מיט זיין יונג, שיין ווייבל חנקע זילבערטאַל. באַלד נאָך דעם הויז איז געשטאַנען אין אַ קליין גערטנדל אַ הויכער צלם, געווענדט צום שאָסיי, ווי ער וואָלט מיט זיין הייליקייט געדאַרפט באַשיצן די אַלע דורכגייער און דורכפאָרער.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו דערמאָנען די מעשה־נורא, וואָס איז זיך פאַרלאָפן מיט דעם צלם און וואָס האָט דערווייל אָנגעוואָרפן אַ ביסל שרעק אויף אונדזערע שטעטלדיקע יידן. און מעשה שהיה — כך היה:

די שטעטלדיקע קריסטן מיטן גלח בראש האָבן באַשלאָסן אויסצובייטן דעם אַלטן פּרוכנעדיקן צלם אויף אַ נייעם. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מיט גרויס פּאַראַד, ביי דער באַטייליקונג פון דעם גאַנצן ביסל שטאָטישן „גאָיעס", אַוועקגעשטעלט אַ נייעם צלם, און אין זיין סאַמע מיט — אַ קליין בלאַנקענדיק יויזעלע, וואָס האָט אין די שאַרפע זונענשטראַלן אויסגעזען ווי געגאָסן פון גינגאָלד. מאַכט זיך אַ מעשה, אַז תיכף, עטלעכע טעג נאָך דער הייליקער פּאַראַדע, האָבן פרומע קאַטאָליקן, ביים קניען פאַרן צלם, דערזען מיט גרויס פאַרכטיקייט, ווען זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום גאָלדענעם יויזעלע, אַז... והילד איננו. האָט זיך געמאַכט אַ רעש: אַזאַ גאָט־לעסטערונג! און געווען אויך אַזעלכע צווישן דעם גויישן פעבל, וואָס האָבן גלייך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דאָס איז אַ „יידישע מעשה", אַז דאָס האָבן יידן באַגנבעט.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען אין יענע צייטן, ווען דער פּוילישער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם, אונטער דער אָנפירונג פון באָיקאָט־העצער ראָמאַן דמאָווסקי, האָט מיטן גאַנצן אימפּעט פאַרסמט די מוחות פון די פּוילישע, אָפּגעשטאַנענע מאַסן. די יידישע עדה אין שטעטל האָט אָנגעכאַפּט אַ שרעק נאָכן פאַלשן בילבול, והעיר נאָווי־דוואָר נבוכה... אָבער, ווי עס שטייט דאָך געשריבן: „לא ינום ולא יישן שומר ישראל", — האָט די פּאָליציי אין אייניקע טעג אַרום געפונען דעם גנב, און וועמען? דווקא אַ כשרן קאַטאָליק, וואָס איז נאָך דערצו געווען איינער פון די אונטערפירערס ביים אויפהענגען דאָס באַגילדטע יויזעלע. ס'זעט אויס, אַז ער איז געווען זיכער, אַז פון ריין גאָלד איז עס, און ער האָט נישט געקאָנט גובר זיין דעם יצר־הרע. פאַר די יידן אין שטעטל האָט זיך די מעשה פאַרענדיקט, ווי אין אַמאָליקע צייטן פאַר די יידן אין שושן הבירה, — והעיר נאָווי־דוואָר צהלה ושמחה...

*

נאָך דעם צלם האָט זיך אָנגעהויבן דער אַזוי גערופענער אינדוסטריע־טייל פון דער שטאָט. האַרט ביים צלם האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער, גראָ־אָפּגע־שאָסענער פּאַרקאַן, וואָס האָט פאַרשטעלט ווינאַגראַ־דאָווס פאַרצעלאַן־פאַבריק. דאָס איז געווען איינע פון די עלטסטע פאַרצעלאַן־פאַבריקן אין פּוילן, און דער גרינדער פון דער פאַבריק איז געווען אַ ייד פון דער ליטע, מיט דעם שיין־קלינגעוודיקן סלאַווישן נאָמען ווינאַגראַדאָוו. ער, דער פאַבריקאַנט, האָט כל ימיו געוווינט אין וואַרשע, און די פאַבריק איז במשך לאַנגע יאָרן געווען פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער פאַר יידישע אַרבעטער, נאָר אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלטקריג, ווען די פירונג פון דער פאַבריק האָט איבערגענומען דעם פאַבריקאַנטס זון, מיכאַל, האָבן יידישע אַרבעטער דאָרט באַקומען אַ צוטריט און די פאַבריק איז געוואָרן אַ וויכטיקער אַרבעטספּלאַץ פאַר די יידישע אַרבעטער אין שטעטל.

אָט דער מיכאַל, וואָס איז געבליבן לעבן נאָך אַלע היטלעריסטישע מאָרד־אַקציעס, צוריקגעקומען אין שטעטל און זיך ווידער אָנגעהויבן מטפל זיין מיט דער פאַבריק, — איז אויף אַ געהיימנישפולן אופן

דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּוילישע באַנדעס אין זיין וווינונג.

אויף דער צווייטער זייט שאָסיי איז געשטאַנען „וואַכטערס מיל". שלמה זלמן וואַכטער, אַ געוועזענער וואַרשעווער דראָשקאַזש, וואָס איז שפּעטער רייך געוואָרן צוליב אַ „פּאַטענט"; ווייל ער האָט דער ערשטער אַרויסגעלאָזט די „גומענע קעטשלעך" — אַ דראָזשקע מיט גומענע רייפן, אַנשטאָט אייזערנע — האָט, נאָך דעם ווי ער איז נתעשר געוואָרן, זיך געקויפט אין וואַרשע אַ גרויס הויז און אין נאָווי־דוואָר, ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אויפגעשטעלט אַ מאָדערנע, פּאַראָווע מיל מיט די נייסטע וואַלצן, וואָס ער האָט געבראַכט פון דייטשלאַנד. אַליין האָט ער געוווינט אין וואַרשע, וווּ ער האָט ווייטער עוסק געווען אין דראָזשקע־פאַך, כאָטש ער האָט שוין מיט דער בייטש נישט געפאָכעט, נאָר געהאַלטן אַ גאַנצן שטאַב שמייסער־יונגען, וואָס זענען געפאָרן מיט זיינע דראָזשקעס און אים דערפאַר באַצאָלט שכירות־געלט. אָט דער ר' שלמה זלמן איז געווען אַ ביטערער מענטש און ער האָט געטריבן פון זיך אַלע שטעטלדיקע יידן, וואָס פלעגן זיך „דרייען" אַרום דער מיל און געשמעקט, ווי אַזוי צוכאַפּן אַ אַ פּאָר „פּייעס" און אָפּשטופּן אַ טאָג פּרנסה. נישט איין מאָל פלעגט אויסקומען דעם „שרייבער" פון דער מיל, — אַ האַרציק צוגעלאָזענער ייד מיט אַ שיינער, ווייסער באָרד און תמימותדיק בלאָע אויגן — דאָס מיין איך מיין אייגענעם טאַטן ע"ה, ר' ישראל חיים, וואָס איז געווען אין מיל דער גאַנצער בעל־הבית און אויך אַ גוטער קענער פון תבואה און מעל, — נישט איין מאָל פלעגט אָט דער איידעלער ייד, תלמיד־חכם און הייסער גערער חסיד, מוזן אַראָפּשלינגען אַ גראָב דראָשקאַרסקע זידל־וואָרט פון דעם אויפגע־קומענעם גבירישן בעל־גוף.

די מיל, כאָטש זי איז געלעגן אין דער גווישער פּעריפעריע פון שטאָט, און אַ חוץ דעם „שרייבער" האָט דאָרט קיין איין ייד נישט געאַרבעט, איז זי דאָך געווען ווי אַ שטיק יידישער אינדזל, ווייט אַרויסגערוקט פון די עכט־יידישע געסלעך פון שטעטל. אַ גאַנצן טאָג, ביז שפּעט אָוונט, האָט מען דאָרט געקאָנט זען אַרומשמייען די שטעטלדיקע יידן; ווער עס איז געקומען איינהאַנדלען אַ פּאָר פּוד מעל במקח, ווער ס'האָט געבראַכט אַ ביסל תבואה צום פאַרקויפן אָדער איבערמאָלן, ווער ס'האָט זיך גלאַט, סתם אַזוי, מיטגעכאַפּט מיט אַ פויעריש וועגעלע, וואָס האָט געפירט אַ פּאָר קערץ קאָרן אָדער ווייץ אין מיל אַריין, כדי אַ שמעק טאָן, וואָס מען הערט עפּעס אין דער מיל. געווען אויך אַזעלכע יידן, וואָס פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין דער מיל אַריין, צו הערן די נייעסן פון דער גרויסער וועלט. אָט די פלעגן אָפּשטאַטן אַ וויזיט ביים „שרייבער" אין קאַנטאָרל, דאָרט אויס־זופן אַ פּאָר הייסע גלעזער טיי, כאַפּן אַ בליק אין דער צייטונג, אַ שמועס טאָן מכוח פּאָליטיק — וועגן די נייע גזרות אויף יידן, אַ ביסל אונטערקרעכצן און טיילמאָל איבערגיין צו אַ שאַרפן חסידישן שמועס, בעת וועלכן ר' ישראל חיים פלעגט איינטייטשן אַ שטיקל לומדישע תורה, און בינו לבינו בנעימות דערציילן אַ חסידיש מעשהלע, פאַרבראָקט מיט אַ הלצהלע, וועגן אַ גוטן ייד; און דאָס אַלץ — מיט עכט־יידישער גוטהאַרציקייט, אַדורכגעפלאָכטן מיט אַ זיפצעלע און אַ קרעכצעלע, און שטענדיק מיט אַ יהי־רצון, פול בטחון, אַז השי"ת וועט העלפן און יידן וועלן אויסגעלייזט ווערן פון פּאַניעס הענט.

נאָר אין איין טאָג פון דער וואָך האָט זיך די שכינה ווי אָפּגעטאָן פון קאַנטאָרל אין דער מיל. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען ר' שלמה זלמן פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן פון וואַרשע קיין נאָווי־דוואָר, אַ „קוק" צו טאָן, וואָס עס הערט זיך אין „זיין" מיל און זיך אויסרעכענען מיטן שרייבער פאַר אַ גאַנצער וואָך. דעמאָלט פלעגן די שטעטלדיקע יידן אויסמיידן די מיל און נישט אַריינשמעקן אין קאַנטאָרל, מורא האָבנדיק פאַרן בייזן וואַרטשען פון וואַרשעווער גביר.

אַזוי אומנאַטירלעך און מיט אַזאַ בליציקער שנעל־קייט, ווי ר' זלמן איז געוואָרן פון אַ פּשוטן דראָש־קאַזש אַ גרויסער גביר, — מיט דער זעלבער בליץ־שנעלקייט און אומנאַטירלעכקייט איז געקומען זיין פּלוצעמדיקער טויט, וואָס האָט איבערראַשט אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום דער מיל, און האָבן שוין צום ווייפלטן מאָל אין זייער לעבן באַשיימפּער־לעך געזען, אַז קעגן גאָט קאָן מען קיין חכם נישט זיין און פון טויט קאָן מען זיך מיט קיין געלט נישט אויסקויפן.

געשען איז עס אין אַ זומערדיקן נאָך מיטאָג, ווען ר' שלמה זלמן איז זיך געזעסן אויף זיין ברייטער פאָטער־שטול, ביי זיך אין דער פריצישער וווינונג, אין זיין אייגן פיר־שטאָקיק הויז אויף דער טאַוואַראָווע גאַס, האָט ער פּלוצעם באַמערקט, ווי פון די שאַפעס,

ווו עס זענען געשטאַנען זיינע נייע גומענע קאָטשן, שפּאַרט אַ געדיכטער רויך. עס איז געוואָרן אַ בהלה: עס ברענט! און ר׳ שלמה זלמן, וועלכער איז געווען אַ ייד מיט הייס בלוט, אַ גרויסער דעספּעראַט, האָט בליץ־שנעל געגעבן אַ לויף אַראָפּ, וועלנדיק אַרויסראַטעווען איינע פון די טייערע קאָטשן. דער שטיקנדיקער רויך האָט אים דאַן אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין און ער איז געפאַלן אַ טויטער אויפן אָרט.

אַז די טרויעריקע ידיעה האָט דערגרייכט אין שפּעטן זומערדיקן אָוונט צו די אויערן פון זיין „שרייבער" ר׳ ישראל חיים פירסט האָט ער געגעבן אַ טיפן זיפץ און מיט טרערן אין די אויגן אַרויסגעשעפּטשעט: „ברוך דיין אמת"... אַזוי האָבן זיך געפירט און דאָס איז געווען דער דרך פון אונדזערע אַמאָליקע יידן, — געקריגט זיך, געליטן איינער פון אַנדערן חרפּות און בזיונות, אָבערביים לעצטן חשבון — מיט אַ זיפץ און מיט אַ טרער, און — ברוך דיין אמת...

✶

דער נאָענטסטער שכן פון דער מיל — ווי מען זאָגט דאָס: „איבער דער וואַנט" — איז געווען דאָס ברוי־הויז פון דעם אַלטן ביטנער. גאָר נאָענטע שכנים זענען זיי געווען, אָבער יעדער — אַן אַנדער כאַראַקטער. אין דער מיל איז אַלץ געגאַנגען אויף אַ יידישלעכן אופן, שטענדיק טומלדיק, אייביקער הו־האַ, אָבער אין דער ביר־פאַבריק האָט מען געפילט די דייטשע אָרדענונג און רויִקע זאַכלעכקייט, וואָס דער אייגנטימער, אַ צוגעוואַנדערטער גוי פון פּויזנער געגנט, האָט מיט זיך מיטגעבראַכט; אויב אין דער מיל איז דער אַריינפאָר־טויער געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אָפן, ווי אַ רשות־הרבים, איז ביי ביטנערן דער טויער געווען שטענדיק פאַרמאַכט, און האָט מען געוואָלט אַריינקומען אין הויף — האָט מען געמוזט אַ צי טאָן ביי אַ לאַנגן דראָט, וואָס האָט געפירט צום גלאָק ביים וועכטער אין שטוב. נאָך איידער דער וועכטער, אַ הויכער אָנגעפּרעסענער גוי מיט לאַנגע, בלאָנדע וואָנסעס און גנבהשע אייגעלעך, האָט זיך באַוויזן אין טויער, — האָט מען שוין פאַר דעם געהערט די בייזע בילעריי פון דעם פיר־פּיסיקן שומר, אַ פעט־אויסגעפּאַשעטער בולדאָג, וואָס האָט זיך געריסן פון דער קייט מיט אַזאַ גבירישער פאַרריסנקייט, ווי ער וואָלט דאָס געווען דער וויכטיקסטער בעל־הבית אין דער ברויעריי.

טאָמער האָט זיך אין טויער באַוויזן אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, איז שוין דער כלב גאָר אַרויס פון די כלים און געשפּרונגען און געריסן זיך פון דער קייט, אַזוי ווי די ניכפּה וואָלט אים באַפאַלן. אָט אַזאַ איז געווען דער שומר, אַזאַ איז געווען דער כלב אויף דער קייט און אַזאַ איינער איז אויך געווען דער פּרנסה־געבער, דער אַלטער ביטנער, און אַזוי זענען אויך שפּעטער געווען זיינע הולטייסקע זינדלעך, וואָס זענען געגאַנגען אין טאַטנס דרכים, געפירט אַלע זייערע כשרע און נישט כשרע געשעפטן מיט יידן, און נאָר מיט יידן, און דערביי דאָך נישט געקאָנט קוקן אויפן אָרט, ווו אַ ייד איז געשטאַנען.

✶

ווייטער אַרויף, אויף רעכטס און אויף לינקס פון ביידע זייטן שאָסיי, האָבן זיך געצויגן די רויט־ציגלדיקע מיליטערישע קאַזאַרמעס, וואָס האָבן מיט זייער יוסטקייט און מאַסיוון בוי, צוגעגעבן אַ ביסל גבירישע חשיבות אונדזער שטעטל, גלייך ביים אָנקום. צווישן די רויט־ציגלדיקע געביידעס, האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט, מיט איר געהיימנישפולן אויסזען, אַ האַלב־קיילעכדיקע, לאַנגע געביידע, וואָס האָט שטאַרק גערייצט די נייגעריקייט פון יעדן דורכגייער. דאָרט האָט מען פון צייט צו צייט געקאָנט זען, ווי מען שטופּט אַרויס פון בנין אַ גרויסן קיילעכיקן לופט־באַלאָן, מיט אַ צוגעטשעפּעטער פיר־קאַנטיקער גאָנדאָלע, אויף וועלכער עס געפינען זיך אַ צוויי־דריי אָבסערוואַטאָרן, און ווי זיי הייבן זיך אויף לאַנגזאַם מיטן באַלאָן צום הימל. דאָרט, אין יענער געביידע, וואָס האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ האַלבער לבנה, האָט זיך געפונען אַ מיליטערישע באַלאָן־אָפּטיילונג, וואָס איז שפּעטער, מיט עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַוויאַציע־אָפּטיילונג פון דער גרויסער צאַרישער אימפּעריע.

אונדזערע קליין שטעטלדיקע תושבים האָבן שוין דעמאָלט בייצייטנס, מיט האַרצקלאַפּעניש געקענט פון דער נאָענט אָבסערווירן און באַוואונדערן די קונציקע מאַשינקעלעך, וואָס אָט גיבן זיי זיך אַ הייב און אַ פלי גלייך אין הימל אַריין.

✶

דער „שאָסיי" איז אויך געווען דער פּאָפּולערסטער שפּאַצירוועג אין שטעטל, ווו אונדזער יוגנט פלעגט אין די פאַרנאַכט־שעהן זיך אַרויסלאָזן, אַ טייל ביז

צו דער מיל, אַ טייל ביז צום שלאַבאַן; און פאַרליבטע פאַרלעך, וואָס שוועבן געוויינלעך אין די לופטן, זענען פאַרקראָכן העט ווייט, אַריבער דעם שלאַבאַן, מיט דעם ברייטן שאָסיי, וואָס שלענגלט זיך אין זיין קילאָמעטערדיקן זיגזאַג און פאַלט אַריין, ווי אַ שטיל וואַסערל, אינעם טומלדיקן הו־האַ פון דער הויפט־שטאָט וואַרשע.

אין אַ זומערדיקן שבת נאָך מיטאָג האָט אויך דער „שאָסיי באַקומען אַ שבתדיקן אויסזען, אַ האַלב שטעטל האָט זיך אַרויסגעלאָזט, אויסגעצירט אין „האַניק און אין עסיק״, אויף אַ לאַנגן שפאַציר, אַראָפצושאָקלען אַ ביסל די שווערע שבתדיקע מאכלים.

באַלד נאָכן פעטן טשאָלנט, ווען טאַטע־מאַמע זענען אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, נאָך דער שווער אָפגעהאָרעוועטער וואָך, אָדער סתם פאָר פאַרגע־ניגן וועגן, — האָט דאָס יונגוואַרג זיך געלאָזט שפאַצירן אויפן שאָסיי, ווער מיט אַ ביכל צי מיט אַ צייטונג פון ערב שבת, און ווער מיט דער האָפענונג, צו טרעפן ווייט אַרויף אויסער דער שטאָט אַ באַקאַנט מיידל, מיט וועלכער עס פאַסט נישט צו שפאַצירן בפרהסיה. אַזוי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט גרופקעלעך שפאַצירער אויסער דער שטאָט. נאָך דעם שלאַבאַן האָט מען פאַרקערעוועט אַ ביסל אויף רעכטס, אין נאָענטן וועלדל אַריין, וואָס איז אייגנטלעך געווען דאָס אָרט, ווו מען האָט געצילט מיטן לאַנגן שפאַציר. דאָרט, אין דעם שיטערן סאָסנע־וועלדל, האָט מען זיך איצט געלאָזט ווילגיין „אויף וואָס די וועלט שטייט״, כדי הנאה צו האָבן פון ביסל עולם הזה.

דאָרט האָט מען אויך געקאָנט הערן שאַרפע פאָליטישע דיסקוסיעס וועגן אַלץ און אַלעם אין דער וועלט. דאָרט האָט מען שוין, מיט לאַנגע יאָרן פריער פאַר דעם צעפאַלן פון צאַרישן רוסלאַנד, אַרויסגע־טראָגן אַ זיכערן טויט־אורטייל אויף ניקאָלייקען. דאָרט האָט מען אויך באַוויזן, ווי אויף דער האַנט, אַז פאָניע מוז איינעמען אַ מפלה.

אַ ביסל טיפער אין וועלדל האָט מען געקאָנט אונ־טערהערן קוים־קוים שעפטשערייען, געהיימע גע־שפרעכן, מיט אַזעלכע שרעקלעכע ווערטער, פאַר יענער צייט, ווי: „שטרייק״, „רעוואָלוציע״, „בונד״. אַ ביסל אין אַ זייט, אין אַ נאָך מער שאָטנדיק אָרט, האָט מען געקאָנט זען אַ בחורל, — וואָס האָט געאַרבעט אַלס משרת אָדער געגריוועטער שוסטער אין וואַרשע און איז געקומען אויף שבת צו טאַטע־מאַמע, — ווי ער שלעפט אַרויס אַ פאַרבאָטענע פראָקלאַמאַציע, ווו מען רעכנט זיך אָפ מיט דער גאַנצער וועלט; ווי טוביה זאָגט עס: „על ה׳ ועל משיחו און אפילו אויף ננתקה אויך״. אַזאַ יונגערמאַנטשיק פלעגט זיך אַוועק־שטעלן אין דער מיט פון אַ נייגעריקער חברה, און אַלע אַרום, מיט אויפגעשפיצטע אויערן, האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט: וואָס עס טוט זיך אויף די אַרבעטער־בירזשעס אין וואַרשע, ווי אַזוי ברוך שולמאַן האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויפן קאָמיסאַר פון אַכטן צירקל, און נאָך אַזעלכע שרעקלעכע מעשיות פון וועלכע האָר און נעגל האָבן זיך געשטעלט קאַפויער.

אַנדערע גרופקעס, מער בעל־הבתישע קינדער, פלעגן זיך גרופירן אַרום אַזעלכן, וואָס האָט אויך דערציילט וועגן די נייעסן אויף דער גרויסער וועלט, אָבער דער אינהאַלט פון זיינע מעשיות האָט שוין געהאַט מער צו טאָן מיטן „פינטעלע ייד״, ווי מיט דער וועלט. אויך דאָ פלעגן פאַלן אַזעלכע, פאַר יענער צייט, נישט ווייניקער געפערלעכע ווערטער, ווי: „שקל״, „קאָנגרעס״, „אוגאַנדע״ און „דאָקטאָר הערצל״.

*

דאָרט נאָך די קאַזאַרמעס, איז דער שאָסיי איבערגעריסן געוואָרן דורך די רעלסן פון דער „נאַדווישלאַנער״ באַן. יעדע פאָר שעה האָבן זיך דאָ אַדורכגעשלענגלט, מיט אַ גרויסן טראַסק, די צוגן פון וואַרשע צו דער מלאַווער גרענעץ, אַראָפלאָזנדיק אויפן וועג דאָס ביסל נאָווי־דוואָרער פאַסאַזשירן אויף ביידע באַן־סטאַציעס פון דער זייט און יענער זייט שטאָט, נאָווי־דוואָר—מאָדלין.

דאָרט, ווו דער שאָסיי איז פונאַנדערגעטיילט געוואָרן דורך די פינקלדיקע באַן־רעלסן, איז געשטאַנען ביים שלאַבאַן דעם דראַזשניקס שטיבל. דאָס איז געווען אַ סימן מובהק, אַז דאָ ענדיקן זיך די גרענעצן פון שטעטל.




קאַזאַרמעס ביים שאָסיי



דער שטאָט-גאָרטן ביים „פוילישן מאַרק"

# שטערן אויף אש

## בענקשאַפט

בלויער אָוונט שלאָפט אין טיפע נאַרעוו־ברעגן.
דאָ שלאָפן נאָך אין שכנות — מײַנע קינדער־יאָרן.
צעפּיבערט פליסט דער טײַך אויף זילבער־וועגן,
און זײַן דורות־לאַנגן לויף נישט אַלט געוואָרן.

פריילעך ווי אַ מאָל, איז זײַן יוגנטלעכער גאַנג,
וואָס צאַפּלט אין די ברעגן, ווי אַ פריילעך־געזאַנג.

גראַנאַט־בלויער אָוונט טרוימט אין גרינע ברעגן,
ווי מײַן יינגסטער זון אין ווײַסן קינדער־בעטל.
(אַ מאָל פאַרחלומט דאָ שפּאַצירט אויף צוקונפט־וועגן.)
דאָ איז געוועזן מיין היים אין נאָווי־דוואָרער שטעטל.

מײַן מאַמע פאַרעט זיך אין שטוב, כ׳הער איר שטילן גאַנג,
איר שטים, זי שלעפט מיך אײַן, ווי פריילעך־געזאַנג.

די זונס רויטע פלאַמען האָט דער אָוונט געפאַנגען.
בלויער נעפל, וויזנדאָרפישער, טוליעט זיך צום טאַטנס סעדער.
אויף ברוינע פעלדער שלאָפן מידע תבואה־זאַנגען,
און אַ ביידל וואַכן צוויי — אויף אַ שטרוי־געלעגער.

מיין טאַטע לייענט מיר לידער, כ׳זאַפּ אין זיך דעם קלאַנג —
פון ציטערדיקע ווערטער, ווי פון אַ געזאַנג.

*

בלויער אָוונט, שטערן, די זון האָט זיך פאַרבאָרגן.
אויף ערד מיט אש — גייען שטערן ווידער אויף און זינגען.
(ס׳טראָגט געזאַנג, ווי נאַכט — די זוימען פון אַ נײַעם מאָרגן).
אונטער אונדז די יאָרן מיט גיהנום־רינגען.

יזכּור־ניגון, בענקשאַפט אין דײַן קלאַנג,
וואָס פליסט בײַ מיר פון הארץ, ווי פליים־געזאַנג.

האלבע נאַכט, די שטערן — האָבן וויינטן דאָ פאַרלאָשן.
פון פּאָמיעכאָוועער פּאַרט, קומען שאָטנס אָן צו גיין —
פון יידן, וואָס מ'האָט דאָרט לעבעדיק פאַרשאָטן.
ווי פון מײַלער זאַמדיקע, הערט זיך אַ גרויל-געוויין.

כ'דערקען אין ווינט מײַן מאַמעס שטים, איר קלאַנג,
וואָס האָט מײַן בענקשאַפט פאַרכּישופט, ווי מיט פלייט-געזאַנג.

נאָווי-דוואָר, זומער 1950

## חלומות

בײַ נאַכט צו חלום קומט מײַן מאַמע מיר,
מיט פאַרקוילטע שכנים שפּאַרט זי דורכן טיר.
ס'רינגלען מיך אַרום — שטוביקע געשפּענסטער...
מיין מאַמע וויינט — מיט אויגן אויסגעברענטע!

זיי מאַכן פון צעגליטן אַש אַ ראָד.
די נאַכט... צעטאַנצט זיך ביזן גרויען טאָג.
ס'נעמט אַ ווינט זיך דרייען, ס'גייט אויף אַ שטויב; —
לעשט אויס די שטערן, וואָס קוקן אומעטיק אין שויב.

וויגן שטעקן-פיס זיך, ס'הוידן ביינער-הענט,
שוועבט אַ טויטן-טאַנץ — אויף מיינע שאָטן-ווענט.
אויף אַ שמאָלן אַקסל הענגט אַ הוילער קאָפּ,
מיט אַ געפלאָכטענע קרוין — אַ מיידל כלה-צאָפּ!

דין צעשטויבט געשפּענסטער-אַש זיך אין קאַיאָר,
לײַכט אויף אין שויב מײַן טאַטנס קאָפּ מיט געלע האָר,
וואָס שאָקלט מיט באַדויער... ביסט ווידער דאָ?
— דעם אַלטן טאַטן, — געלאָזט מיט רוצחים אין דער לעצטער שעה!

צעגייט מײַן מאַמע זיך, ווי אַ רויך פון צער.
מיט הענט — צעשפּרייטע פליגל — צום טאַטן טוט אַ שפּאַר,
וואָס ווילסטו פון דײַן איינזאַם קינד נאָך האָבן?
— לאָזן, אויפן דערנער-וועג... זײַן עלנט ווי דערטראָגן!

זי וויינט, ס'וויינט דער טאַטע אויך מיט רויטע טרערן.
אין שויב פאַרגייט מיט בלוי דער מאָרגן-שטערן.
סע ווערט בײַ מיר דער קאָפּ פון טיפן טרויער גרוי,
די אויגן פײַכט — באַדעקט מיט זילבער-טוי...

וואַרשע, 11טן נאָוועמבער 1947

## געזעגענונג מיט מיין טאַטן

דעם אָוונט האָט אומרו זיך צו חשכות געטוליעט.
ביַי גרינע שטערן האָבן מעטאַלענע פליגל געררוישט,
ווי באַהאַלטענע וואַסער־פאַלן.

איך בין געקומען שטיל געזעגענען זיך מיט דיר.
צווישן טאָג און נאַכט, זענען מיר בלויז געווען —
צונויפגעוואַקסן, ווי אַ צווילינג.
איך האָב איַינגעזאַפּט דיַין אָטעם, —
וואָס האָט געשמעקט מיט פריש געשניטן היי,
מיט אויבסט פון דיַינע סעדער.

דיַין באָרד האָט מיַין פּנים געגלעט ווי אַ רויז.
נאָך דעם ביסטו צום פענצטער אַוועק.
כ׳האָב דיַינם אַ טרער געזען אין שויב זיך פערלען.

ווי אַ פויגל האָב איך פאַרלאָזט דיַין נעסט.
שאַרפע דונערן האָבן צעשניטן די שטאָט,
וואָס איז אין אַ מבול פון פלאַמען געזונקען.
פון דעמאָלט אָן — שטראַלט דיַין פּנים אויף אין מיר,
דורך הימלען מיט רויך איַינגעהילט,
און דיַין טרער ריזלט אין מיַין בלוט.

וואַרשע, 18טן פעברואַר 1949

## אויף קבר־אָבות

מיַינע פאַרקלעמטע ליפּן שעפּטשען שטיל אַ תפילה.
— זע, גאָט!
ווי די נאַכט האַלט געפאַנגען די זון,
די נאַכט איז אַזוי לאַנג,
נעם, מאַך פון מיר אַ נר תמיד, —
אָן אייביקן סימן:
אַ וועג־וויַיזער, אַ רויטן ברענענדיקן שטיין,
אויפן אַש־בית־הקברות פון יידנס אומקום.

מאַך פון מיר אַלעמענס יתום,
דעם מאַנער פון מענטשנס געוויסן.

לערן מיך אַ ניַיעם קדיש —
פאַר אַ פאָלק פון קדושים.

זאָלן פליגל טראָגן מיך אַהין:
צו קרעמאַטאָריעס פון אויסגעלאָשענע לעבנס,
איבער ברודער־קברים, וואָס שלאָפן דערנעבן.
מיין האַרץ זאָל דאָרט פלאַטערן, ווי אַ זעגל,
פאַרצוימען די צעהוליעטע ווינטן,
זיי זאָלן דאָס הייליקע אַש נישט צעשטויבן.

שווידניץ, סעפטעמבער 1946

שמחה פינקער / תל־אביב

# אויפן נארעוו

דאָרט ווו דער נאַרעוו האָט זיך געטראָפן מיט דער ווייסל און זיך קיין מאָל נישט אויסגעמישט, נאָר געהיטן זיין שוואַרצן פאַס אין דער שוימיקער ווייסקייט פון ווייסל, — דאָרט בלאָנדזשעט נאָך דער זכרון, צו דערמאָנען די זומערדיקע טעג און די מונטערע יוגנט...

זומערצייט פלעגט די יוגנט פון שטעטל פאַר־ברענגען אויף די ברעגן פון נאַרעוו, און ס׳האָט דאָרט געזשומעט מיט לעבן.

שפאַצירן פון איינזאַמע און פאָרלעך; אויספלוגן פון גרופן; פאַרמעסטונגען פון פאַרשידענע ספאָרט־שפילן, און אויפן טייך — קאַיאַקן און שיפלעך פון די פאַרשידענע ספאָרט־קלובן און פון די „פייפערס"; און מאַסן —אַלט און יונג — גייען צום נאַרעוו...

ווער עס קומט זיך אויסבאָדן נאָכן הייסן טאָג, און ווער עס קומט געפינען רו אויפן ברעג. פרייטיק און שבת איז דער ברעג באַזעצט מיט יידן. מען זיצט אויף דער לאַנקע ביי קעלערן, ביי דער מיל פון נחום נויפעלד און ביי דעם טאַרטאַק פון אַלטן זילבערטאַל. אויף דעם זאַמדיקן פלאַץ, צווישן די קלעצער, טרעפן זיך די פאַרשידענע ספאָרטלער פאַר די פאַרמעסטונגען, און — מען גייט און מען גייט צום נאַרעוו...

דער נאַרעוו שטראָמט צו דער ווייסל, ווייס איז די ווייסל, און אַלע זעען דעם וווּנדער, ווי דער שוואַרצער פאַס און דעם נאַרעווס וואַסערן מישן זיך נישט אויס אין דער ווייסקייט פון דער ווייסל. אויף קילאָמעטערס לאַנג זעט זיך אָן דער שוואַרצער פאַס.

דאָרט איז פאַרביי אונדזער יוגנט, דאָרט זענען געבליבן אונדזערע טרערן.





**יעקב ווראָנסקי** / קיבוץ אילון

# אַרום מאַרק

בײַ די צוויי טײַכן ווייסל און נאַרעוו איז געלעגן דאָס שטעטעלע נאָווי־דוואָר, ווי אַן אינדזל צווישן וואַסערן. געזאָגט האָט מען, אַז אויך דער שטח פון שטעטל איז אַ מאָל אין אַלטע צײַטן, געווען בלויז וואַסער, נאָר דער נאַרעוו האָט זיך אָפּגערוקט און אויף דעם אָרט איז געוואָרן אַ יישוב. דאָרט האָבן זיך יידן באַזעצט, און ווער אָרעם, ווער רײַך, אין משך פון דורות אַזוי געלעבט און דורכגעלעבט די פאַרשידענע רעזשימען.

דער נאַרעוו פלעגט פון צײַט צו צײַט אַרויס פון די ברעגעס, פאַרגיסן דאָס שטעטל, אונטערשווענקען די נידריקע הײַזקעס און ברענגען אַן אַ שיער שאָדנס. אָבער, ווי נאָר דאָס וואַסער האָט אָפּגעטרעטן, האָט מען ווידער פאַרריכט, געבויט און ווײַטער געלעבט. אַזוי האָבן זיך אויסגעפאָרעמט, בײַ די באַדינגונגען, עקשנותדיקע, האַרטנעקיקע יידן, וועלכע האָבן געוווּסט, ווי זיך אַן עצה צו געבן מיט אַלע צרות.

מײַן פאָטער (אַ ייד אַ למדן, וואָס האָט מער געלערנט ווי געהאַט פרנסה) האָט מיר דערציילט, ווי דאָס שטעטל האָט אויך געליטן פון שריפות; אַז נאָך אין זײַנע קינדער־יאָרן איז דאָס שטעטל אָפּגעמעקט געוואָרן אין פײַער, נאָר אויך דעמאָלט האָט מען מיט עקשנות אַלץ ווידער אויפגעבויט און יידן האָבן ממשיך געווען זייער שטייגער לעבן.

צווישן די קליינע, נעבעכדיקע הײַזקעס האָבן יידן געפאָרעמט זייער לעבן מדור לדור, און טראָץ די אַלע גירושים בײַ יעדער מלחמה, ווען די נאָווי־דוואָרער יידן האָבן זיך געמוזט וואַלגערן אין דער פרעמד און לעבן פון די „דזשאָינט"־קיכן — האָבן דאָך, נאָך יעדן אומקערן זיך אין שטעטל, יידן ווײַטער געלעבט, געאַרבעט, געהאַנדלט, געלערנט תורה, און אַלע קרייזן — לומדים, חסידים, וועלטלעכע, פריידענקער — יעדער האָט זיך אויסגעלעבט אין די ראַמען פון יידישן ציבור.

אויפן געביט פון דאגת־הפרנסה — איז דער צענטער געווען דער מאַרק. די זעלנער פון די אַרומיקע פעסטונגען פלעגן דאָרט קומען קויפן. יעדע וואָך זענען דאָרט געווען מערק און יעדן חודש — גרויסע יאַרידן. פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן אָנפאָרן מיט זייערע געפאַקטע וועגענער, און אַלע קרעמער און בעלי־מלאכות זענען אין די טעג געווען פאַרפאַרעט...

די נאָווי־דוואָרער ווײַבלעך און מיידלעך האָבן, אויסער די קניות אויפן מאַרק, געזוכט ביליקערע „מציאות", זיך געלאָזט אויף די וועגן, אין די דערפער, דאָרט געבלאָזן די הינדלעך, געשמעקט צו פוטער און מילכוואַרג, זיך געדונגען, צום סוף זיך משווה געווען מיט אַ חנדל און אײַנגעקויפט פאַר אייגענעם געברויך און אויך פאַר מסחר.

צווישן די וועגענער אויפן מאַרק האָבן זיך תמיד אָנגעזען משה ברוך גוזשיק, הערשל קאַשעמאַכער, פריימאַן, אַפּאַטאָווסקי און אברהם גאָפּ. זיי האָבן אײַנגעקויפט תבואה. אויך אין פירן מסחר זענען די אַלע יידן געווען יעדער לויט זײַן נוסח: משה ברוך — אַ חסיד, אַ גרויסער לערנער, וואָס פלעגט לערנען אויפן קול, אַז מען האָט אים געהערט אין גאַנצן געסל — איז ער טאַקע דערצו געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. דאַקעגן הערשל קאַשעמאַכער — אַ שוואַכער לערנער, אַפילו תפילה — בחיפזון, און נאָר תמיד געלט און געלט — איז ער טאַקע געווען אַ גאַנץ רײַכער...

אויף די יאַרידן זענען אויך אָנגעפאָרן יידן פון דער סביבה — קליינהענדלער און האַנטווערקער, כדי דאָ צו פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען און סחורות. זיי פלעגן מיטנעמען מיט זיך גוזעלן און לערנייינגלעך. נאָך אַ נאַכט פריער פאַרן מאַרקטאָג פלעגן זיי קומען צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ אויפן מאַרק און נאָך איידער דער מאַרק הייבט זיך אָן — שוין צעלייגן די סחורה. דערבײַ פלעגן זיך די אַלע מאַרק־פאַרכאַפּער קריגן בנוגע אַ זכות אויף דעם אָדער יענעם אָרט, יעדער האָט געלאָזט הערן זײַן ייחוס און די פון איין שטעטל האָבן אָפּגעחוזקט פון צווייטן, און מען האָט זיך אַרײַנגעזאָגט און געזידלט.

אין די ווינטערנעכט האָבן די אַלע אָנגעפאָרענע אָנגעצונדן פײַער אויפן מאַרק, זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען און אין פרימאָרגן האָט מען זיך גיך אַרײַנגעכאַפּט אין בית־המדרש אַרײַן, מען האָט געבאָרגט טלית־און־תפילין בײַ אָרטיקע, נאָווי־דוואָרער,

און באַוויזן אָפּצודאַוונען, נאָך איידער דער מאַרקטאָג שטעלט זיך.

דער טאָג האָט זיך תמיד געשטעלט מיט רעש און געפילדער. פערד און וועגענער, מיט צוגעבונדענע בהמות נאָך זיי. און צווישן די וועגענער — פּוסגייער, וואָס פירן אַ בהמה און אַ חזיר מיט איין שטריק געבונדן, און נאָך זיי אַלע — פאַרשידענע בעטלער פון אַלע וועגן, באַהאָנגענע מיט פאַרביקע קרעלן און גלאַנציקע צלמים, און גויעס מיט פולע קוישלעך עופות און אייער, — אַלץ האָט געררוישט און געקאָכט מיטן אָנהייב פון האַנדל, בהמות האָבן געמרוקעט, פערד האָבן געהירזשעט, חזרים — געקוויטשעט, און פון די קרעמלעך און שטעלן האָט זיך געלאָזט הערן דאָס רופן די קונים און קונהטעס.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג און דערנאָך איז אַוועק אַ דינגעניש מיט פּאַטשן האַנט אין האַנט, מיט פּרייזן אַרויף־אַראָפּ, און ביים סוף פון טאָג האָבן אַלע אָנגעפּאָרענע פּויערים, נאָך אַ טאָג קויפן און פאַרקויפן, זיך אַוועקגעלאָזט צו די יידישע שענקערס אַ שיכור־טאָן און זיך לאָזן וווילגיין בגילופין.

אַרום נאָווי־דוואָר האָבן געוווינט פּאָלאַקן, דייטשן און רוסן, אָבער נאָר יידן אַליין האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַלטן שענקען, אַרום דעם מאַרק זענען געווען נאָר יידישע שענקען און אייניקע פון די שענקערס וויל איך דערמאָנען:

אברהם קאָהן — אַ פרומער חסידישער ייד מיט אַ שוואַרץ בערדל, נאָר קיין פּאות האָט ער נישט געטראָגן, ווייל ס'האָט נישט געטויגט צום האַנדל... אין שבת האָט ער זיך אויסגעצירט אין דער זיידענער קאַפּאָטע און אין סאַמעטן היטל. אין אַ וואָכנטאָג האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון צו געבן אַ גמילת־חסד. דוד עזריס — ער האָט געהאַלטן אַ „מאָנאָפּאָל" און זיין מסחר פון בראָנפן איז געגאַנגען. מיט זיין קליין בערדל איז ער געווען אי חסידיש, אי מאָדערנע, ווי די צייטן פאָדערן... איטשע מאיר שאַפּיר — אַ שענקער פון אַלטע צייטן, זייער אַ פרומער און פאַר־קנייטשטער חסיד, וואָס פלעגט שטענדיק פירן זיינע פינגער, ווי אַ קאַם, אין דער פאַרפּלאָנטערטער באָרד. ביים ראָג, נעבן מאַרק פון די טאַנדייטניקעס, סטאָ־ליאַרעס, שוסטערס און שניידערס, איז געווען די שענק פון פסח איזבעצעס — ווערמוס. דאָס איז געווען אַ משפחה מיט שטאַרקע, קרעפטיקע קינדער. די שיינע און אויסגעפּוצטע טעכטער האָבן געפירט דאָס געשעפט. די אַלע שטאַרקע קינדער זענען ווי מיט גאָרנישט געווען געראָטן אין זייער טאַטן, דאָס קליינע יידל מיטן בלאָנדן בערדל.

גאָר אַן אַנדערער טיפּ שענקער איז געווען אין דער זייט ביי דער זאַקראָטשינער גאַס, אין חיים זלאָטיקאַמיענס הויז — הענעך טיק מיט זיין אַלטע מוטער, די זייער פרומע. (אַ דריטע מיט זיי — נישט צו פאַרגעסן — די קאַץ...). איך, ווי הענעכס אַ חבר, האָב דאָרט צוגעזען די ראַנגלעניש פון מאַמע און זון. צוויי וועלטן זענען זיי געווען! די אַלטע מאַמע פלעגט זיך פאַר מיר תמיד באַקלאָגן, אַז ער — איר זון — טוט נישט וואָס מען דאַרף פאַרן געשעפט און ער איז נישט קיין לייט... זי, פון איר זייט, איז געווען גערעכט, אַלץ איז געווען אָפּגעלאָזן. די קאַץ — דער דריטער שותף — האָט געוועלטיקט אין אַלע ווינקעלעך ביים בופעט און צוזאַמען מיט זיי געגעסן. אָבער הענעך האָט געהאַט זיין דרך, יעדן טאָג זענען צו אים געקומען חברים און באַקאַנטע. דאָרט האָט מען געשמועסט, דיסקוטירט און פאַרברענגט. די, וועלכע האָבן געהאַט פרייע צייט, זענען ביי אים געווען גאַנצע טעג, און ער — אַ פריילעכער, שמייכלענדיקער — איז זיי אַלע אַקעגנגעקומען.

דאָס זענען אַלץ געווען ערטער און ווינקלען פון יידישן לעבן, פון דאגות הפרנסה און פון געזעל־שאַפטלעכן אויסלעבן — אויפן מאַרק און אַרום אים, אויף די גאַסן און געסלעך פון אונדזער נאָווי־דוואָר, דאָס שטעטל צווישן טייכן.



ווייס ביי זיין סטראַגאַן



סטראַגאַנעס אויפן מאַרק



אויף די אָרעמע גאַסן

יוסף טאַפּ / רמת־גן

# מיין שטאט, מיינע געסלעך

מיינע קינדער־יאָרן האָבן נאָר געוווסט פון פּיין, אַ האַלב יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מיין מאַמע איז געשטאָרבן, דעם טעם פון מוטער־ליבע האָט איך נישט געוווסט, צו פופצן יאָר האָב איך שוין אויסגע־וואַנדערט קיין וואַרשע — זוכן אַרבעט, און דאָך קען איך נישט פאַרגעסן מיין היימשטאָט נאָווי־דוואָר.

מיך האָט דערצויגן מיין טייערע, אומפאַרגעסלעכע שוועסטער יוכבד זאַוויערוכאַ (אומגעקומען דורך די נאַציס), זי האָט מיך געלערנט שטעלן די ערשטע טריט אין לעבן, ביי זיך אין ווישעגראַד. שפּעטער, ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך זיך אומגע־קערט קיין נאָווי־דוואָר צו מיין טאַטן, דעם „געלן מאיר" און ביי אים געפונען מיין ערשטע פרייד...

אַ פריילעכער קבצן איז מיין טאַטע געווען, פון אים האָט געשפּרודלט מיט הומאָר, ער פלעגט תמיד היימלעך מאַכן מיט זיינע וויצן און גלייכווערטלעך; ער האָט ליב געהאַט צו שפּאַסן וועגן פאַרשידענע נאָווי־דוואָרער טיפּן, באַטאָגנען זייערע צונעמען און שילדערן זייערע העוויות. אַז איך דערמאָן זיך אין מיין טאַטן — זעט ער מיר אויס ווי אַ נאָווי־דוואָרער הערשעלע אָסטראָפּאָלער...

זומערצייט פלעג איך מיט מיין טאַטן זיך אַרומ־שלעפּן ווי אַ ציגיינער איבער די סעדער פון דער דייטשער קאָלאָניע קאַזאַן און פילן דעם טעם פון דער פריי אויף גאָטס וועלט. ווינטערצייט האָב איך געהאַט מיינע היימען ביי דער משפחה קאַרצאַוויטש אויפן „פּיעקעליק", אָדער גאָר ביי די צוויי בעקערינס — מיין מומע ברײנע און אסתר סימע. דאָרט, ביי די וואַרעמע אויוונס, בין איך אָפּגעלעגן גאַנצע טעג און נעכט און געשפּילט אויף מיין האַרמאַשקע די אַלע באַליבטע לידער פון נאָווי־דוואָר.

כ'האָב אויך תמיד געפונען אַן אָרט אין הויז פון מיין פעטער הערשל טאַפּ, מיט ליבשאַפט איז מען מיר דאָרט אַקעגנגעקומען און אַ סך פרייד האָב איך דאָרט גענאָסן, ביים צוזען אַלע הכנות צו די פאַר־שטעלונגען פון דראַמאַטישן קרייז; די שטוב איז פול געווען מיט שפּיל, טענץ און געזאַנג.

מיין קינדהייט איז גיך אַוועק און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל — מיין יוגנט. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף זוכן „תכלית"... ביי יעקב ראָטשטיין אויף זאַקראָטשינער גאַס האָב איך אָנגעהויבן לערנען אַ פאַך — פריזירער. דריי יאָר האָב איך געלערנט דאָס פאַך און די דריי יאָר זענען געווען גיהנום־יאָרן; די מעטאָדע פון לערנען איז געווען פאַרבונדן מיט פּאַטשן און שלאָגן. די צוויי געזעלן שלמה פּאַפּיער און יוחנן איידלסבערג האָבן זיך נישט אָנגענומען פאַר מיר. דאָס צווייטע לערן־יינגל מענדל פּאַפּיער האָט נישט זוכה געווען צו קלעפּ ווי איך, ווייל ער האָט געהאַט טאַטע־מאַמע און ברידער, אָבער איך בין דאָך געווען אַ יתום — איז געווען אַ „מיצווה" מיך צו שלאָגן...

דאָך האָב איך אויך געפונען מיינע באַשיצער — ביילע קופּערשטיין (דעם מייסטערס פרוי), לייבל יאַנאָוו־סקי (ער האָט געאַרבעט ביי דוד טשיזש), אויך דער „בלינדע מאָטיע" און אביגדור גאַרבער, וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער דער פריזעריי, — זיי פלעגן זיך אָננעמען פאַר דעם געקריוודעטן יתום.

אַ חוץ דעם עול פון לערנען דאָס פאַך און דעם כסדרדיקן פחד פאַר קלעפּ, האָב איך נאָך געמוזט זיין גרייט אויסצופירן פאַרשידענע פליכטן און שלי־חותן, ווי אַ דינסט — וויגן אַ קינד, אַראָפּטראָגן מיסט; לויפן עפּעס איבערגעבן, ווי אַ שיק־יינגל, און תמיד זיין גרייט צום רשות פון מייסטער. אַזוי זענען דעמאָלט געווען די באַדינגונגען פאַר די לערן־יינגלעך אין אַלע פאַכן און קיין אַנדערע ברירה איז נישט געווען, אויב זיין אַ לערן־יינגל — האָט מען זיך געמוזט צופּאַסן, און אויב נישט — איז אויס לערן־יינגל...

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן יאָרן מיט שפּילע־רייען און מלחמות אויפן „פּיאַסעק", דאָרט ווו איך בין געבוירן געוואָרן. דאָרט, אויף יענע ברייענדיקע זאַמדן האָב איך תמיד אַ באַרוועסער געטאָפּטשעט אין מיין קינדהייט, און אין מיין יוגנט — איז עס געוואָרן דאָס אָרט ווו צו טרעפן זיך מיט מיינע חדר־חברים. דאָ האָבן מיר פאַרפירט מלחמות מיט די שקצים. מיט נייגער פלעגן מיר צוזען ווי מען גראָבט און מען צעפירט דאָס זאַמד אין די שטיבער צו באַשיטן די פּאָדלאָגעס נאָכן וואַשן און רוימען. אין ווינטער־צייט, ווי נאָר די זאַמדן פון „פּיאַסעק" האָבן זיך

צוגעדעקט מיט שניי — האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּרשה מיט גליטשן און שליטלען פון „פּיאַסעק" אַראָפּצו, פון אפרים באַנקס באַראַקן ביז צום קאַסטשאָל, וואָס האָט אונדז געשראָקן מיט זיין שטאַרקער, גולמדיקער פאַרגליווערטקייט אין די לבנהדיקע נעכט.

יענע ווינטערדיקע טעג און נעכט אויפן „פּיאַסעק" זענען פאַר אונדז, יינגלעך, געווען גרויסע פאַרגעניגנס; די פנימער האָבן געברענט פון פראָסט, די קעלט האָט געביסן אויערן און נאָז, אָבער אויף דער נשמה איז געווען וואַרעם און גוט, אַלץ האָט געלעבט און געאָטעמט, און אפילו די שמוציקע געסלעך האָבן אויסגעזען יום־טובדיק, ווען מיר זענען געלאָפן צעיאַכמערט אין שניי...

מיינע געסלעך — זענען זיי געווען. דאָרט האָב איך שעהן לאַנג געשפּילט זיך מיט כאַפּטעס קינדער אין מיין עלטער; דאָרט, ביי די ווענט פון דער נישט אויסגעבויטער שול, האָב איך מיט שרעק און נייגער נאָכגעפאָלגט די אַלע מעשיות וועגן רוחות און שדים אין קעלער און אויפן בוידעם...

איך בענק נאָך אַלע געשטאַלטן אויף יענע געסלעך, נאָך אברהם משה דראַשקאַזש; נאָך יאָסל חוש — דער פורמאַן, וואָס פלעגט מיך מכבד זיין מיט דער בייטש; נאָך יענקל קישקע; נאָך פישל שפּיצקע, דער מלמד, וואָס האָט מיך מיטן טייטל געפירט אין דער פאַרכישופטער וועלט פון קליינע אותיות; איך בענק נאָך דעם „משוגענעם שמיל" און נאָך אַ סך, טיפּן און געשטאַלטן, וואָס אָן זיי וואָלט אונדזער שטאָט געווען אַ סך אָרעמער און פאַרלוירן איר קרוין; מיך ציט נאָך אַלץ דער נאַרעוו, — די ברעגן, ווו איך פלעג שעהן לאַנג קוקן צו די פיש אין טייך, יעדער ציטער פון וואַסער איז פול געווען מיט סוד און גוט איז געווען צו פילן הינטער זיך די שטאָט מיט אירע געסלעך — מיינע געסלעך.

יאָ, זי לעבט די שטאָט נאָווי־דוואָר אין הארץ און אין געהירן; מיר זענען אין איר, ווו מיר זאָלן זיך נישט געפינען; געבונדן זענען מיר צו איר מיט אייביקע פעדעם פון זכרון און בלוט; די שטאָט פון געבורט און קינדהייט בלייבט אויף תמיד די שענסטע שטאָט אין דער וועלט!

דאָרט, אויפן בית־עולם האָבן גערוט די ביינער פון אונדזערע אבות, היינט הוליען דאָרט פוסטע ווינטן, מיט די מצבות האָבן די היטלעריסטישע באַרבאַרן גאַסן געפלאַסטערט, און ס'איז מער קיין זכר נישטאָ. דאָך ציען זיך אַהין אונדזערע געדאַנקען און געפילן מיט כבוד צו די נשמות פון אַלע אונדזערע נאָענטע און טייערע, וואָס מיר האָבן געליבט.



די אָרעמקייט פון „פּיאַסעק"

אַנשל פריד / שיקאַגע

# דער באַלקאָן אויפן „פּיאַסעק"

צו די וואָס ציען זייער ייחוס פון „פּיאַסעק" — געהער אויך איך. אויך איך האָב געוווינט אויף דעם „פּיאַסעק", אין באַקאַנטן קאַסטן־הויז, וואָס איז געשטאַנען אין ראָג פון זשעלאַזנע — פּ. אָ. וו. 7 און די פּיאַסקאָווע. מיטן נאָווי־דוואָרער לשון האָט מען דאָס הויז גערופן: „די גראָבע רחלס הויז".

ווער געדענקט נישט די גראָבע רחלס הויז, ווו עס האָבן געוווינט אַרום פערציק לאָקאַטאָרן מיט אַ צוגאָב פון האַלב־לאָקאַטאָרן, וועלכע האָבן איבער זיך געהאַט פּופּצן בעלי־בתים און האַלב בעלי־בתים. און ווער געדענקט נישט די אַלע ווערטלעך, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן נאָמען פון „די גראָבע רחל"? „ווו ברענט? ביי דער גראָבער רחל!"; „ווו שלאָגט מען זיך? ביי דער גראָבער רחל!"; ווו פאַלט איין אַ האַלב הויז? ביי דער גראָבער רחל!", — אַלץ ביי דער גראָבער רחל.

דאָס איז באמת געווען אַ הויז פון נסים ונפלאות און דאָרט בין איך דערצויגן געוואָרן צווישן די אַלע עמך־לייט פון נאָווי־דוואָרער שוסטערס, שניידערס און פריזירערס.

איך געדענק צו גוטן דאָס הויז און איך שטאָלציר מיט מיין „פּיאַסעק". אויך דאָרט האָט מען געלייענט שלום עליכם און דאָסטאָיעווסקי, פּרץ און עמיל זאָלאַ; אויך דאָרט האָט מען ליב געהאַט צו זען שעקספּירס „האַמלעט" און דעם „סוחר פון ווענעדיק"; און מען האָט געוווּסט, ווער עס זענען לעאָנאַרדאָ־דע־ווינטשי און וואַן־גאָג...

פּונקט ווי די זאַקראָטשינער און די וואַרשעווער גאַס האָט אויך דער „פּיאַסעק" געהאַט זיינע „אַריסטאָקראַטן" און די פּשוטע פאָלקס־מענטשן. אויב מיין שטוב האָט נישט געהערט צו דער „אַריסטאָקראַטיע" פון זאַקראָטשינער און וואַרשעווער גאַס, אָדער גאָר צום „פּוילישן מאַרק", — האָט זי אָבער געהערט צו דער „אַריסטאָקראַטיע" פון הויז „פּ. אָ. וו. נומער זיבן"...

אַ צוויי צענדליק יאָר האָט מיין טאַטע געוווינט אויף דעם „פּיאַסעק", פון דעם — אַ 12—13 יאָר אין הויז פון דער גראָבער רחל, און ער האָט נישט זוכה געווען צו קיין צונאָמען. ווער האָט דען אין דעם הויז נישט געהאַט קיין צונאָמען? נאָר מיין טאַטע, און דאָס אַ דאַנק זיין באַזונדערן מעמד, ווייל ער איז געווען אין דעם הויז דער „גראַמאָטנער", דער קענער און שרייבער.

איז ביי איינער אַנטלאָפן דער מאַן קיין אַמעריקע און נעבעך געלאָזט דריי פּיצלעך קינדער, — האָט מיין טאַטע געמוזט לאָזן שרייבן אַ בריוו בלשון יידיש; איז ביי איינע — אַן עגונה — דער מאַן פאַרפאַלן געוואָרן אין רוסלאַנד בעת דעם ערשטן וועלט־קריג — האָט ווידער מיין טאַטע פאַרפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די רוסישע מושלים אויף רוסיש; האָט מען ביי איינעם צוגענומען די דערלויבעניש צו האַנדלען מיט ליאָדעס, — האָט מיין טאַטע געשריבן פּראָשעניעס צום מאַגיסטראַט אויף פּויליש.

דערצו איז נאָך מיין טאַטע געווען אַ קענער פון פּאָליטיק און נייעס. איך געדענק נאָך, ווי בעת פּיל־סודסקיס איבערקערעניש אין 1926 האָט מען אַראָפּגערופן מיין טאַטן פון שטוב, אים אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און אים דערלאַנגט די פּוילישע צייטונג, ער זאָל לאָזן הערן פאַר די פאַרזאַמלטע יידן און פּאָלאַקן די סאַמע לעצטע נייעסן.

צו מיין טאַטן פלעגט מען זיך נישט אַנדערש ווענדן ווי: „פּאַניע פריד!". צו זיין „אַריסטאָקראַטישן" מעמד האָט ער זוכה געווען אויך צוליב אַן אַנדערער סיבה, צוליב אונדזער באַזונדער מזל, וואָס מיר האָבן זוכה געווען צו האָבן דעם איינציקן באַלקאָן אויפן „פּיאַסעק".

אונדזער באַלקאָן האָט זיך אָנגעזען אַריבער דער גאַנצער געגנט. ווי מקנא געווען האָבן אונדז די קינדער מיט אונדזער באַלקאָן! פון אים האָט מען געזען די באַן־ליניע און אויך די לאָנקעס מיט די גיטער פון דייטש יאַנץ ביי די ברעגן פון דער ווייסל. פון דער צווייטער זייט האָט מען געזען די באַראַקן, ווו עס האָבן געוווינט די אָרעמסטע מענטשן פון שטאָט. מען האָט אויך פון באַלקאָן געזען דעם קריסטלעכן בית־הקברות און די פאַיאַנס־פאַבריק. אַלט און יונג האָט געצויגן צום באַלקאָן און אפילו די מאַכט־אָרגאַנען פון שטאָט האָבן דאָרט געהאַט אַן אינטערעס.

אַ סך מאָל האָט דער באַלקאָן אויסגעזען פאַר זיי ווי אַ געפערלעך אָרט צוליב פּאָליטישע טעמים. ווען מען האָט אין 26סטן יאָר געפירט דעם דערהרגעטן לאַפּוד צו אייביקער רו פאַרביי אונדזער גאַס, איז אַ פּאָליציאַנט

געקומען אָנזאָגן מײַן טאַטן, אַז צוליב עפּנטלעכער זיכערקייט איז פֿאַרבאָטן צו אָבסערווירן פֿון באַלקאָן די טרויער־דעמאָנסטראַציע.

אויך די פֿייערלעשער פֿון שטאָט פֿלעגן זיך באַנוצן מיט אונדזער באַלקאָן, ווי נאָר ס׳האָט ווו אַ סמאָליע געטאָן אין גרויסן הויז פֿון דער גראַבער רחל. דאָ איז גוט געווען אַוועקצושטעלן די הויכע לייטערס און אָנהייבן די מלחמה מיטן פֿייער. פֿון דעם באַלקאָן האָט מען אויך, אין יאָרן פֿון געוויסערס, געוואַכט איבער דער ווייסל און נאָכגעקוקט צי זי פֿאַרפֿלייצט נישט די באַן־ליניע.

אויף דעם באַלקאָן פֿלעגט מען אויך אין יעדן סוכות אויפֿשטעלן אַ סוכה. די שקצים פֿלעגן זיך באַלד נעמען צו צילעווען שטיינער אין דער סוכה.

גליקלעך האָבן זיך געפֿילט די געציילטע שכנים, וועלכע מײַן מאַמע האָט דערלויבט זיך אויסצוזעצן שבת נאָך מיטאָג אויף דעם באַלקאָן און הנאה האָבן פֿון קוקן אויפֿן „פּיאַסעק“ ביז צו מרחקים.

די אַלע מעלות טובות פֿון אונדזער באַלקאָן האָט טאַקע אין אַכט גענומען די באַלעבאָסטע, די גראַבע רחל. ביים באַצאָלן דירה־געלט האָט אַלע מאָל מײַן מאַמע געמוזט צולייגן אַ הוספה פֿון עטלעכע זלאָטעס. אַז מײַן טאַטע פֿלעגט זיך אַנטקעגנשטעלן, איז די גראַבע רחל גלייך אַרויס מיט איר טענה: „ס׳טייטש, די בעסטע דירה אין הויז, און נאָך מיטן איינציקן באַלקאָן, וואָס דער פּיאַסעק פֿאַרמאָגט!“ דערביי פֿלעגט זי סטראַשן, אַז זי וועט פֿאַרקויפֿן איר חלק אין הויז און דאַן וועלן מיר שוין וויסן אָפּצושאַצן, וואָס עס מיינט אַזוינס, אַ דירה מיט אַזאַ באַלקאָן.

ווי שוין דערמאָנט, איז דאָס הויז געווען אַ שותפֿות־הויז מיט אַ פֿופֿצן בעלי־בתים און האַלב־בעלי־בתים, וואָס זענען תּמיד געלעגן אין די געריכטן, ווו מען האָט זיך געמשפּט וועגן גלייכבאַרעכטיקטער שותפֿות אין דער גרויסער אַחוזת־בית פֿון „פּ.אָ.וו. נומער זיבן“. די גראַבע רחל האָט שטאָלצירט מיט איר חלק פֿון גרויסן ווינקל — אין דער פֿאַרעם פֿון אַ דלת, צווישן דער פּ. אָ. וו. און פּיאַסקאָווע.

דאָרט האָבן מיר, די 120 חוהלעך, יאָסעלעך, דודלעך, ראַשקעלעך, מלכלעך און אַנשעלעך, זיך גע־פֿרייט מיט די אוצרות, וואָס אונדזער הויף האָט פֿאַר־מאָגט. איך בין זיכער, אַז ווען דער גרויסער קינדער־ליבהאָבער, דער מאַרטירער יאַנוש קאָרטשאַק, האָט געשריבן זײַנע באַרימטע „יאָשקי, מאָשקי, סרולקי“, האָט ער זיי פֿריער געזען אויף דעם הויף פֿון דער גראַבער רחל...

ווען איך האָב זיך אומגעקערט קיין נאָווי־דוואָר אין 1945, נאָך די אַלע פֿײַן־יאָרן פֿון קריג, האָב איך מער דאָס הויז פֿון דער גראַבער רחל נישט געפֿונען. נישט געווען מער דאָס הויז מיט דעם באַלקאָן אַריבערן „פּיאַסעק“ און יענער הויף מיט די קינדער.

די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן אַלץ צעשטערט אין זייער מאַרש „צו טויזנט יאָר הערשאַפֿט“.



דאָס שעכטהויז אויפֿן „פּיאַסעק“

בועז יאַנג־יונגוויץ

# מיין שטעטל נאווי-דוואר



בועז יאַנג ז״ל

## געשטאַלטן פון מיין שטעטל

אַ סך וויכטיקע געשטאַלטן פון די זיבעציקער און אַכציקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, האָבן זיך נישט גענוג אײַנגעקריצט אין מיין זכרון, אַז איך זאָל וועגן זיי דערציילן. איך קער זיך אום צו מיין שטעטל, ווי איך געדענק עס, פון מיינע ייִנגל־יאָרן.

נאָווי־דוואָר, מיין געבורט־שטעטל, האַרט ביי דעם נאַרעוו, — אין ווינטער פלעגן מיר, ייִנגלעך, זיך גליטשן אויף זיין אייז און זומער זיך באָדן אין זיינע כוואַליעס. אין פרילינג, ווען דאָס אייז פלעגט צעגיין, האָט נישט איין מאָל דער נאַרעוו פאַרגאָסן האַלב נאָווי־דוואָר, און מען פלעגט זיך שיפן אין מיטן דער שטאָט. מיין זיידע האָט מיר דערציילט, אַז דער נאַרעוו איז אַ מאָל געבליבן פאַרפרוירן ביז די טעג פון שבועות. די חשובע באַלעבאַטים זענען דעמאָלט אַרויף אויפן געפרוירענעם טייך און לזכר דעם זעלטענעם פאַל געפראַוועט אַ סעודה.

נאָווי־דוואָר האָט געהאַט אַרום זיך אַ „פּערי־פעריע“, ווו עס האָבן געוווינט בלויז אָרעמע־לייט; דער „פּיאַסעק“ האָט מען אים גערופן — אַ הויכער גאָלד־זאַמדיקער באַרג, וואָס האָט אָפּגעטיילט די „פּע־ריפעריע“ פון שטאָט. ווינטערצייט פלעגן מיר, ייִנגלעך, אויף שליטלעך זיך אַראָפּלאָזן פון „פּיאַסעק“, און זומערצייט, ווען דער באַרג האָט פאַרביטן זיין שנייִקע ווייסקייט אויף ברוין און גאָלד, — האָבן שקצים דעמאָלט געפירט וועגענער זאַמד פון באַרג פאַר די באַלעבאַטישע שטיבער, אויסצושיטן אויף די פּאָדלאָגעס.

צוויי מערק, נישט ברוקירטע, האָט נאָווי־דוואָר פאַרמאָגט: אַ ייִדישער מאַרק אין מיטן שטאָט און אַ פּוילישער אין עק שטאָט. דער ייִדישער מאַרק איז שטענדיק געווען פאַרבלאָטיקט פון די וואַסערן פון פּלומפּ, דאָס האָט אָבער נישט געשטערט צום מסחר. אַלע יאַרידן האָבן זיך געשטעלט אויפן ייִדישן מאַרק. נאָר ווען דער ייִדישער מאַרק האָט שוין געהאַט איבערגענוג די פּראָדוקטן, וואָס די קריסטלעכע פּויערים האָבן געברענגט פון די דערפער, — האָבן זיי אויך געברענגט צום פּוילישן מאַרק. דאַקעגן איז דער פּוילישער מאַרק, תמיד געווען ציכטיק, און אויס־גערוימט, אָבער דער האַנדל איז געווען שוואַך, און די זויבערקייט פון מאַרק האָט ווי געזאָגט: „האָנאָר האָב איך, נאָר געשעפטן — נישט“...

איינוווינער האָט נאָווי־דוואָר דעמאָלט געציילט — פינף טויזנט. צווישן זיי — פינף און זיבעציק פּראָצענט ייִדן. די שטאָט האָט געהאַט אַ שיינע, גרויסע הילצערנע שול, ווו עס האָבן געדאַוונט די חשובסטע באַלעבאַטים פון שטעטל. אין בית־המדרש האָבן געדאַוונט „עמך“ און באַלעבאַטישע איידעמס. גבירישע בחורים האָבן דאָרט געלערנט ביי טאָג און באַלמעלאָכעס פלעגן קומען בין השמשות זיך צוהערן צו אַ פּרק משניות.

די חסידישע שטיבלעך, גערער, קאָצקער, ראַדזי־מינער א״א, זענען געווען דאָס אָרט פאַר מלמדים, איידעמס אויף קעסט און ייִדן, וואָס קענען אַ בלאַט גמרא. צווישן די ראַדזימינער חסידים איז אויך געווען דער גרעסטער גביר פון נאָווי־דוואָר ר׳ מאָטעלע פּרץ,

מיט זיין איידעם, וועלכן מען האָט גערופן: „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" (לויט דינעזאָן).

אַ רב האָט דעמאָלט נאָווי־דוואָר געהאַט — זייער אַ קלוגן, אַ גרויסער למדן און אַנגעזעענער פוסק. ווען דער רב איז צו זיין עלטער ניפטר געוואָרן, האָט די שטאָט אויפגענומען אַ יונגן רב. דער רייכער שווער זיינער האָט דעמאָלט צוגעצאָלט דעם קהל, אַז מען זאָל זיין איידעם איבערגעבן דאָס רבנות.

צוויי שמשים האָט דער יונגער רב געירשנט פון אַלטן: אַן אונטער־שמש און אַן אויבער־שמש. דער אונטער־שמש פייוועלע איז געווען באַקאַנט אַלס שוטה. ער פלעגט וועקן די חברה תהילים־יידן צו עבודת הבורא. דערביי פלעגט ער פאַר עטלעכע קאָפּיקעס אָפּזינגען אַ זמרל הינטער די לאָדנס, און פאַר נאָך אַ קאָפּיקע — אויך אָפּטאַנצן אַ טענצל אין שניי. דער אויבער־שמש חצקעלע איז שוין אָבער געווען גאָר אַ קלוגער.

צוויי יידן געדענק איך, וואָס זייער קוואַרטיר איז געווען אין בית המדרש הינטערן אויוון. זיי האָבן געבראָטן קאַרטאָפל אין הייסן אַש און זיך געטיילט מיט די בחורים — לערנערס. איינער פון די צוויי יידן איז געווען אַן אַנטלאָפענער פון סיביר, און דעם צווייטן האָט מען געוואָלט פאַרשיקן קיין סיביר, ווייל ער האָט זיך מגייר געווען...

אַ קוימענקערער איז געווען אין נאָווי־דוואָר, יאָסעלע קוימענקערער, וואָס פלעגט קערן די קוימענס אויף די דעכער פון גבירישע הייזער. ער איז געווען אַ שיינער, הויכער יונגערמאַן, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר און אַ ברוין פּנים, אַזוי אַז די סאַדזשע האָט זיך נישט שטאַרק אָנגעזען אויף אים. יאָסעלע פלעגט גיין אויף די שינדלדעכער, אַזוי זיכער, ווי אויף דער ערד. אַ מאָל פלעגט ער אויך מיטנעמען זיין ייִנגל און אים לערנען די „קונץ" צו גיין אויף אַ דאַך. דאָס יינגל פלעגט גיין פאָרויס, יאָסעלע —נאָך אים, מיט צוויי הענט ביים יינגלס זייטן, און דאָס בעזעמל אויף די פלייצעס, צוגעטשעפּעט צום צעראַטענעם גאַרטל. יונג און אַלט פלעגן אַרויפקוקן פאַרווונדערט, און יאָסעלע, ווי אויף אַ פאַרשטעלונג, האָט געהאַט אַ הנאה פון עולמס אָפּלאָדירן...

אַ קאַפּעליע קלעזמאָרים איז געווען אין שטעטל, — איציק איז געווען זייער פידלער און פירער. דער פּויקער פלעגט צוזאַמענגעמען געלט אויף אַ טאַץ און אים איבערגעבן. שיינע מיידלעך און יונגע ווייבלעך האָבן אָנגעקוואָלן, בעת איציק האָט מיט פאַרגלאָצטע אויגן געצויגן דעם סמיטשיק אויפן פידעלע.

אַ בדחן איז געווען אין נאָווי־דוואָר, אָבער גבירים האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט אים, אויף זייערע שמחות האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט אַ וואַרשעווער בדחן, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז ער קען גאָר נאָענט דעם ווילנער בדחן אליקום צונזער.

אין זומערדיקע פאַרטאָגן, ווען איך פלעג אויף מיין געלעגער דערהערן פריילעכע טענער, האָב איך שוין געוווסט, אַז דאָס פירט איציק פידלערס קאַפּעליע די חתן־כלה צו זייער חדר מיוחד. אין אַזאַ פאַרטאָג האָב איך, דער פּופּצן־יאַריקער, שוין נישט געקאָנט אַנט־שלאָפן ווערן.

אַלץ האָט נאָווי־דוואָר פאַרמאָגט, וואָס אַ שטעטל דאַרף האָבן, נאָר נישט קיין לייטישע מיקווה. די מיקווה איז געווען אַן אַלטע, אַ צעבראָכענע. די טרעפּ באַוואָקסן מיט גרינעם מאָך און גליטשיקע. דער גרונט איז געווען אַ בלאָטיקער, מען האָט דאָרט געקאָנט פאַרזינקען, און באַלויכטן איז די מיקווה געווען מיט אַ גראַשנדיק ליכטל אין אַ לאָמטערן. די ווייבער האָבן נישט געוואָלט גיין צו טבילה און דער יונגער רב האָט נישט געענטפערט אויף דער בקשה פון די מענער, צו בויען אַ נייע מיקווה. דעמאָלט האָט איינע אַ הויכע יידענע גערופן די ווייבער צו אַן אסיפה, און נאָך דעם האָט מען אָפּגעטאָן דעם רב אַ שפּיצל, ווייבער האָבן אַריינגעטאָן אין דער מיקווה אַ שטאַרקע רויטע פאַרב, און ווען דער רב איז אַריין פאַר טאָג זיך טובלען אין דער פינצטערער מיקווה, — איז ער פון דאָרט אַרויס אַ רויטער... נאָך דעם האָט שוין קהל באַשלאָסן צו בויען אַ נייע מיקווה.

געווען אַ סך באַלעגאָלעס אין נאָווי־דוואָר, וואָס האָבן געפירט פּראָוויאַנט אין פעסטונג אַריין. אין יענער צייט האָט די באַן נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קורסירן צווישן נאָווי־דוואָר און וואַרשע און מען האָט נאָך מורא געהאַט צו פאָרן אויף דער באַן. נאָר ווען די רעגירונג האָט אויסגעטיילט אומזיסטע בילעטן האָט דער עולם מסכים געווען צו פאָרן. דעמאָלט איז דער פאַרקער צווישן נאָווי־דוואָר און וואַרשע געגאַנגען מיט צוויי אָמניבוסן, געשפּאַנטע מיט פערד. די רייזעס האָט מען געמאַכט נאָר ביי נאַכט, און נישט איין מאָל האָט זיך דער אָמניבוס איבערגעקערט צוליב דעם באַלעגאָלעס אַ דרעמל.

נאָך דעם ווי דער טאַטע מיינער האָט זוכה געווען

צו אַ געווינס, איז ער געוואָרן אַ גרויסער פּאַדריאַטשיק. ער האָט צוגעשטעלט קאָרן פאַר דער פעסטונג און באַקומען די „פּראַוואָזקע" — די אונטערנעמונג צו פירן מיט פערד און וועגענער אַלץ, וואָס קומט אָן מיט דער באַן פאַר דער פעסטונג. מיין טאַטע האָט אין דער אַרבעט באַשעפטיקט אַ סך באַלעגאַלעס.

די נאַווי־דוואָרער באַלעגאַלעס האָבן געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט אַלס זייער דרייסטע און שטאַרקע. ביי זיי האָבן די וועג־גנבים נישט געוואַגט צו גנבענען פון די וועגענער. האָט מען ווען יאָ באַגנבעט אַ פּאַסאַזשיר, האָט עס נאָר געקאָנט זיין מיטן באַלעגאַלעס הסכמה...

צווישן די באַלעגאַלעס איז געווען איינער אַ צדיק, יענקל באַלעגאָלע. די מאַמע מיינע פלעגט אים רופן: דער הייליקער יענקל. פרום צו גאָט איז ער געווען, ערלעך צו מענטשן און גוט צו זיינע פערד. דאַנערשטיק האָט יענקל תמיד געפאַסט. ווען מען האָט אים געפרעגט: פאַר וואָס? האָט ער געענטפערט: „כדי מיינע פערד זאָלן האָבן מער צו עסן". פאַר טאָג, פאַרן איינשפּאַנען די פערד, פלעגט ער לויפן אין בית המדרש אַריין לערנען. תהילים האָט ער געזאָגט מיט די לייצעס אויף די הענט...

יעדן שבת ביי נאַכט איז יענקל אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער, צוזאַמענגענומען פאַר אָרעמע קראַנקע. ווען אַ ייד האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט נישט קיין נדן חתונה צו מאַכן זיין פאַרזעסענע טאָכטער, איז יענקלס טרייסטוואָרט געווען, אַז אויף אַ קינד אויסצוגעבן איז דאָ ביי גאָט אַ באַזונדערער אוצר... אָבער יענקל אַליין האָט געהאַט אַ פאַרזעסן מיידל, ווייל ער האָט נישט געהאַט פאַר איר קיין נדן.

יענקל האָט קיין מאָל נישט גענוצט קיין בייטש צו זיינע פערד. „די פערד — פלעגט ער זאָגן — אַרבעטן פאַר מיר מיט זייער שווייס און גיבן מיר פּרנסה, — זאָל איך זיי נאָך שלאָגן? ווען איך וואָלט געווען אַ גביר, וואָלט איך זיי אַוועקגעשטעלט אויף פּאַשע, זיי זאָלן זיך אָפּרוען אויף די עלטערע יאָרן"...

אַ גרויסער צער־בעל־חיימניק איז יענקל געווען, און ווען ער האָט דערהערט, אַז מען האָט פאַרסמט מיין פאָטערס זעקס פערד, איז זיין צער געווען נישט צו באַשרייבן. יענקל האָט אויסגעפונען דעם, וואָס איז באַגאַנגען דאָס שרעקלעכע פאַרברעכן קעגן גאָטס שטומע באַשעפענישן, אָבער ווען ער האָט געוואָלט איבערגעבן די נעמען פון די שולדיקע, האָט מען אים געסטראַשעט, אַז אויך זיינע פערד וועלן האָבן דעם זעלבן סוף.

אַ זון האָט יענקל געהאַט, נישט קיין באַלעגאָלע, ווי דער טאַטע, נאָר אַ וויל־לערנער. יענקל האָט געוואָלט, אַז דער זון זאָל ווערן אַ רב, „ער זאָל אים שטעלן אַ שטול אין גן־עדן", אָבער נישט באַשערט געווען. דער זון איז אומגעקומען פון בראַנד־וווּנדן, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעבריט אין נאַווי־דוואָרער באָד.

יענקל איז געווען אונדזערס אַ פריינד, און איך האָב דעמאָלט געזען זיין פאַרצווייפלונג. זיינע האָפענונגען אויף אַ זון אַ רב זענען צערונען געוואָרן. און ווען מיין מאַמע האָט אים געטרייסט, האָט יענקל געזאָגט, אַז גאָט האָט ביי אים צוגענומען זיין זון, ווייל אויס מורא פאַרן לעבן פון זיינע פּרנסה־געבער, די צוויי פערד, האָט ער פאַרשוויגן און נישט אויסגעזאָגט, ווער עס האָט פאַרסמט מיין טאַטנס פערד.

אַזוי איז געווען דער שטייגער און דרך פון יענקלען, איינער פון די נאַווי־דוואָרער באַלעגאַלעס, די פּשוטע יידן, וואָס האָבן אין יענע יאָרן זיך דערוואָרבן זייער זכות מיט גבורה און באַשיצונג פון יידישן כבוד.

ס איז געווען אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן, ווען די רוסישע פּאָגראָמען האָבן דערגרייכט קיין וואַרשע. די פּוילישע פּאָגראָמירער האָבן געטאָן זייער אַרבעט, נישט מיט אויפשניידן בייכער, ווי די רוסישע קאַצאַפּעס, נאָר „איידעלער", ווי עס פּאַסט פאַר „פּאַנעס" — מיט ראַבירן יידיש פאַרמעגן.

ווען די פּוילישע כוליגאַנעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף נאַלעווקעס, צו „דעם נאַווי־דוואָרער הויף" (נאַלעווקי נומער 11, ווו עס פלעגן דעמאָלט פאַרפאָרן די נאַווי־דוואָרער באַלעגאַלעס און נאַווי־דוואָרער אָמניבוסן, און דאָרט געהאַט זייערע אכסניאָס, קלייטן און אפילו אַ שולעכל) — האָבן די נאַווי־דוואָרער באַלעגאַלעס זיי „מכבד געווען" מיט די דישלען פון זייערע וועגענער, און די פּאָגראָמטשיקעס האָבן געמוזט אָפּטרעטן.

אַזוי איז אויך געשען ביי אונדז אין נאַווי־דוואָר גופא. ווען מען האָט זיך געריכט, אַז אין אַ געוויסער נאַכט וועלן די פּויערים פון דער געגנט, צוזאַמען מיט די שטאָטישע כוליגאַנעס, פּאָגראָמירן די שטאָט, — זענען עס געווען די זעלבע באַלעגאַלעס, וואָס האָבן געוואַכט און געשיצט.

אין יענער נאַכט, געדענק איך, זענען אַלע יידן, פון

קליין ביז גרויס, נישט געשלאָפן. ביי אונדז אין הויז איז געווען אָפן, אַלע מאָל האָבן זיך די שומרים אַריינ־געכאַפּט צו דערוואַרעמען זיך מיט אַ גלעזל טיי. יעדער שומר האָט געטראָגן אַ שטיק אייזן אָדער אַ דובינע. אַזוי האָט מען אָפּגעוואָרט די פּאָגראָמטשיקעס.

אפילו יענקל באַלעגאָלע האָט זיך אין יענער נאַכט נישט פאַרלאָזט אויפן תהילים, נאָר מיט אַ שטיק אייזן אין האַנט געשטאַנען פאַר דער שול. זיינע חברים, באַלעגאָלעס, האָבן געהיט די הייזער פון נאַווי־דוואָרער יידן, און יענקל האָט געהיט דאָס הויז פון גאָט.

*

1913, —איך בין ווידער אין מיין שטעטל. צוזאַמען מיט מיין פרוי, די אַקטריסע קלאַראַ יאַנג, בין איך געקומען קיין נאַווי־דוואָר.



בועז יאַנג און זיין פרוי קלאַראַ,
די באַרימטע יידישע אָפּערעטן־אַרטיסטין

זיבן און צוואַנציק זומערס און ווינטערס זענען אַוועק ווי כ׳האָב מיין שטעטל נישט געזען. עס האָט זיך ווידער געוואָלט זען דעם באַרג, פון וועלכן איך פלעג זיך מיט אַ שליטעלע אַראָפּגליטשן; דעם טייך ווו איך האָב אַ מאָל געלערנט ביים מורה הוראה הערש בער טיק; איך האָב געוואָלט נאָך אַ מאָל אין מיין לעבן הערן דעם שיינעם גמרא־ניגון, וואָס האָט דעם יידישן יינגל געגעבן חשק צו לערנען און זען: דעם נאַרעוו, ווו איך פלעג זיך אין זומער באָדן; די שול מיטן באַלעמער, ווו חצקעלע שמש האָט מיך אויפגערופן צו מפטיר; דעם בית המדרש מיט די שאַפעס ספרים, כ׳האָב ווידער געוואָלט זיין אין טאַטנס הויז, אין דעם צימער, ווו די מאַמע האָט צום לעצטן מאָל אַרויסגע־שעפּטשעט איר „שמע ישראל“...

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו נאַווי־דוואָר, איז דאָס ערשטע מיר אַקעגנגעקומען דאָס וועלדל, ווו איך פלעג שפּאַצירן יעדן שבת נאָך מיטאָג. יעדער בוים האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן שלום עליכם און דערמאָנט, אַז אין איין בוימס שאָטן בין איך געלעגן און געלייענט דעם „אהבת ציון“, און אין צווייטן בוים האָב איך אַריינגעשאָסן אַ פייל, ווען מיין דרדקי־מלמד איז מיט אונדז, יינגלעך, געגאַנגען ל״ג בעומר אין וועלדל אַריין, און מיר — מיט די הילצערנע בויגנס אויף איין האַנט און אין דער צווייטער — אַ שקאָרמיצל מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען...

ווען איך בין פאַרבייגעפאָרן די פּוילישע קירכע, דעם קאָשטשאָל, האָב איך זיך דערמאָנט, ווי אַ שייגעצל האָט אַ מאָל צו מיר געשריען איך זאָל אַרונטערנעמען דאָס היטל און ווען איך האָב נישט געפאָלגט, האָט ער עס ביי מיר אַרונטערגעריסן...

ווען איך האָב באַטראַכטן די ערד פון מיין שטעטל, האָב איך געפילט, ווי די פיס זענען ביי מיר לייכטער און יינגער געוואָרן, און עס האָט זיך מיר געוואָלט לויפן איבער דער גאַס...

ווען איך בין אַרויס באַקוקן מיין שטעטל און געקומען אויפן מאַרק, האָט שוין גאַנץ נאַווי־דוואָר געוווסט וועגן מיר דעם „אַקטער“ און די „אַקטאָרישע“ קלאַראַ יאַנג, און יידן האָבן מיך אַרומגערינגלט, געגעבן שלום עליכם. יעדער האָט זיך פאַרגעשטעלט, און ווען איך האָב געפרעגט אויף זיידעס, איז דער ענטפער געווען: געשטאָרבן...

דער וועג צום בית המדרש איז נאָך אַלץ געווען בלאָטיק, נאָך אַלץ נישט ברוקירט. מיר זענען פאַרביי־געגאַנגען די שטוב פון אביגדור מלמד, ווו כ׳האָב אָנגעהויבן לערנען גמרא, ווו אַכט יינגלעך זענען אַ מאָל געזעסן אויף לאַנגע בענק אַרום אַ לאַנגן שמאָלן טיש, און דער רבי אביגדור — אויבנאָן, מיטן קאַנטשיק ביי דער זייט...

און ווען איך בין צוגעקומען צום בית המדרש, האָב איך פון ווייטנס דערזען חצקעלע שמש. „בועז“ — האָט ער אויסגעשטרעקט זיין קליין הענטל מיט אַ ברייטן שלום עליכם, — „וואָס, דו דערקענסט מיך נישט?“

זיבן און צוואַנציק יאָר זענען אַוועק, און חצקעלע

איז נאָך אַלץ געווען דער שמש אין נאָווי־דוואָר. איך האָב געוואָלט אין איין שעה איינזאַפּן אין זיך דאָס גאַנצע שטעטל, און מיר זענען אַריין אין בית המדרש.

ערשט מיט איין דור צוריק האָט דאָס געזאַנג פון גמרא־ניגון זיך געהערט אפילו אויסער די ווענט פון בית המדרש. אָבער ווען איך בין איצט אַריינגעקומען אין בית המדרש, איז דאָרט געווען שטיל און פוסט. איין איינציקער ייד איז געשטאַנען ביי דער שאַפע ספרים און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. און דעם גמרא־ניגון, וואָס איך האָב געגאַרט צו הערן, האָב איך מער נישט געהערט...

ווען מיין ברודער האָט באַמערקט מיין אַנטוישונג, האָט ער מיט באַדויערן צו מיר געזאָגט:

— דעם גמרא־ניגון האָט די יוגנט פון נאָווי־דוואָר פאַרביטן אויף דער בונדיסטישער „שבועה"...

## אַ דין־תורה צווישן מיין טאַטן און מאַמען

איך וועל נישט, חלילה, רעדן שלעכטס אויף מיין טאַטן, אָבער דעם אמת מעג מען תמיד זאָגן, — אַ כעסן איז ער געווען און נישט קיין צוגעלאָזענער צו זיינע קינדער. מיין מאַמע, מיט אירע טאַקטישע האַנד־לונגען, פלעגט אים צוימען און באַרויקן.

אַ ייד אַ גיבור איז ער געווען, אַ הויכער מיט אַ ברייט פנים און אַ בלאָנד־רויטע באָרד. ווען דער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער איז געקומען אויף אַ באַזוך אין דער מאָדלינער פעסטונג, האָב איך געווען אין אים אַ סך ענלעכקייט צו מיין טאַטן. געקאָנט האָט מיין טאַטע צעבייסן מיט זיינע ציין אַ קאָפּיקע, און מען האָט אפילו געזאָגט, אַז ער פלעגט אויפהייבן אַ טיש מיט די ציין, ווען אַ מענטש איז אויף אים געזעסן.

גאָר אַנדערש איז געווען מיין מאַמע, די צדיקת. אַ שוואַכע, אַן אויסגעצערטע, אָבער פול מיט רוחניות און אַ גאָטספאָרכטיקע. זי האָט געקענט אַ ביסל לשון־קודש און אפילו גמרא, בפרט די אגדות. אירס אַ ברודער פלעגט זי צאָלן דרייסיק קאָפּיקעס פאַר יעדן בלאַט מהרש"א, וואָס ער פלעגט זאָגן פון אויסנווייניק. גוטע מידות האָט זי געהאַט אַ סך, זי פלעגט געבן צדקה — מתן בסתר, און איבער דעם אויך געהאַט אַ דין־תורה מיט מיין טאַטן. אויף איר „צעטל" האָט זי געהאַט אַ 30—40 אָרעמע־לייט פון נאָווי־דוואָר, און כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן שטיין בעטלען פאַר דער טיר, האָט זי איינגע־טיילט די „אַרבעט" צווישן אונדז, קינדער, אַז מיר זאָלן ברענגען די צדקה אַהיים צו די אָרעמע און קראַנקע.

איך האָב געהאַט צו מיין רשות צען אָרעמע־לייט יעדן איינעם פון זיי פלעג איך ברענגען ערב שבת אַ קוואָרט מעל, אַ פונט פלייש און פופציק קאָפּיקעס. און ווי מיין מאַמע האָט אָנגעזאָגט, — איך האָב דאָס פעקל אָוועקגעלייגט פאַר דער טיר, צוויסן געטאָן וועגן דעם מיט אַ קלאַפּ אויף דער טיר און געשווינד אַוועק. נישט איין מאָל האָב איך געהערט ביים אַוועק־גיין, ווי מען באַגלייט מיך מיט אַ ברכה.



ר' אברהם יונגוויץ, דער פאָטער פון בועז יונגוויץ

די צדקה, וואָס מיין מאַמע האָט געגעבן, איז געווען אַן טאַטנס וויסן, און אַ מימרא איז פאַראַן, אַז צדקה אָן מאַנס וויסן ווערט נישט פאַררעכנט אויף יענער וועלט. ווייל אַלץ, וואָס אַ פרוי באַזיצט, באַלאַנגט צום מאַן, און נעמען אָן זיין וויסן איז ווי אַ גנבה... מיין מאַמע האָט פון דעם געוווסט און צוליב דעם געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט: זאָל זי זאָגן דעם מאַן, וויפל געלט זי גיט אויף צדקה — איז ער דאָך אַ כעסן. זאָל זי נישט זאָגן — פאַרלירט זי דאָך אַזוי פיל מיצוות און איר חלק עולם הבא...

נאָר דער טאַטע האָט זיך אַליין דערוווּסט וועגן די געלטער, וואָס זיין ווייב גיט אַוועק אויף צדקה, און אַזוי ווי ס׳איז שוין קיין ברירה נישט געווען, האָט ער ביי איר פאַרלאַנגט, אַז אַלע מיצוות, וואָס זי האָט געטאָן פאַר זיין געלט און דעם עולם הבא, וואָס זי האָט זיך מיט דעם פאַרשאַפט, זאָל זי „אָפּ־שרייבן אויף אים״, אַלס זיין זכות...

די מאַמע האָט אויפגעציטערט, זי האָט נישט געקענט גלייבן, אַז איר מאַן, דער עולם־הזהניק, זאָל גאָר פּלוצעם באַגערן מיצוות. מיין טאַטע האָט אַפילו נישט מסכים געווען, ווי ס׳האָט פאַרגעלייגט מיין מאַמע אַז מען זאָל זיך אין דעם ענין פאַרלאָזן אויף דער מאַמעס ברודער יאָסל. זי האָט זיך געהאַלטן אַן עצה מיט אונדזער פריינד יענקל באַלעגאָלע, און ער האָט געראָטן, אַז מיין טאַטע און מאַמע זאָלן גיין צו אַ דין־תורה ביים רב.

ווען דער רב האָט געשיקט חצקעלע דעם שמש, רופן צו דער דין־תורה, האָט די מאַמע צו מיר



בועז יאַנג אין דער ראָלע פון משה פון ביטשוטש
אין יאָזעף לאַטיינערס „דאָס יידישע האַרץ״

געזאָגט: „קום, בועז, מיט מיר צום רב. דער טאַטע האָט מיטגענומען יענקלען פאַר אַ מליץ־יושר. איך דאַרף נישט קיין מליץ. דו, בועזל, האָסט מזל. דיר האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס איך קאָן איצט העלפן אָרעמע מענטשן, קום מיט מיר צו דער דין־תורה״.

דעם טאַטנס טענות ביים רב זענען געווען, אַז די מאַמע האָט שוין גענוג מיצוות אויף איר חשבון.

„רבי — האָט ער געזאָגט — איידער איך האָב חתונה געהאַט מיט איר, האָט זי זיך שוין איינגעקויפט עולם הבא. וואָרעם ווען אירע עלטערן האָבן נאָך אונדזערע תנאים געוואָלט אָפּלאָזן דעם שידוך, ווייל איך האָב זיך אַרויסגעוויזן אַלס צו פּראָסט פאַר איר — האָט זי עס נישט געלאָזט, כדי מיך נישט צו פאַרשעמען. ווען איך האָב זי געוואָלט שיקן אין די בעדער קיין סאַכאַטשינעק, זי זאָל היילן אירע קראַנקע לונגען, — האָט זי געזאָגט צו מיר: „אברהם, דאָס דאַרף קאָסטן אַ פּאָר הונדערט קערבלעך, טאָ לאָמיר בעסער דאָס געלט אַוועקגעבן יענקלען אַלס נדן פאַר זיין פאַרזעסן מיידל״. איך מוז זאָגן דעם אמת, רבי, און איך בין זיך מודה פאַר דיר, יענקל, אַז איך האָב נישט געוואָלט געבן דאָס געלט פאַר דיין טאָכטער. ס׳איז געווען איבער מיין כוח, נאָר זי האָט אירס אויסגעפירט״...

דאַ האָט זיך מיין טאַטע אַ קער געטאָן פון רב צו יענקלען: „איך ווייס שוין איצט, יענקל, ווו דו האָסט גענומען געלט צו קויפן אַ ניי פערד, ווען דאָס אַלטע האָט געפגרט. זי, הענע פריידע מיין ווייב, זי האָט דיר דאָס געלט געגעבן...״ „נו — האָט ער זיך ווידער געווענדט צום רב — האָט זי שוין נישט מיט דעם אַליין איר עולם הבא? איך אָבער וועל קומען אויף יענער וועלט אַ נאַקעטער, אָן מיצוות״. דערביי האָט דער טאַטע זיך צעוויינט: „רבי! אפילו דאָס דאַווענען כאַפּ איך אָפּ גיך און אַנטלויף צו פרנסה אין פעסטונג אַריין. איך בין דער גבאי פון חברה תהילים און איך האָב דאָס גאַנצע יאָר נישט קיין צייט צו זאָגן בציבור אפילו איין קאַפּיטל תהילים — זאָל איך זשע כאָטש האָבן דעם שכר פאַר דער צדקה, וואָס זי טיילט צווישן די אָרעמע־לייט פון מיין געלט״.

ווען דער רב האָט געפרעגט מיין מאַמען, וואָס זי האָט אויף דערויף צו זאָגן, האָט מיין מאַמע געלאָזט הערן אַזאַ טענה:

„אמת, רבי, איך ווייס, וואָס עס שטייט געשריבן, אָבער פאַר צדקה האָט אים גאָט געגעבן כפל־כפליים. וואָס מער צדקה איך האָב געגעבן — אַלץ רייכער איז ער געוואָרן, און גענוג עולם הזה האָט ער זיך פאַרשאַפט פאַר דעם געלט. אברהם — האָט די מאַמע געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרשעמט געזאָגט — איך ווייס אַלץ... איך בין קראַנק זינט איך האָב געהאַט מיין ערשט

קינד און מיינע טעג זענען געציילטע; היינט־מאָרגן וועל איך דאַרפֿן שטיין פֿאַר דעם, וואָס לעבט אייביק״ און דאָ האָט זי זיך געווענדט צום רב: „אָבער ער, מיין מאַן, איז ערשט פֿינף און פֿערציק יאָר, געזונט און רייך, ער קאָן נאָך טאָן אַ סך מיצוות און מעשים טובים. איך לייד גענוג יסורים אויף דער וועלט, זאָל ער מיר כאָטש פֿאַרגינען נאָכן טויט״.

איך האָב דעמאָלט געקוקט אויף מיין טאַטן, ווי אויף אַ גזלן, וואָס וויל באַראַבעווען די מאַמען, און איך האָב שטאַרק געוויינט.

די ליכט, וואָס האָבן געברענט ביים רב אויפֿן טיש, האָבן זיך געשמעלצט, און ווען דער רב האָט געוואָלט מיט אַ שערל אָפּשניידן די קנויט, האָט ער איין ליכט אין גאַנצן פֿאַרלאָשן. ס׳איז געוואָרן טונקל און נאָר די האַלב־חודשדיקע פֿולע לבנה האָט מיט איר שיין באַלויכטן דאָס בית־דין־שטיבל.

דער רב, מיטן קאָפּ אויף דער האַנט אָנגעשפּאַרט, האָט אין זיין טראַכטן זיך פּלוצעם אַ הייב געגעבן און געזאָגט:

„ס׳שטייט געשריבן, אַז דער בית־דין של מעלה זעצט זיך נישט פֿריער צום משפּט, ביז דער בית־דין של מטה איז נישט מקדש דעם חודש. קומט, מיר וועלן אַרויסגיין מחדש זיין די לבנה״.

ווען מיר זענען צוריק אַריינגעקומען אין רבס חדר, האָבן מיר געטראָפֿן די מאַמען ביים פֿענצטער, ווי זי זיצט און קוקט אַריין אין אַ ספֿר ביים שיין פֿון דער לבנה.

מיר האָבן זיך אַלע אַוועקגעזעצט, און דער רב האָט געזאָגט צום טאַטן:

„אברהם, דו ווייסט, אַז ווען גאָט האָט באַשאַפֿן די וועלט, האָבן די מלאכים צו אים געזאָגט: צו וואָס דאַרפֿסטו באַשאַפֿן דעם מענטש? האָט גאָט געענטפֿערט: איר וועט זען זיינע מעשים, ער וועט זיך מקריב זיין פֿאַר מיר... דו, אברהם, האָסט נישט געוואָלט אפֿילו מקריב זיין דיין געלט כדי צו טאָן אַ מיצווה. נאָר זי, הענע פֿריידע, דיין ווייב, זי האָט אפֿשר איר אייגן לעבן מקריב געווען פֿאַר יענקלס טאָכטער. אמת, על פּי צדק האָסטו געמעגט די זאַך נישט צולאָזן, ס׳איז דאָך דיין געלט געווען, אָבער... פֿרעג איך דיך, אברהם בן יהודה, צי באַשטייסטו נאָך אַלץ אויף דיין פֿאָדערונג?״

דער טאַטע האָט געשוויגן, און דאַן האָט דער רב זיך געווענדט צו דער מאַמען:

„הענע פֿריידע, אברהם ווייב, ביסט וויליק אים אָפּצושרייבן אַ חלק עולם הבא?״

די מאַמע, נישט קלערנדיק, איז צוגעגאַנגען צום טאַטן און געזאָגט מיט תמימות:

„אברהם, מיין מאַן, קנאַפּע דרייסיק יאָר ביסטו געווען מיין שותף אויף דער וועלט, טאָ זיי אויך מיין שותף אויף יענער וועלט. זאָל דער רב אויסשרייבן אַ כתב און איך וועל אונטערשרייבן״.

ווען דער רב האָט פֿאַרענדיקט שרייבן און די מאַמע מיט די עדות האָבן זיך אונטערגעשריבן, האָט דער רב איבערגעגעבן דאָס פּאַפּיר צום טאַטן און געזאָגט:

„אברהם, געדענק, באַהאַלט דאָס אין אַ קאַסע, ווו מען האַלט טייערע חפצים״.

האָט זיך יענקל אָנגערופֿן:

„אברהם, גיב עס דיין ווייב, די צדיקת. זאָל זי עס האַלטן אין שאַכטל צוזאַמען מיט איר צירונג״.

## די צוואה פֿון מיין מאַמען

ווען מיין מאַמע האָט מיך געבראַכט צום ערשטן מאָל אין חדר אַריין ביים דרדקי־מלמד, האָט זי געזאָגט: „ר׳ פֿישל, ער איז אַ מזלדיקער, ער וועט אייך ברענגען פּרנסה״. איך געדענק נישט, צי ער האָט טאַקע זוכה געווען צו פּרנסה צוליב מיר, אָבער איך געדענק אויך נישט, אַז ער זאָל מיך האָבן דערפֿאַר געשמיסן...

קיין עילוי בין איך נישט געווען, אָבער צו זיבן יאָר האָב איך שוין געלערנט גמרא מיט תּוספֿות, און צו צוועלף יאָר האָט מען מיך שוין געשיקט קיין יאַנאָווע, פֿון וואַנען מיין ברודער שמואל האָט חתונה געהאַט, אַז איך זאָל לערנען ביים דאָרטיקן רב, צוזאַמען מיט דריי אַנדערע זיבעצן־יאָריקע בחורים.

ווען איך בין צוריק אַהיימגעקומען פֿון יאַנאָווע, האָב איך שוין געטראָפֿן מיין מאַמען אין איר לעצטער שעה.

ליכט האָבן געברענט און אַלע קינדער האָבן זיך געשטעלט אַרום איר בעט. איך בין געשטאַנען נעבן איר און געזאָגט פּסוקים פֿון „מעבר יבוק״.

עטלעכע און זעכציק יאָר זענען שוין אַוועק פֿון יענער צייט און נישט צו פֿאַרגעסן. איך בין שוין בייגעווען ביי דער גסיסה פֿון אַ סך מענטשן, נאָר ביי קיינעם האָב איך נישט געזען אַזאַ בטחון, אַז נאָר דער גוף שטאַרבט און די נשמה לעבט ווייטער; אַז

באַלד וועט זי פליען אַהין, ווו גוטע מלאכים וועלן אַקעגנקומען און זי אַריינכאַפּן אין דער וועלט פון אייביק.

מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און מיט פאַרטרוקנטע ליפּן האָט מיין מאַמע געמורמלט פסוקים תהילים. די דריי ווערטער „בידך אפקיד רוחי" האָט זי געזאָגט קלאָר, און ווען זי האָט דערפילט, אַז דאָס זענען די לעצטע מינוטן, האָט זי די פאַרגלייזטע אויגן אָנגע־שטעלט אויפן עלטסטן זון שמואל, מיט אַ צייכן, ער זאָל אַפּירנעמען די צוואה פון אונטערן קישן און זי איבער־געבן דעם טאַטן. דערביי האָט זי מיטן לעצטן אָטעם אַרויסגעשעפּטשעט „שמע ישראל" און מיט אַ שמייכל אויפן פנים האָט זי פאַרלאָזט די וועלט.

ווען די מאַמע איז שוין געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך, האָט די מומע צו מיר געזאָגט: „בועז, גיי צו צו דער מאַמען און זאָג איר, זי זאָל זיין אַ גוטע בעטערין פאַר דיר אויף יענער וועלט".

אַז מיין מאַמע קען פועלן ביים רבונו של עולם, וואָס איך וועל ביי איר בעטן, — אין דעם בין איך געווען זיכער. האָב איך זיך אַראָפּגעבויגן צו מיין טויטער מאַמען און געבעטן, זי זאָל זיך מיען ביי דעם רבונו של עולם, אַז איך זאָל אויפוואַקסן אַן ערלעכער ייד...

ווען מען האָט, לויט דער מאַמעס בקשה, געעפנט איר צוואה, נאָך איידער מען האָט זי מקבר געווען, זענען אַלע קינדער געשטאַנען אַרום דעם טהרה־ברעט, אויף וועלכן זי איז געלעגן, און מיין עלטסטער ברודער שמואל האָט פאַרגעלייענט די צוואה, צווישן דעם גרויסן עולם נייגעריקע, זי האָט געבעטן, אַז אין טאָג פון יאָרצייט זאָלן די קינדער לערנען משניות און אַ מנין יידן זאָלן זאָגן תהילים; אַז ביז דעמאָלט זאָלן אַ גאַנץ יאָר די קינדער זיך קליידן יידישלעך; און אַ פאַרבאָט לאָזט זי איבער, אַז קיינער פון אירע קינדער זאָל נישט אַ נאָמען געבן נאָך איר די אייניקלעך, וויל זי ווייסט, אַז פון איר יידישן נאָמען הענע פריידע, וועט מען סיי ווי מאַכן העלענע דעם טאַטן בעט זי, ער זאָל שטיצן יענקלען דעם באַלעגאַלע, און צו יעדער יאָרצייט זאָל ער כאַטש צעטיילן פופציק רובל פאַר אָרעמע־לייט. און בפרט די אָרעמע־לייט, וואָס זענען אויף איר צעטל.

דער טאַטע האָט אויף דעם געשאָקלט מיטן קאָפּ. זיין צער איז געווען נישט צום באַשרייבן. קיין מאָל האָבן מיר אַזוי נישט געזען מיין טאַטן וויינען, נאָר דאָס מאָל, ביי דער מאַמעס קבר, האָבן זיך טרערן געגאָסן פון זיינע אויגן. דער גיבור האָט זיך אין גאַנצן צוזאַמענגעבראָכן.

פון די אַלע זאַכן, וואָס די מאַמע האָט געבעטן אין איר צוואה, האָט מען שפּעטער נאָר מקיים געווען איין זאַך: קיינער פון אונדז האָט נישט אַ נאָמען געגעבן אונדזערע קינדער נאָך איר נאָמען.

## איך וואַקס ביי אַ שטיפמאַמע

פונקט צו די שלושים האָט דער טאַטע געבראַכט אין שטוב אַריין אַ שיינע, געזונטע, מיטליאַריקע פרוי פון וואַרשע, און מיט איר דריי קינדער. ער האָט זי פאַר אונדז פאַרגעשטעלט אַלס זיין פרוי — אונדזער צווייטע מאַמע...

ווען איך האָב מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געשפּילט מיט יעקב אַדלער די ראָל פון שמואל לייבלעך אין גאָרדינס „דער ווילדער מענטש", און אַדלער, צוליב מיין גרים און קליידונג, האָט מיך געפרעגט: פאַר וואָס איך האָב זיך געמאַכט נאָך דיקער און העכער ווי איך בין, — האָב איך עס געפּרוּווט פאַרענטפערן דערמיט, אַז וואָס דיקער און העכער — אַלץ קאָמישער וועט ער אויסזען ביים פּובליקום שפּעטער, ווען ער וועט אַ פאַנטאָפל ביי זיין צווייט ווייב זעלדע. אָבער, אין דער אמתן, האָב איך דעמאָלט קאָפּירט מיין טאַטן דעם ריז און הערשער, פאַר וועמענס קוק די גאַנצע שטוב האָט געציטערט, און וואָס איז דערנאָך געוואָרן אין דער שטיפמאַמעס הענט אַזאַ חלוש.

דער טאַטע מיינער, אָט דער שטרענגער, האַרטער מענטש, האָט אויסגעזען לעכערלעך ווען זי, זיין צווייט ווייב, האָט געשמייכלט צו אים. אין אירע הענט איז ער געוואָרן ווייך ווי טייג, און זי האָט געקענט פועלן ביי אים, וואָס נאָר זי האָט געוואָלט. האָט ער טאַקע, אונטער איר השפעה, אָפּגעשריבן אויף איר נאָמען אַלע הייזער. טראָץ דעם, וואָס זי האָט געהאַט אַן אייגן פינף־שטאָקיק הויז אין וואַרשע, אַ ירושה, וואָס איר ערשטער אַלטער מאַן האָט איבערגעלאָזט.

און אַזוי זענען מיר געוואַקסן צוזאַמען אין איין שטוב — אַכט קינדער, דעם טאַטנס פינף און דריי פון דער שטיפמאַמע.

איך האָב געלערנט אין בית המדרש ביי דעם מורה הוראה ר' הערש בער. ר' הערש בער האָט געהאַט

אַ שווערן קאָפּ, אָבער ער איז געווען אַ מתמיד. ער האָט געקאָנט זיצן פיר און צוואַנציק שעה אויף אַן אָרט און לערנען. די משכילים האָבן אויף אים געזאָגט, אַז אַ מורה הוראה איז ער געוואָרן, נישט צוליב זיין מוח־קראָפּט, נאָר צוליב זיין זיץ־קראָפט... ער האָט געבלעטערט און געקוקט אין רמב״מס „מורה נבוכים״ און „יד חזקה״.

איך בין שוין דעמאָלט געווען אויף אַזוי פיל אַפּיקורסיש, אַז איך האָב קליגלדיק געטייטשט דאָס וואָרט „תיקו״ פון דער גמרא (וואָס מיינט: תשבי יתרץ קשיות ואבעיות — אליהו הנביא וועט פאַר־ענטפערן אַלע קשיות) „נו, האָב איך נישט געטראָפן״... פאַר אַן אפיקורס האָט מיך געמאַכט מיין חבר חצקל בערמאַן. ער האָט אַ מאָל, אין אַ שבת נאָך מיטאָג, מיר געגעבן צו לייענען אין וועלדל שמ״רס אַ ראָמאַן — דאָס ערשטע ביכל, וואָס איך האָב געלייענט.

ווען איך האָב שפּעטער, אין אַמעריקע, געלייענט „שמ״רס משפט״ פון שלום עליכם, ווו ס׳ווערט דער־ציילט, ווי מען רופט שמ״רן צום משפט פאַר דעם בית־דין של מעלה, צוליב די מעשיות, וואָס ער האָט געשריבן פאַר די דינסטן שבת נאָכן קוגל, — האָב איך גרויס פאַראיבל געהאַט אויף שלום עליכמען פאַר זיין חוזק... שמ״רס ראָמאַנען האָבן דעמאָלט אונדז, יינגלעך, געגעבן די ערשטע אָנרעגונג צום לייענען. שמ״רס „גן־עדן פויגעלע״ האָט מיך געמאַכט פאַר אַ לייענער. ערשט נאָך דעם, ווען כ׳האָב זיך דערוווּסט וועגן בוך „אהבת ציון״, האָב איך שוין אויך געלערנט לשון־קודש, כדי עס צו פאַרשטיין. און נאָך „אהבת ציון״ האָב איך אויך געלייענט זשול ווערנס „במצולות הים״, וואָס אונדזער לערער פרענקל האָט איבערגעזעצט אויף העברעיש, ביז איך בין געקומען צו שעקספּיר...

נישט נאָר יינגלעך און דינסטן האָבן דעמאָלט, צום סוף פון די זיבעציקער יאָרן געלייענען שמ״רן. אויך מיינע עלטערע ברידער, וואָס האָבן שוין געלייענט וויסנשאַפטלעכע ביכער אין העברעיש, האָבן אויך הנאה געהאַט פון דעם „זשאַרגאָנישן״ ראָמאַן „דער בלוטיקער אַדיע״.

ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם „חטאת נעורים״, בין איך שוין געגאַנגען שבת נאָך מיטאָג אין וועלדל אַריין הינטער דער שטאָט, מיט אַ בחור, וואָס איז געווען זעקס יאָר עלטער פון מיר. אייזיק יענקל לובראַצקי האָט ער געהייסן (דער פאָטער פון די שוישפּילער דייוו, פּעני און גאָלדע לובראַצקי). איך האָב זיך שוין דעמאָלט באַטראַכט פאַר אַן אַפּיקורס און געוומען פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָסל אין שבת, נאָר ווען ס׳איז געקומען אָנצורייבן דאָס ערשטע שוועבעלע, האָב איך זיך אַרויסגעדרייט פון דעם... ביי יעדן צי פון ציגאַרעטל האָב איך געפילט, ווי עמעצער ציט אינעווייניק אין מיין נשמה... אָבער דאָס צווייטע שבתדיקע ציגאַרעטל האָט מיר שוין פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

געווען אין נאָווי־דוואָר איינער, הערשל יעראָזאָ־לימסקי, באַקאַנט פאַר אַן אַפּיקורס. „דער טויטער הערשל״ האָט מען אים גערופן. ער איז געווען הויך, דאַר, און דאָס שוואַרצע בערדל אַרום זיין בלאַס פּנים, האָט אים געגעבן אַן אויסזען פון אַ לעבעדיקן מת. הערשל איז געווען אַ לערער, אַ פּראַשעניע־שריי־בער, און זייער אַן אינטעליגענטער און איידעלער.

שבת צו קריאת התורה, פלעגן מיר, בחורים, אַרויסגיין פון שול און זיך אַריינכאַפּן צום „טויטן הערשל״ עפּעס אָפּעסן. איין מאָל, נאָך דעם ווי איך האָב ביי אים געגעסן ציבעלע און זיך אומגעקערט אין שול אַריין, ווען מען האָט נאָך געהאַלטן אין לייענען די תורה, — האָב איך פּלוצעם דערהערט, ווי מען רופט מיך אויף צו מפטיר: „יעמוד החתן הבחור בועז ב״ר



די מצבה פון ר׳ אברהם יונגוויץ ז״ל

אברהם מפטיר". פונקט האָט דעם שבת געלייענט די תורה חצקעלע שמש, אָט דער חצקעלע, וואָס איז געווען אַזוי קליין, אַז זיין ליולקע־ציבעק איז געווען אַזוי לאַנג ווי ער, און מיט זיין אייגן הענטל איז אים שווער געווען צו דערלאַנגען אַ שוועבעלע צו דער ליולקע. אָבער ביי די דין־תורהס איז ער דווקא געווען אַ גרויסער קענער. ער פלעגט אַזוי מאַנעווירירן צווישןביידע צדדים, אַז אַלע זאָלן זיין צופרידן און ער זאָל באַקומען שכר טירחה פון ביידע צדדים. דער „בלאַטער שמש" האָבן מיר אים גערופן, ווייל ער איז געווען גוט אי מיט די חסידים, אי מיט מתנגדים און משכילים.

ווען איך בין אַרויף אויפן באַלעמער און אָנגעהויבן מאַכן אַ ברכה איבער דער תורה, זע איך ווי חצקעלע שמש קוקט אויף מיר מיט זיינע קליינע אויגעלעך און ציט עפּעס מיט דער נאָז... אויף מיין ברכה האָט ער געענטפערט מיט אַן „אָמן", ווי ער וואָלט געזאָגט: „אַזוי איז גאָר די מעשה"... איך האָב אויף גיך אָפּגע־פטרט דעם מפטיר און זיך געוואָלט אַרויסשאַרן פון שול, אָבער חצקעלע האָט מיך פאַרהאַלטן און שטי־לערהייט אַ זאָג געטאָן: „וואָס זשע, בועז, עס קומט דיר נאָך מפטיר פאַר דעם? מילא, פאַרן עסן אין מיטן דאַוונען וועט זיך גאָט אָפּרעכענען מיט דיר, אָבער פאַר נישט אויסשווענקען דאָס מויל, אַז עס זאָל זיך נישט פילן די ציבעלע ביי דער ספר תורה — וועל איך זיך שוין מיט דיר אָפּרעכענען..."

## „פלינקע פינגערלעך"

געווען אין נאָווי־דוואָר צוויי יונגע ברידערלעך, וואָס זענען געווען באַקאַנט מיט זייערע שיינע מעשים. קיין יתומים זענען זיי נישט געווען, געהאַט טאַטע־מאַמע, אָבער אויסגעוואַקסן זענען זיי — הפקר־יונגען, גנבים, אַלפאַנסן. איבער פאַרשטענדלעכע טעמים וועלן מיר איינעם רופן: „פאַרטיצער" און דעם צווייטן: „פלינקע פינגערלעך"...

„פאַרטיצער" איז געווען אַ פאַרטאַטש אַ מאַרע־וויכער. מען פלעגט אים כאַפּן, נאָך איידער ער האָט געפּרוווט אַריינשטעקן די האַנט צו יענעם אין קעשענע. איז ער געוואָרן ביי זיין ברודער אַ „פאַרטיצער", — ער פלעגט פאַרטיצן די מענטשן אויפן מאַרק, זיי זאָלן נישט האָבן קיין צייט צו זען ווי „פלינקע פינגערלעך" אַרבעטן...

„פלינקע פינגערלעך" איז געווען אַ בריה אַ מאַ־רעוויכער. ער האָט אַזוי קונציק, לייכט אַרויסגעצויגן ביים „פריץ" דעם בייטל מיט געלט, אַפילו ווען דער „פריץ" האָט געהאַלטן דעם בייטל פאַרשטעקט הינטער דער וועסט. ווי מיט אַ שפּרונג זענען די טייסטערס, בייטעלעך, דימענטענע שפּילקעס געקומען אין „פלינקע פינגערלעכס" קעשענע אַריין. אויף איין האַנט האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ זעקל און די צווייטע האַנט האָט געאַרבעט הינטערן זעקל...

אַ סך יאָרן זענען אַוועק, און מיט אַ מאָל דערזע איך „פלינקע פינגערלעך" שטייענדיק אויף סעקאָנד עוועניו אין ניו־יאָרק. ס'איז דאָך מיינער אַ לאַנדסמאַן, — שטעל איך זיך אָפּ מיט אים. „פלינקע פינגערלעך" האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיר...

— „איך האָב געהערט, ביסט געוואָרן אַ גאַנצער „עקטער" אין אַמעריקע" — זאָגט ער און ווינקט מיט זיינע גנבישע אויגעלעך.

— „און וואָס טוסטו אין אַמעריקע?" — פרעג איך אים.

— „איך — ענטפערט ער שטאָלץ — באַשעפטיק זיך מער נישט מיט קעשענעס, איך אַרבעט איצט ביי סייפס!"

— „ביי סייפס? — פרעג איך אים איבער, נישט ווויסנדיק, וואָס ער מיינט, — דו אַרבעטסט אין אַ פאַבריק, וווּ מען מאַכט קאַסע־קאַסטנס?"

— „ניין — ענטפערט ער — איך אַרבעט אין די הייזער ביי די קאַסעס, און דער פּאָליסמאַן אין גאַס גיט אַכטונג, טאָמער קומט עמעצער אָן... איך האָב אויך צוויי קליאַטשעס, וואָס אַרבעטן פאַר מיר" — באַרימט ער זיך.

— „וואָס מיינסטו קליאַטשעס?" — פאַרשטיי איך נישט.

— „אויב אַזוי, ביסטו דאָך אַ וויטעשטאַק — אַ יאָלד... ביסט דאָך עפּעס אַן „עקטער"... פאַרשטייסטו נישט וואָס איך מיין?" — וווּנדערט ער זיך. „ווו וווינסטו?" — פרעגט ער מיך, מעשה גוטער ברודער.

— „אויף דער פינפטער סטריט, עק עוועניו בי".

— „אויף דער פינפטער און עוועניו בי" — חזרט ער איבער, און גיט צו: „אויף דעם דריטן „פלאָר" (שטאָק) אין די „בעק" (אין הויף אַריין), די פענצטער גייען אַרויס צו אַ שול?"

— „יאָ, יאָ — וווּנדער איך זיך — פון וואַנען וויסטו?"

— „אַזוי גאָר — זאָגט ער — דו, בועז, ווווינסט

דאָרט?... איך האָב דאָך היינט ביי נאַכט דיך געוואָלט באַזוכן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָרט קאָן מען געפינען אַ פּאָר בריליאַנטענע אוירינגלעך, אַ ביסל „קעש". און אַזוי גאָר... נו, מעגסט שוין רויק שלאָפן".

אַזוי איז געווען מיין באַגעגעניש מיט „פלינקע פינגערלעך" אין ניו־יאָרק.

קומענדיק אין 1929 קיין בוענאָס־איירעס, זע איך צווישן אַלע, וואָס זענען געקומען צו דער שיף אונדז באַגעגענען, אויך „פלינקע פינגערלעך".

— „ווי קומסטו אַהער?" — פרעג איך אים.

— „וואָס הייסט — זאָגט ער — איך האָב געלייענט אין צייטונג, אַז דו קומסט מיט דיין פלוניתטע קלאַראַ יאַנג קיין בוענאָס־איירעס, בין איך דאָך דיינער אַ לאַנדסמאַן! בין איך געקומען צו דער שיף, דיר געבן שלום עליכם..."

איך האָב מיך געשעמט לאַנג צו רעדן מיט אים. אָט דאָ אין בוענאָס־איירעס — טראַכט איך ביי זיך — מוז ער זיך פילן ווי אַ פיש אין וואַסער...

צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער. שטייענדיק אַזוי ביי דער קאַסע, דערזע איך „פלינקע פינגערלעך" אין געזעלשאַפט פון דריי פרויען און צוויי יונגע מענער. זיי קומען צו דער קאַסע נאָך בילעטן. אַהאַ — טראַכט איך ביי זיך — שאַפּשאָוויטש (דער העלד פון שלום אש) האָט געבראַכט דאָס גאַנצע „הייזל" מיט די „רופיאַנעס" אין יידישן טעאַטער. איך פּרוביר זיך מאַכן, ווי איך זע אים נישט, און הייב אָן אַוועקצוגיין.

— „קום אַהער, בועז! — שרייט ער מיר נאָך — איך וועל דיך פאָרשטעלן. איך האָב זיי געזאָגט, אַז דו ביסט אַ לאַנדסמאַן". איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה און בין צוגעגאַנגען.

— „דאָס — שטעלט ער פאָר, ווייזנדיק אויף אַן עלטערער פרוי — איז מיין ווייב, אַ לעבן אויף איר; דאָ זענען מיינע צוויי טייערע שנורן, און דאָס איז מיין עלטסטער זון, אַ דאָקטער, און אָט דער וועט אין גיכן זיין אַ גרויסער אינזשעניר".

ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, איז „פלינקע פינגערלעך" אַן אָנגעזעענער ייד אין בוענאָס־איירעס.

לויט דעם בוך „מיין לעבן אין טעאַטער"
פאַרלאַג „איקוף" ניו־יאָרק, 1950.

מאיר בלייק (בלאַכאַרעק)

# אין די צארישע צייטן

### צוויי קברים ביים פּלויט

מיט חשכות און שרעק איז געווען צוגעדעקט נאָווי־דוואָר, ווען אַ קליינע גרופּע יונגעלייט און מיידלעך האָבן זיך דערנענטערט צום טהרה־שטיבל אויפן בית־עולם, כדי צו ברענגען צו קבורה ביי נאַכט זייער חבר, וואָס איז געפאַלן אויף זיין פּאָסטן, אין דינסט פון דער פרייהייט־באַוועגונג.

דאָס איז געווען דער קרבן יוסף, דער זון פון מיליטערישן שניידער אלתר רודאַ.

נאָך מיט פיל יאָרן צוריק האָט זיך אַלתר רודאַ אַריבערגעקליבן פון נאָווי־דוואָר קיין יאַבלאָננע, וווּ ס'איז געשטאַנען אַ גרויסער מיליטערישער גאַרניזאָן. דאָרט האָט אַלתר רודאַ געפירט אַ גרויסן וואַרשטאַט און געהאָדעוועט זיינע צוויי טעכטער, רחל און שרה און צוויי זין, לייזער און יוסף. אַלתר רודאַ האָט זיך געפירט און געקליידעט איראָפּעיש, און אַזוי האָט זיך אויך געפירט זיין יינגסטער זון יוסף.

תמיד אַ שטאָלצער, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר און אַ שוואַרצן הוט, מיט אַ פעלערינע אויף די אַקסלען און מיט אַ שנירעלע פון די פענסנע־ברילן אויפן וועסטל, — אַזוי האָט מען יוספן געזען, לויטן נוסח פון די אינטעליגענטן און רעוואָלוציאָנערן אין יענער צייט. אַ גוטמוטיקער בחור איז יוסף געווען, צו פופצן יאָר — אַן אָנגעשטעלטער אין אַ וואַרשעווער מאַגאַזין, און דאָרט האָט ער אויסגעקליבן זיין וועג, צו זיין אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

איין מאָל אין אַ ווינטערטאָג, ווען יוסף האָט מיט זיך געפירט אַ פּאַק אומלעגאַלע ליטעראַטור פאַר די סאָלדאַטן אין יאַבלאָננער גאַרניזאָן, האָבן אים זשאַנדאַרן פאַרהאַלטן ביים אַראָפּגיין פון דער באַן. יוסף האָט

געפּרוּווט אַנטלויפֿן, נאָר דער אָפֿיציר, וואָס פֿלעגט נייען זיינע קליידער ביי יוספֿס טאַטן, האָט אים נאָכגע־שאָסן, אים פֿאַרווונדעט, און נאָך דעם אין טאַטנס שטוב אים דערשאָסן מיט עטלעכע קוילן, ביי דעם יאָמערלעך געוויין פֿון די עלטערן, שוועסטער און ברודער.

ווייל יאַבלאָנגע האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין ייִדישן בית־עולם, האָט מען דעם הרוג געבערענגט מקבר זיין אין נאָווי־דוואָר.

די לוויה איז געווען ביי נאַכט. געקומען זענען נאָר צו דער לוויה די עלטערן, אייניקע פֿון דער משפּחה, און די נישט איינגעלאַדענע... די פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

באַגראָבן האָט מען יוספֿן ביים פּלויט, און ווען דער קברן האָט געשיט די לעצטע לאָפּעטעס ערד, און אַלץ אַרום איז פֿול געווען מיט צאַרן און געוויין — האָט זיך צו די יוגנטלעכע דערנענטערט אַן עלטערער ייד און איבערגעריסן די מיסטעריעזע בית־עולם־שטילקייט מיט אַ פּסוק: „פּקד עוון אבות על בנים על שלשים ועל רבעים" — קינדער קומען אָפּ פֿאַר די זינד פֿון די עלטערן.

דערביי האָט ער מיטן שטעקן אָנגעוויזן אויף אַ פֿאַרשנייטער מצבה, וואָס איז געשטאַנען ביים זעלבן פּלויט, גאָר נאָענט ביים פֿרישן קבר פֿון חבר יוסף: „איר זעט אָט דעם שטיין? דאָ ליגט אַ יונגע אשה, אַ כּשרע טאָכטער, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן פֿון היינטיקן קרבנס זיידע".

אַלע זענען געבליבן ווי צוגעפּרוירענע צום שניי. עפּעס האָט מען יאָ אַ מאָל געהערט וועגן אַזאַ געשעעניש, אָבער ווער האָט געקענט טראַכטן, אַז עס האָט אַ שייכות מיט דער משפּחה פֿון אָט דעם הרוג יוסף? און דער אַלטער האָט נישט אויפֿגעהערט צו דערציילן די מעשה שהיה:

געוווינט האָט אַ מאָל אין שטאָט אַ וואָיעננער שניידער יענקל באַהעלפֿער, אַ בכּבודיקער גביר. ער האָט געפֿירט אַ גרויסן וואַרשטאַט פֿאַר דעם גאַרניזאָן פֿון דער מאָדלינער פֿעסטונג און צוזאַמען דערמיט אַ שיינע באַלעבאַטישקייט; אַלע מאָל אַהיימגענומען אַן אורח און געגעבן צדקה. צווייִ טעכטער האָט ער געהאַט, די עלטערע, זיסל — אַ יפֿת־תּואר, און מען האָט מורא געהאַט פֿאַר אַן עין־הרע...

נאָר אַזוי האָט דאָס שלעכטע מזל געוואָלט. אַן אָפֿיציר פֿון גאַרניזאָן האָט אַ מאָל איבערגעלאָזט אַ משכּון, אַ רעוואָלווער. ויהי היום, ווען זיסעלע האָט אָנגעזייגט איר טעכטערל חנהלע, האָט איינער פֿון יענקל באַהעלפֿערס געזעלן, ברוך (טאַקע דער זיידע פֿון קרבן יוסף) זיך אַ שפּיל געטאָן מיט דער שיינער כּלי, דעם פֿאַרמשכּונטן רעוואָלווער, און אויף קאַטאָוועס אַ זאָג געטאָן צו זיסעלען: „זיסעלע, איך גיי דיך שיסן", און איידער־וואָס איז שוין דאָס עופּהלע אַרויסגעפּאַלן פֿון דער מאַמעס הענט און זיסעלע, ישמרנו הבורא, איז געלעגן אין אַ טייך בלוט מיט אַ קויל אין שטערן.

— „וואָס זשע ווייטער — פֿרעגט איר — לא ימלט, ס'זאָל מער נישט אַזעלכעס געשען. כּדי נישט צו האָבן צו טאָן מיט מלכות און מיט פּראָוועס — האָט מען שטילערהייט, ביי נאַכט, מקבר געווען זיסעלען, דאָ, טאַקע דאָ, אויף דעם אָרט..."

— „וואָס איז געוואָרן מיט ברוכן?" — האָט איינער געפֿרעגט נייגעריק. „אָט טאַקע צו דעם קום איך דאָך" — האָט געענטפֿערט דער זקן מיט אַ זיפֿץ — „מיט ברוכן האָב איך געאַרבעט צוזאַמען ביי יענקל באַהעלפֿער, נאָר איצט זענען זיי שוין ביידע אויפֿן עולם האמת".

לויט דעם סיפּור המעשה פֿון זקן, האָט ברוך דער פּאָטער פֿון אלתר רודאַ, יוספֿס זיידע, זיך אַרומ־געדרייט לאַנגע יאָרן מיט אַ שיפֿלות־געפֿיל, אויף זיך גענומען דעם גזר פֿון כּל הנגישות שבעולם און טראָץ דעם געוויין פֿון ווייב און קינדער, איינגעפּאַקט טלית און תּפֿילין, און אַוועק אָפּריכטן גלות. אַזוי, אַז מען ווייסט נישט ווו ער איז אהינגעקומען.

„פּקד עוון אבות על בנים, על שלשים ועל רבעים" — ווידער האָט דער זקן איבערגעחזרט דעם פּסוק, און אַלע זענען אַוועק פֿון בית הקברות מיט דערשראָקענע געפֿילן, קוקנדיק אויף די צוויי קברים ביים פּלויט...

### אין דער צאַרישער אַרמיי

די ערשטע זאַך, וואָס מען האָט געלערנט די נייע רעקרוטן, איז געווען די אַזוי גערופֿענע „גענדזענע טריט". דאָס איז געווען אַזאַ מין איבונג, ווען יעדער רעקרוט האָט געמוזט גיין פּאַמעלעכע טריט און בשעת מעשה קוקן אויף די אויערן פֿון דעם, וואָס גייט פֿאַר אים פֿאָראויס. מען האָט זיך געמוזט האַלטן אין גאַנג אויף די ליניעס פֿון אָנגעצייכנטן קוואַדראַט, און ביים צוקומען צום ווינקל, האָט מען זיך געדאַרפֿט אָפּשטעלן און פֿאַרקירעווען רעכטס אָדער לינקס, ווי דער פֿעלד־פֿעבל האָט קאָמאַנדירט.

אָנשטאָט קוקן אויף די אויערן פֿון רעקרוט, וואָס איז געגאַנגען פֿאַר מיר, האָב איך גאָר געקוקט אויפֿן

באַרג, וואָס האָט זיך געהויבן צו די וואָלקנס מיט אַ שניי־ווייסער יאַרמלקע, בעת אונטן איז געווען גאָר הייס. די קלאָר־ווייסע וואָלקנס זענען פּאַמעלעך געשווומען, אַרומנעמענדיק האַלבע בערג מיט זייער ווייסקייט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען איינגעטונקען אין שלום און אין שלווה... מיינע אויגן זענען געווען פאַרטאָן אין דער רייכער פּאַנאָראַמע. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך בין אַ רעקרוט און מוז אויספילן געוויסע אינסטרוקציעס. אַנשטאָט גיין אויף דער אָנגעצייכנטער ליניע און קוקן אויף די אויערן פון מיין פאָרגייער, האָבן מיינע באַצויבערטע אויגן מיך געפירט אין דער ריכטונג פון באַרג...

מיט אַ מאָל דערהער איך אַ געשריי פון פעלדפעבל: „בלאַכאַרעק, גדיע טי?!" — ווו ביסטו?!

יאָ, דאָס געשריי פון פעלדפעבל האָט מיך אומגעקערט צו דערווירקלעכקייט. יאָ, אַ סאָלדאַט בין איך אין דער צאַרישער אַרמיי און איך וועל דאַרפן אָפּקומען אַזעלכע איבונגען אין משך פון קנאַפּע 3 יאָר; דער קייסער גיט מיר עסן און אַן אונ־פאָרם, און שיקט מיך קיין קאַווקאַז, נישט כדי צו געניסן פון דער נאַטורשיינקייט. דאָ וועל איך נישט קאָנען אַרומגיין ווי אַ פאַרחלומטער, נאָר אויספירן אַלע אינסטרוקציעס און זיך צופּאַסן צום לעבן פון דער קאַזאַרמע.

✶

ווען ס'איז מיר נאָר געבליבן אַ קנאַפּ יאָר צו „סלוזשבע" (דינסט), האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. אונדזער פּאָלק איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן עסטרייכישן פראָנט. אין אַ קורצער צייט אַרום זענען מיינע אויערן פאַרטויבט געוואָרן בעת אַן אויפרייס פון אַ שראַפּנעל.

צוזאַמען מיט די אַנדערע פאַרוווּנדעטע האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל אַריין. זעקס חדשים בין איך דאָרט געווען, ביז דער הויפּט־דאָקטער, האָט געהאַלטן, אַז איך בין שוין ראוי זיך אומצוקערן צום פראָנט.

אין אַזאַ פאַל האָט מען דעם סאָלדאַט צוגעטיילט צום „זאַפּאַסנעם באַטאַליאָן", וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון „אַרויסגעפאַלענע" סאָלדאַטן, וועלכע ווייסן נישט ווו זייער באַטאַליאָן געפינט זיך, ווי אויך פון רעזערוון און באַפרייטע פון די שפּיטאָלן. דער צוזאַמענשטעל פון מיין „זאַפּאַסנעם באַטאַליאָן" איז געווען פון גרוזינער, אַרמענער און פון אַנדערע אַזיאַטישע פעלקער. אָט די סאָלדאַטן זענען געווען דער אָפּגעשטאַנענסטער עלעמענט אין דער דעמאָלטיקער רוסישער אַרמיי.

איידער מיר זענען אַוועק אויפן פראָנט איז געקומען דער „באַטיושקאַ" (דער פּאָפּ) און געהאַלטן פאַר אונדז אַ פייערדיקע, פּאַטריאָטישע רעדע. ער האָט דערקלערט, אַז איצט גייען מיר אויפן פראָנט, אויפן שטח פון פּוילן, און אַז מיר דאַרפן וויסן, אַז נישט נאָר קעגן דעם אויסערלעכן שונא — דעם דייטש — גייען מיר זיך שלאָגן, נאָר אויך קעגן דעם אינערלעכן, וואָס איז נאָך געפערלעכער פון דעם גערמאַנער...

די דאָזיקע אינערלעכע שונאים — האָט ער פאָרגעזעצט — וועט איר לייכט דערקענען, בערדיקע באַשעפענישן זענען זיי. הינטער יעדער באָרד ליגט באַהאַלטן אַ טעלעפאָן, וואָס גיט איבער אַלע מיליטערישע סודות צום אויסערלעכן שונא. אַ סך פון די פאַררעטער הענגען שוין אויף די ביימער אין די וועלדער, אָבער נישט אַלע זענען שוין אין אונדזערע הענט, איר וועט זיי מוזן געפינען און אויסראָטן, ווייל זיי זענען פיל ערגער פון דעם אויסערלעכן שונא"...

די רעדע איז געווען אַ לאַנגע, די סאָלדאַטן זענען געשטאַנען שטיל און אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט מיט אַ הייליקער פרומקייט, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אין אַ מעטשעט צי אין אַ קאָשטשאָל. יעדעס וואָרט, וואָס דער פּאָפּ האָט אַרויסגערעדט, איז פאַר מיר געווען ווי אַ שטאָך פון אַ שאַרפן באַגנעט. איך ווייס נישט צי אין דעם באַטאַליאָן זענען געווען נאָך יידן, וואָס האָבן געהערט די דאָזיקע רעדע. אויב עס זענען געווען אַזעלכע, בין איך זיכער, אַז אויך זיי האָבן זיך געפילט ווי איך. זע נאָר — האָב איך געטראַכט — איך טראָג אַ ביקס און גיי אַוועקגעבן מיין לעבן פאַר רוסלאַנד, און דאָ, אין מיין קעגנוואַרט, רייצט מען אויף די פינצטערע עלעמענטן, אַז זיי זאָלן שוין דאָ, אויף דעם אָרט, מיך דערהרגענען, און אויך מאָרדן, רויבן און פאַרגוואַלטיקן מיינע אייגענע...

איך האָב געטראַכט פון מיין צאַרטער מוטער, שוועסטערן און ברודער, און פון מיין געליבט מיידל, מיט וועלכע איך האָב נאָך אַלץ געהאָפּט חתונה צו האָבן נאָך דער מלחמה. איך האָב פאַר זיך ווי געזען די אַלע יידן, יידענעס און יונגעלייט, מיט זייער באַזונדערן הילוך, ווי איך האָב זיי באַגעגנט אין די גאַליציאַנישע שטעט און שטעטלעך, בעת איך בין געגאַנגען צום עסטרייכישן פראָנט. זיי זענען איצט אַלע געשטאַנען פאַר מיינע אויגן מיט טרויעריקע געזיכטער... קיין

איינער פון זיי האָט איצט נישט געקאָנט זען, ווי הינטער מיין רובאַשקע ציטערט אויף מיר די הויט. מיין נשמה איז געווען פול מיט רחמנות אויף זיך אַליין און אויף אַלע יידנס בידנעם מזל.

נאָך דער רעדע איז דער פּאָפּ פּאַרבייגעגאַנגען די רייען און אַלע שטייף־אויסגעשטעלטע סאָלדאַטן האָט ער באַשפּריצט מיט זיין „הייליק וואַסער". צו מייך ווייטיק, איז פון זיין בעזעמל אויף מיר געפאַלן אַ טראָפּ, און מיין גאַנצער קערפּער האָט דאַן אויפגעציטערט, ווי מען וואָלט געגאָסן הייסע סמאָלע אויף אַן אָפענער ווונד. דעמאָלט איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַז איך זאָל נישט מיטגיין מיט דער ווילד־אויפגרייצטער מחנה אויפן פראָנט; נישט גיין, אויב אפילו עס וועט מיר קאָסטן מיין לעבן.

★

אין באַראַנאָוויטש האָט זיך דער עשאַלאָן אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע שעה. דאָ זענען פיל פון דאָזיקן ערב־רב, וועלכע זענען אויפן פראָנט קעגן די דייטשן און עסטרייכער געווען טרוסן און דעזערטירן, געוואָרן גיבורים און אָנגעהויבן ווילדעווען. מען האָט געריסן שלעסער פון יידישע געשעפטן, גערויבט און געשלאָגן פראַנק־און־פריי, אָן שום שטער און דיסציפּלינאַרע אַריינמישונג פון די באַטאַליאָן־קאָמאַנדירן. דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט טאַקע אַרויסגערופן קאָזאַקן קעגן די רויבער און פּאָגראָמטשיקעס, אָבער קיין שום שטראָף קעגן זיי איז נישט דורכגעפירט געוואָרן. אדרבא, די רויבער האָבן פריי אַוועקגעטראָגן גאַנצע זעק מיט יידיש האָב און גוטס.

זיי האָבן ביי זייער רויבאַרבעט אפילו נישט געטראַכט, אַז צומאָרגנס קענען זיי אַליין געטראָפן ווערן פון אַ דייטשער אָדער עסטרייכישער קויל, און וועלן מוזן איבערלאָזן דאָס גאַנצע אָנגערויבטע גוטס אויפן פרייען פעלד, ביי זייערע טויטע קערפּערס. דערווייל איז באַרויבן און שענדן יידן, געווען אַ ספּעציעלער פאַרגעניגן, אַ דערמוטיקונג און אויך אַן אויסדרוק פון „פרייהייט"...

אין מיט פון דעם גאַנצן כאַאָס אין שטאָט, האָב איך זיך באַהאַלטן אין אַ יידיש הויז, מיט דער האָפענונג, אַז דער עשאַלאָן וועט דערווייל אַוועק און מיר וועלן בלייבן הינטערשטעליק. דער ייד האָט נעבעך מורא געהאַט צו באַהאַלטן אַ רוסישן סאָלדאַט, אַ דעזערטיר פון דער אַרמיי. דאָס האָט געמיינט טויט־שטראָף פאַר אונדז ביידן. איז פאַר מיר נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי גיין צום וואָקזאַל און דאָרט ווי עס איז זיך אַרויסדרייען פון גיין אויפן פראָנט מיט די פּאָגראָמטשיקעס.

ווען איך בין אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט און אַלע טירן פון די וואַגאָנען זענען שוין געווען פאַרמאַכט. ווען דער פעלדפעבל האָט מיך דערזען, האָט ער זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס איך בין נישט צוזאַמען מיט מיין פּלוטאָן, און נאָכן אויספרעגן ביי מיר עטלעכע פראַגן, האָט ער מיך געגעבן אַ שטופּ אַרויף אויף דער אָפּגייענדיקער באַן. אַ גליק, וואָס די באַן האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך. נאָכן אָפּפאָרן עטלעכע ווייאָרסט, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון טורעם אויפן וואַגאָן און זיך אַ ביסל צעקלאַפּט. ווי נאָר די ווייטיקן זענען געוואָרן אַ ביסל לייכטער, האָב איך זיך געלאָזט גיין צוריק צום וואָקזאַל. און אָט, איך גיב אַ קוק — דער זעלבער פעלדפעבל, וואָס האָט מיך מיט עטלעכע שעה צוריק אַרויפגעשטופּט אויף דעם טורעם פון וואַגאָן, שטייט לעבן מיר.

ער פרעגט מיך באַלד, ווי אַזוי איך קום אַהער, און איך ענטפער מיט אַ פראַגע: „וואָס טוסטו דאָ?"

דער געשפּרעך ווערט באַלד צוטרויליך און פריינדלעך. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט אין וואַרשע אַ פרוי און קינדער, און עס האָט זיך אים שטאַרק פאַרבענקט נאָך זיי. דאָס האָט מיך שטאַרק דערפרייט. איך האָב אים דערקלערט, אַז אויך איך האָב דעם זעלבן מיין ווי ער... און אַזוי זענען מיר ביידע, פּאָלאַק און ייד, געוואָרן גוטע פריינד...

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַ באַן מיט אַן עשאַלאָן סאָלדאַטן איז אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל, אין דער ריכטונג קיין וואַרשע. אויף דער באַן האָט מיר דער פעלדפעבל געעצהט, אַז איך זאָל אַראָפּנעמען דעם פּאַס פון מיין שינעל, כדי איך זאָל אויסזען ווי זיינער אַן אַרעסטאַנט. אַנדערש וואָלטן מיר נישט געקאָנט דורכגיין די מיליטערישע וואַך. ערשט נאָכן דורכגיין די וואַך אויפן פּעטערבורגער וואָקזאַל אין וואַרשע, האָט ער מיר צוריקגעגעבן דעם פּאַס. מיר האָבן זיך פריינדלעך געזעגנט און מער האָב איך אים נישט געזען.

★

אין דינסט אויף די פראָנטן, האָבן מיר זייער ווייניק געוווּסט, וואָס עס געשעט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג, ספּעציעל מיט יידן, אין די באַפעסטיקטע שטעט. אַזוי ווי נאָווי־דוואָר איז געווען אַ

פעסטונג־שטאָט, האָט די רוסישע אַרמיי פון דאָרט אַרויסגעטריבן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אויך מיין גאַנצע משפחה איז איצט געווען נע־ונד אין וואַרשע, ווו איך האָב מיט זיי פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן.

מיט אַ מאָל האָבן זיך באַוויזן גרויסע פּלאַקאַטן, מיט אַ דראָענדיקן אָנזאָג, אַז אַלע דעזערטירן, וואָס וועלן זיך נישט צושטעלן אין דער באַשטימטער צייט, און מען וועט זיי שפּעטער כאַפּן, — וועלן דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

וואַרשע איז דאַן פול געווען מיט היימלאָזע יידן. די גאַסן און די הויפן זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט די אַנטלאָפענע פאַר די רוסישע פּאַגראָמטשיקעס. די אַלע יידן מיט זייערע קלומעקעס, דאָס לעצטע פון זייער האָב און גוטס, האָבן זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט צו דער נאָענטער, גרויסער שטאָט. אַלע וועגן זענען פול געווען מיט די אַרויסגעטריבענע און זיי האָבן פאַרנומען אין וואַרשע אַלע בתי־מדרשים, שולן, חברות און הויפן. די גאַנצע וואַרשעווער יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז געווען פאַרנומען מיט דער זאָרג פאַר די פּליטים, און עס האָט געריסן ביים האַרצן צוצוזען די פּיין פון קינדער און עלטערן.

צו דעם אַלעם פלעגן פאָרקומען אָפטע אַבלאַוועס. מיט אַ מאָל פלעגן אַריינפאַלן כאַפּטעס סאָלדאַטן, שרייען, געוואַלדעווען און נישטערן, זוכנדיק יידישע דעזערטירן. און איך, ווי אַ רירעוודיקער בחור, האָב מער נישט געקאָנט בלייבן ליגן אין אַ באַהעלטעניש. איך בין אַרויס, זיך געמאָלדן צום מיליטערישן קאָמענ־דאַנט, און ער האָט מיך, אָן שום קשיות, גלייך אָפּגעשיקט אויפן פראָנט.

צוזאַמען מיט מיר האָט זיך געמאָלדן צום מיליטער־רישן קאָמענדאַנט נאָך אַ נאָווי־דוואָרער ייד — גאָלדבראָך, וועלכער האָט איבערגעלאָזן אין דער היים אַ פרוי מיט קינדער. אַ סך יידישע יונגעלייט האָבן זיך דאַן צוריק צוגעשטעלט אין דער אַרמיי, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט שטעלן אין געפאַר זייערע אייגענע, וואָס האָבן אויך אַזוי געהאַט גענוג זאָרג און צרות.

ווי טרויעריק אונדזער „דאָברע מזל" איז נישט געווען, האָבן דאָך אַ סך יידישע יונגעלייט נישט פאַר־לוירן דעם יידישן בטחון. ספּעציעל האָב איך דאָס געפילט אין מיין מיטליידנדיקן, נאָווי־דוואָרער חבר, גאָלדבראָך. עס ווייזט אויס, אַז איך בין געווען געקנאָטן פון אַ שוואַכערן טייג ווי ער. איך האָב אין גאַנצן רעזיגנירט צו מיין גורל, אָבער דער גאָלדבראָך איז געווען פול מיט בטחון, לעבנסלוסטיק און האָפענונגס־פול. ער האָט מיך כסדר געמונטערט: „מאיר, זיי זיך נישט מייאש, פאַל נישט אַראָפּ ביי זיך, אַ ייד טאָר די האָפענונג נישט פאַרלירן; נעם זיך אַ ביישפּיל פון מיר. זע, איך האָב איבערגעלאָזט ווייב און קינדער, און דאָך האָף איך צו גאָט, אַז איך וועל בלייבן לעבן און בשלום צוריקקומען אַהיים".

ער האָט מיך באַדינט מיט אַן אמתער פאָטער־לעכקייט. ער האָט מיך געצוווּנגען, אַז איך זאָל זיך וואַשן, האַלטן ריין גוף און נשמה: „אַ ייד דאַרף אויסזען ווי אַ ייד און נישט פאַרלירן דעם צלם אלוהים". ער האָט מיך באַאיינפלוסט, איך זאָל עסן און שטאַרקן זיך: „מען דאַרף האָבן כוח איבערצוטראָגן די צרות". אַז איך בין איינגעשלאָפן, האָט ער מיך צוגעדעקט מיט מיין מאַנטל און געוואַכט איבער מיר, ווי איך וואָלט געווען זיין אייגן קינד.

ווען אונדזער באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ווילנע, האָט ער מיר פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גיין אין בית־המדרש אַריין דאַווענען. אַזוי ווי איך האָב אים ביז איצט אין אַלץ געפאָלגט, האָט ער אויך דאָס ביי מיר אויסגעפירט. מיר זענען געגאַנגען אין גאונס קלויז דאַווענען.

נאָכן דאַווענען האָב איך גענומען זאָגן תהילים, איין קאַפּיטל נאָכן צווייטן. עס האָט זיך אַליין געזאָגט און די טרערן זענען אַראָפּגערונען אויף מיין באָרד. מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, אַז דער קעניג דוד האָט די דאָזיקע שירים ספּעציעל געשריבן פאַר מיר און פאַר דער היינטיקער צייט. עס האָט מיך גענאָגט ביים האַרצן און איך האָב בדמיון געזען מיין טאַטן, ווי אַ מאָל, ווען ער שטייט און זאָגט תהילים מיט אַלע יידן... איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מיין מאַמע האָט מיך אַ מאָל געבעטן, אַז איך זאָל צוליב טאָן דעם טאַטן און גיין מיט אים זאָגן תהילים אין צווייטן טאָג שבועות. זי איז דעמאָלט געווען גליקלעך, וואָס איך האָב געפאָלגט און נישט פאַרשאַפט דעם טאַטן קיין חרפה און איר קיין עגמת־נפש. אין זאָגן תהילים האָט זיך מיר שטאַרק פאַרבענקט נאָך מיין מאַמען, צו אויסקושן אירע הייסע טרערן...

ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב פאַראיבל געהאַט אויף מיין איבערגעגעבענעם פריינד גאָלדבראָך, ווייל ער האָט מיר דערמאָנט, אין זאָגן תהילים, אַז ס'איז שוין שפּעט און מיר מוזן זיך גיך

אומקערן צום עשאַלאָן... איך האָב אים געפּאָלגט און בין אים נאָכגעגאַנגען. ווי נאָר איך בין אַריין אין וואַגאָן, בין איך אַוועקגעפאַלן ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים און איינגעשלאָפן.

אַ חלום האָט זיך מיר דעמאָלט געחלומט, אַז איך גיי מיט ביקס און פּאַק אויף די פּלייצעס — קומען מיר אַקעגן צוויי דאַרע יידן, אַ הויכער און אַ נידעריקער, און ביידע טרייסטן מיך: „האָב נישט מורא, גיי מיט בטחון, דיין מלאך וועט דיך היטן אויף אַלע דיינע וועגן. מיט גאָטס הילף וועסטו אַהיימקומען בשלום"...

איך האָב עס דערציילט מיין פריינד, און ער האָט אויף דעם געענטפערט מיט אַ ליבן שמייכל: „איך האָב דיר געזאָגט, אַז פאַראַן אַ גאָט אין הימל. אַ ייד טאָר דעם בטחון נישט פאַרלירן!"

פון דעמאָלט אָן בין איך צוריק געוואָרן אַן אויפגעלייגטער. איך האָב געגעסן, געטרונקען און בין געוואָרן מוטיקער. אַזוי ווייט, אַז מיין נאָענטער פריינד האָט נישט געקענט באַגרייפן די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיין נשמה.

✶

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף דעם זאַמלפּונקט, האָט מען מיך און מיין פריינד גאָלדבראָך צוגעטיילט צו אַ באַשטימטן רעגימענט, וואָס האָט באַלד געדאַרפט אָפּגעשיקט ווערן אויפן פראָנט. כאָטש דער צוזאַמענשטעל פון דעם נייעם רעגימענט איז געווען פון די פאַרשידענע פעלקער איבער וועלכע דער רוסישער צאַר האָט געהערשט, דאָך האָט מען פאַר זיי קיין פּאַטריאָטישע דרשות נישט געהאַלטן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן זענען די מענטשן אויך געווען גוטהאַרציקע. מיר איז אין דעם רעגימענט באַזונדערס גוט געווען צוליב מיין לאַנגער, רויטער באָרד. טאַקע צוליב אָט דער רויטער באָרד, האָבן זיי מיך אַלע גערופן „סטאַראָק" (אַלטער). ווען ס'איז אויסגעקומען אויסצופירן אַ שווערע אָדער געפערלעכע שליחות, האָבן זיי אַזוי מאַנעווירירט, אַז דער סטאַראָק זאָל זי אויסמיידן. די דאָזיקע האַנדלונג פון די ערלעכע שקצים, האָט צוריק אויפגעוועקט אין מיר אַ גלויבן אין דעם מין מענטש.

מיר זענען געווען אויף פאַרשידענע פראָנטן און אין פאַרשידענע געגנטן. דער שונא האָט געשלאָגן פון רעכטס און פון לינקס, ווי אַ פייער קאָסעט היי. און ענדלעך בין איך פאַרנומען געוואָרן אין „פּלען" (געפאַנגענשאַפט).

ערשט אין 1919 בין איך אַ באַפרייטער פון „פּלען" צוריקגעקומען קיין נאָווי־דוואָר, וואָס איז שוין געווען אונטער דער מאַכט פון דער נייער פוילישער מלוכה. נייע אוניפאָרמען, נייע געזעצן, אַנדער געלט און ווידער — פאַר אַ ניי לעבן. אָבער דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן אין נאָווי־דוואָר האָט זיך מיט גאָרנישט געענדערט... איך האָב זיך געפילט, ווי איך וואָלט צוריקגעקומען פון יענער זייט סמבטיון.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין פאָטער איז געשטאָרבן נאָך אין יאָר 1917. די מאַמע איז געווען אַ גרויסע אלמנה מיט צוויי דערוואַקסענע טעכטער און צוויי דערוואַקסענע זין. מען האָט ווידער געמוזט איינשטעלן דאָס צעשטערטע לעבן און געפינען וועגן אויף חיונה.

אויך מיין חבר גאָלדבראָך איז אַהיימגעקומען בשלום און זיך איבערגעקליבן אין אַן אַנדערער שטאָט.



אַ גרופּע יידישע זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי



ישראל יעזשי מונדלאַק, אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי,
מיט זיין פרוי זעלדע, די יינגסטע טאָכטער פון ציוניסטישן עסקן
ר׳ איטשע מאיר מונדלאַק



זעליג באָרנשטיין, אַ נאָווי־דוואָרער עמיגראַנט אין אַמעריקע,
האָט אין יאָר 1918 אין ניו־יאָרק זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן
אין „יידישן לעגיאָן“ און דערנאָך געדינט אין סרפנד, א״י

ח. שאַשקעס

# ארום דער נאָוואָ־געאָרגיעווסקער פעסטונג

די פרוי, וועלכע איז מיין הויפּט־העלדין פון יענעם זומער, די טאָכטער פון שפּעטערדיקן נאָווי־דוואָרער ראש הקהל, ר׳ חצקל בערמאַן, איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ. איר טאָכטער ליובאַ, די לערע־רין, איז אומגעקומען אין פּאַלעניץ. דאָס איז אַלץ פּאָרגעקומען אין 1942, אָבער די געשיכטע, וואָס איך וויל דאָ דערציילן, איז פּאַרלאָפן אין 1912.

איך האָב דאַן נאָר וואָס געהאַט פּאַרענדיקט דאָס לערנען אין רעאַל־גימנאַזיע, און מיינער אַ פעטער, ר׳ חיים אייזנבערג, אַ פּאַרמעגלעכער פּאָדריאַטשיק אין דער מאָדלינער (נאָוואָ־געאָרגיעווסקער) פעסטונג, וואָס איז דעמאָלט געבויט געוואָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג, האָט מיך איינגעלאַדן צו פאַרנעמען אַ צייטווייליקע שטעלע פון אַן אויפזעער אויפן פּאָרט נומער זיבן ביים ווייסל.

דער צענטער פון דער פעסטונג איז געלעגן נישט ווייט פון דער לעבעדיקער, באַוועגלעכער שטאָט נאָווי־דוואָר, אָבער די פּאָרטיפיקאַציעס אַרום, האָבן זיך געצויגן אויף צענדליקער מיילן פון וואַרשע ביז פּולטוסק. מאָדלין האָט געזאָלט דינען אַלס באַריער קעגן דייטשע אָנגרייפער; די רוסישע רעגירונג האָט געהאָפט, אַז אין פאַל פון אַ באַלאַגערונג וועט די פעסטונג האַלטן מינדעסטנס אַ יאָר. זי איז אָבער געפאַלן אין 1915 נאָך אַ באָמבאַרדירונג פון 3 טעג, און אין 1939, אין היטלערס בליץ־קריג, איז זי געפאַלן נאָך אַ שטורעם פון 48 שעה...

אָבער אין יאָר 1912, ווען מען האָט מיר אָנגעטרויט די קאָנטראָל אויף דער טראַנספּאָרטאַציע פון זאַמד און שטיינער, פון וועלכע מען האָט געמאַכט די אייזן־בעטאָנענע ווענט אַרום די באַהאַלטענע האַרמאַטן פון פּאָרט נומער זיבן, האָבן מיר אַלע געגלייבט, אַז די פעסטונג איז אומבאַזיגבאַר.

✶

פאַר מיר איז געווען אַ פריילעך געשעעניש — דאָס עצם קומען קיין נאָווי־דוואָר, ווו איך בין גלייך באַפריינדעט געוואָרן מיט די יוגנטלעכע, וועלכע זענען דאָרט געווען פרייער און אומאָפּהענגיקער ווי אין אַנדערע מקומות.

די נאָענטקייט פון דער פעסטונג, דער שטראָם פון געלט, וואָס איז געפלאָסן פון פעטערבורג אין די קעשענעס פון די יידישע „פּאָדריאַטשיקעס" און פון זיי צו יעדן, וואָס האָט נאָר געוואָלט אַרבעטן — האָט געמאַכט גרינגער דאָס געמיט, אַוועקגענומען די שטענ־דיקע שטעטלשע מרה־שחורה פון פּרנסה־זוכעניש, און מענטשן האָבן געלאַכט, געשטיפט און גענאָסן פון לעבן.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך פלעג שוין זעקס פאַר טאָג דאַרפן אַרויספאָרן מיטן וועליסאָפּעד פון נאָווי־דוואָר אין דער ריכטונג, ווו מען האָט געבויט דעם פּאָרט. דאָרט האָב איך געדאָרפן אַכטונג געבן, אַז די שיפלעך מיט זאַמד, וואָס קומען פון די שטעטלעך אַרום, זאָלן זיין פול, און אַז די שטיינער זאָלן שנעל צוגעפירט ווערן מיט די וואַגאָנעט־קעס אויף די צעשאָקלטע רעלסן.

איך האָב געדאַרפט זען, אַז די פערצן פערד, וואָס זענען געווען אין מיין רשות, זאָלן באַקומען זייער געהעריקע שפּייז: צען פונט האָבער און צוואַנציק פונט היי, כדי זיי זאָלן האָבן כוח צו שלעפּן די וואַגאָ־נעטקעס. מיט אַנדערע ווערטער — איך האָב געמוזט האַלטן אַן אויג אויף אַ געוויסן ר׳ אליהו, וועלכער האָט געהאַט די שליסלען פון שפּייכלער, ווו דער האָבער און היי זענען געלעגן. מיין פעטער ר׳ חיים האָט געמיינט, אַז אָט דער ר׳ אליהו באַגנבעט אים און אַנשטאָט האָבער, שטאָפּט ער אָן די פערד מיט שטרוי.

איך בין אָבער דאַן געווען זייער נאַיוו און נישט געקענט גלייבן, אַז ר׳ אליהו מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע און שוואַרצער באָרד, זאָל באַגנבענען אַזאַ פיינעם מענטש, ווי מיין פעטער ר׳ חיים איז געווען. מיר איז דעריבער שנעל דערעסן געוואָרן דאָס קוקן אים אויף די הענט, ווען ער האָט געוויגן יעדן אין דער פרי דעם „פּרישטיק" פאַר די פערד. איך האָב בעסער געקוקט אויף דער ברייטער ווייסל, ווו דאַמף־שיפן זענען געגאַנגען פון וואַרשע קיין פּלאָצק, און אויפן גרינעם באַרג אַנטקעגן, ווו די הילצערנע הייזלעך פון שטעטל זאַקראָטשין זענען געווען צעשאָטן.

מיט אייניקע חדשים שפּעטער, ווען עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה אין נאָווי־דוואָר און

אויך ר׳ אליהוס הויז איז פֿאַרברענט געוואָרן, האָט מיין פריינד אויפֿן ווייסל־ברעג פֿאַר מיר געיאָמערט, אַז זיין אומגליק איז נאָך גרעסער, ווי אַלע מיינען; אַז ער האָט געהאַט פֿאַרשטעקט אין אויוון אַ פּאָר טויזנט רובל אין אַסיגנאַציעס — אַן אָנגעגרייטער נדן פֿאַר זיינע טעכטער — און דאָס איז אויך פֿאַרברענט געוואָרן; און אַז איך זאָל וועגן דעם קיינעם נישט דערציילן, דאָס איז אַ סוד... ערשט דאַן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דער פֿאַרברענטער „נדן" איז געקומען פֿון האָבער, וואָס די פֿערד האָבן נישט דערעסן, און איך האָב שוין געקוקט גאַנץ באַוווסטזיניק צווישן די פֿינגער אויפֿן נייעם „נדן", וואָס ר׳ אליהו קלייבט יעדן פֿרימאָרגן, ווען ער טיילט אויס דעם האָבער פֿאַר די פֿערד.

איך האָב אויך געדאַרפֿט גיין צו דער ווייסל און באַגעגענען די אָנגעלאָדענע שיפֿלעך מיט זאַמד און „זשוויר" (צעמאָלענע שטיינדלעך). מיט אַ לאַנגן אייזערנעם פֿלאָקן פֿלעג איך אַרויפֿגיין אויפֿן הילצערנעם בריקל צווישן ברעג און דעם שיפֿל, און מעסטן די טיפֿקייט פֿון דער לאָדונג. די גויים, וואָס האָבן געבראַכט דעם מאַטעריאַל פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, זענען תחילה געווען איבערראַשט, וואָס איך געטרוי זיי נישט אויפֿן וואָרט, אַז דאָס שיפֿל איז גוט אָנגעלאָדן. דער אַלטער קאָוואַלסקי, אַ גוי מיט גזלנישע אויגן, און מיט אַ פֿאַלשן שמייכל אונטער זיינע פּריצישע וואָנצעס — האָט מיך אַפֿילו אַ מאָל אַ פֿרעג געטאָן, צי איך דאַרף נישט אַ „גמילות חסדל" — וואָלט ער מיר גערן געגעבן...

ווען איך האָב זיך אַנטזאַגט דערפֿון און ווידער מאָרגן געקומען מיטן אייזערנעם פֿלאָקן, צו מעסטן די טיפֿקייט פֿון אָנגעלאָדענעם זאַמד אין שיפֿל, איז געשען עפּעס אומדערוואַרטעט: עמעצער האָט אַ צי געטאָן דאָס ברעטל אונטער מיינע פֿיס און איך בין אַריינגעפֿאַלן מיטן אָנטאָן אין טייך אַריין... קאָוואַלסקי און זיינע זין האָבן זיך געוואָרפֿן מיך ראַטעווען. און ווען מען האָט מיך אַרויסגעצויגן פֿון טייך אַ טויט־דערשראָקענעם, האָבן די גויים מיך אויסגעטאָן נאַקעט, געריבן מיין קערפּער מיט האַרטן, שאָרסקען לייוונט. ווען איך האָב ווידער אַן עפֿן געטאָן די אויגן האָב איך דערזען זייערע שמייכלענדיקע בליקן אויף מיר... דאַן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז מער וועל איך שוין נישט גיין מעסטן דעם מאַטעריאַל פֿון אַזאַ „אָרנטלעכן" פּאַרשוין ווי קאָוואַלסקי איז, און איך וועל אים שוין מוזן „גלייבן" אויפֿן וואָרט... דאָס אַוועקגעשלעפּטע בריקל פֿון אונטער מיינע פֿיס איז געווען אַ גוטע לעקציע פֿאַר מיר...

*

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, פֿלעג איך זיך ווידער זעצן אויפֿן וועליסאָפּעד און צוריקפֿאָרן אין שטעטל אַריין, ווו אומגעוויינלעכע פֿאַרגעניגנס און געשעענישן האָבן שוין געוואַרט אויף מיר; דאָרט זענען געווען מיינע קוזינען פֿעליקס און עדואַרד (אייגנטלעך: פֿייוול און חצקל), דער פֿידלער באַקמאַן און דער יונגער דאָקטער קאַרבאָווסקי, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געחברט. דאָרט זענען אויך געווען די רירעוודיקע, שוואַרצאויגיקע מיידלעך ברכה און רבקה מונדלאַק, די חברטעס פֿון מיין קוזינע ביילטשע; אין יענעם זומער איז אין שטעטל אויך געווען אַ צירק אין אַ גרויסער לייוונטענער בודע, ווו איינע אַ בלאָנדע מכשפה האָט געצויגן פֿאַרביקע „סטענגעס פֿון האַלדז". זי האָט זיי אַזוי לאַנג געצויגן, ביז זי איז דערגאַנגען צו דער רייכער קעשענע פֿון מיין קוזין עדעק און גענומען פֿון דאָרט אַרויסציען זיינע לייכט־פֿאַרדינטע אַסיגנאַציעס, באַרוישנדיק אים מיט דער געניטער אַקראָבאַטישקייט פֿון אַ ציגיינער־„ליבע".

אָבער פֿאַר מיר האָט דאַן אויפֿגעלויכטן אַ נייער שטערן אין מיין לעבן — דער שענסטער שטערן אין שטעטל: אין אַ פֿרילינג־אָוונט, ווען די עפּלביימער האָבן געבליט מיט אַ בלענדנדיקער ווייסקייט און דער שיכורער ריח פֿון בלוילעכן בעז האָט באַרוישט די לופֿט און דאָס בלוט — האָט זיך אויפֿן האָריזאָנט באַוויזן די קליינע דעמאָנישע פּרוי מיטן איראָנישן שמייכל און מיטן ראָזן, ווי פֿון מאַרמאָר געטאָקטן, געזיכט — די רייצנדיקע וויעראַ מאַקסימאָוונאַ.

איך האָב זי דערזען צום ערשטן מאָל אויף אַן אויפֿנאַמע, איינגעאָרדנט דורך מיין פֿעטערס עלטסטן זון, יעקב אייזנבערג. אין זיין רייכער שטוב, פֿול מיט מוזיק־אינסטרומענטן און קינסטלעכע פּאַלמען, פֿלעגט מען טרעפֿן געסט, וועלכע איך האָב ביז איצט נישט געזען ביי קיין שום יידישער פֿאַמיליע — רוסישע אָפֿיצירן מיט זילבערנע שליפֿעס, פּוילישע דאָקטוירים און אַפּטייקערס, ווי אויך דעם פּראָפֿעסאָר פֿון מוזיק, סאָבאָלעווסקי, וואָס האָט גראָד דעם זומער געוויילט אין נאָווי־דוואָר. די הויז באַלעבאָסטע, סלאַוואַ, איז געווען דערצויגן אין אַ רייכן הויף, געלייענט וועלט־ליטעראַטור און זייער לייכט דיריגירט מיט די פֿיל־

פאַרביקע געסט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן פאַרפולט איר גאַסטפריינדלעכע שטוב.

די רוסישע אָפיצירן זענען געווען פאַרבונדן מיט דער פאַמיליע אייזנבערג איבער די בוי־אַרבעטן ביי דער פעסטונג. צוליב דעם איינטאָניקן לעבן אין מיליטערישן גאַרניזאָן, האָבן זיי גערן אָנגענומען די איינלאַדונג פון אַ יידישער אינטעליגענטער היים.

אויך דר. קאַרבאָווסקי מיט זיין פויליש־פּאַטריאָטישער, יונגער פרוי, און דער לערער ראובן מילנער מיט זיין שוואַרץ־חנעוודיקער, העברעיש־רעדנדיקער באַגלייטערין — האָבן צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן דעם גאַנצן פאַרזאַמלטן עולם.

איך, דער ניי־אָנגעקומענער סטודענט אין שטעטל, בין דאָרט געווען אַ ספּעציעלע אַטראַקציע: אַ פרישע טענאָר־שטימע האָט פלוצלינג אַרויסגעשאָסן פון מיין מויל, אָנשטאָט דעם הייזעריקן „אַלט“, מיט וועלכן איך האָב געזונגען אין שולע. איצט מעג מען שוין דערציילן, אַז איך אַליין בין איבערראַשט געווען, ווען דער פּראָפעסאָר סאָבאָלעווסקי האָט מיר געהייסן עפענען דאָס מויל, לאָזן הערן מוזיקאַלישע טענער: אַ, אָ, אַ, ווידער און נאָך, און דערביי נישט אויפגעהערט מיר צוצוגעבן מוט, מיט ליבווערטער: „שליטשנע“, „צודאָווניע“ אאַז״וו.

איך האָב נישט געגלייבט מיינע אייגענע אויערן: ווי לאַנג דען איז דאָס געווען, אַז איך האָב נישט געקאָנט נעמען קיין הויכע טענער אין די כאָר־לידער, און חברה קונדסים אין שולע פלעגן פּלאַצן פאַר געלעכטער, ווען איך האָב זיך צעקרייעט ווי אַ האָן. און דאָ, נאַ דיר גאָר — אַ סאָליסט בין איך געוואָרן... דער פּראָפעסאָר מאַכט מיט מיר רעפּעטיציעס און בעט נישט קיין גראָשן פאַר די לעקציעס. ער זאָגט, אַז אויב נישט אין דער אָפּערע, אָבער אין דעם אָפּערעטן־טעאַטער וועל איך ווערן אַ „סטאַר“...

ווען מען איז אַלט צוואַנציק יאָר און מען שרייבט פייערדיקע ליבע־לידער, ווען די פעך־שוואַרצע האָר קרייזלען זיך אויפן קאָפּ און אַ זוניקער הימל שפּיגלט זיך אין די אויגן — גלייבט מען אין אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן. איך האָב דעריבער זיך דערפילט פעסטער ביי זיך און צום ערשטן מאָל אין לעבן דערשמעקט די זיסקייט פון זיין אין צענטער פון אויפמערקזאַמקייט...

אין יענעם פרילינגס־אָוונט בין איך געשטאַנען פאַר אַ געקליבענעם עולם און געזונגען פּוטשיניס „באַרגאַראָלאַ“ און מאָניושקאָס וואַלץ. ספּעציעל האָט אויסגענומען דאָס לעצטע ליד אין דער רוסישער איבערזעצונג, און ווען צום סוף האָב איך, ווי עס האָט מיך אויסגעלערנט פּראָפעסאָר סאָבאָלעווסקי, אויסגעשטרעקט די אָרעמס און אויסגעזונגען:

„אָ, קום צו מיר מיין טייערע,
אַ ליבנדע און פרייע!“

האָט זיך דאַן לאַנגזאַם אַרויסגערוקט פון דעם עולם אָפיצירן און ציווילע, אַ קליינגעוויקסיקע יונגע דאַמע מיט אַן ערנסט געזיכט און איראָנישן בליק אין די אויגן און פּראָוואָצירנדיק אַ זאָג געטאָן אין אַ פּערפעקטן רוסיש: „אויב איר רופט מיך — בין איך דאָ: אַ חברטע אַ טרייע, אַ ליבנדע און פרייע“...

איך האָב שוין פריער געוווּסט, אַז דאָס איז די עקסצענטרישע גרושה פון אַ דאָקטער, מיט וועלכן זי האָט געלעבט אייניקע יאָר אין סיביר און אים פאַרלאָזן פּלוצלינג, מיטנעמענדיק אַ קליין טעכטערל.

זי האָט זיך באַזעצט אין נאָווי־דוואָר, ווו עס האָט געוווינט די פּראָמינענטע פאַמיליע פון איר פאָטער. זי האָט געדונגען אַן אָפּגעזונדערט קליין הייזל, מיט גרינס באַוואָקסן, אין אַ געדיכטן גאָרטן ביים ברעג פון נאַרעוו, דאָרט ווו ער גיסט זיך צונויף מיט דער ברייטער ווייסל. איך האָב אויך געוווּסט, אַז אייניקע רוסישע אָפיצירן פון נאָר וואָס אָרגאַניזירטן לופט־פּאָלק זענען אירע פריינד און זי שפּאַצירט מיט זיי אין די אָוונטן אויפן שאָסיי, וואָס פירט צום וואָקזאַל. אָבער איך בין קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַר איר. דער דרייסטער שריט, וואָס זי האָט געמאַכט, ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר מיט די ווערטער פון מאָניושקאָס ליד, האָט מיך איבערראַשט; איך בין דעמאָלט אַלט געווען צוואַנציק יאָר און נאָך קיין מאָל נישט געהאַט צו טאָן מיט אַ פרוי פון דעם דעמאָנישן טיפּ, צו וועלכן זי האָט בלי ספק געהערט.

נאָך דעם זענען מיר אַרויס צוזאַמען און איך האָב זי באַגלייט ביזן איינזאַמען שטיבל אויפן ברעג פון נאַרעוו, ווו זי האָט געוווינט. אָבער זי האָט נאָך נישט געוואָלט אַריינגיין צו זיך אין שטוב, האָט זי מיר פאָרגעלייגט צו גיין צוזאַמען אין דער ריכטונג פון שטאָט־גערטנדל אויף וואַרשעווער גאַס. און אַזוי זענען מיר אין יענער פרילינג־נאַכט שעהן לאַנג געגאַנגען און איך האָב מיט שטוינונג זיך אַלץ מער באַקענט מיט יענער אומגעוויינלעכער פרוי, וועלכע איז געווען אַ געמיש פון ניטשעס אַ תלמידה און אָקטאַוו מירבאָס

טייוולשער מאַדאַם סאַפאַ. אַרום אונדז האָבן יענע נאַכט געבליט די עפּלביימער און זייערע צווייגן, באַשאָטן מיט ווייסע בליטן, האָבן אָנגעזאַפּט די לופט מיטן צאַרטן ריח פון נישט דערזאָגטע האָפענונגען.

✶

מיר שפּאַצירן, איך און וויעראַ מאַקסימאָוונאַ, איבער די שלאָפנדיקע גאַסן פון נאָווי־דוואָר.

זי רעדט עפּעס מאָדנע ווערטער, וועלכע קלינגען אי שטאַרק, אי צוזאָגנדיק: „איך האָב היינט באַטראַכט, ווי איר האָט געזונגען און איך ווייס נאָך אַלץ נישט, צי זענט איר אַ מאַן, אָדער גלאַט אַ דעקלאַמאַטאָר... גראָד די טעג האָב איך באַשלאָסן, אַז דער פּלאַץ נעבן מיר איז ליידיק. איך האָב משלח געווען דעם שטאַבס־קאַפּיטאַן וואַסיליעוו, וועלכער איז געוואָרן צו ראָמאַנטיש, סענטימענטאַל, און כאָטש ער איז אַ פליער, איז ער דאָך נישט קיין אָדלער נאָר אַ פלעדערמויז. נאָר שטאַרקע כאַראַקטערן האָבן רעכט אויף ליבע, אויף צערטלעכקייט. אַזוי האָט געלערנט ניטשע... איר ווייסט מסתמא, אַז איך האָב פאַרלאָזט מיין מאַן אין אַ סיבירער שטאָט, ווייל ער פלעגט וויינען, ווען איך בין אַהיימגעקומען שפּעט ביי נאַכט. ער איז געווען אייפערזיכטיק אויפן יונגן פּאָעט פּעאָדאָראָוו, וועלכער האָט ליב געהאַט צו לייענען הייסע ליבע־לידער אונטער אַ ברענענדיקן פראָסט פון זעכציק גראַד... איך האָב אָבער ביידע זאַכן פיינט: ליבע אונטער אַ פראָסט און אייפערזיכטיקע טרערן אין שלאָפצימער. נעמט דאָס גוט אַריין אין קאָפּ, איר, שוואַרץ־געקרייזלטער בחור מיט אַ בליק פון אַ קאַווקאַזער מערדער. און אפשר געפעלן מיר טאַקע אין אייך די קעגנזאַצן... איר דאַרפט וויסן, אַז איך לעב אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס, אַז איך האָב ליב צו לעבן אין געפאַרן...“

אין מיר האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן בונטעווען; מיין יונגער שטאָלץ האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם פרעכן טאָן מיט וועלכן דאָס קליינע דינאַמישע פרויעלע האָט גערעדט צו מיר.

פול מיט צאָרן האָב איך אַ זאָג געטאָן: „איך ווייס זייער ווייניק, וואָס אייער „רבי“ ניטשע האָט געלערנט, דערפאַר אָבער געדענק איך זיינס אַ גוט וואָרט: „אַז דו גייסט זיך אין ליבע דערקלערן צו אַ פרוי, נעם מיט אויף יעדן פאַל אַ גוטע בייטש“. עס איז אַ שאָד, וואָס איך האָב איצט נישט אַ בייטש אונטער דער האַנט“...

וויעראַ האָט זיך פלוצעם פאַרהאַלטן אין גאַנג, אַ כאַפּ געטאָן מיין האַנט און אויסגעשטאַמלט מיט איינגעהאַלטענער ליידנשאַפט: „אָט אַזוי מיין יונגער חבר, דו ווייזט שוין אַרויס די שאַרפע נעגל פון אַ רויבפויגל... עס דאַכט זיך מיר, אַז מיר וועלן ווערן פריינד, וואָס פאַראַ פּראַכטפולער זומער דערוואַרט אונדז!...“

דער זומער איז ווירקלעך געווען שטורמיש, פול מיט וואָלקנבראָכן און זוניקע טעג, אָבער קיין פריינד זענען מיר נישט געוואָרן. אַ מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט, אין וועלכער מענערישער שטאָלץ האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער פאַררעטערישער סטראַטעגיע פון אַ טיגער, איינגעהילט אין אַ רייצנדיקער פרויען־געשטאַלט.

אין קאָן איז געשטאַנען מיין גאַנצע צוקונפט, מיין לעבן. אָבער דאָך, ווי פרעכטיק שיין האָבן געבליט די עפּלביימער אין יענער שעה צווישן נאַכט און טאָג!

✶

איין יענעם זומער פון יאָר 1912, ווען איך בין אַלס נישט דערפאַרענער צוואַנציק־יאָריקער בחורל אַריינגעפאַלן אין ווירקונגס־קרייז פון אַ פרוי מיט האַלב־דעמאָנישע, האַלב־סאַדיסטישע נייגונגען, איז מיר אויך באַשערט געווען צו מאַכן אַ געפערלעכן פלי אין דער לופטן.

אין פאַרשידענע שטעט פלעגט מען דעמאָלט ווייזן פאַר געלט, ווי אַזוי דאָס מאַשינדל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטמאָדישע הינערשטייג, הייבט זיך אויף אין דער לופטן, דרייט זיך דאָרט אַרום אַ מינוט צען־פופצן און לאָזט זיך נאָך דעם אַראָפּ מעשה נסים אויף דער ערד, ביי די שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן פון ענטוזיאַסטישן עולם. איך אַליין האָב דאַן אין גאַנצן מיט אַ יאָר פריער אויסגעקויפט אַ בילעט אין מיין היימישן ביאַליסטאָק, ווו דער פליער גראַף קאַמפּאַ דע סציפּיאַ האָט געוויזן די „קונץ“ פון זיך אויפהייבן אין „הינערשטייג“.

אָבער אין נאָווי־דוואָר, אין ראַיאָן פון דער מאָדלינער פעסטונג, האָט מען שוין געמאַכט די ערשטע, נאָך נישט דרייסטע פרוּוון, צו פאַרוואַנדלען די אַקראָבאַטישע פלי־דערפינדונג אין אַ מיליטערישן וואָפן.

צווישן וואַרשעווער גאַס און דעם וואָקזאַל האָט מען אויסגעבויט אַ געהיימנישפולע האַלב־קיילעכיקע געביידע, אין וועלכער מען האָט אַריינגעקייקלט פיר נעבעכדיקע, קליינע עראָפּלאַנען; מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון פעטערבורגער אינזשעניר־אַקאַדעמיע עטלעכע דרייסטע גראַדויִרטע סטודענטן, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט

מען אַ נאָמען געגעבן: „ערשטער פליער־פּאָלק“. ווי ווייט געפערלעך מען האָט דאַן געהאַלטן די מלאכה פון אַ פליער — קען מען אורטיילן פון דעם, וואָס די יונגע אָפיצירן האָבן גלייך פון אָנפאַנג באַקומען דעם ראַנג פון שטאַבס־קאַפּיטאַן, וואָס איז געווען מיט 3 גראַדן העכער ווי יעדער אַנדערער אָפיציר, וועלכער הייבט אָן זיין דינסט.

אין יענעם זומער, ווען איך בין געווען אין פעסטונג, זענען פון די צען פליער 3 דערהרגעט געוואָרן און 2 האָבן צעבראָכן הענט און פיס נאָך אַן אומגליקלעכער לאַנדונג.

✶

ביי וויעראַ מאַקסימאָוונאַ אין דער גאָרטן־שטוב פלעג איך זיך צונויפקומען מיט די פלי־אָפיצירן. כאָטש ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש האָט זי מיר דערציילט, אַז זי קלייבט זיך „דימיסיאָנירן“ דעם קאַפּיטאַן וואַסילי וואַסיליעוו, וועלכן מיר אַלע האָבן ביז איצט געהאַלטן פאַר אירס אַן אינטימען „סעזאָן־פריינד“, האָב איך דאָך געהאַט אַ חשד, אַז זייער אַלטע ליבע „זשאַווערט נישט“... פאַר מיר, מיט מיין דעמאָלטיקן רויען, נישט געצוימטן טעמפּעראַמענט, איז געווען פיינלעך און אומדערטרעגלעך דער געדאַנק, אַז צווישן מיר און וויעראַן שטייט אַן אַנדערער מאַן. ווען מיר פלעגן בלייבן אַליין, האָבן דעריבער נישט געפעלט קיין שטורמישע סצענעס איבער וואַסיליעוון, אָבער וויעראַ האָט קיין מאָל נישט געלייקנט און קיין מאָל נישט באַשטעטיקט... אויך אין קאַפּיטאַן וואַסיליעווס אויגן פלעג איך אַ מאָל באַמערקן די פייערלעך פון אַ ווילדער שינאה צו מיר, דעם יונגן סטודענט, וועלכער באַקומט פון צייט צו צייט די „פּריווילעגיע“ צו בלייבן מיט וויעראַן, דאַן ווען די אָפיצירן גייען אַוועק. אָבער אונטער דעם שטאָל־קאַלטן בליק פון וויעראַן האָט זיך אויך דער העלדישער פליער געמוזט דיסציפּלינירן. איך געדענק דאָס כאַראַקטעריסטישע לידל, וואָס וויעראַ פלעגט זינגען צום אָפיציר, ווען ער האָט צו שטאַרק באַטאָנט זיין ווילן צו בלייבן מיט איר אַליין:

„וואַסיאַ, וואַסיאַ, וואַסענקאַ,
גאָוואַריש טי באַסיענקי...“

געמיינט האָט עס:

אָ, וואַסילי, וואַסעלע,
ס'איז אַ נאַריש מעשהלע...

וואַסילי פלעגט דאַן צונויפקוועטשן די ליפּן, זיך איינבייגן איבער וויעראַס האַנט מיט אַ ריטערישן קוש און אומעטיק אַוועקגיין... ווייזט אויס, אַז עס איז אים געווען שווער זיך אָפּצוגעוויינען פון דער פּיקאַנטער פרויס נאָענטקייט.

איינמאָל אין אָוונט, ווען אויפן טיש זענען געשטאַנען פלעשלעך מיט בראָנפן, „זובראָווקאַ“ און פינקלדיק רויטן „ריאַבינאָווקע“, און אַרום דעם זענען געזעסן איניקע אָפיצירן און אויך איך, דער נייער שטוב־פריינד, האָט זיך פלוצלינג דער געוויינלעך איינגעהאַלטענער וואַסיליעוו אַ קער געטאָן צו מיר און אַ זאָג געטאָן שאַרף און שפּאָטיש:

„איך האָב ערגעץ געהערט, אַז יידן רופט מען „לופט־מענטשן“, זיי הענגען און לעבן אין דער לופט. מיר, פליער, זענען אויך לופט־מענטשן, כאָטש, דאַנקען גאָט, נישט קיין יידן... איז וואָלט איר אפשר, הער סטודענט, איינגעוויליקט צו זיין מאָרגן פרי אַ מיטפליער מיינער, אַ פּאַסאַזשיר?... צוויי לופט־מענטשן פליען און פאַלן צוזאַמען אַראָפּ... כאַ, כאַ, כאַ!...“

אַ טויטע שטילקייט האָט פלוצלינג באַהערשט דאָס צימער. עס איז געווען אַן אַרויסרוף צו אַ קאָנקורענט און צו אַ ייד... איך האָב דערפילט אַזאַ צושטראָם פון בלוט צו מיין מאַרך, אַז עס האָט פשוט אָנגעהויבן צו שטיקן... איך האָב אויך דערפילט אויף מיר דעם רויב־בליק פון וויעראַן און די שפּאָטישע אויגן פון די איבעריקע אָפיצירן. מיין שטימע האָט געקלונגען אויפרעגנדיק און קלאָר, ווען איך האָב געענטפערט:

„אייער פאָרשלאַג, קאַפּיטאַן, וואָלט איך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כבוד, ווען נישט די באַליידיקנדיקע אויסדרוקן אויפן חשבון פון מיין פאָלק. ציט צוריק די באַליידיקונגען, וועלן מיר מאָרגן פליען...

אַ רוסישער אָפיציר איז נישט קיין פּוילישע „יוכע“, און וואַסיליעוו האָט זיך דעריבער מאָמענטאַל אויפגעהויבן פון אָרט און אַ דריק געטאָן מיין האַנט, מיט די ווערטער: „אָ, פאַרגיט מיר, ביטע, עס איז אַלץ די שולד פון וויעראַס בראָנפן. אָבער מיר פליען מאָרגן, נישט אמת?...“

אויף מאָרגן זעקס פאַר טאָג איז געווען באַשטימט דער פּראָבע־פלי פון אַ נײַ־אָנגעקומענעם עראָפּלאַן. עס זענען געקומען מיינע קוזינען פעלעק און עדעק, וועלכע איך האָב פריער באַשווירן, אַז זיי זאָלן וועגן פלי נישט דערציילן זייער טאַטן. עס איז אויך בייגעווען

וויערא מיט איר שטענדיקער סוויטע פון ערשטן לופט־פאלק.

אז מען האט צוגעקייקלט די אומגעלומפערטע „שטייג“ און וואסיליעוו האט זיך ברייט איבערגעצלמט ביים ארײנשטייגן, האב איך דערפילט אזא טיפע מורא, אז עס האט מיך ארומגעכאפט א פארלאנג אויף אלץ א שפיי צו טאן און אנטלויפן... אבער וועגן דעם האט גאר קיין רייד נישט געקענט זיין, ווייל אט העלפט מען מיר שוין ארויפקלעטערן איבער דעם זיך־פלאץ הינטער וואסיליעוון; אט בינדט מען מיך צו מיט צוויי ברייטע פאסן, איך זאל חלילה נישט ארויספאלן...

און נאך דעם דרייט מען זיך אויף א פעלד מיט בערגלעך און גריבער, און יעדער טרייסל קערט איבער מיין אינגעווייד, מיר הייבן זיך אויף, איך פארמאך די אויגן און גיב זיך איבער מיט א שטילער תפילה דעם אומפארמיידלעכן גורל...

די דאזיקע פופצן מינוט, ווען מיר זענען געפלויגן איבער דער פעסטונג, האבן זיך געצויגן ווי אן אייביקייט. איך האב דערזען אונטער זיך די רויט־ציגלדיקע טורעמס ארום טייך נארעוו און די מיליטער־שיפלעך אונטן, און נאך דעם די ווייסל און די בריק, — עס האט געווארפן ווי אין קדחת, און ווען נישט די פעסטע פאסן, וואלט איך געוויס ארויסגעפאלן פון אפענעם „הינערשטייג“, אבער אט פיל איך שוין ווי די רעדער טרייסלען זיך איבער די גריבער פון פעלד און מען בינדט מיך אפ, מען גראטולירט מיך...

וויערא, א שיינענדיקע, דריקט מיר ווארעם די הענט און שעפטשעט אין עקסטאז: „דאס ביסטו צוליב מיר געפלויגן? יא, אמת, נאר צוליב מיר ריזיקירט דייך לעבן?...“

און אין גליקלעכן באוווסטזיין, אז איך לעב, ענטפער איך מיטן זעלבן טאן: „נו, געוויס, געוויס! דאס איז פאר דיר, נאר פאר דיר!...“

און דער גאנצער וואסיליעוו איז ערגעץ פארגעסן געווארן, און איך הער, ווי וויערא זאגט דורך גארקיס פליגלדיקע ווערטער: „דער וואס איז געוווינט צו קריכן, קאן נישט פליען... אבער דו ביסט דאך געפלויגן, און דאס צוליב מיר...“

✶

איבער וויעראס בעט הענגען צוויי פארטרעטן — פון פרידריך ניטשע און פון קנוט האמסון. ביידע האבן זיי דאן באהערשט די מוחות פון יונגן דור; איינער — מיט זיינע געוואגטע זאראטוסטרא־אפאריזמען וועגן אייבערמענטש; דער צווייטער — מיט זיין טיפן אנאליז וועגן קליינעם, ליידנדיקן מענטשן. ווער וואלט זיך דאן געקענט ריכטן, אז די טייוולישע אידעען פון ניטשען וועלן ווערן די באוועגלעכע קראפט פון משוגע־נעם מענטשן־מערדער היטלער, און אז קנוט האמסון וועט אין זיין טיפער עלטער זיך איינשפאנען אין נאצישן רייטוואגן און דערטרינקען אין שמוץ זיין אמאליק־גרויסן נאמען?

אונטער ניטשעס בילד, מיט די צעפלויגענע האר און צעשויבערטע וואנצעס, האט וויערא אויפגעשריבן זאראטוסטראס וואנזיניקע ווערטער: „איך בין געזעץ נאר פאר זיך אליין, איך בין נישט קיין געזעץ פאר אלע. איך שרייב פאר א ראסע פון מענטשן, וועלכע עקזיסטירט נאך נישט“.

און אזוי פלעגט זי אפט רעדן מיט מיר — האלב פאעטיש, האלב איראניש, אזוי ווי עס האט געלערנט דער אוממאראלישער מיזאנטראפ און ציניקער זארא־טוסטרא אין זיינע טויזנט בליציקע אפאריזמען.

איך האב דאן געשריבן ראמאנטישע לידער אין רוסיש, נאכגעמאכט באלמאנטן און שטילערהייט געווען פארליבט אין די נישט דערזאגטע לערמאנטאוו־פערזן, אבער וויערא מיט איר גרויסן חוש פאר ליטעראטור, האט פון מיין סטיל אין פאעזיע נישט געהאלטן:

„דו גלייבסט, אז נאר דאס שיינע, דאס אמתע, איז אונדזער ציל אין לעבן... נארישקייטן, קוואטש! נאר דאס שטרעבן צו הערשאפט, צו מאכט, איז דער העכסטער אמת און אינסטינקט אויף דער וועלט. ליבע און שיינקייט זענען א רעזולטאט פון מאכט און נאר אונטער שטארקע פליגלען קענען אויסוואקסן לוסט און פרייד... דער שוואכער, דער אימפאטענטער ווייסט נישט פון שיינקייט און פון גוטס... וואלסטו געווען פעיק צו מארדן אדער גנבנען, כדי צו איינהאלטן מיין ליבע?“

די פראגע איז געקומען אומדערווארט... איך פרוביר געבן אן אויסמיידנדיקן ענטפער, אבער וויערא קען דאס נישט ליידן; זי מוז קלאר וויסן, זי ווערט אומגעדולדיק... איך באמערק שוין די שטאלענע פינצ־טערקייט אין בליק און די אייז־קאלטקייט אין איר שטימע.

ווודער צעבונטעוועט זיך אין מיר דאס באליידיקטע מענער־געפיל, דער אנגעווארפענער „דיקטאט“ פון א קליינער פרוי, וועלכע האט מיך אזוי פעסט ארײנגע־נומען אין אירע הענטלעך... איך ענטפער ארויסרופנדיק:

„ניין, געוויס נישט! איך וואלט נישט נאר נישט

געזען פּעיק אויף אַ פאַרבראָכן צוליב איך (איך בייט שוין דעם אינטימען „דו" אויפן אָפיציעלן „איר"...), נאָר אייער עצם פראַגע האַלט איך ווי אַ באַליידיקונג פאַר מיין אינטעליגענץ און שטאָלץ..."

מיר קוקן זיך אָן ווי צוויי צערייצטע הענער...

— „פאַרלאָזט שוין מיין שטוב, ווייזט זיך מער נישט פאַר מיינע אויגן, איר צעקראָכענער סענטימענטאַליסט!..."

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט אַרומקוקנדיק זיך, פאַרלאָז איך דאָס אָפּגעזונדערטע הייזל אין דעם צעבליטן גאָרטן, וווּ גיהנום און גן־עדן האָבן זיך צונויפגעמישט און מיך באַרוישט מיט נייע לעבנס־דערפאַרונגען.

*

איינמאָל, ווען מיר זענען געשטאַנען אין וועלדל צווישן קאַזאַרמע און וואָקזאַל, און מען האָט מיך, ווי שטענדיק, גענייט, איך זאָל עפּעס זינגען, האָב איך אויסגעקליבן יענץ מאָניושקאָ־ליד, וואָס ענדיקט זיך מיטן רוף:

„אָ, קום צו מיר, געטרייע,
אַ ליבנדע און פרייע"...

פול מיט שמערץ און ווייטיקלעכע דערינערונגען האָב איך אויסגעשטרעקט די הענט אין דער פינצטער־קייט און געזונגען דעם רעפריין. און ווי אין אַ פאַנ־טאַסטיש מעשהלע, גייט אַרויס פון צווישן די ביימער וויעראַ, וויגנדיק זיך לאַנגזאַם און פויל, ווי ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש. און אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט געשען צווישן אונדז, ענטפערט זי מיט געזאַנג:

„אָט בין איך דאָ, מיין געטרייער,
אַ ליבנדע און פרייע"...

נאָך איר גייט נאָך עפּעס אַ יונגערמאַן. אַזוי ווי אין חלום הער איך, ווי מען רופט אים אָן: סאַשאַ אבן־טוב פון וואַרשע. איך קען דעם נאָמען, ער איז איינער פון די אייגנטימער פון אַ גרויס קונסט־געשעפט אויף לעשנאָ־גאַס.

זאָל דאָס זיין וויעראַס נייע ליידנשאַפט? נאָר ניין, זי פאַרלאָזט אים מיט אַלע אַנדערע אין דער געזעלשאַפט, נעמט מיך אונטערן האַנט און פרעגט שטיפעריש־שעלמיש: „צו וועמען האָסטו געזונגען דיין ליד, אפשר צו דער שוואַרצער דינהן, וואָס איז נאַריש ווי אַ קו?"

איך בין ווידער באַרוישט מיט דער נאָענטקייט און מיט דער פאַרבאָרגענער זיסקייט ביים איבערבעטן זיך. איך ענטפער ווי וויעראַ וויל, מיין אייגענער ווילן איז צו שוואַך זיך קעגנצושטעלן דעם נייעם שטראָם ליידנשאַפט, וועלכער פאַרפלייצט מיך. מיר קומען צוזאַמען מיט אבן־טוב אין קליינעם שטיבל ביים טייך נאַרעוו, וווּ דערווייל האָבן זיך צעוואָקסן רויזן און שאַרף־שמעקנדיקע בלוילעכע יאַסמינען.

אבן־טוב, וועלכער האָט געבראַכט א מתנה אַ שיינעם פּאָרצעלייענעם זייגער, איז שטאַרק אַנטוישט, וואָס אַ צווייטער מאַן איז געקומען צוזאַמען מיט וויעראַן...

ווי די מאָדע איז דאַן געווען, האָט אַ בראַווער קאַוואַלער געדאַרפט קענען זינגען אָדער דעקלאַמירן. און אבן־טוב רעציטירט מיט פייער אַ פּאָעמע „די פאַרשאָלטענע שלאַנג". מען פילט אַרויס פון זיין דיקציע און טאָן, אַז ער באַשולדיקט וויעראַן דורך די ווערטער פון דער פּאָעמע, אַז זי האָט אים ביטער אָפּגענאַרט. ער שרייט אויס מיט אַ דונערדיקער שטימע פון אַ פאַרצווייפלטן טראַגיק־אַקטיאָר:

„פאַרכישופט האָט זי מיך מיט זינגען און רעדן,
מיט זינדיקע קושן פאַרכישופט אונדזביידן
אין היץ פון אַ זומערדיקער נאַכט"...

אבן־טוב האָט טענות, וועלכע ער דריקט אויס מיט אַ פּאָעטס ווערטער. אָבער וויעראָ נעמט זיך נישט צום האַרצן, זי מאַכט זיך נישט זעענדיק דעם אָפּגענאַרטן פאַרערער און בעט אונדז אויסהערן אַ יידיש לידל, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט אין די פּאָר וואָכן, וואָס מיר זענען געווען צעקריגט. אַ יידיש לידל?...

— ווער האָט דיך דאָ באַזוכט און יידישע לידלעך דיך געלערנט? ווער איך ווידער אייפערזיכטיק.

— אָ, יאָ! דאָס איז אַ פּאָר מאָל געקומען צו פאָרן פון וואַרשע אַ יונגיטשקער פּאָעט, מנחם הייסט ער... ער אַרבעט אַלס נאַכט־רעדאַקטאָר אין „היינט" און שרייבט לידער.

און וויעראַ זינגט אין איר מאָדנעם גוייש־יידיש, וווּ דער „ריש" קייקלט זיך אונטער דער צונג:

„אוי, נחמהלע, עפן, עפן מיר!
איך האָב מורא פאַר דעם טאַטן...
האַרצעניו, ליובעניו, עפן מיר,
עס וועט דיר גאָרנישט שאַטן..."

און נאָך דעם זינגט זיך ווייטער וועגן מאַמען,

וועגן פעטער, וועגן דער מומען. דער געהיימנישפולער מנחם האָט, ווייזט אויס, איר אויסגעלערנט אַ ליד אין דער צייט, ווען איך בין צעקריגט געווען מיט וויעראַן.

שוין נאָך פיל יאָרן שפּעטער האָב איך זיך אין ניו־יאָרק געטראָפן מיטן פּאָעט מנחם באַריישא, דעם מחבר פון „גייער". ער האָט זיך אָבער נישט געקענט דערמאָנען, צי זיינע נאָכטוויזיטן אין נאַווי־דוואָר האָבן באַרעכטיקט מיין דעמאָלטיקע איפערזוכט...

✶

עפּעס נישט אַלץ איז געווען אין אָרדענונג מיט וויעראַס נערוון. דער גרויסער וואַרשעווער ספּעציאַליסט פלאַטאַו האָט זי אונטערזוכט און פעסטגעשטעלט, אַז זי מוז באַלד אַריינגענומען ווערן אין אַ שפּיטאָל און דורכגיין אַ קאָמפּליצירטע „וואַסער־קור". אָבער צו דעם דאַרף מען האָבן אַ סך געלט, וואָס זי פאַרמאָגט נישט. איך וויל איר העלפן פון מיינע באַשיידענע פאַרדינסטן, אָבער זיי סטייען נישט. וואָס טוט מען? ווו נעמט מען די פעלנדיקע הונדערט רובל? איך פאַר קיין וואַרשע און זע זיך מיט מאיר דעם „רויטן", אַ ייד אַ פראַצענטניק, ביי וועלכן זיידענע יונגעלייטלעך קריגן אַ „דיסקאָנטאָ" בשעת הדחק... מאיר דער „רויטער" וויל מיר געבן דאָס געלט, אדרבא, פאַר וואָס נישט? ער האָט אַ ווייך האַרץ, וואָס איז ער, נישט קיין ייד?... ער שטעלט אָבער אַ שווערן באַדינג: איך זאָל אויפן וועקסל אונטערשרייבן מיין טאַטנס נאָמען... דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער נסיון פאַר מיר: פעלשן אַן אונטערשריפט און נאָך דערצו מיין טייערן טאַטנס, וועלכער שענקט מיר אַזוי פיל צוטרוי... איך ווייס, אַז איך וועל דעם וועקסל אַליין אויסקויפן און מיין פאָטער וועט זיך קיין מאָל נישט דערוויסן וועגן מיין פאַרברעכערישער טאַט, אָבער דאָך מאַטער איך זיך אַ גאַנצע נאַכט, איידער איך גיי נאָך אַ מאָל צו מאירן, כדי אַוועקצולייגן אַ פאַלשע אונטערשריפט...

איך האָב דאָס געלט באַקומען און מיט געמישטע געפילן פון צופרידנקייט און חרפּה געקומען קיין נאַווי־דוואָר צו אָנזאָגן וויעראַן, אַז זי קאָן שוין אויפגענומען ווערן אין שפּיטאָל.

וויעראַ ציטערט אַזש פון אויפרעגונג, ווען זי הערט, אַז איך בין באַגאַנגען אַ פאַרברעכן צוליב איר...

זי האָט זיך פלוצלינג געענדערט, איר נערוועזע אַפּאַטיע פאַרשווינדט פאַר מיינע אויגן:

„אַזוי? אַזוי! דו האָסט נישט קיין מורא פאַר געפענגעניש, פאַר דיין פאָטער, וועלכער איז ביי דיר הייליק... ביסט גרייט פאַרברעכנס צו באַגיין אויס ליבע צו מיר?... ענדלעך, ענדלעך זע איך דיך אַלס רייפן, אַלס אַ גלייכן, אַלס אַ גוטן שילער פון ניטשען..."

וויעראַ ציילט די גאָלדענע מטבעות און שפּילט זיך מיט זיי, שפּיגלט זיך אין זיי. אירע אויגן ווערן פול מיט לעבן און לוסט. איר שטימע באַקומט צוריק דעם יוגנט־קלאַנג.

אַ וווּנדער איז געשען: זי ווערט געזונט אין משך פון עטלעכע שעה און אַלץ צוליב דעם, וואָס דער מאַן, וועמען זי האַלט אין אירע הענט, איז צוליב איר אַ פאַרברעכן באַגאַנגען...

זי וויל נישט גיין אין שפּיטאָל, זי האָסט די דאָק־טוירים! און זי וויל בעסער די גאָלדענע מטבעות אויסגעבן אויף פאַרגעניגנס, אַנשטאָט געבן זיי דעם „טייוול". נאָך היינט אין אָוונט פאָרן מיר קיין וואַרשע, ווו עס וואַרטן אויף אונדז אַזוי פיל „אַטראַקציעס" אין די נאַכט־קאַבאַרעטן „רענעסאַנס" און „אַקוואַריום"... אַ, וואָס פאַראַ ווונדערלעכע איבערלעבונגען מיר וועלן האָבן צוזאַמען...

און איך בין שוואַך. אַנשטאָט אַרויסרייסן די גאָלדענע „אימפּעריאַלן" פון די קליינע רויבערישע הענטלעך; אַנשטאָט צוריק אויסקויפן דאָס וועקסל ביי מאיר דעם „רויטן", פאָרן מיר קיין וואַרשע, ווו די זומערדיקע נאַכט פאַרשלינגט אין קלעפּיקע זינד די שווער דערוואָרבענע מטבעות.

און אויף מאָרגן — דער „קאַצניאַמער" פון חרטה, דאָס פייניקן זיך אַליין מיטן געשפּענסט פון נאָכגעמאַכטן וועקסל. וויעראַ איז טאַקע געזונט געוואָרן, אָבער מיינע נערוון האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן.

✶

אייניקע טעג שפּעטער נאָך דער „הוליאַנקע" האָט מיט מיר געטראָפן אַ צופאַל, וועלכער האָט מיך געקענט זייער טייער קאָסטן.

אַנטקעגן גאָרטן, ווו עס איז געשטאַנען וויעראַס הייזל, איז געווען אַ פּוילישע בעקעריי. ווען איך פלעג אין בלוילעכן זומערדיקן פאַרטאָג פאַרלאָזן דעם גאָרטן און אַרויסגיין אין גאַס, האָב איך שטענדיק געזען, ווי דער פּוילישער בעקער מיט די שפּיציקע וואָנסעס זיצט דאָרט אויפן בריקל אין זיינע תחתונים און גלעט די פעל פון אַ גרויסן געלן הונט, וועלכער האָט ביי־געוואָרטשעט, ווי נאָר איך פלעג זיך באַווייזן.

איך פלעג הערן ווי דער גוי רעדט צום געלן הונט: „ביעזש זשידאַ, לאַפּ זשידאַ", (נעם דעם ייד, כאַפּ דעם

ייד!). איך האָב זיך אָבער קיין מאָל נישט געוואָלט אומדרייען אַפילו, כדי צו זען צי דער הונט יאָגט מיך טאַקע נישט. איך האָב נישט געוואָלט אַרויסווייזן דעם הינטישן גוי, אַז איך האָב מורא...

די געשיכטע האָט זיך שוין צו אָפט איבערגעחזרט, אָבער וויִיטער ווי „סטראַשען" איז דער בעקער נישט געגאַנגען, דעם הונט האָט ער פון דעסטוועגן פעסט געהאַלטן, ער זאָל זיך נישט וואַרפן אויף מיר פון הינטן... איך האָב געטראָגן אין דער הינטער־קעשענע פון די הויזן אַ געלאָדענעם רעוואָלווער, און ווי נאָר איך פלעג דערהערן דעם גויס דראָונגען: „נעם אים, כאַפּ אים!" האָב איך זיך גלייך אַ צי געטאָן צו דער הינטערשטער קעשענע, ווי אַרויסצוכאַפּן דעם רעוואָל־ווער. דער געלער בעקער האָט געוויס באַמערקט מיין זשעסט און דעריבער זיך באַגנוגנט אַ לאַנגע צייט מיטן „נערוון־קריג".

אָבער יענעם פאַרטאָג, ווען מיין אויפרעגונג צוליבן וועקסל איז דערגאַנגען ביז צו לעצט, האָט דער גוי אַ זאָג געטאָן צום הונט: „ביעזש זשידא!" — און טאַקע אים אַ לאָז געטאָן אויף מיר...

איך האָב זיך האַסטיק אויסגעדרייט און גלייך דערפילט די לאַפּעס פון כלב אויף מיין ברוסט.

איך האָב אַ מינוט נישט געטראַכט, אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און צוויי מאָל אויסגעשאָסן דירעקט אין כלבס ברוסט... דער פגר מיט בלוט פאַרגאָסן האָט זיך געוואָלגערט פאַר מיינע פיס, אָבער דער געלער בעקער אין די תחתונים האָט זיך מיט אַ ווילדן יאָמער און קללות אַ טראָג געטאָן מיט אַן אויפגעהויבענער אייזערנער „קאָטשערע", גרייט מיין קאָפּ צו שפּאַלטן.

איך האָב אַלץ נישט אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער און געשריען צום מנוול: „נו, נו פּרוביר נאָר, איך וועל דיך דערשיסן ווי דייך הונט!" און אַזוי האַלטנדיק דעם רויכערנדיקן רעוואָלווער, האָב איך זיך לאַנגזאַם אָפּגע־טראָגן פון דער געפערלעכער גאַס.

אָבער די שיסעריי איז פאַרגעקומען אין געביט פון אַ פעסטונג, און דערצו האָט אַ ייד דערשאָסן אַ גוישן הונט... עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, זשאַנדאַרן זענען געקומען צו מיר אויספרעגן, גענומען אויפן צימבל מיין פעטער. איך האָב געזען, אַז איך ווער זייער פאַרוויקלט אין אַ געשיכטע, פון וועלכער איך וועל זיך נישט שנעל אַרויסדרייען.

די עצה פון מיינע קרובים איז געווען, וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן פון דאַנען און פאָרן אַהיים.

איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז איך בין דאָ פאַר־זונקען געוואָרן אין אַ בלאָטע, פון וועלכער איך וועל שוין טרוקן נישט אַרויסגיין... מיין באַציונג צו וויעראַן האָט זיך אויך מאָדנע געענדערט, זינט זי איז געזונט געוואָרן, צוליב דעם, וואָס איך בין אַ פאַרברעכן באַגאַנ־גען, כלומרשט צוליב מיין ליבע צו איר... די גוט פאַרפלאַנצטע יוגנט־זאָמען פון אַ יידישער שטוב־דערציונג האָבן זיך פונאַנדערגעבליט אין אַ שטאַרקן פראָטעסט קעגן דעם געפערלעכן וועג, אויף וועלכן איך האָב אָנגעהויבן צו גיין...

איך בין אַוועק אין אַ פינצטערער נאַכט צום וואָקזאַל און פאַרלאָזט דאָס אָרט פון מיינע זינד און די דעמאָנישע פרוי, וועלכע האָט דאָס אַלץ אַרויסגערופן.

האַרבסטיקע ווינטן האָבן שוין דאַן געבלאָזן און פאַרפוילטע בלעטער האָבן זיך אויסגעשפרייט אויף דער ליימיקער ערד. ווי אין אַ חלום פון אַ פרילינגס־נאַכט האָבן מיר זיך אויסגעוויזן יענע ווייסע בליטן פון די עפּלביימער מיט זעקס מאָנאַטן צוריק... אַ גאַנצע עפּאָכע פון מיין לעבן איז פאַרשוווּנדן, ווען דער צוג האָט מיך געטראָגן אין דער וואַרעמער היים פון טאַטע־מאַמע.

אין ווינטער פון 1913 בין איך אַרויף אויפן העכסטן באַלקאָן פון אייפל־טורעם אין פּאַריז, אַרויסגענומען די פאָטאָגראַפיע פון וויעראַן, אין איר ווינטער־פּראַכט מיטן אָפענעם מויל צו זינגען, צעריסן זי אויף פּיצ־פּיצלעך, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט אין דער קאַלטער לופט פון דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט...

ווי אַ ניי־געבוירענער האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אויף מיין אויסגעקליבענעם לעבנסוועג...

פון בוך „אַ וועלט וואָס איז פאַרביי".

**העלען יעראָזאַלימסקאַ-שאַפּיר** / לאָס-אַנדזשעלעס

# דארט ווו איך בין געבליבן טריי



העלען יעראָזאַלימסקאַ

עס דערוועקן זיך זכרונות וועגן יענע צייטן, אין דעם נאָווי-דוואָר פון מיין יוגנט, און נאָך פריער — אין די קינדער-יאָרן.

די היים געדענקט זיך — אונדזער משפחה — אַן אָרעמע, אָבער אַ פריילעכע. אונדזער גליק איז געווען: הערשל יעראָזאַלימסקי, אונדזער ליבער פאָטער ע״ה; זיין ליבשאַפט איז געווען אַ ליבשאַפט פון כבוד, ער האָט זיך צו אונדז באַצויגן פאַרשטאַנדיק און גערעכט; ער האָט נישט געפאָדערט — ווי עס טוען שטרענגע טאַטעס — מיר זאָלן אויספירן אַלע זיינע ווונטשן און פאַרלאַנגען, נאָר אַלץ פלעגט ער שכלדיק דערקלערן, אַז מיר זאָלן זיך איבערצייגן און באַנעמען, וואָס עס דאַרף וויסן אַ מענטש אויף אונדזער וועלט.

אונדזער שטוב איז תמיד אָפן געווען פאַר אַלעמען, פאַר יידן און פאַר קריסטן. מיין פאָטער האָט זיך צו אַלע באַצויגן ליבעראַל, אָן אונטערשיד, און נישט געזען קיין שלעכטס אין דעם, ווען איך פלעג שפּילן „קליפּה" און „מעטאַ" מיט קריסטלעכע יינגלעך בפרהסיה. דאָס איז טאַקע נישט ווילגעפעלן די נאָווי-דוואָרער חסידישע יידן, און אַ סך פון אונדזערע שכנים האָבן געטענהט, אַז עס איז אַ חרפה און אַ שאַנדע, צו זען ווי אַ יידיש מיידל שפּילט זיך מיט שקצים, און אויך געסטראַשעט האָבן זיי מיין פאָטער, אַז „די מויד וועט זיך נאָך, חלילה, אָפּשמדן"... אָבער מיין פאָטער האָט געענטפערט מיט אַ „ניין!", אַז „ביי מיין טאָכטער וועט אַזעלכעס נישט געשען".

מיין פאָטער פלעגט מיר אַלץ דערציילן, וואָס די שכנים זאָגן און טענהן, און איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב נאָך דעמאָלט דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן ענין מיט שמד נישט באַנומען. נאָך פון מיינע קינדער יאָרן, האָב איך צווישן יעקב און עשיו נישט געזען אַזאַ תהום... טאַקע דערפאַר, ווייל מיין פרייע היים איז שטענדיק אָפן געווען, סיי פאַר יידן און סיי פאַר קריסטן.

נאָך אין „שקאָלע" האָב איך זיך געפילט פריי. איך בין געווען אַ פלייסיקע שילערין, און באַליבט ביי די לערער און ביי די שילער. די שול איז געווען אַ געמישטע — צוזאַמען יינגלעך און מיידלעך, מען האָט צוזאַמען געלערנט און געשפּילט זיך, און ביי די שפּילערייען אויך אָפט מאָל געשלאָגן זיך. אויך די מיידלעך האָבן זיך געפילט בעתן שלאָגן, ווי יינגלעך...

ווען אַ קריסטלעך יינגל, פראַנעק, האָט, אַנשטאָט שלאָגן און שטופּן, מיך מכבד געווען מיט אַ וואַרעמען האַנט-דרוק, איז מיין איבערראַשונג און נשמה-ציטער געווען געוואַלדיק. פון יענעם טאָג, האָב איך, די עלף-יאָריקע, זיך באַטראַכט ווי אַ דערוואַקסענע דאַמע...

צוליב די אַלע הצלחות מיינע, האָב איך, ווי געזאָגט, דעם גאַנצן ענין שמד נישט פאַרשטאַנען. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ קריסטלעכן יונגערמאַן, האָט זיך פאַר מיר אַוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער האַרבקייט די פראַגע, ווי נישט צו פאַרראַטן מיין פאָטערס צוטרוי צו מיר...

איך בין דעמאָלט אַוועק פון נאָווי-דוואָר, און נאָך שווערע איבערלעבענישן און אינערלעכע ראַנגלענישן האָב איך גובר געווען דעם קאָשמאַר פון מיין יוגנטלעכער ליבע.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן דאָ, אין אַמעריקע, פירן מיך די זכרונות צוריק צו מיין היימשטאָט נאָווי-דוואָר. מיט בענקשאַפט און וואַרעמקייט גייט ווידער אַלץ אויף פאַר מיר. נאָך איין מאָל אין מיין לעבן, וואָלט איך געוואָלט זען דאָס נאָווי-דוואָר פון אַמאָל; דאָרט ווו מיין וויגל איז געשטאַנען; דאָרט ווו איך האָב מיינע יוגנט-חלומות געשפּונען; דאָרט, ווו איך בין אויף אייביק געבליבן טריי מיין היים...



דער „אַלטער קאַשעמאַכער" פּיעקאַרעק ביים דאַוונען



באָבע און אייניקל



צוויי זקנים אויפן וועג פון בית־המדרש



משה הענעך גערטנער ביי זיין דראָזשקע

דוד סעגאַל / מאָנטעווידעאָ

# געשטאַלטן פון גערער שטיבל

דאָס „גערער שטיבל" איז געווען נישט נאָר פאַר די גערער חסידים. דאָרט, ביי טשיפּעלען אויפן הויף, איז געווען דער טרעפפּונקט פון אַלע פרומע יידן אין שטאָט.

די בולטע געשטאַלט אין גערער שטיבל איז געווען ר' מאיר ליכטנשטיין, אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים; אַ הויכער, אַ דיקער, מיט אַ שניי־ווייסער באָרד און הויכע ברעמען, תמיד ציכטיק — האָט ער זיך זייער אָנגעזען אין דער טונקלקייט, צווישן די ווענט פון גערער שטיבל. ר' מאיר איז געווען באַקאַנט מיט זיין קלאָרן, דורכדרינגענדיקן שכל, מיט זיין לאָגישער באַנעמונג פון יעדן ענין און מיט זיינע טיף־מענטשלעכע מידות און אַן־פשרהדיקער יידישקייט.

די חסידישע פאַרזאַמלונגען האָט ער געפירט, ווי אַ געניטער פּאַרלאַמענטאַריער, מיט טאַקט און כבוד צו זיינע קעגנער. ער איז געווען פון די גרינדער פון „אגודת ישראל".

אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער „אגודה" איז ר' מאיר ליכטנשטיין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס יושב ראש. אַלע גערער חסידים האָבן אָנטייל גענומען אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער „אגודה" אין זאַל ביי ראַבינאָוויטש. די פאַרזאַמלונג האָט ר' מאיר געעפנט, ווי „ביי לייטן", מיט אַ קלונג פון אַ גלעקל. מיט אַ ציטערדיקער שטימע האָט ער אויסגערופן: „חשובער נאַראָד! איך דערקלער די אסיפה אַלס אָנגעהויבן". אָט פון דעם „נאַראָד" האָט ר' מאיר אויפגעשטעלט אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ מעמד אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט ראַטמענער אין שטאָט־ראַט, דאַזאָרעס אין דער קהילה, — אַ רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס האָט געפירט אַ קאַמף פאַר אירע רעכט אין נאַווי־דוואָר.

ווען ר' מאיר איז געוואָרן גבאי אין גערער שטיבל, איז שוין דערמיט ממילא פאַרזיכערט געוואָרן האַלץ אויף אַ גאַנצן ווינטער, צו הייצן דעם אויוון. און אַרום וואַרעמען אויוון האָבן חסידים געקאָנט זיצן בציבור, שמועסן און האָבן הנאה.

ביים וואַרעמען אויוון האָבן מיר „ווייסע חברה־ניקעס" אויסגעהערט יענקל וואַגאַס (לאה פון שפּייז־געוועלבס מאַן) וואנדערן פון אַמעריקע, נאָך דעם ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאָרטן. אַזוי אַ, וואַרפנדיק קאָר־טאָפל אין אויוון אַריין, האָט ער דערציילט, אַז דאָרט פוצט מען די שטיוול אַלע טאָג, אַז אין מרחץ אַריין גייט מען אַזש דריי מאָל אַ וואָך, און אַז כמעט יעדער מענטש האָט דאָרט אַן אייגענעם „סאַמעכאָד"...

אַז דער עולם פלעגט זיך צעגיין נאָך די שמועסן ביים אויוון, זענען דאָרט נאָר געבליבן די אָרעמע־לייט, צו פאַרכאַפּן אַן אָרט, וואָס נענטער צום אויוון. אָבער אַ חזקה האָט שוין דאָרטן געהאַט הערשל דער פאָטאָ־גראַפיסט, אַן עלנטער בחור. קיינער האָט זיין אָפּשטאַם נישט געוווּסט, תמיד מיטן שטייפן קאָלנער און נישט זייער זויבער, און אַ סוד אַרום אים. מיר „ווייסע חברהניקעס" האָבן זיך מתעסק געווען מיט אים. ביים אַוועקגיין פון שטיבל פלעגט מען אים באַוואָרפן מיט נאַסע האַנטעכער. ער האָט אָבער תמיד געהיט זיין חזקה, געזעסן אויבנאָן ביים וואַרעמען אויוון.

נאָך אַן אָנגעזעענער ייד אין גערער שטיבל איז געווען ר' יקותיאל טאַשימאָוויטש, אַ שטרענגער ייד, וואָס מאָנט יידישקייט: „מוזט נישט זיין איי־איי (אַ פאַנאַטיקער) נאָר אַ ייד זאָלסטו זיין" — אַזוי פלעגט זאָגן ר' יקותיאל. זעקס בלעטלעך גמרא פלעגט ער פאַר אונדז, בחורים, לערנען אין זעקס חדשים, און ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען זייער פשט, האָט ער ווידער זיך אומגעקערט צום ערשטן בלעטל...

אַ שם־דבר איז געווען ר' יקותיאלס סוכה ביי אַלע גערער חסידים. פון זיין האַנט האָט מען גענומען אַ „קאַפּיטשקע אין גלעזל" און דאָך איז מען דאָרט אין סוכה געוואָרן בגילופין, קיינער איז נישט געבליבן ניכטער און אַלע האָבן געטאַנצט מיט חסידישער דבקות.

אַלעמען האָט ר' יקותיאל משמח געווען, נאָר ווי גרויס איז געווען זיין צער, ווען גאָט האָט ביי אים צוגענומען זיין איינציקן זון. ווי אַ ייד מיט טיפער אמונה, האָט ר' יקותיאל משלים געווען: „ה' נתן וה' לקח"...

איינער פון די „שאַרפע חסידים" איז געווען ר' נתן דוד טוכהענדלער, אַ באַרימטער סוחר. אַ זייער פאַרנעמיקער ייד, וואָס האָט זיך קוים געריררט פון אָרט. זיין שטוב איז געווען ביים גערער שטיבל גאָר נאָענט, און דאָס איז געווען זיין נס. אַ פאַרגעניגן האָט דער

שוואַרץ־רירעוודיקער ייִד געהאַט, זיך צו פאַרנעמען מיט אונדז „ווייסע חברהניקעס", יעדן איינעם פון אונדז אַ קניפּ צו טאָן אין בעקל. ר׳ נתן דוד מיט זיין שטיפער־רישקייט האָט זיך באַזונדערס אָנגעזען צווישן אַלע חסידים.

פון די ערשטע איילעוודיקע צו קבלת שבת אין שטיבל אַריין, איז געווען ר׳ משה הוליאַק, אַ ייִד אַ יגיע־כפּיים. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געדרייט דאָס קאַשע־מילעכל, נאָר פרייטיק פאַר נאַכט האָט ער גיך אַרויפגעצויגן די זיידענע קאַפּאָטע, דאָס סאַמעטענע היטל מיט די גרויסע דענקע, און גלייך אָנגעהויבן „מישן אין סידור", ווי ער וואָלט געוואָלט איבערבעטן דעם רבש״ע, פאַר זיין פאַרטאָן זיין מיט דברי חול אַ גאַנצע וואָך. דורכגענומען מיט דער אווירא פון שבת קודש פלעגט ער מישן אין סידור און יעדעס וואָרט באַגלייטן מיט אַ קרעכץ: „אַך, טאַטע זיסער, געטרייער!"...

איילעוודיק פלעגט אויך אַריין אין שטיבל אַריין ר׳ שמואל מאַלעס, מיט פעסטע טריט און מיט שטרענגקייט פון אַ זשאַנדאַרם. גלייך פלעגט ער צו צום עמוד און אַ געשריי טאָן: „שטילער, שאַ, מען טאָר נישט רעדן אין מיטן דאַוונען". דער עולם איז נאָך, אייגנטלעך, נישט געווען און נישט גערעדט, אָבער ר׳ שמואל האָט שוין מורא געהאַט און געוואָרנט.

שטיל און שמייכלענדיק קוים־קוים (אַ גאַנצן שמייכל טאָר מען נישט, זינט דעם חורבן פון בית המקדש) האָט אויפגענומען דעם הייליקן שבת דער תלמיד חכם ר׳ הערש מענדל ליכטנשטיין. אַ גאַנצע וואָך ציט ער חיונה פון פּאַפּיראָסן־מאַכן, העלפט איינוויגן דעם צווילינג, וואָס זיין אשה האָט אים מיט מזל געבוירן, האָט הנאה ווען זיי שלאָפן איין און מען קען זיך נעמען צום לערנען... אָבער, דער עיקר איז שבת, שבת שכולו טוב.

די וואָך איז פול מיט צער, דאגת פרנסה, עול פון די ליבע קינדערלעך און דאָס אומרויקע וואַרטן אויפן ווייב, די פלייש־שמוגלערין קיין וואַרשע, וואָס קומט שפּעט ביי נאַכט און גרייט ערשט צו פאַר אים אַזוי שפּעט אַ מאָלצייט... אָבער אין שבת — ער שטעלט זיך אַוועק נעבן ארון־קודש אַזוי רחבותדיק ווי פאַר גאולה, ער זינגט יעדעס וואָרט און ווען דער חזן לאָזט הערן: „לכה דודי", זעט מען ווי ר׳ הערש מענדל טאַנצט צו אַקעגן די שבת מלכתא...

עניוודיק און זייטיק שלייכט זיך אַריין דער מורה־הוראה, אַ וואַרשעווער איז ער און אַ ביסל פרעמדלעך,

יעדע זאַך איז פאַר אים אַ חידוש. אויף אַלץ, וואָס מען דערציילט, פרעגט ער: „טאַקיש אַזוי איז עס געווען?". דאַוונען — שטעלט ער זיך ביים פענצטער, און זיינע ווערטער שרייט ער אַרויס, אַז זיי זאָלן גלייך אַרויף צום רבונו של עולם.

אַ מיוחס אין שטיבל איז ר׳ הערצל קאַגאַן, ווי מען רופט אים: „ר׳ הערצקע"; אַ ין קליינינקייט — דעם בריסקער רבס אַן איי‌ניקל; אַ ייִד אַ ליטוואַק. עברי זאָגט ער נישט ווי אַלע, נאָר קלאָר און שאַרף, לויט זיין אייגענעם דרך...

אין שמחת־תורה, ווען ר׳ הערש מענדל ווערט אַ „הערצקע, האַרצקע"... און תוך כדי כך פאַרגעסט נישט הערש מענדל אַריינצושפּעטשען דעם ליטוואַק הערצקע אַ שטיקל מוסר: „יאָ, יאָ, אַ ייִד דאַרף מען זיין און יידישקייט דאַרף מען היטן". ר׳ הערש מענדל האַלט אַן אויג אויף הערצקע דעם ליטוואַק.

אַ ייִד אַ תם, מיט „אַ גלייכע ווירע" איז ר׳ משה ברוך גוזשיק. „אַז דער רבי האָט געזאָגט — מוז מען גלייבן אָן קשיות" — אַזוי און נישט אַנדערש וויל ר׳ משה ברוך. זיין פּנים שטראַלט פון שמחה, ווען פּנחסל דערציילט מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן, וואָס ער האָט געזען און וואָס ער האָט געהערט, ביי „אים זאָל לעבן", ביים גערער רבינס טיש.

ער קאָן נישט פאַרטראָגן די יונגע חברה, די „מאָדערנע". „לערנען גייט׳ס, לערנען גייט׳ס!" שרייט ער צו יונג און אַלט. בעתן לערנען, ווען ר׳ שמואל יעקב פאַרבער עקשנט זיך איין אין אַ סוגיא און זיי קאָנען נישט דורכקומען וועגן אַ פּשט, איז דער בעסטער וועג צו באַזיגן ר׳ שמואל יעקבן מיט איין זאַג: „אַזוי האָט אויך דער רבי זאָל לעבן געטייטשט", און ס׳בלייבט ווי ר׳ משה ברוך גוזשיק פאַרשטייט.

בולט מיט זיין בייזקייט אויפן פּנים און מיט זיין האַנט אויף דער גאַמבע — איז ר׳ ברוך אַנקער דער הויכער און דאַרער. אומזיסט פּירט ער זיין האַנט אויף דער גאַמבע, אפילו קיין איינציקע האָר פון אַ חתימת זקן... אַ חוש פאַר נגינה האָט ער, ר׳ ברוך אַנקער. ער פאַרזינגט ביים עמוד זיינע צרות. ער, דעם פאַוואָזנקערס רבס אַ זון, האָט אפילו נישט זוכה געווען, אַז אַ באָרד זאָל אים וואַקסן. מאָדזשיצער ניגונים ברומט ער, אָבער קיין מאָל דערזינגט ער זיי נישט. ער הייבט אָן מיטן מאָדזשיצער לכה דודי, אָבער צום פּני שבת נקבלה פּרוווט ער שוין גאָר עפּעס אַנדערש — זיינס אַן אייגענעם ניגון.

אַ קנאַי איז ר׳ ברוך אַנקער. גענוג, ער זאָל הערן, אַז אַ יונגערמאַנטשיקל, אַ קעסט־עסער, וואָס שניידט זיך אויף אַ סוחר, האָט גענומען זיין ווייבל שפּאַצירן פּרייטיק צונאַכטס נאָכן עסן, און שוין צומאָרגנס, שבת פרי ביים דאַווגען, זאָל ער אים אויסמוסרן, נישט לאָזן דאַוונען. דאָסגלייכן איז ר׳ ברוך מעכב צו קריאת התורה, ווייל... מען היט נישט אָפּ טהרת המשפחה, און מען פאַרקעמט זיך, מעשה פּאַצעטקעס, די האָר. מיט מידת הדין האַלט ר׳ ברוך אַנקער וואָך אויף יונגעלייט־לעך און נשים, וואָס זענען נישט מדקדק אויף מיצוות. זיינע אַלע צרות און בייזקייטן לאָזט ער אויף זיי אויס...

אָבער גאָר אַנדערש פירט זיך ר׳ בנימין פינקער. ער, וואָס פירט אַ גאַנצע וואָך וועגענער תבואה צו מערק און יאַרידן, און מסחרט פלינק מיט גויים, — ווען ער קומט שבת אין שטיבל אַריין, ווערט ער דער יחסן, און איידער ר׳ ברוך אַנקער ווערט פאַרטיק מיט די הכנות, איז שוין ר׳ בנימין ביים „ברעטל״ און ער „לייגט אַוועק״ דאָס ריכטיקע דאַוונען. און ר׳ ברוך אַנקער מוז טראָץ זיינע פאַרדראָסן, צוטאַנצן די „קדושה״.

אָט די אַלע טייערע, האַרציקע יידן זענען מער נישטאָ. זאָלן די ווערטער זיין לזכרון זייערע הייליקע נשמות.



**אַ גרופּע „יונגעלייטלעך״**
פון רעכטס צו לינקס : זיצנדיק : **יוסף שימקאָוויטש, בעריש שרוט**
שטייענדיק : **הערמאַן, גאָטליב, חיים טיק**



**אַ גרופּע חסידישע בחורים**
פון רעכטס צו לינקס : **מענדל קאַגאַן, מנשה קאָכאַלסקי, שלמה גוזשיק, משה פּערלמוטער, גרשון קאַרצאָוויטש, יוסף ליכטנשטיין**

שלום קאַרצאַוויטש / חולון

# הענעכס ניגון

הענעך — איינער פון די איידעלע אין אַלבאָם פון מיין שטעטל, דער שטענדיק שמייכלענדיקער הענעך, וואָס האָט ליב געהאַט אַ שטיף טאָן ווי אַ קונדס פון חדר, — ער האָט געלעבט אין דער וועלט פון קלאַנגען, זיין נשמה האָט געשוועבט צווישן ניגונים.

ביי טאָג, ביי מסחר, פון הינטערן בופעט, פלעגט ער זיך בייגן איבער די נאָטן־בלעטער, וואָס זענען געלעגן אויפן בופעט צווישן קיכלעך, הערינג און קעז, זיך פאַרטיפן אין די נאָטן און דערביי ברומען אַ ניגון.

אַ יידענע האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים בופעט און אַ פרעג געטאָן: „הענעכל, איר האָט אפשר אַ גוט שטיקל קעז?" אָבער הענעך מיט זיין שטענדיקן שמייכל פלעגט ענטפערן, ווי אויף אָפּצופּטרן: „ליידער, קיין פרישן קעז האָב איך נישט, קעז האָב איך, נאָר נישט פאַר אייך".

אַזוי פלעגט ער אויך אָפּפּטרן די יידענעס אין אַ דאָנערשטיק, ווען זיי פלעגן אָנלויפן פאַרשוויצטע און בעטן הייוון צו פאַרקנעטן די חלות. ער האָט נישט פאַרטראָגן די אַלע קונהטעס, וואָס שטערן אים ביים מישן די נאָטן־בלעטער.

זיין מאַמע רבקה די צדיקתטע, אָדער ווי די ווייבער פלעגן רופן: „רבקה הערש בערס" אויפן נאָמען פון איר מאַן דעם למדן און צדיק, וואָס זיין נאָמען האָט געוועקט דרך־ארץ ביי אַלע יידן אין שטאָט, — זי, רבקה, הענעכס מאַמע, האָט תמיד געקרעכצט אויף איר זון: „אוי, וואָס וועט זיין פון אים? ער האָט דאָך צו גאָרנישט קיין קאָפּ, ער ווייסט נישט וואָס ער טוט, דאָ פאַרגעסט ער צו באַרעכענען, דאָ פאַרשרייבט ער נישט און דאָ גיט ער צו פיל אַ רעשט, אוי, איך גיי איין ווי זאַלץ אין וואַסער, און מיין תחינה וויל ער גאָר נישט הערן".

— „נו, מאַמע, גענוג שוין מיט דער תחינה!" — אַזוי פלעגט ער שמייכלענדיק אַ ברום טאָן און נאָך דעם מיט זיין שווערן באַריטאָן אויסזינגען אַ פערז פון דער ניינטער סימפאָניע.

אין טאָג פון מיטוואָך, ווען ס'שטעלט זיך דער מאַרק, פלעגט לעבעדיק ווערן ביי הענעכס שענק. פויערים זענען אָנגעפאָרן מיט די וועגענער און מען האָט אָנגעהויבן פילדערן ביי דער דינגעניש און האַנט־קלאַפּעריי — אַרויף־אַראָפּ — וועגן פרייזן. אין דעם טאָג פלעגט הענעכס שענק זיין באַזעצט מיט באַוואָנסעוועטע פויערים און פויערטעס מיט רויטע פאַטשיילעס, און הענעכס מאַמע האָט אַלע מאָל אַרויס־גענומען דאָס פלעשל ספירט פון הינטערן פאַרטעך און אָנגעגאָסן גלעזלעך. דערביי — אינעם גאַנצן געטומל — האָט זי אויך געמוזט אַכטונג געבן, צי דער פאָליציאַנט, דער שוואַרצער לעוואַנדאָווסקי, וועט נישט פלוצעם אַריין און זי כאַפּן אויף דער הייסער מינוט, ביים גיסן ספירט אין די גלעזלעך...

דווקא אין דעם טאָג, אין דעם טומל, ווען די מאַמע האָט אים געדאַרפט האָבן ווי אַ ישועה, פלעגט הענעך פאַרשווינדן אויף שעהן. נישטאָ הענעך, די מאַמע לויפט אַרום און פרעגט ביי יעדן: „אפשר געזען? ווײ, כ'וועל דאָך פאַלן ווי אַ פליג", נאָר אומזיסט, אירע קרעכצערייען זענען גאָרנישט נוגע די רויט־צעפלאַמטע פויערים, וועמען ס'גייט נישט אָן — יאָ הענעך, צי נישט הענעך, אַבי נאָך אַ גלעזל.

ערשט ביים סוף טאָג, ווען עס ווערט שטילער אויפן מאַרק, די פויערים פאָרן אַוועק און אַ פערדל הירזשעט און זוכט דעם פאַרלוירענעם באַלעבאָס — אַן אָנגעשיכורטן פויער, וואָס כראָפּעט גאַנץ געשמאַק, — ערשט דעמאָלט שלייכט זיך הענעך אַריין אין דער שענק מיט אַ שמייכלענדיק פנים און מיט אַ ברום פון אַ ניגון, ווי עפּעס נישט פון דער וועלט...

— „ווו ביסטו געוועזן?" — נעמט אים די מאַמע אויף מיט אַ בייזן ברוך־הבא — „וועסט מיך אומ־ברענגען פאַר דער צייט" — זאָגט זי, נאָר הענעך שוויגט און צום סוף שמייכלט ער אַרויס: „ביי שאָפּען בין איך געוועזן"...

— האַ — זאָגט די מאַמע — ווער איז דער ימח־שמוניק?

הענעך שווייגט, ער ווייסט און דאָס איז זיין סוד. ווען ס'האָט געטומלט און געהירזשעט אין מאַרק, איז הענעך אַוועק אין דעם געמויערטן הויז פון אַן אַמאָליקן רוסישן טשינאָווניק נעבן דער קירכע, און דאָרט אין די גראָמע צימערן, ביי דער אַלטער אלמנה, האָבן אויף די קלאַווישן פון פאָרטעפּיאַן הענעכס פינגער אויסגעציטערט די צאַרטע קלאַנגען פון שאָפּען.

*

די מלחמה־טעג האָבן אויך העגעכן פאַריאָגט און פאַרוואָגלט, מיט פיל טויזנטער יידן האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ביאַליסטאָק, דאָרט האָט ער זיך היימלאָז געוואַלגערט און אין אַ ווינקל פון אַ בית המדרש אויסגעהויכט זיין נשמה.

ער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געלעבט מיט די קלאַנגען פון שאַפן, — אוודאי האָט ער מיט די לעצטע כוחות זיי געברומט און מיט זיי האָט זיין נשמה געציטערט, ביז זי איז אויסגעגאַנגען.

זאָלן די ווערטער זיין אַ ליכט פון יאָרצייט פאַר זיין איידעלער נשמה.

ל. לעווקאָוויטש / יפו

# די מומע חנה

ווער האָט נישט געקענט חנהן — אַ שטיק דאָקטער איז זי געווען. שטענדיק האָט מען איר געטראָפן גיין צו אַ חולה, מיט איר הינקענדיקן פוס, מיטן קוי־של באַנקעס און פאַרשידענע פלעשלעך און דרעטלעך — מעדיציניש מכשירים.

די דאָקטוירים אין שטעטל האָבן איר גוט געקענט און נישט איין חולה האָבן די דאָקטוירים געהייסן גיין צו חנהן, און זי האָט שוין געטאָן, וואָס מען דאַרף, לויט זייערע אָנווייזונגען. אַלע האָבן זיך אויף איר פאַרלאָזט און ביי איר געבעטן אַ ישועה... גילדענע בערג פלעגט מען איר צוזאָגן, אַבי זי זאָל נישט אַוועק ביז דער קראַנקער וועט האָבן אַ רפואה שלמה. די דאָקטוירים פלעגן זאָגן: „חנהן זאָלט איר דאַנקען, וואָס דער חולה איז געזונט געוואָרן!"

אויך די קימפעטאָרינס פלעגן געהאָלפן ווערן פון דער מומע חנה. מען פלעגט זי נישט אָפּלאָזן ביז די יולדת איז נישט אין גאַנצן געזונט געוואָרן און זיך „געשטעלט אויף די פיס".

ביי אונדז אין דער משפחה, איז זי געווען אַ בחינמדיקער דאָקטער. ווי נאָר עס איז ווער קראַנק געוואָרן, האָט מען זי גלייך גערופן: חנה, ראַטעוועט! און נאָר ווען זי האָט געהייסן רופן אַ דאָקטער, האָט מען אַזוי געטאָן. אָבער דאָס איז נאָר געשען זעלטן. אַממערסטן האָבן מיר זיך פאַרלאָזט אויף איר און זי האָט געהיילט. זי האָט אָנגעהויבן מיט אַ זאָג: „וויז די צונג, לאָמיר נאָר אַריינקוקן אין העלדזל, גיב נאָר אַ לעפל", און דערנאָך האָט זי שוין געמאַכט אירע דיאַגנאָזעס אויף די פאַרשידענע פאַרקילעכצער און אַנגינעס; צוגעפּסקנט רפואות: „אַ ביסל קוואַסבאַרנע, טרינק־סאָדע, דריי קראָפּלעס יאָדינע, דאָס אַלץ מישן און נאָך דעם שווענקען... דער עיקר, קיין דאָקטער דאַרף מען נישט, פאַר נאַכט וועל איך קומען שטעלן באַנקעס"...

איר צוזאָג פלעגט זי תמיד מקיים זיין, כאָטש נישט איין מאָל איז זי געקומען שוין גאָר שפּעטלעך, אַ שטאַרק מידע פון באַזוכן ביי קראַנקע. זי פלעגט זיך דאַן פאַרענטפערן און קיין געלט האָט זי בשום אופן נישט געוואָלט נעמען. „גיי, שמיר דיר אויס די שיך און האָב אַ רפואה שלמה" — אַזוי פלעגט זי אָפּפטרן דעם ענין געלט און טאָן דאָס איריקע.

די יידענעס פלעגן תמיד פאַר איר געפינען פאַרשי־דענע חולאתן: „מומע, זע נאָר, מיין טאָכטער האָט עפּעס אַ שטיקל לישיי אויפן בעקעלע". די מומע חנה האָט דאַן גלייך זיך גענומען צו דער מלאכה: „וויז נאָר אַהער, נעם אַ געדיכט קעמל און לייג צו צום אָרט און פאַרבינד, אין דריי טעג אַרום וועט עס אַוועק". און אַזוי איז טאַקע געווען און געשען, מיט אירע „באַבסקע רפואות" האָט זי געהאָלפן און געראַטעוועט.

אַלץ האָט זי געטאָן רויק, און דערביי האָט זי געטרייסט: „נעם דיר נישט צום האַרץ, ס'איז גאָרנישט". מיט אַ ברכה האָט זי תמיד פאַרמאַכט די טיר און ווייטער געגאַנגען איר גאַנג, מיטן הינקענדיקן פוס פון חולה צו חולה.

מיר פלעגן קוקן אויף איר, ווי אויף אַ מלאך, וואָס ברענגט אַ רפואה. זי איז געווען אונדזער שטאָלץ און מיר פלעגן זיך רימען מיט איר — די מומע חנה.

כבוד איר נאָמען און אירע מעשים.

**ד. בן־שרה** / תל־אביב

# דאָקטוירים, פעלדשערס און רופאים

## דאָקטוירים

ביים באַגין פון דעם יאָרהונדערט איז נאָך אין נאָווי־דוואָר — אַ שטעטל מיט אַ רוב יידן — קיין יידישער דאָקטער נישט געווען. די סיבה איז מן־הסתם די, וואָס קודם־כל זענען דעמאָלט בכלל געווען ווייניק יידישע דאָקטוירים, צוליב דער „נאָרמע" פאַר יידן אין די צאַרישע הויכשולן, און די, וואָס האָבן יאָ באַוויזן צו אָנקומען אויף מעדיצינישע פאַקולטעטן און ווערן דאָקטוירים — זענען עס לרוב געווען די, וועלכע זענען געווען ביכולת צו „שמירן", געבן כאַבאַר — לרוב קינדער פון רייכע עלטערן. און איז אַזאַ מזלדיקער דאָקטער געשטאַנען פאַר איינאָרדענען זיך, האָט שוין די רייכע עלטערן אויך געסטייעט איינצואָרדענען זייער זונדל אין דער גרויסער שטאָט, וווּ אַחוץ גוטע פּאַציענטן און קלינישע פּראַקטיק האָט מען אויך געקאָנט שנעלער מאַכן אַ דאָקטערישע קאַריערע און דערנאָך זיך גוט פאַרקנסן... אַזוי, אַז אין קליינעם שטעטל האָבן קיין יידישע דאָקטוירים זיך נישט געיאָ־ וועט, און פון יענע ווייטע יאָרן געדענק איך נאָר די פּוילישע דאָקטוירים.

דאָקטער בראָכאָצקי, — אים געדענק איך פון מיינע פריע קינדער־יאָרן. ער האָט געוווינט אין גרינבערגס געסל העט אַרויפצו ביי די סאַמע „פּאָלקעס", אין אַן אָפּגעזונדערט חורבהדיק הייזל. אַ משונהדיקער גוי איז דאָס געווען און ס'ווין זיין אויסערלעכער אויסזען האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויפן חולה. אַ הויכער, מיט אַ פּאָר לאַנגע „שלאַכעצקע" וואָנצעס, אַ לאַנגע און דווקא אַ יידישלעכע נאָז מיט אַ צוויקער־בריל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף אַ שוואַרץ בענדל אין זיין געשלייפטן טונקעלן באַהעמע־קראַוואַט. אין זיין ברייטער צעפלוי־ גענער פּעלערינע, אין איין האַנט אַ גראָבער סענקעוואַ־ טער שטעקן און אין דער צווייטער אַ בייכיק זואַליזקעלע מיט כלערליי אינסטרומענטן — אַזוי פלעגט ער אַריינ־ פאַלן אין אַ יידישער שטוב און אָנוואַרפן מיט זיין הילוך אַ פּחד אויף דער פאַרזאָרגטער פאַמיליע און אויף דעם חולה, ווי נישט קיין דאָקטער, נאָר עפּעס אַ מכשף, אָדער דער „סאַמעראָדנער" מלאך־המות, וואָס איז געקומען צונעמען די נשמה... אַ בייזער און וואָרטשענ־ דיקער האָט ער אַריינגערוקט דעם באַקומענעם שכר

אין דער טיפער קעשענע און מיט אַ הויקערדיקער שריפט, פול מיט „קאָטשערעס און לאַפּעטעס" פאַר־ שריבן דאָס ביסל „אַקוואַ דע פּאַמפּע", און נאָך דעם, ווי אַ וויכער, אָן אַ „בלייב געזונט" פאַרשווּנדן אין די שמאָלע יידישע געסלעך, שפּרייטנדיק שרעק. מענטשן האָבן אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון אים, ווי פאַר אַ „נישט־גוטן" און גערופן האָט מען אים „דער משוגענער דאָקטער".

דאָקטער קאַרבאָווסקי. אַז „פּאַניע גנב" האָט אָנגע־ הויבן אויסצובויען דעם נאָוואָ־געאָרגיעווסקער „קרע־ פּאָסט" (מאָדלינער פעסטונג) און די פּרנסה ביי שטעטלדיקע יידן האָט אָנגעהויבן וואַקסן און אַ גרויסער טייל איז אַריין „אין די פעדערן", בעיקר די „ליטוואַ־ קעס", די פּאָדריאַטשיקעס — האָבן די אַלע צוגעוואַנ־ דערטע יידן אויך אָנגעהויבן זאָרגן וועגן אָראָפּברענגען אַן „אייגענעם" יידישן דאָקטער. אַרויסגעהאָלפן אין דעם האָט די סובטעלע און איידעלע פרוי חאַשקע ראָזנשטיין, די פרוי פון חיימוש ראָזנשטיין (אַ בכור פונעם רייכן נאָווי־דוואָרער ר' איטשע ראָזנשטיין). פרוי חאַשקע — אַן אָפּשטאַמיקע פון לאָמזשע — האָט צוגעהאָלפן אירס אַ בן־עיר, אַ יונגן דאָקטער, זיך צו באַזעצן אין נאָווי־דוואָר. און אין אַ גוטער שעה האָט אין נאָווי־דוואָר אָנגעהויבן צו אָרדענירן אַן עכט־ יידישער דאָקטער — און נאָך אַ כהן דערצו — מיט דעם שיין־קלינגענדיקן אַרישן נאָמען דר. קאַרבאָווסקי.

אַ „פרייליידיקער", ד"ה, אַ בחור, אָבער טאַקע אַ „בחור כארז" איז געווען דער קאַרבאָווסקי. אין די מיטל־יאָרן, שיין, הויך, עלעגאַנט און אַ באַזונדערן חן האָט אים צוגעגעבן זיין געדיכטער קאָפּ שוואַרצע האָר מיט די גרוילעכע ווינקלען פון ביידע זייטן. גערעדט האָט ער, פאַרשטייט זיך, פּויליש, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאָקטער. אָבער מיט זיינע יידישע פּאַציענטן האָט ער גערעדט אַ גאַנץ געשמאַקן יידיש, און יידן האָבן זיך אָנגעהויבן פילן היימיש מיט דער מעדיצין און אָנגעהויבן צו „פאַרשטיין אַ קרענק".

זיין ערשטע דירה איז געווען אין דער אַפּיצינע פון באַקמאַנס הויז. שפּעטער האָט ער זיך אַריבערגעצויגן אין דער בלאַט'ינס הויז (דערנאָך פּיוול קאָמיענס) אויפן פּוילישן מאַרק, אַקעגנאיבער דעם שטאַטישן

גאָרטן. דאָרט האָט ער פאַרלייגט אַ שיינעם מאָדערנעם קאַבינעט. מיט זיין אידעלער און עלעגאַנטער באַציונג האָט זיך דר. קאַרבאָווסקי דערוואָרבן אַ גרויסע פּראַקטיק, נישט נאָר צווישן יידן, נאָר אויך ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער. מיט דער צייט איז ער געוואָרן דער דאָקטער פון די אָפּיצערסקע „באַרישניעס" אין דעם נאָווא־געאָרגיעווסקן קרעפּאָסט. אין שווערע קראַנקייט־פאַלן האָט מען אים אויך אַרויסגערופן אין דעם נאָענטן שטעטל זאַקראָטשין, וווּ עס איז נאָך אַלץ נישט געווען קיין דאָקטער, נישט קיין יידישער און נישט קיין קריסטלעכער.

דר. קאַרבאָווסקי איז ביים אויסברוך פון ערשטן וועלטקריג צוזאַמען מיט די נאָווי־דוואָרער יידן אַוועק קיין וואַרשע און מער קיין נאָווי־דוואָר נישט צוריקגעקומען. ביי אַ נישט וויזנטלעכער אָפּעראַציע, וואָס מען האָט איבער אים דורכגעפירט, איז ער פּריצייטיק געשטאָרבן. די נאָווי־דוואָרער יידן האָבן אים באַדויערט, נאָר אַ סך פון די רעליגיעזע יידן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון הימל, ווייל ער האָט אין וואַרשע חתונה געהאַט מיט אַ גרושה — און ער איז דאָך געווען אַ כהן...

דאָקטער דאַניעל — דעם קריסטלעכן דאָקטער, געדענק איך פון דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע. מיינע עלטערן האָבן מיט אים געוווינט אין שכנות אין לענטשס הויז ביים שאָסיי. ער איז אין זיין תוך געווען אַ שונא־ישראל, כאָטש די מערסטע פּאַציענטן זיינע זענען געווען יידן. ער איז אויך געווען דער לייטער פון שטאָטישן שפּיטאָל, ביים שאָסיי נאָכן שלאַבאַן. דורך זיינע הענט אין שפּיטאָל זענען דורכגעגאַנגען אַ סך יידישע פּאַציענטן, אָנגעשטעקטע פון עפּידעמישע קראַנקייטן, וואָס האָבן דעמאָלט געבושעוועט אין שטעטל. און צו זיין שבח זאָל געזאָגט ווערן, אַז אין זיין מעדיצינישער פּראַקטיק איז ער געווען קאָרעקט און אָנשטענדיק בנוגע אַלע פּאַציענטן, אָן אונטערשיד פון שטאַנד און רעליגיע.

## פעלדשערם

פּיענקאָווסקי. פאַר דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך קיין נאָווי־דוואָר געיאַוועט אַ סימפּאַטישער יידישער יונגערמאַן מיט דעם שיין־קלינגענדיקן פּוילישן נאָמען פּיענקאָווסקי. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פעלדשער און אייגנטלעך געווען דער ממונה איבער דער „פּאַרוווקע", וואָס האָט געפּאַרעוועט און דעזינפעצירט אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט, כדי צו פאַרהאַלטן די טיפוס־עפּידעמיע. די דאָזיקע „פּאַרוווקע" איז דעמאָלט געווען אַן אומבאַדינגט נייטיקע זאַך, נאָר ווייל די יידן אין שטעטל האָבן געהאַט פון דעם מין פּאַרעווען גרויסע צרות, האָבן זיי אויך פיינט געהאַט דעם פּיענקאָווסקין. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו טאָן אַ גוטן שידוך מיט דער טאָכטער פון האָלצמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ שיין הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס, אַקעגנאיבער דעם פּלומפּ אויפן מאַרק. נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן פון פּוילן, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז פּיענקאָווסקי אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט געאַרבעט אַלס פעלדשער אין יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע.

זשוראַווסקי. אַ קריסט, ווי אַ געזונטער פּויערישער זון איז ער דערשינען אין נאָווי־דוואָר אַלס פעלדשער אין דער צייט פון די עפּידעמיעס בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע. מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע אויפן פּנים האָט ער גיך געפונען אַ פעלד פאַר מעדיצינישער פּראַקטיק צווישן דער יידישער אָרעמקייט און שנעל פעט געוואָרן פון די קליינע אָבער אָפטע האָנאָראַרן. שפּעטער איז ער אַזוי פּאָפּולער געוואָרן ביי די נאָווי־דוואָרער יידן, אַז זיי האָבן אין אים געגלייבט מער ווי אין גרעסטן דאָקטער. ער איז געווען אַ געניט ליבע־ראַלער און אָנגענעמער מענטש און גוט געזאָרגט נושא־חן צו זיין ביי דער יידישער קליענטעלע. ווי עס דערציילן די אָפּגעראַטעוועטע יידן פון נאָווי־דוואָר, האָט ער אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע נישט פאַרלוירן דעם צלם־אלקים און ווי נאָר מעגלעך געשטיצט מיט מעדיצינישער הילף די אָפּגעשלאָסענע יידן אין נאָווי־דוואָרער געטאָ.

אלי מאיר גראַבמאַן. פון מיינע פריע קינדער־יאָרן געדענק איך אים. ער איז נישט געווען ווי די פעלדשערס פון אַנדערע שטעטלעך, „וואָס האָבן פאַרשטאַנען אַ קרענק", געטאַפּט דעם דופק, זיך געמוטשט, און דעם מענטשלעכן קערפּער געקענט לויט די אַנאַטאָמישע אָנווייזונגען פון הלכות שחיטה... צו אים, אין זיין פּריזור־רע, האָט מיין מאַמעשי ע"ה מיך געפירט. דאָרט האָט ער מיך קודם־כל אָפּגעשוירן, נאָך דעם אויסלאַפּסירט דאָס העלדזל קעגן פאַרקילונג, נאָך וועלכן עס איז מיר פאַרבליבן עפּעס אַ מין לאַקריץ־זיסער טעם אין מויל. ער האָט מיר אויך איינגעגעבן אַ מין שאָקאָלאַדקע קעגן ווערעם, און דאָס אַלץ פאַר אַ גראָבן רוסישן

קופּערנעם צענער, וואָס ער האָט מיט דאָקטערישער עלעגאַנץ אַריינגערוקט אין דער וועסטל־קעשענע.

## דענטיסטן

שמואל גראַבמאַן. דער עלטסטער און פּאָפּולער־סטער דענטיסט אין נאָווי־דוואָר איז ער געווען, וואָס האָט זיין מעדיצינישע קאַריערע אָנגעהויבן אין נאָווי־דוואָר אַלס פעלדשער. אָבער צוליב די רדיפות מצד דעם פּוילישן דאָקטער בראַכאַצקי און דעם אַנטיסעמי־טישן אַפּטייקער קאָנאַרסקי, האָט ער פאַרוואָרפן דאָס פעלדשעריי, עטלעכע יאָר געלערנט אין וואַרשע און געוואָרן דער ערשטער און בעסטער דענטיסט אין נאָווי־דוואָר. זיין קאַבינעט האָט ער געהאַט אין דעם שיינעם געמויערטן הויז אויף דער וואַרשעווער גאַס, וואָס האָט געהערט צו דער אַלטער רוסישער „פּענסיאָנערקע״, פרוי זדאַנאָוויטש. שפּעטער האָט ער זיך איבערגעטראָגן אין זיין אייגן הויז, וואָס עס האָט אָפּגעקויפט זיין שוואָגער לעווין, אַן אַמאָליקער נאָווי־דוואָרער זייגערמאַכער און שפּעטער אַ וואַרשעווער גביר.

וועגן שמואל גראַבמאַן דעם געזעלשאַפטלעכן טוער, דעם ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור אאַז״וו, ווערט דאָ אין בוך באַזונדער דערציילט. וועגן גראַבמאַן דעם דענטיסט זענען געווידמעט מיינע ווערטער. זיין נייגונג צו מעדיצין און דענטיסטיק האָט זיך אויך געלאָזט מערקן ביי זיינע קינדער. זיין טאָכטער טעמע האָט ער געשיקט שטודירן, שפּעטער האָט זי פּראַק־טיצירט ביי אים אין קאַבינעט און נאָך דעם געוואָרן אַ גוט פּראַקטיצירטע דענטיסטין אין וואַרשע. זיין פעיקן זון לעאָן, וועגן וועלכן ס׳איז דאָ אין בוך אַזוי פיל געשריבן — האָט ער געלאָזט שטודירן מעדיצין. זיין יינגערע טאָכטער אַנדזשאַ מיט איר מאַן בענעק האָט ער אַריינגעצויגן אין דער מלאכה פון צאָן־טעכניקער. צווי פון זיינע קינדער האָבן געירשנט די אַרטיסטישע פעיקייטן פון זייער טאַטן, זיין זון העניעק איז געוואָרן אַ טענצער און דאָס יינגסטע טעכטערל האַלינקאַ איז געוואָרן אַ מוזיק־לערערין.

ברכה מונדלאַק. פון אַ דורותדיקער משפחה אין שטאָט איז זי געווען, געאַרבעט אַלס דענטיסטין און דערנאָך געווען גוט באַקאַנט אַלס דענטיסטין אין וואַרשע. זי איז געווען די פרוי פון פּובליציסט און רעדאַקטאָר פון ציוניסטישן „היינט״ — אהרן איינהאָרן. זי ווערט דערמאָנט אין די זכרונות פון די אַלטע נאָווי־דוואָרער סאָציאַליסטישע וועטעראַנען, אַלס אַ טיכטיקע פאַרשפּרייטערין פון קולטור און וויסן צווישן די אָרעמע יידישע שיכטן אין נאָווי־דוואָר ביים באַגין פון איצטיקן יאָרהונדערט. זי איז אומגעקומען דורך די נאַצישע הענקערס. איר מאַן, דער איידעלער אהרן איינהאָרן, האָט נאָך אין יאָר 1942 געמאַכט אַ סוף



די דענטיסטין ברכה מונדלאַק, פרוי פון אהרן איינהאָרן (דער רעדאַקטאָר פון היינט), אַ קולטור־טוערין אין דער נאָווי־דוואָרער אַרבעטערשאַפט צווישן די יאָרן 1905—1909

צו זיין לעבן, נישט וועלנדיק אַריינפאַלן אין די נאַצישע הענט. זייענדיק אין אָטוואָצק, האָט ער צוזאַמען מיט זיין אָרטיקן פריינד נעסטרין איינגענומען אַ גרויסע דאָזע גיפט און אונטערגעצונדן דאָס הויז, ווו זיי האָבן געוווינט (בנימין אָרנשטיין, „חורבן אָטוואָצק״). דער יינגסטער זון פון די איינהאָרנס איז דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט, אויפן וואַר־שעווער פּלי־פּלאַץ פּולענטי (דר. יוסף קערמיש, אנצי־קלופּדיה של גלויות, וואַרשה חלק ב׳).

## הייבאַמען — אַקושערקעס

דריי זענען זיי געווען פאַר מיינע צייטן ביי אונדז אין שטעטל:

מאַניאַ אַבראַמאָוויטש, מיט וועלכער מיין משפּחה האָט לאַנגע יאָרן געוווינט בשכנות ביי גראַבמאַנען אין הויז. זי פלעגט שטענדיק פאַר מיין מאַמען ע״ה דערציילן וועגן אירע פאַכמענישע קענטענישן. זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסע גויישע קליענטעלע און האָט זיך שוין אין יענע יאָרן פאַרנומען מיט „פאַרבאָטענע אָפּעראַציעס״, אַממערסטנס צווישן די שיקסעס פון די אָרומיקע דערפער. נישט איינע פון זיי פלעגט דערביי אַוועקגיין אויף יענער וועלט...

חנה „די הייוון״. זי האָט געהאַט אַ פריזורע אויף דער זאַקראָטשינער גאַס, ווו עס האָבן געאַרבעט אירע דריי זין. זי איז געווען די אַקושערקע פון די יידענעס

אויפן אָרעמען „פיאַסעק". און אַזוי ווי אָרעמע־לייט קינדלעך אַ סך, איז זי שטענדיק געווען פאַרהאָוועט און פאַריאָגט און געלאָפן מיטן קליינעם רענצעלע פון איין מעוברתדיקער יידענע צו דער צווייטער.

בלומע גראַבמאַן, די שוועסטער פון דעם דענטיסט שמואל גראַבמאַן און די פרוי פון אויבן־דערמאָנטן פעלדשער אלי מאיר איז געווען די אַקושערקע פאַר די מער נגידישע נשים. מיט איר הויכן געשטעל און ברייטן בילדערשן מענה־לשון, האָט זי געהאַט דעם טאַלאַנט „אויסצורעדן" און לייכטער צו מאַכן דאָס „אָפנעמען" די קליינע „פופקעלעך" ביי די יונגע צעפיעטעשטשעטע ווייבלעך און צו ווערן אַ „גאַנצער שמעלקע" אין די דאָזיקע שטובן, וואָכן לאַנג פאַר דעם געבורט און חדשים נאָכן געבורט. זי איז זייער באַליבט געווען ביי איר „קליענטורע". זי איז געווען „אויסגעקאָכט" מיט דער גאַנצער שטאָט, געוווסט אַלע „פלאָטקעלעך", געקאָנט צונויפשטעלן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, און אַלץ אין אַ זאַפטיקן יידיש מיט אַ שיין־דערציילערישע דיקציע, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דעם „טשעקאַוון" ווייבער־פאָלק.

## און ווידער וועגן דאָקטוירים

איך בין אויסן אַזעלכע דאָקטוירים, וואָס האָבן נאָר אָנגעהויבן אין נאָווי־דוואָר, אָדער בלויז אָפגע־שטאַמט פון נאָווי־דוואָר און פראַקטיצירט אין אַנדערע ערטער.

דר. זיגמונט נאַכטמאַן, מיין פעטער, דער מאַן פון מיין מוטערס יינגסטער שוועסטער זאָשע. ער האָט פראַקטיצירט עטלעכע יאָר אין נאָווי־דוואָר נאָך דער אַנטשטייונג פון זעלבשטענדיקן פוילן. געווען איז ער אַ יונגער גינעקאָלאָג, אָבער אַזוי ווי אין שטאָט איז דעמאָלט קיין יידישער דאָקטער נישט געווען — איז ער עס געוואָרן דער אַלוויסנדיקער מעדיקער. דעם ענין פון אויסגעפינען פאַר אים אַ בכבודיקע דירה האָט אויף זיך גענומען דער געזעלשאַפטלעכער עסקן ר' זישע טורקעלטאַוב. ער האָט אים איינגעאָרדנט אין יונקערס הויז בשכנות מיט דער שלום עליכם־ביבליאָטעק (ווו עס האָט אַ מאָל געוווינט די לאַנג־יאָריקע ביבליאָ־טעקאַרין און די איבערגעגעבענע ציוניסטישע טוערין עלקע פינטשעווסקאַ. געפינט זיך איצט מיט איר משפחה מאַלמאַן אין ישראל). דער יונגער דאָקטער האָט זיך זייער באַליבט געמאַכט ביי דער שטאָטישער באַפעל־קערונג. עס האָט אים אָבער, ווי אַ דורותדיקן וואַרשעווער צוריקגעצויגן צו דער גרויסער שטאָט, ווו ער איז געווען אַ באַקאַנטער גינעקאָלאָג, ביז די דייטשן האָבן אים מיט זיין משפחה אָפגעשיקט צו פאַרניכטונג. (אין ישראל געפינט זיך זיין איינציק אָפגעראַטעוועטע טאָכטער, די פרוי פון זשורנאַליסט און שטענדיקן מיט־אַרבעטער פון „ידיעות אחרונות" און אויסלענדישער פרעסע — נתן גורדוס).

דר. פאַוועל גאָלדשטיין, דער זון פון גוט באַקאַנטן נאָווי־דוואָרער תושב קלמן קאָפל גאָלדשטיין. ער איז געווען דער תלמיד פון באַרימטן וואַרשעווער כירורג דר. אהרן סאָלאָווייטשיק. דערנאָך אַליין געוואָרן פון די אָנערקענסטע וואַרשעווער כירורגן מיט אַן אייגענער גרויסער קליניק. וואַרשעווער יידן האָבן אים גערופן: „דאָס גאָלדענע הענטל". אין די שפעטערדיקע פאַר־מלחמה־יאָרן איז זיין קאָנטאַקט מיט נאָווי־דוואָר געווען גאָר אַ שוואַכער. ער פלעגט זיך נאָר אַראָפכאַפן אויף אַ פאָר שעה צו די אַלטע טאַטע־מאַמע און שטעטלדיקע יידן פלעגן טיטלען אויף זייער בן־עיר, דעם גרויסן דאָקטער... אַז נאָווי־דוואָרער יידן זענען געקומען צו אים קיין וואַרשע און זיך פאַררופן אויף זיין טאַטע־מאַמע, האָט ער זיי געהיילט און געשניטן פאַר אַ העלפט געלט...

דר. לעאָן ראָזנשטיין, אַן אייניקל פון ר' איטשע און דער זון פון ר' אברהם, פון אַ משפחה דורותדיקע נאָווי־דוואָרער. ער, דער דאָקטער, האָט געהאַט ווייניק שייכות מיט דער שטאָט. אַ שיינער מענטש איז ער געווען און זיין נישט געלונגענע ליבע מיט דער עלטסטער טאָכטער פון עקיבא באַקמאַן האָט אים נאָך מער דערווייטערט פון שטעטל. ער איז געווען לאַנגע יאָרן אַ דאָקטער אין דער פוילישער אַרמיי. אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער קראַנק געוואָרן און יינגערהייט געשטאָרבן. זיין לעצטער ווונטש איז געווען, מען זאָל אים קובר זיין אין נאָווי־דוואָר, ווו עס האָט געלעבט זיין פיל פאַרצווייגטע משפחה. דעם ווונטש האָבן אויסגעפירט זיינע עטלעכע קאָלעגן — פוילישע אָפיצירן, וועלכע האָבן אים געבראַכט קיין נאָווי־דוואָר, ווו ער האָט געהאַט איינע פון די גרעסטע לוויות און דער מרא־דאתרא האָט אים מספיד געווען.

דר מיעטשיסלאַוו באַקמאַן, דער זון פונעם נאָווי־דוואָרער בעל־הבית עקיבא באַקמאַן. זיין מעדיצינישן שטודיום האָט ער פאַרענדיקט האַרט פאַר דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. פאַר

דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער געלעבט אין נאָווי־דוואָר, ווו ער האָט אין דער רחבותדיקער דירה פון זיין טאַטן געפירט זיין מעדיצינישע פּראַקטיק. שפּעטער איז ער אַוועק קיין וואַרשע און דאָרט געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער מעדיקער. ער איז געווען אַ ליבער, שטילער און איידעלער מענטש מיט אַ גוטן שמייכל אויפן פּנים. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער ווייטער פּראַקטיצירט אין וואַרשע.



אַ טייל פון דער וואַרשעווער גאַס

**יעקב ליטמאַן** / ניו־דזשערסי

# ביי מיין זיידן אין נאָווי־דוואָר

מיין מאַמע חנה, ר׳ אברהם זאַלצמאַנס עלטסטע טאָכטער, פלעגט אָפּט זינגען אַן אומעטיק יידיש פאָלקסליד:

„קינדער־יאָרן נאָך נישט פאַרגעסן,
עס טוט נאָך אין די אויערן קלינגען...״

און ווען עס מאַכט זיך אַ מאָל, אַז מיינע זכרונות ברענגען מיך צוריק צו מיינע קינדער־יאָרן, זע איך פאַר מיינע אויגן אַן אַ שיער בילדער פון מיין מאַמעס שטעטל נאָווי־דוואָר, ווו איך פלעג אַרומלויפן אַ גאַנצן זומער באָרוועס און זאָרגלאָז איבער אַלע גאַסן און געסלעך; אַרום די סטראַגאַנעס און דראָזשקעס אויפן מאַרקפלאַץ; צווישן די קרעמלעך און געוועלבלעך אויף די גאַסן — די וואַרשעווער און זאַקראָטשינער; ביי די יאַטקעס הינטערן מאַגיסטראַט; אין דעם הויף פון בית־המדרש און דער שול; ביי דעם פּלומפּ אויף די פּיאַסקעס, ווו קאַטשקעס פלעגן זיך באָדן אין אַ קאַלוזשע מיט בלאָטע; אין שטאָט־גאָרטן קעגנאיבער דער גאַס אַרום דעם ווייסן פּוילישן קלויסטער; אויף די זאַמדן ביים וועג צום בית־עולם; אַרום די קאַזאַרמעס פוןביידע זייטן שאָסיי, ווו די דראָזשקעס פלעגן לויפן צו דער באַן־סטאַציע; לעבן יונקערס טעאַטער־זאַל און די גאַס מיטן קאַנאַל צום נאַרעוו, אַרום דעם מאַרקפלאַץ; הינטער דער שאַפּע פון די סטראַזשאַקעס; הינטער דער שטאָט אויפן וועג קיין מאָדלין, אַזש ביז צו דער בריק, — ס איז נישט געווען אַן אָרט אין נאָווי־דוואָר, ווו מיינע יונגע פיסלעך האָבן מיך נישט פאַרטראָגן. ווייל נאָווי־דוואָר איז פאַר מיר געווען אַן אינטערעסאַנטע שטאָט, אַ סך מער אינטערעסאַנט ווי וואַרשע, ווו איך האָב געוווינט, און ווו איך בין ווי אַ יינגל געגאַנגען שפּאַצירן אין לאַקערקעס, אָנהאַלטנדיק מיין מאַמען ביי דער האַנט.

אין נאָווי־דוואָר האָב איך געקאָנט שפּרינגען פון שוועל צו שוועל, אַפילו באָרוועס, און אַריינשטעקן מיין קאָפּ מיט בייגעריקייט אין אַלע שניט־געוועלבלעך אויף דער זאַקראָטשינער גאַס, און אין אַלע יאַטקעס, ווו די גרויסע לעבערס זענען געהאָנגען איבער די טירן און ס׳האָט זיך אָנגעזען דער קצב מיט דער גרויסער שאַרפער האַק איבער די שטיקער פלייש און ביינער. אין נאָווי־דוואָר האָב איך געקאָנט טאָן אַ סך זאַכן: זיצן ביי די בלעכענע דורכגעלעכערטע פענצטער פון דער „קאָזע״ ביים מאַגיסטראַט און צוהערן זיך צו די שמועסן פון די „קאָזע־איינוווינער״; אַריינשטעלן מיינע פיס אין די בלאָטעס אויפן וועג צו די פּיאַסקעס, פּונקט דאָרט ווו די ווייבער פלעגן געשיקט צעגיסן מיט אַ האַלב רונדן גאָס די פּאָמיעס; נאָכלויפן די קעלבלעך אין זיידנבערגס הויף אַריין; אַריינקוקן צום בלעכער, שוסטער און שטעפּער; פרייטיק אין דער פרי כאַפּן אַ בליק ביים שוחט, צי ער טוט די מלאכה מיט די עופות כדת וכדין. איך האָב חלילה אויך נישט פאַרפעלט די באַרימטע ציווילע און מיליטערישע שניידערס, אָדער איך פלעג אָפּשטאַטן אַ וויזיט אין די בעקערייען, ביי זכריהן, פּיוויש שיקאָראַן און מיינסטנס ביי שמערל ווינשטאָק, ווו איך האָב געהאַט ספּעציעלע משפחה־פּריווילעגיעס. אַ גאָר אָפטער גאַסט בין איך געווען אין איטשע שמוקלערס וואַרשטאַט, ווו מיין פעטער נח האָט געהאַט אַ דעה, און איך האָב געקאָנט נעמען אין מיינע הענטלעך, וואָס נאָר כ׳האָב געוואָלט, אָן קשיות. אין וואַרשטאַט פלעג איך אַריין נאָר דורך די פענצטער, און ווען זלמן שמוקלער פלעגט צוריקקומען מיט די אויסגעפּוצטע שטיוועלעך פון זיינע קונים אין מאָדלין און מיך דערזען אין וואַרשטאַט, פלעגט ער שמייכלענדיק אַ זאָג טאָן: „נו, דו ביסט שוין ווידער דאָ?״

איך פלעג אויך אָפּט זיין אַ גאַסט אין געוויסע שענקען און אין די פאַרשידענע געשעפטן: ביי קאַלוואַריסקין מיט די באַלאָדענע פּאָליצעס און צעשטעלטע זעק; אין געלן מענדלס געוועלב מיט די אַלע „ספּאָזשיווטשע״ סחורות; און — פאַרשטייט זיך — אין מיין פעטער לייבל ליטמאַנס קראָם, ווו איך בין טאַקע געווען ווי אַ בן־יחידל. אַז איך האָב געדאַרפט האָבן אַ פּאָר גראָשן צו קויפן אַ נאַשעריי, בין איך גלייך אַוועק צום פעטער לייבל ליטמאַן, ווו די מומע האָט מיך אַלע מאָל גוט באַהאַנדלט.

דער בעסטער שכן איז געווען זישע טורקעלטאַוב. אין זיין געוועלב פלעג איך אָפּזיצן גאַנצע שעהן. דאָרט פלעגט מען מיט מיר, דעם „שמענדריק״ זיך פונאַנדעררעדן. און ביים „צוהעלפן״ דאָרט אין געוועלב,

האָב איך נישט איין מאָל צעבראָכן אַ גלעזל אָדער אַ טעלער.

איך פלעג מיטגיין מיט דאַלעק טורקעלטאַוב צום נאַרעוו. אויף די טאַרטאַק־קלאָצן האָב איך „אַכטונג געגעבן", ווי דאַלעק אַרבעט גלייכמעסיק מיט זיינע הענט און פיס אין וואַסער. איך האָב כאילו געהאַלטן וואַך אויף אים, נאָר ביי זיך האָב איך געפרעגט: „ווען וועל איך שוין קאָנען אַזוי שווימען ווי ער?"

אָבער נישט תמיד איז געווען אַזוי פריי און זאָרגלאָז. אין איינעם אַ זומער — געדענק איך, האָט עמעצער פון מיין זיידנס משפחה (דאַכט זיך מיין פעטער יחיאל) מיך געבראַכט אין שרהטשע סרעברניקס גן־ילדים. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער מיט צווי לאַנגע נידעריקע טישן און נידעריקע בענק, און מען האָט מיר גלייך אָנגעזאָגט, אַז איך הייס „יענקעלע הקטן" (דער צווייטער יענקל אין „גן" האָט געהייסן „יענקעלע הגדול"). מען האָט מיר אויך אָנגעזאָגט, אַז מען דאַרף זאָגן „שלום" ביים אַריינקומען. שרהטשע סרעברניק האָט מיך טאַקע באַלד צוריק אַרויסגעפירט און אַריינגעפירט, כדי איך זאָל ריכטיק באַגריסן מיינע חברים, וועלכע, ווייזט אויס, זענען שוין געווען גרעסערע מומחים לדבר זה, ווי איך. דעם ערשטן טאָג, נאָכן אַהיימקומען פון „גן", האָב איך זיך שוין געקענט פאַרשטעלן מיט מיין ערשט העברעיש ליד:

על חלון עמדה צפור יפה,
ילד רץ אל חלון,
צפור עפה, עפה...

(און פון דעם טאָג ביז היינט איז מיין ליבשאַפט צו העברעיש נישט געענדערט...) * ביים זיידן אין דער היים האָבן אַלע געשעפּט נחת אין דעם טאָג. און מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין נאָווי־דוואָר אַלס תלמיד פון די העברעישע שולן אין וואַרשע, פלעגט מיך מיין פעטער יחיאל שלעפּן צו שמשון נטע סרעברניק, זיין מורה־דרך, און פאַר אים שטאָלצירן מיט זיין פלימעניק. ווען איך בין עלטער געוואָרן און האָב שטודירט אין פּאַזנאַנסקיס לערער־סעמינאַר אין וואַרשע, און מער נישט געוואָלט מיטגיין מיט מיין פעטער, פלעגט ער כאַפּן מיינע העברעישע ביכער, כדי צו באַווייזן שמשון נטען, וואָס איך לייען און לערן...

✶

אין איינעם פון די זומערס, ווי נאָר איך בין געקומען פון וואַרשע, האָט מיך מיין טאַנטע יענטע שנעל גענומען אין אַ געוועלב און פאַר מיר איינגעקויפט אַ סקויטן־מונדיר מיט אַלע צודאַטן, אַז איך זאָל קאָנען מיטמאַרשירן מיט אַלע אַנדערע יינגלעך און מיידלעך פונעם נאָר־וואָס געגרינדעטן „השומר הלאומי".

איבער די גאַסן פון שטאָט זענען זיי געגאַנגען אין רייען, ווי סאָלדאַטן, און געזונגען אַ ליד מיט מאָדנע ווערטער: „יי, מנא, טשירי־בירי־בום, הו־הא".. צום טאַקט פון אַ פייקל, אויף וועלכן אַ יאַט אין דער ערשטער שורה האָט געקלאַפּט מיט התלהבות. דער גאַנצער „גדוד" פלעגט מאַרשירן צו מאַכן איבונגען אויפן הויף פון יונקערס הויז. מיין ראש קבוצה, בן־ציון שימאַנאָווסקי, פלעגט קאָמאַנדירן גאָר ערנסט: „הקשב, נוח" און „ימינה, שמאל — פנה", און מיר האָבן זיך געדרייט ווי שרייפלעך צו זיינע באַפעלן. נאָך דער געהעריקער מעלדונג פון ראש יוסף שימקאָוויטש, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאָט אַריין מאַרשירן איבער די גאַסן, אַז די גאַנצע שטאָט איז פול געווען מיט אונדז. סוחרים און קונים פלעגן אַרויס פון די געוועלבער אַ קוק טאָן אויפן נייעם דור, וואָס וויל אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון גלות... איך בין געווען זיכער, אַז צום שטאָלצסטן זענען די אויף דער שוועל פון אברהם זאַלצמאַנס געוועלב. דאָרט האָבן געשעפּט נחת יענטע, גאָלדע, יחיאל, די באָבע און אַפילו דער זיידע.

איך אַליין בין אָבער נאָך נישט געווען אין גאַנצן צופרידן. איך האָב געהאַלטן, אַז מיין מונדיר איז נאָך נישט מיט אַלע פיטשעווקעס. ס'האָט נאָך געפעלט אַ שיין געפלאָכטן בענדל, וואָס זאָל אַראָפּהענגען פונעם אַקסל מיט אַ צוגעטשעפּעט פייפעלע. מען האָט מיך געשיקט צו זישע טורקעלטאַוב, און ער האָט סוף־סוף צווישן די צענדליקער פודעלעך אויף די פּאָליצעס אויך געפונען פאַר מיר די „ריכטיקע זאַך"...

די אָרגאַניזאַציע „השומר־הלאומי" האָט אין מיר געהאַט יעדן זומער אַ גאָר איבערגעגעבענעם חבר.

---

* דער מחבר פון דאָזיקן מאמר, דער זון פון חנה און יהודה מאיר ליטמאַן, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַלע פּיין־ וועגן אין די נאַצישע לאַגערן און אין די וועלדער, ווו ער איז אויך צוויי מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן, געפינט זיך פון 1949 אין אַמעריקע, ווו ער איז די גאַנצע צייט טעטיק אויפן געביט פון העברעישער דערציונג. ווי אַ פּעדאַגאָג האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט זיינע לימודים אין דער ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט, געלערנט פּעדאַגאָגיע, העברעישע ליטעראַטור און פּראָבלעמען פון נאָענטן מזרח, און ער גרייט איצט צו זיין דאָקטאָראַט.
רעדאַקציע פון „פינקס נאָווי־דוואָר".

איך בין געלאָפן אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, געטאַנצט מיט דער חברה הוירעס, געזונגען העברעישע לידער, געשפּילט פוטבאָל און סתם אַרומגעלאָפן מיט די שומרים און שומרות.

משה קאַלוואַריסקי האָט מיך עטלעכע מאָל אַריינגערופן צו זיך אין געוועלב און מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז דער „ביתר" איז אַ בעסערע אָרגאַניזאַציע, נאָר ס'האָט נישט געהאָלפן, כאָטש כ'האָב אַלע מאָל געוואָרפן אַן אויג אויף דעם שאָקאָלאַד אין זיין געוועלב... ער האָט זיך אָבער מיט דעם „אַגיטאַציע־מיטל" נישט באַנוצט...

✶

נאָך אַלע „וויכטיקע טעטיקייטן" האָב איך געפונען צייט אַריינצולויפן אין זיידנס געוועלב אַריין. געוויינלעך זענען דאָרט קיין סך קונים נישט געווען. מיין באָבע ביילע ריווע פלעגט זיצן אויף אַ בענקל הינטערן בופעט, און אַז אַ קונה איז אַריינגעקומען האָט זי שוין געוווסט, צי זי דאַרף פאַר אים אַראָפּנעמען אַ פּאָר סיגאַרעטן פון די פּאָליצעס, אָדער גאָר אַרויסציען פון הינטערן פאַרטעך אַ פּאָר אייגן־געמאַכטע פּאַפּיראָסן. די באָבע האָט זיך זייער אָפּגעגעבן מיט די קונים, איבערהויפּט מיט די פּאָלאַקן און נאָך מער מיט די דייטשע קאָלאָניסטן, מיט וועלכע זי פלעגט רעדן אַן אויסגעצייכנטן דייטש. ווי דאַר און קליין זי איז געווען, אַזוי שנעל און טיכטיק פלעגט זי אויספירן אירע אַרבעטן אין געוועלב און אין דער היים, וווהין זי איז געלאָפן אַ פּאָר מאָל אין טאָג, — אין דער פרי צוצוגרייטן אַלץ פאַר דעם מיטאָגמאָלצייט, כשר מאַכן דאָס פלייש, און אין מיטאָגצייט — צו אַכט לייגן, אַז יעדער זאָל באַקומען די געהעריקע פּאָרציע ביים טיש. קיינער האָט נישט געטאָרט טיילן דאָס עסן, נאָר זי. מיין טאַנטע גאָלדע פלעגט דערלאַנגען צום טיש און זי האָט געוואַשן דאָס געפעס, געריבן די טעפּלעך און אַלץ געפּוצט און גערוימט, ביז ס'האָט געבלישטשעט ווי אַ שפּיגל. צוליב איר זויבערקייט האָב איך געהאַט צרות, איך האָב גאָרנישט געטאָרט אָנרירן. ווי נאָר כ'האָב געעפנט די טיר אַריינצוגיין אין דער קיך האָב איך



די משפחה זאַלצמאַן

פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: ר' אברהם זאַלצמאַן, זיין פרוי ביילע־ריווע, יינגסטע טאָכטער גאָלדע און די צוויי קינדערלעך יענקל און שפרהלע

צווייטע ריי: יחיאל זאַלצמאַן, זיין שוועסטער יענטע, ברודער נטע און זיין ווייב רחל (שמערל ווינשטאָקס טאָכטער), יהודה מאיר ליטמאַן און זיין פרוי חנה (אברהם זאַלצמאַנס עלטסטע טאָכטער) — די עלטערן פון יעקב ליטמאַן

שוין געוווסט, אַז זי וועט מיך אויפנעמען מיט דער זעלבער „באַגריסונג": „ביסט שוין ווידער געקומען פאַרשאַפן מיר אַרבעט? קוק נאָר אָן, ווי דו זעסט אויס, פאַריאַכמערט און שמוציק, דערוואַג זיך נישט אַנצורירן עפּעס מיט דיינע פאַרבלאָטיקטע הענט!..." אַזאַ מין ברוך־הבא איז תמיד ביי איר גרייט געווען. און צוזאַמען דערמיט פלעגט זי מיך קושן און האַלדזן, זיך שפּילן מיט מיר און זינגען מיט מיר צענדליקער לידער, וועלכע איך געדענק ביזן היינטיקן טאָג.

מיין באָבע האָט זיך פאַרלאָזט, אַז די היים איז אין גוטע הענט, און דערפאַר האָט זי געקאָנט זיך אָפּגעבן מיטן געוועלב. אויפן מאַרק פלעגט אַלץ איינקויפן מיין טאַנטע יענטע, אָדער מיין מאַמע, ווען זי פלעגט אַ מאָל זומערצייט קומען פון וואַרשע.

אין די טעג פון מערק און יאַרידן פלעג איך נאָכלויפן מיין טאַנטע יענטען, זיך דרייען צווישן די פורן און סטראַגאַנעס, קוקן ווי די וויבער טאַפּן די הינער און בלאָזן אין די הינטערשטע פעדערן, אָדער ווי זיי קלייבן אויס די גרעסערע אייער, שאַצן אָפּ די מיט גרינע בלעטער איינגעוויקלטע קיילעכיקע שטיקער פּוטער און באַטראַכטן און טאַפּן אויס די פאַרשידענע גרינצייגן און פּרוכטן מיט דינגעניש וועגן די פּרייזן, וואָגן און מאָסן. פונעם הויפּט־מאַרק פלעג איך נאָכלויפן מיין מומען צום פּלאַץ מיט די לאַנגע בענק, וווּ די פּויערטעס זענען געזעסן מיט גרויסע קאַנען מילך אָדער סמעטענע. האָט מען אויפן הויפּט־מאַרק געקויפט יאַגדעס און פּאַזעמקעס, האָט מען — פאַרשטייט זיך — שוין געמוזט דאָ צוקויפן סמעטענע. טאַנטע יענטע האָט געוווסט גענוי אויף וואָס פאַראַ מאכלים איך בין אַ בעלן. און פאַר מיר איז איר קיין זאַך נישט געווען צו טייער.

ביי מיר איז יענטע געווען די בעסטע נשמה אין דער גאַנצער משפּחה. קיין מאָל נישט געשריען, זיך נישט געבייזערט און קריטיקירט, נאָר אַלע מאָל געזאָרגט איך זאָל האָבן, וואָס נאָר איך וויל. זי איז געווען גוט פאַר אַלע, פאַר אירע משפּחה־לייט, וועלכע זי האָט געשטיצט, ווען די צייטן האָבן זיך פאַרערגערט, און אויך פאַר נח שמוקלערס משפּחה, וועלכע זי האָט געטריי באַדינט, ווי אַן אמתע שוועסטער.

ביי מיין באָבען אין געשעפט איז אויך געווען מיין פעטער יחיאל. ער איז געזעסן אויף אַ קליין קעסטעלע לעבן דער טיר, כדי ער זאָל קאָנען זען, וואָס עס טוט זיך אין גאַס. אַזוי זיצנדיק פלעגט ער לייענען דעם „היינט", אָדער פאַרטשעפּען געוויסע מענטשן צו אַ שמועס. אַ גוטער שמועסער איז יחיאל געווען, מיט לצנות און גוטמוטיקע שטעכווערטלעך. וויצלען זיך איז געווען ביי אים אַ קענטעניש און ער האָט געוווסט, ווי מיט וועמען אָנצוהייבן. האָט ער פאַרענדיקט מיטן „היינט" און קיין שמועסער איז נישט געווען, פלעגט ער זיך נעמען צו מיר, געפינען עפּעס אַ חסרון, מאַכן אַ קריטישע באַמערקונג און אָנהייבן דיסקוטירן מיט מיר וועגן אַלערליי ענינים.

ווען איך בין עלטער געוואָרן האָט ער באַקומען פאַר מיר מער דרך־ארץ, נישט געוואַגט זיך צו רייצן מיט מיר אָדער זאָגן דעות, נאָר אָנגערירט ענינים, וואָס זענען געשטאַנען ברומו של עולם. ער האָט שטאַרק פיינט געהאַט די „לינקע". עס האָט אים זייער ווי געטאָן, וואָס דער יונגער דור דינט פרעמדע געטער און פלאַנצט אין פרעמדע ווייַנגאָרטנס, אָנשטאָט זיך איבערצוגעבן אין גאַנצן דעם ציוניזם און דער ציוניס־טישער טעטיקייט פאַר דער גאולה פון יידישן פאָלק. ער פלעגט אַטאַקירן מיט סאַרקאַזם און אַרגומענטן שאַרף ווי פיילן.

אויך מיין פעטער נטע איז געווען אַ ציוניסט, אָבער נישט אַזוי טעטיק ווי יחיאל, אָדער ווי די טאַנטע יענטע, וועלכע איז געווען אַ מיטגליד אין דער נאָווי־דוואָרער פועלי־ציון. מען האָט מיר אויך דער־ציילט, אַז מיין מוטער איז געווען אַ טעטיקע פועלי־ציוניסטין פאַר מיין געבוירן. פון קינדווייז אָן האָב איך געפילט די השפּעות פון ציוניזם אין מיין גאַנצער משפּחה, און אין דער ריכטונג איז אויך געגאַנגען מיין דערציונג אין דער היים און אין די שולן, וווּ איך האָב געלערנט.

ווען די צייטן זענען שווערער געוואָרן האָט מיין פעטער נטע דער שפּיליטער מיך באַזאָרגט מיט אַלץ, וואָס כ'האָב זיך אין דעם גענייטיקט, שרייב־געצייג און קליידונג. אין דער אמתן, וואָלט איך אָן דער הילף פון נטען און יענטען קיין מאָל נישט פאַרענדיקט דעם לערער־סעמינאַר.

*

אין די שפּעטערע יאָרן, נאָענט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה, פלעג איך שוין ווייניקער קומען קיין נאָווי־דוואָר. דעם זיידנס היים איז שוין נישט געווען ווי אַ מאָל. דאָרט איז שוין געווען אַ באַלעבאַטישע, שטילע אָרעמקייט. מיין זיידע האָט זיך מיט אַ מאָל שטאַרק פאַרעלטערט, פלוצעם קראַנק געוואָרן, און

אַז מען האָט מיר צוּוויסן געטאָן, שנעל צו פאָרן קיין נאָווי־דוואָר, איז שוין ר׳ אברהם זאַלצמאַן געלעגן אָן באַוואוסטזיין, שווער געאָטעמט און געהויבן די הענט צום הימל... שפּעט ביי נאַכט האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

איצט, ווען ער באַווייזט זיך פאַר מיינע אויגן, זע איך אים, ווי איך פלעג אים אַלע מאָל זען פון קינדווייז אָן: אַ ייד — אַ הדרת־פּנים, מיט אַ הויכן שטערן און טונקל־ברוינע, גוטמוטיקע אויגן, וואָס פלעגן וואַרפן אונטער די פולע ברעמען פונקען פון שמחה אָדער אַ מאָל אויך כעס, און אַ מער שוואַרצע ווי ווייסע באָרד, וואָס האָט באַשיינט דאָס פּנים מיט כבוד. זיין גאַנצע געשטאַלט האָט צו זיך געוועקט רעספּעקט. ער איז געווען אַ ביסל העכער ווי מיטלוווּקס, תמיד געשפּאַנט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און געקוקט פאַר זיך מיט אַ זיכערקייט פון אַ ייד, וועלכער ווייסט, ווער ער איז...

אַן אַלעקסאַנדרער חסיד, לאַנג געקליידעט ווי אַלע חסידים, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט גאָר אַ באַזונדערע זויבערקייט און באַלעבאַטישן הילוך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שיינעם ייד און תלמיד־חכם. אין נאָווי־דוואָר האָט מען אים געקענט אַלס ר׳ אברהם זאַלצמאַן, אָן קיין שום צונאָמען. (אַ גאָר גרויסע זעלטנהייט אין שטעטל, וווּ אַ צונאָמען איז געווען וויכטיקער ווי דער נאָמען אַליין).

ער איז געווען אַ ייד מיט מידות. אָפּגעהיטן אַלע מיצוות און דאָך נישט געווען פאַנאַטיש. אין זיין באַציונג צו לייט איז ער געווען זייער טאָלעראַנט. ער פלעגט אויפשטיין זייער פרי, סיי זומער, סיי ווינטער, גלייך נאָכן וואַשן זיך מאַכן פייער אין דער קיך, זאָגנדיק די ברכות השחר. ווי נאָר דאָס וואַסער אויף דער קיך האָט אויפגעקאָכט, האָט ער זיך אָנגעזעצט ביים טיש טרינקען אַכט־ניין גלעזער הייסע און שטאַרקע טיי, האַלטנדיק אין מויל גאָר קליינע שטיקלעך צוקער, און זופנדיק מיט צופרידנ־קייט האָט ער דערוויל מיט עניין געלערנט אַ פּאָר בלעטער גמרא. אויב ער האָט באַמערקט, אַז איך בין אויף, האָט ער אויך מיר דערלאַנגט אַ גלעזל טיי מיט מילך און דערביי אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל ווייטער שלאָפן.

געוויינלעך האָט ער געלערנט צוויי שעה אין דער פרי און נאָך דעם געגאַנגען אין בית־המדרש דאַוונען. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט אים גאָלדע געגעבן זיין פרישטיק: פרישע זעמל מיט פּוטער, אַ שטיקל שמאַלץ־הערינג און קאַווע. ביי דער צייט איז די באָבע שוין געווען אין געוועלב און יחיאל פלעגט זיצן ביים צווייטן טיש אין דער קיך און מאַכן פּאַפּיראָסן. יחיאלס פינגער האָבן געאַרבעט מיט דער פלינקייט און פּרעציזיע פון אַ מאַשין. אין איין אויגנבליק פלעגט ער אָנשטאָפּן די גילזעס מיט דעם טאַבאַק, וועלכן ער האָט צו־ערשט גוט אויסגעמישט און באַשפּריצט מיט וואַסער. מען האָט אַלע מאָל געזאָגט אין דער היים, אַז יחיאל איז אַ קינסטלער אין מאַכן פּאַפּיראָסן און אַ וואָזשנער עקספּערט אין די פאַרשידענע טאַבאַקן, ער ווייס ווי אַרויסצוברענגען דעם ריכטיקן טעם און ריח ביים רייכערן.

איך האָב קיין מאָל נישט געזען, אַז דער זיידע זאָל זיך אַריינמישן אין דער אַרבעט פון מאַכן פּאַפּי־ראָסן. נאָך פרישטיק איז ער געגאַנגען אין געוועלב אַריין. דאָרט פלעגט ער אָבער מיינסטנס לייענען די צייטונג אָדער אָפּגעבן זיך מיט די ענינים פון אַלעק־סאַנדער שטיבל, ווו ער האָט געהאַט די גאַנצע דעה. אָפט פלעגן אויך אַריינקומען יידענעס און בעטן דעם זיידן, ער זאָל פאַר זיי אָנשרייבן אַן אַדרעס. אַ וווּנדער־באַרע האַנטשריפט האָט ער געהאַט. ער האָט געקענט שרייבן פּויליש, רוסיש און דייטש און פאַרשטייט זיך — יידיש און לשון קודש. ער פלעגט אויך צומאָל, אויף וועמענס בקשה, אָנשרייבן אַ גאַנצן בריוו קיין אַמעריקע. ערשט נאָך מיטאָג האָט דער זיידע זיך צוגעלייגט שלאָפן, און ווער ס׳איז געווען אין דער היים האָט געמוזט שווייגן.

דער עיקר געדענקען זיך די פרייטיקס און שבתים. פרייטיק, נאָכן מיטאָג־עסן (כמעט אַלע מאָל קאַרטאָפל מיט לעבער), ווי נאָר מען האָט אַרויס־גענומען פונעם אויוון די יאַגדע־קיכלעך („קיקעלעך") ביי שמערל וויינשטאָק דעם בעקער, האָט מען מיר געהייסן שנעל לויפן מיטן טאָפּ טשאָלנט און מען האָט מיר געגעבן דערפאַר אַ פריש אָפּגעבאַקן קיקעלע. ביי דער צייט איז שוין דער זיידע געווען אין מיקווה. און שפּעטער, אַז איך בין צוריקגעקומען, איז שוין אין דער היים געווען שבתדיק: דער טיש באַדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך, אויפן טישטעך די שבתדיקע לייכטער. די באָבע האָט זיך שוין געגרייט צו בענטשן ליכט און דער זיידע אין זיין שבתדיקער זיידענער קאַפּאָטע האָט שוין געוואַרט אויף מיר צו גיין אין שטיבל אַריין. יעדעס מאָל, ביים אומקערן זיך פרייטיק

פון בעקער, האָב איך שוין געוווּסט, אַז אַזוי וועל איך געפונען, שבתדיק אויפגעריכט, די שטוב, און אויך איך האָב שוין געמוזט איילנדיק זיך אָפּוואַשן און אָנטאָן מיינע שבת־מלבושים.

דער נוסח פון קבלת־שבת און מעריב אין זיידנס אַלעקסאַנדער שטיבל האָט אַלע מאָל אויף מיר צויבערדיק געווירקט. יידן אין שטיבל האָבן געדאַוונט און געזונגען מיט געפיל און התלהבות. און קליינע קינדער, ווי איך, האָבן געפילט אַ געוויסע וואַרעמקייט און צופרידנקייט, וואָס לאָזט זיך קוים באַשרייבן.

און אין דער היים איז דער צימער מיטן גרויסן וויס־באַדעקטן טיש געווען ליכטיק און האָט ממש געשיינט מיט אַ הייליקער זויבערקייט. דער זיידע פלעגט מאַכן קידוש מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, פאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ הויך קול, וואָס האָט דראַמאַטיש געציטערט, און מיט אַ ניגון, וועלכן איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן... אַרום דעם טיש זענען מיר אַלע געשטאַנען און נישט געוואַגט מיטצוזינגען. נאָכן וואַשן די הענט און די ברכות האָט דער זיידע געשניטן פאַר יעדן איינעם די חלה מיט דער זעלבער צערעמאָניאַלער ערנסטקייט, מיט וועלכער ער האָט געמאַכט דעם קידוש, און נאָר ווען מען האָט אָנגעהויבן עסן האָט זיך די ערנסטקייט פאַרוואַנדלט אין אַ משפּחה־דיקער היימישקייט מיט צופרידענע זאַגעכצן און הייטערע זמירות.

שבת אין דער פרי איז אויך דער זיידע אויפגעשטאַנען פריער פון אַלע מעביר־סדרה צו זיין, און מיך פלעגט מען צואיילן מיטן פרישטיק (חלה מיט פוטער און באַווארקע), אַז דער זיידע זאָל נישט דאַרפן וואַרטן אויף מיר. ער פלעגט אָבער נישט אַוועק ביז איך האָב נישט אָפּגעגעסן. מיר איז געווען דערלויבט צו עסן פאַרן דאַוונען.

דאָס גיין מיטן זיידן צום דאַוונען און צוריק אַהיים פון דאַוונען איז פאַרבליבן אין מיין זכרון: די שטילע גאַסן מיט פאַרמאַכטע געשעפטן; דער ריינער אויסגעקערטער מאַרק פּלאַץ, אַן דעם טומל פון פורן, בהמות און מאַסן מענטשן; די שבתדיקע רו, וואָס האָט זיך געשפּירט אַרום און אַרום און זיך אָפּגעשפּיגלט אויפן זיידנס שטאָלצן פּנים; זיינע פּאַמעלעכע טריט, פולע מיט זיכערקייט, און דער חסידישער ניגון, וועלכן מיר ביידע האָבן געמורמלט מיט פאַרגעניגן — אַ ניגון אָן ווערטער איז דאָס געווען פול מיט יידישן אינהאַלט און בטחון.

אין זיידנס שטיבל האָט געדאַוונט אַ בעל־תפילה מיט אַ שיינע, לויטערע שטימע און מיט אַ חוש פאַר נגינה. היינט נאָך זע איך אים פאַר מיינע אויגן מיטן טלית איבערן קאָפּ, מיט דער רעכטער האַנט אויף דער באַק, און מיט דער לינקער האַנט אויף ביידע זייטן פונעם טלית אונטערן פּנים, דער קאָפּ פאַרריסן צום הימל, די אויגן פאַרגלאָצטע און האַלב פאַרמאַכטע, און דער גאַנצער גוף — זיך שאָקלענדיק צום און פון עמוד און רעכטס און לינקס, איבערגעגעבן מיט גוף און נשמה צום בורא עולם מיט שמחה און דבקות.

אין מיין היים אין וואַרשע פלעג איך אויך אַלס קינד גיין דאַוונען. מיין פאָטער האָט מיך תמיד געמוזט זוכן אין דרויסן. אין זיידנס שטיבל, דאַקעגן, פלעג איך נאָר אַרויסלויפן אין דער צייט פון קריאת התורה. אין זיידנס שטיבל האָט זיך ממש געוואָלט דאַוונען מיט כוונה, מיט געשמאַק. דער זיידע איז שטאַרק געווען צופרידן פון מיין מיטדאַוונען. איך פלעג שטיין ביים עמוד, נאָענט לעבן דעם בעל־תפילה און מיט חשק מיטזינגען אַלע ניגונים. אַפילו ווען איך בין עלטער געוואָרן, און שוין געווען פריי און אומאָפּהענגיק, פלעג איך נאָך אַלץ גיין מיטן זיידן אין שטיבל אַריין, יעדעס מאָל, ווען איך בין געקומען קיין נאָווי־דוואָר. און כאָטש דער זיידע האָט שוין געגנוי געוווּסט, וואָס פאַראַ אפּיקורס איך בין געוואָרן, האָט ער דאָך מיך מכבד געווען מיט מפטיר, און איך געדענק, אַז איין מאָל איז אויסגעבראָכן צוליב דעם אַ קריגעריי מיט אַ גאַנץ חשובן בעל־הבית אין שטיבל און דאָס „לייענען" איז פאַרשטערט געוואָרן. דער זיידע האָט אָבער אויסגעפירט. ער איז דאָך געווען דער גבאי און צווישן די אַלעקסאַנדער חסידים אַ גרויסער תקיף. איך, דער אפּיקורס, וואָס האָב זיך אויפגעפירט „ווי אַ שגץ", בין געווען ביי אים אַזאַ חשוב, ווי יעדער איינער פרומער חסיד אין שטיבל. דער זיידע האָט געוווּסט וועגן מיין לערנען און קענען, און ער האָט זיך נישט געשעמט — ווען מען פלעגט אים דערציילן — מיט מיר און מיט מיינע מעשים.

אַז איך בין געקומען צום זיידן, אַלס סטודענט פונעם לערער־סעמינאַר אין וואַרשע, פלעג איך מיטנעמען געוויסע העברעישע ביכער צום לייענען, און עס האָט זייער אָפּט פּאַסירט, איבערהויפּט שבת נאָכן שלאָפן, אַז דער זיידע האָט דווקא גענומען אַ בוך פון מיינע פרייע, אפּיקורסישע ביכער און געלייענט מיט אינטערעס. איך געדענק ווי ער האָט דורכגעלייענט

בערדיטשעווסקיס „ספר חסידים" און אַפילו דעם ראַמאַן „מרים". איך האָב אַלע מאָל געהאַלטן, אַז מיין זיידע האָט גוט פאַרשטאַנען די נייע ציימן, די סאָציאַלע ענדערונגען און די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, הגם ער אַליין איז געווען צוגעבונדן צום אַלטן שטייגער פונעם יידישן לעבן. אַלע זיינע קינדער האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס באַפרייט פון דעם אַלטן שטייגער, און דאָך, ווי ווייט איך געדענק, האָט ער דערפון קיין גרויס ווען נישט געמאַכט. אדרבא, ער פלעגט זיך באַציען צו די אַלע ענדערונגען אויף אַ גאָר רעאַליסטישן אופן און גלייכצייטיק קוקן אין דער יידישער צוקונפט מיט אַ רעליגיעזן בטחון.

ר׳ אברהם זאַלצמאַן איז געשטאָרבן צוויי יאָר פאַרן קריג און ער איז דעם יידישן חורבן נישט ביי־געווען. אָבער זיינע קינדער און זיין גאַנצע משפחה, וואָס האָט געלעבט אין נאָווי־דוואָר, געהערן צו די קדושים וטהורים, די ישרים ותמימים... זייער זכר מוז בלייבן מיט די לעבנגעבליבענע און מיטן גאַנצן יידישן פאָלק ביז אייביק...

דב בן חיים / תל־אביב

# דער ניגון פון א יידישער משפחה

*לזכרון פון מיין ברודער הרב אברהם שמחה פירסט, זיינע צוויי העלדיש אומגעקו־מענע קינדער — ז״ל און צו לאַנגע יאָר פאַר דער פאַרבליבענער פרוי, מיין שוועגערין שרהלע און איר טאָכטער חיהלע ויוצאי חלציו.*

מיר אַלע, אונדזער גאַנצע משפחה, געהערן צו די צוגעוואַנדערטע נאָווי־דוואָרער תושבים ביים באַגין פון דעם יאָרהונדערט, וועלכן האָבן זיך גוט אַקלימאַ־טיזירט אינעם שטעטל און בייגעטראָגן עפּעס אייגנס צום אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער פאָטער אונדזערער האָט געשטאַמט פון דער אַלטער יידיש־לומדישער שטאָט סאָכאַטשעוו. ער איז דאָרט געווען אַ תלמיד מובהק פון דעם גאון ר׳ אליעזר כהן, וואָס איז אין זיינער צייט געווען פון די תלמידים פון רבי ר׳ בינם פון פּשיסכע. אונדזער זיידע האָט געהייסן ישכר דב בעריש. אַזוי האָט אים זיין פרומער טאַטע אַ נאָמען געגעבן נאָכן ראַדאָשיצער רבי, דעם תלמיד פון לובלינער „חוזה". דער זיידע ישכר דב בעריש איז געווען אַ גרויסער בן־תורה און פון די ערשטע תלמידים פון בעל חידושי־"הרי"מ. ער איז יונגער־הייט — צו עטלעכע און פערציק יאָר — ניפטר געוואָרן. ביז צו דער לעצטער צייט האָבן מיר אין דער משפחה אָפּגעהיט זיינס אַ חיבור פון חידושי־תורה, אַ דראָבנער כתב־יד אויף פאַרגעלבטע בלעטער, וואָס מיין לומדישער ברודער האָט אַ מאָל צוגעזאָגט עס אַרויסצוגעבן אין דרוק. מיט דעם ספר האָט געטראָפן ווי מיט אַלע ספרים פון מיין ברודערס לומדישער ספרים־שראַנק, וואָס זענען אַוועק, ווי גווילי־אש, מיטן רויך פון די היטלעריסטישע פלאַקערן, און צווישן זיי אויך מיין ברודערס חיבורים.

פון אַ גאַנץ אַנדערן שטאַם איז געווען אונדזער מאַמע מרים שרה ז״ל. אַ געבוירענע אין זאַקראָטשין. די עלטסטע טאָכטער פון זיידן מאיר נח האַלצבערג — אַ יוסט־איינגעפונדעוועטער בעל־הבית מיט אַן אייגן הויז, גרויסע תבואה־שפּייכלערס. אַ יוצא־ונכנס איז ער געווען אין די אַרומיקע פּריצישע הייף ביי וועלכע ער פלעגט אָפּקויפן די תבואות. אַ גבאי פון דער גרויסער שול איז ער געווען און אויך גבאי־ראשון פון דער חברא־קדישא. דעם טאַטן זיינעם האָט מען גערופן יצחק בעדער, ווייל ער איז, זעט אויס, געווען אַ מאָל דער פאַכטער פון באָד, און דעם זיידנס שווער איז געווען פון קוכאַר ביי פּלאָנסק, ווו ער האָט געהאַט אַ שטיקל נחלה אין די גיטער פון ר׳ שלמה זלמן פויזנער, וועלכער איז געווען פון די ערשטע פּיאָנערן און איניציאַטאָרן צו באַזעצן יידן אויף ערד.

און אַזוי האָבן זיך די צוויי משפחות באַגעגנט: אין זאַקראָטשין, ביים רייכן טאַטן, מאיר נח, איז אונ־טערגעוואַקסן אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידעלע. און אין דעם „ווייטן" סאָכאַטשעוו, אַזש אויף יענער זייט ווייסל, איז ביי דער נישט־רייכער אָבער ייחוסדיקער באָבען,

די אלמנה לאה בריינע, געוואַקסן אַ תכשיטל, „וואָס ער האָט ליב אַ בלאַט גמרא, ער האָט חשק צו אַ סברה, שור שנגח את הפרה״, ווי אין פּרצעס „מאַניש״. דאָס איבעריקע האָט שוין אויף זיך גענומען דער שטענדיק פּאַריאַכמערטער זאַקראָטשינער שדכן ר׳ שמואל זיינוול מילכעדיקער, (ער איז אויך געווען דער שדכן פון נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט אים צונויפגעפּירט מיט זיין מאַקאָווער כלה. דערציילן פלעגט מען וועגן דעם שדכן, אַז ער פלעגט תמיד מונטערן נחום סאָקאָלאָוון: „נחום, נחום, נעם זיך צוריק צום לערנען, קענסט נאָך ווערן דער וואַרשעווער רב״...). אין אַ פּראַסטיקן שבת־פרימאָרגן האָט דער זאַקראָטשינער שדכן זיך אַרויס־געלאָזט מיט אַ שליטן קיין סאָכאַטשעוו, געברענגט מיט זיך די באַרעדעוודיקע באָבע לאה, אָנגעטאָן אין אַ ברייטער פוטערנער רעטאָנדע, אַן איבערבלייב פון חתונה־אויסשטייער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון איר מיוחסדיקער און רייכער היים ביי די גראַובאַרדס. די באָבע לאה האָט מיט איר „ברייטן שטעל״ איינגעביסן דעם „האַרטן״ זיידן מאיר נח, אַרויסגעצויגן פון אים אַ שיינעם נדן מיט אַ צוזאָג אויף פינף יאָר קעסט און אים פאַרקנסט איר גערעטן בן־יחידל. נאָך דעם זעלבן אויפדערנאַכט, האָט זי איבערגעגעבן דעם בן־יחידל אַ ברייטן „מזל־טוב״ מיט אַ זיסן צולאָג — דאָס שטיקל לעקעך פון „וואָרט״, וואָס זי האָט געשלאָסן אין זאַקראָ־טשין, זאָגנדיק דערביי: „חיימל, כ׳האָב דיר אויסגע־קליבן אַ שיינע כלה״. די באָבע האָט קיין ליגנט נישט געזאָגט, ווייל די מאַמע ע״ה איז טאַקע געווען אַ יפת־תואר.

אָט די אַלע משפחה־געשעענישן — פון פאַר הונ־דערט יאָר — זענען תמיד געווען פריש אין אונדזער שטוב, ווו מיר, קליינוואַרג, זענען געוואַקסן. דריי ברידער זענען מיר געווען: דער בכור — מענדל, אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, צו גאָט און צו לייט. דער צווייטער איז געווען דער וויללערנער אברהם שמחה, און אַני הקטן — דער בן־זקונים יצחק דב בעריש, וואָס האָט טאַקע געירשנט די נעמען פוןביידע זיידעס — פון טאַטנס צד דעם נאָמען בעריש און פון מאַמעס צד דעם נאָמען פון עלטער־זיידע יצחק. פון אונדז אַלע דריי, וויל איך זיך אָפּשטעלן וועגן דעם אומגעקומענעם ברודער מיינעם — אברהם שמחה.

מיין ברודער אברהם שמחה האָט געלערנט תורה אין דער סאָכאַטשעווער ישיבה ביי דעם באַרימטן גאון און אדמו״ר ר׳ אברהמלע סאָכאַטשעווער, דער בעל „אבני־נזר״ און „אגלי־טל״. נאָכן צוריקקומען פון דער ישיבה קיין זאַקראָטשין, האָט ער געלערנט הוראה צוזאַ־מען מיט דעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם גאָמבינער רב ר׳ לייבעלע זלאָטניק (הרב אבידע) ביים זאַקראָטשי־נער רב הרב ר׳ יונה זלאָטניק. דאָס זענען געווען די צוויי הויפּט־קוועלן פאַר מיין ברודערס יניקה אויף זיין גאַנץ לעבן. תורה און חסידות פון סאָכאַטשעווער



הרב ר׳ אברהם שמחה פירסט ז״ל

גאון און חיבת־ציון און ציוניזם פון הרב ר׳ יונה זלאָטניק — איינער פון די ערשטע פּיאָנערן פון „מזרחי״.

קיין נאָווי־דוואָר איז מיין ברודער אברהם שמחה געקומען שוין אין די רייפע בחורישע יאָרן. דאָ האָט ער משלים געווען זיינע תורה־קענטעניש ביי די צוויי צו יענער צייט ווייטקסטע נאָווי־דוואָרער תלמידי־חכמים, די אומאָפיציעלע מורה־הוראהס ר׳ אברהמלע הערש בערס (טיק) און ר׳ שלמה לייזערס (פרידמאַן). ביידע — שאַרפע חסידים, דער ערשטער — אַ פילעווער, דער צווייטער — אַ ראַדזימינער, און ביידע האָבן זיי

געטריי געדינט דער נאָווי־דוואָרער עדה אין משך פון צענדליקער יאָרן — „שלא על מנת לקבל פרס".

מיין ברודער איז געווען אַ גרויסער מתמיד, מיטן שפּראָץ פון טאָג ביז אין דער שפּעטער נאַכט געלערנט מיט נאָך עטלעכע בחורים אין גערער שטיבל, אונטער דער „זייטיקער" השגחה פון די זקני־התורה פון גערער שטיבל — ר' אליהו הכהן, ר' משה אלקנה, ר' יקותיאל טאַשימאָוויטש א"אַ, וואָס האָבן שטאַרק פון אים געהאַלטן און אים גערימט פאַר אַלעמען און דער עיקר פאַרן אייגענעם טאַטן, זעענדיק אין אים אַ בחור, וואָס וואַקסט צו זיין אַ מרא־דאתרא ביי יידן. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך געווען דער פרומער ווונטש פון מיין טאַטן ז"ל.

אַז מיין טאַטע האָט אָפּגעגעסן אַ מאָל זיינע פינף יאָר קעסט מיט אַ צוגאָב פון כפל־כפליים, האָט ער זיך גענומען פון תורה צו מסחר, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ „ויסעו־ויחנו" פון אונדזער משפחה — צום ערשט קיין פלאָצק, ווו ער האָט געהאַט זיין ערשטן דורכפאַל אין מסחר, דערנאָך וואַרשע, ווו דער דורכפאַל איז געווען נאָך אַ גרעסערער. און צום סוף, אַז זיי זענען שוין פאַרבליבן אין נאָווי־דוואָר — איז טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס נאָך דער גאַנצער „סחורה" האָבן זיי נאָך מער באַגערט „תורה" און געהאָפט עס צו זען ביי דעם ווילערנער־זון אברהם שמחה...

אַז מיין טאַטע האָט זיין געראָטענעם זון באַפרייט, פאַר אַ היפּש ביסל צאַרישע קערבלעך, פון „גויישע הענט" און למזל אַרויסבאַקומען פאַרן זון אַ „בלאָען בילעט", איז געקומען די צייט אויך צו זוכן פאַר אים דעם ריכטיקן זיווג. שדכנים האָבן „אָפּגעהאַקט די שוועל" און סוף־סוף איז אויסגעפונען געוואָרן דער „עזר־כנגדו" — זיין לעבנסלענגלעכע באַגלייטערין שרהלע פּראַגער, (לעבט איצט אין מעלבורן, אויסטראַליע), די עלטסטע טאָכטער פון דעם וואַרשעווער גביר, שאַרפן גערער חסיד און ירא־שמים ר' ראובן פּראַגער. ביידע מחותנים זענען געווען גוטע פריינד נאָך פון אַ מאָל, פון דער צייט, ווען ביידע זענען געווען זאַקראָטשינער תושבים. אין דעם שידוך האָט מיין טאַטע געזען די פאַרווירקלעכונג פון זיין חלום וועגן אַ זון — אַ רב, און פריער — ביי אַ רייכן שווער און אויף לאַנגצוגעזאָגטע קעסט — אַזוי האָט געטראַכט ר' ישראל חיים, מיין טאַטע. אַנדערש האָט אָבער געטראַכט ר' ראובן פּראַגער, דער גרויסער סוחר האָט געוואָלט און אויך גאָר שנעל געמאַכט פאַר אַ סוחר זיין געראָטענעם איידעם. אפילו אים נישט געלאָזט אָפּעסן די צוגעזאָגטע קעסט, און אים גיך געעפנט אַ געשעפט אין סאַמע מיט פון דער קאָכעדיקער פראַנציסקאַנער גאַס אין וואַרשע. אין 1939, פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה, איז שוין מיין ברודער אברהם שמחה געווען אַ יוסטער גביר מיט אַן אייגן הויז אין פּראַגע.

און ווי דער שטייגער — איז אויך דאָס הויז געוואָרן איינס פון די נאָווי־דוואָרער „פּונקטן" אין וואַרשע... פאַר די נאָווי־דוואָרער יידן, בעיקר די קליינע סוחרימלעך, שפּיליטערן און עקספּעדיטאָרס, וועלכע פלעגן אַ 2—3 מאָל אין דער וואָך פאַרפאָרן קיין וואַרשע, זענען תמיד אַזעלכע מיני „פּונקטן" געווען אַ המשך פון זייער נאָווי־דוואָרער אייגנס. אָט זענען זיי פאַרביי־געלאָפן ביים פּזשעביעג — אַ געסל ביי דער טומלדיקער באָניפראַטן — און פאַרריסן די אויגן צום שיינעם פינף־שטאָקיקן הויז פונעם געוועזענעם נאָווי־דוואָרער ראש־הקהל ר' בנימין יונגוויץ; אַרויס אויף דער באָניפראַטן, האָט דער שטענדיק לוסטיקער איטשע מיאַרע ביי זיין „פּונקט" — זיין געשעפט — פאַרטשעפּעט יעדן נאָווי־דוואָרער אָפּצונעמען אַ גרוס פון זיין שטעטל. אַז מען איז אַרויס אויף דער צעיאַכמערטער פראַנציסקאַנער גאַס — איז מען אַריין צו ר' אברהמלע פירסט אין געשעפט, דערווייל איבערגעלאָזט אַ פּעקל, אָנגעגעבן אַ באַשטעלונג און דערווייל געכאַפּט אַ גמילת־חסד אויף אַ פּאָר שעה, ביז מען וועט „טוישן" אַזו"ו. ווידער אויפן וועג פון מיין ברודער, שוין אויף די רוישיקע נאַלעווקעס, האָט מען נישט פאַרגעסן אַ בליק צו טאָן אין דעם שיינעם, גרויסן שניט־געשעפט פון שמחהלע קאָטיקס (טשעכאַנאָווסקי) זין. און די יונגעלייטלעך, די „אויפגעקלערטע", וואָס האָבן אין איינוועגס, שוין זייענדיק אין דער גרויסער שטאָט, אויך געוואָלט זיך דערוויסן וועגן אַ ניי־דערשינען ביכל אָדער זשורנאַל, האָבן שוין אָנגעלייגט נאָך אַ שטיקל וועגס אויף די זעלבע נאַלעווקעס, אַקעגנאיבער דעם פאַריידישטן „קראַשינסקיס גאָרטן", צום האַלבשטאָקיקן הייזל פון די אַזוי גערופענע „נאַלעווקער קראָמען", ווו עס האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער ביכער־פאַרלאַג פון אליהו גיטלין, אַ נאָווי־דוואָרער איידעם, דער מאַן פון חוה ראָזנשטיין. ביי אים האָט מען געפרעגט וועגן ביכער־פּרייזן, זיך געדונגען, פאַרלאַנגט, ווי נאָווי־דוואָרער אייגענע, גרויסע ראַבאַטן און — נישט געקויפט.

צווישן די אַלע נאָווי־דוואָרער „פּונקטן" האָט מיין

ברודער געפירט זיין מסחר, אַנשטאָט זיצן אויף אַ כסא־רבנות. דער חלום פון מיין טאַטן איז אָבער דאָך מקויים געוואָרן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט.

מיין ברודער, וועלכער איז אין די יאָרן פון דער נאַצישער הערשאַפט געווען אויסבאַהאַלטן אין פּראַגע, איז געווען איינער פון די ערשטע פרומע יידן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין דעם חרובן וואַרשע. ער איז געווען פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער באַנייטער יידישער קהילה אין וואַרשע. און זאָל עס באַצייכנט ווערן לכבוד ולתפארת פון נאַווי־דוואָר, דאָס אירס אַ לאַנג־יאָריקער תושב איז געווען דער ערשטער יושב ראש פון דער באַנייטער יידישער קהילה אין וואַרשע, אויף וואָס עס זאָגט עדות דער בריוו פון הרב דר. כהנא.

מיין ברודער האָט זיך אומגעקערט קיין וואַרשע, דאָרט ווו ער האָט פאַרלוירן זיינע טייערסטע — זיינע צוויי קינדער. דער זון מאיר נח (מאַרעק), פריער אַ תלמיד פון דער מזרחישער גימנאַזיע „תחכמוני" און דערנאָך אַן אַבסאָלווענט פון דער העברעישער גימנאַזיע „אסכולה" איז אין געטאָ געווען פאַרבונדן מיט דעם אונטערגרונט פון די יידישע קעמפער, אין וועלכע ער האָט אויך אַריינגעצויגן זיין יינגערע שוועסטער לאהלע (לאַלאַ). ביידע צוזאַמען האָבן פאַר פסח אין יאָר 1943, האַרט פאַרן געטאָ־אויפשטאַנד, געזאָרגט דערפאַר, אַז מיין ברודער מיט זיין פרוי און די עלטסטע טאָכטער זאָלן אַרויס פון געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן ביי הײמישע קריסטן אין פּראַגע, צוזאָגנדיק, אַז אויך זיי וועלן אַהין קומען. זיי זענען אומגעקומען בעת די קאַמפן פון געטאָ־אויפשטאַנד. זיי זענען געפאַלן דערשטיקט פון די דייטשע גאַזן אין בונקער אויף מוראַנאָווסקאַ, נאָך דעם ווי ער איז אַנטדעקט געוואָרן. ביים אומקערן זיך קיין וואַרשע נאָך דער מלחמה, האָט זיך עס מיין ברודער דערוווּסט פון אַן על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטן פון אַ שכנותדיקן בונקער. אויף די חורבות פון דער מוראַנאָווער געגנט, האָט דער פרומער, גלייביקער פאָטער באַוויינט זיינע צוויי העלדיש אומגעקומענע קינדער מיט אַ „יתגדל ויתקדש שמה רבא" און אַוועק טאָן די אַרבעט צו אויפשטעלן פון דאָס ניי די וואַרשעווער יידישע קהילה.

מיין ברודער האָט אָבער לאַנג אין וואַרשע נישט געקאָנט פאַרבלייבן. זיין רעליגיעזע אַרבעט צווישן דעם ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן, איז געווען ווי אַ דאָרן אין אויג פון דעם ביסל „יעווסעקעס". מיט דעם „וואַנדערשטאָק אין האַנט" איז ער דורך רומעניע און עסטרייך אַוועק קיין איטאַליע, אין די יאָרן 1946־47 געווען אין רוים, דאָרט זיך איבערגעגעבן בלב ונפש צו דער אַרבעט אויפן רעליגיעזן געביט צווישן דער





מאיר (מאַרעק) און לאַלאַ פירסט ז"ל

שארית הפליטה, אַדורכגעפירט אַלע רעליגיעזע הצטרכותן פון די פרומע יידן — חתונות, בריתן, בר־מיצוות, און טעטיק געווען ביים דערציען די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט אין גייסט פון „בני־עקיבא״; געהאַלטן פלאַמיקע דרשות איבער תורה ועבודה און חיבת־ציון. די המונים פון פרומע יידן האָבן אים, דעם תמימותדיקן און צוריקגעהאַלטענעם תלמיד־חכם, געקרוינט מיט דעם טיטל: הרב פירסט, און צו דער תורה אים אויפגערופן: מורנו ורבנו.

פון רוים האָט זיין וועג געפירט קיין ארץ־ישראל. ער האָט איינגעלייגט וועלטן צו קריגן אַ סערטיפיקאַט צו זיין אויסגעבענקטן לאַנד. ער האָט זיך געוואַנדן צו ד. בן־גוריון, צו די טוער פון מזרחי. מיט זייער הילף, און בעיקר פון דעם שר באַרט, וועלכער האָט אים באַקענט, זייענדיק אין רוים, האָט ער ענדלעך באַקומען דעם סערטיפיקאַט און געקומען אין דעם נאָך באַזעצטן פון די ענגלענדער ישראל. ער האָט זיך באַזעצט אין חיפה, געאַרבעט אין דאָרטיקן ראַבינאַט, אין ועדת הכשרות. ער איז געווען שטאַרק אָנגעזען ביים הרב הראשי פון חיפה, הרב קאַניאל. געווען זייער טעטיק אין די מזרחי־קרייזן, אַרויסגעטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען פון „תורה ועבודה״, געשריבן פון צייט צו צייט אין דער „מזרחי״־צייטונג „הצופה״. און זיך נאָענט באַפריינדעט מיט הרב מיימאָן און הרב הערצאָג זצ״ל.

אין 1949 איז ער אין שליחות פון „מפעל התורה״ געקומען קיין מעלבורן (אויסטראַליע). דאָרט האָט ער געפונען אַ ברייטן פלאַץ פאַר זיין „מזרחי״־אַרבעט, אַרויסגעטרעטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען מיט פלאַמיקע חיבת־ציון־דרשהס, מיטגעאַרבעט אין דער דאָרטיקער פרעסע — „די יידישע פאָסט״, „אויסטראַלישע יידישע נייעס״, וווּ ער האָט געשריבן מעניני דיומא און וואַרעמע אַרטיקלען אין גייסט פון ישראל־סבא. עס איז אים אָבער נישט באַשערט געווען.

דעם 13טן מיי 1959 איז מיין ברודער, אויפן וועג צום „מזרחי״־צענטער אין מעלבורן (אויסטראַליע), ווו ער האָט געדאַרפט האַלטן זיין רעדע צום יום־העצמאות פון מדינת ישראל, אומגעקומען דורך אַ שטויס פון אַן אויטאָ. אַט אויף אַזאַ אומגליקלעכן אופן איז מיט אַ מאָל פאַרענדיקט געוואָרן אַ רייך און רומפול לעבן פון אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַן אוהב־ישראל און איבערגעגעבענער צו מדינת־ישראל, וואָס איז געווען דער גלגול־הניגון פון זיין דורותדיק־פאַרצוויגטער משפחה.

Rabinat Żyd. Zrzeszenia Rel.
w Warszawie
Nr. 405
Dnia 7.5 1945 r.



ד. בן־ישראל / תל־אביב

# דריי דורות פון דער משפחה יורעס

דער אַלטער יורעס איז אין די פריִע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין נאָווי־דוואָר, פון ערגעץ אויף די ראַנד־געביטן פון פוילן, דורך עטלעכע רייד־געוואָרענע „פּאָדריאַטשיקעס", צו זיין דער לערער פון רוסיש און העברעיש פאַר זייערע אונטערוואַקסנדיקע קינדער. ר' נטע יורעס, דער וועמען מען האָט גערופן: „דער אַלטער יורעס", אָדער ווי איך געדענק אים פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן מיטן צוגאָב־נאָמען „שפּערלינג" — האָט זיך אָבער זייער שנעל באַפרייט פון דעם מין מלמדות, און קענענדיק גוט רוסיש איז ער געוואָרן צו ערשט אַ „פּראָשעניע־שרייבער" און שפּעטער אַן אַזוי גערופענער „ווינקל־אַדוואָקאַט", מיטן רעכט צו דערשיינען פאַרן רוסישן געריכט.

געהערט האָט ער צו דעם אַלטן משכילישן דור, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע ליבע צום העברעישן און אויך צום יידישן וואָרט. אין די יאָרן ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען זייער טעטיק אין דעם יידישן לעבן אין נאָווי־דוואָר. געווען דער פאָרשטייער פון דער קהילה אין מאַגיסטראַט. געווען פון די שטילע טוערס פאַר ארץ־ישראל — אַן אָנגעהעריקער צו די „בני־משה", די ערשטע שפּראָצן פון דער שפּעטערדיקער ציוניסטישער באַוועגונג.

ביי אים, אין דער בעל־הבתיש ציוניסטישער שטוב איז אויסגעוואַקסן דער שוין אונדז גוט באַקאַנטער „יונגער יורעס" — דער ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער עסקן יעקב יורעס.

מיט יעקב יורעס בין איך געווען זייער באַפריינדעט. איך געדענק אים פון מיינע יינגסטע יאָרן. מיר האָבן געוווינט אין זעלבן הויז, אין דעם הויז פון זון יעקבס בעסטן יוגנט־פריינד, דער דענטיסט שמואל גראַבמאַן. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין „פּראָנט", איבער אונדז דער „אַלטער" יורעס און אין דער אָפיצינע האָט געוווינט דער „יונגער יורעס" און דאָרט אויך געהאַט זיין פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט.

ער איז געווען זייער אַ שיינער, לויט די היינטיקע השגות האָט ער געהאַט אַן אויסזען פון אַ פילם־סטאַר — הויך, שלאַנק, אַ שוואַרצן קאָפּ האָר, גרויסע קאַרע אויגן, ציכטיק און עלעגאַנט, אַ ביסל אַ צוריקגעהאַלטענער און אַ גרויסער קפדן אויף אויסערלעכע מאַנירן. מיט איין וואָרט — אַ יידישער אַריסטאָקראַט אויף דעם פירמאַמענט פון קליינעם גראָען שטעטל.

אויב צו זיין פאָטער האָבן נאָך שטעטלדיקע יידן זיך געוואָנדן מיט דעם היימישן נאָמען ר' נטע, צו אים אָבער — נאָר „פּאַניע יורעס". ער האָט געהאַלטן דיסטאַנץ אַפילו מיט די גאָר נאָענטע. ער האָט געהאַט אין זיך נאָוואַטאָרישע נייגונגען, און איך מיין, אַז דאָס האָט אים אויך געבראַכט צו זיין פאָטאָגראַפישער פּראָפעסיע, וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין. אָנהייבנדיק פון אַפּאַראַט מיט די לאַנגע פיר שטאָלפּיקע פיס און מיט דעם שוואַרצן איבערדעק — עפּעס אַ מין מחבל, וואָס אָט שלינגט ער דיך איין. און איצט די דעקאָראַציעס — פאַרכישופטע שלעסער, גערטנער און וועלדער, וואָס האָבן געדינט אַלס הינטערגרונט פאַר אַ בילד. איצט — די לאַנגע מאַניפּולאַציעס ביים איבעררוקן די פאָרהאַנגלעך אויפן באַגלאָזטן דאַך, כדי צו כאַפּן דאָס ריכטיקע ליכט. און דאָס סאַמע וויכטיקסטע — דאָס „איינזעצן" דעם פּאַרשוין אָדער די פּאַרשוינטע אין דער ריכטיקער פּאָזע מיט אַ מין שמייכעלע אַזוי, אַז די „סנימקע" זאָל אַרויסקומען „ווי לעבעדיק". ס'איז דיר נישט די היינטיקע צייט מיט אַפּאַראַטלעך, וואָס טשיק־טשאַק און באַסטאַ. אַנדערע צייטן געווען, אַלץ האָט געמוזט זיין סאָליד און יוסט.

אַז יעקב יורעס פלעגט זיך אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן אַרויסלאָזן מיט זיין נייעם ראָווער (אויך מיט דעם איז ער געווען פון די ערשטע אין שטעטל) צו אַ שפּאַציר אויפן שאָסיי, כדי צו שעפּן אַ ביסל פרישע לופט — האָב איך שוין דעמאָלט מיט מיין קינדערישער אינטויציע באַנומען, ווי די מיידלעך און ווייבלעך טראַכטן מיט קינאה, אַז די שטילע און באַשיידענע סאַלטשע — יחזקאל זייגערמאַכערס טאָכטער „האָט גוט געדאַוונט", ד"ה, אַז זי האָט געהאַט אַ גרויסע הצלחה, וואָס זי האָט „געפּאַקט" אַזאַ שיינעם און געראָטענעם מאַן.

אַז די יורעסעס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין דעם ניי־אויפגעבויטן הויז, וואָס עס האָט אויפגעשטעלט אַ וואַרשעווער ייד ראָזנפעלד אויפן אָרט פון דעם קליינעם הייזל, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו דער יורידישער

משפחה פון מאַטעלע פרץ, האָט יעקב אַהין אויך איבערגעטראָגן זיין פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפישע אַטעליע. אין דער הינטערשטער אָפּיצינע האָט ער אין אַ לאַנגער אויסגעצויגענער, פאַרגרעסערטער וווינונג געעפנט אַ נייעם ענין — אַ קינאָמאַטאָגראַף, וווּ מען האָט שבת־צו־נאַכטס און זונטיק געקאָנט זען פאַר איינציקע 10 קאָפּיקעס „לעבעדיקע בילדער" און טופּען מיט די פיס, וויפל דיין האַרץ גלוסט, ווייל דער פילם האָט געפלאַצט יעדע פּאָר מינוט. איך האָב ליב געהאַט זיך צוצוקוקן, ווי יעקב מיט זיינע לאַנגע פינגער און פון דער פאָטאָגראַפיע־מאַגנעזיע פאַרגעלטע נעגל — גראַבלט און מייסטערוועט ביים אַפּאַראַט, ביז ער ברענגט אים אין באַוועגונג. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער טוט די מלאכה מער אַלס האָבי ווי צוליב פרנסה.

ווי אַזאַ האָב איך אים געקענט און געזען אין מיינע יינגל־יאָרן ביז צום אויסברוך פון ערשטן וועלטקריג. אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע איז יעקב יורעס געוואָרן געזעלשאַפטלעך זייער טעטיק און ער האָט אָרגאַניזאַטאָריש צוריק רעסטאַווירט די צעפאַלענע קהילה. דער בנעימותדיקער און קלוגער יחזקאל בערמאַן איז געוואָרן פּרעזעס פון דער קהילה און יעקב יורעס דער סעקרעטאַר און אָרגאַניזאַטאָר, דער לעבעדיקער נערוו. דער אַפּטייקער הילדענבראַנד איז געווען קאַסירער פון דער קהילה, ר' מאיר ליכטנשטיין — דער פאַרשטייער פון די פרומע קרייזן און ר' העשל בוים, דער זון פון באַקאַנטן נאָווי־דוואָרער גביר ר' יהושע בוים — דער פאַרשטייער פון די סתם בעל־הבתישע יידן אין נאָווי־דוואָר. 2 יאָר — ביז מיין פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר — בין איך געווען דער סעקרעטאַר — פונקציאָנאַר פון דער קהילה און אַ טאָג־טעגלעכער איינגייער אין דער שטוב פון יעקב יורעס. די ביוראָ פון דער קהילה האָט זיך געפונען אין דעם הויז פון עקיבא באַקמאַן, אין שכנות מיט ראָזנפעלדס הויז, וווּ יעקב יורעס האָט געוווינט — און איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו זען די אַרבעט און די אויפטוען פון יעקב יורעס פאַר דער קהילה.

אין הסכם מיט דער פאַראָרדענונג וועגן די יידישע קהילות, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער גענעראַל פאָן בעזעלער, דער דייטשער גובערנער פון אָקופּירטן פּוילן, און אַ דאַנק דער פלייסיקייט און ענערגיע פון יעקב יורעס, איז די קהילה־פאַרוואַלטונג געוואָרן אַ רעכטלעכע אינסטיטוציע פאַר די נאָווי־דוואָרער יידן, געפירט אויף אַ מאָדערנעם אופן, מיט אַלע „פיטשעווקעס", און זי האָט זיך פאַרשאַפט כבוד און אָנזען, הן ביי די יידן און הן ביי די אַלגעמיינע שטאָטישע אינסטיטוציעס מיט וועלכע זי איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג.

צו יענער צייט איז יעקב יורעס אויך געווען לאַווניק אין מאַגיסטראַט און געשאַפן צוזאַמען מיט דעם ציוניסטישן וועטעראַן ר' שמשון נטע סרעברניק דעם ערשטן ציוניסטישן ועד־העירוני צו וועלכן עס האָבן אויך געהערט נטע זאַלצמאַן, ליפּא מונדלאַק, רחלע נויפעלד, ריווטשע יעראָזאָלימסקאַ און דער שרייבער פון די שורות. מיט איין וואָרט — יעקב יורעס איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אויף אַלע געביטן.

ווי איך האָב שפּעטער געהערט, האָט ער נאָך זיין פאָטערס טויט אויך איבערגענומען זיין אַדוואָקאַטישע פּראַקטיק. איך בין זיכער, אַז אויך דאָ, אויף דעם געביט, איז ער געווען פּאַסיק, ווייל ער איז שטענדיק געווען אַ ליבהאָבער פון יוריסטיק און ליב געהאַט זיך צו פאַררופן אויף יורידישע פּאַראַגראַפן.

דעם ריכטיקן יורידישן יורש האָט די משפחה יורעס געפונען אין דעם עלטסטן זון פון יעקב — יוסף, אָדער ווי מען האָט אים אין שטוב גערופן: יאָסעק. ער איז שוין געווען אַן אויסשטודירטער יוריסט. ווען איך פלעג אים — אין די יאָרן פון פאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה — טרעפן אין די וואַרשעווער געריכטס־קאַמערן אַ הויכן און שלאַנקן אין דעם אָפיציעלן שוואַרצן אַדוואָקאַטישן כאַלאַט — האָב איך מיר געטראַכט, אַז דאָס איז אַוודאי געווען דער טרוים פון זיין זיידן ר' נטע — דעם פּראָטאָטיפּ פון אָט דער אַדוואָקאַטישער משפחה.

און דאָס איז געווען דער סוף פון אָט דער געזעלשאַפטלעך־ווירקנדיקער נאָווי־דוואָרער משפחה: יעקב יורעס, זיין איידעלע פרוי סאַלטשע, זייער זון יוסף מיט זיין שיינער שלאַנקער פרוי — די טאָכטער פון אָנגעזעענעם נאָווי־דוואָרער גביר ר' משה בערמאַן, זייער פיצל קינד און דער יינגסטער זון פון יעקבן — אַלע זענען אַוועק מיט דעם לעצטן וועג פון דורך די נאַציס אומגעבראַכטע פּוילישע יידן.

אין ווייטן ווענעצועלאַ לעבט די איינציק איבערגעבליבענע טאָכטער פון יעקב יורעס — דאָרקע, מיט איר מאַן מאיר מונדלאַק, אַ שריד פון דער ייחודיקער נאָווי־דוואָרער משפחה מונדלאַק.

שמואל קאַכאַלסקי / תל־אביב

# דאס הויז ביים נארעוו

אַרויסצו פון שטאָט, האַרט ביים נאַרעוו אויף אַ גרויסן פּלאַץ, איז געשטאַנען דאָס הויז, פון דריי זייטן אַרום באַוואַקסן מיט ביימער און גרינס. נאָר איין זייט הויז איז געווען אָפן און פון דאָרט האָט מען געקאָנט זען די ברייטן פון נאַרעוו. אַ גאַנצן טאָג פלעגט מען אין זומערצייט דאָרט הערן די געשרייען פון די פיש־כאַפּער, אָדער פון די וואָס פלעגן אַרויסציען די זשווירן פון וואַסער, און ס'האָבן זיך געלאָזט הערן די גויים אויף די טראַטוועס, ביים פירן די קלעצער און געהילצן.

דאָרט אין גרויסן הויף איז געווען אַ טאַרטאַק, ווו עס האָט געוווינט די פאַמיליע זילבערטאַל. פון זייער טאַרטאַק האָט זיך געלאָזט הערן דאָס זעגן, ווי מען צעשניידט קלעצער אויף ברעטער. די ברעטער זענען געגאַנגען אויף מעבל און אָפּפאַלעכצער זענען גענומען געוואָרן פאַר די בעקערייען צום הייצן די אויוונס. מיר איז דאָרט אויסגעקומען אַלע מאָל צו נעמען אָפּפאַלעכצער פאַר אונדזער בעקערײַ.

דאָרט האָב איך תמיד געזען דעם הער זילבערטאַל, אַ הויכער ייִד מיט אַ לענגלעך בערדל, תמיד מיט צוויי פינגער אין דער וועסטל־קעשענע, גרייט אַרויסצונעמען אַ בינטל מטבעות, אַז ס'וועט ווער קומען בעטן פאַר אַ געוויסן צוועק. נישט איין מאָל פלעגט מיר אויסקומען צו בעטן ביים ה' זילבערטאַל פאַר קרן־קיימת אָדער פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, און תמיד פלעגט ער מיט די פינגער אַרויסציען פון דער וועסטל־קעשענע און געבן גוטוויליק מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט קיין מאָל נישט געציילט און מיר זענען תמיד זיכער געווען אין זיין גאַב... אין קעגנזאַץ צום שטילן טאַטן פלעגן מיר, ביים דערנענטערן זיך צום הויז שוין הערן פון דערווייטן די געשרייען פון זון דידעק, דעם געזעל־שאַפטלעכן טוער און בונדישן ראַטמאַן. נישט פון בייז־קייט האָט ער געשריגן, נאָר ס'איז ביי אים געווען אַזאַ רגילות.

אין דעם הויף איז אויך געווען אַ מיל. די מיל האָט געהערט צו ה' זילבערטאַלס איידעם נחום נויפעלד, דער זון פון נאָווי־דוואָרער רב. לצים פלעגן זאָגן, אַז נישט נחום האַלט די מיל, נאָר די מיל האַלט אים. אויך אַן עלעקטראָווניע איז דאָרט געווען, וואָס האָט געגעבן ליכט פאַר דער שטאָט ביז 12 ביי נאַכט.

אויף יענעם אָרט פלעגן מיר אויך קומען זיך באָדן. דאָרט איז מען געווען זיכער, אַז די שקצים וועלן נישט אַריינוואַרפן דאָס אָנטועכטס אין וואַסער אַריין.

אין איינעם פון די צימערן איז אויך געווען נחום נויפעלדס גרויסע ביבליאָטעק. וואָס איז דאָרט נישט געווען? דאָרט האָט מען געקענט געפינען דעם רמב"ם, שפּינאָזע, דעם שולחן ערוך, ווי אויך די בעסטע ביכער פון דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור. ווי נאָר איך פלעג אַנקלאַפּן דאָרט אין טיר, האָב איך שוין געהערט דאָס קול פון חנקע זילבערטאַל, נחום נויפעלדס פרוי, וואָס פלעגט פאַר מיר עפענען דאָס צימער פון דער ביבליאָטעק. נחום פלעגט זיך גלייך באַווייזן און העלפן אַרויסציען די פּערל פון דער יידישער ליטע־ראַטור. דערביי פלעגט תמיד חנקע מיט עפּעס מכבד זיין.

דאָס איז געווען אַ זעלטענע שטוב ווו אַ סך גייסטרייכע מענטשן האָבן ליב געהאַט צו גאַסטן און פאַרברענגען. דאָרט אַהין האָבן זיך פאַרקליבן די וואַרשעווער שרייבער סעגאַלאָוויטש, נחמן מייזיל, אלתר קאַציזנע, דר. קרוק, א. ש. יוריס, אהרן צייטלין און העפטמאַן. אַ שטענדיקער גאַסט איז דאָרט געווען דב בער מאַלקין.

דאָס דאָזיקע הויז מיטן הויף און מיט אַלץ אַרום, מיט עשירות און גייסט, איז דאָרט, ביים נאַרעוו מער נישטאָ.



ביים נאַרעוו

## ביים ברעג פון נאַרעוו



די „וואַסער־יידן" ביים נאַרעוו



פון רעכטס : שטייענדיק : גרשון פריימאַן, די פאַפּיערס אַ קרוב פון וולאָצלאַוועק, מענדל פאַפּיער, שלמה קאַרצאָוויטש
זיצנדיק : מאַטיס פאַפּיער, מלכה פאַפּיער, מענדל סרעברניק,דינה וויינשטאָק, שמואל שימקאָוויטש, אַדעלאַ פאַפּיער, דוד פאַפּיער, די פרוי פון חיים כהן
לינקס : דאָס יינגעלע זישע פאַפּיער (געפאַלן אַלס קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ)



אַ פאַרפלייצונג אין 1924
מען פירט אַריבער די איינוווינער פון סוקעננע־גאַס



ווען דער נאַרעוו האָט פאַרפלייצט דאָס שטעטל



אַ גרופּע נאָווי־דוואָרער פייערלעשער
עס שטייען פון רעכטס : בּעריש מונדלאַק
און לינקס חיים ראָזנשטיין

## „אַריסטאָקראַטישע" ייחוס־נעמען פאַר נאָווי־דוואָרער „איידל־לייט"

אין נח פּרילוצקיס זאַמלביכער פאַר יידישן פאָלק־לאָר באַנד 1, זייט 49, ווערט געבּרענגט אַזאַ שלל מיט „ייחוס־נעמען" פאַר די נאָווי־דוואָרער:

נאָווי־דוואָרער באַנדיטן
נאָווי־דוואָרער גנבים
נאָווי־דוואָרער זעמעלעך
נאָווי־דוואָרער חיות
נאָווי־דוואָרער סאַרגעס
נאָווי־דוואָרער פּרעסערס
נאָווי־דוואָרער קלוגע
נאָווי־דוואָרער שמענדריקעס.



יואלקע וואַסערטרעגער

## מיין פאָטערס גלייכווערטלעך

ווייסטו, ווער עס איז דער בעסטער שניידער אין שטאָט?

דאָס איז מענדל קאָוואַל. אַז ער שמידט אָפּ אַ פּאָר אוירינגלעך, וועט זיך פּיזוויש איינבינדער אַפילו שטעלן אויפן קאָפּ — וועט ער נישט מאַכן אַזאַ פעלץ ווי ברוך שניידער.

✶

אַ מענטש איז נישט קיין חזיר. אַז ער עסט זיך אָן ווי אַ פערד — האָט ער גענוג.



דער „משוגענער שמיל"



מאָקעלע דער „שטאָט־נאַר"

זיי ווייסן:

אַ הונט, ווען ער יאָגט זיך נאָך אַ חזיר, כאַפּט ער אָן דעם חזיר ביים אויער און ער שרייט אים אַריין אַ פּרק מוסר: אַ הונט זאָלסטו זיין און נישט קיין חזיר!

**דוד טאָפּ**

א. בח

# די „צונעמען" ביי אונדז אין שטעטל*

אַ סך פון די תושבים אין אונדזער שטעטל האָט מען נישט אָנגערופן ביים נאָמען. אויב מען האָט נישט דערביי צוגעגעבן לתפארת דעם צונאָמען, אַזוי, אַז דער צונאָמען איז ביסלעכווייז געוואָרן דער עיקר, און וואָלט מען דעם בעל־הצונאָמען אָנגערופן ביים רעכטלעכן פאַמיליע־נאָמען, וואָלט מען קוים געוווּסט, ווער דאָס איז...

די נייגונג און דער מינהג זיך צו רופן מיט צונע־מען, קען נאָר דערקלערט ווערן מיט דער נאָענטקייט און היימישקייט אין לעבן פונעם שטעטל, ווו יעדער איינער האָט געקענט דעם צווייטן ביז אין סאַמע אינגעווייד, געוווּסט וואָס ביי יענעם טוט זיך בחדרי חדרים; קיין וואָלקנקראַצערס האָבן דאָרט נישט אָפּגע־שיידט און פאַרשטעלט איינעם פון צווייטן און אַלץ איז „געלעגן ווי אויף דער האַנט": יעדע פּריוואַטע, משפחהדיקע, אָדער כלל־ציבורדיקע געשעעניש איז גלייך געגאַנגען פון אויער צו אויער, און אפילו פון אויג צו אויג, ווייל אויך אויפן וווּנק האָט מען זיך פאַרשטאַנען...

די צונעמען זענען נישט געווען סתם צופעליקע, און אַז זיי זענען אָנגעקלייבט געוואָרן אויף עמעצן — האָט לרוב דער בגד געפּאַסט; געווען אַ שכל־הישר אין דעם, און אויב נישט דירעקט וועגן דער פּערזאָן, איז עס וועגן די אבות, פון וועלכע מען האָט נישט איין מאָל איבערגענומען דעם צונאָמען בירושה, ווי אַ מלכותדיקע קרוין. אויף אַזעלכע מיני ירושות איז מען אַוודאי גרייט געווען מוותר צו זיין, אָבער, אַז דער צונאָמען איז שוין אַריין אין אויערן פון קהל און אַרויף אויף די ליפּן, איז ער פאַרבליבן — אויך ווען ער איז געווען לגנאי — לדורות.

נאָר אַ טייל פון דעם גאַנצן קראַנץ צונעמען ברענ־גען מיר, און יעדער איינער פון זיי — אויף וויפל מען פאַרטראַכט זיך וועגן אים — האָט אויך זיינע ברידער און קרובים אין דעם גאַנצן פאַרמעג פון צונעמען. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, קען מען זיי פאַרטיילן אין 6 אַרטן.

א) צונעמען סתם, ווו — ביז מיר געפינען נישט דעם פירוש זייערן — דאָמינירט די „וווילקלאַנגיקייט", וואָס איז אויך מסתמא אַ רמז אויף דעם כאַראַקטער און אייגנשאַפטן פון דעם בעל הצונאָמען, ווי: חיימקע זשאַליק, שמיל באַבעלע, כיל גאַדעק, לאה קאַטאַשקע, משה באַביאַש, נטע באַביאַק, חיים שטרונע, חיים גאַווערושקע, חיים גאַגע, חנה אַנטאַשקע, מלך טרענדער, אהרן פּאַמפּעלע, ראַשקע פּאַמפּע, נתן קלינגערײ, פישל קלעפּקע, שלמה קאַלכאַמירע, איטשע בייבע, באַלטשע מאַק, אברהם מאַקע, הערשל האַפּלאַדרא, סאַנע באַץ, איטשע זעליק פּיאַק, הערשל טראַק, ליפּטשע סראַק.

ב) צונעמען לויטן סאָציאַלן שטאַנד און באַ־שעפטיקונג: איטשע מאיר קצב, מענדל ברוקאַרזש, יעקב לייב באַגרעבער, מענדל קאַמאַשנמאַכער, אברהם משה דראַשקאַזש, ראַצע די בעקערין, מענדל מצבה־קריצער, יענקל גנב, אלי פישער, הערש דוד שוחט, גרשון ליכטציער, הערשל סטאַלמאַך, פסח בלעכאַרזש, איטשע סטאָלאַרזש, מלכה די בייטלמאַכערין, שרה שעד־לעצערין די היטלמאַכערין, אברהם בערע שענקער, זייפנזידער, קאַלאַשנמאַכער, גרשון שינדלשלעגער, גרשון וואַסערטרעגער, פּענטאַק, לאַטעק.

ג) לויט מידות און אייגנשאַפטן, מיט אַ כוונה „אַריינצוזאָגן": מאַטעס פּרוסער, זישע קאַלבאַס, מאַטעס קוויטשער, טוביה ליגנער, טריפהנער ביין, מענדל „טראַצקי", יאָסל מזיק, איטשע אַדוישעם קודש, אברהם בראָנפעלע, משה גראָבער קאָפּ, בינם טראַסקער, שלום גיי געשווינד, צמח פיל מאָל.

ד) לויט משפחה אָנגעהעריקייט: לאה בינהס, דוד דעם געלן הערשלס, די בני לאָזערס, שכנא מיט די בנים. אָדער גאָר לויט אָפּשטאַם פון אָרט: לאה די דאָרפישע, חנה די נאַשעלסקער בעקערין, שרה שעד־לעצערין.

ה) לויט בעלי־חי: הערשל אָקס, נח קאָטער, מלכה זשאַבע, שיע לייב קאַלב, חנא יאַלעווקע, שלמה מאַלפּע, חיה ביק, משה האָזנווײדל.

ו) לויטן פּרצוף־פּנים, דעם אויסזען און הילוך, קליידונג און האַלטונג: שרה מיט די הויזן, אשר ליאַלקע, געלער מענדל, דוד טליתל, נח קונצנמאַכער,

---

* די נעמען — לויט די צוגעשיקטע רשימות פון דוד טאָפּ ז"ל.

די גרויסע מאַמע, טויטער הערשל, לייבע קליין טאַטעלע, משה ראַצער, גראָבע רחל, לאה גערגעלע, די שוואַרצע מלכה, איטע מיט די באָרד.

✶

די אַלע נעמען און צונעמען רופן אַרויס הייטערקייט און שמייכלען, אַפילו געלעכטער, אָבער נאָך מער — ווייטיק. דווקא די שפּאַסיקע צונעמען דערמאָנען נאָך מער אין שטייגער לעבן פון אַן עדה יידן, וואָס האָט אין טראַגישע קיום־באַדינגונגען, אין משך פון דורות, געשמייכלט דורך טרערן, און מיט הומאָר און סאַר־קאַזם אויך געשאַפן די אייגנאַרטיקע יידישע צונעמען, וואָס זענען געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון יידישן לעבן.

שלמה וואָראַנסקי / תל־אביב

# דער מאַמעס טרער

דער מאַמעס טרער האָט מיך באַגלייט
אויף אַלע מײַנע וועגן,
און פון אומעטום, אין נויט, —
געקומען מיר אַנטקעגן.

די טרער האָט אויף מײַן באַק געבריט
און געבריט אין האַרצן,
און ווי אַ העלער שטערן גליט —
באַלויכטן נעכט די שוואַרצע...

און ווען געקומען כ׳בין צוריק
מיט דער טרער צוזאַמען, —
נישט באַשערט געווען דאָס גליק,
צו טרעפן נאָך דער מאַמען.

כ׳האָב ווידער מיט דער מאַמעס טרער
געלאָזן זיך אין וואַנדער
און מיר צעשיידן זיך נישט מער
איינער מיט אַנאַנדער.

דער פרילינג קומט מיט צאַרטן דופט, —
די טרער רוט אויף די קווייטן.
ווו נאָר דאָס לעבן וועקט און רופט, —
זי וועט מיך שוין באַגלייטן.

## יצחק קאַצענעלסאָן

שרייַט אַרויס פון יעדן זאַמד, פון אונטער יעדן שטיין,
פון אַלע שטויבן שרייַט, פון אַלע פלאַמען, פון יעדן רויך —
ס׳איז אייַער בלוט און זאַפט, עס איז דער מאַרך פון אייַער ביין,
ס׳איז אייַער לייַב און לעבן ! שרייַט אַרויס, שרייַט הויך !

שרייַט אַרויס פון חיות-אינגעווייד אין וואַלד, פון פיש אין טייַך —
זיי האָבן אייַך געגעסן, שרייַט פון קאַלכאויוונס, שרייַט קליין און גרויס,
איך וויל אַ גוואַלד, אַ וויינעשריי, אַ קול, איך וויל אַ קול פון אייַך,
שרייַ, אויסגעהרגעט יידיש פאָלק, שרייַ, שרייַ אַרויס !

(פון „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק)



# די ערשטע עדות*

(גביית עדות פון 3 נאָווי־דוואָרער ייִדן, רינגעלבלום אַרכיוו 1188)

## I

צו איינער פון די עלטסטע שטעט אין פוילן געהערט נאָווי־דוואָר. זי איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1333. זי ליגט צווישן דער ווייסל און נאַרעוו. צוליב די סיבות איז זי אָנערקענט געוואָרן פאַר סטראַטעגיש זייער שטאַרק און פעסט צוזאַמען מיט איר געגנט.

די פעסטונג מאָדלין איז צוליב געאָגראַפישע סיבות אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער געגנט פון נאָווי־דוואָר אין מרחק פון 1½ קילאָמעטער. שוין נאַפּאָלעאָן, גייענדיק קיין מאָסקווע אין יאָר 1812, האָט געפירט אַ קאַמף אין נאָווי־דוואָר און האָט איבערגענעכטיקט אין דערפל באַגומין (3 קלמ. פון נאָווי־דוואָר). אויך דער אויפשטאַנד אין יאָר 1861 און 1863 האָט איבער־געלאָזט אַן אָפּקלאַנג אין דעם שטעטל.

ביי יעדן אַרויסמאַרש האָבן ייִדן שטאַרק געליטן, פאַרלירנדיק מענטשן און פאַרמעגנס. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויך פאַרשריבן טרויעריקע בלעטלעך וועגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין נאָווי־דוואָר, מוזנדיק 6 מאָל פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ביי יעדער עוואַקואַציע האָבן זיי פאַרלוירן מענטשן, ווי אויך האָב און גוטס.

ווען פוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, האָט זיך דאָס שטעטל שטופנווייז אָנגעהויבן אַנטוויקלען. לעצטנס איז זי געוואָרן קאַנאַליזירט, באַלויכטן, געהאַט פּאַרזייטע גערטנער. זי איז אַלזאָ געוואָרן אַ שיין שטעטל מיט גרויסע פּערספּעקטיוון.

די אַלגעמיינע צאָל מענטשן, לויט דער לעצטער סטאַטיסטיק, האָט געציילט 12,600, פון דעם — 8,200 ייִדן. אין שטאָטראַט זענען געווען 11 ייִדישע ראַט־מענער, 3 לאַווניקעס, און אין זיינער צייט איז אויך דער וויצע־בירגערמייסטער געווען אַ ייִד מיטן נאָמען יצחק רודאַווסקי. דער יערלעכער בודזשעט האָט דער־גרייכט ביז 100,000 זלאָטעס.

דער לייטער פון דער גמינע איז געווען דער רב ראובן לייב נויפעלד, אַ הויך קולטורעלער מענטש מיט זייער אַן איידעלן כאַראַקטער. בעת דער וועלט־מלחמה איז ער געשטאַנען בראש מיט זיין הומאַניטאַריטעט, ברענגענדיק אַלעמען הילף, אַרויסראַטעווענדיק נישט איין קרבן פון דעם רוסישן קאַט.

שולן — אין שטעטל זענען געווען פאָלגנדיקע: אַ העברעישע „תרבות״־שולע, אַ ייִדישע ציש״א־שולע און אַ ייִדישע 7־קלאַסיקע פאָלקס־שולע מיט אַ ייִדישן לייטער.

ביבליאָטעקן: אַ ציוניסטישע — „שלום־עליכם״; פּועלי־ציוניסטישע — „ל. מונדלאַק״; בונדישע — „מעדעם״. אין אַלע — ייִדישע, העברעישע, פּוילישע ביכער, אויך אין פרעמדע שפּראַכן וואָס ציילן צוזאַמען 15,000 טיילן.

פּאָליטישע פּאַרטייען: ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן, מזרחי, אגודה, פּועלי־ציון, „בונד״ און קאָמוניסטן.

געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון ווירטשאַפט־לעך־פינאַנציעלן כאַראַקטער האָט דאָס שטעטל פאַר־מאָגט: אַ באַנק, 2 אויסבאָרג־קאַסעס, אַן אַרבעטער־צעך. די אומגעגנט צוזאַמען מיט נאָווי־דוואָר האָבן געהאַט אַ ייִדישן אַרבעטער־פאַראיין און אַ קליין־סוחרים־פאַראיין.

די אינדוסטריע האָט געהערט צו ייִדן, ווי למשל, פאַבריקן פון פּיאַנאָס, דיקטן, טאַרטאַקן און מילן. די אַנטוויקלונג פון די פאַבריקן אין דער לעצטער צייט איז געגאַנגען אין אַזאַ שנעלן טעמפּאָ, אַז דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אויף אַלע געביטן אַן אייגענעם קוואַלי־פיצירטן אַפּאַראַט פון ייִדישע אַרבעטער. דער פונדאַ־מענט פון ייִדישן האַנדל איז געווען די פעסטונג מאָדלין. אַלע נייטיקע זאַכן און אַלע צושטעלונגען פלעגן ווערן רעאַליזירט דורך ייִדן.

---

* אָט די דריי גבייות־עדות האָבן מיר באַקומען פון ייִדיש־היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. זיי זענען געפונען געוואָרן צווישן די מאַטעריאַלן פון היסטאָריקער דר. עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט געזאָרגט, אַז די טראַגישע געשעענישן פון ייִדישן אומקום און יעדער פּרט פון געראַנגל, זאָלן פאַרצייכנט ווערן — לדורות.

אונדז זענען נישט באַקאַנט די נעמען פון די דריי נאָווי־דוואָרער עדות. די קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען פון יענער צייט האָבן נישט דערמעגלעכט אָנצוגעבן די נעמען. מיר געפינען אין די אָנגעגעבענע פאַקטן און ציפערן אַ סך אומפּינקטלעכקייטן. אָבער צוליב דער היסטאָרישער וויכטיקייט פון די דאָקומענטן, לאָזן מיר זיי, ווי זיי זענען, און מיט יראת הכבוד ברענגען מיר זיי צו דרוק.

רעדאַקציע פון פּינקס נאָווי־דוואָר

אין יאָר 1934 האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די ערשטע טריט פון אַנטיסעמיטיזם. אין דער געגנט פון נאָווי־דוואָר האָבן זיך געפונען דייטשע קאָלאָניסטן אין אַ צאָל פון 6.000. זיי האָבן געהאַט אייגענע פאַרמעגנס.

ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה האָבן די יידן געהאַט אַ שווערן קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם אין האַנדל און אין ווירטשאַפטלעכע ענינים. עס זענען אויך פאַרגעקומען בונטן, וועלכע דער בורמיסטזש טשעסלאַוו פשעדוויעצקי האָט געמוזט איינשטילן. ער איז געווען אַ זייער יושרדיקער מענטש, מיט אַ גוטן כאַראַקטער, און נאָר אַ דאַנק זיין ענערגיע און זיין השפעה איז נישט דערגאַנגען צו קיין ערנסטע אויפברויזונגען.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 זענען שוין געווען די ערשטע דייטשע פליער אויפן טאַרטאַק־פּלאַץ, ווו עס זענען געפאַלן די ערשטע קרבנות. אין דער מהומה האָט די יידישע באַפעלקערונג אַליין פאַרלאָזט דאָס שטעטל און געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון וואַרשע. אין משך פון דעם טראַגישן חודש פון באָמבאַרדירונגען זענען געפאַלן אַ סך קרבנות. אין וואַרשע זענען געפאַלן 500 נאָווי־דוואָרער און אין שטעטל נאָווי־דוואָר גופא העכער 30 פּערזאָן.

נאָכן איינעמען וואַרשע האָבן זיך אַ סך יידן צוריקגעקערט קיין נאָווי־דוואָר. דער צוריקקער האָט זיך אַרויסגעוויזן גאָר טראַגיש. דריי פערטל שטאָט איז חרוב געוואָרן, און די בעסערע איבערגעבליבענע הייזער זענען גלייך רעקווירירט געוואָרן פאַר די דייטשע קאָלאָניסטן. פאַר די יידן האָט מען איבערגעלאָזט די ערגסטע, צענישטשעטע הייזער, ווו עס איז אוממעגלעך געווען צו וווינען.

דאָס ערשטע האָט מען פאַרווערט יידן צו עפענען די קראָמען. אין דעצעמבער 1939 האָט די דייטשע מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דורכצופירן אַ רעגיסטראַציע פון די יידן, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן אַ צאָל פון 2.800 פּערזאָן. און דאַן, צום סוף דעצעמבער, האָבן זיי גערופן די פאַרשטייער פון שטאָט — נחום נויפעלד און ברוך טיק, און זיי געמאָלדן, אַז אין משך פון 4 טעג מוזן די יידן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן רעקווירירן סחורה, מעבל, בעטגעוואַנט און דאָס לעצטע ביסל יידיש האָב און גוטס. מען האָט אויך איינגעזעצט 20 פּערזאָן. 6 פון זיי זענען געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. זיי האָבן אויסגעזוכט פאַר זיי פאַרשידענע אופנים פון מאַטערן, פון עקזעקוציע, און די יסורים זענען געווען שרעקלעכע.

אין איינעם פון די 4 טעג (אַ פּראַסטיקער טאָג איז דאַן געווען) האָבן זיי צוזאַמענגענומען די הייליקע ספרים אין מיטן מאַרק, און מען האָט גלייכצייטיק צוזאַמענגערופן אַלע יידן. ביי די פרויען האָט מען מיט מעסערס אָפּגעשניטן די האָר און מיט זיי צוזאַמענגעבונדן די ספרים און געהייסן אַ ייד, אַלטשטיין, אַז ער זאָל די ספרים אונטערצינדן. און ווען ער האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו זייער באַפעל, האָט מען אים אַזוי געשלאָגן, אַז ער איז באַלד אויפן אָרט געשטאָרבן. ביי דעם אויטאָ־דאַ־פע האָבן די יידן געמוזט זינגען „התקוה", טאַנצן, שלאָגן זיך און שפּרינגען אין פייער אַריין. צווישן די בלוטיקע סצענעס האָט מען געהייסן איין פרומען ייד זיך שלאָגן מיט זיין זון, און ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז זיי פירן דאָס אויס צו שוואַך, האָבן די דייטשן זיי געלערנט, ווי אַזוי מען דאַרף דאָס אויספירן, אַזוי, אַז דער אַלטער מיטן זון זענען געלעגן אַ סך חדשים קראַנק.

דעם 28סטן דעצעמבער האָט מען גענומען אין פעסטונג קיין מאָדלין די ביבליאָטעקן פון הרב נויפעלד און נחום נויפעלד, און מען האָט געגעבן יעדן יידישן אַרבעטער אַ באַנקע נאַפט און אָנגעזאָגט, אַז אין איין שעה זאָל נישט בלייבן פון די ביכער קיין סימן פון אַש, און דערביי 2 פון זיי דערהרגעט און 3 ראַבירט, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך פאַרשפּעטיקט און עס האָט זיך לענגער פאַרצויגן.

דעם 15טן יאַנואַר, נאָכן איינשליסן נאָווי־דוואָר אין רייך, זענען געבליבן אין שטאָט בלויז אָרעמע לייט. האָט מען פון זיי אַרעסטירט עטלעכע צוואַנציק מאַן און מען האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי 20.000 זלאָטעס קאָנטריבוציע. די אַרעסטירטע האָט מען אַרויסגעשיקט מיט אַ לאַסט־אויטאָ קיין לעגיאָנאָוו. פאַרן אַרעסטירן איז פון שרעק געשטאָרבן בנימין פּינקער, אַן אָרטאָדאָקסישער געזעלשאַפטלעכער טוער. די אַרעסטירטע אין לעגיאָנאָוו האָט מען איבערגעלאָזט אָן עסן, און מען האָט זיי אַזוי מערדערלעך צעשלאָגן, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. דערביי איז אַ שניידער, אַבראַמטשיק, געשלאָגן געוואָרן ביז טויט. ווען מען האָט צוגעשטעלט די פאַראָרדנטע סומע, האָט מען זיי באַפרייט. אַ טייל פון זיי זענען אַנטלאָפן קיין וואַרשע, און אַ טייל זענען געבליבן אין רייך, אין נאָווי־דוואָר, ביזן היינטיקן טאָג.

דערמיט ענדיק איך די אָפּשילדערונג פון מיין אומגליקלעכן געבורטס־שטעטל.

וואַרשע, דעם 13טן מערץ 1941

## II

פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער פרי איז אונדזער שטאָט אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם טרייסלען זיך פון די הייזער און פענצטער. אַלע זענען אַרויס פון די בעטן, כדי צו דערוויסן זיך וואָס איז געשען. עס האָבן זיך גיזאַמלט גרופּן און איינער האָט דערציילט דעם צווייטן ווי ביי אים האָבן זיך געטרייסלט די שענק, ביים צווייטן — די גלעזער. בליץ־שנעל איז געקומען די ידיעה, אַז ביים נאַרעוו איז געפאַלן אַ באָמבע און פון די שפּריצן איז איינער פאַרווונדעט געוואָרן און צוויי — לייכט.

שפּעטער טרעף איך אונדזער בירגערמייסטער און ער דערציילט מיר, אַז ער קלינגט כסדר אין סטאַ־ראָסטווע און קאָן זיך נישט דערקלינגען. אַרום האַלב 8 באַקומט ער דעם ערשטן טעלעפאָנאָגראַם, אַז דייטשלאַנד האָט דערקלערט קריג פּוילן.

אונדזער שטאָט ליגט נעבן דער פעסטונג מאָדלין און די קריגס־דערקלערונג האָט אַרויסגערופן אַ געוואַל־דיקע פּאַניק. דעם זעלבן טאָג, פרייטיק, האָבן שוין די פאַרמעגלעכע געפּאַקט די געשעפטן און פאַרלאָזן די שטאָט. איך האָב באַגלייט מיינעם אַ חבר, וואָס איז גערופן געוואָרן אין מיליטער, צום צוג. דאָ האָט געהערשט אַ שרעקלעכע פּאַניק. מוטערס, פרויען און קינדער האָבן באַגלייט זייערע מענער, זין, עלטערן, און מיט טרערן אין די אויגן זיך געזעגנט.

2 ביי טאָג האָבן מיר איבערגעלעבט דעם ערשטן לופט־קאַמף צווישן פּוילישע און דייטשע עראָפּלאַנען. די בהלה איז גרויס. וווער עס פּאַקט זיך, וווער עס אַנטלויפט אין די סכראַנעס. עס פעלט אָרגאַניזאַציע אויף יעדן שריט. 11 ביי נאַכט רופט מען מיך אין דער בירגער־מיליץ, און איך באַקום די אויפזיכט איבער דער באַן־ליניע פון דער סטאַציע מאָדלין ביז דער סטאַציע פון אונדזער שטאָט.

שבת דעם 2טן סעפּטעמבער זעט מען דורכפאָרן עוואַקוירטע צוגן פון גדיניע און אַנדערע שטעט ביי די גרענעצן. מען זעט אויך פירן די ערשטע פאַרווונדעטע נאָך וואַרשע. אַלע פאַרלאָזן די שטאָט. ס'בלייבן געציילטע משפּחות. ס קומט אָן זייער אַ סך פּויליש מיליטער. ביי אַלע, וואָס זענען אַוועק פון שטאָט ווערן אויפגעריסן די דירות און געשעפטן און יידיש האָב און גוטס ווערט ראַבירט.

דער פראָנט רוקט זיך נענטער, די וועגן זענען פאַרלייגט מיט מיליטער און ציוויל־באַפעלקערונג. מען טרעפט מענטשן איינגעשפּאַנט אין וועגענער און אַלע איילן נאָך וואַרשע. אין דער זעלבער צייט טרעפט מען אויפן וועג מענטשן, וואָס אַנטלויפן פון דער שטאָט. אויפן וועג קומען אָן עראָפּלאַנען, באַגלייטן די פליטים און באַשיסן מיט מאַשין־געווער. איך פאַרלאָז אויך די שטאָט און דעם 7טן פאַר טאָג קום איך נאָך וואַרשע. דאָ הערשט אַ שרעקלעכע פּאַניק און טויזנטער יוגנט־לעכע, מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, פאַרלאָזן די שטאָט.

זייער שווערע 3 וואָכן האָבן מיר איבערגעלעבט אין דער הויפּט־שטאָט, שוין נישט רעדנדיק וועגן זיין כסדר אונטערן האָגל פון קוילן, דאָס הונגערן און בכלל די שלעכטע באַציונג פון די וואַרשעווער צו די עוואַקוירטע.

ווען מיר האָבן נאָר באַקומען די ערשטע מעגלעכ־קייט פון צוריקקומען אַהיים, זענען אַלע געלאָפן צוריק און דאָ האָבן מיר נישט דערקענט דאָס שטעטל. דער הויפּט־צענטער פון האַנדל — פאַרברענט. די גאַנצע וואַרשעווער גאַס, נויפעלדס טאַרטאַק און מיל, ווינאַ־גראַדאָווס פּאַיאַנס־פאַבריק, דאָס בית־המדרש, די שול — אַלץ פאַרברענט. הונדערט יידישע קרבנות — פון פאַרשאָטן ווערן און פון באָמבעס.

עס באַזעצן זיך צו 4 משפּחות אין איין שטוב. עס הייבט זיך אָן אַ פרישער גיהנום פאַר יידן. מען גייט פון שטוב צו שטוב און וואָס עס איז פאַראַן ווערט רעקוויזירט און צוגענומען. מען נעמט צו מלבושים, בעטגעוואַנט, מעבל, נישט רעדנדיק פון סחורות א"אַ. מען הייבט אויך אָן צו כאַפּן אויף אַרבעט, און ס'איז אוממעגלעך אַרויסצוציין פון שטוב. ס'ווערט אויך נישט מעגלעך צו בלייבן אין שטוב, ווייל פון 6 פאַר טאָג גייט מען אין יידישע דירות און מען נעמט אַרויס די מענער צו אַרבעט. דער רוב פון דער אַרבעט באַשטייט אין רייניקן אוביקאַציעס מיט די בלויזע הענט און דערביי שלאָגט מען מיט אייזנס איבער די קעפּ.

מען אַנטלויפט ווידער און דאָס מאָל שוין אויף יענער זייט גרענעץ. מען פאַרקויפט פאַר גראָשנס דאָס לעצטע, בכדי צו האָבן אויף הוצאות. עס אַנטלויפן

פּאַרטיי־פירער און יוגנטלעכע. די געבליבענע הייבן זיך אָן צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען.

איינמאָל ווערט דאָס שטעטל אויפגעציטערט פון אַן אַנגעלויף פון פרעמדע יידן. דאָס זענען אַרויסגעטריבענע פון שערפּץ, וועלכע מען האָט געיאָגט איבערן נאַרעוו, און ווייל נאָווי־דוואָר איז די ערשטע שטאָט נאָך דער רייך־גרענעץ, האָט מען די יידן געזאָגט, אַז זיי קאָנען דאָ בלייבן. די יידן האָט מען איינגעאָרדנט אויף נאַכט אין יידישע דירות און צוגעטראָגן הילף מיט אַלעס מעגלעכן. די יידן האָבן נישט באַוויזן איבערצונעכטיקן און קומען צו זיך, און שוין איז די פּאָליציי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אַלע פרעמדע צונויפגענומען אויפן מאַרק און געטריבן. ווער ס'האָט פּרובירט זיי דערלאַנגען עסן אָדער טרינקען, איז געוואָרן פאַרהאַלטן און אויך געטריבן.

נאָך שוידערלעכער איז געווען די אַנקומענדיקע נאַכט. 12 ביי נאַכט, די שטאָט איז איינגעהילט אין פינצטערניש און ווידער זענען אָנגעטריבן געוואָרן אַ פּאָר טויזנט יידן פון אַנדערע שטעט. די האָט מען שוין נישט אַפּגעלאָזט, נאָר מען האָט זיי געהאַלטן אונטערן פרייען הימל אַ גאַנצע נאַכט. ס'איז געווען אַ שרעקלעכער שניי און קעלט. די געשרייען פון די קינדערס און מוטערס האָבן אויפגעציטערט דאָס שטעטל. איך ווער דערשיטערט פון טרויעריקן בילד, וואָס איך זע אין פענצטער. אונטער די בייטשן פון די זעלנער שטייען אַ פּאָר טויזנט יידן און ווערן געצוווּנגען צו זינגען פאַרשידענע לידער. עס דערגייען צו מיר די קלאַנגען פון „התקוה", „אבינו מלכנו" א"אַ. אַזוי האָט מען זיי געהאַלטן ביז 6 פאַר טאָג און דאַן האָט מען זיי ווידער געטריבן — —

22סטער מערץ 1941.

## III

פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער, 6 פרי, איז געפאַלן די ערשטע באָמבע. עס זענען דאָ אַ סך פאַרוווּנדעטע און הרוגים.

זונטיק, דעם 3טן, ביי טאָג — אַ לופט־אַנגריף איבער דער סטאַציע און פעסטונג מאָדלין. הרוגים און פאַרוווּנדעטע.

דינסטיק, דעם 5טן — דאָס אַנטלויפן פון שטאָט נעמט אָן אַ מאַסן־כאַראַקטער. עס פאַרלאָזן די שטאָט אָרעם און רייך.

מיטוואָך, דעם 13טן — עס פאַלן ברען־באָמבעס. עס גייט אָוועק מיטן פייער דער צענטער שטאָט.

מיטוואָך דעם 27סטן, יום־כיפור ביי טאָג — עס ווערן געוואָרפן ברען און שפּרינג־באָמבעס. עס ווערט דערביי פאַרברענט דער בית־המדרש; די שול ווערט שטאַרק רויִנירט פון שפּרינג־באָמבעס. עס זענען דערביי דאָ צענדליקער הרוגים און פאַרוווּנדעטע.

שבת, דעם 30סטן סעפּטעמבער — מאָדלין און נאָווי־דוואָר ווערן פאַרנומען דורכן דייטשן מיליטער.

דעם 3טן אָקטאָבער הייבט די באַפעלקערונג אָן צוריקצוקומען נאָך נאָווי־דוואָר. אין דער צייט ווערט מען יעדן טאָג געכאַפּט צו אַרבעט, סיי פון די שטובן, סיי פון דער גאַס. אַממערסטן ווערט מען אַרויסגענומען פון די רייען ביי די בעקערייען. די באַציונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג צו דער יידישער איז נישט קיין גוטע. אין דער צייט ווערט פונאַנדערגענומען דער גאַנצער בנין פון דער שול ווי אויך פון דער מיקווה. עס ווערן אויך פונאַנדערגענומען עטלעכע הייזער פון יידן.

דעם 9טן דעצעמבער קומען פאָר אַרעסטן פון יידן, ביי עטלעכע צוואַנציק מאַן. זיי ווערן שטאַרק געשלאָגן אין אַרעסט.

זונטיק, דעם 10טן דעצעמבער — עס ווערט געמאָלדן דער יידישער באַפעלקערונג דורך פּויקן, אַז די יידן דאַרפן איינצאָלן אין מאַגיסטראַט 50 טויזנט גילדן. דערווייל פאַרלאַנגט דער בירגערמייסטער אַ קאָנטאַ 15 טויזנט גילדן. אין דער זעלבער צייט גייט אַהיים אַ גרופּע יידישע אַרבעטער פון דער בריק־אַרבעט און עס ווערט דערביי דערשאָסן אַ ייד פון עטלעכע זיבעציק יאָר. די קאָנטריבוציע, וואָס מען האָט פאַרלאַנגט, האָט געשאַפן אַזאַ פּאַניק, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג פון דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין אָנהייב יאָר 1940 קומט פאָר אין מיטן העלן טאָג דער באַרימטער אויטאָ־דאַ־פע, ווו עס ווערן פאַרברענט אַלע ספרי־תורות, וואָס זענען געפונען געוואָרן.

אָנהייב פרילינג 1940 הייבן אָן יחידים זיך אומצוקערן קיין נאָווי־דוואָר, און דאַן געשעט אַ גרויס אומגליק, עס ווערן אַוועקגעשיקט 19 מענער און צוויי פרויען. ביז היינט איז פון די מענטשן קיין ידיעה נישטאָ. — —

נאָווי־דוואָר, 2סטער מיי 1941.

א. גאָלדבראַך און וו. שליאַמאָוויטש

# פיין און אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג

## 1939

דעם צווייטן טאָג סוכות זענען די דייטשע טרופּן אַריין קיין נאָווי־דוואָר, אויף צומאָרגנס איז אָנגעקומען די געסטאַפּאָ און גלייך אָנגעהויבן דעמאָלירן יידישע הייזער. זייער צעשטערערישע אַרבעט האָבן זיי פאַרגעזעצט עטלעכע טעג. אין דער זעלבער צייט האָבן די געסטאַפּאָ־לייט דערשאָסן צוויי יידן, אַ דריטער האָט זיך על פּי נס אָפּגעראַטעוועט און בלויז אָפּגעקומען מיט שווערע קלעפּ. די אַלע מעשים פון דער געסטאַפּאָ האָבן שטאַרק געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג, מאַסן יידן האָבן אין גרויסער בהלה זיך געלאָזט לויפן קיין וואַרשע און אין נאָווי־דוואָר איז נאָר געבליבן אַ קליינע צאָל יידן.

די רדיפות ווערן פאַרגרעסערט, באַלד ווערן אַרעסטירט פערציק יידן, צווישן זיי — חיים אַבראַמטשיק, חיים גורעצקי און ישראל יעקב ביאַק. זיי אַלע האָט דער היטלעריסטישער בירגערמייסטער, דער נאָווי־דוואָרער פאָלקסדייטש וועגדט, געבערענגט פון מאַדליך, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. נאָך דעם ווי מען האָט זיי געפּייניקט עטלעכע טעג מיט גרויליקע מיטלען, ווי רייסן נעגל און האָר, טרינקען ריצנאייל און עסן דעם אייגענעם אָפּפאַל. חיים אַבראַמטשיק איז נאָך עטלעכע טעג געשטאָרבן פון די פּייניקונגען. אַלס צוגאָב צו די פּיינען ווערט נאָך אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון פופציק טויזנט זלאָטעס.

מיט אַ צייט שפּעטער שלעפּט די געסטאַפּאָ אַרויס אַלע ספרי־תורות פון דער שול צום פאַרברענען. די צערעמאָניע ווערט דורכגעפירט אין מיטן מאַרק, דער ציבור יידן, מיטן איינבינדער אַלמאַן און אַנדערע זקנים בראש, ווערן געצוווּנגען צו טאַנצן אַרום פייער, ווו עס ברענען די ספרי־תורות.

אין אַ צייט אַרום ווערט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן קומען אַרויסנעמען דייטשע פּעסער. ווען יידן זענען געקומען צום מאַגיסטראַט נאָך די פּעסער, האָבן פּאָליציאַנטן פון די פאָלקסדייטשן געכאַפּט עטלעכע יידן ביים מאַגיסטראַט און זיי פאַרשלעפּט אין דער קעגנאיבערדיקער פּאָליציי־קאָמאַנדע, ווו מען האָט זיי געפּייניקט, געצוווּנגען צו טרינקען ריצנאייל און עסן אַלטן וווּרשט. די דייטשע פּאָליציי האָט זיך גוט פאַרוויילט, ווען די געפּייניקטע האָבן באַקומען בויך־קראַמפּן און שלשול. די פּייניקער האָבן געלאַכט פון די קרבנות, ווייטער געשלאָגן און צום סוף זיי אַרויסגעשלײדערט. צווישן די געפּייניקטע זענען געווען מאיר קלייסטער און שמעיה פוטערמאַן.

נאָך דעם פאַרפאַל האָבן די יידן, וועלכע זענען דורך דער צייט צוריקגעקומען קיין נאָווי־דוואָר, ווידער אָנגעהויבן צו אַנטלויפן קיין וואַרשע.

## 1940

צוליב די שווערע באַדינגונגען אין וואַרשע, ווו הונדערטער יידן פאַלן אויף די גאַסן פון הונגער — הייבן אָן די אַנטלאָפענע צוריקצוקומען קיין נאָווי־דוואָר. נאָך דעם ווי די געסטאַפּאָ האָט דאָס באַמערקט, ווערן אַלע יידן באַפוילן צו קומען זיך מעלדן. די געסטאַפּאָ האָט זיך דעמאָלט געפונען אין הויז פון מאיר מונדלאַק, נישט ווייט פון פּוילישן צמענטאַזש, אין יענעם הויז זענען פאָרגעקומען שרעקלעכע פּייניקונגען. פון די צוריקגעקומענע פון וואַרשע האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגענומען 41 יידן, זיי פאַרשיקט אין אַ אומבאַקאַנט אַרט און מער האָט מען וועגן זיי נישט געהערט. צווישן די אַרויסגעשיקטע האָבן זיך געפונען די פאָלגנדיקע פאַמיליעס: חיים בור, יענקל קלייסטער, משה אהרן איידלסבערג, דוד איצקאָוויטש און יענקל — חוה טיקס מאַן.

אין משך פון אַ גאַנצן יאָר 1940 האָבן אַלע יידן געמוזט יעדן טאָג זיך צושטעלן צו צוואַנגס־אַרבעט און די דייטשן האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט אַרויפצווינגען שווערע אַרבעט, נאָר האָבן אויך דערביי געשלאָגן און געפּייניקט.

## 1941

אָנהייב 1941 איז אין נאָווי־דוואָר איינגעפירט געוואָרן דאָס געטאָ. אַלס אָרט פאַרן געטאָ איז אויסגעטיילט געוואָרן דער אָרעמסטער שטח: די „פּיאַסקעס". דאָס געטאָ איז געוואָרן אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט, און מען האָט נאָר איבערגעלאָזט אַלס אויסגאַנגסpunkt איין טויער. אויפן באַפעל פון דער געסטאַפּאָ

האָבן די געטאָ־איינוווינער אויסגעוויילט אַ יודענראַט מיט אַ יודען־עלטסטן — דער אינקאַסענט פון דער עלעקטראָווניע ראַטשטיין. ס׳איז פאָרמירט געוואָרן אַ יידישע געטאָ־פּאָליציי, זי איז געווען אין רשות פון דער געסטאַפּאָ. דער יודענראַט האָט געמוזט צושטעלן יעדן טאָג 400 יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין מאָדלין, ווו מען האָט געשלעפּט שטעכל־דראָטן און באַקומען געשלאָגן פאַר נישט אויספירן די איבערגעטריבענע אַרבעטס־נאָרמעס, ביי אַ נישטיקן לוין, וואָס איז באַשטאַנען פון 100 גראַם ברויט און אַ ליטער וואַסער־זופּ אויף אַ גאַנצן טאָג אַרבעט.

נישט קאָנענדיק צוזען דעם פּיין און הונגער פון זיינע שטאָטס־לייט, האָט דעמיסיאָנירט פון זיין אַמט דער יודען־עלטסטער ראַטשטיין. זיין אָרט האָט באַלד פאַרנומען יוסף גרשון (ניעשקעלעס זון) און זיינע געהילפן — הערמאַן אַבראַמאָוויטש, ישראל טישלער (סקראָבאַק), נחמן רייכמאַן (קטונטיס), יענקל באַראַנעק — דער פּאָליציי־שעף, שלמה סאָשינסקי (הערשל מאָרדעס יינגסטער זון) און חיים דאַכפּאַן (יאַצעק). זיי אַלע האָבן צוזאַמען גוטוויליק געאַרבעט פאַר דער געסטאַפּאָ.

די קאַרטן אויף לעבנס־מיטלען, וואָס דער יודענראַט האָט אַרויסגעגעבן, זענען געווען אויף גאָר ווייניק פּראָדוקטן, אַזוי, אַז דער הונגער איז געוואָרן אומדערטרעגלעך און די געטאָ־איינוווינער האָבן געמוזט פאַרשאַפן לעבנס־מיטלען אויסער דעם געטאָ. אין דעם פאַל האָט מען זיך געמוזט דורכגנבענען צווישן די שטעכל־דראָטן און שטעלן אין געפאַר דאָס אייגענע לעבן. ביי אַזאַ הונגער־עקסקורסיע זענען געכאַפּט געוואָרן אַכט יידן און אין זעלבן טאָג אויפגעהאָנגען געוואָרן אין געטאָ. די עקזעקוציעס האָבן געמוזט אויסגעפירט ווערן דורך יידן, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַלע געטאָ־איינוווינער. דריי טעג האָט מען איבערגעלאָזט די געהאָנגענע אויף די תליות. צווישן די געכאַפּטע האָט זיך אויך געפונען דאָס עלטערע יינגל פון יהושע ווייסקאָפּ (די גראָבע רחלס איניקל). זיין מוטער האָט געוואָלט ראַטעווען פון טויט איר עלטערן זון און אים פאַרביטן מיטן יינגערן, דעם מינדעריעריקן. זי האָט געגלייבט, אַז דעם מינדעריעריקן וועט מען באַפרייען פון דער תליה, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן און דאָס יינגל איז אויפגעהאָנגען געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע.

אויך נאָך דער געשעעניש האָבן ווידער זעקס איינוווינער פון געטאָ זיך אַרויסבאַקומען דורך די שטעכל־דראָטן, כדי צו שאַפן לעבנס־מיטלען פאַר זייערע אויסגעהונגערטע משפחות. צוויי פון זיי זענען געכאַפּט געוואָרן און אין זעלבן טאָג דערשאָסן געוואָרן. דאָס זענען געווען די צוויי אייניקלעך פון משה הענעך גערטנער — אברהם און ברוך גוטקינד. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען ביי די זעלבע באַדינגונגען דערשאָסן געוואָרן אַ געוויסער קירשטיין, וואַרשיינלעך דער זון פון הערשל קירשטיין.

אין דער זעלבער צייט איז דאָס געטאָ זייער אָפט באַשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. נאָך אַזעלכע „שפּילערייען" זענען שטענדיק געווען פיל טויטע און פאַרוווּנדעטע.

אין מיי 1941 האָט די געסטאַפּאָ פעסגעשטעלט, אַז אין געטאָ געפינען זיך צו פיל מענטשן און אָנגעהויבן נייע רדיפות. לויט אַ באַפעל האָבן אַלע יידן געמוזט פאַרלאָזן זייערע דירות און זיך צושטעלן מיט אַלע זאַכן צו דעזינפעקציע; פרויען און מענער ווערן נאַקעטערהייט געטריבן צו דער ווייסל און דאָרט פאַרהאַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. פאַר צוריקטרייבן אין די וווינונגען האָט מען אָפּגעגעבן די קליידער, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אַ דעזינפעקציע, און אַלעס איבעריקע איז צוגערויבט געוואָרן.

אין דער זעלבער נאַכט, אַ זייגער צוויי, ווערט דאָס געטאָ אַלאַרמירט דורך אַ שיסעריי און אַלע געטאָ־איינוווינער ווערן געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ; אַלע מוזן דורכגיין דעם שפּאַלער פון די געסטאַפּאָ־ליים ביים אַרויסגאַנגס־טויער און ווערן דערביי מערדערלעך צעשלאָגן. אויפן נאָווי־דוואָרער מאַרק ווערן צונויפגעזאַמלט 4000 יידן, 750 פון זיי ווערן אויסגעטיילט אַלס אַרבעטס־פעיקע און די איבעריקע 3250 ווערן אָפּגעשיקט קיין פּאָמיעכאָווע.

דער לאַגער פּאָמיעכאָווע איז געווען אַ פאַרניכטונגס־לאַגער פאַר יידן, ער האָט זיך געפונען פינף קילאָמעטער פון נאָווי־דוואָר. אין אונטערערדישע בונקערס, וואָס זענען ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן צו דעם צוועק, האָבן די ס.א.־לייט אַריינגעיאָגט מענער, פרויען און קינדער, אַלע צוזאַמען אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט. די ס.א. האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער די שוצלאָזע יידן, זיי פלעגן דערביי אויסקלייבן די יינגסטע און שענסטע יידישע מיידלעך, זיי פאַרגוואַלטיקן און נאָך דעם זיי „שווייגזאַם מאַכן" — דערשיסן.

די הויפּט־אַרבעט אין פּאָמיעכאָווער לאַגער איז

געווען גראָבן ברידער־קברים פֿאַר זיך. צו ברענגען עסן פֿון נאָווי־דוואָרער געטאָ האָט מען ערשט דערלויבט מיט צוויי וואָכן שפּעטער. ווען די פֿעלדקיך איז אָנגעקומען אין לאַגער אַריין מיט הייסע זופּ, האָבן אַלע אויסגעהונגערטע יידן זיך אַ לאָז געטאָן צום קעסל, פֿון גרויסן געדראַנג איז דער קעסל איבערגעקערט געוואָרן, און די וואָס זענען געשטאַנען נאָענט ביים קעסל, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד צו לעקן די אויסגעגאָסענע, בלאָטיקע זופּ. אַזעלכע שטופּעניש זענען אויך געווען יעדעס מאָל, ווען מען האָט געבראַכט וואַסער און אַ סך מענטשן זענען דערביי צעטראָטן געוואָרן, צווישן זיי — שימאַנאָוויטשס אַן אייניקל. די דייטשע וואַכן פֿלעגן ביי אַזעלכע הונגער און דאָרשט־סצענעס שטיין אין דער זייט און זיך צוקוקן מיט געלעכטער.

אַלס רעזולטאַט פֿון די באַדינגונגען האָבן זיך אָנגעהויבן עפּידעמיעס, דער טיפֿוס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן לאַגער, און אָנשטאָט מעדיצינישע הילף האָט די געסטאַפּאָ יעדן טאָג דערשאָסן פּופֿציק פֿון די קראַנקע און אָפּגעשוואַכטע. ווען די געסטאַפּאָ־לייט האָבן איין מאָל געהאַט אַ טעות און נאָר דערשאָסן אַכט און פֿערציק — האָבן זיי גלייך געבראַנגט נאָך צוויי יידן צום דערשיסן. די צוויי זענען געווען — לייבוש סאָשינסקי (פּופּעק) פֿון נאָווי־דוואָר און ניסן מיראַבעל פֿון זאַקראָטשין.

זייער אָפּט האָט מען אויך נאָך די דערשיסונגען באַגראָבן די, וואָס זענען געפֿאַלן פֿאַרוווּנדעט און נאָך געלעבט. דאָס האָבן פֿעסטגעשטעלט די, וועלכע האָבן צוזאַמגענס, נאָך די דערשיסונגען, ווידער געגראָבן קברים אויפֿן עקזעקוציע־פּלאַץ. זיי האָבן דערציילט, אַז אַ גרויסע צאָל פֿון די פֿרישע קברים זענען געווען צעשפּאָלטן און די ערד איז געווען אויפֿגעריירט און פֿונאַנדערגעוואָרפֿן, צוליב די ראַנגלענישן פֿון די האַלבדערשאָסענע זיך אַרויסצובאַקומען פֿון דאָרט. צווישן די האַלב־דערשאָסענע און באַגראָבענע זאָלן זיך האָבן געפֿונען — יענקל קאַראַש (בצלאל גלעזערס זון), מענדל קאָרנשטיין (שווייגער), אברהם שימאַנאָוויטש (אברהם פּיניעס) און זיין פֿרוי רבקה, אברהם הערש גאָטהעלף (אַ פֿריזירער) און משה קירשטיין (משה לעפּעק).

אויב עס האָט ווער פֿון נאָווי־דוואָרער געטאָ צוגעברענגט אַ שטיקל ברויט פֿאַר זיינע קרובים אין לאַגער פּאָמיעכאָווע, איז ער גלייך אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אַזאַ פֿאַל איז געשען מיט זעליג טאָפּ (שטשערב), אַ 12 יעריק יינגל. נאָכן דערשיסן אים, האָט מען אויך געצוווּנגען די עלטערן אים צו באַגראָבן. אין אַזעלכע פֿאַלן און אויף אַזעלכע אופֿנים זענען אומגעקומען אַ גרויסער טייל פֿון נאָווי־דוואָרער יידן אין פּאָמיעכאָווער לאַגער.

נאָך דעם, ווי דער טיפֿוס האָט אויך אָנגעשטעקט די ס.א.־וואַך, איז אָנגעקומען אַ באַפֿעל צו ליקווידירן דעם לאַגער אין פּאָמיעכאָווע. די ליקווידאַציע איז פֿאָרגעקומען אויף אַזאַ אופֿן: ראשית כל האָט מען דערמאָרדעט די קראַנקע, דערנאָך האָט מען די געזונטע אַרויפֿגעזעצט אויף וועגענער. כדי צו פֿאַרמערן די יסורים האָט מען די טראַנספּאָרטירטע מכבד געווען אויפֿן וועג מיט פֿאַרגיפֿטעטן וווּרשט. דער טראַנספּאָרט איז געפֿירט געוואָרן ביי נאַכט אין דער ריכטונג פֿון לעגיאָנאָווע (יאַבלאָנע). דאָרט האָט די ס.א. וואַך צוגעגרייט אַ גרויס פֿייער און יעדער איינער פֿון די טראַנספּאָרטירטע האָט געמוזט לויפֿן דורכן פֿייער. דערביי זענען פֿאַרברענט געוואָרן באַלטשע טאַרנעגויל (איטשע בעקערס טאָכטער) און שרה גלאַדאָמאָשטש (משה מרדכיס פֿרוי). אַ סך פֿאַרסמטע פֿון פֿאַרגיפֿטעטן וווּרשט זענען אויפֿן וועג געשטאָרבן, און נאָר גאָר אַ קליינער טייל פֿון די טראַנספּאָרטירטע האָט זיך דערשלאָגן צום וואַרשעווער געטאָ. אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט דאָס בלוטיקע קאַפּיטל פֿון לאַגער אין פּאָמיעכאָווע.

אין נאָווי־דוואָר גופֿא האָט אויך די טויט־מאַשין געאַרבעט אָן אויפֿהער. זוען די 750 אויסדערוויילטע יידן האָבן זיך אומגעקערט פֿון מאַרק אין געטאָ אַריין, האָבן זיי געפֿונען אַ מאַסע קרבנות, אַלס רעזולטאַט פֿון די שיסערייען און אָנפֿאַלן, בשעת מען האָט אַרויסגעיאָגט די יידן צום זאַמלפּלאַץ אויפֿן מאַרק. פֿאַר די הייזער און אויף די גאַסן זענען געלעגן 28 דערשאָסענע און צעשניטענע. צווישן זיי האָבן זיך געפֿונען די גאַנצע פֿאַמיליע גרשון (ניעשקעלעס), יחיאל פּראַג, און אהרן שטאָלצמאַן מיט זיין שוואָגער. ביים באַגראָבן די 28 קרבנות האָט אַן ס.ס.־מאַן געפֿרעגט דעם באַגרעבער אהרן לייב קנעכט: „וויפֿל טויטע ליגן דאָ?“ און ווען ער האָט געענטפֿערט, אַז 28, האָט ער אים, אַלס 29סטן, דערשאָסן.

עס איז אַרויס אַ באַפֿעל פֿון דער דייטשער מאַכט, אַז מער ווי 750 יידן טאָרן אין געטאָ נישט זיין, יעדן צוגעקומענעם דראָט טויט־שטראָף און די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַלט אויפֿן יודענראַט. מיט אַ

פאַר וואָכן שפּעטער איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער באַפעל און ס׳איז אָנגעוויזן געוואָרן צו פאַרגרעסערן דאָס נאָווי־דוואָרער געטאָ אויפן חשבון פון די שוין ליקווידירטע געטאָס אין ווישעגראָד, טשערווינסק, זאַקראָטשין און אַנדערע קלענערע געטאָס אין דער סביבה. די געלעגנהייט נוצן אויס די נאָווי־דוואָרער יידן אין וואַרשעווער געטאָ און זיי קומען צוריק אין נאָווי־דוואָרער געטאָ. דער כסדרדיקער צופלוס פון מענטשן אין נאָווי־דוואָרער געטאָ איז דאָרט גורם צו אַ גרויסער אומאָרדענונג און צו אַ גרויסן הונגער; מענטשן שלאָפן אויף די גאַסן, ווייל ס זענען קיין ווינונגען נישטאָ, און אַ שטאַרקע טיפוס־עפּידעמיע דערפירט צו גרויסע שטערבלעכקייטן. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, פאָדערט די געסטאַפּאָ צו פאַרדאָפּלען די צאָל אַרבעטער, וואָס ווערן טעגלעך געשיקט צום מאָדלינער פאָרט.

## 1942

דאָס יאָר 1942 הייבט זיך אָן מיט אַ נייער גזרה, אַז אויך פרויען מוזן אויספירן די זעלבע אַרבעט ווי די מענער. אַלע פרויען ווערן געשיקט קיין מאָדלין צו שלעפּן שטעכלדראָט. די אַרבעט ווערט אויסגעפירט ביי די שווערסטע באַדינגונגען, די צאָל געפאָדערטע צו דער אַרבעט ווערט פון טאָג צו טאָג פאַרגרעסערט. אַ סך ווערן אַרויסגעשלעפּט צו אַרבעט אין מאָדלין, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט געאַרבעט אויף אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער. ביי אַזאַ כאַפּעריי צו אַרבעט האָט מען פאַרנומען אַ גרופּע פון 42 יידן, זיי אויסגעטאָן נאַקעט, רוצחיש געשלאָגן, און נאַקעטערהייט האָבן זיי געמוזט טראָגן שטעכלדראָט אין משך פון אַ גאַנצן טאָג. איין ייד, אַ זאַקראָטשינער, גאש, האָט די אַרבעט נישט געקאָנט אויסהאַלטן און פון פאַרצווייפלונג אַריינגעשפּרונגען אין נאַרעוו און דאָרט דערטרונקען געוואָרן. די איבערגעבליבענע 41 האָבן נאָכן פאַרענדיקן די שווערע אַרבעט געמוזט אויסגראָבן אַ גרויסן גרוב, און 29 פון זיי זענען דערשאָסן געוואָרן און אַריינגעשליידערט געוואָרן אין צוגעגרייטן גרוב. צווישן זיי — מרדכי מאַטושאַק, שייע משה אָלשינקאָ, און אַן איידעם פון מרדכי יאָסקאָוויטש. 11 לעבנגעבליבענע זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן דורך יחזקאל שוואַרץ און שפּעט ביי נאַכט זענען זיי צוריקגעקומען אין געטאָ אַריין פולשטענדיק נאַקעטע. שרעקלעכע סצענעס האָבן זיך דאַן אָפּגעשפּילט אין געטאָ מיט די קרובים פון די דערשאָסענע.

און באַלד הייבן זיך אָן די אויסזידלונגען פון נאָווי־דוואָרער געטאָ, איינע נאָך דער אַנדערער.

נאָוועמבער 1942 — די ערשטע אויסזידלונג. די ס. אַ. רינגלט אַרום דאָס געטאָ און עס ווערט פולשטענדיק אָפּגעשלאָסן. עס ווערט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אַלע אומפעיקע צו אַרבעט, קראַנקע און אַלטע, מוזן זיך פאַרזאַמלען אויף דעם געטאָ־פּלאַץ. אַלע פאַרזאַמלטע ווערן גלייך געבררענגט צו דער באַן און אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ.

מיט אַ וואָך שפּעטער — די צווייטע אויסזידלונג. אין באַפעל פון דער געסטאַפּאָ צום יודענראַט ווערט געפאָדערט, אַז אַלע פאַמיליעס, וואָס האָבן מער ווי צוויי קינדער, ווי אויך אלמנות און יתומים, זאָלן זיך גלייך פאַרזאַמלען אויפן געטאָ־פּלאַץ. אויך דער גורל פון די איז געווען דער זעלבער ווי פון די פריערדיקע — זיי זענען אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

און באַלד קומט דער טאָג פון דער ליקווידאַציע פון נאָווי־דוואָרער געטאָ, דער 12טער דעצעמבער 1942.

זיבן אין דער פרי זענען אַריין אין געטאָ אַ גרויסע צאָל שוץ־פּאָליציי און ס. אַ. גרופּן און באַלד געעפנט אַ שיסעריי פון ביקסן און רעוואָלווערן. אַלע יידן ווערן אַרויסגעטריבן פון די שטיבער און מוזן זיך פאַרזאַמלען אויפן געטאָ־פּלאַץ, וווּ זיי ווערן אויסגעשטעלט צו פינף אין אַ ריי. די געלטער און ווערטזאַכן מוזן ווערן אָפּגעגעבן אונטער דער דראָונג פון טויט. טראָץ דעם, וואָס אַלע גיבן אָפּ זייערע געלטער און זאַכן — לאָזן זיך די דייטשן ווילגיין מיט פאַרשידענע טויט־שפּילן. מען שלעפּט אויך מיך (אברהם גאָלדבראָך) אַוועק אין אַ זייטיק הויז, דאָרט טוט מען מיך אויס נאַקעט און דער וואַכמאַן פּרעסט זיין רעוואָלווער צו מיין קאָפּ, על פּי נס האָט ער מיך נישט דערשאָסן. נאָך אַלע שיקאַנעס ווערן די לעצטע איינוווינער פון נאָווי־דוואָרער געטאָ אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַציע און אויף די בהמה־וואַגאָנען אָפּגעשיקט צום טויט־פּלאַץ פון דעם רוב נאָווי־דוואָרער יידן — אוישוויץ.

אין 14טן דעצעמבער 1942 איז דער טראַנספּאָרט פון דער לעצטער אויסזידלונג אָנגעקומען קיין אוישוויץ. גלייך נאָכן אויסשטייגן פון די וואַגאָנען ווערן פון די צוויי טויזנט, וועלכע זענען אָנגעקומען מיט דעם טראַנספּאָרט, אויסגעטיילט זעקס הונדערט אַרבעט־פעיקע מענער צו בלייבן אין לאַגער אוישוויץ. די איבע־

ריקע, מענער, פרויען און קינדער, ווערן אַוועקגעפירט אין פאַרניכטונגס־לאַגער בזשעזשינקאַ. די זעקס הונדערט, וועלכע מען האָט געברענגט אין לאַגער אוישוויץ, האָבן זיך גלייך דערוווּסט פון די אָרטיקע קאַצעטלער, ווי אַזוי די נאָווי־דוואָרער פון דער ערשטער און צווייטער אויסזידלונג זענען פאַרניכטעט געוואָרן, און דורך דעם שוין אויך געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט די אַלע פון לעצטן טראַנספּאָרט, אין נייעם פאַרניכטונגס־לאַגער בזשעזינקאַ.

צו יענער צייט זענען נאָך קיין קרעמאַטאָריומס נישט געווען, נאָר גרויסע גאַז־קאַמערן. יעדער גאַז־קאַמער איז אָנגעשטופּט געוואָרן מיט צוויי הונדערט מענטשן, יעדער האָט באַקומען אַ שטיק זייף מיט אַ האַנטעך, כדי צו מיינען, אַז מען גייט זיך אויסבאָדן. ווען די צוויי הונדערט ווערן אַריינגעשטופּט אין גאַז־קאַמער, וואַרטן שוין אין דרויסן נאָך אַנדערע צוויי הונדערט. די פאַרגאַזטע ווערן אַריינגעוואָרפן אין גריבער, באַגאָסן מיט בענזין און פאַרברענט אונטערן פרייען הימל. אַזוי גייט איין גרופּע נאָך דער אַנדערער. די וואָס וואַרטן אויף זייער ריי צו פאַרגאַזונג, זעען צו די פאַרברענונגען נאָך דער פאַרגאַזונג און צוליב דעם שפּילן זיך אָפּ שוידערלעכע סצענעס, היסטערישע געשרייען און אויסברוכן פון משוגעת — דאָס אַלץ זענען מיר בייגעווען און צוגעזען. אַזוי, איז געווען דער סדר פון די פאַרניכטונגען אין יענער צייט און אַזוי זענען אומגעקומען אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע אין בזשעזשינקאַ, אוישוויץ און אַנדערע טויט־לאַגערן.

ביי די זעקס הונדערט וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין לאַגער אוישוויץ האָט מען גלייך אויסגעביטן די ציוויל־קליידער אויף „העפטלינגס־קליידונג“ און באַשיכט האָט מען זיי מיט האָלענדישע האָלצשיך. מיט די אומבאַקוועמע הילצערנע טרעפּעס האָט מען געמוזט אויספירן פאַרשידענע ספּאָרט־איבונגען און דערביי כאַפּן קלעפּ. די וואַכן פון דער ס. ס. האָבן אויף די אַפּעלן געלאָזט הערן דראָונגען, אַז אַלע יידן וועלן פאַרניכטעט ווערן, און זיי מוזן ביז דעמאָלט שווער אַרבעטן. טראָץ די גרויסע פרעסט און געוואַלדיקן הונגער ווערן די „העפטלינגע“ געטריבן צו די שווערסטע אַרבעטן פון פאַר טאָג ביז זונאונטערגאַנג. אין רעזולטאַט פון די באַדינגונגען שטאַרבן צענדליקער און הונדערטער יעדן טאָג.

אין אוישוויץ אַרבעטן 4 קרעמאַטאָריומס, די פאַרברענונגס־אַרבעט ווערט אויסגעפירט דורך די קאַצעטלער, אונטער דער דראָונג פון טויט. אין די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס אַרבעטן אויך די געוועזענע נאָווי־דוואָרער איינוווינער — גוטמאַן בראָנשטיין, יחזקאל גוטקינד, יוסף שידלאָ, שלום צודיקער, יהושע באַראַנעק, יוסף שול, נחמן העלפּענביין, מאַטיס שליאַמאָוויטש, די ברידער גוזשיק, דער שוואָגער פון משה לאָקעטש — אברהם מיט זיין ברודער אפרים און שעפּסל גראָסמאַן (וואָס איז געבליבן לעבן), זיי אַלע זעצן פאָר זייער אַרבעט ביי די קרעמאַטאָריומס ביז צום יאָר 1944.

ביי אַ שטרענגער איזאָלאַציע, אָפּגעריסן פון אַלע לאַגעריסטן, אַרבעטן די אַלע אין די טויט־קאָמאַנדאָס ביי די קרעמאַטאָריומס, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראַלן. און טראָץ דער שטרענגער איזאָלירונג ווערן דאָך געמאַכט פּרוּוון צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד. דער ערשטער פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד אין לאַגער — געלינגט נישט, אָבער נאָך דעם אָרגאַניזירט די טויטן־קאָמאַנדאָ אַן אויפשטאַנד אין די קרעמאַטאָריומס גופא, און ער ווערט אויסגעפירט.

אויף אַ זייער געהיימען אופן ווערן די קרעמאַטאָריומס אונטערמינירט. די סאַדיסטישע קאַפּאָס פון דער קאָמאַנדאָ ווערן פאַרן עקספּלאָזירן אַריינגעוואָרפן אין די פאַרברענונגס־אויוונס, און דאַן קומט די עקספּלאָזיע.

נאָכן אויפרייס פון די קרעמאַטאָריומס האָבן די „העפטלינגע“ פון דער טויטן־קאָמאַנדאָ מיט איזאָלירשערן דורכגעשניטן די עלעקטריזירטע שטעכל־דראָטן און דורך אַלע פאַרצוימונגען אַרויס אויף דער פריי. די פּאָסטנס אויף די וואַך־טורעמס האָבן אין איבעראַשונג גלייך אַלאַרמירט מיט אַ שיסעריי און זיך געלאָזט אין געיעג נאָך די באַפרייטע. באַלד איז אָנגעקומען אַ פאַרשטאַרקונג און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטער קאַמף. ביי דעם קאַמף זענען געפאַלן צוויי הונדערט מאַן, און אויך די אויבנדערמאָנטע נאָווי־דוואָרער יידן.

די געכאַפּטע קאַצעטלעך זענען צוריק אַריינגעטריבן געוואָרן אין לאַגער הינטער די עלעקטריזירטע שטעכל־דראָטן און די וואַך־פּאָסטנס זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן.

## 1944—45

אין אוישוויץ זענען מיר געבליבן ביז צום 18טן יאַנואַר 1945. אין משך פון די צוויי יאָר 1944—1945 האָבן מיר ווייטער געליטן און געלעבט מיטן זכרון פון אויפשטאַנד. לויט די פּרטים, וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט, האָבן דעם אויפרייס־מאַטעריאַל צום אויפ־שטאַנד געברענגט די פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן לאַגער און זענען געשטאַנען אין געהיימען קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער פון דער טויט־קאָמאַנדאָ. פיר פון די פרויען האָט מען אויפגעהאַנגען.

אין 18טן יאַנואַר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַריבערפירן פון די קאַצעטלער אין די פאַרשידענע לאַגערן אין דייטשלאַנד. ביי די עוואַקואַציע זענען אַ סך יידן אומגעקומען, צווישן זיי — כמעט אַלע נאָווי־דוואָרער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם לאַגער אוישוויץ.

אויפגענומען און פאַרצייכנט פון אהרן פינקער גלייך נאָך דער באַפרייונג.



דאָס אַרומגעצוימטע געטאָ

סענדער בלאַנק / חיפה

# די נאָווי־דוואָרער יידן אונטער דער נאַצישער הערשאַפט

## ביז צום אַנטשטיין פון געטאָ

גלייך ביים אָנהייב פון קריג, מיטן דייטשן אָנגריף אויף פוילן, האָט נאָווי־דוואָר שטאַרק געליטן, צוליב איר מיליטערישע פונקטן, די סטראַטעגישע באַזעס נעבן דער שטאָט.

די באַקאַנטע פעסטונג מאָדלין, לעבן נאָווי־דוואָר, האָט אויפגעהאַלטן איר פאַרטיידיקונגס־קאַמף מיט אַ טאָג מער ווי די רעזידענץ־שטאָט וואַרשע. צומאָרגנס נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע, האָט נאָך נאָווי־דוואָר געהאַט אויסצושטיין די באָמבאַרדירונגען פון דייטשע עראָפּלאַנען. דעמאָלט זענען אומגעקומען אין אַ קעלער פון בלאַטס הויז, לעבן מאַגיסטראַט, בײַ צוואַנציק יידישע נפשות. צווישן זיי — מענדל קאָכאַלסקי (דער קאַשעמאַכער) מיט זיין פרוי, הערשל זאַקהיים מיט זיין פרוי און שוויגער — די מוטער פון הערצל דובניקאָוו, מרים לאה.

אַ גרויסער טייל פון דער נאָווי־דוואָרער באַפעל־קערונג איז גלייך מיטן מלחמה־אויסברוך אַריבער קיין וואַרשע, צוליב די כסדרדיקע לופט־אָנגריפן אויף דער מאָדלינער פעסטונג, פון וועלכע נאָווי־דוואָר האָט שטאַרק געליטן. באַלד נאָכן פאַרענדיקן די מיליטערישע אָפּעראַציעס, האָבן כמעט אַלע נאָווי־דוואָרער זיך אָנגעהויבן אומקערן קיין נאָווי־דוואָר, צו זייערע היימען און שטיבער. אָבער באַלד, אייניקע טעג נאָכן צוריקקער, האָט שוין יעדער געקאָנט זען, וואָס מען האָט צו דערוואַרטן אין דער צוקונפט.

די הערשער פון שטאָט זענען געוואָרן די שטאָטישע פאָלקס־דייטשן, די באַקאַנטע אונטערוועלטניקעס — די ברידער וועגדט. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט נקמה־מעשים אויף יידן, ווייל... „די יידן האָבן ביז היינט צו גוט געלעבט". וועגן צוריק עפענען די יידישע געשעפטן — איז שוין נישט געווען וואָס צו טראַכטן; מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן צו אַרבעט, און ספּעציעל צו שווערע אַרבעטן צו וועלכע יידן זענען נישט געוווינט געווען. גרויסע בריגאַדעס יידן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן צו פאַרריכטן די בריק איבערן נאַרעוו, וואָס איז צע־שטערט געוואָרן פון אַ נאַציסטישער באָמבע. אין דעם מאָדלינער פאָרט (סטאָטשניאַ מאָדלינסקאָ) האָבן יידן געמוזט טאָן די שמוציקסטע אַרבעטן, ביים באַדינען די דייטשע סאָלדאַטן. די לאַגע איז געווען אומדער־טרעגלעך און אַ טייל פון דער יוגנט האָט דעמאָלט געפונען אַן אויסוועג אין אַריבערגיין די גרענעץ אויף דער סאָוויעטישער זייט.

ס'האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בעיקר וועלן ליידן די מענער און אַז נאָר זייער לעבן שטייט אין סכנה, דאַקעגן פרויען קאָנען רויק לעבן. דערפאַר האָבן דעמאָלט אַ טייל פרויען באַוויגן זייערע מענער, זיי זאָלן אַוועק קיין רוסלאַנד, און זיי אַליין זענען געבליבן אין שטאָט, היטן דאָס פאַרמעגן. אַ סך יוגנט־לעכע, וואָס וואָלטן געקאָנט אַנטלויפן אויף דער סאָ־וויעטישער זייט, זענען דעמאָלט געבליבן אין שטאָט, צוליב טריישאַפט צו זייערע עלטערן און משפחות.

אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטאָט — האָבן די מער פאַרמעגלעכע. די סוחרים האָבן אָנגעהויבן איבער־פירן געהיים זייערע סחורות קיין וואַרשע, זיך פאַרשאַפט דירות און באַזעצט אין וואַרשע, מיט דער אויסרע־כענונג, אַז די מלחמה וועט נאָר דויערן עטלעכע חדשים, „דערווייל וועט מען אויפעסן אַ ביסל געלט" און אַזוי וועט מען איבערלעבן די מלחמה.

אין נאָווי־דוואָר זענען דעמאָלט פאַרבליבן נאָר אַ טייל יידן — האָרעפּאַשניקעס און אַרבעטער, — די וואָס האָבן צו זיך געזאָגט: „איך האָב תמיד געאַרבעט — וועל איך אויך ווייטער אַרבעטן"... ס'זענען אויך פאַרבליבן די, וואָס האָבן נישט געהאַט גענוג מעגלעכקייטן צו דינגען דירות אין וואַרשע און מזומנים זיך אויסצוהאַלטן. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט זענען אין נאָווי־דוואָר געבליבן נאָר עטלעכע הונדערט יידן.

די אַלע פאַרבליבענע יידן האָבן געמוזט גיין צו די שווערסטע צוואַנגס־אַרבעטן. די פּאָלאַקן און די דייטשן האָבן אויסגערויבט און צוגענומען אַלע יידישע געשעפטן און וואַרשטאַטן. דאָס וואָס האָט אונדז שטאַרק געטראָפן — די ווילקירלעכע געזעצן, וואָס זענען באַלד אַריין אין קראַפט: אַז יידן מוזן אָנטייען אויף

דער לינקער ברוסט און אויף דער רעכטער זייט פּלייצע געלע שאַנד־לאַטעס אין דער גרייס פון צען סענטימעטער; אַז יידן איז נישט דערלויבט צו גיין אויף די טראָטואַרן, נאָר ביים זייט פון דער גאַס; אַז פאַר יעדן דייטש מוז דער ייד אַראָפּנעמען דאָס היטל, און אַז אַלע יידישע אַנשטאַלטן — שולן, בתי מדרשים, מיקוואות, מוזן צעשטערט ווערן, כדי עס זאָל נישט בלייבן קיין סימן פון אַלץ, וואָס איז יידיש. צו יענער צייט האָט יעדער ייד זיך געפילט מאָראַליש דערנידעריקט. יעדער איינער האָט, פאַר חרפּה, אויסגעמיטן דעם צ׳ווייטן. די בושה איז געווען נישט איבערצוטראָגן, אָבער ביסלעכוויז האָט מען זיך צוגעוווינט צו די נייע היטלעריסטישע פאַראָרדענונגען און כסדרדיקע גזרות.

אין דעצעמבער 1939 האָט מען אויסגעפירט אַן אויטאָ־דאַ־פע. מען האָט צונויפגעזאַמלט אַלע ספרי־תורות און יידישע ספרים, און אין אַ פראָסטיקן טאָג האָט מען צוזאַמענגעיאָגט אויפן מאַרק אַלע יידישע מענער, פרויען און קינדער, אַלע מענער האָבן געמוזט אָנטאָן טליתים, און די צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם גיבן מענדל פרענקלען אַ „זכות“ אָנצוצינדן די ספרי־תורות און ספרים... די דייטשן אַרום האָבן געלאַכט: אָט ווערט פאַרברענט דער יידישער גאָט... און אַלע האָבן געמוזט טאַנצן אַרום פייער און זינגען די לידער, וואָס די נאַציס מיט די גומי־שטעקנס האָבן באַפוילן — פון אָנהייב די „התקוה“ און נאָך דעם אַנדערע לידער מיט אַן אַנטיסעמיטישן אינהאַלט.

די צערעמאָניע וואָלט זיך זיכער פאַרענדיקט מיט אַ סך יידישע קרבנות, ווען נישט דער צופאַל, וואָס איינער אַן אָפיציר פון דער מאָדלינער פעסטונג, וועלכער איז צופעליק פאַרבייגעפאָרן, האָט ביים זען די גרויל־סצענע, ווי די יידן לויפן איבערן פייער זינגענדיק — באַפוילן אויפהערן, און אַלע זענען צוריק אַוועק פון מאַרק אין זייערע שטיבער.

פון טאָג צו טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער און די נעכט — אַלץ מער געפערלעכער. די נאַציס האָבן אָנגעהויבן מיט איבערפאַלן ביי נאַכט — רויבן, צעוואַרפן, שלאָגן און זיך אָפּטראָגן. דאָס האָט ווידער גורם געווען צו אַנטלויפונגען פון די פאַרבליבענע יידן אין שטאָט. אַ טייל זענען אַוועק קיין וואַרשע און אַ טייל קיין לעגיאָנאָווע, ווו ס׳איז נאָך דערווייל געווען רויקער. אין נאָווי־דוואָר האָבן יידן אַ סך מער געליטן, ווייל ס׳איז געווען אַ מיליטערישער פונקט און באַזעצט מיט אַ סך מיליטער, זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ־אָפּטיילונגען.

שפּעטער, ווען אין וואַרשע איז געשאַפן געוואָרן דער גענעראַל־גוּווערנאַמענט און אַכט קילאָמעטער נאָך נאָווי־דוואָר איז באַצייכנט געוואָרן אַלס די גרענעץ פון דריטן רייך, — האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ מכה, מיט דער גרענעץ־וואַך, און מיט נייע צרות. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פול מיט טויזנטער נאַצי״ס, אין פאַרשידענע אוניפאָרמען און פאַרשידענע קאָלירן, אָבער פאַר אונדז, יידן, האָבן אַלע געהאַט איין קאָליר...

אין אַ נאַכט פון חודש יאַנואַר 1940 האָבן די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן, אונטער דער קאָמאַנדע פון בירגערמייסטער ווענדט, אַדורכגעפירט מאַסן־אַרעסטן ביי יידן, אויך אַריינגעזעצט אין דער „קאָזע“ (נאָווי־דוואָרער טורמע) ביי אַ דרייסיק יידן, צווישן זיי חיים אַבראַמטשיק — אַ שניידער, חיים גורעצקי — אַ פריזירער. מען האָט די אַלע אַרעסטירטע מערדערלעך געשלאָגן און נאָך צוויי טעג פון זייער אַרעסט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער שטאָט אַ קאָנטריבוציע פון פופציק טויזנט זלאָטעס, מיט אַ דראָונג אַלעמען צו דערשיסן, אויב די סומע וועט נישט צוגעשטעלט ווערן צו דער באַשטימטער צייט.

ביי וועמען צונויפצוזאַמלען אַזאַ קאָלאָסאַלע סומע געלט — איז שוין אין נאָווי־דוואָר פאַר יענער צייט נישט געווען. בלויז קבצנים זענען נאָך פאַרבליבן אין שטאָט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס זיך אַרויסצורירן קיין וואַרשע. די לאַגע איז געווען זייער געשפּאַנט און די יידן האָבן אָנגעהויבן צו ברענגען זייערע לעצטע פאַרמעגנס. ווער ס׳האָט געבראַכט אַ חופּה־קידושין רינגל, אַ זייגערל, אָדער די לעצטע פּאָר מטבעות. מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואַרשע, צו די אַמאָליקע נאָווי־דוואָרער גבירים, בעטן ביי זיי הילף. אין משך פון אַ וואָך איז געלונגען צונויפצושטעלן אַ טייל פון געפאָדערטן געלט און אַ דעלעגאַציע איז אַוועק אונטערהאַנדלען מיט די נאַצישע אויסוואָרפן, זיי זאָלן זיך באַגנוגענען מיט דער צונויפגעזאַמלטער סומע, אָבער נאָר נאָך שווערע באַמיונגען איז געלונגען צו באַפרייען די דעלעגירטע, אין צושטאַנד פון האַלב טויטע, אָן אַ מענטשלעכן אויסזען. די באַפרייטע זענען גלייך אַוועק פון נאָווי־דוואָר.

אין יענע טעג, ווען די צאָל יידן אין נאָווי־דוואָר איז אַלץ קלענער געוואָרן, האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, אַז אַלע מוזן זיך פאַרשאַפן דייטשע פּעסער,

און אויף זיי חתמענען מיט אַ פינגער־אָפדרוק. די וועלכע זענען נאָך געווען אויפן אָרט האָבן אַזעלכע פעסער זיך פאַרשאַפט, דאַקעגן די אויסגעוואַנדערטע נאָווי־דוואָרער האָבן דאָס נישט באַוויזן און דערביי פאַרלוירן די רעכט אַלס נאָווי־דוואָרער בירגער.

דערווייל האָט זיך אויך די לאַגע פון די נאָווי־דוואָרער יידן אין וואַרשע אָנגעהויבן צו פאַרערגערן, אוּן ספּעציעל פאַר די נישט פאַרמעגלעכע. צווישן די זיבעציק הילפס־קיכן פאַר נויט־באַדערפטיקע אין וואַרשע, איז אויך געווען אַ קיך פאַר די נאָווי־דוואָרער, אויף מילע 16, אָנגעפירט דורך נחום נויפעלד און מנשה קאָכאַלסקי. מען האָט דאָרט באַקומען יעדן טאָג אַ מיטאָג פון אַ ביסל שיטערע זופּ, און אויך דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. אין ענדע מערץ איז די קיך פאַרמאַכט געוואָרן, ווייל די נאַציס האָבן נישט געוואָלט דערמעגלעכן הילף פאַר יידן. דער „דזשאָינט" האָט נאָך ווייטער פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, אָבער די קיכן זענען שוין נישט געווען טעטיק. אַ סך נאָווי־דוואָרער יידן האָבן דעמאָלט געמוזט, מיט די באַשווערטע עקזיסטענץ־באַדינגונגען, ווידער זיך אומקערן, טראָץ אַלע שוועריקייטן אויף די וועגן, קיין נאָווי־דוואָר.

די צוריקגעקומענע האָבן זיך ווידער באַזעצט אין זייערע אַלטע היימען, אָדער זיך צונויפגעדרענגט, עטלעכע צוזאַמען, אין די שטיבער, ווו טיילן פון דער פאַמיליע האָבן אויסגעוואַנדערט קיין רוסלאַנד. אין נאָווי־דוואָר האָט מען נאָך דעמאָלט געהאַט מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער, בעת אין וואַרשע איז שוין דעמאָלט ברויט געווען אַ חלום.

צוויי צווייגן פאַר פרנסה זענען דעמאָלט געווען פאַר די נאָווי־דוואָרער יידן, — ביי שטאָטישע אַרבעטן אין ראָטשטיינס בריגאַדע, פאַר זעכציק פעניג אַ טאָג. אָדער — שמוגלען שפּייז־אַרטיקלען אויף די וועגן פון נאָווי־דוואָר—לעגיאָנאָווע—וואַרשע, און פלאָנסק—זאַקראָטשין—נאָווי־דוואָר. פאַרשטייט זיך, אַז די שמוגל־פרנסה האָט געגעבן גרעסערע פאַרדינסטן, אָבער דערפאַר איז זי געווען פאַרבונדן מיט סכנות. דאָך האָבן אַ סך אויסגעקליבן צו ריזיקירן מיטן לעבן, ווייל עקזיסטירן פון די זעכציק פעניג האָט מען נישט געקאָנט, און נישט געווען וואָס צו פאַרלירן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן ביי יידן האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. מען האָט בכלל נישט געלעבט ווי נאָרמאַלע מענטשן. קיין אויסוועג איז נישט געווען און מען האָט נאָר געקענט חלומען וועגן אַ בעסערן מאָרגן, ווען ס'וועט נעמען אַ סוף צו דער אומנאָרמאַלקייט און מען וועט קאָנען ווידער באַנייען דאָס חרוב געוואָרענע יידישע לעבן.

אָנהייב 1941 האָט מען אַוועקגענומען פון נאָווי־דוואָר אַלע פאָלקס־דייטשן און אויך גרויסע מיליטער־טיילן; דאָס לעבן פאַר די יידן איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער; די גאַנצע אַדמיניסטראַציע איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די רייכס־דייטשן. זיי האָבן נישט געפירט קיין פערזענלעכע חשבונות מיטן יעדן איינעם, ווי די פריערדיקע הערשער, די אָרטיקע פאָלקס־דייטשן, נאָר אויסגעפירט אָן פניות און מיט דער גאַנצער שטרענגקייט די נאַציסטישע אָנווייזונגען.

אין זומער 1941, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן אַלע הכנות צום איבערפאַל אויף רוסלאַנד, האָבן זיך אויך אין נאָווי־דוואָר אָנגעהויבן נייע צוואַנגס־אַרבעטן, צו וועלכע מען האָט פאַרנומען אַלע אָרטיקע יידן. אַרום אַ זעקס קילאָמעטער נאָך מאָדלין, אויפן וועג וואָס פירט קיין פלאָנסק, האָט מען אָנגעהויבן בויען ריזיקע פלי־פלעצער מיט אַלע איינריכטונגען און שאָסייען. טויזנטער אַרבעטער האָט מען מאָביליזירט צו דער אַרבעט, אויך אַלע יידן פון נאָווי־דוואָר און איך בתוכם.

פאַר דער אַרבעט האָט מען געצאָלט אַ גרעסערן לוין, און צוליב דעם האָט זיך טיילווייז אָפּגעשטעלט דער שמוגל אַלס פרנסה. אַ סך זענען באַשעפטיקט געוואָרן ביי דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביי אַ פיר מאָנאַטן. נאָר פלוצעם, אין יוני, איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן זיך קאָנצענטרירן אויף איין אָרט, אין אַ געטאָ. באַלד האָט מען אָנגעהויבן אויפשטעלן אַ פלויט פון ברעטער, אָפּצוצייכענען דאָס אָרט פון וווינרעכט פאַר יידן. דאָס האָט אַרומגענומען די „פיאַסקעס", פון משה בערמאַנס הויז ביז דער שול, אויסמיידנדיק ווילס הויז ביי דער „גראָבער רחל" און צוריקוועגס — לענגאויס ביז בערמאַנס הויז. צוויי טויערן, צום אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג, זענען געמאַכט געוואָרן, איינער — ביי עטע ביילע רייכמאַן און דער צווייטער — פון דער צווייטער זייט ביי בערמאַנען.

ביז דעם 17טן יוני 1941 האָבן שוין אַלע יידן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען אין שטאָט און אַריבער אין דער „קליאַטקע" פון געטאָ. ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די נאָווי־דוואָרער יידן דאָס שווערע קאַפּיטל פון נאַצישן טעראָר.

### אין נאָווי־דוואָרער געטאָ

גלייך מיטן אַריינגיין אין צוים פון געטאָ, האָבן זיך אַלע דערפילט ווי אין אַ תפיסה. די טויערן זענען גלייך באַשטעלט און באַוואַכט געוואָרן פון די דייטשן. דאָס צוזאַמענפּרעסן פון אַזאַ צאָל מענטשן אויף אַ קליינעם שטח, ביי די ערגסטע וווינונגס־באַדינגונגען, האָט גורם געווען דערצו, אַז אין די ערשטע טעג האָבן זיך גאָר אַ קליינע צאָל צוגעשטעלט צו דער אַרבעט. אויך די אַרבעט ביים בויען פון די פּלי־פּלעצער האָט זיך, נאָכן אַריינגאַנג אין געטאָ, כמעט ווי אָפּגעשטעלט. נאָר אַ טייל יידן, און אויך בתוכם, האָבן נאָך געהאַט דאָס „גליק" צו בלייבן אַרבעטן ביי דער „גוטער" אַרבעט, און אַזוי אַרום געקאָנט יעדן טאָג פאַרלאָזן דאָס געטאָ. די פּאַניק אין געטאָ איז געווען זייער אַ גרויסע, מען האָט אָנגעהויבן זען פאַר זיך דעם תהום פון אונטערגאַנג. אויף פאַרדינען צום לעבן — זענען נישט געווען קיין אויסזיכטן און קיין עסן האָט מען אין די ערשטע טעג נישט אַריינגעבראַכט אין געטאָ. ס׳האָט אויסגעזען, אַז מען האָט די יידן דאָ אַריינגעזעצט, כדי לאַנגזאַם אויסצוגיין.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיילווייזע ענדערונג, און אויך מיט אַ מאָל „צו גוט"... די דייטשן האָבן געמאָלדן, אַז אין געטאָ דאַרף געשאַפן ווערן אַ „זעלבשטענדיקע יידישע מלוכה" — אַ יודענראַט. מען האָט ספּעציעל אויסגעליידיקט אַ גאַנץ הויז פאַר די אַלע אַמטן און ביוראָס — פאַר אַ יודען־עלטסטן, פאַר אַ סעקרעטאַר, קאַסירער און אַנדערע קלענערע אַמטן. ס׳האָט זיך אויך פאָרמירט אַ יידישע פּאָליציי און אַלס איר קאָמענדאַנט איז דורך די דייטשן נאָמינירט געוואָרן דער באַקאַנטער נאָווי־דוואָרער אונ־טערוועלטניק שלמה מאָרדע. אַלס עלטסטן פון יודענראַט האָבן די דייטשן באַשטימט ראָטשטיינען, דער וואָס האָט די גאַנצע צייט אָנגעפירט מיט די שטאָטישע אַרבעטן. ער איז געווען זייער אַן אָנשטענדיקער מענטש און צוליב דעם זיך נישט לאַנג געקאָנט האַלטן אויף דעם פּאָסטן. דער צווייטער באַקאַנטער אונטערוועלטניק פון נאָווי־דוואָר, ישראל סקראָבאַק, וואָס איז געווען אַ פריינד פון באַרימטן נאַציסט וועגדט, האָט באַקומען דעם אויפזיכט איבער דער גאַנצער אַפּראָוויזאַציע־פאַרזאָרגונג אין געטאָ, אַ דאַנק וועלכן ער האָט געמאַכט שטיקער גאָלד אויפן חשבון פון די אויסגע־מאַטערטע און אויסגעהונגערטע יידן. ער האָט געעפנט

אַ בעקעריי אין כהנס געוועזענער בעקעריי און אויך אַ שפּייז־געוועלב אין געוועלב, וואָס האָט פריער געהערט צו עטע ביילע רייכמאַן, און ער האָט אָנגעהויבן ציען זיינע פאַרברעכערישע רווחים.

צו ביסלעך האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן, פאַר יעדן פון די געמאָלדענע אין געטאָ, 330 גראַם ברויט טעגלעך, אויסגעבאַקן פון געמאָלענע קאַשטאַנעס מיט אַ קליינעם צוגאָב פון קאָרן־מעל. די דייטשן האָבן, וואָס אַן אמת, געגעבן צו דעם צוועק אַכציק פּראָצענט קאָרן־מעל און צוואַנציק פּראָצענט קאַשטאַן־מעל, אָבער אָט דער אונטערוועלטניק האָט שוין אַזוי געמאַכט ווי ער האָט געוואָלט. דאָס ברויט איז געווען ביטער ווי גאַל, און מען האָט געגעסן, ווייל מען האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה. אין באַדינגונגען פון הונגער איז אויך דאָס גוט געווען.

וועגן דער צוטיילונג פון אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען איז נישט כדאי צו דערציילן. זיי האָבן דערגרייכט צו אַ לעכערלעכן מינימום, ווי פינף הונדערט גראַם שוואַרץ מעל אַ חודש. די צוטיילונג פון פלייש האָט באַקומען סאַנע העלפּענביין, און פאַר יעדן איז צוגעטיילט געוואָרן הונדערט און צוואַנציק גראַם פערד־פלייש אַ חודש. טיילמאָל האָט מען דאָס אויך נישט באַקומען. פאַר די צוגעטיילטע פּראָדוקטן האָט מען באַצאָלט דעם רעגירונגס־פּרייז און ווער ס׳האָט געהאַט מעגלעכקייטן, האָט אויך איינגעהאַנדלט פּראָדוקטן ביי די שמוגלערס, לויט גאָר אַנדערע פּרייזן, ווי צוויי מאַרק פאַר אַ קילאָ ברויט.

דאָס היטן ביים טויער איז געוואָרן איבערגעגעבן אין די הענט פון דער יידישער פּאָליציי. די שטענדיקע אַמטירונג ביי דער טויער־וואַך האָט איבערגענומען חיים יאַצעק, וועלכער האָט געטריי אויסגעפירט די דייטשע באַפעלן.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער קריג צווישן דייטש־לאַנד און רוסלאַנד, האָבן יידן געטאַנצט פאַר שמחה און זיך געקושט אין די גאַסן, מען האָט געהאָפט און מען איז געווען זיכער, אַז עס נעמט אַ סוף צו די צרות און אין משך פון אַ וואָך וועלן אַלע באַפרייט ווערן, טראָץ דעם, וואָס דער פראָנט איז נאָך געווען ווייט עטלעכע הונדערט קילאָמעטער. אָבער ווי גרויס איז געווען די אַנטוישונג, ווען אין דריי טאָג אַרום האָט מען זיך דערוווסט, אַז די דייטשן מאַרשירן פאָרויס. די ידיעות וועגן די גרויסע זיגן פון דער דייטשער אַרמיי אויפן רוסישן פראָנט האָבן אונדז אַלע געטראָפן

ווי אַ דונער. די לעצטע האָפענונג איז פאַרשוווּנדן, און אַ טרויער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע געטאָ, וואָס האָט צו יענער צייט געציילט ביי דריי טויזנט יידן.

אין געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער שפּיטאָל פאַר די יידישע קראַנקע מיט יידישע קראַנקן־שוועסטער און אונטער דער מעדיציניִשער לייטונג פון באַקאַנטן פּוילישן פעלדשער זשוראַווסקי, וועלכער האָט אַ סך געלייסטעט פאַר יידן.

אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָכן אַריבערגאַנג אין געטאָ, איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע. צוליב דער ענגשאַפט און די נישט היגיענישע באַדינגונגען זענען מער ווי אַ העלפט פון געטאָ אָנגעשטעקט געוואָרן מיט טיפוס און פיל פון זיי זענען געשטאָרבן. אַ סך איבערגעגעבנקייט האָט אַרויסגעוויזן אין שפּיטאָל יאָסעק גרשון (ניעשקעלעס), מיט זיין אומדערמידלעכער אַרבעט צווישן די מאַסן קראַנקע.

די דייטשן האָבן מורא געהאַט, אַז די טיפוס־עפּידעמיע זאָל זיך נישט אַריבערטראָגן אין מיליטער און פאַראָרדנט אַן אַקציע קעגן טיפוס — אַ „פאַרוּוקע" אין געטאָ; אַז אַלע זאַכן און קליידער, וואָס געפינען זיך ביי יידן אין געטאָ, מוזן דורכגיין און געפאַרעוועט ווערן דורך אַ ספּעציעלער מאַשין, וואָס איז צו דעם צוועק געברענגט געוואָרן אין געטאָ אַריין. ווי אויך איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז אַלע איינוווינער פון געטאָ מוזן אַדורכגיין אַ צוואַנגס־באָד.

ס'איז נישט צום פאַרגעסן יענעם פרימאָרגן, ווען מען האָט צונויפגעזאַמלט אַלע יידן, מענער, פרויען, קינדער, און זיי אָוועקגעפירט באָדן צו דער ווייסל. מענער און פרויען זענען געצוווּנגען געוואָרן זיך באָדן צוזאַמען, געיאָגט פון דייטשע באַגלייטער מיט נאַגאַנען און הינט. דעמאָלט האָבן מיר געזען, וואָס עס מיינט דייטשע קולטור, פון באַליידיקונג און חרפּה זענען אַ סך קראַנק געוואָרן.

## די אַקציע אין געטאָ

דעם 6טן יולי, פיר פאַר טאָג, האָט מען דערהערט אַ שטאַרקע באַוועגונג אין געטאָ. באַלד האָבן אַלע דערוואַכט און דערזען, אַז עס הייבט זיך אָן אַן „אַקציע". דאָס גאַנצע געטאָ איז געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט הונדערטער ס.ס.־לייט, געסטאַפּאָ, פּאָליציי־לייט און פאַרשידענע ימח־שמוניקעס. דער טויער צום מאַרק איז געוואָרן געעפנט, און ס'איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אין משך פון צען מינוט מוז דאָס גאַנצע געטאָ זיין ליידיק, און ווער עס פאַרבלייבט דאָרט — ווערט דערשאָסן. די בהלה און מהומה איז געווען נישט צום באַשרייבן, אַלע זענען אַרויס פון די בעטן און זיך גלייך געלאָזט צום טויער. דאָרט איז מען שוין געוואָרן אויפגענומען פון די ס.ס.־לייט מיט די גרויסע הינט, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן טויער ביז צום מאַרק.

אַ סך זענען געפאַלן פון די קלעפּ, נאָך איידער זיי זענען צוגעקומען צום מאַרק. די געסטאַפּאָ איז אַריין אין געטאָ, און וועמען נאָר זיי האָבן געפונען, האָבן זיי מיט די שטילעטן דערשטאָכן. קליינע קינדער, וואָס די מוטערס האָבן נישט באַוויזן אויף שנעל מיטצוכאַפּן מיט זיך — זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון די פענצטער. דאָס גאַנצע געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טייך פון בלוט. הענט און פיס האָבן זיך געוואַלגערט ווי שטיינער אויפן שאָסיי. די אַלע טויטע האָט מען שפּעטער צוזאַמענגענומען אויף עטלעכע פּלאַטפאָרמעס און זיי אַרויסגעפירט צום יידישן בית־עולם. דער באַגראָבער האָט זיי, לויט אַ באַפעל, באַגראָבן צוזאַמען אין איין גרוב, און ווען ער האָט די אַרבעט פאַרענדיקט, האָט מען אויך אים דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין זעלבן גרוב.

די אַקציע אין מאַרק האָט געדויערט איבער פיר שעה. איר ציל איז געווען, אויסקלייבן פון די דריי טויזנט יידן — זיבן הונדערט און פופציק, אויף איבערצולאָזן אין געטאָ. ס'איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע, די אַלע וועלכע האָבן זיך געהאַט אַריינגעשמוגלט אין געטאָ און נישט געהאַט אין זייער באַזיץ דעם דייטשן פּאַס מיטן פינגער־אָפּדרוק, זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן באַזונדער, און מען האָט אויך אויסגעטיילט אַלע עלטערע מענטשן.

דאָס גליק צו בלייבן, האָבן נאָר געהאַט די, וואָס האָבן געאַרבעט ביים מיליטער — די יונגערע מענער און פרויען. איך מיט מיין פרוי האָבן זיך געפונען צווישן די „גליקלעכע", די 750.

אַכט פרי איז די אַקציע געווען פאַרענדיקט. איבער צוויי טויזנט מענטשן האָט מען אָוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון מאָדלינער וועג, אָבער, וווהין — האָט מען נישט געוווּסט. פאַר אונדז „די גליקלעכע" — ווי די געסטאַפּאָ לייט האָבן אונדז גערופן — האָבן זיי געלאָזט הערן אַ רעדע, אַז נאָר די אויסגעקליבענע צאָל פון די 750 איז דערלויבט צו בלייבן אין געטאָ, און ווער אויסער דער צאָל — וועט דערשאָסן ווערן. אונטער

דער באַגלייטונג פון אַ סך ס.ס.־לייט מיט גרויסע הינט, זענען מיר געוואָרן צוריקגעפירט, אויפן זעלבן וועג, אין געטאָ אַריין.

עס איז שווער אָפּצושאַצן די שטימונג פון די צוריקגעקומענע יידן אין געטאָ. בלויז טיילן פון יעדער פאַמיליע האָבן זיך אומגעקערט, און די ספּאַזמעס און געוויינען האָבן נישט אויפגעהערט אַ גאַנצן טאָג. יעדער אין זיין פּיין איז געווען נייגעריק צו וויסן, וווהין האָט מען אַוועקגענומען זיינע נאָענטסטע.

## אין די פּאָמיעכאָוועער פּאַרטן

צומאָרגנס איז געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז די אַלע פאַרטריבענע געפונען זיך אין די פּאָמיעכאָוועער פּאַרטן, צוזאַמען מיט נאָך יידן פון פּלאָנסק, זאַקראָטשין, נאַשעלסק און אַנדערע ערטער. צוזאַמען — ביי אַ זעקס טויזנט יידן. די אַלע אַנגעטריבענע זענען געוואָרן אַריינגעזעצט צו זעקס הונדערט מאַן אין אונטערערדישע האַלעס, ווו יעדער איינער האָט אויף די האַרטע צעמענטענע פּאָדלאָגעס נאָר געהאַט אַן אָרט צום זיצן און נישט אַפילו צו אויסציען די פיס צו שלאָפן און אָפּרו.

די ערשטע צוויי טעג, איידער מיר האָבן זיך דערוווּסט ווו די אַלע יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן, האָבן זיי בכלל נישט באַקומען קיין עסן און טרינקען. נאָך שווערע השתדלותן איז אונדז געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף צושטעלן פאַר זיי אַלעמען שפּייז און וואַסער. מען האָט געדונגען אַ פלאַטפאָרמע און יעדער האָט געשיקט עפּעס וואָס פאַר זיין פּאַמיליע. ערגער איז געווען מיט די, וואָס האָבן נישט געהאַט אין געטאָ קיין משפחה און נישט געווען, ווער ס׳זאָל זיי באַזאָרגן אַ ביסל עסן. דער יודענראַט האָט פון צייט צו צייט געשיקט פאַר די דאָזיקע הילפלאָזע, אָבער די הילף איז געווען צו קליין.

די באַדינגונגען אין די שמוציקע און טונקעלע אונטערערדישע היילן האָבן גורם געווען שטאַרקע עפּידעמיעס, און יעדן טאָג האָבן די נאַציס אַרויסגענומען פון דאָרט די שווער־קראַנקע און זיי דערשאָסן. צו היטן די אונטערערדישע האַלעס איז באַשטימט געוואָרן די יידישע פּאָליציי, אין וועמענס שפּיץ ס׳איז געשטאַנען דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער מלך׳ל (דעם גערערס אַן איידעם און אַ געוועזענער קאָמוניסט), וועלכער האָט פאַרן פרייז פון געלט און גאָלד געלאָזט ביים לעבן; און אויב מען האָט אים נישט פאַרגיטיקט מיט גאָלד אָדער אַ גאָלדענעם זייגער — האָט ער אַריבערגעפירט אין דער ספּעציעלער האַלע, נומער זעכצן, פון וואַנען מען האָט יעדן טאָג אַרויסגענומען און דערשאָסן.

די צרות, וואָס דער אונטערוועלטניק האָט אָנגעטאָן זיינע אייגענע ברידער, וואָלט אָנגעהאַלטן — ווער ווייס, ווי לאַנג — ווען פון די עינויים וואָלטן אויך נישט געליטן די פּלאָנסקער יידן. מיט דעם מלך׳ל האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דער עלטסטער פון פּלאָנסקער יודענראַט, ראַמעק, זייער אַ טיכטיקער און אָנשטענדיקער מענטש, וועלכער האָט געקענט אַלע נאַציסטישע מאַכערס און גדולים. אים איז געלונגען דורך פאַרשידענע וועגן אַרויסצובאַקומען דעם אונטערוועלטניק און פּאָליציי־מענטש מלך׳ל פון זייערע הענט און ער האָט אים גלייך געבראַנגט אין פּלאָנסקער געטאָ אַריין, אין הויף פון יודענראַט. דער יודענראַט אין פּלאָנסק האָט געהאַלטן אַז אַזאַ געוויינלעכער טויט פאַר מלך׳ן, נאָך דעם ווי ער האָט אומגעבראַכט צענדליקער יידן דורך שיסן אָדער הענגען, וואָלט געווען צו לייכט, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו געבן יעדן ייד אַ געלעגנהייט אויף נקמה־נעמען, און צולייגן אַ האַנט, כדי צו פאַרענדיקן מיט מלך׳ן. הונדערטער יידן האָבן זיך געזאַמלט כדי צו געבן אַ פּאַטש אָדער אַ קלאַפּ דעם מערדערישן העלד. אין פאַרלויף פון אַ מעת־לעת צייט, פאַר די אויגן פון די פּלאָנסקער יידן, האָט מלך׳ל אַ צעשלאָגענער פאַרענדיקט זיין מיאוס לעבן.

דער מצב אין פּאָמיעכאָוועער לאַגער איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שרעקלעכער, די מענטשן זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן אָפּגעשוואַכטער, די עפּידעמיע האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען, טאָג־טעגלעך זענען אָנגעקומען ידיעות אין געטאָ וועגן צענדליקער געשטאָרבענע און דערשאָסענע. דער גורל פון די יידן אין לאַגער האָט נישט געגעבן קיין רו, יידישע דעלעגאַציעס האָבן געפּרוּווט ווייך מאַכן די הערצער פון די נאַצישע מושלים; געבעטן, אַז מען זאָל זיי באַפרייען, אָדער כאָטש איבער־שיקן זיי אין אַן אַנדערן לאַגער צו מער מענטשלעכע באַדינגונגען. נאָך וואָכן פון אונטערהאַנדלונגען און אינטערווענצן, האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון פּאָמיעכאָוועער לאַגער.

## נאָך דער ליקווידאַציע פון פּאָמיעכאָוועער לאַגער

נאָך אַ פאַראָרדענונג, זענען מאָביליזירט געוואָרן אַלע פויערים מיט זייערע וועגענער און פערד, צום אַריבערפירן די פּאָמיעכאָוועער איבער דער גרענעץ,

אַכט קילאָמעטער נאָך נאָווי־דוואָר. די אַלע פון פּאָמיע־כאָווער לאַגער זענען געוואָרן באַשולדיקט, אַז זיי האָבן געהערט צום גענעראַל־גוווערנעמענט און אומלעגאַל זיך אַריינגעשמוגלט קיין נאָווי־דוואָר, וואָס האָט אָנגע־הערט צום דריטן רייך.

די אַריבערפירונג פון די פּאָמיעכאָווער יידן האָט געדויערט פון האַלבע נאַכט ביז אין דער פרי. די אַלע זענען שוין געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס, און זיי זענען געצוווּנגען געוואָרן צו לויפן. ווען אָט דער גאַנצער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען קיין לעגיאָנאָווע (יאַבלאָננע), איז לויטן נאַצישן באַפעל אָנגעצונדן געוואָרן אַ פייער, און מען האָט געמוזט אַריינוואַרפן אין פייער אַריין דאָס אַלץ, וואָס אויף די וועגענער — דאָס שטרוי און אַלע חפצים, מיטן אויסרייד, אַז אַלע אַריבערגעפירטע פון פּאָמיעכאָווע זענען אָנשטעקנדיקע קראַנקע און די זאַכן זייערע מוזן דעזינפעקציאָנירט ווערן. דאָס פייער, ווו מען האָט פאַרברענט אַלע זאַכן, האָט זיך פאַרשפּרייט ביז דער מחנה מענטשן. די מער געזונטערע האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן, אָבער אַ סך פון די וואַכע און קראַנקע זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון די פלאַמען. ס׳איז דעמאָלט אומגעקומען אין פייער באַלטשע טאַרנעגויל — די שוועסטער פון שלמה קאַרצאָוויטש.

זייער אַ שווערע לאַגע האָט זיך געשאַפן פאַר דעם געטאָ נאָכן ליקווידירן דעם לאַגער אין פּאָמיעכאָווע, און ספּעציעל פאַר די פאָרשטייער פון יודענראַט. לויט די פאַראָרדענונגען פון דער געסטאַפּאָ, איז די צאָל מענטשן אין געטאָ געווען באַגרענעצט צו 750, אָבער די פון פּאָמיעכאָווער לאַגער, וועלכע האָבן זיך אַרומ־געשלעפּט קראַנק און רויִנירט, נאָך דער אַריבערפירונג, צווישן יאַבלאָננער פעלדער און וועלדער — זיי האָבן נאָך וואָכן וואָגלעניש נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי ווידער ריזיקירן מיט אַריבערשמוגלען איבער דער גרענעץ און אַריין קיין נאָווי־דוואָר — אין געטאָ אַריין, ווו מען האָט נאָך געהאַט פאַמיליע און באַקאַנטע. ביים פלויט און טויער פון געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף טאָג און נאַכט צווישן די פאַר־וואָגלטע, צוריקגעקומענע און דער יידישער פּאָליציי, וואָס האָט געהיטן די דייטשע פאַראָרדענונגען און נישט דערלאָזט אַריינדרינגען אין געטאָ.

טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון דער פּאָליציי, איז דאָך אַ סך געלונגען (אויך מיט דער הילף פון מזומן...) אַריינצוקומען אין געטאָ. אָבער, אין רעזולטאַט פון דער סיטואַציע, האָט דער דעמאָלטיקער עלטסטער פון יודענראַט, ראָטשטיין, זיך געווענדט צו דער דייטשער מאַכט, זי זאָל אים באַפרייען פון זיין אַמט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט מיטמאַכן די שפּיל — שטיין אין קריג מיט יידן, אייגענע ברידער, וואָס ווילן אַריין אין געטאָ, כדי צו ראַטעווען זייער לעבן.

די דייטשן האָבן ראָטשטיינען באַפרייט פון זיין אַמט, און אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן יוסף גרשון, אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. עס איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן די יידישע פּאָליציי און אַלס איר קאָמענדאַנט איז באַשטימט געוואָרן יענקל באַראַנעק, דער אַמאָליקער בונדיסט און שפּעטער — אַ מיאוסער פאַרברעכער. שלמה מאָרדע איז באַשטימט געוואָרן אַלס זיין געהילף, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מיטהעלפער פון דעם מין. אויך דער יודענראַט איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן. אַלס סעקרעטאַר איז באַשטימט געוואָרן הערמאַן אַבראַמאָוויטש (משה קאָסעווערס איידעם), אַלס „פּאָליטישער לייטער" — ישראל סקראָבאַק, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ דראַקאָניש רעגירן לויט די דייטשע אָנווייזונגען; נעבן יודענראַט אין געטאָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ תפיסה, און די וואָס האָבן מיט עפּעס עובר געווען אויפן געזעץ, זענען גלייך פאַרשפּאַרט געוואָרן און שפּעטער איבער־געגעבן געוואָרן אין די הענט פון די געסטאַפּאָ־לייט. פון זיי איז מען מער נישט צוריקגעקומען.

טויט־שטראָף האָט געדראָט אין די פאַלן, ווען מען האָט געפונען ביי אַ יידן אַ ביסל מעל, פּוטער, אייער, פלייש; ווען מען איז געכאַפּט געוואָרן ביי שמוגלען, אָדער ביים פּרוּוו אַריבערצוגיין די גרענעץ.

די טישלער אין געטאָ האָבן לויט אַ באַשטעלונג פון געסטאַפּאָ געמוזט אויספערטיקן זיבן תליות, און יעדע וואָך האָט די געסטאַפּאָ־לייט זיך געמאַכט אַ תליה־יום־טוב. זיי האָבן שוין אויסגעפונען אין דעם טאָג, די וועלכע האָבן עובר געווען אויפן געזעץ, און אין שעה פון דער עקזעקוציע צונויפגעזאַמלט לויט אַ באַפעל אַלע יידן אויפן זאַמלפּלאַץ פאַרן יודענראַט, ווו די תליות זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן, אַז זאָלן אַלע זען, ווי מען הענגט אויף די יידן. כלפּי פרויען האָבן זיך די געסטאַפּאָ־לייט געפירט „הומאַניטאַר", נישט געהאָנגען נאָר דערשאָסן.

די ערשטע תליה־עקזעקוציע איז פאָרגעקומען, נאָך דעם ווי מען האָט געכאַפּט זיבן בחורים, צווישן

זיי — אַ 13־יאָריק יינגל, ביים שמוגלען אַכט קילאָ קאָרן־מעל. דער שמוגל איז דעמאָלט געווען די איינציקע פּרנסה אין געטאָ און מען איז גרייט געווען צו ריזיקירן מיטן לעבן, ווייל אַנדערש — איז אויסגעקומען צו שטאַרבן פון הונגער.

די שיקאַנעס און צרות האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. מען האָט איינגעשפּאַרט אין תפיסה בצלאל מארדיקס (מענדל גראַפּעץ אַ זון), ווייל זיינס אַ שטיף־ברודער, אַ יינגל פון צוועלף יאָר, האָט מען געכאַפּט אויף דער אַרישער זייט — איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. נאָכן אָפּזיצן אין נאָווי־דוואָרער תפיסה אַ מאָנאַט צייט, האָט מען אים אָפּגעשיקט אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער, און מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער לעבט שוין נישט מער. פּלוצעם האָט מען אַרעסטירט ישראל באַגאַטש און חיים יאַצעק, צוליב זייער אַמאָליקער אַנגעהעריקייט צו אַ געוויסער פּאַרטיי. אַ מאָנאַט צייט האָט מען זיי געהאַלטן אין דער געטאָ־תפיסה און אויך זיי האָט מען נאָך דעם אָפּגעשיקט אין אַ טויטן־לאַגער, און זייערע שפּורן זענען דאָרט פאַרלוירן געוואָרן.

ביי אַ קאָנטראָל־רעוויזיע, צי דאָס געטאָ שלאָפט שוין נאָך צען ביי נאַכט, איז געכאַפּט געוואָרן יחזקאל ראַנטשקע, אויך מיט אים האָט מען געטאָן ווי מיט אַלע אַנדערע — קודם געהאַלטן אין נאָווי־דוואָרער תפיסה־קאַמער און נאָך דעם פאַרשיקט צום טויט.

דאָס אַוועקשיקן איז דעמאָלט געווען פאַררעכנט פאַר אַ לייכטערע שטראָף, ווי דאָס אויפהענגען אין געטאָ ביי דער אַנוועזנהייט פון עלטערן, פרויען און קינדער; בפרט, אַז ס'איז נאָך געווען אַ מינהג איבערצולאָזן די געהאָנגענע אויף דער תליה פיר און צוואַנציק שעה, און ערשט נאָך אַ דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ, האָט מען זיי געברענגט צו קבורה אין איין גרוב, וואָס איז פאַרדעקט געוואָרן קוים מיט אַ דינער שיכט ערד פון פינף ביז צען סענטימעטער, און דער אָפן געבליבענער גרוב האָט נאָך דעם געדינט אַלס פּלאַץ פאַר אָפּפאַל און מיסט פון געטאָ, וואָס איז אָנגעשיט געוואָרן איבער די קרבנות. יעדער איינער איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען מיטן שרעק־געפיל, אַז היינט־מאָרגן קאָן ער זיין דער קרבן און דורכמאַכן זיין טויט אויף דעם אופן.

די געסטאַפּאָ מיט „טאַמאַסלען" און „שאַפער" בראש (ביידע — גרויסע אונטערוועלטניקעס) זענען אָפט געקומען אין געטאָ, און ווי נאָר זיי האָבן זיך באַוויזן — האָבן זיך אַלע באַהאַלטן מיט אַ בהלה און פּאַניק. עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן די צוויי אָפּגעריכט זייערע וויזיטן און גורם געווען אַזעלכע בהלות.

מיטן אויסזידלען פון די יידן אין ווישעגראַד, זענען אַ העלפט פון זיי געוואָרן איבערגעשיקט קיין נאָווי־דוואָר און די אַנדערע העלפט — קיין טשער־ווינסק. צו דעם צוועק האָט מען אויסגעברייטערט דעם שטח פון געטאָ ביז צו דער באַן־ליניע און די „יידישע מלוכה" האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נאָך עטלעכע באַאַמטע און פּאָליציי־לייט.

די יידן אין געטאָ זענען געווען באַשעפטיקט ביי צוואַנגס־אַרבעט. יעדער האָט געמוזט אַרבעטן דריי טאָג אַ וואָך אָן באַצאָלונג. נישט די דייטשע מאַכט און נישט דער יודענראַט האָבן זיך פאַראינטערעסירט, פון וואַנען נעמען די אַלע מענטשן פון געטאָ מיטלען צום לעבן.

די גרעסטע טייל זענען געוואָרן באַשעפטיקט אין מאָדלינער פאָרט. דורכלעבן דאָרט אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און אַהיימקומען בשלום — איז געווען אַ נס. די גאַנצע „סטאַטשניאַ מאָדלינסקאַ" איז געווען באַזעצט מיט דייטשע זעלנער, וואָס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אויפן רוסישן פראָנט און דאָ דורכגעמאַכט זייער אָפּרו, נאָכן פאַרלאָזן די שפּיטעלער. די אַלע זענען געווען שטאַרק פאַרביטערטע, לרוב — אינוואַלידן, און דעם גאַנצן כעס פלעגן זיי אויסלאָזן צו יידן, באשר די יידן האָבן גורם געווען דעם קריג; יידן זענען קאָמוניסטן און העלפן, אַז רוסלאַנד זאָל זיגן אד"גל. זיי האָבן נקמה גענומען אין יידן ביי דער אַרבעט, און אַלע האָבן זיך גיכער געוווּנטשן דעם טויט, איידער גיין צו דער אַרבעט, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען פון לאָדענען און אויסלאָדענען פאַרזשאַווערטע שטעכל־דראָטן צו די פראָנט־פּאָזיציעס.

יעדן פרימאָרגן איז די יידישע און דייטשע פּאָליציי געקומען אין די שטיבער זוכן און כאַפּן צו דער אַרבעט. שעהן לאַנג האָט געדויערט די זוכעניש און כאַפּעניש, ווייל מען האָט אויסגענוצט יעדע באַהעל־טעניש, כדי אויסצומיידן די אַרבעט אין מאָדלינער גיהנום. אין אַ סך פאַלן האָט מען די אויסבאַהאַלטענע גלייך דערשאָסן.

אין איינעם פון די פרימאָרגנס, אַרום ניין אַ זייגער, נאָך די זוכענישן און כאַפּענישן, האָבן זיך אומגעריכט באַוויזן די געסטאַפּאָ און פּאָליציי־לייט און געכאַפּט

פופציק קרעפטיקע מענטשן פון געטאָ. דער עלטסטער פון יודענראַט גרשון האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון קאָמענדאַנט פון דער „סטאַטשניאַ", און דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעשטעלט אַלס באַזונדערע אַרבעטס־בריגאַדע, אונטער דער אויפזיכט פון די גרעסטע שלעגערס. זיי האָבן געמוזט טאָן אַ דאָפּלטע אַרבעט און געשלאָגן האָט מען זיי אָן אויפהער. אַדורכגענעצטע האָט מען זיי געטריבן אין דער ווייסל, ביי דער „סטאַטשניאַ", און בלוט האָט גערונען פון זיי ווי וואַסער. איין און צוואַנציק פון די פופציק איז געלונגען זיך אויסצומישן צווישן אַנדערע אַרבעטער־גרופּעס, די פאַרבליבענע ניין און צוואַנציק האָט מען געמאַטערט אַ גאַנצן טאָג, און נאָך דער אַרבעט האָבן זיי געמוזט אויסגראָבן אַ גרוב ביי דער ווייסל, וווּ זיי זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן נאָכן דערשיסן. צווישן די ניין און צוואַנציק דערשאָסענע האָבן זיך געפונען מרדכי מאַטושאַק, יהושע משה אַלשינקאַ (בענדעטס אַ זון) און פישל לעווינשטיין.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן יענעם אָוונט אין געטאָ, — די פּאַניק און די ספּאַזמעס פון די פרויען, וואָס זייערע מענער זענען אומגעקומען אויף אַזאַ שויי־דערלעכן אופן. עלטערן און קינדער זענען געלאָפן צו די פאַרשטייער פונעם יודענראַט און ספּעציעל צום עלטסטן פון יודענראַט גרשון. די שטוב זיינע איז געוואָרן דעמאָלירט און אַלע האָבן געשריען: גיב אונדז אָפּ אונדזערע טאַטעס, אונדזערע זין, אונדזערע מענער... אָבער די אַלע זענען שוין געווען טויט. די געשרייען האָבן צום סוף איינגעשטילט און צומאָרגנס האָבן די יידן פון געטאָ ווידער זיך געמוזט שטעלן צו דער אַרבעט און פאַרזעצן דאָס פּיינלעכע לעבן אין געטאָ.

## די ערשטע און לעצטע אויסזידלונגען

פון יולי 1942, מיט די ערשטע אויסזידלונגען פון וואַרשעווער יידן נאָך טרעבלינקע, האָט מען אויך אין נאָווי־דוואָרער געטאָ אָנגעהויבן פילן, אַז דער סוף דערנענטערט זיך. וועגן טרעבלינקע האָט מען גערעדט יעדן טאָג. קינדער האָבן שוין געוווּסט צו דערציילן, אַז „אין טרעבלינקע איז דאָ אַ גרויסע פּאַטעלניע, וווּ מען פּרעגלט אַלע מענטשן".

די דייטשן זענען דעמאָלט נישט געווען פאַראינ־טערעסירט, אַז יידן זאָלן וויסן, וואָס זיי דערוואַרט; זיי האָבן געוואָלט, מיר זאָלן לעבן מיט דער אילוזיע, אַז דווקא מיר וועלן איבערבלייבן, כדי מען זאָל ווייטער אַרבעטן געטריי, און כדי צו שאַפן אַזאַ אילוזיע, האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינפירן אין געטאָ אַ סך קאַרטאָפל, געעפנט גריבער אָפּצוהיטן די קאַרטאָפל אין ווינטער, אויך געברענגט עטלעכע וואַגאָנען קוילן און פאַר־שידענע שפּייז־אַרטיקלען. מיט אַ מאָל איז געוואָרן צו גוט, ווי ביי אַ קראַנקן פאַרן שטאַרבן. אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, וואָס די דייטשן זענען דערמיט אויסן, און טראָץ די אַלע טובות האָבן מיר מיט צעבראָכענע געמיטער כסדר נאָכגעפאָלגט די געשעע־נישן אין וואַרשע.

באַלד איז אָנגעקומען אַ ידיעה, וואָס האָט אַלעמען צעטרייסלט, — די אויסזידלונג פון געטאָ אין לעגיאָ־נאָווע. דעם אַכטן טאָג סוכות, פיר פאַר טאָג, איז דאָס געטאָ אָנגעגריפן געוואָרן פון די אוקראַאינישע באַנדעס. פיל זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט און דער גרעסטער טייל איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. אַרום הונדערט מענטשן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן און צומאָרגנס ביי נאַכט האָט אַ גרויסער טייל פון די געראַטעוועטע זיך געשמוגלט איבער דער גרענעץ און געוואָלט אַריין אין דעם נאָווי־דוואָרער געטאָ, נאָר דאָ האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון דער יידישער פּאָליציי, וואָס האָט זיי אַלע אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין דער תפיסה פון יודענראַט, כדי זיי איבערצוגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

אַ טייל קרובים פון די פאַרשפּאַרטע זענען אַוועק אין יודענראַט צו די הערן גרשון און סקראָבאַק בעטן הילף און באַפרייונג, און נאָר אַ דאַנק שוחד, ריזיקע סומעס, איז געלונגען אַ טייל צו באַפרייען. מיין שוועסטער, ברודער און אַנדזשאַ פּיטולסקאַ זענען געווען צווישן די באַפרייטע. אַכט און דרייסיק מענער, פרויען און קינדער האָבן די פאַרברעכער פון יודענראַט איבערגעגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, די אַלע זענען אויף אַ וואָגן אַריבערגעפירט געוואָרן צו דער גרענעץ־וואַך, דאָרט זענען זיי אַלע דערשאָסן געוואָרן און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גרוב, וואָס זיי זענען געצוווּנגען געוואָרן אויסצוגראָבן. די קליידער פון די אַכט און דרייסיק מענטשן זענען נאָך דעם אָפּגעגעבן געוואָרן אין יודענראַט. אַזוי האָבן די אונטערוועלטניקעס פון יודענראַט כסדר געפירט אומשולדיקע מענטשן צום טויט און דערביי געהאַט אַ געלעגנהייט צו גענייסן פון קליידער פון די דערמאָרדעטע. יענקל באַראַנעק האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ לעדערנער קורטקע, שלמה

מאַרדע — אין אַ פּאָר שיינע שטיוול. אויך די אַלע אַנדערע פּאָליציי־לייט האָבן גענאָסן פון שיינע זאַכן, אַדרוכגעזאַפּטע מיטן בלוט פון די יידישע קרבנות.

דעם 26סטן אָקטאָבער 1942 ווערט דאָס געטאָ פון אַלע זייטן אַרומגעשטעלט מיט צענדליקער ס. א. די טויערן ווערן אָפּגעשלאָסן, און ס'ווערט קלאָר, אַז די אויסזידלונג הייבט זיך אָן; די בהלה ווערט שטאַרקער פון מינוט צו מינוט, מען לויפט זיך געזעגענען מיט די פאַמיליעס, קינדער וויינען, פרויען ספּאַזמירן און די פּאַניק האַלט אַזוי אָן עטלעכע שעה, ביז עס קומט אָן אויפקלערונג פון דער דייטשער פּאָליציי, אַז פאָרלויפיק קומט נישט פאָר קיין אויסזידלונג, נאָר לויט אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט מוזן אַלע געטאָס פון דריטן רייך אָפּגעשלאָסן און באַוואַכט ווערן און מען טאָר דאָס געטאָ נישט פאַרלאָזן ביז צו אַ נייער פאַראָרדענונג.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון דעם מאָמענט, ווי מען האָט אַרומגעשטעלט די געטאָס מיט אָפּטיילונגען פון ס. אַ. — האָט זיך אָנגעהויבן די גרינדלעכע אויסראָטונג פון יידן אין גאַנצן דריטן רייך. דער טערמין צו מאַכן אַלץ יידן־ריין איז געווען באַשטימט אויפן 20סטן דעצעמבער, און ווייל נאָווי־דוואָר איז געווען דער לעצטער גרענעץ־פּונקט פון דריטן רייך, איז אונדז אויסגעקומען צו זיין פון די לעצטע צו דער אויסראָטונג, — גאַנצע זעקס וואָכן האָבן די איינוווינער פון נאָווי־דוואָרער געטאָ געמוזט צוליב דעם לעבן אין אַזאַ שפּאַנונג, ווי פאַרמשפּטע פאַרן טויט.

צוויי מאָל אין וואָך האָט מען געזען פאַרבייפאָרן אַ צוג מיט יידן. דאָס זענען געווען די יידן פון די געטאָס אין מלאַווע, פּראָשניץ, טשעכאַנאָוו, נאַשעלסק א"אַ שטעטלעך. דעם 28סטן אָקטאָבער ווערן געבראַכט אין נאָווי־דוואָרער געטאָ אַלע יידן פון טשערווינסק, אַ טראַנספּאָרט פון בערך 2600 יידן, און די ענגשאַפט אין געטאָ ווערט אין לשער, צו פינף־זעקס פאַמיליעס אין איין צימער. אַזוי האָט מען זיך שוין געשטיקט ביז דער אויסזידלונג, מיט דריי וואָכן שפּעטער.

אין 15טן נאָוועמבער ווערט שוין אָפיציעל באַוווסט, אַז דאָס געטאָ אין נאָווי־דוואָר וועט ווערן אויסגעזידלט אין דריי גרופּן. די ערשטע — סוף נאָוועמבער, און זי וועט אַרומנעמען אַלע עלטערע און פרויען און קינדער — די אַלע, וואָס זענען אומפעיק צו אַרבעט, און די אַנדערע צוויי גרופּן — וועלן אויסגעזידלט ווערן אין דעצעמבער.

דעם 16טן נאָוועמבער ווערט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג פון דער דייטשער פּאָליציי, אַז דאָס געלט, גאָלד און זילבער, וואָס אין יעדנס באַזיץ, מוז ווערן געברענגט אין משך פון צוויי טעג אין יודענראַט, וו ס'וועט אַמטירן אַ ספּעציעלער באַאַמטער פון דער דייטשער מאַכט; ביי וועמען מען וועט געפינען געלט, גאָלד און זילבער נאָך די צוויי טעג — וועט אויפגעהאָנגען ווערן. אַזוי האָט מען ביי די יידן צוגענומען זייער לעצט פאַרמעג, די אונטערוועלטניקעס פון יודענראַט האָבן אויף אייגענער איניציאַטיוו דורכגעפירט שטרענגע רעוויזיעס, כדי איבערצוגעבן דאָס אָנגערויבטע האָב און גוטס אַלס מתנה פאַר די לייט פון דער דייטשער פּאָליציי, וואָס האָט זיי — די אונטערוועלטניקעס פון יודענראַט — צוגעזאָגט טאָן אַ חסד און זיי איבערשיקן מיט די פאַמיליעס זייערע. אין וואַרשעווער געטאָ אָדער אויף אַרבעט קיין טשענסטאָכאָוו.

דער טאָג פון 20סטן נאָוועמבער איז דער ערשטער גרויליקער אָנזאָג פון דער אויסזידלונג. די ערשטע קרבנות זענען געווען די פון דער יידישער אָרעמקייט. דער יודענראַט האָט געדאָרפן אַרויסגעבן צוויי טויזנט מענטשן, אין דער עלטער נאָך פערציק און אויך די וואָס האָבן נישט קיין מענער און זייערע קינדער אַרבעטן נישט. דאָ האָט זיך געעפנט פאַר דעם יודענראַט אַ נייער וועג ווי צו נעמען שוחד. ווער ס'האָט געגעבן אַ סך געלט, איז געבליבן אין דער היים און אויף זיין אָרט האָט מען געשיקט אַנדערע, די וואָס האָבן נישט געקאָנט באַצאָלן.

די פאַרטרויערטקייט אין געטאָ, נאָכן אַוועקנעמען די ערשטע גרופּע, איז זיך שווער פאָרצושטעלן. דער אופן, ווי דער יודענראַט האָט געהאַנדלט מיט מענטשלעך לעבן לויט פּרייזן, האָט געווירקט מוראדיק אויף יעדנס געמיט. די שפּאַנונג אין געטאָ איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און ס'האָט געדויערט גאַנצע דריי וואָכן ביז צו דער אויסזידלונג פון דער צווייטער גרופּע — אין 9טן דעצעמבער.

ביי דער צווייטער אויסזידלונג זענען געווען פאַלן ווען מען האָט געוואָלט אַוועקנעמען איינעם אָדער צוויי פון אַ משפּחה, האָט זיך די גאַנצע משפּחה צוגעשטעלט פרייוויליק און נישט געוואָלט זיך צעשיידן.

אין אַ זונטיק — דעם 12טן דעצעמבער, איז שוין געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, אָן אויסנאָם, מוזן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. אַלזאָ, נאָווי־דוואָר בלייבט יידן־ריין, די רעוויזיעס ווערן פאָרגעזעצט, מען זוכט געלט

און גאָלד, און נאָך דעם ווערן מיר אַלע געטריבן צו דער באַן־סטאַציע, ווו מיר ווערן אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען.

לויט אַ פריערדיקער באַשטימונג מיט דער דייטשער פּאָליציי, ווערן די מיטגלידער פון יודענראַט מיט זייערע פאַמיליעס — 42 פּערזאָן — אַריינגעפירט אין לעצטן וואַגאָן, און ווען דער צוג פאָרט פאַרביי וואַרשע, ווערט דער וואַגאָן אַוועקגענומען און די אַלע אויס־דערוויילטע, די יודענראַטלער, ווערן אַריינגעלאָזן אין וואַרשעווער געטאָ. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דאָס טרויעריקע בלעטל געשיכטע פון נאָווי־דוואָרער געטאָ.

דער גאַנצער טראַנספּאָרט מיט די נאָווי־דוואָרער יידן איז געוואָרן אַריבערגעפירט קיין בירקענאַו, וואָס האָט זיך געפונען פינף קילאָמעטער פון אוישוויץ. דאָרט איז געווען אַ ספּעציעלער זאַמלפּונקט פאַר די אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן. דאָרט האָבן שוין צו יענער צייט געאַרבעט פיר ברען־אויוונס, ביי טאָג און ביי נאַכט. דערנאָך האָבן מיר זיך שוין דערוווּסט וועגן אָרטיקן סדר — ווי מען פירט זיך מיט די אָנגעקומענע, — די געזונטע און קרעפטיקע האָט מען געשיקט אין אַ ספּעציעלן לאַגער, ווו זיי זענען דורכגעגאַנגען אַ דעזינפעקציע, באַצייכנט געוואָרן מיט נומערן אויף די הענט, און דורכגייענדיק אַ קאַראַנטין האָט מען זיי נאָך דריי וואָכן, געשיקט צו אַרבעט. די אַנדערע, עלטערע, שוואַכע, פרויען און קינדער — זענען אַלע, אָן אויסנאַם, אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייט אָרט, ווו מען האָט זיי אַריינגעפירט אין באָד־צימערן מיט אַלע איינריכטונגען, אַפילו — שפּיגלען אויף די ווענט, און דאָרט האָט מען זיי פאַרניכטעט מיט גיפטיקע גאַזן.

אין דער נאַכט צווישן 13טן און 14טן דעצעמבער האָבן זיך די פלאַמען געריסן דורך די קוימענס פון די בירקענאַוער אויוונס און צעטראָגן איבער גאָטס וועלט דאָס אַש פון אונדזערע אומשולדיקע קרבנות, די יידן פון נאָווי־דוואָרער געטאָ.

אויך דעם קליינעם טייל, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן צו די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, האָט נישט דערוואַרט קיין בעסערער גורל. דער רוב פון זיי איז אין אַ קורצער צייט אומגעקומען פון שווערער אַרבעט, קעלט און הונגער.

ווען מען וויל היינט פעסטשטעלן, וויפל יידן ס'זענען געבליבן פון די, וואָס האָבן געלעבט אין נאָווי־דוואָרער געטאָ, קאָן מען דערגיין צו דער צאָל פון אַ דרייסיק מענטשן. נישט אַלע שטעט האָבן געהאַט אַזאַ טרויעריקן סך־הכל. געראַטעוועט האָבן זיך נאָר די, וואָס זענען אַנטלאָפן אין 1939 קיין רוסלאַנד, אָדער די, וואָס דער שטורעם האָט זיי פאַרטראָגן אין פאַרשידענע ווינקלען פון דער וועלט.

גביית עדות, אויפגענומען גלייך נאָך דער באַפרייונג דורך א. פינקער.



נאָווי־דוואָרער יידן אויף היטלעריסטישער צוואַנגס־אַרבעט, ביי בויען אַ נייעם שאָסיי
צווישן אַנדערע: מאַטיס שליאַמאָוויטש, משה פעלדמאַן, אשר ראַשקעס, מאַסאַק מיטן זון

לייבל קאַכאַלסקי / חולון

# די יודענראטלער און די יידישע פאליציי

ביים אָנהייב 1941, ווען עס האָבן זיך פאַרערגערט און אַלץ שווערער געוואָרן די לעבנס־באַדינגונגען אין וואַרשעווער געטאָ, האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין נאָווי־דוואָר. איך האָב דורכגעשמוגלט די גרענעץ פון וואַרשעווער גוווערנעמענט, און אומגעזעצלעך בין איך אַריין אין „דריטן רייך״, צו וועלכן נאָווי־דוואָר האָט דעמאָלט אָנגעהערט. פאַר יענער צייט איז נאָך אין נאָווי־דוואָר נישט געווען קיין געטאָ.

מיין שוועסטער, אַ פאַרטרויערטע אלמנה (איר מאַן איז געהרגעט געוואָרן אין דער צייט פון די באָמבאַר־דירונגען אין וואַרשע), האָט מיט אירע פינף קינדער געוווינט אין ענגשאַפט ביי גאָלדבערגן אין הויז און איך האָב אפילו אויף דער גאַס נישט געקאָנט זיך ווייזן, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין „געלן שיין״, — בין איך אַוועק אין דאָרף צענצעמין, 14 קילאָמעטער פון נאָווי־דוואָר און אָנגעהויבן אַרבעטן ביי אַ פאָלקס־דייטש. איך האָב זיך באַמיט צו אַרבעטן פלייסיק, כדי ער זאָל נישט האָבן קיין טענות. איך האָב אַזוי געאַרבעט צען חדשים, ביז איך בין קראַנק געוואָרן, און דער פאָלקסדייטש מיט זיין פערד און וואָגן האָט מיך אַוועקגעפירט אַ קראַנקן קיין נאָווי־דוואָר.

אין נאָווי־דוואָר איז שוין דעמאָלט געווען אַ געטאָ, וואָס האָט זיך געצויגן מיט דער מאָדלינער גאַס צו דער באַן־ליניע, ביי עטל ביילע רייכמאַנס געשעפט, ביז שליווינסקיס קינאָ און ווידער — צו דער באַן־ליניע (די שול איז געווען אויסער די ראַמען פון געטאָ). דאָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן „פיאַסעק״ און ביי דעם טויער האָט געוואַכט די יידישע פאָליציי.

איך בין צו צום טויער, אַ יידישער פאָליציאַנט האָט געפאָדערט איך זאָל ווייזן אַ נאָווי־דוואָרער שיין. איך האָב דערקלערט, אַז איך אַרבעט אין דאָרף, אַז איך בין קראַנק און בין געקומען זוכן אַ דאָקטער. נאָך איניקע מינוטן זענען געקומען דער פאָליציי־קאָמענדאַנט יעקב באַראַנעק און זיין פאַרטרעטער שלמה סאָשינסקי („מאַרדע״) מיט נאַגייקעס אין די הענט. ווידער האָב איך געמוזט פאַר זיי דערציילן, ווו איך אַרבעט און צוליב וואָס איך בין אַהער געקומען: אַז איך בין געקומען זוכן אַ דאָקטער. דאַן האָבן זיי אַרויסגעפלאַצט מיט אַ בעסטיאַליש געלעכ־טער: „דו ביסט מער נישט קיין נאָווי־דוואָרער, דו האָסט נישט קיין נאָווי־דוואָרער שיין און האָסט נישט קיין רעכט אַריינצוגיין אין געטאָ״.

עס האָט נישט געהאָלפן מיין בעטן און וויינען, און נאָר אַ דאַנק די באַמיונגען פון מיין שוועסטער אסתר ביילע ז״ל און איר מאַן סענדער בלאַנק, האָט דער יודענראַט מיר געגעבן אַ דערלויבעניש צו בלייבן אַ וואָך אין געטאָ.

דער „יודען־עלטסטער״ אין געטאָ איז דעמאָלט געווען ישראל טישלער („סקראָבאָק״), דער בירגער־מייסטער פון שטאָט איז געווען אַ נאָווי־דוואָרער פאָלקס־דייטש ווענדט, וואָס האָט אַמאָל געאַרבעט ביי סקראָבאָקס טאַטן, און איצט באַלוינט דעם זון מיט באַשטימען אים אַלס געטאָ־פירער. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די ס.ס.־לייט איז געווען איינער פון די געטאָ־פירערס יוסף גרשון — ניעשקעלעס (ער איז אויך געווען דער גרינדער פון אַ יידישן שפיטאָל אין געטאָ). סעקרעטאַר איז געווען הערמאַן אַבראַמאָוויטש. נחמן רייכמאַן (קטונטי) איז געווען דער אַרבעטס־פאַרשטייער, ער האָט געניט מונדירן פאַר דער געסטאַפּאָ און פאַר דער פאָליציי אין ווישעגראַד, זאַקראָטשין און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך.

ווען ס׳האָט זיך אָנגערוקט סוף וואָך און כ׳האָב מער נישט געהאַט קיין רעכט צו בלייבן אין געטאָ, איז גלייך געקומען די פאָליציי און עס האָט נישט געהאָלפן מיין בעטן און וויינען, איך האָב געמוזט פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

אין נאָוועמבער 1941 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אויף אַרבעט אויסערן געטאָ, מוזן זיך צוריקקערן אין געטאָ. אין דעם זכות בין איך צוריק געוואָרן אַ נאָווי־דוואָרער בירגער און מיך מיט אַנדערע נאָווי־דוואָרער האָט מען צוריק אַריינ־געלאָזט אין געטאָ.

די דייטשע מאַכט האָט שוין דעמאָלט קאָנצענטרירט אַלע יידן פון דער אומגעגנט אין נאָווי־דוואָרער געטאָ און פון דאָרט זיי געשיקט צו אַרבעט. טאָג־טעגלעך זענען מיר געגאַנגען צו סטאַטשניאַ מאָדלינסקאַ, יעדער האָט באַקומען פאַר זיין אַרבעט אַ פערטל ברויט, מען האָט געאַרבעט אונטער דער השגחה פון די נאַצישע

היטערס און די אַרבעט איז געווען אַ שווערע. מען האָט געמוזט קריכן אויף שטעכלדראָט באָרוועס און וויקלען און איינלייגן די שטעכיקע דראָטן פאַר עקספּאָרט ווייט צום מיזרח.

יעדן טאָג איז די יידישע פּאָליציי געלאָפן אין די שטיבער, אַרויסציען מיט כוח צו דער אַרבעט, ווייל דער יודענראַט האָט געמוזט יעדן טאָג צושטעלן 350 אַרבעטער. אין איינעם אַ פרילינגס־טאָג פון יאָר 1942, ווען צו דער אַרבעט זענען נאָר אַרויס 300, מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, האָבן אונדז ביים טויער פון געטאָ צוויי רייען סאָלדאַטן באַשאָטן מיט קלעפּ און געשריגן: „מיר וועלן אייך ווייזן ווי צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט". בלוט האָט זיך אין דעם טאָג געגאָסן, די ווערמאַכט איז געלאָפן ברענגען נאָך 50 אַרבעטער, און באַלד האָב איך זיי געזען, ווי מען שלעפּט זיי צעשלאָגענע, אָן אַ צורת־אדם. מען האָט זיי געיאָגט אויפן שטעכלדראָט און בלוט איז גערונען פון זייערע באָרוועסע פיס. אַ סך פון זיי זענען געפאַלן אין חלשות, דערנאָך האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַמער, און שוין ביי מיטאָג־צייט איז געווען באַוווּסט, אַז מען וועט זיי דערשיסן.

ווען עס איז געקומען די מיטאָג־שעה, האָב איך צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע נאָווי־דוואָרער געזען דורך אַ פענצטער, ווי מען פירט אַריין אַ גרופּע פון 25 מאַן אין אַ קאַמער, וווּ עס זענען שוין געלעגן אַנדערע האַלב־טויטע, און ווי אַ גרופּע אַרבעטער קומען אָן און הייבן אָן צו גראָבן אַ גרוב. די אַרבעטער, וואָס האָבן געגראָבן, האָט מען נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט אַוועק־געשיקט, און באַלד נאָך דעם האָט מען אַרויסגעפירט פון דער קאַמער 32 נאַקעטע מענטשן און זיי צוגעפירט צום גרוב. אויפן וועג צום גרוב האָבן עטלעכע מער קרעפטיקע זיך געפּראָוווּט אַנטקעגנשטעלן און זיי זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן, די אַנדערע האָבן מיטגע־שלעפּט מיט זיך די הרוגים צום גרוב, און דאַן האָב איך געזען דורכן פענצטער, ווי דאָס מאַשין־געווער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן און אַלע זענען געפאַלן. גלייך זענען ווידער אָנגעלאָפן די אַרבעטער, וואָס האָבן פריער געגראָבן דעם גרוב, און צוגעדעקט מיט ערד די נאָך וואַרעמע קערפּערס פון די דערשאָסענע.

דאָס איז געווען אַ שווערער, טרויעריקער טאָג, מיינע אויגן זענען געשוואָלן געוואָרן פון וויינען. ווען איך האָב זיך אומגעקערט נאָך דער אַרבעט אין געטאָ אַריין, האָב איך געזען, ווי די פרויען שטייען און וואַרטן; מיט געוויינען און געשרייען האָט יעדע געזוכט איר מאַן, זון, אָדער ברודער. מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז דער יודענראַט־פירער זאָל האָבן געזאָגט צום הויפּט פון דער וואַך, אַז ער קאָן טאָן מיט די פופציק געכאַפּטע, וואָס ער וויל... און אַז אויף דעם יודענראַט־פירער פאַלט די שולד פון דעם אַלעם, וואָס איז געשען אין דעם טאָג.

צומאָרגנס בין איך שוין מער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט קיין מאָדלין. איך מיט נאָך אַ גרופּע פון 15 אַרבעטער זענען געשיקט געוואָרן צו אַן אַנדערער אַרבעט, צענעמען די פונדאַמענטן פון אונדזער אויפ־געריסענער שול. נאָר די פונדאַמענטן זענען דאָרט געבליבן נאָך דער באָמבאַרדירונג, אָבער אויך די שטיינער האָבן די דייטשן געוואָלט אויסנוצן פאַר זיך. דאָס זענען געווען ריזיקע שטיינער און די אַרבעט איז געווען אַ געוואַלדיק שווערע. דער מייסטער ביי דער אַרבעט איז געווען איינער פון די פייפערס (פון די פישערס ביים נאַרעוו). צו דער אַרבעט בין איך געגאַנגען יעדן טאָג.

אַ סך מענטשן האָבן נישט געוואָלט גיין צו אַרבעט און דער יודענראַט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ווער עס וועט זיך נישט צושטעלן צו דער אַרבעט, וועט אָפּגעשיקט ווערן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. איינער פון די פאַרשיקטע איז געווען שמואל מיכלבערג, וואָס איז שפּעטער אַנטלאָפן פון לאַגער.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן מיר נישט באַקומען דאָס פערטל ברויט. מען האָט דאָס דערקלערט דערמיט, וואָס דער יודענראַט האָט נישט באַקומען צוגעטיילט קיין ברויט פון דער דייטשער מאַכט. אָבער אַלע האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז אַ ליגן; אַז די לייט פון יודענראַט פאַרקויפן דאָס מעל און ווערן רייך דערפון. מיר זענען אַרויס צו דער שווערער אַרבעט מיט אַ דערשלאָגן געמיט, — אַפילו דאָס פערטל ברויט האָט מען שוין אויך צוגענומען.

ווען מיר האָבן דערקלערט דעם מייסטער, אַ פאָלקס־דייטש, פאַר וואָס מיר אַרבעטן היינט שוואַכער ווי יעדן טאָג, — אַז מען האָט אונדז היינט נישט געגעבן אַפילו דאָס פערטל ברויט, איז ער אַוועק צו דעם בירגער־מייסטער ווענדט. גלייך האָבן מיר געהערט, אַז דער בירגערמייסטער האָט גערופן צו זיך דעם יודען־עלטסטן ישראל טישלער און דעם אַרבעטס פאַרזאָרגער נחמן רייכמאַן און דערפאַר זיי שטאַרק צעשלאָגן. זיי

האָבן זיך אויסגעקויפט ביי אים מיט אַ שיינעם אָנצוג, אַ פּאָר אָפיצירן־שטיוול און אַ פּאָקענעם מאַנטל. דאָס אַלץ האָבן אונדז דערציילט די מענטשן פון געטאָ, וואָס זענען געקומען ביי אונדז נאָכפרעגן, וואָס איז ביי אונדז געשען מיטן ברויט און מיטן פאַרקלאָגן זיך ביים מייסטער.

מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן נישט אַדורך טרוקן און מען וועט זיך שוין מיט אונדז אָפּרעכענען, און אַזוי איז טאַקע געשען. פינף פאַר נאַכט, די שעה ווען מיר פלעגן זיך אומקערן אין געטאָ אַריין, האָט שוין ביים טויער פון געטאָ אויף אונדז געוואַרט דער שעף פון דער פּאָליציי יענקל באַראַנעק, מיט אים זיין געטרייער פאַרטרעטער שלמה סאָשינסקי (מאָרדע) און אַ גאַנצע כאָפּטע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אונדז גלייך אָפּגעפירט אין יודענראַט, ווו מען האָט יעדן באַזונדער אַריינגערופן, געפאָרשט און געהייסן אונטערשרייבן. די גאַנצע אויספאָרשונג איז געווען לויטן סדר פון דער געסטאַפּאָ. דער סעקרעטאַר אַבראַמאָוויטש האָט אַלץ פּראָטאָקאָלירט.

איך בין געווען דער לעצטער צו דער אויספאָרשונג. זיי האָבן מיך געפרעגט, ווער עס האָט דעם בירגערמייסטער איבערגעגעבן וועגן ברויט, איך האָב געענטפערט, אַז איך ווייס נישט. מען האָט מיך אָנגעהויבן צו באַשיטן מיט פראַגן פון אַלע זייטן און מיין ענטפער איז געבליבן דער זעלבער : איך ווייס נישט. באַלד האָט זיך גענומען צו מיר דער סאַמעראָדנער פּאָליציי־שעף באַראַנעק, ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער באַזונדערער „פּאָליציי־שטובע" און אַרויס אויף מיר מיט היסטערישע געשרייען : „וואָס מיינסטו, דו וועסט דאָ פירן די פּועלי־ציוניסטישע שטיקלעך פון דיין מנשהן ?" (מיין אומגעקומענער ברודער, וואָס איז אַ מאָל געווען דער פירער פון „פּועלי־ציון" אין נאָווידוואָר), אַלע פּאָליציאַנטן זענען מיך באַפאַלן מיט קלעפּ און איך בין געפאַלן אין חלשות. זיי האָבן מיך אָפּגעמינטערט מיט עמערס וואַסער, איך בין געווען אין גאַנצן צעקלאַפּט און פאַרבלוטיקט און צוויי פּאָליציאַנטן האָבן מיך פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט, ווייל אַליין גיין האָב איך נישט געקאָנט. זיי האָבן מיך אַרויפגעשלעפּט אויפן בוידעם, ווו ס'איז געווען דער פּאָליציי־אַרעסט און מיך אַוועקגעשליידערט ווי אַ זאַק קאַרטאָפל.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך געזען, אַז איך בין נישט איינער, נאָך אַ ווישעגראָדער בחור איז דאָרט געלעגן אַ צעקלאַפּטער. אים האָבן זיי אַרעסטירט, ווייל ער האָט אַ טאָג געפעלט ביי דער אַרבעט. צומאָרגנס האָט מען דעם ווישעגראָדער בחור אָפּגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער נעבן מלאַווע. מיין גורל איז דאָס מאָל געווען אַ בעסערער, פאַר מיר האָט זיך איינגעשטעלט מיין משפחה און עס איז מיר געלונגען צו פאַרבלייבן אין געטאָ.

נאָכן פאַל מיטן ברויט האָט דער יודענראַט געלאָזט וואָרענען די יידן אין געטאָ, אַז „ווער עס וועט צו פיל רעדן" — איבערגעבן פּרטים וועגן די אויפפירונגען פון די יודענראַטלער — וועט באַקומען זיין האַרבע שטראָף. און יידן האָבן מורא געהאַט.



דער פּלויט אַרום געטאָ

מרדכי לנדסמן / חיפה

# יהודי נובי־דבור בשואה

כשפרצה המלחמה נשתנה מיד מצב היהודים בנובי־דבור לרעה. המטוסים הגרמניים היו באים בכל יום להפציץ את המצודה „מודלין" ובהזדמנות זו גם את העיר נובי־דבור. כל התחבורה נפסקה, הופצצו הרכבות, נהרסו הגשרים והכבישים.

אנשי נובי־דבור התחילו לברוח לווארשה, בעיר נשארו רק יחידים, העניים ביותר.

נוסף להפצצות התחילו גם לרעום התותחים וכל מרכז העיר נהרס ועלה באש. נשארו רק בתים מעטים, מתוכם בזזו ושללו האכרים מהסביבה את רכוש היהודים.

כשנגמרו מערכות המלחמה התחילו היהודים חוזרים לנובי־דבור, אבל הם מצאו שם רק חורבן והרס, וכך, באין ברירה, חזרו רובם לווארשה. נשארו רק כ־1500 איש, על פי רוב תושבי השכונה של העניים „פיאסק". עם אלה התחילו הגרמנים את „משחקם".

מיד, ביום השני אחרי כניסתם לעיר, הוציאו את כל הגברים לעבודה. בחוצות שכבו אנשים וסוסים הרוגים, הבתים השרופים כיסו בשבריהם את הרחובות. הפועלים היו מוכרחים לשיר בחוצות, ובכל פעם המציאו המצאה אחרת לעינויים נוספים.

יום אחד לקחו איש זקן, גילחו לו חצי זקן, לצדיו העמידו שתי בחורות עם ראשים מגולחים, וכך הוכרחו „לטייל" ברחובות העיר.

המוציאים לפועל של כל הפעולות הנ"ל היו הגרמנים מהסביבה, אשר עד כה חיו בידידות עם היהודים ועתה נתגייסו לתפקידי השלטון.

המצב נעשה קשה יותר ויותר. מביאים פצועים מהעבודה. בכל יום מגיעות מכונות לחצרות היהודים ומוציאים כל דבר, עד הספסל האחרון, עד לחולצה האחרונה.

האנשים התחילו עוזבים את העיר בהמונים, ובעיקר הנוער, שברח לרוסיה כל עוד הגבול היה פתוח. בחורף הראשון נותרו בעיר רק יהודים. באותו זמן סוגרת רוסיה את הגבול והגרמנים עושים גבול חדש בין נובי־דבור ויבלוננה, ומצד שני בין נובי־דבור ומודלין. העיר נסגרה מסביב והמצב נעשה עוד יותר חמור.

כל החורף הולכים אנשים רעבים ויחפים לנקות את חוצות העיר מהשלג. היהודים נאלצים לשאת את הכתם הצהוב. אוסרים עליהם להיכנס לחנויות של נוצרים וללכת על המדרכות, ולפני כל גרמני עליהם להסיר את הכובע.

המקור היחידי לפרנסתם של היהודים — גנבה. אין מוצא אחר! זה שנה שלמה לא קבלו אף פרוטה בעד עבודתם. ואם קרה פעם שפועלים ניגשו אל ראש העיר ובקשו תשלום בעד עבודתם — תשובתו היתה האקדח שהוא הוציא מול 600 הרעבים ללחם.

באותו זמן הורע גם המצב בווארשה, ויהודי נובי־דבור שגרו בווארשה, התחילו חוזרים לעיירתם. עשרות נפלו אז על הגבול החדש ע"י יבלוננה, אחרים נפלו לידי הגסטאפו ולנובי־דבור הגיעו במשך הקיץ כ־1700 איש... אלה האנשים היו עצמות מעוטפות בסמרטוטים, וכל אלה נדחקו בכוח החיים... כל אלה הצטופפו על ה„פיאסק".

שם, על ה„פיאסק", מתהלכות דמויות בלי שום ענין בחיים. שם מתעוררים רק למראה של פרוסת לחם...

בחודש מאי 1941 הביאו הגרמנים מכונה לדזינפקציה ועשו „סדר" בכל השטח שבו גרו יהודים. את שארית העוני שעוד היה בידי האנשים היה צריך למסור לדזינפקציה. שם הכל הושחת ונלקח ואת האנשים ציוו ללכת לוויסלה ולהתרחץ שם משך חצי יום ערומים, גברים ונשים יחד.

באותו זמן התחילו נגרים יהודים, על פי פקודת המשטרה, לסדר גטו. מצב הרוח היה נורא. נדמה היה כאילו בונים לעצמם קבר, והנה בלילה אחד בא האסון.

היה זה 3 שבועות אחרי פרוץ המלחמה עם רוסיה. האנשים בגטו התעוררו מקול יריות ולא ידוע היה מאין. תוך מהומה התחילו כולם לרוץ לככר שמחוץ לגטו, כי השער עוד היה פתוח. בגטו הסתובבו שוטרים וגירשו את כולם מהבתים. כל חולה או זקן שפגשו בחדרים דקרוהו בכידונים. האנשים על הככר דומים היו לעדר נבהל. כל משפחה נעמדה יחד, רבים הסתובבו ובקריאות אימה חיפשו את קרוביהם, כי כל אחד ביקש למות עם משפחתו. עד הבוקר כך עמדו ולא ידעו מה יהיה גורלם, ומסביב להם מסתובבים שוטרים, חיילים, גסטאפו, ז'נדרמריה, שומרי הגבול, פקידי הרכבת. ניכר היה כי היה גיוס לפעולה זו. כולם למיניהם היו שיכורים.

לעת בוקר התחילו בודקים את התעודות של כל אחד, ולפי התעודות חילקו את האנשים לשני מחנות. את 600 היהודים שהיו בנובי־דבור כל הזמן העמידו לחוד ואת כל היהודים מוואַרשה לחוד. כשנגמרה כל הפרוצדורה עם כל המעשים הנוראים, ציווּ ל־600 לחזור לגטו. הם נכנסו לגטו לאט, כי הם סחבו אתם אנשים פצועים ממקלות, נשוכים מכלבים. פקדו עליהם לסדר את הרחובות ואת הבתים. בבתים שכבו הורים ובנים הרוגים. 40 קרבנות היו באותו יום.

את שאר האנשים (כ־1700 בערך) סדרו בתהלוכת אבל והוליכו אותם לפומיחובה. שם חיכו להם מחסנים. אלה היו מחסני נשק בנויים מבטון מתחת לאדמה, כ־7 קילומטר מהעיר, ושם החל הגיהנום.

מהערים הקרובות הביאו עוד אנשים ובסיכום הגיע מספר הנאספים ל־4000 איש. בלי אוכל ובלי מים החזיקום את 3 ימים הראשונים ורק ביום הרביעי הרשו להביא אוכל מנובי־דבור, וגם את זה מוכרחים היו העגלונים לזרוק מעבר לגדר, ומעבר השני היכו האנשים זה את זה בכדי לקבל פרוסת לחם.

כעבור כמה ימים פרצה במחנה פומיחובה מחלת הטיפוס ולא עבר יום בלי 50 מתים נוספים. בחלשים ירו הגרמנים בלילות. כך חיו במחנה זה משך 6 שבועות והאוכל היחידי היה זה שהיו מביאים אנשי נובי־דבור (ומה יכלו להביא אנשי נובי־דבור העניים?), עד שבלילה אחד גייסו הגרמנים את אכרי הסביבה עם עגלות והובילו את כל אנשי פומיחובה לגבול, למען ילכו לוואַרשה. אלה שהיו בריאים הגיעו לוואַרשה, והחולים שלא יכלו לרדת מהעגלות נשרפו בדרך. גם מאלה שהגיעו לוואַרשה לא נשאר אף אחד בחיים.

בגטו נובי־דבור מתחילים „חיים חדשים", סוגרים את השער, אסור לצאת בלי רשיון, מסדרים „יודענראט" עם משרד עבודה, משטרה ובית סוהר. יום־יום יוצאות הפלוגות לעבודה בלי כל תשלום. יום אחד, שבו כן היה תשלום, איחרה פלוגה העובדת במודלין ב־5 רגעים לעבודה ובתור עונש נורו אז כ־30 איש.

כל איש בגטו שואל: מה יהיה? ממה נחיה? הלא נגווע ברעב! באין ברירה התחילו בחורים צעירים לצאת מן הגטו בגנבה, כדי לבקש נדבות אצל הגויים. אחרים התחילו ללכת לווארשה ולקחת עמם כמה קילוגרם קמח למכירה, באשר המחירים שם היו יותר גבוהים. את הגבול צריך היה לעבור בגנבה, ולא היה יום שלא הביאו הרוגים מהגבול.

מצב כזה נמשך עד הקיץ של 1942. באותו זמן התחילו הגרמנים לרכז את היהודים מערי השדה לערים הגדולות והם מצאו לנכון לעשות את נובי־דבור, הסגורה מכל הצדדים, לעיר מרכז של יהודים, כי פה יגוועו יותר מהר מרעב. התחילו באים עגלות עם אנשים מכל הסביבה, יהודי זקרוצ'ין, ווישגרוד, צ'רווינסק, בלי כל רכוש ומקום לגור לא היה. 5—8 איש גרו בחדר ועליהם היה עוד לקלוט אנשים נוספים.

הטיפוס מטייל בגטו וקוצר בלי רחמים, הלוויות — בלי הפסק, עד שבא הרע ביותר. יום אחד הביאה הגסטאפו מהגבול 7 בחורים וציוו לאסור אותם בבית הסוהר היהודי. כעבור שבועיים ציוו לעשות 7 תליות ולהעמיד אותן בתווך הגטו מול בית היודענראַט. ב־4 אחה"צ נכנסו לגטו שוטרים והתחילו לגרש את כולם מהבתים, ולעיני כל הגטו ולעיני האורחים הגרמנים המכובדים הכריחו את אנשי היודענראַט לתלות את הבחורים. 3 מהם היו בני 16. אחד התלויים, בחור בן 17 מווישגרוד, הסיר רגע לפני מותו את נעליו ובקש למסור אותן לאמא שתוכל למכור אותן. כעבור שבוע הביאו עוד 4 יהודים וגם את אלה תלו. במשך הקיץ הגיע מספר התלויים ל־18 איש. חוץ מזה הביאו 3 בחורות ובאלה ירו על יד גדר הגטו, גם כן לעיני כל האנשים. את התלויים וההרוגים לא הירשו להוציא לבית הקברות והם נקברו בתוך הגטו.

בכלל אפשר היה לראות כי „המשחק" מגיע לקצו. איש לא יצא יותר לעבודה. מסביב לגדר הגטו הסתובבו שוטרים וירו לכל אחד המתקרב לגדר. לבסוף באה פקודה לעשות רשימה של כל אנשי הגטו ולמסור אותה לעיריה, רשימה של הבריאים לחוד ושל הזקנים והחלשים לחוד. האנשים התחילו מכינים את עצמם לדרך הלא ידועה.

בחודש ספטמבר 1942 התחילו הגרמנים לחסל את הגטו. בבוקר אחד דרשו שהמשטרה היהודית תאסוף כל הזקנים ובעלי המום, ביחד כ־700 איש, ואת כולם הוציאו לתחנת הרכבת. שם חיכו לילה שלם ולמחרת בבוקר יצאו לדרכם ולא נודע לאן. כעבור שבועיים שלחו שום טרנספורט של 1000 איש וגם אלה יצאו לאותה דרך.

את הנשארים בגטו מנחמים הגרמנים כי הם ישארו, כי הם בריאים ונחוצים לעבודה, אבל אין איש כבר מאמין להם, כולם ישנים בבגדים ומחכים.

כך עובר חודש שלם של צפיה — והיא יותר נוראה מהמות — עד שבא היום...

9 לדצמבר 1942, הגרמנים דורשים עוד 1000 איש. 12 לדצמבר, יוצאים 1700 האחרונים. ידעו כולם כי למות הם הולכים, ובכל זאת הלכו, נסעו כולם לאותה המטרה, לכבשן של אושוויץ. נסעו כולם באותה הרכבת שקראו לה „דער טויט־צוג".

עם הטרנספורט האחרון נסעתי גם אני. כשהגענו לאושוויץ הפרידו מיד בין הגברים והנשים. גם מן הגברים הוציאו את החלשים והעמידום לחוד. הצעקות והבכי הגיעו עד לב השמים. מיד באו מכונות והובילו את האנשים והילדים למקום לא ידוע.

היום ידוע לאן. מרחוק אפשר היה לראות עשן עולה לשמים. לשם הובילו את כולם. מה1700 אנשים הובילו במכונות 1160 ולמחנה נכנסו 540 מהבריאים ביותר. עוד חבל היה לגרמנים להמית את אלה, כי עוד היו להם שרירים חזקים...

כעבור 4 שנים של צרות ותלאות, חיים מהם קרוב ל20 איש. וזה הנשאר מ7000 תושבי נובי־דבור.



די גרענעצן פון געטאָ

# במחנה פומיחובה*

## מארכיון רינגלבלום

(דף 3) עינו עינויים נוראים, שאין יכולת לתארם.

מן העינויים וחוסר המזון חלו הרבה אנשים במחלת השלשול ומלך מסר את כל החולים לידי הגסטאפו והוא דרש כסף, כי שלא היה לו כסף, נורה, כך נורתה האשה ינטה פרוסט, דבורה באלאבאן, מרים פאנט, רחל הלר ונער בן 17 — ציטרינובסקי. כל אלה היו מראצ׳יונז׳.

(דף 5) אנסו את הנערות ואחר כך היכו אותן באכזריות רוצחנית.

מדי יום ביומו היה איש הגסטאפו שולץ מוציא את הגברים לחצר ועושה אתם כל מיני תרגילים. פעם אחת ציווה להביא לו חמישה־עשר אנשים לשם חפירת בור. מייד ניתנו לו חמישה־עשר איש, הוא ציווה עליהם לחפור בור אשר יוכלו להיכנס בו 50 איש. הבור נחפר ובעוון עבירה קלה ביותר היו יורים באדם ומטילים אותו לתוך הבור אשר לא נתנו לכסותו עד שיהיו בו 50 איש. בין אלה שנורו היו — — איצ׳קה דאנציקר — — — שטאט מדרובנין, — — — הנה ורובל, בורנשטיין, — — — נטע מנובי־דבור. וכך — — מדי יום ביומו. והגרוע ביותר היה (דף 6) עם רדת הלילה, אז הם נכנסו כשאלות בידיהם והיכו על ימין ועל שמאל ואחר כך היו יורים מבעד לחלונות.

פעם בלילה, היתה אשה אחת צריכה ללכת לעשות את צרכיה ויצאה החוצה. איש־גסטאפו עצר אותה ושאל להיכן היא הולכת בלילה. משהשיבה לו שהיא הולכת לצרכיה, השיב לה: טוב, אלך להראות לך, והביא אותה לתוך חדר אפל ובבוקר ציווה על שני בחורים לחפור בור. — — הבחורים היו — — מראצ׳ונז׳. כאשר הם — — וציווה על האשה, — — — האשה מיררה בבכי וביקשה: תנו לי לחיות, הרי יש לי ילדים, מדוע זה מגיע לי? אבל שום דבר לא הועיל. שני הבחורים אנוסים היו למלא את הפקודה. היתה זו האשה קאראש מנובי־דבור.

(מדף 8) פעם אחת הביאו שתי עגלות עם חבילות מזון מפלונסק, ולשם חלוקת החבילות בא שלמה פוקס. מפקד המשטרה מלך נטל לעצמו כמה וכמה חבילות. פוקס לא הירשה לו ומלך נתן לו סטירת־לחי, אז ציווה פוקס להחזיר את העגלות ולא לחלק את חבילות המזון (כאן באים פרטים על שובו של פוקס לפלונסק עם הרבה מחיקות ועובדות לא ברורות).

מדף 10) כולנו נצטווינו לצאת לחצר וכל אחד אנוס היה לעבור דרך פשפש צר ואז היכו אותנו מכות אכזריות. כך נמשך הדבר עד 11 בלילה, אחר כך הם חיפשו את כל האנשים הקשישים והאכילו אותם נקניק־חזיר ושאלום, אם יש להם איזה טענות נגד הגרמנים, העגלות נצטוו אז לזוז ממקומן. כך נסענו תחת משמר כבד עד שבעה קילומטרים מלגיונובו, שם — — — — ונתגלה לפנינו — — — זוועה — — — כבר צעקו — — — עגלות הראשונות, היללות (דף 11) גברו. חשבו שישרפו את כולנו. משהגענו קרוב יותר ציוו עלינו לרדת מהעגלות ואת כל מה שהיה בעגלות שרפו ואותנו היכו וציוו עלינו לרוץ מהר לווארשה ומי שלא ידע לרוץ מהר נורה ונשרף. האשה מארקביץ׳ מווארשה נרפה, משה שאול קשינבסקי ומנדל שווייגר מנובי־דבור נורו. לאחר שרצנו כך בלי — — — דרך השדות הגענו אחר — — — תיכף נתנו — — — עם אחות, אשר — — — אחר כך מלגיונובו — — — הביאו לווארשה. ו — — — המשטרה אשר — — — — — —

(כאן נפסקים הדפים)



מלך האָפּענבלום (דעם גערערס)
דער צורר אין פּאָמיעכאָוועּ

* מתוך „ספר פלונסק".

## לפי העדות של מרים ארפה

במבצר היו האנשים שוכבים על גבי קש באולמות שמתחת לפני האדמה, 20 — 25 איש באולם אחד. על כל המחנה כולו שמר מפקד גרמני, ז׳אנדארם בשם וולף.

הנערות נצטוו לשכב לחוד בצד, למען ייקל לגשת אליהן בלילה. בלילה היו מוציאים אותן מן המרתפים, אנסון וירו בהן אחר כך.

התחלתי לנסוע יום יום עם בעלי לשם הובלת המזון, כדי להשיג בדרך זו את שיחרור בני משפחתנו.

סוף סוף עלה בידי להוציא את הורי ואת ילדה של גיסתי. לא היה זה מן הדברים הקלים. את הילד לקחתי, כאשר פעם חדרתי בתוך הדוחק אל המבצר פנימה. כמובן ששילמתי תמורת זאת שוחד הגון.

יותר מאוחר, כאשר הירשו ל10 עד 12 גברים לנסוע בליווי משמר של פולקסדויטש כדי להביא מים, הצלחתי לשחד את הפולקסדויטש. אבי ניתק אז מהקבוצה ואנו לקחנוהו אתנו. עזר לנו בכך יהודי אחד מצ׳יחאנוב בשם לוביניצקי. הודות לו הצלחתי להוציא גם את אמי ללא כל שוחד. הפעם ישנתי לילה אחד בשדה, כדי שאוכל בבוקר לקחת אתי את אמי. ואולם לוביניצקי התחיל לאיים עלינו שיסגיר אותנו. אז הבטחתי לו, כתגמול, להוציא את ילדתו, שהיתה קיטעת רגל אחת.

אף־על־פי־כן היתה בגידה. נער כבן חמש־עשרה מנובי־דבור הסגיר אותנו והתחיל לרדוף אחרינו יחד עם גרמני אחד. הגרמני עמד לירות בנו, אבל הנער התבלבל בדברי עדותו, לא הצליח לזהות את אבי הילדה ואותו פולקסדויטש קיבל מתנת־יד מאתנו ועוד עזר לנו להסתלק בשלום מן המקום.

## לפי העדות של צבי ארפה

אשתי ואני היה לנו עניין מיוחד בגורל המגורשים (מנובו־מיאסטו), שכן היו ביניהם אחותי וגיסי וכן הורי אשתי.

במשך אותם שלושה ימים מתו כמה אנשים מן המכות שניתכו עליהם. לאחר שלושה ימים הובאו כולם בעגלות אל מבצר פומיחובה שליד מודלין.

— — בהגיעם לפומיחובה ניטל מכל האנשים הללו כל חפץ שהיה לו ערך כלשהו והם נמסרו לשמירה לפולקסדויטשים, אשר עשו בהם ככל העולה על רוחם. ושוב לא קיבלו השבויים לא אוכל ולא מים.

— — לא עברו ימים רבים ובפומיחובה פרצה מגיפת הטיפוס. האסירים לא רצו לקחת מאתנו אוכל, ורק דרשו תה. מילאנו את הבקשה הזאת והובלנו להם רק תה. אבל לא היה קץ לאסונות.

הגרמנים היו יורים בחולים ומלך היה מגלה לפני הגרמנים מי הם החולים.

ראינו שאין מוצא אחר אלא לחסל את מלך. מסרנו איפא על מעשיו לראמק, יושב ראש היודנראט בפלונסק, שנהנה מיחס של כבוד מצד הגרמנים. עד מהרה באו פרלמוטר ממלאבה וראמק עם אנשי הגסטאפו מפלונסק. ראמק קרא למלך ומיד הכניסו לתוך המכונית. משהגיעו לפלונסק, הכניסוהו מייד לבית־הכלא והיהודים עצמם היכוהו. מלך הבטיח לאנשי הגסטאפו שיסגיר לידיהם יהודים המסתירים נשק ומתמרדים נגד הגרמנים. הוא גם הודיע להם, שמעדיף הוא ליפול מכדור גרמני, מאשר מידיהם של יהודים. אבל לא הגיעו הדברים לידי כך. היהודים הצליחו לעשות לו דין־צדק. הוא הורעל בזריקה ונקבר כשראשו כלפי מטה. בדרך זו חיסלו היהודים במו ידיהם את הבוגד שבקרבם.

הגהינום בפומיחובה נמשך כשישה שבועות. רק כאלף ומאתיים איש יצאו משם בעודם בחיים. כל השאר נפלו במקום. אבל גם אלה שיצאו משם לא חזרו אל הגיטאות שלנו, אלא הובאו לגיטו ווארשה.



קינדער פון פלאָנסק אין נאָווי־דוואָרער געטאָ

יעקב גלאַטשטיין

# און דו, יינגעלע

...און דו, געשמאַק יינגעלע, ביזט דאָרטן אויך געווען.
דו, אָנגעצייכנטער אויף דעם אויסגעשטערנטן ייִדישן הימל,
ביזט דאָרט אויך געווען און געשטאָרבן.
זיס ווי אַ טויב האָסטו געשטרעקט דייַן האַלדז
און געזונגען מיט די אבות און די אמהות,
פון אָנהויב, ביז אָנהויב, ביז אָנהויב.

פאַרמאַך די אויגן, ליב ייִדיש יינגעלע,
און דערמאָן זיך ווי דער בעל־שם האָט דיך אייַנגעוויגט
אין זייַנע אָרעמס,
ווען ס׳גאַנצע אויסגעחלומטע פאָלק
איז אויסגעגאַנגען אין די גאַז־קאַמערן פון לובלין.

און איבער די גאַז־קאַמערן,
און הייליקע געשטאָרבענע נשמות,
האָט זיך געדרויכערט אַן איינזאַמער און פאַרלאָשענער סיני.
יינגעלע מיטן צעצווייַגטן קאָפּ,
פרומע אויגן און ציטערדיקן מויל,
דאָס ביזטו דאָך געווען, די שטילע, קליינע, עלנטע,
אָפּגעגעבענע תּורה.
ביזט געשטאַנען אויפן סיני און געוויינט,
אַרייַנגעוויינט דייַן געוויין אין אַ טויטער וועלט.
פון אָנהויב, ביז אָנהויב, ביז אָנהויב.

און אַזוי האָסטו געוויינט:
די תּורה האָבן מיר מקבל געווען בייַם סיני,
און אין לובלין האָבן מיר זי אָפּגעגעבן.
נישט די מתים לויבן גאָט.
די תּורה איז געגעבן געוואָרן צום לעבן.

פון „נישט די מתים לויבן גאָט“

יהודית פשעניצא / חולון

# א קינד אויף די וועגן

דער קריגס־אויסברוך פון 1939 האָט מיך געטראָפן אַלס אַכט־יאָריק קינד, אָבער גאַנץ שנעל בין איך געוואָרן רייף, צו מיינע ניין יאָר האָב איך שוין אויסגעהאַלטן זיך אַליין און אויך געוואָרן די פּרנסה־געבערין פאַר דער גאַנצער שטוב.

איך געדענק נישט נאָווי־דוואָר פאַר דער מלחמה, מיט אַ יידיש לעבן, יידישע יוגנט — ווי עס דערציילן די נאָווי־דוואָרער. איך געדענק נאָר אַ נאָווי־דוואָר פון טרערן, באָמבעס און שרעק פאַרן טויט.

איך געדענק: דאָס וועגעלע שטייט פאַרן הויז, אַ גוי טראָגט אַרויס די זאַכן; מיינע טאַטע מאַמע, פאַרזאָרגטע, העלפן צו אַרויסשלעפּן די זאַכן פון שטוב צום וואָגן; די באָבע יוכבד זיצט אין דרויסן און גיט אַכטונג, מען זאָל חס ושלום גאָרנישט צוגנבענען; איך פרעג גלייכגילטיק: „מאַמע, וווּ פאָרט מען?“. — „קיין וואַרשע, אין אַ נייער דירה“ — ענטפערט מיין מאַמע. דאָס איז מיר געפעלן, ווי אַ שפּאַציר; דאָס הייסט, איך פאָר אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, אַז איך וועל אַריינגיין אין גרויסשטעטישן לעבן...

די פרייד האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, די טראַגעדיע האָט זיך אָנגעהויבן, מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו צעשיידן. איך, מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער און אויך מיין באָבע וויטע, האָבן נאָך אַ קורצער צייט פאַרלאָזן וואַרשע און אַריבער קיין רעמבערטאָוו. מיין זיידע סרולקע מיט זיין משפּחה זענען געבליבן אין וואַרשע אויף דער סטאַווקי גאַס.

די באַדינגונגען ווערן וואָס אַ מאָל ערגער, מיין טאַטע ליגט קראַנק אין בעט, מיין מאַמע — געשוואָלן פון הונגער. איך ווער דעמאָלט די פּרנסה־געבערין פון מיין גאַנצער משפּחה.

מיט אַ זעקל און אַ בריוול פון מיין טאַטן צו אַרנאָלד באַלדין, אַז ער זאָל אונדז עפּעס העלפן מיט עסן, לאָז איך זיך אַרויס מיט פאַרשידענע וועגן קיין נאָווי־דוואָר. אַרנאָלד באַלדין איז געווען אַ פאָלקסדייטש, מיין טאַטנס אַ גוטער באַקאַנטער. איך האָב אים איבערגעגעבן דאָס בריוול און ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט מיר, ער האָט אָנגעפילט מיין זעקל מיט עסנוואַרג, און איך האָב זיך געלאָזט צוריק אין וועג, צו מיינע עלטערן, וועלכע האָבן שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אויף מיין צוריקקומען.

אָבער ליידער בין איך נישט אַזוי גיך צו זיי דערגאַנגען. די דייטשע וואַך האָט מיך פאַרהאַלטן, צוגענומען דאָס זעקעלע שפּייז, געגעבן אַ פּאָר גוטע קלעפּ און מיך צוריקגעשיקט קיין נאָווי־דוואָר. נאָך אַ מאָל בין איך אַוועק צו אַרנאָלד באַלדין, ער האָט מיר ווידער געגעבן אַ זעקעלע עסן, און ער איז מיט מיר מיטגעפאָרן קיין רעמבערטאָוו צו מיין טאַטן. ער האָט מיין טאַטן שטאַרק באַדויערט, און מיט דעם האָט זיך די פריינדשאַפט פאַרענדיקט.

נישט געווען קיין אַנדערע עצה, איך האָב געמוזט ווערן די פּרנסה־געבערין פאַר דער משפּחה. מיט דעם זעקעלע אויף דער פּלייצע פלעג איך זיך לאָזן איבער די דערפער, בעטלען אַ שטיקל ברויט. איך פלעג אויסערן געטאָ צונויפקלייבן אַלטע שטיקלעך ברויט, עטלעכע קאַרטאָפל, און דאָס אַלץ ברענגען אין שטוב, צו דערהאַלטן די נשמות פון מיינע עלטערן. נישט איין מאָל פלעגט מיך פאַרהאַלטן די וואַך, צונעמען די פּאָר שטיקלעך ברויט, אויסשיטן דאָס אַלץ, וואָס אין זעקעלע, און מיר גוט אָנשלאָגן. מיט אַ געוויין פלעג איך זיך אומקערן צו מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ שטיקל ברויט... לאַנגע מאַנאַטן האָב איך אַזוי, טאָג און נאַכט, זיך אַרומגעשלעפּט צווישן די דערפער.

איינמאָל האָט מיין באָבע וויטע געזאָגט צו מיר: „פאָר מיט מיר צוריק קיין נאָווי־דוואָר, ווייל שטאַרבן — וויל איך דאָרט“. איך האָב פאַרלאָזט מיינע קראַנקע עלטערן און געלאָזט זיך מיט דער באָבען קיין נאָווי־דוואָר. נישט לייכט איז געווען דער וועג, דאָך זענען מיר אָנגעקומען, נאָר באַלד האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעטריבן קיין פּאָמיעכאָווע, און איך מיט מיין באָבען — צווישן אַלע.

איך האָב דעמאָלט נישט געוווּסט און נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער וועג פאַר די אַלע, וועלכע געפינען זיך דאָ. אפשר האָבן דעמאָלט אויך די דערוואַקסענע דאָס נישט פאַרשטאַנען. צופעליק האָט מיך דאָרט געטראָפן אַרנאָלד באַלדין, וועלכער איז געווען איינער פון די מאַכערס ביי די דייטשן. ער האָט צו מיר געזאָגט: „לאָז דאָ איבער דיין

באָבען, זי איז שוין אַן אַלטע, דו ביסט נאָך אַ יונג קינד — וויל איך דיך פון דאַנען אַרויסנעמען". אין דעם מאָמענט האָב איך נישט געהאַט קיין גרויסן ווילן צו גיין מיט אים, איך האָב בעסער געוואָלט בלייבן מיט דער באָבען צוזאַמען, נאָך דאָך איז אים געלונגען מיך איבעררעדן און ער האָט מיך אַרויסגעפירט פון דאָרט. באַלד דערנאָך האָב איך מיט מיינע אויגן געזען, ווי מען גראָבט אויס גריבער און מען פאַרשיט מענטשן לעבעדיקערהייט. און אין מאָמענט, ווען כ'האָב געזען, ווי מען שטופּט מיין באָבען, בין איך אַרויס מיט אַ געוויין, געוואָלט צוריקלויפן, נאָר באַלדין האָט מיך מיט כוח אַוועקגעשלעפּט פון דאָרט, און איך געדענק נישט אַפילו, מיט וואָס פאַר אַ וועגן איך בין אָנגעקומען צוריק קיין נאָווי־דוואָר.

איך בין אַריין צום גלח, וועלכער האָט מיך נאָך געקענט אַלס קליין קינד, ווען איך פלעג קומען אין קלויסטער אַריין מיט אונדזער קריסטלעכער דינסט. איך האָב פאַרן גלח געוויינט און געבעטן, ער זאָל מיך ראַטעווען. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט מיינע עלטערן. ער האָט מיך באַרויקט און צוגעזאָגט, וויפל ער וועט נאָר קאָנען, צו העלפן. ער האָט מיך באַהאַלטן ביי זיך אין קעלער. טאָג־טעגלעך בין איך מיט אים געגאַנגען אין קלויסטער אַריין, ווי איך בין שפּעטער געוואָרן איינע פון די בעסטע זינגערינס אין קלויסטער־כאָר. מיט דער צייט האָט ער מיר אויך געגעבן אַנדערע פּאַפּירן, מיט מיין נאָמען פאַרענדערט אויף קריסטינאַ פּאַוולאָווסקאַ. איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן ממש ווי אַ געבוירענע קריסטין...

דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. אין אַ געווויסן טאָג, גייענדיק אין קלויסטער אַריין, האָט מיך באַמערקט אויף דער גאַס אַ קריסט און מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס טוסטו דאָ?". איך האָב זיך דערשראָקן און בין גלייך אַנטלאָפן. ווען איך האָב עס דערציילט דעם גלח, האָט ער מיך באַרויקט, געהייסן אַריינגיין צוריק אין קעלער און זיך אויפפירן שטיל.

אין זעלבן טאָג זענען צוויי דייטשן אַריין צום גלח, און געפאָדערט, ער זאָל אַרויסגעבן דאָס יידישע מיידל, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן. ער האָט אָפּגעלייקנט, אַז ביי אים אין שטוב איז ווער פאַראַן. זיי האָבן אים געדראָט מיט דערשיסן, אָבער ער האָט זיך שטאַרק געהאַלטן ביי זיינס, אַז ער באַהאַלט נישט קיינעם.

די דייטשן האָבן אים געפייניקט מיט פאַרשידענע עינויים און ער האָט מיך נישט אויסגעגעבן, ביז ער איז געפאַלן אויף דער ערד, פאַרגאָסן מיט בלוט. זיין לייב איז געווען אין גאַנצן צעשניטן און זיין פּנים — נישט צו דערקענען. דעמאָלט האָבן זיי אים איבערגעלאָזט און אַוועק. פאַרן שטאַרבן האָט דער גלח געבעטן ביי זיין הויזווירטין, זי זאָל מיך אַרויספירן פון דער באַהעלטעניש און ברענגען צו אים, ווייל ער וויל מיך געזעגענען.

ווען זי האָט מיך צוגעפירט צו אים, האָב איך נאָר געזען אַ ים פון בלוט און דער גלח איז געווען צעריסן אויף שטיקער. איך בין געפאַלן אין חלשות אַריבער אים, און ווען איך בין צוריקגעקומען צום באַוווסטזיין, האָט ער אויפגעהויבן זיין צעבראָכענע און צעשמעטערטע האַנט, מיך געגלעט און צום סוף געזאָגט צו זיין הויזווירטין, זי זאָל מיך איבערגעבן אין פאַראַנטוואָרטלעכע הענט, און זי זאָל זיך פירן מיט מיר ווי אַ מאַמע, כדי קיינער זאָל נישט האָבן אויף מיר אַ חשד, אַז איך בין אַ יידישקע. און אַזוי, אָנגעלענט אויף אים, האָב איך געפילט ווי זיין קערפּער ווערט קאַלט.

נאָך אַ מאָל האָט ער געבעטן, מען זאָל מיך באַהאַלטן אין אַ זיכער אָרט, און באַלד איז ער געשטאָרבן. איך קען זיך נישט דערמאָנען אינעם נאָמען פון גלח. ער איז געווען אַ „פּראָבאָשטש" אין נאָווי־דוואָר.

די הויזווירטין האָט מיך אַוועקגענומען פון דעם גלח און מיך אַרומגעוואַשן פון דעם גלחס בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסן אויף מיינע קליידער. זי האָט מיך איבערגעטאָן און פינף פאַר טאָג אַוועקגעפירט קיין מאָדלין. דאָרט האָט זי מיך איבערגעלאָזט און פאַרשוווּנדן.

פּלוצעם איז אָנגעקומען אַן עקספּרעס־באַן, און איך בין גלייך אַריין אין אַ וואַגאָן, ווו עס זענען געזעסן שיכורע דייטשן. איך בין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן וואַגאָן, אומבאַמערקט, און זיך אַוועקגעזעצט נעבן צוויי ציווילע. זיצנדיק אין וואַגאָן, האָב איך אָנגעהויבן דרעמלען, און דאַן האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ קריסט און מיך געפרעגט וועגן מיינע עלטערן. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב אַ טאַטן מיט קליינע קינדער, מיר זענען זייער אָרעם און איך מוז זוכן אַרבעט. ער האָט נישט געוווּסט, אַז איך בין אַ יידיש מיידל. אויף מיין האַלדז האָב איך געטראָגן אַ קרייץ אויף אַ קייטעלע. דער קריסט האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ דאָרף פארלין, לעבן דעם שטעטל טשערווינסק

צו אַ פויער מיטן נאָמען סטאַניסלאַוו קאַניאַ, און דאָרט האָב איך געאַרבעט ביז מיין באַפרייונג.

איין מאָל האָט מיך דעם פויערס ווייב געשיקט צו אירס אַ שוועסטער אין טשערווינסק, איך זאָל פֿאַר איר ברענגען שפּעפּסן־וואָל. איך האָב זיך דאָרט אַ ביסל פֿאַרהאַלטן, פּשוט אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך אָפּצורוען נאָך דער שווערער אַרבעט אין דער פויערישער ווירטשאַפט ביי קאַניאַן. ווען איך בין אַרויס אין גאַס, כדי צוריקצוגיין אין דאָרף פֿאַרלין, איז שוין געווען זיבן אָוונט און איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַ דייטשן פּאַטראָל.

דער פּאַטראָל האָט מיך געוואָלט פֿאַרהאַלטן און איך האָב אָנגעהויבן, דערשראָקן פֿאַר זייער „האַלט !" צו לויפן. די דייטשן נאָך מיר — מיט אַ פייער פון ביקסן. איך בין געלאָפן צום קריסטלעכן צמענטאַזש און אַריינגעשפּרונגען אין אַ גרויסן קבר. דאָס איז געווען אַ טיף־געמויערטער קבר, און אַלץ, וואָס איז דאָרט מיט מיר פֿאַרגעקומען, געדענק איך נאָר ווי אַ חלום, ווייל איך בין דורך דער גאַנצער צייט געווען פֿאַרחלשט.

איך האָב דאָרט געפילט טויטע קערפּערס אונטער מיינע פיס, וואָס זענען דאָרט אָנגעוואָרפן געוואָרן אין דער צייט פון קריג, און ווערעם און חיות האָב איך דאָרט געפילט... איך האָב געזען ווי די דייטשן דרייען זיך אַרום מיט לעמפּלעך און זוכן מיך. איך האָב זיך צוגעדריקט מיטן קערפּער צו דער וואַנט און געוואַרט. די דייטשן זענען אַוועק, אָבער איך האָב נאָך אַלץ מורא געהאַט אַרויסצוגיין, און איך בין געבליבן אין גרוב, נאָך אַ טאָג, ביז איינס ביי נאַכט, און דעמאָלט בין איך אַרויס פון קבר.

ווי אַזוי איך בין אַרויס פון דעם קבר — קען איך זיך נישט דערמאָנען. איך געדענק נאָר, אַז די געמויערטע וואַנט פון דעם קבר איז געווען זייער הויך און לויט מיין וווקס איז מיר געווען זייער שווער אַרויסצוקלע־טערן פון דאָרט... ווען איך בין אַריבערגעגאַנגען דעם הויכן פּאַרקאַן פון צמענטאַזש אין דער ריכטונג צו אַ דערפל אין יענער געגנט, האָב איך ביי נאַכט אָנגעג־קלאַפּט אין פענצטער פון אַ שטוב. אַ קריסטין האָט געעפנט די טיר און איך האָב ביי איר געבעטן, זי זאָל מיך לאָזן איבערנעכטיקן. זי האָט באַלד געבראַכט וואַסער, איך זאָל זיך אָרומוואַשן, ווייל פון מיר האָט זיך געטראָגן דער גערוך פון טויטע און ווערעם זענען געקראָכן אויף מיר.

איך האָב זיך געלייגט שלאָפן אויף שטרוי, זיך צוגעדעקט מיט שמאַטעס און איינגעשלאָפן. אַזוי בין איך געשלאָפן צוויי טעג, און די פויערים האָבן געמיינט, אַז איך בין געשטאָרבן און שיער מיך נישט באַגראָבן לעבעדיקערהייט. ווען זיי האָבן געזען, אַז איך דערוואַך, האָבן זיי געשטוינט, געברענגט אַ דאָקטער, און ער האָט באַשטעטיקט, אַז איך לעב נאָך... אויף זיין באַפע־האָבן זיי מיך אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל, און דאָרט, מיטן אומקערן פון מיין באַוווסטזיין, האָב איך ערשט דערזען, אַז מיין האַנט איז פֿאַרוווּנדעט. פון אַ קויל, צי פון אַ קלאַפּ — האָב איך נישט געוווּסט. וואָס עס איז מיט מיר געשען ביז דעמאָלט, זינט איך בין אַריינגעשפּרונגען אין קבר אויפן צמענטאַזש — האָב איך נישט געדענקט, נאָר די קריסטן האָבן עס מיר דערציילט, נאָך דעם ווי איך בין געקומען צום פֿאַרשטאַנד.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך דערוועקט פון שלאָף אין שפּיטאָל, האָט מען מיך געפֿאַרשט, ווער איך בין און פון וואַנען. איך האָב זיי אָנגעגעבן דעם נאָמען פון סטאַניסלאַוו קאַניאַ, וווּ איך האָב געאַרבעט.

אין שפּיטאָל האָט מען אַרויסגענומען אַ שפּליטער פון מיין פֿאַרוווּנדעטער האַנט. די קריסטין קאַניאַ איז מיך געקומען מבקר חולה זיין און זי האָט מיך צוריק צו זיך אַהיימגענומען.

איך בין ביי איר געבליבן ביז דעם טאָג פון דער באַפרייונג. ערשט מיט אַ טאָג פריער האָט זי אַנטדעקט, אַז איך בין אַ יידיש קינד, ווען דער סאָלטיס פון דאָרף איז אַריינגעקומען און צו מיר געזאָגט: „דו ווייסט, אַז דו ביסט אַ יידישקע ?" איך האָב זיך דעמאָלט איבערגעצלמט און פֿאַרגעוואָרפן דעם סאָלטיס, אַז ער רעדט ווי ער וואָלט אַראָפּ פון זינען...

אין יענעם טאָג נאָך דער באַפרייונג, ווען איך בין געגאַנגען פרימאָרגן מעלקן די בהמות, האָב איך צוזאַמענגענומען מיינע זאַכן און אַנטלאָפן.

חיה ליטמאַן פּערלאָוויטש / קיבוץ אפעל

# וואַנדערונג און לאַגערן

ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער תוהו־ובוהו פון דער מלחמה, האָט מיין מוטער גלייך באַשטימט צו נעמען האַק און פּאַק און אַריבערקלייבן זיך קיין וואַרשע, ווייל לויטן נסיון פון מיינע עלטערן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין וואַרשע תמיד געווען זיכערער. אַז מיר האָבן אָנגעהויבן פּאַקן די סחורה און די זאַכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין פורן זענען נישטאָ און אויף די וועגן איז סכנהדיק. מיר האָבן קוים באַקומען אַ קליינעם וואָגן און נישט אַלע פּעק זענען אַרויף, האָט דערפאַר אונדזער מוטער באַשלאָסן נאָך צו בלייבן מיט אַ טייל פון אונדזער האָב און גוטס אין דער היים, און אונדז, אירע קינדער, האָט זי געשיקט קיין וואַרשע.

נאָך אַ סך צרות זענען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע, וועלכע איז געשטאַנען אין פלאַמען. וווהין זיך אַהינצוטאָן — האָבן מיר נישט געוווסט. אויף דערווייל האָבן מיר איבערגעלאָזט אַלע פּעק ביי באַקאַנטע און ווידער געזוכט אַ וועג צוריק זיך צו טרעפן מיט אונדזער מוטער.

מיר און מיין ברודער איז געלונגען אַרויסצוכאַפּן זיך פון וואַרשע, ביז יאַבלאָננע זענען מיר נאָך דערגאַנגען בשלום, אָבער ווייטער, ביים געדיכטן ריי־זעווער וואַלד, האָבן מיר שוין געזען מחנות פּויליש מיליטער, אַ געלויף פון ציווילע, און באָמבעס זענען געפאַלן אָן אויפהער. אַזוי האָבן מיר זיך דערנענטערט און צוריק אָנגעקומען קיין נאָווי־דוואָר.

צווישן פינצטערע חורבות האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף די באַהאַלטענע און דערשראָקענע. יעדער האָט געפרעגט און געפאָרשט, געוואָלט וויסן, ווי איז די לאַגע אין וואַרשע. מיין מוטער האָב איך געפונען אין אַ קעלער ביי בלאַטן, און זי איז צוריקגעגאַנגען, לויט אונדזער בקשה, נעכטיקן ביי אונדז אין שטוב. ס'איז געווען אַ נאַכט פון שווערע באָמבאַרדירונגען, די ווענט האָבן זיך געטרייסלט און מיט יעדן אויפרייס האָט מען געמיינט, אַז אָט ווערן מיר פאַרשאָטן, און צוריקגיין אין בלאַטס קעלער אַריין — האָבן מיר מורא געהאַט.

צומאָרגנס איז געשען דער אומגליק מיט בלאַטס קעלער, אַלע וואָס זענען דאָרט געווען זענען פאַרשאָטן געוואָרן. מיין מוטער האָט באַשטימט, אַז מיר זאָלן צוריקגיין קיין וואַרשע; צוריק צום קעסל פייער, אָן עסן און טרינקען, אָן אַ פריינד און קרוב. אַזוי האָבן מיר זיך געפייניקט ביז דער רעזיגנאַציע פון וואַרשע, ביז די דייטשן זענען אַריין און מיר האָבן דערזען די ערשטע האַקנקרייצן.

איך באַגעגן זיך מיט מיין קרובה רבקה צוקער (ליטמאַן), — אַ צעבראָכענע און קראַנקע, זי האַלט אין איין רעדן, אַז דאָס איז דער סוף... און זי באַוויינט חיימען, וואָס האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט פון מיליטער. די טרייסטווערטער פון איר ברודער העלפן נישט, אירע נערוון זענען דערשיטערט, און אין אַ געוויסן פרימאָרגן באַגייט זי זעלבסטמאָרד. זי שפּרינגט אַראָפּ פון פערטן שטאָק אין הויף פון איר ברודער.

די לאַגע אין וואַרשע ווערט אַלץ שווערער; אַן אָנגעלויף פון פליטים; מען וווינט אין ענגשאַפט; אַלע שולן — אָנגעפּאַקט; עסן איז שווער צו באַקומען; די פּרייזן — זייער טייער; און ווידער יאָגט דער גורל אונדז צוריק קיין נאָווי־דוואָר.

דאָרטן הערשן די ברידער וועגדט, די פאָלקס־דייטשן. מיר באַוויזן נאָך אַריינצושטעלן אַ פוס אין שטאָט — און שוין האָבן מיר אַ באַזוך פון וועגדטס אַ יידישן שליח, צו נעמען פאַר אים וועש און איבער־צוג, — פאַרשטייט זיך, אַז „אויף זיין חשבון"... און באַלד קומט צו אונדז אַן אַנדערער „קונה", איינע, וואָס דאַרף אויסגעבן די טאָכטער, זי פאַרנעמט קישנס און איבערבעטן אָן שאלות און חשבונות, און גייט רויק אַוועק. ס'ווערט פאַר אונדז קלאָר, וואָס עס גייט אויף אונדז, אַז אונדזער גאַנץ האָב און גוטס וועט ווערן צערויבט, און מיר באַשליסן צו באַהאַלטן אונדזער סחורה, אַ טייל באַהאַלטן מיר ביי אַ באַקאַנטן און אַ טייל — אונטער דער פּאָדלאָגע ביי אונדז אין שטוב.

אַ סך צוריקגעקומענע פון וואַרשע הייבן אָן צו פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר און וואַנדערן קיין רוסלאַנד. מיין ברודער גייט אויך מיט דעם שטראָם און איך בלייב אַליין מיט מיין מוטער. באַלד קערט זיך אום מיין ברודער פון רוסלאַנד, און נאָך אַ סך צרות און פּיינען באַשליסן מיר ווידער צו אַנטלויפן קיין וואַרשע.

אין וואַרשע דינגען מיר אַ בוידעמשטובל און איך הייב זיך אָן צו פאַרנעמען מיט שמוגל.

מיין פּרנסה — די וועגן קיין יאַבלאָננע, צווישן וועלדער; איך קען שוין יעדעס שטיינדל און גרעזל און דעם געביל פון יעדן הונט. איך שפּרייז אַרום צווישן וואַרשע און יאַבלאָננע אין די נעכט. אונטערן וואַטעלין פון מיין מאַנטל טראָג איך די איינגענייטע סחורות און פאַרקויף זיי פאַר שפּייז־פּראָדוקטן. טייל־ווייז פאַר איך אויך אויף באַנען, פאַרשטעלט אַלס שיקסע.

אין וואַרשעווער געטאָ האָט מען דערווייל געכאַפּט מיין ברודער און פאַרנומען „צו אַרבעט" אין אַ לאַגער ביי לובלין, אין ליפּאָווע. אויף מיר אַליין פאַלט דער עול צו העלפן מיין הונגעריקער מוטער; איך מוז ווייטער, ביי די שווערסטע סכנות, וואַנדערן און פאַרדי־נען פון שמוגל; איך קלעטער אויף לייטערס, אויף בוידעמער, איבער פּלויטן — אַבי צו ברענגען אַ ביסן ברויט פאַר מיין מאַמען. דער הונגער איז גרויס, דער טיפוס בושעוועט, ער נעמט אויך צו מיין קוזין אברהם ליטמאַן. און ווי מוראדיק איז צו זען, ווען מען וואַרט שוין אויף די בגדים פון די טויטע...

מיין ענערגישן ברודער, שייעלע, געלינגט צו אַנטלויפן פון צוואַנגס־לאַגער אין ליפּאָווע, ער קומט צוריק אין וואַרשעווער געטאָ און גייט אַריין אַרבעטן אין אַ מיל, וואָס איז אין רשות פון דער וואַרשעווער יידישער קהילה (אונטער דער אַנפירונג פון קאָרן — לאַנגעטקעס איידעם). אַ דאַנק דעם געניסן מיר אויך פון אַ ביסל מעל. מיין ברודער באַמיט זיך אויך אַרויס־צוהעלפן אַ סך אַנדערע נויטבאַדערפטיקע, און נישט איין מאָל קומט ער צוריק אַ צעבראָכענער פון די אַלע געוויינען און בקשות אויף אַ ביסל מעל...

צוליבן גרויסן יקרות אין וואַרשע קערן זיך אום אַ סך נאָווי־דוואָרער פון וואַרשע קיין נאָווי־דוואָר, טראָץ אַלע ידיעות וועגן די טראַגישע פּאַסירונגען אין פּאָמיעכאָווער לאַגער. וואָס מען האָט געטאָן מיט די יידן פון פּאָמיעכאָווער לאַגער, איז מיר אויסגעקומען צו זען, ווען איך בין — פאַרשטעלט ווי אַ קריסטין — געגאַנגען אויפן וועג קיין חאָטאָמוו. גרויליק איז געווען דאָס בילד וואָס איך האָב דערזען.

אין עק וואַלד האָבן די רוצחים אַנגעצונדן אַ פייער און מיט שטעקנס געיאָגט די אַלע שוואַכע און קראַנקע יידן, וואָס האָבן שוין אויסגעזען ווי שאָטנס. די אַלע האָבן זיי געטריבן קיין וואַרשע, אַ סך פון די געטריבענע זענען נאָך דעם געשטאָרבן, צווישן זיי — שלמה קאַרצאָוויטש מיט זיין טאָכטער פּערעלע.

אין לעגיאָנאָווער געטאָ האָבן זיך דעמאָלט געפונען דבורה און בתיה ריבאַ, לייבעלע סקשידלאַ, הענדל בלאַנק (גאָלדבערג) מיט איר משפּחה, חנן זיידנבערג מיט זיין משפּחה, דער אַלטער רייכמאַן מיט זיין ווייב און יינגסטע טאָכטער פּערעלע. די אַלע האָבן זיך ווי עס איז אויסגעהאַלטן און דער אַלטער רייכמאַן האָט אַפילו אויפגעשטעלט אַ מין בעקעריי און דערפון געהאַט זיין קיום.

אויך מיין מוטער האָב איך אַריבערגעפירט קיין לעגיאָנאָווע, ווייל אין וואַרשע האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגען. אויך פריידע, אַנדזשאַ מיט איר זונעלע אלי, און ריווטשע צינאַמאָן, וואָס איר משפּחה האָט מען צוגענומען — זיי האָבן אַלע געפונען אַ דאַך איבערן קאָפּ אין לעגיאָנאָווע.

פון וואַרשע קומען אָן ביטערע ידיעות וועגן די אויסזידלונגען, איך כאַפּ זיך ווידער אַריבער אויף איין אָוונט קיין וואַרשע צו מיין ברודער און איך בעט ביי אים, ער זאָל פאַרלאָזן זיין אַרבעט אין מיל און אויך אַריבער צו אונדז, אָבער ער איז נישט מסכים. גלייך צומאָרגנס דערקענט אים אַן ס.ס.־מאַן אַלס אַנטלאָפענעם פון לאַגער אין ליפּאָווע, און ער שיקט אים ווידער אַוועק אין לאַגער.

איך בעט אויך ביי מיין באַקאַנטע שיינדל, זי זאָל אַנטלויפן מיט איר חנהלען, אָבער זי וויל נישט, ווייל אירע ברידער האָבן איר איבערגעגעבן צו היטן זייערע זאַכן, און דאָ איז זי פאַרזיכערט... איר מנשה (קאָ־כאַלסקי) פירט אַ בעקעריי מיט אַ גרופּע חלוצים — אַזוי האָט שיינדל אויפגעקלערט און נאָך נישט געוווּ־ווסט, וואָס זיי דערוואַרט, אָבער אין אַ געוויסן טאָג, ווען איר מנשה איז אַוועק ווי תמיד צו פאַרטיילן ברויט אויפן אומשלאַגפּלאַץ — האָט מען אים פאַרנומען מיט אַלע אַנדערע, און ביי אַ ווייטערדיקער אַקציע האָט מען אויך אַרויסגענומען שיינדלען.

אין לעגיאָנאָווע איז נאָך געווען שטיל און מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט אַזוי דויערן, אַז דאָ וועט דער שטורעם אויסמיידן, אָבער אין שמחת־תורה האָט מען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ אין לעגיאָנאָווע. מיט כוח האָב איך גענומען מיין מוטער און מיין מוטערס שוועסטערן־טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר אַכט, וואָס איז געווען מיט אונדז, נאָך דעם ווי מען האָט דערשאָסן איר מאַמען ביים פּרווו אַרויסצוגיין פון געטאָ, און מיר

זענען אַנטלאָפן און פאַרקראָכן אין אַ סטאָדעלע נעבן זעגזשע. די גויים האָבן אונדז געפּייניקט, געפּאָדערט געלט, און וואָס צו געבן איז נישט געווען. מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן און ווידער בין איך אַוועק קיין וואַרשע.

איך בין געגאַנגען זוכן אין וואַרשע די באַקאַנטע, וואָס זענען נאָך געבליבן און איך האָב אָנגעטראָפן אַ גרופּע יידן וועלכע זענען געגאַנגען צו אַרבעט אויף דער אַרישער זייט, פון זיי האָב איך באַקומען אויפקלערונגען, ווי שווער ס׳איז אַריינצוגיין אין געטאָ, דאָך מיט צרות בין איך געבליבן אין וואַרשע און לרוב אויף דער אַרישער זייט.

מיין מוטער מיטן מיידעלע די יתומה זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. קיין דאָקטער איז אוממעגלעך געווען צו געפינען, קיין רפואות זענען נישט געווען און אַפילו אַ ציטרין צו אַ גלאָז טיי — איז געווען אַ חלום. אויך איך מאַך דורך שווערע קרענק און בלייב על פּי נס צווישן די לעבעדיקע.

אַלע מיינע שכנים רעדן וועגן וואָלקן וואָס דערנענטערט זיך און מען הייבט אָן בויען אַ בונקער. די אַרבעט ווערט געטאָן ביי נאַכט, ווער עס גראָבט און בויט און ווער עס וואַכט; מען גרייט אָן שפּייז און וואַסער, און אַלע זענען פול מיט פּחד.

מיר האָבן נאָר וואָס פאַרענדיקט דעם בונקער, זיך קוים באַוויזן צו באַהאַלטן, ס׳איז ערב־פּסח 1943, און אָט — אַ שיסעריי, מיר זיצן און וואַרטן אין בונקער אויף נסים, און זיי קומען נישט. דעם 2טן מיי ווערט דורך אַ מסירה אַנטדעקט אונדזער בונקער, מיט דער הילף פון גראַנאַטן און גאַז ווערן מיר אַרויסגעטריבן. ס. ס.־לייט שטעלן אונדז אויס אין רייען און פירן אונדז צו דער באַן. דאָ האָבן מיר די געלעגנהייט צו זען, ווי אַלע הייזער, וווּ מען האָט נאָך געוווינט פאַר דעם אויפשטאַנד, זענען אויסגעגלייכט מיט דער ערד, אַלץ איז פאַרברענט און הרוגים ליגן אויף די גאַסן, נישטאָ ווער ס׳זאָל זיי באַגראָבן. אונדז פירט מען קיין מיידאַנעק.

אויף דעם פּלאַץ אין מיידאַנעק טרעף איך זיך מיט מיינע קרובים האָדל און חיה ליטמאַן. זלמן ליטמאַן איז נאָך געשטאָרבן פאַר דער אויסזידלונג און זיי ביידע זענען געווען צוזאַמען מיט דער משפּחה ווערמוס אין אַ בונקער אויף מילע. האָדל איז קראַנק, חיהלעס פּנים איז אָפּגעבריט פון גאַז, וועגן יוסף ליטמאַן ווייסן זיי נאָר, אַז ער איז געווען צווישן די אויפשטענדלער פון געטאָ. אויף דעם פּלאַץ פון מיידאַנעק נעמט מען צו האָדלען, חיהן און מיין מוטער, דאָס קליינע מיידעלע וואַרפט מען אַרויף מיט כּוח אויף אַן אויטאָ צווישן אַ סך קינדער, און איך בלייב איינע אַליין.

אַן עלנטע און צעבראָכענע הייב איך אָן זיך צוצופּאַסן צום סדר פון מיידאַנעק. יעדן טאָג גיי איך צו דער אַרבעט, וואָס באַשטייט פון שלעפּן און אַריבערטראָגן שטיינער פון איין אָרט צום צווייטן, און דערנאָך — אויף צוריק. מען טוט די קאַטאָרזשנע, אומזיניקע אַרבעט און מען באַקומט קלעפּ פאַר נישט גיין ריכטיק אין דער ריי, אָדער פאַר אויסדרייען דעם קאָפּ צו כאַפּן אַ בליק.

שפּרייזנדיק אַזוי אין טרויעריקן קאַראַוואַן, טרעף איך זיך אָן מיט די בליקן פון באַקאַנטע — פישל ליטמאַן, חיים ווערמוס, חיים ליכטנשטיין, דוד קאַלוואַריסקי. יעדער איז צעבראָכן, טרערן פון יאוש אין די אויגן, אָבער נישט איין מאָל הער איך אויך פון זיי טרייסטווערטער. חיים ווערמוס וואַרפט אויך אַ סך מאָל צו מיר אַריבער זיין פּאַרציע ברויט. איין מאָל האָט ער מיר מודיע געווען, אַז ביי נאַכט האָט מען דערהרגעט קאַלוואַריסקין.

אין איינעם שיינעם טאָג האָט מען אָוועקגענומען פון מיידאַנעק אַכט הונדערט פרויען, און איך און חוה שקלאַנקאַס שוועסטער בראַזיליאַ — צווישן זיי. מיר האָבן נישט געוווּסט וווהין מיר פאָרן, ביז מיר האָבן נישט דערזען ביים אַראָפּגיין פון די וואַגאָנען די שילדן „סקאַרזשיסקאָ״.

דאָרט האָט מען אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר מוזן זיין ערלעכע אַרבעטערינס. צווישן די דריי ווערקן פון דער אַמוניציע־פאַבריק, איז צום שווערסטן געווען דער דריטער, צו וועלכן מיר, נאָווי־דוואָרער, זענען צוגעטיילט געוואָרן. די באַראַקן זענען אָנגעפירט געוואָרן פון יידן, וואָס אַ טייל פון זיי זענען נישט געווען בעסער אין זייער אויפפירונג פון די ס. ס.־לייט. זיי האָבן אונדז מכבד געווען מיט זידל־ווערטער און קלעפּ אויפן ברוטאַלסטן אופן. אויך פון עסן, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָבן די יידישע פאַראַנטוואָרטלעכע צוגענומען אַ שפּאַרן חלק. זיי האָבן אַ דאַנק דעם געלעבט אין לאַגער אין גוטע באַדינגונגען, כּסדר געפירט אַ מסחר מיטן צוגעגנבעטן ברויט אויפן חשבון פון די אויסגעהונגערטע מיילער. שפּעטער האָבן אַ סך פון די רויב־פייגל, אונדזער יידישע פירערשאַפט, באַקומען זייער שטראָף און דערהרגעט געוואָרן דורך די געהיימע

קאַמפּס־גרופּן, וואָס האָבן דאָרט געווירקט, אין פֿאַר־בינדונג מיט די רוסן.

פֿון סקאַרזשיסקאַ האָט מען אונדז אַוועקגעפֿירט קיין לייפּציק, ווידער צום זעלבן רעזשים, שווערע אַר־בעט און אַפּעלן, אָבער די סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען געווען אַ ביסל בעסער, מיר האָבן שוין געהאַט וואַסער צום וואַשן און זיך געקאָנט האַלטן ריינער. דאָס אַליין האָט שוין געענדערט דאָס געמיט און מיר האָבן באַ־קומען מער האָפֿענונג.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן דער סוף פֿון קריג, אַלץ אָפֿטער האָט מען איבערגעריסן די אַר־בעט צוליב די אַטאַקעס פֿון די ערעאָפּלאַנען, די צעטומ־לעניש פֿון די ס. ס.־לייט האָט עדות געזאָגט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פֿון באַפֿרייונג.

מיט אַ מאָל האָט מען פֿאַרמאַכט די פֿאַבריק און אונדז אָנגעהויבן צו יאָגן דורך די וועלדער, אָן שלאָף און אָן עסן. נישט איינער איז אַרויס פֿון דער ריי, כדי צו כאַפּן אַ גרעזל צום עסן און דערפֿאַר דערשאָסן געוואָרן, אָבער דאָך האָבן מיר זיך מיט אַלע כוחות באַמיט צו גיין און דורכגיין דעם לעצטן נסיון, ווייל מיר האָבן געפֿילט, אַז די באַפֿרייונג איז נאָענט.

נאָך היינט זע איך פֿאַר מיינע אויגן מיידאַנעק, און נאָך היינט טוט ווי צו וויסן — ווי ס׳גיט איבער אָן עדות, אַז צווישן די יידן, וואָס מען האָט געפֿירט אין ליפּאָווע מיט מוזיק צום טויט, איז אויך געווען מיין ברודער שייעלע, ער האָט צום בייזועזנדן עדות גע־שריגן, אַז מען זאָל געדענקען דעם טאָג פֿון זיין אומ־קום — דעם 3טן נאָוועמבער 1943.

איך בין באַפֿרייט געוואָרן דעם 7טן מיי 1945, איך האָב נאָך באַוויזן צו זען, וואָס עס איז געבליבן פֿון נאָווי־דוואָר און איך בין גלייך אַוועק פֿון דאָרט, זיך געלאָזט וואַנדערן, און כמעט צופֿוס בין איך דער־גאַנגען קיין ישראל.

חוה שקלאַנקאַ־וואָלאַנסקאַ / לאָנדאָן

# אין וואַרשעווער געטאָ און אין לאַגערן

**מיט נאָווי־דוואָרער אין וואַרשעווער געטאָ**

דער מלחמה־שטורעם האָט מיך פֿאַריאָגט נאָך וואַרשע און דאָרט האָב איך דורכגעמאַכט, ווי די אַלע אין געטאָ פֿאַרשלאָסענע יידן, די סיסטעמאַטישע אויס־הונגערונג, די שרעקלעכע קעלטן און די שווערע אי־בערלעבונגען אין דער צייט פֿון די אויסזידלונגען.

דער טאָג פֿון 22סטן יולי 1942, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגען פֿון וואַרשעווער געטאָ אין דער ריכטונג צו מיזרח, האָט אַרויסגערופֿן פּאַניק און שרעק. די באַרבאַרישע מעטאָדן, מיט וועלכע די דייטשע סאַדיסטן פֿלעגן זיך באַנוצן, האָבן שוין קלאָר געוויזן, וואָס מען מיינט מיט דעם אומשולדיקן אויס־דרוק: „אויסזידלונג".

כדי אויסצומיידן די אַרויסשיקונג, האָבן מיר, מיין משפּחה, זיך באַמיט אַריינצובאַקומען אין איינעם פֿון די שאָפּן, וואָס האָט געאַרבעט פֿאַר די דייטשן. איך, מיין שוועסטער, אונדזערס אַ פֿעטער און אַ קוזין מיט אַ 4 יאָריק יתומהלע, וואָס איז געבליבן נאָך דער פֿאַר־שטאָרבענער מומען, האָבן זיך אַלע אויסבאַהאַלטן אין אַ שאָפּ, ווו איך און מיין פֿעטער האָבן געאַרבעט און מיט אונדזערע אַרבעטס־קאַרטן „געדעקט" די אַנ־דערע פֿון אונדזער פֿאַמיליע.

אין געטאָ זענען כסדר פֿאָרגעקומען די אויס־זידלונגס־אַקציעס, מיט קליינע הפסקות. אין איינע פֿון די דאָזיקע אַקציע־טעג, אין 5טן סעפּטעמבער 1942 האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע גרויסע צרות.

אין דעם טאָג בין איך אַרויס פֿון שאָפּ, איינצושאַפֿן אַ ביסל קאַרטאָפֿל פֿאַר מיר און פֿאַר מיינע עלטערן, ווייל מיר זענען פּשוט געפֿאַלן פֿון דעם כסדרדיקן הונגער, אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען פֿון גאַס, האָב איך שוין מיינע עלטערן נישט געזען.

מיין גאַנצע פֿאַמיליע האָט מען אַרויסגענומען פֿון שאָפּ און אָפּטראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע. איך בין געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטיינערט, כ׳האָב אַפֿילו קיין טרער נישט געקאָנט לאָזן און נאָר געטראַכט: פֿאַר וואָס דאַרפֿן זיי אַזוי יונגערהייט אומקומען מיט אַזאַ שוידערלעכן טויט, און ווי וועל איך בלייבן עלנט און אַליין, אָן זיי?

די לעצטע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פון מיין פאָטער, זענען געווען וועגן פיין און נקמה:

„איך זע און פיל, אַז מיר וועלן אומקומען. אומזיסט אונדזער פייניקן זיך. עס טוט מיר נאָר וויי, וואָס איך האָב נישט איצט לעבן מיר מיין איינציקן זון (ער איז געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד), אָבער דו, טאָכטער מיינע — האָט ער ווייטער פאַרגעזעצט מיט טרערן אויף זיין מאַט, אויסגעמאַטערט פנים — דו ביסט נאָך יונג, טו אַלץ, אַז זאָלסט בלייבן לעבן און זאָלסט קאָנען נקמה נעמען פאַר די אוממענטשלעכע ליידן און צרות, וואָס מיר גייען אַדורך ביז מען פירט אונדז צום שרעקלעכן טויט“.

ווי אַ צוואה האָבן מיך די לעצטע ווערטער פון מיין פאָטער באַגלייט אויף מיין ווייטערדיקן דערנערוועג.

פון דער צייט, זינט כ׳האָב פאַרלוירן מיינע עלטערן, זענען אַדורך בערך זיבן חדשים, ביז איך האָב זיך געטראָפן מיט מיין שוועסטער, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון נאָווי־דוואָרער געטאָ.

ס׳איז געווען די צייט ווען די באַפעלקערונג אין וואַרשעווער געטאָ האָט אָנגעהויבן בויען בונקערס, זיך באַהאַלטן אין קעלערס, אויף דעכער, אַבי אויסצומיידן די „אַקציעס“.

חיים ווערמוס האָט אונדז צוויסן געטאָן, אַז ער האָט אַ גוטן בונקער, און ווער פון זיינע נאָווי־דוואָרער וועט וועלן — וועט ער אים דאָרט אַרייננעמען. חיים ווערמוס האָט צו אַלע נאָווי־דוואָרער אַרויסגעוויזן אַ סך צוגעבונדנקייט און צו יעדן איינעם אויסגעשטרעקט אַ האַנט. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, האָט ער די אַלע נאָווי־דוואָרער אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און זיי באַזאָרגט מיט געווער, וואָס ער האָט איינגעשאַפט אויף דער אַרישער זייט מיט גרויסער ריזיקע. ער אַליין האָט אָנטייל גענומען אין די געטאָ־קאַמפן, ביז ער איז געכאַפּט און אָפּגעפירט געוואָרן קיין מיידאַנעק. אויך דאָרט האָט ער געקעמפט און ער איז אומגעקומען פון אַ דייטשער קויל.

ס האָבן אויך העלדיש געקעמפט אויף די גאַסן פון וואַרשעווער געטאָ אונדזערע נאָווי־דוואָרער יוסף ליטמאַן און זישע פאַפיער. זיי האָבן אָנגעהערט צו די אָרגאַניזירטע קאַמפס־גרופן אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן מיט מסירת־נפש געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דייטשע באַרבאַרן. זיי זענען אומגעקומען בעת די פאַרטיזאַנישע קאַמפן אין די וועלדער, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון וואַרשעווער געטאָ. יוסף ליטמאַן, ווען ער האָט שוין געהאַט אַן אַדורכגעשאָסענעם בויך, האָט אויך נישט אַרויסגעלאָזט די ביקס פון דער האַנט און מיט זיין אייגן בלוט האָט ער פאַרצייכנט דעם טראַגישן פינאַל פון זיין לעצטן העלדישן קאַמף.

## נאָך דער ליקווידאַציע פון אויפשטאַנד

ס׳איז געווען נאָך די קאַמפן, די מחנות נאַצישע מערדער האָבן דעם אויפשטאַנד ליקווידירט מיט די ברוטאַלסטע מעטאָדן. אַ טייל זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אַ טייל זענען אומגעקומען אין די קרעמאַטאָריומס און אַ קלענער טייל איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן צו די שווערסטע אַרבעטן אין מיידאַנעק און אין אַנדערע לאַגערן, וואָס האָבן זיך על־פי־רוב אויך פאַרענדיקט מיט טויט.

מיר זענען דעמאָלט 3 וואָכן געווען פאַרשטיקט אין בונקער, אָן וואַסער, אָן ליכט און אָן אַ ביסל לופט. אויסגעהונגערטע, איבערגעשראָקענע, האַלב ווילדע, האָט מען אַזוי געלעבט אין דער באַהעלטעניש, ביז אין איינעם אַ טאָג האָבן די נאַצישע באַרבאַרן אונטערגעצונדן דעם גאַנצן שטח פון געטאָ. אַלע הייזער זענען געשטאַנען אין פלאַמען, די וואַסעררערן האָבן געפּלאַצט פון היץ, און מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונדזער בונקער.

טויט־דערשראָקענע, אויסגעמאַטערטע און שרעקלעך אויסגעהונגערטע האָבן מיר אַרומגעבלאָנקעט צווישן די חורבות. נאָך עטלעכע טעג אַרומבלאָנקען, בין איך אַרום האַלבער נאַכט אַראָפּ אין אַ קעלער, אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס און דעמאָלט (ס׳איז געווען אין 8טן מײַ 1943), האָבן מיך די ס.ס ס.־לייט דערווישט און מיך מיט אַ גרעסערער גרופּע געכאַפּטע יידן אָפּגעשיקט אויף זייער „באַפעהל־שטעלע“.

דאָרט האָבן זיי צונויפגעשטעלט אַ טראַנספּאָרט פון אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסענע און ביז טויט פאַרמאַטערטע מענטשן, אויף אָפּצושיקן אין טויטן־לאַגער.

דאָס האַרץ האָט אין מיר געוויינט: איינע אַליין בין איך געבליבן. מיין שוועסטער, מיט וועלכער איך האָב זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט, איז מיר אין צווישן אַוועקגעקומען. „מיין טייערע שוועסטער, וווּ ביסטו, ווי וועל איך לעבן אָן דיר?“ — אַזעלכע קרעכצן און געשרייען האָבן זיך געריסן פון מיין מויל און איך בין אַוועקגעפאַלן אַ פאַרחלשטע.

אַ ברוטאַלער קלאַפּ פון אַ דייטשן זשאַנדאַרם האָט מיך אויפגעוועקט און געשטעלט אויף די פיס. איך בין שנעל ווידער געקומען צום באַוווסטזיין און דערזען, אַז מען פירט אונדז צום „אומשלאַג־פּלאַץ".

צומאָרגנס אין דער פרי זענען אָנגעקומען לערע וואַגאָנען. מען האָט אַריינגעשטופּט די מענטשן אין די פּראַכט־וואַגאָנען ווי הערינג, צוגעקלאַפּט די טירן און פענצטער מיט טשוועקעס, אַזוי, אַז עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. אויף די דעכער זענען געזעסן אוקראַינער און דייטשן מיט געווער, און ביי דעם מינדסטן שאָרך האָבן זיי גלייך געשאָסן.

די גרעסטע צאָל מענטשן זענען בכלל נישט אָנגעקומען לעבעדיקערהייט אויפן אָרט, זיי זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און דאָרשט און זענען דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנען.

צומאָרגנס, אַרום מיטאָג־צייט, זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט, קיין לובלין. פון די וואַגאָנען האָט מען אַרויסגענומען מער טויטע ווי לעבעדיקע.

צוויי ס. ס.־לייט, אין באַגלייטונג פון זייערע הינט, האָבן אויסגערופן, אַז אַלע פרויען זאָלן זיך שטעלן באַזונדער. מען האָט פון אונדז פאַרמירט פאַרטיעס און אונדז ווייטער געפירט. באַגלייט פון ס. ס.־לייט מיט מאַשין־געווער, האָבן זיך געשלעפּט אין זייער טויטן־מאַרש אַלטע, קראַנקע און קינדער. פון אויסגעמאַטערטקייט, דאָרשט און הונגער איז אַלע מאָל אַן אַנדערער געפאַלן פון די כוחות. אָבער די אָנגערייצטע הינט האָבן געצווונגען זיך ווידער צו שטעלן אויף די פיס, ביז נאָכן שלעפּן זיך אַ האַלבן טאָג זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען אין דעם אַזוי טרויעריק באַרימטן גיהנום מיידאַנעק.

## אין לאַגער מיידאַנעק

אין מיידאַנעק מאַרשירן מיר 5 אין אַ ריי צום באָד. אַ געזונטער, הויכער דייטשער מיליטער־מאַן, אין מיטעלן עלטער, סעלעקטירט אונדז. ס'איז שווער צו וויסן, ווער עס וועט דאָ געהערן צו די געראַטעוועטע און ווער צו די פאַרגאַזטע.

די ערשטע פאַרטיע פון יונגע מענטשן, צווישן וועלכע אויך איך געפין זיך, ווערט אַריינגעפירט אין באָד אַריין. מיר טוען זיך שנעל אויס, אָבער מיר ציען זיך שנעל צוריק, מיר האָבן מורא אַריינצוגיין, אַ שרעק באַהערשט אונדז: דאָס זענען דאָך די גאַז־קאַמערן! אַלע שטייען נאַקעט און ווילן נישט אַריינגיין. מיר וואַרטן. אויף וואָס וואַרטן מיר — ווייסן מיר אַליין נישט. אָבער סוף־כל־סוף זענען מיר אינעווייניק. די קראַנען ווערן אויפגעדרייט, עס פליסט וואַסער, וואַסער און נישט קיין גאַז, מיר פילן זיך ווי ניי געבוירן...

נאָך דער באָד ווערן מיר ווידער גענוי באַטראַכט פון אַן ס.ס.־מאַן, זעט אויס, אַ דאָקטער, די סעלעקציע איז אַ גאָר גענויע און פּינקטלעכע. יעדע באַזונדער ווערט פון אַלע זייטן רעפלעקטירט און פאַר דעם מינדסטן קרעצעלע, אָדער סתם עפּעס אַ פלעק, ווערט מען אויססאָרטירט, אַרויסגענומען פון דער גרופּע און אַפּטראַנספּאָרטירט צו דער אייביקייט. אויסגעבאָדענע און אויסגעסאָרטירטע גייען מיר אַדורך אַן אַנדערן אַרויסגאַנג. ס. ס.־פרויען גיבן אונדז אַרויס באַקליידונג.

די באַקליידונג איז אַן אויסטערלישע, עפּעס אַלטע באַל־קליידער, אָדער פאַרדרייטע מענער־מלבושים. אַלץ איז געמאַכט מיט אַ ספּעציעלער כוונה: אונדז ביז צום לעצטן דערנידעריקן און מאָראַליש צעברעכן. מיר קריגן קליינע פּאַרציעס ברויט. אָבער איך בין געווען אַזוי צעשטערט, אַז איך האָב אַפילו נישט פּרובירט צו עסן דאָס ברויט, נאָר ערשט שפּעטער, מאַרשירנדיק צו די באַראַקן, כאַפּ איך זיך צום אַראָפּשלינגען אַ פּיצל ברויט, צו וועלכן איך האָב שוין אַזוי לאַנג געבענקט.

מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויפן 5טן פעלד, ווו עס זענען געווען נאָך פרויען. דאָרט האָט אונדז איבערגענומען אין איר באַזיץ די בלאָק־עלטסטע און פאַר אונדז אָנגעקלייגט אַזאַ רעדע:

„די קאַצעטלער האָבן נישט קיין שום רעכט, אויסער די רעכט צו שטאַרבן. אייער באַפרייונג פון לאַגער קען נאָר קומען דורך דעם גאַז־קוימען. אייער פליכט איז צו זיין געהאָרכזאַם און שטרענג דיסציפּלינירט".

אין דעם רעזשים האָב איך געלעבט איבער 2 מאָנאַטן. נאָך דעם ווי מען האָט מיך רעגיסטרירט, בין איך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נומער. יעדן 4 אַ זייגער פאַר טאָג האָט מען אונדז געוועקט צום „אַפּעל", מען האָט געמוזט אַרויסגיין, נישט רעכענענדיק זיך, וואָס פאַר אַ וועטער עס איז אין דרויסן; עס האָט געמעגט רעגענען, שנייען. געאַרבעט האָט מען אונטערן גאָלן הימל 12 שעה.

ביי די אַפּעלן און ביי דער אַרבעט האָט מען שרעקלעך געשלאָגן. אונדזער עסן איז באַשטאַנען פון 170 גראַם ברויט אַ טאָג און אַנדערהאַלבן ליטער וואַסערדיקע זופּ.

די קראַנקע האָט מען צום אַפּעל אַרויסגעטראָגן אין אַ קאָץ און זיי אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. עס זענען אָפּט פאַרגעקומען שטראָף־אַפּעלן נאָך דעם צוריקקומען פון דער אַרבעט. אויף די דאָזיקע אַפּעלן האָט מען געמוזט די גאַנצע צייט שטיין אויפן פּלאַץ און ערשט אַרום 9 ביי נאַכט האָט מען געקאָנט אַריין אין באַראַק אַריין.

סעלעקציעס זענען פאַרגעקומען יעדן פאַרטאָג. די „אויסבראַקירטע" האָט מען גלייך אַוועקגענומען אין „אויוון" אַריין. יעדן אָוונט ביים אַפּעל האָט מען גוט באַטראַכט די פיס און אַנדערע טיילן פון קערפּער, און פאַר דער מינדסטער זאַך, עפּעס אַ קרעצעלע אָדער אַ פּלעקעלע אויפן לייב, איז מען אָפּגעשיקט געוואָרן אין „גאַז" אַריין. אַ גרויסער טייל איז געשטאָרבן פון הונגער און פון פאַרשידענע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

אונדזער בלאָק האָט געציילט איבער 500 פרויען. צודעקן און פּריטשעס איז נישט געווען גענוג פאַר אַלע. די ערשטע נאַכט בין איך געלעגן אויף דער הוילער ערד און זיך געקאַרטשעט פאַר קעלט. מיט מיר צוזאַמען איז דאָרט געווען העניע זיידנבערג מיט איר מוטער. זיי האָבן זיך מיט מיר פאַרנומען און מיך דערנענטערט. מיט העניע זיידנבערג בין איך גע־גאַנגען צוזאַמען צו דער אַרבעט.

ביים קאָנטראָלירן פון די בומערלעך, כדי צו קריגן אַ ביסל וואַסער, האָבן דער לאַגער־עלטסטער און דער לאַגער־שוץ געשלאָגן אָן רחמנות מיט די פּייטשן, פון וועלכע זיי האָבן זיך קיין מאָל נישט געשיידט.

דאָס לעבן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער, עס איז געוואָרן אוממעגלעך אויסצוהאַלטן די צרות. ביי דער אַרבעט פלעג איך אַ סך מאָל קריגן אַ שטיקל ברויט, וואָס עס פלעגט צו מיר אַריבערוואַרפן אַ נאַווי־דוואָרער, חיים גאָלדשטיין, וועלכער האָט ליידער נישט איבערגעלעבט די צרות. דער הונגער איז געווען אַזאַ שרעקלעכער, אַז מען פלעגט זיך אויף מיר וואַרפן און ביי מיר אַרויסרייסן דאָס פּיצל ברויט, וואָס מען האָט פאַר מיר אַריבערגעוואָרפן.

ווען מען האָט אַרויסגעשיקט דעם ערשטן טראַנס־פּאָרט פון מיידאַנעק, בין איך געווען פון די וועלכע האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן. איך בין בשלום אַדורכ־געגאַנגען די מעדיצינישע אונטערזוכונג און אַלע אַנ־דערע שיקאַנעס און איך בין אַריין אין טראַנספּאָרט.

איך האָב זיך געזעגנט מיט העניען, מיט איר מוטער און מיט די אַנדערע נאַווי־דוואָרער אין לאַגער. העניעס מוטער האָט מיר מיטגעגעבן אויפן וועג אַ שטיקל ברויט פון איר אייגענער פּאָרציע און אַ קלעצל צוקער. מיר האָבן זיך צעקושט און צוגעווינטשן זיך צו טרעפן ווען ס'איז אין אונדזער ליב שטעטעלע נאַווי־דוואָר. העניעס מאַמע האָט ליידער דאָס נישט דער־לעבט...

אונדזער טראַנספּאָרט האָט געריגרט פון אָרט, מיין האַרץ האָט ווידער אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין אַ שנעלן טעמפּאָ, פול מיט שרעק, טרויער און בענקשאַפט. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין די באָד־אַנשטאַלטן און אין דער פרי האָבן מיר פאַרלאָזט מיידאַנעק, מיין ערשטן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

## אין לאַגער סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענענע

מיר זענען אָנגעקומען אין דעם לאַגער אונטער דער שטרענגער וואַך פון אונדזערע מערדערישע באַ־גלייטער. אין וואַלד, פאַר דעם טויער פון לאַגער, איז געשטאַנען אַ בודקע מיט אַ יידישן פּאָליציאַנט. די וועלדער אַרום זענען געווען באַזעצט מיט אוקראַיִנישע וועכטער. ווערקשוצער און אַרומגערינגלט מיט עלעקטרישע פאַר־צוימונגען.

איבערן איינגאַנגס־טויער איז געהאַנגען אַ גרויסע שילד מיט אַ ריזיקן איבערשריפט: „האַסאַג". עפּעס אַ נייער מערדערישער שווינדל, עפּעס אַ נייע אָפּגענאַרע־ריי... דער אויפשריפט איז אונדז אַלעמען אויסגעקומען פאַרדעכטיק.

אין לאַגער, אויפן פעלד שטייען צעוואָרפן קליינע, קאַליכטע באַראַקן. עס דרייען זיך אַרום מענטשן אין אָפּגעריסענע קליידער, אַלע — געפאַרבט אויף געל. אַ פּאָליציאַנט טיילט אויס פון שמוציקע פעסלעך עפּעס אַ מין וואַסערדיקע זופּ צום נאַכט־עסן. דאָס עסגעשיר איז שמוציק און פאַרזשאַווערט. ווער עס בעט מען זאָל פאַר אים צוגיסן נאָך אַ ביסל זופּ — קריגט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. אַ טייל פון די לאַגעריסטן זעען אויס ווי ריכטיקע סקעלעטן, און קוים וואָס זיי האַלטן זיך אויף די פיס.

די נאַכט פאַלט צו. מען פירט אונדז אַריין אין די באַראַקן. מיר ליגן אויף שטרוי, נישט צוגעדעקט, עס שווידערט פון קעלט און הונגער.

פאַר טאָג פירט אונדז אַ פּאָליציאַנט אין דער פאַב־ריק אַריין. דאָס איז געווען אַן אַמוניציע־פאַבריק — די באַקאַנטע 3 ווערק. איך בין געוואָרן צוגעטיילט צו דער

פאַבריקאַציע פון גראַנאַטן. דאָרט האָב איך געאַרבעט 12 שעה אַ טאָג.

די לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעכע, נישט צום אויסהאַלטן. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. נאָך אַ וואָך צייט זענען דאָס פּנים, די האָר און די קליידער געוואָרן אין גאַנצן געל. דער מאַטער־יאַל, מיט וועלכן מיר האָבן פאַרגאָסן די גראַנאַטן, האָט אויסגעברענט שטיקער, צעפרעסן דאָס האַרץ מיט די לונגען. פון שטענדיקן שטיין ביי דער אַרבעט זענען די פיס געשוואָלן געוואָרן. דאָס עסן איז געווען שלעכט און ווייניק. צוויי מאָל אין טאָג — אַ ביסל שיטערע זופּ און 150 גראַם ברויט. פון דעם האָט מען געדאַרפט לעבן, אַרבעטן 12 שעה אַ טאָג.

טאָג־טעגלעך פירט מען אַוועק אויף לאַסט־אויטאָס די געשטאָרבענע „מוזלמענער". מענטשן זענען גע־לעגן אויף די פּריטשעס איינגעדרייטע און אויסגעטרו־קנטע ווי די מאַלפּעס. זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח אַ וואָרט אַרויסצורעדן. דאָס זענען זיי געווען, די אויסגעדאַרטע „מוזלמענער", צווישן וועלכע דער מלאך־המוות האָט געטאָן זיין אַרבעט אויף רעכטס און לינקס.

דער בריגאַדיר, אַ פּאָלאַק, האָט ביי דער אַרבעט געשלאָגן ביז טויט, אָדער ער פלעגט אָפּגיסן די אַר־בעטער מיט דעם הייסן מאַטעריאַל מיט וועלכן מען פלעגט פאַרגיסן די גראַנאַטן. די מענטשן זענען נישט געווען בכוח אַרויסצוגעבן די פאַרלאַנגטע פּראָדוקציע. דעם גרעסטן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צו די מענער. איך בין געווען גליקלעך, וואָס מיין טאַטע האָט נישט דערלעבט זיך אַריינצובאַקומען אין דעם גיהנום...

פון אַרום 500 מענער, וועלכע זענען צוזאַמען מיט אונדז געקומען, זענען נאָך געבליבן ביים לעבן 43. די איבעריקע זענען געפאַלן פון הונגער, קרענק און שווע־רער, איבערמענטשלעכער פּראַצע.

טאָג־טעגלעך זענען צענדליקער מענטשן געפאַלן אויף דער דורך אונדז אַזוי גערופענער קרענק „האָסאַ־גוווקאַ", וואָס האָט געמיינט: אויסגיין פון הונגער. ווען די מענטשן זענען נאָך געווען אין גסיסה, האָט מען שוין פון זיי אַראָפּגעריסן די קליידער מיט וועלכע עס האָבן זיך געטיילט די מאָרגנדיקע קאַנדידאַטן פאַרן מלאך־המוות.

עטלעכע מאָנאַטן זענען מיר געווען אָנגעטאָן אין פּאַפּירענע קליידער און מיט פּאַפּיר האָבן מיר זיך צו־געדעקט ביים שלאָף. ערשט אין דעצעמבער האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן באַקליידונג און קאָצן.

אין דעם לאַגער האָבן די מענטשן זיך באַמיט צו זיין די לעצטע ביים נעמען די זופּ, ווייל די לעצטע זופּ איז געדיכטער. פיל מאָל פלעגט זיך טרעפן, אַז עס האָט איבערהויפּט פאַר די לעצטע אין דער ריי אויסגעפעלט. און טאָמער פלעגט אַ מאָל בלייבן אַ רעשטל זופּ אין קעסל, האָט מען זיך אַזוי געריסן און געשלאָגן, ביז מען האָט עס אויסגעגאָסן אויף דער ערד. דאַן האָט מען זיך געוואָרפן ווי די ווילדע אויף דער ערד און אויס־געלעקט מיט דער צונג.

אין דעם לאַגער בין איך געווען 13 מאָנאַטן. ווען די סאָוויעטישע אַרמיי האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אונדז, האָט מען אָנגעהויבן צו ליקווידירן דעם לאַ־גער. די פּאַניק איז געווען אַן אויסטערלישע. מען האָט אונדז אויסגעטיילט פערטלען ברויט און אַריינגעפּאַקט אין די וואַגאָנעס. שרעקלעכע היצן זענען דעמאָלט געווען, מיר האָבן זיך געשלעפּט דריי טעג אין דאָרשט און אין הונגער, מענטשן זענען דערשטיקט געוואָרן און געפאַלן, ביז מען האָט אונדז סוף־סוף געבראַכט קיין צענטראַל־דייטשלאַנד, אין לייפּציק.

### לייפּציק, עוואַקואַציע, באַפרייונג

קוים לעבעדיקע זענען מיר אָנגעקומען קיין לייפּ־ציק. דאָרט בין איך אויך געוואָרן צוגעטיילט אויף אַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. די באַדינגונגען דאָרט זענען געווען נאָך גרויזאַמער. מען האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט. איך האָב אויסגעפּערטיקט אַ מין שרייפּל צו מאַשין־געווער, שטייענדיק מיט די גרעסטע פיזישע אָנשטרענגונגען ביי דער בויער־מאַשין.

די אָנגעגעבענע נאָרמע האָט געמוזט פּינקטלעך און צו דער צייט אויסגעפּערטיקט ווערן. די נאָרמע איז באַשטאַנען פון 4 קעסטלעך צו 480 שטיק און יעדעס שטיק האָט געמוזט ווערן 6 מאָל געבויערט. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט, אָדער פאַר צעברעכן צו פיל בויער־נאָדלען, האָט געדראָט אַרויסגעשיקט צו ווערן אין אַ קרעמאַטאָריום.

אַלץ, וואָס עס האָט זיי נאָר געלוינט, האָבן אונ־דזערע היטלעריסטישע אויפזעער באַצייכנט מיט דעם שרעקלעכן וואָרט: „סאַבאָטאַזש"; אַ נישט אויסגעפּער־טיקטע נאָרמע — „סאַבאָטאַזש"; אַ צעבראָכענע נאָדל — „סאַבאָטאַזש".

געפּאַנגען זענען מיר דאָ געווען, קליידער האָבן מיר געטראָגן מיט פּאַסן, ווי אין אַלע לאַגערן. מיין לעבן איז געווען נויט, הונגער, שמוץ און אַלדאָס בייז. צו

אונדזער גליק האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דערנענטערן דער סוף פון דער מערדערישער וואַקכאַנאַליע.

טאָג־טעגלעך האָט מען אונדז באָמבאַרדירט. ביי נאַכט האָט מען שוין געהערט די ווייטע אָפּקלאַנגען פון די האַרמאַטן־שאָסן. אין לאַגער האָט געהערשט אַ שטאַרקע דענערווירונג. ביי אונדז איז געוואַקסן דער ווילן אויסצוהאַלטן, איבערצוהאַלטן, דערלעבן צו דער אַזוי לאַנג שוין דערוואַרטער שעה, וועלכע האָט זיך מיט ריזן־שריט דערנענטערט צו אונדז.

פרילינג 1945, ווען די מפּלה פון די היטלערישע מערדער איז שוין געווען קלאָר און זיכער פאַר אונדז, און נאָך מער פאַר זיי אַליין, האָט מען פאַראָרדנט צו עוואַקויִרן די קאָנצענטראַציאָנס־לאַגערן פון די באַדראָטע ערטער. די טראַנספּאָרטן פון די עוואַקויִרטע האָבן געוויינלעך געברענגט מיט זיך אַ העלפט טויטע און די לעבנגעבליבענע זענען געווען דערשעפּט פון הונגער, אַלע האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים.

אונדז האָט מען טראַנספּאָרטירט צופוס. די קראַנקע און שוואַכע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מיטהאַלטן דעם מאַרש פון דער קאָלומנע, האָט מען דערשאָסן און אויפן וועג באַגראָבן, ווייל לויט דער פאַראָרדענונג פון הויפּט־מערדער הימלער, האָט קיינער פון די קאַצעטניקעס נישט געטאָרט אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט צום שונא אין די הענט.

דעם 13טן אַפּריל 1945, 2 אַ זייגער ביי נאַכט, האָט אונדזער טראַנספּאָרט זיך געלאָזט אין וועג אַריין און דעם 7טן מיַי 1945 זענען מיר געוואָרן באַפרייט.

אונדזערע איבערלעבונגען אין די לאַגערן, זענען גאָר נישט אין פאַרגלייך מיט די צרות, וואָס מיר האָבן געהאַט בעת דער עוואַקואַציע. הונדערטער קילאָמעטער האָבן מיר דורכגעמאַכט, מאַרשירנדיק ביי טאָג און ביי נאַכט. די 3־וואָכיקע עוואַקואַציע האָט געקאָסט דעם טויט פון טויזנטער מענטשן. אונדזער מאַרש־וועג איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט טויטע, געפאַלענע פון דערשעפּונג און דערשאָסענע פון אונדזערע קאָנוואָיענטן.

באַפרייט האָט אונדז די סאָוויעטישע אַרמיי, וועלכע האָט אונדז אָנגעטראָפן אין דעם קליינעם סודעטישן דאָרף וועגפאַהרט. מיר זענען געווען אַזוי אויסגעשעפּט, אַז מיר האָבן זיך אַפילו נישט געקענט ווי געהעריק פרייען מיט דער אַזוי לאַנג דערוואַרטער באַפרייונג.

עס האָט זיך אונדז גאָרנישט געקענט גלייבן, אַז עס זענען שוין מער נישטאָ קיין דראָט־פאַרצוימונגען, קיין אַפּעלן, קיין סעלעקציע.

איך האָב זיך נישט אַזוי שטאַרק געפרייט מיט דער באַפרייונג, ווייסנדיק, אַז איך בין איינע אַליין, קיינער דערוואַרט מיך נישט און איך האָב אויך נישט צו וועמען זיך אומצוקערן...

אַמשטאַרקסטן בין איך געווען דערשלאָגן נאָך דער באַפרייונג, ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן טויט פון מיין איינציקן ברודער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט, לויפנדיק קיין רוסלאַנד, און דאָרט אומגעקומען.

נאָך די אַלע מוראדיקע איבערלעבונגען בין איך אַליין צוריקגעקומען אין מיין שטעטעלע נאָווי־דוואָר, ווו די חורבות פון די פאַרניכטעטע יידישע הייזער מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע, פינצטערע לעכער, האָבן אויף מיר געקוקט מיט שרעק און צוזאַמען מיט מיר געיאָמערט אויף אונדזער גרויסן חורבן.

גליקע שיינבאַום / שיקאַגאָ

# פון וואַרשעווער געטאָ דורך מײַדאַנעק און אוישוויץ

**צווישן וואַרשע, נאַווי־דוואָר און פּאָמיעכאָווע**

אַלע צרות, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אײדער מיר זענען אָנגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ, זענען גאָר נישט אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס מיר האָבן צוגעזען און איבערגעלעבט אין וואַרשעווער געטאָ גופא. ס׳איז געווען שרעקלעך צוצוזען די נויט און פּײַן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע מען האָט צונױפגעטריבן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך אין דעם גיהנום פון וואַרשעווער געטאָ.

טויזנטער הײמלאָזע זענען מאַסנווײַז געשטאָרבן פון קעלט, הונגער און שמוץ. ביז איצט רײַכע, בכבוד־דיקע מענטשן זענען אין משך פון אײך נאַכט געבליבן בלויז ביי דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך. ס׳האָט געגרוילט צו זען די טויטע אויף די גאַסן, ווי זיי זענען צוגעדעקט בלויז מיט פּאַפּיר, ווײַל די מלבושים האָט מען אַראָפּגעצויגן פאַר די לעבעדיקע, וואָס האָבן זיך געניײטיקט אין אַ מלבוש צו דערוואָרעמען די גע־פרוירענע גלידער. יאָמערלעך זענען געווען די גע־וויינען פון די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך אַרום־געוואַלגערט היימלאָז אויף די גאַסן און געבעטלט אַ שטיקל ברויט.

מיר, אין אונדזער שטוב, האָבן נאָך אין דער ערש־טער צײַט נישט אַזוי שטאַרק געליטן, מײַן מאַן האָט נאָך דעמאָלט געאַרבעט און פאַרדינט אויף דעם טרוקענעם שטיקל ברויט און ביסל שיטערע זופּ פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדער, אָבער לאַנגזאַם ווערט אויך אונדזער שטוב אַרומגעכאַפּט פון נויט און פּײַן. מײַן מאַן האַרעוועט זייער שווער און דאָך פאַרדינט ער נישט גענוג אויף אַ שטיקל ברויט צו דער זעט.

מיר, עלטערע, קענען נאָך ווי עס איז זיך אַן עצה געבן מיטן הונגער, אָבער די אָרעמע קינדערלעך — זיי פאַרלאַנגען אַ טרוקן שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער, און איך קאָן זיי דאָס נישט געבן. וועגן אַ ביסל צוקער אָדער אַ טראָפּן מילך האָט מען שוין אַפילו נישט געקענט חלומען. דאָס וואָס מען האָט באַקומען צוגעטיילט אויף די קאַרטן האָט קוים געקלעקט אויף עטלעכע טעג אין חודש.

די גענוג קלאָגעדיקע לאַגע איז געוואָרן נאָך מער פאַרשאַרפט אין זומער 1941, ווען די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן די מלחמה מיט רוסלאַנד. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער יקרות, דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס מען האָט נאָך ביז איצט געקאָנט קויפן פאַר הויכע פּרײַזן, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן, אַלץ איז פאַרהאַלטן געוואָרן און מען האָט נישט געקאָנט קריגן קיין שטיקל ברויט. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנערן מיט ברוקווע און מיט דער וואַסערדיקער זופּ, וואָס מען האָט באַ־קומען פונעם הילפס־קאָמיטעט, און דער הונגער האָט אַלץ שווערער געפּײניקט.

מײַן מאַמע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין נאָווי־דוואָר, צוזאַמען מיט מײַנע ברידער, וועלכע האָבן שווער געאַרבעט ביי די דײַטשן. ווי נאָר מײַן מאַמע האָט זיך דערוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין וואַרשעווער געטאָ, האָט זי צו מיר געשריבן, איך זאָל קומען מיט מײַנע קינדער צו איר, קיין נאָווי־דוואָר; אַז זי וועט מיט אונדז טיילן יעדן ביסן. זיך אַריבערצוכאַפּן פון וואַרשע קיין נאָווי־דוואָר — איז דעמאָלט נישט געווען פון די לײַכטע זאַכן, איך האָב געמוזט זיך אַדורכשמוגלען דורך עטלעכע היטלעריסטישע פּאָסטנס, און קודם־כל האָב איך געמוזט אַרויס פון וואַרשעווער געטאָ.

איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין טראַמוויי, איבער־געטאָן ווי אַ קריסטין, מיטן קליינעם קינד אויף דער האַנט, און די אַנדערע צוויי קינדער ביי דער זײַט. איך בין דורכגעגאַנגען די וואַך ביים געטאָ, דערנאָך בין איך אײַנגעשטיגן אין דער קאַלײַקע (קלײַן־באַן) און איך בין דערפאָרן ביז לעגיאָנאָווע (יאַבלאָננע). פון דאָרט האָב איך נאָך געהאַט אַדורכצומאַכן צופוס אַ „שפּאַציר" פון אַ צוואַנציק קילאָמעטער ביז נאָווי־דוואָר. דאָס איז געווען דער געפערלעכסטער טייל אין דעם שמוגלען זיך, דאָרט האָט מען געקאָנט לײַכט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די היטלעריסטישע מערדער, וועלכע האָבן באַוואַכט די קינסטלעך געשאַפענע גרענעצן צווישן „רײַך" און „גענעראַל גוווערנעמענט". איך האָב זיך געשלעפּט מיט די וויינענדיקע קינדער און כסדר זיי געטרייסט, אַז באַלד קומען מיר אָן צו דער באָבען, ווו מיר וועלן האָבן ברויט צו דער זעט. דאָס האָט זיי און אויך מיר געגעבן כוחות, ביז מיר האָבן זיך ענדלעך אַרײַנבאַקומען אין אונדזער היימשטעטל נאָווי־דוואָר.

דאָ האָבן זיך פּאַר אונדז באמת אָנגעהויבן בעסערע צייטן. איך מיט מיינע קינדער האָבן מער נישט געליטן קיין הונגער; מיין מאַן, וואָס איז פּאַרבליבן אין וואַרשע, האָט געגעבן פּאַרדינט, כדי זיך אויסצוהאַלטן און נאָך אָפּשפּאָרן פאַר אונדז. מיין מוטער און מיינע ברידער האָבן אונדז געהאָלפן און אויך איך אַליין האָב אָנגעהויבן אַרבעטן און פאַרדינען. דאָס האָט זיך גלייך אָנגעזען אויף מיינע קינדער, זיי האָבן אָנגעהויבן בעסער אויסצוזען.

דער דאָזיקער מצב האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער בירגערמייסטער פון נאָווי־דוואָר, דער טרויעריק־באַרימטער פאָלקסדייטש וואָנדט, און זיין געהילף באַיער האָבן אָנגעהויבן זייער אַכזריותדיקע היטלעריסטישע אַרבעט. זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז צו פיל יידן זענען זיך אָנגעלאָפן קיין נאָווי־דוואָר, אַז עס „פּאַנעוועט" צווישן זיי דער טיפוס, און זיי האָבן פאַראָרדנט אַן „ענטלויזונג", וואָס זיי האָבן דורכגעפירט אויפן סאַמע בעסטיאַלישן אופן. קודם־כל האָט מען צונויפגעטריבן אַלע מענער און פרויען ביים ברעג פון נאַרעוו, און דערנאָך אַלע צוזאַמען אַריינגעיאָגט אין דעם קאַלטן וואַסער. ווער עס האָט זיך נישט צו־געאיילט, האָט מען אים אַריינגעשטופּט אין וואַסער, אָדער אויפן אָרט דערהרגעט. אויך איך בין בייגעווען און דורכגעגאַנגען די אַלע ווילקירלעכע מעשים ביים נאַרעוו.

אין דער צייט ווען מען האָט אונדז אַוועקגעפירט צום נאַרעוו, האָט מען דערווייל אויסגעליידיקט אונ־דזערע שטיבער, אַלץ צוגענומען, און ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָבן מיר געמוזט שלאָפן אויף דער הוילער ערד. (געשלאָפן זענען מיר אין די קליידער, תמיד גרייט צו אויפשטיין און אַנטלויפן). און אַזוי, אין דעם מעמד, האָב איך דערהערט ביי נאַכט שרעק־לעכע געשרייען, אַ בראַזגעריי פון צעבראָכענע שויבן, אַ שיסעריי און זידלערייען פון די יידישע פּאָליציי־ליט. די יידישע פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון איינעם פון אירע קאָמענדאַנטן, הערשל מאָרדעס אַ זון, — וועלכער איז אין זיינע מערדערייען מיט גאָר־נישט אָפּגעשטאַנען פון די היטלעראָווצעס, — האָט אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון זייערע שטובן, זיך צו פאַרזאַמלען אין מיטן מאַרק. דאָס געלויף צום מאַרק איז געווען באַגלייט מיט קלעפּ פון אַלע זייטן. מיר זענען געוואָרן אַרומגערינגלט און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין פּאַס מיט אַ דערלויבעניש צו זיין אין נאָווי־דוואָר, האָט מען אים אַרויסגענומען באַזונדער און אַוועקגע־פירט אין פּאַמיעכאָווער לאַגער. אויך איך מיט מיינע קינדער זענען אַהין אַריינגעפאַלן.

אין פּאַמיעכאָווער לאַגער זענען מיר געלעגן אויף גאָלע צעמענטענע דילן, עסן האָט מען נישט געגעבן און יעדן טאָג זענען עטלעכע דערשאָסן געוואָרן.

דער יודענראַט פון נאָווי־דוואָר פלעגט צופירן אַ ביסל וואַרעמע זופּ, אָבער דער הונגער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די אויסגעהונגערטע מענטשן האָבן זיך אַלע מיט אַ מאָל געוואָרפן אויפן קעסל, געטרעטן איינער אויפן אַנדערן, ביז מען האָט איבערגעדרייט דעם קעסל און דערנאָך געלעקט דאָס ביסל זופּ פון דער הוילער ערד. פאַר די דייטשע מערדער איז דאָס געווען איינע פון די בעסטע פאַרוויילונגען, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געמאַכט פון מענטשלעכע נויט און פּיין.

איך וואָלט זיכער דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט מיינע קינדער, ווען נישט דאָס, וואָס איך האָב געהאַט אַ שול־פריינדין, אַ נאָווי־דוואָרער דייטשקע פון די קעלערס — לידיא באַלדין. איר ברודער, גוטעק ווילד, האָט מיך מיט מיינע קינדער אַרויסגעראַטעוועט פון דעם גיהנום און אונדז אַריינגעשמוגלט צוריק אין דעם צווייטן גיהנום — אין וואַרשעווער געטאָ.

## אויסזידלונגען און אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

אין וואַרשע האָב איך נאָך אַ קורצער צייט פאַר־לוירן מיין יינגסט מיידעלע, ווייל איך האָב איר נישט געקאָנט דערנערן. דאָ האָבן זיך איצט אָנגעהויבן די אמתע צרות, די באַרימטע „אויסזידלונגען" פון וואַר־שעווער געטאָ. אין אָנהייב האָט מען אַרויסגעשיקט אַלע קראַנקע פון די שפּיטעלער, אַלע אַרעסטאַנטן פון די טורמעס, און יעדער האָט געטראַכט: דאָס מיינט מען נישט מיך, נאָר די, וואָס זענען געפאַלן צו לאַסט אויף קהל...

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן „שאָפּן", ד״ה, אַרבעטס־פּונקטן פאַר האַנטווערקער און בעלי־מלאכות. יעדער איינער האָט זיך געוואָלט פאַר־זיכערן מיט אַן אַרבעטס־פּלאַץ, און דאָס האָט געקאָסט שווערע טויזנטער. איך האָב דעריבער כסדר זיך גע־מוזט אויסבאַהאַלטן, סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. קיין גרויסע שפּייז־רעזערוון האָב איך נישט געהאַט. האָט זיך אָנגעהויבן אַ דאָפּלטע שרעק פאַר אַ הונגער־

טויט און אַ שרעק, מען זאָל דיך נישט פּאַקן און אָפּשיקן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

די יידישע פּאָליציי אין וואַרשעווער געטאָ האָט געזוכט און גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך און זיך גוט אויסגעצייכנט פאַר אירע דייטשע ברויטגעבער, ביים צושטעלן די „קאָנטינגענטן" אויף אַרויסצושיקן אין די גאַז־קאַמערן. מען האָט געכאַפּט מענער אויף די גאַסן און קינדער פון די מאַמעס, אויסרעכענענדיק, אַז די מאַמעס וועלן נאָך דעם אַליין מיטגיין מיט די קינדער. טאָמער איז עמעצן פון די געכאַפּטע זיך געלונגען אַרויסצודרייען פון זייערע הענט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג און אַ פייפעריי, ביז זיי האָבן סוף־סוף ווידער געכאַפּט דעם קרבן. אַזוי האָט מען געטריבן הונדערטער טויזנטער פון וואַרשעווער געטאָ אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן, און די געטריבענע זענען געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער קאַמף פאַרן ביסל לעבן. מיין ברודער האָט מיר דערציילט, אַז אונדזערס אַ קוזינקע איז אַן אויפזעערין אין אַ דייטשער פירמע, וואָס אַרבעט אין געטאָ, אונטער דעם נאָמען מאַנגעלזאָהן. מיר זענען צו איר אַוועק מיט אַ גרויס געוויין, זי זאָל אונדז ראַטעווען. מיר האָבן ביי איר גענעכטיקט עטלעכע טעג אונטערן פרייען הימל און געוואַרט אויף דעם „פּאַפּירל" — אַזאַ מין אַרבעטס־שיין, וואָס די יידישע פּאָליציי האָט טאָלערירט. מיט דעם „פּאַפּירל" האָט מיין מאַן זיך שוין געקאָנט פריי באַווייזן אויף דער גאַס. אָבער אין אַ געוויסן טאָג האָט די דייטשע מערדער אויסגעפעלט צום „קאָנטינגענט" אַ געוויסע צאָל מענטשן פאַרן גאַז־אויוון, האָבן זיי זיך אַליין אַרויסגעלאָזט אויף אַ געיעג נאָך קרבנות, זיי האָבן אָפּגעשלאָסן עטלעכע טויערן, זיי אַרומגעשטעלט מיט אוקראַינער, און ווער ס'איז נאָר אונטערגעקומען האָט מען אים געכאַפּט. קיין שום אַרבעטס־שיינען האָבן שוין דאָ נישט געהאָלפן און זענען נישט אָנערקענט געוואָרן. די ערשטע פון דעם מין מערדערישע אַקציעס האָט זיך אָנגעהויבן אויף אונדזער גאַס, (מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אויף זאַמענהאָף 38), די גאַנצע גאַס איז געווען באַזעצט פון די היטלעריסטישע באַנדעס. מיין מאַן איז גראָד דעמאָלט אַוועק צו דער אַרבעט, מיטנעמענדיק מיין טייערן ברודער, וועלכער איז שוין מער נישט פון דאָרט צוריקגעקומען.

מיר זענען געזעסן אין שטוב, ס'איז שוין געווען נאָך מיטאָג, די אַקציע האָט זיך שוין געהאַט פאַרענדיקט. מיין עלטסט טעכטערל האָט דורכן פענצטער פון אונדזער דירה אויפן פינפטן שטאָק דערזען, אַז די גאַס איז פול מיט ס. ס.־לייט און אָנגעהויבן שרייען. איך האָב קוים באַוויזן צו פאַרשליסן די טיר ווי מיר האָבן דערהערט אַ שיסעריי און אויסרופן, אַז אַלע איינוווינער זאָלן אַראָפּ פון די הייזער אויפן הויף און אַז וועמען מען וועט געפינען אין דער וווינונג וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. איך האָב געשווינד די קינדער פאַרשלאָסן אין דער צוגעגרייטער באַהעלטעניש און אַליין בין איך געבליבן זיצן און וואַרטן מיט אַ האָפענונג, אַז אָט קומט מיין מאַן מיט דעם שוץ־פּאַפּירל אין דער האַנט און דאָס וועט אונדז ראַטעווען פון דער אויסזידלונג.

צו אונדזער גליק האָט זיך די באַנדיטן נישט געגלוסט אַרויפצוקריכן אויפן פינפטן שטאָק און מיין מאַן איז טאַקע אין דער לעצטער מינוט געקומען צולויפן אונדז ראַטעווען. אָבער ער איז נעבעך אַליין אַריינגעפאַלן. נישט קוקנדיק אויף זיין אַרבעטסשיין, האָבן אים די היטלער־באַנדעס אַריינגעשטופּט אין דער גרויסער גרופּע, וועלכע איז אָפּגעשיקט געוואָרן צו דעם אַזוי גערופענעם אומשלאַג־פּלאַץ, וואָס איז געווען נאָענט ביי דער מוראַנאָווסקאַ גאַס אַרומגענומען מיט שטעכל־דראָטן און אַרומגערינגלט מיט די באַוואָפנטע היטלער־מערדערס.

שפּעט ביי נאַכט האָט די יידישע פּאָליציי איבערגעקויפט די דייטשע וואַך־פּאָסטנס און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל פון אויסקויפן די קרבנות. ווער עס האָט געהאַט טויזנטער האָט זיך געקאָנט אַרויסראַטעווען פון דאָרט. מיין מאַן האָט קיין געלט נישט געהאַט, נאָר אַ מעשענעם זייגער, וואָס האָט ביי נאַכט אויסגעזען ווי עכט גאָלד, דערמיט האָט ער זיך אויסגעקויפט און אַרויסבאַקומען פון גיהנום.

ביי מיר אין הויף האָט זיך די „אַקציע" ווידער אָנגעהויבן. פינף פאַר טאָג, נאָך אַ גאַנצער שלאָפלאָזער נאַכט, איז ווידער געווען אַן אַלאַרם, דאָס הויז איז בלאָקירט געוואָרן דורך דער יידישער פּאָליציי און אַלע האָבן געמוזט אַראָפּ אויפן הויף. הילפלאָז בין איך געווען און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט מיינע קינדער. דאָס מאָל איז די פּאָליציי אַרויף אויפן פינפטן שטאָק, אויפגעבראָכן די טיר פון מיין שטיבל און מיך מיט מיינע קינדער אַראָפּגעפירט אויפן הויף. נאָר עפּעס ווי אַ נס פון הימל איז ווידער מיין מאַן אָנגעקומען. דאָס מאָל האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ מער אָנשטענדיקן

בלאָק־קאָמענדאַנט, וואָס האָט אָנערקענט זיין אַרבעטס־קאַרטע און מיר האָבן זיך אַלע אומגעקערט אין אונדזער שטיבל. מיר האָבן שוין ווייטער מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אויף דער גאַס, אויך מיין מאַן האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט שוין מער נישט אָנערקענען זיין קאַרטע, און גאַנצע טעג זענען מיר געלעגן באַהאַלטן אין דעם קליינעם דאַך־שטיבל אָן פענצטער, אין אַ באַהעלטעניש פאַרשטעלט מיט אַ שאַפע, ווו מען קאָן זיך אַריינקריגן מיט אַ זייטיק טירעלע. מיר זענען אַלע דערשעפּט געוועזן פון הונגער און קעלט, און נאָר ביי נאַכט האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער באַהעלטעניש, כדי אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס אויף צו קאָנען איבערהאַלטן דעם גאַנצן טאָג.

און אַלע מאָל — נייע לײדן: ס׳איז אָנגעקומען דער שרעקלעכער טאָג, ווען ס׳איז פאַראָרדנט געוואָרן זיך צו פאַרזאַמלען אויף דער וואָלינסקאַ גאַס, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופן: „דער קעסל“, ווייל דאָרט האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל פון קליין און גרויס, יונג און אַלט. אַלע האָבן זיך דאָרט אַהין צוגעשטעלט צוליב מורא נישט צו דערשאָסן ווערן אין די באַהעלטענישן. מיר זענען פון אונדזער באַהעלטעניש נישט אַרויס, מיר האָבן געטראַכט, אַז בעסער זאָל מען אונדז דערשיסן אויפן אָרט, איידער מיר זאָלן אַרויסגעפירט ווערן צום פאַרגאַזן. מיר האָבן שוין דאַן געוווּסט, וווהין מען פירט די אַלע טראַנספּאָרטן מיט יידן, מיר זענען אַלזאָ געבליבן אין אונדזער באַהעלטעניש. עס זענען נאָך צוגעקומען מיין ברודערס פרוי מיט אירע צוויי קינדער און נאָך עטלעכע מענטשן פון דעם הויז־אייגנטימערס משפּחה, צוזאַמען זענען מיר געוועזן אין דער באַהעלטעניש 18 פּערזאָן. דער ערשטער טאָג איז אונדז אַדורך בשלום, די מערדער זענען געוועזן פאַרנומען מיטן „קעסל“ אויף דער וואָלינסקאַ.

דעם צווייטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן זוכונגען אין די הייזער. מיר ליגן אַלע אין דער פינצטער, שטיקנדיק זיך פון דער היץ און פון דער שווערער לופט, מעשה נס פאַרהאַלטן זיך די קינדער רויִק, זיי וויינען נישט, פאַרלאַנגען נישט קיין עסן. נאָר דאָס עלטערע ייִנגל פון מיין שוועגערין איז אונדז גורם טויט־שרעק, ער שרייט, ער וויל אַ טרונק, און דווקא דעמאָלט, ווען די זוכונגען אין אונדזער הויז זענען אין פולן ברען. זיין מוטער האָט אים צוגעהאַלטן דאָס מויל מיט אַלע כוחות און דערמיט אונדז געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. אויפן דריטן טאָג איז זי מיט איר קינד אַרויס פון דער באַהעלטעניש און זיך צוגעשטעלט צום „קעסל“, נישט ווילנדיק, אַז צוליב איר אומרויִק קינד זאָלן אומקומען 18 מענטשן.

אין איינעם אַ טאָג, אין צווייטן טאָג ראש־השנה, האָט מען אַוועקגענומען די וואַכן און אַלע פאַרזאַמלטע יידן פון „קעסל“ זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן. נאָך אַ גרינטלעכער סעלעקציע זענען אויסגעקליבן געוואָרן ביי אַ 50 טויזנט יידן, אַן איבערבלייבעניש פון דעם איבער אַ האַלבן מיליאָן יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ. פאַר די איבערגעבליבענע האָט מען אָפּגעגעבן עטלעכע גאַסן, ווו מען האָט זיי געהאַלטן אין ענגשאַפט, הערמעטיש אָפּגעשלאָסן.

אויך דאָס מאָל איז אונדז אַלע געלונגען, מיר זענען געבליבן לעבן, ס׳איז רויִקער געוואָרן און ס׳האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז שוין: די חיה האָט זיך שוין זאַט אָנגעפרעסן מיט מענטשלעך בלוט און איצט וועט שוין שטיל זיין. מיין מאַן האָט נאָך אַ געוויסער צייט ווידער באַקומען אַן אַרבעטס־פּלאַץ, אָנגעהויבן אַרבעטן און צו ביסלעך פאַרדינען. מיר האָבן שוין געקאָנט מיט די קינדער זיך פריי באַוועגן אין שטוב און נישט ליגן ערגעץ באַהאַלטן. אָבער, זעט אויס, אַז דער בעכער פון מיינע צרות איז נאָך נישט פול געווען.

ווי אַ דונער פון הימל איז אויף אונדז געקומען דער טויט פון אונדזערע צוויי קינדער, וואָס האָבן זיך פאַרסמט ביים עסן קליסקעס, וואָס מיין קוזינקע האָט געבראַכט פון געוועלב. דאָס טייג איז געווען פאַרקנאָטן מיט אַרשעניק, באַשטימט פאַר די מייז, וואָס האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט אין געטאָ. אַ ביסל פון דעם האָב איך פאַרזוכט און דאָס איבעריקע געגעבן די קינדער, אַז זיי זאָלן כאָטש איין מאָל עסן צו דער זעט. די קינדער האָבן גלייך באַקומען בויך־שמערצן, שרעקלעכע קראַמפן, און קיין דאָקטער איז נישט געווען צו באַקומען. אַזוי האָבן אויסגעהויכט זייערע כשרע נשמות מיינע צוויי קינדער, איינע — 9 יאָר אַלט און די צווייטע — 6. דאָס לעבן איז מיר דעמאָלט נמאס געוואָרן, איך האָב געוואָלט שטאַרבן און נישט געהאַט קיין כוח דערצו... עטלעכע וואָכן האָב איך געקרענקט, ביז איך בין ווידער געקומען צו זיך. מענטשן האָבן מיך געטרייסט, אַז זיי, מיינע קינדער, זענען כאָטש געשטאָרבן ביי זיך אין דער היים, אויף זייערע בעטלעך... און וואָס פאַר אַ טויט וואַרט דען אויף אונדז? איך האָב געלאָזט טרייסטן און ווייטער געלעבט מיט טיפן ווייטיק אין האַרץ.

די נאָענטסטע עטלעכע חדשים זענען פאַרהעלטניש־

מעסיק אַדורך רויִק, אפשר שוין צו רויִק, ס׳איז געווען אַ שטילקייט פאַר אַ שטורעם.

ווער סע האָט נאָר געקאָנט, האָט ערגעץ אויסגעבויט אַ בונקער, אַ באַהעלטעניש, און אָנגעזאַמלט שפּייז־פּראָדוקטן פון ווו עס האָט זיך געלאָזט, מיט דער האָפענונג, אַז די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן און מען דאַרף נאָר קאָנען איבערהאַלטן די עטלעכע חדשים. מיר האָבן קיין נייעם בונקער נישט אויסגעבויט, ווייל קיין געלט האָבן מיר דערויף נישט געהאַט. מיר האָבן זיך געהאַלטן אין אונדזער קליין צימערל, אָן פּענצטער, און געהאָפט, אַז דאָרט וועלן מיר זיך ראַטעווען.

ס׳איז אָבער אָנגעקומען דאָס אויף וואָס מיר אַלע האָבן זיך געריכט. דאָס איז געווען פסח 1943, אין דער ערשטער סדר־נאַכט. מיר האָבן געוואָלט אָפּריכטן דעם סדר, ווי מיר זענען געוווינט געווען פון יאָרן, אָבער דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ, דער גרויסער גרויזאַמער מאָרד פון דעם ביסל פאַרבליבענע יידן אין געטאָ. איך, מיין מאַן און די קוזינקע, וואָס האָט אַלץ פאַרלוירן אין נאָוואָדוואָרער געטאָ ביי דער אויסזידלונג, גייען איילִיק אַראָפּ אין דעם פינצטערן בונקער, ווו מיר הערן שוין דאָס אַריינדרינגען פון די דייטשע טאַנקען אין געטאָ אַריין.

דאָס געטאָ ווערט באַשאָסן, די צינד־באָמבעס רייסן אויף און פאַרברענען די הייזער צוזאַמען מיט די אויסבאַהאַלטענע. מיר זעען אונדזער סוף, מיר וועלן פאַרברענט ווערן אין דעם פאַרמאַכטן בונקער, אָדער דערשאָסן ווערן פון די היטלער־באַנדעס ביים אַרויסגיין פון בונקער. מיר זיצן אין פאַרמאַכטן בונקער און מיר הערן די טריט פון די מערדערס, וואָס דרייען זיך אַרום איבער די וווינונגען און ראַבירן. (פאַרן אונטערצינדן די הייזער האָט מען קודם־כל אויסראַבירט אַלץ). מיר הערן דעם קנאַל פון אַ באָמבע אויף אונדזער הויז און מיר זעען די פלאַמען, וואָס נעמען אַרום דאָס הויז. אַרויסגיין איז געפערלעך, ווייל די באַנדיטן וואַרטן מיר זאָלן אַרויס און דאַן דערשיסן זיי אויפן אָרט. אָבער איך פיל ווי מיר ברענען שוין און שטיקן זיך מיטן רויך, וואָס רייסט זיך צו אונדז אַריין פון ברענענדיקן הויז. איך שריי צו מיין מאַן : זאָל געשען דאָס ערגסטע, אָבער עפן דעם בונקער, איך וויל נישט פאַרברענט ווערן לעבעדיקערהייט.

אין דער לעצטער מינוט קריגן מיר זיך אַרויס פון אונדזער באַהעלטעניש, דאָס גאַנצע הויז איז שוין אַרומגענומען מיט פלאַמען, מיין מאַן שלעפּט מיך אין אומבאַוווסטזיין, אַרום זעט מען קיינעם נישט, מיר קריגן זיך אַרויס אויפן פינפטן שטאָק און איבערן דאַך כאַפּן מיר זיך אַרויף אויפן דערבייִיקן הויז, וואָס ברענט נאָך נישט, און אַזוי ראַטעווען מיר זיך פון טויט.

אַ וואָך צייט האָבן מיר זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט איבער די האַלב־פאַרברענטע הייזער, איבער דעכער און אין קעלערן, שמוציק, דערשעפּט און שרעקלעך אויסגעהונגערט, ביז אין אַ געוויסן טאָג, אין 3טן מײַ 1943 האָט מען אונדז געמסרט און אויסגעגעבן אין די הענט פון די הענקערס.

מיר זענען געווען אַ גרעסערע גרופּע, מען האָט אונדז אַלע אויסגעטאָן נאַקעט און אַוועקגעשטעלט מיט די פּנימער צו דער וואַנט. מיר זענען געווען זיכער, אַז מען גייט אונדז שיסן, נאָר עס האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס מען האָט אונדז אַוועקגעפירט צום אומשלאַג־פּלאַץ, פאַרזיכערנדיק אונדז, אַז מיר פאָרן אויף אַרבעט. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין פראַכט־וואַגאָנען, צו 120 מענטשן און נאָך מער אין יעדן וואַגאָן. די וואַגאָנען ווערן פאַרקלאַפּט, אָן אַ ביסל לופט צום עטעמען, אָן עסן און אָן וואַסער. די מענטשן פון אונדזער וואַגאָן פאַלן פון די פיס, מיר טרעטן אויף מתים און איך בין מקנא מיינע אָרעמע קינדער, וואָס האָבן שוין מיט דעם אַלעם פאַרענדיקט...

דער צוג שלעפּט זיך, עס הייבט אָן צו רעגענען און דער רעגן קריגט זיך אַריין דורך די שפּאַרעס פון אונדזער וואַגאָן. מיר פרוּוון צו לעשן מיט די טראָפּנס רעגן אונדזער שרעקלעכן דאָרשט, דאָס העלפט אָבער ווייניק. מיין מאַן ציט אַרויס אַ פינגערל, וואָס ער האָט נאָך געהאַט ביי זיך באַהאַלטן, און קריגט פאַר דעם אַ ביסל שמוציק רינשטאָק־וואַסער פון איינעם פון די אוקראַיִנישע וואַך־באַגלייטער.

אין וואַגאָן פאַלן וואָס אַ מאָל מער טויטע, די לופט איז צום דערשטיקן. עס הערן זיך באַן־סיגנאַלן און מיר קומען אָן אויף דער טרויעריק־באַרימטער באַן־סטאַציע מיידאַנעק.

## די „אויפנאַמע" אין מיידאַנעק

מיר ווילן וואָס גיכער אַראָפּ פון דער באַן, זאָל געשען וואָס עס זאָל נישט זיין, אַבי אַרויס פון דעם וואַגאָן, וואָס איז פאַרפּעסטעט פון די טויטע ! מען לאָזט אונדז אַריין אין פערד־שטאַלן, מען גיט אונדז אַ ביסל

וואַסער צו טרינקען און דאָרט בלייבן מיר נעכטיקן ביז אין דער פרי, ווען עס הייבט זיך אָן די גרויסע מאָרדאַרבעט.

דאָס ערשטע וואָרט, וואָס מיר הערן: „סעלעקציע" — אַן אָפּקלייב פון מענטשן. די געזונטע און די וואָס האָבן אַ גוטע מראה, האָבן נאָך עפּעס אַ האָפענונג דערוויל צו בלייבן לעבן, כדי שפּעטער אויסהויכן די נשמה ביי דער שווערער, אוממענטשלעכער אַרבעט אין לאַגער.

מען פירט אונדז צו פינף אין אַ ריי פון דער באַנסטאַציע אין לאַגער אַריין, באַגלייט פון היטלעראָווצעס מיט גרויסע הינט. טאָמער ווערט עמעצער אָפּגעשוואַכט אין מיטן וועג, מאַכן אים שוין די ספּעציעל געשולטע הינט פּאַרטיק.

גלייך ביים אָנקומען אין לאַגער האָט מען מיך פונאַנדערגעשיידט פון מיין מאַן. איך האָב זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט מיין קוזינקע. נאָכן דורכגיין די באָד האָבן מיר באַקומען דינע כאַלאַטן אָנשטאָט אונדזערע קליידער, וואָס מען האָט צוגענומען. מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין באַראַקן צווישן טויזנטער פרויען, דאָרט זענען מיר געשלאָפן אַ וואָך צייט אויף דער גאָלער ערד, קיין בעטלעך אָדער פּריטשעס זענען אין באַראַק נישט געווען.

דריי ביי נאַכט האָט מען אונדז שוין געוועקט, דאַן האָבן מיר זיך באַקענט מיט נאָך אַ ניי וואָרט פון לאַגער־לעקסיקאָן: „אַפּעל", דאָס מיינט, מיר דאַרפן זיך שנעל אָנטאָן, אַרויס פאַרן בלאָק און זיך שטעלן אין דער ריי, מען זאָל אונדז קאָנען ציילן. דאָס ציילן דויערט שעהן, ס'איז קאַלט, מיר טוליען זיך איינער צום צווייטן, כדי זיך צו דערוואַרעמען, דאָס איז אָבער שטרענג פאַרבאָטן און מען קריגט דערפאַר קלעפּ.

ענדלעך, אַרום זעקס אַ זייגער, טרייבט מען אונדז אין גרופּן צו דער אַרבעט, ווי אַרויסטראָגן מיסט, שלעפּן שווערע שטיינער אא״וו. מיר איז אויסגעקומען צו אַרבעטן ביים שלעפּן די שווערע שטיינער. אונדזער אויפזעערין בריגידאַ, האָט באַלד, ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן די אַרבעט, געעפּנט מיין קאָפּ מיט אַ ציגל, ווייל לויט איר איינזען האָב איך געטראָגן צו קליינע שטיינער.

אויפן צווייטן טאָג בין איך אַנטלאָפן פון דער גרופּע און זיך אויסבאַהאַלטן אַרום די בלאָקן. מען האָט אונדז אָנגעהויבן יאָגן און שלאָגן מיט מעטאַלענע פייטשן. מיר זענען דאַן געווען איבער 8 טויזנט פרויען פון פאַרשידענע פעלקער, אָבער אונדזערע הענקער האָבן זיך שנעל מיט אונדז אַן עצה געגעבן.

אין דער פרי, נאָכן אַפּעל, ווערט פאַראָרדנט צו פאַרבלייבן אויפן פּלאַץ. אַלע יידישע פרויען שטעלן זיך באַזונדער. עס ווערט דורכגעפירט אַ סעלעקציע, די קראַנקע פרויען ווערן אויסזאָרטירט, צו די קראַנקע טיילט מען אויך צו אַ סך געזונטע, ווייל דער עיקר קוקט מען אויף די פיס (ווינטערצייט אויף די אָפּגעפּרווירענע פיס און זומערצייט אויף די אָפּגעבריטע). אַזעלכע טויגן שוין נישט צו דער אַרבעט און ווערן אָפּטראַנספּאָרטירט אין גאַז־אויוון פון מיידאַנעק. איך בין געבליבן צווישן די געזונטע, ווייל איך האָב נאָך געהאַט מיטגעבראַכט פון וואַרשע אַ פּאָר שטיוול, וואָס איך האָב נישט אַראָפּגעלאָזט פון די פיס, נישט ביי טאָג, נישט ביי נאַכט, צוליבן פחד, אַז מען זאָל זיי נישט צוגנבענען, — אַ דאַנק זיי האָב איך געהאַט געזונטע פיס און דאָס האָט מיך געראַטעוועט פון דער סעלעקציע.

אין דעם טאָג האָט מען אַוועקגענומען אין אויוון אַריין ביי אַ טויזנט פרויען, צווישן זיי אויך מיין 26 יאָריקע קוזינקע, וועלכע האָט געהאַט אָפּגעבריטע פיס. איך בלייב אַליין, מיין מאַן זע איך נאָר פון צייט צו צייט דורך די דראָטן, רעדן טאָרן מיר נישט איינער צום צווייטן.

איין מאָל האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן ביי דער אַרבעט, מיין מאַן האָט, פאַרבייגייענדיק, צו מיר גערעדט עטלעכע ווערטער, דאָס האָט באַמערקט דער ס. ס.־מאַן און ער האָט מיר געגעבן מיט דער „שפּיצראָטע" איבערן קאָפּ. גלייך בין איך באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט, אַן אויג איז מיר פאַרלאָפן און איך האָב עטלעכע וואָכן גאָר נישט געזען. אויך מיין מאַן האָט פאַר דעם „שווערן פאַרברעכן" באַקומען אַריינגעציילט 25 שטעקנס אויפן הוילן לייב.

קורץ נאָך דעם פאָרפאַל האָט מען צו ביסלעך אָנגעהויבן ליקווידירן דעם לאַגער. עס גייען כסדר אָפּ טראַנספּאָרטן, עס קומען פאָר סעלעקציעס, איינע נאָך דער אַנדערער. מיר געלינגט דריי מאָל זיך אַרויסצודרייען פון די טראַנספּאָרטן, איך זע זיך אָבער אַרום, אַז איך פאַרבלייב מיט בלויז אַלטע און קראַנקע פרויען, וועלכע ווערן נישט אַרויסגעשיקט, נאָר דערשאָסן אויפן אָרט.

איך האָב זיך דעריבער אַליין צוגעשטעלט צום טראַנספּאָרט. מען האָט מיך אויפגענומען, ווייל איך האָב נאָך דעמאָלט אין זייערע אויגן אויסגעזען געזונט

געזונט, אַז מען זאָל נאָך קאָנען האָבן אַ נוצן פון מיר ביי דער אַרבעט. דורך אַ צופאַל האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אויפן „מענער־פלאַץ", ווו איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט מיין מאַן. ביי די מענער איז אויך אַפּגעגאַנגען אַ טראַנספּאָרט, מיט וועלכן אויך מיין מאַן איז אָפּגעשיקט געוואָרן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געוואַרט אויף דעם פּלאַץ, אין דער פרי האָט מען יעדן צוגעטיילט אַ האַלבן קילאָ ברויט מיט אַ שטיקל פּאַר־עיפּושט קעז, און מען האָט אונדז אויפגעלאָדן אויף די וואַגאָנען.

## מיט נאָווי־דוואָרער אין אוישוויץ

נאָכן אָפּפאָרן אַ גאַנצן מעת־לעת זענען מיר אָנגעקומען אין דעם שרעקלעכן אויסראָטונגס־לאַגער אוישוויץ.

גלייך מיטן אָנקומען שערט מען ביי אונדז אָפּ די האָר. מיר טרעפן דאָרט עטלעכע באַקאַנטע מענער פון נאָווי־דוואָר, וועמענס פרויען מען האָט גלייך נאָכן אָנקומען אין לאַגער פאַרברענט, זיי אַליין זענען דערווייל געבליבן לעבן, ווייל זיי זענען שטאַרקע און געזונטע. זיי כאַפּן אַ שמועס מיט אונדז און זאָגן אונדז אָן די „גוטע בשורה", אַז פון דאַנען גייט מען שוין נישט אַרויס, דאָ ווערט מען, פריער צי שפּעטער, אויסגע־פּערטיקט... מיר האָבן שוין דאָס געוווּסט פון פריער, **אוישוויץ איז אונדז געווען גוט באַקאַנט פון הערן.**

וואָס קאָן נאָך זיין ערגער ווי מיידאַנעק? אָבער — ווי עס ווייזט זיך אַרויס — איז נאָך פאַראַן אַ גרעסערער גיהנום, און דאָס איז אוישוויץ.

אין מיידאַנעק איז דער קרעמאַטאָריום געווען מאַסקירט, אין אוישוויץ איז אָבער אַלץ עפנטלעך. אַ פּאָר שריט פון אונדזער בלאָק — איין קרעמאַטאָריום, אַ ביסל ווייטער — נאָך איינער און אין ברזשעזשינקאַ, אין וואַלד — נאָך 2 קרעמאַטאָריומס. יאָ! פיר קרע־מאַטאָריומס אין איין לאַגער. איך זע זיי מיט מיינע אייגענע אויגן און איך ווער נישט משוגע פאַר צרות, ווי איז דאָס מעגלעך?... עס איז אָבער יאָ מעגלעך, ווייל ווילסטו איבערבלייבן, ווילסטו נאָך האָבן אַ שאַנס צו לעבן — מוזסטו קודם־כל גוט אויסזען, און אויב נישט, גייסטו גלייך אין אויוון אַריין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די שווערע האַרעוואַניע אין אוישוויצער לאַגער. געוועקט האָט מען אונדז צום אַפּעל 3 ביי נאַכט, צו דער אַרבעט האָט מען אונדז געטריבן 6 אין דער פרי. מיך האָט מען צוגעטיילט צו איינע פון די שווערסטע אַרבעטן, איך בין געשטאַנען אין חודש אָקטאָבער אין שניידיק־קאַלט וואַסער און דאָרט געטאָן מיין אַרבעט. אַזוי האָב איך געאַרבעט עט־לעכע חדשים, ביז איך בין קראַנק געוואָרן און נישט געקאָנט גיין. צום אַפּעל האָט מען מיך געמוזט אַרויס־טראָגן. מיינע פיס זענען געווען פאַרכאַפּט פון אַ געלענ־קען־אָנצינדונג, איך האָב שוין בכלל נישט געקאָנט אַרויס צו דער אַרבעט. איך האָב זיך געמוזט אויסבאַ־האַלטן אונטערן שעניק, ווייל נישט גיין צו דער אַר־בעט, האָט געהייסן, אַז דו ביסט קראַנק און אויב אַזוי — קומסטו אויפן „רעוויר" (אַ מין קראַנקן־פּונקט), און פון דאָרט פירט אַ גלייכער וועג אין אויוון אַריין.

כ'האָב מיר פאַרשאַלטן מיינע יאָרן: פאַר וואָס האָט מיר גאָט געגעבן אַזוי פיל כוח, אויסצוהאַלטן און איבערצוטראָגן אַזוי פיל פיין, כדי דערנאָך פאַרברענט צו ווערן אין גאַז־אויוון? די מענטשן אין לאַגער פאַלן ווי פליגן פון דער שווערער, אוממענטשלעכער האָרע־וואַניע, פון די פאַרשידענע אָנשטעקנדיקע קרענק און פון שמוץ. די 4 גאַז־אויוונס אַרבעטן אויף דער גאַנ־צער פאַרע ביי טאָג און ביי נאַכט, די לופט איז פאַר־פּעסטעט פון די ריחות, וואָס טראָגן זיך פון די געפּרע־גלטע און פאַרברענטע מענטשלעכע קערפּערס.

לאַנג זיך „דעקן" מיט מיין קראַנקייט האָב איך נישט געקאָנט, מען נעמט מיך אין שפּיטאָל אַריין. איך ליג דאָרט אַ וואָך צייט און די שרעק פאַר אַ סעלעקציע לאָזט מיך נישט רוען. איך שרייב זיך שנעל אויס פון שפּיטאָל און איך בין ווידער אין מיין באַראַק, אין לאַגער. עפּעס אַן אומבאַגרייפלעכער כוח שפּאַרט אין מיר: דו מוזט בלייבן ביים לעבן, און גאָט וויל מיר נישט צונעמען די נשמה.

מיט מיין מאַן זע איך מיך פון דער ווייטנס, ווען מען טרייבט אונדז צו דער אַרבעט. רעדן קאָנען מיר נישט צווישן זיך, ווייל מען איז אויסגעשטעלט אויף מערדערלעכע קלעפּ. מיין מאַן זוכט פאַרשידענע פאַר־בינדונגען און ער באַזאָרגט מיך פון צייט צו צייט מיט אַ ביסל שפּייז, אונטערהאַלטנדיק די שוואַכע האָפענונג, אַז מיר וועלן בלייבן לעבן. איך געפין זיך אויף דעם אַזוי גערופענעם „ערשאָנונגס" בלאָק, ווו מען אַרבעט נישט אַזוי שווער, אָבער פון דעם בלאָק נעמט מען שנעלער צום פאַרגאַזעווען, דעריבער שטעל איך זיך ווידער צו די שווערסטע אַרבעטן, אַבי נאָך אַ ביסל צו פאַרלענגערן דאָס ביטערע לעבן.

פון וואַנען נעמען זיך צו מיר כוחות, דאָס אַלץ

איבערצוטראָגן ? ווו געפינט זיך אין מיר דער מקור פון דעם אייזערנעם ווילן אויסצוהאַלטן און איבער־צוהאַלטן — קען איך נישט באַגרייפן. איך וויל דאָ איבערגעבן איין טאָג פון מיינע טעג, וואָס איך זועל נישט פאַרגעסן אויף מיין גאַנץ לעבן. איך בין דע־מאָלט געבליבן מיט אַ האַרץ־פעלער פון די קלעפּ, וואָס איך האָב אַריינגעכאַפּט פונעם לאַגער־קאָמענדאַנט. גע־ווען איז דאָס אַ שטאַרק פאַרנעפּלטער טאָג, אין אַזאַ טאָג האָט מען מורא געהאַט אונדז אַרויסצופירן צו דער אַרבעט, אַז עמעצער זאָל נישט אויסנוצן דעם נעפּל און אַנטלויפן.

מיר זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט פאַר די באַ־ראַקן, וואַרטנדיק ביז עס וועט זיך אַ ביסל אויסלייטערן. אין דעם איז אָנגעקומען אויף אַן אינספּעקציע דער לאַגער־קאָמענדאַנט. דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער מערדער, אַז עס איז ווער אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט, איז ער שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. ער האָט ביי מיר געפּאַקט אַ שטיקל ברוקווע און ער האָט מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן, צו קאָפּען און וואַלגערן אויף דער ערד, אַזוי לאַנג, ביז איך בין געבליבן ליגן אַ האַלב־טויטע. גיין האָב איך נישט געקאָנט, אַלץ האָט מיר ווי געטאָן, איך האָב נישט געקאָנט נישט זיצן און נישט ליגן, אָבער דאָך בין איך געבליבן לעבן און זיך ווייטער געפּייניקט.

צו יענער צייט האָט מען אויך מיין מאַן אַוועקגע־שיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד, ווייל אוי־שוויץ איז שוין געשטאַנען פאַר ליקווידאַציע. די מער־דערס האָבן שוין געפילט, אַז זייער סוף דערנענטערט זיך. מען האָט אָנגעהויבן פונאַנדערצוגעמען די קוימענס, מען האָט אויפגעהערט צו פאַרברענען און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן צו לעבן מיט דער טיפער האָפענונג, אַז מיר וועלן איבערלעבן.

— נישט דאָס ווייטערדיקע לעבן האָט אַזוי געלאָקט, ווייל צו וואָס ? מיינע קינדער לעבן נישט, פון מיין מאַן ווייס איך גאָר נישט, די משפחה איז אומגעקומען. אַליין בין איך אַ צעבראָכענער שאַרבן, קוים וואָס איך האַלט מיך אויף די פיס, — נאָר דאָס וועלן איבער־לעבן און דערלעבן די מפּלה פון אונדזערע שונאים, די חיות און ווילדע מענטשן ; נעמען נקמה אין זיי, — אָט דאָס איז געווען דער מקור פון ווילן צו בלייבן ביים לעבן.

אָבער ביז צו דער פולשטענדיקער מפּלה פון די היטלער־באַנדיטן און ביז צו אונדזער באַפרייונג, האָבן מיר נאָך געמוזט לאַנג וואַרטן, זיך פּייניקן און קעמפן, ביז עס איז אָנגעקומען דער לאַנג אויסגעבענקטער טאָג פון דעם 18טן יאַנואַר 1945.

## ערב באַפרייונג

מיט אַ מאָל זענען די מערדער געוואָרן אונדזערע פאַרזאָרגער... צו אונדז אין באַראַק איז אַריינגעקומען איינע פון די קאָמענדאַנטקעס מיט אַזאַ ידיעה : אַז היות ווי די רוסן דערנענטערן זיך און זיי ווילן אונדז ראַטעווען, דעריבער מוזן מיר גלייך זיך לאָזן אין אַ מאַרש טיפער קיין דייטשלאַנד. דער דאָזיקער מאַרש אונדזערער האָט געדויערט דריי טעג און דריי נעכט.

די אַלע, וואָס האָבן נישט געקאָנט מיטמאַכן דעם מאַרש, זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן. אויסגעהונגער־טע סקעלעטן האָט מען געטריבן אָן עסן, אונדזער איינ־ציקע באַשפּייזונג איז געווען דער שניי אויפן וועג, און אַזוי האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו עפּעס אַ באַן־פונקט, ווו מען האָט אונדז אויפגעלאָדנט. נאָך דעם האָבן מיר זיך ווידער געשלעפּט דריי מעת־לעת.

דורכגעפרוירענע און אויסגעהונגערטע האָבן מיר זיך דערשלעפּט קיין דייטשלאַנד צו דעם טרויעריק באַקאַנטן פרויען־לאַגער ראַווענסברוק. די טעגלעכע שפּייז־פּאַרציע איז דאָרט באַשטאַנען פון 100 גראַם ברויט און אַ האַלבן ליטער ברוקווע־זופּ.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אָנ־געהויבן דעם לאַגער צו באָמבאַרדירן. ווידער האָט מען געפּרוווט „ראַטעווען" און אונדז אַרויסגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער מיט דעם נאָמען נוישטאַט — גלעווע. לויט זיין אויסזען האָט מען דאָ ענדלעך אונדז געדאַרפט „פּאַרטיק" מאַכן. דאָ האָט מען נישט פאַרגאַזעוועט, מען האָט זיך באַנוצט מיט פּשוטערע מיטלען, נישט געגעבן צו עסן, און מענטשן זענען געפאַלן פון הונגער. איך האָב שוין נישט געקאָנט גיין און נישט געווען ווער ס'זאָל העלפן, אַלע זענען געווען אויסגעשעפּט פון הונגער, וואָס צו קאָכן איז נישט געווען, האָבן מיר לאַנגע וואָכן אונטערגעהאַלטן דאָס ביסל חיות מיט רויען ברוקווע. די קאַרגע פּאַרציעס האָט מען באַקומען איין מאָל אין דער וואָך, און דאָס אויך נישט יעדע וואָך.

די פלי־אַלאַרמען און די באָמבאַרדירונגען האָבן גאָרנישט אויפגעהערט. מען זעט שוין דעם סוף פון גרויליקן קאַטאַקליזם, אָבער צוזאַמען מיט דעם זע איך אויך מיין סוף. איך צאַנק ווי אַ ליכט און גיי צו ביסלעך אויס, מיינע פיס זענען שרעקלעך געשוואָלן און איך

ליג צוגעשמידט צו דער נאַרע. אוי, ווי עס וויל זיך איצט דערלעבן צו דער באַפרייונג! ווי מען וויל אויס־האַלטן ביז צו דעם געהאָפטן טאָג!... מען שלעפּט אונדז נאָך צום אַפּעל, כאָטש ציילן ציילט מען אונדז שוין נישט, עס קומט פאָר אַ גרויסער באָמבן־אַנגריף, מען באַפעלט אונדז אַריינצוגיין אין די בלאָקן, מיר הערן אָבער נישט דעם באַפעל און מיר בלייבן אין דרויסן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט דרייט זיך אַרום אין ציווילער קליידונג, ער זעט אויס ווי אַן אָפּגעקלאַפּטע הושענה...

די פרויען דערציילן צווישן זיך, אַז די אַלע הענ־קערס זענען שוין גרייט און פאַרפּאַקט, זיי וואַרטן נאָר אויף אַ געלעגנהייט זיך אָפּצוטראָגן. מען שפּאַרט אונדז אַריין אין די באַראַקן און מען פאַרמאַכט אונדז, מיר ברעכן אָבער אויף די טירן און לאָזן זיך נישט איינשליסן. מיר פילן שוין, אַז איצט זענען מיר דאָ די הערשער און מיר רעגירן מיט זיי.

די אַלגעמיינע פרייד האָט אויך מיך אַרומגעכאַפּט. מען פאַרגעסט, אַז מען איז שוואַך, קראַנק און אויסגע־הונגערט. אַ פרישער לעבנס־שטראָם הייבט אָן צו שפּרודלען: מיר וועלן נאָך לעבן און זען זייער שוואַרצן סוף.

מיר האָבן זיך אַלע דאָס ערשטע געוואָרפן אויף די שפּייז־מאַגאַזינען, עסן — איז געווען אונדזער גרעס־טער באַגער. די מאַגאַזינען זענען שוין נישט געווען באַוואַכט, אַלע פּאָסטנס מיט דעם קאָמענדאַנט זענען אַנטלאָפן אין דער מורא, מען זאָל זיי נישט דערהרגע־נען. מיר שטורמען די טויערן פון לאַגער: פרייהייט! די לאַנג באַגערטע און געחלומטע פרייהייט איז ענד־לעך געקומען, אַלע טאַנצן און זינגען און צו דער אַלגעמיינער פרייד איז קיין גרענעץ נישטאָ.

אין מיר האָט אַלץ געוויינט: פאַר וואָס? פאַר וואָס האָבן דאָס מיינע טייערע קינדערלעך און נאָענטסטע נישט דערלעבט? פאַר וואָס בין איך אַזוי עלנט און אַליין? וווּ זאָל איך זיך איצט ווענדן און צו וועמען גיין?

יאָ! דעם שענסטן מאָמענט אין מיין לעבן האָב איך דערלעבט. איך האָב מיט מיינע אויגן געזען דעם סוף פון די מערדער, זיי זענען אין דער גרעסטער בהלה געלאָפן האַלב נאַקעטע, אַבי זיך צו ראַטעווען פון אונדזער נקמה.

די אַמעריקאַנער טאַנקען פאָרן אַריין אין לאַגער. זיי פאַרשיטן אונדז מיט פאַרשידענע שפּייז־אַרטיקלען, שאָקאָלאַד און נאָך אַנדערע לוקסוס־זאַכן, וואָס מיר האָבן שוין נישט געזען לאַנגע יאָרן.

איך בין שוין פריי, איך בין שוין זאַט, און וואָס ווייטער? קודם־כל וויל איך זיך לאָזן אויפזוכן מיין מאַן, **אפשר איז ער געבליבן ביים לעבן? איך מיט מיינס** אַ חברטע פון לאַגער לאָזן זיך אין וועג אַריין. אונדזער ציל איז צו קומען קיין פוילן, דער וועג נעמט ביי אונדז קנאַפּע צוויי וואָכן, מיר גייען צופוס, מיר פאָרן אויף די דעכער פון די באַן־וואַגאָנען, מיר שלעפּן זיך מיט פורן, ביז איך קום ענדלעך אָן אין מיין אַמאָליקער היימשטאָט נאָווי־דוואָר.

### צווישן די חורבות פון נאָווי־דוואָר

דאָ האָט אויף מיר געוואַרט די שרעקלעכע אַנ־טוישונג. איך האָב נישט אָנגעטראָפן אויף קיינעם פון מיינע נאָענטסטע און נישט געפונען מיין טייערן מאַן, וואָס ער איז געווען די גרעסטע האָפענונג פאַר מיין ווייטערדיק לעבן. נישטאָ! קיינער איז נישטאָ. בלויז פרעמדע, קריסטלעכע פנימער פון אומבאַקאַנטע. טאָ־מער טרעף איך שוין יאָ אַ פּאַלאַק פון שטעטל, וואָס איך קען, קוקט ער אויף מיר מיט פאַרוווּנדערונג: וואָס, דו ביסט געבליבן לעבן? דו, אַזאַ שוואַכע, האָסט איבערגעלעבט?

אין שטעטל זענען זיך צונויפגעקומען אַ ביסל לעבנגעבליבענע יידן. מיר שאַפן צווישן זיך אַ קאָ־מיטעט, מיר באַקומען אַ ביסל הילף פון וואַרשע. איך קום אַ ביסל צו זיך און הייב אָן צו אַרבעטן.

נאָכן אָפּזיין עטלעכע מאָנאַטן אין נאָווי־דוואָר באַ־קום איך אַ גליקלעכע ידיעה, אַז מיין מאַן לעבט און געפינט זיך אין דייטשלאַנד, אין בערגן־בעלזען. מיין מאַן טוט אַלעס, וואָס נאָר מעגלעך, ער שיקט צו מיר אַ ספּעציעלן שליח, און נאָך דער אָפּגעריסנקייט פון אַנדערהאַלבן יאָר טרעפן מיר זיך ווידער צוזאַמען אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד, אָבער שוין ביי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען.

שווער איז אָבער געווען דער צער, וואָס מיר זענען געבליבן אַליין, אָן די טייערע קינדערלעך און אָן וועמען פון דער נאָענטער משפחה. מיר האָבן געפונען אונדזער טרייסט און דער האָפענונג, אַז מיר וועלן לאַנג נישט בלייבן אויף דער פאַרשאָלטענער, בלוטי־קער ערד.

אונדזער וועג האָט געפירט קיין ישראל.

פנינה פּאַפּיער / תל־אביב

# אין וואַרשעווער געטאָ און אין ווישקאָווער וועלדער

## פאַרן קריג

פון מיין נאָווי־דוואָרער היים און פון מיינע קינדער און יוגנט־יאָרן בין איך נישט געווען צוגעגרייט צו דעם וועג און צו די אַלע ענדערונגען, וואָס כ׳האָב דורכגעמאַכט אין מיין לעבן אין פאַרלויף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ס׳איז אַפילו נישט געווען אין מיין דמיון, אַז מיר וועט אויסקומען דורכצומאַכן אַזעלכע גרוילן און מיטמאַכן אַזעלכע פּאַסירונגען. אין מיינע שול־יאָרן בין איך געגאַנגען אויף אַ שטילן זייטוועג, ווייט פון יעדער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג. מיינע על־טערן האָבן מיר נישט דערמעגלעכט וועלכן ס׳איז אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ווען כ׳בין שוין געווען אין דער זיבעטער קלאַס פון דער „פּאָווּשעכנע שולע" האָב איך נאָך פאַר זיך געהאַט די דאָזיקע שטערונגען. כ׳האָב געוואָלט ממשיך זיין מיין לערנען אין וואַרשע, אָבער אויך אויף דעם געביט האָט מען מיך געצוימט, און אַלץ צוליב דעם ווייל איך בין געווען אין שטוב די יינגסטע.

מיטן פאַרענדיקן די „פּאָווּשעכנע שולע" אין 1937 בין איך אַריין אין „מכבי". אָבער אויך דעמאָלט האָט מען מיר נישט צו פיל דערלויבט און מען האָט מיך געהאַלטן — ווי געזאָגט — „הינטערן פאַרטעך"...

## מיטן אויסברוך פון קריג

וואָס עס מיינט אַזוינס קריג — האָב איך ביז דעמאָלט נאָר געוווּסט פון דעם וואָס כ׳האָב געהערט וועגן די יאָרן פון דעם 1טן וועלטקריג. כ׳האָב געהערט וועגן שווערע יאָרן, וועגן שמוגלערס — ווי די יידן אין יענער צייט האָבן דאָך געפונען זייער שטיקל ברויט און ווי עס איז עקזיסטירט און דערלעבט בעסערע צייטן, — האָט זיך געגלייבט, אַז אויך דאָס מאָל וועט מען ווי עס איז דורכלעבן און איבערלעבן. אָבער גלייך האָט זיך אַרויסגעוויזן עפּעס אַנדערש. אין די שווערע באַדינגונגען האָב איך אָנגעהויבן פילן, אַז איך וואַקס און ווער עלטער... ס׳איז שוין נישט געווען ווי אַ מאָל, ווען די עלטערן פלעגן ציטערן ביי מיינס אַ נסיעה קיין וואַרשע. אַליין האָב איך זיך געלאָזט אויף די מוראדיקע וועגן.

נאָווי־דוואָר איז געווען פול מיט בהלה, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שכנות צו דער מאָדלינער פעסטונג; מען האָט זיך געריכט אויף אַלדאָס בייז, וואָר ס׳האָט געקאָנט — האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע. אין סעפּטעמבער, 1939, איז מיין גאַנצע משפחה אַוועק



פנינה פּאַפּיער

קיין וואַרשע צו מיין עלטסטן ברודער דוד. מיר האָבן מיט זיך מיטגענומען זאַפּאַסן פּראָדוקטן פון נאָווי־דוואָר. אין זיין וווינונג זענען מיר אַלע געווען אין ענגשאַפט בעת די באָמבאַרדירונגען אויף וואַרשע, און געהאָפט, אַז דער קריג וועט זיך ענדיקן גאָר גיך...

מיטן אַריינדרינגען פון די דייטשן קיין וואַרשע האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דער אַנלויף פון פּליטים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. המונים האָבן זיך צונויפגעשטופּט אין אַ גוואַלדיקער ענגשאַפט און דער הונגער איז געוואָרן אַלץ גרעסער. מען האָט אָנגעהויבן אויפשטיין ביי נאַכט, כדי צו פאַרכאַפּן אַן אָרט אין די רייען פאַר די בעקערייען און זיך דער־

שלאָגן צו אַ ביסן ברויט. אויך ביי אונדז, אין מיין ברודער דודס שטוב, האָבן זיך אויסגעלאָזט די שפּייז־זאַפּאַסן. איך בין אויך געלאָפן זיך שטעלן אין דער ריי צו ברויט, אָבער מיין משפּחה האָט מיר דאָס נישט דערלויבט, מען האָט מיך נאָך געהאַלטן פאַר אַ „קליינע"...



דוד פּאַפּיער ז״ל

דער הונגער האָט זיינס געטאָן. דער חלום, אַז אין וואַרשע וועט זיין בעסער, איז צו נישט געוואָרן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה וואַנדערונגען הין־און־צוריק צווישן וואַרשע און נאָווי־דוואָר.

אין אָקטאָבער, 1939, האָט אַ טייל פון מיין משפּחה זיך געפּרוווט ווידער איינאָרדענען אין נאָווי־דוואָר. די שטאָט איז געווען רויִנירט, די איבערגעבליבענע שטיבער — צעראַבירט. אונדזער שטוב איז נאָך געווען, אָבער אָן אויסגעליידיקטע, און ווידער אָנהייבן פון דאָס ניי איז געווען אוממעגלעך. אויף די גאַסן האָבן געווילדעוועט די „פאָלקס־דייטשן", צוזאַמען מיט די פּאָלאַקן, געשלאָגן און געממיתט ביים כאַפּן צו אַרבעט. האָבן זיך ווידער מיינע משפּחה־לייט אומגעקערט קיין וואַרשע, נאָך אַ חודש נסיונות און ליידן אין נאָווי־דוואָר.

אין יענער צייט זענען אַ סך יידן אַוועק צו די רוסישע געביטן. אויך מיינע עלטערן האָבן געראַטן זייערע קינדער זיך צו ראַטעווען אויף דעם וועג. אָבער מיר האָבן באַשטימט צו בלייבן צוזאַמען מיט די עלטערן, און ווידער האָבן זיך אַלע צונויפגעשטופּט אין דער ענגער וווינונג ביי מיין ברודער דוד. אָבער דאָס גרויסע געזינדל, די עלטערן, פינף ברידער, דריי שוועסטער און זייערע קליינע קינדערלעך, האָבן מער נישט געקאָנט זיין צוזאַמען. קיין פּרנסה פון וואָס צו לעבן האָט מען אויך נישט געהאַט, אַזוי, אַז די משפּחה האָט זיך צעשפּרייט. יעדער איז אַוועק באַזונדער זוכן חיונה און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

## מיטן אָפּשלוס פון וואַרשעווער געטאָ

מיטן אָפּשלוס פון וואַרשעווער געטאָ, אין סוף 1940, איז די לאַגע געוואָרן נאָך שווערער. מען האָט שוין געמוזט טראָגן די ווייסע לענטע מיטן צייכן פון מגן־דוד. אויף די גאַסן האָט מען געשווירן בערד און געשלאָגן מכות־רצח. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן עפּי־דעמיעס און ס'האָט געבושעוועט דער פלעק־טיפוס. מיין יינגסטער ברודער זישע איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט פלעק־טיפוס און אַוועקגענומען געוואָרן אויף איזאָלאַציע אין אַ „קוואַרטאַנע". אויך אונדז, די אַנדערע פון דער משפּחה, האָט מען פאַרנומען אויף איזאָלאַציע און צו סאַניטאַרנעם קאָנטראָל אויף אַן אַנדער אָרט.

און ווידער האָט אַ העלפט פון אונדזער משפּחה זיך געלאָזט קיין נאָווי־דוואָר. מיין שוועסטער מלכה מיט איר קינד און מאַן און זיינע עלטערן זענען שוין פון פריער געווען אין נאָווי־דוואָר. איצט האָבן זיך אַהין אַריבערגעטראָגן מיין פאָטער, מיינע צוויי ברי־דער משה און מאָטיס און דערנאָך אויך דער דריטער — זישע. איך בין פאַרבליבן מיט מיין מוטער אין וואַרשע. פון נאָווי־דוואָר האָט מיין משפּחה געפאָדערט, אַז אויך איך זאָל אַהין אַריבערקומען מיט מיין מוטער, ווייל דאָרט האָט מען זיך נישט שלעכט איינגעאָרדנט. מיין ברודער דוד איז געווען קעגן דעם. אָבער די מוטער האָט געוואָלט פאָרן קיין נאָווי־דוואָר און איך האָב נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז זי זאָל פאָרן אַליין.

מיין פאָטער האָט צו אונדז געשיקט עטלעכע שמוגלערס פון נאָווי־דוואָר, אַז זיי זאָלן אונדז אַריינ־שמוגלען אין נאָווי־דוואָרער געטאָ. דאָס זענען געווען יידן מיט אַ „גוט פּנים" — מיט אַן אַרישן אויסזען, מיט

װעלכע ס׳האָבן אױך, לשם גוטע פּרנסה װעגן, מיטגע־אַרבעט קריסטן. די ערשטע זאַך, װאָס מיר האָבן גע־דאַרפט טאָן — זיך שנעל אַרױפּכאַפּן אױף דער באַן אין דער ריכטונג קײן נאָװי־דװאָר, און אַזױ שנעל, אַז מען זאָל נישט באַמערקן, אַז מיר זענען ײדישקעס.

די באַן האָט זיך פֿאַרהאַלטן עטלעכע רגעס אױפֿן באַנהױף, איך בין שנעל אַרױף מיט דער כּװנה אַרױפֿ־צונעמען מײן מוטער, אָבער די באַן איז גיך אַװעק און מײן מוטער איז פֿאַרבליבן. אױף דער נאָענטער באַן־סטאַציע בין איך אַראָפּ פֿון דער באַן, זיך געלאָזט צופֿוס צוריק צום װאַרשעװער באַנהױף און דאָרט געפֿונען מײן מוטער. באַלד זענען מיר אַרױף אױף אַ צװײטער באַן — קײן לעגיאָנאָװע. דאָרט האָבן די שמוגלערס אױף אונדז געװאַרט, אונדז אַריבערגעפֿירט איבער דער גרענעץ פֿון רײַך, קײן נאָװי־דװאָר און אונדז געבראַכט אױפֿן נאָװי־דװאָרער בית־הקברות. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר דאָרט געװאַרט און אין דער פֿרי האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט אין נאָװי־דװאָרער געטאָ.

## נאָװי־דװאָר, פּאָמיעכאָװע, לעגיאָנאָװע

אין נאָװי־דװאָרער געטאָ האָט מען געמוזט האָבן אַ „שײַן". די יודענראַטלער האָבן דאָס געפֿאָדערט, נאָר מײַן פֿאָטער האָט עס מיט זײַ דערלײדיקט און זײ האָבן מיך צו רו געלאָזט. אָבער באַלד האָט מען בײַ מיר װידער געפֿאָדערט אַ „בעשײַנונג" װעגן רײנקײט, װאָס מען האָט געדאַרפֿט אַרױסבאַקומען אין שפּיטאָל. דאָרט האָבן געאַרבעט פֿאָלקס־דײַטשן און אַז מען איז געקומען אַהין האָט מען גלײך אָפּגעשױרן די האָר. איך האָב מורא געהאַט אַהין צו גײן. אָבער אױך אין שפּיטאָל האָט מײַן פֿאָטער אַלץ דערלײדיקט און איך האָב באַקומען אַ באַשטעטיקונג אױף רײנקײט און געזונט, אַזױ אַז איך בין אין געטאָ שױן געװען לעגאַל.

אין געטאָ איז געװען אַן אומדערטרעגלעכע ענג־שאַפֿט. מען האָט אַרױסגענומען פֿון די שטובן און געכאַפּט אױף די גאַסן צו אַרבעט. מיך האָט געפּײניקט די ענגשאַפֿט און דאָס אַרומגײן לײדיק און אױסזיכט־לאָז אין געטאָ, ביז איך בין אַלײן, פֿון מײַן װילן, אַװעק צו אַרבעט אױף אַ פֿלי־פּלאַץ אין מאָדלינער פֿעסטונג. בײַם דורכגײן דעם װאַך־טױער, נאָכן אַרבעטסטאָג, האָט מיך דער װאַכמאַן פֿאַרהאַלטן און מיך מכבד געװען מיט אַ פּאַטש, װײַל די מגן־דוד־לאַטע איז בײַ מיר געװען אױף אַ זײַט און נישט אױפֿן פּינקטלעכן אָרט. מײַנע עלטערן האָבן נאָכן דערװיסן זיך װעגן דעם פֿאַל מיך שױן נישט געלאָזט גײן צו אַרבעט.

און װידער לײדיקײט, אָן אַן אױסװעג. און באַלד — אַ שטרענגע גזרה, אַ פֿאַראָרדענונג אָפּצורײניקן דאָס געטאָ, און װידער „קװאַרטאַנענע" — אַלע געטאָ־אײַנ־װױנער װעלן דאַרפֿן גײן צו דער װײסל, אין די קאַלטע װאַסערן זיך רײנמאַכן... אַ פּחד איז מיך באַפֿאַלן פֿאַר דער דאָזיקער װײסל־באָד און איך האָב פֿאַרגעלײגט מײַן משפּחה, אַז מיר זאָלן גיך אַװעק קײן לעגיאָנאָװע. זײ האָבן דערצו נישט מסכּים געװען, און נאָר איך אַלײן האָב פֿאַרלאָזט דאָס נאָװי־דװאָרער געטאָ און מיט דער הילף פֿון די שמוגלערס בין איך אַװעק קײן לעגיאָנאָװע.

אין יענער נאַכט האָט מען די נאָװי־דװאָרער ײדן פֿאַרטריבן אין לאַגער פּאָמיעכאָװע, און נאָר אַ טײל פֿון זײ האָט מען איבערגעלאָזט אין געטאָ. צװישן די איבערגעבליבענע אין געטאָ זענען אױך געװען מײַנע צװײ ברידער און מײַן שװעסטער מלכּהס מאַן. מײַן פֿאָטער און מוטער, מײַן ברודער זישע, מײַן שװעסטער מיט איר קינד און מײַן זײדן האָט מען אַװעקגענומען קײן פּאָמיעכאָװע. אין לעגיאָנאָװע האָב איך זיך װעגן דעם אַלעם דערװוּסט. מײַנע צװײ אין געטאָ פֿאַרבלי־בענע ברידער משה און מאָטיס האָבן מיר געלאָזט צו װיסן טאָן, אַז איך זאָל זיך נישט אומקערן קײן נאָװי־דװאָר.

## און װידער אין געטאָ װאַרשע

מיט דער הילף פֿון די שמוגלערס בין איך װידער אַרײַן אין װאַרשעװער געטאָ, װידער צו דודן, מײַן עלטסטן ברודער. אין װאַרשע איז אױך דעמאָלט געװען מײַן ברודער מענדל מיט זײַן פֿרױ נעמי װײַנשטאָק (אױך פֿון נאָװי־דװאָר) מיט זײערע צװײ קינדער, זױ אױך מײַנס אַ שװעסטער אַדעלאַ מיט איר מאַן יצחק ערבשטײן.

װעגן גורל פֿון מײַנע אײגענע אין פּאָמיעכאָװע האָב איך זיך דערװוּסט, אַז מײַן מאַמע איז דאָרט אין לאַגער קראַנק געװאָרן אױף טיפֿוס, אַז דער זײדע איז דאָרט אַראָפּ פֿון זינען און דערשאָסן געװאָרן, אַז די ברידער משה און מאָטיס, װעלכע זענען פֿאַר־בליבן אין נאָװי־דװאָרער געטאָ, האָבן זיך באַמיט זײ צו העלפֿן, צושטעלן פּראָװיאַנט אין לאַגער אַרײַן. ס׳איז זײ אױך געלונגען פֿון דאָרט אַרױסצונעמען מײַן פֿאָטער, מײַן שװעסטער און איר קינד.

ווען מען האָט ליקווידירט דעם לאַגער אין פּאָמיעכאָווע, זענען צווישן די אַריבערגעפירטע פון לאַגער קיין לעגיאָנאָווע אויך געווען מיין מוטער און מיין ברודער זישע. מיין מוטער און זישע זענען פון דאָרט געקומען קיין וואַרשע און מיין פאָטער איז פאַרבליבן אין געטאָ נאָווי־דוואָר.

מיין ברודער מענדל האָט דעמאָלט געאַרבעט אין וואַרשע, אין אַ שאָפּ פון סטאָלעריי, אין לאַנדוי־שאָפּ אויף גענשע 64 (דאָרט האָט מען צוגעגרייט מעבל פאַר די דייטשן). מיט זיין הילף איז אויך מיין ברודער זישע צוגענומען געוואָרן צו אַרבעט אין לאַנדוי־שאָפּ.

מיין אַרבעט איז דעמאָלט געווען ביי אַ קינד אין אַ יידישער משפּחה. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג אָנגע־האַלטן, באַלד בין איך קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס און מיין לאַגע איז געווען מוראדיק. זיך דער־לויבן דעם לוקסוס צו ליגן ווי אַ קראַנקע אין ברודערס שטוב האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב מורא געהאַט פאַר אַ באַזוך פון די קאָמיסיעס, וואָס פירט צו דער „קוואַרטאַנגע", און איך האָב מורא געהאַט, אַז איך זאָל נישט אָנשטעקן די עלטערע און די קינדער אין מיין ברודערס שטוב. צו דער אַרבעט מיטן קינד בין איך שוין נישט געגאַנגען, אָבער אויך נישט געלעגן אין בעט, כ'האָב זיך אַרומגעדרייט מיט היץ אויף די גאַסן. ביי נאַכט פלעג איך אהיימקומען און שלאָפן מיט מיין מוטער אין איין בעט. איך האָב געהאָפט, אַז זי, נאָך דעם ווי זי האָט דורכגעמאַכט אַזאַ טיפוס־חולאת אין פּאָמיעכאָווער לאַגער, וועט שוין דאָ אַדורך בשלום און זיך פון מיר נישט אָנשטעקן.

דערווייל האָב איך אויך באַקומען אַ לונגען־אָנצינ־דונג. מיין ברודער האָט גערופן אַ פעלדשער, איך האָב מורא געקריגן און בין נאָך דעם אַנטלאָפן צו מיין שוועסטער, און נאָך דעם ווי איך האָב דורכגעמאַכט ביי איר דעם קריזיס, האָב איך זיך צוריק אומגעקערט צו מיין ברודער און צו מיין פריערדיקער אַרבעט.

מיין פאָטער אין נאָווי־דוואָר האָט זיך דערווייל ווי ס'איז איינגעאָרדנט. מיר האָבן געהערט, אַז ער האָט דאָרט געעפנט אַ רעסטאָראַן. מיט דער הילף פון שמוג־לערס האָט ער אונדז צוגעשיקט שפּייז־פּעקלעך. מיין ברודער אין נאָווי־דוואָר האָט פון אונדז פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן ווידער אַריבער קיין נאָווי־דוואָר. מיין מוטער איז אַהין אַוועק און איך און זישע זענען מיר פאַרבליבן אין וואַרשע.

## אין און אַרום לאַנדוי־שאָפּ

מיט דער הילף פון מיין ברודער איז אַריינגענומען געוואָרן אין לאַנדוי־שאָפּ מיין קרוב, דער נאָווי־דוואָרער יוסף ליטמאַן. דערנאָך בין אויך איך אָנגענומען געוואָרן צו אַרבעט אין לאַנדוי־שאָפּ. איך בין דאָרט געווען די איינציקע פרוי און זיך געלערנט אַרבעטן אויף די סטאָלעריי־מאַשינען.

אין מיין אַרבעט ביי דער שייב־מאַשין האָב איך „זוכה געווען" צו אַ באַזוך און אָבסערוואַציע פון די צוויי באַוווּסטע יעגער און יידן־פאַנגער אין געטאָ — קלאָסטערמייער און בלעשער. (די ביידע זענען פאַר־משפּט געוואָרן אויף איביקער תפיסה אין אַ דייטשן געריכט, כאילו זיי האָבן נאָר געשאָסן 9 יידן...).

די אָנגעהעריקייט צום שאָפּ האָט דערמעגלעכט צו באַקומען אַן אַרבעטס־שיין. יעדן טאָג האָט מען באַקו־מען אַ האַלבן ברויט און יעדע וואָך האָט מען פונאַנ־דערגעטיילט שפּייז־פּראָדוקטן. אויך איך האָב זיך פאַרנומען מיטן צעטיילן די פּראָדוקטן אין שאָפּ.

ביים גיין צו און פון דער אַרבעט איז אויסגעקומען צו זען אויף די גאַסן געשוואָלענע פון הונגער און מתים צוגעדעקטע מיט פּאַפּיר. אויף די גאַסן האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף כאַפּערס, וועלכע זענען באַפאַלן און אַרויסגעריסן די פּעקלעך פון די דורכגייער. ווען איך בין געגאַנגען פון דער אַרבעט מיט אַ האַלב ברויט איז מיך אַזאַ כאַפּער באַפאַלן, איך האָב זיך מיט אים געראַנגלט און באַוויזן צו ברענגען דאָס האַלבע ברויט אין שטוב אַריין. אַ צווייט מאָל האָט אַ כאַפּער ביי מיר אַרויסגעריסן אַ בייטל זאַלץ, עס גיך אַ כאַפּ געטאָן צום מויל עסן... ס'איז געווען טראַגיש צו זען אַט דעם ביטערן שפּאַס ביי דעם אויסגעהונגערטן אָנפאַלער.

## כאַפּענישן און סעלעקציעס

מען האָט אַלע מאָל אָפּגעשלאָסן די גאַסן, אַרויס־געטריבן מענטשן פון די וווינונגען און אויסגעשטעלט אין רייען צו סעלעקציעס. צוזאַמען מיט מיין שוועגערין בין איך געשטאַנען אין דער ריי און געוואַרט אויף אונדזער גורל. אַ באַקאַנטער יידישער פּאָליציאַנט האָט דערווייל צוּוויסן געטאָן דעם דייטשן קאָמיסאַר פון לאַנדוי־שאָפּ, אַז איך בין אין געפאַר, און ער איז געקומען און האָט מיך אַרויסגענומען פון דער ריי. מיין ברודער איז צוגעשטאַנען צו מיין שוועגערין, אַזוי אַרום געמיינט זי צו ראַטעווען, נאָר ביידע זענען אַוועק־

גענומען געוואָרן. זייער קינד איז געבליבן ביי דער באָבען.

לויט דער פאַראָרדענונג, אַז יעדער מוז וווינען נאָענט צו זיין אַרבעטס־פּלאַץ, האָב איך זיך געמוזט אַריבערציען אין צענטראַלן געטאָ אַריין. מיין ברודער מענדלען מיט דער פרוי האָט מען דעמאָלט אַוועקגע־שיקט מיט זיינע קינדער. אין קליינעם געטאָ זענען פאַרבליבן מיין שוועסטער אַדעלאַ מיט איר מאַן, זי איז אַלע מאָל זיך געקומען דערוויסן וועגן אונדז, ביז מען האָט זי אַוועקגענומען. אויך ביי אונדז אין פאַבריק גופא האָבן זיך אָנגעהויבן סעלעקציעס.

ביים אַנטלויפן בעת אַ סעלעקציע אויף אַ בוידעם אַרויף, האָט מיך אַ דייטש געכאַפּט און געשטעלט אין דער ריי, דאָרט האָב איך אויך געפונען מיין ברודער זישען.

שטייענדיק אין דער ריי האָב איך געזען ווי אַ רב, בלומענפעלד, בעט זיך ביי אַ דייטש, אַז ער זאָל אים צו רו לאָזן, ווייל ער איז קראַנק. דער דייטש האָט אים גלייך דערשאָסן. ס׳איז געווען פאַר מיר אַ פּיינלעכע איבערלעבונג צו זען, ווי אַקעגן עטלעכע דייטשן שטייען הונדערטער יידן אין הכנעה און שווייגן... מיט די שווערסטע געפילן האָב איך געטראַכט וועגן אונדזער מאַכטלאָזיקייט.

## ערשטע טרעפונג מיט געהיימע ווידערשטאַנד־גרופּן

ביי מיין אַרבעט אין לאַנדוי־שאָפּ האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע פון „השומר הצעיר". לאַנדויס אַ טאָכטער, מרגלית, האָט אָנגעהערט צום „השומר הצעיר" און זי האָט זיך באַמיט אַריינצוציען אין שאָפּ אירע חברים. צווישן זיי זענען געווען יוסף קאַפּלאַן און זיין בחורה מרים היינסדאָרף, יאָסעק פאַר־בער, שמעק, א״אַ.

וועגן יאָסעק פאַרבער האָט איך געהערט, אַז ער איז שוין נישט ביי זיינע עלטערן, נאָר מיט זיינע חברים, אַז ער איז נישט געשלאָפן ביי נאַכט, געווען ווו אין אַ קאַנאַל. כ׳האָב אין אים געזען עפּעס געהיימעס, אַז ער היט זיך און באַהאַלט אויס פאַר מיר. ער האָט נאָר מיט מיר גערעדט וועגן דעם, וואָס האָט אויך מיך ווייט געטאָן — די יידישע מאַכטלאָזיקייט.

אין דעם שאָפּ האָט אויך געאַרבעט הערש בער־לינסקי, וועלכער איז בייגעווען און צוגעהערט אונדזע־רע געשפּרעכן, און אַלץ — שווייגנדיק...

דערווייל האָט די פאַרשאַרפטע לאַגע אויף די גאַסן אַרום שאָפּ זיך אָנגעהויבן אָנצוזען אַלץ בולטער אין שאָפּ גופא. צוליב די כסדרדיקע אָבלאַוועס און סעלעקציעס האָבן די אַרבעטער פון שאָפּ זיך געוואָנדן צום קאָמיסאַר, אַז ער זאָל זיי דערלויבן ברענגען זייערע פרויען און קינדער אין שאָפּ אַריין. פרויען און קינדער האָבן זיך צונויפגעדרענגט אין שאָפּ, מען האָט די קינדער קוים איינגעשטילט מיט שלאָף־פּילן. ס׳איז אַלץ געוואָרן שווערער און ערגער, און די מחשבות וועגן אונדזער גורל און ווידערשטאַנד האָבן נישט צו רו געלאָזט.

מען איז געקומען פון דער געסטאַפּאָ אַרעסטירן קאַפּלאַנען. עס זענען שוין געווען בולטע סמנים, אַז עס עקזיסטירט אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע.

הערש בערלינסקי האָט מיך אַ מאָל פּלוצלינג געפרעגט, צי איך בין פריי איך האָב אים געענטפערט, אַז איך און מיין ברודער זישע וווינען אין איין הויז מיט ליטמאַנען. ער איז געקומען צו מיר אין שטוב, מיט מיר אָפן גערעדט, צי איך בין גרייט צוצושטיין צום ווידערשטאַנד און וועגן גרינדן אַ געהיים קע־מערל — אַ פינפטל.

איך, זישע, יוסף ליטמאַן און נאָך צוויי פון שאָפּ — וולאָצלאַווסקי און בלומשטיין האָבן צווישן זיך פאַר־ירט אַזאַ „פינפטל". הערש בערלינסקי איז אַלע מאָל צו אונדז געקומען זיך דורכרעדן מיט אונדז. קיין געווער האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט געהאַט. פון דעם „פינפטל" זענען מיר דערנאָך נאָר פאַרבליבן אַ „דריטל", ליטמאַן, זישע און איך.

## אַנדערע נאָווי־דוואָרער אין וואַרשע

אין לאַנדוי־שאָפּ האָט אויך געאַרבעט חיים ווערמוס. מיט אַנדערע נאָווי־דוואָרער האָב איך זיך באַגעגנט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך דערוווסט וועגן דער ליקווידאַציע פון נאָווי־דוואָרער געטאָ. איך האָב זיך געטראָפן מיט רייכמאַן־קטונטי און פון אים האָב איך געהערט איניקע פּרטים וועגן גורל פון מיין משפּחה אין נאָווי־דוואָר — אַז פלעצער דער פאָלקסדייטש האָט געוואָלט אַראָפּנעמען מיין ברודער מאַטיס פון וואַגאָן בעת דער ליקווידאַציע, אָבער מאַטיס האָט דערצו נישט מסכים געווען, אויב מען וועט נישט אַראָפּנעמען די גאַנצע משפּחה, און ער איז פאַרבליבן אין וואַגאָן מיט זיי.

כ׳האָב זיך אויך געטראָפן מיט יעקב עווענסאָן,

מיט חוה שקלאַנקאַ און איר מאַן פריימאַן און מיט אהרן באַראַנעק. זיי אַלע האָבן גאָרנישט געוווּסט וועגן דער אונטערערד, אַז אַזעלכע קעמערלעך עקזיסטירן, און אַוודאי גאָרנישט וועגן מיין שייכות צו זיי. שפּע־טער, נאָך די געשעענישן פון 18טן יאַנואַר האָב איך אויך געזען אין דער ריי אויפן אומשלאַג־פּלאַץ דעם נאָווי־דוואָרער יודענראַטלער הערמאַן אַבּראַמאָוויטש. ער איז געשטאַנען מיט זיין קינד אין דער ריי אַ דערשלאָגענער.

## נאָכן „קליינעם אויפשטאַנד"

ביי די אַקציעס פון 18טן יאַנואַר 1943 האָבן די אָפּטיילונגען פון „דרור" און „השומר הצעיר" געעפנט אַ שיסעריי. די שומרת מרגלית לאַנדוי איז דעמאָלט געפאַלן. מען האָט די געכאַפּטע ווידערשטעינדלער גע־ברענגט צום אומשלאַג־פּלאַץ. איך, יוסף ליטמאַן, יוסף קאַפּלאַנס בחורה מרים און טאָסיאַ אַלטמאַן — האָבן זיך אַלע צוזאַמען געהאַלטן אַרום יוסף פאַרבער, אין וועמענס איניציאַטיוו מיר האָבן געגלייבט...

דער אומשלאַג־פּלאַץ איז געווען פול מיט מענטשן. געוואַלדן און געשרייען, שיסערייען און פאַקעניש אין וואַגאָנען. מיר זענען אין גרויסן טומל און געדראַנג אַרויס פון די רייען און אַריין אין קעלערן. איך און יוסף ליטמאַן זענען צוזאַמען אַראָפּ אין אַ קעלער אויף ניזקע און דאָרט אָנגעטראָפן אויף דער גרופּע פון „השומר הצעיר".

די גרופּע האָט באַשלאָסן זיך אַרויפצוקריגן ביי נאַכט אויפן העכסטן שטאָק פון בנין און פון דאָרט אַריבערגיין אין אַן אַנדער הויז. מען איז אויסן געווען דאָס נאָענטע הויז פון דער „ווערטע־ערפאַסונג". דאָס איז געווען אַזאַ מאַגאַזין, ווו מען האָט צונויפגענומען מעבל פון יידישע שטיבער פאַר די דייטשע אָפיצירן. ביי נאַכט איז מען טאַקע אַרויף אויפן 6טן שטאָק, מען האָט אַראָפּגעריסן אַ ברעט פון אַ טיר, געמאַכט דערפון אַ בריק צו אַ פענצטער פון צווייטן הויז, און דאָרט אַריבער מיטן ציל צו פאַרזעצן דעם וועג אין דער פרי און אַזוי אַרום זיך באַפרייען פון אומשלאַג־פּלאַץ. ביים אַריבערגיין אויף דעם שמאָלן ברעט צווישן די פענצטער אויף די הויכע שטאָקן האָבן די דייטשן צו אונדז אַרויפגעשאָסן. די וואָס זענען אַריבער אין הויז פון דער „ווערטע־ערפאַסונג" האָבן זיך דאָרט אויס־באַהאַלטן צווישן די מעבל ביז אין דער פרי, און דערנאָך אַרויסגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון

ווערקשוצלער — מענטשן פון „השומר הצעיר", וועל־כע זענען געקומען אונדז באַפרייען.

ביים צוריקקומען האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין ברודער זישע און מיט די נאָווי־דוואָרער חוה שקלאַנקאַ און יעקב עווענסאָן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויך געקומען צו אונדז הערש בערלינסקי און מיט אונדז גערעדט וועגן צושטיין צו דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „זשאָב". איך, זישע און יוסף זענען אַוועק אין דער קאַמפּס־גרופּע און געוואָרן קאָשאַרירט אויף שוויענטאָיערסקע 34, אין דער בערשטער־אָפּטיי־לונג. איך און זישע האָבן שוין דעמאָלט קיינעם פון דער משפחה נישט געהאַט. יוסף ליטמאַן האָט נאָך געהאַט זיין מוטער און שוועסטער. פאַר זיין מוטער האָט ער באַקומען הילף פון דער קאַמפּס־גרופּע.

ווען איך פלעג קומען פון שוויענטאָיערסקע זיך טרעפן מיט מיינע נאָווי־דוואָרער פריינד, יעקב עווענ־סאָן, חוה און אסתר שקלאַנקאַ, אהרן באַראַנעק, האָב איך, פאַרשטייט זיך, אויסגעמיטן צו רעדן אַ וואָרט וואָס איך טו דאָרט אין דער בערשטער־אָפּטיילונג, איך האָב עס פאַרטושט מיט דער טענה, אַז איך אַרבעט דאָרט ביי בערשטלעך. אָבער זיי האָבן שוין דעמאָלט דערשנאַפּט, אין וואָס איך בין עוסק.

ווען איך האָב אהרן באַראַנעקן עפּעס באַמערקט וועגן זיין שיינער לעדערנער קורטקע, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך וועל קומען ביי נאַכט זי צונעמען ביי אים... אין די נעכט זענען מיר שוין דעמאָלט געווען גאַנץ באַוועגלעך, מען האָט עוסק געווען אין ענינים פון געווער און מען האָט „פאַרטשעפּעט" די רייכע יידן, מען האָט ביי זיי פאַרלאַנגט געלט און דערביי אויפגעקלערט, אַז אויב זיי וועלן נישט געבן, וועלן זיי עס סיי ווי מיטנעמען קיין טרעבלינקע. ס׳זענען אויך געווען פאַלן, ווען באַנדיטן האָבן אויסגענוצט אונדזער נאָמען און זיך פאַרגעשטעלט אַלס שליחים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אונדזער קאָנספּיראַטיווע אויפפירונג איז געווען זייער שטרענג, אָבער אונדזער נאָווי־דוואָרער יעקב עווענסאָן האָט שוין פאַרשטאַנען מיט וואָס מיר פאַר־נעמען זיך. איינמאָל האָט ער ביי מיר געבעטן, איך זאָל זיך באַמיען אים אַריינצוציען אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז איך האָב נישט קיין שייכות מיט דעם. אָבער אין דער אמתן האָב איך וועגן דעם גערעדט מיט הערש בערלינסקין און ער האָט מסכים געווען אים אַריינצונעמען, בשעת מען

וועט אָרגאַניזירן אַ צווייטע גרופּע אין צענטראַלן געטאָ. ס'זענען שוין דעמאָלט געווען די „אַקציעס" פאַרן אַפּריל־אויפשטאַנד און מיט יעקב וועןנסאָן האָב איך זיך מער נישט באַגעגנט.

אונדזער גרופּע האָט אין יענע נעכט זיך באַשעפטיקט מיט אויפקלערן די יידן אין געטאָ, וואָס עס מיינט אַזוינס אויסזידלונג צו אַרבעט. אויף די פּלאַקאַטן, וואָס מיר פלעגן אויסקלעבן, האָבן מיר אויפגעקלערט, אַז אַרבעט מיינט טויט.

## אין בונקערס נאָכן אויפשטאַנד

18טער אַפּריל — די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין געטאָ מיט טאַנקען און פּאַנצער־אויטאָס. און קעגן דער דאָזיקער שטאַרק באַוואָפנטער אַרמיי — אונדזערע קאַמפס־גרופּן מיט רעוואָלווערן און גראַנאַטן פון אייגענער אויסאַרבעטונג. 19טער און 20סטער אַפּריל — יידישע קעמפער אויף זייערע פּאָזיציעס האַלטן וואַך און באַשיסן די דייטשע אָפּטיילונגען, און באַלד קומט די גרויסע דייטשע בלאָקאַדע — דער שטח פון דער בערשטער־אָפּטיילונג ברענט, אַלץ גייט אַוועק אין פייער און אין רויך, און די לעצטע קאַמפס־גרופּן פון די יידישע אויפשטענדלער געפינען זייער אָרט אין די בונקערן. אין שטח פון דער בערשטער־אָפּטיילונג איז אוממעגלעך פאַרצוזעצן די קאַמפן.

יעקב פּראַשקערס קאַמפס־גרופּע איז פאַרבליבן אין דער בערשטער־אָפּטיילונג און דאָרט פאַרברענט געוואָרן אין אַ בונקער. די גרופּעס פון מאַרעק עדעלמאַן, חנוך גוטמאַן און הערש בערלינסקי דערשלאָגן זיך צו אַ בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30. ס'ווערט אונטערגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט צביה לובעטקין און מרדכי אַנילעוויטש, און קאַזשיק (שמחה ראָטהייזער) ווערט אַריבערגעשיקט אין דער אַרישער זייט זיך צו פאַרבינדן מיט אַנטעקן (יצחק צוקערמאַן).

אין בונקער פון פראַנציסקאַנער 30 בין איך דעמאָלט פאַרטשאַדעט געוואָרן. פון דעם פאַרטשאַדעטן אָרט זענען אַלע נאָך דעם אַריבער אין אַן אַנדערן בונקער. דאָרט האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אריה ווילנער פון „השומר הצעיר", מיט זיגמונט פרידריך פון „בונד" א"א קעמפער. זיגמונט האָט מיך דערקענט, ער איז געווען מיין ברודער דודס אַ חבר און ער האָט מיך געראַטעוועט.

אריה ווילנער האָט דאַן דערציילט, ווי די געסטאַפּאָ האָט אים געפּייניקט, אַז ער זאָל אויסגעבן די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. דאָס הערנדיק האָב איך אויפגעציטערט, אין פּחד אַריינצופאַלן צו די דייטשן. אַלע מאָל האָבן די דייטשן אַנטדעקט אַן אַנדערן בונקער, מיט אויפרייסן און גאַזן געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די בונקערס און אַזוי אַרום ליקווידירט די לעצטע קאַמפס־גרופּן. איך האָב זיך דעמאָלט אומגעקערט צו אונדזער פריערדיקן בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30.

צו אונדז אין בונקער איז געקומען אַ בונדישע גרופּע, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַן אַנדער אָרט. ס'איז געוואָרן זייער ענג און מיר האָבן באַשלאָסן אויסטיילן פון יעדער גרופּע צוויי מענטשן, זיי זאָלן אַריבערגיין ווו אַנדערש. ווען מיר זענען אין 1טן מיי ביי נאַכט געקומען צום אַנדערן בונקער, האָט מען אונדז נישט געוואָלט אַריינלאָזן. נאָר ווען מיר האָבן געדראָט מיט געווער האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט. אַריינקומענדיק אַהין האָבן מיר געפונען אַ גרויסע ענגשאַפט און אַ פיינטלעכקייט צו אונדז, און מיר האָבן באַשלאָסן זיך אומקערן צו אונדזער פריערדיקן בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30.

גלייך מיט אונדזער אומקערן זיך, אין דער צווייטער נאַכט, האָבן מיר געזען, אַז עפּעס איז דאָרט געשען. אין דער צייט פון אונדזער אַוועקגיין האָבן דייטשן מיט דער הילף פון יידישע צוהעלפער (קאַפּאָשעס) אַנטדעקט דעם בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30. דאָרט האָבן זיך דעמאָלט געפונען פיר קאַמפס־גרופּן, פון חנוך גוטמאַן (דרור), מאַרעק עדעלמאַן (בונד), יורעק גרינשפּאַן („פּ. פּ. ר.") און פון הערש בערלינסקי. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צום בונקער, זענען אַלע אַרויס צו אַן אָפענעם קאַמף מיט זיי. סטאַשעק און בערעק פון „בונד" זענען געהרגעט געוואָרן אין קאַמף. יוסף פון „דרור" איז אַ פאַרוווּנדעטער אַראָפּגעפאַלן פון זיין קאַמפס־פּאָזיציע צו די דייטשן און דורך זיי דערשאָסן געוואָרן. חנוך גוטמאַן, יעקב גרינשפּאַן און מיין ברודער זישע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. ווען מיר זענען צוריקגעקומען אין בונקער האָבן מיר דאָרט אויך געפונען די געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע.

דעמאָלט זענען געקומען צו אונדז שליחים פון בונקער פון מרדכי אַנילעוויטש (מילע 18), פּאַוועל, חיים גרינשפּאַן א"א און זיי האָבן אַרויסגעפירט די שווער פאַרוווּנדעטע.

די דייטשן האָבן זיך ווידער אומגעקערט צו דעם בונקער, געגראָבן און געזוכט אַ וואָס נענטערן וועג,

כדי אים אויפצורייסן מיט דינאַמיט, און ס׳איז זיי נישט געלונגען. מיר זענען געזעסן געשפּאַנט און שטיל, נאָר איך האָב אוימאויפהערלעך געהוסט. צוליב פאַרקילונג אָדער צוליב דער נערוועזער געשפּאַנטקייט — אַזוי צי אַזוי, איך האָב נישט געקאָנט גובר זיין דעם הוסט, און איך האָב געהערט, ווי איינער פון די בונקער־לייט זאָגט, אַז מען דאַרף מיך דערפאַר דערשיסן...

ביי נאַכט האָט מען ווידער געפּרוווט אַריבערפירן די לייכט־פאַרוווּנדעטע אין אַ צווייטן בונקער אַריין — צווישן זיי מיין ברודער זישע — נאָך גלייך זענען אָנגעקומען דייטשן. איינער פון אונדזער גרופּע, שאנן לענט, האָט אָנגעהויבן שיסן, די דייטשן האָבן אָנגעהויבן וואַרפן גאַז־באָמבעס און די גאַנצע גרופּע מיט די לייכט־פאַרוווּנדעטע זענען אומגעקומען, צווישן זיי מיין ברודער זישע. מיר איז פאַרבליבן בירושה זיין פּיסטאָלעט.



זישע פּאַפּיער ז״ל

די אַלע פאַרבליבענע פון אונדזער בונקער זענען דאַן אַריבער אין אַן אַנדער אָרט, אין אַ בונקער פון די „שמיעטשאַזשעס“ (די מיסט־פירער) אויף פראַנציש־קאַנער 22. פון דאָרט האָט געפירט אַ וועג דורך די דרענאַזש־קאַנאַלן. מיר האָבן באַשלאָסן אויף דעם וועג אַרויסצושיקן מענטשן, וואָס זאָלן אונדז פאַרבינדן מיט דער אַרישער זייט. דעמאָלט זענען צו אונדז געקומען פון בונקער אויף מילע 18 צביה לובעטקין און חיים גרינשפּאַן (פּרימער).

ס׳האָט דעמאָלט אַרומגעוואַנדערט צווישן די קאַנאַלן און געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט אונדז קאַזשיק (שמחה ראַטהייזער). דעם וועג צו אונדז האָבן דעמאָלט געפונען אַ גרופּע פאַרגאַזעוועטע פון בונקער אויף מילע 18.

## דורך די קאַנאַלן

מען האָט באַשטימט 10 מענטשן, וואָס זאָלן אַראָפּ אין די קאַנאַלן, צווישן זיי — אויך איך. אין 8־טן מיי זענען מיר אַראָפּ.

אויף די ווענט פון די קאַנאַלן זענען געווען צוגעפעסטיקט גאַז־באָמבעס. מיר זענען געגאַנגען פאָרזיכטיק, מיט ליכט אין די הענט, יעדע רגע האָט עפּעס געקאָנט געשען, און ס׳האָבן זיך געהערט טריט... מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען דייטשן. מיר האָבן געהערט אויסרופן אַ פּאַראָל: „יאַן“ און מיר האָבן צוריקגעענטפערט „יאַן“. פּלוצלינג האָבן מיר דערזען קאַזשיקן. אַזאַ פּלוצלינגע שמחה אין חשכות און אין שמוץ פון די קאַנאַלן!... מיט קאַזשיקן איז אויך געווען רישעק מאָסעלמאַן (פון „השומר הצעיר“). עטלעכע נעכט שוין האָט קאַזשיק אַזוי אַרומגעוואָגלט אין חשכות פון די קאַנאַלן און אונדז געזוכט מיט דער באַגלייטונג פון קריסטן קאַנאַליזאַטאָרן, וועלכע האָבן די וועגן געקענט. זיי האָבן זיך אין מיטן גאַנג געוואָלט צוריקציען און געמוזט ווייטער פאָרזעצן אונטער דער דראָאונג פון געווער, ביז סוף־סוף האָט מען אונדז געפונען. ס׳איז געווען אַ טרעפונג פון פּחד און שמחה צוזאַמען...

אַזוי שמאָל זענען געווען די דורכגאַנגען, מען האָט געמוזט אויסנוצן די קרייצפּונקטן פון די קאַנאַלן, כדי צו געפינען אַן אָרט ווו זיך צו פאַרהאַלטן. פאַרוווּנדעטע, אויסגעהונגערטע און דאָרשטיקע האָבן מיר אַזוי געוואָגלט אָן אַן אויסוועג. פּיינלעך איז געווען צו זען, ווי דער פאַרוווּנדערטער יהודה ווענגראָווער טרינקט פון שמוציקן קאַנאַל־וואַסער. מיר זענען געווען מאַכטלאָז, רעזיגנירט און מיר האָבן געטראַכט, אַז דאָס איז דער לעצטער וועג...

די טרעפונג מיט קאַזשיק און רישעק האָט אונדז אויפגעמונטערט. מיר האָבן גלייך צוויסן געטאָן אין בונקער, אַז אַלע זאָלן אַראָפּ אין קאַנאַל. קאַזשיק און רישעק זענען אַוועק אויף דער אַרישער זייט צוגרייטן אונדזער אַרויספיר פון די קאַנאַלן. דעם 10טן מיי אין דער פרי האָבן זיי אונדז אַרויסגעפירט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו דעם, מען האָט אונדז אַרויסגעשלעפּט. מיר האָבן זיך אין ליכט איינער דעם אַנדערן נישט דערקענט. די יסורים און דער שמוץ האָבן ביי יעדן צוגענומען די מראה פון אַ מענטש. ביים אויסגאַנג פון די קאַנאַלן האָבן געוואַרט צוויי אויטאָס, און מיר זענען אַרויף. נאָכגעיאָגט פון זשאַנדאַרמעריע זענען מיר אַרויס הינטער וואַרשע, קיין לאָמיאַנעק.

דאָרט זײַנען שוין געווען אַנדערע קאַמפּס־גרופּן פון טעבענס־שולץ־שאָפּ, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט מיט עטלעכע טעג פריער דורך אַנדערע קאַנאַלן. אַ סך פון די וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט דורכשלאָגן דורך די קאַנאַלן זײַנען דאָרט פאַרבליבן. מיר האָבן געוווּסט פון אַזעלכע 30 פאַרבליבענע. קאַזשיק איז ווידער אַוועק צו די קאַנאַלן זוכן די פאַרלוירענע.

אין לאָמיאַנקער וועלדל האָבן מיר געליטן פון הונגער און דאָרשט, ביז מיר האָבן אָנגעקניפּט קאָנטאַקט מיט איינעם אַ קריסט, וואָס האָט אונדז צוגעשטעלט עסן. פון דאָרט האָט אונדז דער וועג געפירט ווייטער, אין וועלדער, צו פּאַרטיזאַנישע נעסטן.

## אין די ווישקאָווער וועלדער

קשאַטשעק, אַ גוי פון דער אונטערערד, צוזאַמען מיט קאַזשיקן האָבן ווידער געבערענגט צוויי מאַשינען און אונדז אַריבערגעפירט אין די ווישקאָווער וועלדער. ס'האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז דאָרט וועלן אונדז אויפנעמען די רוסישע פּאַרטיזאַנער. ס איז אָבער געווען אַנדערש ווי מיר האָבן געמיינט און זיך פאַרגעשטעלט. געפאַנגענע רוסישע זעלנער, וואָס זײַנען אַנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט, האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די וועלדער, נישט געהאַט קיין געווער און דאָס געפאָדערט בײַ אונדז. זיי האָבן בײַ אונדז צוגענומען געווער און אַנטלאָפן. דאָס האָט אונדז שטאַרק אַנטוישט. מיר זײַנען געווען אָפּגעריסן פון וואַרשע און אָן די רוסן האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנונג, ווו אײַן און ווו אויס אין יענע וועלדער. אויך קשאַטשעק האָט יענע וועלדער נישט געקענט.

אונטער זײַן אָנפירונג איז מען אַ מאָל אַוועק צו אַ פּאָליציי־פּאָסטערונעק, מאַכן אַן איבערפאַל און ברענגען געווער. אָבער ס'איז געווען אַ דורכפאַל, צומאַרגנס האָבן די דײַטשן אָנגעהויבן מיט אָבלאַוועס און ס'זײַנען געווען קרבנות.

אַ סך האָבן געפּרוּווט געפינען פאַר זיך אַ לײַזונג אין אַריבערגיין אויף דער אַרישער זײַט און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. ס'איז אָבער לרוב נישט געלונגען און אַ העלפט פון זיי זײַנען אומגעקומען.

אין די ווישקאָווער וועלדער האָב איך זיך אויך צונויפגעטראָפן מיט נאָווי־דוואָרער — ליובאַ שינדלער און באַלעק קאָוואַלסקי מיט זײַן יידישער פרוי חנה לובעלסקי. ליובאַ שינדלער איז אומגעקומען, ווען זי איז אַוועק אין אויסשפּירונגס־שליחות און געכאַפּט געוואָרן דורך דער פוילישער פּאָליציי. באַלעק און חנה לובעלסקי זײַנען געווען מיט אונדז. דערנאָך איז באַלעק אַוועק קיין וואַרשע און ער האָט זיך מער נישט אומגעקערט.

מיר אַלע האָבן געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע און לויטן פאַרשלאַג פון אונדזער קאָמענדאַנט דוד נאָוואָדוואָרסקי (פון „השומר הצעיר") איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ שליח קיין וואַרשע. צו דעם איז באַשטימט געוואָרן די בחורה פון דודן, רבקה (רעבעקאַ). איינער אַ רוס פון צווישן אונדז האָט איר געדאַרפן אַריבערפירן, ער האָט עס נישט וויליק אויף זיך גענומען און זי איז אַוועק צוזאַמען מיט אים און מיט יוסף ליטמאַן, און דאָרט אויפן וועג איז יוסף ליטמאַן געפאַלן.

דער רוס האָט געזאָגט, אַז ער גייט אַוועק אויף אַ ווײַל צו אַ גויע, זיך דערוויסן וועגן פּאַסיקסטן וועג צום אַריבערגיין דעם בוג. יוסף ליטמאַן איז פאַרבליבן אויף דער וואַך אין דרויסן מיט דעם מאַשין־געווער פון רוס. די פוילישע פּאָליציי האָט אים באַשאָסן און ער איז אַנטלאָפן אין קאָרן אַרײַן אַ שטאַרק פאַרוווּנדעטער. אַ גאַנצע נאַכט איז ער דאָרט אַזוי געלעגן, ביז ער האָט אין דער פרי דערזען אַ פּאַסטעך און בײַ אים געבעטן, אַז ער זאָל צווויסן טאָן דעם „גאַיאָווע" (וואַלד־היטער), אַז דאָ ליגט אַ פאַרוווּנדעטער פּאַרטיזאַנער. דער גאַיאָווע, איינער פון די מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט אונדז אין קאָנטאַקט, איז געקומען אין פעלד אַרײַן און האָט אויך אויסגעפירט יוספס בקשה, צווויסן געטאָן וועגן דעם אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. דוד נאָוואָדוואָרסקי, הערש בערלינסקי, עלעק ערליך און מיכאַלעק זײַנען צו אים אַוועק מיט אונדזערס אַ דאָקטער. זיי האָבן אים געפונען אין אַ שווערער לאַגע. אין די באַדינגונגען האָט דער דאָקטער נישט געזען קיין מעגלעכקייט אים צו אָפּערירן, ווי ס'האָט זיך געפאָדערט. די חברים פון זײַן גרופּע האָבן זײַנע לעצטע יסורים פאַרגרינגערט מיט אַ שאָס... מיך האָבן זיי נישט מיטגענומען, איך זאָל נישט בײַזײַן און דאָס צוזען... דאָרט, פון קאָרן האָבן זיי צוריקגעבערענגט ליטמאַנס פאָטאָגראַפיעס, זײַן פּיסטאָלעט, דאָס מאַשין־געווער פון רוס און דעם סוד פון זײַן טויט.

אונדזער גאַנצע גרופּע איז אין משך פון דער צײַט צעקלאַפּט געוואָרן און זיך צעבערעקלט צווישן פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. אַ גרופּע פון „השומר הצעיר" איז אַוועק צו די גרופּן פון „אַ.ק." און דאָרט דערהרגעט

געוואָרן. חיים גרינשפּאַן (פּרימער) איז אַוועק מיט אַ גרופּע אין „טשערוואָני בור״ און מיר האָבן פאַרלוירן מיט אים יעדן קאָנטאַקט. אויף די וועגן האָבן די רוסן געטאָן דאָס זייעריקע, באַפאַלן און צוגענומען דאָס געווער. די וועלדער האָבן מיר נישט געקענט און ביז מיר האָבן זיי דערקענט איז דערווייל פון אונדזע־רע 60 געבליבן 14.

אויך ווי אַ קליינע גרופּע האָבן מיר געטאָן דאָס אונ־דזעריקע, ליקווידירט דייטשע מיטהעלפער, פאַרניכטעט טעלעפאָנען און אויסגעפירט פאַרשידענע שליחותן, זוכנ־דיק אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע. מיר האָבן אויך געפּלאַנט זיך צו דערשלאָגן קיין טרעבלינקע און דאָרט אויפרייסן דעם לאַגער. אָבער די לאַגע איז געוואָרן אַלץ מער קאָמפּליצירטער. די „פּ.פּ.ר.״ האָט אונדז געוואָלט, די „אַ.ק.״ האָט אונדז געוואָלט, אָבער ביידע האָבן אונדז באַשולדיקט און געפּרוּווט ליקווידירן. מיר האָבן געוואָלט זיין זעלבשטענדיק, ווי אַ גרופּע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, און זייענדיק איזאָלירט פון אַלע, האָבן מיר נאָך געזען איין אויסוועג — זיך אומקערן קיין וואַרשע, און קודם־כל — דורך שליחים דאָרט אָנקניפּן קאָנטאַקט. כאָטש אין וואַלד איז מען געווען אַ סך זיכערער און פרייער, ווייל דאָ איז די נאַכט געווען אונדזערע...

### פון די ווישקאָווער וועלדער קיין וואַרשע

כ׳בין געפאָרן מיטן קאָמענדאַנט פון אונדזער גרופּע דב שניפער (פון „השומר הצעיר״). מען האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ פּאַסיקער קליידונג. מיין פּיסטאָלעט איז געווען גרייט צו שיסן, אין פאַל פון אַ געפאַר. דאָקו־מענטן האָב איך נישט מיטגענומען. איינער אַ גוי מיט אַ ספּעציעל געקומענע פאַרבינדלערין, אַ יידישע, פון וואַרשע, האָבן אונדז געברענגט צו דער סטאַציע ריביענקאָ און זיי זענען אַוועק. מיר, איך און דב שניפער, האָבן נישט באַוויזן זיך אַרויפצוכאַפּן אויף דער באַן. די יידישקע, די פאַרבינדלערין, האָט זיך ווידער צו אונדז אומגעקערט און מיר זענען אַרויף אויף אַ צווייטער באַן. פאָרנדיק האָט אונדז אַ גוי דערקענט. מיר זענען אַראָפּ אויף אַ סטאַציע פאַר וואַרשע, די פאַרבינדלערין מיט אונדז. זי איז געגאַנ־גען פאַר אונדז און האָט אונדז דערפירט קיין וואַרשע



אַ גרופּע יידישע קעמפער אין די ווישקאָווער וועלדער

פון רעכטס: יאַנעק בילאַק, גאַבריש פרישדאָרף, הנה פרישדאָרף, יורעק קרית־ספר, צעלעמענסקי, פנינה פאַפּיער, יאַקוב פּוטערמילך, דב שניפער

אויף ראַקאָוויעצקאַ 64 צו אַ גויע. דאָרט זענען שוין פון פריער געווען צוויי פון אונדזערע קאַמפּס־גרופּע — יאַנעק בילאַק און חנה פרישדאָרף (פון „בונד“).

ווי מען האָט אונדז געזאָגט, איז דאָרט אַ מאָל געווען רינגעלבלומס אַ בונקער. אַ קליינער צימער איז דאָרט געווען מיט אַן אויוון, און אונטן, ווו מען שיבט אַריין די קוילן, איז געווען אַ קלאַפּע צום עפענען, אַן אַראָפּגאַנג אין אַ בונקער, און פון דאָרט אַ וועג צו אַ קאַנאַל, ווו מען האָט געקאָנט אין אַ געפאַר אַרויס אין פעלד אַריין. אָבער מיר האָבן זיך געפילט ווי אין אַ צוים.

צומאָרגנס איז צו אונדז געקומען אַנטעק צוקערמאַן מיט דער פאַרבינדלערין מאַרישאַ און אונדז געברענגט געלט. איך האָב געבעטן ביי צוקערמאַנען, ער זאָל מיך צוריקשיקן אין וואַלד, אויך די אַנדערע האָבן דאָס געבעטן, אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך. דער וועג איז שוין געווען איבערגעריסן, דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט.

די זעלבע פאַרבינדלערין האָט אויך געפּלאַנט צו ברענגען חיים גרינשפּאַנען (פרימער) פון די וועלדער, נאָר שוין נישט געווען קיין וועג צו אים, ער איז פאַרבליבן אין וואַלד.

## בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד

די רוסן האָבן זיך דערנענטערט, באָמבאַרדירט וואַרשע, און גלייך נאָך דעם, אין 1טן סעפּטעמבער — דער פּוילישער אויפשטאַנד.

אונדזער באַלעבאָסטע, די קריסטין, האָט מער נישט אָנגעגרייט קיין עסן, מיר האָבן געהונגערט. חנה פרישדאָרף איז דעמאָלט געווען שוואַנגער, אין 8טן מאָנאַט, און איר שווערע לאַגע האָט אונדז באַזונדערס געעירט. די גויע האָט זיך צו מיר געוואָנדן: „פראַנקאַ (מיין דעמאָלטיקער נאָמען), גיי אַרויס אין פעלד און ברענג קאַרטאָפל“. די חברים זענען געווען קעגן דעם, ס׳איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות, אָבער איך בין אַרויס, אָנגעריסן קאַרטאָפל און צוריקגעקומען בשלום. איך האָב זיך שוין געגרייט צום קאָכן די קאַרטאָפל, אָבער באַלד האָב איך געהערט אונדזער באַלעבאָסטעס קלעפּ און וואָרענונגען, אַז מען זאָל גיך אַנטלויפן, ווייל די דייטשן גרייטן זיך אונטערצוצינדן דאָס הויז. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה און מיר האָבן נישט געוווסט וואָס צו טאָן. מיר זענען אַרויס פון הויז און זיך אויסגעמישט צווישן אַ המון פּאָלאַקן, וועלכע די דייטשן האָבן געפירט. מיר האָבן געוואָלט אין וועג זיך צוריקציען, נאָך ס איז געווען אוממעגלעך, און אַזוי זענען מיר דערגאַנגען מיט די געטריבענע פּאָלאַקן ביז דער אַלייע שוכאַ, צום שטאַב פון דער געסטאַפּאָ.

דב שניפּער האָט אָנגעהויבן צו שיסן, און ער איז געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשן. מיר אַלע זענען אַריין אין הויף פון דער געסטאַפּאָ. איך האָב ביי זיך נאָך געהאַט מיין פּיסטאָלעט, וואָס כ׳האָב אַרומגעהילט, און אַ בינטל בילדער, וועלכע איך האָב געהאַט מיט זיך, האָב איך גיך באַהאַלטן אין אַ דעניטשקע אַרבעס, וואָס כ׳האָב צופעליק געפונען שטיין אויפן הויף פון דער געסטאַפּאָ. און נאָך עפּעס האָב איך געהאַט ביי זיך, אַ זאַך וואָס איז מיר געווען זייער טייער, אַ וויגערל מיט אַ קייטל, וואָס מיין מאַמע האָט עס מיר מיטגעגעבן אין וועג. כ׳האָב עס דורכגעפירט דורך קאַנאַלן, כ׳האָב עס אַ מאָל פאַרלוירן אין וואַלד און עס מיט זיך געטראָגן, ווי אַ הייליקע געדעכעניש פון מיין היים...



פינטשע פּאַפּיער און חנה פרישדאָרף אין דיווישקאָווער וועלדער

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן יעדן באַטראַכט און באַ־זוכט. ביי יאַנעק בילאַק געפונען געווער און אים גלייך ליקווידירט. אונדז אַלע האָבן זיי באַפוילן אַוועק־צולייגן די פּעקלעך אויפן ברוק אין דרויסן. דערנאָך האָבן זיי ווידער באַפוילן צוריקצונעמען די פּעקלעך. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און איבערגעלאָזט אויפן ברוק מיין פּיסטאָלעט, איינגעהילט אין אַ טייל פון מיין פּידזשאַמע. די צווייטע טייל איז געווען ביי מיר און וואָלטן זיי אַכט געלייגט אויף דעם, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אויפן ברוק, וואָלטן זיי לייכט געקאָנט געפינען צו וועמען דאָס געהערט. די דעניטשקע מיט בילדער האָב איך גענומען מיט זיך, און אַזוי בין איך אַריין צו דער געסטאַפּאָשער קאָנטראָל.

איך בין שוין געהאַט דורכגעגאַנגען די קאָנטראָל און אַ פאָלקסדייטש האָט אָנגעוויזן אויף מיר און חנה פרישדאָרפן, אַז מיר זענען אויס צו זיין יידישקעס, אָבער צום סוף בין איך פאַרבליבן אין זייערע אויגן אַ שיקסע און מיר צוזאַמען מיט צוויי אַנדערע פּאָלאַקן און דריי פוילישע פרויען האָט מען באַפוילן אויסצופירן גאָר אַ באַזונדערע שליחות, אַז מיר זאָלן גיין צו די אויפשטענדלער־באַריקאַדן אויף מאַקאָטאָווסקאָ און פון דאָרט ברענגען די דייטשע הרוגים. זיי, די געסטאַפּאָ־לייט, האָבן אונדז דערביי געוואָרנט מיט דערשיסן אויב מיר וועלן פּרוּוון אַנטלויפן אין וועג. דאַקעגן האָבן זיי אונדז צוגעזאָגט אַ גוטע באַהאַנדלונג, אויב מיר וועלן אויספירן די שליחות און צוריקקומען.

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די באַריקאַדן. קיין דייטשע הרוגים האָבן מיר נישט געזען, נאָר איינעם אַ געהרגעטן דראָשקאַרזש און אַ דערהרגעט פערד. באַלד האָבן מיר דערהערט אַ געשריי פון די אויפ־שטענדלער: „הענט אין דער הייך!". מיר האָבן געבעטן, אַז זיי זאָלן נישט שיסן און אונדז אַריבער־נעמען צו זיי. זיי האָבן אונדז אַריבערגענומען איבער די באַריקאַדן. דערשראָקענע פון דער איבערלעבונג, האָבן מיר ראשית כל געפּרוּווט אַראָפּרייסן פון זיך די ווייסע פאַרטעכער, מיט וועלכע די געסטאַפּאָ האָט אונדז באַקליידט פאַרן גיין אויספירן אונדזער ריזיקאַלע שלי־חות. די קאָמענדאַנטור פון די אויפשטענדלער האָט אָבער אין די פאַרטעכער געזען אַ נוצלעכע זאַך און זיי גלייך צוגענומען. די אַלע שיקסעס האָבן זיי גלייך באַפרייט, נאָר מיך, די יידישקע אַן דאָקומענטן, האָבן זיי פאַרהאַלטן.

מען האָט מיך געפרעגט ווער איך בין. איך האָב געפּרוּווט דערקלערן, אַז די געסטאַפּאָ האָט מיך גע־כאַפּט, אַז איך בין געווען אַ קעמפּערין אין געטאָ און אין וואַלד, אַז נאָר אַ וואָך, ווי איך האָב זיך אומגעקערט פון וואַלד קיין וואַרשע און אַריינגעפאַלן אין דער געסטאַפּאָ. איך האָב זיך פאַררופן אויף יצחק צוקער־מאַן, צביה לובעטקין. דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן.

מען האָט מיך אָנגעהויבן שיקן פון תפיסה צו תפיסה, צוזאַמען מיט פאָלקס־דייטשן און אַנדערע פאַר־דעכטיקע עלעמענטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּרשה מיט פּייַנלעכע אויספאָרשונגען און מיט געמיינע דער־נידערנדיקע רייניקונגס־אַרבעטן, וואָס האָבן מיך אַרויס־געפירט פון גלייכגעוויכט. אַפילו פאַרווונדעטע אין שפּיטאָל, וועלכע איך האָב באַדינט און פאַר וועלכע איך האָב געוואַשן, האָבן מיך באַליידיקט און געזידלט, מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך מיאוס זיך מיט פוילישע בלוט. מיין לעבן איז צווישן די אויספאָרשונגען און באַליידיקונגען מיר געוואָרן אומדערטרעגלעך.

אין איינע פון די אויספאָרשונגען בין איך אָנגע־קומען צו אַן אָפיציר, וואָס האָט אַ מאָל געדינט אין דער מאַדלינער פעסטונג, ער האָט געקענט מיין ברודער מענדלען, און ער האָט אַרויסגעוויזן צו מיר אַן אַנדערע באַציונג. איינער אַ זעלנער, אַ מענטש פון דער „אַ.ק." האָט ביי דער אויספאָרשונג באַשטעטיקט, אַז מיינע אינפאָרמאַציעס וועגן דער קאַמפּס־גרופּע, צו וועלכער איך האָב אָנגעהערט, זענען ריכטיק. דער אָפיציר האָט מיך אויך געפאָרשט וועגן נאָווי־דוואָר, וועגן ספּאָרט־גרופּן און באַקאַנטע שפּילער. דאָס אַלץ איז געווען לטובת מיר. דערנאָך האָט ער מיט אַ זעלנער מיך אָפּגעשיקט צו אַ יידישער משפחה. ס'איז געווען מיין פרייד ווידער צו זען יידן. דער זעלנער האָט ביי זיי געפאָדערט גוטע אויפפירונג לגבי מיר, און יעדן טאָג איז ער געקומען זיך פאַראינטערעסירן, ווי עס גייט מיר דאָ. אייגנטלעך, איז עס געווען אַ קאָנטראָל, צי איך בין אין שטוב און פאַרקער נישט צו פיל פריי... איך בין נאָך אַלץ געווען פאַרדעכטיק.

אָבער אויך אין דער יידישער משפחה איז מיר געוואָרן אומהיימלעך. זייערס אַ זון איז אַרעסטירט גע־וואָרן דורך דער „אַ.ק." אַלס מיטאַרבעטער פון דער געסטאַפּאָ, האָבן די משפחה־לייט ווידער מורא געהאַט, אַז איך בין געשיקט צו זיי פון דער „אַ.ק." אַלס שפּיאָן.

אַ ידיד פון דער דאָזיקער משפחה, אַ מענטש פון „פּ.פּ.ר." האָט מיך אָנגעהויבן פאָרשן, ווער איך בין און פון וואַנען איך קום און אויף וועמען איך קען זיך פאַררופן. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען סטאַכן פון „פּ.פּ.ר.", וועלכער איז געווען מיין קאָמענ־דאַנט אין וואַלד, האָט ער גלייך געברענגט סטאַכן. ווען סטאַך האָט אין אָנהייב געהערט פון מיין פּ.פּ.רישן אויספאָרשער וועגן מיין איצטיקן נאָמען פראַנקאַ, האָט ער נישט געוווסט ווער איך בין, אָבער ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך געכאַפּט ביים קאָפּ אַ פאַר־ווונדערטער. ער האָט מיך געפרעגט, ווי אַזוי איך האָב זיך אַהער דערקליבן און צו וואָס בין איך בכלל אין אַזעלכע מבולבלע טעג געקומען קיין וואַרשע. בעת דאָרט, אין די ווישקאָווער וועלדער זענען שוין אַלע פון לאַנג באַפרייט דורך די רוסן. ערשט נאָך דעם האָט אויך די יידישע משפחה געענדערט איר באַציונג

צו מיר און ביי מיר געבעטן, אַז איך זאָל זיך באַמיען ביי סטאַכן פאַר זייער זון. סטאַך האָט אָבער מיר געראַטן, אַז איך זאָל זיך אין די ענינים נישט אַריינמישן. זייער זון האָט מען צום סוף דערשאָסן.

פון די שיקסעס מיט וועלכע איך בין אַ מאָל צוזאַמען געווען אין דער געסטאַפּאָ, האָב איך זיך דערוווסט, אַז מיין פריינדין פון וואַלד, חנה פרישדאָרף, געפינט זיך אין אַ זאַמלפּונקט. כ׳האָב זיך אויך צונויפגעטראָפן מיט בערנאַרד גאָלדשטיין, (פון „בונד“) א״אַ. ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען פון די פאַרשידענע באַהעלטענישן. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך יידן זענען אין משך פון פּוילישן אויפשטאַנד ליקווידירט געוואָרן.

## אין אַ בונקער פאַר דער באַפרייונג

ס׳איז געווען נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע. די רוסן זענען שוין געווען אין פּראַגע. די באַפעלקערונג האָט געמוזט פאַרלאָזן וואַרשע און אַוועק קיין פּרושקאָוו. איך בין געבליבן.

דורך בערנאַרדן האָב איך זיך פאַרבונדן מיט די פאַרבליבענע. מיר, אַ גרופּע קעמפער פון די וועלדער, זענען אַראָפּ אין אַ בונקער, כדי דאָרט צו וואַרטן אויפן אָנקום פון די רוסן. מען האָט אונדז אָבער גלייך אַנטדעקט און אַ העלפט איינוווינער פון בונקער האָבן די דייטשן אויסגעהרגעט. איך מיט נאָך צוויי אַנדערע חברים זענען אַריבער אין אַ צווייטן בונקער. דאָרט זענען געווען יעקב פּוטערמילך („השומר הצעיר“), מאַשאַ גלייטמאַן („בונד“) ברוך און חייקע שפּיגל („בונד“), אויך אַ שוועסטער פון שעפּנערן — דעם בונדישן שרייבער, פאַלקאָוואַ מיט אירס אַ ייִנגעלע און איינע אַ פרוי מאַלי.

וועגן דעם בונקער האָבן געוווסט וולאַדקע און בערנאַרד, און ס׳איז געווען אָפּגערעדט, אַז גלייך מיט דער באַפרייונג וועלן זיי אונדז צוּוויסן טאָן. דער בונקער איז געווען אַ רויִנע, נאָך פון די באָמבאַרדירונגען אין 1939. דאָרט האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט, אויסגעגראָבן אַ ברונעמל און אָנגעגרייט פּראָוויאַנט. מיר האָבן זיך דאָרטן אַזוי איינגעפּעסטיקט און באַמיט זיך נישט צו ווייזן אין דרויסן, כדי נישט איבערצולאָזן קיין סליאַדן צו אונדזער בונקער.

און דערווייל איז וואַרשע פאַרנומען געוואָרן פון רוסישן מיליטער, מיר, אין בונקער, האָבן וועגן דעם נישט געוווסט, וולאַדקע איז אונדז געקומען מבשר בשורה זיין, מיט קלעפּ אויף אונדזער בונקער, אָבער דאָס האָט גאָר גורם געווען צעטומלונג און שרעק.

איך בין דעמאָלט געווען אויף דער וואַך (איך בין תמיד וואַך געווען, אויס פּחד נישט אַריינצופאַלן לעבעדיק אין די דייטשע הענט), איך האָב זיך מיט דער גאַנצער פאָרזיכטיקייט געגליטשט צו עפּעס אַ פּונקט, פון וואַנען מען זאָל קאָנען אָבסערווירן, וואָס עס טוט זיך אַרום אונדז צווישן די חורבות. פּלוצלינג האָב איך דערהערט קלעפּ. דאָס זענען געווען וולאַדקעס בשורה־קלעפּ, סימנים, אַז די רוסן זענען שוין אַריין און וואַרשע איז באַפרייט. אָבער מיר אַלע, איך און אַלע פון אונדזער בונקער, וועלכע איך האָב אויפגעוועקט, האָבן גאָר געמיינט, אַז דאָס זענען טריט פון דייטשן, און מיר זענען גלייך אַריבער אין אַ צווייטן בונקער.

דאָס איז געווען אַ קעלער, מיר האָבן זיך דאָרט נאָך טיפער פאַרגראָבן, אין מורא, אַז די דייטשן זענען אויף אונדזערע שפּורן. און דערנאָך האָבן מיר באַשלאָסן אויך צו פאַרלאָזן דעם בונקער, אַריבערגיין אין אַ קאַנאַל אַריין און פון דאָרט אַרויס אויף אַ פרייערן שטח, כדי צו קאָנען אָבסערווירן. ס׳איז אָבער געווען אַ פּראַגע, ווי נעמט מען אַריין אין שמאָלן קאַנאַל אַזאַ דיקע פרוי ווי מאַלי. זי האָט געבעטן: גייטס און לאָזט מיך איבער. מיר האָבן אָבער קיינעם נישט געוואָלט איבערלאָזן, מיר האָבן דער דיקער פרוי פעסט איינגעצויגן מיט שטריק און זי געשלעפּט נאָך אונדז דורכן שמאָלן קאַנאַל. איך בין די ערשטע אַרויס פון קאַנאַל און דערנאָך אַלע אַרויסגעפירט.

ביים אַראָפּגיין אין די קאַנאַלן האָבן צוויי קריסטן אונדז דערזען און געזאָגט: „איר זענט יידן, האַ, יידן מיט געווער? איר זענט שוין באַפרייט“. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען די וועלכע האָבן געקלאַפּט אויפן בונקער, און אַז זיי זענען דייטשע שליחים. מיר האָבן איינעם פון זיי דערשאָסן.

מיר אַלע זענען געווען געשפּאַנט און איינגעהערט. טייל האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן געהערט רעדן רוסיש. איך האָב געזאָגט, אַז דאָס אָבסערווירט מען און מען רעדט בכוונה רוסיש. מיר האָבן אויך געהערט מוזיק אין קאַנאַל, אַ סימן, אַז עפּעס טוט זיך אַרום אונדז. ביי נאַכט זענען מיר ווידער אַרויס און דעמאָלט זענען מיר געוויער געוואָרן, אַז מיר זענען פריי. אונדזערע שליחים האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף איינעם אַ ייד,

באַלעק, פון אים האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז וולאַדקע האָט געזוכט אַ וועג צו אונדז, געקלאַפּט אין אונדזער בונקער, דערמיט אונדז אָנצוזאָגן די בשורה פון באַ־פרייונג. זי האָט געקלאַפּט און שוין אַפילו געמיינט, אַז מיר אַלע דאָרט זענען טויט. ס׳איז שוין אַפילו געווען אַ מחשבה אויפצורייסן יענעם שטח מיט דינאַמיט און אונדז כאָטש ברענגען צו קבורה...

פינף טעג נאָך דער באַפרייונג זענען מיר נאָך אַלץ געלעגן אין בונקער, אין פּחד פאַר דייטשן און פאַר טויט. שפּעטער, אַז איך בין אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, האָט עס מיך אין גאַנצן אויפגעטרייסלט. איך בין צוריק אַראָפּ אין בונקער און נישט געוואָלט אַרויס. איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון, אַ שטיק צייט נישט גערעדט. איך האָב פאַרגעפילט, אַז קיינער פון מיין משפּחה איז נישטאָ, און אין מיר איז נאָך אַלץ געווען וועלדער און פּחד, בונקערס, קאַנאַלן און פינצטערניש.

## LITMAN JOSEF

Urodzony w r. 1919 w Nowym Dworze Będąc uczniem szkoły średniej wstąpił do „**Hanoar Hacijoni**" i był jednocześnie czynnym członkiem „**Makabi**". W ghetcie warszawskim pracował w szopach Landaua. **Walczył w grupie bojowej pod dowództwem Hersza Berlińskiego. Udało mu się przedostać przewodami kanalizacyjnemi na stronę aryjską i przyłączyć się do grupy partyzantow walczącej w lasach wyszkowskich. Znając okolice położone nad Bugiem starał się przeprowadzić grupę bojowników - Żydów pod wodzą Dawida Nowodworskiego na lewy brzeg rzeki.**

**Gdy znajdował się w okolicach Ostrowa - Mazowieckiego na czatach, grupa skryła się w lesie, jeden zaś z partyzantów udał się do wieśniaka - łącznika grup bojowych, został „nakryty" przez policję granatową, która zaczęła ostrzeliwac go.**

**Josek został ciężko ranny i pełzając, dotarł do lasu. Udało mu się zawiadomić kolegów o swym stanie i ci pośpiesznie przybyli z** lekarzem. Nieste y **zastali Litmana martwego.**



וועגן יוסף ליטמאַן, דער קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, אין דער פּוילישער פּרעסע

מלך ניישטאַט

# נאַווי-דוואָרער אין קאַמף פון וואַרשעווער געטאָ*

### הערש יצחק וואָראַנסקי

הירש יצחק וואָראַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אויגוסט 1924, אין אַ משפחה וווּ ס'האָט גע־הערשט דער גייסט פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל (זיין פאָטער, אַ טוער פון די לינקע פועלי־ציון, יאָסל וואָראַנ־סקי, געפינט זיך אין ישראל) הירש האָט געלערנט אין אַ ציש"אָ־פאָלקסשולע אויף קראָכמאַלנע 36 און געווען דאָרט פון די בעסטע תלמידים, ער איז אויך דורך די שול־חברים אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון קלאַס.



הערש יצחק וואָראַנסקי מיט זיין מוטער

זיינע שול־חיבורים פלעגן געדרוקט ווערן אין דער קינדער־ביילאַגע פון דער „פאָלקסצייטונג" און אין די אויסגאַבן פון עלטערן־קאָמיטעט פון די ציש"אָ־פאָלקסשולן.

פריער האָט ער אָנגעהערט צו דער קינדער־סביבה פון „סקיף" — די בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע, דערנאָך איז ער, אין עלטער פון צוועלף יאָר, אַריין אין „יונגבאָר" די קינדער־אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פועלי־ציון. ער האָט צוגעצויגן אין „יונגבאָר" נאָך קינדער, און מיט דער צייט איז ער געוואָרן איינער פון די אַקטיווע און אָנפירנדיקע חברים פון „יונגבאָר".

אין דער מלחמה־צייט האָט ער אָנטייל גענומען אין דער אַרבעט פון דער אונטערערד. בעלאַ עלסטער (וואַנדאַ) דערציילט אין „די פרייע יוגנט" (לאָדזש, מײַ־יוני 1947), אַז אין וואָראַנסקיס קליין צימערל אויף נאָ־וואָליפּיע־גאַס איז פאָרגעקומען דער אינסטרוקטאָרן־סעמינאַר פון די לינקע פועלי־ציון. דריי מאָל אין וואָך האָט זיך דאָן ביי אים פאַרזאַמלט די גרופּע צוקונפטיקע אינסטרוקטאָרן, און דער יונגער וואָראַנסקי פלעגט שוין תמיד זאָרגן פאַר אַ פאַסיקן כיבוד.

בעת די געטאָ־קאַמפן האָט ער זיך באַטייליקט אין דער קאַמף־גרופּע פון די לינקע פועלי־ציון.

אין אַ בריוו פון 24סטן מײַ 1944, געשריבן פון די לינקע פועלי־ציון אין פוילן צו זייערע חברים אין ארץ־ישראל, ווערט דערמאָנט זיין נאָמען צווישן די, וועלכע האָבן געטריי געקעמפט ביז דער לעצטער מינוט און זענען געפאַלן אויף דער וואַך.

### שושנה יאַקובאָוויטש

שושנה יאַקובאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין נאָווי־דוואָר, זי איז געווען אַ מיטגלידערין פון די אָר־גאַניזאַציעס „פרייהייט" און „החלוץ־הצעיר".

בשעת דער מלחמה איז זי אַריבער קיין וואַרשע און האָט געאַרבעט אין דער טשערניאַקאָווער לאַנד־ווירטשאַפטלעכער פערמע פון „החלוץ". שפּעטער האָט זי זיך געפונען אינעם קאָנצענטראַציאָנס־פּונקט פון די „דרור"־חברים אויף מילע 34.

זי איז געווען אַ מיטגליד אין אַ קאַמף־גרופּע פון „דרור". בעת די געטאָ־קאַמפן אין אַפּריל־מײַ 1943 האָט זי געקעמפט אין „צענטראַלן געטאָ" אונטער דער אָנפירונג פון זכריה אַרנשטיין. זי איז געווען צווישן די פאַרבליבענע אין געטאָ־שטח, אויך נאָכן 8־טן מײַ 1943, וועלכע האָבן פאַרגעזעצט די קאַמפן, און דאָרט איז זי געפאַלן.

איר נאָמען געפינט זיך אין דער רשימה פון די געפאַלענע אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף.

### יוסף ליטמאַן

יוסף ליטמאַן איז געבוירן געוואָרן אין נאָווי־דוואָר, אין 1919. זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר און אַ ציוניסט. יוסף האָט געלערנט אין נאָווי־דוואָר אין אַן אַלגעמיינער שולע, דערנאָך איז ער אַריינגעטרעטן

* פון בוך: „חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע".

אין „השומר הלאומי״, אָבער זיין עיקר אַקטיוויטעט האָט ער אַרויסגעוויזן אין „מכבי״.

אָנקומענדיק קיין וואַרשע, האָט ער געאַרבעט אַלס שלאָסער־מעכאַניקער, און אין דער לעצטער תקופה, אין געטאָ, האָט ער געאַרבעט אינעם לאַנדוי־שאָפּ. ער איז געווען אין דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און האָט געקעמפט אין דער לינק־פּועלי־ציוניסטישער קאַמף־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון הערש בערלינסקי, צווישן די קעמפער, וועלכע ס׳איז געלונגען אַרויסצוקומען דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן אויף דער אַרישער זייט.

ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס פון די לעצט־פאַרבליבענע געטאָ־קעמפער, וועלכע האָבן געקעמפט אין די ווישקאָווער וועלדער.

ער איז געווען צווישן די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן גוט געקענט דעם וועג פון דער מיזרח־זייט פון בוג צו דער מערב־זייט, — האָט ער בעת אַ פּאַרטיזאַנישער קריגס־אָפּעראַציע אַריבערגעפירט אויף דער מערב־זייט בוג אַ גרופּע חברים אונטער דער אָנפירונג פון דוד נאָוואָדוואָרסקי. אָנקומענדיק אין דער געגנט פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצקי, האָט די גרופּע זיך אָפּגעשטעלט אין וואַלד און אַרויסגעשיקט אַ חבר אין אַ נאָענטן דאָרף צו איינעם אַ פּויער, וועלכער האָט געדינט אַלס פאַרבינדלער צווישן די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס.

יוסף האָט אים באַגלייט און איז געבליבן אין דרויסן אויף דער וואַך, בעת יענער איז אַריין צום פּויער אין שטוב. עס איז דאַן אָנגעקומען פּוילישע פּאָליציי און געעפנט אויף אים אַ שיסעריי, די חברים אין נאָענטן וואַלד איז געלונגען צו אַנטלויפן, נאָר ער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. קריכנדיק, איז ער אָנגעקומען אין וואַלד — נאָך דעם ווי ס׳איז אים געלונגען צו באַהאַלטן דאָס געווער אין אַ תבואה־סטויג — און מיט גרויסע שוועריקייטן האָט ער אויסגעפונען אַ שליח אָנצוזאָגן דער גרופּע ווו ער געפינט זיך. די חברים, צווישן זיי הערש בערלינסקי, אליהו ערליך א״אַ זענען אָנגעקומען צו אים מיט אַ דאָקטער, אָבער זיי האָבן אים שוין געפונען אַ טויטן. דאָס איז געווען דעם 28סטן יוני 1943.

זיין נאָמען געפינט זיך אין דער רשימה פון געפאַלענע אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף.

### זישע פּאַפּיער (זיגמונד)

זישע פּאַפּיער איז געבוירן געוואָרן אין נאָווי־דוואָר דעם 3טן מיי 1907. זיין פאָטער, אַ באַזיצער פון אַן עקספּעדיציע־געשעפט, איז געווען אַ ציוניסט. זישע האָט געענדיקט די לימודים אין דער אָרטיקער אַלגעמיינער פאָלקסשולע און דערנאָך האָט ער געאַרבעט אין אַ פאָרצעלאַן־פאַבריק. ער איז געווען אַ מיטגליד פון „מכבי״ אין נאָווי־דוואָר.

נאָכן מלחמה־אויסברוך איז די גאַנצע משפּחה (די עלטערן מיט אַכט קינדער) אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. אין דער לעצטער געטאָ־תקופה האָט זישע געאַרבעט אין לאַנדוי־שאָפּ. צוזאַמען מיט זיין שוועסטער פּנינה (איינע פון די איינצלנע קעמפער וועלכע זענען געבליבן לעבן, זי געפינט זיך אין ישראל) איז ער צוגעצויגן געוואָרן דורך הערש בערלינסקי צו דער קאַמף־אָפּטיילונג פון די לינקע פּועלי־ציון. ער איז געווען אַ מוטיקער און געטרייער זעלנער פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

בעתן אויפשטאַנד האָט ער געקעמפט אין בערשטער־געביט. דעם 3טן מיי 1943, ווען אַ גרופּע קעמפער האָט געפּרוּווט אַדורכשלאָגן זיך אַ וועג פון איר צעשטערטן בונקער אויף פראַנציסקאַנער 30 צו אַן אַנדערן בונקער, איז זישע, דער שוין פאַרוואונדעטער פון אַ טאָג פריער אין קאַמף נעבן בונקער, געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשן. דאָס איז געווען אין זיין 26סטן געבוירן־טאָג.

זיין נאָמען געפינט זיך אין דער רשימה פון די געפאַלענע אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף.

ל. פיינגולד

# הרב מנובי־דבור בגטו ווארשה

הרבנים, ראשי הישיבות ובני התורה מאלפי ערים ועיירות בפולין היו ראשונים לסבל. הם היו שבורים ורצוצים, קפואים ורעבים. הקהילות נחרבו, הישיבות נסגרו ונשבר מטה לחמם. הנאצים היו מתעללים בהם באופן מיוחד, מענים אותם עד מוות, מגרשים ועוקרים אותם ממקומותיהם. וכך נמשכו ברובם הגדול לווארשה, גדול קיבוצי ישראל באירופה.

רב היה המחסור במזונות ודיור. רק אנשים נועזים מסוגלים למעשים הקשורים בסיכונים, יכלו להרויח את לחמם. השאר — סוחרים, בעלי־מלאכה, פועלים, התפרנסו ממכר בגדיהם. כל שכן שקשה היה מצבם של בני־תורה, שהגיעו הנה מעיירותיהם בעירום ובחוסר כל, והם נתגלגלו בין החורבות — רעבים וקפואים מקור. אמנם הג'וינט היה מחלק בכל יום כמה אלפים ארוחות חמות; טשרווינסקי, מטעם הקהילה, אירגן את „בית לחם" — עגלות טעונות לחם וקפה, שהיו מטולטלות ממקום למקום ומחלקות פת־שחרית לנצרכים — אבל מחמת הצפיפות הרבה בשעת קבלת הארוחות נשארו הרבנים ובני התורה תמיד אחרונים בתור, וחזרו בידים ריקות. רק אנשי מרפקים, שיכלו להבקיע להם דרך, הגיעו אל קערת התבשילים.

בין הגולים היה הרב ראובן יהודה נויפלד, המכונה „נאווי־דווארער רב", שהיה אנוס לעזוב את עירו נובי־דבור. בעירו לא יכול היה להסתתר מעיני הגרמנים. המקום הוא קטן ואין איפה להסתתר. במיוחד, כשהעיר סופחה ל„רייך השלישי". עם בואו לווארשה פנה בקריאת אזעקה לאגודת הרבנים באמריקה ודרש עזרה לרבנים, רמי"ם ובני תורה בפולין. הוא הקים ע"י הג'וינט את המוסד „תומכי דאורייתא", מיוחד לבני תורה. הוא שיתף בעבודה את הרב י. ניסנבוים, ר' א. ז. פרידמאן, הרב טרייסטמאן, הרב איידלברג, ר' א. מ. רוגובוי והרב מריפין.

אגודת הרבנים מאמריקה שלחה חבילות מזון לפולין. בחבילות היו שמנים, חלב משומר, ביצים, קפה ותה. החבילות שווין היה רב בפולין הרעבה ומדולדלת. בעד המצרכים הללו אפשר היה לקנות כמויות הגונות לחם ותפוחי אדמה.

הרב מנובי־דבור היה רוח החיים בחלוקת חבילות המזון. תמיד היה במשרדי הג'וינט ועסק בחלוקתן לרבנים ולראשי ישיבות, בצורת מתן בסתר. שמחתו היתה רבה בשעת העבודה. כל שם חדש של רב, ראש ישיבה, בן תורה, שנצטרף לרשימת הנצרכים — היה מקבל ברצון, מתוך הרגשה שבמשלוח החבילה לפלוני — אלמוני הוא מקיים נפש בישראל.

הרב נויפלד רצה כל ימיו לעלות לארץ־ישראל. הרצון גבר בשעת המלחמה, עת משנתברר יותר ויותר, שהפרא הנאצי ירמוס את כל יהודי פולין. מטבעו אדם צנוע, לא טרח אפילו להיות רב בעיר גדולה. ישב בארבע אמות של הלכה, לן בעומקה של תורה, ולא הרבה להופיע בפומבי. אבל כשהדבר היה קשור לארץ־ישראל, היה יוצא מפינתו ומסביר לכל יהודי את ערכה של ארץ הקודש. תמיד היה מחזיק בדעתו, שאין זכות הקיום לישראל בגולה. יהודים מוכרחים לעזוב את פולין, במוקדם או במאוחר. את כל כוחותיו היה משקיע בהסברת הענין של בנין הארץ לכל יהודי ויהודי. היה משפיע בחכמתו ובמתינותו.

בצעירותו השתתף בהקמת אירגון־נוער דתי בשם „תבונה". האירגון הוקם בורשה, ומגמתו — חינוך עצמי. עם הפתיחה אמר: „בחיים רגילים לחלק אנשים לסוגים שונים: חזקים וחלשים, טובים ורעים, עשירים ואביונים. אבל בנוגע לבנין הארץ אין מקום לחלוקה זו. עם בונה את ארצו בכוחות מאוחדים. חזקים וחלשים, טובים ורעים, עשירים ואביונים — כולם בונים ברצון מלוכד!".

הרבה ניסה להשפיע ב„כנסייה הגדולה" הראשונה שנתכנסה בווינה, שכל היהדות החרדית תשתתף באופן פעיל בבנין הארץ. הוא היה רגיל לומר:

„אב אחד לכולנו, תורה אחת לכולנו, וארץ אחת לכולנו — ארץ ישראל".

במלחמת העולם הראשונה היה בין המכנסים את אסיפת הרבנים הגדולה ביאבלוננה והשפיע, שהיא תחליט החלטה חיובית למען בנין הארץ.

בימים הקשים רצה לעלות לארץ. אף נשלחו אליו כרטיסי נסיעה דרך איטליה באמצעות חברת „לויד טרייסטינו". אבל הרבנים, ובמיוחד האדמו"ר מגרודזיסק, ביקשו ממנו להשאר בווארשה. הנימוקים היו שונים. ראשית היה סבור האדמו"ר מגרודזיסק, שרבנים, במיוחד רבנים־עסקנים, שהציבור נזקק להם, אינם רשאים

לעזוב את עדתם בעת צרה ומצוקה. שנית. היה ברור, שפרנסת רבנים ובני־תורה בחבילות האמריקניות, מקור החיות היחיד, שבלעדיו היו גוועים מרעב — עבודה זו יכול לנהל רק הרב נויפלד, שמשקיע בה את לבו ונשמתו; עושה כל מה שבידו, שהעוסקים בתורה יוכלו לעבור את הימים הקשים. ואכן, הרבנים עמדו עליו ובדמעות בעיניהם ביקשו ממנו לא לנסוע.

הרב מנובי־דבור לא יכול היה לדחות את בקשותי־הם של מאות רבנים ובני־תורה. הוא נשאר בווארשה, ולא פעם אחת היה אומר:

„איני בעל אופי חלש. הריני חש בכל חושי, שהישארותי בווארשה היא מוות בשבילי. חייב אדם להציל את עצמו במידת יכולתו. אבל אינני יכול להשיב את בקשת הרבנים והרמי״ם שחיי קשורים לחייהם באלפי חוטים״.

אמריקה נכנסה למלחמה והחבילות פסקו להגיע לפולין. בדרכים צדדיות ניסו להביאן למדינה, אבל הגרמנים היו מחרימים את החבילות לצורך עצמם. המוסד „תומכי דאורייתא״ היה נמצא במצב קשה. הרב נויפלד חלה מרוב צערם וסבלם של בני־תורה. בימי חליו כתב שאלה ותשובה בענין קידוש־השם. כתביו ניצלו.

בימי המשלוחים שכב חולה. עבודתו בג׳וינט איפשרה לו להשאר במקום ולא להישלח למחנה־מוות. אבל בסוף ה„אקציה״ הראשונה הגדולה, בספטמבר 1942, הוא נלקח חולה ב„ריקשה״ והובא ל„אומשלאג־פלאץ״, מתחת לזרועו החזיק את כתביו בהלכה ואגדה, בשעה שהובילו אותו עיין בהם, דיפדף בתשובה בענין קידוש־השם. אחר כך מסר את כתב היד לשוטר יהודי, וביקש ממנו להטמין אותם לפי כתובת מסוימת. הדגיש:

„נא לשמור את הגליונות הארוכים, עליהם רשומה התשובה על קידוש־השם״.

הרב ניסה להתרומם, כאילו היה בדעתו לברוח, אבל כוחותיו לא עמדו לו, והוא נשאר יושב במקומו. פניו היו מעוננים, שקוע היה במחשבותיו. איש הס״ס, שליווה את הריקשה, ראה את תנועותיו של הרב, והוציא את אקדוחו מוכן לירות בו. אבל הרב מנובי־דבור לא נבהל מפניו ואמר לו בשוויון־נפש:

„כך אתם מוליכים אותי לעבודה במחוזות המזרח? אני חולה ובלתי מוכשר לעבודה. מה לכם אנשים חולים, נוטים למות? תנו לי למות כאן במנוחה״.

איש הס״ס החזיר את האקדוח לנרתיקו, נתן את עיניו בפני הרב ואמר:

„כל אלה שרוצים למות כאן, יכולים לשלוח יד בנפשם. אין כל מחסור ברעל. חולים מסוגך אנו מובילים ל„שם״, במקומות שנמצאים בתי־חולים מצוינים״.

הוא דחף בריקשה והנהג הוביל את הרב בכיוון לקרונות המשלוחים. הרב סח לעצמו, לחלל העולם:

„לא זכיתי לקדש את השם, לא זכיתי״...

הריקשה נעצרה ליד קרון. אוקראיני בא במרוצה, קירב את הריקשה לקרון, וגופו של הרב ראובן נויפלד מנובי־דבור הוטל לקרון, שהלך לכיוון שממנו לא שבו ששה מיליונים יהודים...

יעקב דאָמב / יפו

# פון נאָווי־דוואָר ביז צום אויפשטאַנד אין טרעבלינקע*

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן נאָווי־דוואָר, בין איך און מיין פאַמיליע אַנטלאָפן קיין וואַרשע. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָרט איז די לאַגע בעסער, אָבער, וואַרשע האָט געברענט, הייזער זענען געפאַלן און צעפאַלן, די אַלע אַנגעלאָפענע האָבן געזוכט אַן אָרט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, און אין אָט דעם שטורעם בין איך געלאָפן מיט מיין קליין קינד אויף די הענט.

דאָ, ווו איך האָב געטאָגט — האָב איך נישט גע־נעכטיקט, פון וואָס זיך דערנערן — איז נישט געווען, ביי טאָג און ביי נאַכט האָבן נישט אויפגעהערט די באָמבאַרדירונגען, און בליץ־שנעל זענען די דייטשן אַריין קיין וואַרשע.

גלייך האָט מען אָנגעהויבן צו פּייניקן יידן, מען האָט געכאַפּט צו אַרבעט, און קיינער האָט נישט גע־וווּסט, צי מען וועט זיך אומקערן פון דער אַרבעט, יעדן טאָג האָט מען זיך געזעגנט מיט דער משפחה, פאַרן גיין צו דער אַרבעט, ווי מען וואָלט זיך צעשיידט אויף אייביק.

די שווערע באַדינגונגען האָבן תיכף געגעבן רע־זולטאַטן, — מגיפות; דער טיפוס האָט „געפּאַנעוועט". באַלד האָט מען געמוזט דורכמאַכן קאַראַנטינען און גיין זיך באָדן אין קאַלטער וואַסער, אויך אין די פראָסטיקע טעג, און אַ סך זענען פון דעם קראַנק געוואָרן און גע־שטאָרבן.

אין 1940, מיטן באַשטימטן דאָס געטאָ, איז די לאַגע נאָך ערגער געוואָרן. איך בין אַריין אַרבעטן אין אַ שאָפּ ביי „טעבענס" — אַ דייטשע פירמע, ווו מען האָט געקראָגן איין מאָל אין טאָג אַ ביסל זופּ, און אַזוי, אין די באַדינגונגען, האָב איך פאַרגעזעצט מיין אַרבעט ביז אין 1942, ווען ס'איז שוין בכלל נישט געווען וואָס צו עסן און מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן.

אין יום־כיפּור האָט מען מיך פּלוצעם אַרויסגענו־מען פון שאָפּ, צוזאַמען מיט נאָך יידן. מיר איז געלונ־גען צו אַנטלויפן, איך בין געלאָפן זען מיין פאַמיליע, נאָר ליידער האָב איך שוין קיינעם נישט געטראָפן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט זיי אַוועקגעשיקט צו אַרבעט, נאָר וווהין האָב איך נישט געוווּסט און פרעגן — האָב איך נישט געהאַט ביי וועמען. אין אַזאַ לאַגע, ווען ס'איז מיר שוין אַלצאיינס געווען, האָב איך זיך צוריק אומגעקערט פון מיין שטוב אויף פראַנ־ציסקאַנער 24, צו לעשנע 72, צו דער גרופּע יידן, מיט וועלכע מען האָט מיך אַרויסגענומען פון „שאָפּ".

מען האָט אונדז אַלע אַנידערגעזעצט מיט די פּיס אונטער זיך, מיט אַ דראָונג, אַז ווער עס וועט זיך רירן — וועט גלייך דערשאָסן ווערן, און אַזוי זענען מיר געזעסן אַ פיר שעה. שפּעטער האָט מען אונדז אַוועק־געפירט אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ און מיט נאָך אַ סך צונויפגעזאַמלטע יידן אַרויפגעלאָדעוועט אויף וואַגאָ־נען, צו הונדערט און צוואַנציק מענטשן אין אַ וואַגאָן, ביז צו דערשטיקט ווערן. אַ סך זענען טאַקע דערשטיקט געוואָרן פון דער גרויסער ענגשאַפט, אין צייט פון דער נסיעה, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט.

בײַם אָנקומען אויפן אָרט, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז דאָס איז טרעבלינקע. מיר אַלע האָבן דעמאָלט נישט געוווּסט, וואָס דאָס מיינט, נאָר ווי איך בין אַרויס פון וואַגאָן, האָט מען מיך „מכבד" געווען מיט קלעפּ, גע־שלאָגן מיט שטעקנס, אַז איך האָב פאַרגעסן ווו איך בין און ווער איך בין. ווען איך בין צו זיך צוריקגעקומען, האָב איך באַמערקט אַ גרויסן „סטויג" פון שיך, שטיוול און וווילעקעס.

איך האָב דערזען אַ גרופּע מענטשן, איינער ביים צווייטן, געשלאָסן האַנט אין האַנט ווי אַ רינג. איך האָב זיך אויך אַריינגעריסן צווישן זיי, נישט וויסנדיק, וואָס דאָ קומט פאָר. דערנאָך האָב איך געהערט, ווי איינער זאָגט צום צווייטן: „געראַטעוועט, אויף וויפל צייט — ווייסט מען נישט, אַ טאָג אָדער צוויי"...

מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף אַ פאַרמאַכטן הויף, ווו אוקראַאינער האָבן אונדז געהיטן. מען האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אויף אַ ראַמפּע, דאָרט אָפּצוגעבן אַלע פּעק, וואָס מיר אומגליקלעכע האָבן מיט זיך מיט־געבראַכט. מען האָט געיאָגט מיט שטעקנס, געשלאָגן מיט נאַגייקעס און מיר האָבן געמוזט דורכלויפן צווישן די שפּאַלערן פון די אוקראַאינער, און דערביי זיך אויס־

* יעקב דאָמב, האָט די אַלע פּרטים וועגן טרעבלינקע, אויך אַרויסגעבראַכט, ווי אַן עדות, פאַר דייטשע אויספאָר־שונגס־ריכטער, אין ישראל, אין פעברואַר 1965.

היטן, אַז מען זאָל נאָך די קלעפּ נישט זען קיין בלוט פון די ווונדן, ווייל ווי נאָר די מערדער האָבן דערזען בלוט — האָבן זיי גלייך דעם פאַרוווּנדעטן אַוועקגענומען אין „לאַזאַרעט". דער לאַזאַרעט איז געווען דער וועג צום טויט. ווער ס'איז דאָרט אַריין — האָט מען אים דערשאָסן.

פאַר נאַכט האָט מען מיך מיט די אַנדערע אַרבעטער געשטעלט אין דער ריי צום „אַפּעל". אויף דעם „אַפּעל" האָט געשפּילט און געזונגען אַ קאַפּעליע, צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען אַ מוזיקער פון וואַרשע, גאָלד, נאָך איינער — אַ וואַרשעווער זינגער און אַנדערע מוזיקאַנטן. מען האָט געזונגען און געשפּילט נאָך דעם ווי 17—18 וואַגאָנען יידן זענען פאַרגאַזט געוואָרן. מיר האָבן געזונגען „מיין שטעטעלע בעלץ", „גוראַלי", דאַן זענען מיר אַלע געצוווּנגען געוואָרן צו לויפן, ווי אין אַ קאַרוסעל, געיאָגט מיט שטעקנס, און ווער ס'איז אָפּגעשטאַנען — האָט מען אים געפירט אין „לאַזאַרעט".

דער „לאַזאַרעט" איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן גרוב, איבער אים האָבן זיך געצויגן שינעס, און דאָרט האָט געברענט אַ „נר תמיד" פון מענטשן ביי טאָג און ביי נאַכט. דאָרט אַהין האָט מען געברענגט אַלע שוואַנגערע פרויען, אַלטע, לאָמע און די אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט ביי דער אַרבעט. די „פאַרזינדיקטע" און אַלע אַנדערע האָבן זיך גלייך געמוזט אויסטאָן, מען האָט זיי דערשאָסן און נאָך דעם פאַרברענט.

ווען ס'זענען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן, האָט מען די פרויען אָפּגעשוירן, דערנאָך האָבן זיך אַלע געמוזט אויסטאָן — מענער און פרויען צוזאַמען, און אָפּגעבן אַלע געלטער און ווערטפולע חפצים אין אַ ספּעציעלער קאַסע, וואָס האָט זיך געפונען אין קאָרידאָר צווישן לאַגער פון די לעבעדיקע און דעם טויטן־לאַגער, צווישן וועלכע ס'איז געווען אַ מרחק פון 60—70 מעטער.

מען האָט אַלעמען געזאָגט, אַז מען פירט זיי באָדן, אָבער דאָס איז געווען דער וועג צו די גאַז־קאַמערן, ווו ס'זענען געגאַנגען מיליאָנען אומגליקלעכע יידן און קיין לעבעדיקע זענען פון דאָרט נישט אַרויס.

און מיר אין לאַגער פון די לעבעדיקע — צו דער אַרבעט האָבן מיר געמוזט אויפשטיין פאַר טאָג, לויפן שנעל מיט אַ מאַנאַשקע אין דער האַנט נאָך אַ ביסל ביטערע וואַסער, וואָס האָט געהייסן „קאַפע". צו מיטאָג האָט מען געגעבן אַ זופּ פון נישט געשיילטע קאַרטאָפל באַשמאָלצן מיט קלייען. פלייש האָט מען נאָר געטיילט, ווען ס'האָט געפּגרט אַ פערד אין דאָרף. צו אָוונטברויט האָט מען געגעבן אַ ברייטל פאַר אַכט מענטשן, וואָס אַ טייל פון דעם פלעגט מען איבערלאָזן אויף צומאָרגנס.

אַזוי האָט מען געלעבט טאָג נאָך טאָג אין דעם לאַגער, וואָס איז געווען מאַסקירט מיט גרינע ביימער, אַרומגענומען מיט שטעכעדיק דראָט און צעטיילט אויף צוויי באַזונדערע טיילן.

אָפט פלעגט מען אויף די אַפּעלן זיך פרעגן אויף פאַכמענער, און איין מאָל ווען איך האָב אָנגעגעבן, כאילו, אַז איך בין אַ שוסטער — האָט מען מיך אַוועקגעשטעלט צו סאָרטירן שיך און אַ פּאָר טעג האָב איך זיך פאַרנומען מיט דער אַרבעט. לויט דער פאָדערונג פון אַן ס. ס.־מאַן האָב איך געדאָרפן אַוועקטראָגן אַ זאַק מיט שיך, ביז אַ 50 — 60 מעטער פון דעם אָרט, ווו איך האָב געאַרבעט, און פּלוצעם האָב איך זיך געפונען אין טויטן־לאַגער. צוריקקומען האָב איך שוין נישט געקאָנט.

דאַן האָט מען מיך געשטעלט צו אַן אַנדערע אַרבעט — איך זאָל טראָגן אויף מיינע פּלייצעס די פאַרגאַזעטע מענטשן צו די אויסגעגראָבענע גריבער. איך האָב ביי דער אַרבעט פאַרשאָלטן די מינוט פון מיין געבוירן ווערן, ס'האָט געשטונקען פון די מתים, און מיר האָט געדאַכט, אַז כ'וועל שוין קיין מאָל פון דאַנען נישט אַרויס קיין לעבעדיקער, איך האָב געפּרוּווט מאַכן אַ סוף צו מיין לעבן, נאָר דער שכן צו מיין נאַכטלעגער האָט געשריען, געוואַלדעוועט און דערצו נישט דערלאָזט.

נאָך די אַלע שווערע איבערלעבונגען און שלאָפלאָזע נעכט האָב איך געזוכט אַן אויסוועג. איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ פּאַסיק אָרט ביי די דראָטן צווישן די צוויי לאַגערן, איך בין אַריבער אין לאַגער פון די לעבעדיקע, און זיך גלייך אויסגעמישט צווישן די אַלע, וואָס האָבן זיך געשטעלט צום אַפּעל. אַן ס.ס.־מאַן איז גלייך אָנגעלאָפן מיט געשרייען און מיט דראָונגען, נאָר קיינער פון די יידן האָט נישט געענטפערט, אַזוי אַז איך בין געבליבן צווישן די לעבעדיקע און אַלץ איז דורך בשלום.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען געפרעגט אויף אַן אַפּעל, ווער איז אַ גערטנער. אַזוי ווי מיין פאָטער ז"ל האָט געהאַט סעדער מיט אויבסט — האָב איך זיך אָנגעגעבן אַלס גערטנער, אָבער זיי זענען אויסן געווען צו אַקערן און פאַרזייען פאַרשידענע גרינצייג און אַזוי ווי איך האָב אין דער אַרבעט קיין אַנונג נישט געהאַט — בין איך געווען אין אַ סכנה, נאָר מיך האָט געראַטעוועט אַ יידישער אַגראָנאָם, וואָס איז געווען צווישן אונדז. מיר האָבן אָנגעהויבן אַקערן און פאַר־

זייען. מיר האָבן נישט באַקומען קיין פערד צו דער אַרבעט, נאָר אַלץ געמוזט טאָן מיט אייגענע כוחות.

צוזאַמען מיט מיין גערטנעריי האָב איך געהאַט נאָך אַ פונקציע, צו רייניקן אַלע קלאָזעטן פון אונ־דזערע אַרבעטער און פון די ס. ס.־לייט. צוליב דעם גערוך פון מיינע בגדים האָבן די אַלע וואָך־לייט נישט צו פיל זיך דערנענטערט צו מיר און מיך ווייניקער געהיטן. און אַזוי איז מיר ווידער געלונגען דורכלעבן שטיל אַ געוויסע צייט.

דער שעף פון לאַגער איז געווען אַן אויבערשטורמ־פירער מיט דעם נאָמען „ליאַלקע". זיין אמתער נאָמען איז געווען קורט פראַנץ, נאָר „ליאַלקע" האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען אַ שיינער. אַ הונט האָט ער געהאַט, וואָס מען האָט גערופן „באַרי". מיט דעם גרויסן הונט און מיט אַ יאַגד־ביקס פלעגט פראַנץ, די „ליאַל־קע", זיך אַרויסלאָזן אויף זיין שפּאַציר און דערביי אָנרייצן דעם הונט, וואָס איז געווען דרעסירט צו אָנ־גרייפן און בייסן די געשלעכט־גלידער. ווי נאָר דער צעביסענער ייד איז געפאַלן פאַרוווּנדיקט, האָט פראַנץ גלייך געצילעוועט מיט דער יאַגד־ביקס, און דעם פאַרוווּנדיקטן האָט מען נאָך דעם אַוועקגענומען אין „לאַזאַרעט". דאָס האָט געהערט צו קורט פראַנצס פאַרגעניגן.

נאָך אַ צורר יהודים איז געווען, וועמען מען האָט גערופן „מלאך המוות". זיין נאָמען איז געווען מיטע. ער פלעגט צורופן שטילערהייט: „קאָם הער, קאָם הער", און דערשיסן.

נאָך איינער אַן ס. ס.־מאַן, מיטן נאָמען „דעפּ" — זיין עיקר אויפגאַבע איז געווען צו הרגענען קינדער. ער פלעגט אָננעמען די קינדער ביי די פיסלעך און צעשמעטערן די קעפּלעך אויף דער וואַנט.

און נאָך אַן ס. ס.־מאַן, אַ פּופּציק־יאַריקער, מיט דעם נאָמען מילער. ער איז ספּעציעל געקומען פון אַמעריקע צו העלפן די דייטשן ביים פאַרניכטן די יידן. ביים אָנקום פון די טראַנספּאָרטן פלעגט ער דער־שיסן די שוואַנגערע פרויען. אַז אַ פרוי האָט געבוירן, פלעגט ער קודם דערשיסן דאָס קינד און נאָך דעם די מוטער.

צווישן די אַלע צוררים און רשעותן האָבן מיר גע־זען, אַז קיינער וועט נישט אַרויס פון דאַנען, און מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן און מוטיקן איינער דעם צווייטן, און זיך גרייטן צו אַן אויפשטאַנד.

דעמאָלט זענען אויך געווען צווישן אונדז די צוויי נאָווי־דוואָרער ברידער בודניק. איינער איז געווען מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער, דער צווייטער ברו־דער איז געווען אַליין. ביידע האָבן געטאָן מעכאַנישע אַרבעטן און אויסגעפירט די באַשטעלונגען פון די פאַרשידענע בעלי־מלאכות. די ביידע ברידער האָבן, אַלס באַשעפטיקטע ביי פאַרשידענע שלאָסעריי־אַר־בעטן געהאַט אַ צוטריט צו דעם אַמוניציע־אַרסענאַל, און זיי האָבן דאָס אויסגענוצט און באַהאַלטן ביי זיך אַ שליסל פון דעם אַרסענאַל — און אַ דאַנק דעם האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צוצוגרייטן געווער צום אויפשטאַנד אין טרעבלינקע.

דאָס וועגעלע, מיט וועלכן כ'האָב געפירט מיסט פון די קלאָזעטן, איז געווען דאָס טראַנספּאָרט־מיטל צו אַרויספירן געווער פון אַרסענאַל. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פון האַנט־גראַנאַטן. מיט גרויס מסירת־נפש האָט מען אַרויסגעפירט די גראַ־נאַטן פון אַרסענאַל צום באַשטימטן אָרט.

ווען מען האָט באַשטימט דעם טאָג פון אויפ־שטאַנד, האָט מען נאָך בודק געווען, צי די גראַנאַטן זענען אין אָרדענונג, און דאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלן די צינד־קנויטן. און ס'איז אוממעגלעך זיך פאַרצושטעלן די איבערלעבונג, ווען איך האָב צו־ריקגעפירט די נוצלאָזע גראַנאַטן אין אַרסענאַל אַריין.

דאָס אַלץ איז געשען אין די פּסח־טעג פון 1943, אין דער צייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. מיר האָבן דעמאָלט געמוזט אָפּלייגן אונדזער אויפשטאַנד, און אונדזער פּלאַן איז ערשט צושטאַנד געקומען אין צווייטן טאָג אויגוסט פון דעם יאָר.

דעמאָלט זענען שוין די גראַנאַטן געווען אין גע־העריקן מצב, מיט די צינד־קנויטן, אויך אַנדערע מינים געווער זענען שוין געווען אין אונדזער רשות, און יעדן



ביי די אויוונס

איינעם פון אונדז איז צוגעטיילט געוואָרן זיין אָרט און אויפגאַבע אין געפּלאַנטן אויפשטאַנד.

דער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכע־דיקע דראָטן, אַרום דעם לאַגער — פאַרשידענע באַר־יערן אַלס שטערונגען פאַר טאַנקען, און ווייטער נאָך דעם אַלעם — אַ געפלעכט פון פאַרפּלאָנטערטע שטע־כלדראָטן. אין לאַגער האָבן די אוקראַיִנער געוואַכט אויף די טורעמס מיט מאַשין־געווערן, און ביי דער בענזין־סטאַציע זענען געשטאַנען גרייט פאַרשידענע אויטאָמאָבילן.

אין די באַדינגונגען האָבן מיר צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד, מיר האָבן באַשטימט דעם טאָג, אָבער אָנגעהויבן האָט ער זיך מיט צוויי שעה פריער ווי מיר האָבן באַשטימט, צוליב אַ צופאַל:

צוויי יינגלעך האָבן דעמאָלט צוגעגנבעט אַ ברויט פון די דייטשן, מען האָט זיי אויסגעטאָן נאַקעט און אָנגעהויבן שלאָגן און פאַרשן, — האָבן מיר מורא גע־קראָגן, אַז זיי וועלן אויסגעבן דעם סוד פון אונדזער אויפשטאַנד־פּלאַן, און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד. מיר האָבן געוואָרפן גראַנאַטן אויף דער בענזין־סטאַציע, אַ גרויס פייער האָט זיך פאַרשפּרייט און די דייטשן זענען געלאָפן צעטומלט, — אַזאַ גע־שעעניש האָבן זיי נישט דערוואַרט. באַלד האָבן מיר אָנגעהויבן שיסן אויף די פייניקער פון די יינגלעך, אויך געשאָסן צו די טורעמס און באַזייטיקט די וואַך;

קרבנות זענען געפאַלן פון אונדז און פון די דייטשן, און אין דער מהומה זענען מיר אַריבער די דראָטן און געלאָפן, ווו די אויגן האָבן געפירט.

צומאָרגנס האָבן זיך אָנגעהויבן געיעגן און אָבלאַ־וועס. איך און נאָך אַ ייד פון וואַרשע האָבן זיך אויס־באַהאַלטן צווישן קאַרטאָפל, צוויי טעג האָבן מיר דאָרט אָפּגעוואַרט ביז ס'איז שטילער געוואָרן, און דאַן זע־נען מיר אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער.

אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פּרשה, ווי נאָר די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערוווּסט, אַז מיר זע־נען יידן, האָבן מיר געמוזט אַנטלויפן אין אַ צווייטן וואַלד, ווו ס'איז נישט געווען קיין שפּור פון מענטשן.

אַזוי האָבן מיר זיך געוואַלגערט צווישן פעלדער און וועלדער, אָן ברויט און וואַסער און אָן שלאָף. נאָר אין די נעכט פלעגן מיר זיך דערנענטערן צו אַ דאָרף און אַוועקגנבענען דאָס עסן, וואָס איז גרייט געווען פאַר די הינט, און אויף אַלע וועגן האָט אונדז געדראָט געהרגעט צו ווערן פון די גויים.

די אַלע וועגן און וועלדער און די אַלע גרויל־בילדער שטייען נאָך פאַר מיינע אויגן. נישטאָ מער קיין כוח צו איבערלעבן די פאַרגאַנגענהייט. יעדעס וואָרט דערמאָנט ווידער די גרויזאַמע טאָטן, וואָס די דייטשן זענען באַגאַנגען קעגן יעדן איינעם פון מיין פאָלק.



אַ גרופּע געראַטעוועטע פון טרעבלינקער טויטן־לאַגער
פון רעכטס: שמעון צעגעל, וואָלף שיינבערג, העניע טראַטש
דער נאָווי־דוואָרער יענקל דאַמב און מענדל קאַראַטניצקי

# נאווי־דוואָרער אין טרעבלינקער אויפשטאַנד

אויף דער אַקאַדעמיע צום 3טן יאָר־טאָג פון טרעב־לינקער אויפשטאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּלאָצק, האָט דער קעמפער און אויפשטענדלער פלאַטקעוויטש (פּסעוודאָנים: „קאַרטאָפלאַרזש") געשילדערט, ווי אַן עדות פון די געשעענישן, די העלדישע מעשים פון יידישע קעמפער אין דעם טרעבלינקער טויטן־לאַגער. צווישן אַנדערע פּרטים האָט פלאַטקעוויטש דערמאָנט די נאָווי־דוואָרער, וועלכע האָבן אַנטייל גענומען אין אויפשטאַנד:

„די אַרבעטער וועלכע זענען געבליבן לעבן און צוגעזען אַלץ, האָבן באַשלאָסן נקמה נעמען אין די דייטשן. אין שפּיץ האָט זיך געשטעלט אַ ברודערן־זון פון געוועזענעם טשעכאָסלאָוואַקישן פּרעזידענט מאַ־סאַריק. ער האָט אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט די אוקראַינער און געקויפט אַ פּאָר רעוואָלווערן. צוליב אַ דענונציאַציע פון אַ ייד, האָבן די דייטשן נאָך אַ רע־וויזיע געפונען די רעוואָלווערן. די דייטשן האָבן דאַן פאַרזאַמלט אַלע און געשאָסן יעדן 10טן. דאַן האָט אויסגעאַרבעט דעם צווייטן פּלאַן פון אויפשטאַנד דער יידישער קאַפּיטאַן גאַלעווסקי. דעם ערשטן אַקט פון אויפשטאַנד האָבן דורכגעפירט דער פּלאָצקער גוטמאַן און טיק פון נאָווי־דוואָר, וועלכע האָבן געהרגעט דעם ערשטן דייטש אין וואַרשטאַט.

דער צווייטער באַפעל פון קאַפּיטאַן גאַלעווסקי איז געווען אַרויסצובאַקומען דאָס געווער פון מאַגאַזין. אַן אָפּדרוק פון שליסל איז געמאַכט געוואָרן פון ברויט דורך דעם נאָווי־דוואָרער ייד בודניק"

(אויסצוג פון אַ צייטונגס־באַריכט אין פּוילן).



אפרים בודניק, אַ שלאָסער פון נאָווי־דוואָר
דער טיכטיקער אָנטייל־נעמער אין טרעבלינקער אויפשטאַנד,
אַלס פּוילישער זעלנער פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה

# צוריק פון די טויטן-גריבער

ווען די נאַציס זענען אַריין אין נאָווי־דוואָר בין איך מיט נאָך אַ גרופּע אַוועק צו אונדזערע באַקאַנטע דייטשן, די יאַנצעס, און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן דיביימער. צווישן אונדז האָט זיך אויך געפֿונען ישׂראל באָרנשטיין. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די נאַציס האָבן אונדז אַנטדעקט.

אַ טייל איז געלונגען צו אַנטלויפֿן, צווישן זיי האָב איך געזען ישׂראל באָרנשטיין, ווי ער שפּרינגט אַריבער אַ פּאַרקאַן. אין דער בהלה זענען אויך אומגעקומען מיין פֿרוי און מיינע צוויי קינדער. מיך און די אַנדערע, וועלכע מען האָט געכאַפּט, האָט מען אַן אויפֿהער געפּייניקט און דערנאָך געשיקט צו פֿאַרשידענע שווערע אַרבעטן. אַ קורצע צייט האָב איך אויך געאַרבעט ביי דעם פֿאָלקסדייטש בענעק ווענדט אויפֿן „פּיאַסעק".

נאָך דעם האָבן די נאַצישע באַנדיטן באַשטימט און אָפּגעגרענעצט דאָס נאָווי־דוואָרער געטאָ, אָפּגעטיילט אַ טייל פֿון דער וואַרשעווער גאַס ביז צום „גוטן אָרט". נעבן שעכטהויז האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ תּליה, וווּ מען האָט צווישן אַנדערע אויך געהאַנגען מיינע נאָענטסטע און בעסטע חברים.

אויב כ׳בין געבליבן לעבן, איז עס נאָר ווייל איך בין געווען פֿיזיש שטאַרק און איך האָב זיך באַמיט נישט אָפּצושטיין און אויסהאַלטן די שווערע פּראַצע. אָבער סוף־סוף איז אויך מיין גורל געווען ווי ביי אַנדערע, די מערדער האָבן מיך פֿאַרשלעפּט קיין אוישוויץ, דאָרט איז די אַרבעט געווען נאָך שווערער, און איך האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן מיינע כּוחות.

פֿון צייט צו צייט איז מיר געלונגען צו באַקומען אַ שטיקל ברויט פֿון איינעם אַ ציווילן דייטש, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פֿון מיין אַרבעטסאָרט, אָבער די מתּנות האָבן מיך טייער געקאָסט. איין מאָל אין אַ פֿרימאָרגן, ווען איך האָב אָפּגערייניקט פֿון שניי און דערביי באַקומען פֿון גוטן דייטש אַ שטיקל ברויט, האָט דאָס באַמערקט דער וואַכמאַן. איך בין ווי פֿאַרשטיינערט געוואָרן פֿון שרעק, איך האָב זיך אָבער נישט פֿאַרלוירן, עטלעכע ביסנס האָב איך אַראָפּגעשלונגען און דאָס איבעריקע האָב איך גיך באַגראָבן אין טיפֿן שניי. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפֿן און גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן אומדערטרעגלעכע פּייניקונגען.

קודם־כּל האָט מען אָנגעהויבן פֿאָרשן דעם דייטש — מיין ברויטגעבער. ער האָט אין אַלץ געלייקנט און זיי האָבן אים באַפֿרייט. אָבער דעמאָלט האָבן זיי זיך גענומען צו מיר, זיי האָבן אָנגעהויבן פֿאָרשן און דערביי צעבראָכן פֿיר שטעקנס אויף מיין לייב. זיי האָבן געשלאָגן אָן רחמנות, אָבער קיין וואָרט פֿון מיר נישט אַרויסבאַקומען. איך בין געפֿאַלן אין חלשות, זיי האָבן אויף מיר געגאָסן וואַסער און אַז איך האָב דערוואַכט, האָב איך נאָר געפֿילט, ווי מיין האַרץ קלאַפּט, ס׳איז מיר געווען שרעקלעך קאַלט און איך האָב אָנגעטאַפּט אויף זיך שטיקער פֿאַרגליווערט בלוט. שטאָק־פֿינצטער איז געווען אַרום, איך האָב אָנגעהויבן טאַפּן אין דער פֿינצטער און דערפֿילט, ווי איך ליג צווישן טויטע. מיט די לעצטע כּוחות האָב איך אַראָפּגעריסן עטלעכע וואַרעמע זאַכן פֿון אַ טויטן און זיך צוגעדעקט.

קומענדיק מער צום באַוווסטזיין, האָב איך דערפֿילט, אַז דער אויבערשטער טייל פֿון מיין שאַרבן איז אָפֿן. ווי לאַנג ס׳האָט גענומען ביז מען האָט מיך פֿון דאָרט אַוועקגעפֿירט צוזאַמען מיט די טויטע — געדענק איך נישט. איך האָב זיך נאָר באַמיט נישט צו באַוועגן, בעתן טראַנספּאָרטירן, כּדי מען זאָל מיך נישט דערשיסן אויפֿן וועג צו די טויטן־גריבער.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די גרויסע גריבער, וווּ מען פֿלעגט אַריינוואַרפֿן די טויטע און זיי באַשיטן מיט קאַלך, האָב איך אַזוי ליגנדיק אויפֿן וואָגן אַ האַלב־טויטער, דערהערט אַ שטימע פֿון אַ הויכן געסטאַפּאָ־אָפֿיציר. דאָס איז געווען דער זון פֿון אַלבערט פֿון וויזענדאָרף, וווּ מיין טאַטע האָט תּמיד געקויפֿט מילך. דערווייל האָבן די יידן, וואָס האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט באַגראָבן די מתים, זיך דערנענטערט צו מיר, און מיך נישט געוואָלט אָפּלאָזן, כאָטש איך האָב געבעטן רחמים, אַז איך וויל לעבן און וועל זיך נישט לאָזן אויסטאָן... אַ נאַצי האָט געוואַכט מיט אַ מאַשין־ביקס, און איך האָב געהערט, ווי איינער פֿון די באַגרעבער און אויסטוער זאָגט צום צווייטן: „טו אים אַ בריק אונטערן האַרץ און פֿאַרטיק"... דער דייטש מיט דער

מאַשין־ביקס איז גרייט געווען צו טאָן די אַרבעט, נאָר דעם אַלבערטס זון, דער געסטאַפּאָ־אָפּיציר, האָט דעם מערדער נישט געקענט פאַרגינען דאָס פאַרגעניגן, איז ער אַליין אַרויף אויפן וואָגן, נאָר דאָ האָט ער דערהערט מיין שטימע: „דאָס בין איך איזאַק טאָפּ, וואָס האָט ביי דיין טאַטן געקויפט מילך, איך וויל נישט שטאַרבן!" גלייך האָט אַלבערטס זון געגעבן אַ באַפעל, מיך, דעם איינציק לעבנגעבליבענעם, אַראָפּצונעמען פון וואָגן און מיך אָפּוואַשן פון בלוט.

מען האָט מיך באַלד צוריקגעלייגט אויפן זעלבן וואָגן און אַוועקגעפירט צו יידישע דאָקטוירים מיט אַ באַפעל מיר צו מאַכן אַן אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע איז געלונגען, מען האָט מיך באַזאָרגט מיט די פּאַסיקע מעדיקאַמענטן, ביז איך בין געקומען צו זיך. דער אָפּיציר האָט מיר אויך צוגעשיקט דורך זיין באַדינער ווייסע ברויט מיט מילך, דערנאָך אַליין מיך געקומען באַזוכן. ער האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיקט און אויסגעפרעגט ווער ס'האָט מיך אַזוי צעשלאָגן און צעמִמיתט. באַלד האָט ער געגעבן אַ באַפעל אים צו ברענגען און ער האָט אים, דעם אָרדינאַנץ, גלייך דערשאָסן.

אַזוי איז מיין לעבן דעמאָלט געהאַנגען אויף אַ האָר און אַזוי בין איך ניצל געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

לייבל קאַכאַלסקי / חולון

# א באגעגעניש אין לאגער „בונא"

אין יאָר 1943 האָב איך זיך שוין געפונען אין דעם באַקאַנטן אַרבעטס־לאַגער בונאַ — מינאָוויצע, אַ זעקס קילאָמעטער פון אוישוויץ און דעם באַרימטן פאַרניכטונגס־לאַגער בירקענאַו.

אין איינעם אַ שפּעטהאַרבסטיקן אָוונט, נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, אין גאַנצן אַדורכגענעצט פון רעגן, בין איך געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ ביסל שיטערע זופּ, מיט אַ מאָל האָבן מיר דערהערט אַ גערודער, דאָס איז אָנגעקומען אַ נייער טראַנספּאָרט קרבנות. איבער נאַכט האָט מען זיי דאָ פאַרהאַלטן — אַזוי האָט מען דערציילט — צוליבן שטאַרקן גאַסרעגן, אויפן וועג צום פאַרניכטונגס־לאַגער אין בירקענאַו.

באַלד האָט זיך געעפנט די טיר, אַ זאַקראַטשינער יונגערמאַן איז אַריין און צעוויינט געטאָן, אַז אין דעם טראַנספּאָרט געפינען זיך יידן פון זאַקראָטשין און נאָווי־דוואָר. ווייל אין אונדזער בלאָק, נומער 51, האָבן זיך דעמאָלט געפונען עטלעכע נאָווי־דוואָרער, האָב איך זיך דערשראָקן: ווער ווייס, אפשר פון די, אַן אייגענער, אַ קרוב, אַ פריינד?... איך האָב געכאַפּט אַ האַלב ברויט מיט אַ ביסל צוקער, זיך אַריינגעלאָזט אין לאַגער און איך בין צו צו דעם בלאָק, וווּ די מענטשן פון נייעם טראַנספּאָרט האָבן זיך געפונען. דער בלאָק איז אָבער געווען געשלאָסן, מען האָט נישט אַריינגעלאָזט. עס האָבן זיך דערוויל צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע „אַלט־איינגעזעסענע" פון לאַגער און אונטער דעם שטאַרקן רעגן אויסגעמישט מיט שניי, זענען מיר געשטאַנען און זיך איינגעהערט אין דעם אַלץ, וואָס מען רעדט וועגן די ניי־געקומענע.

מען האָט געזאָגט, אַז אין דעם אָפּגעשלאָסענעם בלאָק געפינט זיך דער אַרבעטס־דינסט־פירער מיט זיינע ס. ס.־לייט, און אַז דאָס איז אַ סימן, אַז אַ טייל וועלן אויסגעקליבן ווערן צו בלייבן ביי אונדז אין לאַגער. נאָך לאַנגע באַמיונגען און נאָך דעם ווי איך האָב אים באַלוינט מיט אַ שעכטל ציגאַרעטן, האָט איינער אַ דייטש מיך אַריינגעלאָזט אין בלאָק אַריין, און צווישן די פריטשעס האָב איך דאָרט געפונען מיין בעסטן יוגנט־פריינד יעקב עווענסאָן. ער האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט פון צווישן די פריטשעס אַ הויכער און אויסגעמאַגערטער, מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט, און טרערן זענען געפלאָסן פון מיינע אויגן, אָנקוקנדיק מיין טייערן חבר, ווי אויסגעמאַגערט ער איז — אַ ריכטיקער „מוזלמאַן" — מיט באַדויערונג האָב איך געקוקט אויף אים: — ווער ווייס, ווי לאַנג ער וועט נאָך אויסהאַלטן...

אויך ער האָט געהאַלטן אין איין וויינען, און איין בקשה האָט ער געהאַט צו מיר: „טו, לייבל, אַלץ וואָס דו קאָנסט, אַז איך זאָל בלייבן דאָ צוזאַמען מיט דיר". ווי ער האָט מיר דערציילט, איז ער געקומען מיט דעם טראַנספּאָרט פון מיידאַנעק, אַז מען פירט זיי אַלע

„פּאַרטיק מאַכן״ אין פּאַרניכטונגס־לאַגער בירקענאַו, און ווען ער וואָלט געהאַט אָנגעגעבן, אַז ער איז אַ שלאָסער — וואָלט ער געהאַט די מעגלעכקייט דאָ צו בלייבן. מיר האָבן זיך געמוזט צעשיידן און איך האָב אים צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, אַז ער זאָל דאָ קאָנען בלייבן.

גלייך האָב איך זיך געווענדט צו מיין בלאָק־עלטסטן האַנס, אַ דייטש און דווקא אַ גוטער מענטש, אים האָב איך אַלץ דערציילט. אויך דער אַרבעטס־פאַר־טיילער פון מיין בלאָק, אַ טשעכישער ייד, זייער אַן אָרנטלעכער, האָט מיר צוגעזאָגט זיין הילף, און צוזאַ־מען האָבן מיר באַהאַנדלט דעם ענין אין צימער פון בלאָק־עלטסטן. אויך דער „שטובע־דינסט״ פרידמאַן, אַ באַריסלאַווער ייד, איז דערביי געווען. איך האָב די גאַנצע געשיכטע דערציילט דעם אַרבעטס־דינסט־פאַר־טרעטער, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַן ערשט־קלאַסיקן שלאָסער, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר גע־אַרבעט, נאָר זיין אומגליק איז, וואָס אין מיידאַנעק האָט ער צופעליק נישט אָנגעגעבן זיין פאַך. דער אַרבעטס־דינסט־פאַרטרעטער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט טאָן אַלץ וואָס מעגלעך.

איך בין דערווייל אַוועק אויף מיין „פריטשע״ כאַפּן אַ דרעמל. איידער וואָס האָט מען מיך שוין גע־וועקט צום אַפּעל, און איך בין אַוועק מיט מיין גרופּע צו דער אַרבעט. דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר צוליב דעם אומרו וועגן גורל פון מיין פריינד יעקב. איך האָב קוים זיך דערוואַרט, אַז דער טאָג זאָל פאַרביי, און אויפן וועג פון דער אַרבעט האָט מיר דער בלאָק־עלטסטער אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז יעקב וועט־סאָן בלייבט דאָ איבער אַלס שלאָסער.

ווען איך בין אַריין אין בלאָק צו יעקבן דאָס אָנ־זאָגן, זענען מיר אַרויפגעפאַלן איינער אויפן צווייטן, און פון דעמאָלט אָן זענען מיר שוין די גאַנצע צייט געווען צוזאַמען אין לאַגער בונאַ, ביז דעם ניינצנטן יאַנואַר 1945, ווען אונדזער לאַגער איז געוואָרן אויס־געזידלט און מירביידע זענען געוואָרן צעשיידט.

ביידע זענען מיר געבליבן לעבן, מיין פריינד — אין אורוגוויי און איך — אין ישראל.



אויף דעם באַנוועג קיין אוישוויץ

ל. מײלעכאָוויטש / פאַריז

# פון דראַנסי קיין אוישוויץ

נאָך אַלע תפיסה־עינויים, נאָך אַלע אַכזריותדיקע קלעפּ און רעוואָלווער־דראָונגען פון די געסטאַפּאָ־לײט, האָט אויסגעזען אין מײנע אויגן ווי אַ בשורה — די ידיעה, אַז מאָרגן וועלן מיר אַריבערגעפירט קיין דראַנסי.

אין יענע ווינטערטעג פון 1942—43 זענען אין פאַריז און אין אַנדערע פראַנצויזישע שטעט פאַרעפנטלעכט געוואָרן לאַנגע רשימות פון ייִדן און אויך נישט־ייִדן, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון די תפיסות און דערשאָסן אַלס ערובניקעס. דערפאַר האָב איך אין דער מעלדונג וועגן מײן אַריבערפירונג קיין דראַנסי געזען אַ געוויסע פאַרזיכערונג, אַז איך וועל נישט דערשאָסן ווערן אַלס ערובניק.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען מיך מיט נאָך איין ייִד פון מײן תפיסה־קאַמער אַרײנגעפירט אין וואַרטע־זאַל, און דאָרט האָב איך זיך פלוצעם צונויפגעטראָפן מיט מײן פרוי און קינד, פון וועלכע איך בין געווען צעשיידט צוויי וואָכן. ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מײן פרוי האָט זיך געפונען אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון דער זעלבער תפיסה און אַז אונדזער קינד איז געווען ערגעץ ווו אונטער דער אויפזיכט פון פעטענס פראַנצויזישן רויטן קרײץ, און ער איז צוגעשטעלט געוואָרן אַהער, כדי אים אומצוברענגען צוזאַמען מיט זײנע עלטערן.

מײן ײנגעלע, וואָס איז קוים אַלט געווען צען יאָר, האָט אויסגעזען ווי אַ קלײנער תפיסהניק, זײנע האָר זענען געווען אָפּגעשוירן, זײן פנים — אויסגעבלייכט, און מען האָט געקאָנט אויף אים מערקן, אַז ער באַנעמט מיט אַלע חושים, וואָס דאָ קומט פאָר.

גיך איז אַדורך די פרייד פון אונדזער צונויפטרעפונג. אין דרויסן האָבן שוין געוואַרט דרײ ייִדן פון אַן אַנדערער תפיסה, די דרײ זענען געווען צוזאַמענגעשמידט אין קייטן, און צו זיי האָט מען צוגעשמידט מיך מיט נאָך איינעם פון אונדזער תפיסה, איצט זענען מיר שוין געווען אין צונויפגעשמידטע גרופּע פון פינף ייִדישע „פאַרברעכער“, וועמענס שולד איז געווען אַ דאָפּלטע: ווײל מיר זענען ייִדן, און ווײל מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און נישט געגאַנגען פרײוויליק צום טויט.

אַזוי האָבן מיר פאַרלאָזט די תפיסה אין טור, די אַזוי גערופן „עקאַל־מישלע“. מען האָט אונדז געפירט צופוס דורך דער שטאָט צום וואָקזאַל. ביים אַרײנגיין אין וואַגאָן, ווו ס׳זענען געווען ציווילע רייזנדע, האָט מען בײ אונדז אַראָפּגענומען די קייטלעך און דער עלטסטער פון אונדזערע היטער האָט אונדז געוואָרנט, אַז די רעוואָלווערן זענען גרייט צום שיסן בײ יעדן פרווו פון אַנטלויפן.

אויפן פאַריזער וואָקזאַל „אויסטערליץ“, האַרט בײ דער מעטראָ, האָב איך געזען ווי מאַסן מענטשן שטראָמען פרײ אַרײן און אַרויס פון מעטראָ, און אַ ווילן איז מיך באַפאַלן — פרײ צו זײן, זיך אויסצומישן מיטן שטראָם מענטשן און אַנטלויפן, נאָר ווי לאָזן אויפן הפקר מײן פרוי און קינד? — דאָס אַרעסטאַנטן־קעטשל איז ווייטער געלאָפן איבער די פאַריזער גאַסן, דאָס פאַרמאַכטע קראַטן־פענצטערל האָט נישט דערמעגלעכט צו כאַפּן אַ לעצטן בליק אויף דער שטאָט, ווו מיר האָבן איבערגעלאָזט אויפן הפקר אונדזער האָב און גוטס — אַ היים, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט מיט האָרעוואַניע אין משך פון פופצן יאָר.

גאָר שנעל האָט זיך דאָס קעטשל אָפּגעשטעלט בײ אַ טויער פול מיט שטעכלדראָט, געהיטן דורך פראַנצויזישע זשאַנדאַרמען. מיר זענען אַרײן אין טרויעריק באַרימטן לאַגער „דראַנסי“, וואָס איז געוואָרן דער „פאָדערצימער“ פון אוישוויץ.

אויפן גרויסן הויף, צווישן די צוויי הויכע געביידעס, האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ סך באַקאַנטע ייִדן פון פאַריז. דאָ האָב איך אויך געטראָפן די פרוי מיט די צוויי קינדער פון אונדזער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַן משה גוטקינד, וועלכער איז געווען אין קריגס־געפאַנגענשאַפט. דאָ בין איך אויך געוויער געוואָרן וועגן דעם פאַרלויף פון דער גרויסער „אַקציע“ — די אָבלאַווע פון 16טן יולי 1942, איינער פון די טרויעריקסטע טעג פאַר פאַריזער ייִדן; אין דעם טאָג האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון זייערע היימען און באַהעלטענישן איבער דרייסיק טויזנט ייִדן, מענער און פרויען, קינדער, אַלטע לײט און קראַנקע. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַ סך נאָווי־דוואָרער פאַמיליעס, לאַנג־יאָריקע אײנוווינער פון פאַריז.

אין די שמועסן וועגן די אַלע געשעענישן האָבן זיך אָנגעהויבן הערן נייַע און פּרעמדע ווערטער וועגן „דעפּאָרטירט" און „דעפּאָרטאַציע", יעדע גרופּע אויפן הויף פון דראַנסי האָט גערעדט וועגן דעם. מען האָט מיר דערציילט וועגן אַ סך באַקאַנטע, וועלכע מען האָט דעפּאָרטירט מיט אַ פריערדיקן אָדער שפּעטערדיקן טראַנספּאָרט.

דעם לאַגער דראַנסי האָט מען גערופן דאָס „פּאָדערצימער פון אוישוויץ", אָבער פון דעם פּאָדערצימער האָט מען זיך נישט געאײַלט צו גיין ווייטער... מען האָט געוווסט, אַז דאָס מיינט: דעפּאָרטאַציע און ווייטער — מיינט: אומקום.

ווען מען האָט זיך דערוווסט, אַז אין 11טן פעברואַר 1943 גרייט זיך די אָפּשיקונג פון אַ טראַנספּאָרט — איז אין לאַגער געוואָרן ווי אַ גיהנום; יעדער האָט אין שרעק געזוכט אַ וועג ווי אויסצומיידן דעם טראַנספּאָרט; אַ טייל זענען געלאָפן זוכן פּראָטעקציע; אַנדערע האָבן פּרובירט פאַרשידענע אויסקויפּעכצן און אונטערקויפּעכצן, און אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוּווט אויסגראָבן אַן אונטערערדישן וועג און אַרויסקריגן זיך אויף יענער זייט פון די שטעכלדראָטן. אָבער אויך די מוטיקע האָבן נישט אויסגעמיטן דעם טראַנספּאָרט; אויך דאָ האָט שוין געווירקט דאָס געזעץ פון אַלע טויט־לאַגערן: פון דאַנען קומט מען שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס; מענטשן זענען אַראָפּ פון זינען און מען האָט זיך געוואָרפן פון די העכסטע שטאָקן.

מײַן פרוי האָב איך דעמאָלט אין דער לעצטער רגע געראַטעוועט, ווען זי האָט זיך געוואָלט וואַרפן דורכן פענצטער פון פינפטן שטאָק, און איך בין זיך מודה — ווי גרויליק ס'זאָל נישט זיין — אַז שפּעטער, אין בירקענאַו, צווישן די הויכע קוימענס פון די פיר קרעמאַטאָריעס, האָב איך אָפּט באַדויערט, ווען איך האָב געטראַכט וועגן גורל פון מײַן אומגעקומענער פרוי, פאַר וואָס איך האָב איר געשטערט אויסצופירן דעם אַקט דעמאָלט; אירע ביינער וואָלטן כאָטש געהאַט אַ פּלאַץ אויפן פּאַריזער בית־עולם.

מען האָט אונדז געפירט קיין אוישוויץ. אין די פרימאָרגן־שעהן האָט מען אונדז אויף די שטאָטישע אויטאָבוסן געבראַכט צו דעם קליינעם וואָקזאַל פון דער פּאַריזער פאָרשטאָט „בורזשע", וווּ מען האָט אונדז אַרײַנגעשטופּט אין דער באַן, צו 120 מענטשן אין אַ וואַגאָן.

אויפן דיל איז געלעגן אַ ביסל שטרוי, ס'איז געשטאַנען אַ קרוג מיט וואַסער און אויך אַן עמער פאַר די נאַטירלעכע באַדערפענישן. אין יעדן וואַגאָן האָבן זיי געהייסן אויסקלייבן פון די 120, איינעם אַ יודען־עלטסטן.

צווישן אונדז, אין אונדזער וואַגאָן, זענען אויך געווען אַ גרופּע קינדערלעך פון אַ יתומים־הויז מיט זייער אויפזעערין, מען האָט זיי אַלע מיט זייער אויפזעערין באַזעצט אין מיטן וואַגאָן, זיי זאָלן האָבן אַ ביסל מער לופט צום אָטעמען. מען האָט אויך געבראַנגט אין וואַגאָן אויף אַ טראָגבערעטל אַן עלטערן פּאַראַליזירטן ייד פון אַ זקנים־הויז.

די טייוולאָנישע ס. ס. זענען געלאָפן הין און צוריק און אויסגעפירט די באַפעלן פון זייערע עלטסטע, וועלכע האָבן געריטשעט ווי די ווילדע חיות. מיטן פאַרהאַקן די טירן און ריגלען פון וואַגאָן זענען אַלע געבליבן זיצן פאַרשטייפטע מיט אַ לעצטן טרויעריקן בליק צו פּאַריז.

די פעברואַר־זון איז שוין געשטאַנען הויך, דורך די וואַגאָן־שפּאַלטן האָבן זיך דורכגעריסן זוניקע שטראַלן און דורכן קליינעם פענצטערל האָט מען געזען פּויערים אויף די פעלדער. דער צוג איז געלאָפן זיין טויט־וועג, און ווער פון דער דרויסנדיקער וועלט האָט דעמאָלט געוווסט, אַז אין די פאַרקלאַפּטע וואַגאָנען זיצן צוזאַמענגעפּרעסט 1100 פאַרמשפּטע, פון וועלכע נאָר 46 מענער און עטלעכע און צוואַנציק פרויען איז נאָך באַשערט געווען זיך צו מאַטערן אַ געוויסע צייט אין בירקענאַו; ווער האָט געוווסט, אַז אין די קרעמאַטאָריומס פון בירקענאַו איז אַלץ שוין גרייט „אויפצונעמען" אָט דעם לאַנגן צוג?

כל זמן אין קרוג איז נאָך געווען אַ ביסל וואַסער און דער עמער פאַר די נאַטירלעכע באַדערפענישן איז נאָך נישט געווען באַנוצט, איז מען נאָך געווען הייטער און דאָ און דאָרט האָט מען געקאָנט הערן אַ וואָרט צו מאַכן מונטערער די געמיטער, אָבער נאָכן אָפּפאָרן אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט זיך די לאַגע אין וואַגאָן אין גאַנצן געענדערט, די קרוג איז שוין לאַנג געשטאַנען אַ טרוקענע, און קיינער האָט נישט געוואָלט זיצן נעבן דעם עמער, ביז מען האָט באַשלאָסן אָפּגרענעצן אַ ווינקל פאַר די נאַטירלעכע באַדערפענישן און דאָס האָט נאָך מער באַגרענעצט דעם שטח פון וואַגאָן פאַר די 120 צונויפגעפּרעסטע מענטשן.

די היץ און דער עיפּוש האָבן אַלעמען דערפירט צו ווילדקייט; ס'זענען פאָרגעקומען קריגערייען, ווען עמעצער האָט געפּרוּווט אויסגלייכן די פיס אויפן חשבון

פון צוויטנס שטיקל ענגן פלאַץ; ביי נאַכט אין דער פינצטער האָט מען אָפט געהערט אַ פּלוצעמדיקן געשריי צוליב אַ קלאַפּ פון שכנס אויסגעצויגענע פּיס. אַ גרויסע רו האָט דווקא אַרויסגעוויזן דער פּאַראַליזירטער זקן, וואָס האָט געשפּרודלט מיט חכמה און בטחון. זיין באַגאַזש איז געווען אַ טלית און תפילין און אַ פּעקל פון עטלעכע גרויסע ספרים מיט שיינע לעדערנע איינבונדן. אים האָט מען בלויז דערצערנט, ווען מען האָט זיך געוואָלט זעצן אויף זיין פּעקל ספרים, דעמאָלט האָט ער זיי באַשיצט מיט זיינע הענט: „אוי, מיינע ספרים, מיינע ספרים!"

פון דער גרופּע קינדערלעך האָבן די גאָר יינגסטע פיל מאָל געלאָזט הערן מיט קינדערשער תמימות, אַז זיי פאָרן צו פּאַפּאַ און מאַמאַ, און די עלטערע האָבן — כדי אונטערצוהאַלטן די קינדערלעכס געמיטלעכע שטימונג — ביי זיי געפרעגט, צי ס'איז ווייט צו פאָרן צו זייערע עלטערן... אַזוי האָבן די נאַציִשע מערדער מיט זייערע געהילפן, די יודענראַטלער, אָפּגענאַרט די קינדערלעך פאַרן אָפּשיקן, אַז זיי פאָרן צו טאַטע־מאַמע.

אין אַ זייט איז געזעסן אַן עלטערע פרוי, בערך אַ זעכציק־יאָריקע, אַ באַלעבאַטיש געקליידטע, מען האָט געזען, אַז זי איז אַ מאָל געווען אַ טרייע מאַמע צו אירע קינדער, וואָס איז אַראָפּ פון זינען... צו אַלע זייטן פון וואַגאָן האָט זי געשיקט אירע בליקן, ווי זי וואָלט זיי דאָ געזוכט, זי האָט געזופן: ביילטשע! מלכהלע! זי האָט געשריגן: „לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען, איך וויל גיין צו מיינע קינדער!"

אין אַ צווייטן ווינקל איז געזעסן אַ פרוי און די גאַנצע צייט געקרעכצט, נאָר מיט אַ מאָל איז זי שטיל געוואָרן, און פאַר טאָג, ווען די ערשטע ליכטפּאַסן האָבן זיך באַוויזן אין וואַגאָן, האָט מען דערזען, ווי זי ליגט אַ טויטע אונטער פּעק און וואַליזן. דאָס האָט וואָר ביי נאַכט, אין דער חשכות און ענגשאַפט פון וואַגאָן, פאַר זיך געזוכט מער פּלאַץ און צוליב זיין באַקוועמלעכקייט אַרויפגעוואָרפן די פּעק אויף דער גוססדיקער פרוי. דאָס איז נישט געווען קיין איינצלפאַל, נאָך פאָרן אָנקומען קיין בירקענאַו זענען שוין געווען עטלעכע טויטע.

אויף דער דריטער נאַכט האָבן מיר געפילט, אַז דער קלימאַט האָט זיך פאַרענדערט, יעדער האָט זיך אַרומגעהילט מיט אַ קאָלדרע, נאָר קיינער האָט נישט געוווסט, אַז מיר זענען שוין אין דעם קאַלטן פּוילישן ווינטער. דורכן קליינעם פענצטערל האָט אָנגעהויבן אַריינבלאָזן אַ שניי.

איך האָב זיך געפּאַרעט ביים פענצטערל, איך האָב געפּרוווט פאַרשטאָפּן, אַז דער שניי זאָל נישט אַריין, נאָר באַלד האָבן די וואַגאָנען זיך געגעבן אַ האַסטיקן פאַרהאַלט און אַ פּראַל אויף, און באַלד — ווילדע קולות און שטעקנס איבער די קעפּ: „אַלעס אַרויס! אַלעס אַרויס!"... אַפילו די אומבאַוועגלעכע טויטע קערפּערס האָבן זיי אויך געקלאַפּט מיט די שטעקנס.

די ווילדע קולות און די קלעפּ האָבן אונדז אַלעמען צעמישט. מיטגענומען פון אונדזער באַגאַזש האָבן זיי נישט געלאָזן. איך בין אַרויס פון וואַגאָן מיט מיין קינד ביים האַנט, און זעענדיק ווי ער ציטערט פון קעלט, האָב איך ריזיקירט, זיך דערנענטערט צום וואַגאָן און שנעל געכאַפּט אַ קאָלדרע פאַר מיין זון, אים צו באַשיצן פון שניי און קעלט. איך האָב דערפאַר באַקומען עטלעכע קלעפּ איבערן קאָפּ און ווען איך בין צו זיך צוריקגעקומען, האָב איך מיין פרוי מיט מיין זון שוין מער נישט געזען... מען האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף די לאַסט־אויטאָס וועלכע זענען שוין געשטאַנען גרייט, באַוואַכט מיט פיל ס. ס.־לייט, און מען האָט זיי גלייך געפירט צום קרעמאַטאָריום.

געווען איז עס אַ זונטיק אין דער פרי, געוויינלעך גייט מען נישט אין דעם טאָג צו דער אַרבעט, אַלע זענען אויפן לאַגער־הויף, נאָר מיט אַ מאָל ווערט אַ געלויף, מען כאַפּט אויף אַרבעט, באַלד ווער איך אַרומגערינגלט פון אַ באַנדע קאַפּאָס און אַריינגעשטעלט אין דער ריי. איך זע ווי מען יאָגט אַ צווייטע גרופּע, זיי לויפן פאַרביי ווי שעפּסן געיאָגט פון וועלף, צווישן די לויפנדיקע דערקען איך מיין קוזין יצחק הערשפּאַנג פון נאָווי־דוואָר; שוין פופצן יאָר, זינט איך בין אַוועק פון מיין שטעטל, האָב איך אים נישט געזען.

די אַרבעט אין זונטיק איז נאָך געווען שווערער ווי אַ גאַנצע וואָך, ווייל מען האָט נישט געוווסט וואָס און ווו מען וועט אַרבעטן, און דאָס שרעקלעכסטע — מען האָט נישט געוווסט צו וועלכן קאַפּאָ מען וועט אַריינפאַלן. מען פירט אונדז אַרויס פון לאַגער און צו אונדזער שרעק און שטוינונג זעען מיר, ווי מען פירט אונדז אַריין אין איינעם פון די פיר קרעמאַטאָריומס.

מיר מיט נאָך איינעם גיט מען אַ גרויסן קאַסטן און מען קלערט אונדז אויף אונדזער אַרבעט, — מיר דאַרפן אָנפילן דעם קאַסטן מיט אַש פון די פאַרברענטע און אויסשיטן אויף אַ צווייטן פּלאַץ. איך קוק אויף דעם

אַש, אַמ איז אַ גרויסער קנאַכן, אַט איז אַ ביין פון אַ גומען... איז עס פון מיין פרוי, פון מיין קינד?

דעם זעלבן טאָג האָב איך נאָכן צוריקקומען אין לאַגער געזען זוכן מיין קוזין, איך האָב אים שנעל אויסגעפונען, פון אים האָב איך דאָס ערשטע מאָל געהערט וועגן חורבן פון נאָווי־דוואָר. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין פרוי און קינדער און איך — וועגן מיינע. ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן מיינע קוזינען זיידנבערג, אַז זיי זענען אומגעקומען אין בירקענאַו, און אויך אָנגעוויזן אויף איינעם אַ נאָווי־דוואָרער, האַלצמאַן, וואַרשיינלעך — מאַקס האַלצמאַנס אַ ברודער.

מיט מיין קוזין האָב איך זיך געטראָפן יעדן טאָג, ביז מיין אָפּטראַנספּאָרטירונג קיין וואַרשע. מיר האָבן זיך געזעגנט, ווען איך בין שוין געשטאַנען אין דער ריי מיט אַלע פון אונדזער טראַנספּאָרט.

אין לאַגער האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט אַלתר קשאָנשקאַס אַ ברודער. ער איז געווען אויסגעדאַרט און אָפּגעשוואַכט, רעזיגנירט פון אַלעם. אפילו מיינע טרייסט־רייד צו אים האָבן אים גאָרנישט אינטערעסירט, ער האָט צו קיינעם נישט גערעדט און גאָרנישט געענטפערט, נאָר איך האָב אַראָפּגעלייענט פון זיין גאַנץ אויסזען: וואָס קאָנסטו שוין העלפן, מיך, דעם פאַרמשפּטן מוזלמאַן?... ביי יעדער מעגלעכקייט האָב איך אים עפּעס געגעבן, די נשמה צו דערהאַלטן, נאָר אַ סך העלפן האָט מען טאַקע נישט געקאָנט. אין משך פון די פיר מאָנאַטן וואָס איך בין נאָך דאָרט געווען, ביז אָנהייב אָקטאָבער פון זעלבן יאָר, ווען מען האָט מיך געשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט פון פיר טויזנט יידן אָפּצורייניקן די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ נאָכן העלדישן אויפשטאַנד, — האָב איך מער קשאָנשקאַן נישט געזען. ער איז, וואַרשיינלעך, אומגעקומען ביי דער גרויסער סעלעקציע פון יולי 1943, ווען מען האָט אַרויסגעפירט עטלעכע טויזנט יידן פון לאַגער גלייך אין קרעמאַטאָריום אַריין.

זייענדיק אין בירקענאַו האָבן מיר געהערט, אַז אין אוישוויץ האָט מען געשאַפן אַ פאַך־שולע פאַר יוגנטלעכע ביז צוואַנציק יאָר, וווּ מען לערנט זיי זיין מויערער און ביי בעסערע באַדינגונגען. צוויי פון דער שולע, וואָס האָבן זיך געדרייט ביים קעסל גוטן עסן פון מיין קאָמאַנדאָ און פון מיר באַקומען שיסלען עסן, — האָבן זיך נאָך אַ שמועס אַרויסגעוויזן אַלס די צוויי ברידער פּאַפּיער פון נאָווי־דוואָר. נאָך דעם, ווי זיי האָבן געהערט, אַז אויך איך שטאַם אָפּ פון נאָווי־דוואָר — זענען זיי שוין געקומען יעדעס מאָל אין דער מיטאָג־שעה צו דעם קעסל פון מיין קאָמאַנדאָ, ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט דער קאַפּאָ באַמערקט, אַז איך גיב זיי זופּ און ער האָט זיי פאַריאָגט פון אונדזער אַרבעטספּלאַץ. מער האָב איך זיי נישט געזען און איך ווייס נישט, צי זיי האָבן איבערגעלעבט דעם גיהנום און וווּ זיי געפינען זיך.

אויף אייביק זע איך פאַר זיך די פייערצונגען אויף די הויכע קוימענס פון די פיר קרעמאַטאָריומס און אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט, ווען מען האָט די יידן געפירט צו די גאַז־קאַמערן.

פאַר מיינע אויגן וועלן שוין תמיד שטיין דער טראַנספּאָרט קינדערלעך פון קראָקע מיט די פּיצלעך ברויט אין די הענטלעך פאַרן פאַרגאַזן.

כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דאָס גרוילבילד, ווען מען האָט געבראַכט די לענטשינער יידן קיין בירקענאַו, שוין טויטע, פאַרגאַזטע פון די קאַלך־וואַגאָנען, — ווי מען האָט אַרויפגעשטעלט אַ קליין לעבנגעבליבן מיידעלע אויף אַ לאַסטוואָגן פול מיט מתים, און ווי דאָס מיידעלע איז געשטאַנען אויף די טויטע קערפּערס און זיך געהוידעט, ביז דער לאַגערפירער האָט עס אַראָפּגענומען פון וואָגן און דערשאָסן ביים קרעמאַטאָריום. כ׳וועל נישט פאַרגעסן דאָס קינד און ווי אַזוי די אַלע לאַסט־אויטאָס האָבן אַרויסגעשיט די מתים ווי מען ליידיקט אויס קופּעס זאַמד און שטיינער.

אַזוי איז געווען אוישוויץ. אַהין האָט געפירט מיין וועג, וואָס איז געווען דער לעצטער וועג פאַר עטלעכע צענדליק משפּחות נאָווי־דוואָרער, וועלכע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן זייערע נעמען:

אַדוואָקאַט שיקאָראַ מיט זיין פאַמיליע, די פרוי פון יוסף פּסח ראָזנפעלד מיט אירע צוויי קינדער, די פרוי פון אַלמאַן (וואַלענטעס טאָכטער), יענקל גוטקינד מיטן זון, די פרוי פון מאַקס לאָקעטש מיטן זון (דעם שוחטס זון) אַברהם מידלער (זיין ברודער — אין אויסטראַליע), דער מאַן פון דער פרוי מאָדערן, יענקל ראָזנבוימס פרוי מאַראָקאָ מיט דריי קינדער. און מיט זיי צוזאַמען געהייליקט — אַן אָנדענק אויך פאַר מיינע נאָענטע, מיין פרוי פייגע און מיין זון פעליקס מיילעכאָוויטש, מיין מוטער ביילע און ברודער פייוול, מיינע צוויי שוועסטערלעך טשאַרנע און חיה, מיין שוואָגער מאָטל וולוקאָ מיט די דריי קינדערלעך.

זאָלן זיי אַלע פאַראייביקט ווערן, זאָל זייער פּיין אונדז שטאַרקן אין פּראָטעסט קעגן די נאַצי־פאַרברעכנס.

פייוול קאַרצאָוויטש / חולון

# אין קאַמף ביי נאָווי-דוואָר

מאָביליזירט האָט מען מיך אין קאַזאַכסטאַן און אין נאָוועמבער 1943 האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין אַ מיליטערישן לאַגער קיין טשקאַלאָוו, דאָרט אויסצושולן מיך אַלס זעלנער. דעמאָלט האָט די היטלער־אַרמיי שוין געהאַט מפּלות אויף די פראָנטן, און מיר איז נאָך באַשערט געווען מיטצומאַכן די קאַמפן. אונדזער באַטאַליאָן איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן. פון דאָרט זענען אַלע מאָל געקומען רוסישע אָפיצירן צו געפינען רעזערוון פאַר די צעקלאַפּטע דיוויזיעס. אַט די אָפיצירן האָט מען גערופן „סוחרים״, און אין איינעם אַזאַ „מסחר״ בין איך צוגעטיילט געוואָרן צו דער 176סטער דיוויזיע אין דער 47סטער אַרמיי, ביי מאַרשאַל זשוקאָוו אויפן ערשטן ווייסרוסישן פראָנט.

מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום טייך בוג און ערשט דאָרט האָבן מיר אַ געוויסע צייט גערוט. אין אָקטאָבער האָט מען פון אונדזער באַטאַליאָן אַרויסגענומען אַלע סטאָליאַרעס, איבערצושיקן זיי אין אַ סאַפּיאָרנעם באַטאַליאָן, וווּ מען האָט אויסגעפּאַרטיקט „ליטקעס״ פאַר פאַרסירן די ווייסל. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט, האָט מען אונדז, די אַלע אויסגעקליבענע סטאָליאַרעס, צוריקגעשיקט צו אונדזער פריערדיקן באַטאַליאָן און נאָך נייע איבערגרופּירונגען אונדז אָפּגעשיקט קיין יאַבלאָננע, נישט ווייט פון נאָווי־דוואָר.

עטלעכע טעג פאַרן אָפּגיין צום פראָנט, האָט אַן אָפיציר אין האַלבער נאַכט קאָנטראָלירט און פאַרצייכנט אַלע זעלנער. ווען ס׳איז געקומען צו מיר און איך האָב אים געזאָגט, אַז מיין געבוירנשטאָט איז נאָווי־דוואָר, האָט ער זיך פאַרחידושט געפרעגט, צי טאַקע אָט די שטאָט נאָווי־דוואָר, וואָס איז אין גאַנצן פון אונדז אַן 18 קילאָמעטער, און נאָך מער האָט ער זיך געחידושט, אויף מיין ענטפער, אַז איך בין אַ ייד, וואָס האָט געלעבט אין נאָווי־דוואָר ביז סעפּטעמבער 1939, ווען היטלער איז אָנגעפאַלן אויף אונדזער שטאָט. דער אָפיציר האָט מיך דעמאָלט געפרעגט: „ווייסט, קאַרצאָוויטש, מאָרגן גייען מיר אַטאַקירן נאָווי־דוואָר, וועסטו מיטגיין?״. „אַוודאי, אַוודאי!״ — האָב איך געענטפערט. און דער „אַוודאי״ האָט געמיינט: איך וועל לויפן אָפּנעמען מיין שטאָט, מיין טייערע היים, און טרעפן מיינע נאָענטע... אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, וואָס מיט מיין שטאָט איז געשען, ווו זענען מיינע נאָענטע, און וואָס מיט מיר קאָן אויך געשען ביים קאַמף קעגן די היטלער־מערדער.

אַ קליינע גרופּע יידן זענען מיר דעמאָלט געווען אין דעם באַטאַליאָן און מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. צווישן אונדז איז אויך געווען אַ פּלאָנסקער, לייבל פּילינסקי, מיט אים בין איך געווען צוזאַמען, ביז איך בין אַ פאַרוווּנדעטער אַריין אין שפּיטאָל.

אויפן פראָנט האָבן מיר נישט געטאָרט אַרויסווייזן, אַז מיר זענען יידן. פאַרן אָפּגיין אויפן פראָנט איז צו אונדז געקומען אַ פּאָליטרוק, אַ קאַפּיטאַן, און אונדז אויפגעקלערט, ווי זיך צו האַלטן אויפן פראָנט. ער האָט געפרעגט ביי אונדזער גרופּע, צי מיר זענען יידן, און ווען מיר האָבן געענטפערט, אַז יאָ, און איך האָב אַפילו געפּרוּווט פרעגן, צי אויך אין דער רויטער אַרמיי דאַרפן מיר זיך באַהאַלטן מיט אונדזער יידישקייט, אָדער מיר זענען גלייך אין קאַמף מיט אַלע נאַציאָנאַליטעטן — האָט דער קאַפּיטאַן אויף דעם געענטפערט, אַז אויפן פראָנט איז דאָך בעסער נישט צו דערשיינען ווי אַ ייד, ווייל אויך צווישן אונדז, אין די טראַנשייען, זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן שוין פאַרראַטן און מיטגעאַרבעט מיט די היטלעראָווצעס אין רוסלאַנד. און אַז מען האָט אונדז פאַרן אָפּגיין צום פראָנט מכבד געווען מיט נייע דאָקומענטן, איז מיין נאָמען שוין געווען פּאַוולאָוו לעאָנטאָוויטש...

מיר האָבן זיך געגרייט צום פראָנט. איך בין שוין אָרומגעהילט מיט אַ גרויסן שינעל, אויף מיר דער ווינטערהוט מיטן רויטן שטערן, געווער און קוילן. מען לאָדט זיך אָן מיט מוט, נאָר באַלד — אַ וואַקל... דאָרט, אין קאַזאַכסטאַן, אין אַקטיאַבינסק, האָב איך איבערגעלאָזן אַ פרוי מיט צוויי קינדער. וועל איך זיי נאָך זען?... נאָר ווידער שטאַרקט מען זיך: איך גיי צו מיין שטאָט, איך וועל אָנקומען אַהין ווי אַ קעמפער, ווי אַ זיגער, אַלע מיינע נאָענטע וועלן אַקעגנגיין און פאַלן אויף מיין האַלדז... אַ בענקשאַפט האָט מיך אַרומגענומען אין יענעם פּראָסטיקן פאַרנאַכט. און נישט כ׳האָב געוווּסט און נישט כ׳האָב געטראַכט,

אַז אַלע פון מיין שטאָט זענען שוין לאַנג אַוועק אין די גאַז־אויוונס.

פאַרן אָנקומען צום פראָנט איז צו אונדז אַראָפּגע־קומען אַ דיוויזיע־גענעראַל. ס׳איז געווען אַ שטיקל בהלה, מען האָט גיך געלערנט די אַלע נישט דערפאַ־רענע רעזערוויסטן, ווי מען דאַרף אויפנעמען אַזאַ גענעראַל. ער האָט פאַר אונדז געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע: „גענוג שוין זיך שפּילן מיט שיסל־לעפל, באַלד וועלן מיר אַטאַקירן, איר הערט ווי עס קנאַלן דאָרט די האַרמאַטן? דאָס גייען אונדזערע פאַרויס!" ער האָט אונדז צוגעגעבן מוט און מיר זענען געגאַנגען.

אַז מיר, דער 16טער עשאַלאָן, זענען צוגעקומען צום אָרט פון די שיסערייען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ איז ווי געהעריק און מען נייטיקט זיך נישט אין אונדז. האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט אויף אַ צווייטן פראָנט־אָפּשניט, מיטן וועג פון דער באַן־ליניע. מיר שלעפּן זיך אין דער פינצטער. אַ מידער מאַך איך צו די אויגן אין גאַנג. מיר פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע. דער קאָמאַנדיר רופט מיין נאָמען און פרעגט מיך, צי איך ווייס וווּ מיר זענען. איך ענטפער: ניין. ער זאָגט, אַז מיר געפינען זיך אויף דער סטאַציע נאָווי־דוואָר. איך קוק זיך אַרום און איך זוך עפּעס אַ סימן, אַ קוימען פון דער דיקטן אָדער קראָכמאַלנע פאַבריק, נאָר מען זעט גאָרנישט, אַרום איז פינצטער. נאָר נאָווי־דוואָר איז ליכטיק, די שטאָט שטייט אין פלאַמען, דער גאַנצער הימל איז רויט, און מיין האַרץ ציטערט אויף, איך טרייסל זיך אין גאַנצן פון צע־טראָגנקייט.

מיר גייען ווייטער. ביים שלאַבאַן זאָג איך צום אָפיציר: זעסט, דאָס איז מיין שטאָט, 200 מעטער פון דאַנען איז מיין היים, און איך בעט אים, ער זאָל מיר דערלויבן גיין אַהין. דער אָפיציר פאַרשטייט מיינע געפילן, אָבער דאָך וואָרנט ער מיך: „טאָוואַרישטש קאַרצאַוויטש, איך קאָן דאָס דיר דערלויבן, אָבער זאָלסט וויסן, אַז די „ענקאַוועדע" דרייען זיך דאָ אַרום, און מען קאָן דיך פאַרהאַלטן ווי אַ דעזערטיר".

אַנשטאָט צו גיין קיין נאָווי־דוואָר, די ברענענ־דיקע, זענען מיר אַוועק צו דער קעמפּע ביז פריצס אָזערע (פריץ — אַ פאָלקסדייטש, אַן אייגנטימער פון סעדער, ביי נאָווי־דוואָר). די דייטשן האָבן נאָכן צוריק־ציען פון נאָווי־דוואָר זיך פאַרהאַלטן אויף דער צווייטער זייט ווייסל. באַמערקנדיק, אַז מיר דערנענטערן זיך, האָבן זיי געעפנט אַ שטאַרק פייער. מיר האָבן זיך דאָן פאַרפעסטיקט אויף פריצס אָזערע, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרפרוירן און די ווענט פון אירע הויכע ברעגעס זענען געווען פאַר אונדז גוטע שוץ־פונקטן. אַזוי אַ ליגנדיק ביי די ווענט, אַרומגעהילט אין שינעל, אין די שיסערייען, האָב איך שוין געטראַכט גאָר אַנדערש וועגן מיין שטאָט, וועגן מיין פאַרניכטעטער שטאָט. פון מיין אָפיציר האָב איך שוין באַוויזן וועגן דעם צו הערן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אונדזער גאַנצן באַטאַליאָן אַוועקגעפירט צו דער ווייסל און מיר האָבן זי דורכפאָרסירט. אויף דער צווייטער זייט פון טייך זענען געווען אויסגעשטעלט קנוילן מיט שטעכל־דראָט, וועלכע די סאַפּיאָרן האָבן נאָך נישט געהאַט אַוועקגענומען. מיר האָבן געמוזט לייגן ברעטער צו אַריבערקלעטערן די דראָטן.

מיר האָבן פאַרנומען אויף דער צווייטער זייט ווייסל די פאַרלאָזטע דייטשע טראַנשייען און ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָבן מיר אָנגעהויבן דעם אָנגריף. דאָס בילד פון מיין פאַרניכטעטער שטאָט האָט אין מיר געברענט מיט ווילן צו נקמה, און דערמיט האָב איך גובר געווען מיין געוואַלדיקע מידקייט.

די דייטשן האָבן געעפנט אַ קאָנטער־אָנגריף, און מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען אין אונדזערע טראַנשייען, נאָר באַלד זענען אונדז צוהילף געקומען אונדזערע קאַטיושקעס, זיי האָבן שווער באַשאָסן די דייטשע פּאָזיציעס, און מיר זענען ווידער געגאַנגען פאַרויס אין אונדזער אָנגריף. און דעמאָלט, אַרויפ־גייענדיק אויף אַ בערגל, נאָענט צו קאַזין, האָבן זיך געגעבן אַ צעשאָט מינימיאָטן און איך בין פאַרוווּנדעט געוואָרן, לייכט אין דער האַנט און שווער אין פוס. דער פוס איז גלייך שטאַרק געשוואָלן געוואָרן, און מען האָט געמוזט אויפשניידן די הויז, כדי צוצוקומען צו דער וווּנד.

איך האָב געמוזט אָנקומען צו אַ סאַניטאַרנעם פונקט. מיט דער הילף פון חברים בין איך צוריקגע־קראָכן איבער דער ווייסל אויפן אייז. שוין ביים ברעג נעבן נאָווי־דוואָר האָט מען מיך צוגעפירט קיין וויזענ־דאָרף, וווּ איך האָב באַקומען ערשטע הילף, און געוואָרט אויף אַ מאַשין, וואָס זאָל מיך אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין.

איך האָב זיך פאַרהאַלטן אין וויזענדאָרף, ביי טעאָ־פיל טראַצקי, אַ פריץ, וווּ מיין שווער האָט געהאַלטן סע־דער. ער האָט געקוקט פאַרחידושט אויף דעם וואָס רעדט

פויליש און איז אין אַ רוסישן מונדיר. ער איז שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, ווען ער האָט דערהערט, אַז איך בין אַ נאָווי־דוואָרער, דעם בעקער קאַרצאָוויטשס אַ זון. ער האָט שנעל גערופן זיין ווייב און מיך אַריינגענומען אין שטוב. איך האָב אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן וועגן גורל פון מיין שטאָט און מיין היים. דערביי האָב איך פאַרגעסן אין דער בלוטנדיקער ווונד פון מיין פוס. באַלד איז אויך אַריינגעקומען ג׳מיעגני, דער דרוזשניק פון באַן־שלאַבאַן, און פון אים האָב איך אָנגעהויבן הערן דאָס שרעקלעכע, אַז די שטאָט איז פולקאָם אָפּגעמעקט געוואָרן מיט די יידן צוזאַמען דורך די היטלער־מערדער; וועגן די אַלע תליות, פאַרשיקונגען צו די גאַז־אויוונס און וועגן גרויסן ברידער־קבר אויף די פּאָמיעכאָווער פעלדער. ער האָט אויך דערציילט פּרטים, אַז דעם רייכן סוחר פּנחס קאַלוואַריסקי האָט זיין בעל־הבית זון דערשאָסן הינטערן פּלויט צווישן צמענ־טאַזש און בית־עלמין, און אַז דעם לעצטן יידן, בערל צינאַמאָן דעם איידעלן, האָט מען אַרויסגעשלעפּט פון זיין באַהעלטעניש, אין טשאַרנאָווע לעבן פּאָמיעכאָווע, שוין נאָענט פאַר דער באַפרייונג פון נאָווי־דוואָר. איך בין געבליבן ווי פאַרשטיינערט, נישט געדענקט מיין פוס און צוליב וואָס איך בין געקומען קיין וויזענדאָרף.

אין דעם איז אָנגעקומען אַ מיליטערישע מאַשין און מיך אָפּגעפירט קיין זעגזשע אין שפּיטאָל. פון זעגזשע האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַ גרעסערן שפּיטאָל קיין ראַדזימין. נאָך זעקס וואָכן בין איך געזונט געוואָרן (הגם די קויל־שפּליטערס זענען ביז היינט פאַרבליבן אין מיין פוס).

ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון בעט האָב איך נישט אויפגעהערט זיך נאָכצופרעגן און פאָרשן, צי איז ווער געבליבן, און כ׳האָב געזוכט וועמען צו טרעפן, אָבער אומזיסט.

אין פרילינג 1945 האָט מען מיך ווידער געשיקט צום פראָנט אויפן עלבאַ־טייך. איך בין ווידער פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין דער האַנט, אַ לייכטע ווונד. מען האָט מיך אַוועקגענומען אין שפּיטאָל און דערנאָך אַוועק־געשיקט אין אַ שטעטל בערנאָוו הינטער בערלין.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מיך אַ קאַפּיטאַן צו זיך גענומען אַלס דאָלמעטשער (איבערזעצער). דערנאָך מיך באַשטימט אַלס אויפזעער איבער אַ בע־קעריי, וועלכע ער האָט קאָנפיסקירט, און ווו ס׳האָבן געאַרבעט צוריקגעקומענע פון שפּיטעלער, וואָס האָבן קיין אָנונג נישט געהאַט אין דער אַרבעט. ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער בעקעריי זענען אַ סך פון די קאַצעטלער געקומען בעטן ברויט. זיי האָבן גלייך דערקענט, אַז איך בין אַ ייד. אויסגעהונ־גערטע, אויסגעדאַרטע זענען זיי געקומען, צווישן זיי אויך אַ גרופּע קינדער. איך, צוזאַמען מיט מיינע רוסיש׳ע חברים, זענען זיי אַנטקעגנגעקומען, יעדן טאָג זיי געגעבן ברויט, מילך, פלייש און געקאָכטע זופּ. אין משך פון איין מאָנאַט האָט זיך עס אָנגעזען אויף זייערע פּנימער. דאָס זענען לרוב געווען יוגנטלעכע פון אונגאַרן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אויסזען פון קינדער.

דערנאָך בין איך צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. איך האָב באַקומען אַ פּאַס אויף פינף יאָר און איך האָב געהאַט די רעכט צו וווינען אין מאָסקווע מיט מיין פאַמיליע, נאָר צוזאַמען מיט אַלע פּוילישע „ביעזשענ־צעס" זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין פּוילן אין מערץ 1946.



פייוול קאַרצאָוויטש מיט רוסישע זעלנער אין דייטשלאַנד, נאָכן פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל

משה שולמאַן / קאַנאַדע

# צווישן פּאַרטיזאַנער*

פון פרילינג 1942 ביז האַרבסט 1945 בין איך געווען אַן אַקטיווער קעמפער אין די פּאַרטיזאַנישע מחנות. איך האָב אָנגעהויבן אַלס געוויינלעכער פּאַרטיזאַן און אין משך פון אַ קורצער צייט אַוואַנסירט און געוואָרן אַ קאָמאַנדיר פון אַן אָטריאַד, וואָס האָט געציילט זעקס הונדערט באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער.

איך האָב זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שלאָגן די מערדער פון אונדזער פאָלק מיט אַלע מיטלען, דירעקטע שלאַכטן, אויפרייסונגען פון באַנען, מינירונג פון וועגן, אומגעריכטע אָנפאַלן (זאַסאַדעס) אאַ״וו. כדי נקמה צו נעמען אין אונדזערע אומגעקומענע קדושים. איך האָב דערצו געווידמעט מיין לעבן און געגאַנגען אַקעגן טויט, וואָס האָט מיך על פּי נס אויסגעמיטן.

וועגן איינעם פון מיינע קאַמפן מיטן היטלעריסטישן שונא וויל איך דאָ דערציילן.

ס'איז געווען אין סעפּטעמבער 1943. אַלס הויפּט פון אַ גרויסער אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנער, האָב איך אויסגעקליבן אַ גרופּע פון דרייסיק גוט באַוואָפנטע מענער און מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון באָברויסק. אונדזער ציל איז געווען צו געפינען די עטלעכע גרופּן פון מיין אָטריאַד, וואָס זענען דאָרט געשיקט געוואָרן דורכצופירן פאַרשידענע אויפגאַבן, און זען, צי זיי האָבן אויסגעפירט די באַפעלן ווי געהעריק, ווי אויך צו געבן הילף, וווּ מען וועט דאַרפן, און ברענגען צוריקוועגס עטלעכע דייטשע געפאַנגענע.

די ערשטע נאַכט האָבן מיר גענעכטיקט אין אַ גרויס דאָרף זשעלענקאָוויטשע, די איינוווינער פון דעם דאָרף האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די פּאַרטיזאַנער. דאָס דאָרף איז געלעגן אויף אַ קרייצוועג און דערפאַר האָבן שטענדיק אונדזערע פּאַטראָלן דאָ אַכטונג געגעבן, אַז דער שונא זאָל נישט אומגעריכט פאַרנעמען אָט דעם וויכטיקן פּאַרטיזאַנער־צענטער.

ס'איז געווען אַ שטאַרק פינצטערע און פאַרנעפּלטע נאַכט, מידע פון דורכגעמאַכטן מאַרש זענען מיר אַלע אַנטשלאָפן געוואָרן, אויסער צוויי וועכטער, וועלכע האָבן מיך געדאַרפט אויפוועקן אין פאַל פון וועלכן ס'איז חשד.

צוליב מיינע אָפטע קאַמפן מיט די דייטשן אין און אַרום דעם דאָרף, האָב איך זיך דערוואָרבן אַ סך פריינד צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג, און גלייך ווי זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן מיין אָנוועזנהייט, זענען זיי געקומען מיך פאַרבעטן אויף פרישטיק. זיי זענען געקומען גאָר פרי, פינף פאַר טאָג, און אָפּזאָגן זייער בקשה — וואָלט געווען אַ באַליידיקונג. איך האָב דעריבער גיך גענומען מיין פּיסטויל, פאַרוואָרפן דעם אויטאָמאַט און איך בין אַוועק מיט מיינע פריינד אין אַ באַקאַנטער שטוב, וווּ דער טיש איז געווען געדעקט מיט פאַרשידענע דאָרפישע מאכלים.

געמיטלעך האָבן מיר זיך געזעצט אַרום טיש, אַריינציענדיק מיט פאַרגעניגן דעם וואַרעמען ריח פון די קאָרענע לאַטקעס, דער בעל־הבית האָט פון אונטערן טיש אַרויסגעצויגן פלעשלעך מיט סאַמאַגאָנקאָ (אַליין פאַבריצירטער בראָנפן) אויף מאַכן לחיים...

דאָס טרינקען לחיים איז איבערגעריסן געוואָרן מיט איינצלנע שאָסן, איך האָב אויף זיי נישט קיין אַכט געלייגט, נאָר אין קורצן זענען די שאָסן געוואָרן אַלץ געדיכטער, עס האָבן זיך שוין געהערט מאַשין־געווערן און אויפרייסן פון מינאָמיאָטן, און ס'איז שוין נישט געווען קיין צווייפל, אַז דאָס דאָרף ווערט באַפאַלן דורך די דייטשן.

ווען איך בין אַרויס האָב איך דורכן שטאַרקן נעפּל באַמערקט, ווי די אָרטיקע איינוווינער אַנטלויפן, שלעפּנדיק מיט זיך זייערע בהמות. פון די באַריכטן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זשעלענקאָוויטשע איז אַרומגערינגלט פון צפון און מערב. מיין גרופּע האָט מיך גלייך אויסגעפונען און געוואַרט אויף מיינע אָנווייזונגען. אויך די אָרטיקע פּאַטראָלקע האָט גלייך פאַרלאָזן דאָס אָרט, פירנדיק מיט זיך איין סטאַנקעווו־פּולעמיאָט. איך האָב זיי גלייך באַפוילן, זיך צו פאַרבינדן מיט אונדז און פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אויף דרום פון דאָרף, האַרט ביי דער קאַנווע.

מיר האָבן איצט געציילט פערציק נישט שלעכט באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער. די שיסעריי האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט און דאַן איז געקומען אַ טויטע שטילקייט. די אויפגייענדיקע זון האָט שוין אַ ביסל שיטער געמאַכט דעם נעפּל, דאָך האָט מען נישט געזען, וואָס עס טוט זיך אין דאָרף. איך האָב נאָר פאַרשטאַנען, אַז

* משה שולמאַן — איינער פון אַ ברייט־פאַרצווייגטער משפּחה אין נאָווי־דוואָר, פאַרבונדן מיט די גאָלדפּעניגס.

די באַנדע דייטשן מיט זייערע געהילפן ראַבירן איצט דאָרט.

איך האָב גענומען מיט זיך דריי אויטאָמאַטשיקעס און געגאַנגען אין דאָרף, באַפעלנדיק פריער דעם פּו־לעמיאָטניק צו עפענען אַ פייער ווען ער וועט הערן אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן, און די אַנדערע — אַז זיי זאָלן וואַרטן אויף אַ באַפעל. איך האָב אויך געשיקט אַנזאָגן אין בריגאַדע־שטאַב, אַז מען זאָל מיר שיקן הילף.

דערנענטערנדיק זיך, מיט פאַרשידענע אונטער־וועגן, צו דער ערשטער כאַטע, האָב איך געהערט, ווי אַ גרופּע דייטשן רעדן צווישן זיך און פרעגן זיך, ווו זענען די בהמות באַהאַלטן. און באַלד — אַ וויינענ־דיקער ענטפער... דאָס בלוט איז מיר אַריין אין פּנים, אַ געפיל פון צאָרן און נקמה האָט זיך אין מיר אָנגע־צונדן און גלייך האָב איך געעפנט אַ פייער אויף דער גרופּע גזלנים, און ביז זיי האָבן זיך אָריענטירט פון וואַנען די קוילן קומען, האָב איך פאַרמאַכט זייערע אויגן אויף אייביק.

איך האָב געשיקט אָנזאָגן די איבעריקע, זיי זאָלן זאָפאָרט אַריין אין דאָרף, כדי צו פאַרטרייבן די דייטשע אויסוווּרפן. דער נעפל איז וואָס אַ מאָל געוואָרן שיטע־רער, און צו מיין גרויסער דערשטוינונג האָב איך דערזען, ווי אַ דייטש מיט אַ ביקס אויפן אַקסל גייט זיך פריי, זוכנדיק מיט די אויגן. גלייך בין איך אַרויס קעגן אים מיט אַן אויסגעשטעלטן אויטאָמאַט און אויף דייטש צו אים געזאָגט: „קום היר״. ער האָט זיך צו מיר דערנענטערט, און האַלטנדיק מיך פאַר אַ דייטשן קאָמאַנדיר, האָט ער מיר אָנגעהויבן איבערגעבן אַ באַפעל, לויט וועלכן די דייטשן דאַרפן זיך צוריקציען פון דאָרף. אויף מיין פראַגע, וויפל דייטשן זענען באַטייליקט אין קאַמף, האָט ער געענטפערט, אַז אַרום אַכט הונדערט. אויף מיין ווונק האָט מען אים תיכף „באַפרייט״ פון דער ביקס און געפאַנגען. דאַן זענען אָנגעקומען די איבעריקע פאַרטיזאַנער און מיט אַ געשריי: הוראַ! זענען מיר אַריין קיין זשעלענקאָוויטשע, שיסנדיק ווו נאָר אַ דייטשיש היטל האָט זיך באַוויזן. זיי האָבן זיך אין קורצן געכאַפּט, אַז מיר זענען נאָר אַ קליינע צאָל, לויט דעם פייער, וואָס מיר האָבן גע־עפנט, און זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אין צפון פון דאָרף, עפענענדיק אַ שיסעריי פון מינאָמיאָטן.

דאַן איז אָנגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער ברי־גאַדע, מיט דער איינציקער קליינער טאַנקעטקע, וואָס מיר האָבן אַ מאָל צוגענומען ביי די דייטשן, און מיט נאָך אַ גרופּע פאַרטיזאַנער. נאָך אַ שווערער אַטאַקע פון אונדזער זייט האָבן די דייטשן זיך אָנגעהויבן צו־ריקציען. איך האָב דאַן שנעל גענומען אַ זוואָד און מיט אונטערוועגן, וואָס זענען נאָר באַקאַנט די אָרטיקע פּויערים, בין איך אַוועק אָפּשניידן דעם וועג די אָפּ־טרעטנדיקע דייטשע אָפּטיילונגען.

איך האָב לאַנג אויף זיי נישט באַדאַרפט וואַרטן. שנעל, אָבער אין אָרדענונג זענען זיי אָפּגעטרעטן, קאָנ־צענטרירנדיק זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף הינטן, ווו דער קאַמף. בריגאַדיר איז געווען טעטיק. אָבער ווי דערשטוינט זענען זיי געוואָרן, ווען איך מיט מיין גרופּע זענען דערשינען אין פראָנט פאַר זיי און אָנגעהויבן שניידן מיטן געווער ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט. זייער פּאַניק איז געווען אומבאַשרייבלעך. זיי האָבן אַלץ אַוועקגעשליידערט, אויפגעהויבן די הענט און געבעטן רחמים. איך האָב זיי געשאָנקען גענוי דאָס זעלבע רחמנות, ווי זיי האָבן אַרויסגעוויזן צו מיינע נאָענטע...

די רעזולטאַטן זענען געווען — 108 טויטע דייטשן, 20 געפאַנגענע. מיר האָבן פאַרכאַפּט 5 קוילנוואַרפערס, 3 פּולעמיאָטן און פיל ביקסן. זיי האָבן באַוויזן צו טייטן צען פרידלעכע פּויערים, מיטן אויסרייד, אַז זיי זענען פאַרטיזאַנער.

דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע האָט געהייסן צוזאַמענרופן דאָס גאַנצע דאָרף, דאַן האָט ער מיך אַרומ־גענומען, געדאַנקט פאַר דער געלונגענער אָפּעראַציע און זיך מיט מיר צעקושט. אויך די פּויערים פון דאָרף האָבן אויסגעדרוקט זייער אָנערקענונג מיטן הייבן מיך אין דער הייך. נאָר אין גאַנצן טומל האָב איך דאָך געהערט דעם באַקאַנטן „קאָמפּלימענט״, אַז „אַזעלכע יידן איז גאָר אַ זעלטנהייט״...

איך בין זיכער, אַז איצט, נאָכן אַנטשטיין פון דער ישראל־מדינה, ווו יידישע מענער און פרויען האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל זעלבסטאָפּפערונג און פאַרטריבן דעם שונא, וואָס איז געווען גרעסער אין צאָל און אויך שטאַרק באַוואָפנט, — איצט אפשר פאַרשטייט די וועלט, אַז „אַזעלכע יידן״ זענען שוין מער נישט קיין זעל־טנהייט.

## נאָווי־דוואָרער אין רוסישער און פּוילישער אַרמיי
## אין קאַמף קעגן די נאַציס

| | |
|---|---|
| יעקב בראַצקי | אברהם סאַקאָווסקי |
| שיע זאַמיאַטין | אַנשל פריד |
| לייבל טאָפּ (זעליגס זון) | אברהם קאַרצאָוויטש |
| משה מאַגיד | פייוול קאַרצאָוויטש |

## געפאַלענע אין קאַמף:

| | |
|---|---|
| אברהם אָלשינקאָ | לייבל טאָפּ (שלמהס זון) |
| ישראל לייזער באָרנשטיין | פייוויש טאָפּ |
| אברהם בראַצקי | אריה טוכבאַנד |

# במשפט אייכמן

„לאחר עדותו של נח זבלודוביץ על זוועות צ׳חנוב הביא היועץ המשפטי ג. האוזנר בפני בית המשפט העתקים מפקודות ששלח אדולף אייכמן לנקודת המשטרה של המשטרה החשאית בצ׳חנוב בדבר ביצוע „טיפול מיוחד" — כלומר הוצאה להורג — ביהודים זלמן ליפסקי, משה בוימן, דוד צימרמן ואברהם איצקוביץ.

בפקודה אחרת בקשר להוצאתם להורג של שמרל גולדברג, טיימקה אליאק, רפאל בראון, מנדל רובינשטיין, משה לוין, דוד ברישקובסקי ודן זמיאלדין, ציווה אדולף אייכמן לתלותם בגיטו נייהוף (נובי־דבור) במעמד עמיתיהם לגזע".

(„למרחב" ט״ז באייר תשכ״א)

„איינער פון די דאָקומענטן, וועלכער גע־פינט זיך איצט אין די פּוילישע הענט, איז אַ „מעסעדזש", וועלכן אייכמאַן האָט איבערגעשיקט דעם 23סטן מיי, 1942, צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער געסטאַפּאָ אין טשעכאַנאָוו, הינטער וואַרשע.

אין דעם „מעסעדזש" באַפעלט אייכמאַן, אַז די יידן: שמערל גאָלדבערג, אליהו טאַשעמקאַ, רפאל ברוין, מענדל רובינשטיין, משה לעווין און דוד זאַמיאַטינאַ, פונעם שטעטל נאָווי־דוואָר זאָלן ווערן עפנטלעך אויפגעהאָנגען אין דער אָנוועזנ־הייט פון צונויפגעטריבענע יידן. דערנאָך פאַר־לאַנגט אייכמאַן, אַז מען זאָל אים צושיקן אַ באַ־ריכט פון די עקזעקוציעס.

אין אַ „מעסעדזש" פון 17טן אַפּריל, 1942, באַפעלט אייכמאַן אָנצוווענדן די זעלבע „ספּע־ציעלע באַהאַנדלונג" פאַר די יידן זלמן ליעסקי, משה בוימען, דוד צימערמאַן און אברהם איצ־קאָוויטש".

(פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע)

חיים באַביץ / תל־אביב

# מיין ארעסט אין באראנאווקע

צום אָנדענק פון רבקהן

דער 8טער פעברואַר 1945, אַ טאָג אַ געוויינלעכער, איז פאַרבליבן אין מיין זכרון ווי אַ טאָג אַ שוידער־לעכער; ער האָט מיט זיך געברענגט יאָרן פון אויס־זיכטלאָזן פיין און געפאַר פון אומקום פאַר מיינע צוויי קינדער; אין דעם טאָג איז צעשטערט געוואָרן דאָס לעבן פון 9 יידישע משפחות, וועמען דער גורל האָט אין די חורבן־טעג פון 1939 געפירט דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן צו דער סאָוויעטישער טעריטאָריע, צו אַן אומבאַקאַנטן דאָרף באַראַנאָווקע, נישט ווייט פון דער וואָלגע, אין אוליאַנאָווסקער אָבלאַסט.

אין דעם דאָרף האָבן די 9 יידישע משפחות דורכ־געמאַכט די מלחמה־יאָרן, און נאָך דעם די רוינירונג פון די משפחות, ווען די 9 מענער זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע פרויען און קינדער אויף לאַנגע יאָרן טורמע, לאַגערן און אויף אייביקער פאַרשיקונג... די פאַראייניזאַמטע פרויען האָבן פאַרלוירן זייערע איינ־ציקע באַשיצערס אין דעם פאַרוואָרפענעם דאָרף, ווייט פון זייערע היימען און קרובים, און געווייטיקט האָבן די הערצער פון די קינדער פאַר דער עוולה, וואָס מען האָט צוגערויבט זייערע יונגע טאַטעס, וועלכע זיי האָבן קוים באַוויזן צו דערקענען...

ווער קען דען איבערגעבן וועגן גהינומדיקע אויס־פאַרשונגען פון די 9 מענער און די לײדן פון די צע־בראָכענע קינדער און פרויען? מיינע אייגענע צוויי קינדער, איינס — אַלט 5 יאָר און דאָס צווייטע — 3, זענען נאָך מיין אַרעסט — און נאָך דעם ווי זייער מוטער איז אומגעקומען פון די נאַציסטישע הענט — פאַר־בליבן אין גאַנצן פאַריתומט.

ווי איינער פון די 9, וואָס איז געבליבן לעבן, האַלט איך פאַר מיין חוב צו ברענגען פאַר דער עפנט־לעכקייט, וואָס עס איז געשען מיט מיר און אַרום מיר. דאָס וואָס עס געשעט מיט באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוערס געפינט לרוב אַן אָפּקלאַנג און אָפּרוף, זאָל מען אויך וויסן, וואָס עס איז געשען מיט פּשוטע אַרבעטער און פּאָלקסמענטשן.

מיין אַרעסט אין דעם טאָג, 8טער פעברואַר 1945, איז נישט געווען מיין ערשטער אַרעסט, און אַזוי איז עס געשען: אין דעם שטילן דאָרף באַראַנאָווקע, האָט מען געוואַרט אויפן פרילינג אין דער נאַטור און אויך אויפן פרילינג פון דער מענטשהייט, אויף וועלכן מען האָט געהאָפּט מיטן פאַרענדיקן די מלחמה. מיט אים איז אויך פול געווען מיין געדאַנק, ווען איך האָב גע־הערט וועגן די געשעענישן אין דער גרויסער וועלט, און גלייכצייטיק האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון אַ שווער געפיל, אַז צו אונדז, די 9 פאַרוואָרפענע יידישע משפחות פון פוילן, וועט דער פרילינג נישט דערגיין...

אַ שווערקייט האָט געדריקט אונדזערע געמיטער און אַ פּחד האָט געשוועבט אין דער לופט. ס׳האָבן זיך אין דאָרף אָנגעהויבן באַווייזן „גוטע פריינד" מיט „צור־פעליקע" וויזיטן און דערביי דערציילט פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן זייער שטרעבונג צו אַנטלויפן קיין אויס־לאַנד. זיי זענען געגאַנגען פון איין יידישער שטוב צו דער אַנדערער זוכן „פריינדשאַפט" און אַזוי, גאַנץ באַ־רעדעוודיק, אָנגעקניפּט קאָנטאַקטן און זיך באַמיט צו הערן, וואָס יידן אין דעם דאָרף האָבן צו דערציילן... געבנדיק דערביי משונהדיקע עצות.

און אַט דערוויסן מיר זיך, אַז איינער פון אונדזערע 9 איז פאַרשוווּנדן. מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין ווער די „גוטע פריינד" זענען און וואָס איז דער ציל פון זייער קומען צו אונדז: דאָס האָט די אוליאַנאָווסקער „עמ. גע. בע." געשיקט אירע ערשטע אויסשפּירער, רויבפייגל, אירע יידן־פּראָוואָקאַטאָרן. דערוויילט איז ביי אונדז געוואָרן ווי תשעה באב צוליב אונדזער ערשטן אַרעסטירן. די פרוי זיינע האָט זיך דערוווּסט, אַז פון זיין אַרבעטספּלאַץ האָט מען אים כלומרשט געשיקט אויף אַ קאָמאַנדיראָווקע (אַ שליחות) קיין אול־יאַנאָווסק, אָבער צוריק איז ער שוין נישט געקומען. זי איז געלאָפן צו אַלע פּאָליציייִשע אינסטאַנצן, נאָר קיינער האָט כאילו גאָרנישט געוווּסט ווי איר מאַן געפינט זיך. אויך אין אוליאַנאָווסק, וווּהין זי האָט זיך מיט שווערקייטן דערקליבן, האָט מען געגעבן דעם זעלביקן ענטפער, אַז מען ווייסט נישט. די פּיפּיקע, ציניש חברה־לייט פון דער „עמגעבע" האָבן איר

געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער מאַן איז פון איר אַנט־לאָפן און אַז ער האָט שוין אַוודאי אַ צווייטע...

נאָך דעם איז געקומען אַ צווייטע „קאָמאַנדי־ראָווקע", אויך אַ בוכהאַלטער, וואָס פלעגט צוליב זיין אַרבעט פון צייט צו צייט געשיקט ווערן אויף שליחותן, נאָר דאָס מאָל איז ער צוריק שוין נישט געקומען. טרויעריק איז געוואָרן ביי די 9. ס'האָט אויסגעזען, ווי אין אַלטן יידישן פאָלקסליד:

„ניין ברידער זענען מיר געווען,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט לאַכט.
איינער פון אונדז איז געשטאָרבן,
זענען געבליבן אַכט"...

און דאָס ליד האָט זיך געצויגן ווייטער:
„אַכט זענען מיר געווען"
און וואָס אַ מאָל — ווייניקער...

אין איינעם פון יענע טעג בין איך אויפגעשטאַנען און זיך געגרייט גיין צו מיין אַרבעט, ווי אַ סטאָליער ביי אַ גרופע געאָלאָגן, וואָס האָבן געזוכט נאַפטקוואַלן. איך פלעג תמיד, פאַרן גיין צו דער אַרבעט, אויפזעצן מיינע צוויי קינדער אויף אַ שליטן, כדי איך זאָל זיי, אויפן וועג צו דער אַרבעט, איבערלאָזן אין דעם „דיעס־טאַד" (קינדער־גאָרטן), און נאָך דער אַרבעט פלעג איך זיי אָפּנעמען און צוריקברענגען אַהיים. נאָר דעם טאָג זענען מיינע קינדער געווען עפּעס אומרויִקער ווי אַלע מאָל... עטלעכע מאָל האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלן און מאַכן אָרדענונג אויפן שליטן. מיין זון האָב איך פאַרן אַוועקגיין צו דער אַרבעט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך אַ צווייט מאָל אויפפירן אַזוי שלעכט אויפן וועג, וועט ער מוזן גיין צו פוס, נאָר אויף דעם האָט ער אַן אָנגעכמורעטער געענטפערט: „אַלץ איינס וועל איך שוין מיט דיר מער נישט פאָרן"... און אַזוי איז טאַקע געשען, לויט זיין נביאות.

נאָך דער אַרבעט האָב איך זיך פאַרנומען אויף דער סטעזשקע, וואָס פירט צום קינדער־גאָרטן, אָפּ־צונעמען מיינע קינדער. פלוצלינג הער איך, ווי עמעצער רופט אויס מיין פאַמיליע־נאָמען. איך דריי אויס דעם קאָפּ און דערזע, אַז אויף דעם שטח פון פרייען פעלד גייט ווער אין מיין ריכטונג אויף אַ פאַראַלעלער סטעזש־קע. דער מענטש האָט מיר אויסגעזען פרעמד און איך האָב נישט געהאַט קיין חשק אָפּצושטעלן זיך, מאַך איך זיך נישט הערנדיק און גיי מיר ווייטער מיין וועג, אָבער יענער רופט ווידער אָן מיין נאָמען און פאַרגיי־כערט זיינע טריט. איך זע, אַז איך האָב נישט ווו אַהינ־צוטאָן זיך אויפן פרייען פעלד און איך בלייב שטיין. חוץ מיר און דעם אומבאַקאַנטן איז קיינער נישטאָ. זעט אויס, אַז אַלע גוטע מענטשן האָבן זיך צונויפ־גערעדט אין דעם ווינטערדיקן פאַרנאַכט, בעסער צו זיצן אין שטוב, איידער צוצוזען, וואָס דאָ אין פעלד קומט פאָר. דער אומבאַקאַנטער אין ציווילער קליידונג דערנענטערט זיך צו מיר און איך האָב שוין מער נישט קיין ספק, מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן.



רבקה מיידנבוים־באַבין — געבוירן אין וולאָדאַווע אין 1912
געשטאָרבן אין סאָוויעטישער פאַרשיקונג אין אַסטראַכאַן
דעם 17טן אַפּריל 1942

ער פרעגט ביי מיר, צי ער האָט ריכטיק אָנגערופן מיין נאָמען און איך באַשטעטיק, אַז יאָ. לייגט ער מיר פאָר, אַז איך זאָל מיט אים מיטגיין. זאָג איך, אַז איצט קאָן איך נישט, ווייל איך דאַרף אָפּנעמען מיינע קינדער פון קינדער־גאָרטן; די דינערשאַפט האָט שוין דאָרטן פאַרענדיקט די אַרבעט, די קינדער געפינען זיך אָן אויפזיכט אויף דער גאַס אין שרעקלעכן פראָסט, און וואָס עס זאָל נישט זיין — מוז איך פריער אָפּפירן די קינדער אַהיים. און קיין מאַמע וואַרט נישט אויף זיי... איך לייג פאָר, אַז ער זאָל מיט מיר מיטגיין, אָדער איך וועל שפּעטער אַליין קומען. זאָגט ער, אַז מען דאַרף מיך נאָר אין דער מיליץ אויף פינף מינוט, איך דאַרף נאָר דאָרט עפּעס אויפקלערן. אָבער, ווי נאָר ער זעט, אַז איך האַלט זיך ביי מייניקן, קודם כל אָפּצו־פירן די קינדער אַהיים — נעמט ער אַרויס פון לינקן

שטיוול אַ לאַנגן שפּיציקן פינישן מעסער און פון דער רעכטער זייט פון אונטערן מאַנטל אַן אַנגע־לאָדענעם רעוואָלווער, און ער גיט מיר אַ באַפעל צו גיין גלייך, פאָרויס, מיט אַ דראָונג, אַז אויב אַ טראָט רעכטס אָדער לינקס, וועט ער מיך דערשיסן ווי אַ הונט, און ער באַווייזט מיר אויך מיט אַ באַוועגונג, ווי פלינק ער קען אַרבעטן מיטן מעסער... ס'איז טאַקע צו זען, אַז ער איז אַ פאַכמאַן אין דער מעסערקונסט, מס־תמא נאָך גוט געלערנט און זיך געאיבט אין דעם „פאַך" קליינערהייט... גיי איך אַזוי אין זיין באַגלייטונג און איך פרוּוו זיך אַליין איינרעדן, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט אַזוי ערנסט און נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן גאָר אַנדערש.

ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער מיליץ האָב איך דערזען, אַז אַלע באַוואָפנטע כוחות פון דאָרף זענען אין פולער גרייטקייט. מען עפנט פאַר מיר ברייט אַ זייטיקן טויער און מען זאָגט מיר אָן די בשורה: זעסט, אַ ברייטע טיר — אַריין, אָבער אַ שמאָלינקע — אַרויס... ווי נאָר איך טרעט איבער די שוועל פון דער מיליץ, הייבט זיך אָן אַרום מיר אַ שטאַרקע באַוועגונג. ס'איז בערך פינף פאַר נאַכט, נאָר שוין פאַרמאַכט מען די לאָדנס און מען לאָזט אַראָפּ די פאָרהאַנגען. לויט די אַלע פאָרזיכערונגס־מיטלען האָט מען גע־קענט מיינען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ פירער פון אַ באַוואָפנטער אַרמיי, וואָס גרייט זיך דאָ מאַכן אַן איבערקערעניש און אַז זיין אַרעסט קען דאָ אַרויס־רופן אומרוען...

ווי נאָר זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט די פאָר־זיכערונגס־מיטלען, האָט דער העלד פון רעוואָלווער און פינישן מעסער אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל פון קע־שענע, פאַרצולייענען. כ'האָב נישט געוווּסט וועגן וואָס דאָ גייט, אָבער פאַרשטאַנען האָב איך שוין דעמאָלט, אַז נישט צום גוטן. אין דעם פּאַפּירל איז געווען גע־שריבן, אַז דער פּראָקוראָר פון אוליאַנאָווסקער אָב־לאַסט באַשולדיקט מיך אין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, לויט דעם באַרימטן 58סטן פּאַראַגראַף פון שטראַף־קאָדעקס מיט זיינע אונטערפּונקטן 10 און 11, און אַז דער פּראָקוראָר סאַנקציאָנירט מיין אַרעסט, וואָס ווערט איבערגעגעבן דורכצופירן דעם אויספאָרשונגס־ריכטער, דעם מאַיאָר גאַווריליאָוו. דער מעסער־העלד, מיין באַגלייטער, שטעלט זיך פאַר מיר פאָר, אַז דאָס איז טאַקע ער דער מאַיאָר גאַווריליאָוו. וואָס עס מיינט דער פּאַראַגראַף מיט זיינע אונטערפּונקטן אין דעם שטראַף־קאָדעקס, האָב איך טאַקע נישט געוווּסט, אָבער אין משך פון פינף מינוט איז אַלץ קלאָר געוואָרן.

אַרום מיר גייט אָן אַ שושקעריי, עמעצער האָט גאָר אויף מיר רחמנות און רעדט וועגן אַ טולופּ (פּעלץ) פאַר מיר, איך זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן. באַלד הייסט מען מיך זיך אויפשטעלן און מען וויקלט מיך אין גאַנצן אַרום מיט דעם טולופּ, און אַזוי קונציק, אַז מיינע אויגן זאָלן זיין פאַרשטעלט און דאָס מויל פאַרמאַכט. דערביי קומט אויך אַ שטרענגע וואָרענונג פון מאַיאָר גאַוור־ריליאָוו, אַז יעדער פּרוּוו צו שרייען וועט מאָמענטאַל דערשטיקט ווערן; איך דאַרף וויסן, אַז איך געפין זיך אין די הענט פון דער „עמגעבע" און נישט פון דער מיליץ...

מען וואַרפט מיך אַריין אין אַ געשפּאַנטן שליטן מיט אַזש 3 באַגלייטערס, וואָס זעצן זיך אויף מיר אַרויף... אַ פינצטערע נאַכט, עס ווילדעוועט אַ שטורעם־ווינט און איך קען קיינעם נישט רופן צו הילף. מיך מאַטערט און פייניקט איין געדאַנק: צי וואַרטן נאָך מיינע קינדער ביים דיעטסאַד, אַז איך זאָל זיי קומען אַהיימנעמען? ווייסן זיי אַז פון איצט אָן האָבן זיי שוין אויך קיין טאַטן נישט?... דער שליטן טראָגט זיך אין די אומבאַקאַנטע וויטן און ווער ווייס, וווהין דער וועג פירט. די פראַגע וווהין הייבט אָן מאַטערן. ביז דער נאָענטער באַן־סטאַנציע איז סך־הכל 11 קילאָמעטער פון אונדזער דאָרף (מיט דער באַן — אַ 400 קילאָמעטער ביז דער שטאָט אוליאַנאָווסק), אָבער עס דויערט עפּעס צו לאַנג, מיר האָבן זיך שוין זיכער דערווייטערט פון דער באַן־סטאַנציע, איז ווו זשע פירט מען מיך?

די געדיכטע פינצטערניש הייבט מיך אָן אַרויס־צופירן פון גלייכגעוויכט. מיין פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך: דער פּלוצלינגער געהיימער אַרעסט, די דראָונגען מיט רעוואָלווער און מעסער און די אַלע פאָרזיכטיקע פאַרע־נישן אַרום מיר, — מאַך איך דעם אויספיר, אַז דאָס גייט מען מיך ליקווידירן אין געהיים. איך האָב דאָך אַ מאָל געלייענט וועגן דעם, ווי מען פאַרשלעפּט און מען דערהרגעט מענטשן פון אַנדערע פּאָליטישע ריכ־טונגען... אָבער יאָ — טראַכט איך ביי זיך: ווער בין איך עס — צי בין איך דען אין דער מדרגה פון אַ מאַטעאָטי און זיינס גלייכן? זאָל טאַקע איך, דער גע־וויינלעכער סטאָליער־אַרבעטער „זוכה זיין" צו אַזאַ „בכבודיקן" טויט?... די אוליאַנאָווסקער „עמגעבע" ווייס אָבער, אַז איך שטעל אין געפאַר די עקזיסטענץ

פון דער ראַטן־מאַכט און זיי גייען מיך דערשיסן ווי אַ הונט... קומט מיר אויפן זינען די באַשרייבונג פון חבר בייניש מיכאַלעוויטש, ווי אַזוי ער איז גרוי געוואָרן אין איין נאַכט, און איך זאָג זיך צו, אַז אויב איך וועל נאָך מאָרגן לעבן, וועל איך אַ קוק טאָן, צי איך בין גרוי אָדער אַפילו ווייס געוואָרן... נאָר פּלוצלינג שטעלט זיך אָפּ דער שליטן און אַ באַפעל — אַראָפּצוגיין. ס׳איז נאָך אַלץ שטאָק פינצטער און איינער אַ סילועט באַפעלט: גיין פאָרויס.

מען פירט מיך אַריין אין אַ כאַטע. לויט די רייד פון די אַרומיקע פאַרשטיי איך, אַז דאָ, אין דער כאַטע, געפינט זיך די אָנפירונג פון אַ קאָלכאָז. דער מאַיאָר גאַווריליאָוו פון דער אוליאַנאָווסקער „עמגעבע" באַפעלט דעם פאָרזיצער פון קאָלכאָז אויפצוּוועקן דעם פאַרוואַלטער פון די פערדשטאַלן, און ער הייסט תיכּף איינשפּאַנען דאָס בעסטע פערד, וואָס דער קאָלכאָז פאַרמאָגט. דאָס אַלץ דאַרף דורכגעפירט ווערן אין 15 מינוט. אַ טויט־דערשראָקענער פאַר דעם עצם וואָרט „עמגעבע", איילט זיך דער פאַרשלאָפענער קאָלכאָזניק אויספירן דעם באַפעל. פאַר מיר איז דאָס דערוויייל אַן אַנטשפּאַנונג: הייסט עס, אַז מען פירט מיך ווייטער, ווייל אויב זיי ווילן מיך פאַרענדיקן, טאָ צו וואָס דאָס ווייטער פירן?... אין גאַלאָפּ טראָגן מיר זיך איבער אומבאַקאַנטע פאַרשנייטע פעלדער און וועלדער. צו מיין גרויסער איבערראַשונג רייסט זיך אַריין דורך אַ קליינער עפענונג אין מיין טולופּ אַ שיין, כאילו אַן עלעקטרישער. ס׳זעט אויס ווי פון אַ באַן־סטאַציע און מיר וועלן, ווייזט אויס, פאָרן ווייטער, און — דערוויייל בין איך נאָך נישט ליקווידירט...

ס׳איז טאַקע געווען אַ באַן־סטאַציע און מען האָט מיך געזאָלט פירן קיין אוליאַנאָווסק, אָבער כדי אונדזער דאַרף זאָל אין גאַרנישט חושד זיין, האָט מען מיך גאָר געבראַכט צו אַן אַנדערער באַן־סטאַציע. דאָ איז דער מאַיאָר גאַווריליאָוו באַלד געווען דער גאַסט פון זיינע פאַך־קאָלעגן, מען האָט אים באַלד אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער און אויפן אָרט האָט ער אָנגעהויבן די אויספאָרשונג. די ערשטע פראַגע: מיט וואָס פאַר אַן אויפגאַבן האָט וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ געשיקט מיין חבר פישקע ניימאַן אין דער פּוילישער באַפרייונגס־אַרמיי? אויף מיין ענטפער, אַז מיר איז נישט באַקאַנט, אַז פישקע ניימאַן זאָל האָבן פון עמעצן באַקומען וועלכע עס איז אויפגאַבן, האָב איך אויף מיין פּנים דערפילט די שווערע לאַפּע פון מאַיאָר גאַווריליאָוו מיט אַ צוגאָב: „ניע זנאַיעש, יעווריייסקאַיאַ פּראָסטיטוטקאַ" (דו ווייסט נישט, יידישע פּראָסטיטוטקע).

איך קאָן נישט איבערגעבן אַלץ, וואָס איך האָב אין יענעם מאָמענט געפילט. איך בין אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין „בונד". איך האָב געגלייבט אין דעם, אַז יעדער מענטש מוז אַלע מאָל, ביי אַלע אומשטענדן, פאַרטיידיקן זיין מענטשלעכע ווערדע, אַז אָן דעם איז דער מענטש זיך אַליין נישט ווערט. און דאָ? הילפלאָז בין איך. איך האָב מיט גאָרנישט געענטפערט אויף דער באַליידיקונג... וואָס פאַר אַ ווערט האָב איך געהאַט אין מיינע אייגענע אויגן? ערשט שפּעטער האָב איך באַנומען, אַז דאָס איז נאָר געווען דער ערשטער פיזישער איבערפאַל אויף מיין גייסטיקער זעלבשטענדיקייט. ס׳איז געווען דער ערשטער שטויס, כדי אַרויסצוקלאַפּן פון מיר אַלץ, וואָס איז איך און וואָס איז מיר אייגן...

נאָך צוויי מעת־לעת פאָרן האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ טיר: איך בין געוואָרן דער צוועלפטער אין אַ קאַמער פון דער באַרימטער „אוליאַנאָווסקער טורמע", וועלכע געפינט זיך אויף אַ גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון גרויסן הומאַניסט און קעמפער פאַר גערעכטיקייט און מענטשן־ליבע, לעוו ניקאָלייעוויטש טאָלסטאָי...

# ביים אנהייב און סוף

ס'איז געווען ערב שבת, ערשטער סעפּטעמבער 1939, אין דרויסן האָט געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן, ווי תמיד אין די פרימאָרגן־שעהן, בין איך געשטאַנען אין מיין געוועלב און געשמועסט בנעימות מיט מיין פריינד יאָסל שניעג (דעם גרויסן מענדלס זון), נאָר פלוצעם האָט דאָס הויז אויפגעציטערט פון אַ שרעקלעכן קנאַל און מיר אַלע זענען געבליבן ווי פאַרגליווערטע. באַלד איז מיין פרוי געקומען צולויפן מיט דעם ביטערן אָנזאָג, אַז אַ באָמבע איז געפאַלן נאָענט ביי אונדזער הויז. פון טרייסל זענען די קינדער אַרויסגעפאַלן פון די בעטן. זי האָט אויך דערציילט, אַז אַ סאָלדאַט ביים נאַרעוו איז ביים פיש־קאַפּן דערהרגעט געוואָרן און אַז פאַראַן אין שטאָט אַ סך פאַרוווּנדעטע.

צופעליק איז פאַרבייגעגאַנגען דער פאָליציי־קאָמענדאַנט פון שטאָט און איך האָב אים געוויזן דעם באָמבע־שפּליטער, וואָס מיין פרוי האָט מיט זיך געבראַכט פון נעבן אונדזער הויז. נאָר ער האָט מיך באַרויִקט, אַז דאָס איז אַוודאי פון אַ באָמבע, וואָס אונדזערע סאָלדאַטן האָבן פאַרלוירן על פּי טעות... אָבער אַרום ניין אַ זייגער אין זעלבן פרימאָרגן, האָבן מיר שוין געהערט דורכן ראַדיאָ די וויינענדיקע שטימע פון וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט סטאַרזשינסקי, ווי ער גיט איבער דער באַפעלקערונג, אַז די דייטשע אַרמייען זענען באַפאַלן פוילן און זענען שוין אַריבער די פוילישע גרענעצן.

פון אָט דער מינוט האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער גיהנום. צוליבן פחד, אַז די נאָענטקייט צו דער מאָדלינער פעסטונג וועט אונדז גורם זיין גרויסע צרות — זענען מיר געלאָפן קיין וואַרשע, און דאָרט איז די לאַגע געווען אַ סך ערגער. די באָמבאַרדירונגען האָבן נישט אויפגעהערט טאָג און נאַכט, און אין די ערשטע פיר וואָכן פון דער מלחמה האָב איך נישט געגלייבט, אַז איינער פון אונדז וועט בלייבן לעבן.

נאָך פיר וואָכן בין איך צוריקגעקומען פון וואַרשע קיין נאָווי־דוואָר, אָבער ס'איז שוין נישט געווען צו דערקענען דאָס שטעטל, אַ גיהנום האָב איך דאָרט געפונען; גזרות, רדיפות און כאַפּעניש צו צוואַנגס־אַרבעט. צוזאַמען מיט מלך זיידנבערגס זון בין איך געכאַפּט און אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן פעלד ביי דער זייט פון שאָסיי, וואָס פירט צו דער מאָדלינער פעסטונג. אויפן פעלד איז געווען אָנגעוואָרפן אַ ריזיקע מאַסע קריגס־מאַטעריאַלן און צווישן זיי אויך פאַרשידענע שלאָסעריי־מכשירים. ווען דער יונגער זיידנבערג — פון פאַך אַ שלאָסער, האָט געפרעגט ביים דייטשן וועכטער, צי ער מעג נעמען די שלאָסעריי־מכשירים, האָט דער דייטש עס דערלויבט. אָבער ווי נאָר זיידנבערג האָט אָנגעהויבן נעמען די מכשירים, איז גלייך אָנגעלאָפן אַ צווייטער דייטש און אים מערדערלעך צעשלאָגן, טראָץ אַלע אויפקלערונגען, אַז ער האָט עס געטאָן מיט אַ דערלויבעניש. דער דייטשער וועכטער האָט געקוקט אויפן צווייטן דייטש, דעם אָנגעלאָפענעם רוצח, מיט בייזקייט און פאַראַכטונג. זעט אויס, אַז אונדזער שומר האָט געהערט צו די זעלטענע דייטשן, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַ מענטשלעך האַרץ.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז געפירט צוריק אין שטאָט אַריין, און אויפן וועג האָבן די נאַציבעסטיעס אונדז באַפוילן צו זינגען יידישע לידער. מיט פאַרביטערטע הערצער האָבן מיר געזונגען די שבתדיקע זמירות „מנוחה ושמחה אור ליהודים“...

מער האָב איך צו דער אַרבעט נישט געוואָלט גיין, איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער און דאָרט אָפּגעלעגן גאַנצע פיר וואָכן צייט. נאָך אַ לאַנגן יִשוב־הדעת האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז דאָ איז פאַר אונדז, יידן מער קיין אָרט נישטאָ.

אַ סך יוגנטלעכע האָבן זיך דעמאָלט אַ לאָז געטאָן אויפן וועג קיין רוסלאַנד, אויך מיינע קינדער זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם שטראָם קיין ביאַליסטאָק, וווּהין צענדליקער טויזנטער יידישע יונגעלייט זענען געלאָפן. מיין זון שלום, אַ פערצן־יאָריקער, איז דעמאָלט באַלד צוריק געקומען פון ביאַליסטאָק, מיט אַ כוונה אויף אונדז משפּיע צו זיין, אַז אויך מיר זאָלן פאַרלאָזן נאָווי־דוואָר און אַריבער קיין ביאַליסטאָק. מיט זיין שילדערונג וועגן די „גוטע באַדינגונגען“, וואָס דערוואַרטן אונדז דאָרט, האָט ער ביי אונדז פאַרשטאַרקט דעם ווילן אַריבערצוגיין אויף דער רוסישער זייט.

אין דער זעלבער צייט, איידער מיר זענען אַרויס פון נאָווי־דוואָר, האָט דער אָרטיקער בירגערמייסטער,

דער פאָלקס־דייטש װענדט, צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג אין זאַל פון יחיאל מענדל ראָזנבוים, װוּ ער האָט פאָרגעשלאָגן די פאַרזאַמלטע צו איינאָרדענען אַ קיך פאַר די אָרעמע ייִדן. די השערה פון מיין פרוי, אַז דער כיטרער פאָלקס־דייטש, װענדט, איז נישט אויסן געװען מיט דער פאַרזאַמלונג די טובה פון די אָרעמע ייִדן, נאָר גאָר דערגיין װער עס זענען די רייכע ייִדן, כּדי אַרויפצולייגן קאָנטריבוציעס, — האָט זיך שפּעטער אַרויסגעװיזן פאַר ריכטיק, זוען מען האָט ביי אַבא שי־קאָראַס פרוי געפאָדערט געלט און זי מערדערלעך צעשלאָגן.

מיין פרוי האָט מיך צוגערעדט איך זאָל אַװעק קיין ביאַליסטאָק און מיין זון האָט מיר צוגעזאָגט דורכצופירן אויף אַ גוטן װעג, אָן שטערונגען מצד די דייטשן. דאָך האָבן מיר אָנגעטראָפן דייטשן אויפן װעג, און געזען טויזנטער ייִדן מיט קליינע קינדער, הונגעריקע, נאַקעטע און פאַרשנייטע. נישט איינער פון אונדזערע נאָװי־דװאָרער האָט אויף די װעגן איבערגעלאָזט זיינע נאָענטע. נאָך לאַנגע װאָגלענישן זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

ביאַליסטאָק איז געװען איבערגעפולט מיט די אַנגעלאָפענע ייִדן, אַלע שולן און בתּי מדרשים זענען געװען אָנגעפּאַקט. באַלד נאָך דעם אָנקומען אַהין, האָט זיך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע פון די היימלאָזע, און נאָכן רעגיסטרירן האָט מען אונדז עקספּעדירט קיין סיביר.

דאָרט האָט מען אונדז געשיקט צו װאַלד־אַרבעט, אין זייער שװערע אַרבעטס־באַדינגונגען. לויט מיין עלטער איז די אַרבעט פאַר מיר געװען אַ זייער שװערע, אַזוי, אַז נישט איין מאָל האָב איך געטראַכט װעגן פאַרענדיקן מיין לעבן. דאָך האָב איך זיך געקלאַמערט אין לעבן, צוליב מיינע קינדער. מיט דער האָפענונג, אַז װען עס איז װעל איך נאָך אַהיימקומען צו מיין פרוי און צו מיינע קינדער.

שפּעטער, װען צו אונדז האָבן דערגרייכט די שװערע ידיעות, װעגן דעם, װאָס די נאַצישע קאַניבאַלן האָבן געטאָן מיט די ייִדן אין פּוילן, — האָב איך פּשוט נישט געװאָלט גלייבן; איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז בלויז מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע פון דער פּרעסע, אָבער אין יאָר 1944 איז שוין געװען באַקאַנט דער טרויעריקער אמת װעגן גורל פון די ייִדן אין פּוילן, און װען מען האָט מיך באַפרייט, אַז איך זאָל קאָנען צוריקפאָרן קיין פּוילן, — האָב איך שוין געװוּסט, אַז פון מיין משפּחה אין פּוילן איז קיינער נישט פאַרבליבן ביים לעבן. איך האָב געשריבן צום מאַגיסטראַט קיין נאָװי־דװאָר, זיך אָנגעפרעגט װעגן מיין פאַמיליע, אָבער קיין ענטפער האָב איך נישט באַקומען.

דורך דער צייט האָב איך זיך נישט שלעכט איינגעאָרדנט אין ראַטן־פאַרבאַנד און אַפילו אויך געטראַכט װעגן פאַרבלייבן דאָרט. מיינע צװיי קינדער, װעלכע זענען מיט מיר געװען אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן דורך דער צייט חתונה געהאַט און אויך געבוירן קינדער, — דאָך האָבן מיר אַלע באַשלאָסן צוריקפאָרן קיין פּוילן.

אויף דעם גאַנצן װעג, װאָס מיר האָבן דורכגעמאַכט, אין די פערצן טעג אויף דער סאָװיעטישער באַן, האָט מען אונדז מענטשלעך באַהאַנדלט. אָבער, װי נאָר מיר זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ ביי זשמערינקע, האָבן באַלד די פּאָלאַקן געװאָרפן שטיינער אין אונדזערע װאַגאָנען, מיט אַ כּעס, פאַר װאָס מיר לעבן נאָך. קיין װעג צוריק פאַר אונדז, דעפּאָרטירטע, איז שוין נישט געװען, האָבן מיר בלית ברירה געמוזט װייטער פאָרן, ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען קיין װאַרשע.

ראשית כּל האָב איך באַזאָרגט מיינע קינדער, זיי איינגעאָרדנט אין אַ באַראַק אין פּראַגע, און איך בין אַװעקגעפאָרן קיין נאָװי־דװאָר. װען איך בין אַריינגעקומען אין שטעטל, האָב איך עס נישט דערקענט און געבליבן אַ פאַרשטיינערטער. װען נישט דער בנין פון מאַגיסטראַט, װאָס איז געבליבן גאַנץ, װאָלט איך נישט געװוּסט, װוּ איך געפין זיך און צי דאָס איז נאָװי־דװאָר.

דער גאַנצער „פּיאַסעק“ איז פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ קאַרטאָפל־פעלד, דער װעג צום בית־עולם איז אויסברוקירט מיט מצבה־שטיינער, אויפן בית־עולם האָב איך נאָר געזען איין מצבה פון שיע בוים, און װייטער איז דער גאַנצער באָדן געװען אויסגעגלייכט, אָן װעלכן ס׳איז סימן פון אַ בית־הקברות. דאָ איז דאָס אָרט, װוּ עס האָבן גערוט די ביינער פון מיינע עלטערן און אור־עלטערן... איך האָב זיך צעװיינט און װייטער געגאַנגען. אַזוי גייענדיק, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ באַקאַנטן קריסט, ער האָט זיך געחידושט, װאָס איך טו דאָ אויף דעם אָרט, און דערביי האָט ער געזאָגט, אַז דאָ ליגן טויזנטער ייִדן באַגראָבן. עס האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצן, דערװייל איז די זון פאַרגאַנגען און מיט שװערע מחשבות בין איך אַװעק פון בית־הקברות צו דער שטאָט, װוּ איך בין געבוירן און דערצויגן געװאָרן. דאָרט װוּ איך האָב אין יאָר 1934 אויפ־

געשטעלט אַן אייגן הויז פון פינף דירות — האָב איך איצט, אין פינצטערניש פון דער נאַכט, נישט געהאַט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן די נאַכט אין שטאָטישן גאָרטן. צופעליק איז פאַרביי געגאַנגען מאַיעווסקי, אַ באַקאַנטער קריסט, וואָס האָט אַ מאָל געאַרבעט אין ווינאָגראַדאָווס פּאַיאַנס־פאַבריק. איך האָב אים דערציילט וועגן מיין ביטערן גורל און ביי אים בין איך איבערגעשלאָפן די נאַכט.

אין דער פרי בין איך געגאַנגען זען דאָס שטעטל. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב באַמערקט איז געווען דער „דעפּעטאָק״, ווו אונדזער יוגנט פלעגט אַ מאָל שפּאַצירן און פירן לעבהאַפטע פּאָליטישע דיסקוסיעס — איצט איז דער „דעפּעטאָק״ טויט, ווי די אַלע וועלכע פלעגן אויף אים שפּאַצירן. אויך אויף די ברעגן פון נאַרעוו, ווו ס׳האָט תמיד געווימלט מיט אונדזער יוגנט — איז נישטאָ קיין סימן פון דעם אַלעם, ס׳האָט אויסגעזען, ווי דער נאַרעוו וויינט מיט אויף אונדזער חורבן. ווען איך האָב נאָך דעם געזען אויף די גאַסן די אָפענע געוועלבער, האָט זיך מיר ווי געדאַכט, אַז דאָרט שטייען נאָך די אַלטע ערלעכע סוחרים פון דער יידישער קהילה אין נאָווי־דוואָר, אָבער גלייך האָבן זיך באַוויזן די „יורשים״, די אַלע קריסטן, וואָס האָבן אַ מאָל געהאַנדלט מיט יידן און איצט פאַרנומען זייער אָרט.

דאָך איז מיר נאָך אַלץ געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן



אַ פּאָר צעבראָכענע מצבות אויף דעם פאַרניכטעטן יידישן בית־עולם אין נאָווי־דוואָר

מיין שטעטל. דער נאָווי־דוואָרער בירגערמייסטער און אַנדערע באַקאַנטע קריסטן האָבן מיר פאַרגעלייגט, איך זאָל בלייבן: „פּאַניע ווייס, דו ביסט שוין נישט אַזוי יונג, און ווי וועסטו גיין אויף דער עלטער זיך שלעפּן איבער דער וועלט, פּאָלג אונדז, בלייב און מיר וועלן דיר העלפן", אָבער מיך האָט געקלעמט ביים האַרצן אויף אָט דעם גרויסן בית־עולם, און איך האָב געזען ביי אַ סך קריסטן די צינישע שמייכלען אויף מיין לאַגע... נאָך דרייצן טעג האָב איך מיט אַ צעוויטיקט האַרץ פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

כ'האָב נישט געוואָלט געבן די גויים דאָס פאַרגעניגן צו זען מיך וויינען, איך האָב מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַהערשן, און ערשט ווען איך בין שוין געווען אין וועג האָב איך אויסגעדרייט מיין קאָפּ און מיט פאַרקריצטע ציין אויסגערופן: פאַרשאָלטן זאָלט איר זיין!

**יעקב עווענסאָן** / מאָנטעווידעאָ

# מיין באגעגעניש מיט נאווי־דוואר נאך דער מלחמה

איך שטיי אויפן פּלעצל פאַרן ווייסן הויז פון יודענראַט. איך בין איצט געקומען אַזש פון טשעכישן סודעטן־געביט. ביז דאָרט האָט מיך פאַרשלעפּט די שוין צום טויט־פאַרווונדעטע דייטשע חיה, דאָרט האָט זי מיך, שוין אַ כמעט־טויטן, אַרויסגעלאָזט פון אירע נעגל.

מיט צעבראָכענע באַנען, צעשטערטע וועגן, אויפגעריסענע בריקן, מיט אַזוי פיל אומקרייזן און אומוועגן בין איך אָנגעקומען דאָ אַהער. צו וועמען? איך האָב דעם גאַנצן וועג געוווּסט, אַז צו קיינעם, אויסער פון מיין אייגענעם נאָגנדיקן געפיל צו זיין דאָרט... צום לעצטן מאָל, איידער איך גיי אויף ס'ניי אָנהייבן לעבן.

ס'איז אַ יולי פאַר נאַכט, אַזוי שטיל און דופטיק דער אַרום, און שווער צו גלייבן, אַז דאָ, אויף דעם אָרט, איז געווען דער צענטער פון פּיין. שטיי איך און וויין נישט, נאָר פרעג ביי זיך אַליין: פאַר וואָס עקזיסטירט אין דער נאַטור אַזאַ גרויזאַם געזעץ, צו פאַרמעקן דעם נעכטן און צו פאַרווישן דעם פאַרברעכן? איבער די וואָס פוילן דאָ אין דער ערד וואַקסט גראָז, אָן מינדסטן סימן, אַז דאָ און דאָרט ליגט אַ געוועזן לעבן, אַז אין דעם אָדער אין יענעם טאָג האָבן הונדערטער מענטשן, פון קליין ביז גרויס, מיטגעלעבט און דורכגעלעבט די שרעקלעכע גרוילן.

קנאַפּע דריי יאָר האָט אַ נישט־אַנגעזעטיקטער פאַרברעכער זיך איזדעקעוועט איבער אָן עדה מענטשן, געשענדט, פאַרהונגערט, מיט עקזעקוציעס, תליות און אַנדערע מינים טעראָר, און נאָך דעם אַלעם — האָבן דריי באַנען אָוועקגעפירט אַלע, פון עלטסטן ביזן יינגסטן, אויפן טרויעריקן טראַקט קיין אוישוויץ, ווו דער ווייט־גרעסטער טייל איז שוין אין טאָג פון אָנקומען, פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן, און די מער מזלדיקע האָבן זיך געפּייניקט, און פיל פון זיי האָבן אויך נישט דערלעבט היטלערס סוף, אויסער אַ קליינטשיק הייפל „גליקלעכע".

און איך בין איינער פון די „גליקלעכע", וואָס בין צוריקגעקומען דאָ אַהער צום אָרט פון פּיין. איך האָב געמיינט, אַז אַלץ אַרום וועט זיין ווי אָן עדות פון שרעק און הימל־שרייענדיקע עוולות. ליידער איז נישט אַזוי. איך מוז מיטן כוח פון זכרון אויפלעבן גרויליקע סצענעס, און דאָ, אין דער שטילקייט, אויף דעם גרינעם גראָזיקן טעפּעך — רעסטאַווירירן דאָס, וואָס עס איז געשען.

...אויף דער פּראָנט־וואַנט פון יודענראַט זענען אויפגעשטעלט זיבן תליות. אויפן פּלעצל, ווו איך שטיי איצט, האָט זיך דעמאָלט געזאַמלט דאָס גאַנצע געטאָ. יאָסל דער פּויקער האָט אַלעמען צונויפגעזאַמלט און מודיע געווען, אַז ווער ס'וועט זיך אויסבאַהאַלטן, וועט אויך געהאַנגען ווערן... מען פירט אַרויס די זיבן. מיט שטעכעדיקן דראָט בינדט מען זיי די הענט אויף הינטן, אָבער כאַמע אָנטאָשקעס איידעם (אַ פּלאָנסקער) דערמאָנט זיך, אַז ער טראָגט שיך. ער טוט זיי אַ שלעפּ אַראָפּ און גיט זיי אַ שליידער צו זיין ווייב פּעסע, וועלכע שטייט אין דער ערשטער ריי, מיטן פּיצל קינד אויף דער האַנט... פאַר וואָס זאָלן שיך פוילן אין דער ערד, אַז פּעסע קאָן קויפן ברויט פאַר דעם?

פיר און צוואַנציק שעה וויגט דער ווינט די גע־
האַנגענע. דאָרט אויף דער לעצטער תליה, פון דער
רעכטער זייט, העגנט לעווין, דער 16־יאָריקער פון
ווישעגראַד, מיט קורצע קינדישע הויזן און נאַקעטע
פיסלעך...

פון דער לינקער זייט שטייט די געטאָ־תפיסה. פון
דאַנען האָט מען אַרויסגעפירט די זיבן צום הענגען. די
תפיסה איז קיין מאָל נישט ליידיק, פאַרנט שטייט אַ
יידישער פּאָליציאַנט אויף וואַך. דורכן פענצטער קאָן
מען זיך דורכרעדן מיט די אַרעסטאַנטן, אָבער זיי זענען
נישט געשטימט צו רעדן. זיי באַטראַכטן די טויטע פאַר
גליקלעכע. דאָס שרעקלעכסטע פאַר זיי — איז די געס־
טאַפּאָ, מיט די „פאַרהערן". דער פּאָליציאַנט היט זיי
נישט פון אַנטלויפן, נאָר זיי זאָלן זיך נישט אויף גיך
אַריבערכאַפּן צום דערלייזנדיקן טויט. און ער מיט
זיין לעבן איז פאַר זיי פאַראַנטוואָרטלעך.

סימע זאַמיאַטין זיצט אַרעסטירט פאַר דעם,
וואָס זי איז געווען באַקאַנט אַלס קאָמוניסטין פאַר
דער מלחמה. אַז מען פירט אַוועק סימען צום „פאַר־
הער" אויף דער אַנדערע זייט — צו דער געסטאַפּאָ,
פרעגט זיך יעדער, צי מען זעט זי שוין צוריקפירן,
און דאַן זוכט יעדער פאַר זיך אַ זייטיקן וועג, כדי
נישט צו זען סימען... ווי זי גייט מיט די הענט אויס־
געשטרעקט, צויטן פלייש הענגען פון זיי אַראָפּ און
דאָס בלוט טריפט, פאַרבלוטיקט איז איר פּנים, צע־
שויבערט אירע האָר, און די אויגן — פון אַ נישט־
נאָרמאַלער. דער אָרעמער סימען האָט „אָפּגעגליקט".
אויף דער תליה, אָדער צום דערשיסן איז זי נישט
געגאַנגען. אין יענער צייט זענען שוין באַנען מיט יידן־
טראַנספּאָרטן געגאַנגען צו די טויט־פאַבריקן. אין
איינעם אַזאַ טראַנספּאָרט, וואָס איז געגאַנגען פון
פלאָנסק, האָט מען אויף דער נאָווי־דוואָרער סטאַציע
צוגעזעצט אַ „פּאַסאַזשיר" און דאָס איז געווען סימעלע
זאַמיאַטין.

אין שכנות מיט דער געטאָ־תפיסה געפינט זיך
די קיך. ביי טאָג, ווען מען גיט אַרויס מיטאָג, שטייט
דאָ אַ געדיכטער דאַמף. ביי דער וואַנט זענען אויס־
געשטעלט אַ ריי יידן מיט שיסלען, צו נעמען זופּ. אַ
יידישער פּאָליציאַנט היט די אָרדענונג. אָפּט קיניגט
דאָ שלמה „מאָרדע", און דאָ איז אַ געלעגנהייט צו באַ־
וויזן פּאָליציייִשע געניטשאַפט פאַר זיינע חברים־פאַ־
ליציאַנטן און אַ ביסל לערנען אַ פּרשה „אויטאָריטעט"
מיט דער צעשראָקענער, אויסגעהונגערטער מאַסע —
און עס פייפט, שניידנדיק די לופט, שלמהס רייט־בייטש
און פאַלט אויף אַן אומגליקלעכנס קאָפּ. די בהלה איז
גרויס, די ריי ווערט צונויפגעדרענגט, מען הערט:
פאַניע סאַשינסקי, האָט רחמנות. אָבער קיינער אַנט־
לויפט נישט פון דער ריי, קיינער רעזיגנירט נישט פון
ביסל גרויען וואַסער...

איך נעם לאַנגזאַם אַוועקגיין. ביטער איז אויפן
געמיט. אפשר וואָלט לייכטער געווען, ווען איך בין אין
באַגלייטונג פון איינעם אַ לאַנדסמאַן, וואָס איז דאָ אין
יענער צייט נישט געווען, איך זאָל מיטן פינגער אָנ־
ווייזן אויף יעדן קעגנשטאַנד און אויף יעדער פּוסט־
קייט, דערציילן, וואָס דאָס אָדער יענץ אָרט האָט גע־
זען... איך וואָלט דערציילט און געשילדערט... די נאַכט
איז אַזוי נאָענט — וואָלט די פינצטערניש מיר גע־
האָלפן קעגן דער שרעקלעכער גלייכגילטיקייט דאָ;
די נאַכט וואָלט אַוועקגעשטעלט אַלץ, אַזוי ווי עס איז
געווען, אַזוי ווי דעמאָלט — און פון מיר וואָלטן מיינע
שטיקנדיקע ווייטיקן גענומען שטראָמען מיט פייער
און אַש אין פאַרעם פון ווערטער... איך וואָלט אָנגע־
נומען ביי דער האַנט מיין פון ווייט־געקומענעם פריינד
און צוגעפירט דאָ, הינטער יודל גורעצקיס הויז:

...דאָ שפּילן זיך קינדערלעך. וואָדיע שפּילט פאַר
היינעמאַן, שימעלע — פאָרן „טויטן־שלאַגער", כאַצ־
קעלע איז טאָמאַס; דודל איז זאַלמאַן; יצחקל איז דער
„שאַפער" (דייטשע באַנדיטן); משהלע איז דער ווירט־
שאַפטספירער (סרול סקראַבאַק); אַברהמלע איז דער
קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי (דער הויכער
באַראַנעק); און בערעלע איז שלמה „מאָרדע"; די
איבעריקע יינגלעך און מיידלעך זענען די פאַרפאָלגטע
יידן־מאַסע. די שפּיל איז אין מיטן ברען, — די דייטשע
„באַהערדן" און די יידישע מיטהעלפער יאָגן, שלאָגן,
קאַפּן. יידן לויפן, ווער עס ליגט אויף דער ערד אָן
אויסגעצויגענער און מאַנכע מאַכן באַמיונגען זיך אויפ־
צוהייבן. די „באַהערדן" מאַכן די פּנימער אויסזען
גרויזאַם און די שטימעלעך — ברוטאַל; עס הילכט
אָן אויפהער מיט „שמוציקע יודן־באַנדע", „איך שלאָג
דיך טאָט", „מיסטבינען" — אַ שאַדע אַכט פעניג אַ
קוגל", „האַל־אַב", „שטיי אויף", „שיסט דעם ווינט"...
די קינדער קענען אַלע הינט פון דער געסטאַפּאָ ביי
די נעמען, דעריבער זענען די אויבנדערמאָנטע זידל־
ווערטער, אָפט צונויפגעמישט מיט די נעמען פון די
הינט פון דער געסטאַפּאָ...

נישט איינער פון אייך, קינדערלעך, איז פאַר דער שפּיל געווען אויף דער אַרישער זייט, געבּרענגט אָדער נישט געבּרענגט עפּעס אַהיים. ווער פון אייך וועט עס וועמען פאַרטרויען? אָבער איצט שפּילט מען זיך, היינט איז אַ גוטער טאָג אין געטאָ, „אָנע באַזאָנ־דערעס", מאָרגן קאָן קומען די ישועה... שוין גאָר נאָענט פאַר דער אויסזידלונג, האָט דער צעשפּילטער כאַצקעלע (ראַצע דער בעקערינס איניקל) געהאַט אַ זאָרג מיט זיין מאַמעס ציטערן איבער אים, האָט ער איר געזאָגט: מאַמע, זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז איך בין שוין זיבעציק יאָר אַלט...

אין יוסף פייגנבוימס געוועזענער סטאָליער־ווערק־שטעל, איז געוואָרן איינגעאָרדנט דער שפּיטאָל. צו וואָס אַזאַ הומאַניטאַרע אינסטיטוציע אין געטאָ פאַר יידן? — דאָס איז געווען אַ טיפוס־שפּיטאָל. עס איז געווען מער איזאָלאַציע ווי היילונג, ווייל עס איז כמעט נישט געווען מיט וואָס צו היילן. דער טיפוס האָט געשניטן אָן רחמנות. נישט זעלטן איז דער גרעסטער טייל פון אַ פאַמיליע אַוועק מיט דעם טיפוס־טויט. היינט האָט אַ ווייב באַוויינט איר מאַן און צו מאָרגנס איז זי אַוועק. אָבער דאָך האָט דער שפּיטאָל פיל געראַטעוועט. יאָסל גרשון איז געווען דער, וואָס האָט מיט גרויס מסירת־נפש געשאַפן דעם שפּיטאָל, אָרגאַניזירט, באַהאַנדלט די קראַנקע און געהאָרעוועט פאַר צען. וואָלט זיך זיין ראָל געענדיקט מיט דעם, וואָלט אים געקומען צו דערמאָנען מיט ליבּ און באַוואונדערונג. צום אומגליק פאַר אים און פאַר אונדז — האָבּן די דייטשן אים באַ־שטימט פאַרן יודען־עלטסטן אויפן אָרט פון איידעלן יצחק ראָטשטיין, וועלכער האָט אָנגעוואָנדן אַלע כוחות און איינפלוסן, מען זאָל אים פון דעם „פּאָסטן" באַ־פרייען. נישט לאַנג פאַרן באַשטימען יאָסל גרשון פאַרן יודן־עלטסטן, האָט ער מיטגעמאַכט אַ שרעקלעכע איבערלעבונג. נאָכן צוריקקערן זיך פון דער אַזוי גע־רופענער „פּאָמיעכאָווער אָבלאַווע" אין שטוב אַריין, האָט ער געפונען זיין מאַמען און שוועסטער דערשאָ־סענע, און דער פינגער פון זיין מאַמען (מיט אַ רינג) איז געווען אָפּגעשניטן. (צי האָט דאָס געהאַט אַ וויר־קונג אויף יאָסלס ענדערונג?).

איין טויט־פאַל איז געווען אין שפּיטאָל, וואָס האָט נישט געהאַט צו טאָן מיט טיפוס. דאָס איז גע־שען מיט חצקעלע קאָרן (קוקעס איניקל). מיט אַ נאַכט פריער איז ער אַרויס מיט עטלעכע שמוגלערס פון געטאָ, און ביים פּרווו איבערצוקרייצן דעם באַן־וועג, זענען זיי געוואָרן באַשאָסן פון אַ דייטשן פּאָליציאַנט. אַלע זענען געפאַלן טויט, אויסער חצקעלע, וועלכער איז געבּליבּן ליגן אַ שווער פאַרוואונדעטער. מען האָט אים אַריינגענומען אין שפּיטאָל, אַוועקגעלייגט אויף אַ סאָפע אין דער קאַנצעלאַריע, און אויסער ווי אַרומוואַשן די וואונד, האָט מען גאָרנישט געקאָנט טאָן. ס'איז געווען נייטיק אַ כירורגישע אָפּעראַציע, אָבער ווו נעמט מען אַ דאָקטער און דאָס עלעמענטאַרסטע פאַר אַזאַ פאַל? אַרום צען אין אָוונט איז מיר געלונגען אַריינצוקומען צו אים אין שפּיטאָל, און מער ווי אַ קוש טאָן דעם טויטנס שטערן, האָב איך נישט געקאָנט טאָן. זיין טאַטע, קראַנקע מאַמע און שוועסטער האָבּן אויף אים געוואַרט אין וואַרשעווער געטאָ, נאָר זייער שפּייזער איז שוין קיין מאָל מער נישט צוריקגעקומען.

אַבּרהם מאַגיד צווייפלט נישט, אַז היטלער וועט איינגעמען אַ מיתה משונה, נאָר וואָס וועל איך האָבּן דערפון, אַז מען וועט מיר דאָ אַריינשרייען אין קבר אַריין?... ווי קלוג אַ מענטש זאָל נישט זיין, קאָן ער אַלץ נישט פאָרויסזען, ווער עס וועט אַריינשרייען „אונ־דזער זיג". און ווו איז, אַבּרהם, דיין קבר?...

אויף דער וואַרשעווער גאַס, וואָס איז אויסערן געטאָ, פאָרט זאָלמאַן (אַ דייטשער פּאָליציאַנט) אויף אַ ביציקלעט, רויק און בנעימות. נאָך אים לויפט נאָך ליפּאָוויטש (ישראל לייב שניידערס אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן) און הינקט אויף אַ פוס. ער מאַכט אַלע אָנשטרענגונגען מיטצוהאַלטן מיטן באַנדיט. איך זע דאָס פון משה יענקל שימאַנאָוויטשס וווינונג, ער וווינט אין דעם הויז, ווו עס האָט אַ מאָל געוווינט חצקעלע שמש, די פענצטער גייען אַרויס אויף דער אַרישער זייט; איך רוף די שטוביקע נאָכצוקוקן און מיר פאָלגן נאָך די סצענע ביז זיי פאַרשווינדן פון אונדזערע אויגן. עס קומט ווער צו לויפן און דערציילט, אַז זאָלמאַן האָט ליפּאָוויטשן דורכגעשאָסן אַ פוס און ער פאָרט אין דער ריכטונג פון בית־עולם. ליפּאָוויטש בעט זיך ביי אים: „איך וועל שוין נישט מער" (ער איז אַנטלאָפן פון שרעקלעכן פּאָמיעכאָווער לאַגער) און זאָלמאַן פאַרזיכערט אים נאָך יעדן געבעט זיינעם: „דו וועסט שוין ווירקלעך נישט מער"... מיט אומ־געפער אַ האַלבע שעה שפּעטער קומט מען צום געטאָ־טויער פאַרלאַנגען צוויי „יודן מיט שפּאַדן", דאָס הייסט אויף אונדזער לשון: „נאָך איינער ווייניקער". ליפּאָ־

וויטש לויפט שוין נישט מער נאָך דעם ביי־ציקלעט... ער וועט באמת שוין נישט מער...

דעם סאַמע לעצטן אַקט פון דער טראַגעדיע האָבן מיר נישט געטיילט צוזאַמען. יענעם לעצטן פאַרטאָג ווען איך בין אַנטלאָפן, האָבן די דייטשן — דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט — אַריינגעשיקט ווורשט. איך האָב דאָס געטאָ שוין מער נישט געזען, כאָטש איך האָב אַלץ גוט געהערט, ווייל איך בין געווען פאַר־שטעקט אין אַ שטאָל אויף יענער זייט, און די וואַנט פון דער שטאָל איז געווען די וואַנט פון געטאָ. איך האָב אַלץ געהערט און הער נאָך היינט, — וועל שוין מן־הסתם ביז מיין לעצטער מינוט נישט אויפהערן צו הערן, — דאָס לעצטע, אַנגסטלעכע לויפן, שרייען, רופן; די תפילות, דער האַרצרייסנדיקער ניגון פון די תפילות, — ווער האָט כוח דאָס אַלץ צו דערציילן ?...

יענער פרימאָרגן איז געווען אַ פּראַסטיקער, אַ זוניקער און אַ שטילער, אָן אַ ווינטעלע, אַ פּרעכ־טיקער ווינטערדיקער טאָג, ווען מען ציט אַריין געזונטע פרישע לופט. (פאַר יידן פון נאָווי־דוואָרער געטאָ זענען שוין דאָרט וויט צוגעגרייט די טובעס מיטן „ציקלאָן״...) דער הימל — אָן אַ וואָלקן, די זון העלט גלייך אין די אויגן אַריין, אַזוי ווי דאָ וואָלט נישט געווען דער ערב־סוף, נאָר סתם־אַזוי־זיך אַ טאָג... נאָר דאָס איז נאָך נישט געווען דער לעצטער טאָג; די באַן איז נאָך נישט „געקומען״, נאָר ערשט אויף צו מאָרגנס.

איך בין געווען פאַרשטעקט נישט וויט פון דער באַן־סטאַציע (ביי נאַכט האָב איך זיך אַהין אַריבער־געטראָגן), פון דאַנען האָב איך געהערט דעם לעצטן, סאַמע לעצטן קלאַנג פון מענטשן, וואָס מען האָט אַריינ־געפאַקט אין באַן; זייער עכאָ האָט אָפּגעשלאָגן אין דער ווינטערדיקער הוילקייט, ענלעך ווי ביי קבר־אָבות, ווען דו ביסט נאָענט ביי דער ווייסל אויף די לאַנקעס, און פון בית־עולם טראָגן זיך האַרצרייסנדיקע גע־וויינען, וואָס ווערן צונויפגעמישט מיטן געיאָמער פון אַ לוויה, אויף איר וועג באַרג אַרויף צו דער טהרה־שטוב...

דאָס איז דער לעצטער קלאַנג פון יידישן לעבן אין נאָווי־דוואָר, נישט פון בית־עולם, נאָר פון דער באַן־סטאַציע... אַוועק זענען די פאַסאַזשירן מיט די דראָשקאַזשעס, מיט זייערע ווייבער, מיט זייערע קינ־דער. אַזוי אויך די יידן פון זאַקראָטשין, לעאַנטשין, פשיבראַוויעץ, ווישעגראַד, טשערווינסק און אַ געוויסע צאָל איינוווינער פון פּלאָנסק, וועלכע זענען מיט אומ־געפער אַ יאָר צייט פריער איבערגעזידלט געוואָרן קיין נאָווי־דוואָר.

*

אָן ערך פופצן געוועזענע תושבים פון שטעטל, זענען צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה, יעדער מיט זיינע איבערלעבונגען. מיר וווינען כמעט אַלע צוזאַמען ביי בלאָטן אין הויז. מיט די שכנים — פּאָלאַקן האָבן מיר נישט קיין מגע־ומשא; זיי מיידן אונדז אויס; זיי זענען באַאומרויקט, וואָס עס קומט ווער צוריק. דער פאָרזיצער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי, איז קאַזשיק נאַדזשיצקי. ער טרייסט זיך, אַז מיר וועלן פּראָצעסירט ווערן, דערפאַר — ווי ער ווייסט — ווייל נאָר די יידן האָבן געקאָנט איבערלעבן, וועלכע זענען אין די קאַצעטן געווען „קאַפּאָס״.

יעדער פאַרשרייבט זיך אין די רשימות, וואָס ווערן איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד — אפשר וועט זיך אַ נאָענטער אָפּרופן? די וואָס האָבן נישט אויף וועמען צו האָפן — גייען אַוועק אויף דער „אַמעריקאַנער זייט״ (קיין מערב דייטשלאַנד). צו אונדז קומען יידישע סאָל־דאַטן פון מאַדלין, פון דער פּוילישער און פון דער רויטער אַרמיי, זייער אַ ווילע חברה, אויך איינזאַמע, זיי טוליען זיך צו אונדז און מיר צו זיי. דער ביטערער טראָפן איז אָן אָפּטער גאַסט ביי אונדז, ער מאַכט אונדז אָפּט פריילעך, און אַ מאָל אויך טרויעריק. צו ביסלעך ווערן די סאָלדאַטן דעמאָביליזירט, און די וואָס מען דעמאָביליזירט נישט — טוען עס אַליין... און פון אונדז ווערט אויך וואָס אַ מאָל ווייניקער; מיר פאָרן אַוועק און געזעגענען זיך נישט מיט קיינעם...

...זיי נישט באַאומרויקט, קאַזשיק נאַדזשיצקי, וואָס מען האָט אונדז קיין פּראָצעס נישט געמאַכט; זעסט דאָך, אַז מיר טראָגן זיך אַליין אָפּ! זיי רויק קאַזשיק נאַדזשיצקי, אַז דו וועסט אויך נישט געמשפּט ווערן פאַר נעמען ביי היטלערן אַ קילאָ צוקער פאַר אַ יידישן קאָפּ, און אויך נישט פאַר דער מעשה קעלץ...

איך פאָר אַוועק, איך בין שוין פיזיש טויזנטער קילאָמעטער וויט פון דאָרט, אָבער מיין חלום און מיין וואָר איז פאַרסמט פון דער נאָענטקייט און פרישקייט פון יענעם קאָשמאַר.

אַנשל פריד / שיקאַגע

# מיין טאַטנס טרערן

באַלד אין די ערשטע טעג פון די קריגס־אָפּעראַציעס, סעפּטעמבער 1939, האָב איך אויסגעוואַנדערט קיין וואַרשע, ווו איך האָב איבערגעלעבט די קאַשמאַרן פון טויט און פאַרניכטונג. און ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין ענדע סעפּטעמבער קיין נאַווי־דוואָר, האָב איך זיך גלייך אָנגעטראָפן אויף די מעשים פון די קאַניבאַלן.

אין גרויסן ברידער־קבר פון איבער 40 דערהרגעטע, זענען אויך געווען מיין פעטער מענדל קאַכאַלסקי (מענדל קאַשע־מאַכער) מיט זיין פרוי. ביי מיין פעטער האָט געפעלט אַ האַלב פנים, און איך האָב אים דערקענט לויט זיין באָרד.

פון די אַלע גרויזאַמע מעשים, האָט מען גלייך געקענט לערנען, אַז אונדזער רויִק לעבן אין קליינעם נאַווי־דוואָר איז געענדיקט; אויך די האָפענונג, אַז די סאָוויעטישע מאַכט זאָל ביי אונדז רעגירן, האָט זיך, טראָץ אַלע קלאַנגען, אַרויסגעוויזן נישט ממשותדיק, נאָך דער דערקלערונג, אין חודש אָקטאָבער, אַז דער טייך בוג איז באַשטימט געוואָרן אַלס גרענעץ צווישן ראַטן־פאַרבאַנד און דאָס היטלעריסטישע דייטשלאַנד.

אַ סך פון דער נאַווי־דוואָרער יוגנט האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן מאַכן פּלענער, ווי צו אַנטלויפן קיין מיזרח, אויף דער סאָוויעטישער זייט. דאָס איז דעמאָלט געווען די איינציקע געלעגנהייט זיך אַרויסצוקריגן אויף דער ברייטער וועלט.

ווען איך האָב צווישן געטאָן מיינע עלטערן, אַז אויך איך האָב בדעה צו אַנטלויפן, האָט עס אַרויסגערופן אַ שטורעם פון צאָרן. „וואָס הייסט? — האָט געזאָגט מיין מאַמע — איך געדענק נאָך מיין ברודער הילקע, וועלכער איז אין 1920 אַוועקגעלאָפן פון שטוב און מער נישט צוריקגעקומען. מען האָט אים דערהרגעט". אויך מיינע שוועסטערן האָבן מיך אָפּגערעדט פון אַנטלויפן, און נאָר מיין טאַטע אַליין, פול מיט פּחד פאַר דעם, וואָס עס דערוואַרט אונדז פון די דייטשן, האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר מיין פּלאַן, כאָטש ער איז געווען פאַרבונדן מיט אונדזער צעשיידונג. „יאָ — האָט מיין טאַטע געזאָגט מיט רעזיגנאַציע — ער איז פאַרלוירן פאַר אונדז"...

מיין טאַטע און מאַמע האָבן זיך כסדר געשושקעט וועגן דעם מיט שווערער באַזאָרגטקייט. עס איז זיי שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך פאַרלאָז זיי; צו פיל פּיין און ליידן האָט זיי געקאָסט מיין דערציִונג. און עס איז נאָך דעמאָלט נישט קלאָר געווען דער מוז פון פאַרניכטונג; מען האָט נאָך געהאָפט אויף אַ נס... נאָר איך בין געווען אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן און אַנטלויפן.

מיך האָט אויך געצויגן אַהין, קיין מיזרח, צו דער וועלט פון נייע אידעען און פרווון פון באַנייונג, אין איר האָב איך אַ מאָל געגלייבט און מיט אירע מעשים האָב איך שטאָלצירט... און איידער וואָס איז טאַקע געקומען דער טאָג, אַ שבת־טאָג, 21סטער אָקטאָבער, אַ לעצטער שבת מיט מיין טאַטע־מאַמע; איך, אַ צוואַנציק־יאָריקער בחור האָב אויף אייביק געזעגנט מיינע נאָענטסטע. די שוועסטערן האָבן געוויינט, די מאַמע האָט ספּאַזמירט, די קליינע ברידערלעך האָבן געשוויגן — מיט נייגער און אפשר אויך מיט קינאה... און צום שטאַרקסטן האָט געוויינט מיין טאַטע. ער, וואָס איך האָב ביי אים קיין מאָל קיין טרער נישט געזען — מיט אַ יאָמערלעך געוויין איז ער אַרויס.

ערשט שפּעטער, אויף מיינע וועגן אין דער פרעמד, האָב איך פאַרשטאַנען מיין טאַטנס געוויין; נישט נאָר טרערן פון אָפּשייד זענען עס געווען, ביי דער געזעגענונג מיט זיין זון, נאָר דאָס שווערע פאָרגעפיל פון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס דערנענטערט זיך...

מיין טאַטנס טרערן האָב איך נאָך אַ מאָל דערפילט און באַנומען אין אַפּריל 1945, אין אַ קליינעם בית־המדרש אין לאָדזש, ווען דער פּולקאָווניק הרב כהנא (דער דעמאָלטיקער אויבעררעבינער אין דער פּוילישער אַרמיי), האָט גערעדט פאַר אונדז, די צונויפגעזאַמלטע ייִדישע אונטער־אָפיצירן פון דעם לאָדזשער גאַרניזאָן.

איך, דער פאַרהאַרטעוועטער אין שלאַכטן, אַ פראָנט־זעלנער, וואָס האָט דורכגעמאַכט הונדערטער קילאָמעטער — שטחים פון טויט און פאַרוויסטונג; איך, וואָס האָב נישט געקאָנט וויינען, בשעת איך האָב זיך אַריינגעריסן קיין מיידאַנעק און דאָרט דערזען די שטאָסן האָר אוןביינער, וואָס האָבן נאָך געברענט אין

די צוויי נישט צעשטערטע אויוונס; איך, וואָס האָב נישט געווינט, ווען איך האָב זיך אָנגעטראָפן ביי דער באַפרייונג פון בידגאָשטש, אויף דעם פרויען־לאַגער פון 900 יידישע פרויען, מאַראַליש דערמאָרדעטע, גוסס־דיקע סקעלעטן, אָן צורה פון אַ מענטש, — איך האָב פלוצעם ווידער דערפילט טרערן אין מיינע אויגן, ווען הרב כהנא האָט צו אונדז אויסגעשריגן: „דערמאָנט זיך אין די טרערן פון אייערע טאַטעס"...

דאָס ערשטע מאָל, נאָך פינף יאָר, האָב איך זיך אויסטערליש צעוויינט, און מיטגעוויינט האָבן מיט מיר מיינע חברים זעלנער. אויך זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם זעלבן גורל, אויך זיי האָבן די טאַטעס געזעגנט מיט טרערן.

מיין טאַטנס טרערן, פון יענעם שבת — אייביק וועל איך זיי געדענקען. נישט נאָר מיך האָבן זיי גע־זעגנט, נאָר אונדזער גאַנצן נעכטן. דאָס זענען געווען טרערן פון קלאָג אויף דער שווערער תקופה, וואָס קומט אָן; אויף דער גרויסער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק.

א. קיווייקאָ / וואַרשע

# ביים דענקמאל לכבוד די פארטיידיקער פון מאדלין

מאָדלין, נאָווי־דוואָר, די אַרומיקע דערפער, און דערביי — די ווייסל און דער נאַרעוו מיט די בריקן, און די באַן־ליניע וואַרשע—מלאַווע—גדיניע, — זעכצן טעג און נעכט האָבן דאָ העלדיש געקעמפט די פוילישע זעלנער פון דער אַרמיי „לאָדזש" און פון דער אַכטער וואַרשעווער דיוויזיע.

געקומען זענען זיי אַהער דעם 11טן און 12טן סעפּטעמבער 1939, נאָך קאַמפן ביי לאָדזש און בלוינע און ביי דער געוועזענער מיזרח־פּרייסישער גרענעץ הינטער מלאַווע און טשעכאַנאָוו, וווּ זיי האָבן פאַרלוירן פיל מענטשן און געווער.

אין אויסערסט שווערע באַדינגונגען איז געפירט געוואָרן די פאַרטיידיקונג פון מאָדלין, נאָווי־דוואָר און דער אומגעגנט. אַ גאַנצן טאָג האָבן היטלעריסטישע עראָפּלאַנען באַשאָסן די ברעגן פון ביידע טייכן, וועלכע גיסן זיך דאָ צונויף.

פון יענע טעג זענען קרוב 18 יאָר פאַרביי. היינט האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט פאַרטיידי־קער פון מאָדלין צוזאַמען מיטן געוועזענעם אָפיציר פון דער פאַרטיידיקונג גענעראַל טהאָמע, מיט פאַר־שטייער פון פוילישן פאָלקס־מיליטער און רעגירונגס־אינסטיטוציעס, זעלנער פון אָרטיקן גאַרניזאָן און איינ־וווינער פון מאָדלין, נאָווי־דוואָר און די אַרומיקע דערפער, ביים אַנטהילן אַ דענקמאָל לכבוד די גע־פאַלענע אין די קאַמפן מיט די פאַשיסטיש־היטלעריס־טישע חיילות, בעת דער פאַרטיידיקונג פון מאָדלין.

דער פאַרשטייער פון מיניסטער פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג גענעראַל אַרלינסקי רעדט וועגן דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון מאָדלין, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע פון פוילישן מיליטער. אויף דער טריבונע באַוויזט זיך דער גענעראַל טהאָמע, אָנגע־לענט אויף אַ שטעקן צוליב די וווּנדן, וועלכע ער האָט באַקומען אין מאָדלין ביים אָנפירן די פאַרטיידיקונג. מיט געריריטקייט דערמאָנט ער די מסירת־נפש, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן די זעלנער און אָפיצירן, צווישן זיי פיל יידן, בעת די דעמאָלטיקע קאַמפן. ער דערמאָנט די הילף פון דער ציווילער באַפעלקערונג פאַר די קעמ־פנדיקע זעלנער.

נאָכן אָפּגעבן דריי ערן־זאַלפן, ווערט די אורנע מיטן אַש פון די געפאַלענע, וואָס איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון פיל קברים אויפן שטח פון די אַמאָליקע קאַמפן, איינגעמויערט אין פיעדעסטאַל פון דענקמאָל.

מיר זענען אין נאָווי־דוואָר. אַ זונטיקדיקער פאַר־נאַכט. עס שפּאַצירן מאַמעס מיט קינדער, יונגע פּאָרלעך.

דוכט זיך, אַז אויסערלעך האָט זיך דאָ ווייניק גע־ענדערט. עס זענען אָבער נישטאָ מער די יידישע איינ־וווינער פון נאָווי־דוואָר, די וועלכע האָבן בעת דער פאַרטיידיקונג אין 1939 צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַ־פעלקערונג געהאָלפן די שלאַכט־לייט. זיי זענען פאַר־שניטן געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער און האָבן נישט דערלעבט דעם טאָג פון נצחון.

(פון אַן איבערזיכט אין דער פויליש־יידישער פרעסע).

דב בעריש פ. / תל־אביב

# חסידי אומות העולם

אַ ווונדערבאַר פּאַרפאַלק איז דאָס געווען, ער — זיגמונט רומינסקי, זי — „פּאַני מאַריאַ“, ביידע — הייסע קאַטאָליקן, און קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. אַ זעלטן שיינער מאַן איז דער זיגמונט געווען, פון באַרוף — אַן אַדוואָקאַט, לאַנגע יאָרן — אַ הייסער פאַרערער פון יוזעף פּילסודסקי און אין מיליטער האָט ער געטראָגן די הויכע ראַנגע פון אַן אָבערסט־פּולקאָווניק און אַ געוויסע צייט אויך געווען דער וויצע־פּראָקוראָר פון העכסטן מיליטערישן געריכט. ווען פּילסודסקי איז „אַראָפּ פון די רעלסן“ און די רעאַקציאָנערע עלעמענטן האָבן באַקומען די אויבער־האַנט אין די מיליטערישע קרייזן, האָט זיגמונט רומינסקי דעמיסיאָנירט און געוואָרן אַ פּריוואַטיקער פּענסיאָנער. נאָך דעם האָט ער געעפנט אַן אייגענע אַדוואָקאַטישע קאַנצעלאַריע אין זיין פּרעכטיקער פינף־צימער־וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע, אויף דער שטילער אַריסטאָקראַטישער גאַס פּאָזנאַנסקאַ 17.

אין דעם הויז, וואָס האָט געהערט צום באַקאַנטן וואַרשעווער גביר סאַמועל האָבערגריץ, דער שותף פון דער גרויסער יידישער שאָקאָלאַד־פאַבריק „פּלוטאָס“, איז דער שרייבער פון די שורות לאַנגע יאָרן געווען דער הויז־פאַרוואַלטער און געווען זייער באַפריינדעט מיט די צוויי שטילע איינוווינער, די קליינע משפחה רומינסקי.

און אָט די צוויי מענטשן האָבן זייערע נאָבעלע מידות אַרויסגעוויזן מיטן אָפּראַטעווען אַ יידיש קינד פון די גרויזאַמע היטלעריסטישע לאַפּעס. דאָס האָט טאַקע צו טאָן מיט מיין איינציק טעכטערל האַלינקאַ — הדסה, און מעשה שהיה כך היה:

אין 22סטן אויגוסט 1939, מיט אַ וואָך פריער פאַרן היטלעריסטישן איבערפאַל אויף פּוילן, בין איך, אַלס רעזערוויסט, גערופן געוואָרן אין פּוילישן מיליטער און צוגעטיילט געוואָרן צו דער וואַרשעווער אינטענדאַנטור וואָס האָט סטאַציאָנירט אין פּראַגע, און גלייך מיטן אויסברוך פון קריג, פון דריטן טאָג נאָך דעם, האָב איך מער מיין משפחה נישט געזען.

שבת, דעם 9טן סעפּטעמבער 1939, האָב איך צוזאַמען מיט מיין מיליטערישער פאָרמאַציע פאַרלאָזט דאָס שטאַרק באָמבאַרדירטע וואַרשע, איבערלאָזנדיק דאָרט מיין פרוי ברכה — בראָניאַ (די טאָכטער פון באַקאַנטן וואַרשעווער בעל־הבית ר׳ שמעון אָרזשעך), מיט מיין איינציק טעכטערל האַלינקאַ.

איך מיט מיין פאָרמאַציע האָבן אַזוי לאַנג „געקעמפט“, ביז מיר האָבן דעם 21סטן סעפּטעמבער זיך דערשלאָגן צו דער אונגאַרישער גרענעץ, ווו מען האָט אונדז אַנטוואָפנט און אינטערנירט אין פאַרמאַכטע לאַגערן. 5 יאָר זענען מיר דאָרט געווען אין דער לאַגע פון אינטערנירטע, אָבער נישט ווי קריגס־געפאַנגענע, ווייל אונגאַרן און פּוילן זענען נישט צווישן זיך געווען אין באַציונגען פון קריגס־צדדים. דעריבער האָבן מיר אויך געהאַט גרויסע פאַרלייכטערונגען און מיר האָבן געקאָנט פריי קאָרעספּאָנדירן מיט אונדזערע פאַמיליעס אין פּוילן.

אין יאָר 1941, ווען איך האָב אָנגעהויבן באַקומען די שרעקלעכע איוב־בריוו פון מיין פרוי און אָנגעהויבן קלערן וועגן אויסגעפינען אַ וועג צו הילף, האָב איך אין מיין זכרון אַרויסגענומען אַלע באַקאַנטע קריסטלעכע פריינד פון אַמאָל און האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף די רומינסקיס, מיט דער זיכערקייט, אַז זיי, אויב ס׳איז נאָר מעגלעך, וועלן דאָס טאָן. מיט די רומינסקיס בין איך געווען זיכער, ווייל כ׳האָב אויך ווייטער אָנגעהאַלטן מיט זיי באַציונגען, נאָך דעם ווי זיי זענען אין 1939 אַנטלאָפן פון ברענענדיקן וואַרשע קיין רומעניע. כ׳האָב נאָך דעמאָלט מיט זיי, און דער עיקר מיט דער „גוטער מאַריאַ“, געפירט אַ שטענדיקן בריוו־אויסטויש, ביז זיי האָבן געשריבן, אַז איך זאָל מער צו זיי נישט שרייבן, ווייל זיי פאָרן צוריק קיין וואַרשע, און דעמאָלט האָט זיך אונדזער קאָנטאַקט איבערגעריסן. ווען איך האָב אָנגעהויבן שיקן צו זיי מיינע אַלאַרמירנדיקע בריוו, האָב איך קיין ענטפער פון זיי נישט באַקומען.

אַ וועג צו די רומינסקיס האָב איך געפונען דורך דעם איינציקן זון פון מיין טראַגיש אומגעקומענעם ברודער, הרב אברהם שמחה פירסט ז״ל. ער, מאַרעק (מאיר נח) איז געווען זייער אַ טיכטיקער, ענערגישער, האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער אַרישער זייט, און צו אים האָב איך געשריבן, ער זאָל זיך פאַרשטענדיקן מיט די רומינסקיס. ער האָט זיי אויסגעפונען

און באַשטימט די שעה ווען ער וועט מיין קינד (מיין פרוי האָט מען דורך דער צייט אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע, וווּ זי איז אומגעקומען) אַרויספירן פון געטאָ. דאָרט האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ רייַנער אַריער, וועלכער האָט זי געבראַכט אין דער היים פון די רומינסקיס אויף פּאָזנאַנסקאַ 17.

ביי די רומינסקיס האָט זיך מיין טעכטערל אויפגעהאַלטן עטלעכע מאָנאַטן, און ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרשאַרפטער דרוק אויף די אַריער, וואָס באַהאַלטן אויס יידישע קינדער, האָבן די רומינסקיס אַריבערגעפירט מיין טעכטערל אויף אַ מער זיכערן פּלאַץ, צו זייער משפּחה. אָבער אויך דאָרט איז מיט דער צייט געוואָרן „ענג" — האָט די „פּאַני מאַריאַ", וועלכע איז דעמאָלט געווען אַ באַקאַנטע סאָציאַלע טוערין אין די קאַטוילישע קרייזן, מיט באַזאָרגטקייט און איבערגעגעבנקייט פאַר איר אויסגעפונען אַן אָרט אין אַ קאַטוילישן קלויסטער הינטער וואַרשע, אין אינסטיטוט „מאַריאַס שוועסטערן" אין ברווינאָוו. דאָרט האָט מען זי, דאָס קליינע יידישע מיידעלע, מיטן עכט יידישן חן, אָפּגעשמדט, און זי האָט באַקומען איר נייעם, כאָטש נישט אַזוי אַריש קלינגענדיקן, נאָמען: יאַנינאַ שטיימער.

פון דעם קלויסטער האָב איך זי, מיין איינציק קינד, מיט דער הילף פון „פּאַני מאַריאַ" נאָך דער באַפרייונג אַרויסגענומען און זי אַריינגעגעבן אין דער קינדער־היים אין אָטוואָצק, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט די אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגין פרוי ביעליצקאַ־בלום. דאָרט, אין דער קינדער־היים, האָט זיך מיין טעכטערל גאָר שנעל אויסגעהיילט פון די קאַטוילישע „זאַבאָבאָנעס", וועלכע מען האָט אַריינגעקלאַפּט אין איר יונג קעפּעלע... און לאַנג זענען מיר אין פּוילן שוין נישט געווען.

דער ברודער פון מיין אומגעקומענער פרוי, מרדכי אָרזשעך, איז צו יענער צייט געווען אין דער יידישער בריגאַדע, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין האָלאַנד, און ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען געבליבן לעבן, איז ער געקומען צו אונדז אין אַ „דזשיפּ" מיט גוט־געמאַכטע פּאַפּירן און אונדז אַוועקגענומען קיין דייטשלאַנד. מיט דער ערשטער קינדער־עליה, פּסח־צייט 1946, האָב איך אויך געשיקט קיין ישראל מיין טעכטערל, דאָ האָט זי פאַרגעסן אירע אַלע נעמען: האַלינאַ, יאַנינאַ און געבליבן ביי הדסה, אַ נאָמען לזכר איר אידעלער און פרומער באָבע פון מאַמעס צד. און ווען איך הער איצט פון הדסהס צוויי ייִנגלעך, מיינע ליכטיקע אייניקלעך, גדי און נירי, זייערע צערטלעכע רופן: סבא, סבאלע — הער איך דעם ניגון פון המשך נאָך די אַלע שווערע יאָרן פון פּיין און אומקום...

און וואָס איז געוואָרן מיט די רעטער פון מיין קינד — די רומינסקיס?

די דייטשע סאַטראַפּן זענען געקומען אויף זייערע שפּורן. ער האָט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן, נאָר זי, די „פּאַני מאַריאַ", האָט דאָס נישט באַוויזן, מען האָט זי אַרויסגעפירט אין לאַגער ראַווענסברוק און ערשט נאָך דער באַפרייונג האָט זי זיך ווידער צונויפגעטראָפן מיט איר מאַן.

די היים אויף פּאָזנאַנסקאַ 17 האָט מער נישט עקזיסטירט. קומענדיק נאָך דער מלחמה קיין וואַרשע, האָב איך זיי געפונען אין אַ גאָר באַשיידענער דירה, אין איינע פון די צופעליק איבערגעבליבענע הייזער אין דער יעראָזאַלימסקער אַליי, אַנטקעגן איבער דעם וואַרשעווער הויפּט־וואָקזאַל. פאַרעלטערטע און צעבראָכענע מענטשן זענען זיי געווען. דאָס איינציקע, וואָס איז ביי זיי פאַרבליבן — דער גוטער מענטשלעכער אויסשטראַל אין זייערע אויסגעלאָשענע אויגן. עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה איז געשטאָרבן ער און אַ ביסל שפּעטער אויך זי.

זאָלן פאַרצייכנט ווערן פאַר דער יידישער געשיכטע די נעמען פון אָט די צוויי פּוילישע נאָבעלע מענטשן, זיגמונט און מאַריאַ רומינסקי, וועלכע האָבן אַחוץ מיין טאָכטער אויך אָפּגעראַטעוועט נאָך יידישע קינדער און דערמיט מקדש געווען דעם נאָמען מענטש אין דור פון טייוולדיקער רישעות.




דב פירסטביים געזעגענען זיך מיט זיין טעכטערל הדסה ביי איר
אָפּפאָר מיט דער ערשטער עלית הנוער פון דייטשלאַנד, 1946



נאָווי־דוואָרער אין קאַפּריסין



נאָווי־דוואָרער אין דייטשלאַנד נאָך דער באַפרייונג
פון רעכטס צו לינקס: לייזער פּאַפּיער, שלמה קאַרצאָוויטש,
בנימין ראָזנבערג, אהרן פינקער, מנחם שימאַנאָווסקי




דער נאָווי־דוואָרער שמואל מיכלבערג, קאַצעטניק פון בוכענוואַלד
נ. 119599, אין יאָר 1945, ביי אַ דענקמאָל נאָך אַ גרופּע
געפאַלענע יידן אין טויט־מאַרש פון בוכענוואַלד.
איינער פון זיי — זיין נאָענטער נאָווי־דוואָרער חבר
קלמן לייזער פּאַפּיער ז״ל

אהרן פינקער

# און אזכרה אין וואלדשטאט

לויט דער איניציאַטיוו פון נאָווי־דוואָרער קאָמיטעט אין דייטשלאַנד, איז אין זונטיק, דעם 4טן דעצעמבער 1947, פאָרגעקומען אין לאַגער וואַלדשטאַט (בייערן) אַן אזכרה נאָך די נאָווי־דוואָרער קדושים. פון אַלע עקן דייטשלאַנד זענען זיך צונויפגעקומען די שרידי־החורבן פון נאָווי־דוואָר, אין דער צאָל פון צוויי הונדערט פּערזאָן, כדי אָפּצוגעבן כבוד די טראַגיש־אומגעקומענע שוועסטער און ברידער פון נאָווי־דוואָר, צום פינפטן יאָרטאָג.

דער פאָרזיצער פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, ב. מאַסאַק עפנט די אזכרה און פאַרבעט אין פּרעזידיום, אויסער די קאָמיטעט־מיטגלידער, דעם ח׳ דב פּירסט און דעם ח׳ י. גרינער. ער גיט אַ קורצן איבערבליק איבער דעם לעבן ביז דער מלחמה אין נאָווי־דוואָר, ער שטרייכט אונטער די קולטורעלע אַנשטאַלטן און דערמאָנט די קרישטאָל־ריינע געזעלשאַפטלעכע עסקנים.

מיט אויפשטיין פון אָרט און דריי־מינוטיקן שטילשווייגן באַערן די פאַרזאַמלטע די קרבנות פון דעם נאָווי־דוואָרער געטאָ, וועלכע זענען אומגעקומען על קידוש־השם דורך די מערדערישע נאַציס אין אוישוויצער טויטן־לאַגער.

ווען דער חזן אַפּעלעוויטש מאַכט אַן „אל מלא רחמים״ נאָך די קדושים פון נאָווי־דוואָר און אומגעגענט (זאַקראָטשין, ווישעגראַד, פּלאָנסק) הערן זיך אין זאַל געשטיקטע געוויינען. האַרצרייסנדיק — ווען דער חזן הייבט אָן דעם געמיינזאַמען קדיש מיט די פאַרזאַמלטע. דאַן רייסט זיך אַרויס פון אַלע הערצער איין יאָמערלעך, ספּאַזמאַטיש געוויין און מען הערט מער נישט די ווערטער פון קדיש־זאָגן...

נאָך אל מלא רחמים און קדיש טרעט אַרויס דער ח׳ רויטמאַן, ער רעדט וועגן הויכן קולטור־ניוואָ און וועגן דער הויכער מאָראַלישקייט, וואָס האָט ביז דער מלחמה געהערשט אין יידישן לעבן פון שטעטל. נאָך דעם גייט ער איבער צו די העראָאישע ווידערשטאַנדן אין די יידישע געטאָס און ספּעציעל אין וואַרשעווער געטאָ, וווּ יידן האָבן געקעמפט, כדי צו ראַטעווען אונדזער כבוד און יידישן שטאָלץ. דאָ דערמאָנט ער מרדכי אַנילעוויטש, אַבראַשאַ בלום, און צוזאַמען מיט זיי — אויך אונדזערע נאָווי־דוואָרער העלדן: ח. ווערמוס, ז. פּאַפּיער, י. ליטמאַן (געפאַלן אין קאַמף). ער רעדט אויך וועגן פינטשע פּאַפּיער, וועלכע האָט, אַלס 17־יאָריקע, צוזאַמען מיט צביה לובעטקין געקעמפט בשעת דעם אויפשטאַנד און נאָך דעם פאַרגעזעצט איר קאַמף אין די רייען פון פּאַרטיזאַנער (דיביידע חברות — היינט אין ישראל). ער דערמאָנט אויך אַרטור זיגעלבוים, וועלכער איז באַגאַנגען זעלבסמאָרד אין לאָנדאָן, אַלס רעזולטאַט דערפון, וואָס די וועלט איז געבליבן טויב און בלינד פאַר די יידישע פּיין און ליידן.

מיט אַ קורץ־געפאַסטע רעדע טרעט אַרויס דער גענ.־סעקרעטאַר פון פראַנקפורטער רעגיאָנאַל־קאָמיטעט און ראַט־מיטגלידער פון דער שארית־הפליטה אין דייטשלאַנד, ח׳ דב פּירסט. ער גיט אַן היסטאָרישן איבערבליק איבער דער אַנשטייונג פון אונדזער שטאָט, ווי אויך רעדט ער וועגן איר געאָגראַפישער לאַגע, און ער שטרייכט אונטער, אַז דער טייך נאַרעוו האָט געלייגט אַ חותם אויף די נאָווי־דוואָרער איינוווינער. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די פּערזענלעכקייטן פון נאָווי־דוואָר: הרב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד ז״ל, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון אגודת הרבנים אין פּוילן און זיינע זין: נחום נויפעלד ז״ל (אומגעקומען אין וואַרשע) און — צו לאַנגע יאָר — הרב אלימלך נויפעלד. ער דערמאָנט דעם ציוניסטישן וועטעראַן ש. נ. סרעבערניק; דעם פּראַטאָטיפּ פון די משכילים ה. יעראַזאַלימסקי און די סאָציאַליסטישע פירער: לעאָן גראַבמאַן, מענדל ליפּסקי. נאָך דעם שילדערט ער מיט רירנדיקע ווערטער אונדזערע גרויסע פאַרלוסטן, און ער רופט צו געדענקען די צוואה פון אונדזערע עלטערן אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן: „ווילט נישט גליקלעך מאַכן די וועלט, ווייל דערמיט פאַרלירט איר אייער אייגענע וועלט; אַזוי לעבן, ווי מיר האָבן געלעבט טאָרט איר נישט, בויט און שאַפט אַ יידישע היים!״

דער קאַצעטלער א. גאָלדבראָך דערציילט וועגן די שוידערלעכע סצענעס ביי די דריי אויסזידלונגען פון נאָווי־דוואָרער געטאָ.

עס ווערט אויך געלייענט אַ ליד „געווען אַ שטעטל איז אַ מאָל״ געשריבן פון עטקע שימאַנאָוויטש־פינקער, און צום שלוס רעדט דער ח׳ גרינער וועגן דער ברייט־האַרציקייט פון די נאָווי־דוואָרער מענטשן און ער רופט

צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון נאָווי־דוואָר מיט פלאַנצןביימער אין ישראל. אויפן אָרט ווערט דורכגעפירט אַ זאַמלונג דורך די ח׳ פינקער און ראָזנבערג. מיט געזאַנג פון „התקוה״ ווערט די אזכרה־פאַרזאַמלונג געשלאָסן.

נאָך דעם איז פאָרגעזעצט געוואָרן די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט, אונטערן פאָרזיץ פון ח׳ דב פירסט. אַ באַריכט האָט אָפּגעגעבן דער סעקרעטאַר ח׳ שלמה קאַרצאָוויטש. ער באַצייכנט דעם ענגן קאָנטאַקט מיט די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. עס ווערט באַשלאָסן איבערצושיקן אַ דאַנק די נאָווי־דוואָרער רעליף־קאָמיטעטן.

איבערצושיקן אַ גרוס אַלע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין ישראל, ציפּערן, אַמעריקע און אין אַלע וועלט־טיילן; צו אויסדריקן אָנערקענונג דער ח׳ פינטשע פּאַפּיער, אַלס איינע פון די העלדישע פאַרטיידיקער פון יידישן כבוד אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן. דאַן ווערט געוויילט אַ קאָמיטעט פון פינף חברים: א. פינקער, ש. קאַצאָוויטש, ב. ראָזנבערג, מ. שימאַנאָווסקי, י. גרינער, און אַלס פאָרשטייער פון די ראַיאָנען: רויטמאַן, מאָסאַק, גאָלדבערג, יערא־זאַלימסקי, ב. פירסט, גאָלדשטיין און קאָסעווער.

מיט געזאַנג פון „התקוה״ שליסט דער פאָרזיצער די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג.





לעבנפאַרבליבענע נאָווי־דוואָרער יידן אין פוילן, ליגניץ 12.3.1947

אין צענטער — דער קאָמיטעט:

פייוויש קראָנענבערג, אלתר קשאָנשקאָ, אהרן בלאַנק, שמחה יאָסקאָוויטש

עַל זאת אֶסְפְּדָה וְאֵילִילָה
אֵילְכָה שִׁילָל וְעָרוֹם
אֶעֱשֶׂה מִסְפֵּד כַּתַּנִּים
וְאֵבֶל כִּבְנוֹת יַעֲנָה.

(מיכה ח׳)

דערויף וועל איך קלאָגן און יאָמערן,
איך וועל אומגיין באַרוועס און נאַקעט,
איך וועל מאַכן אַ קלאָג ווי די שאַקאַלן,
און אַ טרויער ווי שטרויספויגלען.

(מיכה ח׳, איבערזעצונג : יהואש)



# קדושי נובי־דבור

## א

**אַבראַמטשיק** חיים, צירל און טאָכטער
**אויסטרי** שמעון, רייזל און קינדער: מעכל, יעקב
**אונראַט** יחיאל מאיר, ברכה און קינדער: באַשע, יענטע, איטע
**אַטעלסבערג** אברהם און זיין פרוי פעלאַ
**אַטעלסבערג** יהושע משה און זיין פרוי שרה
**אַטעלסבערג** יאָסל, מלכה און קינדער: חיה, חיים, חוה
**אַטעלסבערג** מענדל און פרוי
**אַטעלסבערג** רבקה און מאַן יעקב
**איזראַעל** לייזער, לודקה
**אייגער־מונדלאַק** און משפחה, 4 נפשות
**אייזיקאָוויטש** חוה
**אייזיקאָוויטש** חנה ליבע
**אייזענמאַן** אביגדור, רעכל (באַביץ) און קינד
**אייכנבוים** לייבל, אסתר און קינדער
**איצקאָוויטש** אליהו, ציפע, משה זעליג, שרה, חנה, אסתר
**אַלטמאַן** מאָטיס
**אַלטמאַן** מענדל און משפחה
**אַלמאַן** דוד לייב, פייגע נעכע
**אַלמאַן** חנה חיה
**אַלמאַן** יחיאל
**אַלמאַן** עזריאל
**אַלשינקאָ** אברהם
**אַלשינקאָ** אריה און פרוי דבורה
**אַלשינקאָ** בענדעט, דבורה־ביילע
**אַלשינקאָ** גיטל
**אַלשינקאָ** הערש יוסף, ביילע און 3 קינדער
**אַלשינקאָ** הערש יצחק
**אַלשינקאָ** חנטשע
**אַלשינקאָ** יהושע און 3 קינדער
**אַלשינקאָ** יעקב משה און משפחה
**אַלשינקאָ** יצחק און פרוי צירל
**אַלשינקאָ** יצחק
**אַלשינקאָ** ישעיהו, דאָבע און קינדער: מינדל, יעקב נח
**אַלשינקאָ** ישראל
**אַלשינקאָ** לאה
**אַלשינקאָ** משה, שרה און טאָכטער
**אַלשינקאָ** רויזע
**אַלשינקאָ** עלקע
**אַלשינקאָ** שלמה
**אַלשינקאָ** שרה
**אַנקער** ברוך, גאָלדע און קינדער
**אַפּראָפּאָ** מרים
**אַקמאַן** בנימין און טאָכטער מיניע
**אַראָנעק** אשר זכריה, חיה, און קינדער: בת־שבע, משה
**אַראָנעק** שלמה, איטע רבקה און קינדער: רחל, טובה, הדסה, יהושע, דוד, פנחס, חיה

## ב

**באַביאַק** יאָסל מעכל, פרוי און קינדער
**באַביץ** די משפחה
**באַביץ** מנחם אהרן, פרוי און קינד
**באַביץ** רבקה, איר מאַן און קינדער
**באַגאַץ'** יצחק, פרוי רייזל (ראַדזינער)
**באַרנשטיין** אברהם
**באַרנשטיין** אברהם, ביילע, ישראל לייזער און סימעלע
**באַרנשטיין** אסתר רבקה
**באַרנשטיין** דוד און פרוי
**באַרנשטיין** הינדע (קירשטיין) און טאָכטער דבורה
**באַרנשטיין** הלל און פרוי
**באַרנשטיין** זלמן און חנה
**באַרנשטיין** יעקב, חנה און טאָכטער רבקה
**באַרנשטיין** יצחק
**באַרנשטיין** ישראל, פערל, מאַשעלע און שמחהלע
**באַרנשטיין** ישראל, פערל, פייוול, חנה
**באַרנשטיין** מאיר שלום
**באַרנשטיין** מירעלע
**באַרנשטיין** עוזיאל, פרוי און זון
**באַרנשטיין** פייוול, חנה און 2 קינדער
**בוים** הערשל, טשיפע און קינדער

ביטנער חיה
בינקער לאה, רחל, חיים בולע, שלמה און שרה
בינקער פנחס, שרה־מלכה און קינדער: יעקב, שלמה
שמואל, רויזע, אברהם, פנינה, שרהקה
בלאָט בעניעק
בלאַשקאַ ראובן הערשל, לאה און קינדער: חיים
לייזער, אברהם, שמחה, אפרים
בלומבערג מעכעלע און פרוי גיטל
בלומשטיין אברהם יצחק, פרוי און קינדער
בעלפער נעכע (פוקס)
בענדער משה, פרוי און קינדער
בערגער בנימין,ביילע, שעפסל
בראָדאָווסקי בייניש, באַשע
בראָדסקי אברהם, מאַשאַ
בראַון רייזל, אברהם, איטע
בראַון אברהם, איטקע און קינדער: שלום, יוסף
חיים, פייגע, דוד
בראַזיליע, די משפחה
בראַזיליע מענדל
בראַנדשטיין שאַשע, איטשע, גוטמאַן, פראַדל,
גאָלדע
ברינגאָווסקאַ חיה
ברענמאַן אריה לייב
ברענמאַן זעלדע
ברענמאַן יהושע
ברענמאַן קוקע

## ג

גאַבלער שכנא, מרים און קינדער: יענקל, שמעון,
שרה, רייזל, לייב חיים, שלמה, גדליה, דוד
גאָטהעלף, פרוי און קינדער
גאָטליב מענדל, פרוי און קינדער
גאָטליב שלמה, שיינדל און קינדער
גאָלאָוויצקי סאָכיע, שעפסל, בערל
גאָלדבראָך איטשע, שרה און קינדער
גאָלדבראָך אסתר
גאָלדבראָך ברכה
גאָלדבראָך יענקל און פרוי
גאָלדבראָך יידל, פרוי אין קינדער
גאָלדבראָך מענדל, טריינע און קינדער
גאָלדבראָך משה און פרוי
גאָלדבראָך נתן מאיר, פרוי און קינדער
גאָלדיינסקי ברוך
גאָלדיינסקי הינדע, מלך און קינדער: אסתר, רייזל
גאָלדפעניג לייב און טעכטער: לאה, חוה, האָדעס
גאָלדפעניג נח און משפחה
גאָלדשטיין אליעזר, רבקה, אברהם, מאיר וואָלף,
בראָנשע, חיים
גאָלדשטיין יוסף, מרים און קינדער
גאָלדשטיין לייזער פסח און פרוי
גאָלדשטיין משה און פרוי בריינע
גאָלדשטיין פסח, אסתר, יוסף, מרים, באַשע
גאַרבער אביגדור און פרוי
גאַרבער עלקע
גוזשיק משה ברוך
גוזשיק פיניע, פרוי און קינדער
גוטמאַן גאָלדע, רבקה
גוטפאַרב מינדל און קינדער
גורעצקי אלי מאיר, פרוי און קינדער
גורעצקי חיים, בלומע און קינדער: מאָניעק, סאָלטשע
צעשאַ
גורעצקי יידל, פרוי און קינדער
גורעצקי מרדכי לייב, פרוי און קינדער
גורעצקי נחום, פרוי און קינדער
גורעצקי פייוול, פרוי און קינדער
גלינסקי אשר, זיין פרוי און זייער טאָכטער מלכה
מיטן מאַן און קינד
גליקסבערג ליבע
גנילאָפּיאַט משה און פרוי אסתר לאה
גנילאָפּיאַט אליעזר, פרוי און קינדער
גערצנשטיין אסתר, איר מאַן און 3 קינדער
גערשט רייזל און קינדער: ריקל, שפרינצע, שיינדל,
גאָלדע
גראַבמאַן אַנדזשאַ און מאַן
גראַבמאַן העלענקאַ, איר מאַן און טאָכטער
גראַבמאַן טעמע
גראַבמאַן יאַנקעלעק, זיין פרוי און קינדער
גראַבמאַן יולעק, באַלטשע און 2 קינדער
גראַבמאַן שמואל און פרוי יענטע
גראָדזשיצקי משה, רחל און קינדער: מרדכי,
אליעזר
גראָטמאַן אליעזר, פרוי און קינדער
גראָסבאַרד משה, מינדל
גרינער אברהם, הינדע, און קינדער: רויזע, רבקה,
לאה, חנה, יאָסל, הערשל
גרינער יענקל און פרוי גיטל,

**גרינער** יהושע
**גרינער** פעסל און חיה
**גרינשפּאַן** וועלוול, פרוי און קינדער
**גרשון** פרומע, טובה

## ד

**דאָבסקי** איטע
**דאָבסקי** גאָלדע
**דאָבסקי** שמואל
**דאָבראָוויטש** משה
**דאַכוואַנט** חיים
**דאַמב** טשיפּע און איר זון איטשע מאיר
**דאַמב** שרה גיטל, איר מאַז און קינדער
**דאַנציגער** פּערל, רוחטשע, גאָלדע
**דולץ**, פרוי און קינדער
**דולץ** ישראל, יוכבד לייבל, שעפּסל, שיע, בוטשע

## ה

**האָלץ** חיים ברוך, עטע, און קינדער
**האָלץ** ישראל, לאה, הערשל, דבורה, יצחק יענקל, חנה דאָבע
**האָלץ** שרה רבקה, מאַן און קינד
**האָלצמאַן** הערשל, פרוי און קינדער
**האָלצמאַן** חיים,ביילע און קינדער: פּערל, לאה, רחל זלאַטע, מאַניאַ
**האָלצמאַן** פעלאַ
**האָלצמאַן** רחל
**האָלצמאַן** שמואל אהרן, צירל, חיה, אברהם, חיים, שרה
**האָלצער** — ראָזנשטיין גוטשע און טאָכטער
**הילדענבראַנד** העניעק און פרוי
**הילדענבראַנד** איזאַק, יאָספע (קאָניאַנסקי) און קינד
**הילדענבראַנד** יעקב און פרוי
**הירשביין** (כץ) סאָניאַ און איר טעכטערל בעלינקאַ
**הירשביין** (וואַקס) סאָניאַ און טאָכטער העלענאַ
**הירשביין** בלומע
**העלמאַן** חיה
**העלפּענביין** סאָנע, דבורה, מאַניאַ
**הערמאַן** אברהם
**הערמאַן** אהרן, פייגע מלכה און טאָכטער טשאַרנע
**הערמאַן** אהרן
**הערמאַן** חיה
**הערמאַן** לאה
**הערמאַן** רבקה
**הערשפּאַנג** איטשע, אסתר ביילע און 2 קינדער
**הערשפּאַנג** ביילע
**הערשפּאַנג** הערשל, פייגע, שמעון, דאָבע.
**הערשפּאַנג** לייבל
**הערשפּאַנג** מאָטל, פרוי און קינד
**הערשפּאַנג** משה, פרוי און 2 קינדער
**הערשפּאַנג** פסח, רחל, שיינדל, ביילע, שרה, חייטשע
**הערשפּאַנג** רבקה, ביילע, שרה,
**הערשפּאַנג** רודע
**הערשפּאַנג** רחל און איר מאַן

## ו

**וואַלאַך** יצחק, הענע (שרוט), און קינדער: משה, אסתר
**וואָלאַנאָוו** אהרן, רבקה און קינדער
**וואָלינסקאַ** ברכה און קינדער
**וואָלינסקי**, די משפּחה
**וואָלמאַן** יוסף, שרה און זון שמואל
**וואָלענקאָווסקי** דאָבע
**וואָלענקאָווסקי** יאָסל, רבקה און קינדער
**וואָלענקאָווסקי** איטע
**וואָלענקאָווסקי** נעמי
**וואָלענקאָווסקי** רויזע
**וואַנט** אשר, גיטל
**וואַנט** יענקל, חיה, יהודית
**וואַרשאַוויאַק** זעליג, מרים און קינדער
**ווייך** אברהם, דבורה און 3 קינדער
**ווילדנבערג** אברהם, זיין פרוי און 5 קינדער
**וויינשטאָק** הערשל, זלאַטע און קינדער
**וויינשטאָק** חיים שמערל
**וויינשטאָק** פייגע, מאַן און קינד
**וויינשטיין** בנימין, פרוי און 5 קינדער
**וויינשטיין** דאָבע (שיקאָראַ)
**וויינשטיין** דבורה און טאָכטער צפורה
**וויס** נתן, חוה, ברכה
**וולוקאַ** חיים, שיינדל און 3 קינדער
**ווענגראָווער** הערשל און פרוי
**ווערמוס** איטשע, פרוי און קינד
**ווערמוס** חיים, פרוי און קינדער
**ווערמוס** איטע, לאה און אַלטע
**ווערמוס** לייבל
**ווערמוס** שמשון

**וואַנסקי** הערשל
**וואַנסקי** רבקה
**וואַנסקי** שרה (קאַטאָוויטש) און זון שלום
**ווּרובעל** יחזקאל, פרוי און טאָכטער

## ז

**זאַוויערוכאַ** אברהם און זיין פרוי יוכבד
**זאַלצמאַן** נטע, רחל און קינדער
**זאַלצמאַן** אברהם, זיין פרוי און קינדער: יחיאל, גאָלדע
**זאַמילעוויטש** מאַקס און פרוי דאָראַ
**זאַקהיים** חנה, שלום
**זיידמאַן** וואָלף און זיין פרוי יענטע רייזל
**זיידנבערג** אלימלך, חנה רבקה און קינדער: בלומע אליעזר, פייגע
**זיידנבערג** גדליה און פרוי
**זיידנבערג** דוד, חיה און קינדער: לייב, פערל, גאָלדע, יענטע
**זיידנבערג** הערשל און משפחה
**זיידנבערג** חנא, חנה און קינדער
**זיידנבערג** יאַנעס און זיין פרוי פייגע (קוקעלקאַ)
**זיידנבערג** יונה
**זיידנבערג** יוסף
**זיידנבערג** יוסף און זיין פרוי רבקה
**זיידנבערג** יעקב, חיה און קינדער
**זיידנבערג** מינדל
**זיידנבערג** פייגע
**זיידנבערג** צערקע
**זייף** דוד, קיילע און 2 קינדער
**זילבערבערג** צבי
**זילבערטאַל** ידידיה, רחל, טובה
**זילבערמאַן** אסתר
**זילבערמאַן** חיה
**זילבערמאַן** לובאַ
**זילבערמאַן** שמואל
**זילבערשטראָם** איסר פרוי און קינדער
**זילבערשטראָם** יידל, חיה הינדע (כהן) און 2 קינדער
**זלאָטניק** אסתר הדסה און משפחה, 4 נפשות
**זלאָטיקאָמיען** חיים, זעלדע און קינדער

## ט

**טאַוז** חיים מאיר, שרה, שיע־לייב, בנימין, יחזקאל, שמשון
**טאַוב** מאָטע
**טאָפּ** בערל
**טאָפּ** דוד, הענע
**טאָפּ** הערשל, גיטל, אליעזר, פייוול, אײדל (טוגנטמאַן)
**טאָפּ** היה עטע, משה, הערשל.
**טאָפּ** יואל, פרוי חנה, בעלאַ, ישעיהו
**טאָפּ** יעקב
**טאָפּ** לאה
**טאָפּ** לייבוש, פרוי שרה לאה און קינד
**טאָפּ** לייבל
**טאָפּ** מאיר, פרוי חנה
**טאָפּ** מלך און פרוי יאַכע
**טאָפּ** פריידע, יואל
**טאָפּ** שלמה איטשע, טאָבע און קינדער: חוה, שרה, לייבל
**טאַרנעגויל** מאָטע
**טאַרנעגויל** אברהם, פרוי און קינדער
**טאַרנעגויל** שלמה, פרוי און 3 קינדער
**טוכבאַנד** אריה
**טוכהענדלער** משה און פרוי
**טוכהענדלער** נתן דוד און פרוי
**טורקעלטאַוב** ראָזע
**טורקעלטאַוב** פערל, יענטע
**טיק** אברהם
**טיק** ברוך, קריינדל, און קינדער: ראובן, יצחק
**טיק** הענעך
**טיק** חוה, מאַן און קינדער
**טיק** חיים, פרוי און קינדער
**טיק** לאה, מאַן און קינדער
**טיק** סימע לאה און קינדער
**טיק** רבקה
**טיק** שרה לאה און פאַמיליע
**טיקולסקי** הינדע, מאַן און 2 קינדער
**טיקולסקי** ברכה
**טראַנספּאָרט** משה און משפחה
**טריילעזער** משה, ראָזע, חנה, בינה און יעקב
**טשיזש** דוד, פייגע, חנה רחל, אליעזר יואל, גרשון
**טשעכאַנאָווסקי** נח, פרוי און קינדער

## י

**יאַניש** יהודית, מאַן און קינדער
**יאַנקעלעוויטש** משה, פרוי און קינדער
**יאַסקאָוויטש** געלע, חנה

יאָסקאָוויטש חיים, רבקה, הערשל, דבורה,
יאָסקאָוויטש משה, פרוי און 3 קינדער
יאַקובאָוויטש יהושע און טעכטער: שרה, אסתר מרים
יאַרזשאָמבעק אבא, רבקה און משפחה
יאַרזשאָמבעק הענע
יאַרזשאָמבעק משה,ביילע און טאָכטער חנה דאָבע
יונקער לייב, גיטל, משה, שמואל
יורעס יוסף, פרוי העלע און קינד
יורעס יעקב, סאַלע און זון מאָניעק
יעראָזאָלימסקי אברהם, פרוי און קינד
יעראָזאָלימסקי ביילע
יעראָזאָלימסקי יענקל
יעראָזאָלימסקי ירחמיאל, חיה שרה און 2 קינדער
יעראָזאָלימסקי מיכאל

## כ

כהן אברהם, פרוי און קינד
כהן אליעזר, פרוי און קינדער
כהן משה, יהונתן
כץ יידל, רבקה און קינדער

## ל

לאַטראָווסקי יוכבד און טעכטער: באַשע און משפחה
גוטע און משפחה
לאַמענט מרדכי, באַשע און קינדער: פייגע, הערשל
לאַנדאַו אשר, טשיפע און קינדער
לאַנדאַו יעקב
לאַקעטש אסתר
לאַקעטש אברהם און פרוי
לאַקעטש, די משפחה
לאַקרעץ נחמן, עטל און קינדער: שמואל גדליה,
אפרים
לובעלסקי לייבל, יהודית
לויבגאַט איטשע זעליג, פרוי און טעכטער
ליבערמאַן יצחק
ליטווינאָוויטש אברהם, פרוי און קינדער
ליטווינאָוויטש נח און פרוי
ליטווינאָוויטש חנה
ליטמאַן אברהם און פרוי
ליטמאַן זלמן, האָדל און קינדער
ליטמאַן חנה געלע
ליטמאַן יוסף
ליטמאַן נעמי
ליטמאַן פישל
ליטמאַן שמעון און פרוי
ליטמאַן שרה-לאה, חיה
ליכטנשטיין חיים און פרוי
ליכטנשטיין מאיר און פרוי עטל
ליכטנשטיין מלכה
ליפשטיין מרדכי, פרוי לאה, יצחק, אפרים, רויזע
לישקעוויטש מאיר און 2 זין
לעוויט שיינדל און משפחה
לעווינשטיין ישראל לייב, פרוי און קינדער
לעווינשטיין מלכה, מאַן און קינדער
לעווינשטיין פישל, פרוי און קינדער
לעווקאָוויטש האָדעס
לעווקאָוויטש ישראל, פרוי און קינד
לעווקאָוויטש פסח, פרוי און קינדער
לעריך ברוך, פרוי און קינדער
לעריך אלי פרוי און קינדער
לעריך דוד און 3 קינדער
לעריך דוד, פרוי שרה
לעריך הענדל
לעריך זישע, פרוי און קינדער
לעריך מינדל, מאַן און זון
לעריך מרדכי מענדל און משפחה
לעריך מרדכי, פרוי און קינדער
לעריך משה, מלכה
לעריך נחמה און קינדער: יוכבד, רבקה, דוד, רויזע
לעריך פריידע
לעריך ציריל דאָבע
לערנער דוד, סאָניאַ (זילבערטאַל) און זייער
זונדעלע יוטעק

## מ

מאַגיד הערשל און חוה
מאַגיד אסתר
מאַגיד מאיר, שרה, רבקה, באַשע
מאַגיד יהושע
מאַטושאַק מרדכי, פרוי תרצה
מאַלאַרסקאַ דאָבע און שרה
מאָסאַק רבקה, האָדל, דבורה, פייגע
מאָסטאָוויטש אליעזר און פרוי נעכע
מאָסטאָוויטש הערשל, מרים און טאָכטער פערל
מאַק יצחק, רחל
מאָרדיקס אברהם, פרוי און קינדער

**מאָרדיקס** בצלאל
**מאָרדיקס** יהושע
**מאָרדיקס** מענדל און פרוי
**מאָרדיקס** פּיניע, פרוי און קינדער
**מאָרדקאָוויטש** איטשע און באַשע
**מאָרדקאָוויטש** חיים
**מאָרדקאָוויטש** חנה
**מאָרדקאָוויטש** יונה
**מאָרדקאָוויטש** שרה
**מאַשקאָוויטש** חיים איטשע, יאָספּע און קינדער
**מאַשקאָוויטש** משה, פרוי און קינדער
**מאַשקאָוויטש** עקיבא און קיילע
**מונדלאַק** אסתר
**מונדלאַק** בן־ציון
**מונדלאַק** דוד, טובה און טאָכטער עטל
**מונדלאַק** העלענקאַ
**מונדלאַק** יהושע, בערטאַ און קינדער: זישע און מאַניאַ
**מונדלאַק** יוסף משה
**מונדלאַק** יחיאל משה, רחל (ריישער) און טאָכטער יהודית
**מונדלאַק** יעקב
**מונדלאַק** יעקב, פרוי און 2 קינדער
**מונדלאַק** יצחק מאיר
**מונדלאַק** ישראל, זעלדע און טאָכטער רות
**מונדלאַק** נעמי
**מונדלאַק** שלום ברוך און פרוי
**מיאַראַ** איטשע, פרוי און קינדער
**מיאַראַ** אברהם, פרוי און קינדער
**מיטלפּונקט** ברוך
**מיכאַלאָווסקי** באַשע, מאַן און קינד
**מיכאַלאָווסקי** הענעך און פרוי חומה
**מיכאַלאָווסקי** מענדל, פרוי און קינדער
**מיכאַלאָווסקי** עלקע
**מיכאַלאָווסקי** רבקה
**מיכאַלאָווסקי** שייע, פרוי און קינדער
**מיכאַלאָווסקי** שרה גיטל, מאַן און קינד
**מיכאַלאָווסקי** אלי
**מיילעכאָוויטש** מענדל, אהרן, חייטשע, יצחק
**מיילעכאָוויטש** יצחק, צירל לאה אין זון בעני
**מיכלסבערג** אברהם יצחק, פרוי און קינדער
**מיכלסבערג** מנשה און פרוי דאָבע
**מיכלעוויטש** מרים
**מינדליס** שרה מלכה, יוכבד
**מינץ** יענקל, דוד, משה
**מינץ** הינדע, מאַן און 3 קינדער
**מיענדזיגאָרסקי** מענדל, פרוי פריידקע און קינדער
**מענדלסאָן** שרה לאה
**מערעטיק**, די משפחה

## נ

**נאָוואָדוואָרסקי** אברהם
**נאָוואָדוואָרסקאַ** אסתר
**נאָוואָדוואָרסקי** (מאַרקוס) טאָבע און ישראל
**נאָוואָדוואָרסקאַ** יוכבד, מאַן און קינדער
**נאָוואָדוואָרסקאַ** ראַשקע, מאַן און קינדער
**נויפעלד** ראובן יהודה, הרב הגאון און זיינע קינדער: מילקע, שרהלע און שלמה
**נויפעלד** נחום, חנה און קינדער: אברהם און אלי

## ס

**סאַקאָווסקי** אסתר, פרימעט
**סאַקאָווסקי** בצלאל
**סאַשינסקי** באַשע, פייגע שרה, חנה, רבקה
**סאַשינסקי** דוד, שיינדל, סימע, מנחם, שרה
**סאַשינסקי** וואָווע, פעסיע און קינדער: רבקה, יסקע, איטע, חיים
**סאַשינסקי** וואָלף און קינדער: יוסף, רבקה
**סאַשינסקי** לייבוש, חוהטשע און קינדער: יוסף, יעקב, דוד, דב, נתן
**סטאַראָוויעיסקי** אהרון יהושע און פרוי
**סטאַראָוויעיסקי** ברוך, פרוי און קינד
**סטאַראָוויעיסקי** הערש יוסף, שרה איטע און קינדער
**סטאַראָוויעיסקי** חוה, מאַן און קינדער
**סטאַראָוויעיסקי** חנה פייגע, מאַן און קינדער
**סטאַראָוויעיסקי** יהושע
**סמאָלאַרסקי** גדליה, מרים און קינדער: רחל, בערל, ביילע פעסיע
**סמאָלאַרסקי** לייבל
**סעגאַל** יאָסל
**סעגאַל** יצחק און פרוי
**סעגאַל** שמחה
**סעגאַלאָוויטש** אליהו יצחק, פרוי און קינדער
**סעגאַלאָוויטש** טוביה און פרוי
**סעגאַלאָוויטש** יאָסל, פרוי און קינדער

**סעמיאַטיצקי** גיטל
**סעמיאַטיצקי** חיים און פרוי
**סקולסקי** אהרן
**סקולסקי** יהושע
**סקולסקי** נחמן, פרוי און 3 קינדער
**סקולסקי** שלום
**סקשידלאַ** לייבל
**סקשידלאַ** מענדל, דבורה און זון מרדכי
**סרעברניק** לייבל, רחלע (נויפעלד)
**סרעברניק** שמשון נטע, רבקה לאה און טאָכטער שרהטשע

## ע

**עווענסאָן** פריידע, שפרינצע, חיה
**עסער** שלמה, חנה
**עפרוימאָוויטש** הערשל און פרוי
**עפרוימאָוויטש** חנה
**עפרוימאָוויטש** משה
**עפענדאָוויטש** פנחס, חנה איטע, מלכה, פריידע, עטל, מיכל, ישראל
**עקמאַן** אַנדזשאַ (מונדלאַק)
**ערבשטיין** יעקב אריה און פרוי
**ערבשטיין** יצחק, אַדעלאַ און טאָכטער בראָנקאַ
**ערבשטיין** מענדל

## פּ

**פּאָטאַש** חיים נתן, טובה און קינדער: אברהם, אסתר
**פּאָלאָניעצקי** ברכה
**פּאָלאָניעצקי** חוה (העלמאַן)
**פּאָלאָניעצקי** אסתר (רויזמאַן)
**פּאַפּיער** אברהם, חנה, פייגע און הענעך, משה און לייבעלע
**פּאַפּיער** אהרן, מלכה, און קינדער: עטע, רבקה
**פּאַפּיער** דאָבע
**פּאַפּיער** דוד, מלכה און זון משה
**פּאַפּיער** דוד, שרה און טאָכטער דאַנקאַ
**פּאַפּיער** הערשל
**פּאַפּיער** זישע
**פּאַפּיער** יוסף און הענע
**פּאַפּיער** יחיאל
**פּאַפּיער** ישעיהו
**פּאַפּיער** לאה
**פּאַפּיער** לייבל
**פּאַפּיער** לייבל, חיה בינה
**פּאַפּיער** מאָטיס, פרוי אסתר, קלמן, ירחמיאל
**פּאַפּיער** מאָטל
**פּאַפּיער** מענדל, נעמי און קינדער: חיים, אסתר
**פּאַפּיער** משה
**פּאַפּיער** סענדער, דאָבע און משפּחה
**פּאַפּיער** שלמה און משפּחה
**פּוטערמאַן** הערשל, פרוי און 2 קינדער
**פּוטערמאַן**ביילע פייגע און טאָכטער האָדל
**פּוטערמאַן** פייוול, פרוי און טאָכטער
**פּוטערמאַן** לאה און קינדער: יענקל, יאָסל, איטע
**פּוטערמאַן** שלמה, פרוי און טאָכטער
**פּיטולסקי** אַנדזשאַ און זון אליהו יצחק
**פּיטולסקי** הענעך
**פּיטולסקי** פערל
**פּיטולסקי** פריידע
**פּיטולסקי** שלום און פרוי חיה
**פּיניעווסקי** מאַשאַ, מאַן און קינדער
**פּינקער** בלומע און מאַן מענדל
**פּינקער** בנימין, פרוי רויזע
**פּינקער** יעקב
**פּיעחאָטקע** חיים לייב, גאָלדע מינדל, יצחק אייזיק
**פּלאָטשינסקי** נפתלי און פרוי
**פּלאָטשינסקי** יעקב לייב, פרוי און קינדער
**פּערלמאַן־ליטמאַן** ליבע און משפּחה
**פּערלמוטער** הערשל, פרוי און קינדער
**פּערלמוטער** יאַנטשע און פרוי
**פּערלמוטער** משה, פרוי און קינדער
**פּערלמוטער** פסח, פרוי און קינדער
**פּערלמוטער** שמחה און פרוי

## פ

**פאָגעל** יונה, לייבל, וועלוול, הערשל, שרה
**פאָגעל** הערשל
**פייגנבוים** יוסף, רחל און קינדער: חיהטשע, אברהם
**פייגנבוים** יידל, פרוי און 2 קינדער
**פייגנבוים** יצחק (איצל), פייגע און זון בנימין
**פייגנבוים** משה און טאָכטער רבקה מלכה
**פייגנבוים** פעסע און מאַן
**פייגנבוים** שלמה און פרוי גיטל
**פייגנבוים** שמואל, חנה פייגע און טאָכטער ליבע
**פיינשטיין** מרדכי, חנה פייגע (מונדלאַק) און קינדער: אידאַ, מאַניק

**פינקלשטיין** אברהם אליעזר שו״ב און פרוי
**פינקלשטיין**ביילע (סעמיאַטיצקי) און קינד
**פינקלשטיין** בצלאל און פרוי מרים
**פינקלשטיין** גרשון, פרוי און קינדער
**פינקלשטיין** חיים, רחל (ראַדזינער) און קינדער: פייגעלע, חנה
**פינקלשטיין** חנה און מאַן
**פינקלשטיין** מאיר, רבקה־רייזל, אשר, שלום, מלכה, לאה
**פינקלשטיין** מנחם מענדל, פרוי טאָבע
**פינקלשטיין** משה
**פינקלשטיין** פנחס פרוי און קינדער
**פינקלשטיין** פריידע, מאַן און קינד
**פינקלשטיין** רחל
**פינקלשטיין** שלמה
**פינקלשטיין** שלמה, פרוי און קינד
**פירסט** ישראל חיים און פרוי מרים שרה
**פעלדמאַן** הענע
**פעלדמאַן** חיים, פרוי חיה
**פעלדמאַן** יעקב
**פעלדמאַן** משה
**פעלדמאַן** און פרוי רבקה (האַלצמאַן)
**פעלדמאַן** רחל
**פעלנער** רחל (ראַדזינער)
**פעפערבערג** וואָלף, ליבע לאה און קינדער
**פערנעבאַק** אליהו און פרוי מאַלע (טוועטנסאַן)
**פערנעבאַק** לאהטשע
**פרידמאַן** אברהם און פרוי
**פרידמאַן** דבורה (קופערשטיין) און קינדער: שעפסל, גיטל
**פרידמאַן** יחיאל, פרוי און 4 קינדער
**פרידמאַן** פישל, פרוי און טאָכטער
**פרידמאַן** שלמה, ברײַנדל, גדליה
**פרייליך** ביילע, חוה
**פרייליך** דוד
**פריימאַן** בצלאל און פרוי רוזשקע
**פריימאַן** גרשון און פרוי רבקה
**פריימאַן** הערשל און פרוי מאַשע
**פריימאַן** יעקב
**פריימאַן** משה
**פריימאַן** אהרן, פערל און קינד
**פרענקל** שאול, הינדע און קינדער: מענדל, דוד

## צ

**צאַלקאָוויטש** הערשל, אסתר און קינדער: שבע, פערל, אפרים, מרדכי, משה, שלמה, ברכה
**צודיקער** אברהם, שלום
**צוקער** חיים, רבקה און קינדער: אסתר, שרה, משה
**צוקער** פייוויש און פרוי גיטל
**צוקער** שלמה, גיטל און קינדער: שיינע, וואָלף, מאיר
**צוקערמאַן** חנה, אריה, ברײַנדל
**צוקערמאַן** לייבל
**צוקערמאַן** משה דוד און פרוי
**צייטאַג** זעלדע
**צייטאַג** חנה מינדל
**צייטאַג** יהודית
**צייטאַג** שמואל יונה
**צינאַמאַן** בערל, פרוי און 3 קינדער
**צירקלעוויטש** טאָבע און קינדער: שרה ביילע און חיים

## ק

**קאַגאַן** מענדל, פרוי און קינדער
**קאַגאַן** הרצל
**קאַופמאַן** יחיאל, פריידע, הערש מאיר
**קאַטאָוויטש** משה, גאָלדע און טאָכטער חוה
**קאַכאַלסקי** אסתר (בלאַנק)
**קאַכאַלסקי** הענדל און 2 קינדער
**קאַכאַלסקי** מנשה, פרוי און קינד
**קאַכאַלסקי** מענדל, מאַלע און קינדער: שמחה, מאַשע
**קאַלוואַריסקי** פנחס, אַלטע חיה, די זין: משה, דוד און טעכטער
**קאַלוסקי** ישראל און פרוי סימע
**קאַמיען** פייוול, פריידע און קינדער: שרה, צעשאַ, חיה און משה
**קאַניאַנסקי** דוד
**קאַניאַנסקי** יעקב, שרה און קינדער
**קאַניאַנסקי** יצחק, חיה און קינדער
**קאַניאַנסקי** מאיר, פרוי און 2 קינדער
**קאַניאַנסקי** צבי (הערש) און פרוי חנה
**קאַסעוווער** אהרון יהושע, פרוי און קינדער
**קאַסעוווער** חנה
**קאַסעוווער** יהושע, חנה און קינדער: הערשל, משה
**קאַסעוווער** פייגע, מאַן און קינדער

**קאַסעווער** שלמה, חיה און קינדער: יאָסל, שיע, לייבל, חיים, בערל און דבורה

**קאַראַלטשיק** מרדכי, גאָלדע

**קאַראַש** בצלאל, לאה און העלע

**קאַרנשטיין** מענדל, חנה און קינדער: רעכל, משה, אליעזר, דבורה און אסתר

**קאַרנשטיין** שלמה, מרים, מנחם אהרון

**קאַרצאַוויטש** גרשון, חיה שרה און קינדער: יוסף, קריינדל

**קאַרצאַוויטש** דוד לייב

**קאַרצאַוויטש** מאָטל און ברודער

**קאַרצאַוויטש** משה (בן אליהו) פרוי און קינדער

**קאַרצאַוויטש** משה (בן אברהם), פרוי און קינדער

**קאַרצאַוויטש** משה (בן איטשע זעליג), פרוי און קינדער

**קאַרצאַוויטש** פינטשע

**קאַרצאַוויטש** רייזל און טעכטער: יוכבד און מאַן, חנה, אסתר, פייגע, גאָלדע, מינדל

**קוויאַט** משה

**קוויאַט** שרה

**קופערשטיין** לאהטשע

**קופערשטיין** לייבקע, שרה און קינדער: פייגע, אביגדור, שייע, אברהם, רחל

**קוצ׳ינסקי** און משפחה

**קוקעלקאַ** ישראל, ראָזאַ און 2 קינדער

**קירשטיין** אברהם, שרה רבקה און קינדער: פייגע, לאה

**קירשטיין** רבקה

**קירשטיין** בלומע

**קירשטיין** גאָדל, חנה און קינד

**קירשטיין** הערשל און פרוי אסתר

**קירשטיין** הערש חיים

**קירשטיין** הערשל, שיינדל

**קירשטיין** משה

**קירשטיין** משה, הינדע און קינדער: פריידע, לייבל

**קירשטיין** שלמה, פרוי און זון

**קלאַצמאַן** רבקה, פסח, מאיר, רחל

**קליימאַן** זלמן

**קליימאַן** יצחק

**קליימאַן** מאיר און פרוי

**קליימאַן** פנחס

**קלייער** יחזקאל, זלאַטע רחל, חיה־לאה, אפרים לייב, אהרן חיים

**קלעביינסקי** און פרוי יהודית (מונדלאַק)

**קנאַסטער** חנא, פרוי עטל

**קנאַסטער** מענדל, פרוי העלאַ און קינדער: מאַניק, מינדעלע

**קנעכט** אהרן לייב, פרוי שרה רבקה (לייזעראָוויטש)

**קעלישעק** משה, רחל (באָטווינקע) און 5 קינדער

**קעלמאַנאָוויטש** קלמן, שרה און יידל

**קעלערווייס**ביירעך, נעמי און קינדער: לידיאַ, מאַקס, דאָראַ

**קראָנענבערג** תנחום, יאָספע, צביה, יוכבד

**קראַשניקער** יחיאל שמעון, פערל, לייבל, בריינדל, חיים, שמואל, צינה, חיה

**קריידשטיין** חיים, רבקה (באַביץ) און קינדער

**קריידשטיין** פרץ, חנהטשע (באַביץ) און טאָכטער לאָלאַ

**קשעטשאַנאָווסקי** יעקב

## ר

**ראַדזינער** אליהו, חוה איטע, מלכה, רחל

**ראַדזינער** הערשל, רחל, רייזל, קלמן, חנה

**ראַדזינער** הערשל, פרוי מאַניאַ (שקלאַנקאַ)

**ראַדזינער** מאָטל, פרוי חנה (פוקס)

**ראָזנבוים** יחיאל מענדל, פרוי חנה שרה

**ראָזנבוים** בוטשע, פרוי און קינד

**ראָזנבוים** מאָטל

**ראָזנבוים** פסח, פרוי און קינדער

**ראָזנבערג** אברהמטשע

**ראָזנבערג** אברהם, ביילע, איטשע

**ראָזנבערג** ישראל פרוי און קינדער

**ראָזנבערג** מרדכי און פרוי

**ראָזנבערג** עטל

**ראָזנבערג**, פרוי און קינדער

**ראָזנטאַל** חנא

**ראָזנטאַל** יאָסל, שרה

**ראָזנטאַל** יוסף, פרוי און 2 קינדער

**ראָזנטאַל** לייבוש

**ראָזנטאַל** מאיר און פרוי

**ראָזנטאַל** מאַטיס

**ראָזנטאַל** מענדל און משפחה

**ראָזנטאַל** משה

**ראָזנפעלד** איטשע און פרוי

**ראָזנפעלד** יחיאל און פרוי

**ראָזנשטיין** אסתר און משפחה

ראָזנשטיין יידל, פרוי און טאָכטער
ראָזנשטיין חיים, חאַשקע
ראָזנשטיין יאָסל
ראָזענמאַן חיים
ראָזענמאַן אייזיק, פרוי רבקה
ראָטבלאַט יפה און קינדער: טובה, רחל, פנחס
ראָטשטיין דוד שלמה, פרוי און קינדער
ראָטשטיין יעקב, פרוי און קינדער
רויזמאַן יוסף אלתר, שפרינצע, יענטע, מרדכי
רויזמאַן משה, פרוי און קינדער
רויזמאַן אלתר, דבורה, שפרינצע, יענטע, מרדכי
רויזמאַן חיה
רויזמאַן רחל לאה, שפרינצע, רבקה, ברוך לייזער, מרים איטע, שרה, שמואל יצחק
רויזקעס הענדל און קינדער: הערש דוד, ישראל, פייגע
רויטקאָפּ יענקל, אסתר און קינדער
רונדפלייש ישראל, באַשע מלכה
ריבאַ אריה און פרוי
ריבאַ באַשע, מאַן און טאָכטער ברכה
ריבאַ ברוך
ריבאַ הענע און זון מרדכי אשר
ריבאַ הערשל
ריבאַ חוה און מאַן
ריבאַ יענקל און פרוי עטל
ריבאַ יהושע און פרוי
ריבאַ ישראלקע, מלכה און קינדער, יהושע פנחס, משהלע און יצחק
ריבאַ מרדכי יהודה און פרוי איטע
ריבאַ נתן מאיר
ריבאַ שמחה, לאהטשע און קינד
רייכמאַן דוד לייב, פרוי און קינדער
רייכמאַן הערשל, רחל און קינדער: שרה, מיכאל, זעליג
רייכמאַן זעליג
רייכמאַן חיים לייב, יענטע און קינדער: מיכאל, פערל
רייכמאַן נחמן, פרוי און קינדער
רעמבוים נח

## ש

שאַפּיר בתיה
שאַפּיר יענטע
שאַפּיר יצחק מאיר
שאַק אברהם, הענע און קינדער: מאיר, חנה
שאַק אפרים, פרוי און קינדער
שוואַרץ הערשל, צירל און קינדער: משה, רייזל, יחזקאל
שוואַרץ יענטע און קינדער: יידל, יסקע
שוואַרץ שמחה, פרוי און קינדער
שול אהרן, רחל, שלום, יענקל, יוסף, שרה רבקה, חנה גאָלדע
שולבאַנק אהרן, פרוי און 3 קינדער
שולבאַנק משה נתן און פרוי
שולמאַן יהושע, חנה און קינדער: ברכה, שרה
שולמאַן חנה
שולמאַן מאיר
שולמאַן שמחה בינם
שולץ שלום און פרוי
שורעק רוחטשע און זון סעוועק
שטאָלצמאַן אהרון און פרוי דבורה
שטאָלצמאַן שבתי, פרוי און קינדער
שטאַרקאָפּ מענדל
שטאַרקאָפּ הערשל, פייגע און קינדער
שטאַרקאָפּ שמואל זיינוול און פרוי
שטיינבערג ניסן, לאה משה, אסתר
שטיינמאַן יוכבד, מאַן און קינד
שידלאָ משה אהרן און פרוי עטל (קנעכט)
שיטאַרסקי אברהם און קינדער
שיטאַרסקי פערל
שיינבוים אברהם און פרוי
שיינבוים חיים און פרוי
שיינבוים שלמה
שייקע יעקב, ליפטשע און קינדער: משה, הערשל, רבקה, פייגע
שימאַנאָוויטש אברהם און פרוי דבורה
שימאַנאָוויטש, פרוי און 3 קינדער
שימאַנאָוויטש טוביה, פרוי און 4 קינדער
שימאַנאָוויטש יוסף, פרוי און קינדער
שימאַנאָוויטש לייזער, פרוי און 4 קינדער
שימאַנאָוויטש מענדל, פרוי און 3 קינדער
שימאַנאָוויטש משה יענקל, שרה און קינדער: פייגע, פריידע, בינה, שמשון
שימאַנאָוויטש צירל און זון פיניע
שימאַנאָווסקי בינם, פערל און זון אליהו יצחק
שימאַנאָווסקי בן־ציון, חוה און זון ישראל משה

**שימאַנאָווסקי** ברוך, פייגע און זון ליפּא
**שימאַנאָווסקי** טובה
**שימאַנאָווסקי** משה
**שימאַנאָווסקי** ניכע
**שימאַנאָווסקי** יוסף, גאָלדע און 3 קינדער
**שימקאָוויטש** דינה (וויינשטאָק)
**שינדלער רבקה**, און טאָכטער ליובאָ
**שיקאָראַ** אבא, חוה און קינדער: שמואל, צפּורה, פּייוויש
**שלאַנג** אליעזר יוסף, ברוך, יצחק מרדכי
**שלאַנג** יהודה אריה
**שלאַנג** יחזקאל דוד, פרוי צפורה יהודית
**שלאַנג** לאהטשע (קאַרצאָוויטש) און 2 קינדער
**שליאַמאָוויטש** אפרים, פרוי און קינדער
**שמוקלער** דוד
**שמוקלער** זלמן
**שמוקלער** יצחק, פרוי פּעסיע
**שמוקלער** משה, פייגע און קינדער
**שמוקלער** נח, יענטע און קינדער
**שניעג** יאָסל, פרוי און קינדער
**שפּאַדאַ** באַשע
**שפּאַדאַ** חיים דוד
**שפּאַדאַ** שרה הינדע
**שפּילפּידל**, פרוי און קינדער
**שפּילפּידל** גיטל
**שפּילפּידל** פייגע
**שקלאַנקאַ** חיים, פרוי און קינדער: שמעון, אסתר
**שרוט** אברהם חיים און פרוי
**שרוט** בעריש, פרוי און 2 קינדער
**שרוט** הערש לייב, מלכה און קינדער: אסתר,ביילע
**שרוט** מאיר און פרוי
**שרוט** שלמה, פרוי און 4 קינדער

## און לזכרון

די אַלע אומגעקומענע, נישט-דערמאָנטע אין די רשימות, ווייל זייערע נעמען זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען.

זאָלן זייערע נעמען שיינען אין כלל-נאָמען פון דער נאָווי-דוואָרער עדה.
זאָלן אויך געהייליקט ווערן די נעמען פון אַלע אומגעקומענע יידן אין די שטעטלעך און דערפער פון גליל נאָווי-דוואָר: יאַבלאָננע (לעגיאָנאָווע), הענריקאָוו, זעגזשע, ניעפּאָרענט און וויעלישאָוו, וועלכע האָבן מקדמת דנא אָנגעהערט צו דער קהילה נאָווי-דוואָר.



דב בעריש פירסט / תל־אביב

# יידן פון אמאליקן נאווי־דוואר

איך, ביי דעם שטויב און אַש פון אייערע לעבנס — מחילה בעט איך ביי אייך, ווען איך קום דערמאָנען אייערע הייליקע נשמות; מחילה גמורה פאַר שטערן אייער רו אין די אַלע אומבאַקאַנטע ערטער אויף די פוילישע פעלדער, די פּעט געוואָרענע פון אייער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט, ווו אייער געביין איז צעשאָטן און צעוואָרפן.

די פּאָר מאָגערע בלעטלעך מיינע — נייערט פאַר אייך, טייערע נשמות, פאַר אייער כבוד וועגן. איר, וואָס האָט אפילו נישט זוכה געווען צו קומען צו קבר־ישראל — פאַר אייך מיינע זכרון־ווערטער.

פאַר אייך, שיינע יידן — למדנים, שאַרפע מוחות, פייערדיקע חסידים, יידן פון דער מיזרח־וואַנט; פאַר אייך, האַרציקע תהילים־יידן פון פאָליש — אָרעמע בעלי־מלאכות, האָרעפּאַשניקעס, וואָס נאָך אַ גאַנצער וואָך פון שווערער האָרעוואַניע, האָבן אייערע פאַרדינסטן קוים געקלעקט אויף אַ ראַזעווע ברויט מיט הערינג פאַר דעם הייליקן שבת; פאַר אייך יידישע יוגנט, וואָס איר האָט מיט אַזאַ אייפער און התלהבות זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַר יושר און גערעכ־טיקייט, און אַזוי ברוטאַל אָפּגענאַרט געוואָרן אין אייערע האָפענונגען; פאַר דיר, מיין קליין אָרעם שטעטעלע, קהילה קדושה **נאָווי־דוואָר** — זאָלן די שורות זיין אַ **קדיש** פון טיפער יתומדיקייט. אַ קליין פלעמעלע וויל איך אָנצינדן מיט מיינע ווערטער און דער שיין זאָל זיין פון נר־תמיד — צו פאַראייביקן לדורות דיך מיין שטעטעלע און דיינע אומשולדיקע, אומגעבראַכטע יידן.

תהיינה נפשותיהם צרורות בצרור החיים!

אני, עלי עפר ואפר של חייכם, מחילתכם אבקש, עת אבוא להזכיר נשמות; מחילה גמורה — עת ארעיד הדממה במרחקים אי־שם על אפרי פולין, ספוגי זך דמכם השפוך ומדושני עצמותיכם הפזורות.

זה המעט, אלה הדפים — אך למענכם וכבודכם, לנשמות היקרות. אתכם הם באים להזכיר; לכם, שלא זכיתם לקבר ישראל — אקדיש דברי, דברי זכרון.

לכם, יהודים הדורים, למדנים, עוקרי־הרים, חסידים נלהבים, ע"י כותל המזרח, יהודי שבת ומועדים; לכם יהודי־תהילים הדלים והנלבבים, שוכני העזרה, אנשי עמל ויגע, שמכל ימות החול נותר לכם רק פת לחם שחורה ודג־מליחין לכבוד שבת; לכם, בני־נוער היהודי, הקנאים והדבקים בנחשולי המאבק ליושר וצדק ובאכזב המר לאחר תקוותיכם; לך עיירתי הקטנה והדלה, לך, הקהילה הקדושה **נובי־דבור** — השורות הללו, **הקדיש** מנבכי יתמותי. באו דברי להעלות גחלת, כי יזהר נר התמיד — להנציח לדורות זכרונך, עיירתי הקטנה ושל יהודיך שנרצחו על לא עוון.

תהיינה נפשותיהם צרורות בצרור החיים!

## ר' מאיר ליכטנשטיין



אַ געבוירענער אין פולטוסק. ער האָט חתונה געהאַט אין נאָווי־דוואָר, זיך משדך געווען מיט אַ דורותדיקער נאָווי־דוואָרער משפחה, די חסידישע היים פון אברהם טאַשימאָוויטש (אברהם לאהס). זיין שוואָגער איז געווען דער איידעלער תלמיד־חכם ר' יקותיאל (קסיל) טאַשימאָוויטש, דער לאַנג־יאָריקער גבאי פון גערער שטיבל. אויך ר' מאיר איז געווען אַ שאַרפער גערער חסיד און אַ גרויסער בן־תורה.

נאָכן שווער זיינעם האָט ער געירשנט די שניט־קראָם אין שווערס הויז, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון דער זאַקראָטשינער גאַס. די יידן פון שטאָט האָבן עס אַ נאָמען געגעבן: „טשיפּעלעס הויף". אין דעם „הויף" איז געווען דאָס גערער שטיבל.

ר' מאיר איז געווען איינער פון די ענערגישסטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים צווישן די פרומע יידן. לאַנגע יאָרן איז ער געווען אַ דאָזאָר אין שטאָט און פון די ערשטע „אגודה"־פירער. צוזאַמען מיט ר' אברהם זאַלצמאַן האָט ער אויך געגרינדעט די „לינת הצדק".

אַ גרויסער קפדן איז ר' מאיר געווען אין הלכות יידישקייט. פאַר זיינע דריי טעכטער האָט ער זיך צוגעקליבן סאַמע חסידישע איידעמס. איינער פון זיי איז דער דערנאָך געוואָרענער גרויסער שיף־סוחר בערל צינאַמאָן, אויך אַ גערער חסיד.

פון דער גאַנצער משפחה זיינער זענען נאָר פאַרבליבן זיינע צוויי זין אין ווייטן מאָנטעווידעאָ. איינער, יוסף, וועלכער איז נישט לאַנג דאָרט געשטאָרבן, און וועמענס האַרציקע זכרונות וועגן די חדרים אין נאָווי־דוואָר ווערן פאַרעפנטלעכט אין דעם פינקס, און דער צווייטער, יצחק — צו לאַנגע יאָרן — וועלכער איז זייער טעטיק צווישן אונדזערע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין מאָנטעווידעאָ.

## ר' משה נאָוואָדוואָרסקי

אַ באַליבטער, שטילער און אַרבעטסזאַמער מענטש איז געווען ר' משה און איינער פון די ערשטע חובבי ציון און מזרחיסטן אין נאָווי־דוואָר.

ער איז אומגעקומען אויף די וועגן, אין יאָר 1917, אַהיימגייענדיק אויף שבת קיין נאָווי־דוואָר פון דאָרף קאָסוווקאָ, ווו ער איז געווען אָנגעשטעלט אַלס שרייבער אין דער מיל פון זיין שוואָגער ר' בנימן פינקער. נישט ווייט פון פּאָמיעכאָווע איז ער באַפאַלן און דערמאָרדעט געוואָרן.

דעם זעלבן טראַגישן טויט האָט אויך דער גורל אויסגעטיילט זיינע עלטערן. ר' משהס טאַטע־מאַמע, די צוויי זקנים, זענען אין דער זעלבער צייט, אין אַ נאַכט פון דאַנערשטיק אויף פרייטיק, דערמאָרדעט געוואָרן אין זייער היים פון באַנדיטן.



די ביידע גרויזאַמע פאַלן, האָבן אין יענער צייט אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל.

## ר׳ הערשל יעראָזאַלימסקי



ר׳ הערשל יעראָזאַלימסקי, באַקאַנט ווי „דער טויטער הערשל״, איז געווען איינער פון די ערשטע משׂכּילים אין נאַווי־דוואָר, וואָס איז אַוועק פון בית־המדרש־באַנק און געוואָרן אַן „אַפּיקורס״. נישט איין יונגערמאַן איז אונטער זיין השפּעה „אַראָפּגעפירט געוואָרן פון דרך הישר״ און אַוועק אויף די וועגן פון השׂכּלה און וויסן. ער איז געווען דאָס שרעק־בילד פאַר די חסידישע ספערן אין נאַווי־דוואָר.

פון די ערשטע חובבי ציון אין שטעטל איז ער געווען. אַ טיפער קענער פון תלמוד און דער רבניי־שער ליטעראַטור. זיין הויז איז געווען פון די ערשטע מאָדערנע — ציוניסטיש־העברעיִשע אין שטאָט.

אין דעם גייסט האָט ער דערצויגן זיינע קינדער. זיין יינגסטע טאָכטער, ריוועטשע יעראָזאַלימסקאָ (שפּע־טער די פרוי פון יצחק גרינער ז״ל), איז געווען איינע פון די מיטגרינדערינס פון די „בנות ציון״ אין נאַווי־דוואָר, און לאַנגע יאָרן אויך געווען די איבערגעגעבענע ביבליאָטעקאַרין פון דער „שלום־עליכם־ביבליאָטעק״ אין נאַווי־דוואָר.

## ר׳ איטשע מאיר מונדלאַק



ר׳ איטשע מאיר, דער זון פון מאָטיס שלמה און יהודית מונדלאַק, איז געווען איינער פון די ערשטע ציוניסטן אין נאַווי־דוואָר, און דערנאָך — דער לאַנג־יאָריקער אָנפירער פון דער „מזרחי״־באַוועגונג אין שטאָט.

די אידעאַלן פון רעליגיעזן ציוניזם — שורש־דיקע יידישקייט, אין ענגן בונד מיטן באַנייטן ארץ־ישׂראל, זענען געווען זיין תוך, מיט זיי האָט ער גע־לעבט און געחלומט, און פאַר זיי האָט ער געווירקט אין דער נאַווי־דוואָרער יידישער עדה.

זיין שטוב איז געווען אַ צענטער פאַר אַלע חובבי ציון אין נאַווי־דוואָר. דער ציוניסטישער גייסט אין שטוב האָט אויך באַווירקט זיינע קינדער און זיי זענען אויפגעוואַקסן מיט ליבשאַפט צו ארץ־ישׂראל. דער בולטסטער פון זיי איז געווען דער יינגסטער זון ליפּא, דער טעטיקער ציוניסטישער עסקן אין נאַווי־דוואָר, און דערנאָך אַ באַקאַנטער הסתדרות־טוער אין ארץ־ישׂראל, ווו ער איז יונגערהייט געשטאָרבן.

## ר׳ בנימין פינקער



אין זיין פריער יוגנט איז ר׳ בנימין, דער זון פון אַלטן נאָווי־דוואָרער שוחט ר׳ שמואל זיינוול, געווען אַ תלמיד מובהק פון נאָווי־דוואָרער רב ר׳ משה תאומים, ביי וועמען ער האָט איינגעזאַפּט דעם גייסט פון שאַרפער גערער חסידות. דערנאָך איז ער געווען דער תלמיד פון מ״ץ ר׳ אברהמלע הערש בערס, ביי וועמען ער האָט געלערנט מיט התמדה און אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקער בן־תורה מיט אַ חריפותדיקן שׂכל.

איינער פון די אָנגעזעענסטע חסידים אין גערער שטיבל איז ער געווען. לאַנגע יאָרן אַ מיטגליד אין דער יידישער קהילה און אַ וואָרטזאָגער פון דער „אגודת ישראל״.

ביים נאָווי־דוואָרער רב, הרב נויפעלד, איז ער געווען אַ יוצא־ונכנס, און נישט איין מאָל האָט אים ר׳ בנימין פינקער געהאָלפן ביים אויפקניפּן דעם פּלאָנטער פון האַרבע דין־תורהס.

ר׳ בנימין פינקער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע נאָווי־דוואָרער יידן, ער איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

## ר׳ אברהמלע קאָכאַלסקי

אַ געבוירענער אין נאָענטן זאַקראָטשין, חתונה געהאַט קיין נאָווי־דוואָר מיט ישראל בעקערס (בערמאַן) טאָכטער ראַצע. ער איז געווען אַ זייער שטילער און באַשיידענער מענטש, אַ הייסער גערער חסיד און אַ גרויסער בן־תורה. דער גערעכטענער בכור און וויל־לערנער איז ער געווען ביי זיין טאַטן, דעם האָרע־פּאַשנעם משה קאַשעמאַכער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „משה הוליאַק״, ווייל ער איז געווען אַ פריי־לעכער און זאָרגלאָזער ייד, פול מיט בטחון, „אַז אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן״...

אַ גאָר פאַרקערטער טיפּ איז געווען זיין זון אַברהמלע, אַ שטילער, אַ שטענדיק פאַרטראַכטער מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע אויפן אויסגעבלייכטן פּנים.

כאָטש ער איז דאָס געווען דער בעקער אין זיין בעקעריי, איז די פירמע געגאַנגען אויף זיין אשת־חיל „ראַצע די בעקערין״, ווייל ער איז געווען אַ לערנער און אויסגעטאָן פון גשמיות.

שוין ביי זיינע עטלעכע און דרייסיק יאָר איז ער אין גערער שטיבל געווען פאַררעכנט צווישן די „שיינע יידן״. אַ גרויסער בעל־מכניס אורח איז ער געווען און אין שבת און יום־טוב פלעגט ער דער לעצטער אַרויס־גיין פון שטיבל, ווייל טאָמער בלייבט נאָך ווער, עפּעס אַן אורח, וואָס קיינער האָט אים נישט מיטגענומען אַהיים — האָט ער אים אַהיימגענומען, אַריינגענומען צווישן די פּאָר אורחים, וואָס דער גבאי האָט אים שוין געהאַט צוגעטיילט.

ר׳ אברהמלע איז ניפטר געוואָרן פאַר דער צייט, אין זיינע מיטעלע יאָרן, בעת דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן. שטיל געלעבט און שטיל גע־שטאָרבן. ער איז געווען אַ זעלטענער חסידישער טיפּ פון אַלטן דור.

# ר' זכריה קאַרצאַוויטש



ביי יידן און ביי גוים, אין שטאָט און אין דער מאַדלינער פעסטונג, איז ר' זכריה געווען באַקאַנט, ווי סכריה בעקער. דער נאָמען האָט געווירקט אַפּעטיט... דערמאָנט אין געשמאַקע „קייזערקעס", אויסגעבאַקענע ברוינע ברייטלעך, שיינע חלות, געפלאָכטענע און באַשיטע מיט מאָן. קיין בעקעריי אין שטאָט האָט זיך צו אים נישט געקאָנט גלייכן. זיינע געבעקסן האָבן געהאַט אַ טעם און אַ מראה, וואָס דעם סוד דערפון האָט נאָר געוווּסט ער, ר' זכריה אַליין — „סכריה בעקער".

אין די מאַרקטעג האָבן די פויערים נישט געקאָנט אַרויס פון שטאָט, ביז מען האָט נישט איינגעקויפט צידה לדרך, דאָס געשמאַקע געבעקס פון „סכאַריעגאָ", און אויף די פורלעך האָט מען מקיים געווען מיצוות אכילה, די פערדלעך צוגעשיט אַ ביסל האָבער און זיך אַליין מהנה געווען אַפּעטיטלעך מיט זכריהס זעמעלעך. און אַ צוטרוי האָבן די פויערים געהאַט צו זכריהן מער ווי צו די מילנערס און מעל־סוחרים. צו אים פלעגן זיי פאַרפאָרן אויף זיכער: אָט האָבן מיר געברענגט עטלעכע זעקלעך און נעם... זכריה האָט דערביי גענומען אַ זשמעניע מעל צווישן די פינגער, דורכגעריבן, גע־פאַרשט די קאַליר, פאַרזשמורעט די אויגן, ווי ער וואָלט באַטראַכט בריליאַנטן, און אַז ער האָט אַ שאָקל געטאָן: יאָ — איז דעם פויער אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

טראָץ זיין גוטן נאָמען, האָט זיך ר' זכריה נישט באַגנוגנט מיט זיין יש, כסדר געזאָרגט, ווי פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן זיין עסק. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאַרלייגט אַ מעכאַנישע בעקעריי אין שטאָט. און נישט נאָר פאַר זיך אַליין האָט ר' זכריה געזאָרגט, ער איז אויך געווען כל־ימיו דער פרעזעס פון די בעקעריי־אייגנטימער און געזאָרגט פאַר זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

נאָווי־דוואָרער יידן דערציילן וועגן אַ געוויסן פאַל, ווען אָפּיצערסקע ווייבער האָבן פאַרשטרייקט אין דער מאַדלינער פעסטונג, בעת מען האָט, צוליב די באָיקאָט־אַקציעס קעגן יידן, פאַרווערט צו ברענגען זכריהס ברויט אין דער פעסטונג אַריין. די אָפּיצערסקע ווייבער האָבן נישט געוואָלט מוותר זיין אויף ר' זכריהס געבעקס און זיי האָבן זייערס דורכגעפירט. איז טאַקע ר' זכריה „געשטאַנען אין די פעדערן", דאָס געשעפט „איז געגאַנגען", און די אשת־חיל רייזל מיט די זיבן טעכ־טער און בן־יחיד גרשון האָבן געהאַט וואָס צו טאָן און צו העלפן.

אָבער „לא על הלחם לבדו"... אַ סך ענערגיע און פלייס האָט ר' זכריה אַריינגעלייגט אין דער עסקנות לטובת הכלל. ער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער און לאַנגיאָריקער וויצע־פרעזעס פון דער „באַנק פאַר קליינהענדלער און האַנטווערקער". אַחוץ דעם האָט ער געהאַט זיינס אַן אייגענע גמילת־חסד־קאַסע. ביי אים האָבן פאַראָרעמטע בעלי־מלאכות גע־קאָנט כאַפּן אַן הלוואה אין אַן עת־צרה און צוגרייטן סחורה פאַר די מערק. מיט דאַנקבאַרקייט האָבן די נצר־כים אויפגענומען די שטילע טובות, וואָס זענען געווען אַ וויכטיקע הילף אין גראַנגל פאַר חיונה.

ר' זכריה איז ניפטר געוואָרן נאָך פאַר דער מלחמה אין זיין אייגענער רייכער שטוב. די נאַציסטישע באַנדעס האָבן זיין פאַרמעגן גלייך צערויבט און אויסגעראָטן זיין גאַנצע משפחה. נאָר איינער פון זיי, דער זון גרשון, איז לעבן געבליבן און געפינט זיך אין ישראל.

# יעקב הילדענבראַנד



יעקב הילדענבראַנד, דער אייגנטימער פון דער אַפּטייק אין יהושע בוימס הויז, האָט נישט נאָר עוסק געווען אין עניני מעדיצין און מעדיקאַמענטן ווי אַ סוחר, נאָר אויך אַרויסגעוויזן זיין זאָרג פאַר מעדיצינישער באַדינונג פון דער אָרעמער באַפעלקערונג. נאָך די יאָרן פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער צוזאַמען מיט יעקב יורעס, אַ סך צייט געווידמעט די אָרעמע שיכטן און זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען די ערשטע שטיצעס פון „דזשאָינט". לאַנגע יאָרן איז יעקב הילדענבראַנד געווען אַ מיטגליד און דער קאַסירער פון דער באַנייטער יידישער קהילה אין נאָווי־דוואָר.

דער געזעלשאַפטלעכער טוער יעקב הילדענבראַנד האָט פאַרענדיקט זיין וועג ווי אַלע נאָווי־דוואָרער יידן. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפּחה דורך די נאַציס.

# מרדכי (מאָטל) ראָזנשטיין

ער האָט געהערט אין נאָווי־דוואָר צו דער ענטוזיאַסטישער בונדישער יוגנט; מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער אידעע, אין וועלכער ער האָט געגלייבט. אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. געווען אַ שטילער און רויקער, אַריינגעטאָן אין זיך, אַ סך געלייענט און געפּאָרשט אין דעם פאַרפּלאָנטערטן לאַבירינט פון לעבן. עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַדמיניסטראַטאָר פון דער „מעדעם־סאַנאַטאָריע" אין מעדזעשין, ביי וואַרשע. דער פּאַסיקער מענטש איז ער געווען אין קרייז פון קינדער און ביי די בלומען, וואָס די קינדער האָבן געפּלאַנצט און געפּלעגט אין זייער שיינער קינדער־היים. דאָרט האָט ער זיך באַקענט און חתונה געהאַט מיט דער קראַנקן־שוועסטער אין סאַנאַטאָריום, געוועזענע אין סוועניציאַן חייקע פלעקסער. ביידע האָבן מיט זייער איבערגעגעבענער אַרבעט דערוועקט רעספּעקט צו זיך.

וועגן חייקע פלעקסער שרייבן די פּעדאַגאָגן פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע ש. גילינסקי און יוסף בראַמבערג (אין לערער־יזכור־בוך פון די אומגעקומענע לערער פון ציש"אָ־שולן אין פּוילן) ווי וועגן „אַ טאַלאַנטירטע און אינטעליגענטע דערציערין" וועמען „די קינדער האָבן באמת פאַרגעטערט".

מאָטל האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין ראַטן־פאַרבאַנד. שפּעטער — מיט דער אַנדערס־אַרמיי מגולגל געוואָרן קיין ישראל, זיך דאָ נישט אַקלימאַטיזירט און אַוועק קיין אויסטראַליע צו זיין עלטסטן ברודער חיים ראָזנשטיין, דער מאַן פון דער באַרימטער יידישער וואָרט־קינסטלערין רחל האָלצער. דאָרט האָט ער געפּרוּווט אָנהייבן זיין לעבן פון דאָס ניי. אָבער דער פריצייטיקער טויט האָט איבערגעריסן זיין שטיל און באַשיידן לעבן.



מרדכי ראָזנשטיין ז"ל און די וואָרטקינסטלערין רחל האָלצער אין מעלבורן (אויסטראַליע)

# הרב אלימלך נויפעלד



שטעטלדיקע יידן האָבן אים גערופן: „מיילעך דעם רבס". דעם רבס בכור האָט מען גערופן סתם נחום, ער האָט שוין נישט געדאַרפט דעם אָנשפּאַר פון טאַטנס ייחוס, שוין געהאַט זיין ייחוס־עצמו. אלימלך אָבער, דער מיילעך, אין וועלכן די שטאָט און דאָכט זיך, אַז אויך דער רב אַליין, האָבן אין אים געזען דעם געראָטענעם פון אַלע בנים — ער דווקא האָט זיך ליב געהאַט אָנצושפּאַרן אויפן טאַטנס ייחוס.

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען אלימלך איז שוין געוואָרן אין וואַרשע אַ שם־דבר אין די מזרח־שע קרייזן אַלס ציוניסטישער מטיף און אויך אַ שרייבער אין דער רעליגיעזער־ציוניסטישער פּרעסע — האָט ער זיך נאָך אַלץ באַנוצט מיט דעם באַשיידענעם צונאָב־טיטל בהר"ב (בן הרב). אין דעם בן הרב האָט ער נאָך אַלץ געזען מער ייחוס ווי אין זיין אַליין רב, אויף וואָס ער האָט שוין געהאַט רעכט און סמיכות נאָך זיינע לימודים אין משך פון יאָרן. זאָל דאָס האָבן געווען אַ פּאָטער־קאָמפּלעקס — און אין דעם פאַל — צו גיין אין זיין פאָטערס דרכים און זיך פאַרמעסטן מיט אים אין התמדה און אין תורה־ועבודה? — אוודאי יאָ!

פון זיין פריסטער יוגנט אָן האָט ער זיך אויס־געצייכנט מיט זיין גרויסער התמדה צום לערנען, געווען אַ יושב־אהל, אַריינגעטאָן אין זיך און אין זיינע געדאַנקען. אַפילו אין דער געזעלשאַפט פון ידידים איז ער געווען מער הערער ווי רעדער, כאָטש וואָס צו זאָגן האָט ער תמיד געהאַט. דאָס איז נאָך בולטער געוואָרן אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן. ער האָט ליב געהאַט דעם צימצום, דאָס אַרויסגעזאָגטע איז ביי אים געווען געוווגן און געמאָסטן, וואָגיק און זאַכלעך. ער איז געווען אַ ציכטיקער, אַן עסטעט און פּעדאַנט. פון דער נאַטור אַ קליין־געוויקסיקער — האָבן זיך נאָך מער אָנגעזען זיינע טיף־דענקנדיקע אויגן, דער היכער למדנישער שטערן און דאָס געלבלעך אַסקע־טיש פּנים. ער האָט געוועקט צו זיך אַכטונג און אין זיין דערשיינען פאַר דער עפנטלעכקייט איז געווען כולו אומר כבוד...

תורה און מידות האָט ער געלערנט ביי זיין גרויסן טאַטן, און שפּעטער — אונטער דער השפּעה פון „פּעטער פינטשע", איינער פון דעם ראַדזימינערס הויפּלייט — אַוועק לערנען אין דער ראַדזימינער ישיבה. זיינע ווייטערדיקע רבנישע לימודים האָט ער דורכגעמאַכט אין דייטשלאַנד, אין די באַרימטע ראַבי־נער־סעמינאַרן פון אַלטונאַ (איינע פון די אַמאָליקע פּאַראייניקטע יידישע קהילות א"נ „א. ה. וו.", וואָס האָט געמיינט: אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדסבעק) און אין בערלין.

ווען ער איז נאָענט פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד קיין נאָווי־דוואָר, כמעט אַ „ראַבינער", מיט דייטשע אויסדרוקן אין זיין שיינעם פּאָלעסיער יידיש, האָט ער זיך צוריקגעצויגן אין די ד' אמות פון זיין רבנישער היים און דאָרט יומם ולילה עוסק געווען אין תורה וחכמה. ווען די „אגודה"־פירער פון דייטשלאַנד, די ראַבינער קאַהן און קאַרלעבאַך האָבן זיך, אין די יאָרן פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אַראָפּגע־לאָזט קיין פּוילן און געגרינדעט די „אגודת־ישראל" און די רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „התבונה", האָט אלימלך נויפעלד, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט צו די קרייזן, דעמאָלט אויך געגרינדעט אין נאָווי־דוואָר אַ „התבונה"־אָרגאַניזאַציע.

איך געדענק נאָך, ווי איך אַלס יונג בחורל בין בייגעווען אויף דער שטילער, באַשיידענער גרינדונגס־

פאַרזאַמלונג, אין דער בעקערײַ פֿון פֿאַלע די בעקערין, װעמענס צװײ זין אבא און אלימלך זענען געװען צװישן די אָרגאַניזאַטאָרן. עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ ביסל בחורים פֿון דער צעפֿאַלענער „תפארת־בחורים" און אלימלך נויפעלד האָט פֿאַר זײ אױפֿגעקלערט דעם ציל און פּראָגראַם פֿון דער אָרגאַניזאַציע. בצימצום, באַזאָכט האָט ער אַרויסגעבראַכט זײַנע אױספֿירן װעגן דער נײטיקײט פֿון אַ רעליגיעזער יוגנט־פֿאַראײניקונג. אױף דער פֿאַרזאַמלונג איז אױסגעקליבן געװאָרן אַ קאָמיטעט מיט אלימלך נויפעלד אַלס פּרעזעס, ואני הקטן, טאַקע דער ייִנגסטער פֿון אַלע, אַלס סעקרעטאַר. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן מיר געדונגען אַ לאָקאַל אין דער באַלדינעס הויז אַנטקעגן איבער ראַבינאָװיטשס זאַל. 2 גרויסע צימערן זענען דאָרט געװען. אין צװײטן צימער האָבן מיר באַלד אַרײַנגעשטעלט אַן אָרון־קודש, אויסגעבאָרגט פֿון בית־המדרש צװײ ספֿרי־תּורות און געגרינדעט אַ מנין פֿון בחורים. אַמאָטאָריש פֿלעגן זיך אונדזערע בחורים צוכאַפּן צום ברעטל, װי יוסף באַראַנעק א״אַ. דער בעל־קורא איז געװען יחזקאל ישעיה סעגאַלאָװיטשס ייִנגסטער זון יוסף. און דאָ, אין אָט דעם בחורישן מנין, פֿאַר עטלעכע צענדליק מתפּללים, האָט אלימלך נויפעלד ז״ל אָנגעהױבן זײַנע ערשטע שריט אַלס מטיף.

זײַנע קורצע 15—20 מינוטיקע דרשות האָבן בײַם עולם זײער אױסגענומען און אױך צוגעצױגן זײַטיקע באַזוכער, װעלכע האָבן שטאַרק הנאה געהאַט פֿון זײַנע אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען און שטאַרקע חיבת־ציון־באַטאָנונגען.

איך װיל דאָ אױסרעכענען אַ טײל מיטגלידער און מתפּללים, װאָס זענען פֿאַרבליבן אין זכרון: יוסף באַראַנעק, די צװײ ברידער אבא און אלימלך שיקאָראַ, די צװײ ברידער נטע און יחיאל זאַלצמאַן, די צװײ ברידער סעגאַלאָװיטש, שלמה פּינקער, משה שמוקלער, ליפּא מונדלאַק, דער שפּעטערדיקער בונדיסטישער טוער דידעק זילבערטאַל, יחיאל ראַזנבוימס צװײ זין, איטשע פּינקלשטײן, אהרן גאָטליב, און אױך — די צו לאַנגע יאָר, װעלכע געפֿינען זיך הײַנט אין ישראל — אביגדור קאָרן, יוסף שימקאָװיטש, חיים יואל כהן און איך.

עטלעכע װאָכן נאָך אונדזער גרינדונג האָבן מיר אײַנגעאָרדנט אַ גרויסע עפֿנטלעכע פֿײַערונג אין ראַבינאָװיטשס זאַל. צום ערשטן מאָל איז דער זאַל — לשם דרך הצניעות — פֿונאַנדערגעטײלט געװאָרן מיט באַזונדערע אַרײַנגענג פֿאַר מענער און נשים. דער ראש־המדברים איז געװען — פֿאַר אַ פֿול געפּאַקטן זאַל — דער נאָװי־דװאָרער רב ז״ל. זײַן גערעכטענער זון ר׳ אלימלך האָט געהאַלטן אַ פֿלאַם־פֿײַערדיקע דרשה װעגן די סאָציאַלע געזעצן לױט תּורת־משה. דער טאַטע האָט אים דערפֿאַר באַדאַנקט לפני כל עם ועדה מיט אַ קוש אין קאָפּ. דער חזן ר׳ לײזער האָט מיט אַן אײַנגעשטודירטן כאָר אָפּגעזונגען אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים און פֿאַרענדיקט מיטן אָפּזינגען דעם פֿאַרדײַטשמערישטן „התבונה"־הימען, װאָס זײַן לעצטע סטראָפֿע מיטן רעפֿרײן איז װערט צו דערמאָנען:

זאָל גאָט בענטשן
אַלע מענטשן,
װאָס געפֿינען זיך דאָ,
און די אױך
װאָס טראָגן הױך
די פֿאָן פֿון תבונה.

אין אײביקן גאָט
גלײבן מיר,
און זײַן תורה
ליבן מיר,
טרײַ דעם ייִדנטום
גלײבן מיר.

האָך! האָך, תבונה!

דעם הימען האָט פֿאַרפֿאַסט דער ערשטער רעדאַקטאָר פֿון דער אָרטאָדאָקסישער צײַטונג „דאָס ייִדישע װאָרט", דער באַקאַנטער ר׳ נחום לײב װײַנגאָט. אױף דער פֿאַרזאַמלונג איז אױך געװען אָנװעזנדיק — אַלס גאַסט פֿון נאָװי־דװאָרער רב — דער פּובליציסט משה יוסטמאַן ז״ל (פּאָפּולער װי ב. יאושזאָהן — איטשעלע), װעלכער איז נאָך דעמאָלט געװען חסידיש געקלײדעט, מיט אַ „געהאַקט קאַפּאָטקעלע" און מיט אַ „פּריװעסױװקע" — אַ רונדיק היטעלע. קײן רעדנער איז ער נישט געװען, נאָר היות װי ער איז שױן דעמאָלט געװען באַליבט צוליב זײַנע „פּאָליטישע בריװ" אין די ערב־שבתדיקע צײַטונגען, האָט שױן זײַן אָנװעזנהײט צוגעגעבן אַ סך חשיבות דעם אָװנט. נאָך דעם באַזוך האָט טאַקע יוסטמאַן פֿאַרעפֿנטלעכט אין „מאָמענט" זײַן ענטוזיאַסטיש אַרטיקל װעגן נאָװי־דװאָרער רב: „דאָס קלײנע שטעטל און דער גרויסער רב".

דאָס לעבן פון הרב אלימלך נויפעלד קאָן מען איינטיילן אין 3 פעריאָדן: נאָווי־דוואָר, וואַרשע, ישראל. וועגן נאָווי־דוואָר האָב איך שוין דאָ דער־מאָנט. ביים סוף פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע האָט אלימלך ז״ל פאַרלאָזט נאָווי־דוואָר און זיך באַזעצט אין וואַרשע. דאָרט האָט ער אַנטוויקלט אַ זייער פרוכט־באַרע אַרבעט אין די רייען פון „הפועל המזרחי״, געוואָרן זייער וואָרטזאָגער, מיטגעאַרבעט אין דער רעליגיעז־ציוניסטישער פּרעסע, זיך שטאַרק באַפריינ־דעט מיט די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע, בעיקר מיט דעם פלאַמיקן „מזרחי״־רעדנער הרב ר׳ יצחק ניסנבוים ז״ל, מיט וועמען ער האָט מיטגעאַרבעט און געוואָרן ביי אים ווי אַ „רעכטע האַנט״. ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב און מטיף אין דעם באַקאַנטן מזרחישן בית־כנסת אין וואַרשע „סיני״, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די גרויסע מויערן פון „סימאָנס־פּאַסאַזש״ אויף די נאַלעווקעס. ווי אַ פירער פון דער צעירי־מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין פוילן און פון דער וועלט־אָרגאַני־זאַציע „תורה ועבודה״, איז ער געוואָרן זייער באַקאַנט צווישן די רעליגיעזע מאַסן מיט זיין מסירת־נפשדיקער אַרבעט. ער איז שפּעטער לאַנגע יאָרן געווען פרנס פון דער קהילה אין וואַרשע. ער האָט אויך רעפּרע־זענטירט זיין באַוועגונג אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, און אומעטום געוועקט צו זיך כבוד, אויך ביי זיינע קעגנער.

אין יאָר 1934 האָט ער עולה־געווען קיין ישראל און איז גלייך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פאַר־צווייגטער פאַרטיי־אַרבעט פון „מזרחי״. אַלס מיטגליד פון „מזרחי״־וועלט־פאַרבאַנד איז ער געשטאַנען בראש פון דער אָפּטיילונג פאַר רעליגיעזע ענינים. ער איז אויך אַריין אין דער עקזעקוטיווע פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און ער איז זייער באַליבט געווען אין די קרייזן פון דער סוכנות, פאַר זיינע אַרויסטריטן און פאַר זיין פירן זיצונגען מיט טאַקט און סדר דורך וועלכן ער האָט אויסגעמיטן שנאת־חינם און אומ־נוצלעכע וויכוחים און קריגערייען.

ער פלעגט אויך פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכן זיינע העכסט־אינטערעסאַנטע אַרטיקלען אין דעם ישראלדיקן מזרחי־אָרגאַן „הצופה״. פאַר דער צייט ווען ס׳זענען אָנגעקומען די ידיעות וועגן דער בעסטיאַ־לישער אויסראָטונג פון פוילישן יידנטום, דאָס יידנטום, וועלכן ער האָט אַזוי גוט געקענט און אים געדינט בלב ונפש — האָט ער זיך אין גאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דער רעטונגס־אַרבעט. צוזאַמען מיט יצחק גרינ־בוים, אַנשל רייס און יצחק לעוו ז״ל האָט ער זיך געשטעלט צו דינסט דער שארית־הפליטה אין די דייטשע ד. פ.־לאַגערן — אַן אַרבעט אַ שווערע, וואָס האָט אים געקאָסט אַ סך געזונט. פון די אזכרות נאָכן אומגעקומענעם פוילישן יידנטום פלעגט ער אַוועקגיין אין גאַנצן אַ דערשלאָגענער און צעבראָכענער.

ווען איך בין באַלד נאָך דער מלחמת־השיחרור געקומען קיין ישראל, איז מיין ערשטער וויזיט געווען ביי אים. אַ טויט־בלייכער איז ער געזעסן — מורי ורבי, און אויסגעהערט מיינע דערינערונגען וועגן נאַצישן גיהנום. דערביי האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פראַגע, און אין גאַנצן געווען אַריינגעטאָן אין דעם דערציילן. ער האָט טיף מיטגעוויטיקט דעם ווי פון פאַרשניטענעם פוילישן יידנטום.

די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט אין תל־אביב, האָט ער אָנטייל גענומען אין די אזכרות נאָך דער פאַרשניטענער נאָווי־דוואָרער קהילה, ווו זיין גרויסער פאָטער איז געווען דער לאַנג־יאָריקער און דער לעצ־טער מרא־דאתרא.

ט. חשון תשי״ד — דעם 14טן אָקטאָבער 1956, האָט ער, נאָך אַ לאַנגיאָריקער קראַנקייט, אויסגעהויכט זיין נשמה טהורה אין דער עיר־הבירה ירושלים. אויף דעם טרויער־אָוונט פון דעם ארגון יוצאי נאָווי־דוואָר בישראל לזכרון דעם פאַרשטאָרבענעם ערן־פאָרזיצער פון דעם ארגון, הרב נויפעלד, האָט זיין לאַנגיאָריקער פריינד הרב פ. טכורזש נ״י, איבערגעגעבן אַ כאַראַק־טעריסטישן מאָמענט וועגן ניפטר:

עטלעכע שעה פאַר דער פטירה האָט ער צוגערופן זיין פרוי און איר אָנגעזאָגט, זי זאָל גוט אויספוצן די זילבערנע לייכטער, וועלכע וועלן שטיין צוקאָפּנס נאָך זיין פטירה.

אַזוי איז געווען דער גאַנג פון זיין לעבן, זויבער, ציכטיק, ביז צו דער לעצטער מינוט. כזה היה האיש...

# ר׳ בעריש זילבערמאַן



ר׳ בעריש איז געווען דער זון פון ר׳ עזרא זיל־בערמאַן. דעם נאָמען פון ר׳ עזרא האָט זיך פאַראייגנט בירושה ר׳ בערישס שוועסטער, ווי מען האָט זי גערופן: ברכה עזריס. נשים אין שטאָט האָבן געהאַלטן פאַר אַ זכיה צו טראָגן אַ שייטל, אויסגעפּערטיקט פון ברכה עזריס. און ווידער — ר׳ בערישס פעטער, ר׳ שמואל זילבערמאַן, איז געווען באַקאַנט מיט זיין הילוך און מעמד: ווי אַן אָפּגעהיטענער ייד, מיט באָרד און פיאות און אין זיין יידישער טראַכט — איז ער כל־ימיו, פון די צאַרישע צייטן און דערנאָך אויך אין די יאָרן פון זעלבשטענדיקן פוילן, געווען דער איינציקער יידישער באַאַמטער אין נאָווי־דוואָרער מאַ־גיסטראַט. ער האָט עס געפירט די ציוויל־ביכער פון דער יידישער באַפעלקערונג, פאַרצייכנט חתונות, גע־בורטן און פטירהס.

ר׳ בעריש, דער זון פון ר׳ עזרא און דער ברודער־זון פון ר׳ שמואל איז געווען אַ גערער חסיד, אַ ירא־שמים, אויסגעטאָן פון דער וועלט, אַריינגעטאָן מיט דבקות אין אַ בלאַט גמרא און אין שמועסן וועגן חסידות. אַזוי איז ער געווען נאָך פון זיינע בחורישע יאָרן. קיין ארץ־ישראל איז ר׳ בעריש געקומען אין 1934 צוזאַמען מיט זיין פרוי פעלקע־צירל און אַ טאָכטער. ס׳האָט זיי אַראָפּגעבראַכט זייער זון נתן און זיין פרויביילע־רחל (זיידנבערג), וועלכע זענען שוין פון לאַנגע יאָרן פריער געווען אין ארץ־ישראל.

נישט קיין סך שמחה איז באַשערט געווען ר׳ בערישן דאָ אין לאַנד. אין 1939 איז ר׳ בערישס וויב פעלקע־צירל געפאָרן קיין פוילן צו באַזוכן איר מש־פחה, און שוין דאָרט פאַרבליבן. די דייטשע הענ־קערס האָבן זי אומגעבראַכט צוזאַמען מיט אַלע יידן. אָט די געשעעניש האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פריצייטיקער פאַרעלטערונג פון ר׳ בעריש. באַלד נאָך דער מלחמה איז ר׳ בעריש געווען פון די ערשטע אַנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די לעבנגעבליבענע נאָווי־דוואָרער דורך דער פאַרמיטלונג פון נאָווי־דוואָרער מאַגיסטראַט, ווו זיין פעטער ר׳ שמואל האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט.

ר׳ בעריש איז ניפטר געוואָרן זאַט מיט יאָרן און צער, און געבראַכט געוואָרן צו קבורה — לויט זיין צוואה — אין ירושלים.

**דב בעריש פירסט**

# ר׳ שמשון נטע סרעברניק

מיין ערשטע טרעפונג מיט ר׳ ש. נ. סרעבערניק איז געווען אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע,ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אים אין זיין ציוניס־טישער אויפקלערונגס־אַרבעט ביי דער אגודהשער יוגנט, אַנטקעגן דער השפּעה פון דער „אגודה״.

אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער אַרבעט, איז די גאַנצע אגודהשע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „התבונה״ געוואָרן ציוניסטיש און געענדערט איר נאָמען אויף „ציוניסטי־שער יוגנט־פאַראיין „התחיה״, וועלכע האָט נאָך דעם געטאָן אַ גרויסע אַרבעט און אַנטוויקלט אַ דור פון ציוניסטישע עסקנים.

מיט גרויס ליבשאַפט האָט זיך סרעברניק באַצויגן צו דער יוגנט, ער האָט יעדן יוגנטלעכן מקרב געווען פערזענלעך, געגעבן אַ בוך צום לייענען און צוגעצויגן צו זיין סביבה, ווו מען האָט געקאָנט הערן זיינע גייסטרייכע בדיחות און תורה־ווערטלעך.

צום „קרן־קיימת״ איז סרעברניק געווען איבער־געגעבן אָן אַ גרענעץ. לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער מורשה פון קרן־קיימת, און דערביי, טראָץ זיין שוואַכ־קייט, אַליין געגאַנגען אויף אַלע זאַמל־אַקציעס. נאָכן דערפאָלג פון יעדער אַקציע, האָט ער געשיינט פון שמחה.

אויף אַלע ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן האָט ער אַנטייל גענומען אַלס דעלעגאַט, און אויך אויף דער עלטער, ווען ער איז שוין געווען זייער אָפּגעשוואַכט, האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט צו פאָרן אויף ציוניסטישע קאָנפערענצן.

פאַר זיין תמידיקער יוגנטלעכקייט, איז כאַראַקטע־ריסטיש זיין אָנגעהעריקייט צו דער דעמאָקראַטישער ריכטונג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, צו דער „על־המשמר״־גרופּע. ער האָט געקעמפט פאַר אירע פּרינציפּן און געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון יצחק גרינבוים.

מיר פלעגן אים, ש. נ. סרעברניק, רופן: „רבי״. ער האָט זיך דעם נאָמען פאַרדינט. זיין שטוב איז שטענדיק געווען אַ „בית וועד״ און די נאָווי־דוואָרער יוגנט האָט פון אים געשעפּט חכמה ודעת וועגן ציוניזם.



אויף ווי ווייט ש. נ. סרעברניק איז געווען באַליבט ביי אונדז — האָבן אונדז באַוויזן די צוויי באַנקעטן, וועלכע מיר האָבן איינגעאָרדנט לכבוד זיין 60־יאָריקן און 70־יאָריקן יובילעאום. די בעסטע פון די נאָווי־דוואָרער געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי אויך וויכטיקע געסט פון דער פרעמד, האָבן זיך באַטייליקט, און די באַגייסטערונג איז געווען אומגעהייער.

אין די יאָרן 1938—1939 האָט ער גערעדט וועגן דעם, אַז ער וויל עולה זיין צו זיינע קינדער קיין ארץ־ישראל. אָבער ליידער איז זיין ווילן נישט מקוים געוואָרן. ווי איך האָב געהערט, האָט ער געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אויף זיין בעט אין יאָר 1940, אין וואַרשע.

זאָלן די ווערטער פון זיין תלמיד אים דערמאָנען, און זיין ווי אַ מצבה אויף זיין קבר.

**יצחק גרינער**

# שמואל גראַבמאַן

מיט יינגקייט, מיט טעמפּעראַמענט און מיט צווײ פייערדיקע אויגן, פלעגט ער, דער צאָן־דאָקטער פון שטאָט, אַדורכשפּרייזן די גאַסן. אַז מען האָט ביי אים געפרעגט אויף זיין עלטער, פלעגט ער אָנשטעלן זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן, זיך אויפשטעלן אויף די שפּיצן פינגער: „וואָס ציילט איר מיינע יאָרן? איך געדענק זיי נישט"... און ער האָט זיי טאַקע נישט געדענקט, ווייל ער איז שטענדיק פול געווען מיט מונטערער יוגנטלעכקייט און שטענדיק זיך געפּונען צווישן יוגנטלעכע. נישט מיט דעם אַפּטייקער און אַנדערע נכבדים אין שטאָט האָט ער, דער דאָקטער, זיך געחברט, פון די אַלע סנאָבן האָט ער זיך דער־ווייטערט. אָבער דערפאַר איז ער געווען אייגן און נאָענט מיט די פאָלקסמענטשן. זיין וויסן און זיינע איבערלעבונגען האָט ער געטיילט מיט זיי.

זיין שטוב איז אָפן געווען פאַר יעדן. שטענדיק איז דאָרט דיסקוטירט געוואָרן איבער פאַרשידענע פּראָבלעמען. אַ שולע פון וויסן אין יידישע און אין אַלמענטשלעכע פּראָבלעמען איז דאָרט געווען — אין זיין שטוב.

ווי אַ קענער און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן איינצואָרדענען ליטעראַרישע פרייטיק־צו־נאַכטסן, און פאַר די מידע און פאַרהאָרעוועטע פון אַ גאַנצער וואָך פאָרלייענען קאַפּיטלען פון שלום עליכם. אָבער נאָך ווי געלייענט! געדאַוונט האָט ער דעם גרויסן הומאָריס־טישן קלאַסיקער, אים רעציטירט מיט אַלע אברים.

ער פלעגט רעזשיסירן די דראַמאַטישע קרייזן אין שטאָט. און אויך דאָס האָט ער געטאָן ביי זיך אין שטוב.

מיט דער גרינדונג פון בילדונגס־פאַראיין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעגט שמואל גראַבמאַן קומען דאָרט לערנען יעדן אָוונט די אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן לייענען און שרייבן און זיי אַריינפירן אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין לייענען האָט צוגע־צויגן אַלע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ווי נאָר אַ פאַראַנשטאַלטונג — האָט דער ברויזנדיקער שמואל גראַבמאַן אָנטייל גענומען. ער איז געווען מיט־גרינדער און שאַפער פון דער גרויסער שלום־עליכם־ביבליאָטעק, שטיצער און מיטגרינדער פון דער שיינער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע און לאַנגע יאָרן אויך געווען



ראַטמאַן אין שטאָטראַט, ווו זיינע שטאָלצע אויפטריטן זענען געווען אַ שם־דבר. מיט ווירדע פלעגט ער אָפּשלאָגן אַלע אַנטיסעמיטישע אַטאַקעס; דרך־ארץ און כבוד האָט ער אַרויסגערופן ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

אויף מיינע שפּאַצירן מיט אים פלעגט ער נישט מיד ווערן צו באַהאַנדלען פאַרשידענע פּראָבלעמען, און מען האָט געפילט זיין כוונה אין דעם: צו באַריי־כערן דעם צווייטן מיט די אוצרות פון זיין וויסן. אַן אויסערגעוויינלעכע ליבע האָט ער געהאַט צו יעדן איינעם, וואָס האָט אים אויסגעהערט.

ווען איך האָב זיך געגרייט, אין 1934, אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל און איך בין געקומען זיך געזעגענען מיט אים, זענען טרערן געשטאַנען אין זיינע אויגן. צוהאַלטנדיק מיך מיטביידע הענט האָט ער געזאָגט: „ווער ווייס, חבר שלום, וואָס פאַר אַ גורל אונדז דער־וואַרט דאָ. איר האָט אויסגעחלומט אייער חלום און פאָרט צו אייער ציל. איך ווייס נישט צי אַלץ וועט מקוים ווערן, אָבער דאָך בין איך אייך מקנא, ווייל איר גלייבט, און זייט מצליח..."

ווען איך בין אין 1936 געקומען אויף אַ באַזוך אין נאָווי־דוואָר, האָב איך אים, שמואל גראַבמאַן, געזען צום לעצטן מאָל אויף אַן אָוונט אין לאָקאַל פון

„פּועלי־ציון". ער האָט אָנטייל גענומען אין אַ דיסקוסיע וועגן בירגער־קריג אין שפּאַניע. מיט דעם זעלבן ברען און יינגקייט. אָבער שטאַרק האָט שוין געציטערט זיין קול, ווען ער איז אַריבערגעגאַנגען רעדן וועגן דער דעמאָלטיקער לאַגע אין פּוילן. נאָכן רעפעראַט האָבן מיר ביז שפּעט ביי נאַכט שפּאַצירט אין שטאָט־גאָרטן. די לבנה האָט באַלויכטן די שפּיצן פון קלויסטער, און ער האָט געזאָגט: „די שפּיצן, וואָס די לבנה באַשיינט זיי — זאָלן נישט אַ מאָל פאַרוואונדן אונדזערע קער־פּערס. זיי שרעקן מיך מער ווי אַלע מאָל". כ'האָב עס געהערט און ס'איז פאַרבליבן אין מיין זכרון ווי נבי־אישע רייד.

אויף יענעם שפּאַציר אין שטאָט־גאָרטן האָט ער זיך פּלוצעם צו מיר נענטער צוגעבויגן און אַ פרעג געטאָן: „חבר שלום, צי קאָן אַזאַ מענטש ווי איך אין מיינע יאָרן אַרבעטן ביי זיין פאַך און כאָטש פאַרדינען אויף ברויט אין ארץ־ישראל? ס איז כדאי וועגן דעם צו טראַכטן, ווייל דאָ וועט דער שטריק ענגער אַרום האַלדז..." כ'האָב אים געטרייסט און געענטפערט, אַז מען דאַרף גלייבן און אַלץ איז מעגלעך. כ'האָב דאַן געפילט דעם גרויסן געראַנגל, וואָס גייט אָן אין דער נשמה פון אייביק יונגן שמואל גראַבמאַן.

מיט דריי יאָר שפּעטער האָט ער געטיילט דעם גורל מיט אַלע יידן פון פּוילן. אָבער דער שטאָלצער, ווירדיקער שמואל גראַבמאַן האָט אין יענע שווערסטע טעג געמונטערט נאָענטע און באַקאַנטע און פאַר זיי וויטער געלייענט פון שלום עליכם... און ווען ס'איז געקומען די לעצטע שעה און מען איז אים געקומען אַוועקפירן קיין טרעבלינקע, האָט ער אין לעצטן מאָ־מענט אַראָפּגעשלונגען ציאַנקאַלי־סם און מיטן אויס־רוף: „די מערדערישע היטלער־הענט וועלן מיך נישט נעמען!" האָט פאַרענדיקט זיין לעבן דער איבער זיבע־ציק־יאָריקער שמואל גראַבמאַן, דער טייערער חבר און גרויסער מענטשנפריינד.

**שלום קאַרצאָוויטש**

## ר' יעקב מאיר סאַלאָמאָן און זיינע קינדער

איינע פון די אינטעליגענטסטע היימען, ווו ס'האָט געהערשט תורה און חכמה, איז געווען אין נאָווי־דוואָר די היים פון דער משפּחה סאַלאָמאָן.

קודם־כל איז דאָרט געווען אַן עכט־יידישע באַרעמ־האַרציקייט; אַ גרייטקייט צו העלפן יעדן נויט־ליידנ־דיקן און באַדערפטיקן, מיט אַן עצה טובה און מיט מעשים. יעדן יורד פלעגט מען דאָרט מחזק זיין און אַקעגנקומען מיט ראַט און טאַט.

אין דעם עכט־יידישן הויז איז אויך געווען דער צענטער פון נאַציאָנאַלער אַרבעט. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע ציוניסטישע אַקטיוויסטן אין די יאָרן פאַרן ערשטן וועלטקריג; דאָרט האָבן טאָג און נאַכט באַזוכט מנהיגים, עסקנים און קהל־טוער, צו הערן, זיך דערוויסן און באַשליסן; דאָרט ווערן באַשטימט די פּלענער וועגן פאַרשידענע געלט־זאַמלונגען, און דאָרט ווערט מען באַגייסטערט און אינספּירירט צו דרייסטע מעשים, אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער טע־טיקייט, וואָס איז דעמאָלט, אין צאַרישן רוסלאַנד, געווען פאַרבאָטן.

נאָך מער ווערט די משפּחה סאַלאָמאָן אַקטיווער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, בעת דער דייטשער אָקופּאַ־ציע און נאָכן ערשטן וועלטקריג, אין וואַרשע.

מיט דער באַפרייונג פון פּוילן און מיט דער דער־וואַכונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, סיי צווישן די עלטערע און סיי צווישן דער יוגנט, — ווערט זייער הויז אַ צענטער, צו־דינסט אונדזער נאַציאָנאַלער רע־נעסאַנס־באַוועגונג, נישט קוקנדיק אויף אַלע שווערע, מאַטעריעלע דאגות, וואָס זענען נאָך געבליבן בירושה פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

בראש פון דער דאָזיקער גייסטרייכער און איבער־געגעבענער משפּחה, שטייט דער למדן און תלמיד חכם, דער שאַרפער גערער חסיד ר' יעקב מאיר סאַלאָמאָן, וואָס ווידמעט זיינע אַלע כוחות די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע צילן, און באַמיט זיך, טראָץ אַלע פרנסה־דאגות, צו דערציען זיינע קינדער מיט עכט־יידישן חינוך און מאָדערנער אייראָפּעישער בילדונג. ס'איז ווירקלעך געווען אַ נחת צו זען די פּרוכט פון זיינע באַמיונגען — די באַגאַבטע קינדער זיינע, מיט זייערע פעיקייטן, וויסן און אויך קענטשאַפט אין די אַקטועלע ענינים פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נישט נאָר אין ווײסן, נאָך אויך אין מעשים, — אויף יעדן געביט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט זענען זיי געווען אויפן ערשטן אָרט; נישט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, נאָר באַלד צושטייער געגעבן זייער אָנשטרענגונג, ווו נאָר עס האָט זיך געפאָדערט, און נישט רעכענענדיק זיך מיט די שוועריקייטן.

אַזוי זענען געווען זײַנע זין: יוסף, פישל, הערשל און אליעזר, און אַזוי אויך זײַנע באַחנטע טעכטער: רבקהלע, שרהלע, פּערעלע — סיי אין נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און סיי מיט הומאַנער באַזאָרגטקייט פאַר נויטבאַדערפטיקע.

און דער עיקר — די פרוי פון ר׳ יעקב מאירן, לאהטשע, אַ זעלטענע עסקנית איז זי געווען, אַלס פאָרזיצערין פון דער גמילת־חסדים־קאַסע איז זי שטענדיק אַרומגעלאָפן באַזאָרגט, ווי צו פאַרגרעסערן דעם קרן פון דער קאַסע און ווי אַקעגנצוקומען מיט קאָנסטרוקטיווער הילף. אָן עכטע „שרה בת־טובים" איז זי געווען; מיט איר מסירת־נפש, גוטסקייט און גרייטקייט צו העלפן יעדן איינעם אין אַ קריטישן צושטאַנד, — איז זי געווען אַ מוסטער־טיפּ, צו לערנען און באַוווּנדערן. איר אַרבעט האָט מען אָנגעזען ביי דער הילף פאַר פליטים אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין וואַרשע.

נישט אָפּגעשטאַנען פון זייערע אבות, זענען די „בני סאַלאָמאָן". זיי האָבן כסדר פאַרשטאַרקט זייער אַרבעט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין וואַרשע, און קודם־כל מיט העלפן די געליטענע פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַזוי ווירקט הערשל סאַלאָמאָן אַלס לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע, מיט זײַנע איבערגעגעבענע לייסטונגען פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע ער קומט אַקעגן מיט ראַט און טאַט.

מיט דער אָרגאַניזירונג און לעגאַליזירונג פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס דורכן נייעם רעזשים — וואַרפן זיך די „בני סאַלאָמאָן" אַריין מיט אייפער אין דינסט פון ציוניסטישע אינסטיטוציעס און אין פאַרשידענע קולטור־פאַראיינען. מיר געפינען זיי אין דעם יוגנט־פאַרבאַנד „מרכז", אין „השחר", אין ליטעראַריש־מוזיקאַלישן פאַראיין „הזמיר", אין „מכבי", אין „לינת הצדק", — ווו נאָר אַ נוצלעכע און וויכטיקע אינסטיטוציע, זענען זיי דאָ, און אומעטום דערפילן זיי וויכטיקע אויפגאַבן און צייכענען זיך אויס אַלס טיכטיקע טוער.

אין „מרכז" איז הערשל דער ביבליאָטעקאַר, ער גיט זיך איבער זיין אַרבעט מיט אומגעהויערער ענערגיע, ער זאַמלט ביכער אין אַלע שפּראַכן פאַר דער ביבליאָטעק און צייטונגען פאַרן לייען־זאַל, אין דעם פּרעכטיקן קלוב פון געוועזענעם רוסישן אָפיצירן־קלוב אויף קרולעווסקאַ.

אין „מכבי" פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט, אַלס לייטער פון אָרקעסטער און מאַנדאָלין־אָפּטיילונג, דער באַגאַבטער, ענערגישער אליעזר. ער ווידמעט אויך פיל צייט דער שאַפונג פון ספּאָרט־פאַרבאַנד „מכבי".

און דאַן די טעכטער: רבקהלע, פּערעלע, — זיי ווידמען זייער צייט פאַר ציוניסטישע זאַמלונגען, קרן־קיימת און אַנדערע פאָנדן. אין די ווינטערדיקע קעלטן און אין די זומערדיקע היצן גייען זיי מבית לבית, איבער די הויכע שטאָקן, לטובת דער נאַציאָנאַלער זאַך. ס׳וועט בלייבן אין זכרון זייער אָנשטרענגונג, בשעת די דורכפירונג פון דעם „ציוניסטישן פּלעביסציט" לטובת דער יידישער נאַציאָנאַלער היים נאָכן ערשטן וועלט־קריג. מיט מסירת־נפש זענען זיי דעמאָלט געלאָפן פון שטוב צו שטוב, שאַפן אונטערשריפטן פאַר דעם צוועק.

מען קאָן אָן שום ספק זאָגן, אַז די פאַמיליע סאַלאָמאָן איז געווען סיי אין נאָווי־דוואָר און סיי אין וואַרשע, איינע פון די איבערגעגעבנסטע משפחות פאַר געזעלשאַפטלעכע צילן.

**י. ירוחמזאָן**

# ר' טוביה פריד

אַ סך מידות און ליבשאַפט האָט מיין טאַטע, טוביה פריד, געהאַט — „פאַר גאָט און פאַר לייט".

נגינה האָט ער ליב געהאַט. שבת צו הבדלה האָט ער אויפגעזונגען מאָדזשיצער ניגונים. אין וואָכעדיקע טעג האָט ער ליב געהאַט צו זינגען דעם „וואַסערטרעגער" און אַנדערע יידישע פאָלקסלידער. אַז מיר, קינדער, פלעגן ביי אים בעטן, ער זאָל אויפזינגען אַ רוסיש ליד, איז ער גלייך פאַרגאַנגען גאַר הויך. פּאַרט אַן אַלטער ניקאָלייעווסקער סאָלדאַט...

ער האָט תמיד ביי זיך געזאַמלט און פאַרצייכנט יידישע און העברעישע לידער. איך געדענק ווען ער האָט אָנטייל גענומען אין די אויפטריטן פון „הזמיר" און אויך אין יידישן דראַמאַטישן קרייז. אין דער יידישער ליטעראַטור איז ער געווען אייגן, גוט געקענט אַלע קלאַסיקער און פאָלקסשרייבער. און צוזאַמען מיט דעם אַלעם — געגאַנגען זיין יידישן דרך, געהיט דינים. ליב געהאַט אַריינכאַפּן אַ מוסף ביים עמוד, אויב נאָר דער גבאי פון „מזרחי" האָט אים אַלס „גלות" דאָס דערלויבט.

די גרעסטע התלהבות האָט מיין טאַטע אַרויסגעוויזן ביים זינגען די „התקוה" און אין זיין ליבשאַפט און טרייהייט צו דער ווייס־בלויער ציוניסטישער פאָן, וועלכער ער האָט אַלע יאָרן געהיט ביי אונדז אין שטוב, — די פאָן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר. די פאָן האָט ער קיינעם נישט געטרויט, זי איז געשטאַנען אין שראַנק און פאַר אונדז, קינדער, געווען מחוץ לתחום... אַלע מאָל האָט דער טאַטע אַרויסגענומען די פאָן איבערצולופטערן, אַז עס זאָלן זיך חלילה נישט אַריינבאַקומען קיין מאָילען.

ווען די מאַמע פלעגט צוגיין ערב פסח לופטערן די בגדים פון דער שראַנק, האָט ער געהיטן, אַז זי זאָל איבערלאָזן די פאָן פאַר אים.

אַזוי פייערלעך און מאַיעסטעטיש פלעגט דער טאַטע אַרויסנעמען די ווייס־בלויע פאָן צו די ציוניסטישע פייערונגען. אין מיין טאַטנס אויגן האָט דעמאָלט געלויכטן די וויזיע פון זעלבשטענדיקן ארץ־ישראל, וווהין ער האָט געטרוימט...

ווען ס'איז געקומען דער פינצטערער סעפּטעמבער און די שעה פאַר די היטלעריסטישע פאַרכאַפּערס, האָט יעדער איינער פון אונדז אויסגערייניקט די דירה פון „געפערלעכע זאַכן", וואָס קאָנען ברענגען צרות. איצט האָט אויך מיין טאַטע זיך געמוזט צעשיידן מיט דער ווייס־בלויער פאָן. מיט אַ זיפץ, ווי נאָך אַ פאַראורטיילטן, האָט מיין טאַטע אַרויסגענומען די פאָן פון שראַנק און זי באַהאַלטן אויפן בוידעם. אָן ווערטער האָט ער עס געטאָן, זיין זיפץ האָט שוין אַלץ געזאָגט...

ווען איך האָב אין 1945, נאָך די קריגס־אָפּעראַציעס, באַקומען מיין ערשטן אורלויב, און בין אַוועק זוכן מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער אין נאָווי־דוואָר, — בין איך אַרויף אויף דעם בוידעם פון אונדזער הויז, צו זוכן מיין טאַטנס ווייס־בלויע פאָן. איך האָב אָבער דאָרט גאָרנישט געפונען.

אַנשל פריד

אַ בריוו פון טוביה פריד צום לערער פּליעסער אין ישראל

# ר' נטע נתן קאָופמאַן



מיין פאָטער, נטע נתן קאָופמאַן, איז געבוירן געוואָרן אין 1877, אין קליינעם שטעטעלע יעלווע, ביי סאָכאַטשעוו. זיינע עלטערן האָבן געשטאַמט פון ווישעגראַד און געווען קרובים מיט נחום סאָקאָלאָוו. צו 8 יאָר האָט ער געמוזט איבעררייסן די לימודי התורה, אין וועלכע ער האָט עוסק געווען מיט התמדה, און געמוזט גיין אַרבעטן, כדי צו העלפן זיינע עלטערן אין דער פרנסה. אָבער אויך אין די באַדינגונגען האָט ער אויסגענוצט יעדע רגע פון זיין פרייער צייט, כדי צו לערנען וועלטלעכע לימודים, אַזוי אַרום דערוואָרבן בילדונג, ביז ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען, אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט „אַדוואָקאַטישע געשעפטן" אין די געריכטן.

נאָך פון זיין פריער יוגנט איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן פון ציוניזם, און אין שייכות דערמיט האָט ער זיך אייניקע מאָל באַגעגנט מיט דעם מנהיג, זיין קרוב, נחום סאָקאָלאָוו. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער ציוניסטישער באַוועגונג.

מיט דער אַנשטייונג פון באַנייטן פוילן, האָבן די נייע רעגירער ביי אים צוגענומען די רעכט צו אַמטירן אַלס געריכטס־פאַרטיידיקער, און אין אָנבליק פון שטייגנדיקן אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין טרייקייט צו דער ציוניסטישער אידעע. ער שטעלט זיך בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין יעלווע און ער דרינגט דורך דעם רוב איינוווינער פון שטעטל מיטן ציוניסטישן געדאַנק. ביי די יידן פון יעלווע איז ער אויך געווען גוט באַקאַנט פון דער הילפס־אַרבעט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט, און אין קאָנטאַקט מיטן „דזשאָינט" געטאָן אַלץ כדי צו העלפן די יידן אין יעלווע און אין דער אומגעגנט.

אין עלטער פון 27 יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט נחמה פיערזשאַנקאַ, אַ חסידישע טאָכטער פון זאַקראָטשין. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט 2 זין — דוד (דאַדעק), אברהם (מומעק) און אַ טאָכטער — רוזשע. אין יאָר 1924 איז זיי געבוירן געוואָרן נאָך אַ זון — משה, און אין דעם זעלבן יאָר האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע אַריבערגעטראָגן קיין נאָווי־דוואָר.

באַלד מיט זיין קומען קיין נאָווי־דוואָר האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דער אָרטיקער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועמענס שפיץ ס'איז געשטאַנען ר' שמשון נטע סרעברניק („דער רבי"), מיט אים און צוזאַמען מיט אַנדערע ציוניסטישע טוער, ווי פישל פרידמאַן, יחיאל יזראַעלעוויטש, איטשע גרינער, משה בענדער, חנה צייטאַג, גרשון קאַרצאָוויטש א"אַ האָט די ציוניסטישע אַרבעט באַקומען שווונג און זיך אויסגעברייטערט אויף אַלע געביטן.

אין יאָר 1928 האָט נטע נתן קאָופמאַן געגרינדעט די „תרבות"־שולע פון נאָווי־דוואָר, אין שול־קאָמיטעט איז ער געווען דער פאָרזיצער ביז זיין לעצטן טאָג. במשך פון אַ קורצער צייט איז די שולע דערגאַנגען צו אַ הויכן ניוואָ, זי איז באַזוכט געוואָרן פון פיל קינדער, אויך פון עלטערן, וועלכע זענען געווען קעגנער פון ציוניזם. די שולע איז אויך אָנערקענט געוואָרן פון דער מאַכט אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיט די מלוכה־שולן.

זיין גאַנצע מי און צייט האָט ער אָפּגעגעבן פאַר דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון דער „תרבות"־שולע, און אַזוי אויך אויף אַנדערע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען ראַטמאַן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַלס וויצע־פרעזעס פון די הויזבאַזיצערס.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געזאָלט פאָרן אַלס דעלעגאַט אויף דעם ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס, אָבער צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד איז עס נישט צושטאַנד געקומען. ער איז געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט אין די ערשטע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין עלטער פון 61 יאָר. ס'איז געווען זיין פאַרלאַנג און צוואה, אַז די קינדער זיינע זאָלן פאַרווירקלעכן זיין אידעאַל און עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

**אברהם קאָופמאַן**

## ר׳ בערעלע װענגאָזש

געקומען איז מיין פּאָטער ז״ל קיין נאָווי־דוואָר אין יאָר 1910 פון טשיזעוו. אַ קליין שטעטעלע אין ביאַליסטאָקער געגנט.

אַלס אַלעקסאַנדרער חסיד איז זיין ערשטע טרעפונג געװען מיט די אַלעקסאַנדרער חסידים אין שטיבל, װו ער איז באַלד באַליבט געװאָרן.

נאָך פון די בחור־יאָרן איז בערעלע װענגאָזש געװען דורכגענומען מיט די ציוניסטישע אידעאַלן און זיך אינטערעסירט מיט דער ציוניסטישער טעטיקייט. ער איז איינער פון די מיטגרינדער פון דער פּאַרטיי „מזרחי״ אין נאָווי־דוואָר, און אין דער זעלבער צייט װייזט ער אויך אַרויס זיין איניציאַטיװ אויף אַנדערע געביטן, ביים אויפשטעלן פאַרשידענע װירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. ער װערט אויסגעװיילט אַלס פאַר־שטייער אין שטאָטראַט, ער װערט אויך אַ מיטגליד אין ראַט פון דער קהילה און אַ געװיסע צייט שטייט ער אויך בראש פון דער קהילה.

װען ס׳זענען געקומען די טעג פון פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם, באָיקאָטן, איבערפאַלן און שחיטה־גזרה, — האָט דער אומדערמידלעכער װענגאָזש אויפ־געשטעלט אַ גמילת־חסד קאַסע צו העלפן די נאָווי־דוואָרער יידן, װאָס האָבן געליטן פון פאַרשידענע מאַכטלעכע שיקאַנעס. צוזאַמען מיט זיין פריינד, דעם „אַלטן זילבערטאַל״. דער מחותן פון הרב נויפעלד ז״ל, האָט ער געטאָן זיין שװערע אחריות־פולע אַרבעט.

אין פאַרלויף פון דער צייט האָט מיין פאָטער פאַרװירקלעכט זיין לאַנגיאָריקן חלום, אין 1934 איז ער אַװעק קיין ארץ־ישראל. מיט אַן אַ שיער ליבשאַפט האָבן די נאָווי־דוואָרער יידן געזעגנט זייער באַליבטן עסקן. אויך דאָ, אין לאַנד, האָט מיין פאָטער נישט איבערגעריסן די באַציונגען מיט דעם יידישן ציבור פון נאָווי־דוואָר און געשטאַנעז אין נאָענטע באַציונגען מיט די נאָווי־דוואָרער אין ישראל.

פון 1939, װען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער פאַרניכטונגס אַרבעט אין פּוילן, האָט מיין פאָטער שװער מיטגעלעבט די טראַגעדיע פון פּוילישן יידנ־טום, זיין פילבאַר יידיש האַרץ האָט געפילט די גרויסע סכנה, עס האָט געקלאַפּט מיט אומרו און באַזאָרגטקייט און משפיע געװען אויף זיין געזונט. אין 1939 האָט ער באַקומען אַ שװערן האַרץ־אַטאַק, און דערנאָך קראַנק געװען זיבן יאָר. אין זעלבן חודש, װען מיר זענען מזכיר די פאַרשניטענע קדושים פון אונדזער שטאָט, איז ניפטר געװאָרן מיין פאָטער. ס׳איז געװעז אין חודש טבת תש״ו.

**עליזה אזרוב־װענגאָזש**

## דער געלער אייזיק און די חברה „זאַפּאַסנע״

איינער פון די פּשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, װאָס לעבן שטיל זייערע טעג און זייער רום איז אין מעשים, איז געװען דער געלער אייזיק, אַ שינדל־דעקער, װאָס האָט שװער געהאָרעװעט, כדי אַרויסצוציען דאָס ביסל חיונה פאַר זיין משפּחה.

נאָך בחורװייז האָט ער געשפּילט יידיש טעאַטער צוזאַמען מיטן געלן הערשל, יעקב יצחקן און אַנדערע, און שפּיל און װאָרט האָט ער ליב געהאַט לאַנגע יאָרן.

װען ער איז צוריקגעקומען פון „דינען ביי פאַ־ניען״ האָט ער זיך פאַרנומען מיט חברות. ער איז געװען איינער פון די גרינדער פון חברה „זאַפּאַסנע״ און חברה „מלביש ערומים״. צו דער פאַרװאַלטונג פון די „זאַפּאַסנע״ האָבן געהערט יעקב אריה דער שניידער און אפרים שליאַמאָװיטש. יעדער װאָס האָט פאַרענ־דיקט די דינסט ביי פאַניען האָט געהערט צו דער חברה, זיי האָבן געשאַפן אַן אייגענע קאַסע, װאָס האָט אַרויס־געהאָלפן די מיטגלידער אין אַן עת־צרה. אין פאַליש ביי דער שול האָבן זיי געהאַט זייער מנין.

ס׳איז געקומען אַ טאָג, װען די אַמאָליקע זעלנע־רישקייט פון די „זאַפּאַסנע״ איז צונוץ געקומען דעם יידישן ציבור אין נאָווי־דוואָר. װען די האַלערטשיקעס האָבן אין 1919 זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו יידן און שניידן בערד, האָט דער געלער אייזיק מיט זיינע „זאַ־פּאַסנע״ אָרגאַניזירט אַ װידערשטאַנד. אין איינעם אַ זונטיק, װען די האַלערטשיקעס האָבן זיך באַװיזן אויפן מאַרק און אָנגעהויבן זייערע כוליגאַנישע איבערפאַלן, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויפן געלן אייזיק, װעלכער האָט אויפגעשטעלט אַ בשותפותדיקן כוח פון די „זאַ־פּאַסנע״ און פון די טרעגערס, און זיי האָבן אַרויסגע־יאָגט די האַלערטשיקעס פון שטאָט. אַזוי האָט דער גע־לער אייזיק באַשיינט מיט גבורה זיין באַשיידן לעבן.

**שרה ראָזענמאַן־טרעגער**

# ליפא מונדלאַק



נולד בנובי־דבור בחשון תרנ״ו — מת בת״א, בכ״ז תמוז תר״ץ

ליפא בן יצחק מאיר מונדלאק נולד בסתיו של 1896 במדינת פולין, נובי־דבור — עיירה קטנה, הסמוכה לווארשה. היה בן למשפחה עשירה בעיירה. למד בחדר וקבל השכלה ביתית כללית. בהיותו כבן 18, בערך, נצטרף אל חוג של נוער ציוני. השנים שלאחר מלחמת־עולם הראשונה מצאו אותו באחת ההסתדרויות של הנוער הציוני הכללי בעיירתו. ב־1919 נכנס ל„צעירי־ציון" ועשה בתוכה את הדרך למפלגה הציונית־הסוציאליסטית בפולין. מקודם ב„צעירי־ציון" ולאח״כ בצ״ס מילא שורה של תפקידים בכשרון ארגוני ובאקטיביות בלתי רגילה. תמיד עורר אחרים לסדר, לדייקנות, לשיטה.

היה אחד החולמים על ציונות־סוציאליסטית גדולה בחוץ־לארץ. ב־1923, כשבתוך מפלגת צ״ס בפולין קמה תסיסה של איחוד עם פועלי־ציון ה„ימניים", היה הוא אחד מאלה, אשר ראו באיחוד זה את צו השעה.

גם לאחר האיחוד של רוב מפלגת צ״ס עם פוע״צ הוטל על מונדלאק התפקיד האחראי של מזכיר המרכז במפלגת פוע״צ המאוחדת. גם פה היה סמל הרעננות והמעשיות, ושימש אחד הכוחות המניעים בחיי המפלגה החדשה. עבד בשורות „החלוץ" וארץ־ישראל העובדת.

עם עליתו לארץ־ישראל, בשנת 1924, החלה תקופה חדשה בחייו. קשריו עם המפלגה בפולין לא נותקו ומכתביו מן הארץ שימשו, בעת ההיא, למפלגה מזון רציני. בחרדה ונאמנות עקב כל הזמן אחרי התפתחות הענינים בפוע״צ ולאח״כ בפוע״צ־צ״ס בפולין, ובהרבה מקרים היה מעיר לחברים בקשר עם עמדות מסוימות, שלא ישרו בעיניו. החברים אשר עלו מפולין ארצה ידעו, כי לראשונה עליהם להיפגש כאן עם מונדלאק. הוא השכיל להבין ללב החבר, הפונה אליו, וטיפל באמונה ובהתמסרות בכל אחד ואחד מהחברים בימים הראשונים להתאחזותם בארץ.

עם עליתו לארץ עמד לעבודה כפועל בנין. כבעל נסיון בעבודה ציבורית במחנה הפועלים בפולין הוזמן לעבודה במועצת פועלי טבריה. ב־1925 עבר לעבודה בתל־אביב. מאז נמשכה עבודתו מתוך מתח גבוה בלתי פוסק. רוב היום לבקורים במקומות העבודה, כשהעין פקוחה על כל תקלה והאזן קשבת לכל תלונה; לפגישה עם כל חבר וחברה הפונים לעזרה; למו״מ עם נותני העבודה והדרכת ועדי הפועלים. שעות הערב — לישיבות, להתיעצויות, לעסקי בוררות, איניציאטיבה במלחמה על תביעות התעשיה העברית מידי השלטון עם חקירת מצבה וסכוייה; דאגה להרחבת אפקו של הארגון המקצועי ע״י הוצאת עלונים מיוחדים ופרסום סקירות ב„דבר"; טיפוח קשרים בין־לאומיים; ערות פוליטית ועמידה על משמר ההכרה ההסתדרותית — הצטרפו עם דאגות יום־יום למסכת רבת חיים ושמרו מפני השתלטותה של שיגרה משרדית.

חמש שנים כיום אחד, ללא מנוחה וללא לאות, נשא את טורח ההסתדרות, נלחם את מלחמת הפועל והפועלת, טיפח את אירגון העבודה — ביד אמיצה ונאמנה. חבר למועצת פועלי ותל־אביב ויפו וממונה על כמה מאגודותיה, חבר לועד הסניף של „אחדות העבודה", למועצה המקומית של מפלגת פועלי ארץ־ישראל, — היה האיש מובלע כולו, ללא שיור, במפעל האיגוד המקצועי, במלחמה על זכות העובד העברי ועל ביצור המשק העברי. שימש מזכיר לאגודת פועלי המחט, אגודת פועלי העור, אגודת עובדי בתי־אוכל ומלון, ארגון פועלי הקרטונז׳ ואירגונים מאירגונים שונים של מקומות העבודה. את מיטב אונו שיקע

בבנין אגודת פועלי האריג, אשר יסדה וטיפחה מימי מנותה עשרות אחדות עד שהגיעה למנין מאות. מבעד קשי הטרדות של עול הציבור לא נבצר ממנו להרגיש את לב החבר והחברה הבודדים ולהענות לצרכיהם. דעה צלולה ומיושבת, חוש להבחין בין עת לוותר ובין עת לקדש מלחמה, מזג נוח ומלבב, פשטות אמיתית הראויה לעסקן־פועלים מן המעולים, ערות והתמדה — אלה היו הסגולות שליווהו בדרכו רבת־האחריות.

12—13 שנות עבודתו בתנועה היו שנות עבודה פוריה וצנועה כאחת. מפלגתו בארץ ותנועתנו בגולה תשמורנה בחיבה את זכרו של החבר הנאמן, שנקטף בלא עת — בעצם ימי פריחתו.

**מ. א. ברײנהנדלר**

נפרדנו מעל חבר יקר ונאמן, אשר כולנו רגילים היינו לראותו יום־יום מלא שמחת חיים וחדוות עבודה! פיקח, ער, טוב־לב. ההסתדרות שלחה אותו לאחת העמדות הקשות, רבות הטורח והאחריות. הוא הועמד בחזית אירגון העבודה בתעשיות רבות־זעזועים, בעלות סיכויים מעורפלים, בתוך מקומות עבודה מפוררים וציבור פועלים מגוון: מבוגרים ונוער, חברים וחברות, ילידי הארץ ועולים חדשים. הוטל עליו להתחיל מאלף, להניח לבנה על לבנה, יום־יום לבנות ולבצר; לעמוד בפני משברים, בקורת, תלונות, סבל הפרט, התנקשות בזכויות. בתוך מאמצי יום־יום חי תמיד עם התנועה וידע לכנס את תכנה בד׳ האמות של תפקידו. היה שש לקראת חיים של חובה, חיים של עול הציבור. את שנות עלומיו לא הוציא לריק, אלא שיעבד אותן למפעל הכלל. היה חייל נאמן בחזית, איש משמעת, ער לכל רחשי התנועה, ישר בהכרתו ובבקרתו. צבורנו עומד תמיד בפני תפקידים העוברים את גבולות יכלתו. לא חונכנו ולא הוכשרנו לקראת אותה העבודה שעלינו לעשות כאן. והנה עקרה יד הגורל האכזרי מקרבנו חבר אשר גילה סגולות יקרות של התמדה, כשרון אירגוני, יחס חברי. פירצה גדולה נפרצה בחזית שלנו בתל־אביב. ציבור שלם נתיתם מן האיש אשר נשא את טרחו. — —

**משה שרת**

פועלי ארץ ישראל, תל־אביב תר״ץ
מתוך חוברת הזכרון בהוצאת מפלגת


מיט געבויגענע קעפּ שטייען מיר פאַרן פרישן קבר פון אונזער ח״ח
געליבטן חבר און פּיאָנער פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

ח׳ ליפּע מונדליאַק,

וועלכער איז אין בליענדיקן עלטער אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונז אין תל־אביב, שטייענדיק אויף זיין אַרבעטס־פּאָסטן.

מיר שווערן טריי צו בלייבן די אידעאַלן, פאַר וועלכע ח׳ ליפּע האָט געקעמפט און צו קעמפן צוזאַמען מיט אונזער גאַנצער פּועלי־ציון־באַוועגונג פאַרן נצחון פון סאָציאַליסטישן א״י.

אַלס צייכן פון אָנערקענונג פאַר זיין איבערגעגעבענער אַרבעט רופן מיר אָן אונזער ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען און ציילן 20 זל. פאַר אונזער פּרעסע.

פּועלי־ציון־אָרג., „פרייהייט״־אָרג., „פרייע סקויטן״, ס.ק. „קראַפט״, ביבל. קאָמיסיע.

# נחום נויפעלד

וועגן נחום נויפעלד, דעם בכור פון לעצטן נאָווי־דוואָרער רב, קען מען אָן גוזמא זאָגן, אַז נישט געווען קיין איין יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין נאָווי־דוואָר, ווו ער זאָל נישט זיין דער מיטגרינדער און עסקן.

ביי ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די־יאָרן 1916—17, איז נחום נויפעלד צווישן די גרינדער פון דער באַוווסטער ביבליאָטעק א. נ. פון שלום עליכם. די ביבליאָטעק איז אויסגעוואַקסן צו איינע פון די חשוב־סטע ביבליאָטעקן, און ווי איך געדענק, האָט זי זוכה געווען צו אַ באַזונדערע אָפּשאַצונג אין די „ליטעראַרישע בלעטער" וועלכע זענען דעמאָלט דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון נחמן מייזיל.

מיטן נאָרמאַליזירן פון יידישן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן פּאָליטישע שטרעמונגען און פּאַרטייען — אָרגאַניזירט נחום נויפעלד אין נאָווי־דוואָר די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון דער „פּאָלקס־פּאַרטיי".

נחום נויפעלד ווייזט אַרויס זיין איניציאַטיוו אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. מיטן אָנטשטיין פון אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ביי יידן אין פּוילן, ווערט נחום איינער פון אירע טיכטיקע טוער ביי אונדז אין שטאָט. אין דער זעלבער צייט גיט ער זיך אויך איבער דער שאַפונג פון „הזמיר"־אָרקעסטער. דער „הזמיר" איז צו יענער צייט געווען אין שטאָט אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, וואָס פלעגט אויספירן פאָר־שטעלונגען און איינאָרדענען מוזיקאַלישע אָוונטן, אונ־טער דער לייטונג פון דעם אין נאָווי־דוואָר באַקאַנטן מוזיקער שפּילפּידל.

כאָטש נחום נויפעלד איז אין זיין פּראָפעסיאָנע־לער באַשעפטיקונג קיין מאָל נישט געווען קיין האַנט־ווערקער אָדער קליינהענדלער, דאָך איז ער אויך געווען דער פירער אין די ביידע אָרגאַניזאַציעס, פון די קליינ־הענדלער און פון די האַנטווערקער. נחום האָט אַ סך מיטגעווירקט אין דער האַנטווערקער־באַנק, וועלכע האָט יידן געהאָלפן בשעת הדחק מיט עטלעכע הונדערט זלאָטעס.

ער האָט אויך געטאָן אַ סך אויפן געביט פון ברענגען צו יידישער אחדות. די בירגערלעכע פאַר־טייען אויף דער יידישער גאַס זענען געווען באַקאַנט מיט זייער צעקרישלטקייט, זיי האָבן זיך קיין מאָל נישט געקענט צונויפרעדן, ביז נחום נויפעלד איז נישט געוואָרן דער פאַרמיטלער. ביי וואַלן צום שטאָט־ראַט אָדער קהילה איז נחום געווען דער, וועלכער האָט געבערענגט צו אַ געמיינזאַמער קאַנדידאַטן־ליסטע און סאָלידאַרער טעטיקייט.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן וועלטקריג, איז נחום נויפעלד, כאָטש ער האָט געוווינט אין נאָווי־דוואָר, גע־ווען טעטיק אין וואַרשעווער קליינהענדלער־פאַראיין, ווו ער איז דערגאַנגען צום אָנפירנדיקן אַמט — די־רעקטאָר פון פאַראיין.

אין די טראַגישע טעג פון צווייטן וועלטקריג, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייערע ווילקירן און מאָרדן, און אַ סך פון די נאָווי־דוואָרער האָבן זיך אַריבער־געטראָגן קיין וואַרשע — האָט זיך נחום נויפעלד גלייך געשטעלט צו דער הילפסאַרבעט און געוואָרן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין דזשאָינט, ווו מען פלעגט אויסטיילן אַ ביסל וואַרעמע זופּ און אַ שטיקל ברויט פאַר די אויסגעהונגערטע יידן.

ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונגען און פיזישע פאַרניכטונגען פון די וואַרשעווער יידן — האָט נחום געפונען זיין גורל צווישן זיי.

הלל זיידמאַן שרייבט, שילדערנדיק די אַרויסשיקונ־גען אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ, אין טאָג פון 27סטן אוי־גוסט 1942:

„ווי פאַרגליווערט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דערזען, ווי אין שפּיץ פון דער גרופּע יידן גייט דער באַוווסטער געזעלשאַפטלעכער טוער נחום נויפעלד פון נאָווי־דוואָר".

פאַר אַלע יידן, און מיט אַלע יידן, — אַזוי האָט געוואָלט דער טראַגישער גורל, אַז ער, נחום, זאָל תמיד און אומעטום שפּאַנען בראש.

שמואל קאָכאַלסקי

# מנשה קאָכאַלסקי



מנשה קאָכאַלסקי האָט געהערט צו די טוערס, וואָס האָבן באַאיינפלוסט דאָס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין נאָווי־דוואָר.

זיין ברוויזנדיקע נאַטור האָט נישט לאַנג געקאָנט בלייבן אין דער אַטמאָספער פון חדר און רעליגיעזער היים און ער האָט געזוכט אַ סביבה ווו זיין אַקטיווער כאַראַקטער זאָל קומען צום אויסדרוק און ווו ער זאָל קענען זיין ענערגיע פאַרווענדן. זיין וועג האָט ער געפונען צום ציוניזם און סאָציאַליזם.

ווי דער רוב יוגנטלעכע אין שטעטל האָט ער דורך לייענען, זעלבסטבילדונג און געזעלשאַפטלעכער וואַכזאַמקייט דערגרייכט אַ הויכע שטופע פון סאָציאַל־פּאָליטישן וויסן, ביז ער איז אויסגעוואַקסן צו זיין דער פירער פון דער פּאַרטיי און יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „פּועלי־ציון״.

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך דערפינדעריש־קייט און איניציאַטיוו, וואָס האָט אין יעדער סיטואַציע געפונען דעם פּאַסיקן אויסוועג. זיין חוש פאַר דער ווירקלעכקייט האָט אים שטענדיק געהאָלפן אין די שווערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקציעס. ער איז געווען דער לעבנס־גייסט אין יעדן צווייג פון דער אָרגאַניזאַציע און מיט זיין ראַט און טאַט איז ער שטענדיק געווען ניכטער און פּראַקטיש ביי יעדן נייעם אויפטו. מיט גוף און נשמה האָט ער זיך גע־ווידמעט יעדער אַקציע פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. ער האָט געקענט יעדן חבר, פון קליין ביז גרויס, מיטגעלעבט יעדנס פרייד און לייד און געווען תמיד גרייט צו יעדער הילף.

די חברים פון דער פּאַרטיי זענען געווען זיין לעבן און צוליב זיי האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין פּרנסה און פּריוואַט לעבן.

יעדער דערפאָלג האָט אים געשטאַרקט אין זיין אַרבעט, אָבער יעדער מיסערפאָלג האָט אים קיין מאָל נישט אָפּגעשוואַכט. ער איז געווען אַ קוואַל פון מוט אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג. ער האָט געשטויסן ווידער אָנצוהייבן פון דאָס ניי, און דאָס האָט אַרויס־גערופן אַכטונג און צוגעבונדנקייט צו אים, דעם פּיל־באַרן און וואַכזאַמען נערוו פון דער פּאַרטיי.

טראָץ דער גרויסער טרייקייט צו דער פּאַרטיי האָט ער פאַרמאָגט אַ גרויסע מאָס פון טאָלעראַנץ און פאַר־שטענדעניש פאַר אַנדערע אידעישע ריכטונגען. אויף יעדער קאָנפערענץ פון געזעלשאַפטלעכע טוער אין שטעטל האָט מען מיט אים, דעם מענטש פון געמיט־לעכקייט און גוטמוטיקייט, שנעל געקענט זיך צוזאַמענ־רעדן און געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. אין דער קאָאָפּעראַציע פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס האָט ער געזען דעם בעסטן וועג צום דערפאָלג פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

ווען די פּאַרטיי איז צום ערשטן מאָל געגאַנגען צו די שטאָטראַט־וואַלן, האָט זי געפונען פאַר נייטיק אַרויסצושטעלן מנשה קאָכאַלסקין אַלס קאַנדידאַט. נאָר אַ קליינע צאָל שטימען האָט געפעלט, אַז ער זאָל געוויילט ווערן. ער האָט באַקומען שטימען אויך פון פּיל וועלכע זענען נישט געווען אין אונדזער פּאַרטיי און האָבן מנשהס אייגנשאַפטן אָפּגעשאַצט.

זיין אומדערמידלעכע אַרבעט האָט ער אויך פאַר־געזעצט אין די שווערע באַדינגונגען פון געטאָ. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון די מערדערישע דייטשע באַרבאַרן.

קלמן פּיטולסקי

דער נאָמען פון ח׳ מנשה קאָכאַלסקי איז פאַר־בונדן מיט דער יוגנט־באַוועגונג „פרייהייט״. מיט הארץ און נשמה האָט ער זיך מקריב געווען פאַר דער באַוועגונג. ביי נאַכט האָט ער געאַרבעט אין דער בעקעריי און די טעג האָט ער געווידמעט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. צוזאַמען מיט דער פאַרטייִשער אַרבעט האָט ער אויך געזאָרגט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער „ליפּא מונדלאַק־ביבליאָטעק״, די אינסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג אויפן געביט פון קולטור און וויסן. אויך די זאָרג צו פאַרשפּרייטן „דאָס נייע וואָרט״״ איז געווען זיינע. זיין פּנים האָט געשטראַלט ווען ער האָט מצליח געווען צו שאַפן נאָך אַן אַבאָנענט.

אין דער „פרייהייט״ האָט ער געאַרבעט אומדער־מידלעך, ביי די ווערביר־אַקציעס, ביים שאַפן קרייזן און קאַדרען. ער איז געווען דער רוח החיים פון דער גאַנצער אַנגעשטרענגטער אַרבעט.

מיטן אָנהייב פון צווייטן וועלטקריג, מיטן הונגער, פּיין און וואַנדערונגען, קומט מנשה מיט זיין משפּחה קיין וואַרשע, און אין דער גרויסער בהלה באַמיט ער זיך אויפצוזוכן די שרידים פון „פּועלי־ציון״ און „פרייהייט״. ער איז צעבראָכן און דערשלאָגן פון נישט קאָנען צוזען דעם ווייטיק פון די נאָענטע. ער העלפט די משפּחות קאָניאַנסקי, זיידנבערג און קאַרצאַוויטש צו באַקומען די שולע אויף מילע 63, וועלכע איז געוואָרן אַ ווינונגס־אָרט פאַר אַ סך נאָווי־דוואָרער משפּחות. דאָרט באַמיט ער זיך אויך אין די שווערע טעג צו אָרגאַניזירן קרייזן פון די יוגנטלעכע פון אונדזער באַוועגונג. און נאָך אַן אויפטו אויף מילע 63 — אַ קיך. מנשה איז אין דער קיך־פאַרוואַלטונג און באַמיט זיך אַלעמען צו העלפן. ביי אים קאָן מען הערן אַ וואָרט פון טרייסט, כאָטש ער אַליין איז שטאַרק דערשלאָגן.

ער באַמיט זיך אונטערצוהאַלטן באַציונגען מיט די חברים פון מרכז. ער העלפט שאַפן אַרבעטס־פּלעצער. ער העלפט אַנדזשאַ פּיטולסקאַ צו באַקומען אַרבעט אין דער צענטראַלער קיך פון אונדזער באַוועגונג אויף גענשע 12 און אַ דאַנק דעם האַלט זי אויס איר משפּחה (זי איז אומגעקומען אין לעגיאָנאָוו אין שמחת־תורה 1942 צוזאַמען מיט איר זונדעלע אַטי און שוועגערין פריידעלע).

אין סוף 1941, ווען קאָרן (לאַנגעטקעס אידעם) ווערט דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין אַ מיל אויף נאָ־וואָליפּיע גאַס, וואָס איז פאַררעכנט געוואָרן צו איינע פון די שולץ־שאָפּן — ווערן דאָרט מיט דער הילף פון מנשהן צוגענומען צו אַרבעט מיין ברודער שייעלע, אברהם ליטמאַן א״אַ. מנשה רוט נישט, ער נעמט יעדע וואָך ביי קאָרן, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אין דער מיל, אַ בייטל קאַשע און צעטיילט עס צווישן די נאָווי־דוואָרער.

ס׳קומען די לעצטע מוראדיקע טעג. מנשה איז אין פאַרבינדונג מיט די חברים פון דער פּאַרטיי. די מחתרת עפנט אַ בעקעריי אויף וואָלינסקע. ס׳איז אין דער צייט פון דער ערשטער אויסזידלונג. די בעקעריי האָט אָן אויפגאַבע צו פירן ברויט צום אומשלאַג־פּלאַץ, דאָס לעצטע שטיקל ברויט פאַר די פאַראורטיילטע צום טויט. מנשה ברענגט אַהין ברויט און ער קומט שוין מער נישט צוריק. מען האָט אים פאַרנומען מיט אַלע צום ווייטן און לעצטן וועג.

אים, דעם טייערן חבר, וואָס האָט שטענדיק גע־זאָרגט פאַר אַלע און געטרייסט און געמונטערט.

יהיה זכרונו ברוך!

**חיה ליטמאַן**

# הערש בער פינקער

מיין טראַגיש־אומגעקומענער ברודער



אין יאָר 1937 האָט מיין ברודער זיך צוגעשטעלט צו דינסט, לויטן רוף פון דער מיליטערישער מאַכט. ס'איז געווען דער טאָג פון „פריזיוו", די גוישע פריזיוניקעס האָבן אָפּגעטאָן אין שטעטל פאַרשידענע כוליגאַנישע מעשים, די שטימונג אין שטעטל איז געווען אַ נידערגעשלאָגענע און די יידישע יוגנט האָט זיך געפילט הילפלאָז.

אין יענעם טאָג האָט הערש בער אַרויסגעוויזן זיין יידישן שטאָלץ. ער האָט אַליין זיך געשטעלט צום קאַמף מיט די צעווילדעוועטע כוליגאַנעס, און געוויזן אַלע יידישע יוגנטלעכע אַ מוסטער, ווי מען דאַרף שטאָלץ זיין און היטן דעם יידישן כבוד.

די רויבן און איבערפאַלן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אָבער דערמיט האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט די אַנטיסעמיטישע כוואַליע פון די פּאָגראָם־טעג אין פּשיטיק. ווידער איז הערש בער געשטאַנען פאַר אַ נסיון אין מיליטערישן מונדיר, און דאָרט, אין מיליטער, איז ער אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן.

זיין רעגימענט האָט קוואַרטירט אין פּויזן, די שטאָט, וואָס איז געווען באַרימט אַלס צענטער פון אַנטיסעמיטיזם. דאָרט, אין זיין מיליטערישן רעגימענט, האָט הערש בער זיך אויסגעצייכנט אַלס ספּאָרטלער און אויך געבראַנגט אַן אויסצייכענונג פאַר זיין מיליטערישער אָפּטיילונג. אָבער טאַקע צוליב דעם, צוליב דער קנאה צו זיין פעיקייט און הצלחה, און צוליב זיין ווירדיקער האַנדלונג אַלס ייד און בירגער — איז ער דערמאָרדעט געוואָרן.

ער איז געפאַלן פאַר דעם יידישן כבוד.

**שמחה פינקער**



**חיים באַביץ** / תל־אביב

# געשטאַלטן פון נאָווי־דוואָרער „בונד“

## לעאָן גראַבמאַן



געבוירן אין פּלאָצק, אין יאָר 1897. נאָך אין זיינע פריע קינדער־יאָרן איז ער געקומען מיט זיינע עלטערן קיין נאָווי־דוואָר. אין וואַרשע געפינט ער זיין אָרט אין דעם אומלעגאַלן שילער־קרייז פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט נאָך דאַן געטראָגן דעם נאָמען: „סאָציאַל דעמאָקראַטישע צוקונפט“. לעאָן גראַבמאַן באַקענט זיך דאַן מיט דעם „צוקונפט“־טוער נאַטאַן שאַפּראַן און מיט לעאָן אָלער, וועלכער ווערט זיין נאָענטער פריינד. מיט זיין גאַנצן רעוואָלוציאָנערן יוגנט־טעמפּעראַמענט וואַרפט זיך לעאָן גראַבמאַן אַריין אין דער באַנייטער בונדישער באַוועגונג. נאָכן פאַר־ענדיקן די מיטל־שול קומט ער אָן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אַלס סטודענט פון מעדיצינישן פאַקול־טעט און ער אַרבעט אַקטיוו צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט אין וואַרשע.

מיט דער באַנייונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, העלפט מיט לעאָן גראַבמאַן אויפצושטעלן די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר. מיט אַ באַזונדערע איבערגעגעבנקייט ווידמעט ער זיך דער דאָזיקער אַרבעט. צו יענער צייט איז ער דער ערשטער פון דער שטודירנדיקער יוגנט, וואָס פאַרבינדט זיך אַזוי טריי מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אונדזער שטאָט.

אַלס פאָרשטייער פון „בונד“ העלפט ער אויך מיט צו אָרגאַניזירן די פּוילישע אַרבעטער. ער איז איינער פון די, וואָס גרינדן דעם אַרבעטער־ראַט אין נאָווי־דוואָר, און איינער פון די רעדנער אויף דער פאַרזאַמלונג פון די יידישע און פּוילישע אַרבעטער, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1918 (ביי ראַבינאָוויטשן אין דער „סאַליע“). יענע פאַרזאַמלונג איז געבליבן אין זכרון מיט איר שטורמישן פאַרלויף און מיט איר ווידערשטאַנד די אָנגרייפנדיקע לעגיאָנערן.

מיט זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און מיט זיינע מוטיקע אַרויסטריטן, ווערט לעאָן גראַבמאַן געפערלעך פאַר דער שטעטלדיקער רעאַקציע און מיט חשד קוקן אויף אים די קרייזן פון דער יונגער פּוילישער מאַכט. עס דויערט נישט לאַנג און ער ווערט אַרעס־טירט און פאַרשיקט אין לאַגער דעמביע, הינטער



קראָקע. דאָרט ווערט ער קראַנק און ער קערט זיך אום פון דאָרט אַ פיזיש צוזאַמענגעבראָכענער ער זעצט אָבער ווייטער פאָר זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, ביז זיין קרענק איז אים גובר.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין דעם טרויער־טאָג פון 19טן יאַנואַר 1923, ווען ס'איז געשטאָרבן די צענטראַלע פערזענלעכקייט פון „בונד", וולאַדימיר מעדעם, זאָל דער „בונד" אין נאַווי־דוואָר, מיט דאָפלטן טרויער, באַגלייטן צו דער אייביקייט איינעם פון זיינע בעסטע, לעאָן גראַבמאַן.

## חיים יצחק רודאַווסקי

געבוירן אין קאָצק ביי אָרעמע, חסידישע עלטערן. געווען אַ גוטער תלמיד אין חדר און לויטן רצון פון זיינע עלטערן, געזאָלט זיין אַ למדן. אָבער צוליב דער אויסזיכטסלאָזער לאַגע פון הונגער־באַדינגונגען, פאַרלאָזט ער זיין היימשטעטל קאָצק. ער קומט קיין וואַרשע און הייבט אָן אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון קאַפעלושן. אין פאַרלויף פון דער צייט פאַרלירט ער זיין אַרבעט אין וואַרשע, און ווען עס הייבן זיך אָן, מיטן פאַרענדיקן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די עפנטלעכע אַרבעטן ביי דער מאָדלינער בריק, געפינט דאָרט רודאַווסקי זיין אַרבעטס־פּלאַץ און ער באַזעצט זיך אין נאַווי־דוואָר

דאָ ווערט ער איינער פון די אַקטיווסטע אין דער באַנייטער בונדישער טעטיקייט, מיט זיין נאָמען בלייבט שוין פאַרבונדן דער אָנהייב און סוף פון דער בונדישער באַוועגונג אין נאַווי־דוואָר.

רודאַווסקי איז געווען דער וווּנדערבאַרער טיפּ פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער, וואָס איז געוואַקסן מיט זיין באַוועגונג. ער האָט דעם „בונד" אין נאַווי־דוואָר אַרויסגעפירט צום ברייטן האָריזאָנט פון פּאָליטישן באַנעם, און די באַוועגונג האָט אים דערהויבן צו איינעם פון די אָנערקענטסטע טוער ביי יידן און ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג אין שטאָט.

טראָץ זיין באַגרענעצטן בילדונגס־צענז, איז ער אָנערקענט געוואָרן אין זיין מוניציפּאַלער אַרבעט, און, ווי אַ יידישער סאָציאַליסט־בונדיסט, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס וויצע־בירגערמייסטער פון שטאָטראָט. אין דעם מעמד האָט ער פאַרגעזעצט זיין טרייע אַרבעט לטובת דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין נאַווי־דוואָר.

## מענדל ראָזנפעלד — „טראָצקי"

זייער ווייניק האָבן געוווּסט, אַז זיין פאַמיליע־נאָמען איז ראָזנפעלד. זיין גאַנגבאַרער נאָמען אין שטאָט איז געווען „טראָצקי" — מענדל טראָצקי. דער אומבאַקאַנטער, וואָס האָט אים געגעבן דעם צונאָמען, האָט זיך אוודאי מתכוון געווען צו דעם נאָמען און טיפּאַזש פון לעאָן טראָצקי, דער רעוואָלוציאָנערער בונטאַר און אָנפירער פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד. און ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט דאָך דער מענדל, טראָץ זיין גייסטיקער באַגרענעצטקייט, פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ טעמפּעראַמענטפולע רעוואָלוציאָנערישקייט, וואָס האָט באַרעכטיקט דעם צונאָמען טראָצקי.

מענדל טראָצקי, דער אומרויִקער, אומצופרידענער און פאַרביטערטער, איז אין זיין גאַנץ לעבן געווען אין טראַציקייט... לויט זיין שטייגער האָט מענדל קיין מאָל נישט גערעדט, נאָר געשריען, און אַפילו נישט געשווינט אייגענע חברים און פריינד. און אַוודאי איז ער געווען נאָך האַרבער צו זיינע פּאָליטישע קעגנער, אָקעגן זיי איז ער געשטאַנען מיט קריגערישן צאָרן.

דער טעאָרעטישער כלל, אַז „דער זיין באַשטימט דאָס באַוווּסטזיין" האָט אין לעבן און אין כאַראַקטער פון מענדלען געפונען אַן אַבסאָלוטע באַשטעטיקונג, ווייל זיין גאַנץ זיין איז אייגנטלעך געווען אַ גרויסער נישט־זיין; פון זיין קינדער־וויגל (צי האָט ער עס בכלל ווען געהאַט ?...) ביז די לעצטע טעג פון זיין טראַגישן אומקום, האָט זיך געצויגן איין פּרשה פון האָפענונגסלאָזע הונגער־טעג, און ווער ווייסט, צי ס'האָט ווען אַ שטראַל פון האָפענונג אַרויסגערופן אויף זיין פּנים אַ שמייכל און פריידיקע געפילן צו זיך און צו דעם אָרום. ביי דעם תמיד־אומעטיקן מענדל איז אויך דער פרילינג געווען ווי האַרבסט.

נאָר איינס האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ לעבן — דער „בונד". צו אים האָט ער געהערט מיט לייב און לעבן; טאָג־טעגלעך איז ער געשטאַנען צום רשות פון דער פּאַרטיי און יעדע שעה געווען איבערגעגעבן איר קאַמף.

ווו האָט מען דען מענדלען נישט געזען? — אין פּאַראַיין, אין בית־המדרש, ביים מאַגיסטראַט, ביי הילדענבראַנדס אַפּטייק, — אומעטום אין געזעמל פון מענטשן; אָט שרייט ער און דיסקוטירט, אָט ווייזט ער אויף און איבערצייגט; אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, אויף יעדער פאַרלעזונג, אויף מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, און אַפילו אויף קריגערייען און געשלעגן. חלילה, קיין שלעגער איז מענדל נישט געווען, און טאַקע דערפאַר האָט ער אָפט געקריגן געשלאָגן און אַוועק אַ באַעוולטער.

פון פאַך איז טאַקע מענדל געווען אַ בעקער, אָבער... די גאַנצע היוון האָט ער אַריינגעלייגט פאַר יווירונג פון דער רעוואָלוציע... קאָן זיין, אַז ער איז געווען אַ גוטער בעקער, נאָר צו אַרבעט האָט אים קיינער נישט געוואָלט צונעמען, ווייל ער איז צו באַקאַנט געווען אין שטאָט מיט זיין ברויזיקייט.

אַ געוויסע צייט האָט מענדל זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן די „פאָלקס־צייטונג" (ביי 150 צייטונגען זענען דאַן יעדן טאָג פאַרשפּרייט געוואָרן אין נאָווי־דוואָר, מער ווי אַלע דריי בירגערלעכע יידישע צייטונגען — „היינט", „מאָמענט", „עקספּרעס" — צוזאַמען), האָט אָבער אויך מענדל ביי דער אַרבעט געהאַט זיין צרה, ער האָט נישט געקענט לייענען און שרייבן, און רודאַווסקי האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן און אויסשרייבן פאַר אים די רשימה פון אַלע אַבאָנענטן מיט „געדרוקטע" אותיות, אַז אַלץ זאָל זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, און באַלד איז ער אַריבער צו נייע פרנסות, געוואָרן אַ נאַכט־וועכטער, נאָך דעם — אַ וואַסער־טרעגער, און אויך דאָ וואָרט נישט דאָס מזל, קיין פולע עמער האָט מענדל קיין מאָל נישט דערטראָגן, נאָר תמיד זיך געראַנגלט מיטן הונגער.

מענדל איז געווען דער סימבאָל פון סאָציאַלן אומרעכט, ער האָט אויף זיך געטראָגן די ליידן פון אַ סך יידישע אַרבעטער אין שטעטל, וואָס זענען געווען באַרויבט פון אַ מינימאַלער מעגלעכקייט פאַר זייער מענטשלעכער עקזיסטענץ, און אויך אין זיין צאָרן איז מענדל געווען דער אויסדרוק פאַר דער קאַמפס־אָפּפער־וויליקייט פון אַלע סאָציאַל־באַעוולטע אין דער נאָמענלאָזער מאַסע.

## הערצל דובניקאָוו



מיר האָבן, ליידער, זייער ווייניק ביאָגראַפישע פּרטים וועגן הערצל דובניקאָוו. מיר וויסן נאָר, אַז ער קומט פון דער ליטע און פון משכילישע עלטערן, וואָס האָבן אים געגעבן אַ מאָדערנע רעליגיעזע דערציונג. זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג האָט ער דורכגעמאַכט אַליין, מיט אייגענער אָנשטרענגונג. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ לערער אויף די אָוונט־קורסן פאַר דער אַרבעטער־יוגנט אין נאָווי־דוואָר. שפּעטער ווידמעט ער זיך דער סאָציאַליסטישער דערציונג פון דער בונדישער יוגנט. די אַלע לעבנגעבליבענע, וואָס געדענקען הערצל דובניקאָוו פון יענער צייט, דערמאָנען זיין נאָמען מיט ליבע און כבוד, ווייל ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געברענגט ליכט און וויסן אין אַן אָפּגעשטאַנענער סביבה. זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס־וועג פון אונדזער יוגנט.

פאַר איר האָט ער אָפּגעגעבן זיין צייט און ענערגיע, גלייבנדיק אין די פּרוכטן פון דער אַרבעט: אַז עס וועט אויפשטיין אַ נייער דור, מיט וויסן און מיט אידעישער טרייהייט.

## דידעק זילבערטאַל

דידעק האָט געשטאַמט פון אַ קליין־בורזשואַזער פאַמיליע, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט אַ משכּי־ליש־פּראָגרעסיוון גייסט. די פאַמיליע זילבערטאַל איז געווען איינע פון די ווייניקע אידיש־אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אין נאָווי־דוואָר, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דידעקן, זיך צו ווידמען מיט לייב און לעבן די אַרבעטער און יוגנט פון דער פאַרוואָרלאָזטער, ברייטער יידישער פאָלקס־מאַסע. איר האָט ער געדינט מיט זיין שאַרפזיניקן געדאַנק און טיפער אינטעליגענץ. יאָרן לאַנג האָט ער באַרייכערט מיט זיין וויסן די אַלע אַנטיילנעמער אויף די פאַרזאַמלונגען און קרייזן פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געווען טעטיק אויפן מוניציפּאַלן געביט. ער איז לאַנגע יאָרן געווען אַ ראַטמאַן אין שטאָטראַט, און בעת אין שטאָט האָט געהערשט די סאָציאַליסטישע מערהייט, האָט ער אויך אַלס לאַווניק אין מאַגיסטראַט אָנגעפירט מיט דער פינאַנץ־אָפּטיילונג.

דער וועג פון דידעקן איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אַ שיער שוועריקייטן אין זיין פערזענלעכן און פאַמי־ליאַרן לעבן, וואָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף זיין טעטיקייט אין דער באַוועגונג. זאָל געזאָגט ווערן צו זיין לויב, אַז דידעק האָט באַוויזן צוזאַמען מיט זיין געזעלשאַפטלעכער שטייגונג אַריינצופירן אין זיין אַריס־טאָקראַטיש־מיוחסדיקער שטוב, דאָס פּשוטע און שיינע פון דער פאַרגעשריטענער פאָלקסטימלעכקייט.

## ניסן און לאה שטיינבערג

אין אַן איינציקן צימער, ביי הערשל טראַנספּאָרט אין הויז, אויף דער וואַרשעווער גאַס, האָבן געוווינט ניסן און לאה שטיינבערג מיט זייערע קינדערלעך. ביים איינציקן פענצטער אין שטוב, אַקעגן דער גאַס איז געזעסן ניסן אויף זיין שוסטער־בענקל, און — „העמערל, העמערל, קלאַפּ"... אַנטקעגן דער טיר זענען געשטאַנען די צוויי בעטן פאַר אַלע צוזאַמען, און דערנעבן — די קיך אין ווינקל. דאָ האָט לאה שטיינ־בערג דערנערט און דערצויגן אירע קינדערלעך.

זומערצייט, ווען דאָס פענצטער איז געווען אָפן, זענען חברים געקומען צום פענצטער, זיך דורכ־שמועסן מיטן שוסטעריש געזינדל. און וועגן וואָס צו שמועסן — איז געווען.

דאָס וואָרט פון מאַקסים גאָרקי: „אַלץ, וואָס אין מיר, האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין בעסטן פריינד — דאָס בוך", איז אויך אמת אין פאַל פון ניסן שטיינבערג. נישט קיין ביכער־שענק און נישט קיין פּראַכט־אויס־גאַבן האָט מען געזען ביי די שטיינבערגס אין שטוב, און דאָך איז דאָס בוך געווען אַ טייל פון זייער לעבן. אויך אין זיין מי און מאַטער, האָט ניסן שטיינבערג, אַ דאַנק זיינע אָנגעשטרענגטע וואַך־נעכט, זיך דער־וואָרבן וויסן און קולטור, און אין שטאָט האָט מען אויף אים געקוקט מיט אָנערקענונג, ווי אַ ביישפּיל פון אַ נייעם טיפּ צווישן די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן.

אין יאָר 1927 איז ניסן שטיינבערג אויסגעוויילט געוואָרן אַלס איינער פון די פינף בונדישע ראַטמענער אין שטאָטראַט. שפּעטער איז אויך זיין פרוי לאה גע־וואָרן ראַטמענערין. ביידע האָבן גענאָסן פון צוטרוי און אָנערקענונג פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן אין שטאָט, ביז צו די טעג פון טראַגישן אומקום.

## תנחום קראָנענבערג

אַ ישיבה־בחור איז תנחום געווען, אַ „לערנער", אָבער שוין פון זיין פריער יוגנט האָט ער דערפילט דעם דראַנג פון דער צייט און זיך דורכגענומען מיט די אידעען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און נאַציאָנאַ־לער גלייכהייט. אין דער וועלט־אָנשויונג פון „בונד" האָט ער געפונען דעם ענטפער פאַר זיינע גייסטיקע זוכענישן און שטרעבונגען צו מענטשלעכער דער־הייבונג.

תנחום איז געווען אַן אידעאַלער טיפּ מענטש און פּשוט און אויפריכטיק אין זיין באַציונג צו מענטשן. טראָץ אַלע שוועריקייטן ביי אַרבעט און פּרנסה, האָט תנחומען נישט קיין רו געגעבן זיין דורשט צו בילדונג און וויסן; און אַ דאַנק זיין כּסדרדיקער אָנשטרענגונג אויפן געביט פון זעלבסט־בילדונג, וואַקסט ער אויס אַלס מוסטערהאַפטער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַר־בעטער־טוער אין שטאָט.

ווי אַן אַרבעטער, האָט תנחום דורכגעמאַכט אַלערליי שווערע אַרבעטן, ביים אויסלאָדענען קוילן־וואַגאָנען אויף דער באַן־ראַמפּע, און אַפילו ביים אַרויספירן דאָס מיסט פון שטאָט אויף די פויערישע פעלדער. לאַנגע, הייסע זומערטעג, איז ער געווען פאַרנומען ביי די אַלע שווערע אַרבעטן, און דאָך האָט ער נישט קיין מאָל פאַרנאַכלעסיקט זיינע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פליכטן.

איך געדענק נאָך יענעם זומער־אָוונט, ווען די בונדישע פראַקציע אין שטאָטראַט האָט זיך געגרייט צו אַן ערנסטן קאַמף וועגן שטאָטישן בודזשעט. די זיצונג האָט זיך שוין געדאַרפט אָנהייבן, נאָר תנחום האָט געפעלט, ער איז נאָך געווען ביי דער אַרבעט. מיר אַלע האָבן אים געזוכט, און צום סוף אים דערזען, מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, ווי ער קומט אָן אַ מידער פון דער אַרבעט, מיט אַ שטעקן אין האַנט און די שיך איבערן אַקסל. שוואַרץ איז ער געווען, אין גאַנצן באַדעקט מיטן געדיכטן קוילן־שטויב. די ערשטע רגע, ביים טרעפן זיך, איז אונדז שווער געווען צו זאָגן אונדזער פאַרלאַנג, אָבער תנחום האָט באַלד אַליין דערפילט, אַז עס וואַרט אויף אים אַן ערנסטער ענין, און שוין האָט ער זיך געגרייט צו דער זיצונג פון שטאָטראַט. זיין טרייע פרוי צביה האָט געשטעלט דאָס ביסל עסן אויפן טיש, און אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט שוין תנחום פאַרנומען זיין אָרט צווישן די בונדישע ראַטמענער אין שטאָט־ראַט.

## מ אַ ט י ס  פּ אַ פּ י ע ר

אַ צונאָמען האָט ער געהאַט אין שטעטל: „קאַל־באַס", מאַטיס קאַלבאַס — אַזוי האָבן אים די אַלע שטעטלדיקע פרומאַקעס גערופן; געווען אין דעם אַ שפּאַטיקע נקמה אויף זיין „טריפהדיקייט" און נישט־פרומקייט. לאַנגע יאָרן איז ער געווען אַ ראַטמאַן אין דער קהילה, ווי אַ פאָרשטייער פון די עמך׳דיקע פאַלקס־שיכטן. ער איז געווען פון די איינצלנע צווישן די באַלעגאָלעס און דראָשקאַזשעס, וואָס האָבן געקענט אַ צורת אות. ביים אַנטרייבן דאָס פערדל, האָט ער אויך נישט פאַרגעסן אַ זוך צו טאָן די נייעסן אין אַ צייטונג, און אַפילו אַ בלעטער צו טאָן אַ בוך, ווי נאָר ס׳איז געווען צייט דערצו. אַ געזונטער פאַלקס־טיפּ איז ער געווען אין דער גאַנצער טיפּן־גאַלעריע פון יידישן נאָווי־דוואָר.

## ב ר ו ך  ק ע ל ע ר ו ו י י ס

ברוך איז געווען אַ שטעפּער־אַרבעטער. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ער זיך אומגעקערט מיט זיין משפחה קיין נאָווי־דוואָר. אַ ביסל „פאַרדייטשט", און ער האָט אויסגעזען ווי דער־ווייטערט און פרעמדלעך. נאָר ביסלעכווייז ווערט ער ווידער פאַרהיימישט, ער ווערט אַקטיוו אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער ווערט ער אויסגעוויילט אַלס בונדישער ראַטמאַן אין דער יידישער קהילה.

## ש מ א י  ק אַ ל י ק ש ט י י ן

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שמאי געקומען קיין נאָווי־דוואָר, און ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי די עפנטלעכע אַרבעטן. דאָס איז געווען אַ טיפּ פון אַ פיל־ליידנדיקן און באַוווסטזיניקן יידישן אַרבעטער. ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן און באַנייען די בונדישע אָרגאַניזאַציע ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט ער געטאָן באַשיידן, ווי אַ ל״ו אָוניק. זיין טרייקייט און איבערגעגעבנקייט האָט אים אויך שפּעטער באַקאַנט געמאַכט אין די וואַרשעווער פּאַרטיי־קרייזן.

און זאָלן אויך דערמאָנט ווערן די ח״ח: חיים פינקלשטיין מיט זיין פרוי רחל ראַדזינער, וועלכע זענען שפּעטער אַוועק קיין וואַרשע. מאָטל ראָזנשטיין, יעקב זאַמיאַטין, און אסתר לאָקעטש. זיי און צו לאַנגע יאָר — חיים ראָזנשטיין, סינעק הירשביין א״אַ — האָבן יעדער, אויף זיין שטייגער, אין פאַרשידענע תקופות, עפּעס צוגעטראָגן צו די אַלגעמיינע אָנשטרענגונגען און דערגרייכונגען פון „בונד״.

ס'איז אויך אַ חוב און אַ זכות צו דערמאָנען די אַלע בריית־צעצווייגטע משפחות, וואָס זענען, ווי גאַנצע דינאַסטיעס, אַריין אין דער באַוועגונג: די מאַגידס, די פּאַפּיערס, די מענדלסאָנס, די טאָפּס, די קאַרצאַווי־טשעס, די לובעלסקיס, די הערשפּאַנגס, די באַרנשטיינס, די קירשטיינס, און אחרון אחרון חביב — די מאַראַקאַס.

די אַלע, מיט זייער אַריינטריט אַלס גאַנצע משפחות אין די ראַמען פון דער בונדישער באַוועגונג, האָבן באַוויזן, ווי טיף דער „בונד״ איז אַריינגעדרונגען אין די שיכטן פון פאָלק.

געפינענדיק דעם וועג צום פאָלק, איז תמיד געווען דער ציל און טרוים פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די בונדישע באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר האָט עס דערגרייכט. די אַלע ליכטיקע געשטאַלטן האָבן אויס־געטרעטן דעם דאָזיקן וועג מיט מסירת־נפש און ליבשאַפט. זאָלן זייערע נעמען בלייבן געהייליקט לדורות.

**חיים באַביץ**

עמנואל נאָוואָגרודסקי

# חיים רודאַווסקי, אונדזער געטרייער

דעם 22־טן פעברואַר 1945 איז אין אַ ניו־יאָרקער שפּיטאָל, נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע, געשטאָרבן אונ־דזער געטרייער פּאַרטיי־חבר חיים רודאַווסקי.

אָנהייב 1941 איז חיים רודאַווסקי געקומען קיין ניו־יאָרק, צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע חברים פון פּוילישן „בונד״, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצי־אָקופּירטן פּוילן.

פון אַמעריקאַנער באָדן זענען זיינע אויגן, מיט בענקשאַפט, געווען געווענדט אַהין, ווו דער אונטער־ערדישער „בונד״ האָט רומפול פאַרגעזעצט די טראַ־דיציעס פון אומברחמנותדיקן קאַמף מיטן בלוטיקן שונא; אַהין, קיין פּוילן, ווו ער האָט זיין גאַנץ באַוווסט־זיניק לעבן געקעמפט אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און איז געווען באַליבט און גע־אַכטעט דורך ברייטע יידישע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע האָבן אים געזען ביי דער אַרבעט.

דער פאַרשטאָרבענער האָט געהערט צו דעם דור יידישע אַרבעטער, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין „בונד״ און אין דער ברייטער מאַסן־באַוועגונג באַקומען זייער בילדונג און געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג.

חיים רודאַווסקי איז געבוירן געוואָרן אין קאָצק אין 1894 ביי אָרעמע עלטערן און ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ פאַנאַטיש־חסידישער פאַמיליע. גאָר יונג האָט ער איבערגעריסן מיט זיין רעליגיעזער סביבה און ער איז אַוועק קיין וואַרשע, ווו ער איז געוואָרן אַ פּרעסער אין אַ קאַפּעלוש־פאַבריק. פון זיין חסידישער אָפּשטאַמונג איז געבליבן זיין ברען און התלהבות, וועלכע ער האָט אַריבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער געביט, אויף זיין אַרבעט אין די רייען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה, געפינען מיר דעם ח' חיים רודאַווסקי אין נאָווי־דוואָר, אין דער אָנפירונג פון דער בונדישער באַוועגונג.

ח' רודאַווסקי איז געוואָרן דער אָנערקענטער פירער פון דער יידישער אַרבעטער־פאָלקס־מאַסע אין נאָווי־דוואָר; ער איז געווען סעקרעטאַר פון דאָרטיקן שניידער־פאַראיין, פאָרזיצער פון דער נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״, פירער פון דער בונדישער פראַקציע אין נאָווי־דוואָרער שטאָטראַט, בונדישער לאָווניק און דער געוויילטער וויצע־בירגערמייסטער פון נאָווי־דוואָר.

די יידישע באַפעלקערונג אין נאָווי־דוואָר האָט געוווּסט, אַז זי האָט אין רודאַווסקין איר פּאַרטיידיקער און שליח־ציבור. ח׳ רודאַווסקי האָט אָפּגעגעבן זיינע פעיקייטן און זיין גאַנצער צייט פאַר דער פּאַרטיידיקונג פון די לעבנס־אינטערעסן פון די יידישע מאַסן. און ווייל ער האָט אַזוי אויפריכטיק און ערלעך זיך באַמיט צו רעדן מיט דער שפּראַך פון די יידישע מאַסן, האָבן די דאָזיקע מאַסן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו רעדן מיט דער שפּראַך פון חיים רודאַווסקין — די שפּראַך פון „בונד״. זיין ענערגיע און איבערגעגעבנקייט האָט די בונדישע באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען.

ווען ח׳ רודאַווסקי איז אַרויסגערוקט געוואָרן אין דער שפּיץ פון אַ ברייטער מאַסן־באַוועגונג אין נאָווי־דוואָר, האָט ער געפונען אין זיך די נייטיקע איינגנשאַפטן, כדי דורכצופירן מיט דערפאָלג זיינע פאָדערונגען ביי די יידישע אינסטיטוציעס און מאַכט־אָרגאַנען אין נאָווי־דוואָר.

זיין מוטיקע האַלטונג, זיין דרייסטע פּאַרטיידיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג קעגן דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע, פון איין זייט, און קעגן דעם אייגענעם יידישן, נאַציאָנאַליסטיש־גבירישן געזינדל, פון דער צווייטער זייט, זענען געקומען צום אויסדרוק אין די אָפטע קאָרעספּאָנדענצן פון נאָווי־דוואָר אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג״, וועלכע זענען געלייענט געוואָרן דורך טויזנטער יידישע באַוווּסטזיניקע אַרבעטער אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענצן זענען געווען אונטערגעשריבן „ירוחם״ — דער פּסעוודאָנים פון ח׳ רודאַווסקי.

ח׳ רודאַווסקי איז אויסגעוואַקסן ווי אַ מוסטער פון אַ בונדישן טוער און פירער. אַ סך אונדזערע חברים האָבן זיך אויף זיינע אַרויסטרעטונגען געלערנט די שווערע אַרבעט, ווי צו רעפּרעזענטירן אין עפנטלעכע אַנשטאַלטן די נויטן און באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן אויף אַ בונדישן אופן.

די גרויסע מעלות פון רודאַווסקין האָבן זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון פאַרביטערטן קאַמף, וואָס די פּוילישע קאָמוניסטן האָבן געפירט קעגן „בונד״. רודאַווסקי האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו פּאַרטיידיקן מיט ווירדע און מוט די פּאָזיציעס פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט און דערביי אויסמיידן אַ ברודער־קאַמף.

טראָץ דעם, וואָס חיים רודאַווסקי האָט זיך אין גאַנצן געווידמעט זיין שטאָט נאָווי־דוואָר, — האָט ער אויך געפונען צייט צו זיין טעטיק אין די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון אונדזער באַוועגונג. מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ זעלטענע ענערגיע, כדי נישט אין גאַנצן איינגעשלונגען צו ווערן פון דער אָרטיקער אַרבעט.

אָנהייבנדיק פון בונדישן לאַנד־צוזאַמענפאָר אין קראָקע, אין 1920, איז ח׳ רודאַווסקי געווען אַ דעלעגאַט אויף אַלע בונדישע צוזאַמענפאָרן. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין גרויסן אידעאָלאָגישן קאַמף צווישן די „איינסער״ און „צווייער״, וואָס האָבן אין יענע יאָרן פאָרמירט די אידעאָלאָגיע פון „בונד״.

רודאַווסקי איז געווען נישט בלויז אַ פּאַרטיי־טוער, נאָך אויך אַ זעלטענער טיפּ פון אַ יידישן קולטור־טרעגער. ער האָט נישט גערוט, ביז ס׳איז אים געלונגען אויפצובויען אַ יידישע שול־אָרגאַניזאַציע און יידישע קולטור־אַנשטאַלטן אין נאָווי־דוואָר. ער איז אין די לעצטע יאָרן געווען טעטיק אין דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע.

אין אויפטראַג פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, האָט דער ח׳ רודאַווסקי באַזוכט איינציקע ראַיאָנען פון פּוילן, אין אַ סך צענדליקער שטעט. אומעטום איז זיין באַזוך אַדורך מיט דערפאָלג, אומעטום האָט ער באַוויזן צו פאַרשטאַרקן ביי די ח״ח אויף די ערטער דעם שווערן ווילן און אויסדויער ביי די שול און קולטור־אַרבעט.

רודאַווסקי האָט געהאַט אַן אינטערעס צו דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וועלכע ער האָט געדינט געטריי און איבערגעגעבן. אָנגעהויבן האָט ער אַלס געוויינלעכער מיטגליד פון אַ יידישן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, ביז ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין פּלענום פון דעם לאַנדראַט פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן.

אויף דער געצוווּנגענער עמיגראַציע, פריער אין ליטע און דערנאָך אין אַמעריקע, האָט זיך חיים רודאַווסקי געפילט ווי פאַרלוירן, ווי אַ בלום, וואָס ווערט אַרויסגעריסן פון איר נאַטירלעכן באָדן. ער האָט נישט געקאָנט לעבן אָן דעם שטורמישן, קאָלירפולן מאַסן־קאַמף פון דער יידישער אַרבעטנדיקער פאָלקסמאַסע אין פּוילן.

כבוד דעם אָנדענק פון אַ טרייען, איבערגעגעבענעם בונדיסט!

(„אונדזער צייט״, ניו־יאָרק, אַפּריל 1945).

י. ש. הערץ

# הערשל הימלפאַרב אין דער בונדישער באַוועגונג

דעם 19טן יאַנואַר האָט דער טויט פון אונדז אַוועקגענומען דעם חבר הערשל הימלפאַרב. ער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין עלטער פון קנאַפּע 75 יאָר. איבער 60 יאָר פון זיין לעבן איז ער געווען אַ טייל פון „בונד", ווי דער „בונד" איז געווען אַ טייל פון זיין לעבן.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 11טן אַפּריל 1889 אין שטעטל נאָווי־דוואָר. זיין טאַטע ברוך איז געווען אַ בעל־מלאכה, אַ שניידער, אַזוי אויך זיינע ברידער. די מוטער בלימע, אַ מאַמע פון 10 קינדער, האָט געמוזט העלפן אין דער פרנסה מיט קליינהאַנדל. הערשל האָט געלערנט אין חדרים, אין בית־מדרש, ווי אויך אַ קורצע צייט אין מאַקאָווער און לאָמזשער ישיבות. זיין וועלט־לעכע בילדונג האָט ער באַקומען 2 שעה אַ אַ טאָג אין אַ רוסישער אָנפאַנג־שולע. דאָס אַלץ האָט געדויערט ביז נאָך בר־מיצווה.

טאָן מיצוות — איז ער געקומען צום אויספיר — קאָן מען נאָר אין „בונד". און אין יאָר 1903, ווען ער איז קוים אַלט געווען 14 יאָר, איז ער געווען צווישן די גרינדער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין נאָווי־דוואָר. וואָס האָט גורם געווען דעם איבערברוך אין זיין לעבן? צוויי געשעענישן: דער קישיניעווער פאָגראָם און דער אַרעסט פון זיין עלטערן ברודער פייוול. דער עלטערער ברודער איז שוין פון 1899 געווען אַקטיוו אין „בונד". ער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען פייוול שניידער, אָדער פייוול דזשאָבאַק, דער געשטופלטער פייוול. ער איז געזעסן אין צאַרישע טורמעס און געווען פאַרשיקט אין סיביר. זומער 1905 איז פייוול געווען אַ מיטגליד פון דער בונדישער אָרגאַ־ניזאַציע אין לאָדזש און געווען אין דער אָנפירונג פון די באַריקאַדן־קאַמפן. פייוולס טעטיקייט און אַרעסט האָבן ביים ייִנגערן ברודער געוועקט די פאַנטאַזיע און דעם פּראָטעסט. און ווען ס'איז צו דעם נאָך צוגעקו־מען דער שוידערלעכער פאָגראָם אין קישיניעוו, האָט דאָס רעבעלירנדיקע ייִנגל האַסטיק זיך אַ ריס געטאָן פון דער ישיבה־באַנק און זיך אַנטשידן געשטעלט אין די רעוואָלוציאָנערע רייען פון די יידישע אַרבעטער, פון וועלכע בלויז דער טויט האָט אים געקאָנט אַוועקרייסן.

מיט זיין דרייסטקייט, חכמה און איינגעבוירענעם רעדנער־טאַלאַנט האָט ער, הגם נאָך גאָר יונג, שנעל זיך אַרויסגערוקט. פון נאָווי־דוואָר איז זיין שם דער־גאַנגען קיין וואַרשע און דער וואַרשעווער קאָמיטעט האָט אים אָנגעהויבן שיקן אין די שטעטלעך פון ראַיאָן. ער באַזוכט נאַשעלסק, זאַקראָטשין, פולטוסק, פלאָנסק (ווו ער האָט, אגב, געהאַט מיט דוד גרין, דעם היינטיקן בן־גוריון, אַן עפנטלעכע דעבאַטע אין בית־מדרש) און אַנדערע ערטער פון וואַרשעווער, מלאַווער און פלאָצקער ראַיאָנען. אין דער באַוועגונג איז ער באַקאַנט אונטערן נאָמען שמולעק אָדער שמילעכל (זיין אייגנטלעכער נאָמען איז געווען שמואל הערש). דער הויכער, שלאַנקער בחור מיט די גאָלדענע לאָקן אויפן קאָפּ און מיט דעם קלינגענדיקן לשון אין מויל האָט באַצויבערט די צוהערער. אין זיין היימשטעטל נאָווי־דוואָר איז ער געוואָרן אַ שטרייק־פירער פון 300 וועש־העפטערינס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר וואַרשעווער פאַבריקאַנטן.

בעת די רעוואָלוציע־יאָרן 1905—1906 נעמט ער אָנטייל אין פאַרשידענע דראַמאַטישע געשעענישן. פאַר זיינע רעדעס און אַנדערע מעשים איז ער 3 מאָל אַרעסטירט געוואָרן. דאָס ערשטע מאָל — אין שטעטל דראָבנין, נאָך אַ רעדע אין בית־מדרש. צוזאַמען מיט עטלעכע חברים האָט מען אים מיט קייטלעך אויף די הענט אָפּגעפירט קיין פלאָצק. בכלל איז ער געזעסן 18 חדשים אין די טורמעס פון פלאָצק, מאָדלין און וואַרשע. אין 1907 האָט מען אים אַרויסגעלאָזט אויף קויציע ביזן פּראָצעס. די רעוואָלוציע איז שוין געגאַנ־גען שנעל באַרג־אַראָפּ, די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען האָבן זיך אויסגעוועפּט און די אַרבעטער־באַוועגונג איז זיך צעפאַלן. אין יענעם יאָר האָט זיין משפחה באַשלאָסן צו עמיגרירן קיין לאָנדאָן און אויך שמוליק איז מיט איר אַוועק.

שמוליק האָט זיך גיך איינגעהיימישט אויפן לאָנ־דאָנער באָדן און איז געוואָרן אַן עלעגאַנט־געקליידע־טער בחור סעם. אויב פריער האָט ער ווייניק געאַרבעט און זיין צייט בעיקר פאַרבראַכט אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג און אין די צאַרישע טורמעס, האָט ער איצט רעגולער געאַרבעט ביי אַ ניי־מאַשין, אַזוי

10 יאָר צייט — ביז 1917. גלייכצייטיק איז ער געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, אין טרייד־יוניאָן, אין „בונד" און אין דער ענגלישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ווי אַ גוטער רעדנער און אָרגאַניזאַטאָר רוקט ער זיך אויך אין לאָנדאָן אַרויס. ער ווערט דער פּאָרזיצער אין אַ קלוב פון שניידער־יוניאָן, וווּ עס קומט אים אויס צו פירן אַ ביטערן קאַמף נישט בלויז מיט די באַלעבאַטים, נאָר אויך מיט די אַנאַרכיסטן. ער איז אַקטיוו אין דעם בונדישן פאַראיין „וועקער" און אין דער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע פון ענגלאַנד. ווי אַ מיטגליד אין עקזעקוטיוו, איז ער איינער פון די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. גלייכצייטיק איז ער אויך אַ מיטגליד אין דער ענגלישער ס. ד. פעדעראַציע און בריטישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער איז אויך איינער פון די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרן פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער צוויי־וואָכן־ציַיטונג „דאָס אַרבעטער־וואָרט".

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אויך געווען טעטיק אין דער אַנטי־מלחמה־באַוועגונג, וואָס איז געווען גאַנץ שטאַרק אין ענגלאַנד.

ס'איז געקומען דאָס יאָר 1917. אין רוסלאַנד איז געפאַלן דער צאַריזם. רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן איילן צוריק קיין רוסלאַנד, צווישן זיי אויך די ברידער וויקטאָר און איזאַק אַלטער, די ברידער הימלפאַרב און אַנדערע בונדיסטן. דער חלום פון דורות רעוואָלוציאָנערן איז געוואָרן אויס חלום און זיך פאַרוואַנדלט אין רעאַליטעט.

סעם הימלפאַרב שטעלט זיך אין רשות פון דער בונדישער אָנפירונג. ער ווערט באַשטימט צו אַרבעטן אין די צפון־מערב־פּראָווינצן און ווערט אַ מיטגליד פון צפון־מערבדיקן געגנט־קאָמיטעט. ער אַליין ווערט ווי באַנייט. זיינע רעדעס אויף די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען אין די שטעט און שטעטלעך באַקומען מער שוווּנג. ער איז אַליין באַגייסטערט און באַגייסטערט זיינע צוהערער, וועלכע אָטעמען אין זיך אַריין די לופט פון באַפרייטן לאַנד, וואָס איז פּטור געוואָרן פון גרויזאַמען צאַרישן רעזשים. ער אַנטוויקלט פאַרן עולם די פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציע און די שטעלונג, וואָס דער „בונד" פאַרנעמט צו זיי — פּראָבלעמען אַלגעמיינע און ספּעציעל יידישע.

די ערשטע צייט פיגורירט ער נאָך אַלס סעם הימלפאַרב. דער סעם פּאַסט זיך אָבער נישט צו זיינע ווייס־רוסישע שטעט און שטעטלעך, וואָס קומען אים הערן. נעמט ער אַרויס דעם צווייטן נאָמען זיינעם הערשל הימלפאַרב. אין ווייס־רוסלאַנד און אויך אין אייניקע ערטער פון אוקראַינע איז זיין שם ווי אַ רעדנער געשטאַנען זייער הויך ביים ברייטן עולם. אגב, ער איז אויך געווען אַ גוטער זינגער פון רעוואָלוציאָנערע און פאָלקס־לידער און דאָס האָט אים נאָך מער באַליבט געמאַכט.

✶

הערשל הימלפאַרב איז געוואָרן אַ שם־דבר אין פּוילן. מען האָט אים געקענט אין אַ גרויסער צאָל שטעט און שטעטלעך, וווּ ער האָט באַזוכט ווי אַ שליח פון „בונד". ער איז געווען טעטיק ווי אַ פּאָליטישער טוער פון „בונד" און ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער טוער. אין דעם יאָר 1919—1920 איז ער געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין פּוילן און פון 1929 ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — אַ פאַרטרעטער אין צענטראַל־קאָמיטעט. במשך 20 יאָר, 1919—1929, איז ער געווען אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד". מען האָט אים געווילט אַלס פּרנס פון דער יידישער קהילה אין וואַרשע און אין דעצעמבער 1938 — אַלס ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָטראָט.

פון 1920 איז הערשל הימלפאַרב קרוב צוויי צענדליק יאָר געווען סעקרעטאַר פון גרעסטן יידישן אַרבעטער־פאַראיין אין וואַרשע — פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די באַקלייד־אַרבעטער. דאָרט איז געווען זיין טאָג־טעגלעכע אַרבעט. די צענטראַלע פיגור איז דאָרט געווען הערשל.

✶

ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. באַלד אין די ערשטע טעג האָבן די דייטשע חיילות זיך דערנענטערט צו וואַרשע. מיטן גרויסן שטראָם פּליטים האָט אויך הערשל הימלפאַרב זיך געלאָזט וואַנדערן צו די מיזרח־פּראָווינצן און ער איז געקומען קיין ווילנע. אויפן סמך פון סטאַלין־היטלער אָפּמאַך האָט די סאָוויעטישע אַרמיי באַלד פאַרנומען די שטאָט. ווי אַ בונדיסט, איז הערשל געווען שולדיק אַ חוב דער „מאַטושקאַ" רוסלאַנד. אין 1907 האָט ער זיך נישט צוגעשטעלט צום פּראָצעס, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט קעגן אים פאַרפירט. פאַר די אָפּגעלאָפענע 32 יאָר זענען אויף זיין חוב אָנגעוואַקסן היפּשע פּראָ־

צענטן: נייע זינד קעגן די מאַכט־יורשים, קעגן די קאָמוניסטישע מאַכט־האָבער פון „מאַמעלע רוסלאַנד״. דעם 6טן אָקטאָבער 1939 האָט אים די נ.ק.וו.ד. אַרעס־טירט אין ווילנע. זיי האָבן אים געהאַלטן אין די טורמעס פון ווילנע, ביאַליסטאָק, אַלט־ווילייקע און 7 חדשים אין לאַגער פון קאַראַקאַנדע. צו די 18 חדשים אין די צאַרישע טורמעס זענען איצט צוגעקומען 22 חדשים אין די סאָוויעטישע. אין 1941 איז ער אויפן סמך פון דער אַמנעסטיע פאַר פוילישע בירגער באַפרייט געוואָרן. די שרעקלעכע נאַכט־פאָרשונגען און די אוממענטש־לעכע באַדינגונגען אין די סאָוויעטישע תפיסות האָבן הערשלען רויִנירט. ער איז אַרויסגעקומען פיזיש און גייסטיק אַ צעבראָכענער מענטש. ווען נישט עטלעכע חברים, וואָס האָבן אים געטראָפן און געהאָלפן זיך צוריקשטעלן אויף די פיס, וואָלט ער אויסגעגאַנגען אין גאַס פון הונגער און אויסשעפּונג.

מיט אָפּטיילונגען פון דער פוילישער אַרמיי און גרופּעס ציווילע איז הערשלען געלונגען, אין אויגוסט 1942, צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. דעם 1טן סעפּטעמבער איז ער אָנגעקומען אין דער פּערסישער הויפּטשטאָט טעהעראַן, ווו ער איז געבליבן קנאַפּע 15 חדשים. אין דעצעמבער 1943 איז ער געקומען קיין תל־אביב, ווו ער האָט געלעבט ביז נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ס'האָבן אים שטאַרק געפּייניקט דער ידישער חורבן און די יאָרן פון דער אייגענער אומ־טעטיקייט. אין חורבן האָט ער אויך פאַרלוירן זיין נאָענטע פאַמיליע. זיינע בריוו פון טעהעראַן און תל־אביב זענען פול מיט צער און געוויין. ער איז געווען פאַרצווייפלט, אויסגעשעפּט פון מאַטערנישן און חולאתן, אָבער נישט דערשיטערט אין די עיקרים פון זיין גלויבן. מיט זיין פעסטן גלויבן אין „בונד״ איז הערשל געקומען פון תל־אביב קיין מערב־אייראָפּע — בעלגיע און פראַנקרייך. ער באַטייליקט זיך אין שאַפן דעם וועלט־קאָאָרדינירקאָמיטעט פון „בונד״. פון 1950 איז ער טעטיק אין ניו־יאָרק. אַזוי ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

*

אַזוי ווי ער איז געווען, האָט הערשל געטריי און מיט מסירת־נפש געדינט דער יידישער אַרבעטער־שאַפט און געאַרבעט פאַר דער באַנייונג פון יידישן פאָלקס־לעבן. הערשל הימלפאַרב איז געווען אַן אויס־געשפּראָכענע, אַ בולטע פּערזענלעכקייט, וואָס וועט אַריין אין פאַנטעאָן פון „בונד״ און אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אונדזער שטורמישן און טראַגישן יאָרהונדערט.

(„אונדזער צייט״, ניו־יאָרק)

# געניע פּערטשיקאָוו־דובניקאָוו

געבוירן אין וואַרשע, אין יאָר 1903. איר פאָטער — אַ זייגערמאַכער, האָט זיך באַמיט צו געבן זיינע קינדער אַ סיסטעמאַטישע בילדונג. די נויט־יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן געשטערט צו דערגרייכן איר בילדונגס־ציל, נאָר אַ דאַנק איר שטאַרקע ענערגיע, האָט זיך איר איינגעגעבן צו מאַכן מאַטורע.

אין לערנען ביז שפּעט ביי נאַכט פאַרגעסט זי אויך נישט אירע יינגערע שוועסטערן און העלפט זיי צו דעריאָגן דאָס לערן־פּראָגראַם פון גימנאַזיע. זי טוט דאָס מיט ליבשאַפט און גוטמוטיקייט. די יינגערע שוועסטערן און דער ברודער זענען שטאָלץ מיט זייער איבערגעגעבענער שוועסטער. אין דער זעלבער צייט פאַרנעמט זי זיך מיט געבן לעקציעס פאַר יינגערע קינדער, און זי ווייסט שוין דעמאָלט, אַז דאָס וועט זיין איר באַרוף.

אין יאָר 1929 האָט זי אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערערין אויף די אָוונט־קורסן פאַר יידישע יוגנטלעכע אַרבעטער אין וואַרשע, און נאָך דעם ווי זי האָט פאַרענדיקט דעם וואַרשעווער לערער־סעמינאַר פון „ציש“אָ״, איז זי געוואָרן אַ לערערין אין די שולן. זי האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין קרינקי, שפּעטער אַריבער קיין פּיעטריקאָוו, זדונסקע־וואָלע און לסוף קיין וואַרשע, אין די ציש״אָ־שולן אויף דזשיקע 6, קאַרמעליצקע 29 און נאַוואַליפּקי 68, ווו זי האָט געאַרבעט ביז צום גרויזאַמען 1טן סעפּטעמבער 1939.

פון ערשטן טאָג פון דער מלחמה הערט זי נישט אויף צו ליידן הונגער און קעלט. די זאָוויערוכע האָט איר צוזאַמען מיט איר מאַן הערצל דובניקאָוו און 9־יאָריקן זון מאַיוס דורך פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פאַרטריבן קיין דובנאָ (וואָלין). דאָרט האָט זי ווידער אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין אַ שולע, אָבער נאָר אַ קורצע צייט. זי איז, וואַרשיינלעך, אומגעקומען אין 1943 צוזאַמען מיט אַלע יידן פון דובנאָ, בעת דער אויסראָטונג, דורכגעפירט דורך די דייטשן.

געניע פּערטשיקאָוו מיט איר סובטעלקייט האָט אַלע מאָל צוגעגעבן מוט צום לערנען די פּריצייטיק פאַרהאָרעוועטע יוגנטלעכע און אַריינגעפירט זיי אין אַ נייער וועלט פון וויסן, שיינקייט און גערעכטיקייט. געניע פּערטשיקאָוו איז געווען אַ פּרעכטיקער אידעאַליסטישער טיפּ, וואָס האָט, טראָץ איר שווער לעבן,



געניע פּערטשיקאָוו מיט איר מאַן הערצל דובניקאָוו

אויב געניע איז שפּעטער געוואָרן, ווי מיר האָבן זי געקענט, האָט זי עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען די פאַר יאָר, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין נאָווי־דוואָר, און איר שפּעטערדיקן מאַן, אונדזער אומפאַרגעסלעכן נאָווי־דוואָרער הערצל דובניקאָוו. אויך די משפחה פּערטשיקאָוו האָט דער הונגער, וואָס האָט געבושעוועט אין וואַרשע פאַר דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע, פאַרוואָרפן קיין נאָווי־דוואָר. אַראָפּגעקומען איז די משפחה פּערטשיקאָוו אַ מטופּלדיקע מיט קינדערלעך, געדונגען אַ וווינונג אין שטילן געסל ביי דער דייטשער קירכע און פון פאָטערס זייגערמאַכעריי שטיל געלעבט און נאָך שטילער געהונגערט.

געניע איז אין געזינדל געווען די עלטסטע. איר ברודער בעניעק געפינט זיך היינט אין אויסטראַליע ביז דער לעצטער מינוט געגלייבט אין אַ בעסערן און שענערן מאָרגן.

געניע פּערטשיקאָוו איז געווען אַלע יאָר אַ מיטגליד פון „בונד“ און פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון לערער אין די יידישע פאָלקסשולן. זי האָט זיך באַטייליקט אין די לערער־קאָנפערענצן, אָרגאַניזירט דורך דער „ציש“אָ״, און האָט געאַרבעט ביים צוגרייטן די שלום־עליכם־אויסשטעלונג.

**ר. קלעפּפיש**

(פון לערער־יזכור־בוך פון די אומגעקומענע לערער פון די ציש״אָ־שולן אין פּוילן)

מיט נאָך געניעס אַ שוועסטער. און נאָך אַ שוועסטער — די וואָס האָט אָנגעשריבן די וואַרעמע אזכרה־ווערטער וועגן געניען — רוזשקע קלעפּפיש, געפינט זיך היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זי איז געווען די פרוי פון דעם באַרימטן אינזשעניר מיכאַל קלעפּפיש וואָס איז ווי איינער פון די אַקטיווע קעמפער פון בונדישן אונטערגרונט געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַצישע הענקערס.

ס׳איז נישט צו פאַרגעסן אָט די איידעלע משפּחה, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געקעמפט מיט דער נויט אין נאָווי־דוואָר און אין וואַרשע. ווען די גרויסע משפּחה איז געבליבן פאַריתומט נאָך דעם פריצייטיקן טויט פון זייער פאָטער, איז דער גאַנצער עול געפאַלן אויף זייער איבערגעגעבענער מאַמען און אויף דער עלטסטער טאָכטער געניע.

ווען געניע איז געקומען צו אונדז אין שטעטל איז זי נאָך געווען אַ יונג מיידל מיט צוויי פאַרדרייטע צעפּלעך פון אירע בלאָנדע האָר. אַ ביסל חשיבות האָבן איר צוגעגעבן די ברילן, וואָס זי האָט געטראָגן. אַ שטילע און צוריקגעהאַלטענע איז זי געווען, און אַ ביסל אַ שעמעוודיקע מיט אַ גאָר לייכט שמייכעלע אויף איר אויסגעבלייכטן פּנים. גערעדט האָט זי נאָר פּויליש און דעמאָלט קוים געקענט עטלעכע יידישע ווערטער. אַ גליקלעכער צופאַל האָט איר צונויפגעפירט מיט איר שפּעטערדיקער בעסטע פריינדין, מיט דער יונגער שלאַנקער חוה ראָזנשטיין, וואָס איז לויט איר כאַראַקטער געווען אַנדערש ווי געניע — שאַרפזיניק און טראָציק, זעלבשטענדיק אין דענקען און אין מעשים, באַפרייט פון אַלע קאָנווענציאָנעלע צוימען און פון אָנגענומענעם דרך פון אַ קליינבירגערלעכער באַלעבאַטישער טאָכטער אין אַ קליין שטעטל. חוה ראָזנשטיין האָט אַריינגעפירט געניען אין דער וואַרעמער יידישער שטוב פון איר „פעטער שמואל" — דעם דענטיסט שמואל גראַבמאַן. דאָרט, אין יענער שטוב האָט געניע צום ערשטן מאָל געהערט דאָס ציכטיקע יידיש־לשון אין דער פּרעכטיקער אינטערפּרעטאַציע פון שמואל גראַבמאַן, ביים פאָרלייענען פאַר זיינע שטענדיקע שטוב־געסט די ווערק פון די יידישע קלאַסיקער. דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט דער קליינער גרופּע ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור און שפּראַך — מיינע טייערע יוגנט־פריינד סינעק הירשביין (לעבט אין ישראל), הערצל דובניקאָוו, און דערנאָך — דידעק זילבערטאַל און מנשה וורענסקי. פון דער גראַבמאַן־שטוב האָט דער וועג געפירט צום „בילדונגס־פאַראיין", צו דער „שלום־עליכם־ביבליאָטעק", צו לאַנגע שפּאַצירן אין די זומער־אָוונטן און ווינטער־נעכט. צוזאַמען האָט מען געלייענט, דיסקוטירט און געשטריט



חוה ראָזנשטיין

צווישן זיך וועגן דעם מיין פון מחבר אין זיינע העלדן; מיט דער פולער ערנסטקייט זיך אַריינגעטיפט אין די ווערק פון טאָלסטאָי, זשעראָמסקי, וויספּיאַנסקי. קנוט האַמסון און פּרץ.

אָט מיט דעם נייעם וועג איז געניע דערגאַנגען צו איר יידישן באַוווסטיין. אין דער מיליע האָט זי זיך באַפריינדעט, געפירט אַ שטילע האַרציקע ליבע מיט איר שפּעטערדיקן מאַן, דעם שטילן און אידעאַליסטישן חבר מיינעם — הערצל דובניקאָוו.

זיי ביידע — נישטאָ שוין. „נישטאָ מער דאָס געסעלע, נישטאָ מער דאָס הייזעלע"... דאָס גאַנצע יידישע נאָווי־דוואָר — נישטאָ. און נאָר דער זכרון פון יענע הערלעכע צייטן און זוכנדיקע יוגנט... מיט אַזעלכע ווי געניע און הערצל דובניקאָוו איז דאָס יידישע לעבן געגאַנגען צו הייכן און אפשר דערגאַנגען ביז „אויב נישט נאָך העכער"...

דב פירסט

# דוד (דאַדעק) קאַופמאַן



מיין ברודער דוד איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן אַפּריל 1910 אין שטעטל יעלווע. אַלס דער בכור פון אונדזער פאָטער — דער ציוניסטישער עסקן — נטע נתן קאַופמאַן. זיין קינדהייט — דורכגעמאַכט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט פיל קראַנ־קייטן, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט שפּורן, און דאָך האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס שילער. די לערערס און דערציערס האָבן באַוואונדערט זיין אינטעליגענץ און אויף אים געלייגט גרויסע האָפענונגען. נאָכן ענדיקן פון דער גרונט־שולע אין נאָווי־דוואָר, איז דאַדעק, נאָך אַ קאָנקורס־עקזאַמען, אנגענומען געוואָרן אין אַ מלוכה־גימנאַזיום אין וואַרשע, ווו לגבי יידישע שילער האָט מען זיך געפירט לויטן נומערוס קלאַוזוס. נאָך 4 יידן זענען געווען אין דער גימנאַזיע, און דאָרט איז ער געווען איינער פון די בעסטע שילער.

נאָך פון די שול־יאָרן האָט דאַדעק אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס צו ליטעראַטור. אין זיין לעבן האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון סאָציאַליזם און קאַמף אין די קאָמוניסטישע רייען. צוליב זיין אַגיטאַ־טאָרישער אַרבעט צווישן די שילער איז ער פאַר די מאַטורע־עקזאַמענס באַזייטיקט געוואָרן פון דער גימנאַזיע, אָבער דאַדעק האָט ווייטער געלערנט און אַריין אין דער הויך־שול, ווו ער האָט שטודירט סאָ־ציאַלע וויסנשאַפט און הומאַניסטיק. ער ווערט דורך דער מאַכט פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזאַ און קערט זיך אום פון דאָרט אַ פיזיש צעבראָכענער, אָבער ביסלעכווייז פאַרבעסערט זיך זיין געזונט און ער זעצט פאָר די לימודים און פאַרטיפט זיין וויסן.

זיינע חברים און פריינד האָבן אים תמיד באַשאַנקען מיט פיל סימפּאַטיע און אָנערקענונג. זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן אויף ליטעראַרישע טעמעס זענען אויך אָפּגעשאַצט געוואָרן פון זיינע פּאָליטישע קעגנער. אין זיין דערשיינען איז ער תמיד געווען פּשוט און באַשיידן, אָבער פול מיט אינטערעס און צויבער.

אַן אָנגעזעענער חבר איז ער געווען אין דער פאַר־מלחמהדיקער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, אַ דאַנק זיין טיכטיקער טעטיקייט ווערט ער אויך אַ חבר פון דעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט אין וואַרשע און ער נעמט אָנטייל אין דער פאַרצווייגטער פּאָליטישער טעטיקייט קעגן אונטערדריקונג און אַנטי־סעמיטיזם פון דער סאַנאַציע־מאַכט.

אין די ערשטע טעג נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, לאָזט זיך דאַדעק קאַופמאַן, צוזאַמען מיטן גאַנצן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון וואַרשע אויפן וועג צום ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער דאָרט ווערן זיינע פאַרדינסטן אין דער פּאַרטיי־ישער אַקטיוויטעט נישט אָנערקענט, און צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע פּליטים ווערט ער אַלס „שונא פון קאָמוניזם" פאַרשיקט קיין סיביר. דאָס האָט אויף אים געווירקט גייסטיק און פיזיש. נאָך זיין באַפרייונג, בעת דער אַמנעסטיע אין 1945, האָט דאַדעק קאַופמאַן זיך דערקליבן פון גירוש־סיביר צו דעם נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַן מעלמאַן אין איינע פון די שטעטלעך פון צענטראַל־רוסלאַנד. דאָרט האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און אויפן וועג צום שפּיטאָל אויסגעהויכט זיין נשמה.

**אברהם קאַופמאַן**

# אבּרהמלע גוטערמאַן

## דער נאָווי־דוואָרער מאָלער



דער אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן באַקאַנטער פּראָגרעסיווער מאָלער אבּרהמלע גוטערמאַן איז פון געבוירן אַ נאָווי־דוואָרער. ער שטאַמט פון גרויסן נאָווי־דוואָרער ייחוס: דער באַקאַנטער שטאָטישער גביר ר׳ משה יענקל בלאַט איז געווען זיין זיידע, דער לעצטער נאָווי־דוואָרער רב ר׳ ראובן יהודה נויפעלד איז געווען זיין פּעטער און דער טאַטע זיינער ר׳ פּינטשע גוטערמאַן איז געווען אַ לייבלעכער קרוב פון דעם ראַדזימינער רבּין.

זיין פאָטער, דער פאַרברענטער ראַדזימינער חסיד, וואָס איז מער געזעסן ביים רבּין אין ראַדזימין ווי ביי זיך אין דער היים, איז יונגערהייט געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ שטוב מיט קינדער. צו יענער צייט, נאָכן פאָטערס טויט, זענען זיי „אַראָפּ פון די נכסים" און געלעבט אין גרויס דחקות.

איך האָב זיך מיט אבּרהמלען באַקענט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעג אַרויפקומען צו זיי אין דער פרומער שטוב, אין דעם הויז פון זייער באָבען די „אַלטע בלאַטן". אָט דעמאָלט האָט דער שטענדיק פאַרחלומטער אבּרהמלע אָנגעהויבן (נאָך איידער ער איז געוואָרן אַ מאָלער) צו שרייבן פּאָעזיע, וועלכע ער פלעגט פאָרלייענען פאַר זיינע נאָענטסטע באַקאַנטע.

איך בין געווען זיין ערשטער קריטיקער, וואָס האָט אים אויף אַ פריינדלעכן אופן שטאַרק אָרונטערגעריסן. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו שניצן, און דערנאָך האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צום פּענדזל; געמאָלט אַלץ אין דער וועלט, פּייזאַזשן, הייזער, בריקן, חיות, אָבער דער עיקר האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין מאָלן מענטשלעכע טיפּן.

אַ מאָל האָט ער אויסגעמאָלט איינעם אַ האָרעפּאַשנעם ייד מיט אַ בייטשל אין דער האַנט און דאָס בילד מזכה געווען מיט דעם אַזוי פּאָפּולער־קלינגענדיקן נאָמען „טוביה דער מילכיקער". מיר איז דאָס בילד נישט זייער געפעלן, און איך בין אים דערגאַנגען די יאָרן, אַז דאָס איז נישט דער טיפּ פון טוביהן, און אַז טוביהן טאָר מען נישט מאָלן, ווי עפּעס אַ נאָווי־דוואָרער „איזוואָשטשיק"; אַז ער פאַרשטייט נישט שלום־עליכמען, די מיליע פון זיינע טיפּן, און נאָך און נאָך... נאָר ער האָט מיך געהערט ווי „המן דעם גרעגער" און אויף אַלע מיינע טענות האָט ער, דער שטילער, נישט באַריידעוודיקער אבּרהמלע, געהאַט איין ענטפער: „דו פאַרשטייסט נישט קיין קונסט"...

שפּעטער איז ער פאַרשוווּנדן פון שטעטל. אויך איך האָב פאַרלאָזט נאָווי־דוואָר און מיר האָבן זיך לאַנגע יאָרן נישט געזען. איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט אויף זיינער אַן אויסשטעלונג אין וואַרשע, געקוקט אַהין, געקוקט אַהער און געדרייט מיט דער נאָז... ביז ער איז צוגעקומען צו מיר און אַ זאָג געטאָן: „וואָס, עס געפעלט ווידער נישט?" דערויף האָב איך אים געענטפערט: „זעט אויס, אַז איך קען מיך נישט אויף קונסט — און דער עיקר אויף פּראָגרעסיווע..."

ער, מיט זיין קינסטלערישער עקשנות, האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיין וועג, ביז דער טראַגישער שעה, ווען נאָר זיין נאָמען און רום זענען מיט אונדז פאַרבליבן.

**דב פירסט**

יוסף סאַנדעל

# דער קינסטלער אברהם גוטערמאַן

(פונעם בוך „אומגעקומענע יידישע קינסטלער)

די באַדייטונג פון דעם קינסטלער אברהם גוטער־מאַן פאַר דער פּראָגרעסיווער פלאַסטישער קונסט פון פּוילן באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז ווירקלעך געווען פון די אויסנאַם־ווייניקע, וועלכע האָבן דערשאַצט, אַז קונסט מוז זיין באַזירט אויף אַ נוצן, וואָס דינט דער מאַסע, דעם אַרבעטנדיקן מענטש.

נאָך אַלס בחור איז ער גלייכצייטיק רייף געוואָרן צו צוויי גרויסע פּראָבלעמען: קונסט און סאָציאַליזם. ער פאַרמאָגט אין זיך אַ דערהויבן געפיל צו קענען איבערגעבן נאַטור, לעבנס־דערשיינונגען, פלאַסטיש, קינסטלעריש, סיי אין קאָליר און סיי אין צייכענונג. ער האָט באַקומען אָפענע אויגן אויף פאַר מענטשן, פאַר טאָג־טעגלעכן לעבנס־קאַמף. ער איז גייסטיק פרי רייף געוואָרן און גייסטיק, וואָלט איך געזאָגט, איז ער אין זיין דענקען געווען אַ פלאַסטיקער. אין דער פלאַס־טיק אַליין האָט זיך עס אים איינגעגעבן נישט אין דער פולער קראַפט. כאָטש ער האָט געהאַט דעם ערלעכן ווונטש צו דערגרייכן שלימות, צו רעאַליזירן זיינע מאַלערישע עמפּינדונגען. ער איז געוואָרן ווי פאַר־כישופט, פאַנטאַסטיש, אַבסטראַקט, מיט איין וואָרט, פיל פון זיינע בילדער זענען אַרויסגעקומען ווייניק רעאַל.

אברהם גוטערמאַן איז דעריבער אַ טראַגישער קינסטלער. ער האָט זיך ביי יעדער אַרבעט שטאַרק מצער געווען. קינסטלערישע קאָנצעפּציע איז ביי אים געווען איינס און די רעאַליזירונג פון דער קאָנ־צעפּציע — גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס אָרגאַנישע קונסט־ווערק איז ביי אים אויסגעפּאַלן פאַרפלאָנטערט, אַ פּשטל אין אַ פּשטל, ווי אַ ישיבה־בחור אין דער גמרא. אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס זיין עלעמענטאַרע בילדונג איז געווען דער ישיבה־קוואַל, אַפילו דעמאָלט ווען ער איז, אין ענגן זין, געוואָרן אַ מאָדערנער מענטש, אַ סאָציאַליסט, איז ביי אים געבליבן די ניי־גונג צו גריבלעניש אין דער קונסט. ער האָט געוואָלט דערגרונטעווען אין דער מאַלעריי די סודי־סודות. ריכטיק איז, אַז דורך זיין אויפגעקלערטקייט האָט ער טאַקע געוואָלט זיין נאָר אַ סאָציאַלער קינסטלער.

זיין קוק אויף דער וועלט איז געווען אונטערן איינ־פלוס פון די שטורמישע וויבראַציעס פון זיין דור, דאָס הייסט, ער האָט זי באַנומען מיט דער לעבנס־שפּראַך פון די קעמפּפערישע שיכטן אין דער יידישער געזעל־שאַפט, וואָס האָבן געווירקט אין זיין צייט. יעדע דערשיינונג האָט זיך אין זיין שאַרפן פאַרשטאַנד אָפּגע־שפּיגלט פּרעציז אין אַלע דעטאַלן.

צערטלעך און פול מיט ליבשאַפט האָט ער טאַקע גלייך געוואָלט זיינע אַנטדעקונגען פאַרבינדן אין אַ פאַרביק בילד, אָבער זיין צו פיל לאַבאָראַטאָריש עקספּע־רימענטירן האָט אים אין אַ סך אַרבעטן געמאַכט אומ־פאַרשטענדלעך פאַר די אַרבעטער. די מערקווערדיקע קאַמפּאָס־אַקציעס, וואָס ער האָט געוואָלט איבערגעבן דורך אַ קינסטלערישער פונקציע, איז בעיקר ביי אים געוואָרן אַ ווירבל, אַ סימפאָניע פון אַן איראַציאָנעלער פאַרבן־שפּיל.

דער מאָלער גוטערמאַן האָט מיט זיין קונסט נישט געשאַפן קיין אייגענע ספערע, וואָס וואָלט געקענט וויסנשאַפטלעך אויסהאַלטן אַ פאַרגלייך, טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין קונסט־טראַדיציע. נאָר אַזוי ווי ער איז געווען באַשאַנקען מיט טאַלאַנט און שאַרפן שכל איז ער געווען, ווי מיר האָבן אין אָנהייב געזאָגט, אַ טראַגישער קינסטלער.

ער איז דאָך נישט געווען אימשטאַנד צו שאַפן אין אַ נייער פאָרעם סור־רעאַליסטיש און אַבסטראַקט, כל־זמן ער איז נישט דורכגעגאַנגען אַלע שטופן פון דער קלאַסישער קונסט בכלל. צו דעם אַלעם איז ער נאָך גאָר לייכט צוגעגרייט געווען. אָבער צו זיין לויב דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אין זיין צייט האָט ער געדינט דער קונסט, ער האָט געוואָלט גאָר הויך פליען, כדי צו דינען דעם פּראָגרעס. אויך אין די געדאַנקען איז ער געפלויגן היפּש הויך. מיט גוטערמאַנען איז געווען זעלטן אינטערעסאַנט צו שמועסן וועגן קונסט. ער האָט אויפן צוהערער אַריבערגעטראָגן אַ גייסטיקן פלואיד פון צאַרטסטער איידלקייט, אַ בילדעריש־פאַרביקע אַטמאָס־פער האָט זיך געשאַפן פאַר די אויגן, עס האָבן אויפגע־טויכט פאַרביקע געשטאַלטן. גוטערמאַן האָט מיט



אײלבילד פון אברהם גוטערמאַן

עספּרי געשריבן איבער קונסט. אָבער סײ דאָס שרײבן און סײ דאָס טעמפּעראַמענטפולע רעדן זײנס איז נישט געװען די נאַטור פון זײן קונסט, װײל אין שאַפן אַלײן איז ער געװען אין גאַנצן אַנדערש. װאָס קען זײן די סיבה פון די אַזױ פיל זיגזאַגן בײם דאָזיקן אינטער־סאַנטן קינסטלער?

געשפּילט האָט זיך אַ ײדיש קינד אין פּױליש־ײדישן שטעטעלע נאָװי־דװאָר מיט קריצן, צײכענען און מאַ־ליעװען. קײנער האָט זיך אױף אים נישט אומגעקוקט, קײנער האָט זיך ערנסט נישט פאַראינטערעסירט מיט זײנע אַרבעטן און ס׳איז נישט געװען װעמען זײ צו װײזן. די פרומע עלטערן האָבן זיך בלױז געזאָרגט, אַז ער זאָל גײן אין חדר אַרײן און קענען לערנען. װען אַנדערע קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט קנעפּלעך, האָט ער זיך פאַרגאַפט אױף בלומען און בײמער, געקוקט אױפן הימל, װי די כמאַרעס האָבן געפורעמט גע־שטאַלטן. ער האָט געקאָנט דורכבױערן מיט זײנע פלאַמענדיקע אױגן זײנע חברימלעך און לאַנג באַאָבאַכטן זײער יעדן באַװעג. װאָס קען פון אים װערן? — האָבן אָפט מיט זאָרג געקלערט זײנע עלטערן. פאַרשטעקט, באַהאַלטן פון רבין מיט די תלמידים האָט ער געמאַכט צײכענונגען. מער װי אַנדערע קינדער איז ער אַרומגע־גאַנגען אַ פאַרחלומטער, און אין שלאָף געזען נאָר בילדער. מיט זײן דינאַמישן טעמפּעראַמענט האָט ער שױן צו זיבעצן יאָר דערפילט זײן מיסיע צו זײן אַ קינסטלער. דאָס איז געקומען דורך זײנע פרי־אױפגע־װעקטע חושים פאַר קונסט. ער רײסט איבער זײנע פּילפּולדיקע לימודים און אַנטלױפט קײן קראָקע. מיט זײן שװאַכן פּױליש רעדן, כמעט אָן שום בילדונג, נאָר מיט זײן בלױזן טאַלאַנט איז גענוג געװען אױף איבערצוצײגן די קראָקעװער פּראָפעסאָרן. און אַזױ װערט ער אַ סטודענט אין דער באַרימטער קראָקעװער קונסט־אַקאַדעמיע.

בײ נײנצן יאָר טרעט ער שױן אַרױס אױף אַן אױסשטעלונג מיט זײנע אַרבעטן. אַלס יונגער קינסט־לער האָט גוטערמאַן שױן פאַרשטאַנען דעם תוך פון װירקנדיקן בילד. די קונסט מוז װײזן דעם אַרבעטנדיקן מענטש. אין דערין ליגט דער הױפּט־פאַרדינסט זײנער. גוטערמאַן האָט דורך זײנע בילדער באַװיזן צו פאַר־אינטערעסירן, אױספײנערן דעם געשמאַק פאַר דער קונסט בײ די אַרבעטנדיקע מאַסן. גוטערמאַן האָט צװײ מאָל אין ײדישן ליטעראַטן־פאַראײן, אױף טלאָמאַצקע 13, אױסגעשטעלט זײנע בילדער. אין דער „זאַכענטע", װי אױך אין דער ײדישער קונסט־געזעלשאַפט זענען געװען אױסגעשטעלט זײנע אַרבעטן, װעלכע האָבן שטענדיק צוגעצױגן גרױסע מאַסן באַזוכער.

אין ווינטער 1939 האָט גוטערמאַן געהאַט זיינע בילדער אויף דער יובל־אויסשטעלונג פון יידישן קינסטלער־פאַרבאַנד אויף דלוגע 26. דאָרט האָט ער געוויזן קוביסטישע בילדער מיט אַבסטראַקטע רעפלעקסן. מיט דעם גאַנצן אימפעט האָט ער געשטרעבט צו באַווייזן, אַז זיין בילד פאַרמאָגט אַן אַנדערן כאַראַקטער, ווי די בילדער פון אַלע איבעריקע מאָלער. גוטערמאַן האָט גאַנץ גוט געוווסט, נאָך אפשר מער ווי אַ צווייטער, ווו עס ליגט, טראָץ דעם, דער חסרון פון זיין שאַפונג. פאַר וואָס זיין ווערק קאָן נישט ווערן קלאָר אויפגענומען ביי די ברייטסטע מאַסן; בשעת ער וויל רעאַליזירן די קאָנצעפציע פון אַן אידעע און זי אַרויסברענגען אויפן לייוונט, ווערט ער פאַרבלאָנדזשעט אויף דרכים פון פאָרמאַליזם. עס איז דאָך כאַראַקטעריסטיש, אַז די סאַנאַציע־פּראָקוראַטור האָט אויף זיינס אַן אויסשטעלונג קאָנפיסקירט אַ סך זיינע בילדער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין רעאַליסטישע פאָרעם. ס'האָט מעגלעך געקאָנט זיין דערפאַר, וואָס גוטערמאַן האָט אַ גרויסן טייל פון זיינע בילדער געשאַפן אויף קאַמף־מאָטיוון. זיינע בילדער זענען געווען זייער אַרויספאָדערנדיק.

געלעבט האָט ער אין גרויס דחקות אויף דזשעלנאַגאָס, אין אַ פאַררויכערטער שטוב מיט צעבראָכענע אַלטע מעבל. אין דער מיט — די שטאַלוגע מיט פאַלעטערס און פענדזלען. אין אַזאַ אַטמאָספער האָט ער געשאַפן זיינע בילדער. צו אים פלעגן קומען אַרבעטער־אינטעליגענטן. יעדן האָט ער געהאַט עפּעס צו דערציילן. אין זיין שפראַך־קולטור איז ער געווען נישט נאָר שאַרמאַנט, נאָר אויך קלוג און באַלערנדיק. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר זיך אַליין האָט ער געהערט צו דעם סאָרט קינסטלער, וואָס זענען אין לעבן געווען זייער נישט פּראַקטיש.

אין 1939, ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער קריג, האָט גוטערמאַן זיך דערשלאָגן קיין ביאַליסטאָק. בעתן צווייטן איבערפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויפן ראַטן־פאַרבאַנד האָט ער זיך עוואַקויִרט מיט אַלע אַנדערע חברים. אָבער, ווען דער צוג איז געוואָרן נאָכאַנאַנד באָמבאַרדירט דורך די דייטשע עראָפּלאַנען, איז ער מיט דער פרוי און קינד אַראָפּ הינטער באַראַנאָוויטש. ער האָט געהאָפט, אַז צופוס, דורך וועלדער, וועט ער זיך קאָנען זיכער דורכשלאָגן.

דער קינסטלער מאַנדעלצווייג, וואָס האָט זיך געפונען מיט גוטערמאַנען אין איין וואַגאָן, האָט אים געפּרווווט מיט אַלע כוחות צוריקהאַלטן פון דאָזיקן שריט. אָבער בשעת אַ באָמבאַרדירונג האָט ער נערוועז און אויפגערעגט פאַרלאָזט דעם צוג. ער איז פון דעם מאָמענט פון זיינע פריינד פאַרלוירן געגאַנגען אָן אַ שפור. פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז אויך נישט באַקאַנט, אַז ער זאָל האָבן דאָרט געווען.

אין אברהם גוטערמאַן האָבן די פאַשיסטישע רוצחים אומגעבראַכט אַן איבערגעגעבענעם פּראָגרעסיוון קינסטלער און אַן אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט, וואָס האָט באַשטימט געהאַט נאָך אַ סך פון זיך צו געבן.

די יידישע קולטור־וועלט באַקלאָגט אין אים אַ טרייען און ערלעכן קינסטלער־קעמפער.

**עסאַ שימאַנאָוויטש־פינקער / ראשון לציון**

# געווען א שטעטל איז א מאל

אַ שטעטל איז אַ מאָל געווען,
אַ ייִדיש לעבן האָט געברויזט.
געווען אַ שטעטל איז אַ מאָל
נאָר שוין פאַרשוווּנדן איז און אויס.

שטייען מויערן, שוואַרץ פון פײַער,
זיי שווײַגן און זיי ווייזן פיל;
געזען דעם טויט פון אַלץ וואָס טײַער,
זיי ווייזן אַלץ און שווײַגן שטיל.

מען הערט נישט קלאַפּן מער קיין האַמער,
עס רוישט נישט מער די ניי־מאַשין.
פאַרשטיקט דאָס קול אין גאַזן־קאַמער,
פאַרברענט אַ שטאָט אין אָשוויענטשים.

עס שלאָפט דאָס געוויסן פון דער וועלט,
דאָס פרישע גראָז פאַרדעקט די ערד.
פאַרדעקט — די ווּנד, כאָטש שרײַ און שעלט,
נאָר הערן — הערט דיך קיינער מער.

די גאַסן — אויסגעשפּרייט מיט שטיין,
מיט מאַרמאָר פון די ייִדיש קברים.
עס איז שטיל אין שטעטל, ייִדן־ריין,
און גאָט אַליין איז איצטער אָרעם.

פליסט זיך שטיל דאָס וואַסער „נאַרעוו"
און בלוט דאָרט שרײַט פון זײַן תהום.
דאָ האָט מען נאַקעטע אויף כוואַליעס —
פאַרשמאַכטע ייִדן געיאָגט אין שטראָם.

געווען אַ מאָל אַ שטאָט אין פּוילן,
און זי וועט מער שוין דאָרט נישט זײַן.
פאַרשיט זכּרון מיט אַש פון אויוונס,
פאַרדעקט איז אַלץ מיט טויט און פּײַן.

די געשיכטע ערגעץ הייבט זיך אָן,
און מישט די בלעטער יאָר נאָך יאָר.
געווען אַ מאָל — די זעקס מיליאָן;
געווען אַ שטעטל נאָווי־דוואָר...

**פּאָקינג, דעם 29סטן יולי 1947**



לעצטער בליק אויף גאַסאַ נאָווי־דוואָר

# די צוגרייטונגס־ארבעט פארן פינקס

די ערשטע שריט אין אונדזער אַרבעט פאַרן פינקס — אין יאָר 1946. דער „ארגון יוצאי נובי־דבור בישראל" האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו אַלע נאָווי־דוואָרער אין דער וועלט, וועגן זאַמלען און צושיקן מאַטעריאַלן און בילדער פאַר אַ יזכור־בוך פון נאָווי־דוואָר. וועגן דעם שטעלט זיך ברייטער אָפּ אין זיין באַריכט ח׳ חיים כהן.

מיטן אָנקום פון אַ גרעסערע צאָל נאָווי־דוואָרער עולים אין די יאָרן 1948—49, און מיט דער פאַר־שטאַרקונג פון אינטערעס פאַר דער טעטיקייט פון „ארגון יוצאי נובי־דבור", האָט זיך אויך אָנגעהויבן די זאַמלונג פון מאַטעריאַלן פאַרן פינקס.

אין טעטיקייט־באַריכט פאַרן יאָר 1950 רופט ח׳ פירסט פאַרצוזעצן די זאַמלונגען פון מאַטעריאַלן און צו באַשטימען אין „ארגון" אַ פינקס־קאָמיסיע.

אין טעטיקייטס־באַריכט פון 6.1.1952 געפינען מיר אַ באַזונדערן פונקט וועגן דער טעטיקייט פון דער פינקס־קאָמיסיע, געשריבן פון ח׳ פירסט, וועלכער שטייט זינט 1949 בראש פון דער אַרבעט און מאַטעריאַל־זאַמלונג פאַרן פינקס. די ווענדונגען צו די נאָווי־דוואָרער וועגן דעם, דערשיינען אין אַלע אַרויסגע־געבענע באַריכטן, ביזן דעם 10טן דעצעמבער 1952.

אונדזערע ווענדונגען האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו געבן רעזולטאַטן. די ערשטע מאַטעריאַלן זענען געווען, די צוגעשיקטע דורך פריינד סעם באַרנשטיין פון לאָס־אַנדזשעלעס, און די גביות־עדות־פאַרצייכע־נונגען פון אהרן פינקער, וועלכע ער האָט אויפגענומען ביי די אָפּגעראַטעוועטע נאָווי־דוואָרער יידן, אין די דייטשע לאַגערן, גלייך נאָך דער באַפרייונג.

אַ וויכטיקע דאַטע אין דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט פאַרן פינקס, איז דער 24סטער אָקטאָבער 1957, ווען די ניי־געוויילטע פינקס־קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטן איר ערשטע זיצונג, צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן אייב גאָלדבערג און סעם באַרנשטיין, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינ־טערעס און פאַרשטענדעניש פאַרן פינקס. פון דעמאָלט האָט די אַרבעט אָנגעהויבן גיין מיט דרייסטע טריט. אין נאָוועמבער 1957 דערשיינט ווידער אַן אויפרוף, אין וועלכן עס ווערט באַטאָנט די חשיבות צו שיקן און זאַמלען מאַטעריאַלן און בילדער פאַרן פינקס. און אין יוני 1959 ווערט פונאַנדערגעשיקט אַן אי־לוסטרירטער פּראָספּעקט — אַ וויכטיק אויפקלערונגס־מיטל און אָנזאָג אויפן פאָרשריט אין אונדזער אַרבעט.

די מאַטעריאַלן־זאַמלונג גייט אָן אין פולן ברען. עס ווערט באַשלאָסן צוצוטרעטן ממשותדיק צו דער רעדאַקטירונג פון די מאַטעריאַלן און זיך פאַרבינדן מיט אַ פּאַסיקן רעדאַקטאָר. די פאָרשטייערין פון אונ־דזערע אַמעריקאַנער — לאה סעגאַל, איז דעמאָלט, אין 1962, אָנוועזנד געווען ביים שליסן דעם אָפּמאַך מיט אַ געוויסן „רעדאַקטאָר", מיט וועלכן מיר האָבן שפּע־טער געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל, סיי מאַטעריעל און סיי מאָראַליש. מיר האָבן קוים פון אים צוריקבאַקומען אונדזערע מאַטעריאַלן. אָבער מיר האָבן צוליב דעם נישט אָפּגעשטעלט אונדזער אַרבעט. צו יענער צייט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ סך זיצונגען מיט דעם פּרע־זידענט פון דער ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט דזשאָ געטנער, און ער האָט אונדז פאַרזיכערט די מיטהילף פון אונדזערע ניו־יאָרקער לאַנדסלייט, אַרויסצוגעבן דעם פינקס.

אַ שטאַרקן אָנרעג צו דער ווייטערדיקער אַרבעט האָט אונדז געגעבן דער צונויפטרעף אין ישראל מיט די פינקס־ענטוזיאַסטקעס קלאַראַ באַרנשטיין און רחלע קליינבאַרד, די פאָרשטייערינס פון אונדזערע לאַנדס־לייט אין לאָס־אַנדזשעלעס.

אין פעברואַר 1964 האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט אריה שמרי, דעם איצטיקן רעדאַקטאָר פון פינקס, וועל־כער איז דעמאָלט, צוזאַמען מיט דער פינקס־קאָמיסיע, באַלד צוגעטרעטן מיט דער פולער אחריות צו דער וואָגיקער אַרבעט. אין דער זעלבער צייט, מערץ 1964, זענען געקומען קיין ישראל די פאָרשטייער פון די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן (פון דער צענטראַלע אין שיקאַגע), אונדזערע באַקאַנטע לאַנגיאָריקע געזעלשאַפטלעכע טוער חיים זאַלצמאַן און אייב זיידנבערג. מיט זיי האָבן מיר געהאַט לאַנגע זיצונ־גען און באַראַטונגען, בירורים און חילוקי דעות. אָבער די זיצונגען זענען אין סך־הכל געווען זייער פּאָזיטיוו,

ווייל זיי האָבן געגעבן די מאַטעריעלע באַזע צום דער־שיינען פון פּינקס.

די רעדאַקציאָנעלע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן, אין אויגוסט 1964 זענען איבערגעבן געוואָרן די ערש־טע מאַטעריאַלן אין דרוק, און אַ דאַנק דער אומדער־מידלעכער חברישער צוזאַמענאַרבעט פון די רעדאַק־ציע־חברים — שמרי און פירסט — מיט דער פּינקס־קאָמיסיע, אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע אַקטיוויסטן אין אַלע אַנדערע לענדער — זעען מיר שוין פאַר זיך די ערשטע געדרוקטע בלעטער פון אונדזער פּינקס. באַלד דערשיינט ער, און מיר האָבן דאָס געפיל, אַז דאָס וועט זיין אַ וויכטיקער טאָג פאַר אַלע נאָווי־דוואָרער אומעטום, און אַלע וועלן מיר זען די פרוכט פון אונדזער לאַנגיאָריקער, געמיינזאַמער אַרבעט, צו פאַראייביקן און פאַרהייליקן דעם נאָמען פון אונדזער שטאָט.

די אַלע דאָ דערמאָנטע און נישט דערמאָנטע, אַלע נאָווי־דוואָרער אין גאַר דער וועלט; אַלע זאַמלער און מיטהעלפער; די לאַנדסלייט־קאָמיטעטן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע, קאַנאַדע, אורוגוויי און פראַנקרייך; ווי אויך אַלע יחידים אין פּוילן, אויס־טראַליע און ווענעצועלאַ — אונדזער ברודערלעכן גרוס און וואַרעמסטן יישר־כוח!

פּינקס־קאָמיסיע אין ישראל



**רעדאַקציע פון „פּינקס", פּינקס־קאָמיסיע און מיטגלידער פון ועד „ארגון יוצאי נובי־דבור" בישראל**
פון רעכטס: ערשטע ריי: **חיים באַביץ, אריה שמרי, דב פירסט, שלום קאַרצאָוויטש**
צווייטע ריי: **אליעזר ליכטנשטיין, נתן זילבערמאַן, אהרן פּינקער, שמואל קאָכאַלסקי, יוסף שימקאָוויטש, חיים כהן**

# פינקס־טוער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן


לאה סעגאַל


אייב גאָלדבערג


דושאַ גערטנער

## ניו־יאָרק


חיים וואַלצמאַן


אבא ויידנבערג

## שיקאַגע


קלאַראַ באַרנשטיין


רחל קליינבאַרד־מאַראַקאַ


סעם באַרנשטיין

## לאָס־אַנדזשעלעס

חיים כהן / תל־אביב

# דער אנהייב פון „ארגון יוצאי נובי־דבור"

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939 נאָכן איבעררייס פון אַלע פאַרבינדונגען מיט אונדזערע קרובים און פריינד אין אויסלאַנד, האָבן אַ גרופּע נאָווי־דוואָרער אין תל־אביב, זוכנדיק אַ וועג פאַר ווייטערדיקע פאַרבינדונגען, אויך גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן די עולי נאָווי־דוואָר אין ישראל, וועלכע האָבן דעמאָלט געציילט ביי אַ זעכציק משפחות, אין די יישובים פון לאַנד.

די איניציאַטיוו־גרופּע איז באַשטאַנען פון יוסף שימקאָוויטש, יחזקאל פינקל, שמואל קאַכאַלסקי, מנחם מונדלאַק ע"ה און חיים כהן, וועלכע האָבן גלייך נאָכן באַזוכן אַלע נאָווי־דוואָרער אין און אַרום תל־אביב, אויך צונויפגערופן די ערשטע פאַרזאַמלונג פון די נאָווי־דוואָרער אויפן הויף פאַר דער וווינונג פון ח' יוסף שימקאָוויטש אין תל־אביב, מזא"ה 32. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ וועד פון 3 פּערזאָן: יוסף שימקאָוויטש, שמואל קאַכאַלסקי און חיים כהן. די עיקר אַרבעט פון וועד איז דעמאָלט באַשטאַנען אין איינמאָנען מיטגלידס־אָפּצאָל און פירן קאָרעספּאָנדענץ מיט די נאָווי־דוואָרער אין לאַנד.

אַן אַנדערן כאַראַקטער האָט אָנגענומען אונדזער אַרבעט אין די יאָרן פון דער היטלער־מלחמה. מיטן אָנקומען פון גענעראַל אַנדערס אַרמיי קיין ארץ־ישראל זענען אויך געקומען די נאָווי־דוואָרער שמחה פינקער, יצחק ריבאַ, לייבל גאָלדבערג, יצחק סטאַניסלאַווסקי, נחמן העלפּענביין, שמואל שימקאָוויטש, אהרן גאַרצאַ־וויטש, מאָטל ראָזנשטיין, מענדל מאַגיד, העלא צייטאַג א"אַ. דורך זיי האָבן מיר אויך באַקומען גרוסן פון די לעבנגעבליבענע נאָווי־דוואָרער אין רוסלאַנד. זיי האָבן די אַלע „פריילעכע באַריכטן" איבערגעגעבן אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די נאָווי־דוואָרער אין לאַנד, און דערביי זענען אויך צוגעקאָאָפּטירט געוואָרן צום קאָ־מיטעט די ח' שמחה פינקער און יצחק ריבאַ. ס'איז אויך דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרגרעסערן דעם מיטגלידס־אָפּצאָל און שאַפן אַ הילפס־פאָנד. אויפן אָרט איז גלייך געזאַמלט געוואָרן צו דעם צוועק אַ געוויסע סומע.

אויף די דירעקטע ווענדונגען פון די חברים אין רוסלאַנד — ראָזנבערג, חנה מאַגיד, יצחק גרינער, קלמן פּיטולסקי, טאָפּ, פינקער, פּייער א"אַ, — האָבן מיר געענטפערט מיט הילף. ס'איז געוואָרן דורכגעפירט אַ מלבושים־אַקציע און ס'זענען געשיקט געוואָרן פּעקלעך צו די נויטבאַדערפטיקע.

מיטן איבערוואַנדערן פון דער שארית־הפליטה אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד און עסטרייך און מיטן אומקערן זיך פון רוסלאַנד, האָבן זיך אַ גרעסערע צאָל נאָווי־דוואָרער קאָנצענטרירט אין לאַגער פאָקינג, אַ טייל האָבן זיך אויך אומגעקערט קיין פּוילן, און באַלד זענען אָנגעקומען הילפס־רופן. מיר האָבן זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועגן דער נייטיקער הילף.

מיטן אָנהייב פון דער אומלעגאַלער עליה, האָבן אויף די פאַרשלעפּטע שיפן קיין קאַפּריסין זיך אויך געפונען נאָווי־דוואָרער. דער קאָמיטעט האָט זיך דעמאָלט גלייך געשטעלט מיט זיי אין פאַרבינדונג און געהאָלפן מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן.

אין חנוכה 1947 האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ טרויער־אָוונט לזכרון די נאָווי־דוואָרער קדושים, מיטן אָנטייל פון רוב נאָווי־דוואָרער אין לאַנד. אין דער פּראָגראַם־אויספירונג פון דעם אָוונט האָבן אָנטייל גענומען רות שימקאָוויטש און שמואל זילבערמאַן.

עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַקציע צו שאַפן אַ גמילת־חסד־קאַסע. אויפן אָרט איז געזאַמלט געוואָרן 175 פונט. און אַ דאַנק דעם פינאַנציעלן ביישטייער פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק, לאָס־אַנדזשע־לעס, אַרגענטינע און שפּעטער אויך מאָנטעווידעאָ, קאַנאַדע און פּאַריז, האָבן מיר געקאָנט יעדן נייעם עולה אַקעגנקומען באַלד ביי זיינע ערשטע שריט און דערנאָך מיט דער באַזירונג פון דער גמילת־חסד־קאַסע, אויך געבן הלוואות.

און שוין אין יענער צייט איז צוזאַמען מיטן באַשלוס וועגן דער הילפס־און ליי־קאַסע — וועגן אַ „פאָנד פון מינדעסטנס 2000 פונט" — אויך באַשלאָסן געוואָרן וועגן שיכון נאָווי־דוואָר: „ס'זאָל געבויט ווערן אַ קוואַרטאַל, אַ קליין־נאָווי־דוואָר", און ס'ווערט שוין אויך קלאָר אַרויסגערוקט דער פּלאַן וועגן „אַרויס־געבן אַ בוך צום אָנדענק פון דער שטאָט נאָווי־דוואָר". ס'ווערט אויך אָנגעצייכנט די ריכטונג פון אַ ספר־

הזכרון, ביים רעפערירן די פאַרשלאָגן דורך די ח׳ כהן און שימקאָוויטש: „בכדי צו פאַראייביקן אין געדרוקטן וואָרט — מיט בילדער — די אַנטשטייונג און אַנט־וויקלונג פון דער יידישער שטאָט נאָווי־דוואָר, דאַרף געשאַפן און אַרויסגעגעבן ווערן אַ בוך, וואָס זאָל אָפּ־שפּיגלען דאָס רעליגיעזע, קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע לעבן פון די יידן אין משך פון דורות לאַנג, ווי אויך דער חורבן, דאָס לעבן אין געטאָ, אירע העלדן, אויפשטענדלער און פּאַרטי־זאַנער־קעמפּער, און צום סוף די ליקווידאַציע פון די יידן דאָרטן״.

אין נאָוועמבער 1946 איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ רוף „צו אַלע נאָווי־דוואָרער אין דער וועלט״ מיט אַ ממשותדיקער ווענדונג צו „זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער באַפעלקערונג אין אַלע אירע געזעלשאַפטלעכע פאַרמען״.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אונדזער אַרבעט און אַזוי האָבן מיר געווירקט ביז 1960.

אליעזר ליכטנשטיין / תל־אביב

# אונדזער ארבעט אין ישראל

אין 1942, ווען עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן די גרויסע ליידן פון פוילישן יידנטום, און אונדזערע נאָווי־דוואָרער בתוכם, האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער טעטיקייט מיט שיקן הילף דורכן רויטן קרייץ. די הילף איז אָבער, אין מערסטע פאַלן, נישט דערגאַנגען.

אין יאָר 1944 איז דערשינען אונדזער ערשטער אויפרוף, געחתמעט פון הרב אלימלך נויפעלד און די חברים: שימקאָוויטש, כהן, טריסטער, קאַרצאָוויטש, פינקער, מונדלאַק, פינקל, א. נויפעלד, ווענגאַזש, סרעבּרניק, זילבערמאַן און קאָבאַלסקי.

אין די יאָרן 1945 און 1946, מיט דער אָרגאַני־זירונג פון די הילפס־קאָמיטעטן ביי אונדזערע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט, כדי אויפצווכן פאַמיליעס, שטעלן אין פאַרבינדונג די דערוווייטערטע און פאַר־לוירענע קרובים, און צו העלפן די נאָווי־דוואָרער וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין די דייטשע לאַגערן. אַ סך האָט אויף דעם געביט געטאָן דער אומדערמידלעכער עסקן פון אונדזער אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט, ח׳ סעם באַרנשטיין, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג פון די לאַגערן, און ס׳איז געקומען די צייט ווען ס׳האָט זיך געפאָדערט אונדזער הילף פאַר דער שארית־הפליטה אין אירע ווייטערדיקע וואַנדערונגען, כדי זיך דערשלאָגן צו אַ ברעג. מיר האָבן דעמאָלט אַלץ געטאָן צו אַקעגנקומען אונדזערע לאַנדסלייט אויף זייערע וואַנדער־וועגן אין פוילן, פראַנקרייך, איטאַליע און ציפּערן.

צוזאַמען מיט דער הילפס־אַרבעט, האָבן מיר אין 1948 אויך אָנגעהויבן די ערשטע שריט, כדי צו בויען אַ שיכון פאַר די עולים פון נאָווי־דוואָר, און קודם־כל האָבן מיר זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן קרן־קיימת, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ירושה (20 טויזנט ענגלישע פונט), וואָס די אָפּשטאַמיקע פון נאָווי־דוואָר חייקע גערשט פון יאָהאַנעסבורג האָט איבערגע־לאָזט פאַרן קרן־קיימת, מיטן באַדינג, אַז אויף זיין ערד זאָל אוסגעבויט ווערן אַ צענטער פאַר די נאָווי־דוואָרער עולים.

אין משך פון די יאָרן 1949—50 זענען שוין אָנגע־קומען קיין ישראל אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט פון די לאַגערן. דעמאָלט האָבן מיר אויסגעקליבן אַ נייע פאַר־וואַלטונג פון די ח״ח דב פירסט, יצחק גרינער, אליעזר ליכטנשטיין, יחזקאל פינקל, גרשון קאַרצאָוויטש, פישל בראָצקי, מלכה טאָפּ־קאַרצאָוויטש און י. ריבאָ.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט אויסגעברייטערט די הילפס־אַרבעט און אויך זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט קאָנסטרוקטיווע הילף. עס איז געשאַפן געוואָרן די גמילת־חסד־קאַסע, אונטער דער אָנפירונג פון ח׳ ליכ־טנשטיין, וועלכע האָט געהאָלפן די נייע עולים מיט איינמאָליקע סובסידיעס און הלוואות ביים איינאָרדענען זיך אין לאַנד. שוין אין ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ, האָט די גמילת־חסד־קאַסע אַרויסגעגעבן הלוואות אין דער סומע פון 500 פונט.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט אויך אָנגעהויבן פאַר־האַנדלונגען, כדי צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אַ „שיכון

„עולי נובי־דבור" אין דער געגנט פון תל־אביב, זיך באַזירנדיק אויף דער ירושה פון יאָהאַנעסבורג.

אין די יאָרן 1951—52 האָט די פאַרוואַלטונג אויס־געברייטערט אירע פאַרבינדונגען מיט די לאַנדסלייט אין גאַר דער וועלט, אין אַרגענטינע, פראַנקרייך, קאַנאַ־דע; אין ניו־יאָרק, שיקאַגע, לאָס אַנדזשעלעס. די לייַ־קאַסע האָט פאַרמערט און פאַרגרעסערט אירע הלוואות, ביז 1800 פונט, אויסער איינמאָליקע שטיצעס. און נאָך אַ דערגרייכונג — עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פאַרן „פּינקס נאָווי־דוואָר", ס'זענען געזאַמלט געוואָרן אַ סך מאַטעריאַלן, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון ח' דב פירסט.

אין יאָר 1954 האָבן מיר זוכה געווען צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פון „שיכון נובי־דבור", אויפבויען דעם גרויסן דענקמאָל אויפן נאָמען פון די אומגעקומענע קדושים, פאַראייביקן אונדזער פאַרניכטעטע שטאָט; און דערמיט האָבן מיר אויך דערמעגלעכט אַ דאַך איבערן קאָפּ, די אַלע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די שווערע וווינונגס־באַדינגונגען פון די מעברות.

דעם 23סטן אַפּריל אין יאָר 1954, איז אין אָנוועזנ־הייט פון ח' חיים זאַלצמאַן, דער פאַרשטייער פון די אַלע נאָווי־דוואָרער פאַרבאַנדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר די 24 וווינונגען פון „שיכון נובי־דבור" אין צענטער פון חולון. די גאַס, ווו עס געפינט זיך אונדזער שיכון, איז מיט דער באַשטעטיקונג פון שטאָטראַט, אָנגערופן גע־וואָרן אויפן נאָמען פון „קדושי נובי־דבור".

אין יענע פייערלעכע טעג, ביי דער אָנוועזנהייט פון ח' זאַלצמאַן, איז אויסגעווילט געוואָרן אַ נייע פאַר־וואַלטונג פון די ח"ח יצחק גרינער, שלום קאַרצאָוויטש, אליעזר ליכטנשטיין, יהושע גוטמאַן, יהושע בלומענטאַל, נתן זילבערמאַן, מלכה טאָפּ־קאַרצאָוויטש, פישל בראַצקי, לייב פּאַפּיער, לייבל לעווקאָוויטש, אהרן גאַרצאָוויטש, און אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע פון די ח"ח אהרן פינקער, שמואל טאָפּ, חיים כהן און ישראל קאָכאַלסקי. די אַרבעט צו אַרויסגעבן דעם „פינקס נאָווי־דוואָר" איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם ח' דב פירסט.

אין משך פון דער צייט 1953—54, האָט די גמילת־חסד־קאַסע אַרויסגעגעבן הלוואות — 1700 פונט און איינמאָליקע אונטערשטיצונגען — 1000 פונט.

די הילפס־אַרבעט פאַר די נייע עולים איז ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן, און אויך די בויונגס־אַרבעט אין „שיכון נובי־דבור". עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די הכנות, אויפצובויען אַ קולטור־הויז אויפן נאָמען פון אונדזערע קדושים.

אין די יאָרן 1957—58 איז ביי דער אָנוועזנהייט פון אונדזערע אַמעריקאַנער געסט, די ח"ח אייב גאָלד־בערג און סעם באַרנשטיין, געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר נאָך 24 וווינונגען צום שיכון פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער אין חולון. אַזוי, אַז צוזאַמען האָט שוין דער שיכון געציילט 48 וווינונגען.

אַ סך איז געטאָן געוואָרן צו העלפן די נייע 50 פאַמיליעס פון אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זענען געקומען פון פוילן אָן מיטלען, זיך איינצואָרדענען. 42 הלוואות אין דער אַלגעמיינער סומע פון 4600 פונט און 59 איינמאָליקע שטיצעס אין דער אַלגעמיינער סומע פון 1600 פונט, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן צו דעם צוועק.

אין יאָר 1960 איז געווילט געוואָרן אַ נייע פאַר־וואַלטונג פון די ח"ח יצחק גרינער, שלום קאַרצאָוויטש, אליעזר ליכטנשטיין, נתן זילבערמאַן, חיים באַביץ, מלכה טאָפּ־קאַרצאָוויטש און שמואל קאָכאַלסקי; אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע — חיים כהן, יוסף שימקאָוויטש, י. צוויגהאַפט; אין דער „פינקס־קאָמיסיע" — דב פירסט, אהרן פינקער, י. גרינער, ח. כהן, ש. קאַרצאָוויטש און ח. באַביץ.

אין דעם יאָר איז פאַרווירקלעכט געוואָרן נאָך אַ גרויסער פּלאַן. ס'איז אויפגעבויט געוואָרן דאָס קולטור־הויז אויפן נאָמען פון אונדזערע קדושים און דער „שיכון נובי־דבור" איז געוואָרן די היים פאַר אַלע נאָווי־דוואָרער אין ישראל, און אַ צענטער פאַר אַלע נאָווי־דוואָרער אין גאַר דער וועלט. דאָ אַהער דאַרפן עולה־רגל זיין אַלע נאָווי־דוואָרער פון אומעטום, כדי צו זען, וואָס מען האָט אויסגעבויט לזכר אונדזער חרובער שטאָט.

איצט שטייען מיר פאַר דעם אַרויסגעבן פון „פינקס נאָווי־דוואָר", וואָס וועט פאַראייביקן דאָס אַלץ, וואָס איז אונדז אַזוי הייליק און טייער. אַרום דעם איז איצט קאָנצענטרירט אונדזער גאַנצע מי און ענערגיע.

מיר זעצן ווייטער פאָר אונדזער הילפס־אַרבעט פאַר די נויטבאַדערפטיקע, מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען אַלע נאָווי־דוואָרער וועלן זיין אין אַזאַ מעמד, דאָס מיר וועלן קאָנען אונדזער אַרבעט ווידמען פאַר קולטורעל־געזעלשאַפטלעכע צילן און פאַר דער דערציונג פון אונדזערע קינדער, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו זען זייערע זיידעס און באָבעס, וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען דורך די מער־דערלעכע הענט פון די נאַציס.



פרויען־קאָמיטעט אין „שיכון נובי־דבור“, חולון



אַ סיום־זיצונג פון די פּינקס־טוער אין ישראל, אין אַרבעטסאָרט פון דער פּינקס קאָמיסיע — ביי דער משפּחה זילבערמאַן

# אונדזער שיכון אין חולון

אין די יאָרן 1948—1949 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין ישראל די רעשטלעך פאַרבליבענע נאָווי־דוואָרער פון אַלע לאַגערן. אויסגעמאַטערטע זענען זיי געקומען נאָך די אַלע שווערע דורכלעבונגען אין לאַנגע וואַנדערונגען. די קליטה־באַדינגונגען אין לאַנד זענען דעמאָלט געווען זייער שווערע, און דער קאָמיטעט פון די נאָווי־דוואָרער אין ישראל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן וועגן הילף פאַר די פליטים אין יענע שווערע טעג.

אונדזערע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער האָבן זיך אָפּגערופן, גרייט צו שטיצן די נויטווענדיקע מיט אַלע מעגלעכקייטן.

אין 1954 איז געקומען קיין ישראל דער ח׳ חיים זאַלצמאַן פון שיקאַגע, אַלס דעלעגירטער פון דער צענטראַלע פון נאָווי־דוואָרער הילפס־קאָמיטעט, און אין זיין אַנוועזנהייט איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין צו די ערשטע 6 הייזער פון שיכון נאָווי־דוואָר. דער ערשטער טראָט צו אויפשטעלן אַ שיכון איז געמאַכט געוואָרן, מיט דער ירושה־צוואה פון העלען גרינבלאַט, וועלכע האָט איבערגעלאָזט 20 טויזנט פונט שטערלינג פאַרן קרן־קיימת מיטן צוועק צו שאַפן שיכונים פאַר די נאָווי־דוואָרער אין ישראל.

אין 1955 האָבן די ערשטע 24 נאָווי־דוואָרער יידן זיך באַזעצט אין די שיינע וווינונגען פון שיכון. יעדער איינער האָט באַקומען צושטייער פון דער צענטראַלע אין שיקאַגע 1800 פונט. דאָס האָט דערמעגלעכט די אַלע געליטענע און אויסגעמאַטערטע ווידער צו פילן דעם טעם פון אַ היים.

אין 1956, ווען די לאַגע אין פוילן איז געוואָרן קריטיש פאַר דער קליינער צאָל פאַרבליבענע יידן — און צווישן זיי אויך נאָווי־דוואָרער — מיטן אָנקום פון נייע עולים און מיט דער פאַרשאַרפונג פון דער דירה־פראַגע, איז ווידער געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין צו נייע 6 הייזער, ביי דעם אָנטייל פון די דעלעגירטע פון אַמעריקע: אייב גאָלדבערג און סעם באַרנשטיין. אויך איז באַשלאָסן געוואָרן אַ דירה צו פאַרוואַנדלען אין אַ קולטור־הויז.

היינט־צו־טאָג וווינען אין שיכון נאָווי־דוואָר 47 משפחות. אין שיכון געפינט זיך דאָס קולטור־הויז אויפן נאָמען פון קדושי נאָווי־דוואָר, ווו עס איז צוגעבויט געוואָרן אַ גרויסער זאַל, און דאָרט געפינט זיך אַ ביבליאָטעק פאַר דערוואַקסענע און קינדער, וועלכע איז פייערלעך דערעפנט געוואָרן אין יאָר 1960, מיט דער באַטייליקונג פון אַלע לאַנדסלייט אין ישראל און אַ דעלעגאַציע פון אַמעריקע, אונדזערע לאַנדסלייט פיליפּ און שרה מאַגיד, קלאַראַ און סידני באַרנשטיין, און מאיר בלייק מיט זיין פרוי.

אין דעם זאַל פון קולטור־הויז קומען פאָר די אזכרות נאָך אונדזערע קדושים, ווי אויך די שימחות פון די איינוווינער אין שיכון. אַ ספּעציעל צימער דינט ווי אַ בית־תפילה פאַר די רעליגיעזע פון שיכון.

אין שיכון איז אויך פאַראַן אַ גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „נאָווי־דוואָר״.

דער אויפטו פון שיכון איז אַ טרייסט נאָך שווערע יאָרן פון פּיין און יסורים פאַר אונדזערע געפּלאָגטע נאָווי־דוואָרער. דאָ, אין דער שטאָט חולון, אין ישראל, האָבן זיי געפונען אַ רויקע היים. דאָס איז איינער פון די שענסטע מאָנומענטן פאַר אונדזערע קדושים, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט אַ דאַנק דער מיטהילף פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער.

47 משפחות וווינען דאָרט היינט־צו־טאָג מיט זייערע קינדער, וועלכע וואַקסן שטאָלצע, מוטיקע בירגער אין ישראל, און זענען אויך פאַרבונדן מיט די זכרונות פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט דעם המשך פון זייער עבר אין שיכון נאָווי־דוואָר.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די אומדערמידלעכע איבערגעגעבענע קאָמיטעט־מיטגלידער פון „ארגון יוצאי נובי־דבור בישראל״, וועלכע האָבן געווידמעט זייער צייט און מיט מסירת־נפש אַלץ געטאָן צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן גרויסן אויפטו: יצחק גרינער ז״ל, אונדזער פאַרזיצער; דער וויצע־פאַרזיצער חיים באַביץ, דער סעקרעטאַר ש. קאַרצאַוויטש, דער קאַסירער נתן זילבערמאַן, אליעזר ליכטנשטיין, שמואל קאַכאַלסקי, חיים כהן, דב פירסט און אהרן פינקער.

# מגילת יסוד להנחת אבן הפנה של שכון עולי
# נובי־דבור על אדמת קרן קימת בחולון

הײנט, פרײטיק, כ׳ ניסן ה׳ דחוהמ"פ תשי"ד ( 23.4.54 ), אין דעם זעקסטן יאר זײט דער אנטשטײונג פון דער באנײטער מדינת ישראל, אין דער צײט פון צװײטן נשיא המדינה מר י צ ח ק ב ן צ ב י און ראש הממשלה מר מ ש ה ש ר ת , איז געלײגט געװארן דער גרונטשטײן פון די שיכון הײזער צום אנדענק פון דער חרוב געװארענער קהילה ב א ו ר י = ד ו ו א ר אין פױלן ( בעת דעם אומקום אין יאר 1943),

אין דער אנװעזנהײט פון הרב אלימלך נױפעלד - דער זון פון אומגעקומענעם נאװי= דװארער רב,הרב הגאון ר׳ ראובן יהודה נױפעלד זצ"ל; חשובן גאסט ה׳ חיים זאלצמאן - דער יושב ראש פון צענטראלן הילפס קאמיטעט פון די נאװי=דװארער לאנדסלײט אין אמעריקע,װעלכער װידמעט פיל ענערגיע און אומדערמידלעכער ארבעט פארן אױפבױ פון שיכון, און רעפרעזענטירט אונדזערע לאנדסמאנשאפטן אין אמעריקע, אין װעמענס שפיץ עס שטײען די חברים: אין שיקאגא -מאָריס כהן, אברהם זײדענבערג, חיים כהן, סעם לעװין, ב. ראפאפארט, פאַמיליע ליבערמאן; אין ניו=יארק - לאה סעגאל, העלען אפראפא, לאה ראזנשטײן, רחל גאלדבערג, יוסף בערטנער, ס. טאשימאװיטש. אין לאס=אנדזשעלעס - קלארא בארנשטײן, רחל מאראקא, מאיר בלאכארעק ( בלײק ) , חנה און פלורה עװרענסאן, אונדזער אומדערמידלעכער סופר ה׳ סעם בארנשטײן;

ד"ר פערדער - חבר הכנסת און פארשטײער פון דער בױ=געזעלשאפט "רסקו", װעלכע בױט דעם שיכון לױטן פארטרױען און װילן פון די נאװי=דװארער לאנדסלײט אין אמעריקע;

חברי הועד און עסקנים פון ארגון עולי נובי=דבור אין ישראל:

יצחק גרינער, דב פירסט, שלום קארצאװיטש, אליעזר ליכטנשטײן, נתן זילבערמאן, חיים כהן, יוסף שימקאװיטש, אהרן פינקער, יוסף פינקער, שמואל קאכאלסקי, שמואל טאפ, פישל בראדזקי, מלכה טאפ, יחזקאל פינקל,אהרן גארצאװיטש, יהושע בוטמאן, יהושע בלומענטאל, לײבל פאפיער, יחזקאל קירשטײן, און אנדערע חשובע געסט און חברים -

װערט הײנט געלײגט דער גרונטשטײן פון די ערשטע 24 װױנונגען פאר די װױנונגסלאזע עולים, װעלכע האבן נאך יארן פון יסורימדיקע װאנדערונגען זיך דערשלאגן אהער, װו זײ װעלן געפינען א מנוחהדיקע נחלה אין מדינת ישראל.

די אױפגעבױטע הײזער, מיט דער הילף פון אונדזערע אומפארגעסלעכע און טרײע לאנדסלײט אין אמעריקע, װעלן טראגן דעם נאמען:"שיכון עולי נובי=דבור" און װעלן זײן אן אנדענק נאך אונדזערע טײערע און ליבע אומגעקומענע קדושים, װעלכע זענען געפאלן אין איבערמענטשלעכע לײדן בעתן אומברענגען די נאװי=דװארער קהילה דורך די היטלער=מערדער אין יאר 1943. הי"ד.

# דער יום־טוב פון „שיכון נובי־דבור״

(לויסן פּראָטאָקאָל פון דער פייערונג)

פרייטיק, דעם 23סטן אַפּריל 1954, איינס אַ זייגער נאָך מיטאָג, האָבן פון אַלע עקן אין לאַנד זיך אָנגעהויבן זאַמלען די נאָווי־דוואָרער משפחות מיט זייערע קינדער אויפן פּלאַץ פון דער „ראַסקאָ־געזעלשאַפט״ אין תּל־אביב, כּדי אָנטייל־צונעמען אין יום־טוב, ביים לייגן דעם גרונטשטיין פאַר 24 דירות אין „שיכון נובי־דבור״, וואָס ווערן געבויט פאַר דער שארית הפּליטה פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער אין ישראל.

1.30 רירט דער פול־געפּאַקטער אויטאָבוס פון תּל־אביב צום פּלאַץ אין חולון. אין דער שפּיץ — אונדזער טייערער חבר חיים זאַלצמאַן פון שיקאַגאָ, דער פאָרשטייער פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אַלע זענען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג, מען דריקט זיך די הענט, מען ווינטשט זיך: מזל־טוב, מען קושט זיך און מען ווישט שטילערהייט אַ טרער...

2 אַ זייגער קומט מען אויפן פּלאַץ, וווּ דער „שיכון״ דאַרף געבויט ווערן. אַ ווונדערלעך שיינער פּלאַץ, און אַ הויך אָרט. אַרום זעט מען אויסגעבויטע הייזלעך, באַדעקטע מיט גרינס. אַ גרויסער טראַנספּאַרענט, מיט דער אויפשריפט „זייט געגריסט״ לאָזט וויסן וועגן יום־טוב. אַ בינע איז צוגעגרייט פאַרן פּרע־זידיום און פאַר די איינגעלאַדענע געסט. איבער דער בינע — אַן אויפשריפט „שיכון עולי נובי־דבור, געבויט דורך דעם צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט פון די נאָווי־דוואָרער אין אַמעריקע״. אויף דער בינע זעצן זיך אויס די קאָמיטעט־חברים פון ישראל מיטן ח׳ זאַלצמאַן בראש, ווי אויך פאָרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס. דער דירעקטאָר פון „ראַסקאָ״, און כּנסת־מיטגליד ד״ר פּערדער. בן־טובים, דער „ראַסקאָ״־פאָרשטייער פון לאָס־אַנדזשעלעס, ה׳ האָלצמאַן דער פאָרשטייער פון „קרן קיימת״ און הרב אלימלך נויפעלד.

ביי אַ פייערלעכער שטילקייט עפנט דער פאָרזיצער, ח׳ שלום קאַרצאָוויטש. ער באַגריסט אַלע פאַרזאַמלטע, אַלע פאָר־שטייער, געסט און חברים, וועלכע זענען געקומען צו דעם יום־טוב. ער זאָגט: „אַ היסטאָרישער מאָמענט — איז דאָס בויען אַ הויז אין ישראל; דאָס באַצייכנט דעם צוריקקער פון געפּלאָגטע און געפּייניקטע יידישע קינדער; דאָס איז אַ סימבאָל פון פאַרוואָרצלונג און קיין ווינט וועט עס מער נישט קאָנען צעשטערן. דאָס וואָס מיר טוען אין דעם מאָמענט איז אַ סימ־באָל פון אונדזער שטעטל נאָווי־דוואָר, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער נאַצישער חיה; מיר דערמאָנען אונדזער שטעטל, וווּ מיר זענען געוואַקסן, צו וועלכן נשמה־פעדעם בינדן אונדז. זאָל דאָס זיין דער זכר פאַר אונדזערע קדושים, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער. זאָל דאָס זיין דער המשך פאַר די לעבעדיקע צו אַ ניי, געזונט יידיש לעבן פון אַרבעט און בוי אין אונדזער יונגער, פרייער מדינה״.

דער פאָרזיצער, ח׳ שלום קאַרצאָוויטש איז אויך מזכיר די געזעלשאַפטלעכע טוער פון נאָווי־דוואָר: „ביי דער שמחה לאָמיר נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער פון אונדזער שטאָט, וועלכע זענען אומגעקומען און געשטאָרבן דורך דער צייט״. אַלע פאַרזאַמלטע שטעלן זיך אויף, ווען דער פאָר־זיצער לייענט פאַר די רשימה פון די האַרציקע, טייערע יידן, עסקנים פון אונדזער שטאָט: הרב ראובן יהודה נויפעלד, שמשון נטע סרעברניק, נחום נויפעלד, שמואל גראַבמאַן, יצחק רודאָווסקי, הערשל באָום, ברוך טיק, מנשה קאָכאַלסקי, הערשל מאַגיד, בערל וועגנאָזש, ישראל ווייגנאַרטן, בנימין ווײַנשטיין, און אונדזער טייערער איבערגעגעבענער טוער פאַר די נאָווי־דוואָרער, אברהם סעגאַל פון ניו־יאָרק.

דער פאָרזיצער שיקט איבער אַ גרוס און אַ האַרציקן חברישן דאַנק אַלע לאַנדסלייט אין גאָר דער וועלט, די האַרציקע חברים אין אַמעריקע, די איבערגעגעבענע טוער: סעם באָרנ־שטיין, רחל מאַראָקאָ, אַבאַ זיידנבערג, די גאָלדבערגס, בוטשע און לילי ראָזנשטיין א״אַ.

דאַן באַגריסן די פאָרשטייער פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס און געסט:

הרב אלימלך נויפעלד: „די האַרציקייט פון די יידישע מש־פּחות, וועלכע ברענגען צו אַזאַ טאָט — קען מען נישט פאַר־געסן. די זאַלצמאַנס — ווו זיי זענען, אין גאָר דער וועלט — ברענגען אַריין לעבן, מיט יידישער איבערגעגעבנקייט קרעפטיקן זיי און שטאַרקן און דערמוטיקן צו טאָט. זיי לאָזן אונדז נישט פאַרגעסן, וואָס עמלק דער רשע האָט פון אונדזער פאָלק פאַר־שניטן, און דאָ, אויף די דאָזיקע זאַמדן, לעבן זיי אויף אַ צאַ־פּלדיק יידיש לעבן. אונדזער האַרציקע ברכה פאַר זיי״.

ד״ר פּערדער: „איך בין גליקלעך, וואָס איך קאָן אייך דאָ באַגריסן, ווייל אַזאַ איבערגעגעבנקייט טרעפט מען זעלטן. דער טייערער הער זאַלצמאַן, מיט זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן, האָט דערפירט אין אַזאַ קורצער צייט פון זיין ווייַלן דאָ, אַז דער לאַנגיאָריקער חלום פון אונדזערע טייערע אַמעריקאַנער ברידער, זאָל ווערן פאַרווירקלעכט פאַר אונדזערע אויגן. זייט האַרציק באַגריסט, טייערער חבר זאַלצמאַן, מיר וועלן אַלץ טאָן לטובת דער זאַך״.

ד״ר האָלצמאַן: „דער קרן־קיימת קומט שטענדיק אַנטקעגן די אַלע, וואָס ווילן בויען אין אונדזער מדינה. איך וויל דאָ דערמאָנען די פאַרשטאָרבענע העלען גרינבלאַט, וואָס האָט אין איר צוואה געבעטן, אַז מיר זאָלן זאָרגן פאַר די נאָווי־דוואָרער. מיר האָבן געשטעלט צו אייער רשות אַ פּלאַץ פאַר 48 דירות, און מיר האָפן, אַז מיר וועלן אויך ווייטער קאָנען העלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרווירקלעכן אייער ציל, זייט האַרציק באַ־גריסט!״

בן־טובים: „טייערע פריינד און טייערער ה׳ זאַלצמאַן! איך באַגריס אייך צו אייער יום־טוב און דעם יום־טוב פון די אַמעריקאַנער נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט. איך וויל אייך דערציילן וועגן די חברים אין אַמעריקע, וועלכע זענען אַממערסטן פּשוטע פאָלקס־מענטשן, נישט קיין מיליאָנערן, אָבער דערפאַר האָבן

זיי הערצער מיט ליבשאַפט. ווען דער ח׳ בלאַכאַרעק האָט זיך געקויפט אַ דירה, האָט ער געבעטן, אַז אַנשטאָט מתנות פאַר אים, זאָל יעדער דאָס געלט איבערווייזן פאַרן „שיכון“. דערי־בער קאָן מען אַזעלכע טייערע ברידער נישט פאַרגעסן. זייט האַרציק באַגריסט, בויט און זייט מצליח!“

עס באַגריסט אויך אונדזער עלטסטער נאָווי־דוואָרער, דער 85 יאָריקער ר׳ בעריש זילבערמאַן, וועלכער ווינטשט ברכה און הצלחה, אַז דער רבש״ע זאָל שטאַרקן די הענט פון אונדזערע אַמעריקאַנער טייערע ברידער פאַר זייער וואַרעם יידיש האַרץ“, און ער פאַרענדיקט מיט אַ „שהחיינו“.

אונדזער לאַנדסמאַן, דער דיכטער שמואל טאָפּ לייענט פאַר צוויי לידער, געווידמעט נאָווי־דוואָר.

צום סוף באַגריסט אונדזער טייערער גאַסט, ח׳ חיים זאַלצמאַן, וועלכער ווערט אויפגענומען מיט לאַנג דויערנדיקע אַפּלאַדיסמענטן. ער זאָגט מיט פּשוט־האַרציקע ווערטער: „מיר דאַנקען דעם קרן־קיימת פאַר זיין מיטהילף מיט איבערגעבן דעם פּלאַץ אויף 48 דירות. דעם קליינעם חשבון, וואָס מיר האָבן נאָך, וועלן מיר נישט מאַכן אויף דער שׂמחה... מיינע טייערע, אייך אַלע קען איך נישט, איר זענט דער צווייטער דור, אָבער אייערע טאַטעס און מאַמעס האָב איך געקענט. מיר טוען אונ־דזער גרויסע אַרבעט און זענען דערמיט ממשיך דעם פּאָדעם פון אונדזער נאָווי־דוואָרער משפחה. מיר האָבן אייך ליב, איר זענט מיר נאָענט און טייער, דעריבער זאָרגט נישט, לעבט בשלום, אין אַחדות, און אונדזער הילף וועט שטענדיק זיין... איך לעב איצט איבער אַ גליקלעכן מאָמענט אין מיין לעבן...“

דערמיט ווערט דער ערשטער טייל פאַרענדיקט. און באַלד הערט מען דאָס רוישן פון די צעמענט־מאַשינען, וועלכע גרייטן צו דעם צעמענט פאַרן יסוד. אַלע פאַרזאַמלטע זענען געשפּאַנט און עס זעען זיך טרערן פון פרייד.

ביי אַ געפּרעסטער שטילקייט לייענט איבער דער ח׳ שלום קאַרצאַוויטש די מגילת היסוד, און גיט זי דאַן איבער דעם ח׳ זאַלצמאַן, און דערנאָך פאַרדעקט דער ח׳ זאַלצמאַן מיט אַ קעלנע צעמענט דעם היסטאָרישן דאָ־קומענט — די מגילת־היסוד, „מיט דער צווייטער קעלניע צע־מענט איז מען מכבד דעם הרב אלימלך נויפעלד, נאָך אים, ד״ר פערדער פון „ראַסקאָ“, האַלצ־מאַן פון קרן־קיימת, בן־טובים פון „ראַסקאָ“ אין לאָס־אַנדזשע־לעס, און צום סוף — אַלע מיט־גלידער פון אונדזער קאָמיטעט.

די לעצטע פאַרדעקט מיט צעמענט די מגילת־היסוד — אונ־דזער פאַרטיזאַנערין פּינטשע פּאַ־פּיער. מען טרינקט לחיים און מען ווינטשט זיך מזל־טוב.

צום שלוס שיקט איבער דער פאָרזיצער אַ גרוס אַלע לאַנדסלייט און איבערגעגעבענע טוער, באַזונדערס דעם האַרציקן סעם באַרנשטיין, רחלע מאַראַקאַ און אַלע ניו־יאָרקער חברים.

אונדזערס אַ טאָכטער פון צה״ל גיט איבער אַ בוקעט רויזן אַלס אָנדענקונג, דעם ח׳ זאַלצ־מאַן. ער צעקושט זיך מיט איר האַרציק.

און מיט געזאַנג פון „התקוה“ ווערט די פייערלעכע גרונט־שטיין־לייגונג געשלאָסן.



ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון שיכון נאָווי־דוואָר אין חולון
פון לינקס: חיים זאַלצמאַן, דער פאָרשטייער פון די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע
נעבן אים: דב פירסט, נתן זילבערמאַן, אַ בוי־אַרבעטער און שלום קאַרצאַוויטש




ר׳ בעריש זילבערמאַן, פון די עלטסטע נאָווי־דוואָרער אין ישראל,
מאַכט אַ שהחיינו ביי דער פייערונג צום לייגן דעם גרונטשטיין פון שיכון נאָווי־דוואָר אין חולון
פון רעכטס : **ד״ר פערדער** („ראַסקאָ״), חיים זאַלצמאַן (שיקאַגע), הרב אלימלך נויפעלד, שלום קאַרצאָוויטש, אהרן קאַרצאָוויטש,
אַ חיילת, אליעזר ליכטנשטיין און ר׳ בעריש זילבערמאַן



**ביים אַריינפירן און באַנייען אַ ספר־תורה, אין בית־הכנסת אויפן נאָמען פון ר׳ בעריש זילבערמאַן, אין שיכון נאָווי־דוואָר, חולון**

פ. דב / תל־אביב

# העלען גרינבלאַט (חייקע גערשט) און איר צוואה

ווייניק נאָווי־דוואָרער געדענקען אָט די ווייטע און פאַרבלאָנדזשעטע געשטאַלט פון אונדזער שטעטל. אייניקע וועלן זיך געוויס דערמאָנען, אַז אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נאָווי־דוואָר „געקאַכט" מיט אַ זעלטענעם גאַסט, וואָס איז אַראָפּ צו אונדז אין שטעטל פון די מרחקים, אַרומגעהילט מיט אויסטערלישע לעגענדעס וועגן איר גראַנדיעזער רייכקייט. פאַרפאַרן איז זי דעמאָלט צו איר זייער פרומען שוואָגער, דער גערער חסיד ר׳ ברוך אַנקער. געווען איז זי אין שטעטל עטלעכע וואָכן, זיך באַוויזן אין די טייערסטע קליידער און פוטערס, באַהאַנגען מיט ווערטפולע ביזשוטעריע, און צדקה האָט זי געטיילט אויף רעכטס און לינקס.

אָפּגעפרייט זיך מיט איר געבוירן־שטאָט און מיט איר גרויסער משפחה, איז זי דעמאָלט פאַרשוווּנדן, ווידער אַוועק צו די ווייטע מקומות, וואָס האָבן לויט די דעמאָלטיקע שטעטלשע באַגריפן זיך געפונען ערגעץ ווו הינטער די הרי־חושך. זי איז דעמאָלט פאַרשוווּנדן און קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו איר געביין איז אַהינגעקומען.

אָבער אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „יש קונה עולמו בשעה אחת"... און דער נס איז אויך געשען מיט אונדזער לאַנג־פאַרגעסענער חייקע גערשט. נאָך די שוידער־יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז מען אין ישראל — אַ דאַנק אונדזער ענערגישן לאַנדסמאַן אין לאָס־אַנדזשעלעס, סעם באַרנשטיין — געוווירער געוואָרן, אַז חייקע גערשט — העלען גרינבלאַט, האָט פאַר איר טויט אין יאָר 1947, אין יאָהאַנעסבורג (דרום־אַפריקע), פאַרשריבן פאַרן קרן־קיימת אַ סומע פון נאָענט צו צוואַנציק טויזנט ענגלישע פונט מיט אַ גענויע צוואה, אַז פאַר דעם געלט זאָל מען אין ישראל אויפשטעלן אַ יישוב אויפן נאָמען פון נאָווי־דוואָר. דערביי האָט זי אָנגעגעבן נעמען פון אירע נאָענטע און פון זיך אַליין אויף אָנצורופן די גאַסן פון דעם יישוב.

אירע ווינטשן זענען אפשר געווען צו ווייט־גייענדיקע אין פראָפּאָרץ צו דער איבערגעלאָזענער סומע. דאָס איינציקע, וואָס די טוער פון נאָווי־דוואָרער קאָמיטעט אין ישראל האָבן נאָך לאַנגע מי־און־מאַטער געקאָנט אַרויסבאַקומען פון די האַרטנעקיקע קרן־קיימת־פאַרשטייער, איז דער באַדן, וואָס דער קרן־קיימת האָט צוגעטיילט און אויף וועלכן עס איז אויפגעבויט געוואָרן דער שיכון נאָווי־דוואָר אין חולון.

זאָל איר לעצטע אידעלע טאַט זיין דער זכות פאַר איר גאַנץ לעבן.



העלען גרינבלאַט (חייקע גערשט)





„שיכון נאָווי־דוואָר“ אין חולון, לינקס דער איינגאַנג אין קולטור־הויז



די ביבליאָטעק אין קולטור־הויז




אָנדענקונגס־טאָוול פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן
ביים איינגאַנג אין קולטור־הויז

# לזכרון נצח

לזכר קדושי נובי-דבור

שנספו בשואה
אומגעקומען

X

נפטרו-געשטורבן

מאריס כהן
1960 שיקאגא

ליבע כהן
1961 שיקאגא

חיים כהן
1957 שיקאגא

שמואל לוין
1955 שיקאגא

פנחס בריטשקובסקי

פייגה בריטשקובסקי

סימה ייטע גולדבערג

דוד מורן - 1939
שרה מורן - 1937

הרב
ראובן יהודה נייפלד

אסתר ברנק

פישל ליסמאן

אלימלך מאפ

יורה מאפ

צירל לובעלסקי

יוסף לובעלסקי

לוח זה נתרם ע"י
שרה ופיליפ מאגיט מקליפורניה
לזכר בנם הרשיל ז"ל

ב. ראַפּאַפּאָרט / שיקאַגע

# דער נאָווי־דוואָרער פאַראיין אין שיקאַגע

דעם נאָווי־דוואָרער פאַראיין אין שיקאַגע האָבן געגרינדעט די נאָווי־דוואָרער, וועלכע זענען געקומען קיין אַמעריקע אינעם אָנהייב פון איצטיקן יאָרהונ־דערט. אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זענען אַ מאָל אין דער אַלטער היים נישט געווען גלייכגילטיק צו די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דער צייט, און געקעמפט פאַר אַ יושרדיק לעבן, — האָבן דאָ, אין אַמעריקע, אויך אַרויסגעוויזן זייער אַקטיוויטעט, און נישט געבליבן גלייכגילטיק צו זייערע ברידער אין דער אַלטער היים.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז געשיקט געוואָרן הילף פאַר דער קינדער־שולע אין נאָווי־דוואָר און פאַר נויטבאַדערפטיקע יחידים. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די היטלער־מערדער האָבן אויסגעראָטן אַלע יידישע ישובים, און ס'איז געשטאַ־נען די פראַגע וועגן הילף פאַר די איינצלנע לעבנגע־בליבענע, — האָט זיך אונדזער שיקאַגער פאַראיין פאַרבונדן מיט אונדזערע ניו־יאָרקער און קאַליפאָרניער לאַנדסלייט, כדי מיט געמיינזאַמע כוחות דערמעגלעכן הילף פאַר די ליידנדיקע, אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב. מיר האָבן דעמאָלט איבערגעשיקט שפּייז, קליידער און מעדיצינען, און מען האָט אויך די ניצול־געוואָרענע געהאָלפן פינאַנציעל.

די גרינדונג פון מדינת ישראל האָט אויך דערמו־טיקט די נאָווי־דוואָרער אין אַמעריקע, צו בויען אַ היים פאַר די נאָווי־דוואָרער אין ישראל. מיט דער אידעאַליסטישער איבערגעגעבנקייט, ווי אַ מאָל אין דער אַלטער היים, און מיט דער התלהבות, ביים צוזען די פאַרווירקלעכונג פון יידישן פאָלקס־חלום, — זענען די נאָווי־וואָרער אין אַמעריקע צוגעטרעטן, טראָץ אַלע שוועריקייטן, צו העלפן שאַפן אַ ישוב אין ישראל, „שיכון נאָווי־דוואָר".

*

דער נאָווי־דוואָרער פאַראיין אין שיקאַגע האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1917, ביי אַ שמחה־געלעגנהייט, ווען די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט זענען זיך צונויפגע־קומען אויף אַ חתונה ביי פסח גאָדלס קאָהן. ביי דער געלעגנהייט האָט פסח גאָדלס זון, משה, פאַרגעשלאָגן צו גרינדן אַ נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט, כדי צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע נאָווי־דוואָרער. אַלע האָבן וואַרעם אויפגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאַג און אין אַ קורצער צייט אַרום זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען, און געגרינדעט אַ פאַראיין, מיטן נאָמען „נאָווי־דוואָרער אונטערשטיצונגס פאַראיין".

אַלס ערשטער פּרעזידענט פון פאַראיין איז אויס־געוויילט געוואָרן י. מאַלאַרסקי און אַלס סעקרעטאַר — עליזער ראַבינאָוויטש. אין 1918 איז דער פאַראיין לעגאַליזירט געוואָרן און עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג: היימאַן קאָהן — פּרעזידענט, ח. מאַלאַרסקי — וויצע־פּרעזידענט, מאַקס מילער (פון פאַמיעכאָוועו) — פינאַנץ־סעקרעטאַר, ניימען קיר־שטיין — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר, עליזער ראַבינאָוויטש און ב. ראַפּאַפּאָרט — קאָנטראָלירער פון די פינאַנצן.

אין 1920 האָבן מיר זיך דערוווּסט פון אונדזער פריינד זאַלצמאַן, אַז אין ניו־יאָרק האָט זיך געגרינדעט אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די מלחמה־געליטענע נאָווי־דוואָרער, און מיר האָבן גלייך באַשלאָסן צוצושטיין צו דער הילפס־אַרבעט פון קאָמיטעט.

אין יאָר 1924 האָבן די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין שיקאַגע אָפּגעקויפט אַ שטח ערד פאַר אַן אייגענעם בית־עולם, אַ דאַנק דער וויכטיקער הילף צו דעם צוועק פון פריינד ס. לעווין. אין פאַרלויף פון די ווייטערדיקע יאָרן האָבן מיר זיך כסדר באַטייליקט פאַר אַלע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס. אין 1928 האָבן מיר אָנגעהויבן שיקן מאָנאַטלעכע באַשטייע־רונגען פאַר דער קינדער־שולע אין נאָווי־דוואָר, וועלכע איז געווען אונטער דער פירערשאַפט פון ח' רודאָווסקי.

אין יאָר 1930, ווען גאַנץ אַמעריקע האָט דורכ־געמאַכט אַ קריזיס, איז אויך אונדזער פאַראיין געשטאַנען פאַר שווערע פראַגן. נאָר אונדזער סעקרעטאַר ב. קיר־שטיין האָט מיט זיין אַקטיוויטעט געוועקט די נאָווי־דוואָרער אָנצוגיין ווייטער מיט זייער אַרבעט און דער־מיט אַ סך געהאָלפן די עקזיסטענץ פון פאַראיין.

אין 1936 האָבן די פרויען פון די נאָווי־דוואָרער געגרינדעט אַן אָפּטיילונג מיטן נאָמען „די נאָווי־דוואָרער ליידיס אַקזילערי", אונטער דער אָנפירונג פון דער פּרעזידענטין אידע קאָהן (די פרוי פון מ. קאָהן).

צוהילף דער אַרבעט פון פרויען־פּאַראיין האָט מען צוקאָאָפּטירט די פריינד: ה. קאָהן און מ. פינקלשטיין — דירעקטאָרס; מעקס קאָופמאַן (קאַסעווער) — טרע־זשורער.

אין 1937 האָבן די לאַנדסלייט באַשלאָסן צו ענדערן דעם נאָמען פון פאַראיין אויף: „נאַווי־דוואָרער פּראָגרעסיווער פאַראיין און לײדיס אַקזילערי״.

אין 1943 האָט דער פאַראיין פאַרלוירן דעם באַ־ליבטן סעקרעטאַר נ. קירשטיין, וועלכער איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן זיינע לאַנדסלייט. אַלע האָבן באַדויערט דעם גרויסן פאַרלוסט. נאָך אים איז פריינד מאַקס מילער (מיכאַלסקי) אויסגעקליבן געוואָרן אַלס רעקאָרדינג סעקרעטאַר.

אין 1944 האָבן מיר זיך דערוווסט פון אונדזערס אַ ניו־יאָרקער לאַנדסמאַן, אַז די נאַווי־דוואָרער אין ניו־יאָרק האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ גרויסע סומע, כדי צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין אייראָפּע נאָכן זיג איבער די נאַציס. מיר האָבן דעמאָלט פאַרזיכערט זיך אַנצושליסן אין דער הילפס־אַקציע, אָבער צ ם באַדויערן האָבן מיר נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן צו שיקן דירעקטע הילף צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אייראָפּע.

ווען מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז דער פּוילישער פאַרבאַנד אין אַמעריקע האָט פאַרבינדונגען מיט לוב־לין, האָבן מיר דורך זיין פאַרמיטלונג געשיקט שפּייז און קליידער צו אונדזערע לאַנדסלייט.

לויטן פאָרשלאָג פון פריינד סעם באַרנשטיין פון לאָס־אַנדזשעלעס, זענען זיך צונויפגעקומען די הילפס־קאָמיטעטן פון ניו־יאָרק, לאָס־אַנדזשעלעס און שיקאַגאָ, כדי צו באַהאַנדלען דעם צושטאַנד פון די לאַנדסלייט אין אייראָפּע און פאַראייניקן די הילפס־אַרבעט. די קאָנ־פערענץ איז פאָרגעקומען אין 13טן און אין 14טן יולי, 1946, אין שיקאַגאָ. דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן אַלע דריי אָרגאַניזאַציעס אַרום דער הילפס־אַרבעט און צו שאַפן צו דעם צוועק אַ סומע פון 20 טויזנט דאָלאַר. די שיקאַגער לאַנדסלייט זענען באַשטיי־ערט געוואָרן מיט 7000 דאָלאַר. אַלס אָרט פאַר דער אָנפירונג פון דער הילפס־אַרבעט איז באַשטימט געוואָרן ניו־יאָרק.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר געשיקט פּעקלעך מיט שפּייז און קליידער פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין די לאַגערן. אין די מאָנאַטן מיי און יוני פון 1947 האָבן מיר געשיקט 248 פּעקלעך און אויך מעדיצינישע הילף צו די קראַנקע. אין אויגוסט פון זעלבן יאָר האָבן מיר געשיקט 103 פּעקלעך מיט שפּייז און קליידער.

אין 27סטן און אין 28סטן נאָוועמבער פון זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פאַר דער הילפס־אַרבעט אין ניו־יאָרק. פריינד זאַלצמאַן האָט דאָרט פאָרטראָטן די שיקאַגער לאַנדסלייט. צוליב די גרויסע דערגרייכונגען אין דער הילפס־אַרבעט פון די לאַנדס־לייט אין שיקאַגאָ, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן דעם צענטער פון דער הילפס־אַרבעט קיין שיקאַגאָ. נאָך דער קאָנפערענץ זענען ווידער אַריבערגעשיקט געוואָרן 125 פּעקלעך אין די לאַגערן, און דער שיקאַגער הילפס־קאָמיטעט האָט אויך אין זעלבן יאָר פאַרגעזעצט זיין פינאַנציעלע הילף אין דער סומע פון 4.500 דאָלאַר.

פריינד זיידנבערג האָט דעמאָלט אויף זיך גענומען צו זיין דער פאַרבינדער צווישן אַלע נאַווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אייראָפּע און ישראל. די פאַרבינדונגען זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. אין 1948 האָבן מיר אַריבערגעשיקט 310 פּעקלעך שפּייז און מעדיקאַמענטן, ווי אויך פינאַנציעלע הילף קיין ישראל. פריינד זיידנבערג האָט דעמאָלט באַקומען אַ סך דאַנק־בריוו פון אונדזערע לאַנדסלייט פאַר דער צוגעשיקטער הילף, און ער האָט ווייטער פאַרגעזעצט זיין הילף, זיך רעכענענדיק מיט די בקשות פון די נויטבאַדערפ־טיקע.

אין מיי 1949 האָבן מיר געשיקט קיין ישראל צו 25 דאָלאַר פאַר יעדן נייעם עולה. די חברים דאָרט האָבן געפאָדערט מער הילף און מיר האָבן פאַרגרעסערט די סומע אויף 50 דאָלאַר פאַר יעדן נייעם עולה. מיר האָבן ווייטער פאַרגעזעצט אונדזער אַרבעט מיט שיקן פּעקלעך שפּייז און גרויסע פינאַנציעלע שטיצע. אין יאָר 1945 האָט שיקאַגאָ צוגעשיקט פינאַנציעלע הילף אין דער סומע פון 7000 דאָלאַר, אָבער די נאַווי־דוואָרער אין שיקאַגאָ האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט דעם און אויך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ מער־קאָנסטרוקטיווער אַרבעט, וואָס זאָל זיין אַן אָנדענקונג און האָבן אַ ווערט — לדורות.

אין מיי 1950 האָט פריינד זאַלצמאַן געבראַכט די ידיעה פון ניו־יאָרק, אַז אַ נאַווי־דוואָרער פרוי אין דרום־אַפריקע האָט געלאָזן אַ ירושה, כדי צו בויען אַ היים פאַר די נאַווי־דוואָרער אין ישראל. אונדזער פריינד, דער אַקטיווער סעם באַרנשטיין פון לאָס־אַנדזשעלעס, האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט

דער משפּחה וועגן דעם ענין פון דער ירושה, און דר. גרינבלאַט, דער מאַן פון דער פאַרשטאָרבענער, האָט אונדז צוּוויסן געטאָן, אַז ער פאָדערט אויך פון די אַמעריקאַנער די סומע פון 25 טויזנט דאָלאַר, כּדי צו רעאַליזירן די צוואה. דער נאָווי־דוואָרער הילפס־קאָמיטעט האָט אויף זיך דאַן גענומען צו שאַפן 25 טויזנט דאָלאַר אין משך פון צען יאָר. דערפון, די ניו־יאָרקער — 9000, קאַליפאָרניע — 7000 און שיקאַגע — 9000. אָבער דר. גרינבלאַט האָט נאָך דעם צוּוויסן געטאָן, אַז ער נעמט נישט אָן דעם פאָרשלאַג, און אַ דאָס געלט פון דער ירושה גיט ער איבער דעם „קרן־קיימת“.

פון זעלבן יאָר, 1950, האָבן די נאָווי־דוואָרער אין שיקאַגע אָנגעהויבן איינאָרדענען אזכּרות נאָך אונדזערע קדושים.

אין משך פון 1950 האָט דער קאָמיטעט געשיקט 600 דאָלאַר פאַר דער לייַ־קאַסע, אין ישראל און אין 1951 — 400 דאָלאַר. אַחוץ פאַר ישראל, איז אויך געשיקט געוואָרן הילף צו די נאָווי־דוואָרער אין אייראָפּע און צו די וועלכע האָבן אַריבערגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע.

ווען פריינד זאַלצמאַן איז אין 1952 צוריקגעקומען פון ניו־יאָרק, און איבערגעגעבן וועגן דער פאַרזאַמלונג, ווו ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו העלפן בויען אַ יישוב פאַר די נאָווי־דוואָרער אין ישראל, האָבן אַלע שיקאַגער, אויסער איינצלנע, עס אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. פריינד זאַלצמאַן האָט אַלעמען איבערצייגט, אַז דער חלום קאָן פאַרווירקלעכט ווערן, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן איינצולאַדן די פריינד פון ניו־יאָרק און קאַליפאָרניע אויף אַ קאָנפערענץ אין שיקאַגע, כּדי צו באַהאַנדלען דעם פּראָיעקט. די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שיקאַגע, דעם 20סטן אויגוסט 1952 מיטן אָנטייל פון די ח״ח סיגעל און העלען ראַפּאָפּאָרט פון ניו־יאָרק, רובין — פון קאַליפאָרניע, ה. קאָהן, ה. זאַלצמאַן, אייב זיידנבערג, ב. ראַפּאָפּאָרט — פון שיקאַגע.

אויף דער קאָנפערענץ איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ צענטראַלע אין באַשטאַנד פון די חברים: ח. זאַלצמאַן — פּרעזידענט, אייב זיידנבערג — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר. ב. ראַפּאָפּאָרט — פינאַנץ־סעקרעטאַר, ה. קאָהן — טרעזשורער. אַלס זיצאָרט פון דער צענטראַלע איז באַשטימט געוואָרן שיקאַגע.

דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די פירערס פון דער נאַשעלסקער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָבן שוין געהאַט דערפאַרונג ביים בויען היימען אין ישראל. די פריינד ה. זאַלצמאַן, אייב זיידנבערג און ב. ראַפּאָפּאָרט האָבן איינגעלאַדן די נאַשעלסקער פריינד מר. קאָרן און מר. בענדיט צו רעפערירן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די נאָווי־דוואָרער וועגן דעם ענין און זיך טיילן מיט זייערע דערפאַרונגען. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרבינדן מיט דער ישראלדיקער „ראַסקאָ־געזעלשאַפט“ וועגן דעם פּראָיעקט צו בויען 20 וווינונגען פאַר די נאָווי־דוואָרער אין ישראל, און איינצאָלן פאַר דעם צוועק 1000 דאָלאַר אויף יעדער וווינונג. לויט דעם פּראָיעקט האָבן די איינוווינער פון די געפּלאַנטע וווינונגען געדאַרפן צוצאָלן 800 פונט אויף יעדער וווינונג, אין מאָנאַטלעכע ראַטעס. כּדי צו שאַפן די 20 טויזנט דאָלאַר, האָט יעדע שטאָט זיך מתחייב געווען מיט אַ באַשטימטע סומע: ניו־יאָרק — 7000, לאָס־אַנדזשעלעס — 400 און שיקאַגע — 9000 דאָלאַר.

דערנאָך, ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סומע איז אין אַמעריקע נישט געשאַפן געוואָרן, איז פריינד זאַלצמאַן געקומען צו אַ הסכּם מיט דער „ראַסקאָ־געזעלשאַפט“, און די סומעס זענען פאַרקלענערט געוואָרן. שיקאַגע — 5.500 ניו־יאָרק — 7.750 און לאָס־אַנדזשעלעס — 2.000 דאָלאַר.

אין פרילינג 1954 האָט פריינד זאַלצמאַן אָנטייל גענומען אין ישראל ביים אַוועקלייגן דעם גרונטשטיין פאַר די היימען פון „שיכון נובי־דבור“. אין זיין אָנוועזנהייט איז קלאָר געוואָרן, אַז די צאָל וווינונגען איז צו קליין און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו בויען נאָך 4 וווינונגען. אַ באַגייסטערטער האָט פריינד זאַלצמאַן זיך דעמאָלט אומגעקערט פון ישראל, ווו ער האָט געהאַט דאָס גליק צו לייגן דעם ווינקלשטיין פאַר אַ ניי נאָווי־דוואָר אין ישראל, דער „שיכון נובי־דבור“ אין חולון.

די שיקאַגער לאַנדסלייט האָבן אויפגענומען מיט באַגייסטערונג און דאַנקבאַרקייט דעם פריינד זאַלצמאַנס באַריכט, און געווען צופרידן מיט די רעזולטאַטן פון זייער אַרבעט; אַז דער חלום איז געוואָרן אַ פאַקט.

אין 1955, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איינוווינער פון „שיכון“ קאָנען נישט צאָלן די מאָנאַטלעכע ראַטעס, האָט די צענטראַלע אין שיקאַגע אויף זיך גענומען די דאָזיקע התחייבותן.

אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין שיקאַגע, אין סעפּטעמבער 1955, מיטן אָנטייל פון קלאַראַ באָרנשטיין פון לאָס־אַנדזשעלעס און ה. קאָהן,

ל. שלעזינגער, סעם גאָלדשטיין, א. זיידנבערג, ב. ראַפּאַפּאָרט פון שיקאַגע, איז ווידער אָוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן וווינונגס-מאַנגל אין ישראל. דער קאָמיטעט האָט איינשטימיק באַשלאָסן צו בויען נאָך 12 וווינונגען. צו דעם צוועק איז שיקאַגע באַשטייערט געוואָרן מיט 7000 דאָלאַר, און לאָס-אַנדזשעלעס מיט 5000 דאָלאַר — אין משך פון פינף יאָר. ווידער אַ מאָל איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס אָרט פאַר דער צענטראַלע זאָל בלייבן שיקאַגע.

נאָך אונדזער גרויסער שמחה אויף דער „גאָלדענער חתונה" פון די פריינד מאָריס און אײדא קאָהן, אין 10טן סעפּטעמבער 1955, האָבן מיר אויך דורכגעמאַכט שווערע טרויער-טעג אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. אין אָקטאָבער איז פון אונדז אַוועק אונדזער באַליבטער פריינד סעם לעווין, נאָך אַ לענגערער קראַנקייט. מיר אַלע האָבן געפילט דעם גרויסן פאַרלוסט. סעם לעווין איז געווען אַקטיוו אין אונדזער אָרגאַניזאַציע, פונעם ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ.

אין יאַנואַר 1956 האָבן מיר באַשלאָסן צו שטעלן אַ מאָנומענט פאַר די נאָווי-דוואָרער קדושים. 1000 דאָלאַר זענען איבערגעשיקט געוואָרן קיין ישראל, אויפצושטעלן אין „שיכון נובי-דבור" אַ קולטור-הויז. צו דעם צוועק האָט זיך לאָס-אַנדזשעלעס באַשטייערט מיט 400 דאָלאַר און ניו-יאָרק און שיקאַגע צו 300 דאָלאַר. גלייכצייטיק איז צו אונדז דערגאַנגען, דורך אייניקע נאָווי-דוואָרער לאַנדסלייט פון קאַליפאָרניע און ניו-יאָרק, אַז זיי האָבן זיך איבערצייגט, בעת זייער באַזוך אין ישראל, אין דער נויטווענדיקייט פאַרצוזעצן דעם ווייטערדיקן בוי פון „שיכון נובי-דבור". דער קאָמיטעט האָט דעריבער ווידער פאַרהאַנדלט מיט דער „ראַסקאָ-געזעלשאַפט" וועגן אויפבוי פון קולטור-הויז און נייע 11 וווינונגען.

דערווייל איז אונדז ווידער אויסגעקומען צו שיקן הילף די חברים אין ישראל, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַריינצוטראָגן זייער חלק פאַר די וווינונגען אין „שיכון נובי-דבור", און עס איז אויך צוגעשיקט געוואָרן הילף פאַר אַ געוויסער משפּחה, וועלכע זענען געווען אין שווערע עקזיסטענץ-באַדינגונגען.

אין 1959 האָט פריינד זיידנבערג באַקומען דעם רוף פון ישראל וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור-בוך. דער צענטראַלער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע נאָווי-דוואָרער אין פעברואַר 1960. פריינד זיידנבערג האָט זיך וועגן דעם פאַרבונדן מיט די אָרגאַניזאַציעס אין ניו-יאָרק און אין לאָס-אַנדזשעלעס. די קאָנפערענץ איז אָבער, צוליב געוויסע סיבות, אָפּגעלייגט געוואָרן.

דערווייל האָבן מיר פאַרלוירן די צוויי ברידער ה. און ג. קאָהן, וועלכע זענען געווען טעטיקע מיטגלידער אין פאַראיין, און די פאַרלוסטן האָבן זיך שטאַרק געלאָזט פילן ביי די נאָווי-דוואָרער אין שיקאַגע.

די קאָנפערענץ איז צושטאַנד געקומען אין 12טן מערץ 1960. אין איר האָבן אַנטייל גענומען: פון ניו-יאָרק — אייב גאָלדבערג, טוביה קאָהן און דזשאָ גערטנער. פון לאָס-אַנדזשעלעס — מאיר און סאָפי בלייק, קלאַראַ און סידני באַרנשטיין, דזשאָ בלייק, פיליפ און סערא מאַגיד. פון שיקאַגע — סאָל שלעזינגער, אייב זיידנבערג און ב. ראַפּאַפּאָרט.

פריינד ה. זאַלצמאַן, דער פרעזידענט פון דער צענטראַלער יוניטעד נאָווי-דוואָרער אָרגאַניזאַציע, האָט איבערגעגעבן דעם פאַרזיץ פון אָוונט צום דעלעגאַט אייב גאָלדבערג פון ניו-יאָרק. נאָכן באַגריסן אַלע דעלעגאַטן, האָט דער פאַרזיצער גערופן צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט, דערביי האָט ער אויך, דאַנקענדיק די אַלע נאָווי-דוואָרער אין אַמעריקע פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט ביז איצט, באַצייכנט, אַז דאָס נייע נאָווי-דוואָר איז שוין נישט קיין חלום, נאָר אַ ממשות — אַ יישוב נאָווי-דוואָר אין ישראל, מיט 47 וווינונגען און אַ קולטור-היים.

אַלע דעלעגאַטן האָבן מסכים געווען אַקעגנצוקומען די בקשה פון ישראל-קאָמיטעט מיט נאָך 1200 דאָלאַר, כדי צו פאַרענדיקן דעם אויפבוי פון דער קולטור-היים.

עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַן אזכרה נאָך אונדזערע לאַנדסלייט אין שיקאַגע: סעם לעווין, דזשאָ קאָהן, ה. קאָהן, ד. פינקער, און ס'איז אויסגעדריקט געוואָרן אונדזער מיטגעפיל דעם פריינד זיידנבערג, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין פאָטער.

אין אויגוסט 1960 האָבן מיר פאַרלוירן דעם פאָטער פון אונדזער פאַראיין, מאָריס קאָהן. ער, דער גרינדער פונעם פאַראיין, און אַנטיילנעמער אין יעדער אונטערנעמונג, האָט געפירט זיין גאַנץ לעבן מיט יושר און גוטהאַרציקייט און מיט אַ פּראָגרעסיוון אויסבליק אויף אַלע וועלט-געשעענישן. זיין פאַרלוסט האָט זיך זייער געפילט ביי די נאָווי-דוואָרער אין שיקאַגע.

מיר האָבן אויך פאַרלוירן אַ גוטן לאַנדסמאַן,

ס. פערלבערג, וועלכער האָט אויף אַ באַשיידענעם אופן געטאָן פיל אַרבעט פאַר זיינע נאַווי־דוואָרער לאַנדסלייט.

*

נישט גרויס איז די צאָל מיטגלידער פון אונדזער פאַראיין אין שיקאַגע. ער ציילט בלויז איבער דרייסיק לאַנדסלייט, אָבער זייער אַרבעט האָט געוועקט צו זיך חשיבות אויף דער יידישער גאַס.

גרויס אין פאַרנעם איז די אַרבעט פון די עטלעכע חברים, וועלכע זענען די אַקטיווע פונעם פאַראיין:

ה. זאַלצמאַן, וועלכער האָט אָפּגעגעבן אַזוי פיל מי און צייט, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונעם בוי־פּראָיעקט — אויפצושטעלן אַ שיכון נאַווי־דוואָר אין ישראל. די נאַווי־דוואָרער אין שיקאַגע ווייסן, אַז קיין דאַנק איז נישט גענוג פאַר פריינד זאַלצמאַנס אַרבעט.

אייב זיידנבערג, אונדזער רעקאָרדינג־סעקרעטאַר, וועלכער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיינע געשעפטן, און זיין גאַנצע מי אַריינגעלייגט, כדי צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט די לעבנגעבליבענע נאַווי־דוואָרער און זיי ברענגען אונדזער הילף, ער איז געווען דער איינציקער אין שיקאַגע, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַזאַ שווערע אַרבעט.

מאַקס מילער, אונדזער לאַנגיאָריקער פאַראיינס־סעקרעטאַר, וואָס איז תמיד געשטאַנען צו אונדזער רשות, און געקומען צו אונדזערע פאַרזאַמלונגען, אויך ווען ער האָט געוווינט ווייט פון שיקאַגע.

ב. ראַפּאַפּאָרט, דער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון פאַראיין און אויך דער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דער יונייטעד נאַווי־דוואָרער הילפס־אָרגאַניזאַציע.

סעם גאָלדשטיין, אונדזער טרעזשורער און פאַראַנטוואָרטלעכער איבער אונדזער באַנק־קאָנטאָ. ער איז איינער פון די עלטערע נאַווי־דוואָרער, וואָס זענען טעטיק אין פאַראיין פון זיין גרינדונג אָן, און אונדזערע ברכות אים: אויף לאַנגע יאָרן!

אהרן ליבערמאַן, דער טרעזשורער פונעם הילפס־קאָמיטעט, איינער פון דער אַקטיווער משפחה ליבערמאַן, וואָס טוט זיין אַרבעט ערלעך און האַרציק.

פון אונדזער פרויען־אָפּטיילונג דאַרפן באַצייכנט ווערן:

ראָז זיידנבערג, די פאַרזיצערין וואָס איז אַקטיוו צווישן די נאַווי־דוואָרער אויפן געביט פון סאָציאַלער הילף. זי, צוזאַמען מיט איר מאַן אייב זיידנבערג, זענען תמיד די באַגייסטערטע אין אונדזער אַרבעט.

ליליען שלעזינגער, סעקרעטאַרין. זי, די טאָכטער פון אונדזער נישט פאַרגעסענעם סעקרעטאַר נ. קירשטיין, איז אַקטיוו ביי אַלע אונטערנעמונגען. זי האָט געירשנט די איבערגעגעבנקייט פון איר פאָטער צו די נאַווי־דוואָרער. אַ דאַנק איר טעטיקייט איז אויך סאָל שלעזינגער (נישט קיין נאַווי־דוואָרער) אַקטיוו צווישן אונדז אין שיקאַגע.

העלען עווענסאָן, טרעזשורער. מיט דאַנקבאַרקייט און כבוד באַציען זיך אונדזערע לאַנדסלייט אין שיקאַגע צו איר האַרציקייט און איבערגעגעבענער אַרבעט.

ראָז זאַלצמאַן, געוועזענע פאַרזיצערין, די פרוי פון אונדזער פרעזידענט זאַלצמאַן. ס'איז נישט אָפּצושאַצן איר טריישאַפט צו די נאַווי־דוואָרער. זי, מיט ה. זאַלצמאַן, זענען פולע שותפים אין לעבן אויף אַלע געביטן פון זייער אַקטיווער טעטיקייט. מיר פייערן בקרוב זייער גאָלדענע חתונה און האָפן מיט זיי צו פייערן די ווייטערדיקע שמחות.

איידע קאַהן. זי איז די פרוי פונעם פאָטער פון דער נאַווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציע אין שיקאַגע, און זי איז אַקטיוו ביי די נאַווי־דוואָרער פונעם ערשטן טאָג, זינט די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט. פיל מאָל האָט זי אָנגעהאַלטן דעם אַמט פון פאַרזיצער. אַלע נאַווי־דוואָרער בעטן פאַר איר געזונט און ווייטערדיקער אַקטיוויטעט.

די פרויען־אָפּטיילונג האָט נישט נאָר בייגעשטייערט מאַטעריעלע הילף, נאָר אויך אַריינגעבראַכט אַ סך באַגייסטערונג אין דער אַרבעט פון דער מענער־אָרגאַניזאַציע. נאָר צוזאַמען האָט מען געקאָנט דורכפירן די גראַנדיעזע הילפס־אַרבעט.

*

מיר זעען אונדזערע אַלע באַריכטן וועגן דער אָפּגעטוענער אַרבעט, בלויז ווי אַן אָפּצייכענונג און נישט ווי קיין שלוס. אונדזער אַרבעט מוז ווייטער אָנגיין!

די נאַווי־דוואָרער אין ישראל, וועלכע האָבן שוין אייגענע היימען, זענען אָבער נאָך נישט עקאָנאָמיש פאַרזיכערט, און עס איז אונדזער אויפגאַבע, ווייטער צו שטיין אויף דער וואַך און תמיד זיין גרייט אַקעגנצוקומען אונדזערע לאַנדסלייט אומעטום.



**די צענטראַלע פון די נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפטן, שיקאַגע**

פון רעכטס : שטייענדיק — **חיים זאַלצמאַן, ראָז זאַלצמאַן, העלען עווענסאָן, אהרן ליבערמאַן, מאַניאַ ליבערמאַן, סאָל שלעזינגער, ראָזע זיידנבערג, איידע קאָהן, דאָראַ לעווין, לאָראַ מילער, מעק מילער**

זיצנדיק — **ליליען שלעזינגער, אייב זיידנבערג, מאָריס קאָהן,סעם גאָלדשטיין, בען ראַפּאַפּאָרט**



**די צענטראַלע אין שיקאַגע מיט אַ גרופּע אַקטיוויסטן**

אברהם גאָלדבערג / ניו־יאָרק

# די נאַווי-דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע

די „פּאַראיייניקטע הילפס־קאָמיטעטן" פון די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען געגרינדעט געוואָרן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט די הילפס־רופן, וואָס זענען אָנגעקומען פון אונדזער שטעטל.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז דער גרעסטער טייל פון נאָווי־דוואָרער יידן אַנטלאָפן קיין וואַרשע. אויך די איבעריקע האָבן די צאַרישע סאַטראַפּן פאַריאָגט קיין וואַרשע, זיי זענען אַהין אָנגעקומען אַלס „היימלאָזע", און ווען זיי האָבן דערנאָך זיך אומגעקערט קיין נאָווי־דוואָר, האָבן זיי געפונען זייערע היימען רויִנירט און אויסגעליידיקט, אָן מעגלעכקייטן פאַר פּרנסה, און עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען צו אונדז קיין אַמעריקע בריוו וועגן הונגער און נויט פון אונדזערע נאָענטסטע.

די ווענדונגען האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג אויף אַלע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין אַמעריקע, מיר זענען זיך גלייך צוזאַמענגעקומען און באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ „הילפס־קאָמיטעט" און אָנהייבן שיקן הילף.

ספּעציעל דרינגענדיק איז געווען די פראַגע פאַר די וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קרובים אין אַמע־ריקע, אונדזער געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו איז דע־מאָלט געווען דער איינציקער וועג ווי זיי אַקעגנצוקומען מיט באַלדיקער הילף.

שווער איז געווען דער אָנהייב, ווייל די מערסטע פון אונדז זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען ווי געהעריק איינגעבירגערט און איינגעאָרדנט, כמעט אַלע זענען נאָך געווען אין דער לאַגע פון ניי־געקומענע און „גרינע", וואָס זייער עקאָנאָמישער מצב איז נישט געווען צו־פרידיק, אָבער ווי נאָר עס איז דערגאַנגען דער רוף זענען אַלע געקומען העלפן, און דעמאָלט איז טאַקע אָר־גאַניזירט געוואָרן דער „הילפס־קאָמיטעט", וואָס עקזיס־טירט עד היום.

אין ניו־יאָרק האָבן דעמאָלט עקזיסטירט צוויי נאָווי־דוואָרער „סאָסיעטיס". די ערשטע, די עלטסטע פון זיי איז געווען די „אינדעפּענדענט נאָווי־דוואָרער אַסאָסיעטי". (אין 1956 האָט זי געפייערט איר פופציק־יאָריקן יובי־לעום). זי איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק דורך די ערשטע נאָווי־דוואָרער עמיגראַנטן, וועלכע זענען אַהער געקומען אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט.

פאַר זיי איז דעמאָלט דער נאָמען אַמעריקע געווען אַ צויבערוואָרט, פול מיט צוזאָג און האָפענונג, אָבער ווי נאָר זיי זענען אָנגעקומען אין „גאָלדענעם לאַנד" אַריין, האָבן זיי זיך דערפילט אַנטוישט, פאַרלאָזן און עלנט, קיין גרויסע גליקן האָבן זיי דאָ נישט געטראָפן און די בענקשאַפט צו דער אַלטער היים האָט זיך פאַרשטאַרקט. דעמאָלט האָבן זיך עטלעכע נאָווי־דוואָרער צונויפגע־טראָפן און באַשלאָסן צו גרינדן אַ „סאָסיעטי" לויטן מוסטער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן פון אַנדערע שטעטלעך. קודם כל איז מען אויסן געווען מיטן אויפשטעלן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע צו לינדערן די אייגענע עלנט־קייט און איינער דעם אַנדערן אַקעגנקומען מיט פינאַנ־ציעלער הילף, ווען ס'איז נייטיק. ווי עס דערציילט אונדזער חשובער לאַנדסמאַן פריינד טאַשימאָוויטש אין באַריכט צום 35־יאָריקן יובילעום פון דער סאָסיעטי: „איז די גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפט, ביי דער גרינדונג, באַשטאַנען פון אַכט פערזאָן".

אין פאַרלויף פון יאָרן איז די סאָסיעטי געוואַקסן און די ניי־געקומענע האָבן דאָרט געפונען אַ היים און פריינד. די סאָסיעטי עקזיסטירט עד היום און זי באַ־טייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען לטובת די שׂרידים פון נאָווי־דוואָר אין ישראל און אין אַנדערע לענדער. דער איצטיקער פרעזידענט פון דער סאָסיעטי איז פריינד דזשאָ גערטנער.

די צווייטע נאָווי־דוואָרער סאָסיעטי אין ניו־יאָרק איז געגרינדעט געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער אונטערן נאָמען: „די פּראָגרעסיווע נאָווי־דוואָרער יוגנט סאָ־סיעטי". אַרום איר האָבן זיך גרופּירט די ניי־געקומענע, וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס אין נאָווי־דוואָר. די מערסטע פון זיי זענען געווען אַקטיווע אידעאַליסטישע מענטשן, אַמאָליקע טוער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען, בונדיסטן און ס.ס.־אָוצעס, וועלכע האָבן נאָך אין זייערע יונגע יאָרן עוסק געווען אין רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעט, אַ סך געליטן פון די צאַרישע סאַטראַפּן, דורכגעגאַנגען פאַרשידענע טורמעס און צום סוף אַנט־לאָפן קיין אַמעריקע.

זיי זענען אַהער געקומען צעבראָכענע און אַנטוישטע נאָך די יאָרן 1905—1906, ווען מען האָט אונטערגעדריקט די אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. זיי האָבן דאָ געזוכט אַ געזעלשאַפטלעכע ראַם ווו זיך אויסצולעבן. די פריער געגרינדעטע סאָסיעטי האָבן זיי נישט געהאַלטן פאַר אַ גענוג פּראָגרעסיווע און זיך נישט געוואָלט אַנשליסן אין איר, — האָבן זיי געגרינדעט אַן אייגענע סאָסיעטי פון זייערס גלייכן, יינגערע און מער געזעלשאַפטלעכע. זייערע פאַרזאַמלונגען זענען געווען גאָר אינטערעסאַנטע, דאָרט זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס און רעציטאַציעס. דאָרט האָט מען געפירט אַ גייסטרייך קולטור־לעבן און גענאָסן פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט, ווי מען האָט קיין מאָל נישט זוכה געווען אין צאַרישן פּוילן. די סאָסיעטי האָט זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן און געוואָרן אַ בראַנטש (אַ צווייג) אין דער גרויסער אָרגאַניזאַציע „אַרבעטער רינג״.

אין דער סאָסיעטי פון די יונגע האָבן זיך אויך געפונען אַ סך מיט טעאַטראַלישע פעיקייטן, וואָס האָבן נאָך געשפּילט, ווי אַמאַטאָרן, טעאַטער אין נאָווי־דוואָר. זיי אַלע, האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך צונויפגעטראָפן אין ניו־יאָרק. די ערשטע גרויסע אונטערנעמונג, וואָס דער נאָווי־דוואָרער פאַראייניקטער רעליף האָט דורכגעפירט, צו שאַפן געלט פאַר די מלחמה געליטענע, איז געווען אַ פאָרשטעלונג פון דער נאָווי־דוואָרער אַמאַטאָרן־טרופּע. זיי האָבן צוגעגרייט אַ פיינעם רעפּערטואַר, געגעבן אַ גוטע פאָרשטעלונג און די גאַנצע הכנסה איז געגאַנגען פאַר דעם רעליף.

די טרופּע האָט ווייטער פאַרגעזעצט אירע אויפטריטן, זי האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אין די פּיעסן „ווילדער מענטש״, „קרייצער סאָנאַטע״ און אויך אין פאַרשידענע איינאַקטערס. אַן עולם האָט קיין מאָל נישט געפעלט אויף די פאָרשטעלונגען און זייער דערפאָלג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיי איינגעלאַדן צו שפּילן טעאַטער פאַר זייערע צוועקן. די טרופּע איז באַשטאַנען פון רחל און שאול מאַגעלניצקי, סעם באַרנשטיין, אב. ליבערמאַן, טוביה קאַהן, סאָול פינקלשטיין, אב. וואָראַנסקי, היימען קנאַסטער, דזשעק אַפּראַפּאַ, אב. קאַרצאַוויטש, ראָז און לאה גאָלדבערג.

די טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען נאָר געווען איינע פון די מיטלען פאַר געלט־זאַמלונגען, אויף יעדער געלעגנהייט פון אַ שמחה ביי אַ לאַנדסמאַן, אַ געבורטסטאָג, אַ חתונה, אַ ברית, זענען אונדזערע פאַרשטייער דערשינען און געמאָנט און געפאָדערט צו געבן געלט פאַרן רעליף. נישט איין מאָל האָבן די בעלי־שמחה געטענהט, אַז מיט אונדזערע האַרצרייסנדיקע ווענדונגען צעשטערן מיר די שמחה... אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן צו טאָן אונדזער פליכט. מיר האָבן אויך געשאַפן געלט אויף די יערלעכע בעלער, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט און ווו דער עולם האָט זיך גוט אַמוזירט, די פּראָפיטן זענען געגאַנגען פאַר דעם רעליף.

כמעט אַלע נאָווי־דוואָרער האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין און אַרום ניו־יאָרק, און די גאַנצע לאַסט פון דער אַרבעט איז טאַקע געפאַלן אויף די ניו־יאָרקער. היינט האָבן מיר אויך גרויסע און טעטיקע אָרגאַניזאַציעס פון אונדזערע לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ און אין לאָס־אַנדזשעלעס.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה, האָבן מיר געמיינט, אַז אונדזער רעליף־אַרבעט וועט איצט נישט נייטיק זיין ; אַז יידן וועלן געניסן פון פרייען פּוילן און לעבן ווי אין אַנדערע דעמאָקראַטישע לענדער. אָבער באַלד איז געקומען די גרויסע אַנטוישונג, עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות, וועגן וואָרפן פון צוגן, רייסן בערד ביי יידן, פּאָגראָמען און באָיקאָטן, ווי אויך פּאָליטישע אַרעסטן. גלייך האָבן די אַזוי גערופענע „יונגע״ געשאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט צו זאַמלען געלט פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע און איינגעאָרדנט אונטערנעמונגען פאַר דעם צוועק. די געלטער זענען איבערגעשיקט געוואָרן צום קאָמיטעט קיין נאָווי־דוואָר, אָדער צו די פאַמיליעס פון די אַרעסטירטע. אַזוי אַרום איז אונדזער „צייטווייליקע״ הילפס־אַרבעט שוין געוואָרן אַ פּערמאַנענטע, און מיר האָבן זי פאַרגעזעצט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר בכלל פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט נאָווי־דוואָר. פון צייט צו צייט זענען דאָ דערגאַנגען נישט קלאָרע ידיעות וועגן די דייטשע בעסטיאַלישע האַנדלונגען און ספּעציעל לגבי די יידן. אָבער, קיינער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס אַמאָליקע קולטורעלע דייטשלאַנד וועט נעמען לעבעדיקע מענטשן און זיי שיקן אין גאַז־אויוון.

מיטן גאַנג פון דער מלחמה האָבן די צייטונגען אַלץ מער אָנגעהויבן ברענגען די גרויליקע באַריכטן וועגן דער אויסראָטונג פון יידן, וועגן די שוידערלעכע

מעשים פון די דייטשן אין אייראָפּע און אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. אַלץ מער האָט זיך פאַרגרעסערט די זאָרג וועגן גורל פון אונדזערע נאָענטע.

אין 1944, ווען מען האָט אָנגעהויבן הערן וועגן די מפּלות פון דער דייטשער אַרמיי אין רוסלאַנד און אין מערב אייראָפּע, האָט ווידער געטליעט אַן האָפענונג, אַז אפשר איז געשען אַ נס און אונדזערע זענען ווו געראַטעוועט געוואָרן, נאָר באַלד האָבן מיר זיך דערוווּסט דעם אמת וועגן חורבן און אומקום, און די עיקרדיקע פראַגע איז געווען: ווי געפינען וועגן און מיטלען צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט דער קליינער צאָל געראַטעוועטע יידן פון נאָווי־דוואָר.

דער ערשטער, וועלכער האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, איז געווען אונדזער חשובער לאַנדסמאַן און אַקטיווער טוער, פריינד סעם באָרנשטיין. ער האָט נישט געוואַרט אויף קיינעם, נאָר באַלד און אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו געזוכט וועגן פון פאַרבינדונג, געשריבן בריוו אין די לאַגערן, פאַרעפנטלעכט מודעות אין דער פּרעסע און זיך נאָכגעפרעגט ווו נאָר ער האָט געקאָנט, ביז עס איז אים געלונגען זיך צו פאַרבינדן מיט אַ טייל פון די געראַטעוועטע.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען ענטפערס פון די דייטשע לאַגערן און פון וואַרשע און אַנדערע שטעט אין פּוילן וועגן געראַטעוועטע נאָווי־דוואָרער, גרופּעס און יחידים, מיט אינפאָרמאַציעס וועגן זייער לאַגע. אונדזערע קאָמיטעטן זענען ווידער געוואָרן אַקטיוו, עס זענען גערופן געוואָרן פאַרזאַמלונגען פון די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס, ווו ס זענען איבערגעגעבן געוואָרן די דערהאַלטענע אינפאָרמאַציעס. אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף אונדזערע ווענדונגען און דאָס האָט דערמעגלעכט, אַז מיר זאָלן באַלד שיקן שפּייז־פּעקלעך, קליידער און מעדיצינישע הילף צו יעדן איינעם, וואָס האָט זיך אין דערין גענייטיקט.

מיט אַ סך מי האָבן מיר פאַרגעזעצט די הילפס־אַרבעט, ביז די לאַגערן אין דייטשלאַנד האָבן זיך אויפגעלייזט און די שארית הפּליטה איז זיך צעפאָרן אין פאַרשידענע לענדער. די מערסטע פון זיי זענען אַוועק קיין ישראל און אונדזער הילפס־אַרבעט האָט זיך דעריבער קאָנצענטרירט אַרום די נאָווי־דוואָרער אין ישראל.

מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט דעם „ארגון יוצאי נובי־דבור בישראל" און געריכטעט אונדזער הילף לויט זייערע אינפאָרמאַציעס. די לייַ־קאַסע, וואָס מיר האָבן געהאָלפן צו איר אַנטשטיין, איז אַקעגנגעקומען די נויטבאַדערפטיקע חברים מיט הלוואות און סובסידיעס, אָבער די הילף איז נישט גענוג געווען. די געקומענע פון דער שארית הפּליטה, וואָס האָבן זיך לאַנגע יאָרן אַרומגעוואַלגערט אין די דייטשע לאַגערן, האָבן זיך גענייטיקט אין בעסערע וווינונגס־באַדינגונגען און אויף דעם געביט געפאָדערט אונדזער הילף.

מיר דאָ, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, זענען געווען זייער פאַראינטערעסירט, אַז אונדזערע לאַנדסלייט פון דער שארית הפּליטה זאָלן זיך איינאָרדענען אין ישראל. ישראל איז דעמאָלט געווען דאָס איינציקע לאַנד, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, און מיר האָבן געזוכט פּאַסיקע מיטלען ווי זיי צו דערמעגלעכן בעסערע וווינונגס־באַדינגונגען. צו דעם צוועק האָבן מיר גערופן אַ לאַנדעס־קאָנפערענץ פון אַלע נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שיקאַגאָ, מיט פאַרטרעטער פון ניו־יאָרק, שיקאַגאָ און לאָס־אַנדזשעלעס. ס'איז דאָרט דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע וועגן שאַפן אַ וווינוגס־צענטער פאַר די נאָווי־דוואָרער אויף אַ פּלאַץ פון קרן־קיימת. אַ טייל פון די אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ האָבן דעם פאָרשלאַג באַטראַכט פאַר אַן אילוזיע, זיי האָבן געטענהט, אַז מיר זענען אַ צו קליינע לאַנדסמאַנשאַפט און מיר וועלן נישט קאָנען זאַמלען די געהעריקע סומע פאַר דעם, אָבער די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן, אַז יאָ; אַז מיר וועלן בויען אין ישראל אַזאַ וווינונגס־צענטער פאַר אונדזערע לאַנדסלייט. מיר האָבן זיך פלייסיק אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די אָפּטימיסטן זענען געווען גערעכט, אַלע האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן מיט באַשטייערונגען פאַר דעם צוועק.

נאָך דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ איז פריינד היימאַן פון שיקאַגאָ, אַ מיטגליד פון דער צענטראַלע, געקומען אויף אַ באַזוך אין ישראל און מיט זיין אָנוועזנהייט איז געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַר די הייזער פון „שיכון נובי־דבור". אַ דאַנק זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט דער „ראַסקאָ־בוי־געזעלשאַפט" איז אויך פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל דירות (פון 20 אויף 24) און מיר האָבן דאָס שפּעטער איינשטימיק אָקצעפּטירט.

מיט פרייד האָבן מיר דאָ אויפגענומען יעדע ידיעה

ווען אויפבוי פון שיכון נובי־דבור. ווען מיר האָבן געוויזן די בילדער וועגן חנוכת־הבית פון „שיכון״ פאַר די נאָווי־דוואָרער אין ניו־יאָרק, שיקאַגע און לאָס־אַנדזשעלעס — איז די באַגייסטערונג געווען אומגע־הייער; מען האָט זיך געפרייט מיט דעם אויפטו, מיט דעם בוי, און אויך מיט די איינוווינער — אונדזערע נאָווי־דוואָרער אין ישראל, וועלכע מיר האָבן שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען און זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה נישט געוווּסט וועגן זייער גורל, צי זיי זענען צווישן די געראַטעוועטע.

מיר האָבן מיט שטאָלץ געקאָנט אָנווייזן אויף דער פרוכט פון אונדזער אַרבעט, ווי פיר און צוואַנציק נאָווי־דוואָרער פאַמיליעס האָבן באַקומען שיינע, מאָדערנע וווינונגען. יעדער איינער פון די אָנוועזנדיקע האָט זיך געפילט דערהויבן, וואָס מיט זיין באַשטייערונג האָט ער צוגעטראָגן אַ ציגל צו דעם בנין, וואָס זאָל פאַראייביקן אונדזער שטעטל נאָווי־דוואָר.

ווען גאָמולקעס רעגירונג אין פוילן האָט פאַרלייכטערט די אויסוואַנדערונג פון יידן קיין ישראל, און פאַר אַ צאָל פון אונדזערע אויסגעוואַנדערטע לאַנדסלייט האָבן זיך ווידער אָנטפּלעקט שוועריקייטן ביים איינאָרדענען אין ישראל — האָט אונדזער פאַראייניקטער קאָמיטעט באַלד אָוועקגעשיקט אַ גרעסערע סומע געלט, צו דערמעגלעכן די נייע עולים הלוואות, און אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו בויען נאָך זעכצן וווינונגען אין „שיכון נובי־דבור״ אין ישראל.

אין אונדזער אַרבעט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן די „לײדיס אקזילערס״, די פרויען פון די סאָסייעטיס, זיי האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די דורכפירונג פון פאַרשידענע אימפּרעזעס און זאַמלונגען, זיי האָבן אַריינגעברענגט הייטערקייט און פייערלעכקייט אויף אונדזערע מסיבות, זיך באַמיט, אַז די זאָלן זיין היימיש, חבריש, אַמוזירנד, און דערמיט צוגעצויגן אונדזערע נאָווי־דוואָרער און פאַרגריגגערט אונדזער אַרבעט און געלט־אַקציעס. יאָ, די פרויען זענען תמיד געווען אַקטיוו און איבערגעגעבן אין אונדזער רעליף־אַרבעט.

בעת סעם באַרנשטיין און דער שרייבער פון די שורות האָבן אין סעפּטעמבער 1959 באַזוכט ישראל, זענען זיי באַפּאַלמעכטיקט געוואָרן דורך דער צענטראַלע אין שיקאַגע, ווי אויך דורך די קאָמיטעטן פון ניו־יאָרק און לאָס־אַנדזשעלעס צו אונטערזוכן די וווינונגס־לאַגע פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער אין ישראל, צו באַשטימען און אויסטיילן די וווינונגען און אויך פירן פאַרהאַנדלונגען מיט דער „ראַסקאָ־בוי־געזעלשאַפט״.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן די קאָמיטעטן אין אַמעריקע געהאַט באַשלאָסן צוצובויען נאָך 16 וווינונגען, נאָר בעת מיר האָבן צוזאַמען מיט די ישראל־חברים שלום קאַרצאַוויטש און אליזער ליכטנשטיין באַזוכט אונדזערע נאָווי־דוואָרער אין רמלה, באר־שבע, טבריה, שדה יצחק, אשדוד ים א״אַ ערטער, און צוגעזען די וווינונגס באַדינגונגען אין די מעברות — האָבן מיר באַשלאָסן, אַז ס׳איז נייטיק צו פאַרגרעסערן די צאָל וווינונגען. די צענטראַלע אין שיקאַגע האָט דערצו מסכים געווען און מיר האָבן דורכגעפירט, אַז די „ראַסקאָ־געזעלשאַפט״ זאָל פאַרזעצן די בוי־אַרבעט און אויפשטעלן הייזער אויפן גאַנצן פּלאַץ פון „שיכון נובי־דבור״.

ווער עס האָט נישט געזען די פרייד פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין ישראל, ווען מיר האָבן זיי איבערגעגעבן וועגן באַשלוס פון דער צענטראַלע — דער האָט קיין פרייד נישט געזען. מיר קאָנען איצט געוויסנהאַפט זאָגן, אַז מיט דעם האָבן מיר צופרידנגעשטעלט אַלע אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך גענייטיקט אין אַ דירה.

מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דער צערעמאָניע פון לייגן דעם ווינקלשטיין פון די הייזער, כמעט אַלע נאָווי־דוואָרער אין ישראל זענען אָנוועזנד געווען און די שמחה איז געווען אין לשער: דער שיכון וואַקסט און ווערט פאַרגרעסערט; אַ נייע נאָווי־דוואָר ווערט געבויט אויף דער ערד פון ישראל... איך בין זיכער, אַז די באַגייסטערונג און איבערלעבונג פון יענער פייערונג איז אויף אייביק איינגעקריצט אין די הערצער פון אַלע אָנטיילנעמער, און זי וועט נישט פאַרגעסן ווערן.

עס איז אויך געווען פאַר אונדז אַ גרויסע איבערלעבונג אָנטייל צו נעמען אין דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער. איך און מיין פריינד סעם באַרנשטיין האָבן דאָ געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט די אַלע אנשי־עיר, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן גיהנום. אַזוי פיל גרויל־געשיכטעס האָבן מיר פון זיי געהערט; מיר זענען דורכגענומען געוואָרן מיט זייער לייד, די לייד פון מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע טייערסטע.

מיר ווילן אויך קיין מאָל נישט פאַרגעסן די

חברישע אויפנאַמען אין „שיכון נובי־דבור". ביי יעדן באַזוך האָבן מיר געפילט, אַז מיר זענען צווישן אייגענע, ווי אַ מאָל אין נאַווי־דוואָר... און אַ גרויסע פרייד האָבן אונדז גורם געווען די קינדערלעך מיט זייער זינגען, שפילן און רעציטירן. מיט וואָס פאַר אַ יומטובדיקייט זיי האָבן אונדז אויפגענומען — איז נישט צו פאַרגעסן. מיר האָבן זיך געפרייט מיט דעם נייעם דור, וואָס וואַקסט אין דעם נייעם נאַווי־דוואָר אויף דער ערד פון חולון אין ישראל.

די נאַווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען שטאָלץ און פול מיט פרייד, וואָס דער גרויסער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, וואָס עס איז אונדז אַלע געלונגען אויפצושטעלן אין חולון אַ מאָנומענט נאָך אונדזער באַליבט שטעטל, אַ שיכון פון אונדזערע לאַנדסלייט, ווו עס וווינען זיבן און פערציק פאַמיליעס אין פיינע היימען, מיט אַ שיינעם קולטור־הויז, וואָס דינט אַלס צענטער פאַר אַלע נאַווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין ישראל.

איצט שטייען מיר פאַר אַרויסגעבן דעם ספר הזכרון „פינקס נאַווי־דוואָר". אונדזערע אַלע קאָמיטעטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען גרייט צו העלפן אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך און טאָן אַלץ, אַז עס זאָל וואָס גיכער דערשיינען. אויף אַלע אונדזערע פאַרזאַמלונגען ווערט דער ענין באַהאַנדלט און אַלע זענען מיר ביי דער מיינונג, אַז דער ספר הזכרון „פינקס נאַווי־דוואָר" איז דער בעסטער און דויערהאַפטסטער מאָנומענט, וואָס מיר קאָנען אויפשטעלן נאָך אונדזער חרוב געוואָרן שטעטל נאַווי־דוואָר.

און צום סוף וויל איך דערמאָנען אַ ריי נעמען פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק:

דער פאַראייניקטער נאַווי־דוואָרער רעליף און בוי־קאָמיטעט פאַר ישראל: דזשאָ גערטנער — פרעזידענט, איזי גאָלדבערג — וויצע־פרעזידענט, סאָול טאָמישאָוויטש — סעקרעטאַר פון בוי־פראָיעקט, העלען אַפראַפאַ און בעטי גערטנער — קאַסירער, לילי ראָזנשטיין — קאָרעספאָנדענץ־סעקרעטאַר, ראָז גאָלדבערג — רעקאָרדינג־סעקרעטאַר.

פון דער פרויען אָפטיילונג: לאה סעגאַל — טשער־ליידי, סילע אַפראַפאַ — וויצע טשער־ליידי.

אַקטיווע טוער און מיטאַרבעטער: העסע טאָשיאָוויטש, חנה ראַבינאָוויטש, דוד און בעס פוסבערג, שלמה און מינע קאַניאַנסקי, בען ראָזנשטיין, לאה גאָלדבערג, טוביה און רייזעל קאָהן, קיווע און העני אַפראַפאַ, אַרנאָלד און פרענציס טאַכנע, דבורה גאָלדבערג, שמואל יעקב הערשפאַנג, אהרן טעקס, הערשל גאָלדבערג, סעם פריילין, מ. ראָזנבערג, ד. מיכאַלאָוויטש, אלתר קשאָנשקאָ, מענדל טאָשימאָוויטש, אייב גאָלדבערג.



ירחמיאל אַפראַפאַ ז"ל
לאַנגיאָריקער פרעזידענט
פון דער „אינדעפענדענט נאַווי־דוואָר סאָסיעטי"



אברהם סעגאַל ז"ל
פון די אַקטיווע אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק



קאָמיטעט פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק

פון רעכטס צו לינקס: ערשטע ריי: העלען אַפּראָפּאָ, ראָז גאָלדבערג, פרוי גערטנער, לאה סעגאַל, עסי טאַשימאָוויטש, פרוי אַפּראָפּאָ, פרוי פּאַסבערג

צווייטע ריי: דוד פּאָרבערג, שלמה קאָניאַנסקי, פרוי קאָניאַנסקי, איזי גאָלדבערג, דזשאָ גערטנער, בעני ראָזנשטיין, לילי ראָזנשטיין, אייב גאָלדבערג, סאַול טאַשימאָוויטש ז״ל, שמואל יעקב הערשפּאַנג, עקיבא אַפּראָפּאָ ז״ל



די עקזעקוטיווע פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק מיט אַ גרופּע אַקטיוויסטן

# דער נאווי-דווארער קאמיטעט אין לאס-אנדזשעלעס

צווישן אַלע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס אין האַלב־מיליאָניקן יידישן יישוב פון לאָס־אַנדזשעלעס, איז דער הילפס־קאָמיטעט פון אונדזער נאָווי־דוואָרער סאָסיעטי איינער פון די מוסטערהאַפטע. פון אַ קליינע גרופּע לאַנדסלייט, וואָס זענען זיך דאָ צונויפגעקומען פון פאַרשידענע ערטער אין לאַנד, איז געשאַפן געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער מיר קענען שטאָלצירן.

נאָך מיין ערשטן באַזוך אין ישראל האָב איך געטראָפן אין לאָס־אַנדזשעלעס אַ גרופּע ליבע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין 1945 און דעמאָלט אָנגעהויבן זייער וויכטיקער אַרבעט מיט שיקן פּעקלעך שפּייז און קליידער פאַר זייערע קרובים. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן מיין באַגעגעניש מיט זיי. ס'איז געווען אין ערשטן יאַנואַר 1951, אַלע אין לאָס־אַנדזשעלעס האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי קלאַראַ און סידני באָרנשטיין אין הויז און מיך אויפגענומען מיט וואָרעמער ליבשאַפט. מיט גרויס נייגעריקייט האָבן זיי אויסגעהערט דעם ערשטן לעבעדיקן גרוס פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל.

פון דעם טאָג אָן איז יעדער צוזאַמענטרעף מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין לאָס־אַנדזשעלעס געווען ווי אַ יום־טוב און מיט באַגייסטערונג האָבן מיר געפירט אונדזער אַרבעט.

מיר האָבן באַשלאָסן אָנצוהייבן אַן אַקציע פאַר אויפבויען אַ שיכון נאָווי־דוואָר אין ישראל, צוזאַמען מיט די אַנדערע קאָמיטעטן פון ניו־יאָרק און שיקאַגע. אויף



די עקזעקוטיווע פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָס־אַנדזשעלעס

פון רעכטס: ערשטע ריי — בנימין קליינבאַרד, רחל קליינבאַרד־מאַראַקאָ (פּרעזידענטין), העלען קאָהל־קאַכאַלסקי (פינאַנץ־סעקרעטאַרין), דוד קאַכאַלסקי

צווייטע ריי: סאָפי בלייק (קאַסירערין), קלאַראַ באָרנשטיין (קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַרין), שרה מאַגיד, אסתר בינקער

דריטע ריי: מאיר בלייק ז"ל, סידני באָרנשטיין, פיליפּ מאַגיד (וויצע־פּרעזידענט), הערי בינקער

אונדזער וועגדונג איז אין שיקאַגע געראָפן געוואָרן אַ קאָנפערענץ צווישן 29סטן און 31סטן אויגוסט אין 1952. דער רוף האָט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג, עס זענען געגרינדעט געוואָרן בוי־קאָמיטעטן, און מיר האָבן דערגרייכט דאָס וואָס האָט פאַר אַ סך געקלונגען נאָר ווי אַ חלום. דורך אונדזער אומאויפּ־הערלעכער טעטיקייט איז עס געוואָרן אַ ווירקלעכקייט און אונדזער פאַרניכטעטע שטאָט נאָווי־דוואָר האָט זוכה געווען צו אַ תיקון פון איר נאָמען אין דעם אויפגעבויטן „שיכון נובי־דבור" אין ישראל.

צוזאַמען מיט דער אַרבעט פאַרן אויפבוי פון „שיכון נובי־דבור", האָבן מיר געשאַפן מיטלען פאַר דער גמילת־חסד־קאַסע אין ישראל און אויך צוגעשיקט הילף פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין אַנדערע לענדער.

פופצן טויזנט דאָלאַר האָבן מיר געשאַפן אין משך פון אונדזער אַרבעט, מיר האָבן אַלץ געטאָן בשלמות, מיט מסירת נפש און מיט ליבשאַפט.

מיר באַטראַכטן אונדזער אַרבעט און אירע רעזול־טאַטן אַלס אַ פּאָזיטיוון בייטראַג לטובת מדינת ישראל, און מיר זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר האָבן געהאַט די זכיה צוצולייגן אַ רינגעלע צו דער גאָלדענער קייט פון נצח ישראל.

די קינדער, וואָס וועלן געבוירן ווערן אין שיכון פון אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל, אין נייעם נאָווי־דוואָר, וועלן פאַרטרייבן פון זיך אַלע מוראס און מיט פרישן מוט און נייע כוחות ווייטער שפינען דעם פאָדעם פון דורות.

געשטאַרקט זאָלן זיין די הענט פון די, וואָס האָבן געהאָלפן צולייגן אַ ציגל צו דעם הייליקן בנין און פאַראייביקט די נעמען פון די אַלע, וואָס זענען געפאַלן, כדי מיר זאָלן ווייטער קאָנען לעבן...



די עקזעקוטיווע פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט אין לאָס־אַנדזשעלעס מיט אַ גרופּע אַקטיוויסטן
פון רעכטס: ערשטע ריי: בעני קליינבאַרד, רחל מאַראָקאָ־קליינבאַרד, אייב כץ, מאיר בלייק ז"ל, סידני באַרנשטיין
צווייטע ריי: אהרן קאַרץ, פעני קאַרץ, קלאַראַ גודמאַן ז"ל, זעליג באַרנשטיין, פרידאַ כץ, דזשאָדזש גאָלד, קלאַראַ באַרנשטיין, מירל גאָלד, סאָפי בלייק, בערטאַ באַרנשטיין

**סעם באָרנשטיין** / לאָס־אַנדזשעלעס

# צווישן נאווי-דווארער אין אמעריקע

## ערשטע טריט

איך געדענק נאָך ווי חיים זאַלצמאַן און טוביה קאָהן האָבן באַמערקט מיין פאַרלוירנקייט, באַלד ביים אָנקומען אין דעם „שמעלצטאָפּ“ פון דער נייער מדינה. זיי האָבן מיך געטרייסט און פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן זיך דאָ נישט אויסגעמישט אין דעם שמעלצטאָפּ“; אַז זיי טראָגן נאָך אַלץ אין האַרצן די געפילן און די אידעען פון סאָציאַליזם, פונקט ווי דעמאָלט... ווען מיר פלעגן אַלע צוזאַמען שפּאַצירן אויף דער אַרבעטער־בירזשע ביים וואַרשעווען שאָסיי אין נאָווי־דוואָר.

עס איז באמת גוט געווען דאָס צו הערן פון מיינע נאָענטע חברים, וועלכע האָבן באַנומען מיין פאַרלוירנקייט אין דער ריזיקער מעטראָפּאָליע — ניו־יאָרק, צווישן אַזוי פיל נאַציאָנאַליטעטן און שפּראַכן.

ווי אַ יונג, נאַיוו בחורל בין איך דעמאָלט אַריין אין דעם קעסל־גרוב, נישט קענענדיק קיין איין וואָרט פון דער לאַנד־שפּראַך. אונדזערע אייגענע האָבן אויך גערעדט אַ מין לשון פון „פּאָלאָווינע ענגליש“ און האַלב יידיש. איך האָב קוים עפּעס פאַרשטאַנען און געטראַכט: רבונו של עולם, וווּ בין איך דאָ אַריינגעפאַלן? — די גויים פאַרשטיי איך אין גאַנצן נישט, די יידן רעדן אויך נישט ווי יידן, און ביז איך וועל זיך אויסלערנען אַ פּאָר ענגלישע ווערטער — וועל איך דאָך פשוט בטל בשישים ווערן...

אָבער די צייט האָט אירס געטאָן, ביסלעכווייז האָב איך דערוואָרבן אַ צאָל ענגלישע ווערטער פון דער געוויינלעכער, טאָג־טעגלעכער אומגאַנגס־שפּראַך. איך האָב באַקומען אַרבעט און איך האָב אָנגעהויבן שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָ איז נישט נאָווי־דוואָר און מען מוז זיך צופּאַסן צו אַלע מינהגים און דרכים פון דער נייער מדינה.

אָבער... טיף אין דער נשמה האָט געטליעט אַ בענקשאַפט נאָך יענער היימישער סביבה מיט די זומערדיקע פאַרנאַכטן, מיט דער אַמאָליקער אַרבעטער־בירזשע, און שפּעטער — די צייט ווען מען האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער, די יום־טובדיקע שטימונגען ביי די רעפּעטיציעס און אין דער נאַכט פון דער פאָרשטעלונג... און בכלל — דאָס גאַנצע היימשטעטל, וווּ מיין וויגל איז געשטאַנען, וווּ איך האָב מיינע ערשטע יוגנט־חלומות געשפּונען; אַזאַ בענקשאַפט פון פאַרליבטקייט צו יעדן בוים, יעדעס געסל, יעדעס הויז...

און שוין האָב איך געטראַכט וועגן ווידער פאָרן קיין נאָווי־דוואָר, וווהין איך בין טאַקע געפאָרן נאָך צוויי יאָר פון מיין קומען אין אַמעריקע. דאָרט, אין מיין מאַמעס שטוב, האָב איך ווידער דערשפּירט דעם אָטעם פון מיין שטעטל, פון אַלע מיינע נאָענטע און אייגענע.

## דער נאָווי־דוואָרער פּראָגרעסיווער יוגנט־פאַראיין

קורץ נאָך מיין אָנקומען אין ניו־יאָרק האָט זיך אָרגאַניזירט אַ נאָווי־דוואָרער פּראָגרעסיווער יוגנט־פאַראיין, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון חיים זאַלצמאַן, טוביה קאָהן, אברהם וורואָנסקי, סאַול טאַשימאָוויטש (טאקס), הערשל זאַלצמאַן, בעני פרידמאַן, העלען אַפּראָפּאָ, לייבוש שוואַרץ א״אַ. דער שרייבער פון די שורות איז געווען דער סעקרעטאַר פון דעם פאַראיין.

דער ציל פון פאַראיין איז בעיקר געווען — זיך האַלטן צוזאַמען, שאַפן אַ היימיש ווינקל פאַר די נאָווי־דוואָרער, וועלכע האָבן זיך געפילט פרעמד און אויסגעוואָרצלט אין דער נייער מדינה, אָן אַ סביבה און אָן אַ שפּראַך.

די זיצונגען פלעגן פאָרקומען אין אַ קליינעם זאַל יעדן דריטן פרייטיק אין אָוונט. אויף די דאָזיקע פרייטיק־צו־נאַכטס טרעפונגען, האָבן מיר, די נאָווי־דוואָרער יוגנטלעכע לאַנדסלייט, געוואַרט און זיך קוים דערוואַרט; ס׳איז פאַר יעדן געווען אַן איבערלעבונג זיך צו טרעפן מיט דעם ליבן, היימישן עולם. דאָ פלעג איך זיך טרעפן מיט מיינע נאָענטע נאָווי־דוואָרער חברים חיים זאַלצמאַן, אברהם וורואָנסקי, אברהם ליבערמאַן (לאָקעטש) און הערשל זאַלצמאַן. שפּעטער איז אויך צוגעקומען אברהם גאָלדבערג, דער זון פון „סימע איטעס“, מיין גאָר נאָענטער יוגנט־חבר.

אברהם גאָלדבערג איז שוין אַ געוויסע צייט געווען אין די דרום־שטאַטן פון אַמעריקע, וווּ זיין שוועסטער האָט געוווינט. נאָך זיין אָנקומען אין ניו־יאָרק איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די דאַמען־שניידער. מיט אים פלעג איך זיך אָפּט

טרעפן אויף וויכטיקע פאַרזאַמלונגען, קאָנצערטן, אָדער גאָר גוט־ברודעריש ביי אַ גלעזל וויין, ווו מיר פלעגן שמועסן מעניגא דיומא און פון אונדזער בשותפות־דיקן עבר. אונדזערע וועלט־אַנשויונגען האָבן אין משך פון יאָרן זיך דערווייטערט, און ביי אַ וויכוח פלעגט אַפילו שיער דערגיין ביז אַ ברוגז, אָבער שטאַרקער דערפון איז געווען אונדזער פריינדשאַפט; אונדז האָט פּאַרט געבונדן דאָס שענסטע פון יענע יאָרן, דער פרימאָרגן פון אונדזער לעבן אין נאָווי־דוואָר, און אויך אַנדערע איבערלעבונגען שפּעטער, ווען מיר האָבן צוזאַמען געהונגערט אין וואַרשע. איז טאַקע פריילעך געוואָרן, ווען אברהמל — ווי איך פלעג אים רופן — האָט זיך באַוויזן אויף אַ זיצונג פון די נאָווי־דוואָרער.

פאַר יעדער זיצונג האָט זיך תמיד פאַרצויגן אַ שמועס וועגן די נייעסן פון דער אַלטער היים, וואָס עס דערציילן די בריוו פון נאָווי־דוואָרער וועגן אונדזערע נאָענטע און אייגענע, און ערשט דערנאָך פלעגן באַהאַנדלט ווערן די אַלע ענינים, וועגן אונדזערע אייגענע דאָ, אָדער וועגן הילף פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין נאָווי־דוואָר.

### אין דער הילפס־אַרבעט פאַר נאָווי־דוואָר

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת עס זענען אָנגעקומען די ידיעות וועגן דער לאַגע אין נאָווי־דוואָר, האָבן מיד, אַ קליינע גרופּע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אָרגאַניזירט אַ הילפס־פאַראיין פאַר די מלחמה־געליטענע פון אונדזער היימשטאָט. די איני־ציאַטאָרן זענען געווען: חיים זאַלצמאַן, אברהם גאָלד־בערג, טוביה קאָהן, אברהם וואָראָנסקי, חיים קנאַסטער, הערשל זאַלצמאַן און העלען אַפּראַפּאַ. מיר האָבן גערופן צו אַ קאָנפערענץ די פירער פון דער „נאָווי־דוואָרער אינדעפּענדענט סאָסיעטי" צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער יונגער נאָווי־דוואָרער סאָסיעטי, און ס'איז באַ־טראַכט געוואָרן דער פּלאַן וועגן אַ פאַראייניקטער הילפס־אַרבעט לטובת די געליטענע לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים.

אויסער די אויבן־דערמאָנטע איניציאַטאָרן פון די יונגע נאָווי־דוואָרער, האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ אַלס פאָרטרעטער פון דער „אינדעפּענדענט סאָסיעטי": ירחמיאל אַפּראַפּאַ ע"ה, חצקל קאַרצאָוויטש ע"ה, לייב פוקס ע"ה, מאָטל סטאָן ע"ה און אַנדערע. עס איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהייבן אַ געמיינ־זאַמע אַקציע לטובת די מלחמה־געליטענע פון נאָווי־דוואָר, אונטערן נאָמען פון „פאַראייניקטן נאָווי־דוואָרער הילפס־קאָמיטעט". אַלס סעקרעטאַר איז אויסגעוויילט געוואָרן סעם באַרנשטיין און אַלס קאַסיר ירחמיאל אַפּראַפּאַ.

דער דאָזיקער פּעריאָד פון הילפס־אַרבעט וועט אוודאי געפינען זיין אויסדרוק אין די איבערזיכטן פון די סעקרעטאַרן פון אונדזערע הילפס־פאַראיינען. איך געפין נאָר פאַר נייטיק צו באַצייכענען, אַז אַט די קליינע גרופּע געטרייע און איבערגעגעבענע נאָווי־דוואָרער יידן, האָבן באַוויזן אויפצומונטערן אונדזערע לאַנדסלייט אין אַלע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און אַלס רעזולטאַט דערפון האָבן אַלע נאָווי־דוואָרער אין אַמע־ריקע געטאָן זייער פליכט לטובת די מלחמה־געליטענע אין דער אַלטער היים.

ווען אַמעריקע איז אַריין אין דער ערשטער וועלט־מלחמה קעגן דייטשלאַנד, בין איך געוואָרן אַ זעלנער אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און צוליב דעם אָפּגע־ריסן געוואָרן פון מיין אַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון דעם הילפס־קאָמיטעט. איך בין אָבער כסדר געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער הילפס־אַרבעט.

ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן דער וואָפנשטיל־שטאַנד, האָב איך באַקומען אורלויב און כ'האָב דאָן ווידער געהאַט אַ געלעגנהייט, ביי מיין קומען קיין ניו־יאָרק, זיך צו טרעפן מיט די לאַנדסלייט אויף אַ פאַרזאַמלונג. דער פאַרזאַמלטער עולם האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן אויף מיין רוף וועגן הילף. אַ גרויסן רושם האָט אויף מיר געמאַכט, ווען אַן אָרעמער אייזן־אַרבעטער איסר נאָוואָדוואָרסקי איז צוגעלאָפן צו דער בינע און דערלאַנגט זיין באַשטייערונג — אַ צען־דאָלאַר־פּאַפּירל, מיט אַ ברכה: „נאַ, סעם, שיק דאָס אַוועק און זאָלן דיינע הענט געשטאַרקט ווערן"... יאָ, אַ ליבער, וואַרעמער עולם איז געקומען צו אונדזערע פאַרזאַמלונגען, און יעדער איז גרייט געווען צו טאָן זיין פליכט מער ווי זיינע מעגלעכקייטן.

צווישן אַלע אַנדערע אַקציעס, וועלכע מיר האָבן בשעת און נאָך דער מלחמה דורכגעפירט, זענען אויך געווען צוויי טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין אַ גאָר גרויסן זאַל און מיט אייגענע כוחות, — פון אונדזערע חברים, וועלכע האָבן נאָך, ווי אַמאַטאָרן, געשפּילט טעאַטער אין נאָווי־דוואָר. מיר האָבן דאָ אויפגעפירט די צוויי פאָרשטעלונגען „דער ווילדער מענטש" און „קרייצער סאָנאַטע" — ביידע פון יעקב גאָרדין, מיטן אָנטייל

פון שאול מאַגעלניצקי, אברהם לאַקעטש־ליבערמאַן, חיים קנאַסטער, סעם באַרנשטיין, דזשעק און לילי אַפּראַפּאַ און פרוילין סאָניאַ (זייער אַ טאַלאַנטפולע שפּילערין, נישט פון נאָווי־דוואָר). ביידע פּיעסן זענען אויסגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג אונטער דער רעזשי פון שאול מאַגעלניצקי.

די פאָרשטעלונגען האָבן אונדז צוגעהאָלפן אין פינאַנציעלן זין, און אין זיי איז אויך געווען דער המשך פון אונדזערע אַמאָליקע יומטובדיקע קולטור־אויפטוען אין נאָווי־דוואָר.

*

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איך בין באַפרייט געוואָרן און מיר אַלע האָבן געזוכט אַ וועג זיך ווידער צו פאַרבינדן מיט נאָווי־דוואָר, איז מיין ערשטע פאַרבינדונג געווען, דאָס צוויסן טאָן מיין פאָטער, אַז מיינע הענט האָבן אין די מלחמה־יאָרן קיין בלוט נישט פאַרגאָסן...

ס׳איז אַזוי אויסגעקומען, אַז צוליב דער „שפּאַנישע גריפּע״, וואָס האָט געבושעוועט ביי אונדז אין מיליטערישן לאַגער, האָט מען אונדז נישט אַרויסגעשיקט אויף די שלאַכטפעלדער און איך האָב נישט אָנטייל גענומען אין די קריגס־אָפּעראַציעס.

אויף דעם בילד, וואָס איך האָב צוגעשיקט מיין פאָטער, ווו מען זעט מיך אין מיליטערישן מונדיר, האָב איך צוגעשריבן אַ פּסוק: „ידינו לא שפכו את הדם הזה״. מיט דעם האָב איך אויסגעדרוקט מיין פרייד, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען די מלחמה־יאָרן און קיין בלוט נישט פאַרגאָסן.

גלייך מיטן פאַרענדיקן פון דער מלחמה, האָבן מיר זיך אַלע מיט פרישע כוחות אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט פון שאַפן הילף פאַר די נויט־ליידנדיקע יידן אין נאָווי־דוואָר.

די פּרטים וועגן דער דאָזיקער אַרבעט וועלן זיך זיכער אָפּשפּיגלען אין די באַריכטן פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

*

פון יאָר 1938, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, בין איך שוין געווען אַ סטאַבילער תושב אין לאָס־אַנדזשעלעס. די קליינע גרופּע נאָווי־דוואָרער אין לאָס־אַנדזשעלעס האָבן אָרגאַניזירט אַ הילפס־קאָמיטעט און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געטאָן אַ סך ממשות־דיקס לטובת דער שארית הפליטה אויף דעם געביט פון באַזאָרגן שפּייז און קליידער.

אַ גאַר וויכטיקער אויפטו איז געווען דאָס אויפזוכן קרובים פון די לעבן־געבליבענע נאָווי־דוואָרער און איינשטעלן אַ פאַרבינדונג מיט זיי אין גאַר דער וועלט. נאָך די גרויל־יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מיר האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די שרידים פון נאָווי־דוואָר אין פּוילן, דייטשלאַנד, איטאַליע און עסטרייך, איז די אַרבעט פון צונויפברענגען משפחות און קרובים געווען איינע פון די וויכטיקסטע. אין די אַלע בריוו פון די ניצול־געוואָרענע האָט זיך אַרויסגעהערט דער טראַגישער פּסוק: „איינער אַליין בין איך געבליבן פון מיין גאַנצער משפחה״. אויף דעם טרויעריקן הינטערגרונט איז געווען אַ גרויסע פרייד און באַפרידיקונג צו באַקומען דאַנקבריוו און ברכות פאַר דער מי פון צוזאַמענברענגען אָדער שריפטלעך פאַרבינדן די פאַרלוירענע און דערווייטערטע פון די צעריסענע משפחות.

*

אַ דאַנק דער אַרבעט פון אויפזוכן קרובים האָב איך אָנגעקניפּט באַציונגען מיט העלען (חייקע) גרינבלאַט אין דרום־אַפריקע. קיין גוטע נייעס וועגן גורל פון איר פאַמיליע האָב איך נישט געהאַט. איך האָב דעמאָלט געוווּסט, אַז פון דער פאַמיליע גערשט איז קיינער נישט געבליבן. אָבער, פון דעמאָלט אָן האָבן מיר אונטערגעהאַלטן באַציונגען, זיך תמיד דורכגעשריבן וועגן די נויטן פון אונדזערע לעבנגעבליבענע נאָווי־דוואָרער, און העלען גרינבלאַט האָט פאַר אונדז אַרויסגעוויזן איר הילפסגרייטקייט, אין אָנהייב — מיט באַשטייערונג פאַר דעם ערשטן אָנדענק־ביכל וועגן נאָווי־דוואָר און נאָך דעם — מיט דער באַקאַנטער צוואה — די סומע געלט פאַרן קרן־קיימת, כדי צו שאַפן אויף זיין באָדן אַ מקום־מנוחה פאַר די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין ישראל.

אַ סך לויב קומט דעם פריינד דב פירסט פאַר זיינע באַמיונגען ביים קרן־קיימת צו געבן דעם באָדן פאַר אַ שיכון. דער קרן־קיימת האָט דעמאָלט, טראָץ דער גרויסער צוואה־ירושה פון 19.500 ענגלישע פונטן, נישט געאיילט זיך צו רעאַליזירן די צוואה און אָפּגעבן דעם באָדן פאַרן שיכון פון די נאָווי־דוואָרער. נאָר אַ דאַנק דעם אומדערמידלעכן געזעלשאַפטלעכן טוער דב פירסט, איז געלונגען דערפירן דעם ענין צו אַ גוטן סוף.

בעת מיין באַזוך אין ישראל אין יאָר 1957, האָט

מיין האַרץ געקוואָלן פון שמחה, ווען איך האָב דערזען די פּראַקטיק שיינע, מאָדערנע היימען אין „שיכון נובי־דבור" אין חולון. איך האָב געהאַט דעם כבוד בייצוזיין די צערעמאָניע און לייגן דעם ווינקלשטיין פאַר דעם בוי פון די נייע הייזער. מיין שמחה איז געווען אין לשער.

ס'איז מיין פרייד, וואָס איך האָב דורך די יאָרן עפּעס צוגעטראָגן צו אָט דער אַרבעט, צוזאַמען מיט דב פּירסט און מיט חיים זאַלצמאַן, וועלכער האָט פּאַקטיש געלייגט דעם ווינקלשטיין פאַר דעם ערשטן בוי־פּראָיעקט. ס'איז אַ טיפע איבערלעבונג צו זען, ווי זיבן און פערציק פון די ניצול־געוואָרענע נאַווי־דוואָרער משפּחות האָבן נאָך לאַנגע יאָרן פון פּיין און וואָגלעניש ענדלעך געפונען אַ מקום מנוחה אין מדינת ישראל.

איך זע פאַר זיך דעם גרויסן אויפטו, די זיבן און פערציק דירות און אין צענטער — דער פּראַכטיקער בית־עם מיט די 150 זיצפּלעצער. דאָס איז דאָך דער מקום־מקלט פאַר אונדזערע אַלע ליבע נאַווי־דוואָרער אין ישראל.

פון דער טיפעניש פון האַרצן טראָג איך אייך אַלעמען צו מיין ברכה, דאָס איז דאָך דער איינציקער און לעצטער איבערבלייב פון אונדזער נעכטן, פון מיין באַליבט געבורטשטעטל נאַווי־דוואָר.




„דער שלעכטער פאָטער" („דער ווילדער מענטש") פון יעקב גאָרדין — פאָרגעשטעלט אין ניו־יאָרק באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די הכנסות לטובת די נויט־באַדערפטיקע אין נאַווי־דוואָר

פון רעכטס : זיצנדיק : אברהם וואָראָנסקי, שאול מאָגעלניצקי ((רעזשיסער) טוביה קאָהן, אברהם ליבערמאַן (לאָקעטש)
שטייענדיק : רחל מאָגעלניצקאַ, סאָניאַ ווייסמאַן, סעם באָרנשטיין, שלמה פינקלשטיין, רוזשקע גאָלדשמיד, חיים קנאַסטער

# נאָווי-דוואָרער אין קאַנאַדע



חיים און בלימע בערגער

נאָר איינצלנע זענען זיי — די נאָווי־דוואָרער אין קאַנאַדע, געקומענע אַהין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און זיך באַזעצט בעיקר אין טאָראָנטאָ.

פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דעם קאָמיטעט אין ישראל — שלום טאָפּ און שלמה קאַרצאָוויטש, וועלכע האָבן צוגעשיקט זייער ביישטייער, לויט זייערע מעגלעכקייטן, און אויך געזאַמלט לטובת דעם בוי־פאָנד פון „שיכון נובי־דבור" אין ישראל. שפּעטער האָט זיך אָפּגערופן איינער פון די טעטיקסטע ביז היינטיקן טאָג, אונדזער גוט באַקאַנטער חיים בערגער. ער און זיין משפּחה זענען פאַר זיך אַליין כאילו אַ נאָווי־דוואָרער קאָמיטעט אין טאָראָנטאָ. ער, זיין פרוי בלומע, מיט דער הילף פון זייערע צוויי זין, שלמה און ירחמיאל, ווייזן אַרויס גרויסע איבערגעגעבנקייט ביי יעדער זאַמלונג. צום ערשט — פון זייער אייגנס, און דערנאָך — אַקטיווע איניציאַטיוו ביי די אַרומיקע — אויך נישט נאָווי־דוואָרער — מיט וועלכע די בערגערס שטייען אין פריינדלעכע און אין געשעפטלעכע באַציונגען:

אין אַ חברישן באַריכט־בריוו קיין ישראל שרייבט חיים בערגער:

„איך בין אַליין איינער פון די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם גיהנום פון די היטלער־מערדער. איך בין אַ לעבעדיקער עדות פון די העראָישע קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ. ווי פאַרשרייבן דאָס אַלץ, וואָס עס איז דורכגעאַנגען אַ מענטש, איידער ער איז אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדער?! דערפאַר פאַרשטיי איך, וואָס עס מיינט העלפן אַ געראַטעוועטן...

עס איז אונדזער אויפגאַבע פאָרצוזעצן די וויכטיקע אַרבעט, אַלס מענטשן מיט מענטשלעכע נשמות; אַלס מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלוירן זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק. איך אַליין האָב, צו מיין גרויסער ווייטיק, פאַרלוירן פינף ברידער און איין שוועסטער מיט זייערע משפּחות.

איך האָב זיך געגעבן אַ שבועה, אַז אַזוי לאַנג ווי מיינע כוחות וועלן מיר געבן די געלעגנהייט, וועל איך פאָרזעצן אָט די הילפסאַרבעט".

און חיים בערגער דערציילט וועגן זיין אַרבעט אין טאָראָנטאָ:

„פאַר אַ קורצע צייט איז געלונגען אויסצושטעלן אַ קאָמיטעט פון די אַכצן נאָווי־דוואָרער משפּחות, וועלכע וווינען אין טאָראָנטאָ. נאָך גרויסע באַמיונגען האָב איך אויסגעפונען דעם אַדרעס פון דעם סעקרעטאַר פון דער נאָווי־דוואָרער אָרגאַניזאַציע אין ישראל, — פון אים באַקומען בריוו וועגן דער נויטווענדיקייט פון הילף, און איך האָב געענטפערט מיט אַפּילס, מיט פונאַנדערשפּרייטן מיינע צוויי הענט".

מיר דאַ ווייסן, אַז דער „ענטפער" און די „אויסשפּרייטונג פון די צוויי הענט" זענען געווען אַן אומדערמידלעכע אַרבעט: ווענדונג צו יידן און נישט־יידן אין טאָראָנטאָ, באַמיונגען ביי יידישע אָרגאַניזאַציעס — ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, ביים אימיגראַנטן־הילפס־פאַראיין, און דערביי — נאָכן פאַרנאַכלעסיקן אייגענע געשעפטן און אָפּגעבן אָן אַ שיעור צייט, לטובת די כלל־זאַכן פון די נאָווי־דוואָרער.

מיר זענען זיך מצטרף צום ווונטש פון אונדזער איבערגעגעבענעם עסקן אין קאַנאַדע:

„מיין האָפענונג, אַז איך מיט מיין משפּחה זאָלן זיך טרעפן מיט אייך פנים אל פנים אין ישראל, אַז מיר זאָלן מיט אונדזערע אויגן זעען די דערגרייכונגען פון אונדזערע נאָווי־דוואָרער לאַנדסלייט, אַז מיר זאָלן זעען ישראל מיט אַלע אירע דערגרייכונגען, — און אַזוי אַרום פאַרשטאַרקן אונדזערע פאַרבינדונגען אויף אַ פריידיקן אופן".

נחמן נאָוואָדוואָרסקי / בוענאָס־איירעס

# נאַווי־דוואָרער אין אַרגענטינע

די ערשטע נאַווי־דוואָרער זענען אָנגעקומען קיין אַרגענטינע נאָכן „פּינפטן יאָר" (1905). אין די פּרי־ערדיקע עמיגראַנטן־גרופּעס, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען אַ סך „נישט כשרע" עלעמענטן, זענען קיין נאַווי־דוואָרער נישט געווען, ווייל ווער האָט דען אַ מאָל געוואָלט פאָרן אין דעם לאַנד הינטער די הרי־חושך, דאָס לאַנד מיט דער הויפּט־שטאָט בוענאָס־איירעס ?( (אָדער: „בנות־זיירעס", ווי מיין פאָטער האָט עס גערופן, מיינענדיק די אויסגעלאָסענע בנות). ערשט נאָך דער רעגולירונג פון ד באַציונגען צווישן אַרגענטינע און איר צפונדיקן שכן, די פאַראייניקטע שטאַטן, און נאָך דעם ווי די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג האָט די יידישע באַפעל־קערונג בכלל און די יידישע יוגנט בפרט געלאָזט אָן שום עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון, — איז, בדלית־ברירה, אויך אַרגענטינע אַקצעפּטירט געוואָרן אַלס מקום־מקלט.

דער גרעסטער שטראָם פון נאַווי־דוואָרער עמיג־ראַנטן איז געקומען קיין אַרגענטינע נאָכן פּויליש־באָלשעוויסטישן קריג אין 1920. אַ גרויסע צאָל נאַווי־דוואָרער איינוואָנדערער זענען ווידער געקומען נאָכן היטלער־חורבן, נישט דירעקט, נאָך דורך אורוגוויי און באָליוויע, און דאָס צוליב דער דיסקרימינאַטארישער אימיגראַציע־פּאָליטיק פון די אַרגענטינער באַהערדן, וואָס האָבן שוין אַרויסגעוויזן נאַצישע סימפּאַטיעס אין יענער צייט.

*

די ערשטע פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די נאַווי־דוואָרער אין אַרגענטינע, אין אַ לאַנדסלייט־פאַראיין, זענען גע־מאַכט געוואָרן אין די יאָרן 1927, און נאָך מיין אָנקומען קיין אַרגענטינע — אין 1928. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט באַנומען דעם אַרט טעטיקייט, און איבערהויפּט נישט געפונען פאַר נייטיק, זיך איינצו־שרומפּן אין אַ ראָם פון לאַנדסלייט; מענטשן פון פאַרשידענעם עלטער, שטאַנד און קולטור, דאָס, וואָס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן, האָט נישט לאַנג אָנגע־האַלטן, צוליב דער קליינער צאָל מיטגלידער און אויך צוליב דער נישט־קאָרעקטקייט פון איינעם פון די דעמאָלטיקע עסקנים.

אין אַזאַ לאַגע זענען אין יענער צייט אויך געווען אַנדערע לאַנדסלייט־פאַראיינען, וועלכע האָבן געהאַט אַ קליינע צאָל מיטגלידער, און צוליב דעם האָט מען אָנגעהויבן שאַפן פאַראיינען, וואָס זאָלן אַרומנעמען די לאַנדסלייט פון שכנותדיקע שטעט און גאַנצע ראַ־יאָנען. אַזוי איז אין 1938 געשאַפן געוואָרן דער פאַראיין פון „מלאַווע, נאַווי־דוואָר און אומגעגנט", וועלכער האָט אַריינגענומען די לאַנדסלייט פון יאַבלאָנע, נאַווי־דוואָר, טשעכאַנאָוו, פּרושניץ, כאָרזשעל, סטזשעגאָווע, און מלאַווע, מיט אַ מיטגלידערשאַפט, וועלכע האָט דערגרייכט צו הונדערט און צען. עס איז שוין אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט פון גאַנצן מאַ־זאָווער ראַיאָן (אונטער מיין פאָרזיץ), אָבער צוליב דער צעשפּליטערונג אויף דער יידישער גאַס, האָט דער קאָמיטעט קיין אריכת ימים נישט געהאַט.

די נישט פאַראינטערעסירטקייט פון יונגן דור אין אַזעלכע קערפּערשאַפטן, ווי די לאַנדסלייט־פאַר־איינען, ווי אויך די אָפּגעשטעלטע עמיגראַציע זענען צוויי וויכטיקע מכשולים אין דער אַרבעט פון יעדער לאַנדסמאַנשאַפט. אונדזער אַקטיוויטעט ווערט איינגע־שרומפּן און לויזער פון טאָג צו טאָג, ביי דער מחשבה, אַז מיר זענען ווי דער דור המדבר און אונדזער מחנה ווערט קלענער פון טאָג צו טאָג...

די נאַווי־דוואָרער אין אַרגענטינע ציילן זיך איצט: אין בוענאָס־איירעס — 44, אין ראָזאַריאָ — 7, אין מענדאָסאָ — 4, אין קאָריענטעס — 4, אין קאָר־דאָוואָ — 2.

*

די הויפּט־סיבה צו דער אָרגאַניזירונג פון די לאַנדסלייט־פאַראיינען איז געווען אַן עמאָציאָנעלע, מער ווי אַן עקאָנאָמישע. די בענקשאַפט נאָכן היימישן געסל און דער ווילן אויפצוהאַלטן די נעכטיקע סביבה — איז געווען אַ גרעסערער פאַקטאָר, ווי דאָס ווילן אַן אַן־פראַצענטיקע הלוואה אין דער ליי־קאַסע. אָבער מיטן אויסוואַקסן פון די משפחות, ווערט דער אינטע־רעס פאַר באַציונגען צווישן די לאַנדסלייט וואָס אַ מאָל קלענער.

די קולטור־אַקטן, ווי זיי זענען דורכגעפירט גע־

וואָרן אין די ערשטע יאָרן (מיט יוסף אַפּאַטאָשו ע״ה, ווען ער איז געווען דאָ צוגאַסט, און מיט אברהם סאָ־לאָמאָן — אים צו לענגערע יאָר), ווי אויך די ניי־יאָר־פייערונגען און יובל־באַנקעטן פאַר פאַרדינסטפולע אַק־טיוויסטן — זענען שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנ־גענהייט. אַזוי געהערן שוין אויך צו דער פאַרגאַנגענ־הייט די קאָלעקטיווע באַזוכן אויפן בית־עולם (אין אלול אָדער תשרי), ביים מאָנומענט פאַר די קדושים, ווו מיר האָבן אַ מאָל צוגעפּעסטיקט אַ בראַנדזיענעם טאָוול פאַר אונדזערע אומגעקומענע קהילות. די איינציקע קאָנקרעטע פּאָזיציע, וואָס איז נאָך געבליבן, איז די לייַ־קאַסע, וואָס איז פאַר דער לאַגע פון אַ בכבודיקער ליקווידאַציע...

עס מוז אָבער אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז וואָס שייך הילפס־אַרבעט — איז אונדזער אַרבעט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַ זייער דערהויבענע, און ספּעציעל פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל. לויט די באַריכטן פון דעמאָלטיקן סעקרעטאַר פון ארגון יוצאי נובי־דבור בישראל, דב פירסט, האָבן די אָרגענ־טינער פאַרנומען דאָס חשובסטע אָרט אין זין פון הילפס־אַרבעט.

אויך אין די לעצטע אַקציעס פאַרן קולטור־הויז אין „שיכון נובי־דבור" און פאַרן „פּינקס נאָווי־דוואָר", האָבן זיך די אַרגענטינער לאַנדסלייט, טראָץ די גע־דריקטע עקאָנאָמישע לאַגע, גאַנץ פּאָזיטיוו אָפּגערופן.

זאָל דער „פּינקס נאָווי־דוואָר" אויך זיין אַ מצבה נאָך די אַלע אַקטיוויסטן און לאַנדסלייט, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן דעם מאָמענט פון זיין דערשיינען. זאָל דער ספר־הזכרון פאַרבינדן אַלע לאַנדסלייט, ביז מיר וועלן זוכה זיין צו דעם גרויסן היסטאָרישן מאָמענט, קיבוץ־גלויות פון אַלע צעזייטע און צעשפּרייטע לאַנדסלייט אין גאָר דער וועלט.



**נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע**

**פון רעכטס : זיצנדיק : פריידע נאָוואָדוואָרסקי—דע ברענמאַן, משה ברענמאַן, אפרים מיגדאַל, חאַשקע זאַקהיים—דע נאָוואָ־דוואָרסקי, נחמן נאָוואָדוואָרסקי, אברהם זאַלצמאַן, מאָטל גוטמאַן**

**שטייענדיק : אסתר פרידמאַן—דע אײדלסבערג, פאָלאַ יעראָזאַלימסקאַ—דע שײנמאַן, פראַדל וואַלענקאָווסקאַ—דע גוטמאַן, יענקל גוטמאַן, שלום נאָוואָדוואָרסקי, אסתר טאָפּ, רבקה לאַנדסמאַן, יחיאל קאַלמאַנאָוויטש, שמעון מאָסטאָוויטש, רבקה נאָוואָדוואָרסקי —דע קאַלמאַנאָוויטש, יהודית לעווין—דע קרײזלער, חנה טאָפּ, עלקע טאָפּ**



**די נאָווי־דוואָרער לאַנדסלײַט אין בוענאָס־אײרעס אויף אַ טרעפונג מיטן שרײבער יוסף אָפּאַטאָשו**

**לינקס בײ אָפּאַטאָשו — דער פאָרזיצער פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדסמאַנשאַפט נחמן נאָוואָדוואָרסקי**

ל. מײלעכאָוויטש / פּאַריז

# „פריינד פון נאווי-דוואר" אין פאריז

די געזעלשאַפט „פריינד פון נאַווי־דוואָר" אין פּאַריז איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1947.

אין אַ געוויסן יוני־טאָג פון 1947 האָט זיך באַוויזן אַ קליינע מעלדונג אין דער יידישער פּרעסע וועגן אַ פאַרזאַמלונג פון נאַווי־דוואָרער, גערופן דורך אַן איניציאַטיוו־גרופּע. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיטן פריינד אַלמאַן און מיר זענען ביידע אַוועק אויף דער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אַ יידישן רעסטאָראַן אין איינעם פון די יידישע קוואַרטאַלן אין פּאַריז. דאָ האָבן מיר געטראָפן די איניציאַטאָרן פון דער פאַרזאַמלונג, הערצקע מענאַכעס, יוסף פסח ראָזנפעלד און פוקס.

מיר האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ צווייטע פאַר־זאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַכט טעג שפּע־טער. אין איר האָבן אָנטייל גענומען: הערצקע מענאַ־כעס, ראָזנפעלד, פוקס, אַלמאַן, ישראל גוטערמאַן, די פאַמיליע האָפּ (מענדל ליפּסקיס טאָכטער) און ל. מײ־לעכאָוויטש. אויף אָט דער פאַרזאַמלונג איז געשאַפן געוואָרן די געזעלשאַפט „פריינד פון נאַווי־דוואָר" אין פּאַריז, און ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן עקזעקוטיוו פון דריי פערזאָן: הערצקע מענאַכעס — פאָרזיצער, ל. מײלעכאָוויטש — סעקרעטאַר און ישראל גוטער־מאַן — קאַסירער.

לויט ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט הערצקע מענאַכעס גערופן די ערשטע פאַרזאַמלונג לויטן פאָרשלאָג פון זיינס אַ פעטער, וואָס איז אַ מאָל געווען אַן עסקן צווישן די נאַווי־דוואָרער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. פרווון צו שאַפן אַ נאַווי־דוואָרער לאַנדס־מאַנשאַפט אין פּאַריז, זענען אויך געמאַכט געוואָרן נאָך פאַרן לעצטן קריג דורך איינעם אַ פּריזירער גורעצקי, זיי האָבן זיך אָבער דעמאָלט נישט איינגעגעבן.

דעמאָלט, פאַרן ערשטן קריג, האָט די טעטיקייט פון די יידישע געזעלשאַפטן זיך בלויז באַגרענעצט מיטן ענין פון אַ קבר, אַ פּלאַץ אויפן בית־עלמין ווו מקבר צו זיין די מיטגלידער, אָדער גאָר נאָר מיט ענינים וועגן פּרעזידענטן־שטולן — סכסוכים וועגן כבוד... נאָר געציילטע יידישע געזעלשאַפטן האָבן דעמאָלט געפירט אַ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צווישן זייערע מיטגלידער.

אין אַ געוויסן טאָג פון 1933 (אָדער 1944) זענען געקומען צו מיר עטלעכע נאַווי־דוואָרער, שלום לעוו־קאָוויטש — היינט אין מעץ, אברהם קוויאַטקאָווסקי — אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע, חיים קראָנענבערג — עמיגרירט קיין אַמעריקע, און מיר האָבן זיך דורכ־געשמועסט וועגן שאַפן אַ געזעלשאַפט פון נאַווי־דוואָרער און וועגן שיקן מאַטעריעלע הילף פאַר אונ־דזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן צו יענער צייט גע־שמאַכט אין די פּוילישע תפיסות. דערווייל זענען אונטערגעקומען שטורמישע געשעענישן, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז 1937, און ווייטער, מיטן פאַרשאַרפטן מלחמה־פּסיכאָז, ביז 1939...

ערשט נאָכן קריג, ווען די יידן פון פּאַריז האָבן אָנגעהויבן אויסגלייכן זייערע רוקנס, נאָכן אַרויס־קריכן פון די באַהעלטענישן מיט דער באַפרייונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, — האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָכן שווערן נסיון אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען די ניצול־געוואָרענע צוריקגעקומען צו זייערע חרובע היימען און פאַריתומטע שטיבער מיט מער פאַרשטענדעניש און אחריות פאַרן געזעלשאַפטלעכן און געמיינזאַמען. די געראַטעוועטע פון די טויט־לאַגערן זענען געווען די ערשטע צו אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

איינער פון די עיקרדיקע צילן פון אונדזער געשאַ־פענער געזעלשאַפט, צו וועלכן מיר האָבן זיך געווידמעט, איז געווען צו אויפנעמען דעם שטראָם פון אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון דייטשלאַנד, מיט חבריש, ברידערלעכע הילף.

אין דעצעמבער 1947 האָבן מיר איינגעאָרדנט דעם ערשטן יזכור־אָוונט, און פון דעמאָלט אָן איז דער 14טער דעצעמבער געוואָרן פאַר אונדז דער זכרון־טאָג נאָך אונדזער היימשטעטל נאַווי־דוואָר און נאָך אַלע אונדזערע נאָענטע.

גאָר גיך האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז דער היטלעריסטישער מלאך־המוות האָט אויך פאַרשוינט דעם גרעסטן טייל פון די נאַווי־דוואָרער, וועלכע האָבן געוווינט אין פּאַריז פאַרן קריג, און אַז מיר זענען נאָר געבליבן אַ קליינע צאָל נאַווי־דוואָרער. דאָס האָט

אונדז געצוווּנגען אויסצובריייטערן די ראַמען פון אונדזער געזעלשאַפט און קומען אין באַרירונג מיט די לאַנדסלייט פון נאָווי־דוואָרער אומגעגנט. מיר הייבן אויך אָן צו אָרגאַניזירן די לאַנדסלייט פון נאַשעלסק, זאַקראָטשין, יאַבלאָננע, פּאָמיעכאָווע און סראָצק. אַזוי אַרום ווערט געשאַפן די געזעלשאַפט „נאָווי־דוואָר— נאַשעלסק און אומגעגנט".

דורך דער פאַראייניקטער געזעלשאַפט ווערט אויפ־געשטעלט דער מאָנומענט אויפן יידישן בית־עולם „באַניע", אַלס אָנדענק נאָך אונדזערע פאַרניכטעטע היימשטעט און קדושים.

היינט צו טאָג ציילט אונדזער געזעלשאַפט עטלעכע און דרייסיק פאַמיליעס, צווישן זיי — אַ העלפט נאָווי־דוואָרער. אַ טייל פון זיי — די וועלכע זענען נאָך געקומען מיט דער „ערשטער עמיגראַציע" פאַרן ערשטן וועלטקריג, און די איבעריקע — אין די דרייסיקער יאָרן און נאָכן צווייטן וועלטקריג.

אונדזער סאָציאַלע טעטיקייט באַגרענעצט זיך נישט בלויז מיט הילף פאַר אונדזערע לאַנדסלייט, נאָר מיר נעמען אויך אָנטייל אין אַלגעמיינעם סאָציאַלן לעבן אין פּאַריז.

באַלד נאָכן גרינדן פון אונדזער געזעלשאַפט שליסן מיר זיך אָן אין דעם פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פּאַריז. צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד נעמען מיר אָנטייל אין אַלע הילפס־אַקציעס פון יידישן יישוב. באַלד נאָכן קריג גיבן מיר צושטייער אונדזער הילף צו אויסהאַלטן די יתומים־הייזער פאַר די קינ־דער פון דעפּאָרטירטע עלטערן. מיר שטיצן פינאַנציעל און העלפן אַקטיוו ביים פונאַנדערטיילן פעקלעך שפּייז אויף פסח פאַר נויטבאַדערפטיקע פאַמיליעס און אַלטע לייט, דאָס זעלבע ווינטערצייט — ביים פאַרטיילן קוילן. גלייכצייטיק שטיצן מיר אויך די גרויסע באַוועגונג, וואָס קעמפט קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַר שלום.

מיר באַדינען אויך אונדזערע מיטגלידער מיט דערמעגלעכן מעדיצינישע הילף און מעדיקאַמענטן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל.

אונדזער געזעלשאַפט פירט אויך אַ קולטור־טעטיקייט. מיר אָרדענען איין אימפּרעזעס מיט רעפע־ראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס. מיר האָבן דורכגע־פירט ליטעראַרישע אָוונטן וועגן מענדעלע און צום הונדערטסטן געבוירנטאָג פון שלום עליכם.

אויף די אָוונטן טויכן אויף פאַר אונדז די אַלע פון דער פּלעיאַדע יידישע אינטעליגענץ אין נאָווי־דוואָר, ווי לעאָן גראַבמאַן, און באַזונדערס שמואל גראַבמאַן, דער גרויסער קענער און ליבהאָבער פון די יידישע קלאַסיקער, וועלכער האָט מיט זיינע אָפּטע פאַרלעזונגען איינגעפלאַנצט אין די הערצער און מוחות פון די נאָווי־דוואָרער יוגנטלעכע אַן אייביקע ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור.

אונדזער עקזיסטענץ איז דער בעסטער אויסדרוק פון ווילן צו המשך. מיט אונדזער טעטיקייט ציען מיר ווייטער די גאָלדענע קייט פון דעם שפּרודלדיקן געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין יידישן נאָווי־דוואָר, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן אַזוי ברוטאַל פאַרשניטן און פאַר־טיליקט צוזאַמען מיטן גאַנצן פּוילישן יידנטום.



די ערשטע אזכרה פון נאָווי־דוואָרער אין יאָר 1946 אין פּאַריז



טרויער־צוג פון נאָווי־דוואָרער אין פּאַריז צום אַנטהילן די אָנדענקונגס־מצבה פאַר די נאָווי־דוואָרער קדושים אין 1949



נאָווי־דוואָרער אויפן פּאַריזער בית־הקברות ביים אַנטהילן די אָנדענקונגס־מצבה אין 1949



יצחק מאיר,
דאָס זונדעלע פון יעקב און טשיפּע דאָמב

פּאַר זיי, די אומגעקומענע
אין טרעבלינקע, וואָס האָבן
געלאָזט אַ זכר — זייערע
בילדער אין אַש, און גע־
פונען געוואָרן דורך מיר

יעקב דאָמב



מלכה גלינסקי,
די טאָכטער פון אשר, מיט איר קינד





לזכרון

אונדזער משפחה

**אפרים שאַפּראַנקער** מיט זיין פרוי, פון דער היים **קראָנענבערג**

**און זייערע קינדער**

**אומגעבראַכט דורך די היטלער־מערדער אין אָקטאָבער 1942**

**מיר וועלן זיי קיין מאָל נישט פאַרגעסן און די רוצחים נישט פאַרגעבן**

שרה און איזי



צום הייליקן אָנדענק

פון מיין טייערער משפחה, די קדושים

מיין פאָטער

**ז כ ר י ה**

און מוטער

**רייזל קאַרצאָוויטש**

מיינע שוועסטערן

**מינדל, פייגע, גאָלדע, לאהטשע**

**יוכבד, אסתר** און **חנה**

ס'וועט אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן

אייער זון און ברודער

גרשון קאַרצאָוויטש, תל־אביב



מיין שוועסטער **אסתר קאַרצאָוויטש**

**אומגעקומען אין בליענדיקן עלטער דורך די נאַציס**

דיין ברודער

גרשון קאַרצאָוויטש



מיין פרוי **דינה קאַרצאָוויטש** (גרונדוואַג)

און מיינע צוויי קינדער **עליזה** און **יוסף**

**יונגערהייט פאַרשניטענע דורך די דייטשע הענקער**

אייער מאַן און פאָטער גרשון קאַרצאָוויטש

## לזכרון נצח

לכל בני משפחתנו, שנספו בידי הנאצים

הורינו: **סנדר** בן **לייבל ודובה פפיר**

אחינו: **דוד**, אשתו **שרה** ובתם **דבורה**

**מנדל פפיר**, אשתו **נעמי** וילדיהם **חיים ואסתר**

**מטיס, משה וזישה פפיר**

האחיות: **אדלה פפיר**, בעלה **יצחק ארבשטיין** ובתם **ברונקה**

**מלכה פפיר**, בעלה **דוד** ובנם **משה**

פנינה (פפיר) גרינשפן־פרימר, תל־אביב

---

מיר וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן אונדזער

טאַטע **מאַטיס**, מאַמע **אסתר** און ברודער **קלמן**,

וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער

פסח און אברהם פאַפּיער, חולון

---

**לכבוד אונדזערע אומגעקומענע משפחות**

**אין נאָווי־דוואָר, וואַרשע און נאַשעלסק**

סימע באַרנשטיין

פעטאַלומאַ, קאַליפאָרניע

---

צום אָנדענק

פון אונדזער נישט־פאַרגעסענער משפחה,

אומגעקומענע דורך די היטלער־רוצחים,

אונדזער פאָטער **יעקב מנחם גרינוואַרצל**

ברידער: **יוסף** און **בן־ציון**

שוועסטער **שרה** מיט איר מאַן

**רפאל גאָלדבראַך** און זייער ליב קינד

שמעון, שמואל און פייוול גרינוואַרצל

---

**אונדזערע משפחות, אומגעקומענע דורך די**

**דייטשע מערדער אין נאָווי־דוואָר, וואַרשע,**

**נאַשעלסק, פלאָצק און פראַנקרייך**

איטע באַרנשטיין (זילבערבערג פון פלאָצק)

זעליג באַרנשטיין (פון נאָווי־דוואָר)

פעטאַלומאַ, קאַליפאָרניע

---

## לזכרון

אונדזער אומגעקומענער משפחה

**אברהמטשע ווילדנבערג** מיט זיין פרוי **יוכבד** און 5 קינדער

**מנשה קאַכאַלסקי** מיט זיין פרוי **שיינדל** און טעכטערל

**שיינדל קאַכאַלסקי (מאַלאַרסקאַ)** און 2 קינדער

**אסתר בלאַנק (קאַכאַלסקאַ)**

די משפחות: שמואל, ישראל און אריה קאַכאַלסקי

מיט צער דערמאָן איך

מיין פרוי **העלאַ**

און אונדזער זונדעלע **מענדל**

דערמאָרדעט אין זייערע שענסטע

יאָרן דורך די דייטשע בעסטיעס

אין אייביקן טרויער

אהרן בלאַנק





---

מיט טיפן צער דערמאָנען מיר אונדזער אומגעקומענע משפחה

אונדזער פאָטער **מאיר שרוט**

ברידער: **הערש לייב** מיט זיין פרוי **מלכה** און צווי טעכטער **אסתר** און **ביילע**

**אברהם חיים** מיט זיין פרוי **דאָבע**

**שלמה** מיט זיין פרוי **העלע** און 4 קינדער

**בעריש** מיט זיין פרוי **חנה** און 2 קינדער

שוועסטער **הענע** מיט איר מאַן **יצחק וואַלאַך** און קינדער **משה** און **אסתר**

יצחק און פייגע (שרוט) אַלטערמאַן, באָסטאָן

לזכרון נצח

מיין פאָטער ר׳ **ישראל חיים פירסט**

מיין מוטער **מרים שרה (האָלצבערג) פירסט**

וועלכע זענען פאַרמאַטערטע און געפייניקטע ניפטר געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ

מיין אומפאַרגעסלעכע פרוי **ברכה נחמה (בראָניאָ) פירסט (אָרזשעך)**

וועלכע איז פאַרגאַזט געוואָרן אין די טרעבלינקער אויוונס

מיין עלטסטן ברודער **מענדל פירסט** מיט זיין פרוי

אומגעקומענע אין אוישוויץ

מיינע טייערע ברודערן-קינדער:

**מאיר נח (מאַרעק)** און **לאה (לאָלאַ) פירסט**

געפאַלענע אין די קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ

מיין שווער און שוויגער **שמעון** און **פערעלע אָרזשעך**

דערשאָסענע אין געיעג צום זאַמלפונקט אין וואַרשע

מיינע שוואָגערס און שוועגערינס:

**אברהמטשע** און **סערקעלע אָרזשעך (ראָזנטאַל)** און זייערע קינדער **מרים** און **שלמה**

**סעוועק** און **פעלאַ גרונדלאַנד (אָרזשעך)** און זייער איינציק ייִנגעלע

**לאהטשע גריין-מעלשפייז (אָרזשעך)** מיט איר מאַן און קינדער

**רחלע פריוועס (אָרזשעך)** מיט איר זונדעלע **עקיבא**

**שרהלע אָרזשעך**

אומגעקומענע אין און אויף די וועגן צו די לאַגערן

בעריש פירסט, תל־אביב



ל ז כ ר ו ן

מיין אומפאַרגעסלעכער לעבנס־באַגלייטערין פון

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה ביז 1962

**לאה (לילקע) פירסט (ליבערמאַן)**

ניפטר געוואָרן אין ישראל

דעם 14.2.1962 — י׳ אדר א׳ תשכ״ב

נאָך די יאָרן פון ליידן און פיין אונטערן

נאַצישן רעזשים

בעריש פירסט, תל־אביב

---

ל ז כ ר ו ן נ צ ח

מיין פעטער און מומע **אליהו** און **הינדעלע זילבערבערג (האַלצבערג)**

זייערע קינדער **העלע** און **העניעק באַראַנאָוויטש** מיט זייער איינציק טעכטערל

**מיכאַל זילבערבערג** מיט זיין פרוי און איינציק טעכטערל

**רוזשקע** און **הערמאַן בייראַך** מיט זייער איינציק טעכטערל

**נתן זילבערבערג**

מיינע קוזינקעס:

**העלאַ וואַכהאָלדער (וואַרטסקי)** מיט איר מאַן און טאָכטער

**טאָפּטשע יאָעל (וואַרטסקי)** מיט איר מאַן און קינדער

מיין פעטער **משה** און מומע **רייצע האָלצבערג** מיט זייער טאָכטער **יאַכעט**, מאַן און קינדער

די באָבע **גנענדל האָלצבערג** מיט אירע קינדער

מיין מומע **זיסל־זאָשע (האָלצבערג)** מיט איר מאַן ד״ר **זיגמונט נאַכטמאַן**

און דעם פעטער **מומעק־אַרטור האָלצבערג**

אומגעקומענע דורך די נאַצישע הענקער

בעריש פירסט, תל־אביב

לזכרון
להורי לייבוש וחוה סושינסקי
וחמשת אחי: יוסף, יעקב, דוד, דב, נתן ז״ל
אשר נספו בגטו ווארשה בידי קלגסי הנאצים
תנצב״ה

שרה שימקוביץ (סושינסקי)

---

צום אייביקן אָנדענק
פון מיין משפחה, אומגעקומענע דורך די הענט
פון די נאַציס ימ״ש
פאָטער בענדעט אָלשינקאָ
מוטער דבורהביילע
ברידער ישעיה, אברהם
שוועסטער שרה בינקער

ישראל אָלשינקאָ און משפחה, ישראל

---

צום אָנדענק
פון מיין פאַמיליע, דערמאָרדעטע דורך די נאַציס
עלטערן: מרדכי און לאה ליפשטיין
ברידער: יצחק, אפרים
שוועסטער רויזע

זעלדע ליפשטיין (טורקעלטאַוב)

---

דעם הייליקן אָנדענק
פון מיין פאָטער אליעזר יזראעל
שוועסטער לאה יזראעל
אומגעבראַכטע דורך די היטלער־רוצחים
אויף די בלעטער פון יזכור־בוך — אַ מצבה

אייער טאָכטער
מרים קאַרצאָוויטש (יזראעל), חולון

---

לזכרון מיינע אומפאַרגעסלעכע שוועסטערן:
סאָניאַ וואַקסמאַן (הירשביין)
און איר טעכטערל האַלינאַ
רוחטשע שורעק (הירשביין) מיט איר מאַן
און זונדעלע סעוועק. בלומע הירשביין
אומגעבראַכטע דורך די נאַציש מערדער

צילה מושקוביץ (הירשביין)

---

צום אָנדענק פון מיין משפחה
אומגעקומענע דורך די היטלער־מערדער
מיין פאָטער שמואל מאיר גליקסבערג
מיין מוטער חנה און ברודער וועלוול

ישראל גליקסבערג

---

לזכרון
שמואל דאָבסקי, גאָלדע גוטשע
דאָבסקי (דאַנציגער), איטע דאָבסקי
אומגעקומענע אין נאָווי־דוואָרער געטאָ

חיים יוסף דאָבסקי און משפחה
קיבוץ גבעת חיים

---

די וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אײדעלע מידות אין
די שווערסטע טעג, און מיך אַריינגענומען אין
זייער וווינונג
משה, הינדע, פריידע און לייבל קירשטיין
פאַר זייערע נעמען — ליכט פון זכרון און דאַנק

יעקב עוונסאָן, מאָנטעווידעאָ

---

כבוד מיין משפחה,
אומגעקומענע דורך די טמאדיקע נאַציס
אָלשינקאָ — יצחק, צירל, יעקב משה,
חנטשע, הערש יוסף
ביילע מיט די 3 קינדער, אָלשינקאָ — ישראל
עלקע, לאה, גיטל, אברהם, הערש יצחק,
רויזע און ברוך מיטלפונקט

משפחה מיטלפונקט, תל־אביב



לזכרון נצח

אונדזערע אומגעקומענע עלטערן

**אליהו** און **פערל פיטולסקי**

די ברידער

**הענעך** און **שלום**

די שוועסטער **פריידע**

און **אַנדזשאַ פיטולסקי**

קלמן און שינדל פיטולסקי

חיפה

---

נישט צו פאַרגעסן, אייביק צו געדענקען

מיין משפחה,

די אומגעבראַכטע דורך היטלעריסטישע פייניקער און מערדער

מיין פאָטער **יעקב שייקע**

מיין מוטער **ליפטשע שייקע**

ברידער **משה** און **הערשל**

שוועסטערן **פייגע** און **רבקה**

אין טרויער פאַרבליבענע זון און ברודער

שמואל יהושע שייקע, תל־אביב

דעם הייליקן אָנדענק
פון אונדזער שוועסטער

**שיינדל (מאַראָקאָ) ראָזענבאַום**

און אירע צוויי קינדער

**זשאַקלין** (13 יאָר) און **וויקטאָר** (12 יאָר),

דעפּאָרטירטע דורך די נאַציס פון פּאַריז, דעם 14טן יולי 1942, און אומגעבראַכט געוואָרן



די אין טרויער פאַרבליבענע:
מאַן און פאָטער יעקב ראָזענבאַום, פּאַריז

ברידער און שוועסטער
מיט זייערע משפּחות:
משה און פעני מאַראָקאָ,
רחל און בנימין קליינבאַרד,
לאָס-אַנדזשעלעס

פערל און חיים קראַנענבערג,
עטע און בנימין מאַסאַק — ניו-יאָרק
בתיה און רענע לינהאַרט — פּאַריז

---

לזכרון

מיט גרויס ווייטיק און צער דערמאָנען מיר אונדזער משפחה
די פריצייטיק פאַרשניטענע דורך די דייטשע מערדער:
אונדזער מוטער **אסתר רבקה,**
דעם פעטער **זלמן,** די מומע **חנה** מיט זייערע קינדער,
**פערל** מיט איר מאַן און זייערע קינדער **אסתר** און **הינדע,**
אונדזער עלטסטער ברודער **אברהם** מיט זיין פרוי **ביילע**
און זייערע צוויי ליכטיקע קינדער **ישראל לייזער** און **סימעלע באַרנשטיין,**
אונדזער ברודער **ישראל באַרנשטיין** מיט זיין פרוי **פערל**
און זייערע ליבהאַרציקע קינדער **מאַשעלע** און **שמחהלע,**
אונדזער ברודער **פייוויש,** זיין פרוי **חנה** מיט זייערע קינדערלעך,
אונדזער פעטער **משה** מיט דער מומע **ביילע יאַרזשאַמבעק**
און זייערע קינדער **אבא** און **רבקה.** און **חנה דאַבע**
די מומע **יוכבד לאַטראַווסקי** מיט אירע קינדער
דעם פעטער **חיים ברוך האַלץ** און די מומע **עטע** מיט זייערע קינדער

חנה שרה גאָלדבערג, מנחם באַרנשטיין, סעם באַרנשטיין,
זעליג באַרנשטיין, שלמה באַרנשטיין



צום הייליקן אָנדענק

פון מיין פאָטער **משה הענעך גערטנער**

מיין **מוטער** און די גאַנצע משפחה

אומגעקומענע דורך די נאַציסטישע הענקער

דזשאָ גערטנער און פאַמיליע, ניו־יאָרק

---

צום אייביקן אָנדענק

פון מיין ליבן מאַן און איבערגעגעבענעם פאָטער

**היימאַן ראָזנטאַל**

פעני ראָזנטאַל און קינדער, ניו־יאָרק

צום ליכטיקן אָנדענק

פון אונדזער משפחה

מיין פאָטער **נחום בינקער,** ניפטר געוואָרן אין 1935

מיין מוטער **רבקה** און מיין שוועסטער **מרים,**

אומגעקומענע אין וואַרשעווער געטאָ

אייביק וועט איר פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון

ישראל, חיים, אסתר, ברײַנדל

און רערש לייב בינקער

לאָס־אַנדזשעלעס

---

ל ז כ ר ו ן  נ צ ח

אונדזער פאָטער **סאַכיאַ גאַלאָוויצקי**

און ברידער **בערל גאַלאָוויצקי,**

**שעפסל גאַלאָוויצקי** מיט פרוי און קינדער

אייביק וועלן מיר אײַך געדענקען

צירל, חייטשע, יידעס און אסתר

לאָס־אַנדזשעלעס

---

אייביק צו געדענקען

מיין ברודער **דוד** מיט זיין פרוי און קינדער

מיין שוואָגער **ברוך אַנקער** מיט זיינע צוויי זין

מיין שוואָגער **שלמה עססער** מיט זיין פרוי און קינדער

מיין שוואָגער **משה טאַוז** מיט זיין פרוי און קינדער

די מומע **וויטע טאַוז,** באַגראָבן דורך די דייטשן לעבעדיקערהייט.

און איר זון **חיים** און פאַמיליע

יעקב אריה גערשט, יאָהאַנעסבורג

צום אייביקן אָנדענק

פון מיין ליבער משפחה, מערדערלעך פאַרשניטן געוואָרן

דורך די טמאדיקע הענט פון היטלערס רוצחים

פאָטער און מוטער **גרשון** און **חיה שרה קאַרצאָוויטש**

ברודער **יוסף** און זיין פרוי

שוועסטער **קריינדל** און איר קינד

שוואָגער **שמעון אָסטרי**, שוועסטער **רייזל אָסטרי** און זייערע קינדער

אייביק וועל איך אייך געדענקען!

שלום קאַרצאָוויטש, חולון

---




מיט טיפן צער דערמאָן איך מיינע נאָענטסטע,

אומגעבראַכטע דורך די דייטשע הענקער:

מיינע עלטערן **מאַלע** און **מענדל קאָכאַלסקי**

מיין ברודער **פסח**

מיין ברודער **שמחה** (געפאַלן אין קאַמף פון וואַרשעווער געטאָ)

**יחיאל** און **דאָבע** (זאַקהיים) **ראָזנפעלד**

**מענדל ראָזנפעלד** מיט זיין פרוי און קינדער

**שלמה** און **אסתר גראָובערג** מיט דער משפחה

דוד קאָהל (קאָכאַלסקי), לאָס־אַנדזשעלעס

---

לזכרון

אונדזערע אומגעקומענע פעטער און מומע

**ישראל** און **סימע קאָכאַלסקי**

דבורה, אסתר, שרה, טובה, אהרן דוד,

אברהם און שמואל זילבערשטיין

חיה צעדראָוויטש און הענע גאָלדשטיין

---

צום אָנדענק

פון **משה נתן שולבאַנק** און זיין פרוי, זייער

זון **אהרן שולבאַנק** און זייערע 3 קינדער

די משפחות:

שמואל, ישראל און אריה קאָכאַלסקי

---

צו דערמאָנען אונדזערע טייערע

**שלום שולץ**, זיין פרוי **האָדל**

און **אסתר שולץ**

שוועסטער און שוואָגער:

צפורה און שמואל קאָכאַלסקי

לזכרון נצח

די אומגעקומענע דורך די נאַציִשע טמאים

פאָטער **בנימין יצחק פינקער**

מוטער **רויזע (נאָוואָדוואָרסקי)**

שוועסטער **בלומע**

נישט צו פאַרגעסן און נישט צו פאַרגעבן

זייער פּיין און אומקום

אריה, שמחה, יוסף, אהרן און נעכע פינקער

מיט די משפחות

---

לזכרון

מיין אומגעקומענער משפחה

מיין מאַמע **פריידע**

מיינע שוועסטערן: **שפרינצע, חוה, לאה, מאַלי** מיט איר מאַן **פערנעבאַק**

און זייער זונדעלע

מיין מומע **רחל לאה ראָזמאַן (גערטנער)** און אירע קינדער:

**חנה** מיט איר מאַן **יהושע שולמאַן** און זייערע קינדער: **ברכה, שרה**

און **חוה** מיט איר מאַן **נתן** און טאָכטער **ברכה**

מיין מוטער **אסתר פּאָלאָניעצקי (ראָזמאַן)** מיט איר מאַן **הערשל**

מיין פעטער **אלתר ראָזמאַן** מיט זיין פרוי **דבורה**

און זייערע קינדער: **שפרינצע, יענטע** און **מרדכי**

יעקב עווענסאָן, מאָנטעווידעאָ

לזכרון

מיינע עלטערן

הערשל (חיים משהס)

און רבקה קאַרצאָוויטש ז״ל

צוזאַמען מיט אַלע אומגעקומענע פון

אונדזער משפחה

קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן

און קיין מאָל נישט צו פאַרגעבן!





אברהם בן צבי און טשיפע קאַרצאָוויטש

ניו־יאָרק

---

צום אייביקן אָנדענק

פון אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער, באָבע און זיידע, פעטער און מומע,

און זייערע קינדער,

אומגעקומענע דורך די היטלער־מערדער:

מיין פאָטער אריה ברענמאַן,

מיין שוועסטער פייגע קאָרן מיט איר מאַן יוסף און זייערע קינדער: רבקה און יחזקאל

הענדל, אפרים און צבי ברענמאַן

חנה און ישראל שומאָווסקי מיט די קינדער

יהושע און זעלדע ברענמאַן

זייער הייליקן אָנדענק וועלן מיר היטן

זכור אשר עשה לך עמלק!

די אין טרויער פאַרבליבענע

משה און פריידע ברענמאַן, אַרגענטינע

שלמה און זיוה קאָרן, ישראל

אין טיפן טרויער דערמאָנען מיר אונדזער משפּחה

מיין מוטער **חנה**, ניפטר געוואָרן נאָענט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה

מיין פאָטער **משה יהונתן**, ניפטר געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ

מיין שוועסטער **חנה הינדע** מיט איר מאַן **יידל זילבערשטראָם** און צוויי קינדער

אומגעקומענע אין טרעבלינקע

אַלע אונדזערע פעטערס, מומעס, שוועסטערקינדער, קרובים און פריינד

חיים און שרה כהן, תל־אביב

---

לזכרון נצח

מיין פאָטער ר׳ **מאיר** און מוטער **עטל ליכטנשטיין**

מיינע שוועסטערן און זייערע קינדער

אַלע אומגעקומען אויף קידוש השם

דורך די נאַצישע הענקערס

מיין גאַנץ לעבן וועל איך געדענקען

און נישט אויפהערן צו באַוויינען

אייער זון: יצחק ליכטנשטיין
מאָנטעווידעאָ

---

צום אייביקן אָנדענק

פון אונדזערע ליבע עלטערן

**טוביה** און **חיה גאָלדבערג**

אייערע קינדער:

הערי, מאַרי, דזשין, אסתר און דזשאָ

ניו־יאָרק



ל ז כ ר ו ן

מיינע ליבע עלטערן

**יהושע דוד** און **ברכה (זילבערמאַן) טיקולסקי**

מיין שוועסטער **הינדע רחל** מיט איר מאַן **אשר מילמאַן**

און זייערע קינדער **חיים** און **ראַשע**

מיינע פעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס

אומגעבראַכטע דורך די דייטשע רשעים

אין אייביקן טרויער

יעקב טיקולסקי מיט פרוי און קינדער

---

צום אייביקן אָנדענק פון אונדזער משפחה

אונדזער מוטער **אסתר נאָוואָדוואָרסקי**

שוועסטער: **שרה רויזנבוים**, איר מאַן און קינדער

**יוכבד**, איר מאַן און קינדער,

**ראַשקע פאַרבמאַן**, איר מאַן און קינדער

ברודער **אברהם נאָוואָדוואָרסקי** מיט זיין פרוי **דבורה (ווישניאַ)** און קינד,

און פעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס,

וועלכע זענען אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַציס אין די בונקערס

און אין טויט־לאַגערן

**יהי זכרם ברוך!**

פריידע און משה ברענמאַן

חאַשקע און נחמן נאָוואָדוואָרסקי

רבקה און יחיאל קאַלמאַנאָוויטש

זיסל און שלום נאָוואָדוואָרסקי

און פאַמיליעס

בוענאָס־איירעס

צום אייביקן אָנדענק

פון אונדזער טייערער משפּחה, אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַציס

אין טויט־לאַגערן און אין בונקערס

אונדזער מוטער **דינה קראַשניקער (מינדלס)**

ברודער **יחיאל שמעון** מיט זיין פרוי **פּערל (פוקס)** און קינדער

שוועסטערן: **חיה זיידנבערג**, איר מאַן **דוד** און קינדער,

**גאָלדע מינדל פּיעחאָטקע** איר מאַן **חיים לייב** און זון,

**זלאַטע רחל קליייער**, איר מאַן **יחזקאל** און קינדער

**שרה מלכה מינדלס (קראַשניקער)**

**יאַכעט מינדלס (קראַשניקער)**

חנה מלכה און חיים יונה קראַשניקער
פייגע און אריה פינקער און משפחה
תרצה און יעקב בהריר
זהבה און משה קראַשניקער
פתח־תקוה

---

ל ז כ ר ו ן  ע ו ל ם

לאבותינו היקרים **יצחק ברוך ומלכה גרינר**

ולזכר המשפחות שנספו בשואה

**גרוסברד, לויט, פרימן, לאה וחנה ריינברג**

יהי זכרם ברוך!

הבנים והנכדים
שרה וצבי נחמני (טרייסטר)
מאַניאַ וליאון ליכטנשטיין
תל־אביב

---

ל ז כ ר  ה נ א ה ב י ם

פון מיין אומגעקומענער פאַמיליע

| | | |
|---|---|---|
| מיין פאָטער **אברהם טוביה פריד** | געב. | 1885 |
| מיין מוטער **הינדע** | „ | 1892 |
| מיינע שוועסטערן און ברידער | | |
| **פייגע** | „ | 1915 |
| **שרה** | „ | 1921 |
| **גבריאל** | „ | 1924 |
| **דוד** | „ | 1926 |
| **משה** | „ | 1929 |
| **בנימין** | „ | 1933 |

אַנשל פריד און משפּחה, שיקאַגאָ



חנה קאַניאַנסקי



איזאַק און יאָספּע (קאַניאַנסקי)
הילדענבראַנד



הערשל קאַניאַנסקי

לזכרון נצח

מיינע טייערע טאַטע־מאַמע **הערשל** און **חנה קאַניאַנסקי**

מיינע ברידער:

**יצחק** און **חיהלע** מיט זייערע קינדער

**מאיר** מיט זיין פרוי און צוויי קינדער

**דוד** מיט זיין פרוי און צוויי קינדער

מיין שוועסטער **יאָספּעלע** מיט איר מאַן **איזאַק הילדענבראַנד**

און זייער איינציק קינד

אומגעקומענע דורך די נאַצישע רוצחים

זייער זון און ברודער, סעם קאַניאַנסקי
ניו־יאָרק

---

יזכור

אייביק צו געדענקען מיינע ליבסטע און טייערסטע, אומגעקומענע

דורך די דייטשע בעסטיעס אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

צווישן 1940 און 1945

מיין מוטער **טובה שימאַנאָווסקאַ**

מיין ברודער **בן־ציון שימאַנאָווסקי**

מיין שוועגערין **עווא שימאַנאָווסקאַ**

מיין ברודערס קינד **ישראל משה שימאַנאָווסקי**

אין אייביקן טרויער

מנחם שימאַנאָווסקי, תל־אביב

לזכר
בני משפחתי שנספו בשואה

**רבקה ליטמן, ישעיהו (שייעלע), שרה, האָדל, חיה וחנה געלע**

ואחי שנפלו על משמרתם במרד גטו ווארשה

**זלמן ויוסף ליטמן**

חיה ליטמן ומשפחתה

---

אין הייליקן אָנדענק
פון אונדזער אומגעקומענעם ברודער

**חנניה ראָזענמאַן**

מיט זיין פרוי און דריי קינדער

אין טרויער
די שוועסטער שרה קויפמאַן
דער ברודער אברהם ראָזענמאַן
מיט זייערע משפחות, ברוקלין

---

יזכור
די אומגעקומענע אין אוישוויץ

מיין פאָטער **משה יעקב שימאַנאָוויטש**
מיין מוטער **שרה**
ברודער **שמשון**
און שוועסטערן **פייגע, פראַניע** און **בינה**

אייביק וועט איך געדענקען און באַוויינען

אייער עטע

---

מיט ליבע און כבוד דערמאָנען מיר אונדזער
אומגעקומענע משפחה

דעם פאָטער **אייזיק**, מוטער **רבקה**
און ברודער **חיים ראָזענמאַן**

די אין טרויער פאַרבליבענע טעכטער:
שרה, גיטל, רייזל,
איידעמס און אייניקלעך

---

מיט גרויס צער און ווייטיק דערמאָנען מיר

מיין אומגעקומענע מוטער **הענע מאַגיד**

און מיינע שוועסטערן **לאה, שרה, פערל,**

**בתיה** און מיין ברודער **הענעך**

גוטע מאַגיד, דזשוליס קליינבאָרד
און פאַמיליע

---

מיט צער און טרויער דערמאָן איך
מיין אומגעקומענע פאַמיליע

מיין פאָטער **ישראל הערש גאָלדבערג**
מיין מוטער **ריווע**
מיינע שוועסטערן:
**שרה** און **העלע** מיט איר זון
מיין ברודער **איטשע**, זיין פרוי **מרים**
און זייער זון **אליהו**

לייבל אריה גאָלדבערג, תל־אביב

---

יזכור

אונדזערע עלטערן **גדליה** און **יוכבד לאַטראָווסקי**

שוועסטערן **באַשע** און **גוטע**

ברידער **אהרן** און **שמואל**

מנשה לאַטראָווסקי, חנה מאַגיד, ניו־יאָרק



יעקב דוד קשאַנשקאַ

צום אייביקן אָנדענק פון מיין משפחה,

אומגעקומענע דורך די נאַצישע מערדער אין פוילן,

מיין פאָטער **משה שמואל קשאַנשקאַ**

מיין מוטער **דינה קשאַנשקאַ (פערלמוטער)**

**יעקב דוד קשאַנשקאַ**

**טובה קשאַנשקאַ**

**אברהם קשאַנשקאַ**

כבוד זייערע נעמען!

אלתר קשאַנשקאַ, ניו־יאָרק

---

יזכור

את הנאהבים והנעימים שנספו בשואה,

הורי **יהודה מאיר וחנה (זלצמן) ליטמן,**

אחיותי: **שפרה וגילה,**

הסבתא **ביילה ריבה זלצמן,**

הגיסים: **נטע זלצמן** ואשתו **רחל, יחיאל זלצמן**

גיסותי: **ינטה שמוקלר (זלצמן),** בעלה **נח** ובתה **שרה**

ו**גולדה זלצמן**

יעקב ליטמן, ניו־ג׳רסי

לזכרון נצח

פאַר דער אומגעקומענער משפחה

**ק ע ל ע ר ו ו י י ס**

און זייערע קינדער:

**אַננאַ, לידיאַ, דאָרא** און **מאַקס**

אין אייביקן צער
זעליג הערשפאַנג, ניו־יאָרק

מיט ליבע און כבוד דערמאָנען מיר אונדזערע

פאָטער און מוטער

**יחזקאל** און **חנה טאָפ**

די שוועסטער **שרה** און **חנהלע גוטמאַן**

אין טרויער פאַרבליבענע

טאָכטער אײדל, איניקלעך
אסתר גרודזשיק

לזכרון נצח

**אבי מרדכי יהודה ריבאַ**
ניפטר כ״ד תמוז 1936
**אמי יטה**
ניפטרה כ״ג מרחשון 1929
אחי ואחיותי:
**ישראל, בתיה, דבורה, יהושע** ומשפחותיהם
שנספו בשואה

המתאבל
יצחק ריבאַ, תל־אביב

א מ צ ב ה

אויף די אומבאַקאַנטע קברים

פון אונדזערע ליבע עלטערן, ברידער

און משפחות

די לעבנפאַרבליבענע זין און טאָכטער

וואָנסקי, תל־אביב

ל ז כ ר ו ן נ צ ח

אונדזער משפחה, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער

אונדזער טייערן פאָטער **יעקב יעראָזאַלימסקי**

ברודער: **ירחמיאל** מיט זיין פרוי און צוויי קינדער

**אברהם** מיט פרוי און קינד

שוועסטערן: **פערל — פריימאַן** מיט מאַן און קינד

**ביילע יעראָזאַלימסקאַ**

ברודער **מעכל**, אומגעקומען אין רוסלאַנד

כבוד אייער הייליקן אָנדענק!

ישעיה יעראָזאַלימסקי (דזעראַס)
דוד יעראָזאַלימסקי (דזעראַס)
ניו־יאָרק



לייבוש זיידנבערג



פעלקע צירל זילבערמאַן

לזכרון

אונדזערע בײדע משפחות:
**פעלקע צירל זילבערמאַן**
אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער
מיין ברודער **משה זילבערמאַן**
זיין פרוי **רבקה** מיט דער טאָכטער
מיין שוועסטער **יענטע**, איר מאַן
**אברהם** און זייערע קינדער

מיין משפחה אין ווישעגראַד:
דער זיידע **ראובן**, באָבע **אסתר טאַוב**
**הערש מענדל טאַוב**
מיט זיין פרוי און קינדער

**מרדכי** מיט זיין פרוי און קינדער
אונדזער פעטער **נתן דוד וואַקסדריקער** מיט פרוי און קינדער

מיין פאַרשטאָרבענער פאָטער **לייבוש זיידנבערג**
מיין אומגעקומענע מוטער **גיטל זיידנבערג**
**שעפסל** מיט זיין פרוי **רוחטשע** און קינדער
**שלמה זיידנבערג**
**דוד**, זיין פרוי און צוויי קינדער
מיינע שוועסטערן:
**טשאַרנע אייזנבערג** מיט איר מאַן **הערשל** און זייערע קינדער
**הענע זיידנבערג**
אונדזער פעטער **יוסף זיידנבערג** מיט דער משפחה

נתן אוןביילע רחל זילבערמאַן, תל־אביב

---

לזכרון נצח

אונדזערע עלטערן **לייבל** און **אסתר בלאַנק,**

שוועסטער **חינקע,**

ברידער **משה** און **יצחק בלאַנק,**

דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער אין יאָר 1942

די אין טרויער פאַרבליבענע
סענדער און אהרן בלאַנק, חיפה

די אומגעקומענע פון אונדזער משפּחה

פאָטער און מוטער **אברהם** און **גיטל באַביץ**

שוועסטערן:

**גיטל** מיט איר מאַן **חיים קריידשטיין** און קינדער: **וויטקע** און **יאָסל**

**חנטשע** מיט איר מאַן **פּרץ קריידשטיין** און קינד **לאַלקע**

**רעכל** מיט איר מאַן **אביגדור אייזנמאַן** און קינד **פּערעלע**

ברודער **מנחם אהרן באַביץ** מיט זיין פרוי **ביילע** און זון

אונדזערע קרובים, פעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס,

די משפחה פון **מענדל** און **חנה קאַרנשטיין** מיט זייערע קינדער

די משפחה פון **שלמה** און **מרים קאַרנשטיין** מיט זייער זון **מנחם אהרן**

אונדזערע אומגעבראַכטע קרובים פון וואַרשע, ווילנע און אַנדערע ערטער

זאָל זיין געהייליקט זייער אָנדענק!

חיים באַביץ, תל־אביב
משה באַביץ, מאָנטעווידעאָ

---

ל ז כ ר ו ן

מיינע עלטערן **איטשע** (**יצחק**) און **פעסיע שמוקלער**

שוועסטער **ליבע לאה** און **וואָלף פּעפּערבערג**

מיט זייערע קינדער **פּנחס** און **דאָברע**

ברידער:

**משה** און **פייגע שמוקלער** מיט זייערע קינדער **אסתר** און **הערשל**

**נח** און **יענטע שמוקלער** מיט זייערע קינדער

**דוד** און **זלמן שמוקלער**

אונדזערע מחותנים: די משפחות **קאַלוואַריסקי** און **זאַלצמאַן**

אברהם שמוקלער און די משפּחה

מיינע ליבע און טייערע

שוועסטער **פריידע** בת **מאיר טאָפּ**
שוואָגער **יחיאל קויפמאַן** און 1־יאָריק זונעלע
ברודער **יואל טאָפּ**, שוועגערין **חנה**
טאָכטער **בעלאַ** און זונעלע **ישעיהו**

אומגעקומענע דורך די היטלער־רוצחים
אין סלאָנים, 1942

**געהייליקט אייער אָנדענק**

אייער ברודער יוסף טאָפּ און משפחה

---

די אומגעקומענע פון אונדזער משפחה

אונדזער פעטער **שלמה אַראַנעק**
מומע **איטע רבקה**
טעכטער: **רחל, טובה, הדסה, חנה**
זין: **יהושע, דוד, פנחס**

אומגעקומענע דורך די היטלער־מערדער, 1942

**געהייליקט אין טרויער**

אייער ברודערן־טאָכטער
שולמית שטאָרם

---

די קדושים

אונדזערע טייערע עלטערן
**אברהם זאַוויערוכאַ** און **יוכבד**
בת **מאיר טאָפּ**
פאַרברענטע אין טרעבלינקע דעם 28.7.1942

**צו היטן אייער אָנדענק אין טרויער**

אייערע קינדער
בעלאַ גוטמאַן, מעזה שטאָרם, הינדע
צוויגהאַפט, אייניקלעך און אייניקלעך

---

די קדושים פון אונדזער משפחה

אונדזערע עלטערן
**אשר אברהם אַראַנעק, חיה בת־כהן**
שוועסטער **בת־שבע**, ברודער **משה**
אומגעבראַכטע דורך די רשעותדיקע נאַציס, 1942

**אין אייביקן טרויער**

אייער טאָכטער און שוועסטער
שולמית שטאָרם, איידעם משה
און אייניקלעך

---

צום הייליקן אָנדענק
פון מיין אומגעקומענער משפחה

מיין מוטער **פרימעט גרשון**
שוועסטער **טובה** און ברודער. די מומע **מרים אַפּראַפּאַ**
אומגעקומענע דורך די נאַצישע באַנדעס

נעכע גור—גרשון, חולון

---

צום אייביקן אָנדענק

פון אונדזערע עלטערן **לייב בנימין** און **רייזל בראַון**
ברודער **אברהם בראַון** און זיין משפחה
שוועסטער **ברכה אונראַט** און משפחה
אומגעבראַכט דורך די היטלער־מערדער

**מיר וועלן אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן און היטן אייער אָנדענק**

אין טרויער פאַרבליבענע קינדער

חוה לייפער (בראַון), ניכע פּאַפּיער (בראַון)
און שמעון בראַון, חולון

צום אייביקן אנדענק

פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע עלטערן:

פאָטער **לייב קאַרצאָוויטש**

מוטער **אסתר סימע**, טאָכטער פון **ברוך הימלפאַרב**

אונדזער שוועסטער **לאה** און איר מאַן **אביגדור פרידמאַן**

מיט זייערע צוויי קינדער

אומגעקומען דורך די נאַציס

אויף די פאַמיעכאָווער פעלדער ביי נאָווי־דוואָר

מיר וועלן אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן!

אין טרויער

פייוול און מלכה קאַרצאָוויטש, ישראל

שלמה און רבקה קאַרצאָוויטש, קאַנאַדע

אברהם און די קינדער קאַרצאָוויטש, פוילן

אלתר און רויזע קאַרצאָוויטש, קאַנאַדע

ביילע און לייזער פאַפּיער, קאַנאַדע

שרה און יהודה וועסאָלי, קאַנאַדע

און די אייניקלעך אין טאָראָנטאָ

צום אייביקן אָנדענק

פאַר אונדזערע אומפאַרגעסלעכע און טייערע עלטערן:

פאָטער הערשל טאָפּ

מוטער גיטל טאָפּ

אונדזערע ברידער:

פּייוול טאָפּ, געפאַלן אין קאַמף

לוזער טאָפּ מיט זיין פרוי און קינד, אומגעקומען דורך די נאַציס

דוד טאָפּ, געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס

שוועסטער הענע טאָפּ, געשטאָרבן אין ישראל

איידל טאָפּ (טוגנטמאַן)

אייער אומקום — אונדזער אייביקער טרויער

מלכה, פּייוול, ברוך און אלה קאַרצאָוויטש

שמואל טאָפּ און משפחה

אינאַ און ראָזאַ טאָפּער

שײנדל און דב רייכענטאַל

עלקע טאָפּ — קאָזאַק מיט איר משפחה, בוענאָס־איירעס

חנה טאָפּ און משפחה, בוענאָס־איירעס

און די אייניקלעך

ל ז כ ר ו ן

**הערשל (העראָלד) מאַגיד**

**אין דינסט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי**

**געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס אין איטאַליע**

**דעם 31סטן יאַנואַר 1944**



**אין טיפן טרויער**

זיינע עלטערן
שרה און פיליפ מאַגיד
לאָס־אַנדזשעלעס



**טייערער מאָריס**

**אייביק וועסטו פאַרבלייבן אין אונדזער זכרון**

דיינע קוזינען
שעלי און דזשילי
ניו־יאָרק



י ז כ ו ר

## צפורה קאָכאַלסקי

די שטילע און באַשיידענע,

איבערגעגעבענע און טרייע אין דער אַרבעט פאַרן ציוניזם אין נאָווי־דוואָר,

עולה אומלעגאַל און זיך באַזעצט אין ישראל אין 1939,

איז פּלוצעם אַוועקגעריסן געוואָרן אין אירע בעסטע יאָרן

ת נ צ ב ״ ה

ביים פרישן קבר

דיין מאַן שמואל קאָכאַלסקי

---



אונדזער ליבע און טייערע

פּריצייטיק פאַרשטאָרבענע טאָכטער

און שוועסטער

## חנה קירשטיין ז״ל

וועלכע איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז

אין בליענדיקן עלטער פון 24 יאָר אין ישראל.

איר ליכטיקער אָנדענק וועט בלייבן אין אונדזער

זכרון מיט כבוד אויף אייביק

אין צער און ווייטיק

עלטערן

שוועסטער און ברידער

גאָלדע, ישראל, סימע

און צבי קירשטיין

אין ליכטיקן אָנדענק

## פון אונדזערע עלטערן מירעלע און יעקב מאַראָקאָ

וועלכע זענען יונג געשטאָרבן

אין די פיין־יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

מיט כבוד וועלן מיר אייביק דערמאָנען זייערע נעמען

רוחטשע, פערל, עטע, בתיה און משה מאַראָקאָ

לאָס־אַנדזשעלעס

---



צום אייביקן אָנדענק

פון מיין ליבן מאַן און איבערגעגעבענעם פאָטער

## איזידאָר געלבאַרט

מאָלי גילבערט און קינדער

ניו־יאָרק

צום אָנדענק

פון

מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן **יעקב קנאַסטער**

דער זון פון **מענדל**

געבוירן אין נאָווי־דוואָר אין יאָר 1880

ניפטר געוואָרן אין פּידראַ, אַמעריקע, אין 1959

אויף זיין נאָמען — די ביבליאָטעק־שפּענדונג

אין קולטור־הויז פון „שיכון נובי־דבור",

אין חולון, ישראל

אסתר קנאַסטער



---

לזכרון

מיין שוועסטער **שרה מינדל**

די טאָכטער פון **יצחק יעקב קאָהן** (דער עטרה־מאַכער)

געבוירן אין נאָווי־דוואָר, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, 1958

אסתר קנאַסטער



צום הייליקן אָנדענק

פון אונדזער אומפאַרגעסלעכער מוטער

**ראָזע גערטנער (מאַגיד)**

טאָכטער און איידעם

שעלי און דזשילי

ניו־יאָרק



---



לזכרון

אונדזער טאַנטע און אָנקל

**סאַול און רעי מאַגיד — רעבאַ**

שעלי און דזשילי

ניו־יאָרק

צום אָנדענק

פון מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן

**יעקב — דזשייקאָב בראַק**

דער זון פון **משה לייב** (סלאָדקע לימאָנאַדע)

וועלכער איז געשטאָרבן אין זיינע שענסטע

יוגנט־יאָרן

אים און אונדזער שטעטל נאָווי־דוואָר

קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן!

טאָבע בראַק



---

דעם הייליקן אָנדענק

פון מיין פריצייטיק־פאַרשטאָרבענעם מאַן

**חיים גאָלדבערג** ז״ל

דער זון פון אַנשל קראָנענבערג,

דער געטרייער און איבערגעגעבענער פאָטער פון זיינע קינדער

און אונדזערע משפחות

חנה שרה גאָלדבערג

אייב און לינאָ גאָלדבערג

ניו־יאָרק



זאָל פאַראייביקט ווערן דער נאָמען פון

**סאָל טאַשימאָוויטש**

דער גרינדער פון דער נאָווי־דוואָרער לאַנדס־מאַנשאַפט און הילפס־אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק און איר לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר

ניפטר געוואָרן אין ניו־יאָרק דעם 10.9.1963

תנצב״ה

די משפחה און לאַנדסלייט
ניו־יאָרק

---

צום אָנדענק

פון מיינע ליבע עלטערן **שמעון** און **פייגע אַפּראָפּאָ**

עקיבא ז״ל און הענע אַפּראָפּאָ
ניו־יאָרק

---

לזכרון

## אַלע קדושים און נפטרים

פון דער נאָווי־דוואָרער עדה
אויף די וועגן פון פּיין און אומקום,
אויף די פּאָזיציעס פון קאַמף און ווידערשטאַנד
און אין דער שארית הפליטה — אומעטום

רעדאַקציע פון פינקס נאָווי־דוואָר
ישראל

